# י. ל. פרץ.

# שריפטען

## יובילעאום אויסגאבע.

פערלאג פון

דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,

87־85־83 קאנאל סטריט, ניו יארק.

Published by

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY

83-85-87 Canal Street, New York.

# אינהאלט:

## י. ל. פּרץ. שריפטען.

1.

# פערשיעדענע אויפזאצע.

## אינהאלט:





# בִּילְדוּנְג !

## א.

אונזער פּראָגראַם איז — בילדונג; מיר ווילען בילדען דאָס פֿאָלק, מאַכען אויס נאַררען — קלוגע, אויס פֿאַנאַטיקער — געבילדעטע מענשען; אויס ליידיג-גייער און לופֿט-שלינגער — אַרבייטער; נוצליכע, אָרנטליכע מענשען, וואָס אַרבייטען פֿאַר זיך, און דעם כלל קומט דערפֿון אַ טובה אַרוים.

אונזערע שונאים זאָגען, אַז דער כלל יודען איז בלוט-איגעל (פּיאַווקים), קאַטאַרזניקעס, כל-בו-ניקעס... אונזערע שפּאָטטער זאָגען, אַז דער יודישער מוח איז אַ פֿערפּוילטע הושענא, דאָס האַרץ — אַ קיזעל-שטיין, די הויט — פֿערוואָהר-לאָססינגט און אַללע אֵברים — קרום און לאָם.

אונזערע שאָוויניסטען זאָגען: אַז ישראליק איז גאָטס בן-יחיד'ל — זיין וויעג איז אמונה, זיין קאָפּפּען-קישעלע — בטחון, זיינע ווינדעלעך — ירעות פֿון מקדש, זיין סליניאַק — אַ פּרוכת, זיין וויקעל-שנור — משה רבינו'ס גאַרטעל, זיין האַרץ — מלאָכים-לעבער, זיין מוח — דער אָרון מיט די כרובים, זיינע ציעמיעניעס אויפֿ'ן קאָפּף — היילינג לבנון-גראָז.

מיר זאָגען אײנפֿאַך: מיר יודען זעננען מענשען ווי אַללע מענשען! מיר האָבען מעלות, מיר האָבען חסרונות. מיר זעננען נישט קיין גאָטטער, נישט קיין טאַוולאָנים נור מענשען. און מענשען דאַרפֿען זיך בילדען, שטאָנדיג לערנען, מיט יעדען טאָג ווערען קלוגער, בעססער און פֿיינער.

בטבע זעננען מיר גלייך ווי אַללע מענשען, און דאָך איז אונזער פֿאָלק נישט גלייך צו אַנדערע פֿעלקער, ווייל אונזער לעבען איז אַנדערש, אונזער געשיכטע איז אַנדערש, אונזער רבי איז — דער גלות...

דעם גלות האָבען מיר צו פֿערדאַנקען אַ סך. אַ סך מעלות, נור אַ סך חסרונות אויך. אין דעם טויזענדער-יאָהריגען לעבענס-שטרייט, בפרט פֿאַרצייטען, ווען אַללע

פאָלקער האָבען כח געזאַממעלט אונ בענוצט אויף מאָרד, ברענגען אונ צווינגען, האָבען מיר כחות געזאַממעלט אונ בענוצט אויף סבלנות, אויף אויס־האַלטען, אויס־דולדען, איבער־ליידען דיא שלעכטע צייט. י ע נ ע קראַפט וואַקסט אַזוי לאַנג ביז זי טרעפט אויף אַ גראָססערע אונ פּלאַצט ווי אַ זייפען־בלאָז, אונזער קראַפט וועט שוין אויף קיין גראָססערע נישט טרעפען. דעריבער זעננען אַ סך פאָלקער אונטער געגאַנגען אונ מיר לעבען אונ ווילען לעבען איביג...

צייט מיר זעננען אין גלות, האָבען מיר אויף אונזער געוויססען, אויף אונזער „יהדות" קיין איינציגען טראָפען פרעמד בלוט; דער פאָלקער־פאַנאַטיזם האָט אונזער פאָהן מיט בלאָטע בעשפריצט, מיר האָבען איהן מיט אייגען בלוט געוואַשען.

אונ וויל מיר זעננען אין גלות, וויל מיר עססען שטענדיג ביי'ן אַ פרעמדען טיש, וויל מיר זעננען איביגע אונגליקליכע אורחים אויף דער וועלט, דעריבער האָפען מיר צו דער מענשהייט, דעריבער איז מענשליכקייט אונזער הייליגסטער אידעאַל, דעריבער איז אונזער ע ג אָ א י ז ם (אייגענליעבע) די ריינסטע מענשענ־ליעבע! וויל מיר פיהלען, אַז כל זמן די מענשען־ליעבע וועט נישט גובר זיין, כל זמן עס וועט זיין קנאָה־שנאָה, תחרות אונ מלחמות וועט אונס נישט גוט זיין, דעריבער בעטען מיר שטענדיג אויף שלום, דעריבער זעננען אונזערע האַרצער ווי אַ שוואָם פאַר אַללע נייעסטע אידעען, דעריבער האָבען מיר האַרץ, געפיהל אונ מיטלייד מיט אַללע אונגליקליכע, מיט אַללע פערטריבענע, מיט אַללע געיאָגטע... דעריבער זעננען מיר „רחמנים בני־רחמנים"...

אונ וויל קיינער וויל פאַר אונס נישט זאָרגען, וויל מיר האָבען שטענדיג געמוסט זיך אין זיננען האָבען אַלליין, וויל מיר האָבען שטענדיג צווישען שונאים געלעבט, וויל אונזער מאָרגען איז קיין מאָהל נישט זיכער געוועזען, וויל אונזערע מחיות זעננען שטענדיג בעגרעניצט, האָבען מיר זיך מיט דער צייט צוגעוואָהנט צו'ם זאָרגען, צו'ם דענקען, צו'ם איינשפּאָרען; צו האַלטען שטענדיג קאָפף, צו בעהאַלטען אויף אַ שלעכטען טאָג, צו וואַקסען אויף סקאַלעס אָהן רעגען, אָהן טוי...

אונ וויל מיר האָבען נור מיט אונזער גייסט געשטריטטען, וויל דיא האַנד האָבען מיר געמוסט האַלטען ביי זיך, זעננען מיר גייסטיגער אונ עדעלער געוואָרען...

דיא רעשט האָבען מיר צו פערדאַנקען אונזער תורה, אונזערע נביאים אונ אונזערע בעלי התלמוד.

דיא איינהייט גאָטטעס (אחדות הבורא), וואָס איז היינט אַלס „דיא איינהייט דער קראַפטע" בעוויזען; דער: „ואהבת לרעך כמוך" 1) וואָס אַללע פאָלקער זאָגען

1) האָב ליעב דען צווייטען וויא זיך אלליין.

אונז נאָך, חאָטש פון צונג צו'ם האַרץ איז ווייט אונ צו דער האַנד — נאָך ווייטער; דער „חקה אחת לכם ולגר הגר בתוככם" 2), וואָס דער 19טער יאָהר־הונדערט קאָנן איהן נאָך נישט פערדייען; די בריק, וואָס די תורה האָט געוואָרפען איבער דען תהום צווישען רייך אונ אָרעם מיט „לקט, שכחה ופאה 3), דער אסור פון פראָצענט 4), דאָס בעגרעניצען פון נעמען משכונות, דער צער בעלי־החיים, וואָס איז פולל אין אונזערע חקים, שלמה המלך'ס געבעט ביי חנוכת־הבית, די נביאות, וואָס וויזען אונז די מענשהייט אַלס דאָס גרעסטע גליק אונ אידעאַל; אונ — די זעלבע מאמרים ערגאַנצט אונ ערלייטערט אין תלמוד בבלי וירושלמי, דאָס אַלס איז אונזער אייביגער שטאָלץ.

דאָס איז די קווינט־עססענץ פון אונזער „אתה בחרתנו"! נאָך דען ערשטען גלות (מצרים) האָבען מיר דער וועלט א תורה געגעבען, אינ'ם צווייטען אונ דריטען גלות זעננען מיר א לעבענדיגער פראָטעסט געגען קנאה, שנאה, געגען פהיזישער קראַפט, געגען „כל דאלים גבר"!

דאָס איז אָבער נור דער אָדלער פון רענדעל, דאָס רענדעל האָט אָבער א „רעשקע" אויך; אין קעללער פוילט די בעסטע פרוכט אונ וואַקסט־איבער; מיר ליגען שוין טויזענדער יאָרען אין פינסטערן קעללער!

ארום דער „אחדות הבורא" זעננען געוואַקסען: כשוף פון כשדים, מלאכים פון בבל, סגולות פון אפריקאַ, פאַנאַטישע זאַבאַבאָנען פון אייראָפּעאישען מיטטעל־אַלטער, נאָכגעמאַכטע פאַקטוירים צווישען גאָט אונ מענשען — גוטע־יודען!

אויף דעם אָרט, וואָס די ריינע רעליגיאָן זאָלל אונז פעראייניגען, שפאַלטען אונז פערשיעדענע פאַנאַטיזמען אויף דייטשען, מתנגדים אונ הונדערטער פארטייען חסידים; ווייל אמת איז נור איינע, שקרים — א סך! אונ יעדער שקר וויל זיינע בתי מדרשים, זיינע רבנים, שמשים, שוחטים, זיינע שוהל־קלאַפּער, זיינע פאַנאַטי־קער... אונ איהר ווייסט ווי טייער עם קאָסט אונז דאָס שפיעל... וויא פיעל ממון אין דמים עס ווערט פערגאָססען...

אונ — אויף דעם אָרט פון איין רעליגיאָן פעראייניגט אונז איין חלול־השם! מיר צופאַללען אויף מאַססען קופקעלעך. יעדער פאַנאַטיקער וויל פון זיין גאַרטעל מאַכען איין אהל איבער כל ישראל, מען זאָלל די וועלט פאַר זיך נישט זעהן, נור בעגניגען זיך מיט זיין נשמה־ליכטעל, וואָס רייכערט אונ לייכט נישט...

זאָלל זיך אונזער ציוויליזאַציאָן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט רחמנות, מיט

---

2) איין רעכט פאַר אייך אונ פאַר פרעמדע, וואָס וועללען וואָהנען צווישען אייך.

3) לויט דעם געזעץ געהער צום אָרעמאַן: דאָס, וואָס ער קלויבט אויף, וואָס דער בעל־הבית פערגעסט אויפ'ן פעלד, אונ די עקען פינ'ם פעלד.

4) אֶת כַּסְפְּךָ לֹא תִתֵּן בְּנֶשֶׁךְ.

ליעבע, מיט מענשליכקייט, מיט חכמה — ענדיגען מיט צדיקים, צו וועלכע דער רבונו של עולם איז בבחינת עֶבד, מיט געשלאָג, מיט רדיפות, מיט מענשענהאַסס, מיט פאַנאַטיזם? זאָלל זיך דיא גאָלדענע קייט ענדיגען מיט בליי?

מיר וויללען קיין רעפאָרמען!... ווער עס ריקט אָב די סטאַווידלעס פון דעם אָרט, וואו דיא פאַליעס שלאָגען, אויף דעם אָרט, וואו דער טייך איז רוהיג — טהוט נישט דעם טייך, נור די סטאַווידלעס אַ טובה!... מיר וויללען נור בילדען דאָס פאָלק! מיר וויללען אויפווייזען, וואָס עס איז אונזער און וואָס עס איז פרעמד; וואָס עס איז קערן (זיאַרנע) און וואָס עס איז פלעווע און שטרוי; אויך אונפלוטה, וואָס האָט זיך צו אונז צו־געציעפעט אויף פערשיעדענע גלות־בעטטען!... מיר וויללען נור ליכטיג מאַכען אין אונז׳ערע מוחות, אַז די גוטע אמת׳ע אידעען, וואָס וואָהנען דאָרט, זאָללען דערזעהען ווער זייערע שכנים זעננען, מיט וועמען זיי חבר׳ען זיך!

נור נישט דאָס איינע האָבען מיר דעם גלות צו פערדאַנקען. ווייל מיר האָבען נור מיט סבלנות געשטריטטען, זעננען מיר פייגלינגע געוואָרען; עס איז אויף אונז מקוים געוואָרען די קללה, אַז מיר וועללען ציטטערן פאַר אַ גערויש פון אַ פויל בלאָטטעל, און צעהן טויזענדער ענטלויפען, נאָך איידער מען יאָגט זייא; מיר האָבען אַ מאָהל דיא האַרפען צובראָכען און דיא פינגער זיך אָבגעשניטטען אום ציון־ליעדער אין פרעמדען לאַנד נישט צו זינגען, און שפּעטער האָבען מיר פאַר אַ דרייער דעם ערשטען בעסטען שכּור „מה יפית" געזונגען; מיר זעננען הינטער־ליסטיגע שמייכלער געוואָרען, אונזער געפיהל און שטאָלץ פערלוירען... און — ווייל מיר האָבען צו־פיעל געבאָטענע און אימגעבאָטענע תעניתים געהאַט, שטאָנדיג פון דער וואַנד פרנסה געצויגען, האָבען מיר פערבויגען אַ ביסעל דען ישר...

---

מיר האָבען מיט סבלנות געשטריטטען, און דעריבער — אַ שטיק ליים געוואָרען, אין וועלכען, אין יעדער צייט, אויף יעדען אָרט שטעקט יעדער פושער אַריין דיא האַנד און מאַכט פון אונז וואָס ער וויל. מיר לעבען נישט מיט אונזער לעבען... מיר זעננען געוואָרען ווי אַ גולם, און ווער עס וויל בלאָזט אריין פון זיין אָטהעם... שטרעקט אַ פאָלק צו אונז אוים אַ מינסטען פינגער פון דער לינקער האַנד, פאַללען מיר איהם צו די פים און קושען די קנאָכעל; שרייט אַ שונא... „נרפים אתם נרפים", איהר מאַכט נור פיראַמידען און ווילט אליין קיין שטרוי נישט קלויבען... ווערד אַ געשריי: „שטרוי קלויבען איז די עהרליכסטע פרנסה!" שרייט אַ המן: „ודתיהם שונות מכל עם ועם", ווערט אַ געשריי אויף דער גאַנצער ליניע: שעערט אונטער די ארזי הלבנון, זיי זאָללען נישט

האָבער זיין ווי געוואָהנליך גראָז! ווילל עמיץ פֿון אונז פויערן מאַכען, ווערט אין דער מאָדע די סאָכע!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איין טאָג שטעללען מיר סדום'ס בעטטעל פֿאַר אונז אלליין, ווער עס איז לאָנגער, שניידט מען אונטער; ווער — קירצער, ציהט מען איהן אויס, אַז די ביינער קנאַקען אונ מיר גלייבען, אַז די מענשהייט איז אַ צעך, ציוויליזאַציאָנען זעננען קנאָפּף אונ מעהר, ווי 6—8 מינים השכלות, טאָרען נישט זיין.

אַמאָהל ווילען מיר זיין ווי די נידריגסטע ברואים אין דער נאַטור, מיר ווילען קיין אייגענע קאָליער נישט האָבען... נור — שאַרע — אויף דער ערד, ברוין—אויפ'ן שטאם, גרין—אויף דער צווייג, אַבי מען זאָל אונז נישט דערקעננען! אונ מאָרגען דאַכט זיך אונז, אַז דער צלם אלקים שטעקט אין שטריימעל מיט פאות! מיר זעננען די ערשטע צום געטטאָ, די ערשטע צו וואָלאַפּיק!

אונ ווענינ נאָך, וואָס מיר זעננען געוואָרען כחומר ביד היוצר, אַ שטיק ליים צום קנעטען, מיינען מיר נאָך, אַז די צורה, וואָס דער פֿרעמדער האָט אין אונז אויס־געקנעטען אין טאַקי דאָס אמת יודישע פּנים.

בילדונג דאַרפֿען מיר, בילדונג, ליכט! מיר ווילען מאַכען רעוויזיע אין אונזער אוצר, זעהן וואָס א ו נ ז ע ר איז, וואָס פֿרעמד'ס! אונ דער עיקר — וואָס גוט איז, אונ וואָס שלעכט.

אונ נישט אָ י נ ע ר זאָלל זעהען אונ די רעשט זאָלל גלייבען אויפ'ן וואָרט; דאָס פֿאָלק א י ן ג א נ צ ע ן ווילען מיר בילדען, מאָננער, ווייבער אונ קינדער. יעדערער זאָלל זעהן, יעדערער זאָלל פֿיהלען, יעדערער זאָלל פֿערשטעהן.

אונזער גאָטט איז נאָהנט צו אַללעם; אונזער תורה איז שוין נישט אין הימעל, מען זאָלל זי דאַרפֿען ערשט פֿון דאָרט אַראָבבּרענגען, א ל ל ע ס זאָלל זיין יעדען נאָהנט אונ פֿאַר יעדען אָפֿפֿען!



## ב.

מיר ווילען בילדען דאָס פֿאָלק, אונ שרייבען זשאַרגאָן, ווייל מיר האָבען איין ערך פֿון דריי מיליאָן נפֿשות, וואָס פֿערשטעהען נור זשאַרגאָן. נור מיר האלטען נישט דען זשאַרגאָן פֿאַר הייליג. מיר סימפּאַטיזירען גאַנץ אָפֿפֿען מיט די, וואָס ווילען דען זשאַרגאָן אויף א לעבענדיגער לאַנדעסשפּראַכע פֿערטוישען.

מיר ווילען נישט זיך אַליין גוטוויללינ פֿערשליעסען אין געטטאָ. ביי דער ג ר אָ ס ט ע ר עמיגראַציע, מיט די ג ר אָ ס ט ע מיטטעל, וועלען דאָך איינינע מיליאָ־

יודען מוזען בלייבען וואָהנען צווישען פֿאָלקער, און מוזען האָבען מיט זיי מגע ומשא, ומשא ומתן. די איינציגע מיליאָן יודען מוזען זיין בירגער אין די לאַנדער, וואו זיי פֿערבלייבען, זיי מוזען איין אנטהייל נעהמען אין דעם לעבען פֿון פֿאָלק, מיט וועלכע זיי וואָהנען צוזאַממען.

נאָך שטאַרקער סימפּאַטיזירען מיר מיט די אנהאַנגער פֿון „שׂפה-ברורה״ ווי וויט זיי שטעללען זיך אַלס צוועק, צו פֿערברייטערן די העבראַישע ליטעראַטור, צו שטיצען די שריפֿטשטעללער וכדומה.

מיר וויללען דאָס פֿאָלק אין גאַנצען זאָלל קעננען העברעאיש, כדי עס זאָלל נישט דאָס תנ״ך׳ל פֿערגעססען... דאָס תנ״ך׳ל איז דער אוצר פֿון אונזער אמונה, פֿון אונזער נאַציאָנאַליטאַט, פֿון אונזער עטהיק (מוסר)! מען דאַרף זעהען, עס זאָלל זיין ביי יעדען יוד, נישט נור אין שראַנק, נור אויך אין האַנד, אין האַרץ, און אין מח... מיר וויללען אייביג לעבען, און אייביג איז נישט צו בערעכענען. עס טוישען זיך די צייטען, עס טוישען זיך טאָג און נאַכט... מאָרגען קאָננען מיר ווייטער קומען צו גרויסע נסיונות, דעמאָלט קאָנן אונז נור דאָס תנ״ך׳ל מוטה געבען און כח.

און עס איז ווייניג, אַז אונזער עטהיק שטעהט העכער שוין טויזענדער יאָהרען, מען דאַרף, אַז יעדער פֿון אונז זאָלל פֿיהלען און וויססען פֿאַר וואָס און מיט וואָס זי שטעהט העכער! עס איז ווייניג פֿאַר אונז, אַז מיר בלייבען יודען, ווייל מיר זעננען געבוירען אַזוי, ווייל מיר זעננען געוואהנט דערצו, ווייל אונזערע רבנים און גוטע יודען זאָגען, אַז מיר זעננען יודען און פֿערזיכערן, אַז עס איז גוט אַזוי; מיר וויללען, אַז יעדערער זאָלל האַנדלען לויט פֿעסטער איבערצייגונג! זאָלל דער אַסי-מיליאַנט נישט מיינען, אַז ער שיצט נור די דולדזאַמקייט, דאָס סבלנות; זאָללען פֿרויען נישט מיינען, אַז זיי ליידען דורך די יולדת-קוויטלעך, וואָס העגגען אויף די וואַנד; זאָלל דער מתנגד נישט מיינען, אַז מיר דערהאַלטען זיך ביים יודישקייט צו ליעב דען תקון שבועות, און דער חסיד — צו ליעב צרופֿין מיט השבעות — אללע זאָללען וויססען, אַז מיר זעננען זיך מוסר נפש פֿאַר אונזער הויכע אידעאַלען, אונזער מענשהייט, אונזער מוסר.

בעזונדער האָט לשון הקדש פֿאַר אונז איין אַנדערן ווערטה.

א יחיד איז קיין פֿרייער איינציגער פונקט אויף דער וועלט; ער איז איין אויג אין דער נעץ, וואָס פֿערשפּרייט זיך אויף אַ געוויססען פלאַץ אויף דער ערד; די נעץ איז זיין דור. אַ מענש איז אין איינוועגס אַ רינגעלע פֿון דער אונגעהייעריקייט, וואָס ציהט זיך פֿון אברהם אבינו עד סוף כל הדורות.

ווער קאָנן אויף זיך זאָגען, אַז ער געהאָר צו׳ן אַ פֿאָלק? דער, וואָס האָט פֿערבינדונג מיט אללע אויגען פֿון דער נעץ, פֿון דער פֿערשפּרייטער אויף דער

גאַנצער וועלט, און קענן גוט די קייט, וואָס ציהט זיך פֿון אברהם אבינו ביז דעם היינטיגען טאָג.

די העברעאִישע שפּראַכֿע, וואָס אַללע יודען פֿערשטעהען אין אללע לאַנדער, איז דער ריעמען, וואָס האַלט צוזאַממען די ראָדלעך, זיי זאָללען זיך נישט פֿון איינאַנדער לויפֿען; דער איינציגער קלעע, וואָס האַלט אונזערע צושיטטע ביינער צוזאַממען.

די העברעאִישע שפּראַכֿע האַלט אויך צוזאַממען די רינגען אין דער צייט, זי פֿעראייניגט אונז מיט משה רבינו, מיט די נביאים, מיט דער משנה, מיט דער גמרא, מיט אַללע אונזערע גרויסע שטערן, וואָס האָבען אַ מאָהל אויף אונזער הימטעל געלויכֿטן!

די העברעאִישע שפּראַכֿע בינדט אונז צוזאַממען מיט די, וואָס האָבען פּיראַמידען געבויט; מיט די, וואָס האָבען זייער בלוט אויף ירושלים׳ס מויערען פֿערגאָססען, ווי אויך מיט די, וואָס האָבען אויף דען ברענענדיגען פֿייער „שמע ישראל!״ געשריען.

פֿערגעססען די העברעאִישע שפּראַכֿע הייסט: פֿערגעססען די תורה, די נביאים, פֿערגעססען די געשיכֿטע, אָבּרייסען זיך ווי אַ צווייג פֿון בוים, פֿוילען אַ קורצע צייט און — פֿערשוואונדען ווערען!

נור מיט העברעאִיש אַליין קאָננען מיר דערווייל נאָך נישט דורך קוממען.

עס זעננען דאָ צווישען אונז שאָוויניסטען פֿאַנאַטיקער, וואָס מיינען, אַז איבער נאַכֿט קאָנן מען אַ שפּראַכֿע לעבענדיג מאַכֿען. אַז עס איז גענוג אַז 40—50 בטלנים זאָללען מאַכֿען ביכֿלעך און פֿערשרייבען אַללע נייע וואָרטער, וואָס זיי וועללען טרעפֿפֿען אָדער אויסקלערען, און דערנאָך מאַכֿען דערפֿון אַ פֿאָלקאָממען וואָרטערבוך; עס זעננען דאָ בטלנים, וואָס ווערען דערפֿרייט, אַז זיי זעהען אַ העבראַישען ראָמאַן; וואָס קריגען קאָלבערנע התלהבות פֿון אַ העבראַישען וואַנד-קאַלענדאַר; עס זעננען דאָ אַזעלכֿע, וואָס וויללען שוין די קינדער אויף העבראַיש ערציהען! זיי ווייסען נישט, אַז די שפּראַכֿע איז נור די פֿ א ר ם, דער ת ו ך מוז זיין די א י ד ע ע. זיי האָבען קיין בעגריף נישט דערפֿון, אַז וואָרטער זעננען נור סימנים פֿון בעגריפֿען, אַז ווער עס וויל זיין א י י ג נ ע שפּראַכֿע — מוז פֿריער זיין איינענע ב י ל ד ו נ ג האָבען. „ואם הייתי הלילה לאיש״ — מען זאָל היינט ביינאַכֿט שוין אָנהייבען רעדען העבראַיש, מיט געוואַלד שאַפֿפֿען בעגריפֿע, „הלהן תשברנה?״ קאָנט איהר דאָס גאַנצע פֿאָלק לאָזען שטעהן און וואַרטען? וואָס זאָל דערווייל דאָס אָרימע פֿאָלק טהון? ערקוויקען זיך מיט שמ״ר׳ס ראָמאַנען?

זאָל שוין אפילו דאָס גאַנצע פֿאָלק רעדען העבראַיש, וועללען מיר דערפֿון האָבען אַ ציוויליזאַציע? נור דער פֿאַנאַטישער שאָוויניזם קאָנן אויף דעם רעכֿענען.

שטעלט אייך פֿאָר, אַז עס איז אייך געראָטהען; אַז אונז האָט זיך געטראָפֿען אַ פֿערקעהרטער נס ווי יוסף הצדיק: איהן האָט אַ מלאך אויסגעלערנט אין דער

תּפיסה אין איין נאַכט אַללע שבעים לשונות, אונ צו אונז איז געקוממען אין דער תּפיסה אַריין דער מלאך של שכחה, אַ שנעלל גענעבען אונטער דער נאָז, אונ מיר האָבען אַללע לשונות פערגעסען, (אויסער אַ ביסעל וואָרטער, אַבי מען זאָלל קאָננען קויפען ביי'ם פויער אַ קאָרצעל תּבואה); צינד לאָז מיר מאַכען אַ רעכענונג וואָס אונז איז געבליבען אין אונזער פערמאָגען!

עס וועט זיך באַלד אויסוויזען, אַז מיט די שפּראַכען האָבען מיר אַללע אידעען פערגעסען: ערשטענס האָבען מיר פערלוירען אַללע דאָקטורים, אַללע אדוואָקאַטען, אַללע טעכניקער, אַללע וויססענשאַפטליכע מענשען בכלל; מיר האָבען אין העבראָישען קיין איינציגע וויססענשאַפט!

ביז דעם היינטיגען טאָג איז די ניי־העבראָישע ליטעראַטור זעהר אָרעם. צוויי־שען גאַנצע פודען ביבולאָ, פערדרוקטע מיט שרפות, מעשות פון געהאַנגענע, פון מחלוקת'ן אין קליינע שטאָדטלעך, בעשרייבונגען פון נייע באָנק אין איין אַלט באָד, אין איין „עיר ואם בישראל” האָציפלאָץ, קינות אויף אַ געשטאָרבענעם גביר צו אַ דין — צווישען גאַנצע פודען שמאַטעס, קאָנט איהר היינט געפינען, חאָטש זעלטען, אַ קליין אָרנטליך אַרטיקל!... אַ טראָפען געזונדטען פערשטאַנד אין אַ ים פון דומהייטען!

נור דער טראָפען איז אויך נישט געבליבען... ער איז אויך געוועזען פון יענער זייט גרעניץ! קוקט אייך צו בעססער, וועט איהר זעהען, ווי דאָס קליידעל ליגט אויף דער מיוחסת טאַקי ווי אַ געבאָרגטס!

אמת, אונזער מלמדישער שאָוויניזם פיהרט אונז אַללע מאָהל אויפ'ן הימעל אַרויף נייע שטערען, וואָס לייכטען אין פינסטערן גלות... נור וועמען נאַררען מיר דערמיט? וועמען נאַררען מיר, אַז מיר נעהמען אַ פורים־רב אונ מאַכען איהן פאַר אַ פאָלקס־דיכטער, אַ בדחן מיט גראָבע וואָרטלעך — אונ לייגען איהם אויף דעם גראָבען פערשוויצטען שטערן אַ לאָרבער־קראַנץ אַ לא מילטאָן? וואָס פערדיענען מיר דערמיט, אַז מיר מאַכען פון שמאַטע־פליקער — ארחעאָלאָגען, פון שלעכטע איבערזעטצער, וואָס טראָגען איבער אַ פרעמד ווערק פון דער באָבע יאַחנעס צייטען מיט אַללע דרוק־פעהלער — אַז מיר מאַכען פון זיי דענקער אונ פילאָזאָפען?

די שאַראַוואַרעס מאַכען נישט דען קאָזאַק, דאָס שטריימעל — פון באָדער קיין רב, אונ אַז איין בעטלער רופט דען צוויטען; „גביר”, האָבען זיי ביידע דער־פון קיין קאָפּיקע!

אונזערע גרויסע לייט זעננען ווי די באַרג אויפ'ן וועג; פון דערוויטענס, מכלומרשט סיני'ס, אַררט'ס... קומסט דו נאָהענטער שלאָפּען אויף זיי אַרויף די פערד אונ פערגעססען זיך אפילו אָבצושטעללען!

דער שאָוויניזם איז געפאַהרליך!

העבראָיש מוזען מיר קעננען אַלס יודען, אונ — אַלס געבילדעטע מענשען, אַלס לעבענדיגע מענשען, מוזען מיר קעננען די לאַנד־שפּראַכע. אין לשון הקודש שטעקט אונזער רעליגיאָן, אונזער נאַציאָנאַליטעט, אין דער לאַנד־שפּראַכע — אונזער בילדונג, אונזער געוועהנליך לעבען.

האנדלען אויף העבראָיש אונ לערנען די ביבעל אויף דער לאַנד־שפּראַכע זעננען צוויי גאָר גלייכע דומהייטען. צוויי שפּראַכען מוזען מיר קעננען, אויף דעם זעננען מיר אין גלות! אויף דעם זעננען מיר צושפּרייט אונ צו זייעט צווישען פֿעלקער! וואָס דאַרפֿען מיר נאָך דען זשאַרגאָן? נור ווער פֿראָגט אונז איין עצה? עס עקזעסטירט אַ דריטטע שפּראַכע, דריי מיליאָן נפשות פֿיהרען זי, אונ אויב מיר וויללען די דריי מיליאָן נפשות בילדען, קאָננען מיר נישט וואַרטען ביז זיי וועללען זיך אַנדערע שפּראַכען אויסלערנען! גוטע אַלטערן רעדען פֿריהר נאָך דעם קינד, איידער דאָס קינד לערנט זיך אויס רעדען ווי די אַלטערן; קיין שפּראַכע איז אַן־אונד־פֿיר־זיך נישט היילינג, נישט גוט, נישט שלעכט. די שפּראַכע איז נור אַ מיטטעל, איינער זאָלל דען אַנדערען פֿערשטעהן אונ געבילדעטע מענשען זאָללען אויף די אונגעבילדעטע ווירקען.

עס וואָלט בעססער געוועזען מיר זאָללען נור דאַרפֿען איין שפּראַכע קעננען, על כל פנים נור צוויי, מיר מוזען אָבער קעננען אַללע דריי!

עס טראַפֿפֿען זיך צווישען אונז נדיבים, וואָס האָבען אַ ברייט האַרץ אונ אַ פֿרייע האַנד על חשבון הגביר, אויף הקב"ה'ס רעכענונג; דער דאָקטאָר ק. .. מאַכט אַ חשבון, אַז יודענטהום איז נור ער מיט אַמנין בטלנים, וואָס דאַווינען מנחה ומעריב; די רעשט שטרייכט ער אויס! ווער עס קען קיין העבראָיש איז נישט בכלל ישראל... איין אַנדערער דאָקטאָר וויל איבערפֿיהרען נור איין האַלב מיליאָן יודען קיין ארץ ישראל, דאָרט וועט זיין דאָס גאַנצע יודענ־טהום, די רעשט דאַרף ער נישט, די רעשט שענקט ער אַוועק ווי די בני משה, ווי די עשרת השבטים...

מיר זעננען קיין גרויסע נדיבים, מיר האָבען נישט אַזאַ ברייט האַרץ, אונ נישט אַזאַ יד פתוחה; פֿאַר אונז זעננען אַללע יודען — יודען; מיר וויללען פֿאַר אַללע אַרבייטען! אונ דער עיקר פֿאַר דער מאַססע!...

זשאַרגאָן האָט קיין פּרעטענזיע צו פֿערטרעטען די מוטטער־שטעללע אין אַ יודיש הויז; דען פּלאַץ פֿערנעהמט אונ דאַרף פֿערנעהמען לשון הקודש; זשאַרגאָן האָט קיין פּרעטענזיע צו דער לעהרער־שטעללע, דען פּלאַץ מוס לעת עתה פֿער־נעהמען אַ לאַנד־שפּראַכע; זשאַרגאָן איז נור אַ ניאַנקע, זי וויל נור אויסלערנען געהן, זיצען, אָנהייבען רעדען... דערנאָך — מאָגט איהר די ניאַנקע אַרויס וואַרפֿען, אָדער, אויס דאַנקבאַרקייט, איהר איבערלאָזען איין אָרט ביים טיש!

נור — ווער עס וויל דאָס פֿאָלק קעננען, און ווער עס וויל דאָס פֿאָלק לערנען — דער מוז קעננען רעדען און שרייבען זשאַרגאָן.



## ג.

מיר ווילען בילדונג, נור מיר מיינען נישט די בילדונג, פֿון וועלכער מען האָט אַמאָהל געדערט. נישט די בילדונג, וואָס ענטוויקעלט נישט הארץ און מח, וואָס מאַכט דען מענש נישט קליגער, נישט בעסער, נישט פֿאָהיגער, נור בלאָנשירט איהם אָב דאָס פנים, לערנט איהן בייגען זיך און בוקען, פֿיין פֿערשפּיצען דאָס באָרדיל און אָנרופֿען אַ הונד אויף עטליכע לשונות.

מיר מיינען די בילדונג, וואָס מאַכט פֿאַבריקען, באַהנען, שאָססעען. בילדונג, וואָס לערנט ארבייטען — זיך און דער וועלט צום נוצען, אויך די בילדונג, וואָס מאַכט דען מענש עהרליך און גוט.

די, וואָס ווילען נישט די בילדונג אויך, האָבען אַ ברירה! לאָזען זיי זיך פֿריהר אָבזאָגען פֿון אללע טובות, וואָס זיי האָבען פֿון דער בילדונג. זאָללען זיי נישט וואָהנען אין הייזער, נור ווי ווילדע מענשען אין היילען פֿון ערד און שניי, אין לאָכער פֿון פֿעלזען ביי'ם ים. זאָללען זיי נישט טראָגען קיין געוועבטע און קאָליערטע קליידער, נור טראָגען זיך ווי אָדם און חוה אין גן־עדן, אָדער, ווי עד היום נאָך, די חיות אין וואַלד... לאָזען זיי זיך בעגנינגען מיט נים פֿון וואַלד ווי אַפּפֿען (מאַלפּעס). מיט רויה פֿלייש — באַ! „עם הארץ אָסור לאכול בשר!", אַ גראָבער יונג טאָר קיין פֿלייש אויך נישט עססען... איהם קומט נור על פי דין די טרפה, די נבלה, וואָס מען געפֿינט אויף דען פֿעלד, נור טויטע פֿיש, וואָס דאָס וואַססער וואַרפֿט אַליין ארוים! בפרט, ווי קומט צו איהם זעממעל און ברויט? וואָס פֿאַר אַ רעכט האָט ער צו טראָגען קאַלאָשען, צו טרעטען אויף טראָטוארען, צו פֿאָהרען אויף שאָססעען מיט פּאָסט, אויף באַהנען? ער דאַרף נעהמען אַ גרויסען שטעקען אין האַנד אַריין און געהען צו פֿוס... קומט ער צו איין וואַססער, דאַרף ער העכסטענס אַ בוים אויסרייסען און וואַרפֿען איבער דען שטראָם — נור ווי קומט צו איהם בריקען, שיפֿפֿען, דאַמפּפֿ־מאַשינען?

די אללע זאַכען האָט די בילדונג געמאַכט! זי האָט אונז הייזער געבוים, געלערנט פֿיה ציכטיגען, פֿיש חאַפּען, האַלטען און מאַכען פֿייער, זי האָט אונז געגעבען דען פלוג, די בראָנע, דרעש־מאַשינען און מיהלען; זי האָט געמאַכט אללעס, אַללעס — אָהן וואָס אַ מענש קאָנן זיך נישט בעגעהען.

צו לעבט אַ פֿאָלק צווישען פֿאָלקער צו שפּרייט, צו גאָר אַליין פֿאַר זיך —

אָהן דער בילדונג מוז עס אונטערגעהן!

די בילדונג מוזען האָבען די, וואָס רעכענען אויף בעססערע צייטען, די וואָס זוכען אין אַמעריקאַ פּרנסה, און בפרט די — וואָס ווילען אויפוועקקען אַ טויטע שפּראַכע, צוריק אויפבויען אַ וויסט לאַנד...

מיט אומגעלומפּערטע האָנד, מיט אַ ליידיג האַרץ, מיט אַ לעערען מוח — קאָנן מען דאָס אַלץ נישט בעוויזען...

קיין איינציג לאַנד אויף דער וועלט, קיין איינציג פאָלק, ווי געבילדעט עס זאָלל נישט זיין, ווי פיעל גראַד היץ עס זאָלל נישט וויזען זיין טערמאָמעטער פון מענשענ-ליעבע, וועט נישט גערן אַריין לאָזען אַ מאַססע פאָלק, וואָס פערמאָגט נישט מעהר — נור אַ הונגעריגען מאָגען!

ארץ ישראל שטעהט אויך נישט אזוי פריי פאַר אונז, דאָרטען איז אויך דאָ אַ פאָלק און אַ רעגירונג, וואָס האָבען אויך אַ דעה... אונזער רעכט אויף דעם לאַנד איז אָלטער... נור אונזער אַדוואָקאַט האָט נור אַ מויל צום רעדען, בשעת ווען דאָרט איז דאָ בעוואָפנעטע קראַפט... מיט וואָס געהען מיר? מיט אונזער עשירות, וואָס איז קיין מאָהל נישט געשטויגען, נישט געפלויגען? מיטען ספריט צום האַנדעל? מיט וואָס וועללען מיר עמעגרירען? עמיגרירט, מיט וואָס און פון וואָס וועללען מיר לעבען?

און דעריבער אין נאָך וויכטיגער די בילדונגס-פראַגע אין ארץ ישראל. דאָרט וועט שוין זיכער נישט זיין „זכה, מלאכתו נעשית על ידי אחרים"... דאָרט וועט מען שוין מוזען לעבען אין איינען לעבען, מוזען האָבען אייגענע אַקער-בוי, אייגענע וועגען, אייגענע פאַבריקען, אייגענע באַהנען...

נור, וואו די השגחה וועט איינעם נישט וואַרפען, וואו יעדען פון אונז וועט אַלץ אוים קוממען צו לעבען און צו ווירקען — איז בילדונג דער באַזיס, די איינציגע קוועללע פון וועלכען עס קאָננען אונז בעססערע יאָהרען אַרוים פליעסען... און דערי-בער דאַרפען מיר בילדען דאָס פאָלק!

מיר דאַרפען בילדען דאָס פאָלק! מיר דאַרפען ליכטיג מאַכען יעדעם יוד אין מח, וואַרים אין האַרץ און געבען אין דער האַנד אַריין אַ מיטטעל צום לעבען, צום זעלבסטשטאַנדיגען לעבען!...

די בילדונג — האָט, אויסער נאַררען, קיין שונאים נישט.

# ד.

די בילדונג איז אונזער פּראָגראַם און מיר בעטען אַללע אמת געבילדעטע מענשען, זיי זאָללען אונז מיטהעלפען בילדען דאָס פאָלק.

מיינט נישט, איהר געבילדעטע מענשען, אַז איהר זייט יוצא דערמיט, וואָס איהר אַרבייט פאַר איין גראָססערן כלל, מע־כלומר'שט פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

עס איז נאָך עד היום קיין מענשהייט נישט דאָ. אויף דער וועלט'ס־ביהנע שפּיע־לען נאָך אָיינצעלנע טרופּען, אָיינצעלנע פאָלקער, פערשידענע ציוויליזאַציאָנען.

מיר גלויבען נישט אין וואָלאַפּיק, נישט אין עספּעראַנטאָ; מיר האָפּען אויך צו דער אַלגעמיינער מענשהייט, נור נישט אויף דעם וועג וועללען מיר קוממען צו'ן איהר. קיין אָיינציגע שפּראַכע געהט שוין נים פערלוירען, קיין אָיינציג פאָלק דאַרף נים פערניכטעט ווערען, קיין איינציגע ציוויליזאַציאָן איבערגעהאַקט. דאָס אַלגעמיינע נור אין די שפּראַכען, אין די פאָלקער כאַראַקטערע, אין די ציוויליזאַציאָנען — וואַקסט, און עס וועט וואַקסען, ביז עס וועט ווערען אָיין ציוויליזאַציאָן, איין שפּראַכע איין מענשהייט.

די צוקונפט איז אַ טיגעל אין וועלכען אַללע מעטאַללען וועלען זיך צושמעלצען און עס וועט ווערען אַ גאָלדענע צייט. נישט די אונוויססענדע גאָלדענע צייט פון גן־עדן־הקדמון, פון וועלכער עס האָט זיך אויך רוססאָ'ן גע־חלומ'ט, נור די גאָלדענע צייט, פון וועלכער ישעיה זאָגט נביאות: „ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים... ולא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדון עוד מלחמה וגו' *).

נישט אויף דעם האָבען מיר טויזענדער יאָהרען געליטטען, מיר זאָללען אונזער ציוויליזאַציאָן פערגעססען; מיר וויללען און דאַרפען זי ווייטער פיהרען, אי־ זיך מיט דער מענשהייט אויף גלייכע רעכטע צו פעראייניגען. מיר וויללען אויך האָבען אַ חלק אין שותפות, מיר וויללען אויך זיין אויף די פירמאַ.

מיר האָבען אונזערע אידעען, אינזערע בעגריפע, אונזער וויץ, אונזער וועלט־אַנשויאונג — העלפט אונז זיי צו ענטוויקלען.

אין גלות זעננען מיר אַ צייט פערגליווערט, פערשטאַרט, קריסטאַליזירט גע־בליבען, מען דאַרף אונזערע ציוויליזאַציאָן אויפטהויען, אויפהייבען, לעבענדיג מאַכען.

דורך אַייך, וואָס איהר האָט ביז אַהער נור אין פרעמדע פעלדער געאַרבייט, איז אונזער אַקער פערווילדעט און פערדאָרנט געוואָרען; דאָרט פעהלט נישט קיין האַנד, ביי אונז — פעהלען זיי לײדער צו־פיעל! דורך דעם, וואָס איהר האָט ביז אַהער אונטער פרעמדע נאָמען געווירקט, דאַכט זיך מאַנכען, אַז ער האָט אין דער וועלטס־וויסענשאַפט קיין חלק נישט. אונזער פאָלק האָט געמוזט גייסטיג באַנקראָטיע־רען ווייל פון אַנדערע פאָלקער האָט קיינער פאַר איהם נישט געאַרבייט, בשעת וועגן אונזערע געבילדעטע האָבען נור פאַר פרעמדע געווירקט.

---

*) און די גאַנצע ערד וועט ערפילט זיין מיט קענטניס גאָטט, ווי דער ים איז מיט וואַססער פערפולט. עס וועט איין פאָלק געגען דעם צווייטען נישט אויפהעבען קיין שווערט, מען וועט זיך שוין קיין קריג נישט לערנען א. ז. וו.

איהר זענט אויף דער וועלט צו פריה׳ע מענשהייט׳ס־בלומען; איידער פאַר־אַזעלכע בלומען וועט אויפשיינען די זונן, וועט זיי דער פראָסט אונטערשלאָגען, דער שנײ פערשיטטען, דער ווינד מיט ערד פערקעהרען!

ניכט איינצעלע מענשען דאַרפען און קאָננען זיך פעראייניגען נור — פעלקער!

קומט צוריק צום פאָלק, זייט זיין עמוד ענן ביי טאָג, זיין עמוד אֵש ביי נאַכט! פיהרט איהן, נור לויפט נישט פאָר א״ים און לאָזט איהן נישט אין מדבר.

איהר לעגט אָן אַ פייער אונטער׳ן אָפפענען הימעל, בשעת ווענן ביי׳ן אייך אין שטוב ווערט מען געפרוירען אָדער ערשטיקט פאַר רויך.

כל זמן עס איז קיין אַלגעמיינע בילדונג נישט דאָ, איז יעדער איינצעלע מענש אַ פראָדוקט פון זיין נאַציאָן; נעמט אידן באַלד פון דער ברוסט אַוועק, אין זיין מוח ליגען שוין איינגעוויקעלט פערשלאָפענע, גע׳ירשנ׳טע פעהיגקייטען, וואָס וועללען שפּעטער ערוואַכען און ענטוויקעלט ווערען! „גיורא עד עשׂרה דרא“!

רעדט וואָס פאָר אַ שפּראַכע איהר ווילט, זאָללען זיך אייך שיטטען פערל פון מויל, פערקינדעט וואָס פאַר אידעען איהר ווילט; אייער בערעדזאַמקייט איז דער ר״ן אויף נדרים, אייער וויץ — אַ געבוירענער גלות־וויץ, אייער שאַרף־זינן שמעקט אונגעהייער נאָך „אַדרבא — איפכא“, נאָך „מאי קא משמע לן“? „ואם תמצא לומר“!

כל־נדרי קאָנן מאיר־בער׳ן נישט אַרויס פון קאָפּף, ער בלאָנקעט זיך אין אַללע זיינע מעלאָדיען; היינע און באָרנע זעננען יודען אין יעדען וואָרט, אין יעדען וויטץ - אין יעדען ערנסט!

איהר זייט אונזער, דאַרפט איהר ביי אונז אין ווייגאָרטען אַרבייטען.

די מענשהייט ליגט נאָך אין וויעגעל; וואָס איהר רוימט איהר היינט אין אויער, וועט זי דערנאָך נישט געדענקען, זי וועט גאָר פיהרען דעמאָלט איין אַנדערע שפּראַכע...

העלפט בילדען דאָס אָרימע אונגליקליכע פאָלק; לאָזט עס ניט איבער ביי פאַנאַטיקער אין די האָנד, זיי זאָללען דערפון דאָס רעשט ביסעל בלוט אויס־זייגען, אויס־נאָגען דאָס לעצטע ביסעל מאַרך פון די דאַרע ביינער.

לאָזט עס נישט ביי פאַנטאַסטער אין די האָנד, זיי זאָללען עס נישט אין אַללע וויסטע מדבריות פערפיהרען! לאָזט נישט יונגלעך און ישיבה־בחורים פיהרען דאָס רעדעל — עס איז אַ רחמנות אויף דעם פאָלק! מען דאַרף עס נישט לאָזען פאַללען! דאָס פאָלק האָט אין זיך אַ מאַססע לעבענס־קראַפט, איין אוצר ענערגיע, דאָס פאָלק איז אַ טראָגער פון אַ ציוויליזאַציאָן, וואָס די וועלט פערקענט נישט צו איהר נוצען, פון אַ זעלכע אידעען, וואָס וואָלטען איהר שטאַרק צו נוץ געקומען. דאָס פאָלק איז איין אייביגע בלום... ביי טאָג, ווענן די זונן שיינט, ווענן דער מענשען־גייסט ענטוויקעלט זיך, לעבט זי אויף, ענטוויקעלט איהרע בלעטער; קיים אָבער קומט די פינסטערע נאַכט, מאַכט זי זיך צו, קאָרטשיט זיך איין, פער־

שליסט זיך אין זיך אַלליין... דעמאָלט דאַכט זיך, אַז עס איז אַ געוואָהנליכער לעדיגער דאָרען... און ווען עס שיינט צוריק אויף די זונן, געדויערט לאַנג איידער די זונן ערקענט די בלום, אויך איידער די בלום ווערט געוואָהר, אַז די זונן שיינט... איבער נאַכט ווערט זי פערשטויבט און בעשמוצט, און ניט געשווינד דרינגען דערנאָך די ליבטיגע שטראַהלען דורך!

העלפט דעם פאָלק, עס זאָלל זיך באַלד אין דער פריה מיט די זונן ערקעננען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און דער עיקר דאַרף מען זעהען, ווי ווייט מאָגליך איז, דאָס פאָלק זאָלל האָבען פרנסה...



# וואָס הערט זיך?



. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פון אונזער לאַגע אין לאַנד האָבען מיר וועניג וואָס צו רעדען; זי איז יעדען לעזער גאַנץ גוט בעקאַנט...

מיר קאָננען נור פערצייכענען דען פאַקט, אַז אין דער לעצטער צייט, וואָס איז שלעכט פאַר דער גאַנצער וועלט, זעננען די יודישע פרנסות אַזוי געפאַללען, אַז אפילו אונזערע שונאים, האָבען שוין נישט דאָס האַרץ צו רעדען פון אונזער גע־גזל'ט עשירות. זיי זעננען שוין מודה, אַז מיר זעננען אָרעם, זעהר אָרעם. אַז, צוזאַממענגעדריקט אין שטאָדט, געניגט נור אונזער הכנסה אויף קוים אַ שטי־קעל ברויט מיט אַ ציבעלע אָדער אַ ציינדיל קנאָבעל; נור דאָס זאָגען אונזערע שונאים, קומט אונז אויך נישט, פאַר רחמנות וואָלטען זיי צוגעלאָזט צו'ם מויל אַ פאַר ברייטלעך מיט עטליכע ציבעלעס און אַ צעהנדליג קנאָבעל, נור 4,000,000 ברייטליך אַ טאָג, 4,000,000 ציבעלעס, אַ 2,000,000 קנאָבעל יעדען טאָג — דאָס

זאָגען אונזערע שונאים, קומט אונז נישט. זיי רעכענען אוים ווי פיעל עס קאָסט אַ יאָהר, אַ שמיטה, אַ יובל אונ שרייען געוואַלד.—

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער אַנטיסעמיטיזם אין אויסלאַנד שטעהט אויפ'ן אייגענעם אָרט; קיין נייעס איז ער נישט, אין אַללע דורות זעננען געוועזען אַנטיסעמיטען, נור אין גוטע צייטען, ליגען זיי פערשטאָקט אין די לאָכער אונ מען האָרט נישט זייער קול; קוממען שלעכטע צייטען... שטעהען זיי אויף בימה'ס אונ דרשינען.

אין אָסטרייך אונ פרייסען האָבען זיך געמאַכט געזעללשאַפטען צו ווירקען געגען די אַנטיסעמיטען. אין אָסטרייך זעננען צוגעשטאַנען דערצו פון אַדעל אונ גרויסע בעאַמטע; אין פרייסען נישט, די סבה איז אַ פשוטע: אין פרייסען וויל די רעגירונג שטאַרקען דען נאַציאָנאַליזם, ווייל ער האַלט גאַנץ דייטשלאַנד צוזאַממען, אונ דעריבער קוקט זי אַביסעל דורך די פינגער אויף די אַנטיסעמיטען, וואָס וויללען אויסרייניגען דייטשלאַנד, עס זאָלל בלייבען נור פאַר ריינע דייטשען; דעריבער האַלטען זיך די בעאַמטע אונ דער אַדעל פון וויטענס; דאַגעגען אין אָסטרייך, וואָס עס איז צוזאַממען געשטעלט פון פערשיעדענע פאָלקער—דייטשען, אונגאַרן, באָהמען, פאָליאַקען אונ אַנדערע, איז דער אַנטיסעמיטיזם—ווי ווייט ער איז נאַציאָנעלל—פאַר דער רעגירונג געפאָהרליך, אונ דעריבער האָבען זיך דער אַדעל אונ די בעאַמטען צוגעשלאָססען צו דער געגענ-פאַרטיי.—„מעז יצא מתוק"!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווייניג וואָס האָבען מיר צו זאָגען וועגען דער עמיגראַציע. מעהר ווייניג איז יעדען בעקאַנט. אַז קיין רעגירונג איז נישט צופרידען, אַז עס קוממען צו'ן איהר אָרימע לייט מיט לעדיגע האָנד. אין יעדען לאַנד אין אייראָפּאַ, אונ היינט שוין אפילו אין די פעראייניגטע שטאַאטען אין אַמעריקאַ, איז דאָ מעהר האָנד צו דער ארבייט אַלס מען ברויך.

אַללע טאָג קוממען ארוים נייע מאַשינען, וואָס פערשפאָרען מענשענ-ארבייט, די אַרבייטער דערוויל מעהרען זיך אונ האָבען פון טאָג צו טאָג וועניגער ארבייט אונ וועניגער נאָך פערדיענסט, ווייל דורך דער קאָנקורענץ פאַלט די לוין פון דער ארבייט. אין אַללע אייראָפּעאישע לאָנדער, ווי אויך אין די פעראייניגטע שטאַאטען אַמעריקאַ'ס איז די אַרבייטער-קלאַססע אונרוהיג, די רעגירונגען האָבען מורא פאַר מורידות, אונ וויללען על כל פנים נישט לאָזען פערגרעססערען די צאָהל פון פראָלעטאַריאַט.

ווענינע האָפֿפֿען אויף בעססערע צייטען פֿאַר יודען אין אייראָפּאַ, און אפילו די, וואָס האָפֿפֿען נאָך, רעכענען אויף אַ לאַנגע, לאַנגע צייט. דעריבער איז, על כל פנים דערווייל, די קאָלאָניזאַציע אַ לעבענספֿראַגע פֿאַר יודען

די הויפּט שטעללען זעננען פּאַלעסטינאַ און אַרגענטינאַ. פֿון אַרגענטינאַ ווייסען מיר זעהר ווענינ. דער באַראָן הירש האָט געקויפֿט ערד, מן הסתם האָט ער זיך נישט געלאָזט נאַררען, די ערד איז אַוודאי גוט, דער קלימאַט איז געזונד. עס פֿאַלט אונז ניט איין שטאַרק מסופק צו זיין, צו יודען זעננען פֿאָהיג צו ערדאַרבייט, ווייל דער מוז איז דער בעסטער לעהרער, און אַ יוד איז פֿון אייביג אויף אַ גוטער תלמיד; עס קאָנן נור זיין די פֿראַגע, ווי לאַנג עס וועט דויערען דאָס אויסלערנען, און דאָס לאָזט זיך ניט איבער־רעכענען; דערווייל איז חשק ביי'ם תלמיד דאָ גענוג, סבלנות האָט ער, און אַ פּאָר דורות וועללען מוזען ליידען...

עס איז נור געווענדט דאַראַן, די רעגירונג זאָלל אויף דער עמיגראַציע ערלויבען. ווייל איין עמיגראַציע, וואָס איז ניט געמאַכט פֿאַר איינצעלנע מענשען, נור אויף טויזענדער, דאַרף קיין מהומה ניט זיין, עס מוס זיין מיט אַ סדר, געהען דאַרפֿען, ניט אללע די, וואָס וויללען, נור די פֿון זיי, וואָס זעננען פֿאָהיג צו ערדאַרבייט. כל התחלות קשות; דערנאָך וועט אָפשר קוממען די צייט אויף דער רעשט. די ערשטע קאָלאָניסטען זעננען דער פֿונדאַמענט פֿונ'ם בנין, און צו'ן אַ פֿונדאַמענט דאַרף מען גוט, שטאַרק מאַטעריאַל און זיין בעהוטזאַם. יעדערער פֿאַר זיך, ווען ער לויפֿט, איז ער אָפשר גערעכט; דער דלות טרייבט! נור דעם כלל טהוט יעדער איינציגער, וואָס לויפֿט פֿאַר דער צייט, אַ גרויסע רעה. —

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די קאָלאָניזאַציע פֿון פּאַלעסטינאַ איז אָלטער, מיר האָבען שוין דאָרטען אַ סך קאָלאָניען, נור, ליידער, ווייסען מיר פֿון דאָרטען אויך זעהר ווענינ, וואָס אייך צו זאָגען.

נאָכפֿלאַפֿלען מענשען, וואָס האָבען פּאַלעסטינאַ פֿאַר ד'אויגען ניט געזעהען, האָבען מיר ניט דאָס האַרץ. ווער עס איז אַ היימער פּאַלעסטיניעץ, האָט רעכט אַלליין צו געהן אונבערעכענט, נור יענעם הייסען, און דערנאָך צו האָרען אַ שאלה: „המבלתי אין קברים", האָט קיינער קיין רעכט ניט! יעדער מענש פֿאַר זיך אַלליין מאָג זיך מוסר נפש זיין פֿאַר אַ אידעע, אַללע אַרום איהם קאָננען איהם אפילו פֿערגאָטטערן דערפֿאַר; נור פֿערלאַנגען פֿון געוואָהנליכע מענשען מסירת־נפש מיט ווייב און קינד איז נאַרריש.

נור צו איז באמת דאָ דערביי מסירת־נפש? ווי שטעהען די קאָלאָניעס, וואָס מען האָט ביז אַהער געמאַכט? צו איז באמת פֿון דעם „ארץ זבת חלב ודבש" געוואָרען אַ „סדום־ועמורה"? עס איז שווער צו גלויבען, עס לאָסט זיך ניט גלויבען.

וויפיעל קללות עס איז אויף אונז נישט געקוממען, קאָננען מיר זיך דאָך ניט איינ־שטעללען נאָך אויף דער קללה צו רעכענען!

פאַר וואָס דען שוויגען די חובבי ציון? פאַר וואָס האָרט מען זיי פון אללע־מען רעדען, אונ שטאַרק אונ הייס רעדען, אונ פון דעם מאַכט מען אַ שוויג? פאַר וואָס האָבען מיר חשבונות פון הוצאה והכנסה אונ קיין חשבון פון דעם, וואָס עס דאַרף שוין זיין אונזער קנין, אונזער נחלה, אונזער אייגענטהום?

די חובבי ציון זעננען מענשען, אונ אַלס מענשען האָבען זיי אַ ודאי גרויסע פעהלער געמאַכט. ווער ווייסט, ווי אַזוי מען האָט זיי גענאַרט ביי׳ם ערד קויפען; ווער ווייסט, ווי אַזוי אונ ווי וויט זיי האָבען זיך גענאַרט אין די ערשטע מענשען, וואָס זיי האָבען אויף זייער קראַפט אונ געטריישאַפט געהאָפט...

אָט! דאָס בלייבט אונז נור צו קלערען... די חובבי ציון, אַלס גרויסע אידעאַליסטען, זעננען אודאי געוועזען זעהר נישט פראַקטיש ביי פראָסטע זאַכען, ווי ערד קויפען, פערזייען, פלאַנצען... אונ ווייל זיי האָבען מורא, מען זאָלל נישט זייערע פעהלער אָננעהמען אַלס פעהלער פון דער ערד — שווייגען זיי בעססער.

צו איז באמת אַ חלוק פון פערשווייגען דען אמת אונ ליגענד זאָגען? אָדער — „צי היילגט ווירקליך דער ציעל די מיטטעל?"

מיר וואָלטען געהאַט אַ סך דעריבער צו רעדען, נור דערווייל איז עס אַ „הלכתא למשיחא", די טירקישע רעגירונג לאָזט נישט אַריין קיין יודען, אונ אויך — עס האָרט זיך, אַז פון היינט אָן זאָלל ווערן אַנדערש.

די קאָלאָניזאַציע זאָלל איבער נעהמען דער באַראָן הירש, עס פאָהרט אַראָב, זאָגט מען, אַ קאָמיטעט פון געלערטע בעקוקען די ערד... עס זאָלל ווערן גאָר אין גאַנצען אַנדערש!

דערווייל מוזען מיר וואַרטען אונ האָפפען.



# עס געהט צו פּסח.

(פֿאָרוואָרט צום יום־טוב־בלאַטטעל: „לכבוד פּסח)



עס געהט צו פּסח, אונ איך בעט מיך ביי אייך איין צום סדר.
נעמט מיך אויף!
קיין סך וועלל איך אייך נישט קאָסטען; קניידלעך עסס איך נישט!
זייט מיך אויך נישט מכבד מיט מרור; מיט דעם בין איך געבוירען!

הייסט מיך אויך נישט צאָהלען קיין „מכּות"; איך האָב די מ צ ר י י ם שוין לאַנג מוחל געוועהן. אונ עס איז גלאַט אַ מין „ברכה לבטלה"; פֿון געשריבענע אָדער געדרוקטע מכּות איז נאָך קיינער נישט קראַנק געוואָרען.

בעפֿרייט מיך אויך פֿון „שפוך חמתך"!... איך בין נאָך צו יונג, פֿערסמט מיר נישט דאָס בלוט מיט נקמה... איך האָפֿף אויף בעססערע צייטען אונ וויל אפילו קיין געצען־דיענער נישט שעלטען.

איך וויל אפילו נישט זאָגען „לשנה הבאה בירושלים!" וויל „פֿון זאָגען ווערט מען נישט טראָגען"!

דערווייל וויל איך אייך נור ווינשען, אַז איהר זאָלט אויפֿ׳ס יאָהר דען גאַנצען „מ ה נ ש ת נ ה" מיט׳ן „ע ב ד י ם ה י י נ ו" פֿערגעססען... אונ —

אַז איהר וועט אָפּפֿענען די טהיר אונ רופֿען באמת, נישט ווי היינט אויף לבן־ארמי׳ס לשון, „כּל דכפין ייתי ויכול!", זאָלל קיינער נישט אריין קוממען; עס זאָלל קיינער נישט ד אַ ר פֿ ע ן אריין קוממען!



# וָואס וִוילְלֶען מִיר?



נאָך צוויי יאָהר שווייגען נעמען מיר זיך ווידער צו דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור.

ווער עס וויל טרעפֿפֿען צו רייכע, אינטעללעגענטע אָדער בעלי־בתי׳שע הייזער, דער קאָנן אַנדערע שפּראַכען בענוצען; ווער עס וויל טרעפֿפֿען צו׳ם הארץ אונ מח פֿון פּראָסטען, איינפֿאַכען פֿאָלק, צו די, וואָס די האָבערע קלאַססען

רופען מיט פערזאַכטונג „המון עם", דער מוז שרייבען זשאַרגאָן.

געשוויעגען האָבען מיר דורך דריי אורזאַכען: עס האָט געפעהלט געלד, נאָך אַ גראָססערער מאַנגעל איז געווען אין מיטאַרבייטער, און כמעט אונמאָגליך איז געווען צו רעדען אַיין ערנסט אײנפאַך וואָרט מיט'ן פאָלק, בשעת ווען פערברענטע אידעאָלאָגען און דורכגעטריבענע שאַרלאַטאַנען האָבען איהם צוגעזאָגט אַ מאָמענ־טאַלע הילף, אַ ראַדיקאַל מיטטעל אויף אַללע קראָנק און ווייטאָגען... אין אַ צייט פון עטליכע יאָהר וועט מען אויפבויען אַ יודישע מלוכה אין ארץ ישראל, אָדער פערלעגען אַ יודישע רעפובליק אין אַרגענטינאַ...

דאָס אָרימע דערשלאָגענע פאָלק האָט געגלויבט, און עס האָבען אויפגעהאָרט אַללע לעבענס־פראַגען, אַללע געמיין־מענשליכע אינטערעססען... דער עולם האָט זיך געפאַקט, היינט מאָרגען אין וועג אַריין, די אַלטע אתה־בחרתנו'שע קעססעל־פויק האָט געדונערט, ציון'ס צימבעל — געקנאַקט, און די אַלטע רבני'שע פלעדער־מויז האָט אויסגעשפרייט די פליגעל איבער'ן פערטומטעלטען קהל...

געהן דאַרף מען, געהן מוז מען, די פראַגע איז נור געוועזען, ווער עס האָט רעכט: דער באַראָן הירש אָדער ווערמאָנט? דער הנדיב הידוע אָדער יעדוואַבניק?

. . . . . . . . . .

היינט, דאַכט זיך, איז שוין אַ ביססעל שטיללער!

דער פערברענדסטער חובב ציון לעגט שוין אָב: שמיטה, פרה אדומה, בן סורר ומורה און קרבנות אויף עטליכע דורות, די ליעבע צו ציון בלייבט דערוויל אַ פלאַטאָנישע — פון דער וייטענס; דער שטאַרקסטער „אַרגענטיניעץ" פערשטעהט שוין, אַז חאָטש דעם באַראָן הירש'ס נדבה פערבלענדט אונז, ווי די זונן אין תמוז, האָטש זי פערשאָמט אַללע וואָהלטהאָטיגקייטען, וואָס זענען געשעהען, זייט די היסטאָריע געדענקט, איז דאָך נאָך וויט פון זיין ריעזיגען פלאַן ביז אַ פאָלקס־עמיגראַציע. על כל פנים קאָנן דאָס נישט אַזוי געשווינד געשעהן...

לויט דען קאַלטען חשבון (וואָס אונזערע אידעאַליסטען האָבען אַזוי פיינד) קאָנן פאַלאָסטינאַ (ווען דער טערק זאָלל אפילו אַריין לאָזען) מיט אַרגענטינאַ (עס זאָלל אפילו קיין היישרעק נישט זיין) צוזאַממען ביי אונז יאַהר־יאָהרליך צונעמען האָכסטענס אַזוי פיעל, וויפיעל עס ווערען ביי אונז מעהר געבאָרען אַלס געשטאָרבען; אַז פיער מילליאָן יודען מוזען דאָ בלייבען, אַז פאַר די פיער מיליאָן מוז מען אַרבייטען אויפ'ן אָרט, און — אַז די אינטעללעגענץ מוז דעריבער מאַכען זיך פאַר אַ הויפט־צוועק — צו בילדען דאָס פאָלק.

מיט מיטאַרבייטער איז אויך אַ שווערע זאַך געוועזען. ווענן עמיץ זאָלל וועללען אַרויס געבען נאָך אַ מאָל אַ „ספר הזכרון" און רעגעסטרירען אַללע אונזערע שרייבער, וואָס „אַפפערן צייט" פאַר די „אָרימע ברידער", אַרבייטען פאַר „כנסת ישראל",

זענען זיך „מוכר נפש פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק"... וואָלט ער אַ גאַנץ דיק בוך אַרויס־געגעבען... עטליכע צעהנדלינג משוררים, שרייבער אין הינדערטער, פּובליציסטען אויך עטליכע טוץ... און דאָך, דאָך איז נישט דאָ מיט וועמען צו'ם טיש צו געהען... וואָרען — ווער איז בײַ אונז קיין שרייבער נישט? בײַ אונז איז יעדער בטלן גענוג קלוג צו געבען געדרוקטע עצות; אין זיין אייגענער שטאָדט „קאָנן ער קיין קאַץ קיין עק נישט צובינדען" און פֿאַר דער וועלט דונערן זיינע חכמות פֿון צ ײ ט ו נ ג ע ן, אָדער פֿון אַ בעזונדערע קאַטעדראַ אַראָב, וואָס ער אַלליין אָדער אַ מוכר־ספרים האָט איהם געבויט! בײַ אונז איז יעדער בדחן אַ משורר, יעדער פּראַהלער — אַ פּובליציסט, און חדר יונגלעך — קאָררעספּאָדענטען... אונזערע צייטונ־גען וויללען אַרבייט אומזיסט, אַרויסגעבער און מוכרי־ספרים ווילן נור טאַנדייט, ניר בילליג... און דער עולם האָט פֿרייען פּלאַץ, ווייל די ווירקליכע אינטעללעגענץ האַלט זיך אַלס פֿון דער וויטענס...

יעדערער פֿערשטעהט, אַז שוסטעריי קאָנן מען נישט אונגעלערנט; קיינער וועט קיין אַרשין מיך נישט געטרויען אַזוינעם, וואָס האָט בײַ'ן אַ בעל־מלאכה קיין געוויססע צייט נישט געאַרבייט... אַ רייף שלאָגען אַרום אַ פֿאַסס מוז אַ ספּע־ציאַליסט אַ בעדנער... אָבער קינדער לערנען קאָנן דער ערשטער בעסטער בטלן, און די קינדער, דעם בטלן'ס תּלמידים, שרייבען אין צייטונגגען, דרוקקען ספרים און לערנען דאָס פֿאָלק! די תּאוה געדרוקט צו ווערען איז אַ שאָדליכע, אַנשטעק־קענדע קראַנק, זי האָט שוין אפילו אַ גריכישען נאָמען: „גראַפֿאָמאַניאַ", און איין רפואה, איין ראַדיקאַל מיטטעל קעגען איהר וואָלט געווען — אונזער אינטעללעגענץ זאָלל איבערנעמען אונזער ליטעראַטור אין איהרע האַנד.

עס איז שוין צייט, אַז אונזער ווירקליכע אינטעללעגענץ זאָלל פֿערשטעהן, וואָס פֿאַר אַ פֿליכט, וואָס פֿאַר אַ התחייבות זי האָט פֿאַר'ן פֿאָלק... אַז אַרבייטען בײַ זיך אין דער היים, פֿאַר אייגענע ברידער הייסט נישט אַרויס לאָזען דען אַלגמיין־מענשליכען פֿאָהן פֿון דער האַנד... היינט מוז אַרבייטען יעדערער בײַ זיך, אַקקערן און זייען זיין אָבגעגרעניצט שטיקעל לאַנד, אויבוואָהל אָדער בעססער — ווייל מיר האָפֿפֿען, אַז די צוקונפֿט וועט זיין דער אַלגעמיין־מענשליכער שפּייכ־לער, אין וועלכען עס ווערען אַריין קוממען אַללע ווייצען, די גאַנצע תּבואה; אַ שפּייכלער, וואָס וועט שפּייזען אַללע גלייך, שפּייזען יעדען אומגעפֿראָגט, ווער זיין זיידע איז געוועזען, און נישט געקוקט, פֿון וואָס פֿאַר אַ פֿאַרב זיין הויט איז...

אין דעם זינן קאָנן די נאַציאָנאַל־אידעע — דער מאַנטעל, מיט אַ וואַריכען וואָלל־שטאָף אַלס אינטערלאַג צום לייב, און אַ דאָרניגער, שטאַכעלשווייניגער הויט אַלס איבערשלאַג פֿאַר פֿרעמדע — דען אייגענען נוצען ברענגען דער אַלגעמיינער בילדונג, ווי די קינסטליך געטהיילט וויססענשאַפֿטען — דער אַללגעמיינער וויססענשאַפֿט,

אויך איז שוין צייט די אינטעללעגענץ זאָלל אַוועקלעגען אין אַלטען אַרחיוו אַריין די פֿראַגען: צו איז זשאַרגאָן אַ שפּראַכֿע? צו קאָנן זיין אַ שפּראַכֿע אָהן אַ [געדרוקטע] גראַממאַטיק? צו קאָנן הייסען אַ שפּראַכֿע אַ צוזאַממענפֿליקעכֿץ פֿון פֿערשיעדענע שפּראַכֿען פֿון פֿערשיעדענע צייטען? דאָס איז אַלץ דאָס אַלטע בטלניש-פֿילאָזאָפֿישע מיסט, אין וועלכען עס וועלען אייביג פּיקקען אונזערע ליטעראַרישע עקרות-היהנער; די אמת'ע אינטעללעגענץ דאַרף פֿערשטעהן, אַז זשאַרגאָן איז אַ פֿאַקט, וואָס איז געשעהען נישט מיט אונזער וויללען און וועט אויף אונזער פֿערלאַנגען איבער נאַכֿט נישט פֿערשווינדען ווערען... אַז שפּראַכֿע הייסט יעדעס מיטטעל, וואָס מענשען בענוצען, זיך איינער מיט'ן אַנדערן צו פֿערשטאַנדיגען, אַז פֿיער מילליאָן יודען, וואָס רעדען און פֿערשטעהן נור זשאַרגאָן זענען אויך מ ע נ ש ע ן, און אַז ווער עס וויל זיי בילדען, מוז זייער שפּראַכֿע אַלס מיטטעל בענוצען...

עס איז אויך שוין צייט, אַז די אינטעללעגענץ זאָלל פֿערשטעהן, אַז דען הייס-געהאָפּטען מאָרגען וועט די „שפּראַכֿע" אַזוי פֿיעל אינטערעסירען, ווי פֿיעל דער יחוס פֿון אַלטער-זיידען אָדער די פֿאַרבּ פֿון דער מענשליכֿער הויט...

און עס איז שוין די העכֿסטע צייט די אינטעללעגענץ זאָלל אַרויסטרעטען און אַרויסנעמען די פֿאָלקס-בילדונג פֿון אומגעלומפּערטע, גראָבֿע הענד...

דאָס פֿעלד איז שוין געגנוג פֿון שלעכֿטע שרייבער און העכֿסט אינטערעסאַנטע ראָמאַניסטען ג ע מ י ס ט י ג ט, עס איז שוין די העכֿסטע צייט צום פֿערזייען!

. . . . . . . . . . .

מיר וויללען די אַללגעמיין-מענשליכֿע פֿאָהן נישט אַרויסלאָזען פֿון דער האַנד און מיר וויללען נישט זייען קיין שאָוויניסטיש ווילד קרויט, קיין פֿאַנאַטישע דאָרנער און נישט דען פּערז פֿון בטלנישער פֿהילאָזאָפֿיע; דען אונקרויט וויללען מיר אויסרייסען מיט די וואָרצעל, אויסהאַקקען די דאָרנער, דען פּערז פֿערברעננען און זייען ריינע, מענשליכֿע אידעען, ריין מענשליך געפֿיהל און וויסען.

מיר וויללען אַקקערן, בעאַרבייטען און פֿערזייען אונזער שטיקק פֿעלד, ווייל מיר גלויבען פֿעסט, אַז דער צוקונפֿטיגער אַלגעמיינער שפּייכֿלער וועט שפּייזען אַללע הונגעריגע צו-גלייך! מיר גלויבען, אַז געוויטטער, שטורם און רעגען מוזען פֿערבייגעהען, עס מוז קוממען די צייט, און די ערד וועט אונז געבען איהר קראַפֿט, דער הימטעל — וואַרעם און ליכֿט... און מיר וויללען נישט, אַז אין שניטטער-צייט זאָלל אונזער פֿאָלק שטעהען פֿון ווייטענס, אין יום טוב בעוויינען פֿערלוירענע יאָהרען און פֿערשאָמט בעטלען פֿרעמד ברויט פֿון פֿרעמדען בלוטיגען שוויים...

מיר וויללען אויך אַריינפֿיהרען אַ ביססעל קאָרן און ווייץ אין שפּייכֿלער אַריין, מיר וויללען אויך בעלי-בתים זיין, אָרימע בעלי-בתים, נור נישט קיין בעטלער...

מיר וויללען, דער יוד זאָלל זיך פֿיהלען אַלס מענש, ער זאָלל אַנטהייל נעמען

אין אללעם וואָס מענשליך איז, מענשליך לעבען אונ שטרעבען. אונ — — בעליי־
דיגט, זאָלל ער זיך פיהלען בעליידיגט אלס מענש!



אָט, דאָס איז אונזער צוועק, צו וועלכען מיר בעטען הילף ביי דער ווירקליכער אינטעללעגענץ.

# וועגען געשיכטע.

—⁓—

א בעקאַנטער יוד זעצט זיך נעבען מיר אויף אַ באַנק אין קראַשינסקעס גאָרטען, און פֿראַגט מיך, וואָס איך בין אַזוי טרויעריג.

— גראֶץ איז געשטאָרבען! אָנטפֿער איך איהם.

— ברוך־דין־אמת! — מאַכט דער יוד — א היגער?

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

די פֿראַגע, וואָס 90% יודען וואָלטען געפֿראָגט אויף זיין אָרט, איז די בעסטע מאָס, ווי טיעף עס איז דער תהום, אין וועלכען מיר זעננען אַריינגעפֿאַללען! ווערמען קאָנן נישט דאָס יודישע וואַרשוי? ווער וואָהנט נישט אין דער נאַלעווקעס מה, ווער ליגט נישט אויף דער וואַלאָוער צונג? פֿון ווערמען רעדט אַלץ נישט דער אַריסטאָקראַטישער גרזיבאָוו?

וואַרשוי זאָלל קלינגען, דאַרף מען נישט דוקא פֿערשפּיעלען ווייב און קינד אין דערדע, אָדער אַרויפֿקריכען אויפֿ'ן אויאַזדאָוער קלאָץ... עס איז גענוג, אַ דראָשקאַרסקע פֿערד צו זיין, און פֿאַללען איבער די שינעס פֿון טראַמוויי...

דאָך איז ווייניג אַ גראֶץ צו זיין, די געשיכטע פֿון יודישען פֿאָלק צו שרייבען!

און, אַז מיין שכן ווערט פֿון מיר געוואָהר, וואָס גראֶץ האָט געשריבען, מאַכט ער ערשט:

— אַה! היסטאָריע! און מיט אַזאַ קול, גלייך ער וואָלט בעוואונדערט עמיצין, וואָס האָט אויפֿגעגעסען 12 האַרטע אייער מיט אַ מאָל.

און, אַז איך שפּרינג שיער פֿון דער הויט אַרויס, פֿראַגט ער בהתמימות:

— און וואָס האָט מען פֿון דער היסטאָריע?

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

— איהר זענט אַ יוד? פֿראַג איך איהן.

— דאַכט זיך! שמייכעלט ער, ווי איינער רעדט! מעהר פֿאַר דיר אַ ודאי!

— איהר האָט עפּיס ליעב יודען?

— ווי דען! פיינט האָב איך?!
— איהר ווייסט, אַז אַלכסנדר מוקדון האָט געטראָפען אויף זיין וועג פון סאַמע נצחונות, אַ גאַנצע מדינה מיט סאַמע ווייבער?
— אַ שאלה דאָס איז! עס איז דאָך — דאַכט זיך מיר — איין עין־יעקב, אָדער דער רבי האָט מיר אין חדר פערצאָהלט.
— איהר ווייסט, ווען מלכות בית־דוד אונ מלכות ישראל האָבען זיך צוטהיילט? ווען פון איין יודיש פאָלק איז צוויי געוואָרען?...
— ווען? וואָס טויג מיר צו וויססען ווען?... די מעשה שטעהט אין פסוק.
— אונ וואו איז אַהין געקוממען מלכות ישראל?
— מלכות ישראל — האָבען מיר אַ קיימא־לן — איז אויף יענער זייט סמבטיון..
— אונ וואו זעננען אַהין געקומען די יודען, וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבען פון הישפּאַניען?
— זיי זעננען זיך צוגאַנגען לאַרבע פנות העולם...
— אונ די, וואָס מען האָט אַרויסגעטריבען 2 מאָל פון פראַנקרייך?
— וואו זאָללען זיי זיין! אַביסעל איז אַודאי ערגיץ אוועק, אונ די רעשט האָט זיך צוריק אַריין גע'גנב'עט. מיט יודען קאָנן מען זיך קיין עצה נישט געבען!
— איהר ווייסט, וואָס פאַר אַ צרות יודען האָבען געליטען, אונ ליידען עד היום אין פרס, רומעניען...?
— אין פרס, ווייס איך נישט; וועגען רומעניען דערצאָהלט מען אַללע מאָל אין שוהל, פון הצפירה אַרוים; האָהר אונ נאָגעל שטעללען זיך קאַפּויער!
— אונ פון „קרייצ=צוגע" ווייסט איהר עפּים?
— פראָגט מיך עפּים גרינגערס!
— איהר קענט נישט קיין דייטש?
— דייטש איז עס?! מילא, — קענן איך נישט אוואָרט!
— אונ „נושאי־הצלב"?
— וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון?
— לשון־קדש! איהר ווייסט גאָר נישט, אַז דורך די נושאי־הצלב, אָדער קרייצ=ציגע, זעננען טויזענדער יודען גע'הרג'עט, גאַנצע קהלות חרב ונחרב געוואָרען...
— איהר מיינט אַודאי שנת ת"ח, חמיעלניצקי'ם צייטען!
— פון יודען אין מאַראָקאָ, ווייסט איהר עפּים?

— אין מאראָקאָ? ניין, נישט געהערט!

— און געוואָלט וואָלט איהר וויססען?

— באַ! וויססען! און וואָס איז דאָרט! אַנדערע מאָדע צרות? עס געהט אויף איין אַנדערן אופן? גלייבט מיר, — איטעטום איין וועלט... איך דאַנק גאָטט איך פערגעסס דעראָן. איהר לייענט דאָך צייטונג, זאָגט מיר בעססער, וואָס הערט זיך נייעס?

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

— וואַרט, — זאָג איך צו מיין שכן, — מיר וועללען פון נייעס אויך אָפשר שמועסען; נור פריהר וויל איך אייך ווייזען, אַז איהר האָט יודען נישט ליעב.

— אַ והאַ־ראיה? איך גיב קיין געלד נישט? ד'אָב נישט! די דייטשען האָבען — גיב'ן זיי!

— נישט דאָס דוקא מיין איך.

זעהט איהר, די טבע איז פון אַ בשר ודם, אַז ער וויל אַלץ וויססען. אַלץ, וואָס איז נוגע צו זיינס אַ גוטען פריינד, אַ קרוב. אַז איהר טרעפט איינעם, אייערס אַ קרוב, וועלכען איהר האָט שוין עטליכע יאָהר נישט געזעהן, ווערד איהר נישט מיעד אויסצופראָגען: ווי עס איז איהם אין די פאָר־יאָהר געגאַנגען, וואָס ער האָט איבער געלעבט אין דער צייט; איהר פראָגט, וואָס זיין ווייב, און די קינדער מאַכען; איז עמיץ פון הויזגעזינד קראַנק געוועזען, ווילט איהר וויססען אויף וואָס, צו ער האָט גרויסע יסורים געהאַט, ווי לאַנג עס האָט געדויערט, וועלכער דאָקטאָר, צו וועלכער זנאַחאָר עס האָט געהאָלפען; אויב אַ דאָקטאָר — צו איז דאָס פלעשעלע געוועזען אַ רויט'ס אָדער אַ גרינ'ס, און אָפשר גאָר אַ ווייס... אויב אַ זנאַחאָר — צו האָט ער נור געזאָגט אָדער נאָך איינגעוויקעלט אין רויך... און נישט דוקא ביי'ן אַזוינע וויכטיגע זאַכען... אַז איהר דערזעהט אויף איהם אַ ניי מלבוש, ווילט איהר וויססען, ווי טהייער ער האָט געצאָהלט איין איל, וויפיעל שניידער־געלד; איהר הייבט נאָך אויף די פאָלע, צו זעהן, צו מען האָט'ן נישט גענאַרט אויפ'ן אונטערלאָג...

— אמת, — שמייכעלט דער יוד, — דאָס איז טאַקי שיחת־חולין...

— יאָ — שיחת־חולין! אָבער, ווייל ער ריהרט אָן אייער קרוב, אָדער אַזוי אַ גוטען פריינד, האָט איהר צייט, אפילו אויף שיחת־חולין; אינטערעסירט אייך יעדעס קלייניקייט... און, אַז איהר האָט ברידער אויף דער גאַנצער וועלט, ווילט איהר גאָר נישט וויססען, וואָס מיט זיי טהוט זיך! און, אַז אייערע ברידער ליידען שוין טויזענדער יאָהרען, אינטרעסירט אייך נישט צו וויססען, וואָס אין דער גאַנצער צייט איז מיט זיי געשעהן. פון דאַנען איז געדרונגען, אַז איהר זאָגט

נור—אַז איהר האָט ברידער, אַז זיי זעננען אייך גאָר פרעמד, אַז „עם כל ישׂראל אחיהם", פון ראש־חדש־בענשען, זאָגט איהר מיט דער אייגענער כּוָנה ווי „לשנה הבא בירושלים"...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— איך פיהל פאָרט, אַז איך האָב ליעב יודען! מיינט ערנסט מיין שכן.

— איהר האָט אַ טעות, זאָג איך איהם נאָך ערנסטער.

— גלאַט זאָגען איז קיין קונץ נישט!

— איך וועל אייך אויסווייזען, נור אָנטפערט מיר עהרליך אויף עטליכע שאלות.

— נו!

— איהר האָט ליעב אייערע קרובים?

— נישט אַללע.

— פאַר וואָס נישט אַללע?

— ווייס איך, וואָס איהר פרעגט! אונ אַז מיינס אַ קרוב מאַכט זיך נעבען מיר אַ מסחר, פונקט אַזוינעם ווי איך האָב, גלייך עם פעהלט מסחרים אויף דער וועלט, קריכט מיר אין וועג אַריין, רייסט מיר אַרויס דען קונה פון געוועלב, דען ביססען פון מויל,—זאָלל איך איהם קיין שונא נישט זיין?... אָדער, אַז איך האָב (פון ווייב׳ס־צד)—אַ קרוב אַ שכּור, אָדער אַ מחלל שבת בפרהסיא, — זאָלל איך זיי ליעב האָבען?!

— אונ אַ חוץ זיי?

— אַ חוץ זיי — יאָ! אַללע קרובים, וועלכע איך קענן.

— אונ די, וואָס איהר קענט נישט?

— ווייס איך נישט! איך האָב למשל אַ לייבליך שוועסטער־קינד אין אַמעריקאַ, איך האָב׳ן קיין מאָהל פאַר ד׳אויגען נישט געזעהן!...

— האָט איהר איהן טאַקי... לייג איך איהם אונטער.

— פיינד נישט, נור ליעב אויך נישט. אַז איך קאָנן איהן מיר גאָר נישט פאָרשטעללען! האָב ליעב אַ חלול, אַ לאָך פון אַ בייגעל, אַז איך קענן איהן נישט!

— אונ יודען בּכלל קענט איהר?

מיין „יוד" האָט זיך דערפיהלט ווי אַ מויז אין אַ פּאַלאַפקע, אונ וויל זיך אויסדרעהען מיט תירוצים.

— וואָס טויג אייך די פשט׳ליך,—זאָג איך איהם,—איהר האָט נישט ליעב דען כּלל יודען, וויל פון כּלל יודען האָט איהר קיין השׂגה נישט! איהר האָט ליעב עטליכע יודען: 20, 30, נו, זאָלל זיין 50! אָבער יודען קענט איהר נישט ליעב האָבען, וויל איהר קענט זיי נישט. איהר זייט אַ יוד, אַ שטיק מתנגד, אַ מאמין,

און האָט אַ געוועלבעל מיט שפּייז. איהר לעבט שוין אויף דער וועלט אַ יאָהר 50.

— 45! פערבעססערט מיר מיין שכן.

— זאָלל זיין 45, אין איער לעבען האָט איהר דערקענט אַ ביסעל נאָהנטער אַ 200 יודען... פון זיי וואַרפט איהר האַלב אין וואַססער אַריין, — די, וואָס זענען נישט קיין מאמינים, די, וואָס זאָגען הודו פאַר ברוך־שאמר... ווער שמועסט די, וואָס קענען שוין נישט דאַווענען; די וואַרפט איהר פּראָסט אין פייער אַריין... פון דער רעשט נעהמט איהר ווייטער אַ ביסעל און וואַרפט אויף דער וואַנד: מיט איינעם האָט איהר אַ פּראָצעס, דער צווייטער קריכט אייך אין דער לעבער אַריין, דער דריטטער האָט אויף אייך אַ וואָרטעל געזאָגט, דען פערטען זענט איהר געלד שולדיג, דען פינפטענס ווייב האָט זיך מיט אייער פּלונית'טע געקריגט... די רעשט, וויפיעל עס בלייבט דאָרט, האָט איהר אֶפשר ליעב...

דען כלל זאָלט איהר האָבען, מיין ליעבער יוד: ליעב האָבען הייסט קעננען, ליעב האָבען דען כלל ישראל, הייסט: זיין צוגעבונדען, נישט צו'ן אַ 20—30 יודען, נור צו דער גאַנצער לאַנג פון אַללע דורות, און צו'ם גאַנצען היינטיגען דור, וואָס איז צו־שפּרייט און צוזעהעט... אַ פאָלק זעהט אויס, למשל, ווי אַ היטל־צוקער: אויבען איז די התחלה, ווי ביי אונז — אברהם־אבינו, וואָס אַראָב געהט אַלץ ברייטער און ברייטער... אונזער היטטעל־צוקער איז נישט פאָרענדיגט... אין מיטטען האָבען די מייז אויסגעגריזען, וואַססער אויסגעגעצט... וואָס נידריגער, שפּאַלט זיך און צו־פליישט זיך אַלץ מעהר די פיגור... צווישען איהרע פערשיעדענע חלקים שווימען דורך ימים, ציהען זיך מדבריות, פערשפּרייטען זיך לאַנדער... און — ליעב האָבען יודען הייסט: — ליעב האָבען די גאַנצע פאָרעם! ליעב האָבען הייסט: — קעננען, אַלץ וויססען, אַלץ האָבען אין האַרץ, אין כח, און דערנאָך אינ'ם בלוט!

מיין יוד איז נאָך נישט מודה. נור ער לאָזט שוין אַראָב דען קאָפּף.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— מען קאָן נישט זאָגען, — מאַכט ער אַ פּאָר מינוט שפּעטער, — ציקאַווע איז עס!

— עס איז — זאָג איך איהם — מעהר ווי ציקאַווע, עס איז אַ נאָהטיגע זאַך. עס איז איינס פון די יסודות, וואָס דאָס גאַנצע יודענטהום, דאָס גאַנצע „היטטעל צוקער" שטעהט דערויף...

זעהט איהר, מיר זענען דאָך איין אַלט פאָלק, און דאָך זענען, על כל־פנים אין דעם פאַך, אַנדערע אומות קליגער פאַר אונז. און נישט נור די אייראָפּעאישע אומות, וואָס שרייבען, לעזען און לערנען היסטאָריע; נישט נור די ראָמער, די גריכען, די אַלטע געבילדעטע פעלקער, וואָס האָבען געהיטען זייער געשיכטע ווי איין אויג אין קאָפּף, נישט נור אפילו מצרים, פּרס־ומדי, וועלכע האָבען זייער היסטאָריע געקריצט

אויף שטיינער, אויף וואַנד, אויף פּיראַמידען, נור אפילו די אמת ווילדע, גאַנץ ווילדע פעלקער, האָבען אויך פערשטאַננען וואָס היסטאָריע איז.

אין אַפריקא, אין אַמעריקא, זעננען דאָ אַ מאַססע ווילדע שבטים, שוואַרצע, געלע אונ ברוינע, וואָס געהן נאָך אַרום נאַקיט, ווי אדם, חוה אין גן־עדן, אונ טראָגען פאַר שיינקייט וועגען מעשענע ראָדליך אין דער נאָז, זיאַבע־שיססעלעך אין די איבערשטע אָדער אונטערשטע ליפּען; לעדערנע בראַנזעלעטען אויף די פיס, האַרנער אָדער פעדערן פון עופות אויף די קאָפּ! זייער נאַקיט לייב איז אויס־טאַטואירט אונ אויסגעפּולט מיט פאַרביגע פערשיעדענע פיגורען, בעשמירעטע מיט פעטס. אונ אפילו די ווילדע מענשען, וועלכע דיענען נאָך צו שטיינער אונ ביינער, ווייסען שוין אויך אַז היסטאָריע איז נאָהטיג! אונ, ווייל די מאַננער זעננען אייביג פערנומען מיט שטאַנדיגע מלחמות, אונ מיט זייער איינציגער פרנסה — פיש־חאַפּען אָדער פאַליאָוואַניע — זעננען דאָרט מחויב די ווייבער צו געדענקען „מפי הקבלה" אַלץ, וואָס דעם שבט האָט אין אַללע דורות געטראָפען, אונ ביי יעדער געלעגענ־הייט מוזען זיי עס קעננען דערצאָהלען!

— אָפשר איז עס טאַקי אַ מנהג עכו"ם?

— זעהט איהר, איהר קענט אפילו די תורה נישט; איהר ווייסט אפילו נישט וואָס גמרא אונ מדרש איז, חאָטש איהר האָט אין חדר געלערנט, אונ זייט אַללע וואָך מעביר די סדרא. די תורה הייבט זיך אָן פון בראשית...

— אויף דעם שטעלט זיך טאַקי רש"י!

— ר' יצחק, מיינט איהר! די תורה פערצאָהלט דאָך די גאַנצע געשיכטע פון יודען ביז משה'ס טויט; דערנאָך געהן נביאים ראשונים, דברי־הימים... נביאים אחרונים. אין דער גמרא ליגען אוצרות פון היסטאָריע.

נאָך מעהר! משה רבינו האָט אויפגעשריבען די תורה אויף אַ שטיין פאַר כל ישראל! אַללע ימים־טובים (אויסער יום־כפור, ראש־השנה) אפילו די פּריש־געבאַ־קענע אין חסידישען אויבען: משה רבינו'ס אונ ר' שמעון בן יוחאי'ס יאָהרצייטען, זעננען אַלץ היסטאָריש! היסטאָריע געפינט איהר אין דאַווענען, אונ אַללע אונזערע סליחות, פיוטים, אין אַללע אונזערע ספרים, נור מען דאַרף קעננען זוכען!

מען דאַרף קעננען, אונ מען מוז זוכען! מען דאַרף האָבען דאָס גאַנצע „היסטאָרי־צוקער" אין קאָפּף, אין האַרץ אונ אין בלוט — אונ קיום פעהלט אין דער מיטט עטליכע דורות, פאַלט דער שפּיץ אַוועק אין אַ זייט, אונ די לעצטע דורות צופאַללען זיך אונ פערליערען זיך צווישען מדינות, ימים אונ מדבריות, אונ איינער קאָן דען צווייטען נישט דערקעננען!

אונזער אַחדות שטעקט נישט אין דער ערד. אויף אונזערע גרעניצען שטעהען נישט קיין יאָגער, אונז שיצען קיין האַרמאַטען, קיין מיליטער... אונזער אַחדות —

אויף וואָס מיר דאַרפֿען שטאָלץ זיין אָדער נישט — שטעקט אין דער אידעע, אין דער מחשבה, אינ׳ם האַרץ, אינ׳ם מח!

נו, זאָגט איהר אַליין, קאָנן אַזא מין אַחדות עקזיסטירען אָהן היסטאָריע?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַייזען, — טראַכט איך מיר — דאַרף מען שמיעדען כּל־זמן עס איז היים... נישט שטענדיג קאָנן מען רעדען מיט אַ יוד!... און דעריבער לאָז איך איהן נאָך נישט אַוועק און רעד ווייטער.

— איהר האָט עפּעס קינדערליך? פֿראָג איך.

— ווי גאָטט האָט געבאָטען!

— ווער איז — איך בעט אייך — קליגער, איהר אָדער אייער קינד, וואָס געהט ערשט אויף דער וועלט אַרוים?

— די אייער זאָגען שטענדיג, אַז זיי זעננען קליגער פֿאַר די היהנער...

— אָבער די היהנער וואָס זאָגען? צו וועט איהר געטרויען אַ יונגעל פֿון 6—7 יאָהר אייער פֿערמאָגען, אייערע געשאָפֿטען?...

— אַודאי נישט! משוגע בין איך?

— פֿאַר וואָס נישט?

— איך וואָלט מיר באַלד געדאַרפֿט אַ טאָרבע קויפֿען!

— וואָס איז, אַ זעקס יאָהריג יונגעל קענן קיין געשעפֿט נישט פֿיהרען?

— מן הסתם נישט! וואָס, פּראַקטיק האָט ער?

— און דעריבער אַ פּנים, גיט מען דעם פֿאַר פֿאָלק נישט אַזוי געשווינד און נישט אויף אַמאָל אַרוים דען נדן, ווייל צום האַנדלען דאַרף מען האָבען פּראַקטיק און דער יונגער מאַנן איז ערשט פֿון אונטערן אויבען אַפֿער!

— אַודאי אַזוי!

— מען זוכט פֿאַר אַזוינעם אַ יועץ, איין עלטערן שותף.

— מן הסתם! איהר מיינט, אַז ביי פּראָסטע יודען איז שוין גאָר קיין שכל נישט דאָ!

— חס ושלום! איך מיין גאָר נישט. נור זאָגט מיר, איך בעט אייך, אָבער מיט דער צייט, ווערדט אוים קינדער לייט?

— אַודאי! אַז מען זעהט אַ וועלט, מען קריגט פּראַקטיקע, מען ווערט געוואָהר, וואָס גוט און וואָס שלעכט איז, לערנט מען זיך אוים.

— זעהט איהר, אַ פֿלוסוף האָט געזאָגט, אַז דער נאָכטיגער טאָג איז דעם היינטיגענס מלמד!

— אויף דעם דאַרף מען אַ פֿלוסוף! דרדקי דבי רב! אַודאי! אַז איך האָב נאָכטען בעגאַנגען אַ פֿעהלער, ווייס איך שוין היינט דען פֿעהלער נישט צו

בעגעהן. איהר מיינט די וועלט איז אַ שלעכט חדר, דער מלמד שמייסט נור צו פֿיעל, אָבער לערנען לערנט מען!... אמת, מען דאַרף האָבען אַ ביסל אייגענען שכל אויך...

— אָבער אַז מען האָט אַ ביסעל אייגענס, אונ מיט דער צייט ווערט נאָך רייך דער זכרון...

— קומט מען אַרויס אַ לייט!

— אונ ווי איז, אַז איינער, חס ושלום, ווערד קראַנק, למשל, אויף אַ טיפֿוס, אונ פֿערגעסט אַלץ?

— איז טאַקי שלעכט! מוז מען אָנהייבען פֿון אַלף-בית... דאָס אייגענע האָט דאָך ר' ששת'ן געטראָפֿען.

— אונ ווי איז, אַז איינער, רחמנא-ליצלן, האָט גאָר קיין זכרון נישט, ער איז געבוירען געוואָרען גאָר אָהן זכרון?

— עס טרעפֿט זיך דען?

— למשל!

— איז אַוודאי ביטטער ווי גאַלל; אַזוינער קאָנן זיך גאָר נישט אויסלערנען, קאָנן קיין מאָל נישט קליגער ווערען... אפילו ביי משותלח'ס יאָהרען...

— אונ אַ יונגעל פֿון 6 יאָהר מיט אַ זכרון קאָנן זיין קליגער פֿאַר איהם?

— אַוודאי!

— זעהט איהר! צונד וועט איהר אָפשר פֿערשטעהן, אַז נישט נור איין בשר ודם, נור אפילו אַ גאַנץ פֿאָלק דאַרף האָבען אַ זכרון! אונ אַ פֿאָלקס זכרון איז די היסטאָריע! אָהן היסטאָריע — ווי אַ מענש אָהן זכרון — קאָנן קיין פֿאָלק נישט קליגער, נישט בעססער ווערען. פֿון וואַננען זאָלל דאָס פֿאָלק נעהמען פּראַקטיק, אין דער שלעכטער צייט — עצות אונ בטחון, אַז יעדער פֿערשטאָרבען דור מיט זיינע צרות אונ נחת, חסרונות אונ מעלות, ווערען — „אָבגעשניטטען אונ, אַוועק געלייגט", אַז וואָס אַריין אין גרוב איז אַרויס פֿון מח! דעריבער טאַקי דערשלאָגט אונז אַ שלעכטע צייט ווי אַ דוננער פֿון ריינעם בלאָען הימעל.

אַז זי קומט, די שלעכטע צייט, פֿערליערען מיר די קאָפּ, עס ווערט פֿון אונז אַ סטאַדע שאָף; ווער עס וויל אונ „נעהמט זיך האָרנער", דער איז טריק; דער פֿיהרט, דעם לויפֿט מען נאָך, אין וואַססער, אין פֿייער אַריין... אונ קומט די גוטע צייט, פֿערגעסט מען צוריק אין דער שלעכטער...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונ מיינט נישט, אַז אָהן היסטאָריע זעננען אייך פֿרעמד, נור די פֿערגאַנגענע דורות, איהר קענט אפילו דעם היינטיגען טאָג נישט פֿערשטעהן; פֿון מאָרגענדיגען קאָנט איהר גאָר קיין השגה נישט האָבען.

און אַז איך זאָג, אַז איהר קענט ניִשט אַפילו דאָס היינטיגע דור, מיין איך אין איין־וועגס, אַז איהר קענט אײַך אַליין נישט; ווייל איהר זענט אויך איינער פונ'עם דור, און אַז איך זאָג, אַז איהר פערשטעהט ניט דעם היינטיגען טאָג, הייסט עס אויך, אַז איהר ווייסט נישט, וואָס איהר אַליין טהוט, וואָס איהר אַליין ווילט, וואָס איהר אַליין האָפט!

—איהר רעדט שוין מיט מיר קוידעריש, מאַכט מיין צוהערער אַבּיסעל אומרוהיג.

— און דאָך איז עס אַזויא פּראָסט! איך ווילל און וועל אײַך אויסווייזען, אַז חאָטש איהר קוקט אויף יענעם און אויף זיך מיט אָפּפענע אויגען, זעהט איהר אַזוי פיעל וויפיעל אַ בּלינדער! אַז ווען אײַך דאַכט זיך, אַז איהר הערט, זענט איהר שטאָק טויב; און ווען אײַך דאַכט זיך, אַז איהר טוהט לויט אײַער שכל, לויט אײַער געוויססען, לויט אײַער אמונה—טוהט איהר אַקוראַט להיפך!

—וויא קענן עס זיין?

—אָט וואַרט אַ רגע! אַז איהר וועט אײַך נעהמען אין זינן אַריין אײַערס אַ גוטען בּעקאַנטען, אַזוינעם, וואָס איהר קענט, וויא מען זאָגט, מיט דיא בּיינער און — פון קליינוויין אויף... איהר האָט אַזוינעם?

— אַ סך!

— אַז איהר וועט זיך אַזוינס נעהמען אין זינן אַריין, און גוט בּעטראַכטען. וועט אײַך לייכט זיין צו בּעמערקען אַז זיין חאַראַקטער איז נישט כּלו מקשה—נישט פון איין שטיק! נור צוזאַממענגעשטעלט, צוזאַממענגעלייגט פון פערשיעדענע שטיקלעך! אַז אויף יעדע שטיקעל קענט איהר זאָגען, פון וואַננען עס קומט אַרויס. איהר וועט, למשל. זאָגען, אַז אויסזעהען, זעהט ער אויס, ווי די מוטטער, אַראָפּטום איז ער וויא דער פאָטער, תנועות האָט ער גערישעט בּיים פעטער; וואָס ער קענן, האָט ער צוא פערדאַנקען דעם און דעם מלמד, וואָס האָט אויף איהם אַ גרויסע פעולה געהאַט; מאַנכע זאַכען האָט ער זיך אָבּגעלערנט בּיי זיינע חברים אין חדר...

שפּעטער האָבּען שווער־און־שוויגער אויפ'ן אַ פעולה געהאַט... אויבּ ער איז אין איין אַנדערע שטאָדט אַריין, בּפרט אין אַגרעססערע, איז ווייטער אינ'ם אַ שנוי געוואָרען. דאָס ווייבּ האָט אויך אַ שטיקעל דעה; אַז מען ווערט אַ טאַטע פון קינדער, ווערד מען אויך איין אַנדער מענש. פון האַנדעל בּלייבּט אויך אַ בּיסעל אָבּזאַץ אויף דער נשמה...

און נישט נור בּיי'ן אַיחיד איז אַזויא. דאָס אייגענע איז בּיי'ן כּלל, און בּפרט בּיי'ן אַ פאָלק! און נאָך מעהר בּיי'ן אַ פאָלק וואָס לעבּט צווישען אַנדערע און פערשיעדענע פעלקער. איהר קענט נישט אַללע יודען אין אַללע לענדער, וואו זייא וואָהנען; פון דעסט וועגען ווייסט איהר, אַז דער פראַנצויזישער, דייטשעשער,

גאליציישער, פוילישער און רוססישער יוד זענען זיך גאנץ וועהניג עהנליך; זעלטען אפילו זיי זאללען זיך גוט פערטראָגען. יעדערער האָט אָנגענוממען א סך דעות און מדות פון דעם חדר, אין וועלכען ער לערנט...

— אָבער דאָס פינטעלע יוד...!

— אָבער דאָס פרעמדע אש, וואָס בעדעקט דאָס פינטעלע, דען פונק! די שאר־בענעס פון אלטע און נייע טעפּפּ, וואָס מען האָט דערצו צוגעשטעלט צו דערוואַרימען, — דאָס אלץ איז אנדערש! און וויפיעל דורות דאָס געשיהט שוין, דאָס אש־לעגען, די פרעמדע טעפּפּ!

ווען היינט איז, למשל, תחית המתים, וואָלט אונז אללע משה רבינו נישט דער־קענט! מיר איהן א ודאי נישט, אויך וואָלט איין דור אָבגעלייקענט דאָס צווייטע...

פון יעדען פאָלק לערנען מיר עפּעס אָב, א מאָל גוטס, א מאָל שלעכטס! און דורך וויפיעל לענדער זעננען מיר דורך, צווישען וויפיעל פעלקער האָבען מיר גע־לעבט! ווען מיר זאללען פון יעדען נור איין מנהג, איין מחשבה נעהמען און ווייטער פערירשענען, וואָלטען מיר אויך שוין געהאט איין ערב רב אין קאָפּפּ! מיר האָבען באלד פון מצרים מיטגענוממען איין ערב־רב. אין בבל געלערנט, פון פּרס־ומדי גענאשט, פון די גרעקען געלעקט, פון אראבער געבאָרגט, און ווען אין הישפּאניען די קריסטען האָבען געברענט אפּקורסים, האָבען אונזערע רבנים חאָטש נעז גע־שניטען!

היינט ווי קענט איהר וויססען: ווער איהר זענט? וואָס פון אייך רעדט ארויס? וועמען איהר גלייבט? עס קענן זיין, אז דאָס, וואָס איהר היט אָב ווי איין אויג אין קאָפּפּ אלס א פּערל פון בארג סיני, איז גאָר א כשוף מאַבערס א גלעזעל פון מצרים! אז דאָס, וואָס איהר מיינט, אז עס איז א יודישע טבע, קומט גאָר ארויס פון שענק, פון ליחווע, און אנדערע גוטע פּרנסות, צו וועלכע מען האָט אונז געגייט!

— און דאָס אלץ ווייזט אויף די היסטאָריע?

— דאָס אלץ! און נאָך, און נאָך אנדערע זאכען!

---

איך האָב אזוי ווייט געבראכט מיין צו־הערער, אז ער האָט זיך שוין אינטע־רעסירט צו וויססען „פון וואננען מען שרייבט היסטאָריע“. א „מעשה — זאָגט ער — טראכט מען זיך אויס, אָבער היסטאָריע מוז מען דאָך פון ערגיץ נעהמען.“

— נישט פון ערגיץ, — פון טויזענדער ערגיץ! אָדער פערקעהרט: וואו האָט איהר איין אָרט אויף דער וועלט, וואו עס זאָלל נישט זיין קיין צייכען פון אונזער היסטאָריע? די מצריים האָבען אונז אויף פּיראמידען געמאָהלט און געשריעבען, פּרס ומדי האָבען אָן אונז נישט פערגעססען, די גרעקען האָבען אונז פיין בעשמיערט,

רוים האָט אויך פאר אונז פראוועס ארוים געגעבען, דאָס גאנצע מיטטעל־אלטער האָט מיט אונז געקלונגען! מען האָט אונז געמשפּט, ארוים געגעבען דעקרעטען, אויפגעצייכענט אללע אונזערע חטאים...

אזוי, אזוי! אומעטום זעננען צו־וואָרפען אונזערע מצבות... און פון אונזער צד האָט מען אויך געשריבען! מען דארף קעננען תנ"ך, ש"ס ופוסקים, מען דארף זאמלען אפילו חברה־קדישא־ביכער (פּנקס'ען), אפילו אלטע בריף, אלטע חשבונות.... מען טאָר קיין אות נישט פערליערען, קיין וואָרט נישט פערגעססען, אלץ קומט צו נוץ... פון קליינע שטיינדליך, פון דראָבנע קערענדליך זאנד, אונ צו־שפּרייטע און צעוואָרפענע אויף אללע שבעה ימים, האָט גרעץ אויפגעשטעלט א בנין ווי די געשיכטע פון יודישען פאָלק.

— פון דעסטוועגען, — מאכט דער יחיד פונ'ם עם־קשה־עורף — וואָלט איך אזא גרעץ געוואָלט לעזען; וואו קריגט מען איהן?

— די געשיכטע איז געשריבען אויף דייטש.

—א שאָד, דייטש פערשטעה איך אפילו, נור לעזען קענן איך נישט!

— אויף רוסיש איז אין גאנצען דאָ 5 בענדער, אויף — פּויליש גאָר נישט.... אויף לשון קודש — דאָס ערשטע באנד, וואָס מען דארף גראָד נישט אזוי נעהטיג, ווייל דאָס אייגענע האָב'מיר אין תנ"ך... אויף יודיש איז אויך ארוים נור דאָס ערשטע באנד...

— פאר וואָס דרוקט מען נישט ווייטער?

— פאר וואָס? ווייל אזוינע יודענווי־איהר, וואָס רופען זיך יודען, וואָס זאָגען, אז זיי האָבען ליעב יודען, וויללען פון דעסטוועגען ניט וויססען, וואָס יודען זעננען, אונ — קויפען נישט, און לעזען נישט...

—ס'איז גלאָט שלעכטע צייטען!

— דאָס איז אויך אמת, נור נישט אין גאנצען; דען שבחי הבעש"ט קויפט מען.



# פּאָעזיִע.

# אינהאלט:

**1) ראַמאַנטיק**



**2) געדיכטע**

### 3) ליעדער

* * *

אויף דיין באַלקאָן הענגען מיינע אויגען;
זיי זעהען דיך נישט!
ס'וועלקען דאָרט בלומען, די טהיר איז געשלאָססען,
די שויבען פערווישט...

ווי אַ פויגעל פליהט אַרויף מיין נשמה
און שלאָגט זיך דאָרט צווישען די אייזען...
שטיללערהייט קלאַפּט זי ביי דיר אין די שויבען,
דו ווילסט דיך נישט ווייזען...

דאַנן פליהט זי צוריק, באַנג און דערשראָקקען,
דערשלאָגען אונ מיעד;
און אין דעם קראַנקען האַרץ הייבט אָן קלינגען
דאָס טרויריגע ליעד!

* * *

עס שיינט די לבנה, עס בלאַנקען די שטערען,
מיר זעננען די אויגען פערלאָפּען
מיט ביטטערע טרערען; אַח, זאָג מיר מיין מזל,
מאָג איך נאָך האָפּפען?

צו פיהרט איהר נישט, שטערען, מיין טרויריגען אָרון
אין הימלישען וואָגען?
צו וועלל איך, לבנה, זעהן מאָרגען דיין שוועסטער, —
וואָס וועט זי מיר זאָגען?



וואו ס'וועט מיין מזל מיך ערגיץ פערוואַרפען
אויף לאַנגע, אויף טרויריגע יאָהרען — —
געדענק! פאַר רחמנות חאָטש לאָז מיר נאָך איבער
א פיצעלע אָרט אין זכרון...

וואָס איך וועל ליידען, די ערד וועל איך קיהלען,
דאָס האַרץ וועללען וואָרם מיר אויפעססען,
איך וועל געדענקען! — איך וועל דערפיהלען
ווען דו וועסט פערגעססען!



שוואַרצע פליגעל — — שוואַרצע קראָהען — —
פינסטער־שוואַרצע געדאַנקען!
קאָנסט זיי פערטרייבען, לעג צו דיין האַנד נור
מיר, צו מיין שטערן, דעם קראַנקען!

פינסטערע וואָלקען, בלייערנע וואָלקען
ציהען און לאָזען נישט טאָגען...
און נור איין איינציגען בליק דיינער אויגען
קאָנן זיי פערטריאָגען...

קראַנק איז דאָס האַרץ... שווער איז דאָס האַרץ...
ווי פינסטער און גליטשיק איז דאָרט...
און דאָך קאָנן דאָרט בליהען גליק אָהן א שיער —
עס דאַרף נור דיין וואָרט!



ד'האָב מיך אויף דעם בעט געוואָרפען...
אח, דער קראַנקער קאָפּף וויל ריהען;
איך פערשליעס די קראַנקע אויגען — —
אין דער לפט דאָך יאָגען, פליהען,

טרייבען, מישען זיך און שוועבען
פלעקקען פארביגע און שפיננען
בלומען, שטערען און געזיכטער
און זיי ווערען באלד צעררינגען!

איין געזיכט דאך בלייבט שטעהן לאנגער — —
שווארצע אויגען, פולל מיט טרערען — —
עפים שיעפציען בלאססע ליפפען,
נור איך קאנן קיין ווארט נישט הארען.



עס מאכט צו מיר די לבנה פון היממעל:
„איך האב א שוועסטער אויף ד'ר'ערד:
א בלאססע, דו קענסט זי, איך האב פון דיין מויל
נישט איין מאל איהר נאמען געהארט!"

„רופסט זי פערשיעדען... מיט טרערען, מיט כעס...
קראנק ביזט דו דורך איהר, איך וויים!
זי מוז אבער האבען ארום זיך די שטערען —
זיי אויף מיין שוועסטער נישט בייז!"



א גאנצע נאכט האב איך ריימען געשמיעד,
פון זיבער און גאלד;
און מיינע אייגענע הארציגע ליידען
קלינגען מיר האלד...

דערנאך האט א שטראהליגען, העללען גוט-מארגען
געשיקט מיר די זונן...
זי האט מיין וואקסען געל פנים געזעהען,
וויים זי ווי עלענד איך בין!

# אַטְרֶער

אַ וואָלקען האָט פֿערדעקט דען הימֿמעל
ווי אַ שוואַרצער שאַרבען:
עס איז פֿינסטער ווי אין קבר,
דאַכט זיך מיר ד'וועל שטאַרבען,

אויף מיין קראַנקליך הייסען שטערען
פֿאַלט אַ קראַפֿלע שווער;
צו וועט דערמעלט, אויף מיין קבר
פֿאַללען איהרם אַ טרער?

*
* *

טהייל מאָל דאַכט זיך מיר,
אַז מיר זעננען טויט,
נור אונז חלומט זיך
נאָך די לעבענס נויט!

אונ מיר זוכען זיך
אייביג טרויריג, באַנג.
חאָטש מיר זעננען טויט
אונ בעגראָבען לאַנג!

*
* *

אין דער שטיללער נאַכט,
— קיינער האָרט אונ זעהט! —
גיעסט זיך אויס מיין האַרץ, —
האָרסט דו מיין געבעט?

אין דער שטיללער נאַכט
ליעג איך אויסגעשטרעקט
אונ וויין... צו האָט די עס
אַמאָל פֿון שלאָף געוועקט?

*
* *

טרויעריג פֿראָגען מיינע ליעדער:
וואָס האָסט דו געוואָלט פֿון איהם?
נאָך וואָס האָסט איהן געצויגען
אין דיין נעץ אַריין?

שמערצליך וויינען מיינע ליעדער:
וואָס האָסט דו געוואָלט פֿון איהם?
ווייניג האָט ער נאָכט אָהן שטערען
ווייניג — טאָג אָהן זונן?

יאָממער קלאָגען מיינע ליעדער:
וואָס האָסט דו געוואָלט פֿון איהם?
אונ געקוילעט אָהן רחמנות
האָסט דו איהם!

*
* *

האָסט געציעלט און האָסט געטראָפֿען
און — דו שמייכעלסט פֿערגעניעגט!
האָסט געציעלט און האָסט געטראָפֿען,
מיר איז דאָס האַרץ מיט בלוט פֿערלאָפֿען —
האָסט געזיעגט!

* * *

און פֿיין ווי גאָלד איז דיין פֿערשטאַנד!
און קלאָר דיין אויג, און פֿעסט דיין האַנד!
און שאַרף די שפּיז!
אָהן אַ ציטטער! ד׳זאָג דיר אָפֿפֿען
האָסט געזיעגט, דו האָסט געטראָפֿפֿען —
און — איך ליעג ביי דיינע פֿיס!

*
* *

פֿערגעססען און פֿערשטויבט
ליעגט די אַלטע האַרף;
צוריססען און פֿערשמאַכט
שוויינט דאָס אַלטע האַרץ...

אָפֿט רייסט זיך פֿון דער האַרף
אַב אַ שאַרפֿער טאָן;
עס רייסט זיך אויס פֿון האַרץ
אַ מאָל אַ שווערער זיפֿץ,

און פֿערשטיממען באַלד
אויף לאַנגע, לאַנגע טאָג
און — נאָך לאָנגערע —
שטיללע, וויסטע נאַכט!

*
* *

שטאָלץ געהט אָב די זונן,
אין פּורפּור געהילט!
שטאָלץ זאָגט זי: גוט נאַכט!
„מאָרגען בין איך דאָ״

עס פֿערוועלקט די בלום
נור איהר וואָרצעל לעבט;
אריבער וועט דער שניי,
בליהען וועט די רויז!

דער פֿויגעל פֿליהט אַוועק
מיט לוסטיגען „אַדיע!״
מיט דעם פֿריהלינג־שטראַהל
וועקט אויך מיין געזאַנג!

אַלץ שטעהט אויף צוריק,
שיינט און בליהט, און זינגט...
נור אַ האַרץ אַז ס׳ברעכט —
ניין, דאָס לעבט נישט מעהר!

* * *

עס בליהט דער בוים גינגאָלדען,
טרייבט זיך אין דער הייך;
עס יאָגט א גראָהער וואָלקען
ר׳שטעהט שוין וועלק אונ בלייך!

ס׳בלאָזט אַ ווינד אַ קאַלטער,
ער בלייבט פערשטאַרט אין שרעק;
עס פאַלט אַ בלאַט אונ יאָממערט:
איך שטאַרב! איך שטאַרב אוועק!

„נישט אייביג וועט זיין ווינטער,
דער זוממער קומט צוריק;
דער בוים וועט ווייטער בליהען
צו מזל אונ צו גליק!"

— אמת, — קלאָגט דאָס בלאַטטעל, —
נור וואָס וועט זיין פון מיר?
עס פייפט דער ווינד אָהן רחמים:
מיסט וועט זיין פון דיר!

* * *

ס׳מזל שטעלט מיר אויף אַ ראָטזועל,
הייסט מיך טרעפּפּען, אונ איך וויס,
אַז עס וועט אומזיסט בעגיעסען
ביי דער ארבייט מיך דער שווייס!

ס׳דרעהט אין מח ווי איין עגבויר,
אונ דאָס הארץ ברעכט ווי אַ שאַרבען...
מיט׳ן ראָטזועל וועלל איך גוס׳ען,
אָהן איין אָנפּער וועלל איך שטאַרבען!

## אויספערקויפט!

(א שפּאַס).

מיט אַ וואַרעם הארץ געגאַנגען
איז ער אויף דער וועלט;
ר׳איז געפאַללען, ס׳האָט דער עולם
הארץ ביי איהם בעשטעלט.

הארץ אויף לויטען, הארץ אויף קווינטען,
וואַרעם הארץ אָהער;
דאַמען קויפען פאַר אַ שמייכעל,
מיידלעך — פאַר אַ טרער.

אונ פאַר קליין-געלד קויפען לעוער,
מ׳גראַשען אונ מ׳דרייער.
אונ עס סמאַקעוועט דער עולם:
אי, דאָס הארץ איז טהייער.

אונ ער האָט געהאַט אַ מחיה —
ס׳איז גרוים געווען ס׳פערלאַנגען;
ביז ער האָט פערמאַכט דאָס קרעמעל,
ס׳הארץ איז אויסגעגאַנגען!

## פֿאלקס-מאָטיוו.

שטיינערנע פּאלאצען,
אייזערנע באַלקאָנען,
טרעפּ פֿון ווייסען מארמאָר,
גאָלדענע סאַלאָנען;

קריסטאָל'נע שוויראנדאַלען
בלאַנקען דורך די שויבען...
דאָרט וועט מיין געליעבטער
זיך אַ כלה קלויבען;

זיך אַ כלה קלויבען,
שענער און געזינטער,
און איך וועל דאָ פֿוילען,
ווי אַ בלאַט אים ווינטער...

## צווישען בלומען.

קאַלט קוק איך אָן
ז'ווילד-רויטען מאָן;
פֿערשייט און צופּלאָססען,
מיט פֿלאַממען בעגאָססען,
ווינקט ער פֿון צווישען די זאנגען...

אין איהר חופּה-קלייד
שטעהט די ליליע פֿיין;
ווי דער פֿרישער שניי,
ווי דער הימעל ריין...
נישט זי האָט מיין הארץ דאָך געפֿאַנגען!

ד'בעוואונדער, ווי ס'שיעסט
צום הימעל די רויז;
עס פֿלאַטטערט איהר שוים,
זי ציטטערט און פֿליעסט
מיט האַרציג און דופֿטיג פֿערלאַנגען!

ס'פֿערשטעקט זיך שטילל אין גראָז
אַ בלימעלע אַ קליינס,
אַ פֿיינ'ס,
אַ בלאָה'ס,—
און ס'ציהט מיך מיט אייזערנע צוואַנגען!

*
* *

האָסט צו מיר אַ טענה, איך האָב דיך געקושט?
גלייב — ס'איז געווע'ן אַ שגעון...
עס איז אַריין דעמאָלט אַ דבוק אין מיר,
איך וואָלט מיך בעגאַנגען דעראָהן!

גאַנץ זיבער אַ דבוק פֿון זמרי בן סלוא;
גלייב, אַז נישט דיין איז דער כשוף...
וואַרט, טאָמיר קומט ער צוריק דער שגעון —
צונד דערווייל בין איך מיושב.

# דָאס חֲנוּכָּה לִיכְטֶעל.

עס פֿאַלט צו די נאַכט, די פֿינסטערע נאַכט!
און שאָטטען בעדעקקען די וואַנד...
נור אומטיג ווילד, פֿערציטטערט און זאַכט
א ליכטעל אין פֿענסטערל ברענט!

און עס פֿערציילט מיר די טרויריגע מעהר:
א מאָל איז געוועזען א שווערט...
א שווערט און א שאַרפֿע... היינט גלאַנצט זי נישט מעהר...
היינט ליעגט זי צובראָכען אויף ד'ר ערד!

פֿערראָסט איז די שווערט, און טויט איז די האַנד,
וואָס פֿלעגט אַמאָל מיט איהר צו פֿעכטען!
עס בלייבען די העלדישע ביינער אין זאַנד...
ס'איז, דאַכט זיך, געוועזען ערשט נעכטען?

און דאָך וויפֿיל הונדערטער, טויזענדער יאָהר
פֿעהלען די האַנד און די שווערט...
טהייל דריקקען די אקסעל און פֿראַגען: איז וואָהר
דער נס, וואָס מיר האָבען געהאָרט?

. . . . . . . . . . . .

* *

ווען איך בין אַ גאָטט, וואָלט איך אַנדערש געשטראָפֿט!
איך וואָלט אַ זינדער א האַרטען
צוגעזאָגט אַללעס, אי נחת, אי גליק —
איך וואָלט איהן געהייסען נור וואַרטען!



# רבי חנינא בן דוסא

(א תלמודישע זאגע).

א ווייב האָט געהאַט רבי חנינא בן דוסא,
זיין זכות זאָלל אונז ביישטיין, הלואי!
האָרט איהר, אַ רייטערקע, אָבער אַ גרויסע,
עס זאָלל איהר ניט זיין צו קיין גנאי!

— עס פֿליהען די קללות פֿון מויל איהר ווי פֿייגעל,
„חנינא, גיב עססען, גיב שיך!"
וואו זאָלל ער נעהמען, עס פֿלאַמט שוין איהר אייגעל.
עס פֿליהט שוין „אַ רוח", נאָך „אַ רוח"!

—וואָס טויג מיר דיין תורה? דו לערנסט גאָר אַ וואונדער
וועסט קריגען דאָרט שליפּעס אונ טרעססען!
שלינג אונ שלאַנג געה איך אַרום מיט די קינדער
חנינא בן דוסא, גיב עססען!"

אַצינדערט געדענקען עס ביידע אין פֿריידען,
זיי זיצען אונ קוועללען אונ לאַכען!
אונ ר' חנינא פֿערציילט אין גן עדן:
„זי פֿלעגט עס גאָר קינסטליך צו מאַכען!"

II

דאָס קאָן מען ניט זאָגען, ליעב האָט זי געהאַט איהם,
זי פֿלעגט איהם אין די אויגען צו לעזען!
זי האָט געוואוסט שוין, דאָס טויג איהם, דאָס שאַדט איהם —
ער איז אַ קראַנקער געוועזען!

ער איז געוועזען איהר ראגה די גראָסטע,
געפּוצט אונ געלאַטעט זיך בלינר!
איהם אונ די קינדער דאָס שאָנסטע דאָס בעסטע,
וואָטש זי דאַרף וויגען אַ קינד!

און זי וואָלט געטרונקען זיין ברוד פֿון די פֿיס,
די פאות — געגעסען פֿאַר ברויט!
קוים גיט חנינא בן דוסא אַ היס,
ווערט זי שוין בלאַס ווי דער טויט...

און שטיל ווי אַ טיבעל, זי קוועלט פֿון זיין צורה!
עס לייכטען איהר די אויגען די גראָהע...
נור קוים פֿעהלט עסען, צו פֿעהלט איהם אַ דירה,
ווערד פֿון איהר אַ חיה נוראָה!

קוים הייבט אָן פישטשען אַ קינד, עס וויל עסען,
קוים הייבט עס אָן הוסטען פֿאַר קעלט,
האָט זי שוין אין אַלעם, אין אַלעם פֿערגעסען,
זי שרייט שוין, זי רייסט זיך און שעלט!

זי רייסט איהם די לאַצען; „חנינא בן דוסא!"
קלינגט עס און ווייזט איהם אַ האַנד...
אַ רייטערקע איז זי געוועזען אַ גרויסע,
עס זאָלל איהר גיט זיין צו קיין שאַנד!

## III.

„דער קורצער פֿרייטיג, הערסט דו, איז מאָרגען,
„דאָנערשטיק איז היינט, דו האָרסט!
„ניט דאָ וואו צו לייען, ניט דאָ וואו צו באָרגען, —
„חנינא, וואָס טויג מיר, דו קלערסט?

„דו קלערסט קיין פרנסה! ס'איז פֿינסטער מיין מזל;
„דיין תורה, דאָס ווייס איך, איז טייער,
„דאָס ווייס איך אויך'ט, דו ביזט אַ שלימזל,
„דו וועסט ניט פֿערדינען אַ דרייער!

אומזיסט איז געוועזען מיין שעלטען, אומזיסט,
דו וועסט שוין פֿערפֿוילען אין קלויז!
איך? צווי ביי דער פּאָלע און איינס ביי דער ברוסט,
דאָס פֿיערטע וויל איך שוין ארויס!

נור איך בין דיר מוחל, וואָס איך האָב געליטען,
צינד זאָלל מיר דיין תורה גע'ן ברויט!
האָר־זשע, חנינא, איך בעט דיך מיט גוטען,
בעט פאַר אונז גאָטט אין דער נויטה!

דו קענסט דאָך צום הימעל, צו גאָטט אַללע וועגען,
דו האָסט אַללע שליסעל אַליין!
טהוסט אוים אַ שוך, דאָס ווייכט מען, געהט רעגען,
דען צווייטען — דער הימעל איז ריין!

איך לאָז דיך ניט אָב, דו האָר, אויף נאמנות,
איך וועל דיר ניט געבען קיין רוה!
האָב אויף דיין ווייב, אויף די קינדער רחמנות,
גיב דיר פאַר זיי אויך אַ מיה!

פאַר דיינע אייגענע וועט דיר זיין גרינגער,
פערקרים דיך נור, לאָז נור אַ טרער!
קאָן איך דען לאָזען זיי שטאַרבען פאַר הונגער...
אויף שבת, גזלן! וואָס וויל איך דען מעהר?

זעה־זשע, חנינא, איך בעט דיך פריהצייטיג,
טהו פאַר אונז אויך אוים די שקראַבעס,
האָרסט, מאָרגען איז פרייטיג און קורץ איז דער פרייטיג
וועסט האָבען אַ פינסטערן שבת!

עס וועט דיר ניט העלפען דיין קנאָבעל, דיין קדוש!
חנינא, דיין סוף וועט זיין מאוס!
איך רעד פאַר פייער, פאַר וואַסער, קיין חדוש,
חנינא־שע, בעט האָטש אַ פוס!

## IV.

ער קוקט אויף דער טהיר, זי האָט זי פערשלאָסען,
„דו געהסט אָהן אַ פוס ניט אַ וועק!"
זי שוואָרט אויף נאמנות, אַ קינד האָט געגאָסען,
ער זעהט שוין, עס וועט זיין זיין עק!

פֿערגלייסט ער די אויגען, גאַטט, טראַכט ער, דו ווייסט,
קיין עצה קיין ראַטה האָב איך ניש...
אונ קוים האַט חנינא די אויגען פֿערגלייסט,
עס ליגט שוין אַ פֿוס אויפֿ'ן טיש!

V.

אַ נאַכט איז געוועזען אַ לאַנגע אַ גרויסע,
דער פֿרייטיג דער קורצער שוין טאָגט!
חאַפּט זיך אויף גריענע: „חנינא בן דוסא"...
זי פֿאַלט צונ'עם צו אונ זי קלאָגט!

„אוי ד'האָב געזינדיגט, צינד פֿיהל איך די זינד,
אַ נאַרישער יודענעס מויל!
גיב אָב דעם הימעל דען קאַלב-פֿוס געשווינד.
עס האָט מיך געחלומט — אַ גרויל!

„איך האָב דיין שטוהל אין גן-עדן געזעהן,
מיין בענקעלע אונטער דער שטוהל.
פֿון גין-גאָלד, חנינא-שי, איז זי געוועהן,
מיט טייערע שטיינער גאָר פֿיעל!

ז'איז צווישען ד'אָבות עם שטולען געשטאַננען,
אונ צווישען די אָמהות מיין אָרט;
איך זאָל מיך ניט קאָננען גאָר ריהרען פֿון דאַנען,
זאָג איך דיר ליגענד אַ וואָרט!

נו האָרסט דו, חנינא, וואָס מיך האָט געקוועהלט,
איך בין שעור געשטאָרבען פֿאַר שרעק,
עס האָט פֿון דיין כסא אַ פֿיסעל געפֿעהלט.
מיין איך, אַז ס'איז שוין מיין עק!

מיט רחמנות קוקען די אמהות אונ שווייגען,
די שפחות נור שמייכלען גאָר מאוס,
אונ בלהה אונ זלפּה, זיי ווייזען מיר פֿייגען:
„העסט אויפֿגעבראָכען דען פֿוס!"

זאָג דו, חנינא, וואָלט איך דען געגעססען?
דו און די קינדער!... נור שוין,
האָרסט דו, חנינא, ד'ווילל אַלדינג פערגעססען, —
נאָך איינמאָל פערקרימם זיך, מיין קרוין!

זאָלל מען ניט טייטען אויף מיר מיט די פינגער,
אַ טרער לאָז, אָ, מאַך נור דיין שפּיעל!
זאָללען מיר אַללע דאָ שטאַרבען פאַר הונגער,
און דאָרט זאָלל ניט לאָמען דיין שטוהל.

---

*
* *

קליינע מענשען, דראָבנע מענשען,
וייער שעלטען, זייער בענשען,
וייער לויבען, זייער שרייען,
זייער פלאַממען, זייער שפּייען,
זייער בעטען מיט געוויין,
און דאָס קריצצען מיט די צאָהן.
אַלס איז דרויב,
לייכטער שטויב,
פאַר דער שוואַכסטער פליעג קיין לאַסט!
און די צייט אָהן רוה, אָהן ראַסט
שוועבט אויף שטאָהלערנע, ריזיגע פליגעל, נישט צו'ם גראַס.



# מײן מוזע.

נישט קײן בלימעל איז מײן מוזע,
אויף דער װיעזע װאַקסט זי נישט;
נישט קײן שמעטערלינג, װאָס זוכט
אַללע בלומען אויף און קישט!

נישט קײן נאַכטיגאַלל מײן מוזע,
האָט קײן טרעללען, האָט קײן זיסע...
ז'איז אַ יודענע אײן אַלטע,
אַ־נ־געשרימפּענע, אַ מאוסע,

אײן עגונה מיט יתומים
און פערשפּרײטע אויף דער װעלט;
און אײן אֶביונ'טע, אַ גרױסע
און זי שרײט נור, און זי שעלט...

---

# פְּרִיהלִינְג.

דו זעהסט, די ערד האָט זיך בעפרײט;
פון שלאָף, — פון פראָסט און שנײ!
דו זעהסט, די ערד האָט זיך בענײט
און לעבט, און אָטהעמט פרײ!

װי מיט דער שטאַרר — פערהאַסטער פעלל
האָט לײכט געמאַכט אײן עק
דער בלאָהער טײך! און אויף דער שטעלל
טרײבט ער שוין זײן װעג!

אָבגעשאָקעלט האָט דער װאַלד
דען שנײ און בליהט און שפּראָצט,
און איך דאָס שװאַכסטע גראָזעל שפּאַלט
זײן „אונטער ד'רערד" און גלאָצט,

און זוכט די זונן, די פרײע װעלט,
און ציהט און זױגט זײן גליק!
און האָרסט װי איבער באָרג און פעלד — —
„ציִריק! — ציִריק! — ציִריק! —"

„צוריק — איך לעב, איך שװעב, איך װילל..
„איך שלאָף שוין נישט, אָה, נײן!"...
נור דאָס טויטע פאָלק איז שטילל
נישט געװעקט נאָך, נײן!

---

# צוויי געדיכטע.

1.

אח, פאר וואס האסט דו, גאטט, מיך פערשאלטען,
מיין מזל זאלל זיין אזוי שווארץ?
שטאנדיג זאלל פוילען אין מיר די לעבער,
שטאנדיג זאלל פלאצען דאס הארץ!

*

פאר וואס זאלל שטאנדיג אין ד'אוירען מיר שווישטשען,
דעם שונא'ס לאכען, פערשווארען;
א האממער זאלל שלאגען ביי מיר אין די שלעפען
אונ זיעדען אין ד'אויגען די טרערען!

*

מקנא זיין זאלל איך דען בעטלער, דען בלינדען,
דען דזיאד מיט דער לירא אין טהיר;
ווינשען זאלל איך מיר ציגיינעריש זינגען.
איידער צו דיענען ביי דיר!

2.

רבונו של עולם, פון אללע די צרות,
א קויל מאך אונ שיעס אויף א מאל!
מיר וועל'מיר שפרינגען אין וואססער אין פייער,
מיט „שמע ישראל!"

*

קלויב זיי צו זאממען אונ לאז אויף א מאל,
א קלאפף נאך א קלאפף!
קאם אונז מיט אייזערנע ווידלעס, די אדערן
אפפען אונ צאפף!

*

וואָס טויג דיר דאָס שטעכען מיט נאָדלען, מיט שפּילקעס,
א מעססער! קוראַש!
ווי א פּראָוויזאָר וואָס זייערסט די טראָפּען,
גיס פון דער פלאַש!

*

ווען איינע א צרה, א גרויסע, א דוננער,
פאַלט פון דער האַנד נישט דיין פּאָהן..!
נאָר דראָבנע... די טראָפּען, די לייזינע צרות...
די גרינע גאַלל געהט זיך אָן!!!

---

3.

אַ־נ־אָקס א יונגער גיט ראַפּטים אין שטאַלל
— „רבותים!" א האַרציג געשריי,
„אָט האָט ער דער קצב ערשט נעכטען פון שטאַלל
גענוממען זיך אונזערע צוויי!

*

— „ער האָט זיי ערגיץ פערטריבען, געקוילערט,
הייגט, זעה איך, שלעפּט ער נאָך איינעם,
רבותים, דער קצב, ער וועט אונז אוים קוילען,
ער האָט קיין רחמנות אויף קיינעם!

*

— „שאַרף איז זיין מעססער, עס וועט דאָך נישט בלייבען,
רבותים, קיין קלאָה פון דער סטאַדע"...
דאָס הערען און ק־עכצען ביי'ם זשאָלאָב די קעלבער,
די אָקסאַלעך מריטשען: א ודאי!

*

עס שטעהען פערצווייפעלט און הליפּען, און קראָכצען,
אָקסען און קאָלבער און קיה,
און דרעהען זיך איבער צום שטיער־אָקס און פראָגען:
„אוי, רבי. וואָס זאָגט איהר דערצו?"

*

די האָרנער די גרויסע הייבט אויף דער שטיער-אָקס,
(ווי ווייט עס ערלויבט איהם דער שטריק)
„די יונגע לייטאַליך, ברומט ער ליצנות,
„זיי זעננען גאָר היינט איין אַנטיק!

*

„ליעב האָבען זיי נור צו גריעבלען, צו קלערען,
רבותים, צו פּאַסט עס פאַר קאָלבער?
עס איז קיין ניי'ס נישט! די וועלט איז די זעלבע,
און אויך איך שטיער-אָקס דער זעלבער!...

*

ס'איז שטאָנדיג דאָס זעלבע: מע-קוילערט לאחדים,
איינציגע זעהט מען נאָר טרייבען;
דאָס מעססער ווערד שטומפּיק, דער שוחט וועט שטאַרבען,
איינ'ם נאָר — די סטאַדע וועט בלייבען!

---

4.

## גאַטט זאָגט:

די אומות העולם זיי האָבען מזלות,
פאַר זיי זאָרג איך נאָך נישט אַ קריש!
איינער אַ חראַביע, דער צווייטער — אַ פריץ,
דער דריטטער געבוירען אַ סטריזש!

*

דעם צאָהלט דאָס קריינרעל און יענעם — די שליפּעס,
דעם גיבען די גיטער צו פרעססען;
דען וועט דער בעזעס נישט קיין מאָהל פערלאָזען,
ד'מאָג אין זיי אַללע פערגעססען!

*

ד׳דארף אויף זיי קיין מאָהל קיין אויג נישט צו ווארפען,
און דאַרף נישט צו פרעגען ווי ס׳גייט׳עס,
אויסער אַז איינעם עס טרעפט אַ שלימזל,
און — מע־פערשיקט איהן אין קיטען...

*

נאָר מיין בן יחיד, מיין פאָלקעל ישראל,
דאָס איז איין אייביגע נגע!
עס טהוט מיר, כביכול, שוין באַנג דער הר־סיני,
וואָס האָט מיר געטויגט נאָר די פגע?

*

דאַרף ער פרנסה אָהאָ! קריעת ים סוף!
דאַרף ער אַ שדוך — געה טראַכט!
מלמד־געלד דאַרף גאָר אַ שוסטער אַ וויסטער,
וועקט ער מיך אויף האַלבער נאַכט!

*

און קאָנן זיך אָהן מיר ניט קיין יארמילקע קויפען,
און אָהן מיר ניט קיין בגד פערלאַטטען,
מחילה, די פלידערן,— מאַכט זיך אַ שפעלטעל,
הייבט ער אָן טאַטען און טאַטען.

*

און עסט נישט, און טרינקט נישט, און פאַסט נור תעניתים...
און גאָר נישט, ער האָט נישט קיין מזל!
און לויבט מיך: „כי הנה לא ינום ולא יישן״...
לאָזט מיך דען שלאָפען, שלימזל?!!

---

5.

וואָס פאַר אַ מין חיה, זאָג ביסט דו ישראליק,
זעה, זאָג מיר, איך בעט דיך, אליין!
ווי לאַנג איך בעטראַכט דיך, אַלס מעטאַמאָרפאָזען,
אַ רעטעניש צו פערשטיין!

*

אט, זעה איך דיך פליהען, עס דאכט זיך — איין אדלער,
דו קריכסט שוין צוריק ווי א קרעבס!
און דאאר ווי א חארטעל, און וואלפיש דיין הונגער,
און צו'ן אפגירה — א שאפס!

*

דריי טויזענד יאהר שוין ביסט דו מעלה גרה,
איין אקס ביסט דו? שוואך ווי א פליג!
א האז אינ'ם לעבען, א פוקס אינ'ם האנדעל,
קומט מען דיך מעלקען — א ציעג!

*

פון תנועות — א מאלפע, דו צאפעלסט — א פישעל!
בעגראבען, די לעבסט ווי א קראט!
און ווי א הונד ביסט דו דיין שלאגער געטריי
און פאלש ווי א קאץ ביי'ן א גלעט!

*

געדושעט — א האהן און שטינקסט ווי א טחויר,
און ליידסט ווי איין עזעל אין מיט'ן,
אפט — איין אומגליקליכע קלאטשע; נור ביטשען,
קיין האבער וויל קיינער נישט שיטטען!

*

און — שטילל ווי א טויבעל, מען הערט נישט דיין פארע;
און דאך האב איך פון דיר געלעזען...
דו האסט געהאט אמאל באק־ציין און ווידעל,
א לייב, זאגט מען, ביסט דו געוועזען!

~~~~~~~~~
~~~~~~~~~

# יוכֶבֶד:

איך שטעה ביי דיין וויעגעל,
איך שטעה אונ איך קלער...
אויף דיין בלאַס פּנים
קאַפּיט מיין טרער,

מיין ביטטערע טרער...
קינד מיינס, דו נייגסט
צו מיר צו דיין קאָפּיל;
דיר חלומ'ט — דו זייגסט...

נור זאָג מיר, מיין קינד,
וואָס זייגסט דו ביי מיר;
וואָס שטעקט אין דער מילך,
וואָס האָסט דו פֿון איהר?

---

זייגסט דו מיט'ען גיפט,
וואָס אין דער מיללעך פליעסט?
זייגסט דו מיט'ען סם?
צו דיין מאמע גיעסט

נור מילך פון דער ברוסט,
צי פיאָלון פון דער קוואלל?
צוגעהט אין דיינע ליפּעלעך
דאָס ביטטערקייט, די גאלל?

---

איבער דיין וויגעלע
שטעה איך איינגעבויגען;
שטראהלען שווארצע, פינסטערע
שיטטען מיינע אויגען.

ראָזיג דינן דיין הייטעלע —
זיי דרינגען דורך די הויט...
קינד, זאָג, וואָס ועט זיין פון דיר...
איך שרעק מיך, אַח, מיך גרויִלט...

---

וואָס שלאָפט דאָרט אין דיין מויח'עלע?
ווייסט דו ווער דו ביסט?
ביי דער אַרבייט שטעהן מיר...
דרעהסט אַוועק פון בריסט

דיין קאָפּיל צו דיין טאַטען דאָרט,
וואָס שטעהט אונטער דער רוט
נאַקעט, פון דער זונן פערברענט,
בעפלעקט פון אייגען בלוט...

איבער זיינע אַקסעל פייפט,
שווישטשיעט ווי אַ שלאַנג...
אונ די פרעגגרם פון דער בייטש
שטעהען לאַנג, אָ, לאַנג!

דרעהסט אַוועק דען קאָפּ פאַר שרעק,
צוריק שוין ביי דער ברוסט...
זייגסט דו אוים פון איהר דען סם?
ווייסט דו ווער דו ביסט?

אונ אז פרע'הס טאָכטער גלעט,
לאַכסט דו מן הסתם!
פרע'הס טאָכטער איז דיין מאַמע
אונ איך בין דיין אַם?

איך זייג דיך מיט מיין בלוט, מיין קינד,
זייג דיך טאָג און נאַכט...
צו זייג איך אויס אַ פרייען מענש,
צו זייג איך אויס אַ קנעכט?

וועלל איך צו די טויזענדטער
נאָך אַ קנעכט ערציהן?
וועסט פאַר פרעה'ס גאָטטער נאָך
און פאַר פרעה'ן קניען?

אונז וועט טרעטען פרעה'ס פוס,
לעקען דו זיין שטויב?
ניין! זאָלל בעססער זיין דיין לייב,
ווילדע פויגעלס רויב!

איך וויל אַלליין ערשטיקען דיך!
וואַרפען אין דען ניל!
שלינגען זאָלל דיך בעססער איין
דאָרט דער קראָקאָדיל!

אין אָפשר דריקט די קנעכטשאַפט שוין
די שמאַך אין דיינע אויערן,
קיינען קלינגען האָרסט דו שוין —
ביסט אין זיי געבוירען!

אָפשר זאַמלען זיך שוין היינט
אין האַרץ ביי דיר די קוואַללען,
און עס דרינגען דורך דיין הויט
די פינסטער שוואַרצע שטראַהלען,

אָפשר פיהלסט דו דאָס געיאַממער,
וואָס ערפיללט די לופט...
און בעהאַלטעסט ביי דיר אין האַרציל
אַללע טראָפען גיפט...

און דו פיהלסט שוין!... מיינע ליעדער
האַלטען זיך בייניאַנד
מיט'ן שווישטען פון די בייטשען
אין דעם מצרים'ס האַנד...

און עס מישט זיך אַלס צוזאַממען,
אַלדינג אין דיין מח...
און דו וועסט אַ העלד אויפוואַקסען,
דו וועסט קריגען כח...

און דו וועסט די יאָך צוברעכען...
און בעפרייען ברידער...
. . . . . . . . . . . . . .
סם איז, קינדער מיינס, אין מיין מילעך,
סם אין מיינע ליעדער...

# אוים די נביאים.

## גאָטט זאָגט:

בין איך פולל די גאַנצע וועלט,
וויאַזוי שטעלסט דו מיר אַ הויז?
דאַרף איך עססען, טרינקען דענן?
וואָס מאַכט דיין קרבן אויס?

דאַרף איך אָקסען-פלייש — און, בלוט?
וואָס מאַכסט דו דיך צו לאַסט?
צו דיין אייגען פעט און בלוט?
וואָס קומט אַרויס, דו פאַסט?

דיין געבעט ? ! וואָס ווילסט דו מיך
אלם שותף צו דיין רויב ?
און בעטסט דו שוין, וואָס שרייסט דו נאָך ?
מיינסט דו, איך בין טויב ?

און אויך די האַנד וואָס שפּרייטסט דו אויס ?
איך וויים, אַז ס'זעננען לאַנג !
וואָס בויגסט דו נאָך דען קאָפּף צו דר'ערד ?
בעהאַלסט דו דיין געדאַנק ?

# פון יְחֶזְקֵאל.

1.

גאָטט זאָגט מיר אַזוי צו זאָגען :
די „נביאים" וועל איך קלאָגען,
די שַקרנים, די כּזבנים,
מיט'ן אונפערשאָמטען פּנים,
און פערגלייסטע אויגען,

*

פֿינ'עם פינגער ווייל זיי נאָגען,
ווייל זיי טראַכטען אוים און זאָגען
אין מיין נאָמען נור דמיונות,
פאַר מטבעות, פאַר פּדיונות,
נישט געשטויגען, נישט געפלויגען !

*

אויסגעטראַכט און אויסגעקלערט !
נישט געזעהן און נישט געהאָרט,
און געזאָגט וואָס גאָט בעשערט,
וואָס איך קלער און טראַכט...
נור געשפּיננען, נור געוועבט !
נור געפרעססען, נור געלעבט !
נישט קיין לאָך אין וואַנד פערקלעבט,
נישט קיין צוים געמאַכט !

*

מ'כלומר'שט, איך האָב זיי געשיקט !
נור צו מיר ארויף געקוקט,
און פֿון ציביך אויסגעפּיקט,
געשיט נאָר געשיט !

*

איך האָב זייער צונג געשאַרפט
דען רעשט שׂכל צו בעטייבען !
ווענינ פרעססען באָרען, לייבען,
האָב איך פוקסען נאָך בעדאַרפט ?

*

וועניג האָט מיין פאָלק געליטטען,
דאַרפט איהר נאָך זיין יאָך בעשווערען ?
וועניג בלוט נאָך, וועניג טרערען — ?
אויסגעריססען זאָלט איהר ווערען

*

און פערטיליגט און פערשניטטען —
איהר זאָלט מיר נישט זיין אין מיטטען !
אייער נאָמען מעק איך אוים
פֿון מיין הייליג בוך ארוים !

2.

נאָכט האָט מיר געזאָגט אַזוי:
„צו די הירטען געה און זאָג...
די ראַזבאָניקעס — די הירטען,
עס וועט זיין צו זיי אַ קלאָג" !

*

די ראַזבאָניקעס — די הירטען
עס וועט זיין צו זיי אַ שטראָף!
ווייל זיי האָבען זיך געפּאַשעט,
זיך געפּאַשעט, נ י ש ט די שאָף!

*

נור די בעסטע וואָלל געטראָגען,
און דאָס פעטסטע פלייש געפרעססען;
נור אום זיך אליין געקיממערט;
אָן די שאָפעלעך פערגעססען!...

*

נישט געשטאַרקט די אָבגעשוואַכטע,
און — נישט אויסגעהיילט קיין וואונד;
די געראַניטע, די קראַנקע
נאָך געוואָרפען פאַר די הינד!

*

נישט געזוכט גאָר די פעראיררטע
אַ פערבלאָנדזיטע — פערפאַללען!
און געפיהרט זיי אין אַ מדבר
אָהן אַ גראָזעל, אָהן אַ קוואַללען!

*

און געיאָגט זיי אויף די באַרגער,
און וואו אַ שטיין, וואו אַ דאָרן;
ווילדע טהירע, חיות רעות
זעננען פון זיי זאַטט געוואָרען!

*

און פאַר זיך אַליין געקוילערט,
זיך געפּאַשעט נ י ש ט די שאָף...
און אייך שאָפער, וויי אייך הירטען,
עס וועט זיין צו'אייך אַ שטראָף!

---

3.

אויך וועלל איך אַ חשבון מאַכען
מיט די שאָפסען, מיט די טריקעס,
מיט די איינגעדרייטע האָרנער
און די שאַרפע ווי די פּיקעס!

*

וואו ס'איז נאָר געוועזן אַ פּאַשע
אָנגעפ־עססען זיך גאָר מאוס!
און די רעשט נאָך צו ציקנוידערט!
צו ציטרעטען מיט די פיס!!!

*

וואו אַ פּאַשע איז געוועזען
האָט איהר אייך געשווינד דערפרישט!
און די רעשט נאָך צו ציקליציט,
מיט דער בלאָטע אויסגעמישט.

*

און געלאָזט די אויסגעדאַרטע —
אויס געטריקענטע פון ווייטען...
מיט די פיס אַוועק געקאָפּעט
אָבגעשטויסען מיט די זייטען.

*

האָרט, איהר הירטען, האָרט, איהר טריקעס,
עס וועט קוממען אייער טאָג!...
איך וועלל מאַכען אייער חשבון,
עס וועט זיין צו אייך אַ קלאָג!

---

4.

און עס הייבט מיך אויף אַ ווינד...
פון דער הייך זעה איך אַ טהאָל,
פול מיט ביינער, און די ביינער
זעננען אויסגעדאַרט און גאָהל!

*

נישט קיין פלייש און נישט קיין אָדער,
ווי צעוואָרפען און פערפוילט...!
אויסגעמישטע טוידטע ביינער!
ווי דער גראָהער שיממער גרוועלט!

*

—„קאָנן דאָס לעבען?" פראָגט אַ בת־קול,
און איך אָנטפער; גאָטט דו ווייסט!
—„האָטש זיי זעננען טויט, צעוואָרפען?"
אַלס איז מעגליך ווען דו הייסט!

*

רופט דאָס בת־קול: זאָג די ביינער
אַז איך הייס אַזוי און וויל!
עס קלויבען זיך צונויף די ביינער,
און זיי ווערען זאַפט שוין פול!

*

צונויף געקליבען און געשלאָססען!
שוין סקעלעטען אויס געשטרעקט!
און מיט פלייש אַרומגעוואַקסען,
מיט אַ הויט שוין אויך בעדעקט!

*

— „הייסט די ווינדען זאָללען בלאָזען!"
איך הייס בלאָזען און איך זעה:
ווי עס לעבען אויף סקעלעטען,
ווי עס לעבט אויף גאַנץ אַרמעע!

# פון יחזקאל.

(קאַפּיטל ל"ג)

עס שלייכט צו'ן אַ שטאָדט ביינאַכט
די שווערט!
נור אויפן טהורם דער וואַכטער וואַכט —
ער האָרט!

און בלאָזט טראָמפּייט
און שמעטטערט מיט מאַכט,
עס ציטטערט די נאַכט
דאָס פאָלק ערוואַכט ——
דער שונא געהט, דער שונא געהט!
און עס פלאַקקערט אויף די שלאַכט.

אין הויף, אין גאַסס
אויף מויר און וואַנד,

פֿאַר ווייב און קינד
פֿאַר פֿאָלק און לאַנד!

פֿאַר רעכט, און פֿריי געהט אַלץ אין קאָהן!
ווער זיעגען ויעט, דאָס ווייסט אײן גאָטט;
דער וואָכטער האָט
דאָך זיינס געטהון!
ער האָט זיין עהרע נישט בעפֿלעקט,
ער האָט געוועקט!
ער האָט געדיענט זיין פֿאָלק, זיין לאַנד!

נור וועה דעם וואָכטער, שפּאָט און שאַנד,
וואָס האָט ביינאַכט
איין אויג פֿערמאַכט
און ערוואַכט
ערשט אין דער בראַנד!

---

# ירְמְיָהוּ׳ס בְּרִיעף.

(אגרת ירמיהו — כתובים אחרוגים).

I

און אין בבל וועט איהר וואָהנען,
צווישען פֿרעמדע פֿאָלקער לעבען,
דאָרט, וואו גאָטט האָט אייך פֿערטריבען,
ביז עס קומט די צייט!

דאָרט אין בבל וועט איהר וואָהנען,
צווישען פֿרעמדע פֿעלקער לעבען,
און וועט פֿרעמדע זיטטען זעהען —
פֿרעמדע גלויבען, פֿרעמדע גאָטטער,
שרעקט אייך נישט פֿאַר זיי!

דאָרט אין בבל וועט איהר זעהען,
אויף די אַקסעל גאָטטער טראָגען,
שיין געשניצטע, פֿיין געקליידטע —
גאָלד=און זילבער=גאָטצען!

זיי פֿון פֿאָרענט לויפֿט אין עולם,
הינטען לויפֿט זיי נאָך אַ מעננגע;
אַלטע, יונגע, מאָננער, פֿרויען —
שווייגען מוזט איהר, נור אין הארצען
לאַכט אייך אוים פֿון זיי!

זעהט די צונגען ביי די גאָטצען
האָט אַ מייסטער אויסגעשלאָגען,
אויסגעשניצט און אויסגעקינצעלט,
פֿון דעם ריינסטען גאָלד!

נור פערגעסבען האט דער מייסטער,
אויסצולערנען די געשמידטע
צונגען, האטש א ווארט!

אונ געשמאק האט אויך דער מייסטר!
אויסגעפוצט האט ער די גאטטער,
ווי א כלה צו דער חופה —
קרוינען אויף די קאפף!

דאך פערגעססען האט דער מייסטער
אין די קאפף אריין צושלאגען
שׂכל, האטש א פונק!

גאלד אונ זילבער האט דאס גאטטעל;
עס בעשטאהלט איהן דאך דער פריסטער
אונ פערשווענדט זיין גאטט'ס פערמאגען,
זיינע קליידער אין די הייזער,
וואו ער דארף נישט זיין!

אונ וואס העלפען זיי די קליידער,
גאלד-אונ זילבער-פיין געשטיקטע,
אז זיי קאננען זיך נישט וועהרען
פאר דער קלענסטער מילב!

אז מען טהוט זיי אן די קליידער,
נעמט א פעדערוויש דער פריסטער,
רייניגט אוים דאס גאטטער-פנים,
ווישט זיי אב די נאז!

שטאלץ שטעהט מאנכער, ווי איין ריכטער,
אין דער האנד א בינטעל ריטטער, —
מאגסט דאך שפייען איהם אין פנים
שמייסען קאנן ער נישט!

אי, נאך שטרענגער איז דער צווייטער:
אין דער האנד א שווערט א שארפע
צי א שווערע האקק!

ליידער, קאנן ער זיך ניט שיטצען
פיר א גנב, איבערשרעקקען
אויף דער וואנד א פליעג!

אז זיי זיטצען אין די טעמפעל
אונ די גאצענדיענער קוממען,
אונ זיי בוקען זיך, אונ קניען,
ווערט דערפון א שטויב;

שפעטער פאלט דער שטויב ארונטער
אונ פערשווארצט דאס גאטטער-פנים,
אונ פערבלענדט די גאטטער-אויגען,
אונ בעשמוצט די קרוין.

פאר גנבים מוז דער טעמפעל
זיין פערמאכט אויף שלאס אונ ריגעל;
נישט די גאטטער שיטצען מענשען,
מענשען שיטצען זיי!

אט עס קוממט די נאכט אונ פריסטער
צינדען ליכטער פאר די געצען;
העלל-בעלייכטע גאטט'ר שיינען,
דאך נור גאלד אונ זילבער גלאנצען —
נישט דער בלינדער גאטט!

אונ עס הייבען פון דער ערד זיך
אויף די ווארמלאך, אונ זיי קריכען,
אויף די קליידער פון די גאטטער,
פון די קליידער אויף די לייבער;
אונ זיי שטעהען אונבעהאלפען
קעגען קליינע ווארם!

אונ עס פליהען דורך די פענסטער
פלעדער-מייז אריין אין טעמפעל,
אונ ווי פראנק אונ פריי זיי פליהען,
פון איין גאטטער-קאפף צום צווייטען,
ס'יאגט זיי נישט אוועק!

און דיא זון זעהט יעדען מאָרגען
פלעדער־מייז־פערשמוצטע געטטער,
און זיא זעהט אויך, וויא עס קוממען
און עס וואַשען זייא דיא פריסטער,
און זייא פוצען, און זייא שוויטצען
ביז דער גאָטט ווערט ריין!

---

## II

טהייער וועננען דאָך דיא געטצען,
וועיל עס שטעקט אין זייא פערמעגען:
זילבער, גאָלד און מייסטער־אַרבייט —
נור קיין לעבען נישט!

מאַכט אַ קריעג זיך — פרעמדע פעלקער
איללען ס׳גאַנצע לאַנד בעצווינגען;
וועללען שיטצען זייא דיא געטטער?
וועללען געבען הילף?

ניין! עס חאַפּען זייא דיא פריסטער
און ענטלויפען, און בעהאַלטען
זיך צוזאַממען מיט דיא געטצען
ערגיץ אין אַ הייל!

און עס ברעכט אַ רויש אַ פייער
אין׳עם טעמפעל, וויא דיא פריסטער
רעטטען אייליג זיך דאָס לעבען,
און דיא געטצען ברעננען.

וויא אַ מענש פון שטרויא קענן היטען
פאַר גנבים פעלד און שייער,
אַזויא שיטצען אויך דיא געטצען
פעלקער, לענדער, שטעדט!

אוי! דיא געטטער, חאָטש זייא וועננען
פון דעם ריינסטען גאָלד געגאָססען,
מיט דיא קליידער און דיא קרוינען —
אוי! דיא געטטער, חאָטש עס קניען
פיר זייא מאַססען און געגעהנען
זייא קרבנות — אוי, דיא געטטער
איז קיין קלענסטער וואָרם מקנא,
וועיל זייא לעבען נישט!

וויא פאַר טויטע שטעלט מען פאַר זייא
עססען, טרינקען, פעטטע פליישען;
דאָס בע׳גנב׳ענען דיא פריסטער,
און פערקויפען, און דיא ווייבער
זייא פערזאַלצען און בעהאַלטען
אויף אַ שלעכטען טאָג! —

# מיש־מאש.

## 1) דער יתום:

איך האָב דיך, מיין טייערע ליראַ –
דערפון איז מיין לעבען נישט גרינגער;
מען וויל דיך ניט נעמען אין לאָמבאַרד,
ד'קאָנן מיט דיר שטאַרבען פאַר הונגער.

האָסט, ליראַ, גאָר זעלטענע סטרונים,
טאָנער — אַ פרייד צו די אויערען;
דאָך זעלטען בעריהר איך זיי ווינטער,
ד'האָב שטענדיג די פינגער געפרוירען,

און פריהלינגס־צייט — ווען ביי די בלומען
די זוממער־פייגעלעך רימפּלען —
בין איך אַזוי עלענד פער'יתום'ט
אַז ד'האָב נישט פאַר קיינעם צו גרימפּלען!

## 2) אויגען און ליפּלעך.

איהרע אויגען, איהרע ליפּלעך —
אויף דער וועלט צו ריהמען!
זעננען פיילכען דען או רויזען,
נישט די שאָנסטע בלומען?

פיילכען זעננען איהרע אויגען,
און זיי לייכטען, וואַרמען...
דאָך די רויזען־ליפּלעך שעלטען —
זאָלל זיך גאָטט ערבאַרמען!

## 3) דער פּאעט.

דען גאָרגעל אראָב אויף די לאצען,
דאָס היטעל פערשטיפּט איבער ד׳אוירען,
די האָנד אין די ליידיגע טאשען,
הונגעריג, דאָרשטיג, געפרוירען,

שפּאצירט ער און פייפט זיך אַ ליעדעל,
און קלאַפּט צו אַ צאָהן אין אַ צאָהן...
באשר, ער האָט נישט געגעססען?
פהי! ער בעגעהט זיך דעראָהן!

ראָק, הויזען, שטיוועל — צוריססען!
באַקעם! — איהם שאַדט נישט קיין קעלט!
אי־וואָס? ער האָט נישט קיין דירה?
דער הימעל, דער איז זיין געצעלט!

באשר, פרעמד איז ער און עלענד?
זען׳מיר דען אללע נישט ברידער?...
איהן אהרט נור דאָס שטיפען, דאָס לויפען,
דאָס יאָגען, דאָס ווילדע גערידער!

„וואָס רייסען דאָ איין די נער׳רנים?
וואָס זאָלל דאָס געיאָג, דאָס געשריי?
וואָס טרעטען זיי אויף די נאַגטיאָטקעס?
וואָס מאַכען זיי ברודיג דען שניי?"

נור, זיין כפּרה — נאגניאָטקעס;
דער שניי נור, דער שניידט איהם ביי׳ם הארץ! —
„זיי טרעטען די ריינסטע ברילי‌אַנטען,
און מאַכען זיי ברודיג און שוואַרץ".

## 4) טָאמִיר.

בא, איך זאָלל וויססען, אז ס'איז נור א חלום
פון כח הדמיון געוועבט!
עס שרעקט זיך דאָס הארץ דאָך: אונ ווען, חס ושלום,
הייסט שוין דאָס טאַקי געלעבט?

עס דרעהט מיר אין מח, דער „טאָמיר", די שטראָף,
דער עגבויר, דער „יחבּור בדקר"!
אונ טאָמיר איז אמת פון אל"ף ביז תי"ו
דער ווילדער, דער נארישער שקר?

„טאָמיר איז אמת דאָס אַלץ, וואָס מיר הערען,
אונ נור וואָס מיר זעהען, דאָס האָ'מיר?
אונ ס'וועט שוין אויף עולמות בעססער נישט ווערען...
עס מאַכט מיך משוגע דער „טאָמיר"...

## 5) בְּרִידֶער.

ווייסע, ברוינע, שוואַרצע, געלבע —
מישט די פאַרבען אוים צו־זאַממען!
אללע מענשען זעננען ברידער...
פון איין טאַטען, פון איין מאַמען!

אדך — איין גאָטט האָט זיי בעשאַפפען,
אונ — איין פאַטערלאנד די וועלט —
אללע מענשען זעננען ברידער,
דאָס איז איינ־מאָל פעסט־געשטעלט!

* * *

אללע מענשען זעננען ברידער,
שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלבע;
אנדערש זעננען נור די פאַרבען,
די נאַטור איז דאָך די זעלבע!

אומעטום דאָס זעלבע פראַהלען,
ד'האָב עס טויזענד מאָל געהאָרט!
און פון זאָגען ביז צו טראָגען —
איז פ ן הימעל ביז צו דר'ערד!

* * *

אללע מענשען זעננען ברידער;
געלבע, ברוינע, שוואַרצע, ווייסע;
פאָלקער, ראַססען און קלימאַטען —
ס'איז איין אוים געקלערטע מעשה.

אומעטום דער זעלבער מוסר,
אומעטום דאָס זעלבע לאַגען —
מיט'ן מויל דער גאנצער עולם,
די פּאָליטיקער מיט שווייגען!

. . . . . . . . . . . .

אללע מענשען זעננען ברידער!
און — זיי שפּיעלען זיך אין פּלישקעס,
די נשמות זעננען וואָרמליך —
אינ'ם טאַביק פון די שישקעס...

---

## 6) האָף און גלויב.

האָף! נישט ווייט איז שוין דער פריהלינג,
ס'וועללען שמעטערלינגע שפּרינגען!
נייע נאָסטען, נייע פויגעל;
וועללען נייע ליעדער זינגען; —

גלויב די נאַכט וועט זיין פערשווינדען,
און די וואָלקען אויך צו רינגען,
בלאָה וועט וויטער זיין דער הימעל —
נייע שטערען, נייע זוננען!

נייע רויזען, נייע בלומען
וועקט דעם פריהלינגס זיססער הויך;
עס וועט שיינען, שמעקען, זינגען!
און — אויף אונזער קבר אויך...

---

## ז) וועמען עס איז ערגער.

שלעפט איז דעם, נעבעך, וואס אירט אין מדבר;
ווייט, ווייט פעראירט פון דער היים;
אונענדליכער טר.קענער זאנד פאר די אויגען,
קויקעלט זיך אונטער די פים.

און איבער'ן קאפף איין אונענדליכער הימעל,
עס בלאנקען אונצאהליגע שטערען.
אירט איהר דען אויכ'ט?" זיי בלישציען און בלאנקען,
און שווימען אינ רעדען קיין ווארט.

„איהר קוקט דאך אלץ, שטערען, אראב פונ'עם הימעל,
צו זעהט איהר מיין שטיבעל, מיין היים?"
„צו ברענט דארטען פרייליך אין קוימען דאס פייער?
עס בלישציען די שויבען ווי גאלד?"

„ז'איז טרויריג?... צו בענקט זי? וואס מאכען די קינדער?
האט אויף מיר רחמנות, און זאגט!"
עס שווימען נאך שטיללער די זילבערנע שטערען,
זיי שווייגען — איהן דריקט עס און קלעמט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נור ערגער איז דעם נאך, וואס בלאנדזיט אין מדבר
און האט ניט אין ערגיץ קיין היים...
עס שפיעלען קיין קינדער, עס ברענט נישט קיין פייער,
און קיינער האט נאך איהם צו בענקען.

דער וואַרפט זיך מיעד אויפ'ן זאַנד מיט'ן פנים,
אונ זעהט נישט קיין הימעל, קיין שטערן;
ער זעהט ניט אונ פֿראַגט ניט, אונ וואַרט אויף קיין ענטפער,
שוין אַלדינג פֿערלאָשען אין הארץ...

---

## די נאַכט װאַכטער.

(א נאָכגעמאַכט פֿרום־רבניש יודעל)

אַ נאַכט — אַ מחיה! דאָס נאָכטיל איז טייער!
נור היט אייך פֿאַר פֿייער! היט אייך פֿאַר פֿייער!
נור נישט געקאָכט אונ געזאָטען!
פֿערשליעסט נור די פֿענסטער אונ טהירען אונ טהירן,
פֿערמאַכט אויך די אויגען, פֿערשטאָפּט אייך די אויערן,
אונ חראַפּעט, ווי גאָט האָט געבאָטען!

אונ קאָנט איהר נישט שלאָפֿען, נו, ליגט חאָטש בעריהט;
אונ האָרט זיך שטיל איין ווי די פֿלעדערמויז פֿליהט
ווי שטילל, אונ האַרציג, אונ טהייער!
אונ האָרט איהר ווי קולות, געשרייען, געלאָכטער,
צי קללות — זייט רוהיג, מיר זעננען די וואַכטער!
אונ היטען אייך אללע פֿאַר פֿייער!

פֿערשאָלטען זאָלל ווערען, ווער ס'ריהט זיך אונ געהט
אונ צינד אָן אַ פֿייער, צי ריהרט די טראָמפּייט
צום בלאָזען, צום וועקקען ביי נאַכט!
מען וועט אין גיהינם די לייבער זיי דרעשען,
אין דאָ וועל'מיר לעשען אונ לעשען, אונ לעשען,
געטריי וועל'מיר דיענען דער נאַכט!

שלאָפֿט אייך! מיר דאַווענען, בעטען אונ קניען
פֿאַר גאָט! דער רבונו של עולם זאָלל ציהען
אַ וואָלקען, א שווערען ווי בליי
איבער אייך אללע! אָה, גאַט וועט אינז האָרען,
ער וועט נאָך פערלעשען לבנה אונ שטערען
און דעמעלט — וויא עטהעמט זיך פרייא!

און מיר וועללען רופען נאָך פעסטער! געטרייער:
היט אייך פאַר פייער! היט אייך פאַר פייער!
שא! קיין גערויש, קיין געלאָכטער!
קיין ליכטעל אין מח, קיין פלאָממעל אין הארץ!
פרום זאָלל זיין! רוהיג און טויטליך, און שווארץ!
מיר זעננען, מיר זעננען די וואָכטער!

---

## אֶמֶת און שֶׁקֶר.

„שקר", שטעהט, „אין לו רגלים"
אָבער אמת? זי האָט פים;
פאָהרט דער שקר אין קארעטען
און די אמת — געהט צו פוס!

פון די פים דאָך פאַלט די אמת...
ווי ברילאַנטען — היהנער אויגען,
קוים זי שלעפט זיך! און דער שקר
פליהט זיך „נאַשפּיץ" — פייל פון בויגען!

און בעשפריצט זי מיט דער בלאָטע,
און דערלאנגט איהר מיט דער בייטש!
און די גאססען־יונגען לאַכען:
וויים וואָס „נאַבאָק" איז די טייטש!

# פּאָעזיע.

## ליעדער

אויס'ן פּאָלנישען (מאַריא קאָנאָפּניצקא).

ד'האָב געזעהן ליעדער! טהייל ווייסע ווי שניי
און שאָהן, און בעשמעקט ווי די בלומען אין מאַי,
און ריין ווי דער בלאָהליכסטער הימעל ביי נאַכט,
דערביי — ווי דער טרויריגסטער מלאָך פערטראַכט —
זיי האָבען ליעבע געזונגען!

דערנאָך איז געקוממען די צייט מיט דער קאַסע;
זי האָט זיי געשניטטען ווי היי מיט דער ראָסע;
עס האָט זיך א לופט פון גן־עדן פערשפּרייט;
עס טראָגט זיך דער ריח גאַנץ ווייט און גאַנץ בּרייט —
ס'איז דאָך קיין ברויט ניט געוועזען!

---

אַח! איך האָב אַללערליי ליעדער געזעה'ן,
פון טהייל איז אין הארצען גאָר וואונדער געשעה'ן!
עס רייסט זיך פאַר באַנגשאַפט און ס'בלוט אָהן אַ'ין עק;
ס'פערגעהט שיער פאַר שרעק און ווי זיס איז די שרעק...
זיי האָבען באַלאַדען געזונגען!

דערנאָך איז געקוממען די צייט! אויפ'ן שטערן
האָט זי אַ ברענענדע זונן, און עס ווערען
וואָלקען און נעפּעל צושוואוממען, צורינגען...
איך קאָנן פון די ליעדער קיין זכר געפינגען;
גלייך מיט די נעפּעל פערשוואונדען!

קלאָגוויינער — ליעדער האָב איך אויך געקאָנט,
ווי ערד איז דאָס פּנים, געבראָכענע האַנד,
געלעבט אין בית־עולם, געלויבט און געוויינט,
קראַנץ פאַר די קברים געפלאָכטען, געקריינט
מצבות, געקושט און געהאַלזט!

דער נאָך איז געקוממען די צייט און געשניטטען
אויף ס'יעצקע פֿאַר קאָלבער די קראַנץ און די בליטהען;
גענוצט די מצבות צו הייזער אלס שטיינער,
און צוקקער געליטערט אויף הייליגע ביינער —
קלאָג־ליעדער זעננען פֿערשוואונדען!

---

אויך ליעדער, וואָס האָבען געדיענט דער מינוט
גע'חנפֿ'ט דען שטאַרקען, געשמייכעלט דער רוטה;
ביי רייכע געבעטטעלט, פֿערהייליגט דען רויב,
פֿון רינשטאָק געטרונקען, געגעססען דען שטויב —
זיי האָבען אָרדען געזונגען.

די צייט איז געקוממען — זי בלאָזט אויפֿ'ן האָרן
א וועקק־ליעד, עס זעננען פֿערזאַממעלט געוואָרען
דיכטער און זינגר פֿון נאָהנט און פֿון ווייט,
זי האָט זיי געמוסטערט; די קראָטציגע לייט
אַרויס פֿון דער מחנה פֿערטריעבען!!!

. . . . . . . . . . . . . .

# דער יודישער קוועסטאַר*).

א לעבענדיג בילד פֿון ווילנאָ.

מען זעהט איהן טאַגטאָגליך שוין אַ דרייסיג יאָהר
מיט זיין טרויריג פּנים און די פֿייכטע אויגען,
מיט זיין שלאַנקען וואוקס, קייליכיג געבויגען,
און דער לאַנגער באָרד מיט פֿערגראָהטע האָהר;

*) קוועסטאַר — אזוינער, וואָס ניעמט צוזאַממען נדבות.

מען קען גוט זיין קאפּטאן, איין גאַטש ווייסט ווי לאנג
ר'איז זיין צווייטע הויט, האלט זיך ווי עס איז;
און מען קענן זיין טריט, זיין הוידען זיך אין גאנג,
אויף זיינע האלב באָרוויס, גראניעטע פיס —
ער געהט — נישט פאר זיך, אנדערע — זיין ציעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאנג: א יוד איז אָהן געפיהל!

אויף אללע אונטער-גאססען איז ער גוט בעקאנט, —
פון א בלאָטע ארויס אין א בלאָטע אריין,
מיט א בלאָבענע גרויסע פושקע אין דער האנד,
ער קלינגט מיט איהר: „א האלבען גראָשען ווארפט אריין!“
דאָך פון גרויסע פריצים האלט ער זיך גאָר ווייט,
ער האָט קיין העזה נישט צו בעטען זייער גאָב;
פיר געמיינע לייט ביי געמיינע לייט
בעט ער האלבע גראָשען; קיינער זאָגט נישט אָב.
יודען ווארפען גראָשען, ער רעדט מיט זיי נישט פיעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאנג: א יוד האָט קיין געפיהל!

נאָך-דעם זעהט מען איהן אויףביידעס און אין קעלער,
וואו ד'אָרימע נדבות — ער אָרימע צו-טהיילט! —
וואו נור א דלות וואָהנט, וואו עס קראָנקט א פעהלער,
קינדער וויינען ברויט, ווי נאָר הונגער ווײלט,
איין אלמנה שטרעקט נישט פאר בושה אויס די האנד,
וואו דער לעצטע פונק פון פרייד איז שוין פערלאָשען,
וואו מען דארף יתומות ראטיווען פון שאנד —
דאָרטען איז ער דאָ, טהיילט שוין האלבע גראָשען.
ער האָרט נישט אויס קיין דאנק, רעדט מיט קיינעם פיעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאנג: א יוד איז אָהן געפיהל!

נאָך-דעם זעהט מען איהן פון טהיילען געהן צוריק.
ארבייט זוכט ער ציינד, זוכט זי ביי קבצנים;
און ער ארבייט שווער, ס'רינט דער שוויס פון פנים,
צו ער שטעהט ביי'ם מיעך, צו ער דרייט א שטריק,
צו שטעהט ער איינגעבויגען אין דרייען ביי די פרעססען
אין דער אָליעארניע, ביי ק[illegible]ען קלעטען —

און אזוי פּערדיענט ער זיך אַליין זיין עססען;
פֿון פּושקע, חס ושלום, וועט ער קיינמאָהל נעהמען!
פֿון זיין אַרבייט לעבט ער, אַרבייט שווער און פּיעל —
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד האָט קיין געפֿיהל!

מען זעהט איהן נאָך דערנאָך אין שענק נאָך האַלבער נאַכט
איבערע'ן תנ"כ'ל געבויגען מיט דען קאָפּף;
ביי'ן אַ חלב־ליכטעל, קיי'ט זיין ביסעל באָב,
ער קוקט זיך גאָר נישט אום, וואָס דער עולם לאַכט.
שכּור איז דער עולם, חוזק מאַכען לייט,
און טרויריג איז זיין פּנים, און די אויגען באַנקען!
נור נישט פֿון דעם לאַכען; ר'איז פֿון דאַנגען ווייט...
ווייט פֿון די שכּורים, ווייט פֿון אַללע שענקען,
ווייט פֿליהט זיין נשמה, ציון איז איהר ציעל...
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד איז אָהן געפֿיהל!

מען זעהט איהן יעדען טאָג, עס קאָנן איהן קינד און קייט
יודען קאָננען איהן, ווייססען ווער עס גייט!
און איבער „הונדערט" יאָהר וועלל'ן זיך אַללע שלאָגען,
ווער עס זאָלל די מטה אויף די אַקסעל טראָגען.
און עס וועללען לויפֿען שוואַרצע, גראָהע באָרד,
אַללע וועללען וויינען, אַללע גיעסן טרערען,
און מען וועט איהם שיטטען ירושלים ערד,
און עס ווערד אַ נייע שורה הייליג ווערען.
מע'וועט דאָרט פֿאַר אַ קבר צאָהלען זייער פּיעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד האָט קיין געפֿיהל.



# מָאנִיש.

(באַללאַדע)

איהר ווייסט — כּן הסתם —
די וועלט וועלט איז אַ ים,
מיר זעננען פֿיש;
(טהייל זעננען העכֿט,
שלינגען ניש'=שלעכֿט...
זאָגט אֶפשר ניש'?)

די וועלט איז אַ ים,
ברייט אָהן אַ שיער;
די פֿיש זעננען מיר,
דער פֿישער איז ס"ם 1).

* *
*

ער האָט זיך אַלס פֿישער
ביי'ם לעבען געשטעלט!
די תּאוה — דאָס וואָרמיל! —
פֿיהרט איבער די וועלט!

עס חאַפּט=וואהל די אַנגעל
אַ פֿיש נאָך אַ פֿיש;
עס דאַכֿט זיך אַ וואָרמיל —
אַ בליק נור, אַ קיש...

נור באַלד גאָך'ן וואָרמיל
געהט — האַקקען און שטריק;
גענקט מיט'ן לעבען,
אַ סוף פֿינ'עם גליק!

* *
*

און יעדערער ווייסט עס,
און יעדערער קאָן איהם,

דען שמד'ניק, דען שטן,
דען שר פֿון גיהנם,

און זעלטען איז עמיץ
בעשירמט און בעהיט...
אָט, אייך צו וואָרינען,
זינג איך מיין ליעד!

## א.

ס'איז געווע'ן אַ מאָל איין עלוי,
ניט געקענט די וועלט אפילו,
ניט געווע'ן אין קלאַס;
פֿרום דער טאַטע, פֿרום די מאַמע,
די משפּחה — לומדים סאַמע,
גאָר פֿון עקסטען פֿאַס!

סאַמע גאונים און למדנים,
מיט איין „אלף־בית רבנים",
ס'קלינגט מיט איהר די וועלט;
און מבינים גרויסע זאָגען:
זיי וועט אַללע איבעריאָגען,
מאָניש, אונזער העלד!

מאָניש איז אַ וואהלער יונג,
ר'האָט אַ קאָפּיל פֿייער פֿלינק,
אָנגעפֿיללט מיט תּורה!
טרעפֿט אויך באַלד אריין אין קאַרב,
מאָג דער רמב"ם זיין ווי האַרב,
און נאָך אַ בעל־קורא!

1) ס"ם: ראשי תיבות (איניציאלען) פֿון סמאל, דער שר פֿון גיהנם.

און אַ שאָנער יונג — אַ פּראַכט!
שוואַרצע לאָקקען ווי די נאַכט,
קאַרמען ליפּפּען - רויזען צוויי!
שייאַרצע ברעמען ווי די בויגען,
ווי דער הימעל בלאָהע אויגען,
און אַ פייער ברענט אין זיי!

יעדעם ביינדיל אין איהם לעבט,
און ער געהט נישט, נור ער שוועבט;
אָנצוקוקען איז אַ פריידן!
מיידלעך ווערען רויט און בלאַס,
אַז ער ווייזט זיך אויף דער גאַס,
אַז דער שאָנער מאַניש געהט!

ד׳יונגע רבי׳צין אין חדר
זיצט אַ גאַנצען טאָג כסדר,
הערט, מ׳כלומר׳שט, ווי מ׳קנעלט!
ס׳לויפט די יאָך, די מיללעך ברענדט,
און זי זיצט פערלייגט די האַנד,
קוקט אויף מאַנישען און קוועלט!

און דער שכנה, שיינער אָדעל,
פאַלט פון האַנד אַרוים די נאָדעל,
לאָסט זיך אונזער מאַניש הערען!
עס פערפעהלט איהר אָטהעם, דאַכ׳,
און עס גיט אין האַרץ אַ שטאָך,
און—עס קאַפּען הייסע טרערען...

* * *

דאָך — ווי גאָלד איז אונזער מאַניש,
פון דעם אַללעם ווייסט ער גאָר־ניש׳,
שטן, ביסט געפלעפט!

ער האָט ליעב אַ בלאַט גמרא,
ער האָט חשק צו׳ן אַ סברא,
„שור שנגח את הפרה"
דאָס איז זיין געשעפט!

גלעבט האָב׳ן דעמעלט
נאָך ד׳אַלטע בעלי־בתים,
מיט מעשענע ברילען
און זילבערנע בתים.
גאָלד די עטָרות
און אייזען די מחות...
אַנדערע יאָהרען,
גאָר אַנדערע כחות:
פול ס׳בית־המדרש
און טאַקי מיט קאָפּ!
מען לערנט נאָך אין פּאָליש,
מען לערנט אויף די טראָפּ,
עס ווערד נישט פאַר חצות
קיין ליכטעל פערלאָשען;
און פראָזשבעס צו ראָנדליך:
און תורה מ׳גראָשען!
און דעמעלט האָט מאַניש
אַלם עלוי גע׳שמ׳ט;
די גראָסטע רבנים,
פון ווייט, פון דער פרעמד,
דער פּטיש 1) פון לאַשטשעוו,
דער „סיני" 2) פון קאָזיץ,
דער מאור הגדול 3)
פון קליין־מאַזעלבאָזיץ 4).

1) אַ האַממער. 2) דער באַרג סיני. 3) דער גרויסער לייכטער — די זונן —. דאָס אַלס זענען טיטולען פון גרויסע רבנים. 4) „מאַרלי־באָזיצע, אַ פּויליש שטאָדטעל.

זיי קומען אַ מישנע
פערהערען דען עלוי
און טאַנצען פאַר שמחה:
„אַתחלתא־דגאולה" 1).

— „וואהל איז דעם טאַטען, וואס ר'האָט אַזא זוהן,
וואהל איז דער מאַמען וואס וועט'ן ערציה'ן,
וואהל איז דעם דור, וואס איהן פערמאָגט!
אין משיח'ס צייטען ווערט אַזוינס געבוירען!
אָה, ירושלים, עפען דיינע טהוירען!"
דאָס האָבען אַללע רבנים געזאָגט!



אויפ'ן בארג אררט
אויפ'ן הויכען בארג,
וואס טראָגט דען אייביגען
שניי אויפ'ן קאַרק.

אויפ'ן בארג אררט —
לויט עס איז בעשריבען-
איז מיט דער תיבה
נח שטעהן געבליבען.

און איז אַרויס פון תיבה
מיט שם און חם ויפת,
מיט אַללע חיות,
בהמות און עופות...

און זיי אַללע זעהען
מיט ד'אייגענע אויגען,
ווי ס'הענגט אין הימעל
גאָטס פאַללענבויגען!

און האָרען גאָט'ס שבועה:
„דאָ שוואָר איך דיר וועלט:
עס וועט דיר נישט פעהלען
קיין היץ און קיין קעלט!

האָטש רצח'ע און הרג'ע,
האָטש גנב'ע און מסר,
איך וועלל דיך נישט טאָפיען
שוין קיינמאָל אין וואַססער!"

געטאַנצט האָבען חיות,
חם האָט געלאַכט,
נח האָט די ערשטע
כוס'ע געמאַכט.

---

געשטאָרבען שוין אַללע...
אַ פאָקיל מיט יאָהרען!
עס שטעהט דאָך די תיבה
ביז היינט לזכרון,

---

1) משיח'ס צייטען.

דאָרט אונטער די שנייען!
עס הענגט אויף דער וואַנד
עד היום דער צהר,
דער גרויסער בריליאַנט.

און דאָרט אין דער תּיבה,
אין שנייען און פֿראָסט
דאָרט האָט זיך ס מ אַ ל
געפֿלאָכטען אַ נאָסט.

און געגען דעם צהר
קאָמט אַלל' אין דער פֿריה
לילית די גאָלדענע
לאָקקען זיך צו;

זי קאָמט זיי און קרייזעלט,
און פֿלאָכט זיי קאָקעט,
און ס מ אַ ל ליגט זיך
און רייבערט אין בעט;

זיי שמיעכען פֿערטרויט
פֿון דעם און פֿון יענעם,
וועמען צו פּאַקקען
אַריין אין גיהנם;

וועמען צו שמייסען
מיט אייזערנע ריטטער,
וועמען צו פּרעגלען
צו'ם פֿרישטיק אויף פּוטטער!

---

אין אַ שיינעם מאָרגען
קלינגעלט עס שטאַרק,
עס ציטערט די תּיבה,
עס צאַפּעלט דער באַרג,

עס שפּרינגט שיער סמאַל
אַרוים פֿונ'עם בעט,
„הערײַן"! עס בעוויזט זיך
דערשראָקען אַ שד.

---

מיט געבראַכט האָט ער
איין עקסטראַ-„ראַפּאָרט",
קוים וואָס ער שליקערצט
אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט: —

— „אַח, גרויסער מלך!
עס ציטטערט דיין טראָן..
— וו אָ ס איז געשעהן?
געשווינד, הערר באַראָן!

— „אין קאָניגרייך פּוילין,
האַרט ביי דער גרעניץ,
ליגט זיך אַ שטאָדטאָלע
גרויס ווי אַ גענייץ.

און קוים וואָס מען זעהט עס,
מען האָרט עס אויך זעלטען;
הייזליך ווי ניסלעך,
פֿון שמות געצעלטען...

אין גאַנצען אַ צעהנדלינג,
צו צעהלען אויף פֿינגער!
עס בייסען די ציגען
די דאָבער פֿאַר הונגער!

און שטילל ווי אַ קברות;
מענשען ווי מתים·
קיין גאוה, קיין תּאוה,
מע'לעבט פֿון תּעניתים;

קיין חסידים, קי'ן דייטשען —
האָט תורה אַ קוים,
עס וואַקסען רבנים,
מען פּאַשעט עלוים...

צינד וואַקסט נאָך אַ גאון,
וואָס וועט נאָך פּערשאַמען
גאַנץ פּוילען אונ ליטאַ,
אונ זאַמיט, אונ באָהמען,

אונ לאָזט דו איהן וואַקסען,
לאָזט דו איהן פּריי,
ביזט דו — חלילה! —
הוד מלכות, פּערביי!

האָסטו דו פּערלוירען
גאַנץ פּולין אונ ליטאַ...
איז — חס ושלום! —
איין=עק פֿון ניט גוטע

יאַגען וועט ער אונז
מיט שרעקליכען האַסס
אונ ברענגען משיח'ן —
חלילה וחס! —

---

דער ימח־שמו'ניק,
אז ר'האָט עס דערהאָרט —
איז איהם די שמחה
געוואָרען געשטערט.

ער ליגט שוין אונ טראַכט
טאָג אזוי נאַכט,
אונ רייבט זיך, אונ רינצעלט דען שטערען
— גוואַלד! לילית קרוין!
איין עצה גיב! שוין!
אזינס קאָנן די וועלט איבערקעהרען!

— די נוס איז הארט!
נור, מיין מאַנן, וואַרט,
זי קנאַקט דאָך אונטער די צייהן!
נצחון איז זיס!
גרייט אָן די שפּיז,
דער בראָטען וועט קוממען אַליין!

---

אָ גאָטט, האָב רחמנות,
זיי זוכען נקמה!
האלט, יודען, תענית
פֿאַר דער נשמה!

עס שווינדלען די אויגען,
הייס ווערט אונ קאַלט...
זי הענגט אויף אַ האָהריל,
אָט, אָט, אָט, זי פֿאַלט.

אָט, פֿאַלט פֿונ'עם היממעל,
אַ ליכטיגער שטערן;
אָט, וועט אין גיהנם
אַ שמחה שוין ווערען!

~~~~~~~~~~

## ג.

טראַ=ראַ=ראַ, טראַח!
וואָס איז געשעהן?
צו האָט נישט דאָרט עמיץ
משיח'ן געזעה'ן?

ווען בלאָזט מען דען שופר?
דאָך אלול נישט תמוז!
צו איז ער משוגע
געוואָרען, דער שמש?
~~~~~~~~~~

וואס בלאָזט־עס און פייפט,
וואס דונערט און קנאַלט?
צו פלאַצען די דאָמבעס
און סאָסנעס אין וואלד?

עס פייפט און קנאַלט,
עס זעצט, עס קנאַקט,
עס יאָגט איין עקסטרא־
פאָסט פון טראַקט!

אָה! ווער האָט אַזא
קלינגען געהאָרט?
ווער האָט געזעה'ן אַזוי
פליהען פיער פערד?

עס קלינגען די גלאָקליך
וואס אַ מאָל פרייער;
עס שפריצן די פאָדקאָווים
פונקען און פייער.

עס שלענגעלט זיך, קנאַקט
אָהן רחמים, די בייטש!
מע'שטעהט מיט די אָפפענע
מיילער: וואס טייטש?

---

צוזעהען דאס װוּנדער
זענען אַרוים
קראַנקע פון בעטען,
לומדים — פון קלויז,

קינדער פון חדר —
איינס אין דער מיט
אין האַנד די תחתונים —
פון אונטער דער רוט.

דאָרט לויפט אַ שוחט,
בלייך ווי די וואַנד,
אַ נישט דערקוילערטער
האָהן אין דער האַנד,

ער האָט אין מיטען
דאס פייפען געהאָרט,
און — במקום דען האָהן —
דען חלף אויף ד'ר'ערד!

און פליהט אויפ'ן רבי'ל
אַרויף ווי אַ קאָהל
אַריין מיט'ן חוטם *)
אין אָפפענעם מויל!

און דאָ לויפט אַ טובע
און ברעכט זיך די האַנד:
„שרייט יודען האָבער —
זאָגט מיר, וואו ברענט?!"

---

שאַ! שאַ! נור שטיללער!
מען ווייסט שוין! ס'אי־פראָסט
אַ דייטש איז געקוממען
פון דאַנציג מיט פאָסט!

מיטגעבראַכט האָט ער
גאַר אוצרות מיט געלד!
געהן וועט אַ מסחר!
זיין וועט אַ וועלט!

און גאַנץ האָט דאס שטאָדטיל
גאַר ראַפּטום בעגליקט,
ער האָט זיי פון הימעל
אַ מחיה געשיקט!

---

*) נאָז.

עס האנדעלט דאס דייטשעל
מיט כל'ערליי תבואות,
און צאהלט אלץ אין באארען
און מאכט ניש' קיין שהיות!

אלץ ווערד מיט גאלדענע
ראנדליך געוואויגען,
אז יעדען ווערד פרייליך
און ליכטיג אין ד'אויגען!

עס הייבען אן האנדלען
גאר שוחטים, דיינים.
עס לויפען, עס קויפען
מלמדים, בטלנים...

אללעם איז סחורה,
פון פארשום א רעגען!
און פויערען מיט פוהרען
פערלייגען די וועגען!

מען דארף נישט בעקוקען,
געקויפט און געשטעלט
עס שיטטען אן יודלעך
יעססער מיט געלד!

אח, ווער געדענקט
אזא גאלדענע צייט?
מען טראגט אין דער וואכען
נור אטלעס און זייד!

און חתונות מאכט מען
טאג־טאגליך כסדר;
בעווארפען די שניידער
מיט חתונה קליידער;

עס זעננען אהן האנד שוין
די כלי־זמר געבליבען,
די חופה צוריססען,
די שטאנגען צוריבען,

עס האט שוין דער בדחן
קיין כח צו לאכען,
מען קריגט שוין קיין וואקס ניט
הבדלות צו מאכען;

לעקער פאר ברויט־שטאָד!
און נים, פאמעראנצען!...
עס קאכט ווי א קאססעל
דאס שטאדטיל אין גאנצען!

---

נור דער דייטש האט מיט געבראכט
א בת יחיד'לע אפראכט
גאלד'נע לאקקען ביז די פים!
אויגען בלישציען ווי די שטערען
און א קול — א פרייד צו הערען.
און א שטימכע — צוקקערזים!

און זי געהט נישט, נור זי שפּרינגט,
און זי רעדט נישט, נור זי זינגט,
פריילּיך, לוסטיג טאָג און נאַכט!
און לאָזט אַרויס איהר קול מאַריע
העלפט דאָס גאַנצע הויז איהר צו,
קנאַקט פאַר לאַכען, ווען זי לאַכט!

חא! חא! קלינגט עס ווי אַ גלאָק!
יעדעס שטיינדעל, יעדער צשוואָק,
וואַנד און דאַך! דאָס הויז אין גאַנצען!
עס לעגט די נאָהל אַוועק דער שוסטער,
און דער מאַרשאַלעק דער ווסטער
האַפּט זיין „גרונע" טאַנצען!

דער שמש איז אַ פּעססימיסט,
און — אַ'ך־לעבען — נישט אומזיסט,
מיט אַ שלאַנג איז ער געזעססען!
און לאַכט מאַריע, נו לאַכט ער מיט,
און לאַכט פון האַרץ געזונד און גוט
„קול באשה" — גאָר פערגעססען!

און אַז מאָניש געהט כסדר
יעדען מאָרגען פריה אין חדר
בלייבט ער שטעהן ביי'ם טויער...
רעמעלט זינגט אַ פּראַכט מאַריע,
און איהר טרעללער־מעלאָדיע
דרינגט איהם טיעף אין אויער!

עס דרינגט אַריין אין האַרץ איהם טיעף!
און אויפ'ן אייגענעם מאָטיוו
מיט דער זעלבען מעלאָדיע,
זינגט דער נאָך ער די גמרא,
און איז מטעים יעדע סברא,
דרייט נאָך מיט'ן פינגער צו!

נור אַ שוויים ליגט אויפ'ען שטערען,
און די אויגען — פֿייכֿט פֿון טרערען,
און דאָס פּנים בלאַס ווי קרייד,
דער רבי זיינער זיצט פֿערצוקט
ס'שטעהט די רבי'צין און קוקט:
„אוי, ווער ווייסט, וואָס דאָס בעטייט!"

* *
*

דער פֿאָטער — פֿערנוממען,
אין אַללעם פֿערגעססען;
אין דער היים — זעלטען
אַ שבת געגעססען.

עס זעהט דאָך די מוטטער
ווי מאָניש פֿערשווינד;
זי שרעקט זיך און פֿראָגט איהן:
וואָס איז דיר מיין קינד?

וואָס לאָזט זיך דיין קול
אַזוי וויינענדיג הערען?
וואָס האָסט דו אין ד'אויגען
נור טרערען, און טרערען?

וואָס ביסטו אַזוי בלאַסס
מיין איינציגעם קינד?
ווער האָט דיר פֿערלאָשען,
זאָג, וואָס פֿאַר אַ ווינד,

די אייגעלעך דיינע,
די שאָהנע הבדלות?
וואו האָסט דו גענומען
נגונים — יללות?

* *
*

אָהן עיני־הרע,
געזונד זיי און שטאַרק.
דו פֿלעגסט דאָך צו זינגען
פונקט ווי אַ קאַנאַר'ס

אַ שטייגער, אַ וואָלאַך
צו אַנדערע זאַכֿען!
עס פֿלעגט דאָך פֿאַר תענוג
דאָס הארץ אין מיר לאַכֿען.

אַז דו פֿלעגסט זינגען
די זמירות ביי'ם עססען; —
היינט האָסט דו גאָר יענע
נגונים פֿערגעססען!

היינט זינגסט דו גאָר אַנדערש,
היינט זינגסט דו ניש' גוט,
עס קלאָפּט מיר דאָס הארץ צו,
עס קיהלט מיר דאָס בלוט;

עס שניידט ווי מיט מעססער
אין הארץ דיין געזאג !
וואס איז פאר א שטייגער,
וואס איז פאר א גאנג ?
. . . . . . . . . . . .

פלעגסט א מאל העלפען
דעם חזן אין שוהל...
גאר אנדערע קולות,
איין אנדער געפיהל !

אצינד עמיץ אנדערש
זינגט פון דיר ארוים !
וואס איז דיר, מיין לעבען,
דער מאמען זאג אוים !
. . . . . . . . . . .

— צו וויים איך דען, מאמע,
וואס ס'זינגט דארט אין מיר ?
איך וויים נור אין הארץ איז
גאר אנדערש ווי פריהר !

איך וויים ניש וואס ס'איז מיר,
עס נאגט דאך אין הארץ ;
און פלוצלינג פאר ד'אויגען
ווערט פינסטער און שווארץ...

עס הייבט אן צו ברעננען
ווי פייער אין מח,
עס רייסען זיך קולות
פון האלז אוים מיט כח !

און אמהעם פערפעהלט מיר,
ס'איז ענג אין דער ברוסט,
איך וויל זיי פערהאלטען,
די טאנער, אומזיסט !

זיי פליהען ווי פייגעל
ארוים פון א נעסט...
און — אזוי זינגט זיך...
אט, ווי דו זעהסט !...

## ד.

אנדערש וואלט מיין ליעד געקלינגען
ד'זאלל פאר גוים נויש זינגען
נישט פאר יודען, נישט „זיארגאן" ! —
קיין רעכטען קלאנג, קיין רעכטען טאן !
ס'האט פאר ליעבע, פאר געפיהל
נישט קיין פאססענד ווארט, קיין סטיעל...

אונזער יודיש האט נור וויצען,
האט נור שפיצען, בלאנקע בליצען ;
ווארטער ווי פער'סמ'טע שפיזען !
אין איהר לאבען, וויינען ריעזען !
דאיז ווי גאלל, ווי פיאלון ביטטער :
און זי דרעשט דאס לייב מיט ריטטער !

ז׳איז אין גאַנצען בלוט אונ טרערען!
קאָנסט אין יעדען אויסדרוק האָ־ען
ווי דער ים — פון צרות זיעד,
ווי עס ברענט דאָס האַרץ דעם יוד...
נור, האָטש פלאַץ דאָ אויפען אָרט,
ס׳האָט קיין לעבליך וואָ־עס וואָ־ט!...

קיין איינציג וואָרט איז צאַארט אונ גלאַט,
עס איז פאַר ליעבע טויט אונ מאַט —
„הערציל", „זעעלע" „שאַץ" אונ „שאַצעל"
ס׳האָט א טעם ווי לאַקריצ-פלעצעל;
עס האָט קיין טעם, עס האָט קיין זאַלץ,
אונ עס שמעקט נאָך גאָנזען שמאַלץ!

---

איך האָב צו׳ן אייך קיין טענה-מענה,
וואָס די ליעבע איז אייך פרעמד;
ווענום שפרינגט אַרוים פון פיאַנע
ן׳מיטן ים אונ אָהן א העמד!

אונ אמאָר מיט בלינדע אויגען,
באָרוויס, נאַקיט לויפט ער, פליהט;
שפיעלט זיך מיט א פייללענבויגען —
קאָנן דאָס פאַססען פאַר א יוד?

* *
*

ווייבער האָב׳מיר סאַמע צנועות!
ס׳וועט קיין ליעבע ניט פערלאַנגען!
אונזער טאָכטער מאַכט קיין שהיות:
נדן, תנאים, חופה-שטאַנגען!

אונ מען לעבט דאָך ביי אונז יודען,
גאַנץ בשלום, גאַנץ צופרידען;
ווי פּאַסאָליעס שיט מען קינדער!
טרעפט זיך זעלטען, פאַר אין ברירה,
טהוט א יוד אויך איין עבירה.
דם-ובשר, ס׳איז קיין ווינדער!

נור ער וועט נישט פלעטשען, פראהלען:
„זאננע, מאנד אונ זילבער־שטראהלען"
נישט פאר וואססער, ניש' פאר פייער!
ר'לויפט אין מקוה אריין געשווינד,
וואשט פון לייב אראב די זינד,
ווארפט דערנאך א הארטען דרייער

דעם „בעל-נם אריין אין פושקע;
וויל ער, פאסט ער נאך א תענית
אונ ער שווארט זיך אויף נאמנות:
ס'איז אין גאנצען ווערטה א שישקע!

---

אינ'ם שטאדטיל איז געווען
פון קדמונים א מפולת:
דארטען פלעגען לצים וואהנען,
מוזיציערען, מאכען קולות.!

קרייען, מיאוציען, קוויציען, ביללען
אדער סווישטשען ווי דער ווינד,
אויפ'ן דאך, געהט אויף דער וואך
ארום איין אלטער שווארצער הונד!

ס פלעגט ארו'ם צו ווארפען שטיינער,
גאנצע פודען אויף דער וואג,
אונ עס פלעגען זיך בעוויזען
די ניט־גוטע טאג אויף טאג!

ווייבער, מאננער, יודען, קריסטען
ווייכען לאנג די גאנצע גאסס;
אונ מיט הויכען גראז בעוואקסען
שטעהען הייזליך פוסטע־פאס!

דארט ביינאכט בעוויזט זיך מאניש,
צו דער חורבה געהט ער צו,
ס'קלאפט דאס הארץ ווי ביי'ן א גזלן,
דארטען ווארט אויף איהן מאריע!

איהן בעגלייטען צוויי מלאכים:
אין דער לינקער זייט א שלעכטער,
אונ, מיט טרערען אין די אויגען,
געהט דער גוטער אין דער רעכטער!

אונ דער גוטער מלאך רוימט איהם
אין דעם רעכטען אויער אריין:
„האב רחמנות! דיין נשמה
זאל פאר גאטט ניש' זינדיג זיין!"

„וויים, די וועלט האט ער בעשאפפען
„וואס אין הימעל, וואס אויף ד'ר'ערד!
„זונן, לבנה, אללע שטערען,
„אללע אקסען, אללע פערד!

ער פערזארגט אויך לייבען, בערען,
גיט פרנסה שאף אונ רינדער...
האט דען מענש זיך אויסגעקליבען,
ער זאלל לויבען זיינע וואונדער.

אונ דען תמצית פון די אמות
האט ער יודען אוים געצווינגען;
אונ זעקס=הונדערט=דריי=צעהן מצות
אב=געמאסטען, אב=געוואויגען!

טהוא נאך תשובה, אונ ער וועט דיך
מ י ט ש"י עולמות פערגעלטען!
אוי, בערעבען! איז מאריע דען
ווערטה דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען?

חזק מאכט דער שלעכטער מלאך
רוימט אין לינקען אויער אריין:
האסט נאך צייט אויף עולם הבא!
אונ ער וועט דיר מוחל זיין!

צו האט ראובן נישט געזינדיגט?
אדער דוד אונ בת שבע?
אללע זעננען אין גן עדן...
וויל ער האט א גוטע טבע!

און אַ ליאַדע קרים, אַ טרעהר,
אין אַ ווינטער־טאָג אַ תענית
און אַ וואָרט, „איך וועל נישט מעהר!"
און ער גלייבט דיר אויף נאמנות!

אזוי טענ'ען די מלאַכים.
און דער ישוב דויערט ניש' לאַנג
וויל זי ווייזט זיך באַלד אין פענסטער,
און עס האַרט זיך איהר געזאַנג!

פלאַממען ברעננען איהר אין ד'אויגען,
אַללע תאוות — אין איהר ליעד!
און איהר פליהט שוין פייל פון בויגען,
און דאָס בלוט זיינס קאָכט און זיעד!

---

טויזענד גריללען, טויזענד שפּיננען,
פלעדער־מייז און אַיילען האָרען
זייער זינגען, לאַכען קישען,
זייער קישען, האַלזען שוואַרען...

און ער שוואָרט איהר הייסע ליעבע
ביי זיין לעבען, ביי'ם געזונד;
דאָך זי שמייכעלט: אַזאַ שבועה,
טראָגט אַוועק דער לייכטער ווינד!

און ער שוואָ־ט איהר ביי די ציצית,
ביי די פאות, ביי די תפלין,
און ביי שופר של משיח...
— „זאָג, וואָס נאָך? אום גאָטטעס ווילל'ען!"

---

און ער שוואָרט איהר הייסע ליעבע
אַלץ פערברענטער און פערשייטער,
און זי שמייכעלט, און זי בעט זיך:
שוואָ־ נור ווייטער, ווייטער, ווייטער!

און ער שוואָרט איהר ביי זיין טאַטען
ביי דער גוטער פֿרוממער מאַמען;
ביי דער באָבען, ביי דעם זיידען,
און ביי אַללע נאָך צוזאַממען...

---

אויף איהר ליפּפּעל שפּיעלט אַ שמייכעל
און די אויגען איהרע גלאַנצען,
און זי בעט זיך: ווייטער, ווייטער!
זי וויל זיכער זיין אין גאַנצען!

ווייל אַ בחור קאָנן פֿערפֿיהרען,
קאָנן פֿערגעססען, האָט זי מורא...
און ער שוואַ״ט איהר ביי׳ם פּרוכת,
ביי דעם כּתר, ביי דער תּורה!

און זי בעט זיך האָבער! האָבער,
זי וויל זיכער זיין אין גאַנצען!
און זי כּשופט מיט איהר אָטהעם
און די אויגען בלישציען, גלאַנצען...

און ער גרייפֿט אַלם האָבער, האָבער,
האָט גאָטס נאָמען אויסגערופֿען!...
. . . . . . . . . . . . . . . .
פֿונ׳עם הימעל קנאַלט אַ דיננער;
פֿון גיהנום פֿונ׳עם טיעפֿען

אַ געלאַכטער, אַ גערודער
און פֿון שוועבעל יאָגט אַ ריח
און ער פֿליהט שוין „פּאָד קאַנוואָיעם“
אויף אַ באָזעם אין דער היך.

---

אויפ'ן באַרג אררט דאָרטען
איז אַ לעבען, אַ געפּילדער;
ס'איז אַ באַלל דאָרט אין דער תּיבה,
און א שרעקליכער, אַ ווילדער!

און קאַפּעלען (יענע וועלטי־
גע ציגיינער) מוזיצירען,
און שאַמפּאַניער — ווי וואססער,
און די רוחות קאַנקאַניערען!

לאַמפּען — טויזענד פּעססער סמאָלע,
די רשעים זעננען קנויטען,
ס'געהט אַרום איין־עקסטראַ־שד'ל
מיט אַ שעעריל צו די צויטען!

---

און די קאָניגין איז לילית,
אין די אויגען האָט זי בליצען,
און סמאָל טראָגט איהר לאַנגע
שלאָפּפּע מיט בראַבאַנדער שפּיצען.

. . . . . . . . . . . .

אין דער טהיר דאָרט שטעהט געשלאָססען
אונזער מאָניש אויף אַ קייט...
און מען לעגט שוין אָן אַ פייער
און די שפּיעז איז אויך שוין גרייט!



# כסא שלמה.

וואס רוישט מיר אין מח,
וואס זעצט ווי׳ן א מיהל?
שלמה המלך׳ס
די גאלדענע שטוהל!

עס לאזט מיך די שטוהל —
די גאלדענע פראכט
נישט רוהען ביי טאג,
נישט שלאפען ביי נאכט.

עס מאכען מיך טויב
די גאלדענע בערען;
עס מאכען מיך בלינד
בריליאנטען ווי שטערן;

עס רוישען די שפארבער,
עס וואָרקען די טויבען;
עס בלענדט אלאבאסטער
און פערל ווי טרויבען.

פייגעל גינגאלדענע
בלישציען און פראנגען;
עס סאפען אופיר׳ענע
עקדיסען, שלאנגען,

עס רוישען די אדלער
מיט גאלדענע פליגעל,
עס בלאנקט די מנורה —
א גאלדענער שפיגעל...

און אקסען און שטיערען
בלעקקען און וועקקען;
עס קאפעט דער בוימעל
פון גאלדענעס בעקקען.

* * *

אויך וועקקען אין הארצען
זעלטען געפיהל
די פרויען־געשטאלטען
פון איבער דער שטוהל —

איך זעה זיי פאר ד׳אויגען
דריי פרויען געשטאלטען. —
אין צאפף אינ׳עם גראהעם,
אין קאפף אינ׳עם אלטין

דערקענען איך ד׳אמונה.
אין דרייען געבויגען,
און פייכטליכע, גרינע,
פערגלאזערטע אויגען

פערגלייסטע צו׳ם הימעל!
פולל תפלות, כונות —
נור הארט איז די שטימע!
ס׳קלינגט אהן רחמנות

פון ברוינ־דארע ליפפען
נור חרם, נור אסר;
און ווי א פאקשיווע
שטאכעדיג מוסר!

די חכמה דערקענען איך
אין ברייטליכען שטערן,
געקרייזעלטע לאָקקען
אויף ד׳אָקסעל צו־לאָזט;

בריליאַנטענע אויגען,
זיי לייכטען ווי שטערן,
זיי לייכטען דאָך רוהיג
אונ קאַלט ווי דער פראָסט!

אונ שטאָנדיג דורך בריללען...
אַ וואָג אין דער האַנד;
אַלץ וואָלט זי געוואויגען —
דען מאָך אויף דער וואַנד,

די שטערן אין הימעל,
דען דראַביאַזג אין טייך;
אַלץ דאַרף זי וויסען,
נור אַלץ איז איהר גלייך!

עס שטעהט נאָך די אמת!
פון קאָפּף ביז די פּיס
פערהילט אין אַ שלייער!
ווייל שרעקליך אונ מאוס

איז נאַקעטע אמת!
מען האָט זי פערשטעלט
ווייל ווער עס דערזעהט זי,
דער געהט פון דער וועלט!...

* *
*

עס שמעקט אונ עס רוישט,
עס בלאַנקט אונ עס בליצט,
נור, ליידער, נישט שלמה
נור אַשמדאי זיצט

אויף כסא בן דוד!
בן לילית רעגיערט
דאָס פּנים, דאָס שוואַרצע,
רוזערט, בלאַנשיר;

אין כתר מלכות
די האָרנער פערשטעקט...
די הינערנע פּיסלעך
מיט פורפור פערדעקט,

אונ טרעפט אללע חדות
פון גוים אונ יודען...
אונ שטעלט אַ־לאַ־שלמה
די ווייבער צופרידען,

אונ שניידט אַ מאָל קינדער,
לעבעדיג צו טויט;
עס העלפען די חיות
אַרוים פּוּי אַ נויט!

אונ שלמה? דער וואַנדערט
פערהונגערט, פערשמאַכט,
שרייט „אני שלמה",
ווער גלייבט איהם? מען לאַכט!

ווער דען איז דאָרט קעניג?
מען ווייסט דאָך, מען האָרט!
ווער ברענגט פון מצרים
זיך ווייבער אונ פערד?

ווער האָט די מלכה
פון שבא־לאַנד בעגליקט?
מען קאַנצט אויפ׳ן נעביך,
דער מענש איז פערריקט!

* *
*

עס שמעקט און עס רוישט,
עס בלאַנקט און עס בלענדט,
ס'האָט קיינער דען שד
אויפ'ן טראָן נישט דערקענט.

אמונה — זי קלערט נישט,
עס פסק'ט די צנועה:
מלכותא דערעא
כמלכותא דרקיעא...

זי האָט זיך גע'פועל'ט אַ
לאַ־יחרץ פריקאַז:
פאַר אומגעוואַשען
חאָטש שטייסען אין גאַס;

מינים חאָטש הענגען;
און טאָפּיען אין טייך
פאַר שניידען די נאָגעל
אָהן עדות און גלייך...

* *
*

פיין איז דער ראָזענאָל,
פּיזעם איז נאָבעל
ס'שטינקט דאָס גיהנם דאָך
אָרגער ווי קנאָבעל...

די חכמה דערפיהלט עס
און רעדט נישט אַ וואָרט;
די חכמה האָט שכל
און שטעהט אויף איהר אָרט;

צו האָבען רען אללע
פינף חושים קיין טעות
זי זאָל זיך פערלאָזען
אַליין אויף דער נאָז?

מען פיהלט, עס איז אמת,
נו, ס'טרעפט זיך ביי לייט...
זי רוקט אַביסעלע
אָב אין אַ זייט

און נעמט אַ שמעק טאַבאַק;
בערוהיגט זיך באַלד...
איין נארישע אמת
זי שרייט שוין: געוואַלט!

אויף כסא בן דוד
אַ פרעמדער פערשוין,
ציהט אָב דען מאַנטעל,
אראָב נעמט די קרוין!

---

אין זיין רציחה
איז אַשמדאי שרעקליך!
און גענעראַלען,
כהנים מיט גלאָקליך,

מיט בלוט פון קרבנות
און חלב פערפּעצט,
אַ צעהנדליג סריסים —
די האָט ער געזעצט

צו משפט'ן אמת,
עס שוויגט דער נאַראָד;
פיינט האָט מען אמת
און ווייט איז צו גאָטט!

סוחרים און שענקער
שרייען: נור ברענגען!
עס בעטען זיך ווייבער:
חאָטש אָדערן טרענגען!

* * *

מען ווייסט, אָהן רחמים
וועט אויסגעהן א פּסק.
ס'רינט דער אמונה
א טרער אויף דער באַקק

נור „למען ידעו",
עס העלפט קיין רחמנות!
אלמָלא מוראָה...
פּראָסטע סכּנות!

זי שיקט איין עין־הרע —
אַ בליק אין דער זייט,
די חכמה פערשטעהט שוין
וואָס ס'אייגעל בעטייט.

זי זעהט ווי'ן א שפּיגעל
די אַללערליי סחורות
מיט וואָס זי וועט האַנדלען
עד סוף כּל הדורות...

ווי זעהט אינ'ם אייגעל
אָט ווידלעס צו פליישׁ
הבדלות — צו בורא
מאורי האש,

צוואַנגגען צו נאָגעל
אונ מעססער צו בריסטען
אונ קנאַקער צו ביינער —
ס'טאָהר זיך נישט גלוסטען!

די חכמה פערשטיינערט,
קיין תנועה, קיין קלאַנג...
עס האָט זי פער'כשופ'ט
די גיפטיגע שלאַנג!

* * *

אונ ס'רעשט זיך אין ציון,
עס יאָגען זיך מאַססען
מען לויפט אויפ'ן ווינדער,
מען פּויקט אין די גאַססען,

קאָסטרוי טרייבט מען אמת,
עס קנאַקט אונ עס קנאַלט...
די אמת, געשמיססען,
ענטלויפט אין אַ וואַלד;

דאָרט האָט זי געטראָפען
אַ לייב צו אַ בער...
זאָגט נאָך איהר קדיש,
זי לעבט שוין נישט מעהר!

# דְעַן לֵיבְ'ס לְוָיָה.

## אַ הֶסְפֵּד אויף אַלְלֶע צַדִּיקִים:

די וואַלד-אידעע די טראָגט דער לייב
ערהאַבען, שטאָלץ און אֵיידעל!
ער פרעריגט זי מיט לייבען-קול
און בראָניעט מיט'ן ווײדעל.

פראָגט די שאָף אויף זיינע ציין,
ער האָט זיי נישט געקאַרגט,
און ביי עזעל, אָקסען, קיה
די וואלר-אידעע געשטאַרקט...

די וואלד-אידעע די טראָגט דער ליב,
איידעל, שטאָלץ און פעסט;
חיות'ס הערצער שלאָגען היים
אין די גראָסטע פראָסט!

עס ציהט זיך, ציהט די וואַלד-אידעע
יזָהרען גאָר אַ מעננגע
דורך דער וואַלד געשיכטע דורך
ווי אַ רויטע סטעננגע!

ציהט זיך איבער טהאָל און באָרג
און פאַרבט מיט איהר קאָליער
ס'גרינע גראָז, דען ווייסען שניי,
טייבער אָהן אַ שעור!

אַ בת-קול פליהט אַ דורך דען וואַלד,
עס בלאָזט ווי פון אַ האָרן:
„דער ליב איז קראַנק" עס גיט אַ שטאָך
די חיות ווי אַ דאָרן!

אַ תרועה פליהט אַ דורך דען וואַלד:
„דען אַפּעטיט פערלוירען!"
עס חאַפּט די חיות אָן אַ שרעק,
ס'ווערד דאָס בלוט געפרוירען

ס'ציהט אַ שברים דורך דען וואַלד:
„עס העלפט קיין גוטער יוד!
מען האָט איהם פיזעם שוין געגע'ן
און דער אַלטער ציהט —

אוי, ער ציהט אַרוים פון וואלד
צום טאַטען און צו'ם זיידען!
אוי, ער האָט זיך שוין פערבאָנגט
צו'ם ליכטיגען גן-עדן!"

ס'פליהען שברים דורך דען וואַלד,
אַ האָרן נאָך אַ האָרן,
און יעדע שמועה, יעדעס קול
שטאָכט — אַ שאַרפער דאָרן!

ביי די חיות שטאַרט דאָס בלוט,
און דער זאַפט — ביי ביימער,
אין בערלאָגע גיסט דער בער
טרערען גאַנצע אֵיימער.

אַ שאקאַליש וואָיען יאָגט
פון צפון ביז קיין דרום,
און די צנועות, די היענים
רייסען איין די קברים —

* *
*

ראַפּטים, טס! פֿערשטומט דער וואַלד!
האָרט זיך איין אין שטיללען —
ודוי זאָגען דאַרף דער ליבֿ,
עס הייבּט שוין אָן צו ברילּלען!

און ער ברילט די ודוי אוים
מיט יאָמערליך געוויין,
און קלאַפּט על חטא; אין אַלטען בויך
קלינגען שטיין און ביין!

גראָבע, פֿרומע טרערען פֿאַללען
אויף די אַלטע באָק,
אויפ׳ן מעבר־יבוק ווערד
פֿון איטליבֿער אַ פֿלעק!

ביימער שאָקלען מיט די קאָפּף,
טרויריג רוישט דער וואַלד,
און דער פֿרוממער אַלטער לייבֿ
גוסעט אָב און —— פֿאַלט!

* *
*

יאָממער קלאָגען אַללע ביימער:
דען זכות ווער וועט האָבען,
און וועט פֿון זיך איין אָרון גע׳ן
דען צדיק צו בעגראָבען?

ס׳הייבּט זיך אויף פֿון וואַלד די קלאָג
פֿייערדיג און פֿלאַמם,
וועקט אין מדבר אויף דאָס זאַנד,
פֿעלזען ביי דעם ים!

און עס הייבּט זיך אויף דאָס זאַנד,
יאָגט פֿון אַללע עקקען
פֿון דער וועלט אין וואַלד אַריין,
דעם צדיק צו בעדעקקען.

און די אַלטע פֿעלזען קראָכֿצען:
אוי ווער וועט דער לעבען
און פֿון זיך דעם אַלטען צדיק
אַ מצבה געבען?

* *
*

און דען יאָממער, דאַכֿט זיך, טראָגען
רוחות אָדער כשוף,
איבער וואָלדער, סטעפּים, ימים
און דערגרייכֿט צו׳ם ישוב.

אַ געפּלאַצערייַ אויף קיימען,
ס׳ווערען טאָג־פּ צו־פֿליגען,
ז׳וויללען אַללע גע׳ן דעם צדיק
שאַרבאַנעס צו ד׳אויגען

און פֿון לען אויף אַללע פֿעלדער
פֿליהט צו גאָטט וכּוחים;
פֿאַר וואָס קומט זיי נישט די זכיה
איהם צו גע׳ן תכרוכים?

ברואָזעס זיפֿצען, דאָמבעס קראָכֿצען,
אַז עס פּלאַצט די קאָרע,
אין די ווינטען, דאַכֿט זיך, וואָיען
הינד אַ גאַנצע סוואָרע...

אויבען ציהען שווערע וואָלקען
און דאָרט צווישען זיי
שווימען „אחרי־מות־קדושים״ —
חיות אללערליי;

אַלטע דורות, פֿרוממע דורות
בלייערן און בלייך...
און עס טריעפֿען זיי׳רע שווערע
טרערען פֿון דער הייך;

און זיי פֿאַללען אויף דער מטה,
און עס קלינגען פּושקעס...
און אַ פּיקסעל זאָגט אַ הספּד,
אַז עס שניידט די קישקעס...

# איין איבּערקעָרנִיש.

און די לופֿט איז פֿולל מיט זיפֿצען,
פֿולל מיט בּרעננענדיגע טרערען;
מיט'ן לעצטען גוסס־אָטהעם,
פֿולל חרמות און פֿערשוואָרען.

פֿולל מיט אַסבּרה, קרופּ און מאָזעל
פֿולל מיט טיפֿוסען פֿאַר הונגער...
נור די קלאַווישען בּעריהרען
דיינע שמאַלע, לאַנגע פֿינגער —

איין איבּערקערניש אויף אַללעם!
ווי די טאָנער טאַנצען, שפּרינגען,
ווי די לופֿט ווערט פֿולל מיט לצים,
רויטע מיצליך, און זיי קלינגען

מיט די קליינע זילבּער־גלאָקליך,
האָבֿער, האָבֿער און געדעבֿטער...
שוין פֿערשווינדען אַללע צרות
און די וועלט איז פֿולל געלאָכֿטער!

שכּור טאַנצען אַללע בּלומען
וואָלדער, טייבֿער קאַנקאַניערען...
די לבנה ווינקט מיט ד'אויגען,
אַללע שטערען קאָקעטיערען...

אַללע שטערען, — דיינע אויגען,
איך הייבּ מיט דיר אָן צו זינגען,
און די גלאָקליך אויף די מיצלעך
קלינגען, קלינגען — נור זיי קלינגען!

# פְרַיי אוּים נַאֲדְסַאָן.

1

קוּם שוין, קוּם, אָה, נביא! מיט דער גאַנצער קראַפט,
פון אונגליק און פון ליעבע רופען מיר צו דיר!
קוּק ווי שוואַך מיר זעננען, מיעד און אָבגעשלאַפט,
ווי שטאַרק עס איז דער פיינד, ווי אונבעהאָלפען — מיר.

עס איז די לעצטע צייט; אָה! ראַטיווע פון שאַנד;
דאָס געוויססען שלאָפט, די נאַכט איז אָהן אַ שטראַהל;
פערלאָשען שוין די בושה, פעראירט איז דער פערשטאַנד,
און די מיטטעלמאָססיגקייט פרעדיגט איבעראַלל!

2

ביסט דו מיין פריינד,
אַהער גיב דיין האַנד!
מיר וועללען שטרייטען
און ליידען בייגאַנד!
פיינד? שטעלל דיך פריי,
פעסט מיר אַקעגען!
נור אַראָב פון וועג
אויב ס'איז דיר נישט געלעגען!

3

מיט פערל פון טוי
ציערט זיך אוים די נאַכט...
(אָ! שרעקליכע געדאַנקען
לאָסט אַ רגע אָב!)
אָט אַ פויגעל ריהרט זיך
אין די צווייגען זאַכט...
אַ פיצענקעלע שטערען
אָט, אָט, פאַלט אַראָב!

(אָ! שרעקליכע געדאַנקען,
אַ רגע זייט געלאַססען!)
דער לבנה'ס שטראַהלען
ציהען זיך און ציהען
אויפ'ן שטיללען טייכעל
און לייגען זיך א'ן פאַססען —
(טרויריגע געדאַנקען,
לאָסט אַ רגע רוהען!)
ווי שטילל זיי זיך בעוועגען,
ריהרען אויף און אָב...

(אָה! שרעקליכע געדאַנקען,
לאָזט אַ רגע אָפּ!)

4

זאָגט נישט, אַז ר'איז טויט,
ניין, ער לעבט, ער לעבט!
אָבגעפּליקט די רויז,
נור איהר אָטהעם שוועבט!
צובראָכען איז די האַרף,
ס'וויינט דאָך דער אַקאָרד!
צוהאַקט איז דער אַלטאַר,
ס'פייער ברענט נאָך פאָרט!

5

מיר האָט זיך גע'חלומ'ט:
מיט אַ גרויסער מענגע
געה איך, דאָך בעוואונדער...
געהן, געה'ן מיר לאַנג!
פינסטער איז די נאַכט...
אונטען איז אַ תהום,
און דאָס וועגיל — קריכט זיך,
דרעהט זיך ווי אַ שלאַנג.

אויפ'ן גלייכען פעלזען,
ווי אַ טאַשמע שמאָל —
און די פלאַקקער ברענגען
רייסען אויס אַמאָל

פון פינסטערניש אַ פנים;
עס איז רויה און קאַלט
און, צום שאַרפען בליק,
די ברעמען איינגעצויגען;
צו אַ יונגע ס אָ ס נ ע
אויפ'ן תהום געבויגען
מיט די גרינע צווייגען,
דאַכט זיך — אָט, זי פאַלט!

צו אַ שפּאַלט אין פעלזען,
מאָך-בעוואקסען, שוואַרץ...
און קיין שאָרך, קיין אָטהעם,
שטיל! עס ווייסען אַללע,
אז אַ פאַלשער טריט נור,
שמעטטערט פון דער סקאַלע
אַריין אין טיעפסטען תהום...
דאָך רוהיג איז מיין האַרץ

און מיין טריט איז פעסט!
. . . . . . . . . . .

6

'האָב נאָך געזעהן אַ חלום:
אַ שטאָק-טויבע נאַכט,
און אַ ווילדער פעלזען
וואַקסט אין וויסטען לאַנד;
און די שטוממע נעפּעל
אויפ'ן פעלזענס רוקען
גלייך ווי ברייטע ימים
גיעסען זיך ביינאַנד...

אויפ'ן פעלזען שטעה איך,
אונטען איז אַ תהום,
און מיין שאַרפער בליק
גרייכט נישט ביז צו'ם גרונד...
נור דאָרטען איז נישט פוסטע
דאָרטען רעש'ט און זיעד —
און שטיממען אַללערליי
טראָגט אַרויף דער ווינד!

עס האָרען זיך אין מיטען —
הייזעריגע שרייען,
שוואַכע האַרפּען טאָנער,
זיפצען פון א גוסס...
עס גיעסען זיך צוזאַממען,
וואונדערבאַרע שטיממען,
אָט עס קלינגען שווערדען,
קייטען באַלד און כוסות...

נישט רוהיג איז מיין הארץ
און איך שטעה פערשטאַרט.

. . . . . . . . . .

7

געפעהרליכער אלס צרות,
חרמות און געיאָג,
שרעקליכער פאר קייטען,
גזלנים און געשלאַג
איז די לוסט צו'ם שלום,
עס העלפט נישט קיין פערשטאַנד!
רייס אוים פון הארץ דען שונא
מיט'ן הארץ בייגאַנד!...
עס טהוען וועה די קייטען,
דריקקענד איז די יאָך,
בלומען דאָך אין גאַרטען,
אויף לאָנקעס, אויפ'ן פעלד;
און אויסער פרייען וויללען,
פיהלסט דו, קאָנן מען נאָך
זיך צו גליק געפיננען
אויף דער בלומען־וועלט!

---

8

נור טרויריגע ליעדער,
טרויריגע געדאַנקען,
צו בין איך דען שולדיג?
ס'איז אַזוי מיין לעבען!

עס בליהען מיר קיין רויזען,
און קיין שטערן בלאַנקען —
מען האָט מיר אויך קיין גוטען
חלום נישט געגעבען!

איך וואָלט פרייליך זינגען אָפשר אויך געקענט,
נור אין מיין קראַנצעל שטעקט א שטאָכיגער דאָר'ן,
איהן האָט איינגעפלאָכטען מיט אייזערנע האַנד
מיין מזל, און פון אללעם איז פאַקשיווע געוואָר'ן.

# ער און זי.

## (אַיין אַלט הישפּאַנישע פאַבעל)

עס איזט איינע אַלטע געשיכטע,
אונד בלייבט דאָך איממער ניי...
(הײנע).

מאי — נור ער איז אין טאָלעדאָ געוועזען,
און דאָרט איז נישט היימליך די נאַכט...
עס ציטטערט דער היממעל; לבנה און שטערן
שווימען דערשראָקען, פערשמאַכט —

מאי — נור ער איז אין טאָלעדאָ געוועזען;
וואו פּרעכטע מאַרמאָרינע ריעזען
שטאָכען מיט חוצפה דען היממעל דען בלאָהען
מיט גאָלדענע, קרייציגע שפּיזען —

מאי — נור עס זינגען קיין פייגעל, עס ווערען
נור קירכען־געזאָנגע געהאָרט,
געמישטע מיט קראָכצען, געשרייען, און שלאָכצען,
עס דאַכט זיך — פון אונטער דער ערד!

מאי — נור עס סוד'ען זיך דאָ נישט קיין בלומען,
די גלאָקען זיי מאַכען זיי טויב!...
עס טראָגט דער זעפיר 1) נור דען אש פון נשרפים,
פון אויטאָ־דע־פעען 2) דען שטויב!

---

עס שטאָכען די שפּיזען, עס קלינגען די גלאָקען,
די קירכען געזאָנגע — זיי וועקקען
פער'כשופ'טע הייזער, סטאַטועען 3), פּאַלאַצען,
— עס דאַכט זיך — מיט בלוטיגע פלעקקען!

---

1) לייכט ליפטעל. 2) א שטוים האָלץ אויף וועלכען מען פערברענט מענשען.
3) שטיין־בילדער, פסל.

דאָך אונטער טאָלעדאָ דאָרט ליגט אַ גן־עדן
מיט בליטהען און בלומען, און בלאָטטער —
און דאָרט אין גן־עדן — עס דאַכט זיך — רעגיערען
פיעל בעססערע, מילדערע גאָטטער...

---

מאַי — און ער איז אין גן־עדן געוועזען,
אַ וואַרעמע ליכטיגע נאַכט!
ווי אין אַ ים אינ׳עם הימעל, אין בלאָעם
שווימט די לבנה פערטראַכט!

עס בלאַנקען די פריילינע, לוסטיגע שטערען,
אין גאָרטען איז פריש אַלץ און גרין;
עס בלאָזט זיך אַ שטיליטשקע ווינטעל און טראָגט
די דופטען 4) פון בעז און יאַשמין;

זיסס ערגיץ טריללערט אַ פויגעל פון וויטען,
און גיעסט אויס זיין הארץ אינ׳ם ליעד
פון בענקען און טרייסט, פון ליעבע און גלויבען,
און טריללערט, און ווערד גאָר נישט מיעד.

עס טריללערט דער פויגעל, עס סוד׳ען זיך בלומען,
בענגאָססען מיט הימלישע טרערען...
מאַי אין גן־עדן! — און „ער" און „זי" זיצען
פער׳כשופ׳ט, פער׳חלומ׳ט און הערען.

עס וועקט איהן איהר טרויערהאַפטע שטיממע, — „אַ דיכטער,
פערצייל מיר פון דיינע מאָטיווען!"
דער דיכטער ערוואַכט ווי פון חלום און ציטטערט,
אַנטפערט גאַנץ שטילל: איך וועלל פּרייוען...

---

— „טהייל גרויסע — פערציילט ער — קושט גאָטט ביים שטאַרבען,
די אויגען — זיי ווערען ערפילט
מיט נחת מיט שטיללען, מיט ליכט פון גן־עדן,
די שמערצען — אין גאַנצען געשטילט.

---

1) רחות.

עס לאָזט אַ גאַלל=טראָפּפּען דער מלאך המות
דען טראָפּפּען, דען מוזען זיי ניפּפּען!
דאך זים איז דער קוש, און עס ווערד פונ'ם טראָפּפּען
נור האָניג אויף זייערע ליפּפּען.

מיין העלד פון מיין פאַבעל איז גרעסער געוועזען,
פרידר נאָך האָט גאָטט איהן בעגליקט,
ער האָט געקושט זיין נשמה אין — אוצר,
ווען ר'האָט אויף דער ערד זי געשיקט"...

---

„צווישען די גרויסע געוועהלטע
איז ער געשטאַנגען גאַנץ הויך;
פון גאָטטס קוש איז הייליג געוואָרען
יעדער געדאַנקען אין מח!

פון גאטטס קוש איז הייליג געוואָרען;
יעדעס געפיהל אין דער ברוסט;
יעדערער ?עזט אויף זיין שטערען;
גאָטט אלליין האָט איהן געקושט.

איהם שפאלט זיך דער הימעל אין ד'אויגען,
זיין יעדעס וואָרט איז אַ ליעד — — —

— „האָרסט ווי די נאַכטיגאַלל טריללערט
און טריללערט, און ווערד גאָר נישט מיעד...

עס קאָנן זיין, אַז זי איז זיין גלגול...
מיט איהם איז גאָר זעלטען געשעה'ן —
ער האָט דאָס גיהנם —- טאָלעדאָ,
ער האָט הישפּאַניען געזעה'ן!

. . . . . . . . . . . . .

הישפּאַניען זעהט אוים ווי אַ שלאַכט=הויז..
ער זעהט זיינע ברידער ווי שאָף,
שטרעקקען דען האלז אוים צו'ם מעססער
לויפען אַ געגען דער שטראָף!

פֿערדאַרט און פֿערברענט זעננען ליפּפּען,
פנימ'ער — בלאַססער פֿאַר קרייד,
און גוססען און שטאַמלען נור ודוי,
און שטאַרבען פֿאַר שרעק פֿאַר דער צייט.

טהייל קושען דאָס מעססער ביי'ם שטאַרבען,
טהייל דאַנקען נאָך גאָטט פֿאַר דער שטראָף —
ער זעהט זיינע ברידער פֿערלוירען,
פֿער'כשופ'ט אין לאָממער, אין שאָף!

האַרץ־בלוט פֿערגיעסט זיי די אויגען —
שכּור און דולל פֿון דער נויט;
און אָח! אויף די פֿינסטערע שטערען
ענגט זיי אין אויפֿשריפֿט: „צום טויט!"

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פֿינסטער קוקט ער אויף די זייטען —
קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון,
קיין דרום — ער האָרט נור אַ חראַפּען,
אַ חראַפּען — טהייל גוס'ען, טהייל שלאָפֿען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און ווי היינט איז זיך געשטאַננען,
אַ וואַרימע ליכטיגע נאַכט.
מאַי — אין אַ ים, אין אַ בלאָעם;
שווימט די לבנה פֿערטראַכט.

עס בלאַנקען די לוסטיגע שטערען,
זיי בלישציען און ווערען נישט מיעד;
און זעפֿיר מיט בעז און יאַשמינען...
די נאַכטיגאַלל טריללערט איהר ליעד...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס בילד האָט געמוזט איהם אויף אייביג,
דאָס בלוט אין די אָדערן סמ'ען,
פֿריאָגען די גאָלדענע טריימע 1),
אָנצינדען בלוטיגע פֿלאַממען...

פֿערווישט שוין גאָטס קיש פֿון די ליפּפּען,
עס ברענט שוין אַ קללה אויף זיי,
פֿייער און פֿלאַם איז זיין קללה—
עס האָרט זיך זיין ווילדער געשריי:

„פּראָטעסט געגען שאָף, געגען לאָממער פּראָטעסט,
וואָס זאָגען נאָך ודוי, וואָס קניען...
פּראָטעסט געגען גוס'ען און שטאַרבען פֿאַר שרעק,
פּראָטעסט געגען שלאָפֿער, וואָס רוהען".

„פֿון בלישטש פֿונ'ם חלף ערוואַכען זיי ערשט,
אום באַלד צו פֿערגעהן אינ'ם בלוט...
פּראָטעסט געגען הימעל וואָס בלאַנקט אַזוי בלאָה,
און שמייכעלט אַקעגען דער רוטה!"

פּראָטעסט אויף דער ערד, וואָס זאַפּט זי דאָס בלוט?
און ער דאָרט — וואָס מאַכט ער אַ שווייג?!
דער פֿויגעל פֿערשאָלטען, וואָס זינגט ער זיין ליעד,
זיין ליעבעס ליעד אויף דער צווייג?!"

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און גאָטס קוש האָט גאָר נישט געהאָלפֿען;
פֿערשווינדען חלומות און גליק,
עס ברענדט אינ'עם מח נקמה,
גיפֿטיגע מעססער — אין בליק.

פֿער'סמ'ט איז זיין בלוט אין די אָדערן,
פֿערשאָלטען דאָס לעבען, די וועלט—
פֿערשאָלטען דער אָרימער פֿויגעל, —
ער לויפֿט אין די גאַססען און שעלט!

1) פֿון חלומות.

אונ וואו ער קומט זיעדען=אויף הערצער,
דער כשוף — פערשווינדען, פערווישט — — —
מען האָרט שוין די ודוי פון מענשען
מיט קללות, חרטות געמישט.

עס הייבען זיך האַנד אויף אונ דראָהען,
אונ ער לויפט אַלץ ווייטער אונ וועקט...
די האָאר צופלויגען ווי שלאַנגען,
פון בלוט זיינע קליידער געפלעקט,

פון האַרץ מיט אַ בלוטיגער ראַנע,
טריעפט אונ עס צייכענט זיין וועג,
אונ וואו נור עס דאָננערט זיין שטיממע,
שנייט אין די הערצער אַ זעג.

עס זעגט אין די הערצער זיין שטיממע,
אַ בלוט=רויטער פאָהן אין דער האַנד...
עס ציטטערט טאָלעדאָ, הישפּאַניען!
נור ליידער —

— „דער סוף איז בעקאַנט",

אַנטפאָרט זי טרויעריש טרויריג,
„עס קלינגען מיר קייטען אין ד'אוירען...
אויפשליעסען — הער איך — פערשליעסען — — —
עס סקריפּען די אייזערנע טוירען..."

ער אַנטפערט איהר פינסטער: נאָך אַרגער —
— „וואו וועסט דו דיין העלד נאָך פערפיהרען?"
זי חאפּט איהן די האַנד אַן דערשראָקען:
„צו וועסט איהן לאָזען מ ע ר ט י ר ע ן 1)!"

„דו לאָזט איהן פערברעננען?"
— „נאָך אַרגער:
— „נאָך אַרגער? וואָס קאָנסט דו דען מעהר?
אַ שמייכעל פערקרימט זיינע ליפּפּען,
ער ענדיגט: נאָך אַרגער... נו האָר!

---

1) אַנטוהן עינויים קשים.

— „וואָס האָבער דער מענש איז ביי גאָטט —
מעהר מישט זיך דער טייפעל אריין;
עס קומט אויף זיין וועג אַן געפלויגען;
פון וויטען אַ צויבער־רידוואן 1)

געשפאַנט איז דער וואָגען מיט מענשען,
מיט מענשען פער׳כשופט אין פערד;
זיי פליהען און שפריצען מיט פייער,
און — ריהרען קוים לייכט אַן די ערד...

אין יואָגען דאָרט זיצט אַ מכשפה;
מיט אַ שפיצרוטהע אין דער האַנד,
ליליען־בלאַס איז איהר פנים,
נור ד׳אויגען, אין ד׳אויגען אַ בראַנד!

אַח, טיעף ווי ס׳גיהינם די אויגען,
און אין זיי גן־עדן — א תהום...
זיי שפריצען מיט שטראַהלען, און זעעלען 2)
זאַפען זיי איין ווי א שוואָם...

און ליפפען, אַח, האָט זי — צוויי רויזען,
האַלב אָפפען, אָט, אָט — דאַכט זיך — פליהט
פון זיי אויס די הייליגסטע פאָרמעל 3),
א צו־זאָג, א מאַגנעט, וואָס ציהט

מיט צוואַנגען אויס האַרץ און געדאָרעם;
און קישען, וואָס גיפטען, פער׳סמ׳ען
דאָס בלוט אין אָדערן, גיעסען
אין האַרץ אריין פינסטערע פלאַממען...״

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„און „ער״ איז געבליבען פערשטיינערט,
פערוואונדערט אויך קוקט אויף איהם „זי״
און שטעהן איז דער רידוואן געבליבען;
און ער איז געפאַללען אויף די קניע״!

1) פער׳כשופ׳טער וואגען. 2) נשמות. 3) אויםשפרוך.

ער שווייגט און זי מאָהנט זיך די רעשט —
ער זאָגט איהר: דער סוף איז בעקאַנט,
פער'כשופ'ט אויף אײביג, מיין העלד,
ער פליהט שוין אין רידוואַן געשפאַנט!

ער פליהט שוין און שליידערט מיט פונקען,
ווי אַללע בעצויבערטע פערד —
און שטילל שוין און אוים פראָטעסטירען — —
שטילל שוין אויף הימעל און ערד!

פון ווייטען נאָך רוישען די ראָדער,
פערד אַמאָל הערט מען נאָך סאַפּען,
שטילל מערב און מזרח, און צפון,
און דרום — מען הערט נור א חראַפּען.

טהייל שלאָפען, טהייל גוס'ען, טהייל שטאַרבען,
טהייל לויפען אַנגעגען דער שטראָף,
עס שטרעקען שוין ווייטער די האָלזער,
די מענשען, פער'כשופ'ט אין שאָף;

מען ברענט און מען קוילערט, נור שטיללער,
אינ אָך — ווי אַ שוואַס איז די ערד!
דאָס בלוט, וואָס וויל זידען און קאָכען,
זאַפט עס פון אונטער דער שווערד...

און שטילל איז דער הימעל דער בלאָהער —
עס בלאַנקען לבנה און שטערען,
בעז און יאַשמין אינ'ם ווינטעל,
דער פויגעל לאָזט ווייטער זיך הערען..."

---

—„שוועריג — זאָגט זי — אין דיין פאַבעל!..."
עס ווייזט זיך אַ פינסטערער פלאַם
אין זייבע אויגען. ער זאָגט איהר:
„עס איז נישט קיין פאַבעל, מאַדאַם..."

„פאַר מיינע אויגען — טאָלעדאָ!
דאָך שוואך איז די דיכטער־נאַטור!
און צונדערט אויך פיהל איך ווי ס׳רוקקען
פון קאָפּף מיר אויף ד׳עקסעל די האָאר...״

„און שטייף ווערד די הויט מיר גאָר זעלטען!
איך פיהל מיך גאַנץ פערדיש, מאַראַם!
און סאָפּע און לויף איבער וועלטען...
מיר דאַכט זיך אַזוי, מן הסתם!״



# דער כוס.

פון פרוג.

זאָג מיר מאַמישי, איך בעט דיך,
איז דאָס אמת, וואָס עס האָט
מיר פערצעהלט דער אַלטער זיידע,
אַז אין הימעל דאָרט פאַר גאָטט

שטעהט, כביכול... שטעהט אַ בעכער;
און ווען מיר קוועהלען זיך דאָ שווער
האָט דער גרויסער גאָטט רחמנות,
לאָזט אין כוס אַריין אַ טרער? —

— אמת, קינד מיינס!
— זאָג נאָך, מאַמע,
איז דאָס אויכ׳ט אמת זעכער,
אַז קוממען דעמעלט וועט משיח
ווען פערפולט וועט זיין דער בעכער!

— אמת!

און דאָס קינד פֿערקלערט זיך
וואַרט אַ רגע טרויעריג שטילל
פֿראַגט דערנאָכטען: יוען׳זיע, מאַמע,
ווען דער בעכער זיין שוין פֿולל?

און ער הייבט די בלאָהע אויגען
טרויעריג צו דער מוטטער אויף;
„צו איז אָהן אַ דנאָ דער בעכער,
וואָס מיר ליידען אָהן אַ סוף?

וואָס מיר ליידען אוים אין גלות
און דער כּוס וויל פֿולל נישט ווערען!
אָפּשר טריקנען דורך די יאָהרען
אינ׳ם בעכער אוים די טרערען?

און צורודערט בלייבט די מוטטער
אויפֿ׳ן פֿרוממען קינד געבויגען,
און עס ציטטערן די ברעמען
איבער טרויריג־פֿייכטע אויגען

און עס פֿאַללען צוויי בריליאַנטען
אויפֿ׳ן קינד׳ס פֿערקלערטען שטערען!

. . . . . . . . . . . . .

גאָטט אין הימעל, האָב רחמנות,
נעם אין כּוס אַריין די טרערען!



# אן אדום:

(לויט היינע).

לאנג שוין ליידען מיר זיך ביידע
ווי עס פאסט פאר ברידער פיינע;
דו ליידסט, נעביך, אז איך אטהעם,
און איך די — שגיונות דיינע!

לאנג שוין ליידען מיר זיך ביידע —
טהייל מאל פון מיין קראנק געריהט,
האסט דו מיט די פרומע לאפקעס
מיר די קישקעס מאססאזשירט!

און אז ס'איז מיר נאכט געווארען,
האסט דו לאמפליך אנגעצונדען
פון מיין חלב... און אויף קנייטליך
פון מיר אדערן געשונדען...

אונזער פריינדשאפט וועט צונד שטארקער,
איך וועלל אויך די קונץ שוין קאננען;
איך וועט ראזענדער פאר דיר,
די געהירען — פיהל איך — ברעננען!

# דער בַּעַל־עֲגָלָה.

(אַ שמועס).



I

— וואָס פֿאָהרט איהר נישט, יוד?
— „דער וועג איז שלעכט,
די בלאָטע — געדעכט,
דאָס פֿערדיל מיעד!"

. . . . . . . . . . .!

„עס ארבייט מיט די זייטען,
מיין בידנענקע פֿערד!
נישט דאָס וואָס פֿערצייטען —
אַלס איז אין דר'ערד!"

„הויט אונ ביין ס'פֿערדעל,
אונ גלייבט מיר בעל־הבית,
אפילו דער מענש
איז אויך שוין נישט דאָס!"

2

עס שלאָפֿט דאָס פֿערדיל
אין בלאָטע, אונ שלאָפֿט,
דער הימעל האַלט אונטער
אונ קאַפּט, אונ קאַפּט...

עס נעמט דורך די ביינער,
עס שווידערט די קעלט...
דאָס נעבעל פֿאַלט טיעפֿער
צראָב אויפֿ'ען פֿעלד!

אונ אויבען, אונ אונטען,
אַלס גראָהליך, אונ שיטטער...
ער זיפֿצט אַלס־אין־איינעם:
„די צייט איז גאָר ביטטער!"

שוואַך איז זיין שטיממע
אונ טרויריג אָהן שיער...
איך וויס נישט, צו רעדט ער
צו זיך, צו צי מיר?...

3

— וואו נעמט מען די אַלטע..?
וואו נעמט מען די יאָהרען,
מע'פֿלעגט דאָך מיט פֿערדליך
ווי לייבען צו פֿאָהרען,

„פֿון גאָט אַ פּרנסה, —
ס'איז גאָר נישט פֿערהאַנגען...
אויב וואָהל אין מיין וויעג
איז קיין בייטש נישט געשטאַנגען..

„געלערנט אין אחדר...
נור — זעהט איהר שוין — פּטור!
אַבי אַ פּרנסה,
אונ גאָט איז אַ פֿאָטער!"

„געווע'ן דאָך אַ תענוג,
איהר מאָגט עס מיר גלייבען...
אַ פֿייף, און עס פֿליהען,
די פֿערדליך ווי לייבען..."

„די בייטש נור פֿאַר גאוה...
קנאַקט אָבער, און אָבער...
קנאַקט אין דער לופֿטען;
עס פֿעהלט נישט קיין האָבער!

---

4

„אוי, ס'איז געוועזען
גאָר אַנדערע צייטען;
אַ מענש האָט געלעבט
ווי עס לעבט זיך ביי לייטען!

„זאָט איז דאָס פֿערדיל,
דער בעל-עגלה...
געשפּאַנט שוין די בריקע
באַלד נאָך הבדלה...

„מע'אַרבייט — איין אייזעל,
עס פֿלעגט דאָך צו לוינען...
אַהין געהט די בריקע
מיט קנאַפּ גאָר פֿערשווינען...

„נור טויזענטער רובעל
געטרויעט כּמעט אַ יודעל!...
מע'זיצט אויף דער קעלניע,
מע'זינגט זיך אַ ליעדעל!

„זדראָוואָ די פֿערדליך,
קיין זאַלע, קיין סאַפּ...
נור העיטאָ און ווישטאָ...
ניש' זעלטען — אַ קאַפּ...

„און דאָס איז געוועזען,
ד'בין מודה, אַ זינד...
און אָפּשר בעצאָהלט מען
דערפֿאַר אונז אַצינד!...

„וואָרען (פֿערשטעהט איהר)
„אַ קאַפּ איז די טייטש:
איין איבריגע קללה,
אומזיסטיגע בייטש,

„אַ בעל-ע ג ל ה'ס
אַ קונצידיג מאַיען,
מע'האָט נישט געקוקט שוין
אויף צער בעלי-חיים...

„מע'האַקט אין די זייטען
מע'מאַכט זיי שיעור בלינד...
וואו נעמט מען די פֿערדליך,
וואו נעמט זיי צינד!

„וואו נעמט מען די פֿערדליך,
איך וואָלט זיי געקושט!"
ער האָט זיך בגנבה,
די אויגען געווישט...

---

5

— „עס אַארען די פֿערדליך
קיין שניי און קיין רעגען,
פֿרייטאָג פֿאַר צוועלפֿען,
צוריק שוין די וואָגען!

„פֿערשפּייזט דאָס שטאָדיל,
די קראָמער אַ ראָדעל...
ס'חאַפּט יעדער זיין פּאָקעל...
איך זיץ שוין אין באָדיל.

„און גאָר אויף „ע ל י ו נ י ם",
און קום אַ היים פֿריש...
דער שמייסער שיט האָבער,
און פֿריידיל קאָכט פֿיש!

„און איך בעל-עגלה
בין רייכער ווי קרח,
און נעם מיר אַ היים נאָך
אויף שבת איין אורח...

6

„אַ שילכעל, האָב מיר
געהאַט גאָר בעזונדער;
אַ קליינטשיקס, אַ פּיצעלם
נור שיין גאָר אַ וואונדער!

„געמאָהלט — אַ מחיה —
די טישען, די באַנק...
פֿון יעדען וועג ברענגט מען
דער שוהל אַ געשאַנק!

„געהט אייזען — נו ברענגט מען
אַ שלאָס צו דער טהיר;
געהט קופּער — אַ צאַפּען
א נייען צום כיור.

„אַ שייבעל צום מזרח
טרעפֿט זיך — אַז גלאָז...
און אַזוי פֿיהרט זיך;
דער יענץ און דער דאָס!

„מע'קלאַפּט נאָך צוזאַמען,
צו גראָשען כמעט,
און ס'קריעגט שוין די תורה
אַ כתר, א יד.

„עס קלינגען די גלאָקלעך...
איך פֿיהל מיך בעל-הבית...
דער ע נ ג פֿון ש ב ת.
איז אויך שוין נישט דאָס!

7

„געווע'ן גוטע יאָהרען,
וואָס פֿראָגט איהר אַ קשיא!
אַ קוגעל... אַ דרימזעל...
און חומש מיט רש"י...

„מיר האַלטען אַ רבי'ן...
דאָס תורה'לע ציהט...
אַ שאָד — ר'איז געשטאָרבען...
אַ כשר'ער יוד...

„איהם האָב איך טאַקי
אין חדר געגעבען
צו די דריי יאָהר
מיין נטע'ל זאָלל לעבען;

„עס ווייזט זיך מיין נטע'ל,
אַ קאָפּעל — נישט קשה!...
צום פֿערטען יאָהר — חומש...
אַ שמחה, אַ דרשה!

„דערנאָכטען — בר-מצוה —
עס פֿליהען די יאָהרען.
דער רבי זאָגט: ממש —
אַ ווילדער זכרון..."

8

„און ער איז געראָטען,
אַריין אין דער מאַמען;
ד'אייגעלעך ברענגען.
די בּאַקעלעך פֿלאַממען...

„דערצו נאָך אַ דימענט,
אַ שטיללער, אַ מתון,
אונ גאָט האָט געהאָלפּען
ער ווערד שוין אַ חתן...

איך פאָהר דאָך אונ פאָהר
אונ זעה אַ שטיק וועלט;
איך זוך נישט קיין יחוס,
חלילה, קיין געלד...

„איך טהו מיט אַ [illegible]טער...
איהר האָט געמוסט האָרען
אַמאָל פון עקיבא׳ן...
דער עקר — דאָס קרן,

„גאָר טאַקי איין אוצר,
אַ מיידל — אַ־רויז...
עס פרייד זיך מיין פריידעל,
די שמחה גאָר גרויס!...

„פערזאָרגט איהר בן יחיד...
ווי גאָטט האָט בעשערט!
ױ חאַפּט אַללע כלים
אונ טראַסקעט אין ד׳רערד!...

9

„געוויסס שוין די מעשׂ,
נישט איינמאָל געהאָרט,
עס ווירקט דאָך דאָס „טראַסקען" –
זעהט אוים — אויפ׳ן פערד;

עס הייבט אויף די פיסלעך
עס געהט שוין געשווינדער.
— אוי — קרעכצט — דער אַלטער —
דאָס נחת פון קינדער!

אונ אַז פון דער חופּה
מיר געהן צוריק...
ווער מ׳ר שיער ביידע
משוגע פאַר גליק...

צובעטשעט זיך פריידעל
אונ טאַנצט מיטען קובען...
אונ מיך אַזש צוזעצט עס,
אונ הייב אָן צו פלובען!...

10

— אַ מענש וויל זיך נאַרען,
וויל אַלס פערזאָרגען;
היינט איז איהם ווייניג,
אַלץ שפּאָטער, אַלץ מאָרגען...

אַ זוהן? נאָך איין אָנעק...
מע׳האָפט אויף משיח׳ן,
ווינדעלעך, שניערען,
פון לייליכער ציעכען!...

אונ ס׳איז געוועזען,
וואָס קלערט איהר, „ליהודים"!!
איך שלאָף אויף דער קעלניע,
אונ טהייל די כבודים!

אונ פיהר אין דער בריקע
אַ וויעג, אַ פלאַש וויין!...
אַ בראָך זאָלל געשעהן נור
דער הינטישער באַהן!"

11

— „אוים בריקעס — וואַגאָנען!
עס פייפט שוין אונ קנאַקט!
טויט בעל־עגלה׳עס,
בעוואַקסען דער טראַקט...

עס פליהט אין אַ זייט גאַר,
עס פייפט אונ עס לויפט!...
איינס נאָכ׳ן צווייטען
די פערדליך פערקויפט...

דאָך נישט ווי עס רעדט זיך,
נישט אַזוי באַלד;
יאָהרען לאַנג פאַלט מען...
מע׳פאַלט אונ מע׳פאַלט...

עס ווילט נישט גלייבען...
מע׳וואהנט נישט אין פעלד...
עס געהט קיין רציחות...
אַ וועלט איז אַ וועלט!

ביז ס׳איז געוואָרען
פון הייזעל אַ חורבן...
פערפוילט שוין די בריקע...
מיין פריידעל — געשטאָרבען..."

12

— „ז׳איז נעבעך געגאַנגען
פאַר נו׳ט פון דער וועלט...
אונ קיין מצבה
עד היום געשטעלט..."

„ביי׳ם שׂכל געשטאָרבען...
זי זאָגט אַזוי גלייך;
איך וועל מיך מיהען
אין הימעל פאַר אייך".

ד׳וועל מאַכען קולות,
זיין רחמים זאָל זיעדען!
אונ זאָלל נישט פערלאָזען
איין עדה מיט יודען

זאָלל שטאַרבען פאַר הונגער!
דאָס איז נישט קיין קונץ...
אַ זאַגערין איז זי
געוועזען ביי אונז

אין עזרת נשים...
גאָקענט האָט זי זאָגען!
נור ווער ווייסט, צו וועט זי
זיך דאָרטען דערשלאָגען.

דאָרט איז מעהר ספּראַוועס,
ווי דאָ, מן הסתם...
אַ וועלטיל מיט יודלעך;
אונ כחול הים! —

פאַר איהר איז דאָך גלייכער
אַז ז׳האָט נישט געזעה׳ן...
די שפּעטערע זאַכען...
איז ניי׳ם נאָך געשעהן!..."

13

זיין שטיממע ווערד שוואַכער
אונ רייסט זיך איהם אָב.
עס געהט שוין געשווינדער,
דאָס פערדיל באַרג אָב,

בלאַס שווימט די בלאַססע
לבנה אין דער הייך,
ער דרייט זיך איבער
צו מיר אַזוי בלייך

און טרויריג, און זאָגט:
עס לעבט זיך נישט גרינג..
עס שלעפּען זיך צרות,
אַ רינג נאָך אַ רינג.

„אַ קייט אויפען האלז!...
ענטלויפט מיר דער זוהן,
ענטלויפט דער בן יחיד...
גאָט ווייסט וואו אַהין...

לאָזט־איבער אַ טאַטען...
לאָזט־איבער אַ ווייבעל...
אַ פרומע נשמה,
אַ שטיללע — אַ טייבעל.

זי וויינט נישט, זי רעד נישט...
זיצט איבערגעבויגען,
איבער דעם וויעגעל,
עס רעדען דאָך ד'אויגען...

און שלאָפט זי דאָס קינד איין,
(אַ קול האָט זי — צוקער...)
וואָס זאָלל איך אייך זאָגען —
עס פאַלט פון מיר שטיקער!"

14

— „אָט, איין עגונה,
פערהאַקט און פערשניטען...
פריהר, חאָטש אַ סמיכה!...
ס'טייטש... דער מחותן...

ער האָט דאָך אַ מחיה,
בעריהמט איז עקיבא'ס
וואַרשטאַט אין שטאָדטיל,
אַרום די סביבות.

פון זיינס אַ פאָר שטיוועל,
פלעגט מען דאָך קוועללען...
עס זיצען ביי טישלעך
אַ צעהנדליגג געזעללען.

און נישט צו געניעגען —
עס פעהלען נאָך יונגען...
עד לב השמים —
דאָס קלאַפּען, דאָס זינגען...

און שיך פאַר'ן שטאָדטיל,
און שטיוועל פאַר פוירען,
פאַר פריצים — קאַמאַשען...
שטאַרק! עס זאָלל דויערן!

פון אייגענע לעדער...
איך פלעג זי ברענגען,
ער פלעגט זי שניידען,
אויף בּרייטען, אויף לאָנגען

מע'האָט איהם אויף כמה
וכמה געשאַצט...
מאַכט זיך דאָס באַהן'דיל...
עקיבא'לע פלאַצט...

וואַרשוי פערפליצט שוין...
קאָנן בעססער די תורה!
און בחצי חנם...
פון גנבה'שע סחורה!

און ס'זעצט אָן'עקיבא
מיין בידנעקער שניר
די קאָסט מיט'ן נדן,
ציגד איז זי ביי מיר...

נאָך בעססער ווי דאָרטען...
גאָטט זאָלל בעשיצען...
ער מאַכט די כּוסה...
דריי מיידען נאָך — זיצען!...

15

— „און נישט נור מיר ביידע! —
אללע געהן טאנצען!
עס זינגט, גאָטט זאָלל היטען,
דאָס שטאָדטיל אין גאַנצען:

אוים בעל־מלאכה׳ס,
דעם קראָמער נישט גרינגער
סוחרים און מעקלער
שטאַרבען פֿאַר הונגער...

געמאַכט אַן אַ חורבה,
זאָלל זי נור קראַנקען!
עס זיצען בעל־בתּים,
פֿאַר טרפה׳נע שענקען...

ווער האָט אויף פּאַטענטין?...
מען האַנדלט מיט גנבות!...
פֿריהר זיצען זכרים,
דערנאָך די נקבות

און ס׳שטעלט זיך ביי׳ם קוואָרטיל
אַ דיענסט, אַ משרת...
און — אֶל־מלך יושב...
וואָס קלערט איהר? ס׳אי׳ צרות!

עס וואַקסט נור דער וואָכער...
ער האָט זיך פֿערלייגט
אויף אונזערע קברים,
און נאָגט נאָך, און זייגט..."

16

— „און מיך פֿלעגט מען שעלטען
און זידלען, און פֿלוכען...
וואו נעמט די באַהן שוין...
מען האָפֿט אויף משיח׳ן!

איך בין דאָס גלות,
די באהן איז משיח,
עס זאָלל איהר אין טאַטענס
טאַטען אַ רוח!...

צינד קריכען פערשווינען
ווי קיפקעלעך ביינער;
און מאַכטען די בלאַטע,
און צעהלען די שטיינער...

דער פריץ ווייסט דאַנציג;
ער קאָנן שוין די תּורה!
מען דארף שוין קיין סקלאַדעס,
קיין לאַגער אויף סחורה...

מע׳קויפֿט אַלץ אין ווארשאַ,
אַ ראַק און אַ שטיעוועל...
מע׳דאַרף גאָר נישט פֿאָהרען;
מע׳שרייבט נור אַ בריוועל...

און דאָ געהט מען ליידיג,
און פּיסטע און פּאַס...
עס פֿאַללען בעל־בתּים
פֿאַר הונגער אין גאַס!"

17

מע׳קריגט זיך פֿאַר צרות!
דער שׂחט און דער אסערט,
און שלאָג, און חרמות,
מע׳ברענגט און מע׳מסר׳ט,

אַ העק פֿונ׳ם שטאָדטיל,
אַלץ אויפֿען פּנים...
און פֿיער׳ערליי שוחטים,
און פֿיערצעהן רבנים:

א חלול השם

זייט עטליכע יאָהרען...
צוויי פיהרט מען עטאַפּאַם,
דריי קוממען צופאָהרען!"

18

אַט ווייטער אַ טאָהל,
דער וועג איז שוין שווער!
עס רייסט זיך דאָס פערדיל
אַהין און אַהער!

און ליימיג, און גריביג,
טהייל אָרטער געפרוירען,
עס שפּרינגט שוין דער חאָמאָנט
דעם פערד איבער ד'אוירען.

עס סאַפּעט און רייסט זיך,
אַט, דאַכט זיך, עס פאַלט...
עס שווימט אַרום פלוצלינג,
פון נעבעל א וואַלד...

איך האָר שוין דאָס רוישען,
דאָס סוד'ען, דאָס זשומען,
— „דער וועג וועט זיין בעסער,
נור טאָר מען נישט „דזימען"!

אין וואַלד איז נישט רוהיג,
עס געהט היינט א גאַנגיל:
יעקב צום קוואָרטעל,
עשו צום דראָנגעל"

19

— „אוי, גוטע צייטען!
וואָס זאָלל איך אייך זאָגען...
א גאַנצע וואָך — גאָר נישט...
אַ מענש איז דערשלאָגען!

דאָ געהט אַ רעצעפּטיל...
אַ ברייטיל גאָר נעהטיג...
קומט שבת־קדש —
אַ שרעקליכע וועהטיג!

אוים בעל־עגלות!
צו זייעט, צו שפּרייט...
גאָטט זאָלל נישט שטראָפען
מיך פאַר דיא רייד...

עס איז שוין אין קלייזעל
אויך גאָר חלשות,
איך איינער — איין אַלטער,
פולל פנים חדשות...

אוים בעלי־בתים...
ס'וויל קיינער נישט שוינען...
גאָר נישט, נישט זייער...
ס'איז שיינע פערשווינען!...

אַלדינג איז ברודיג,
פער'מושב'ט, פערפּעצט...
די „יד" איז פער'ישב'עט,
דער כתר — פערזעצט...

זיי הייסען דאָך לומדים!...
אַלץ איז פערדאָרבען!...
און פונקט ווי אין קלייזעל —
אין שטאָדטיל אַ חורבן!"

20

— „עס איז געוואָרען
פון שטאָדטיל אַ העק;
די כחות די יונגע
ענטלויפען אַוועק —

ווער קיין אַמעריקאַ,
גאָטט ווייסט ווי ס'געהט'ען...
און לאָזט זיך דאָך מאַהלען
מיט גילדרענע קייטען...

עס ווערען פערשוואונדען
צו צעהן מיט אַ מאָל...
טהייל, זאָגט מען נאָך, פאָהרען
קיין אֶרץ ישׂראל...

ווייס איך צו זאָגען,
וואָס גלייך איז, וואָס קרום?
איך האַלט מיך ביי מיינעם:
גאָט'ס וועלט אימעטום...

איך פלעג מיט פערשוינען,
ביי בעססער'ע יאָהרען,
קיין לעמבערג, קיין קראָקאָ,
קיין פרייסען צו פאָהרען...

איך זעה נישט קיין צייכען...
איך זעה אַ זיאַנדאַר...
ער זאָגט מיר: גראַניצע,
נו, גלייב איך דעם האַר!"

21

— „איך וועלל דאָ בלייבען...
איין אַלטער... אַ שאַרבען,
דאָ בין איך געבוירען,
דאָ וועל איך שוין שטאַרבען!

איך ווייס נישט, עס ציהט דאָך,
דער הימעל, דער וואַלד...
וואָלט נור נישט געוועזען
נאַסס אַזוי, קאַלט...

עס ציהט מיך מיין הייזעל,
עס איז דאָך אַ ווייטיג!...
חאָטש עס פאַלט כּורעים...
אַ שינדעל דאָך — נעהטיג

עס דאַרף אין די זייטען
אי קאַללעך, אי ליים...
איך פיהל דאָך מיך אינ'עם
ביי מיר אין דער היים!

און ווייטער — די מענשען,
אַ דאגה — די שכנים,
חאָטש ד'האָב קיין נחת,
קיין כּבוד פון קיינעם...

אַ בּעל־עגלה...
אַ שלעפּער... נו, טאַקי...
וואָס בין איך? וואָס טייטש איך?
עס ציהט דאָך — די מכּה!

עס דאַכט זיך, מיין שורש
ליגט דאָ אין דער ערד...
ווייס איך? מיר דאַכט זיך!
און ווידער פערקערט:

האַלט מען ביי פאָהרען...
דאַכט זיך מיר פאָרט,
איז אֶרץ ישׂראל,
דאָס איינציגע אָרט...

ד'וויל זעהען, למשל,
אָט, רחל'ס אַ קבר..:
אויך ס'בית המדרש
פון שם און פון עבר...

דאָ ליגט אַ מלך...
אַ כּהן... אַ נביא...
און היינט'שע, די כּותל,
די כּותל מערבי...

און טויזענדער, טויזענדער
אנדערע זאכען...
מע'זאלל נור עגונות
פון ווייבער נישט מאכען!

איך גיב אייך צו שטייער!...
נור עולם, געלאססען,
עס איז דאך א ווייטאג
די ליידיגע גאססען...

ס'זעננען דא יודעלעך
אללערליי סארטען...
עס וועט אייך נישט פעהלען,
ניט דא, און ניט דארטען...

שבת ערשט זעה איך...
אז נישט נאר מיין נטע'ל
ווי זאלץ אין א וואססער
צו געהט זיך דאס שטארטיל..."

22

— „עט, וואס איז לעבען?
א רגע, א חלום!...
אט פאהר'מיר פון וואלדיל
ארוים שוין בשלום!...

נאך א שטיק בלאטע
און נאך א שטיק ליים...
אלץ נאהנטער ווי ווייטער,
שוין באלד אין דער היים...

איך שאם מיך פאר פריידלין,
איך חאפף מיך בגנבה
אדורך דען בית-עלמין...
נאך אהן א מצבה...

אויך דארט קיין מנוחה!...
אט, קוק איך אצינד...
די ארימע שניער...
דאס ארימע קינד...

גאטט וועט נישט שענקען...
ער וועט פערגעלטען...
מיך האט זי בעשוואהרען,
איך זאלל איהם נישט שעלטען...

23

— „זי בעט מיך נאך פאר'עם,
דאס ארימע טייבעל...
און צו געדענקט ער
אמאל חאטש דאס ווייבעל?

דערמאנט ער דאס קינד זיך?...
אוי, דער ניט-גוטער!
זאגט ער חאטש קדיש
אמאל נאך דער מוטטער!...

צו וועל איך איהן זעהן נאך?
דא אדער דארט?
זעהט איהר, איך האלט מיך
און שעלט נישט א ווארט!...

# לְשָׁנָה טוֹבָה תִּכָּתֵבוּ.



לשנה טובה תכתבו
אַללע, אַללע וואו איהר זייט!
צו אייך האָט דאָס האַרטע מזל
אויף אַ ווייסטען סטעפּ פערשפּרייט!

צו איהר קיהלט די הייסע שטערען
ביי דער נאַססער מערב-וואַנד,
צו איהר שיפט אייך איבער ימים
צו'ן אַ נ י י פערשפּראָכען לאַנד!

צו איהר טראָגט די יאָך די שווערע,
מיט אַ שמייכעל: איי ווי גרינג!
און איהר קויפט די לופט צום לעבען
און איהר צאָהלט פאַר יעדען שלינג!

אַללע אייך צום יאָהר צום נייעם — —
יעדער שפּראַך און יעדעם קלייד: — —
לשנה טובה תכתבו,
אַללע, אַללע, וואו איהר זייט!





איך — האָב געוואָלט זי שטודירען,
זי האָט געגאַרען געוואָלט;
איך האָב געמיינט זי קאָנן פיהלען,
זי, אז מיין קיטעל איז גאָלד.

אין לאָמבאַרד איז זי דאָך ערפאַהרען —
מיין קיטעל איז טאָמבאַק און הויל;
איך — אז איך האָב מיך פערשפּאָטיגט,
איהר האַרץ איז פערברענדט שוין אויף קויל.

מיר זעגנען זיך ביידע צוגאַנגען,
געזאָגט זיך אַ קאלטען „אדיעו!"
פערשיעדענע וועגען גענוממען, —
עס טהוט דאָך דאָס הארץ אַזוי וועה!

## די שוהל־קאַלינע:

פינסטער איז אין אונזער גושן,
פינסטער ווי אין אָרון־קודש...
דורך די הויכע שינדעל־דאַכער,
איינער געה'ר צו'ם פרנס־חדש

און דער צווייטער צום בעל־טאַקסע;
דעם בעל־טובה'ס שטעהט נאָך האַכער.
פון פראָצענטער און מסירות
וואַקסען ריעזיג הויכע דאַכער,

אויך פון קמיעות און פּדיונות...
ליכטליך ציהען קליינע קינדער,
און עס וואַקסט ביי'ם זייפּענזיעדער
אויך אַ דאָביל גאָר אַ ווינדער!

און אין מיטען, איינגעגאָרבּיט,
(טויזענד־יאָהריג איז דער גאָרב!)
אָנגעשפּאַרט ווי אויף אַ קריקע
אויף אַ קרוממען גריענען שקאָרפּ,

שטעהט ווי אין אַ שרעק פערגליווערט
ד'אַלטע, דורכגענעצטע קלויז;
און פון שקאָרפּ, וואָס האַלט זי אונטער,
וואַקסט אַ קאַלינע אַרויס...

צווישען ריזיג הויכע דאַכער
וואַקסט זי פינסטער אין בעהאַלטען;
ציהט פון אַלטען שקאָרפּ חיוני,
אַלטע שטיינער מוז זי שפּאַלטען!

און עס קראַנקט דאָס שוואַכע ביימעל,
שטענדיג אויסגעדאַרט און בלייך...
מיטטאָג... תמוז! און עס בעטעלט
קוים אַ שטראַהל אוים פון דער הייך!

קוים אַ שוואַכע שטראַהל, אַ מאַטטע,
אַח, עס פּרירט אַזוי דאָס בלוט!
ווען די גרויסע, שינדעל־דאַכער
גלאַנצען ווי מיט גאָלד בעשיטט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווי אַ גייער אויף אַ טייבעל —
פלוצלינג שיסט אַראָב די נאַכט
אויפ'ן אָרים ענגען גושן —
און די קאַלינע פערשמאַכט!

העבט זיך מיט די לעצטע קראַפטען
צו דעם הימעל אויף, און בעט
נאָך אַ שטראַהל, נאָך איין סעקונדע
וואַרעם ליכט! — אַח, שוין צו שפּעט!

ווערט שוין פֿולל די קלויז מיט מתים
און זיי „דאַוויגען" און „ליינען"...
פֿולל חבריכים, פֿולל סקעלעטען —
און זיי שאָקלען זיך און וויינען...

אַלטע בכיות, אַלטע תּפלות,
ס'אַלטע ברעכען זיך די האַנד...
און דער פֿוילער מתים אָטהעם
שלאָגט אַ דורך די נאַססע וואַנד —

און צו שפּרייט זיך אינ'ם גושן,
און עס שרעקט אַרום און גרוילט;
און פֿון שרעק און מתים-אָטהעם
דאַרט די קאַלינע און פֿוילט,

און עס וועלכען אַללע פֿייגעל
די סוחאָטניצע אָהן לונגען;
קיינער וויל זיך דאָ נישט נעסטען,
קיינער זעצט זיך דאָ נישט זינגען!

פֿליהט אַ דורך אַמאָל אַ פֿויגעל,
זעהט זי פֿוילען דאָרט אין עק;
רייסט זיך פלוצלינג אָב זיין ליעדעל
און ער פֿליהט פֿערשטומט אַ וועק!

אָח, עס פֿליהט דער פֿרייער פֿויגעל,
צו דעם פֿרייעם פֿרישען לעבען,
וואו געזונדע ביימער וואַקסען,
און די גרויסע פֿייגעל שוועבען...

וואו דאָס ליעדעל פֿליסט פֿון הארצען
און עס הייבט זיך האָכער, האָכער...
און עס פערעלט זיך די משקה
אין געגילטען לעבענס בעכער...

און דער טאָג האָט זונן און הימעל,
און די ליעבע הערשט בײַ נאַכט...
און די קאַלינע פֿון קלײזעל
בלײַבט דאָ עלענד און פֿערשמאַכט!



# טְרֵייסְט.

טרייסט מיין פֿאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
שטאַרק דאָס האַרץ, מאַכט פֿעסט דעם גייסט.
זייט נישט דער ווינד, וואָס לעשט די פֿלאַם,
נור בלאָזט זי אויף, ווייל נאַכט איז סם!
נור בוימאָל גיעסט און פוצט די קנויט,
ווייל נאַכט איז גיפֿט און שלאָף איז טויט!
טרייסט מיין פֿאָלק, עס דאַרף די טרייסט!

מאַכט פֿעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גייסט, —
עס האָט געלייבט שוין נישט איין נאַכט,
עס האָט געזיעגט שוין נישט איין שלאַכט.
און נישט געלאָזט די פֿאָהן פֿון האַנד!
עס שטעהט — איין אייזען־פֿעסטע וואַנד!
אין וויסטען, ווילד־פֿערקאָכטען ים!
אָה, שטאַרקט דאָס פֿאָלק! בלאָזט אויף די פֿלאַם!

אָה, שטאַרקט דאָס פֿאָלק! נישט אָב געשלאָפֿט!
זאָלל שפּריצען העלל די לעבענס קראַפֿט,
אַלס פֿייערדיגע זייל בײַ נאַכט — — —

עס זינקט די נאַכט, דער טאָג ערוואַכט!
און שיקט די שטראַהל — אַ גאָלדענע פֿייל —
אַלס גרוס דער פֿייערדיגער זייל! —
אָה, טרייסט מיין פֿאָלק עס דאַרף די טרייסט,
מאַכט פֿעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גייסט!





ד'בין א רעגענוואָרם, דו זעהסט
ווי טיעף אין בלאָטע ד'בין בעגראָבען;
דאָך חלומ'ט מיר איין אָדלער־נעסט,
אָדלער־פליעגעל וויל איך האָבען!

שווימען וויל איך אין דען העללען,
הויכען זעפיר אונגעשטערט;
זאָלל דער וואָלקען מיר פערשטעללען
נישט דען הימעל, נור די ערד!

---

## ער און זי.

ווען ער אין געוועזען אין גוטען הומאָר,
(עס האָט זיך שוין לאַנג נישט פּאַססיערט;
אַלס דורכ'ען חורבן... און אֶפשר — ווער ווייסט?
איז ער פון וועלט־שמערץ געריהרט!)

נור ווען ר'איז געוועזען אין גוטען הומאָר,
האָט ער, כביכול, געלאַכט;
און, שפּיעלענדיג, נייע נשמות'לעך צוויי,
פון הימלישען זעפיר געמאַכט!

איינע — פולל שאָנהייט, פולל עדעל־מוטה, גוטע...
מיט זיסע חלומות בעשיטט;
די צווייטע — פון אמת, פון יושר און משפּט...
בעקוקט און געשמייכעלט: ס'אי' גוט!

און נעמט זיי און וואַרפט זיי אַריין אין א זאָקקעל,
וואו אללע נשמה'לעך ליגען;
„זיי וועללען דאָרט אונטען זיך זוכען, געפינגען" —
— שמייכעלט ער מיט פערגעניגען —

„און קוים וועט די וואַרימע זונן אויף זיי שיינען",
„וועט פון זיי ווערען שוין לייט!"
ער נעמט און צומישט די נשמות אין זאַקקעל,
און וואַרפט עס אַוועק אין אַ זייט.

דאָס וואַרפט ער פאַר כּעס, — עס קוממען מלאָכים
און בוקקען זיך, בייגען און שפּרינגען...
און „קדוש" און „קדוש" און נאָך אַמאָל „קדוש",—
ווייטער דאָס אייביגע זינגען:

און ווען ער פערציהט דאָרט אין היממעל די ברעמען...
נו, פיהרט דאָ דער טייוועל די וועלט;
איהם האָט ער אין מזרח געוויזען זיין שטערן,
איהרען אין מערב געשטעלט!

ער האָט זיי פערשיעדענע וועגען געוויזען,
און וואָס אַמאָל ווייטער פערפיהרט
אין אייביגען זוכען און בענקען און קראַנקען...
אַזוי האָט דער טייוועל רעגיערט!

דערנאָך ערשט אין הערבסט, ווען אָהן בלומען, אָהן זונן,
איז קויטיג פערגאַסען די וועלט,
האָט ער זיי ביידע צוזאַממען געפיהרט,
אין זומפּ אַריין ביידע געשטעלט!

זיי האָבען זיך ביידע שוין גאָר נישט דערקענט,
גערעדט שוין גאָר אַנדערע שפּראַכען!
צוגאַנגען, אפילו די האַנד נישט דערלאַנגט;
דער טייוועל, דער פּלאַצט שיער פאַר לאַכען!

# די נאַכט.

איך פרוב דעם בלייערענען הימעל
און קוק אומזיסט מיר אויס די אויגען;
טויט... עס ריהרט זיך נישט דער וואָלקען,
און קיין שטראַהל איז דורכגעפלויגען.

אָהן אַ צייכען, אַז דער מאָרגען
נייער האָפענונג און שטרעבען
זאָלל דען טויטען וואָלקען שפּאַלטען
מיט אַ שטראַהל פון נייעס לעבען...

שאַ, אַ שאָרך! אַח, פליגעל רוישען
אין דער לופט. וואָס ערוואַכט?...
אַח, די פלעדער־מייז!... זיי לעבען!
זייער חאָגע... זייער נאַכט...

*
* *

אַ נאַכט, אַ נאַכט אַ חשך׳דיגע
ליגט אויף באַרג און טהאָל..
און דער הימעל איז פערפאַנצערט
סאַמע בליי און שטאָהל!

פאַר דעם קליינעם חלב־ליכטיל
שרעקט זיך נישט די נאַכט;
דער ווינד דער לץ נאָך ווילל עס לעשען!
ווי ער פייפט און לאַכט...

. . . . . . . . . . . .

שאַ, עס האָרט זיך, אַ לויה...
און עס שפּוקט, און שרעקט...
מ'זאָגט דער יושר איז געשטאָרבען
און דער שׂכל עקט!

אַ נאַכט אַ שרעקליך חשך'דיגע
דריקט אויף באַרג און טאָהל;
און דער הימעל איז פֿערפּאַנצרט
סאַמע בליי און שטאָהל.

# דאָס נייע וויעגען־ליעד.

שלאָף מיין תּכשיט, טהייער קאָפּיל,
וואָיוועס נישט, געגנוג!
די לבנה שווימט אין הימעל
און בעטראַכט דיין וויעג.

האָרסט! זי זאָגט דיר: לערן דיך שווימען
שטילל און אָהן אַ שאָרך!
קומט אַ וואָלקען דיר אַקעגען —
גנב'ע דיך אַ דורך!

זעהסט איהר פּנים, ס'געלע פּנים,
קופּער — קאָנן איך שוואָרען!
ווילסט דו שווימען דורכען לעבען,
שאַף דיר אַזאַ שטערען!

דו וועסט שווימען, דו וועסט גליקקען,
האָבען געלד אַ סך!
שלאָף, מיין תכשיט! זעהסט, אַ קאָציל
שפּרינגט אַראָב פון דאַך!

אייביג קאָנן מען נישט דאָס מזל
האַלטען ביי׳ן אַ לאַץ;
פאַללען מוז מען; דו וועסט קאָננען
שפּרינגען ווי די קאַץ!

צריין אין בלאָטע מיט׳ן פּנים
איז נישט גוט און מאוס;
פאַללען וועסט דו, וועסט דאָך בלייבען
שטאָנד׳ג אויף די פיס!

---

שלאָף מיין תכשיט, האָרסט: אַ הינטעל
װענשעט מיט דער נאָז
מיט אַ גדלות, ווייל ער פיהלט זיך
אויף זיין מיסט בעל-בית!

דאָס מיסט האָט איהם, גלויבט ער זיכער,
גאָטט אַליין בעשערט...
וואָס עס בלייבט איהם, דאָס בעגראָבט ער
דאָרטען אין דער ערד!

וועסט דיך אויך ערשט גליקליך פיהלען
אויף דיין מיסט אַ ל ל ײ ן;
הינטיש-העלדענמאָססיג וועסט דו
שיטצען יעדען ב י י ן!

---

שלאָף מיין תכשיט, טהייער קאָפּיל,
וואָיווע נישט, געגוג!
שטילל — דיין „שטילקייט” הייסט „ענוות
און דיין „שווימען” — „קלוג”!

און פֿאַר דיינס אַ „שפּרונג" וועט געבען
„בראַוואָ" יעדע האַנד —
און דיין „ווענשען" הייסט „פֿערזאָרגען"
דיין מיסט — פֿאַטערלאַנד!

## דאָס געבעט פון שאָפּעלע:

ניט אין שוהל און נישט אין קלויסטער
מענשען-פֿרום, האָטש סאַנקילאָט 1)
קניעט דאָס ווייסע פֿרוממע שאָפּעל,
גיעסט דאָס האַרציל פֿאַר גאָטט.

עס פֿערקרימט זיך מיט כונה,
„טרערען קאַפּפּען צו צו'ם „רימםעל";
שטעקט די פֿאָדערשטע צוויי פֿיסלעך
גלייך אַרויף צו'ם בלאָעם הימםעל!

ס'ציטטערען די ווייסע צוויטען.
און איך האָר זי וויינען, טענה'ן:
גאָטעניו... זאָלל האָטש אַ רגע
אויף מיין קאָפּף דיין חסד שיינען!

גיב מיר דיין גענאָד אַ רגע
גיב מיר קראַפֿט אויף איין מינוט;
לאָז מיך אויך אַ מאָל פֿערזוכען
שאָפּען-פֿלייש און שאָפּען-בלוט!

עס מוז זיין אַ זעלטען מאכל...
פֿאַר וואָס קומט עס פֿון דור-דורות
נור דעם לייב, דעם גרויסען וויינער
צו דעם בער, דעם אַפּיקורס?

. . . . . . . . . . . . . . .

1) אָהן קיין קליידער.

# אַ סְצֶענֶע.

(אויס היינע).

(די זונן, דער דיכטער, אַפפען, פראָש, מויל־ווירפע אונ אַ גליה־וואָרם).

## דִי זונן:

וואָס געהן מיך דיינע אויגען אָן,
אַז איך טהו מיין רעכט?
שטראַהלען מוז איך, יאָ — איך מוז!
אויף הערר אונ קנעכט!

וואָס געהן מיך דיינע אויגען אָן?
דו — טהו אויך דיין זאַך! —
נעם אַ ווייב דיר, האָב אַ קינד,
אונ — מיך לאָז געמאַך!

שטראַהלען מוז איך, יאָ, איך מוז,
ד'קאָנן נישט געהן צוריק! —
אונ וואָס אַרט דיך, אַז איך וואַרף
אַ מאָל אַראָב אַ בליק?

## דֶער דִיכְטֶער.

אַט, מיט דעם האַלט איך מיך גרויס,
וואָס איך לייד דיין בליק!
שאָנהייט זעה איך נור אין ליכט
אונ אין פלאַממען — גליק!

צונדערט בין איך, ליידער, שוואַך,
האָסט מיך מיעד געמאַכט!
אויף די מיעדע אויגען פאַלט
שווער אַראָב די נאַכט!

## דִי אַפְּפֶען (כאָר).

מיר אַפפען, מיר אַפפען,
מיר קוקקען אונ גאַפפען,
אַרויף צו דעם ברעננער, צו'ם אַלטען!

ער קאָנן אונז נישט שטערען,
ער קאָנן זיך נישט וועהרען;
ער קאָנן זיך פאַר אונז נישט בעהאַלטען.

## די פּראָש.

אין וואַססער איז נאַסס
אונ גוט, אָהן אַ שפּאַסס!
עס לעבט זיך דאָך בעססער אונ פרייער!
ווער ווייסט פון אַ קוואַאַל?
עס דעמפּט זיך די שטראַהל,
עס קיהלט זיך דאַס העללישע פייער!

נישט מיט אַזאַ כּח
שלאָגט דאָ שוין אין מח
דער מערדער, דער הימלישער ברעננער!
שטיל לעבט זיך אונ — שאַ!
קוואַ — קוואַ, קוואַ — קוואַ!
אין זומפּיל איז בעססער אונ שאָנער!

## דער מויל־וואורף (קראָט).

לא היה ולא נברא! אין הימעל זאָלל ברעננען
אַ גאָלדענע שיססעל!
טהייל מאָל דערפיהל איך אַ ביססעלע ווארים
אונ קראַץ מיך אַ ביססעל!

## דער גליה־וואָרם.

זעה נור די גריים! ווי זי פלאַמט אינ'ם ראָד!
אונ ברענדט אין די אויגען, מען שוויצט ווי אין באָד!
זעה נור דאַס גרויסקייט, די פראַכט!
פיש! איך בין אויכט אַ ליכטיגע זאַך,
אונ ברענן נישט אויס ד'אויגען, אונ פראַהל נישט קיין סך,
אונ לייכט מיר גאָר שטילל ביי דער נאַכט!



## די צייט.

די אייביגע צייט, זי געהט זיך איהר וועג,
זי ווייס קיין חדשים, קיין וואָכען קיין טאָג,
זי געהט זיך אָהן אויפהער איהר אייגענען וועג,
אונ ווייס נישט וואָס „נאָהנט" איז אונ „וויים"!

עס העלפען קיין טרערען, קיין בעטען, קיין צאָרן
עס ציהען קיין לייצען, עס העלפט נישט קיין שפּאָרן
זי זעהט נישט קיין גריבער, קיין שטיין און קיין דאָרן
און געהט זיך איהר אייביגען וועג!

עס דונערט וועזובי, עס פּלאַטטערט א שטויב,
עס פּישציעט אַ וואָרמיל, ניאַגאַרא מאַכט טויב!
זי האָרט עס ווי אונזער קריטיק אָדער לויב
און געהט זיך איהר אייביגען וועג!

ווענן טויזענדער נחת'ן, טויזענדמער נויטען,
זאָלל בליצען דער מאָרגען מיט גאָלדענע צויטען,
זי גריסט נישט דאָס לעבען, בעוויינט נישט דען טויטען;
און געהט זיך איהר אייביגען וועג!

---

# דאָס געבעט.

(נאַכאַהמונג).

רבונו של עולם!
נאָך וויייניג געליטטען?
ווענן וועסט דו, רבונו
של עולם, פערשיטטען

דען אָבגרונד, דען טיפען,
וואָס טהיילט דיינע קינדער
אויף שטאַרקע און שוואַכע,
אויף לאָמטער און שינדער?
* * *
און בּרייט איז דער אָבגרונד,
און טיעף ווי אַ תהום,
און זאַפּט איין זיך איין
אונזער בלוט ווי אַ שוואַם!...
* * *

עס ציטטערט פון דאָרטען
דער וויינאָגס געוויין,
דאָרט ליעגט די נקמה
און קריצט מיט די צאָהן...

דאָרט ליעגט די פערצווייפלונג
דערשראָקקען, פערבליפּט,
מיט ליפּפען ווי קוילען
ביי'ם באָכער פון גיפט...
* * *
רבונו של עולם!
נאָך וויייניג געליטטען?
ווענן וועסט דו דען שרעקליכען
אָבגרונד פערשיטטען?...

עם ווערען אין אַבגרונד,
— וואו ס'מעססער נור בליצט,—
מיט בלוט אויך די ריינסטע
אידעען בעשפריצט...

דאָרט ברעכען די פליגעל
די אָדלער די גראָסטע;
דאָרט ווערען פערשטיינערט
די האַרצער, די בעסטע...

רבונו של עולם,
צו שפּראָצט דענן דיין לויב
אין פוילען, אין פינסטערן
בלוטיגען שטויב?

.............. ז״ל.

# וואָס מְרַאכְטֶען אונ קְלֶערֶען?

(נאכאהמונג).

וואָס טראַכטען אונ קלערען
גערונצעלטע שטערען,
ווענן ס'ווערען אין ד'אויגען
פערבאַקקען די טרערען?
וואָס טראַכט אונ וואָס חלומט
די שטומפיגע קוואַל?
צו בליצט דאָרט האָטש איינמאָל
אין לעבען די שטראַהל,
וואָס לייכט אונז ביי'ם זוכען
אין פינסטערע טאָג
דער אָרימער מענשהייטס
פערלוירענען וועג?

חאָטש איינמאָל אַ שמייכעל —
איין אָבגלאַנץ פון מאָרגען,
פון גליקליכען מאָרגען,
וואָס אונז מאַכט בעקאַנט
דעם פינסטערן הימעלס
פערגאָלדעטער ראַנד?

וואָס טראַכטען, וואָס קלערען
די אַללע, וואָס שמיפען
די טאַטשקע פון צרות?
צו שיינט אויף די ליפען
וואָס שיילען זיך, ברעננען
פון אייביגע זאָרגען

וואָס טראַכט זיך דער הונגער
אין קעללער פערשמאַכט?
דער שלאָף וויל נישט קוממען
אונ שטילל איז די נאַכט;
צו האָרט ער אין שטיללען
דען אייזערנען קלאַנג ——
דען טריט פון די צייטען,
פון דורות דען גאַנג...
צו שפּאַלט זיך דער הימעל?
ביי גאָטט אין דער האַנד
צו זעהט ער דען דוננער?
צו וויים ער, ס'איז קראַנט?

# דריי גייטארען

---

די אויגען רויט, די ליפּפּען בלאָה,
קיין טראָפּען בלוט אין באַק נישט דא,
די שטערן בלאַסס, בּעדעקט מיט שוויים!
דער אָטעם אָבּגעהאַקט אונ הײם — —
עס זיצען דריי מיידליך אונ נעהען!

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

די נאָדעל — בּלאַנק, די ליינוואַנד — שניי,
אונ איינע טראַכט איך נעה, אונ נעה!
איך נעה בּייטאַג, איך נעה בּיינאַכט,
קיין חופּה קלייד זיך נ י ש ט געמאַכט!
וואָס קומט אַרויס איך נעה?

גיט איך שלאָף אונ ניט איך עסס...
איך וואָלט געגע׳ן אויף מאיר בּעל-נס
אֶפשר וואָלט ער זיך געמיהט:
איין אלמן חאָטש איין אַ ל ט ע ן יוד,
מיט קינדערליך אַ שאָק!

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

די צווייטע טראַכט, איך ניי אונ שטעפּ,
אונ שטעפּ מיר אוים נור גראָהע צאָפּ!
דער קאָפּף — דער בּרענט, די שלעף — די האַקט
אונ די מאַשין — קלאַפּט צום טאַקט:
— טאַ-טאַ, טאַ-טאַ, טאַ-טאַ!

איך פערשטעה דאָך יענעמס ווינק!
אָהן אַ חופּה, אָהן אַ רינג,
וואָלט געווען אַ שפּיעל, אַ טאַנץ
אַ ליעבּע אויף — אַ יאָהר אַ גאַנץ!
נאָך דערנאָך, דערנאָך?

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

די דריטטע שפייט מיט בלוט און זינגט:
איך נעה מיך קראַנק, איך נעה מיך בלינד!
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדען שטאָך
און ער — האָט חתונה די וואָך!
איך ווינש איהם נישט קיין שלעכטץ!

עס, פערגעססען וואָס אַ מאָל...!
הבריכים וועט מיר געבען קהל,
אויך אַ קליינטשיק פיצעל ערד,
איך וועלל רוהען אונגעשטערט,
איך וועלל שלאָפען, שלאָפען!



וואָס געגאַרט איהר בלאַנקע בליצען?
און דער דוננער וואָס פערשאַפט?
ר'זייט דעם היממעלם פוילע וויצען,
נישט זיין ליכט און נישט זיין קראַפט!

ס'בליצט? קאַטאָווים טרייבט דער היממעל;
ס'בלייבט די פינסטערניס אָהן ברעג!
און עס שיינט דער אַלטער שיממעל,
און עס דריקט די אַלטע שרעק!

ס'האָט געדוננערט! פעסט דאָך שטעהען
ד'אַלטע הפיסות וואַנד אָן וואַנד!
אינם סטעפ דאָרט וועט עס דרעהען
ראָהרליך גלאָזערנע פון זאַנד!

פאַלשע דוננער, פאַלשע בליצען — —
נישט צערשטערט און נישט געשאַפט!
ר'זייט דעם היממעלם פוילע וויצען,
נישט זיין ליכט און נישט זיין קראַפט!





איך געה אַרום אין פֿרעמדען וואַלד.
עס לייכט די זונן, דאָך מיר איז קאַלט. —
זינגען וויל איך, מיין געזאַנג
ווערט פֿערשטוממט אָהן ווידער־קלאַנג!

עס איז קיין פֿרייע ליעבע וועלט,
עס גרינט און בליהט דאַס פֿרעמדע פֿעלד,
איך ריים אַ בלום און לייג אין שוים,
אַח, מיך שטאָכט די פֿרעמדע רויז!

## אַ ליטעראַטור־סצענע:

געווידמעט טהייל יונגע דיכטער.

(אַ וואַלד. אַ שטיבעל ביי'ם וואַלד. איין אוים־געשטערענטער זומער־אָבענד. אויפ'ן הימעל מעג זיך בעוויזען אַ וואָלקען, אפילו אַ שוואַרצער, נור פֿון אַ זייט, פֿון וויטען. עס בעווייזען זיך: פֿרוי פֿובליקום און דער יונגער פּאָעט. די איינ־ציגע פּערזאָנען פֿון דער סצענע. דער פּובליציסט, חאָטש פֿרוי פּובליקום רעדט פֿון איהם, בעוויזט זיך נישט. פֿרוי פּובליקום געהט פֿון וואַלד אַרויס צום שטיבעל צו מיט אַ פֿולער שירץ שלאָף־אֶפּעל. פֿון אַ זייט, געהענדיג צום וואַלד, קומט אָן דער יונגער פּאָעט. זיי זעהען ביידע פֿערטראַכט און זעהען זיך נישט, ווי דער שטייגער איז אויף דער סצענע. צו דער רעכטער מינוט ווערען זיי זיך דערזעהן.)

פֿרוי פובליקום (מיעד).
ס'פלעגט זיך שלאָפֿען גאָר נישט שלעכט
גאַנצע נאַכט!
און ביי טאָג
פֿלעגט זיך חאַפּען אויך אַ דרימעל —
נאַ דיר, נאַ! — אַ שטראָף פֿון הימעל

אַ נייע פּלאָג!
חאַפּט זיך אַריין אין ׳קומען אַ גריל, —
קיין רגע שטיל! —
גרילט און וועקט,
פּישטשיעט, שרקט:
גנבים ביים שלאָס!
גזלנים מיט האָק אין די האָנד
ברעכען איין די וואַנד!
אָדער גאָר: עס ברענט!...
אַזאַ פערדראָס!
און ווי דאָס הייסט!
„פּובליציסטען־גריל!"
און פרעג זי וואָס זי וויל,
אָסור אויב זי ווייסט!
און עס העלפט קיין מיטטעל,
ווי איך בין נישט אָרים,
צום גוטען יוד אַ קוויטטעל,
אויף מאיר בעל־הנס אויך אַ גילדען צוויי,
היינט פון אַפּאָטייק פולווער אַלערליי —
און אַלץ אומזיסט!

(שלאָגט זיך אָן מיטן פּאָעט, שפּרינגט אָב דערשראָקקען).

און דו ווער ביסט?
**דער פּאָעט.** (שפּרינגט אויך אָב)
פּאַרדאָן! איך בין פּאָעט!

פרוי פּובליקום (בייז)

„פּאַרדאָן איז אַ לאָקשען־ברעט!...
וואָס איז דיין געשעפט? אָנטפער, נור פלינק,
צו ביסט דו נישט קיין גריל?

דער פּאָעט

איך זינג!

### פרוי פובליקום

(בעטראכט איהם נייגעריג, רחמנות'דיג)

און שלעגט זיך ווי א שאטען,
אין דער האנד די הארף...
און די גרויסע אויגען
ברענען ווילד און שארף.
און דער קאפ — צושויבערט,
די ליפען — בלאנע-בלאה — —
וואס האט עס דיך געטראפען
אין א באזער שעה?
צו האסט דו נאך קיין ביסען
אין מויל געהאט די וואך?
זאג, איך בין קיין מילדע
העלפען קאן איך דאך!
ד'האב אין שטוב א ברייטעל,
קום און ביים אריין...

### דער פאעט (שטאלץ)

הם... איך לייד קיין הונגער...

### פרוי פובליקום

ביזט נישט הונגעריג? ניין?
נו האט דיך א מיידיל
געווים געמאכט צום שפאס...
דעריבער קלעמט דאס הארציל
און דאס אויג איז נאס.
קאנסט אן איהר נישט לעבען,
דאכט זיך דיר אצינד...
הונדערט רויטע בעקליך;
דו ביסט פארבען-בלינד!...
איינע איז געוועזען...
עס איז דאס הארץ פערלאפען...
וואס? שאקעלסט מיט'ן קאפף

אויך ניין ? ד'האָב נישט געט־אָפּען ?
וואָס דען־זשע, זאָג, בעטייט,
דיין פּנים מיט'ן חורבן ?!
וואָס דען איז געשעהען ? — (נאָך ווייבער)
איז דיר ווער געשטאָרבען ?
אַ פֿאַטער צו אַ מוטער ? —
אַלץ נאָך — ניין און ניין —
אָפּשר אַ געליעבטע ?

דער פּאָעט גיבט דען זעלבען ציינען אויף נישט, — פֿרוי פּובליקום בייזערט זיך).
דאָך נישט דו אַליין ?!

(מעסיגט זיך, גיט זיך אַ קלאַפּ אין שטערען).

אַהאַ, נו איך פֿערשטעה!
דו ביסט פֿון יענע לייט!
אויך אַ נייער פֿויגעל
פֿון דער נייער צייט!
מיט אַ ניי געזאַנג
אַ ביטערס ווי די גאַל...
דו בעוויינסט נור יענעם,
דו בעקלאָגסט דען כּלל ?
געוויס די זורע אַרבייט
מיט'ן שוואַרצען ברויט...
(שטאַרקער געריהרט.)
און אָפּשר גאָר די יודישע
טאָפּעלט שווערע נויט ?!
ניין ?
אַלץ נאָך ניין און ניין!
(בייז) צו אַלדי שוואַרצע יאָהר!
האָסטו גלאַט געגעסען חריין,
אָפּשר ציבעלעס אַ פּאָר ?;

## דער פּאָעט

שאָקעלט אַלץ מיט'ן קאָפּ אין דער ברייט אויף נישט).

פרוי פובליקום

און גאָר...

און דאָס רינגען דיר די אויגע'

דער פּאָעט (בעליידיגט)

נישט געשטויגען נישט געפלויגען...

פרוי פובליקום (אויסער זיך)

וואָס דען־זשע? מיט דער צונג אַרויס,

נור פלינק!

ס'איז פון דער הויט צו שפּרינגען...

דער פּאָעט

רעדען קאָן איך נישט, נור זינגען —

פרוי פובליקום (אינטערעסירט)

מהיכא־תיתא, זינג!

דער פּאָעט. (דעקלאמירט)

צי דער טאָג איז העל,

צי די נאַכט איז שוואַרץ,

שאַרפע נעגעל האָב איך,

קראַץ איך מיר אין האַרץ!

קראַץ מיר וואונדען אויס —

די נעגעל זענען שאַרף...

פרוי פובליקום

אָבער נאָך וואָס? נאָך וואָס?

דער פּאָעט (אונגעדולדיג

־ען בעדאַרף.

(דעקלאַמירט ווייטער)

עס רינט דאָס בלוט פון האַרץ,
פאַרבט די וועלט מיר רויט —
און איך זינג מיין ליעד,
מיין בלוטיג ליעד פון טויט!
עס קרעכצט מיר צו דאָס האַרץ—
קרעכצען מיר ביינאַנד...

## פּרוי פּובליקום

משוגע צו מטורף?
צי גאָר אַ קאָמעדיאַנט?

## דער פּאָעט (בעליידיגט)

דיר איז דאָס לעבען זיס,
מיר ווי פיאָלון ביטער —
האָר, מיין שרעקליך ליעד
אַלטע, האָר און ציטטער!

(געהט אָב אין אַ זייט, מאַכט אַ טראַגישע מינע, די ריכטיגע פּאָזע און דעקלאַמירט.

פּלאַץ הימעל, פּלאַץ,
צוזאַמען מיט דיין שאַץ,
מיט לבנה, שטערען!
צערשמעטערט זאָלט איהר ווערען
דאָ אויפ׳ן פּלאַץ!
און אויך צערשטערט
זאָלל ווערען די ערד! —
מיט אַלעם וואָס לעבט,
און שווימט און שוועבט,
איבער געקעהרט!...
אַלץ וויל איך פערדאַרבען,
צערברעכען ווי שאַרבען —
ווייל איך וויל שטאַרבען...
שטאַרבען, שטאַרבען!

פרוי פובליקום (מיט כעס)

האַ! דאָס איז שוין געמיין!

(רופט איהם נאָך)

האָר נור, יונגער שנעק!
ווילסט שטאַרבען, שטאַרב אַליין,
דאָ אויפ'ן פלעק!
נאָך וואָס שרייען, שעלטען?
וואָס אַרען דיך די וועלטען? —

דער פּאָעט

שטאַרבען, שטאַרבען, שטאַרבען!

פרוי פובליקום (אויסער זיך)

נור בראָך ווי אַ שאַרבען
פלאַץ ווי אַ פּאַחיער, ווי אַ זייפען־בלאָז? ... (אָבגעקיהלט איראָניש)
באַ! אַז איך האָב קיין נאָז
צו דעם געשטאַנק!
עס טהוט מיר באַנג
די צייט וואָס כ'האָב פערברענט
אַ האַלבע נאַכט...
טפוי...

(געהט אריין אין שטוב, פערפראַלט די טיהר, דער פּאָעט פערשווינדט אין וואַלד, עס האָרט זיך — די גרילל.



*

* *

אַ טעאַטער איז די וועלט,
גאָטט איז רעזשסעער —
דאָס שטיק איז פיין — נור לײדער איז
דער טייוועל דער סופלער —

אַ בּורע איז דאָס שוואַכע האַרץ...
דער טייוועל פּעלשט דאָס שטיק!
און אויב מען זאָגט אַרוים אַ גרייז,
האַפּט מען נישט צוריק!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איהר מיינט, מען קאָנן דאָך היטען זיך?
נו, מאַך נישט קיין סקאַנדאַל,
אַז ס'איז מייסטערהאַפּט דאָס שטיק,
די גרייזען — געניאַל!

דעריבער שטרויכעלט דער אַקטעער —
און ווען ער דאַרף מיט גרויל
צו שמעטטערן אַוועק דעם כּוס,
האַפּט ער איהן צו'ם מויל!

פלאַממיג פּערילט זיך דער וויין
און ער טרינקט איהן אוים...
און דער דונגער שלאָגט נאָך נישט...
נאָטט'ס געדולד איז גרוים...





אַח, מיין נשמה! דיך שטיקט דאָס געוויין,
אַח, זיי נישט פּערזאָרגט און — בעטריעבט!
וואָס שאַדט דיר דער אמת? איך זאָג דיר אַליין
איך האָב שוין נישט איינמאָל געליעבט!

נישט איינמאָל האָב איך אויך פערבוממעלט אַ נאַכט;
משוגע געוועזען — גאַנץ אָפּט...
איך האָב אין די קניען מיר לאַבער געמאַכט...
געליטטען, געקראַנקט און געהאָפּט...

אין — מיילערלעך רויטע נישט איין מאָל געקישט
ביז ס'האָט געקרייעט דער האָהן...
וואָס שאַדט דיר, מיין לעבען? דאָס אַלץ איז פערווישט
היינט דאָך ביזט דו מיין שגעון!

---

דו בייזערסט דיך אויף מיר, און פראַגסט, וואָס איך וויל?
קוק אויף מיר, נחת-מיינס, גוט!
זאָלל אין די אָדערן, רוהיג און שטילל,
פליעסען ווי שטענדיג דיין בלוט!

קוק אויף מיר וואַרים און האַרציג ווי פריהר,
גלייב — איך האָב ריינע געוויססען!
חאָטש די פערגאַנגענהייט ג'הער נישט צו דיר
די צוקונפט — די קאָנן איך נישט וויססען;

גרעניצלאָז איז דאָך מיין ליעבע, מיין קראַנק...
אונענדליך — מיין גליק און מיין לייד!
איך שוואָר דיר אונענדליך, חאָטש נישט אין דער לאַנג;
וואָס שאַדט דען דיר, אַז — אין דער ברייט?!



# בײַ דעם פֿרעמדען חופּה קלייד.

א סצענע פֿון װאַרשױער לעבען.

אין א מאָדע־מאַגאַזין. פּערזאָנען: מאַדאַם, צװײ מאָדיסטקעס און האַנד־מאָדליך.

מאַדאַם

הײנט װערט געשטעפּט און גענעהט,
הײנט װעט מען לעדיג נישט זיצען!
טורײ — טורײ — טורײ!
זעהט נור די גאָזען, די שפּיצען!
זעהט, װי דאָס זײדענס װעט בליצען!

א שלעפּע װעט זײן גאָר א מורא!
אַודאי צעהן עללען די שלעפּ!
הײנט־נאָך — בריליאַנטענע קנאָפּ!
זעהט — מען געטרױט אַזאַ סחורה!

האַנד־מאָדליך (כאָר).

אַט האָט איהר א װוּנדער,
ד׳לעבען, קײן שפּאַס!
צו הײסט דען נישט „פּאַװע" —
יאָ פּאַװע — די גאַסס,

װאו ס׳שטעהט זיך א מױער
גאַנץ געלבליך און בלײך,
דאָך פעסט װי א פעלזען
דרײ שטאָק אין דער הײך!

די פענסטער — אין אײזען,
די טױער׳ן — פערמאַכט...
עס געהט נאָך א זעלנער
אַרום אויף דער װאַכט!

אײ! דאָרטען צו װאָהנען
איז טרױריג און באַנג!
עס שלאָגט דורך די מױרען
דאָס קײטען־געקלאַנג...

עס קלינגט אַזױ טרױריג
דין־דאָן און דין־דאָם!
אָה, ריהרט נישט דאָס זײדענס,
ניט־צי־עפּיט, מאַדאַם!

## די ערשטע מאָדיסטקאַ

סאַטען־דע־ליאָן... אונ די שפּיצען, די גאַזען,
עס פֿעהלט נאָך בריליאַנטען צום ריממעל...
דיוואַנען אונ בלומען, אונ לאָמפּען... די כּלה
וועט אויס זעהן — אַ מלאָך פֿון היממעל!

## האַנד־מאָדליך. כאָר.

נישט קיין גראָשען פֿאַר דער דירה,
אונ אין מויל קיין ביסען!
ד'וויל ביי'ם מלאך פֿאָרשוים בעטען!
ניין, זי וויל נישט וויססען!

מלאַך, גיב פֿאָראויס אַ רובל!
ניין, זי גיבט נישט פֿריהר!
ד'וויל פֿערצאָהלען איהר פֿון הונגער,-
ווייזט זי מיר די טהיר!

אוי עס זעצט מיר אין די שלעפֿען,
דאַכט זיך מיר, אָט־פֿאַל־איך,
„נור אָהן קינצען, נור אָהן פֿאַקסען:
לאַכט מיך אויס דער מלאָך!

. . . . . . . . . . . . . . .

אוי, מיך האָט דעם מלאָך'ס לאַכען
ביז אַהיים געהעצט!
אונ איך האָב דעם מלאָך זיידענס
אויף אַ ברוסט פֿערזעצט!

אונ עס איז אַראָבגעפֿאַללען
פֿלוצלינג ווי פֿון היממעל,
אוי, דער מלאָך מיט אַ לאַפּאַטע,
טאַקי ווי צום ריממעל!

אונ מיך האָט פֿערזאָרגט דער מלאָך
אויף די גרויסע פֿראָסט,
אוי, אויף גאַנצע דריי חדשים
מיט קווארטיר אונ קאָסט!



## די צווייטע מאָדיסטקאָ.

בלאַסס איז דאָס זיידענצייג פּונקט ווי מיין פּנים'על
דורכזיכטיג־דינן ווי מיין הויט...
ריהרט מען עס, קרעכצט עס „אוי!" פּונקט מיינע ביינדאַליך —
דאָס הייסט אַ גליקליכע מויד!

היינט וועללען קוממען בריליאַנטענע קנאָפּליך
גרויסע, ווי אָרימע טרערען!
נו, אַייל דיך ראָדעלע, אַייל דיך, טרעקאָטשע,
ד׳זאָלל מיינע ביינדליך נישט האָרען!

טראַך — טראַך, ביינדעלע! טור — טור — טור, ראָדעלע!
שלאָג׳מיר דאָך גלייך מיטן זייגער...
טראַך — טראַך, ביינדעלע! — טור — טור — טור, ראָדעלע!
ווענן וועל׳מיר רוהען, אַ שטייגער?

## האַנד־מאָדליך (כּאָר).

עס איז פֿערהאַנן אַ שטיבעלע
אויף אַ שטיללער גאַסס!
ס׳האָט קיין טהיר, קיין פֿענסטעריל —
אייביג שטילל און נאַסס!

חאָטש מען צאָהלט קיין דירה געלד,
וואַרפֿט מען נישט אַ רויס!
דאָרטען רוה׳ן אויף אייביג שוין,
די ביינדעליך זיך אויס!

פֿון קיין שטעפּען ווייס מען נישט,
עס ווערט שוין נישט גענייט,
צום שטיבעלע קומט איטליכער
אויף אייביג שוין בעקליידט!

## די צווייטע מאָדיסטקאַ.

שטעפּ, נאָדעל, שטעפּ די בראַבאַנדערנע שפּיצען —
פֿאַר איהר, פֿאַר איהר!
הבריכים׳לעך וועסט דו נאָך גיך און באַלד שטעפּען —
פֿאַר מיר, פֿאַר מיר!

עס בליצען בריליאַנטען, עס שמייכעלט די כּלה׳שי —
שאָן אַזוי, ליעב!
ווענן וועט א שמייכעל מיין פּנים בעשיינען?
אין גריב, אין גריב!

ער וועט זי טוליען, צו קניידשען די שפּיצען
אין האַרציגען שטורם!
דיך ווער וועט גלעטען און פּיעשטשיען, און טוליען?
א ווארם. אַ ווארם!

# „לוּסְטִיג לֶעבֶּען"

## (אַ יונג האַנד-מאָדיל).

וואָס פער'כמ'ט איהר מיר דאָס לעבען?
זינגט נישט אזוי שרעקליך!
ך'האָב קיין סאַמיט און קיין אַטלאַס —
נור די רויטע באָקליך!

ך'האָב קיין שפּיצען, קיין בריליאַנטען,
ווייס איך וואָס זיי טויגען!
ך'האָב אַ האַלז, איין אַלאַבאַסטער,
צוויי בריליאַנטען — אויגען!

ך'דאַרף קיין פּערל, זעהט די צאָהנדליך,
אַח — ווי זיי געפֿאָללען!
און די יונגע, פרישע ליפּלעך
זעננען מיינע קרעללען!

פעהלט מיר גאָלדענע? זעהט די לאָקקען!
און וואָס גליק איז — ווייס איך!
לאָסט מיך לאַכען. לאָסט מיך לעבען
„לוסטיג-לעבען" הייס איך!

## האַנד-מאָדליך (אויסער לוסטיג-לעבען)

אויף יעדער גאַסס, אין יעדען הויז
שטעהט אַ קאַסטען מיסט!
קלויבען לאָזט מען פראַנק און פריי
שמאַטעס גאָר אומזיסט!

און — ווערט „לוסטיג-לעבען" אַלט,
ווייסט איהר, וואָס איהר גליסט?
מאַכט אַ שטעקעלע זיך פיין,
גראַבילט זיך אין מיסט!

## די ערשטע מאָדיסטקאַ

יונגער-הייט אַ העזאַלע
געשפּרונגען און געקושט;
צונד האָט עס קיין נעזאַלע
און קיין גומען נישט!

## די צווייטע מאָדיסטקאַ

זי וועט זיצען צווישען בלומען
אויף אַ דיוואַן — רייך!
און מיר מאַכט אויף דר'ערד אַ ביסל
שטרוי נור גלייך!

זי דאַרף שפּיגלען, זשיראַנדאָלען
לאָמפּען אַללערליי;
מיר צו קאָפּענס — גראָשענדיגע
ליכטליך צוויי!

אָהן מוזיק אויך פיהרט מיך לעגען,
ווען אויך היינט ביינאַכט,
ווילט איהר דוקא — ווייגט אַביסל,
ווילט איהר — לאַכט!

## מאַדאַם

שטיללער, שטיללער, שטיללער,
שטילל איין אויגענבליק!
טוריי — טוריי — טוריי!
אָט, דאָס הייסט מוזיק!

וואָס האָט איהר פֿון די ליעדער?
דריקעניש נישט מעהר!
עס ציטטער־ן די ברעמען,
אָט, אַט, פֿאַלט אַ טרער...

אונ, אַז טרערען פֿאַללען
פֿון דער שווערער נויט,—
אויף די ווייסע קליידער
ווערט אַ פֿלעק אויף טויט.

טוריי — טוריי — טוריי!
אָט, דאָס הייסט מוזיק —
האָט איהר ניט קיין אייגענם
זונגט פֿון פֿרעמדען גליק!

## אַללע (כאָר).

עס איז געוועזן אַ מאַדעלע,
אַ מאַדעלע אַ פּראַכט, —
עססען עסט עס יעדען טאָג,
שלאָפֿט זיך יעדע נאַכט!

ליפּליך האָט זי רויטענקע,
רויטענקע, וואָס נישט?
נאָך נישט קיין צוביססענע,
נאָך נישט אויסגעקישט!

אונ זי האַלט דאָס קאָפּעלע
חנו׳דיג אונ שטאָלץ! —
וואָרגט עס אויף אַ ברייטאַלע,
קוילען אָדער האָלץ?

אונ אייגאַליך — פֿער׳חלומ׳טע,
בלומעליך געגוי!
בלומעליך, אונ כלה־חן
ליגט אויף זיי ווי טוי!

צונד נעהען מיר דעם מאַדעלע
צו מזל אונ צו גליק —
אַ זיידען חופּה־קליידאַלע,
אַ קליידאַלע אַ שיק!

מען וועט איהר געב׳ן אַ מאַנאַלע,
איי, דעם יונגען בלוט...
איי — איי — איי! דאָס מאַנאַלע
קאָננען מיר דאָך גוט!

## מאַדאַם

אוי, נאַרישע קנאה!
איך קאָנן דיך פֿון לאַנג,
איך קאָנן אויך דיין צינגעל —
די ניפּטיגע שלאַנג!

אוי, נאַרישע קנאה!
די גאַלל איז דיין האַר׳ן —
גאָלד וואָס איז? בלאָטע!
דער שנייי איז דיר שוואַרץ!

די זונן האָט דאָך פּלעקען,
די שטערן — צו קליין!
מיינט זי פּרעסט יענעם
און פּרעסט זיך אליין!

(אללע כאָר)

עס איז געווען אַ מאַמאַלע,
אַ מאַמאַלע; אַ פּיינס!
זי האָט געהאַט אַ טאָכטעריל,
אַ טאָכטעריל אַ קליינס!

און עס האָט דאָס מאַמאַלע
דאָס טאָכטעריל געקיִשט,
געקיִשט, געהאַלזט, געוואָהרענט עס:
זיי קיין נאַשער ניִשט!

קוק נישט אויף איינגעמאַכטס,
ד' אויגען האַלט פֿערגלייכט!
טהו נור וואָס דער טאַטע ווילל,
און וואָס די מאַמע הייסט!

און וואָס גוטע, פֿרוממע לייט
עס ראָטהען דיר, מיין קינד!
זעהסט דו נאַשען, קוק אַ וועק!
בעססער — מאַך דיך בלינד!

זאָגט מען, חס ושלום, דיר:
„איינגעמאַכטס איז זיסס!",
זאָלסט דו הערן פּייער־פּלאַם,
טופּען מיט די פּיס!

פֿאַר דאָס וועלל איך שפּאָטער דיר
קויפען אויפ'ן מאַרק,
אם ירצה השם, אַ ניססעלע,
ווייסט, איך בינ'שט קאַרג!

פֿאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד —
אַ ניססאַלע פֿון גאָלד,
פֿאַר דיר אַליין אַ ניססעלע,
וועסט עס האָבען האָלד!

פֿאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד
אַ נוסס פֿאַר דיר אַליין...
און דו וועסט עס קושען פריי,
און קנאַקקען מיט די צאָהן.

און עס פֿאָלגט דאָס טאָכטעריל,
וואָס טאַטע־מאַמע הייסט;
און זי האַלט אַ גאַנצען טאָג
די אייגאַליך פֿערגלייסט!

רייטעלט זיך, אַז איינגעמאַכטס —
זאָגט מען איהר — איז זיסס,
ס'צאַפּפּעלט איהר דאָס האַרצאַלע —
זי טופּעט מיט די פּיס!

עס קומט די צייט, דאָס מאַמאַלע
האַלט איהר וואָרט, נישט קאַרג!
פֿאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד
קויפט זי איהר אין מאַרק

אַ פֿערגאָלדעט ניססעלע.
איי, ס'איז מלא חן!
מיט ציטטערדיגע האַנדטאַליך
חאַפּט ז'עס אויף די צאָהן!

האַפּט עס אויף די צאָהן און קנאַקט —
איי! די נוסס איז פֿויל,
עס שפּייט און שפּייט דאָס ווייבעלע —
טאַביק פֿולל אין מויל!

— מאַמע, ווײַנט דאָס טאָכטעריל
די יאָנדערע וואו איז?
„מאַמעשי" און „מאַמע־קרוין"
איז דאָס דער טעם פֿון ניסס? —

דאָס האַרץ טהוט וועה דעם מאַמעלע;
דאָס פּנים מאַכט זי גלאַט: —
„עס איז אַזוי! דיין מאַמעלע
האָט אויך אַזוינס געהאַט"!

## די מאַדאַם

נישט דאָרט איז גליק, ווי צירונג בליצט,
וואו עדעלשטיין מיט פֿונקען שפּריצט,
נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט;
נישט דאָס איז פֿרייד, וואָס לאַכט און טאַנצט!
עס מיידט גאַנץ אָפּט דאָס גאָלדענע בעטט
דער שלאָף; דען גרויסען זאַלל — די זאַט,
ווי אויך דאָס גליק דען זאַקק מיט געלד, —
דאָס ווייסט שוין לאַנג די גאַנצע וועלט!

## די ערשטע מאָדיסטקא

אַמאָל איז געוועזען, נור וואו? מן הסתם
ראָרט ערגיץ אין בויבערג, אויף יענער זייט ים!
נור — צו איז געוועזען? איהר פֿראָגט נאָך, איהר קלערט?
איך האָב עס אַליין פֿון מיין באָבען געהאָרט!

די מאַמע איז געשטאָרבען — דער טאַטע ז'אַוועק.
די טרויריגע ווינטער־נאַכט האָט גאָר קיין עק!
די פֿענסטער — פֿערקאָוועט, די טהיר איז פֿערשנייט,
און ס'רייסט זיך דער ווינד ווי א הונד אויף דער קייט!
הורורו — הורורו — וואָיעט און קלאָגט.
דאָס האַרץ איז דערשראָקקען, עס ציטטערט, עס נאָגט...
„באָבע!" זי האָרט נישט, נור „דיא־דיאַם־דיאַם!"
די טויבע פֿערצעהלט מיר פֿון יענער זייט ים!

## אללע.

געננג שוין הקדמות,
נישט פלוידער, נישט קוועל;
פערגעסס אין דער באָבען,
די מעשה פערצאָהל!

## די ערשטע מאָדיסטקא

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנגנען אַמאָל
אויף היהנערנע פיסליך אַ הייזעל אין טאָהל.
געשטאַנגנען זיך פּראָסטע, אָהן עזות, אָהן שטאָלץ,
אָהן פוצעכץ, אָהן צירונג — פון ליים און האָלץ!
אַ פענסטער אַ קליינטשיקעס, נור חנו'דיג האָלד;
די זונן זי בעשיטט עס טאָג-טעגליך מיט גאָלד!
לבנה און שטערן
פערהאַלטען זיך גערען
און מאָלען מיט זילבער די שויבען!

דאָס האָט דער הימעל די ליעבע בעלוינט!
עס האָבען אין הייזעל צוויי ברידער געוואהנט!
עס האַלטען צוויי הערצער צוזאַממען געטריי,
שווער איז די אַרבייט, נור ס'אַרבייט זיך פריי!
ווייס איז דאָס מעבעל, מיט קלייען דאָס ברויט,
נור אַלץ איז בשותפות — די פרייד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צייט האָט געוועבט
איהר לאַנגען, איהר כשר'ען פאָדעם!

נור איינמאָל בעווייזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועלל,
פולל גינגאָלד, שמאַראַגדען, עס פונקעלט זיין פעלל!
די שלאַנג איז געקוממען מיט גלאַנץ און מיט פראַכט;
דער אָלטערער ברודער דערזעהט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך עשירות פערהאַנ'ן!
ווענן איך האָב אַ שמאַראַגד, איך אָרימער מאַנן,

ד׳פערקויף איהן, וואָס ניט ?
ד׳וואָלט אויפ׳ן יריד
געקויפט מיר צו מעלקען אַ קוה!

די שלאַנגען — זיי ווייסען וואָס ס׳טראַכט זיך ביי לייט;
זי ווינקט איהם אונ רופט איהן צוועק אין אַ זייט,
אונ זאָגט איהם: איי, ברודער, וואָלסט דו נור געוואָלט,
וואָלסט דו געהאַט שוין פולל פאָססער מיט גאָלד,
קרעללען, דיאַמאַנטען, בריליאַנטען אַ וועלט,
אונ אַלץ, וואָס מען קאָנן נור בעקוממען פאַר געלד!
איך מאַך נישט קיין שפּאָט,
איך ווייס שוין דען סוד,
איך קאָנן דיר איהם זאָגען אין וואַלד!

די שלאַנג איז אַוועק אונ דער יונגערער קלערט:
ווי גאָטט האָט זיך יעדעם זיין שאָהנקייט בעשערט;
געה פרעג׳ן: דער גלאַנץ אונ די שאָהנקייט וואָס טויג?
ביי׳ם אַלטערן פלאַמט שוין די תאוה אין אויג:
קרעללען, דיאַמאַנטען, בריליאַנטען — אַח, גאָטט!
זי זאָלל נור נישט נאַרען אונ זאָגען דען סוד!
ער קוקט אויפ׳ן וואַלד,
אונ גנב׳ט זיך באַלד
פון ב ר ו ד ע ר אַרויס צו דער ש ל א נ ג!

די זונן געהט שוין אונטער, פערגאָלדט נאָך די זוים
פון וואָלקען אין היממעל; אונ אונטער אַ בוים
זיצען שוין ביידע. — דער מענש אונ די שלאַנג;
זיי זיצען צוזאַממען אונ שמיעסען שוין לאַנג.
ער ציטטערט אונ ווייסט נישט — פאַר פרייד צו פאַר שרעק?
זי וויקקעלט דאָס הארץ איהם אַרום מיט׳ן עק,
אונ רעדט פון דיאַמאַנטען,
קרעללען, בריליאַנטען,
„אַלץ וועסט דו האָבען גאָר גרינג!“

„בעט־אַכט נור דיין ברודער, דאָס איז אַ פֿאַבריק
פֿון קרעללען, ברילִיאַנטען, דיאַמאַנזען און גליק!
עס טרעפֿט זיך, ער אַרבייט, און וואונדערליך היים
ווערט איהם, דער שטערן בעדעקט זיך מיט שוויים
עס טריעפֿען די טראָפֿען!... ער ווישט מיט דער האנד;
לאז נישט! דער טראָפֿען דאָס איז דיאַמאַנט!
נור אַרבייטען היים!
קלויב אויף דען שוויים!
שיטסט דו אָן פֿאָססער דיאַמאַנטען!"

„עס טרעפֿט און איהם פֿאַלט פֿון די ברעמען אַ טרער;
דו, שוטה, דו מיינסט, עס איז וואססער נישט, מעהר.
און טרייסט'ען; און האַלוט'ען, דו האַלסט עס נישט אוים,
און קושסט איהם די טרערען פֿון ד'אויגען אַרוים!
פֿערשווענדסט דיין פֿערמאָגען, דו נארישער קאָפּף,
לאָז וויינען, לאָז וויינען! און קלויב יעדען טראָפּף!
אַ טראָפּף, האָב פֿערשטאַנד,
דאָס איז אַ ברילִיאַנט
רייך ווערסט דו זיין ווי אַ קאָניג!"

„דערנאָך — האָט דיין ברודער איין ערדלע פֿעלל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדעל — דו האָסט שוין אַ קרעלל!
בלוט — זאָגסט דו — איז עס, בלוט — זאָגסט דו — אַ קאַפּף,
דו נאַרר! עס איז קרעללען, דו צאַפּ נור און צאַפּ!
זאָלל ער נור בלוטען און בלוטען נישט קאַרג!
אָנשיטטען ווערסט דו שוין קרעללען אַ באַרג!
דו האָסט אַ פֿאַבריק,
און מאַך דיר דיין גליק,
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דען סוד!"

די ליפּפּען פֿערביסען, די פֿויסטען געבאַלט,
געהט שוין דער אָלטערער ברודער פֿון וואַלד,
די אויגען, זיי ברעננען און זיימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּפּעלט די ליעבע צום ברודער אין האַרץ,
ער טרייסט זיך: „איך וועלל דאָך נור מאַכען אַ פּריף,
אַ שטאָך וועל איך געבען, אַ קליינען, נישט טיעף;

מיין ברודער? איך ווייס!
נור טרערען אונ שווייס,
האָרסט דו דאָך, זעננען ברילּיאַנטען!

---

עס האָרט די לבנה נאָך די אייגענע נאַכט,
ווי ס'האָט אינ'עם שטיבעל געוויינט אונ געלאַכט.
עס קוקקען די שטערן אין פענסטער אריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודער ביי'ם ברודערס געוויין?!
די זונן האָט צו מאָרגענס געוואונדערט זיך שטאַרק,
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דען צווייטען אין קאַרק?
עס וואונדערט צוגלייך
דען וואַלד אונ דען טייך:
וואָס איז עס אין שטיבעל געשעהן?

---

אונ עס איז געקוממען אויףביידע גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פערשוואונדען, עס ווייכט זיי דער שלאָף
אַוועק איז די ליעבע, דער פריעדען אַוועק! —
דער שלאָפט נישט פאַר וויטאָג, דער צווייטער פאַר שרעק,
דער שרייט: ס'איז מיין עשרות, מיין רייכטהום, מיין גוט!
אונ יענער: ס'איז טרערען, מיין שווייס אונ מיין בלוט!
דיאָס, דיאָס, דיאָס, דיאָס!
אויף יענער זייט ים!
רייסט מען זיך שוין ביי די האָהר!

## אַללע (כאָר).

מען שלאָגט זיך, מען רייסט זיך
טראַך־טראַך, טראַך־טראַך! —
נור וואָס איז געוועזען
דער סוף פון דער זאַך?

דער סוף פון די ברידער
פון שרעקליכען הויז?
פערצעהל שוין אונ ציה נישט
די הערצער ארויס!

## די ערשטע מאָדיסטקאַ.

אוי, ס'איז געוועזען אַ שרעקליכע נאַכט!
איך ליעג ביי דער באָבען אין שוים און איך טראַכט:
„וואָס לעגט זיך דער שאָטען, ‚זוי לאַנג, אַזוי ברייט?
וואָס רייסט זיך דער ווינד ווי אַ הונד אויף דער קייט?
וואָס ברעכען די מוירען, וואָס רייסט זיך דער דאַך?
צו האָר איך די באָבען, צו בין איך נאָך וואַך?"

איך ליעג ביי דער באָבען אין שוים און איך טראַכט:
„צו זעה איך אין חלום די שרעקליכע נאַכט?
צו האָר איך אַ מעשה? צו בין איך דען וואַך?
וואו ברעכען די מוירען? וואו רייסט זיך דער דאַך?
וואו רייסט זיך דאָס ה׳־יעל אַוועק פון זיין אָרט?
הורורו — הורורו — דאָ אָבער דאָרט?"
שטאָנדיג געקלע־ט
און קיינמאָל געהאָרט
דען סוף פון דער שראָקליכער זאַך!

## אַללע, אויסער מאַדאַם.

דער זייגער שלאָגט! אַי, צעהנען שלאָגט,
געענדיגט שוין די מיה!
אַהיים, ווער נור אַהיים פערמאָגט,
אַהיים ביז אין דער פריה!

אין בעטט אַריין, אַ בעטט ווער ס'האָט,
נור שלאָפען געהט, געדענקט אָן גאָטט!
שלאָפען דאַרף די נו־ט!
שלאָפען איז אַ פיין געשעפט,
מען רוהט זיך אויס! און טהייל מאָל טרעפט
עס חלומ׳ט זיך — אַ ברויט!

אַח, צעהנען שלאָגט צום עק די מוה —
גוט־נאַכט, מאַדאַם —

מאַדאַם

קומט מאָרגען פֿריה!



# אין קֶבֶר:

(באלאדע).

אַ מאָל איז געוועזען אַ מיידעל,
האָט זי אַ יונגעל געליעבט;
עס ליעבט אויך דאָס יונגעל דאָס מיידעל;
זעננען זיי ביידע בעטריבט:

דאָס יונגעל איז אָרים, אוי אָרים!
דער פֿאָטער דעם מיידעלס — אַ גביר,
ווייזט ער, דער פֿאָטער דער רייכער,
דעם אָרימען יונגעל די טהיר!

דעם פֿאָטער מוז פֿאָלגען דאָס מיידעל;
מען פֿיהרט צו דער חופּה זי פֿיין!
עס געהט ווי אַ ליכט אויס דאָס יונגעל,
און שטאַרבט אין זיין קעלער אַליין!

דערהאָרט זי, אַז ער איז געשטאָרבען,
און שלייכט זיך אַרויס פֿון דער שטוב;
קומט זי צום קבר צום ליעבען,
אָפֿענט זיך פֿאַר איהר דער גרוב!

עס אָפֿענט פֿון גרוב זיך אַ טהירעל,
עס האָט זי אַריין ווי געצויגען;
נעהמט זי אַראָב די שאַרבוינים,
קושט די פֿערשלאָסענע אויגען...

דער טויטער דער אָפֿענט די אויגען,
און נעהמט זי אַרום מיט אַ האַנד;
גיך האָט דער גרוב זיך פֿערשלאָסען,...
ליגען שוין ביידע ביינאַנד!



## ערצאָהלונגען און בילדער.

# אינהאלט:

# דער משולח.

ער געהט, און דער ווינד צוואָגט די פּאָלעס און די ווייסע באָרד.
אללע מאָל חאַפּט ער זיך אָן מיט דער רעכטער האַנד אין דער לינקער זייט! עס גיט איהם אללע מאָהל דאָרט אַ שטאָך. ער וויל זיך דאָך נישט מורה זיין; ער וויל זיך דוקא איינרעדען, אַז ער טאַפּט נור ביי דער בוזעם-טאַש.
— איך זאָל נור דעם קאָנטראַקט מיט דעם געלד נישט פערליערען! אַט פאַר דעם מיכלומרשט ציטערט ער.
— און אפילו עס שטיכט, איז אויך אַ נאַרישקייט! איך האָב נאָך, געלויבט איז גאָטט, געגוג כח אויף אַזאַ שליחות. אַנדערע אין מיינע יאָהרען וועללען שוין קיין וויאָרסט נישט אָבגעהן, נור איך, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, דאַרף נאָך נישט צו קיין מענשען און פּערדיען מיר אַלליין מיין ברויט... געלויבט איז גאָטט, מען געטרויעט מיר געלד!
— ווען איך האָב מיין אייגענס — טראַכט ער ווייטער — וואָס מען געטרויעט מיר, וואָלט איך אין שליחות צו זיעבעציג יאָהר נישט געגאַנגען; וויל אָבער דער רבונו של עולם אַזוי, איז אַזוי גוט!
עס הייבט אָן צו פאַללען גראָבע פלאָכעס שניי; ער ווישט זיך אַללע מאָהל דאָס פּנים.
— איך האָב נאָך — טראַכט ער — אין גאַנצען אַ האַלבע מייל, אַ וואַ! אויך מיר אַ גאַנג! אַ סך נאָהנטער ווי ווייטער! ער דרעהט זיך איבער — מען זעהט שוין אפילו נישט דעם שטאָדטישען זייגער, נישט דען קלויסטער, נישט די קאַזאַרמע.
„נו, שמריה, פאָהר!"
און שמריה פאָהרט אין דעם נאַססען שניי; די אַלטע פיס קאָפּען זיך אריין און אַרויס. — „געלויבט איז גאָטט, עס איז קיין גרויסער ווינד נישט!"
גרויס, האָט אַ פּנים, ביי איהם געהייסען אַ שטורמווינד; דער ווינד איז געוועזען געגוג שטאַרק און געיאָגט גלייך אין פּנים אריין, אַז עס האָט איהם אַללע מאָהל אָטהעם פערפּעהלט; ער האָט איהם אַרויס געגאַרט אַללע טרעהרען פון די אַלטע אויגען, וואָס האָבען איהן געשטאָכען ווי שפּילקעס. נור אויף די אויגען ליידט ער תמיד.
פאַר'ן ערשטען געלד, פאַלט איהם איין, קויפט ער זיך וועגס-ברילען. — אַזעלכע גרויסע, קיילעכדיגע; זיי זאָללען די גאַנצע אויגען פערשטעללען.

גאָטט זאָלל וועללען — טראַכט ער — וואָלט איך צו דעם אויך געקוממען! עס זאָלל נור זיין אַללע טאָג אַ שליחות, אונ וויט, גאָר וויט! געהן, ב"ה, קאָן איך, וואָלט איך מיר שוין אָבגעשפּאָרט אויף אַ פּאָר ברילּלען...

ער דאַרף אפילו אַ שטיקעל פעלצעל אויך. עס וואָלט איהם לייכטער געווען אויף דער ברוסט ... ער רעכענט איבער, אז דערווייל האָט ער נאָך אַ וואַרעמע קאַפּאָטע!

— זי זאָלל זיך נור נישט רייסען, וואָלט זי גאָר וואהל געווען. ער שמייכעלט מיט פערגניגען. דאָס, — טראַכט ער — איז נישט קיין היינטיגע קאַפּאָטע, קיין קיי אונ שפּיי, קיין שפּינוועבס! נור פערצייטישער לאַסטיג; דאָס, וועט מיך איבער לעבען! אונ אָהן אַ שפּאַלט, דאָס איז אויך אַ מעלה; זי צופּליהט זיך נישט אַזוי ווי אַ היינטיגע סחורה, אונ פון פּאָרענט פערלייגט זי זיך אויף איין אייל!...

— אַ פעלצעל — טראַכט ער וויטער — איז אייגענטליך בעססער. אַ פעלצעל איז וואַרעם, גוט וואַרעם. נור אַלץ פריהער ברילּלען. אַ פעלצעל איז נור גוט ווינטער אונ ברילּלען דאַרף מען תמיד, וואָרען זוממער, אַז עס מאַכט זיך אַ ווינד אונ יאָגט דען שטויב גלייך אין די אויגען אריין, איז אָרגער ווי ווינטער!

אונ עס בלייבט, אַז פריהער זעננען ברילּלען, דערנאָך ערשט אַ פעלצעל! דער אייבערשטער זאָלל נור העלפען, ער זאָלל אָבנעמען דען וויץ ... אַ פיער גילדען וועט ער אַ ודאי האַבען...

אונ ער שלאַפּט וויטער, אונ דער נאַססער שניי פּאַטשט איהם אין פנים אריין, דער ווינד ווערט אַללע מאָל שטאַרקער אונ די זייט שטיכט אַללע מאָל מעהר.

— דער ווינד זאָלל זיך נור וועללען איבער דרעהען! נור מן הסתם — טראַכט ער — איז אַזוי גלייכער, צוריק צוועגס וועלל איך מעהר מיעד זיין, וועל איך איהם דעמאָלט האָבען פון הינטען! אַ דעמאָלט וועט עס גאָר אַנדערש געהן! אלס פערזאָרגט! גרינג אויפ'ן הארץ!

ער האָט זיך געמוזט אָבשטעללען אַ רגע אונ דען אָטהעם חאַפּען. דאָס שרעקט איהם אַ ביסעל איבער:

— וואָס איז אַזוינס מיט מיר געשעהען? ווייניג פראָסט אונ ווינטען האָב איך אויסגעהאַלטען אַלס קאַנטאָניסט? פרעגט ער זיך טרויעריג אונ האלב דערשראָקען.

אונ ער דערמאַנט זיך זיין סלושבע אַלס ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. פינף אונ צוואַנציג יאָהר ריינע סלושבע אונטער דער ביקס, חוץ די קינדערשע יאָהרען אַלס קאַנטאָניסט. ער איז זיך געגוג אָנגעגאַנגען אין זיין לעבען, געמאַרשירט איבער באָרג אונ טהאָל, אין שניי אונ פראָסט אונ אללערליי זאַוויערוחים. אונ וועלכע שנייען, וועלכע פראָסט! די ביימער פלעגען פלאַטצען, פייגעלעך פלעגען טויט אראָבפאַלען אויף דער ערד — אונ דער רוסישער סאָלדאַט איז געגאַנגען פריש.

ליבענדיג, און נאָך דער צו אַ ליעדעלע געזונגען, אַ טרעפּאַק, אַ קאָמאַרינסקי און מיט די פֿיס צוגעקלאַפּט!

דער געדאַנק, אַז ער האָט גאַנצע פֿינף און דרייסיג יאָהר אויסגעהאַלטען די טירציטינע סלושבע, אויסגעשטאַנען אַללע צרות, אַללע שנייען, אַללע ווינטען, אַללע שלעק, הונגער, דאָ שט און נויטען, און אַ געזונדטער אַהיים געקוממען — דער געדאַנק מאַכט איהם גרויס! ער הייבט אויף דעם קאָפּ מיט גדלות און געהט מיט נייעם כח.

— האַ, האַ, וואָס איז גאָר ביי מיר אַזא פּראָסטעל? אין רוסלאַנד, דאַכט זיך, איז געוועזען עפּים אַנדערש!

ער געהט, דער ווינד ווערט אַ ביסעל שטיללער, עס ווערט אַללע מאָל טונ־קעלער, עס פֿאַלט צו די נאַכט.

„אויך מיר אַ טאָג — טראַכט ער — אַ טל ומטר׳ל!... און ער הייבט זיך אָן מעהר צו יאָגען, עס זאָלל איהן נישט די נאַכט בעפֿאַללען. נישט אומזיסט געהט ער שבת אין עולעכען לערנען תורה, ער ווייסט: מען דאַרף אַרויסגעהן און צוריק קוממען בכי טוב!

ער פֿיהלט אַ ביסעל הונגער, און אַ טבע האָט ער, אַז ווען ער ווערט הונגע־ריג, ווערט ער לוסטיג! ער ווייסט, אַז אַפּעטיט איז אַ גוטע זאַך; זיינע סוחרים, וואָס שיקען איהן אין שליחות, ווינען תמיד נור אויף דעם, וואָס זיי זענען קיינמאָל ניט הונגעריג! ער האָט, ב״ה, אַפּעטיט! אויסער, אַז ער איז נישט בקי הבריאָה ווי, למשל, נעכטען; ער איז קראַנק געוועזען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס ברויט איז זויער

— געה, וואו איז עס זויער געוועזען; זעלנעריש ברויט! אַ מאָל אָפשר יאָ, אָבער היינט? היינט באַקט פֿאַניע אַזא ברויט, אַז די יורישע באַקערם מאָגען זיך בעהאַלטען. און געקויפֿט האָט ער אַ פֿריש ברויט! עס איז געוועזען אַ מחיה צו שניידען. ער איז אָבער נישט געוועזען בקי הבריאָה, עפּים האָט איהם אַ קאָלט געיאָגט אַ דורך די ביינער.

— נור געבליבט איז דער, וואָס ער איז ניט ווערט זיין נאָמען צו געדענקען, עס טרעפֿט זיך איהם זעלטען!

אצונד האָט ער אויך אַפּעטיט, ער האָט אפילו אין קעשענע ברויט מיט אַ שטיקעל קעז... דאָס שטיקעל קעז האָט איהן דעם סוחר׳ס ווייב געגעבען, לעבען זאָלל זי און געזונד זיין! זי איז טאַקי אַ בעל צדקה, זי האָט אַ יודיש האַרץ.

— זי זאָלל נור נישט אַזוי קללה׳ן — טראַכט ער — וואָלט זי געוועזן גאר אַ וואוילע יודענע!... ער דערמאָנט זיך אין זיין געשטאָרבענע ווייב.

— גאָר מיין שפּרינצע ניעבֿריטשקעס! זי האָט אויך געהאַט אַ גוט האַרץ, און אַזאַ טבע צו קללה׳ן! וואָס פֿאַר אַ קינד איך האָב אַוועק געשיקט אין דער וועלט אַריין, האָט זי געוויינט ווי אַ ביבער, חאָטשי אין דער היים האָט זי זיי געשאָלטען מיט טוידטע קללות! ווער שבֿיעסט — דערמאַנט ער זיך — אַז זיינס איז געשטאָרבען! זי האָט זיך געוואָרפֿען גאַנצע טאָג ווי אַ שלאַנג אויף דער ערד, געהאַקט זיך מיט די פֿויסטען אין קאָפּ אַריין.

איינמאָל האָט זי גאָר געוואָלט וואַרפֿען אַ שטיין אין הימעל אַריין!

— „אָט, זעהסט דו — טראַכֿט ער — גאָטט מאַכֿט זיך אַ סך פֿון אַ נאַרישע יודענע!... זי לאָזט אָבער נישט אַרויס נעמען די מטה מיט׳ן מת! זי פּאַטשט אויס די ווייבער, דער חברה נושאים רייסט זי אויס די באָרד;”

„אַ שאָנע גבורה האָט געשטעקט אין דער שפּרינצען! עס האָט זיך געדאַכֿט אַ פֿליעג, און אַזאַ כח, אַזאַ כח!...”

— פֿאָרט, זי זאָלל עס מיר מוחל זיין, אַ גוטע געוועזען! זי האָט אפילו מיך אויך נישט פֿיינד געהאַט, חאָטש זי האָט מיר קיינמאָל קיין גוט וואָרט נישט געגעבען!

געשריגען האָט זי: אַ גט, אַ גט! אַז נישט וועט זי אַזוי ענטלויפֿען! נור וואו האָט זי געוואָלט אַ גט!

ער דערמאַנט זיך עפּעס און שמייכֿעלט...

די מעשה איז שוין לאַנג, לאַנג... דעמאָלט איז נאָך געוועזען די קאָנסומציע און ער איז געוועזען אַ נאַכֿט וואָכֿטער, און אַרום געגאַנגען גאַנצע נאַכֿט מיט׳ן אייזערנעם שטאָקעלע, מען זאָלל נישט אַריין גנב׳נען בראָנפֿען!

סלושבֿע האָט ער געקאָנט, ביי פּאָני׳ען איז אַ גוט הדר, ער האָט גוטע מלמדים געהאַט!... פֿאַר טאָג, ווינטער איז עס געוועזען, עס קומט איהן אָב בייטען דער טאָג-וואָכֿטער, חיים יונה — איז שוין אויפֿ׳ן עולם אמת — און ער געהט אַ היים געפֿרוירען, פֿערשטאַרט! ער קלאַפּט ביי דער טהיר און זי שרייט איהם אַרויס פֿון בעט:

„געה אין דער ערד אַריין! איך האָב געמיינט דיין נאָמען וועט אַהיים קומען”.

אָ האָ! זי איז בייז נאָך פֿון נאַכֿטען ביי טאָג! ער קאָנן זיך אפילו נישט דערמאַנען וואָס נאַכֿטען איז אַזוינס געוועזען, נור זיין האָט דאָך עפּיס געמוזט.

— „פֿערמאַך דאָס מויל און עפֿען!” שרייט ער

— „דען קאָפּ וועלל איך דיר עפֿענען!” האָרט זיך אַ קלאָרע תשובה

— לאָז מיך אַריין! שרייט ער.

— אין דער׳ערד אריין געה! ענטפֿערט זי.

און ער האָט זיך מישב געווען און איז געגאַנגען אין בית המדרש אַריין. ער האָט זיך געלייגט שלאָפֿען אונטערן אויבען. צום שלימזל איז געווען אַ סוואָנד, ער איז פֿערגאָרעט געוואָרען, און מען האָט איהם אַ היים געטראָגען אַ טוידטען...

„אַ קלייניקייט האָט דעמאָלט שפּרינצע איבער געאַרבייט!“ ער האָט שפּעטער גאַנץ גוט געהאָרט וואָס זי האָט איבער געאַרבייט.

מען זאָגט איהר: עס איז גאָר נישט, אַ סוואָנד.

ניין! זי וויל נור אַ דאָקטאָר; זי האָט בדעה צו חלש׳ן, צו וואַרפֿען זיך אין וואַסער אַריין, און שרייט נור: מיין מאַנן! מיין מאַנן, מיין הכשיט!

ער נעמט צוזאַממען אַללע כחות, זעצט זיך אויף און פֿראָגט זי געלאַססען:

— שפּרינצע, ווילסט אַ גט?

— נעם איין... זי האָט דאָך נישט געענדיגט די קללה און אַרויס געלאָזט אַ געוויין...

— שמריה, ווי מיינסט דו, גאָטט וועט מיך ניט שטראָפֿען פֿאַר מיינע קללות, פֿאַר מיין רשעות?...

קוים איז ער אָבער געזונד געוואָרען — צוריק די אייגענע שפּרינצע: אַ מויל אויף ראָדער, אַ צונג אויף שרויפֿען, און אייזען שטאַרק, זי קראַצט ווי אַ קאַץ. הא, הא! אַ שאָד שפּרינצע! זי האָט אפילו קיין נחת פֿון די קינדער נישט דערלעבט.

עס מוז זיי גוט געהן אויף דער וועלט; אַללע בעל מלאָכות. די מלאָכה לאָזט ניט שטאַרבען פֿאַר הונגער! כח האָבען זיי, אין מיר אַריין געראַטהען, איי וואָס, זיי שרייבען נישט, וואָס איז? אַליין קענען זיי נישט, און גאָה בעט ערשט איין אַנ־דערן, יענער זאָלל שרייבען! און וואָס פֿאַר אַ טעם האָט אַזאַ בריעף? ווי איבער־געשוועקטע יאָך! און גלאַט מיט דער צייט... יונגע קינדער פֿערגעסען... עס מוז זיי דאָך גאָר גוט זיין...

נאָר שפּרינצע נעבעך ליגט אין דער ערד! אַ שאָד שפּרינצע!

— אַזוי ווי די קאָנסומציע האָט אויפֿגעהערט - איז זי געוואָרען אוים מענש! טאַקי, איידער איך האָב מיך געוואָהנט צום שליחות, צו זאָגען דעם פּריץ: יאַש־ניע פּאַניע, נישט וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע, איידער מען האָט מיר געטרויט קאָנטראַקטען מיט געלד — האָט געפֿעהלט דאָס שטיקל ברויט...

מילא איך, זעהסט דו, אַ מאַנספּערשוין, אַ געוועזענער קאַנטאָניסט, עסט מען נישט אַ טאָג! איהר אָבער איז עס געגאַנגען, אימשטיינס געזאָגט, אינ׳ם גאַנ־צען לעבען! אַ נאַרישע יודענע, זי פֿערליערט באַלד די כחות, זי האָט שוין אפילו נישט געקאָנט שעלטען, דער גאַנצער שייגאָץ איז איהר פֿון קאָפּף אַרויס, און נור געוויינט!...

עס איז מיר נמאָס ומאוס געוואָרען פאַר'ן לעבען... עפּעס האָט זי גאָר מורא געקריגען פאַר מיר! זי האָט גאָר מורא געהאַט צו עסען, מיר זאָלל נישט פעהלען, אַז איך זעה, אַז זי האָט מורא, בין איך בייז, איך שריי, איך שעלט! למשל: פאַר וואָס געהסט דו נישט פרעססען?! איך פאַל אַ מאָהל אין אַ רציחה אַריין אונ וויל זי פּשוט שלאָגען, נור געה שלאָג אַ וויינענדיגע יודענע, אַז זי זיצט פער־לייגט די האַנד אונ ריהרט זיך נישט! איך לויף צו מיט איין קולאַק, שפּיי אין איהם נאָך אָן, אונ זי אָנטפערט מיר: „עסס פריהר דו אָב, איך וועל דערנאָכדעם עסען!" אונ איך האָב געמוזט פריהר אָבבייסען פונ'ם ברויט, אונ איהר איבערלאָזען די רעשט...

אַ מאָל נאַרט זי מיך אַרויס אין גאַסס אַריין: איך וועלל שוין עססען, געה נור אין גאַסס אַריין; געה, אפשר וועסט דו עפּיס פערדיענען, אונ מכלומר'שט שמייכעלט זי דערביי, אונ גלעט מיך אַ מאָל!

אונ אַז איך געה אונ קום צוריק, טרעף איך נאָך כמעט דאָס אייגענע ברויט! זי רעדט מיר איין, אַז זי קאָן נישט עססען קיין טרוקענס, זי דאַרף גאָר אַ גריץ!

ער בייגט אַראָב דען קאָפּף, גלייך עס וואָלט איהן געדריקט אַ שווערע לאַסט אונ די טרויריגע געדאַנקען יאָגען:

— אונ וואָס פאַר אַ יללות זי האָט געמאַכט, אַז איך האָב געוואָלט מיין שבת־דיגע קאַפּאָטע, אָט די וואָס איך טראָג — פערזעצען! מעשים האָט זי געאַרבייט אונ געלאָפען אונ פערזעצט איהרע מעשענע בענש־לייכטער. אונ ביז אין טויט אַריין שוין געבענשט אין קארטאָפּפעל!... פאַר'ן טויט האָט זי מיר מודה געווען, אַז זי האָט קיין מאָל נישט געוואָלט קיין גט, אַז זי האָט נור אַ בייז מויל געהאַט.

— די צונג, די צונג, האָט זי געשריען. רבונו של עולם, זיי מיר מוחל די צונג! אונ איז טאַקי געשטאָרבען אין איין פחד, מען זאָל זי אויף יענער וועלט נישט הענגען אויף דער צונג!

— גאָטט, מאַכט זי צו מיר, וועט קיין רחמנות אויף מיר נישט האָבען; איך האָב צופיעל געזינדיגט! נור אַז דו וועסט קוממען, נישט באַלד, חס ושלום! איבער הונדערט אונ צוואַנציג יאָהר, אַז דו וועסט קוממען, געדענק, חאַפּ מיך אַראָב פון תליה! זאָג דעם בית דין של מעלה, אַז די האָסט מיר מוחל געוועזען!

זי האָט באַלד פערלוירען די געדאַנקען, אַלץ גערופען די קינדער! עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זיי זענען דאָ אין שטוב, אַז זי רעדט מיט זיי, אונ האָט זיי אויך געבעטען מחילה!

אַ נאַרישע יודענע, ווער וואָלט איהר נישט מוחל געווען.

ווי אַלט איז זי געוועזען אין גאַנצען? אפשר אַ יאָהר פופציג! אַזוי פריה גע־שטאָרבען! אַ קלייניקייט, אַז אַ מענש נעמט זיך אַלליין צו דאָס לעבען, אַז וואָס

מען טראָגט אַרויס פֿון שטוב צו פֿערזעצען, טראָגט מען איהר אַרויס האַלב געזונד, שטיקער פֿלייש!...

טאָג אויף טאָג איז זי גריענער אין געלער, קלענער און דאַרער געוואָרען.

זי האָט געזאָגט, אַז זי פֿיהלט ווי דער מאַרך טריקענט איהר אין די ביינער...

זי האָט געוואוסט, אַז זי וועט שטאַרבען!...

ווי זי האָט ליעב געהאַט די שטוב מיט אַללע זאַכען! וואָס מען האָט אַרויס־געגעבען, אַ באָנקעל, אַ בלעכענע העססע, איך ווייס וואָס, האָט זי עס בעגאָס־סען מיט ביטערע טרערען; זי האָט זיך מיט יעדער זאַך געזעגענט ווי אַ מאַמע מיט אַ קינד!... מישטיינס געזאָגט, אַרומגעהאַפּט און כמעט געקושט..."אָהאָ! מאַכט זי, ווען איך וועל שטאַרבען, וועסט דו שוין נישט זיין אין שטוב!"

אַ מעשה, אַ נקבה איז פֿאָרט אַ נאַר! אַ רגע איז זי אַ קאָזאַק אין ספּודניצע, און אַ ליאַדע וואָס — אָרגער ווי אַ קינד! זעהסט דו שוין, ביי שטאַרבען איז אַ וודאי אַ חלוק צו מיט אַ באָנקעל צו אָהן אַ באָנקעל!...

— פֿע! — האַקט ער זיך אַליין איבער די געדאַנקען, — וואָס מיר קומט אַלס אין קאָפּף אריין, דורך די פּוסטע זאַכען געה איך וואַלגע.

— נו, זעלנערישע פֿיעס, טראָגט ווייטער! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

ער קוקט זיך אום — אַרום און אַרום שניי; ז'ויבען — אַ גראָהער הימעל מיט שוואַרצע שמאַטעס געלאַטעט; — גאָר מיין אונטערשטע קאַפּאָטע! — טראַכט ער — שינעט מיט לאַטיקענע לאַטעס! רבונו של עולם, דיר פֿעהלט אויך קרעדיט אין געוועלב?

דערווייל נעמט אַ פֿראָסט. די באָרד און די וואָנסעס זעננען אייז, אין גוף איז אפילו נישט קשה, דער קאָפּף איז גאָר וואַרעם, און פֿון שטערען פֿיהלט ער טראָפּען שוויס; נור די פֿיעס ווערען וואָס אַ מאָל קאַלטער און שוואַכער.

שוין נישט ווייט, ער האָט דאָך חשק זיך אָבצורוהען און ער שאָמט זיך פֿאַר זיך אַליין. דאָס ערשטע מאָל דאַרף ער זיך אָברוהען ביי אַ שליחות פֿון צוויי מייל וועג. ער וויל זיך נישט מודה זיין, אַז ער איז איין אַכציגער און עס איז שוין צייט דערויף.

ניין, ער מוז געהן... נור געהן... כל זמן מען געהט, געהט מען, עס טראָגט זיך; קוים גיט מען נאָך דעם יצר הרע און מען רוהט זיך אָב, ווערט מען שוין אַ לייט!

מען קאָן זיך גלאַט פֿערקיהלען, שרעקט ער זיך אַליין איבער, — און וויל זיך אַלס אויסרעדען דעם שטאַרקען חשק צום אָברוהען.

— נישט ווייט שוין צום דאָרף, דאָרט וועל איך אויך צייט האָבען!

— דאָס, — טראַכט ער — וועל איך יוא טוהן: איך וועל נישט געהן גלייך

צום פריץ... ביים פריץ מוז מען ווארטען א שעה אין דרויסען... נור גלייך צום יוד.

— חאטש גיט, — טראכט ער — וואס איך דאס נישט קיין מורא פאר דעם פריץ'ס הונד; פון דעסטוועגען, ביי נאכט, אז מען לאזט אב דען בורען, איז דאך א סכנה; איך האב מיט אפילו מיין וויעטשערע, און בורי האט ליעב קעז, פארט בעססער פריהר אויסרוהען די ביינער! איך וועל מיר פריהר געהן אריין צום יוד, אנווארמען זיך, וואשען זיך, עפעס עססען...

און עס קומט איהם וואססער אין מויל אריין; ער האט פון אין דער פריה אן נישט געגעססען; נור דאס איז א קלייניגקייט, איהן ארט נישט, וואס ער איז הונגעריג; ער האט הנאה דערפון: אז מען איז הונגעריג, איז א סימן, אז מען לעבט! נור די פיס!...

ער האט נאך אין גאנצען א צוויי ווייערסט, ער זעהט שוין ארויס דעם פריץ'ס גרויסע שאפע... נור די פיס זעהען נישט, זיי וויללען זיך דוקא אברוהען!

— און ווידער פערקעהרט, — טראכט ער זיך, — וואס איז, אז איך וועל מיך א ביסל אברוהען? א מינוט, א האלבע מינוט! אפשר יא? לאז מיך נור פרובירען! אזוי לאנג פאלגען מיך די פיס, וועלל איך זיי אויך א מאל פאלגען!

און שמריה זעצט זיך אין דער זייט אויף א בארגיל שניי. אצונד האט ער ערשט, ווי דאס הארץ קלאפט אין איהם ווי א האמער און עס שטיכט, און דער קאפף שווינדעלט...

ער דערשראקט זיך. צו ווערט ער נישט קראנק? ער האט ביי זיך פרעמד געלד! ער קאן בלייבען, חס ושלום, חלשות... און ער טרייסט זיך: געלויבט איז גאטט, וואס קיינער געהט נישט! און אפילו עמיץ זאלל געהן, וועט איהם אויך נישט איינפאללען, אז איך האב געלד ביי מיר... מי'שטיינסגעזאגט, ווע'מען מיגעטרויעט געלד!... נור א קאפ זיצען, דערנאך וואליי!

נור די ברעמען פאללען איהם צו ווי בליי.

— ניין, הייב דיך אויף שמריה, וְכִטְאוויי! קאמאנדירט ער מיט זיך.

קאמאנדירען קאנן ער נאך, אבער אויספיהרען נישט; ער קאן זיך נישט ריהרען. איהם דאכט זיך דאך אז ער געהט, אז ער געהט אללע מאל שטארקער! אט זעהט ער שוין אללע הייזלעך... דא וואהנט אנטעק, דא'ט באזילי; ער קען זיי אללע, ער דינגט ביי זיי פוהרען... צום יוד איז נאך ווייט, נור גלייכער צום יוד... מיטרעפט דארט א מאל מזומן... און איהם דאכט זיך, אז ער געהט צום יוד'ס הייזעל; נור עס רוקט זיך אב אללע מאל ווייטער, ווייטער...

מן הסתם דארף אזוי זיין... עס ברענט דארט א פרייליך פייערל אויפ'ן קוימען, דאס גאנצע געזעמעל איז לוסטיג און רויט, די גראבע מירל שוימט א ודאי א גרויסען

טאָפּף קאַרטאָפּפּעל, און זי איז איהם שטאָנדיג מכבד מיט אַ קאַרטאָפּפּעל; אַ פּערגניגען אַ הייסע קאַרטאָפּפּעל! און ער רוקט זיך ווייטער. אַזוי דאַכט זיך איהם אויבוואהל ער זיצט אויף איין אָרט.

דער פּראָסט האָט אַ ביס'ל געלאָזט, עס הייבען אָן פאַללען ברייטע, דיקע פלאַכעס שניי.

איהם איז, אַ פּנים, אויך וואַרעמער געוואָרען אין דער שניי־קאַפּאָטע. און עס דאַכט זיך איהם, אַז ער איז שוין ביים יוּר אין שטוב. מירל זאַיערט די קאַרטאָפּפּעל, ער הערט ווי דאָס וואַססער גיעסט זיך, זוּר, זוּר, זוּר, און אַזוי גיעסט זיך פון זיין לאַסטיקענער קאַפּאָטע אויך. יונה געהט אַרום און זינגט אונטער דער נאָז; זיין שטייגער איז צו זינגען נאָך מעריב, ווייל דעמאָלט איז ער הונגעריג, און מאַכט אַללע מאָל: נו מירל!"

נור מירל יאָגט זיך נישט; "וואָלנער טהוט זיך בעססער!"

— צו שלאָף איך און עס חלומט זיך מיר? ווערד ער ראַפּטום פריילידערשראָקען. עס דאַכט זיך איהם, אַז עס אָפענט זיך די טיהר און עס קומט אַריין זיין אָלטערער זוהן... חנה! חנה! אָה! ער דערקענט איהן! וואָס טהוט ער דאָ? נור חנה דערקענט איהן נישט, און ער מאַכט זיך נישט וויססענדיג... חאַ, חאַ, חאַ, ער דערצעהלט יונה'ן, אַז ער פאָהרט צום טאַטען, ער ... אוים אויפ'ן טאַטען, ער האָט דעם טאַטען נישט פערגעססען! און יונה ממזר זאָגט איהם נישט, אַז דער טאַטע זיצט אויפ'ן באַנק־בעטעל!... מירל האָט צו טהון: זי איז פערנומען ביי די קאַרטאָפּעל, זי וועט נישט מפסיק זיין; זי שמייכעלט נור, זי רייבט די קאַרטאָפּפּעל מיט'ן גרויסען הילצערנעם ... על און שמייכעלט!

— אָה! חנה מוז זיין רייך, גאָר רייך! אַלץ איז אויף איהם גאַנץ, און אַ קייט... אָפּשר טאָמבאַק? ניין, אַ ודאי גאָלד! חנה וועט נישט טראָגען קיין טאָמביקינע קייט, ח"ו,... חאַ! חאַ! חאַ! — ער גיט אַ קוק אויפ'ן פּיעקאַליק... חאַ! חאַ! האַ! — ער פלאַצט שיער פאַר געלעכטער. יעקעל, בערעל, זכריה... אַללע דריי... חאַ! חאַ! זיי האָבען זיך בעהאַלטען אויפ'ן פּיעקאַליק, דאָס איז גנבים! חאַ! חאַ! חאַ! אַ שאָד שפּרינצע, אַ שאָד! זי זאָלל חאָטש אויך האָבען דאָס נחת!" דערוויל בעשטעלט חנה צוויי גאָנז. "חנה! חנה! דערקענסט מיך נישט? איך בין עס!..." און איהם דאַכט זיך, אַז ער צוקושט זיך מיט חנה'ן...

— האָרסטו, חנה, אַ שאָד די מאַמען, זי זאָלל דיך זעהן!... יעקעל, בערעל, זכריה, אַראָב פון פּיעקאַליק! איך האָב אייך באַלד דערקענט! קומט אַראָב, איך האָב געוואוסט, אַז איהר וועט קוממען! אַ והאָ ראיה, איך האָב אייך מיט געברענגט קעז, אָמת'ן שאָפּענען קעז! זעהט נור, קומט קינדער! איהר האָט דאָך עפּיס ליעב זעלנעריש ברויט! וואָס? אָפּשר נישט? אמת אַ שאָד די מאַמען!

און עס דאכט זיך איהם, אז אללע פיער קינדער האבען איהם ארומגערינגעלט און האלטען איהם און קושען און דריקען זיך צו איהם צו.

— נור וואלנע, קינדערלעך! וואלנע, דריקט מיך נישט צו שמא״ק! איך בין שוין נישט קיין יונגער מאן, איך בין איין אכציגער!... וואלנע, איהר דושעט מיך, וואלנע, קינדערלעך... אלטע ביינער! וואלנע, איך האב געלד אין קעשענע! מיר, ב״ה, געטרויט מען געלד!... גענוג, קינדערלעך, גענוג!...

און עס איז געוועזען גענוג... ער איז געבליבען פערשטא״ט מיט דער האנד אויף דער בוזעם קעשענע. —

# וואס הייסט „נשמה“.

## 1.

איך געדענק ווי אין א חלום, אז עס האט זיך ביי אונז אין שטוב ארומגעדרעהט א קליין דאר יודעל מיט א שפיציג בארדעל, וואס פלעגט מיך אללע מאל ארומנעהמען און קושען.

דערנאך, געדענק איך, איז דאס אייגענע יודעל קראנק געלעגען אין בעט, ער האט זעהר געקראכצט און די מאמע איז געשטאנען און געהאקט זיך אין קאפף אריין.

א מאל האב איך מיך אויף ביי נאכט און דערזעה א פוללע שטוב מיט יודען; פון דרויסען האר איך א יאמערליך געוויין... איך האב מיך שטארק דערשראקען און אנגעהויבען שרייען.

עס איז צוגעקוממען צו מיר איינער פון די יודען, ער האט מיך אנגעטהון און אוועק־געפיהרט צו ן א שכן שלאפען.

דען אנדערן טאג האב איך די שטוב נישט דערקענט: אויף דער ערד איז געלעגען אנגעשיט שטרוי, דער שפיגעל אויף דער וואנד — איבערגעדרעהט, דער האנגעלייכטער פערהאנגען מיט א טישטוך, און די מאמע איז געזעססען אין די זאקען אויף א קליין באנקעלע אויף דער ערד...

אז זי האט מיך דערזעהען, האט זי ארויסגעלאזט א שרעקליך געוויין, און האט אנגעהויבען שרייען: „דער יתום, דער יתום!“...

אויפ׳ן פענסטער, האט זיך געבראנט א קאגאניק, דערנעבען איז געשטאנען

אַ גלאָז וואַססער אונ געהאַנגען אַ שמאַטע...

מען האָט מיר געזאָגט, אַז מיין טאַטע איז געשטאָרבען, אַז זיין נשמה וואַשט זיך אינ'ם גלאָז וואַססער אונ ווישט זיך אָב מיט דער ליינוואַנד... אז אויב איך וועלל זאָגען ערנסט קדיש, וועט זי פליהען גלייך אין הימעל אריין.

אונ מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די נשמה איז אַ פייגעלע...

## 2.

איינמאָל האָט מיך דער בעהעלפער אָבגעפיהרט אַהיים. נעבען אונז זעננען דורכגעפלויגען גאַנץ נידריג, עטליכע פייגעל.

— „נשמה'לעך פליהען, נשמה'לעך פליהען!" האָב איך מיר צוגעזונגען.

דער בעהעלפער האָט זיך אומגעקוקט.

— געה דו נאַרר, — מאַכט ער צו מיר — דאָס זעננען פייגעל, פּראָסטע פייגעל!

דערנאָך האָב איך געפרעגט די מאַמען: ווי אַזוי ווייסט מען דען חלוק פון אַ נשמה ביז אַ פּראָסט פייגעלע.

## 3.

אז איך בין אלט געוואָרען פיערצעהן יאָהר, האָב איך שוין געלערנט גמרא מיט תוספות, מיט מהרש"א, אונ טאַקי ביי „זרח קנייפּ".

עד היום ווייס איך נישט, צו האָט ער טאַקי אַזוי געהייסען, צו האָבען עס איהם די תלמידים דעם צונאָמען געגעבען, ווייל ער פלעגט קנייפּען אָהן רחמנות.

אונ ער פלעגט נישט וואַרטען ביז מען וועט פערדינען אַ קניפּ; ער פלעגט צאָהלען פאָראויס. „דערמאָן מיך, זאָגט ער, וועלל איך דיר אָבשלאָגען!"

דערצו איז ער געוועזען אַ מוהל, געהאַט אַ שפּיציגען פּריעה-נאָגעל, אונ יעדער קניפּ האָט צוגעשי'אָ'ען צום האַרץ.

אונ ער פלעגט זאָגען: „וויין נישט, וויין נישט אומזיסט! איך קנייפּ דאָך נור דיין גוף! וואָס שאַדט דיר, אַז די וואָרעם אין קבר וועללן האָבען וועניגער צו עססען?"

אונ דער גוף, זאָגט זרח קנייפּ, איז טאַקי נור עפר ואפר. אָ והאָ ראיה: רייב איין האַנד אין דער אַנדערער וועסט דו זעהן!

און מיר האָבען געפּרובט און טאַקי געזעהען בחוש, אַז דער גוף איז עפר ואפר.

— און וואָס איז די נשמה? האָב איך געפרעגט.

— אַ רוחניות! האָט מיר דער רבי געענטפערט.

## 4.

זרח קנייפּ האָט פיינד געהאַט שנאת מות זיין ווייב די רבי׳צען; פאַר דאָס איז שפּרינצע, די בת יחידה זיינע, געווען ביי איהם איין אויג אין קאָפּ.

מיר ווייטער האָבען פיינד געהאַט שפּרינצען, ווייל זי פלעגט אונז צו צומסר׳ן צום פאָטער, און — ליעב געהאַט די רבי׳צען, וואָס פלעגט אונז פערקויפען אויף קרעדיט באָבעס מיט ארבעס און ניט איינמאָל מציל זיין פון רבי׳נס האַנד.

דער גראָסטער חשוב ביי דער רבי׳צען בין איך געוועזען. איך פלעג קריגען דען גראָסטען צולאָג, און ווען דער רבי האָט זיך גענומען צו מיר, פלעגט זי שרייען: „רוצח, וואָס ווילסט דו פון יתום? זיין טאַטענס נשמה וועט זיך אין דיר נוקם זיין!״

דער רבי האָט מיך אָבגעלאָזט און די רבי׳צען האָט געלייזט מיין חלק.

איינמאָל, געדענק איך, ווינטער ביי נאַכט, בין איך אַהיים געקוממען פון חדר אַזוי צוקניפּען און פון פראָסט אַזוי דורכגענוממען, אַז די גאַנצע הויט האָט אויף מיר געשטאַרט.

דעמאָלט האָב איך אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און האָב יאָמערליך געוויינט און געבעטען: „טאַטישי; זיי זיך נוקם אין זרח קנייפּ!... רבונו של עולם, וואָס וויל ער פון מיין נשמה האָבען?!״

אַז ער קנייפּט נור דעם גוף, האָב איך פערגעססען!

אין אדם נתפס על צערו!

## 5.

דאָך אַז זרח קנייפּ האָט אַמאָל אין אַ „יומא דפגרא״ פערמאַכט די גמרא און גענוממען זיך צו דערצאָהלען מעשות, איז ער גאָר געוועזען איין אַנדערער מענש.

ער האָט אראָבגעלעגט דעם ספּאָדיק, געבליבען זיטצען אין די גרויסע פעדערן (קיין יאַרמילקע האָט מען נישט ארויסגעזעהען). ער האָט אויפגעקנאָפּעלט די

סטראָקעס, אויסגעגלייכט דעם שטערן. די ליפּען האָבען איהם געשמייכעלט, און דאָס קול איז אויך גאָר אַנדערש געוואָרען.

געלערנט האָט ער מיט'ן הארטען, גראָבען, בּאָזען קול, מיט וועלכען ער פלעגט רעדען צו דער רבּי'צען; מעשות דערצאָהלט — מיט דעם אייגענעם ווייכען, דינעם, גוטען קול, מיט וועלכען ער פלעגט זיך ווענדען צו שפּרינצען, מיט „דער טהייערער נשמה".

און מיר פלעגען זיך בּיי איהם שטאָנדיג בעטען ווי בּיי'ן אַ גזלן, ער זאָלל אונז דערצאָהלען אַ מעשה. מיר האָבען נישט געוואוסט, אַז זרח קנייפּ קען נישט מעהר ווי אַיין פּרק „איזה נשך". מיט וועלכען ער הייבט אָן און לאָזט אויס דעם זמן, און מוז שטיקעווען מיט מעשות, בּפרט אַ ווינטער זמן, וואָס איז אָהן ימים טובים! מיר נאַראָנים פלעגען פאַר יעדער מעשה צאָהלען מיט בּאַ-בּעס און מיט אַרבּעס, און איינמאָל זיך צונויפגעלעגט פאַר שפּרינצען אויף אַ רויטען בּאַרכענען ספּענצער.

פאַר דעם בּאַרכענען ספּענצער, האָט אונז זרח קנייפּ דערצאָהלט, ווי אַזוי דער רבּונו של עולם קלויבּט אויס פון זיין אוצר אַ נשמה און בּלאָזט זי אַריי אין אַ גוף.

און איך האָבּ מיר פאָרגעשטעלט, אַז בּיי'ם רבּונו של עולם אין אוצר זענען אויסגעלעגט די נשמות, ווי די סחורה בּיי מיין מאַמע אין געוועלבּעל, אין אַלערליי שאַכטעל, רויטע, גרינע, ווייסע, בּלאָהע... און אַרום געבּונדען מיט שטריקלעך.

---

## 8.

— און אַז גאָטט, דערצאָהלט דער רבּי, קלויבּט אויס אַ נשמה, און איז גוזר אויף איהר, זי זאָלל אַראָבּגעהן אויף דער זינדיגער וועלט, ציטערט זי און וויינט...

דערנאָך קומט צו איהר אַ מלאָך אין דער מאַמעס בּויך אַריין, און לערנט מיט איהר אויס כל התורה כֻּלה. נור אַז עס קומט די רעכטע צייט, גיט איהר דער מלאָך אַ שנעל אין דער נאָז און זי פערגעסט צוריק דאָס לערנען.

— דעריבּער, זאָגט דער רבּי, האָבּען אַללע יודישע קינדער צושפּאַלטענע אייבּערשטע ליפּען...

דעם אייגענעם טאָג פאַרנאַכט האָבּען מיר זיך געגליטשט אונטער דער שטאָדט און איך האָבּ דערזעהען, אַז די שקצים: יאַנטעק, וואַטעק און יאַשעק האָבּען צושפּאַלטענע אייבּערשטע ליפּען גלייך מיט אונז.

— יאשעק! האָב איך מיר איינגעשטעלט דאָס לעבען און געפֿראָגט: „טי מאַקושע מאַיעש דושאָ?"

— אָ טאַביע, פשאַ דושאָ, צאָ דאָ טעגאָ? האָב איך געהאַט אַ קלאָרע תשובה.

7.

חוץ ביי'ן אַ מלמד, האָב איך מיך געלערנט ביי איין לעהרער שרייבען.

דעם לעהרער האָט מען געהאַלטען אין שטאָדט פֿאַר אַ גרויסען אפּיקורוס, און די שכנים האָבען זיך נישט געמישט מיט זיינע כּלים.

ער איז געווען אַ אַלמן, און מען האָט נישט געגלויבט, אַז גיטעלע, זיין טאָכטער, אַ מיידעל אין מיינע יאָהרען, זאָלל קאָננען גוט כשר מאַכען פֿלייש.

ער איז אָבער געווען אַ גרויסער מושלם, און מיין מאַמע האָט געוואָלט, אַז איהר בן יחיד זאָלל קאָננען שרייבען.

— איך בעט אייך זעהר, ר' לעהרער, האָט זי געזאָגט, איהר זאָלל מיט איהם נישט לערנען קיין שום אפּיקורסישע זאַכען, קיין תנ"ך, קיין פּסוק, נור לערנט איהן אויס שרייבען אַ יודיש בריוועל, פּשוט אַ „שלום לאהובי" בריוועל.

און פֿונדעסטוועגען ווייס איך נישט, צו דער לעהרער האָט געהאַלטען וואָרט.

אַז איך האָב איהם דערצאָהלט די שאלה מיט די צושפּאַלטענע ליפּען, איז ער אַריינגעפֿאַללען אין אַ שרעקליכען כּעס; ער האָט זיך ראַפּטום אויפֿגעשטעלט, אַוועקגעקאָפּעט מיט'ן פֿוס דאָס באָנקעל און אָנגעהויבען ארומגעשפּרייזען אין שטוב מיט אַ געשריי: „גראָבע יונגען, רוצחים, פֿלעדערמייז!..."

ער האָט זיך פּאַמעליך בערוהיגט, צוריק אַנידערגעזעצט, איבערגעווישט די פּערלאָפּענע ברילען און מיך צוגעצויגען צו זיך:

— גלויב נישט, מיין קינד, האָט ער מיר געזאָגט, אין אַזוינע נאַרישע זאַכען! דו האָסט דיך גוט צוגעקיקט צו די שקצים אויף דער גליטש? ווי הייסען זיי?

איך האָב איהם געזאָגט די נאָמען.

— נו, פֿראָגט ער מיך, צו האָט איינער פֿון זיי אַנדערע מאָדע אויגען? אַנדערע האָנד און פֿיס, אָדער אַנדערע אֵברים ווי דו? צו לאַכען זיי ניט מיט דיר גלייך? און אַז זיי וויינען, גיסען זיך ביי זיי אַנדערע מאָדע טרעהרען ווי ביי דיר? פֿאַר וואָס זאָללען זיי נישט האָבען קיין נשמה גלייך מיט דיר? אַללע מענשען זעננען גלייך, גלייכע קינדער, איין גאָט איז זייער טאַטע, איין ערד איז זייער לאַנד! אמת, אַז היינט האָבען זיך די פֿאָלקער איינס דאָס אַנדערע פֿיינד, יעדעס פֿאָלק רעדט זיך איין, אַז ער איז די קרוין פֿון אַללע פֿאָלקער, אַז נור איהן

האָט גאָטט אין זיננען; נור מיר האָפּען, אז עס וועט קוממען א בעססערע צייט, א בעססערע, ליכטיגערע צייט, ווען אַללע מענשען וועללען דערקעננען איין גאָטט, איין געזעטץ, ווען עס וועט מקוים ווערען אונזערע היילינע נביאים׳ס ווערטער, אז עס וועללען אויפהערען אַללע מלחמות, פערשווינדען ווערען קנאה־שנאה, אַללע וועללען דינען איין בורא עולם, און עס וועט זיין ווי דער פסוק זאָגט: כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים!...

דען פסוק האָב איך געדענקט פון׳ם „ויהי בנסוע" אין דאַוונען.

דער לעהרער האָט נאָך לאַנג גערעדט, נור איך האָב שוין וועניג וואָס פערשטאַנען; איך האָב נישט געקאָנט גלויבען, אז א „גוי האָט אויך שכל", אז אַללע מענשען זעננען גלייך! איך האָב געוואוסט, אז דער לעהרער איז איין אפיקורוס; ער גלויבט נישט אפילו אין גלגול, חאָטש איך האָב אַלליין געזעהען, נאָך פראַדעל מופקרת׳ס טוידט, ווי עס האָט זיך ארומגעדרעהט א שוואַרצער הונד אויפ׳ן דאך פון הויז, וואו זי האָט געוואָהנט.

אויך האָט ער זיך געשניטען די נאָגעל נישט איבערגעהיפערט, קיינמאָל נישט צוגעשניטען קיין עדות און אַזוי אַרויסגעוואָרפען דורכ׳ן פענסטער!

איך וואָלט שוין לאַנג ענטלאָפען פון איהם, איך וואָלט אויסגעזאָגט דער מאַמען, אז ער רעדט „על השם ועל משיחו" ווען נישט...

איהר טרעפט שוין אַ ודאי וואָס און וועמען איך מיין...

---

8.

נור דאָס איז מיר אין קאָפּ אַריין, אז עס וועט קוממען א צייט ווען די אומות העולם וועללען קוממען צו אונז לערנען תורה, און דאָס האָט בעדאַרפט צו זיין היינט־מאָרגען.

ביי אונז איז דעמאָלט געוועזען שוין אמת׳ע משיח׳ס צייטען: מען האָט געפונען דאַרויף א שטאַרקען רמז אין דניאל און א זיכערן לפ״ק; מען האָט געוויזען עפּיס א זוהר מיט א מדרש הנעלם, מען האָט אויך פון אויער צו אויער דערצאָהלט, אז דער קאָזיניצער האָט אויפגעהאָרט צו זאָגען תחנון. אויך איז געוועזען א קלאָרע ידיעה פון ארץ ישראל, אז דאָס יאָהר האָט זיך ניט געוויזען קיין פוקס נעבען כותל מערבי.

און מען האָט זיך טאַקי געריכט אַללע טאָג אויף משיח בן יוסף׳ן. קהל האָט זיך געלאָזט קאָסטען און איינגעהאַלטען די פּאַראַטקעס; אז משיח וועט קוממען ווער וועט געדענקען אַזא קלייניגקייט צוריק צו טאָהנען!

דען אָרגסטען סוף האָבען געהאַט די ווייבער, נאָך פֿאַר אַ יאָהרען זעננען איינגעפֿאַלען די טרעפ פֿון מקוה. אַ צעהן מאָהל האָט מען ניט געלאָזט „אויסנעמען“, איידער מען האָט צוזאַמען גענומען געלד אויף נייע געהילץ. נו, עס ליגט שוין, בה"ש, גרייט, עס איז אָבער פֿאָרט אַ שאָד צו דינגען אַ בעל מלאכה, איין עברה די פֿאָר קאָרבלעך!

און איך בין זיכֿער געוועזען, אַז אין אַ קורצער צייט וועט דער אייזענער יאַשעק, וואָס איז מיר נאָכטען אונטערגעלאָפֿען אויף דער גליטש, בשעת איך האָב געמאַכט „אַ שוכטער“, וואָס דורך איהם האָב איך שיער נישט האַלז און לייב צובראָכֿען; דער אייזענער וואָיטעק, וואָס ווייזט מיר אַללע מאָל אַ חזיר־אויער, און דער אייזענער יאַנטעק, וואָס צאָהלט אונז: ראַז, דוואַ, טשי — אַז אַללע דריי וועלען קוממען צו מיר בקידה והשתחויה פֿראָגען אַ דין, למשל: פֿון מוקצה!

און איך רחמן בן רחמנים, וועלל זיי נישט גערענקען זייער שלעכֿטס, וואָס זיי האָבען מיר געטהון; איך וועל זיי זאָגען. איך וועלל זיי מקרב זיין אין אויסזאָגען דעם סוד פֿון דער אייזערנער מיט דער פֿאַפּירענער בריק; אָנזאָגען זיי הזהר והזהר, אַז זיי זאָללען זיך נישט דערוועגען צו צוגעהן צו דער אייזערנער בריק. אַמבעסטען, האָב איך מיך געטראַכֿט, וואָלט געווען, זיי זאָללען זיך גאָר האַלטען פֿון דערווייטענס, אַבי זיי זאָללען ראַטעווען זייערע נשמות...

---

9.

ערב ראש השנה האָב איך געענדיגט „איזה נשך“ און האָב געפֿיהלט דעם טעם פֿון יציאת מצרים.

ר׳ יוזל, מיין נייער רבי, האָט מען מיר געזאָגט, קנייפּט נישט. אפילו שלאָגען, שלאָגט ער ניט אומזיסט. רבי יוזלען האָב איך אַללע מאָל געזעהען בײ׳ם דאַווענען. ער איז געוועזען אַ הויכֿער יוד מיט גרויסע ברעמען, אַז מען האָט ביי איהם קיין אויג נישט אַרויסגעזעהען. ער פֿלעגט טראָגען אָפֿפֿען דעם קאַפּטען און פֿון אונטער דער לאַנגער צווייש־ציגער ווייסער באָרד, האָט פֿון בײדע זייטען אַרויסגעשטאַרט דער טלית קטן. געגאַנגען איז ער שטיל און שטיל האָט ער גערעדט, גלייך אַלץ וואָלט געווען אַ סוד. דערביי האָט ער גאַנץ לאַנגזאַם אַרויף און אַראָבגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אויפֿגעהויבען די ברעמען, צוזאַמענגעצויגען דעם שטערן, אַרויסגעשטעקט בײדע ליפּען מיט די וואָנסען און אַרײנגעשטעקט בײדע האָנד אין גאַרטעל אַריין; יעדעס וואָרט האָט זיך געדאַכֿט, איז אײנס פֿון די וויכֿטיגסטע

זאָגען, אַז די רייד שטעהען טאַקי ברומו של עולם.

ר' יוזל איז אַ מאָל געוועזען אַ „משולח" ביי איינעם פון די גרויסע גוטע יודען, עד היום האָט ער פון רביי'ם אין קאָמיסיאָן: פערשפּראָכענען בוימיל, מטבעות, קמעות און שמירה'ליך; ער איז דער ערשטער אין שטאָדט אָבצושפּרעכען עין הרע'ס, און אַז דער רב איז נישט בקו הבריאה זאָגט ער פאַר איהם, שבת הגדול, ראש השנה, און מאַכט אַ מאָל אַ הספד. דער רב איז געוועזען איין אַלטער שוואַכער יוד און רבי יוזל האָט זיך גערעכט „איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר" זיין אָרט צו פערטרעטען.

אַ חוץ דעם איז ר' יוזל געוועזען אַ בעל־המטער בעל־תקיעה, און אַז ער פלעגט מאַכען די ברכה פאַר תקיעות, האָט טאַקי, ווי זאָגט מען, אַ פיש אין וואַסער געציטטערט.

און איך בין געוואָרען מלא גאוה, אַז איך וועל זיין יוזלס תלמיד.

נאָך פאַר יום כפור האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו רעדען מיט ר' יוזלען וועגען דער נשמה.

די נשמה איז געוואָרען ביי מיר אַ מין אידעע פיקס. זי איז מיר נישט אַראָבגע־גאַנגען קיין רגע פון די געדאַנקען. דאָס ערשטע האָט מיר ר' יוזל אַרויסגעשלאָגען פון קאָפּ דאָס חבר'קייט מיט די אומות העולם, און אַריינגעשלאָגען אין אַמביציע מיט „אתה בחרתנו".

— נישט אומזיסט, האָט ער געזאָגט, ליידען מיר גלות, בזוי בזיונות און אַזוינע מכות, וואָס שטעהען נישט אין דער תוכחה! מיר זאָללען גלייך זיין מיט די אומות העולם, וואָלטען מיר געהאַט עולם הזה גלייך מיט זיי. „דאָס קינד, וואָס דער טאַטע האָט ליעב — דאָס שמייסט ער", עס זאָל וועללן לערנען און אַריינ־קומען אין אַללע שערי בינה"...

— נור אפילו ביי אונז יודען, זאָגט רבי יוזל, זענען נישט אַללע נשמות גלייך: עס זענען דאָ גראָבע, פּראָסטע נשמות ווי זרח קנייפ למשל. דיין לעהרער, דער אַפּיקורוס, האָט אַ נשמה בבחינת קרח; עס זענען פאַרהאַנען נשמות גרויסע, גאָר גרויסע: טהייל קוממען אַרויס פון דער „חתירה" פון אונטערן כסא הכבוד; עס זענען פאַרהאַנען גאָר, גאָר נשמות עליונות בבחינת קמח סולת".

איך האָב וועניג פערשטאַנען פון די בחינות און בפרט פון דער חתירה פון אונטערן כסא הכבוד; איך האָב נור געוואוסט וואָס מען מיינט קמח סלת, און האָב מיר פאָרגעשטעלט דען חלוק פון נשמות, ווי צווישען ראַזאָווע־מעהל, קאָרנמעהל, ווייצענ־מעהל און מעהל, וואָס מען נעמט לכבוד שבת אויף חלה. די גראָבסטע נשמות מוזען זיין מיט זאַפּפערן און ראָדזינקים!

## 10.

— נור דער עיקר, זאָגט יוזל, זענען יסורים.

— קיין איינציגע נשמה ווערט נישט פערלוירן, אַללע מוזען צוריקקומען צו דער מדרגה, אויף וועלכער זיי זענען געוועזען איידער זיי זענען אראָבגעקוממען אויף דער וועלט. אונ גערייניגט ווערן די נשמות נור דורך יסורים: דער בורא עולם מיט זיין גרויס רחמנות שיקט אויף אונז, יסורים מיר זאָללען זיך דערמאָנען, אַז מיר זענען נור בשר ודם, אַ חרס הנשבר, אַ גאָרנישט אונ אַז ער גיט נור אַ קוק אויף אונז, צו־פאַללען מיר אונ ווערן בטל כעפרא דארעא... נור אויף יענער וועלט רייניגט מען אויך די נשמות."

אונ ער האָט מיר דערצאָהלט, וואָס מען טהוט אַלץ מיט די אָרימע נשמות אין די שבעה מדורות של גיהנם...

## 11.

צווישען די ימים טובים האָב איך געהאַט מעהר צייט אומצוקוקען זיך אין דער היים. פאַר סכות איז געווען ביי אונז אַ וועש.

איינמאָל ביי נאַכט האָט זיך מיר געחלום'ט, אַז איך בין אויף יענער וועלט. איך זעה, ווי מלאכים שטעקען ארויס די האַנד פונ'ם הימעל אונ חאַפּען אַרויף נשמה־לעך, וואָס קוממען צוריק פון דער וועלט. די מלאכים קלויבען זיי איבער: גאָר די ריינע, די ווייסע ווי שניי, פליהען זיי ווי טויבען אַרויס פון די האַנד, גלייך אין גן עדן אריין. די ברודיגע — שיט מען אָן אַ באַרג, אונ דעם באַרג וואַרפט מען אריין אין ים הקרח, וואו עס שטעהען שוואַרצע מלאכים, פערשאַרצטע האַנד אונ וואַשען זיי. נאָכדעם קאָכט מען זיי ערשט איבער אין גרויסע, שוואַרצע טאָפּ, ביי'ם פייער פונ'ם גיהנום.

אונ אַז מען דריקט אויס פון זיי דען ברוד, אונ אַז מען פרעסט זיי, האָרט מען דאָס געוויין פון די נשמות מסוף העולם עד סופו.

צווישען דער ברודיגער וועש דערקען איך דען לעהרערס נשמה; זי האָט געהאַט זיין לאַנגע נאָז, זיינע איינגעפאַלענע באַקען, זיין שפּיציג באָרדעל אונ האָט געטראָגען זיינע גרויסע בלויע ברילען. מען האָט זי געוואַשען, אונ זי איז וואָס אַ מאָל שוואַרצער געוואָרן...

און א מלאך האט אויסגערופען: דאס איז דען לעהרערס, דען אפיקורוס'ס נשמה!"... דערנאך האט דער אייגענער מלאך צו מיר געזאגט מיט כעס: אז דו וועסט געהן אין זיינע דרכים, וועט דיין נשמה אויך זיין אזוי ברודיג און מען וועט זי אללע נאכט אזוי וואשען, ביז זי וועט פערפאללען ווערן אויף כף־הקלע.

— איך וועל נישט געהן אין זיינע דרכים! האב איך ארויסגעשריען פון שלאף.

די מאמע האט מיך אויפגעוועקט, ארויפגענוממען מיר די האנד פון הארץ.

— וואס איז מיט דיר, תכשיט מיינער? האט זי געפרעגט דערשראקען. דו שווימסט דאך ארום אין שוויים!

— פאו, פאו, פאו! האט זי מיך אבגעבלאזען.

— מאמע, איך בין געוועזען אויף יענער וועלט....

אין דער פריה האט מיך די מאמע גאנץ ערנסט געפרעגט, אויב איך האב נישט דארט דען טאטען געזעהן? איך האב געזאגט: ניין!

— א שאד, א שאד! האט זי בעדויערט, ער וואלט דיר א ודאי עפים אנגעזאגט פון מיינעט וועגען.

## 12.

וואס קומט ארויס, אז דער לעהרער מאכט חוזק אפילו אויס חלומות! איהם צוליעב, נאך מעהר גיטעלען צו ליעב, האב איך איהן געוואלט ר. טעווען; איך האב איהם דערצעהלט מיין גאנצ'ן חלום. ער האט אבער געזאגט, אז א חלום איז א נאר; ער מאכט זיך נישט פון א זוינע זאכען.

ער וויל מיר ברענגען ראיות פון תנ"ך און פון דער גמרא, אז חלומות זענען פלעווים, שישקעם און וואנצען; איך פערשטעק מיר אבער די אויערן מיט די קליינע פינגער און וויל נישט הארען.

איך האב געזעהן בעשיינפערליך, אז ער איז פארפאלען, אז זיין גזר דין וועט זיין ביטער, אז איך דארף איהן וויינען ווי איין עפוש, אז ער וויל אומברענגען מיין נשמה — מיין יונגע נשמה!

וואס קומט אבער ארויס? הונדערט מאל איך האב מיר צוגעזאגט, אז איך וועל אלץ דערצעהלן דער מאמען, און האב קיין איינציג מאל נישט געהאלטעןווארט.

א סך מאל האב איך שוין געהאט אפפען דאס מויל צו זאגען — האט זיך מיר אבער אלץ געדאכט, אז גיטעלע שטעהט הינטער דער מאמעס פלייצעס, פערשפרייט צו מיר איהרע דראבנע האנדטליך, ווינקט צו מיר מיט די גרויסע אויגען: „ניין: בעטט זי זיך, ניין! זאג נישט!"

און דאָס געבעט אין איהרע אויגען איז שטאַרקער פאַר מיין פרומקייט. איך פיהל, אַז נישט נור אין פייער און וואסער נור אין גיהנום אריין וואָלט איך מיך פאַר איהר געוואָרפען.

און עס איז מיר דאָך געוועזען אַ גרויסע שאָד: די מאַמע און אַללע מיינע מלמדים האָבען געגלויבט באמונה שלמה, אַז פון מיר וועט אַ מאָל אַרויסוואַקסען עפּים גאָר אַ גרויסע זאַך...

---

## 13.

איך בין פּטור געוואָרען זרח קנייפ מיט זיין פריעה־נאָגעל, עס איז מיר דאָך נישט בעסער געוואָרען.

איך בין שוין אַלט געוועזען זעבצעהן יאָהר. שדכנים האָבען שוין געריסען ביי דער מאַמען די פּאָלעס און איך האָב נאָך געהאַט אַ קינדרישע טבע אַראָב־ו־האַבען וואַכס מוצאי יום כפור פון׳ם שלחן און צו קנעטען אין חדר אונטערן טיש.

דער שמש פלעגט מיר זיין דערפאַר אַ שונא אופ׳ן לעבען, און איך האָב געהאַט דערפאַר צרות אין חדר.

— וואו האַלטסט דו? פראָגט ר׳ יוזל.

איך בין פערטראַכט און לעג אויף דער גמרא די גאַנצע האַנד: אַללע פינף פינגער מיט׳ן שטיק וואַכס.

ר׳ יוזל איז בלאַס געוואָרען פאַר כעס. ער אָפּענט דאָס שופלאָדעל, נעמט אַרויס אַ דינן שטריקעל און בינד מיר צוזאַממעןביידע גראָבע פינגער און אַזוי שטייף, אַז עס האָט מיך אָנגעהאַפּט ביי׳ם האַרץ.

נישט דאָס נאָך האָט ער געמיינט.

ער איז צוגעגאַנגען צום בעזעם און האָט גאַנץ לאַנגזאַם אויסגעקליבען און אויסגעריסען אַ ווייך דינן ריטעל. מיט דעם ריטעל האָט ער מיר געשמיצט איבער די צוזאַממענגעבונדענע האַנד . . . ווי לאַנג? מיר האָט זיך געדאַכט, עס דויערט אייביג. און אַ וואונדערליכע זאַך, איך האָב די יסורים מקבל געוועזען באהבה; איך האָב אין זינן געהאַט, אַז דאָס שיקט דער רבונו של עולם אויף מיר יסורים, איך זאָלל תשובה טהון און נית מעהר געהן צום לעהרער.

אַז די האַנד זעננען מיר שוין גוט געשוואָלען געוואָרען און די הויט איז אָנגעלאָפען מיט אַלערליי קאָלירען, האָט ר׳ יוזל אוועקגעלעגט דאָס ריטעל און געזאָגט: גענוג! מעהר וועסט דו שוין קיין וואַכס נית קנעטען!

איך האָב פון דעסטוועגען ווייטער געקנאָטען.

איך האָב געהאַט דאָס גראָסטע פערגניגען דערפון, אז איך האָב געמאַכט פון'ם וואַקס וואָס איך וויל. איך האָב געפיהלט, אז איך האָב איבער עפּיס צו שאַפען.

איך פלעג אויסקנאָטען אַ קאָפּ פון אַ מענש, דערפון געמאַכט אַ קאַטץ אָדער אַ מייזעל, דערנאָך האָב איך אַרויס געצויגען פון די זייטען פליגעל, געשפּאַלטען דען קאָפּ אויף צווייען און עס איז אַרויס אַ קרוין־אָדלער. גאָר דערנאָך האָב איך פון ביידע קאָפּ און ביידע פליגעל געפלאַכטען אַ קוילעטש אין פירן.

איך אַלליין בין אָבער אויך געוועזען אַזאַ שטיק וואַקס... מיך האָט געקנאָטען ר' יוזל, דער לעהרער, די מאַמע און ווער עס האָט נור געוואָלט. גיטעלע האָט מיך צוגאָססען!...

## 14.

מען האָט מיך געקנאָטען ווי וואַקס, נור מיר האָט עס וועה געטהון!

איך געדענק גאַנץ גוט, אז עס האָט מיר וועה געטהון; נור פאַר וואָס? וואָס איז גראָד מיך אָנגעגאַנגען די נשמה?

מיינע חברים האָבען פון מיר געלאַכט, זיי האָבען מיר אַ נאָמען געגעבען „נשמה יונג", און ווי נאַרריש דער נאָמען איז געוועזען, אַזוי פיעל צרות האָב איך פון איהם געהאַט.

איך בין פערטראַכט, איך קלער וואָס מיין סוף וועט זיין, ווען איך וועל שוין כח האָבען מיך אויסצורייסען פון שטן'ס האַנד; איך רעכען מיך אָב מיט מיין אייגענער נשמה, איך זאָג איהר מוסר, איך זידעל זי... ראַפּטים גיט מיר איינער אַ שנעל אין דער נאָז: „נשמה יונג"! — איך וויל פערגעססען אין מיינע צרות, פערטיעף מיך אין אַ וועלט־קשיא, שפּאַן צוזאַממען אַ שווערן תוספות מיט אַ האַרבען רמב"ם, בראָק איין אַ „פּני יהושע" און מיש אויס מיט'ן „תומים"; איך בין שוין גאָר אויף איין אַנדערער וועלט: אוים לעהרער, אוים גיטעלע, אוים נשמה... עס הייבט זיך שוין אָן צוזאַממענצושרויפען אין'ם מוח, אָט פאַל איך שוין אויף דער המצאה, דאָס רעכטע וואָרט ליגט מיר שוין אויף דער שפּיטץ צונג — ראַפּטים גיט מיר עמיץ אַ פּייף אין אויער אַריין: „נשמה יונג!"; עס הילכט, אין כוח פּלאַצט עפּיס, אוים רמב"ם, אוים תוספות, אוים פני יהושע, אוים תומים... צוריק אויף דער ערד!

איך שטעה שמונה עשרה, איך האָב אַ פולל הארץ און פוללע אויגען מיט טרערען, „רפאנו ה' ונרפא", בעט איך מיט גרוים כונה, און מיין ניט חלילה דען גוף, די נשמה מיין איך: הייל, רבונו של עולם, הייל מיין אָרעמע יונגע נשמה!

„דאָס איז דער נשמה יונג" ווייזט איינער אין מיטען אויף מיר; אוים כּונה!
אַזוי האָב איך געליטען טאָג אַזוי נאַכט.

15.

גיטעלען האָט מען געהאַלטען פאַר אַ גרויסע חכמה: דער פאָטער פלעגט זי אַנדערש נישט רופען נור „חכמה מיינע", שכנות פלעגען זאָגען, אַז זי איז קלוג ווי דער טאָג, אַז ווען זי זאָלל אַזוי פרום זיין ווי קלוג זי איז, וואָלט געוועזען אַ פרייד פאַר איהר מאַמען אין גן עדן. מיין מאַמע פלעגט זי אויך שטאָנדיג לויבען, אַז זי איז אַ גרויסע מחוכּמת, וואָלט זי נור בעססער כּשר געמאַכט פלייש, וואָלט זי זיך אַלליין אַזאַ שנור געוואונשען.

אונ איינמאָל, אַז איך האָב ניט געטראָפען דען לעהרער אין דערהיים אונ גיטעלע איז אַלליין געוועזען, איז מיר איינגעפאַללען, איך זאָלל זיך מיט איהר איין עצה האַלטען איבער דער נשמה.

די פים האָבען אונטער מיר געציטערט, די האָנד — געוואָרפען, דאָס האַרץ — געצאַפּעלט, די אויגען האָב איך אַריינגעשטעקט אין דער ערד ווי אַ טרפה מעססער אונ האָב פאָרט געפרעגט: מען זאָגט, גיטעלע, אַז דו ביזט אַ קלוגע, זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס איז אַזוינס נשמה?

זי האָט געשמייכעלט אונ געענטפערט:

— אָסור, אויב איך ווייס!

נור פּלוצלינג איז זי טרויעריג געוואָרען, טרעהרען זעננען איהר געקוממען אין די אויגען אַריין.

— איך האָב מיך דערמאַנט — זאָגט זי מיר — אַז ווען די מאַמע, עליה השלום, האָט געלעבט, האָט דער טאַטע שטאָנדיג געזאָגט, אַז זי איז זיין נשמה... זיי האָבען זיך אַזוי ליעב געהאַט!...

איך ווייס ניט פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענוממען, נור איך האָב זי אין דער אייגענער רגע אָנגעחאַפּט ביי דער האַנד אונ געציטערט, אונ געפרעגט:

— גיטעלע, דו וואָלסט געוואָלט זיין מיין נשמה?

אונ זי האָט מיר גאַנץ שטיל געענטפערט: יאָ!

### 16.

און וויפיעל גליקקען האָב איך אַלץ געהאַט!

א גליק, וואָס גיטעלע איז געוועזען א בת יחידה, איך — א בן יחיד און ביידע יתומים, און עס איז אונז לייכטער געווען צו פועל'ן; א גליק, וואָס דער לעהרער האָט צוזאַממען געלעגט אַ פּאָר הונדערט רובל נדן און מיין מאַמע האָט זיי נאָטהיג געדאַרפט אין געוועלבעל אריין; א גליק, וואָס איך האָב פּלוצלינג בעקוממען — און טאַקי גאָר אומזיסט — אַ שלעכטען שם, אַז איך וואַקס אין אפיקורוס און קיינער האָט מיך ניט געוואָלט אויפהאַפּען. און דאָס גרעסטע גליק איז געוועזען, וואָס איך בין געפאַלען אויף א שכל און האָב אונטערגעשיקט ציפּע די וואַטעמאַכערין, א שדכנטע, א מויל אויף שרויפען, און האָב איהר צוגעזאָגט גאָר בעזונדער צו געבען אַ סך געלד!

פון דעסטוועגען האָט נאָך אַלץ די מאַמע געוויינט איבער מיר: אוי, ווען דיין טאַטע זאָלל אויפשטעהן פון קבר און זאָלל זעהען מיט וועמען איך טהו, וואָלט ער דאָך נאָך א מאָל פון חרפה געלעגט זיך אין קבר אריין!

דעמאָלט בין איך געפאַללען נאָך אויף אַ שכל; איך האָב ווייטער אין מיטען דער נאַכט אָנגעהויבען שרייען, איך בין נאָך אַ מאָל געוועזען אויף יענער וועלט, נור דאָס מאָל שוין אָבגעגעבען דער מאַמען א גרוס, אז דער טאַטע בעשטעהט אויפען שידוך.

און איך האָב געקריגען אַ נייע נשמה...

## דֶער מְשוּגָעֶנֶער בַּטְלָן.

### 1.

ער איז געלאָפען אויף און אָב ביי טאָג איינער אליין אין בית המדרש און פּלוצלינג זיך אָבגעשטעלט.

— רבונו של עולם! ווער בין איך?

— ווער בין איך?... מען רופט מיך: בערל חנה'ציעס... נו, בין איך דען בערל חנה'ציעס? בין איך דער נאָמען? — די שילד איז נאָך ניט די קלייט! דאָס הויז, וואו דער רב וואָהנט, הייסט: „פּאַד־קאַרפּיעס" און איך — בערל חנה'ציעס!

אין ציאַכנאָווקע קען מען מיך: מען ווייסט ווער בערל חנה'ציעס איז; אָבער אין אַמעריקאַ? ווען איינער למשל גיט אַזוי ראַפּטים אַ זאָג אַרויס אין אַמעריקאַ, אין בית המדרש: „בערל חנה'ציעס"... נו, וואָלט עמיץ געוואוסט, אַז מען מיינט מיך?

שאני הכא! דאָ איז עפּיס אַנדערש, דאָ גיט יעדער אַ שמייכעל, אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ, מאַכט אַזוי אַ תנועה... „אַ בעקאַנטע זאַך, בערל חנה'ציעס!". איינער טראַכט: דער בטלן, דער צווייטער: — דער משוגענער, דער דריטער — כ'ווייס וואָס; דער פיערטער וועט זיך דערמאַנען, אַז איך הייס נאָכ'ן פעטער בערל. — טויבעלע, אמת, גיט אַ קרעכץ דערביי, ווייל זי ווייסט, אַז איך בין נעביך אַ יתום. אָבער אין אַמעריקאַ, וואו מען קען ניט חנה די זיטצערקע, און וואו מען ווייסט ניט, אַז עס איז געוועזען אויף דער וועלט אַ בערל חקרן, דער מאַמעס אַ ברודער, וואו מען ווייסט ניט, אַז איך בין, וואָס מען רופט מיך: אַ משוגע'נער, אַ בטלן, אַ יתום און אפשר גאָר אַ חקרן אויך. (איך בין, דאַכט זיך, געראָטהען אין פעטער אריין) וואָס פאַר אַ רושם וואָלט דאָרט געמאַכט: בערל חנה'ציעס?!

עפּיס ווייס איך דאָך יאָ ווער איך בין? איך אַליין זאָג דאָך: אַ משוגענער, אַ בטלן... נו, דאָס בין איך!

— בין איך דען ניט משוגע? וועלכער מענש שטעלט זיך אַנידער קלערן, ווער ער איז? אַ מענש איז אַ מענש! איך בין אַ מענש און הייס: בערל חנה-ציעס... וואָלט איך געוועזען אַ הויז, וואָלט איך אפשר געהייסען: פּאַד-קאַרפּיעס, — אין אַרעסטאַנט — וואָלט איך געהאַט אַ לאַטע אויף די אַקסעל און אַ נומר... וואָלט מיין טאַטע, נישט די מאַמע, געוועזען דער פּערזאָרגער, דער „פּרנסה-געבער", ניט דער בטלן, וואָלט איך געהייסען: בערל שמערל'ס. עס וואָלט אפילו שווער געוועזען אַרויסצוזאָגען: „בערל שמערל'ס" נור מען וואָלט שוין געמוזט! און אפשר וואָלט איך דעריבער ווייניגער געוועזען ביי מענשען אין די מיילער — ווען מיין נאָמען זאָלל זיך נישט אַזוי גלאַטיק אַראָבקאָללערן פון דער צונג.

— אָבער, ווי איך וואָלט געהייסען — אַ מענש בין איך...

— אַ מענש! נור אַ בטלן דערצו... מאַלע אַ מענש בלייבט אַ יתום, נו, וואָהנט ער אין בית המדרש? קראַנק בין איך עפּיס צו טהון? אין שליחות געהען, האָלץ האַקען, אַ משרת ווערען און געהן אָנגעטהון אַ בגד, נישט קרועה בלויה, עססען ברוידט, נישט זיין ביז דרייסיג יאָהר ישיבה-בחור, עס זאָלל מיר פעהלען צוויי טאָג אין דער וואָך און אַרומדרעהען זיך אַלץ און קלערן: ווער איך בין?!

— איך וואָלט האָטש געוואוסט, ווער מיין קאַפּאָטע איז; צינד, אָסור אויב איך ווייס! — אַ שטיק בענדיט, אַ שטיק חיים, אַ שטיק יונה, דריי פּערטיל פון מיסט! אַ מערכה, טויבעלע קען נייען, אַ ניט וואָלט איך געוועזען אָדם נאַקעט.

— איז דען דאָס אליין ניט קיין שגעון? אַזא מין בטלנות, אַזא מין בטלנות! גאָר נישט... שמעריל, חיים, יונה... עס האָט אַ שעור וויפיעל בית המדרש׳ניקעס איך האָב איבערגעלעבט!... איינער איז שוין אַ סוחר, איינער — אַ טראָגער, איינער — אַ שענקער: אַ דאגה, איינער איז שוין איין אַלמן אפילו, שמעריל האָט שוין דאָס דריטע ווייב; נור אַללע האָבען קינדער, געשעפֿטען, עסקים; גוט, שלעכט, נור פֿערנומענע מענשען, עסען ניט קיין טאָג, זענען נישט קיין בטלנים... מענשען! איך וויל אויך זיין אַ מענש!

— וואָס הייסט אַ מענש?

— ווי איך בין אַ יוד, איך בין קיין מענש נישט!

— ווי איך בין אַ יוד! איך בין אַ יוד! אמת, איך בין אַ יוד, נור גאַנץ ציאַבנאָוועקע זענגען אויך יודען און זענען נישט איך! הלמאי, איך בין אַ מאַנספערשוין, (האָטש אַ קלאָג צו מיין מאַנספערשוין, אַ וועהטיג צו איהם!) נו... אַללע מענשען, וואָס זענען ניט קיין נקבות, זענען מאַנספערשוינען, הכלל, זענען אַללע בערל חנה׳ציעס!

— ניין, ברודער בערל! נאַרר דיך נישט! דו ביזט אַ מאַנספערשוין, דו ביזט אַ יוד, אמת; נור נישט דו ביזט דער מאַנספערשוין, נישט דו ביזט דער יוד!... דו ביזט עפּים אַנדערש; דאָס אַלץ איז נור אַ צולאָג, צוגעגעבענע זאַכען; אָבער נישט דו אַליין...

— איך רעד מיר איין, אַז איך בין אַ בטלן, אַ משוגענער, אַ יתום, אַ אומגליקליכער מאַנספערשוין... נור בטלנים, משוגעים, יתומים זענען דאָ אַ סך, אפשר אַזוינע מאַנספערשוינען ווי איך בין — וועניגער; נור דאָ איז, אַ דאגה, אפשר אין איין אַנדערע שטאָדט, אפשר אין אַמעריקאָ, נו, זענען אַללע איינס? חס ושלום, יעדערער פֿאַר זיך!...

— נו, ווער זשע בין איך, צו אַל׳די שוואַרצע יאָהר!

— עס האָט געמוזט אין מיר אריין אַ דבוק, עס כוז עמיץ זיטצען אין מיר און קלערן איבער מיר, און מיר דאַכט זיך: איך אַליין קלער! אַ והא ראיה, ווען איך האָב כח (אַ גאַנצע וואָך, אויסער מאָנטאָג און דינסטאָג) האָט יענער אויף מיר קיין שליטה ניט; קלער איך וועניגער! און באמת, די חקירה איז, אַז קיין שום מענש אין דער וועלט קאָן נישט איבער קלערן זיך אַליין! — ווי הייסט, איך וויל מיך משיג זיין? איך וויל מיך אַרויסרייסען פֿון מיר אַרויס, אַוועקשטעלען זיך אָדער איהם אין אַ זייט, „ער" זאָלל קוקען אויף מיר! איך־ער זאָלל קוקען אויף ער־איך!...

חאַ, חאַ, חאַ! ווי הייסט! זאָלל איך מיר גאָר בערעכענען!... עפּים ווערט מיר וואַרעם אין קאָפּ!..

(ער לויפט צו צום כיור, גיעסט זיך אָב מיט קאַלט וואַסער; שלעפּט אַרוים פֿון אונטערן אויבען אַ שמאַטע, און בינדט זיך שטייף אַרום דען שטערן).

— ציגד וועט עס געהן. נאָך אמאָל!... איך וויל וויסען ווער איך אַלליין בין...

— וואו זאָל איך קוקען, אַראָב צו אַרויף? רעכטס — צו לינקס?... איך בין דאָך אין מיר. ווען איך, למשל, קריך אַרויף אויפ'ן אָרון קודש, בין איך אין גאַנצען אויבען; איך וועלל אונטען גאָר נישט איבערלאָזען. לאָמיך לויפען אין קעלער אַריין, וועלל איך זיין אין גאַנצען אונטען... נו אַזוי ווי קאָן איך קוקען אויף מיר!?

היכא דמי?!

— וואָס דען זיטצט אין מיר און קלערט פֿאַר מיר?

— און עפּים זיצט דאָך פֿאָרט... האַ?...

— איך ווייס דאָך, אַז ווען עס זענען געלעגען ביי דער שמש'טע אומגעצאָהלטע קיכלעך און איך האָב שוין דריי טאָג קיין מאכל ניט געהאַט אין מויל, האָב איך גאַנץ שטאַרק חשק געהאַט אַראָבצושלינגען אַ קיכעל... נור איך האָב געזאָגט: ניין! מען טאָהר ניט! נישט מיין... דערנאָך האָב איך געפונען טויזענד תירוצים.. „די שמש'טע האָט גענוג פֿערדינט אָן מיר, זי מאָג מיר געבען אַ צולאָג, „איך זאָל זי בעטען, וואָלט זי מיר אַליין געגעבען", „איך וועלל איהר מיט גאָטטס הילף אַ מאָל בעצאָהלען... „נור איך האָב אַלץ געזאָגט: „ניין, מען טאָר נישט"... און עס איז געבליבען — נישט!... פֿריהר איז עס געגאַנגען איינס נאָכען אַנדערן; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך אַליין פֿראָג און איך אַליין ענטפֿער, נור דערנאָך, שפּעטער אַ ביסל, חאָטש תוך כדי דבור, נור דערנאָך, איז עפּים אַנדערש געוואָרן, עס איז געוואָרען צוזאַמען: יאָ און ניין, ניין און יאָ און ווייטער ניין! עס איז געוואָרען אַ מחלוקת, און נישט איז געוואָרען, ניט וויל איך האָב ניט געוואָלט, אָדער דען חשק פֿערלאָרען; ניין, נור די האַנד האָט זיך ניט געקאָנט ריהרען: זי האָט ניט געוואוסט וועמען צו פֿאָלגען... אַ והאָ ראיה, איך בין דער נאָך שטאַרק מיעד געוועזען, טאַקי ווי נאָך אַ גרויסע מחלוקה, ווי נאָך אַ הייסען וכוח מיט יונה לאָקש, וואָס וויל מיר אַלץ איינרעדען, אַז דער גאון, ז"ל, זיצט אין גן עדן מיט אַ פֿערראָצטער באָרד, ווייל ער האָט ניט געהאַלטען פֿון חסידות!

— אַזאַ פֿערד!... נור מיעד בין איך געוועזען; איך דערמאַן מיך גאַנץ זיכער, זיכער! דאָס אייגענע איז געוועזען פּורים, ווען איך האָב געטראָגען פֿון פרץ פֿיינהאָלץ, פֿון גביר, דעם רב, שלח־מנות. איך האָב געהאַט אַ פֿולל מויל מיט וואַסער, די צונג איז מיר אַרומגעלאָפֿען אין מויל ווי משוגע, ווי איך לויף ציגד אַרום אין בית המדרש. די האָנד האָט מיר געציטערט; אַ שטיק טאָרט, מאַקאָראָנען, עפּים

נאך עטליכע מינים... איך נאַשער האָב געוואָלט, איך עהרליכער מאַן האָב נישט געוואָלט!..

— מען זאָגט: „יצר טוב", זאָלל זיין אַזוי! אָבער סיי ווי סיי, בין איך דאָך נור אַ דירה, וואו עס וואָהנען צוויי שכנים, איינער הייסט: יצר טוב, דער צווייטער — יצר הרע. ניט אזוי? ווייטער די מעשה מיט די נאָמען... אָבער ווער זענען זיי? ווער בין איך?!

— איך בין אַ דירה, איך בין אי דער גוטער שכן, אי דער שלעכטער שכן. אַלץ איך, און דערצו ווילל איך וויסען ווער איך בין?! חאַ, חאַ, חאַ! — שאַ! נעכטען ערשט, דער עולם האָט געלאַכט, וואָס איך בין געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, אפשר אַ שעה! איך ווייס וואָס איך בין געשטאַנען! איך האָב ניט געקאָנט געהן: מען האָט געהאַקט האָלץ אויפ'ן שול-הויף, האָב איך געוואָלט געהן פרובען צו איך קאָן אַ שייט'האָלץ צו האַקען, צו קאָן איך אַרבייטען... איך האָב שוין אָנגעהויבען געהן; שטעהען צוויי באָנק: אין דער זייט אַ באַנק, אין יענער זייט אַ באַנק. דאָ דערצאָהלט מען, אַז מען הייצט אין באָד, הייבט מיך אָן בייסען דאָס גאַנצע לייב און איך ווילל צוגעהן צום קעסטעל, אַרויסשלעפען דאָס בעזעמיל און געהן אין באָד אַריין... געגענאיבער האָט זרח מלמד דערצאָהלט, יענקעל קאָטצלען, אַז אין „בעל עקדה" איז דאָ אויף דער היינטיגער סדרא אַ פלאי פלאים'דיגער דרוש! ווילל איך וויסען, וואָס זרח מלמד איז געפּאַלען, צולויפען צו דער מזרח וואנד און אַראָבחאַפּען דאָס ספר... נו, בין איך טאַקי געשטאַנען! די פיס האָבען ניט געוואוסט וועמען צו פאָלגען: צו דעם בערל חנה'ציעס, וואָס ווילל געהן האָלץ האַקען, צו דעם בערל חנה'ציעס, וואָס ווילל געהן אין באָד אַריין, ווייל עס בייסט איהם, צו דעם בערל חנה'ציעס וואָס ווילל וויסען, וואָס זרח מלמד איז געפּאָלען?!... איך בין טאַקי אַזוי לאַנג געשטאַנען, ביז איך האָב מיך דערמאַנט, אַז איך האָב נאָך קיין מנחה נישט געדאַווענט!

— נו, על כן? וואָהנען אין מיר שוין פיער פערשוין! אַ האָלץ האַקער, אַ בעל-עקדה'ניק, אַ באָדער און דער לעצטער — אַ מנחה דאַווענער, וועלכער האָט אַללע אַרונטערגעיאָגט אונטערן אויבען, זיי זאָללען קיין פּיפּיץ ניט געבען, נור ער האָט צו שאַפען, און די פיס מוזען איהם פאָלגען. אַ והא ראיה איך בין טאַקי צוגעגאַנגען צו דער וואַנד און האָב געדאַווענט!

אַ שטיקעל אמת שטעקט דערינען.. וואָרום זיי זענען נישט פערלוירען געוואָרען; זיי האָבען זיך נור בעהאַלטען אונטערן אויבען, זיי האָבען פון דאָרטען אַרויסגעקוקט... זיי האָבען געווינקען צו מיר, און האָבען מיך מבטל געווען! אין מיט'ן שמונה עשרה האָב איך אַלץ אין זינען געהאַט: האָלץ האַקען, שמייסען זיך אויף דער העכסטער באַנק אין באָד, און דען בעל עקדה'ס דרשות אויך!...

— נו, אַ כּלל? וואָס העלפֿט דער יצר טוב מיט'ן יצר הרע, אַז איך בין אַ מאָל דריי, און אַ מאָל פֿיער!

— אָט, צינד פֿיהל איך, אַז „איך" אַליין בין עפּיס אַ גאָר נישט! איך אַליין וואָלט גאָר ניט געלעבט. איך אַליין, ווען איך לעב אפילו, וואָלט איך מיך אין דער פֿריה אפילו פֿון דער באַנק ניט אויפֿגעהויבען, איך וואָלט געלעגען ווי אַ גולם עד סוף כּל הדורות... איך בין טאַקי אַ גולם, איך האָב גאָר קיין נשמה נישט; וואָס דען? אַלץ אַרום לעבט, אַלץ אַרום האָט נשמות, די נשמות זייערע לאָזען אַרויס פֿון זיך אַזוינע לאַנגע, דינע, שפּיציגע פֿאָדעמליך, אַזוינע שטראַהלען, און זיי האַפּען זיך אײַנ ציעפּען זיך אין מיר; קריכען אין מיר אַריין, ריהרען מיך, שטעלען מיך אויף די פֿיס, הייסען מיך געהן, טהון, לויפֿען... אָבער איך אַליין בין גאָר ניט!

ווער דען פֿאַרט קלערט? האָ? ווער זיצט אין מיר און קלערט? ווייטער אַ פֿרעמ־דער? נ י ש ט איך?

— נו, זאָלל זיין אַ פֿרעמדער! ווער איז ע ר? ווי קומט ער צו מ י ר? צו בין איך אַ שטייג און ער — אַ פֿייגעלע?... דוד המלך, עליו השלום, זאָגט: יונתי הייסט עס מיין טייבעלע! — וויל דאָס ט י י ב ע ל ע האָלץ האַקען, אין באָד אַריין געהן, אַראָבגנב'ענען פֿון שלוח מנות, אַוועקשניפּען אַ קיכעל ביי דער שמש'טע, און הוך כּדי דבור זעהען דען בעל עקדה'ס דרשה?... פֿו, טייבעלע, נישט שאָן! בּיזט דו עס, מאָגסט דו זיך שאָמען!

— חאַ! חאַ! חאַ! בער'ל חנה'ציעס איז אַ טייבעלע, אַ פֿייגעלע; בערל חנה־ציעס האָט אַ קליין פּיסקעלע מיט פֿליגעלעך, בערל חנה'ציעס וועט אַ מאָל אַרויס־פֿליהען פֿון דער שטייג...

— נו, בערל חנה'ציעס, דעמאָלט וועסט דו אויך קלערן ווער דו בּיזט? אויך זיין אַ יתום, אויך זיין אַ בטלן, אויך זיין משוגע?

אַ ודאי! ווער דען? די שטייג איז משוגע? די שטייג איז אַ יתום?

— רבונו של עולם! ווער בין איך פֿאַרט?

---

2.

עס קומט אין בית המדרש אַריין וואָלף סוחר.

בערל חנה'ציעס דערזעהט איהן, און ענטלויפֿט אין אַ זייט. וואָלף סוחר וואַשט די האַנד, ווישט אָב אין דער פּאָלע, נעמט אַרויס פֿון דער שאַנק אַ ספֿר

און זעצט זיך אריינקוקען. בערל חנה'ציעס לאָזט פון איהם קיין אויג נישט אראָב...

— ווער איז ער? פרעגט ער זיך און ענטפערט זיך באַלד:

— וואָלף סוחר! ער גיט זיך דערביי אַ שטאַרקען קניפּ אין באַק אריין...

— בהמה! חמור! וואָלף סוחר איז אַזוי ווי בערל חנה'ציעס! אַזוי הייסט ער; נור ווער איז ער?... צו איז ער איינער, צוויי, צו דריי? וויפיעל פייגעלך פּישציען אין זיין שטיג, פערשטעהסט דו, וואַיטעק!?

ער האָט זיך נאָך שטייפער צוגעצויגען דען קאָפּ.

— לאָ'מיך קלערן...

— אַצונד איז ער איינער, איין וואָלף סוחר... ער זיצט און לערנט! פערטיעפט, ער זעהט מיך נישט. ער לערנט אַודאי נדרים, זיין פרק, מעהר קענן ער נישט... אַצונד איז אַ קונח קונם קונס... אצונד איז ער אַ „לשון שֶׁבָדוּ חכמים". אצונד ווייס איך וואָס ער איז, אַ פרק נדרים... דערנאָך? דערנאָך וועט וואָלף סוחר אראָבגעהן אין גאַסס אריין, וואָגען תּבואה אויף אַ כּאָלשער וואָג, אַבנאַרען גאַנץ קרוין פּוילען אינ אַהיים געהן געבען דעם ווייב, דער-אָרעמער, דערשלאָגענער, מויבע, צוועלף פּאָטש מיט פיער דואָך! זעהסט דאָס לאָמעלע, בערל חנה'ציעס! זעהסט דאָס שאָפעלע, זעהסט ווי עס קנייטשט אַיין דען שטערן, זעהסט די פרומע אייגעלעך, זעהסט, זעהסט! און דו שוטה, דו בערל חנה'ציעס, דו חמור, ווילסט מיר אַיינרעדען, אַז דאָס איז דער אייגענער גנב פון גאַסס, דער אייגענער רוצח פון דערהיים? ניין, בערל חנה'ציעס! מיר וועסט דו דאָס נישט איינרעדען! ניין, ניין! — ניט אַזוי קוקט אַ גנב, ניט אַזוי זעהט אוים אַ רוצח!... שוטה!...

— איך זאָג דיר, בערל חנה'ציעס, אַז עס זעננען דאָ דריי וואָלף סוחר'ס... איינער איז אַ לאָמעלע, אַ פרום לאָכעלע, וואָס זיצט און לערנט נדרים און וועט אויף יענער וועלט אויך לערנען נדרים, און טאַקי מיט'ן רבונו של עולם'ס פירוש... דער צווייטער—איז אַ גנב און וועט דאָרטען אויך חאַפּען פון די טעללער; דער דריטטער איז אַ רוצח, וואָס הרג'עט דאָס ווייב מכות רצח...

— אַ רחמנות אויף איהר!... עס שניידט מיך ביי'ם האַרץ, אָפט חלום'ט זי זיך מיר... זי בעט מיך אַמאָל, ביי נאַכט אין שלאָף, איך זאָלל איהר העלפען... דאָס הייסט: זי בעט ניט מיט'ן מויל, זי רעדט נישט, חו"ש, אַ יודישע טאָכטער רעדט נישט מיט אַ מאַנספערשוין... נור זי קוקט אויף מיר מיט אזא... מיט עפּיס אזא... מין קוק...

— רבונו של עולם! קוקען מאָג זי דאָך! זי מאָג קוקען אויף אַ מאַנספערשוין!...

— חאַ, האַ, האַ! איך אַ מאַנספערשוין!... וואָלף סוחר איז אַ מאַנספערשוין,

פוילען זאָלל ער, וואָלף סוחר! איך בין איהן אַ שונא אויפ'ן לעבען. איך האָב ביי איהם אַ מאַ; נור אַ שונא בין איך! שנאת חנם טאַקי, נור אַ שונא.. איך וואָלט איהן געשטאָכען! יאָ!... נור נישט דען וואָלף סוחר, וואָס זיטצט און לערנט, אפילו דען גנב נישט, נור דעם רוצח! איהן וואָלט איך געשטאָכען... איך אַלליין קאָנן נישט, איך אַלליין האָב נישט צו שאַפען, איך בין נור אַ שטייגעל... איך האָב אפילו אַ קניפיק, אַ שאַרפען קניפיק, גאָר אַ שאַרפען, מען קאָנן מיט איהם נאָגעל שניידען, אַ קאָפ גאָלען...

— איך מאַך מיר אפילו קיין לאַמטערן נישט, וויל עס איז מיר אַ שאָד דער קניפיק, ער זאָלל נישט שטומפיק ווערען...

דאָך איך אַלליין קאָנן נישט... מען דאַרף, עס זאָלל מיך עמיץ הייסען; עפּים אַ בת קול, עפּים איינער, אפילו זרח מלמד! זאָלל ער אַלליין מיך הייסען! ווער שמועסט ווען זי זאָגט מיר, אַזוי שטילל, ביי נאַכט אין חלום; נור זי וועט נישט זאָגען, אַ יודישע טאָכטער וועט נישט זאָגען. חס ושלום! איך וואָלט זי פיינד געהאַט, זי זאָלל מיט מיר רעדען.

— אַזוי איז בעסער, קוקען זאָלל זי, און שטאָנדיג, און אַ גאַנצע נאַכט; ביי טאָג קאָנן נאָך עמיץ דערזעהען, חס ושלום! עס איז גענוג יעדע נאַכט...

— אָה! ווי שאָן וואָלט עס געוועזען! איך וואָלט אַרויסגענומען דען קניפיק, איבערגעגאַנגען די חאַליאַווע, איין מאַל, צוויי מאַל, דריי מאַל, פיער מאַל, און בוח!...

— חאַ, חאַ, חאַ! עס וואָלטען אַרויסגעלאָפען געדאָרם און געדאָרימליך. חאַ, חאַ, חאַ! און בלוט, רויט בלוט... חאַ, חאַ, חאַ!

— ניין, וואָלף סוחר, נדרים-לערנער, נישט דיך מיין איך! יענעם, יענעם, דען רוצח... גאָר נישט דיך!

— האָרסט בערל חנה'ציעס, ווען דו ביסט אַ מענש, ווען דו ביסט נישט קיין יתום, קיין בטלן, קיין משוגענער, קיין חקרן, וואָלט שוין אַלץ גוט געוועזען... טויבעלע וואָלט אפילו געוויינט, זי וואָלט דאָך געוואָרען איין אלמנה, נור איך וואָלט איהר אין חלום געזאָגט: טויבעלע, גענוג דו האָסט צוויי מאַננען, איינער גנב'עט, דער צווייטער זיצט און לערנט, וואָס טויג דער דריטער, ווילסט דו דוקא דריי? דוקא מען זאָלל דיך, טויבעלע, שלאָגען, דוקא דו זאָלסט וויינען גאַנצע טאָג און גאַנצע נאַכט...

— און אָפשר איז ער פאָרט נור איינער?...

— בערל חנה'ציעס! דריי זעננען זיי, לאָמיר זיך וועטען! קום אַמישנע, וויל ער זיטצט דאָ און לערנט, קום אין גאַסס אַריין וועסט דו זעהען, ווי יענער גנב'עט דערוויל אין גאַסס... דערנאָך ווי ער שלאָגט, קום! וועסט זעהן!...

ער הייבט זיך אויף, לויפט אויף די נעגעל צו דער טהיר, שלעפט ארוים דען שליססעל, אונ פערמאכט פון יענער זייט...

## 3.

ער קומט צוריק, בלאס אונ אין כעס...

— זיי האבען זיך בעהאלטען, די גנבים! וואס האבען זיי צו טהון? עס איז היינט נישט קיין טארג! עפּים א יום טוב, עס הענגען פאהנער, מען קאן ניט גנב'ע־נען... טויבעלע איז נישט אין דערהיים... זי האט געמוזט געהן צו א שכנה. די טהיר איז צו... זיי האבען זיך אפשרביידע בעהאלטען! איך האב אריינגעקוקט דורכ'ן פענסטער. אונטערן בעט, האט זיך מיר געדאכט, ריהרט זיך עפּים. אויף דער פאדלאגע האט זיך דער שאטען געהוידעט, געווארפען, געצאפּעלט! א קשיא אויף א מעשה, ער זיצט דא אונ לערנט אונ זיי ליגען אונטער די בעטען... וואו דען זאלען זיי ליגען! —

— אונ וואלף סוחר, דער תם, דער נדרים־לערנער האט אפילו גיט געהערט, אז איך האב אויף־אונ צו־געשלאסען די טהיר! ער איז אזוי פערטיפט אין לערנען!

— אונ אפשר לערנט ער גאר נישט? אפשר זיצט דא דער גנב אונ וויל אבנארן מיך מיט'ן רבונו של עולם?

— וואלף! רופט ער איהם פלוצלינג.

— וואס איז?

— גאר נישט!

— בטלן! —

אין א מינוט שפּעטער.

— וואלף!

וואס איז?

— איך האב א קניפּיקל!

— וואהל דיר!

— ווילסט זעהן?

— ניין!

— דארף מען נישט!

אין א פּאר מינוט ארום:

— וואלף!

— וואָס ?

— דו לערנסט, צו דו מאַכסט נור אַזוי ?

— וואָס געהט עס דיך אָן ?

— איך דארף נייטהיג צו וויסען, ד'לעבען, נייטהיג !...

— שטיל, משוגע !

אין נאָך אַ פּאָר מינוט :

— וואָלף !

— וואָס איז ?

— וויפיעל ביזט דו ?

וואָלף סוחר ווערט בּאָז, מאַכט צו די גמרא אונ געהט אַרויס פון בית המדרש ; בּערל חנה'ציעס בלייבּט אַליין .

— צו האָבּ איך גערערט מיט וואָלף'ן ?

— אונ וואָס האָבּ איך מיט איהם אַזוינס גערעדט ? וואָס איז ער ענטלאָפען ? ווי בּין איך אַרויסגעגאַנגען ? הא ? וואָס טהוט בּיי מיר אין האנד דאָס קניפּיק'ל ?

ער וואונדערט זיך שטאַרק, אונ נאָך מעהר, בּפרט אַז ער דערזעהט, אַז ער האָט זיך דורכגעשניט'ן די חאַלעווע. ער ווערט בּאָז :

— נו בּערל בּטלן ! דו אַליין האָסט אויסגעשניטען דיין חאַלעווע ? דו האָסט אַנדערע חאַלעוועס ? טויבּעלע וועט דיר ו ו י י ט ע ר שענקען אַ'פּאָר שטיוועל ? זי האָט וועניג געלייזט פאַר יענע שטיוועל ! זעהסט דו, בּטלן, זעהסט דו, משוגע, זעהסט, עס איז עמיץ אין דיר אונ נישט דו ! זעהסט ?

— לאָ'מיך נור אַליין זעהן, ווי דו זעהסט אויס, חמור, וואָס לאָזט זיך די שטיוועל צושניידען ! לאָ'מיך דיך אָנקוקען, בּטלן !

ער לויפט צום כיור, חאַפּט די שמאַטע אַראָבּ פון קאָפּ אונ הייבּט אָן רייבּען אונ פוצען דאָס מעש.

— איך זעה דיך שוין אַ בּיסעל, בּטלן, — וואַרט, וואַרט, איך וועלל דיך נאָך בּעסער זעהן. איך וועלל דיין גאַנץ טרפֿה פּרצוף זעהן, דיין חמור קאָפּ !...

ער לאָזט זיך אַראָבּ אויף דער קניע אונ רייבּט מיט'ן גאַנצען כח. ער בּלייבּט דאָך פּלוצלינג שטעהן.

— ווער פּוצט דען כיור ? ווער ? איך ? איך האָבּ כח ? איך האָבּ דען היינט געגעסן, נאָכטען געגעסן ? וואָס איז היינט ? דינסטאָג ! מאָנטאָג אונ דינסטאָג האָבּ איך דאָך נישט קיין טאָג, ווער רייבּט ?!

ער האָט זיך צוריק צוגעהאַפּט צו דער אַרבּייט.

— זאָלל רייבען ווער עס וויל, איך, צו דער פויגעל, צו די טויב, דער יצר הרע, צו דער יצר טוב, נור דיין בטלניש טרפה פרצוף מוז איך זעהן! באַלד, באַלד! און אויף אַ מאָל!

ער פערמאַכט די אויגען און רייבט ווייטער אַ ווייל מיט כח. דערנאָך אָפּענט ער די אויגען און דערזעהט זיך.

— חאַ, חאַ, חאַ! אַזוי זעה איך אויס, אַ מת, אַ ריינער מת! צו נעמען אויף דער טהרה־ברעט, צו לעגען שאָרבלעך אויף די אויגען!

— זעהסט, טויבעלע, ווי איך זעה אויס! זעהסט! און אַזוי זעה איך אויס, ווען דו דערלאַנגסט כ״ר אַללע מאָל אַ שטיקעל ברויט ... אַ נישט, ווי וואָלט איך נאָך אויסגעזעהן? —

ער פערטראַכט זיך, און דערמאַנט זיך ווייטער.

— אַ מת! דאָס בין איך, יאָ, יאָ! דאָס איז בערל בטלן, ב״ר יתום, בערל משוגע! אָט דאָס! דאָס! און ווער בין איך פאָרט?

ער קוקט אויפ'ן כיור און קוקט אויף זיך.

— דאָרטען זעהט מען נישט די צוריסענע חאָלעוועס! ווינדערט ער זיך און ווערט בייז.

אַ מכה דיר! — שרייט ער פליצלונג אויס — אַ מכה דיר, דו כיור מענש! דו דאַרפסט אויך האָבען צוריסענע חאָלעוועס! אַז איך האָב, דאַרפסט דו אויך האָבען!

ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען מעהר אויף דער פאָדלאָגע, אָנגעשפּאַרט דען קאָפּ אויף דער ערד און אַריינגעשטופּט די פיס אין כיור.

— איך זעה נישט, נור דו האָסט, דו האָסט צוריסענע חאָלעוועס! זעהסט!... אויפצוהייבען זיך איז איהם שוין שווער. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דער מענש אינ'ם כיור האַלט איהן צו ביי די פיס; ער האָט זיי דאָך אָבגעריסען, אויפגעהויבען זיך, אַביסעל פערוואונדערט, אַביסעל דערשראָקען.

— כיור־מענש! בטלן! האָט ער זיך גערייצט און פאָרט מורא געהאַט צו קוקען אין כיור אַריין. ער איז צוגעלאָפען צום אויבען, אָנגענומען אויף די האַנד קאַלעך און צוריק פערשמירט דען כיור.

— ליג דאָרט אין דער קראָ־ק, קוק נישט אַרויס!

דער קאָפּ האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרק וועה טהון און די פיס האָבען איהם געבראָכען, ער האָט זיך ווייטער פערטראַכט.

לאָ'מיך נור עפּיס דערמאַנען...

— אַצינד טהוט מיר וועה דער קאָפּ... אַז דער רוצח שלאָגט טויבעלען טהוט מיר וועה דאָס האַרץ... עס ברעכען מיר די פיס, אַז איך גיב מיר אַ קניפּ אין באַק, פּלאַמט מיר די באַק; ווייל איך האָב אַ באַק, איך האָב האַנד און פיס,

איך האָב אַ קאָפּ מיט אַ האַרץ און האָב אָפשר אַ נשמה אויך — אַלץ האָב איך. נור וואָס בין איך אַליין? נישט די באַק, די פּיס, נישט דאָס האַרץ, נישט דער קאָפּ, נישט די נשמה. וואָס דען? גאָר נישט...

— איך זאָלל מיך קאָנען מאבד עצמו לדעת זיין, און אַליין זעהן וואָס עס וועט זיין, וואָס עס וועט בלייבען, אַז עס וועט אָוועקפאַלען דער קאָפּ, די האַנד, די פּיס, די באַק, די צוריסענע חאַלעוועס... דעמאָלט וואָלט איך אָפשר עפּיס געוואוסט? צו וואָלט נישט אַ יושר געוועזען צו פּריוון...

— ווען זי זאָלל נור הייסען! אָפשר וואָלט איך עס ביי איהם געפּריוועט?



# אין'ם פּאָסט־וואַגען.

## א.

ער האָט מיר אַלץ פערצעהלט אויף אַמאָל, אין איין אָטהעם. אין איין מינוט כמעט, בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז חיים, יונה הרוביעשוווערס איידעם, בעל קאָנסקיוואָלערס זוהן, און אַז דער לובלינער גביר מעערענשטיין, געהאָר איהם צו אַ פעטטער פון דער מוטטער, עליה השלום'ס צד. נור דער פעטטער זיינער פיהרט שוין כמעט אַ גויש הויז; טרפות, ווייסט ער נישט אויב כ'עסט, נור אומ־געוואַשען — האָט ער אַלליין געזעהען...

עס איז עפּיס, זאָגט ער, אַנדערע מאָדנע ברואים, לאַנגע האַנטיכער ליגען אויף די טראָפּ, איידער מען געהט אריין מוז מען געבען אַ קלונג; אין שטוב זעננען אויסגעשפּרייט געמאָהלטע טישטיכער... מענשען זיצען ווי אין אַ תפיסה, געהען שטיללערהייט ווי גנבים... בכלל, זאָגט ער, איז ביי זיי שטילל ווי רחמנא לצלן צווישען טויב־שטוממע...

זיין ווייב האָט אַזאַ מין משפחה אין וואַרשא. נור צו זיי קומט ער נישט; גלאָט זיי זעננען קבצנים אויך — „וואָס טויגען זיי מיר? האַ?"...

ביי'ם לובלינער פעטטער איז נישט ווי גאָטט האָט געבאָטען, איז ער ווע־ניגסטענס איין עושר. נו, אַז מען רייבט זיך נעבען אַ פעטען, ווערט מען אויך פעט; וואו מען האַקט האָלץ פאַללען שפּאָנער, וואו עס איז אַ סעודה קאָנן מען אָבלעקקען אַ ביין... אָבער דאָרט — קבצנים!

ער רעכנט זיך אפילו מיט דערצייט צו קריגען אַ שטעללע ביים לובלינער פעטטער.

די געשעפֿטען, זאָגט ער, זעננען שלעכט. היינט האַנדעלט ער מיט אייער, ער קויפֿט זיי אויף אין די דערפֿער און שטעלט זיי אָב קיין לובלין. פֿון דאָרט געהען זיי קיין לאָנדאָן... מען זאָגט, אַז דאָרט לעגט מען זיי אין קאַללעך־אייבען אַריין און עס קומט פֿון זיי אַרויס הינער... „עס מוז זיין ליגענד... די ענגעלענדער מוזען גאַנץ איינפֿאַך ליעב האָבען אייער!“, נור סיי ווי סיי — דאָס געשעפֿט איז דערוויל דערשלאָגען...

אַלס בעססער דאָך ווי תּבואה; תּבואה איז גאָר גע'הרג'עט. באַלד נאָך דער חתונה איז ער געוואָרען אַ תּבואה־סוחר. ער איז געוועזען אַ לערנקינד, האָט מען איהם צוגענומען אַ שותּף איין אַלטען סוחר... דער סוחר, האָט איהם אויסגעמאַכט דאָס אויער, פּשט פּשוט געפּריציוויט...

# ב.

אינ'ם פּאָסט־וואַגען איז פֿינסטער, איך האָב חיים'ס פּנים נישט געזעהען, און, ער היום ווייס איך נישט, ווי אַזוי ער האָט אין מיר אַ יוד דערקענט... אַז ער איז איינגעשטיגען בין איך געזעססען אין ווינקעל און געדרימעלט, זיין קול האָט מיך ערשט אויפֿגעוועקט... פֿון שלאָף רעד איך נישט... אפשר האָב איך אַ יודישען קראָכץ געגעבען? אפשר האָט ער דערפֿיהלט, אַז מיין קראָכץ און זיין קראָכץ זעננען איין קראָכץ?

ער האָט מיר אפילו פֿערצעהלט, אַז זיין ווייב קומט אַרויס פֿון וואַרשא, אַז ער היום שמעקט איהר נישט קאָנסקיוואָליע...

— געבוירען, פֿערשטעהט איהר מיך, איז זי טאַקי אין הרוביעשאָוו, נור ערצויגען געוואָרען איז זי אין וואַרשאָ: ביי דער טרפֿה'נער משפּחה דאָרט, אַ יתומה געוועזען...

אין וואַרשא האָט זי זיך אָנגעשמעקט מיט אַ נדערע זאַכען. זי איז אַ גרויסע בריה אין פּוילישען, דייטשערישע אַדרעססען לייענט זי ווי אַ וואַסער. זי זאָגט אפילו, אַז זי קאָנן שפּיעלען, נישט אויף אַ פּיעדעל, נור עפּיס אויף איין אַנדערע מאָדע כּלי...

— און איהר ווער זענט? חאַפּט ער מיך פּלוצלינג אָן ביי דער האַנד.

פֿון שלאָפֿען איז שוין נישט געוועזען וואָס צו רעדען, און אָנגעהויבען אינטע־רעסירען האָט ער מיך שוין אויך. עפּיס אַ מעשה, אַ קליינשטאָדטילדיגער יונגער מאַנן, אַ ווייבעל, אויפֿגעצויגען אין וואַרשא, דאָס קליינע שטאָדטיל שמעקט איהר נישט... פֿון דעם קאָנן עפּיס זיין, טראַכט איך, מען דאַרף געוואָהר ווערען אַקוראַט, עפּיס צולעגען, וועט זיין אַ ראָמאַן... וועלל איך באמת צוברעקען אַ מין גזלן, אַ קאַטאָרזניק, אַריין האַקען אַ פּאָר באַנקראָטען און צו ריישען אַ פּיפּערנאָטער,

וועלל איך אויך זיין אינטערעסאַנט.

איך בייג מיך צו, צו מיין שכן און זאָג איהם ווער אין ־ין.

— אַזוי, זאָגט ער, איהר זענט עס טאַקי, איהר אַלליין. . און זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי נעמט עס אַ מענש צייט און קאָפּף, זיך אויסצוקלערען מעשות...

— איהר זעהט דאָך!

— איך וויים? האָט איהר געמוזט אַ גרויסע ירושה קריגען און איהר לעבט פון פּראָצענט.

— חס ושלום, מיינע עלטערן לעבען, ביז הונדערט און צוואַנציג אָדר...

— האָט איהר געמוזט אויף דער לאָטעריע געווינען.

— אויך נישט...

— וואָס דענן?

איך האָב איהם באמת נישט געוואוסט וואָס צו אָנטפּערן...

— האָט איהר פון דעם פּרנסה?

איך אָנטפּער איין אמת יודישע תשובה: בע!

— און דאָס איז אייער גאַנצע פּרנסה, גאָר אָהן אַ צושפּרונג?

— דערווייל...

— אָ וואַ! וואָס האָט איהר, איך בעט אייך, דערפון?

— זעהער ווייניג.

— אויך טודט?

— געהרג'עט...

— שלעבּטע־צייטען, זיפצט מיין שכן.

אַ פּאָר מינוט איז שטילל געוועזען. מיין שכן קאָנן דאָך לאַנג נישט רוהען:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, נאָך וואָס טויגען די מעשות?

— איך מיין נישט אייך, חלילה, — פּערבעסערט ער זיך — חס ושלום, אַ יוד דאַרף פּרנסה, צאַפּט ער פון דער וואַנד; דאָס איז ביי מיר גאָר קיין קשיא נישט... וואָס טהוט נישט אַ יוד פאַר פּרנסה? אָט, האָב איך נישט געקריגען קיין געלעגענהייט, פאָהר איך מיט דער פּאָסט, גאָטט ווייסט אויב איך זיץ נישט אויף שעטנז, נור דעם עולם מיין איך, וואָס טויגען זיי די מעשות? וואָס פאַר אַ תכלית שטעקט דערינגען? וואָס שרייבט מען אין די ביכליך?

ער וואַרט נישט אויף תשובה און אָנטפּערט זיך אַלליין —

— עס מוז גלאַט זיין אַזאַ מאָדע, אַ מין קרינאָלינע, אַ קשיא אויף ווייבער!

— און איהר, פראָג איך איהם, איהר האָט נאָך קיין מאָל נישט געלעזען די ביכליך?

— אייך מאָג איך דאָך זאָגען, איך האָב יאָ אפילו אַ שטיקעל ידיעה דער־

פון... אַט אַזוי גרוים...

ער האָט מיר אַודאי אָבגעמאָסטען אַ שטיקעל אויפ׳ן פינגער, אַ נאָגעל מיט אַ שטיקעל פלייש צו, נור עס איז פינסטער געוועזען.

— עס האָט אייך פאָרט אינטערעסירט?

— מ י ך? חס ושלום! אַלץ מיין ווייב! די מעשה דערפון, פערשטעהט איהר, איז אַזוי געווע׳ן: עס וועט זיין אַ יאָהר 5—6, טאַקי 6, אַ יאָהר נאָך דער חתונה — מיר האָבען נאָך קאָסט געגעסען... האָט זיך עפּיס געמאַכט, אַז מיין אשה איז נישט געוועזען אין גאַנצען; נישט חלילה קראַנק, זי איז אַרום געגאַנגען, נור אַזוי, נישט בקו הבריאה...

איינמאָל פראָג איך זי, וואָס איז איהר...

— אייגענטליך, חאַפּט ער זיך צוריק, וויים איך נישט, נאָך וואָס איך דולל אייך דען קאָפּף מיט אַזוינע זאַכען...

— אַדרבא, זאָג איך איהם, דערצאָהלט, ר׳ קרוב...

מיין שכן לאַכט:

— מען דאַרף שטרוי אין מצרים? א י ה ר דאַרפט מיינע מעשות, איהר קאָנט אייך נישט א ו י ס ק ל ע ר ע ן אַלליין?

— דערצאָהלט ר׳ קרוב, דערצאָהלט...

— איהר שרייבט, אַ פּנים, פאַר יענעם ליגענד, און פאַר זיך ווילט איהר אמת?

אַז מען זאָלל שרייבען א מ ת, פאַלט איהם גאַר נישט איין...

— נו, מאַכט ער, זאָלל זיין אַזוי...

---

## ג.

— נו — פערציילט מיין שכן — עס איז קיין בושה נישט: אין אַ בעזונדער חדר האָבען מיר געוואָהנט, אַ יונגער מאַנן בין איך געוועזען, מעהר צו געלאָזט צו׳ן אַזוינע זאַכען — פראָג איך ז י, וואָס עס איז איהר, לאָזט זי אַרויס אַ געוויין...

איך האָב אויף איהר שטאַרק רחמנות געהאַט. אויסער דעם, וואָס זי איז, קיין עין הרע, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, מיין ווייב — איז זי נאָך — אַ י ת ו מ ה... און אין דער פרעמד, טאַקי עלענד!

— ווי הייסט עלענד? וואונדער איך מיך.

— מיין מאַמע, עליה השלום, איז, פערשטעהט איהר, נפטר געוואָרען,

אַ יאָהר צוויי פאַר מיין חתונה, אונ מיין טאַטע, עליו השלום, האָט שוין קיין אַנדער ווייב נישט גענומען.

מיין מאַמע, זכותה יגן עלינו, איז געווען איין אשה צנועה, אונ מיין טאַטע, האָט זי נישט געקאָנט פערגעססען... נו, איין יודענע אין שטוב... דער טאַטע אַליין, עליו השלום, האָט קיין מאָל קיין צייט נישט געהאַט... כמעט אַ גאַנצע וואָך אויף די דאָרפער געווען. ער האָט געהאַנדעלט מיט כל המינים, וואָס איהר ווילט נור — אייער, פוטער, שמאַטעס, חזיר־האָר, ליינוואַנד.

— אונ איהר?

אין בין געזעססען אין בהמ"ד אונ געלערנט... נו, אַ ווייבעל אַליין, האָב איך גערעכנט, האָט זי מורא... ווי קומט אָבער ווייגען דערצו? „ניין" — זאָגט זי — „זי נידזיט זיך"... נידזיעט זיך? וואָס הייסט דאָס?

געזעהן האָב איך, אַז זי געהט אַרום ווי איינער אין שלאָף. אַמאָל רעדט מען צו׳ן איהר אונ זי הערט נישט, אַמאָל פערטראַכט זי זיך אונ קוקט אויף דער וואַנד, אונ קוקט, אונ קוקט... אַמאָל מאַכט זי מיט די ליפּפען, אונ מע׳הערט נישט איהר קול... נור וואָס הייסט נידזיען זיך? אַלץ ווייבערישע זאַכען. איין עם לא היה די נשים... אַ יוד, אַ מאַנסבילל נידזיעט זיך נישט... אַ יוד האָט גאָר קיין צייט נישט זיך צו נידזיען. אַ יוד איז הונגעריג אָדער זאַטט; אָדער אין עסק, אָדער אין בית המדרש, אַ ניט שלאָפט ער... האָט מען שוין גאָר צייט רייבערט מען אַ לילקע־ציבוך — אָבער נידזיען זיך?

— פערגעסט נישט, זאָג איך איהם, אַ יודענע אָהן תורה, אָהן קהל׳סע זאַכען, אָהן תרי"ג מצות...

— דאָס איז טאַקי די מעשה; איך האָב מיך טאַקי באַלד אָנגעהויבען שטויסען, אַז נידזען זיך איז אַ מין ליידיג געהן, אַ מין בטלה וואָס מע׳ווערט שיעור משוגע דערביי. אונזערע רבותים האָבען שוין דאָס לאַנג געזעהן ברוח הקדש... איהר קענט די קליינע אותיות? הבטלה מביאה לידי שעמום! על פי דין טאָר קיין ווייביל נישט געהן ליידיג, זאָג איך איהר טאַקי: טהו עפּים! זאָגט זי, זי וויל „לעזען"!

„לעזען" איז אויך ביי מיר געווען אַ משונה וואָרט... געוואוסט, אפילו, האָט מען שוין, אַז ביי די, וואָס לערנען זיך שרייבען, הייסט לערנען „לעזען", להבדיל, ביכלעך מיט צייטונג. איך האָב אָבער נאָך דעמעלט נישט געוואוסט, אַז זי איז אַזא מלומדת... זי פלעגט מיט מיר ווייניגער רעדען ווי איך מיט איהר! זי איז אפילו אַ הויכע יודענע, נור פלעגען פלעגט זי האַלטען דעם קאָפּף אַראָב, די ליפּען פערביססען, גלייך זי קאָנן קיין צוויי נישט ציילען... זי איז בכלל געווע־זען אַ שטיללע... אַ שאָף! אונ שטענדיג איז איהר אויפ׳ן פנים געווען אויסגע־

גאַססען אַזאַ מין פּערזאָרגעניש — גלייך עס וואָלט איהר אַ שיף מיט וואַסער־מילך אונ־טערגעגאַנגען... זי ווילל — זאָגט זי — לעזען. אונ וואָס? פּויליש, דייטש.. זאָלל זיין עברי־טייטש, אַבי לעזען...

אונ דאָ איז אין קאָנסקיוואָללע קיין זכר פון קיין ביכעל נישט דאָ! רחמנות האָב איך אויף איהר, אָבזאָגען קאָנען איך איהר נישט... זאָג איך איהר צו, אַז ווען איך וועלל זיין ביים פּעטטער אין לובלין, וועלל איך איהר ברענגען ביכלעך...

— אונ דו האָסט גאָר נישט? פרעגט זי.

— איך? חס ושלום!

— וואָס דען טהוסט דו גאַנצע טאָג אין בית המדרש?

— איך לערן!

— איך ווילל אויך לערנען, מאַכט זי!

איך גיב איהר צו פערשטעהן, אַז גמרא איז, להבדיל, קיין מעשה־ביכעל נישט, אַז זי איז נישט פיר ווייבער, אַז עס איז גאָר דאָ אַ דעה אין דער גמרא, אַז נקבות טאָרען נישט לערנען, אַז גמרא איז לשון קודש...

עס האָט אָבער נישט געהאָלפען! מע'זאָלל וויססען דערפון אין קאָנסקיוואָליע וואָלט מען מיך פערשטיינערט, אונ זיי וואָלטען געדעכט געווען! איך וועלל אייך נישט לאַנג ברייען, איך וועלל אייך פערציילען קורץ אונ בקצור, זי האָט אַזוי לאַנג מיך געבעטען, געוויינט, געחלשט; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זי האָט געפועלט. איך פלעג מיך יערע נאַכט אַנידער זעצען אונ פערטייטשען איהר אַ בלאַט גמרא...

איך האָב אָבער פריהר געוואוסט דען סוף...

— אונ דער סוף איז געוועזען?

— פרעגט גאָר נישט... איך האָב איהר איבער געזעצט אַ בלאַט „ארבעה אָבות נזיקין"... השור והבור, והמבעה, וההבער... אונ טאַקי מיט רש"י, מיט תוספות, מיט מהרש"א... איך האָב געקנאַקט, אונ זי—איז דערביי נאַכט אויף נאַכט איינגעשלאָפען... עס איז נישט פאַר קיין יורענע!

אַ גליק האָט מיך געטראָפען, אַז אין דער גרויסער זאַוויערוחע, וואָס עס איז דעם יאָהר געוועזען, האָט זיך אַ פּאַקענטראַגער פערבלאָנדזיט קיין קאָנסקיוואָלע, האָב איך איהר אַ היים געברענגט אַ פוד, אַ גאַנץ פוד מעשה ביכלעך.. צינד ווייטער איז געוואָרען פּאַ־קערט... זי האָט מיר געליינט, אונ — איך בין איינגעשלאָפען...

אונ עד היום — מאַכט ער — וויים איך נישט, נאָך וואָס עס טויגען די מעשה־ביכלעך. פאַר מאַנסבילען אַ ודאי נישט! אָפשר שרייבט איהר נור פאַר ווייבער?

# ד

דערווייל האָט אָנגעהויבען טאָגען...

אין דער טונקעלער בויד האָט אויפגעטויכט מיין שכנ'ס געעל, לאַנג, און דאַאַר פּנים; אַ פּאָר אונטערגעשלאָגענע, מיעדע, רויטע אויגען.

ער האָט געוואָלט, אַ פּנים, זיך נעמען צו דאַוונען פון פאָרינט; ער האָט געווישט די פערטויעטע שויב פון פאָסטוואָגען, נור איך האָב איהם איבער:

— זאָגט נור, איך בעט אייך, ר' קרוב, האָט אויף מיר קיין פאַראיבעל נישט, הייגט איז שוין אייער ווייב צופרידען?

— ווי הייסט צופרידען?

— זי נידזעט זיך נישט מעהר?

— זי האָט היינט אַ „שטעלל" מיט זאַלץ און מיט הערינג... איין קינד ביי דער ברוסט... צוויי — צו קעממען און צו וואַשען!... מיט נאָזליך שנייצען איז זי יוצא פאַר אַ טאָג...

ער ווישט נאָך אַ מאָהל די שויב, איך שטאָר איהם ווייטער —

— זאָגט נור ר' קרוב — ווי זעהט אויס אייער ווייב?

מיין שכן שטעלט זיך אויף, וואַרפט אויף מיר אַ זייטיגען בליק, בעטראַכט מיך פון קאָפּף ביז פיס און פראָגט מיך שטרענג:

— וואָס איז, איהר קענט מיין ווייב? פון וואַרשאָ, וואָס?

— חלילה, אָנטפער איך איהם, איך מיין גלאַט, טאָמיר בין איך אין קאָנס-קיוואָליא, וויל איך זי דערקעננען...

— איהר ווילט זי דערקעננען! שמייכעלט ער בערוהיגט, מהיכי תיתי! האָט איהר אַ סימן: זי האָט אַ פּעפּער אויף דער לינקער זייט נאָז!

# ה

דער יוד איז אַראָב געקראָכען פון פאָסטוואָגען. ער האָט זיך מיט מיר געזעגענט, שטעהענדיג שוין אויפ'ן שטאַפּעל; פון דער ווייטענט, און גאָר קאַלט.

ער איז מיך, אַ פּנים, חושד, אַז איך קענן פאָרט זיין ווייב, און אָפשר, אַז איך געהאָר צו זיין טרפה'נער משפחה!

איך בין געבליבען איינער אליין, נור פון שלאָפען איז שוין נישט געוועזען וואָס צו רעדען. דער פרישער מאָרגען האָט מיך דורכגענוממען: מיין ליטעראַרישער

פאַלטאָ איז אונטערגעשלאָגען מיט ווינד, און דער קיהלער מאָרגען גנב'ט זיך מיר אריין אין אַללע גליעדער. איך האָב מיך צוריק פערדרוקט אין אָנגעשפּאַרט אין ווינקעל. דרויסען האָט אָנגעהויבען שיינען די זונן. עס קאָנן זיין, אז איך בין געפאָהרען אין אַ הערליכע געגענד, די ערשטע שטראַהלען פון דער זונן, האָבען אָפשר זיך האָרצ-ליך געקושט מיט שפּיצען פון בערג, מיט גריענע ביימער, און אָפשר גע-גליטשעט זיך אויף אַ שפּיגעל-בלאָהען טייך... איך האָב דאָך די העזה נישט געהאַט צו אָפּפּענען דאָס קליינע פענסטערל...

אַ יודישער ליטעראַט האָט דרך ארץ פאַר קעלט! איך האָב מיך גענומען „אויסצוקלערען", ווי דער יוד זאָגט, אַ מעשה. דאָך אַנדערע מחשבות האָבען מיר איבער געשלאָגען...

צוויי פערשיעדענע וועלטען, אַ מאָננישע וועלט, און אַ ווייבערישע וועלט... אַ וועלט מיט „ארבעה אָבות נזיקין", און אַ וועלט מיט מעשה-ביכלעך, וואָס כ'עון קויפט אויפ'ן פּוד!

לעזט ער, ווערד זי אַנשלאָפען; לעזט זי ווערד ער אַנשלאָפען... ווענינ האָבען מיר כּתות... ווענינ צו פאַללען מיר אויף „פראַנצאָזישע נאָז" „ענגלישע שטעקען", „דייטשע יאָרגעס", „ליטווישע חזירים", „פּוילישע שנאָרער", „אָרץ-ישראל שלעפּער"... ווענינ אַז יעדעס אֶ ב ר פון אונזער גוף ליגט אין איין אַנדערער שטאַלל, און האָט איין אַנדערן קלינגעדיגען ביינאָמען; ווענינ וואָס יעדעס אֵבר צו פאַלט נאָך אויף פערשיעדענע חלקים: חסידים, מתנגדים, דייטשען... שפּאַל-טען מיר זיך נאָך, אויף זכרים און נקבות... אין יעדערער איינציגער יודישער, ענגער, גאַססער, ברודיגער שטוב, מוזען אויך זיין צוויי בעזונדערע וועלטען...

לעזט ער — ווערד זי אַנטשלאָפען, לעזט זי — ווערד ער אַנטשלאָפען.

מע-וואָלט געדאַרפט, טראַכט איך, על כל פּנים די צוויי וועלטען צו פעראייניגען...

דאָס איז דער חוב פון יעדען יודישען שרייבער... נאָר די יודישע שריי-בער האָבען צו פיעל אייגענע חובות... מען זאָלל ווענינסטענס האָבען אַ צושפּרונג צו דער פרנסה...

---

מיין קלערען איבער אַ צושפרונג צו דער פרנסה האָט איבער געהאַקט דער פּאָסטיליאָן מיט עטליכע שאַרפע טאָנער. איך בין דאָך נישט אַראָב געגאַנגען פון וואָ-גען. עס איז מיר אַביסעל וואַרימער געוואָרען, די זונן האָט אָנגעהויבען צו ווייזען, אַז זי איז נישט קאַרג.

איך האָב ווייטער געקריגען אַ שכן, נור ביים ליכטיגען מאָרגען האָב איך איהן גוט געזעהען און אפילו דערקענט. עס איז געוועזען מיינ'ם איין אַלטער

בעקאַנטער, מיר האָבען קינדווייס צוזאַמען זיך געגליטשט, אָפּט געשפּיעלט אין בעקען-ברויט, כמעט חברים געוועזען... דערנאָך בין איך געגאַנגען אין ברידיגען פינסטערן חדר אַריין, און ער אינעם ליכטיגען פרייען גימנאַזיום...

אז איך האָב נישט געקענט, האָט מען מיך געשמיסען, פאַר טרעפען דעם מהרש"א׳ס קשיא — געקניפּען אין באַקקיל, סיי ווי סיי האָט מיר וויי געטהון; ער איז אַמאָל געזעסען אין קאַרצער און אַמאָל געקריגען פינפען... איך האָב מיר דען קאָפּ געבראָכען איבער כּתא דמגלא, און ער — איבער גריכישע און לאַטיינישע צ״ין קלאַפּעדיקע וואָרטער. דאָך האָבען מיר זיך געהאַלטען צוזאַמען. מיר האָבען געלעבט בשכנות; ער פלעגט מיך בסוד לערנען לעזען, דערנאָך באָרגען ביכער, אין די שפּעטערע יאָהרען האָבען מיר ביידע איבערגעקערט די וועלט, ליגענדיג אויפ׳ן גריענעם גראָז נעבען טייך... איך האָב געוואָלט ערפינדען אַזא מין פּולווער, וואָס זאָלל שיסען גאָר פון ווייטענס, אויף הינדערטער מייל, למשל; ער — אַ באַלאָן, אַרויף צו פליהען צו די שטערען, ביי יענע מענשען אויך עפּים איינפיהרען אַ „פּראָגרעס"! מיר האָבען געהאַט שרעקליך רחמנות אויף דער אומגליקליכער וועלט, זי איז אַריין אין אַ בלאָטע, ווי שלעפּט מען זי אַרוים! איין אום געשמירטער וואָגען, פוילע פערד, און דער בעל עגלה שלאָפט!

דערנאָך האָב איך חתונה געהאַט, און ער איז געפאָהרען אין אוניווערזיטעט אַריין. קאָרעספּאָנדירט האָבען מיר נישט. פון ווייטענס האָב איך געהערט, אַז עס האָט זיך איהם געטראָפען אַ מכשול און איז אַנשטאַט דאָקטאָר — אַפּאָטייקער געוואָרען, אין אַ קליין שטעדטיל ערגיץ...

אַז מיין שכן איז אריין אין וואָגען, האָב איך שעור נישט אויסגעשריגען פאַר פרייד; עס איז מיר וואַרים געוואָרען אונטערן האַרץ. די האָנד האָבען זיך אויסגעשפּרייט, דער גאַנצער קערפּער האָט זיך צו איהם איבער געבויגען, דאָך האָב איך מיך צוריק געהאַלטען; מיט אַללע כּוחות צוריק געהאַלטען.

אַ קשיא אויף אַ מעשה, טראַכט איך, עס איז טאַקי יאַנעק פּאָלניעווסקי, אונזער געוועזענעם סעקוועסטראַטאָרס זוהן; עס איז טאַקי מיין געוועזענער חבר; ער האָט טאַקי אַמאָל געהאַט ברייטע אָרעם און האָט געוואָלט אַרום חאַפּען די גאַנצע וועלט און אויסקושען איהר יעדעם אבר, אויסער די מאוסע בראָדאַווקעס, וואָס מען דאַרף אָבשניידען!... נור אַ קשיא אויף אַ מעשה... היינטיגע צייטען! אפשר איז ער שוין איין אַנטיסעמיט, אַ מזיק אין דער „ראָלאַ", אפשר זעננען היינט מיר יודען די בראָדאַווקעס — וואָס מען דאַרף אָבשניידען פון אייראָפּאַס שאָנער נאָז! ער וועט מיך נאָך אָבמעסטען מיט אַ פּאָר קאַלטע אויגען, אָדער זיך אפילו צוקישען מיט מיר, נור זאָגען, אז איך בין נישט ווי אַללע יודען...

איך האָב אָבער אַ טעות געהאַט. פּאָלניעווסקי האָט מיך דערקענט, געפּאַלען מיר איבערן האַלז, און נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט מיט איהם זיך צו צורעדען, באַלד געפֿרעגט, ווי מיר געפֿעלט דער פּאָדלע אַנטיסעמיטיזם...

---

— עס איז עפּיס — זאָגט ער — נאַטירליך אויף פּויליש — עס איז עפּיס אַ מין חאָליערע, אַ מין עפּידעמיע...

— טהייל זאָגען אַז עס איז פּאָליטיש...

— גלויב נישט, מיינט פּאָלניעווסקי, די פּאָליטיק מאַכט קיין נייעס, בעשאַפֿט נישט קיין פֿאַקטען.

זי קאָנען נור אויסנוצען די, וואָס עקזיסטירען; טהייל אונטערדריקען, טהייל אויפֿהייבען. אַ ליאַדע פֿונק קאָנען זי צו בלאָזען אויף אַ גיהנם פֿייער; נור קיין איינציגען פֿונק ערגליהען... די מענשען נאַטור, נישט די פּאָליטיק, שפּינט די געשיכטע פֿאָדעם, די פּאָליטיק צו־פֿלעכט, פֿערדרעהט, פֿערקניפּט און פֿערפּלאָנטערט זיי!

דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ קראַנק. די פּאָליטיק שטעלט זיך ביים קראַנקען־בעט ווי אַ נאַררישער שלעכטער דאָקטאָר, וואָס וויל די קראַנק פֿערלענגערן.

די פּאָליטיק נוצט אויס דען אַנטיסעמיטיזם; עס פֿליהט אַ שטיין אין דער לופֿט, לענקט איהן ביסמאַרקס אונטער־בעלפֿער אין שוהל־פֿענסטער אריין; אַז ניט — וואָלטען אַנדערע שויבען געפּלאַצט. עס הייבט זיך אויף אַ פּראָטעסטירענדע פֿויסט, רוקט מען איהר אונטער אַ יודישע דאַארע, איינגעגאַרבּיטע פּלייצע — אַז נישט וואָלטען אַנדערע ביינער געקנאַקט...

אָבער דער שטיין, די פֿויסט, די שנאה, דער האַסס — עקזיסטירען פֿאַר זיך אלליין...

ווער שטאַרבט אויף אַ פֿהיזישען אונטערגאַנג? שוואַכע קינדער, איבער־געלעבטע אַלטע לייט, פֿערקראָנקטע מענשען; ווער פֿאַלט אונטער אַ מאָראַלישע עפּידעמיע? דאָס פּעבעל־קינד, דער איבערגעלעבטער אַריסטאָקראַט און עטליכע משוגעים, וואָס שפּרינגען אַרויס און פֿיהרען דאָס קראַנקע ראָדעל צום ווילדען טאַנץ! עס האַלטען זיך נור געזונדטע מוחות!...

— וויפֿיעל געזונדטע מוחות האָבען מיר? פֿראָג איך.

— וויפֿיעל? זעהר ווענינ, לײדער! אָנטפֿערט פּאָלניעווסקי.

מיר זעננען ביידע טרויעריג שטילל געבליבען. וואָס מיין שכן האָט געקלערט ווייס איך נישט, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אפילו די געזונדטע, אייזערנע מוחות זעננען אויך אָנגעריהרט. עס זעננען פֿערהאַנדען צווייערליי צייטען אין דער געשיכטע:

אַ מאָל פֿיהרט דער בעסטער, קלוגסטער מענש די מאַססע, און — אַ מאָל שלעפּט די מאַססע די בעסטע קלוגסטע מענשען... דער מאַססע־אַנפֿיהרער איז אַ קאָלאָמ־בוס, וואָס זוכט פֿאַר דער מענשהייט אַ נײַ גליק, אַ נײַ אַמעריקאַ... קוים פֿעהלט אָבער וואַססער און ברויט אויף דער שיף, עמפּאָרען זיך די שיפֿסקנעכֿט און זיי פֿיהרען!... דאָס ערשטע דאַרף מען עמיצען קוילען, מען דאַרף אי — פֿלייש עססען, אי — די רציחה שטיללען...

---

— און מיין נישט — האַקט מיר פּאָלניעווסקי איבער די טרויעריגע געדאַנ־קען — אַז איך מאַך מיר אַלליין קאָמפּלימענטען, אַז איך האַלט מיך אַ ל ל יי ן פֿאַר דען שטאַרקען גייסט, וואָס האַלט אויס די עפּידעמיע, פֿאַר אַ אייכֿענבוים, וואָס דער שטורם ריהרט איהן נישט פֿון אָרט...

— ניין, ברודער, — זאָגט ע ר וויטער — איך בין נישט פֿון די גבורים. איך וואָלט אָפּשר געוועזען מיט אללע גלייך, מיך וואָלט אָפּשר אויך דער ווינד אָבגע־ריססען ווי אַ פֿויל בלאָטעל פֿון עץ־הדעת, און מיט מיר אַרומגעדרעהט אין דער לופֿט. א י ך וואָלט אויך געגלייבט, מיט אַללע פֿוילען בלאָטטער צו גלייך, אַז עס איז ביי אונז אַ באַל, אַז מיר טאַנצען מיט חשק, אַז דער ווינד איז אונזער געדונגענער כלי־זמר, וואָס שפּיעלט אונז צו אויפֿ׳ן פֿייפֿערל...

מיך האָט געראַטעוועט אַ צופֿאַלל... איך האָב אַ יודיש ווייבעל דערקענט! — האָר!

איך האָב מיך איבער געבויגען צו מיין שכן; זיין פּנים איז נאָך ערנסטער, נאָך פֿינסטערער געוואָרען, ער האָט געשטעלט די עללענבויגען אויף דער קניע און אָנגעשפּאַרט דען קאָפּף אויף די האַנד...

— נור מיין נישט — מאַכֿט ער צו מיר — אַז איך האָב דערקענט אַ העלדין פֿון אַ ראָמאַן, אַ אייזערנען קאַראַקטער, וואָס ברעכֿט צוימען און מויערען און געהט זיך שטאָלץ זיין וועג; מיין נישט אפילו איין „אויסנאַהם", אַ „געבילדעטע" מיט נייע אידעען, אָדער א יי ן „אידעאַל" בכלל... ניין, איך האָב דערקענט אַ פּראָסט יודיש ווייבעל, פֿון די בעססערע, נור פֿון די בעססער אומגליקליכֿע. איך האָב זי ליעב געקריגען, איך זאָג דיר אויס דען אמת. און, ווען איך האָר אָדער איך לעז עפּיס שלעכֿטס אויף יודען בכלל... שווימט זי מיר אַרויס פֿון זכרון מיט איהרע פֿייכֿטע טרויעריגע אויגען, שטעלט זיך פֿאַר מיר און בעט זיך: גלויב נישט! איך בין נישט אַזוי!...

ער פֿערטראַכֿט זיך.

די געשיכֿטע איז גאַנץ איינפֿאַך, וועקט ער זיך און הייבט אָן צוריק צו פֿערציילען:

מיר האָבען איבער דער גאַנצער צייט נישט קאָרעספּאָנדירט, און דו

ווייסט נישט, וואָס מיט מיר איז איבער דער גאַנצער צייט געשעהען, איך וועל דיר דערצעהלען קורץ; איך פאַר נור ביז לוקאָוואָ...

— פון גימנאזיום בין איך אַריין אין אוניווערזיטעט און שטודירט מעדיצין. איך האָב נ י ש ט געענדיגט... אַ ביסעל זעננען חברים, אַ ביסעל די לעהרער און מעהר נאָך, איך אַליין שולדיג... איך האָב געמוזט אַרויס טרעטען, ווערען אַפּאָטעקער, חתונה האָבען, נדן נעמען און פערלעגען זיך אין אַ קליין שטעדטיל אַ קראָם פון פיללען מיט ריצין-אָהל...

עס האָט מיך דאָך אַ גליק געטראָפען; איך האָב געקריגען איין ערליכען שווער, וואָס האָט מיר אויסגעצעהלט דאָס געלד באַלד נאָך דער חתונה, אַ גוט און שאָן ווייב, — אַ נישט קשה'דיק קליין שטעדטיל...

מיין ווייב האָט געהייסען מ א ר י א... אָט שטעהט זי מיר צינד פאַר די אויגען... זי דרעהט זיך איבער צו מיר פון שפּיעגעל אונבעהאָלפען: דער גאָלדגעלאָקטער קאָפּף וויל זיך נישט אונטערגעבען איהר דעספּאָטישען קאָם. זיי, די לאָקען, צולויפען זיך לוסטיג אין אַללע זייטען... זיי ווילען נישט ליגען צוגעדריקט אין קראַנץ, וואָס איז דעמאָלט מאָדע געווען...

שלאַנק... און אַזוינע גוטע, אַזוינע הארציג-לאַכענדיגע הימעל-בלאָהע אויגען...

די פּראַקסע האָט אונז ווייניג געשטערט... דאָס שטעדטיל איז צו אָרים געווען, און איין אַפּטייק אָהן אַ דאָקטאָר איז ווייניג וואָס ווערט. מען האָט זעהר ווייניג געלייזט, האָבען מיר מאַקי געלעבט ווי אין גן עדן... און, זומער איז עס געווען, שטאַנדיג אויף דער ווערענדע, האַנד אין האַנד, אויג אין אויג, ליפּפּ אין ליפּפּ!

און וואָס האָט אונז געזאָלט אינטערעסירען? פּרנסה איז געווען, געהן ערגעץ? וואו אהין? פון דער ווערענדע האָבען מיר געזעהן כמעט דאָס גאַנצע שטעדטיל... די נידריגע, אַיינגעבויגענע הייזליך, מיט די הויכע, ברייטע, שוואַרצע הילצערנע ביידעם, וואָס האָבען זיך געבויגען, ווי מיט רחמנות איבער די בייגעל אונ-אויבס-זיצערקעס, פון די אָרימע שטעלען פאַר די הייזלעך... גלייך ווי האָבען געוואָלט בעשיצען די איינגעשרומפּענע, אַלטע, אויסגעדאַרטע פּנימער פאַר דער זונן...

דאָס שטעדטיל איז אַמאָל רייך געווען, די ביידעם זעננען פול געווען מיט אַללערליי תבואות און פּרוכטען; דער מאַרק — מיט פוהרען, מיט פויערן, מיט מעקלער; צווישען די ווייסע סיערמיענגעס און די גראָהע חאַלאַטען פלעגט זיך אַמאָל בעווייזען אַ גרויסער פּריץ אין... (אַזוי וועניגסטענס האָט מען מיר אינ'ם שטעדטיל דערצעהלט), נור דער שאָססע מיט דער באַהן האָבען דאָס שטעדטיל

אַרויסגעוואָרפֿען פֿון דער האַנדעל וועלט, די גאַסס איז לעער, די ביידעם פֿולל מיט פֿיעלע ציבעלעס און שטיקער קעז — די איינציגע ירושה, וואָס עס איז געבליבען פֿון די גוטע צייטען...

אָרים — ווי נור זיך צו דענקען! אויף יעדען קאָרציל קאָרן, וואָס אַ פּויער ברענגט, וואַרפֿען זיך 10 סוחרים, שטייגען דען פּרייז, אין מיט'ן גלייכט מען זיך אויס, מען זאָגט זיך צו אָבטרעט־געלד, אָדער מען קויפֿט בשותּפֿות — נור אַללע צעהן שאַרען אומזיסט אויס אַללע טאַשען, זיי האָבען פֿאַר'ן קאָרציל תּבואה נישט צו בעצאָהלען, און באָרגען צו די רעשט אויף פּראָצענט...

און 100 שניידער אויף איין פּאָר ביין־קליידער, 50 שוסטער אויף אַ לאַטקעלע... איך האָב נאָך אַזאַ דלות נישט געזעהן...

מיר האָבען זיך אָבגערוקט פֿון שטאָדטישען לעבען ווי ווייט עס איז נור מעגליך געווען; די גליקליכע זעננען עגאָיסטען...

נור געגען איבער אונז, ווי־זאַ־ווי, האָבען מיר בעמערקט אַ יונג ווייבעל, אַ ודאי נישט מעהר ווי פֿון אַ יאָהר 18, האָכסטענס צוואַנציג, און פֿון איהר האָבען מיר ביידע נישט געקאָנט אָבּרייסען איין אויג... זי, פּראַווידע, פֿון אונז אויך נישט... עס איז געוועזען אַ זעלטענע ערשיינונג... שטעלט אייך פֿאָר — אַ שאָנהייט, אַ בילד אין אַ ברודיגע ראָם, ווי נור אַ יודיש פֿענסטער קאָנן זיין אין אַ קליין שטאָדטיל, אונטער אַ שרעקליך אויסגעקרומטען דאַך... שטעלל דיר פֿאָר, אַ פּאָר טרויריגע, טרייםעריש פֿייכטע אויגען אויף איין אַלבאַסטער וויים פּנים, און — אונטער אַ האָהר־באַנד!...

גאָטט! זי האָט אויף אונז אַ שרעקליכען איינדרוק געמאַכט...

שטונדענלאַנג פֿלעגט זי שטעהן געבויגען איבערן פֿענסטער, פֿערבראָכען די הענד, און טרויעריג געקוקט אויף אונז, אָדער אויף די שטערען אין הימעל, און שלינגען די טרערען! מיר האָבען געזעהן, אַז זי איז שטענדיג אַלליין, עלענד, (אייערע מאָננער האָבען קיין מאָל קיין צייט נישט), שטענדיג פֿערטרויערט, פֿערבאַנקט. איהר אונגליק איז איהר געוועזען אויסגעגאָסען אויפ'ן בלאַססען פּנים... זי איז זיכער געקומען ערגיץ פֿון דער פֿרעמד; פֿון אַ בעססער, פֿרייער הויז. זי האָט געבענקט ערגיץ ווייט, ווייט אַוועק. איהר האַרץ האָט געצאַפּעלט צו'ן אַ פֿרייער לעבען. זי האָט אויך געוואָלט לעבען, ליעבען און געליעבט זיין... ניין, זאָגט וואָס איהר ווילט, עס טרעפֿט זיך צווישען אייך אָפֿט די עולה, איהר פֿערק[illegible]ט אייערע טאָכטער... אמת, מיט דער צייט געוואָהנען זיי זיך צו, מיט דער צייט פֿערגעססען זיי... זיי זעננען פֿרום, זיי זעננען גוט, און גערולדיג..., נור ווער קאָן איבערציילען די ביטערע טרערען, וואָס פֿאַללען אויף זייער פֿערשוואַרצט פּנים. אייער דאָס איז ווערט אויסגעטריקענט? ווער קאָן איבעררעכענען וויפֿיעל

קלעם עס טהוט אין הארץ, איידער עס געוועהנט זיך אבצושטארבען לעבענדיגער־הייט? און פאר וואס קומט עס זיי, צו ווירקליך ווייל זיי זעננען גוט און פרום?

דו זאלסט קעננען דען ווייבעל׳ס מאנן! א געלעניש... איינגעהויקערט... צוויי מאל געזעהן אין טאג האב איך איהם: א׳ן דער פריה צרוים געהן, ביי דער נאכט אהיים קוממען...

איין עולה...

---

איהר וועט מיר אפשר מודה זיין, אז איך האב פאלניעווסקי׳ן אויף דעם נישט געהאט וואס צו אנטפערן...

מיר האבען ביידע געשוויגען א ווילע און פאלגיעווסקי האט ווייטער אנגעהויבען צו פערציילען:

— איין מאל האט אונז דאס ווייבעל פערפעהלט. זי איז א גאנצען טאג אין פענסטער נישט געשטאנגען.

„זי מוז קראנק זיין", האבען מיר געטראכט.

פארנאכט קומט אריין דער מאנן, דאס געלעניש, און פרעגט אויף א רפואה.

— וואס פאר א רפואה?

— איך ווייס? — מאכט ער, — א רפואה!

— פאר וועמע׳ס וועגען?

— דאס דארפט איהר אויך צו וויססען? פאר מיין ווייבס וועגען!

— וואס איז איהר?

— אסור, אויב איך ווייס... זי זאגט — דאס הארץ טהוט איהר וועה...

אזויערנאך, פערציילט פאלניעווסקי, איז געווארען אונזער ערשטע בעקאנטשאפט. איך וועלל דיר נישט לאנג ברייען... א שטיקל דאקטאר בין איך דאך... בין איך אהין געגאנגען...

פאלניעווסקי האט גערעדט שוין האלבעווערטער; ער זוכט פאפיראסען, דער אך שוועבעלעך, ענדליך האט ער אבגעהאקט, געאפענט דען סאקוואיאזש, און געפארעט זיך עטליכע מינוט.

איבער דער צייט האבען מיך געקוועהלט פערשיעדנע געדאנקען.

איך האב אנגעהויבען צוריק צו קוקען אויף פאלניעווסקי מיט אנדערע אויגען; זיין ערצעהלונג האט מיר אנגעהויבען וועה טהון...

ווער קען א מענש? ווער ווייסט, וואס אין איהם שטעקט? עס הייבט זיך מיר אן דאכטען, אז איך האב פאר מיר א קריסטליכען טחויר, וואס גנביט זיך אריין אין יודישע היהנער־שטייג. ער עמפארט זיך צו פיעל איבערן מזל פון יודישע טאכטער, צו לאנג זוכט ער מיר שוועבעלעך: עפיס שאמט ער זיך פאר מיר! פאר וואס וויל ער נישט

„לאַנג בּרייען"? פאַר וואָס וויל ער מיר נישט דערציילען אַלץ בּהויה, מיט אַללע פּרטים? ווער ווייסט וואָס פאַר אַ ראָללע ער האָט אין דער זאַך געשפּיעלט! צו נישט די אַלטע ראָללע פון שלאַנג אין גן עדן! וואָס איז, דאָס געוויססען וועט נישט לאָזען? אויך מיר איין עסק! אַ יודיש ווייבּעל, פאַר וואָס נישט! אמאָל איז אַ מצוה געוועזען אָבּ צו טויפען, היינט האָטש צו עמפּאָרען אַ יודישע טאָכטער געגען איהר גאָטט, איהרע עלטערן, איהר מאַנן, און — איהר גאַנץ לעבּען!

עס הייסט ליבּעראַליזם, אריין געהן אין תּפיסה, בּרענגען מיט זיך אַ פרישע פאַליע לופט, אַ בּינד שטראַהלען פון דער זונן, אויפוועקען דען אַרעס־טאַנט, געבּען איהם אַ שטיקעל לעקעך, און פערשווינדען ווערען .. נישט צו זעהען ווי דער אַרעסטאַנט קריצט מיט די ציין, ווען עס דרעהט צוריק איבּער דער פער־ראָסטעטער שליעסעל אין שלאָס; ווי פינסטער עס ווערט זיין פּנים, ווי ענג איהם ווערט די לופט, ווי ספּאַזמאַטיש ער אַטהעמט, ווי ער רייסט פון זיך האָהר און פלייש, אָדער בּעגיעסט, אויבּ ער קאָנן נאָך וויינען, מיט בּיטערע טרעהרען זיין פערשימעלט, פון מייז אויסגעבּיססען שטיקעל קלייענבּרויט...

אויפוועקען אַ פינסטער, פערשלאָפען, פערדריקט יודיש־ווייבּעריש האַרץ, זאָלל דאָרטען אויפקלינגען אַ זיעסער ראָמאַנטישער טאָן, זאָלל דאָרטען אויפפלאַמען אַ נייַ, ווילד, אונבּעקאַנט, אָדער לאַנג פערגעססען, געפיהל; אָבקושען זיך, און דערנאָך — אַדיע! פערהאַמערט די טהיר! זאָלל איהר זויער און בּיטטער זיין דאָס לעבּען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיר האָבּען זיך אַזוי פולל אָנגעגעססען מיט סם, מיט גאַלל, מיט האַסס, אַז ווען מען דערלאַנגט אונז בּרויט מיט זאַלץ, זעננען מיר אויך זיכער, אַז עס איז פער־גיפטעט... מאָג די האַנד ציטטערן פאַר רחמנות, מאָג אין אויג העגען אַ מיט־ליידס־טרעהר, אויף די ליפּפּען — טרייסט...

עס איז שווער צו גלויבּען! מיר זעננען אויך אָנגעשטעקט, עס איז אויף אונז זויך איין אונטערגאַנג!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פּאָלניעווסקי האָט דערווייל געפוננען זיינע צינדהאָלצער און איך האָבּ אונ־גערן גענומען אַ פּאַפּיראָס. מיר האָבּען פעררייכערט. די בּויד איז פולל געוואָרען מיט בּלאָהע, רוהיגע ראָדער. איך האָבּ געקוקט אויף זיי, נאָכגעיאָגט און געטראַכט ・ נישט לאָנגער געדויערט דאָס גוטע מיט'ן שלעכטען צוזאַממען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— מיר האָבען זיך דערקענט, פערצעהלט ווייטער מיין קריסטליכער שכן, נור צו ענגערע פריינדשאַפט איז נישט געקוממען...

— פאַר וואָס? פראַג איך איבערראַשט.

— פון דער ווייטענס האָבען מיר זיך ווייטער אָנגעקוקט ווי די בעסטע גוטע פריינד, נור נישט זי האָט געקאָנט צו אונז, נישט מיר צו איהר קוממען.

— זי וואָלט מעהר ניט בעדאַרפט! עס איז איין אונגעהייער פרום שטעדטיל. אויסער דעם פעלשער און א יונג דאַמען שניידעריל טראָגען אַללע חאַלאַטען...

אויסער דעם, ווייס איך אָפּשר אַלליין נישט, וואָס עס האָט אונז דאָך צוריק געהאַלטען... נור נישט אין דעם בין איך אויסען...

מיך האָט דערווייל געטראָפען דאָס גרעסטע אונגליק, וואָס א מענש קאָנן טרעפען.

די אַפּאָטהעק האָט גאַנץ וועניג איינגעטראָגען, און מיין ווייב האָט אָנגעהויבען קראַנקען.

טאָגטעגליך האָב איך געזעהען בחוש, אז זי שטאַרבט מיר אָב, און עס איז נישט געוועזען מיט וואָס צו רעטטען. זי האָט בעדאַרפט איטאַליען, און איך האָב נישט געהאַט איהר עססען צו געבען... און ביי'ן איין אָבצאָהרינג, ווי דו ווייסט, איז דער קראַנקער פולל מיט האָפנונג, ער גלייבט נישט אין דער קראַנק!

דאָס גאַנצע ווייטיג, דען גאַנצען צער מוזט דו אונטערדריקען, האַלטען טיעף בעגראָבען אין האַרץ. ווען דאָס האַרץ בלוטיגט, מוזט דו שמייכלען, דיין שטערן מוז זיין גליאַט! יעדע סעקונדא שטאַרבט אין דיר יעדעס אֵבר, און דו מוזט העלפען פלאָנער מאַכען וואָס עס וועט זיין איבער א יאָהר, ווי אַזוי מען וועט פערגרעסערען דאָס הויז, קויפען א פיאַנע...

דאָס קול האָט זיך איהם פעראַנדערט —

„איך בין נישט אימשטאַנד דיר אַלס צו ערצעהלען, נאָך א מאָל איבער צו לעבען די אַללע פינסטערע צרות... נור מיין אומגליק האָט מיך צוזאַממענגעבראַכט מיט איהר אומגליק. מיר האָבען זיך אַזויערנאָך נאָהנטער דערקענט“...

פון דער ווייטענס האָט זיך געוויזען לוקאָווא.

— אין די איינינע מינוטען, וואָס איך האָב נאָך צייט, קאָנן איך זאָגען, אַז אַזא אומגליקליך מענש ווי דאָס ווייבעל איז געוועזען, און דערביי מיט אַזוי פיעל געפיהל אין רחמנות פאַר אַנדערע — האָב איך נאָך אין מיין לעבען נישט געזעהען... און אַלס אַזוי איינפאַך, נאַטירליך נישט, איבערגעטריבען...

זי האָט מאַריא'ס בעט נישט אָבגעטרעטען, זי האָט געפועלט ביים מאַנן, ער זאָלל מיר געלד שאַפען אויף קלענערע פראָצענט. זי איז אונזער וואָכטערין, אונזער ווירטהין, אונזער קאָכין, אונזער ערגעבענסטער פריינד געוועזען!

און אַז מאַריאַ איז געשטאָרבען, איז אַ שׂר שווערער געוועזען זי צו טרייסטען ווי מיך!

דעמאָלט האָב איך מיך איבערצייגט, אַז די שׂנאָה צווישען פֿעלקער איז נ י ש ט נאַטירליך... נישט מעהר, עס איז שלעכט אויף דער וועלט; הייסערע, בלוטיגערע אָדער אונגליקליכערע ווילדען פּראָטעסטיערען, נור דער פֿאַלשער שרייבער, דער פּאָליטישער אַדוואָקאַט, שרייבט זיי אַ דאָנאָס אויף יודען...

איך האָב געזעהען בחוש, אַז יודען זעננען אונז קיין שונאים נישט, אַז מיר קאָננען לעבען בשלום!...

לוקאָווא רוקט זיך אַלס נאָהנטער און נאָהנטער, און איך האָב אַלס מורא פֿאַר'ן סוף, איך האַק איהם איבער און פֿרעג:

— און וואָס איז דער סוף געוועזען מיט דעם ווייבעל?

— איך ווייס? איך האָב צו קבורה גבּרענגט מיין ווייב, פֿערקויפֿט די אַפּאָטהעק, צעזוויינט זיך ביי'ם געזעגענען מיט מיין שכנה, און — גאָר נישט! היינט וואָהן איך אין לוקאָווא, עס געהט מיר היינט אויך נישט גוט...

— און זאָג נאָר, ווי הייסט דאָס שטאָדטיל, וואו דו האָסט פֿריהר געוואהנט?

— קאָנסקאָ־וואָלאַ —

— דיין שכנה איז אַ הויכע, אַ בלאַססע?...

— יאָ!

— אַ דאַרע?

— יאָ; דו קענסט זי? פֿרעגט ער דערפֿרייט.

— זי האָט אַ פֿעפֿער אויף דער לינקער זייט נאָז?

— וואָס פֿאַר אַ פֿעפֿער? לאַכט יאַנעק, וואָס פֿאַלט דיר איין?

איך קלער, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט און פֿרעג:

— אפשר אויף דער ר ע כ ט ע ר זייט נאָז?

— וואָס פֿאַר אַ פֿעפֿער? וואָס רעדסט דו?

— האָסט דו אפשר נישט בעמערקט... נור איהר מאַנן איז אַ געעלער?

— יאָ.

— ער הייסט חיים?

— דאַכט זיך מיר, ניין, און אפשר יאָ, ווייסט דער טייוועל...

— אָבער זי הייסט חנה!

— אַח, ווי! שׂרה! איך געדענק זיכער שׂרה... איך פֿלעג זי רופען סאָרוכנאַ... איהר נאָמען וועל איך דאָך נישט פֿערגעססען!

דער נאַרר בין א י ך געווען, א י י ן יודיש ווייבעל לעבט ...זוי?



# האלט ס׳מויל.

(פאנטאזיע).

דער הימעל איז בעדעקט מיט א בלייערן־גראהען וואלקען. דער ווינד בלאזט און שאקעלט מיט די בלויזע ביימער. איבער דער ערד איז שוין דורכגעגאנ־ די שארפע קאסע און איבער געלאזט נור עטליכע דארנער. די ערד איז גאהל און וויסט... דער קאלטער ווינטער געהט!

ערשט דעמאלט האט זיך מישב געוועזען א רויז, און האט אנגעהויבען צרוים שפראצען איינע אליין אויף א קרזיאק, אויפ׳ן פרייען פעלד!

— און שארלאך־רויט איז זי געוועזען, געציטטערט און געצאפעלט שוין פאר קאלט. זי האט מיט אללע כחות אויסגעצויגען איהרע לאנגע, שוואכע בלאטלעך צו חאפען נאך א ווארעמען, נאך א ליכטיגען שטראהל.

אומזיסט! צו שפעט!

ערגעץ אנדערש איז צונד זוממער! ערגעץ אנדערש ערוואכט ערשט דאס נייע לעבען; נייע האפנונגען, נייע פרייד, נייע לוסט! ערגעץ אנדערש בליהען נייע, פרישע רויזען — אבער דא, דא מוז אלץ שטארבען...

דער ווינטער, דער מלאך המות געהט! זיין אטהעם איז פראסט, זיין הויך איז שניי...

— „אח גאטט — וויינט די רויז — האב רחמנות אויף מיר! איך בין אזוי יונג, איך וויל אזוי לעבען! פאר וואס בעהאלט זיך פאר מיר די זונן? פאר וואס זאלל מיך פאר דער צייט אונטערשניידען דער פראסט, פערשיטטען דער שניי? וואס בין איך שולדיג, אז איך בין צו שפעט געראפען, צו שפאט געקוממען? פאר וואס זאלל איך שטארבען גאר אום געלעבט? פאר וואס זאלל איך אוועק געהן פון דיין וועלט אהן א שטראהל פון דער זונן, אהן א ווארימע, גוטע רגע?"

— „האלט ס׳מויל!" — האט א פייף געגעבען דער בייזער ווינד, און האט פערשיט די וויינענדיגע בלום מיט שטויב און פוילע בלאטטער...

לעבענדיגער־הייט האט ער זי בעגראבען! —



# מֶענְדִיל בְּרַיינֶעס.

מענדיל בריינעס (קיין פאמיליען נאמען איז נאך דעמאלט נישט געוועזען), איז געווען א יושב אהל, דאס הייסט: א שטיק שאנער יוד: קיין גרויסער למדן נישט, נור — תהלים פאר'ן דאווענען, עין־יעקב נאכ'ן דאווענען, און ביי נאכט — א פרק משניות. — ער פלעגט גאנץ אפט אהיים נעמען איין אורח, יעדען פריה מארגען צריין ווארפען מאיר בעל הנס, האלטען מפטיר יונה, האבען א גרויס חלק אין דער קאנסארציע פון פתיחות, און דערצו פלעגט ער גליאט זיין א מתעסק במצוות: א מגיד איז געקומען, מען דארף ארומגעהן צוזאמענעמען פאר ארימעלייט, אויף מצות, אויף האלץ און קארטאפעל; מען דארף ערובין, עמיצען איין אהל שטעללען וכדומה — טהוט ר' מענדיל בריינעס אן די בריטע תבונה, נעמט דען גראבען שטעקקען מיט דער מעשענער גאלקע און געהט מיט'ן רב, מיט'ן דאזארצע אדער אזוי מיט א שאנעם בעל־בית. ער האלט זיך פאר א מצוה אלליין צו טראגען די פושקע, האטשי הינטען געהט נאך דער שמש.

ווינטער האט ער קיין מינוט צייט נישט געהאט: תהלים זאגען, דאווענען, עין־יעקב לערנען, אנבייסען, א נדבה מאכען, מנחה־מעריב, א פרק משניות און וויעציערע — און קריאת־שמע ליינען, שלאפען, חצות, וויטער שלאפען... עס איז איהם פון טאג קיין מאהל קיין רעשט נישט געבליבען. פאר דאס זוממער־צייט פלעגט איהם בלייבען א נאכ=ווארעמים, א גרויסער נאכ=ווארעמים, ער פלעגט איהן אויך פערברענגען אין בית־המדרש, נור רעדען שוין פון וועלט זאכען, פון נייע המצאות, פון פאליטיק...

מענדיל בריינעס איז נישט קלוג. אין חדר פלעגט מען איהם רופען מענדיל שוטה; אז ער האט חתונה געהאט, איז די אפיניע ווייכער געווארען און ער פלעגט שוין הייסען: „מענדיל תם". ערשט דערנאך, אז ער איז אראב פון קאסט, געווארען א בעל־בית פאר זיך, און בריינע, זיין ווייב, האט זיך געמאכט א שפייז=געוועלב און געלייזט „שטיקער גאלד" — האט מען איהם געקריינט אויף „מענדיל בריינעס". און ווייל מענדיל בריינעס איז קיינעם אין וועג אריין נישט געגאנגען, קיינעם א שלעכט ווארט נישט געזאגט, און בית־המדרש און קהל האט געהאט פון איהם, האט קיינער נישט דערמאנט וואס א מאל איז געוועזען, האט קיינער הויך נישט געלאכט, אז ער פלעגט צווישען אללע פינף ווערטער זאגען: אבער צוואר איך בין קיין נארר נישט? א=יא איך בין קלוג?

— אמת, איך בין קיין נאַרר נישט? זאָגט אַמאָל ר' מענדילע, און פון דעסטוועגען פערשטיי איך נישט, ווי אַזוי מען אַרבייט אויס אַזא דינן און געלעבערט שטרוי אין די שעניקעס אריין! איך האָב אַמישנע אַרויסגעשלעפּט אַודאי פערציג שטרוי, איינס נאָכ'ן אַנדערן, אַללע זיַינען הויל, — אַללע חלולים, חלולים. איך האָב געוואָלט פראַגען מיין ברייגען, זי איז שוין אָבער געווען אין געוועלב.

און איידער עמיץ האָט צייט געהאַט צו לאַכען, האָט ער זיך שוין אַלליין געענטפערט:

— דאָס שטרוי מוזען אודאי די פויערען ברענגען פון ענגעללאַנד!

פון ענגעללאַנד האָט מענדיל ברייגעס אַ סך געהערט און געהאַלטען טאַקי עולם ומלאה.

עס איז געוועזען נאָך דער סעוואַסטאָפּאָלער קריעג; דאָס גאַנצע בית־המדרש האָט נאָך געקלונגען מיט ענגלישע המצאות. די מעשות האָבען פערציילט אוסגעדיענטע זעלנער, וואָס האָבען עס אַלליין געזעהען, מיט אייגענע אויגען.

טאַקי גבורות הבורא, דערציילט נאָך אַ בית־המדרש בעל הבית: למשל איין הארמאַט! וואָס טויג, רבותים, איין הארמאַט? די הארמאַט שיעסט אויס אַ קויל; נו וואָס איז? דאַרף מען דאָך ערשט פועל'ן, אַז דער שונא זאָלל וועללען שטעהן אונטע'רן חלול! און דער שונא איז דוקא גאָר קיין נאַרר נישט, ער לאָזט זיך נישט אָנרעדען גו'ן אַזוינע זאַכען. אַמאָל נאַרט ער גאָר אָב: ער שטעט, דו שיעסט און ער גנבית זיך אַוועק! עס האָט געהאַלטען ביי כלה כל הקיצין! די ממזרים, די ענגעללענדער, האָבען דאָך אָבער געהערט די מעשה פון צפרדע של מצרים, האָבען זיי זי נאָך געמאַכט! זיי האָבען ממציא געווען אַזא גרויסע הארמאַט, וואָס שיסט אַרוים פון זיך, נישט קוילען, נור גאַנצע הארמאַטען, און יערע פון די האַר־מאַטען, אַז זי פאַלט אַראָב, גיט זי אַ טראַסק אין דער ערד, צו פּלאַצט, און עס שפּרינגען פון איהר אַרוים צעהן נייע הארמאַטען, און די הארמאַטען ערשט שיסען מיט קאָהלען!! נו געה היעט דיך פאַר דעם! צונד קאָנט איהר פערשטעהן וואָס פאַר אַ מין שחיטה דאָס האָט אָנגעמאַכט!

און איהר מיינט כשוף? חלילה, אַ פּראָסטע ספּרענזינע!

און אַז מען האָט געפרעגט: פאַר וואָס נאָך דער קריעג האָט זיך מלכות־רוסיא ניט נאָכגעמאַכט אַזוינע הארמאַטען, האָט מען געוואוסט צו ענטפערן, אַז באַלד נאָך דער מלחמה זעננען זיך די מלכות'ן צוזאַממען געגאַנגען, און, כדי מען זאָלל נישט חרוב מאַכען די וועלט, האָט מען געמאַכט מיט „זייער בחרם", אַז מען זאָלל שוין מעהר נישט שיעסען נישט מיט פלאַכטעס קאָבעדיגער הירזש און נישט מיט אַזוינע הארמאַטען.

פון דעמעלט אָן האָט מענדיל ברייגעס געהאַלטען עולם ומלואה פון ענגעללאַנד,

און וואָס ער האָט עפּיס געזעהן, און זיין שׂכל האָט נישט געקאָנט משיג זיין, איז אַלץ געװען פֿון ענגעללאַנד. אַז דער זייגער קומט אַרויס פֿון ענגעללאַנד, פֿון דעם איז נישט געװעזען וואָס צו קלעהרען, נור די ערשטע ספּרענזינע האָט אויך געמוסט מאַכען אַ ענגלישער שמיעד! און ער האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות פֿון ענגעל-לאַנד, פֿון איהרע חכמים, פֿון איהרע קאָוואַלעס:

— זיי מוזען דאָרט זיין שיינע חכמים!

מענדיל ברײנעס וואָלט געוואָלט לעבען אין ענגעללאַנד, נור שטאַרבען, איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אין ארץ ישראל. ערשטענס פֿאַר פֿרומקייט, צווייטענס גלאַט, ער האָט בטבע זייער ליעב געהאַט מנוחה, און ווען ער פֿלעגט זיך דערמאָנען אין גלגול מחילות, האָט ער אויף דריי טאָג פֿערלוירען דען אַפּעטיט. און ווייל ער האָט פֿאָרט נישט אויפֿגעהערט צו עססען, האָט ער געהאַט זעקס טאָג בויכווייטיג! מחיה האָט ער זיך געװען, אַז ער איז געוואָהר געוואָרען פֿון אַ זיכערן מענש, אַז ארץ ישראל איז ווייטער ווי ענגעללאַנד.

— גוט, טראַכט ער. און קלערט שוין פֿון דעמעלט אָן אויפֿ'ן רעכטען אמת צו פֿאָהרען קיין ארץ ישראל, וואָרען „דער וועג מוז דאָך געהן דורך ענגעללאַנד!"

ער וואָלט שוין לאַנג פֿערקויפֿט דאָס געוועלבעל מיט'ן כלי-בית און געפֿאָהרען, ווען נישט — ברײנע.

ברײנע האָט גאַנץ עהרליך געהאַלטען איהר מענדילען. זי האָט זיך געוווּנשען צו זיין זיין פֿיססבענקעלע אין גן-עדן; זי האָט איהן געקאָכעלט און געשטאָפּט: געאַרבייט ווי איין אייזעל, מפרנס צו זיין און צו שוכען, און צו קליידען מענ-דעלען מיט די 4 קינד'ער: דריי מיידליך און איין יונגעל. איהר גאַנצער עולם הזה איז געװעזען, אַז זי האָט געזעהן פֿון געוועלב אַרויס איהר מענדילען געהן מיט דער צדקה-פּושקע אין דער לינקער און מיט'ן שטעקקען מיט דער מעשענער סקיפּקע אין דער רעכטער האַנד! זי האָט פֿערקויפֿט בחצי חנם איהר שטאָדט אין עזרת נשים, ווייל די פֿענסטער געהען אין שוהל אַריין, און בעצאָהלט „ממון קרח" פֿאַר אַ שטאָדט נעבען בית-המדרש פֿענסטער, זי זאָלל זעהן ווי מענדילע איז עולה תורה און מאַכט די זיסע ברכה. עס האָט איהר געקוואָללען דאָס הארץ, ווען מענדילע האָט אונטער געזאָגט דעם חזן, „האשה ברײנע בת מורנו...און מנדר געװען פֿאַר איהר געזונד ח"י פּעמים ח"י; זי איז געװען גליקליך, אַז זי פֿלעגט שבת און יום-טוב געהן מיט איהם דאַווענען צוזאַמען; און אַז זיי האָבען זיך צושיידט ביי די צווייערליי טרעפּף, פֿלעגט זי בלייבען שטעהן אויפֿ'ן ערשטען שטאַפּעל און איבער דרייען זיך און זעהן ווי איהר מענדילע הייבט די פּיסלעך אויף די מאָננערישע טרעפּף. נאָכ'ן דאַווענען האָט זי איהם אָבגעוואָרט ביי דער שוועל, און אַז זי האָט איהן דערזעהן, און זי

האָט דערהערט זיין „גוט שבת", איז זי רויט געוואָרען, גלייך זי וואָלט ערשט פֿון אונטער דער חופּה אַפּער. פֿון דעכטוועגען האָט זי געוואוסט, אַז מענדילע איז נישט קלוג אין די „וועלט נאַרעשקייטען", אַז ער איז גור אַ חכם אין די קליינע אותיות, אַ מוח אין בית־המדרש, אָבער אַזוי, אין עולם הזה זאַכען, גאַר לא!... דאָס איז שוין איהר זאַך!

— ניין, מענדילע, — זאָגט זי איהם געלאַססען, — מען פֿאָהרט נישט אַזוי. מען פֿער־קויפֿט נישט קיין מחיה! אפשר שפּעטער, אַז מיר וועללן חתונה מאַכען אַללע קינדער, אָבגעבען קאָסט, דערלעבען חאָטש איין איניקיל, און אפשר אין אור־איניקיל, דעמעלט, זעהסט דו, מהיכי תיתי, איבערגעבען די קינדער די מחיה...

און מענדיל האָט געוואוסט, אַז ברײנע איז אין וועלט זאַכען אַ „ווילדע חכמה" און האָט געוואוּסט! וואָרען נאָך ירושלים און ענגעללאַנד, איז איהם ברײנע געווען פֿערבאַקען אין האַרץ.

ער האָט דערווייל נישט אַללע קינדער חתונה געמאַכט, און ער קומט איין מאָל אַהיים זעהר טרויעריג:

— זעהסט דו ברײנע, מאַכט ער, אַ פּאָוויעסטקע צו'ם בית־דין של מעלה! ער ווייזט איהר אַ גראָהע האָאר אין דער באָרד.

ברײנע טרייסט איהן:

— רעד נישט קיין נאַרישקייטען, מענדילע, דו ביסט נישט קלאָר אין אַזעלכע זאַכען... מיין טאַטע, עליו השלום, איז גראָה געוואָרען צו 50 יאָהר, און דיר צו לענגערע יאָהר...

— און אונז צו לענגערע יאָהר, פֿערבעססערט מענדיל.

— און אונז צו לענגערע יאָהר האָט ער נאָך געלעבט אַ ודאי אַ יאָהר דרייסיג!

— היינט אָבער שוואַכע דורות, נישט די פֿערצייטיגע כּוחות! זאָגט מענדילע און לאָזט אַראָב די אויגען.

ברײנע האָט איהם אויסגערעדט דאָס עגמת נפש און איהן אָנגעהויבען בעססער צו קאָכלען: נעמט ביים קצב נאָך אַ האַלב פֿונט פֿלייש צום וואַרמעס...

— איי, ברײנטשע, זאָגט דער קצב, איהר האָט אַ ודאי מחותּנים צום טיש, זאָלל איך זיין צו מזל!

— ניין, אָנטפֿערט ברײנע... היינטיגע שוואַכע דורות...

און ביים עססען לעגט זי אַללע מאָל צו מענדילען נאָך אַ שטיקקעל, נאָך אַ פּיצעל... „עסס דאָס, דאָס איז טאַקי אַ מחיה", און האָט קוקענדיג אויף מענדילען אין זיננען געהאַט: זאָלל איהם זיין צו געזונד... היינטיגע שוואַכע דורות!...

זי האָט מיקלאָמפּערשט „געחאַפּט אַ זעממעל אין געוועלב, געוואַשען זיך ביי

דער שכנה", אַמאָל — האָט איהר אַ קרובה געקאָכט אַ נייע מאָדע קילישע און איהר געברענגט אַ פּאָר לאָפּעל צו פֿערזוכען; אַמאָל איז זי געוועזען אויף אַ ברית, חאָטש זי האָט פֿערגעססען ווי די יולדת הייסט, — אבי זי איז נישט הונגעריג געוועזען ביים עססען און נור געבעטען זיך:

— עסס, מענדילע, עסס, וואָס גלייבסט דו דיך צו מיר? תורה תּתּיש כח!

— מתּיש כח, מיינסט דו בריינע.

— זאָלל זיין מתיש כח... אָדער ווי אין פּרק שטייט: אם אין תורה אין קמח, אז מען לערנט, מוז מען עססען!

מענדעל שמייכעלט אויפ'ן נייעם גרייז.

— אָבער איך, וואָס טוה איך? איך גיי אַ גאַנצע טאָג ליידיג, אָדער זיץ איבערן פייער-טאָפּף. קומט אַריין אַקונה מעסט איך אָב אַ קוואָרט באָבעלעך, צו קאָשע, צו מעהל, נישט — נישט! דעריבער דאַרף איך וועניגער עססען.

און מענדיל גלייבט אין דער געהאַפּטער זעממעל, אין דער קילישע, אינ'ם ברית, חאָטש ער האָט תחנון געזאָגט. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַוודאי ביי איין מנין... ער דאַרף טאַקי — גלייבט ער — מעהר עססען, אַ קיטאָעם — יעדען טאָג צוויי יום תהלים, אַ פּרק משניות, עטליכע בלאַט עין יעקב, היינט'זשע — דאַוונען, פישקע טראָגען, שטעקען שלעפּען, ער ווייסט?!...

און ער איז שטאַרק צופֿריעדען, וואָס זיין כשר'ע בריינע האָט אַזא רוהיג לעבען, וואָס זי זיצט ליידיג אין געוועלבעל איבערן פייער-טאָפּף, פערלייגט די הענד און וואַרט אויפ'ן קונה, קומט ער — קומט ער; נישט — נישט! זייער גל'ייך! זאָלל זי חאָטש נישט אַזוי פיעל ארבייטען ווי ער, זאָלל זי זיך חאָטש אויסרוהען די ביינער. און מענדילע שטאָפּט אין זיך אַריין וואָס אַמאָל מעהר, אַבי ער זאָלל האָבען כח מאריך ימים צו זיין, ער זאָלל דערלעבען צו זעהן ענגעללאַנד און צו שטאַרבען דערנאָך אין ירושלים.

אַחוץ פון בריינען האָט מענדילע נאָך נחת פון קינדער: איין עלטערען זוהן האָט ער חתונה געמאַכט אין דער פרעמד. ער עסט שוין קאָסט ביים שווער! געלויבט איז גאָטט, זייט ער האָט חתונה געהאַט איז נאָך פון איהם קיין בריף נישט געוועזען, אַ סימן עס געהט איהם גוט, אַז ער איז בקו הבריאה. ווער עס קומט צו פֿאָהרען, ברענגט אַ גרוס... נאָך איהם געהט אַ חתן-בחור — אַ חדר יונגעל. בריינע בעשטעלט מלמדים, צאָהלט שכר-למוד, זעהט — ער זאָלל לערנען מיט זיינם גלייכען. ער פֿאַר דאָס פֿערהאָרט איהן אַללע שבת... נור פֿאַר'ן עססען האָט מענדילע פיינט צו פֿערהאָרען. נאָכ'ן עססען איז בעססער, מעהר רחוות. דעריבער דרימעלט ער טאַקי באַלד איין, און חאַפּט זיך ערשט אויף ביי'ם מלמד'ם לחיים, גיט דעם זוהן אַ קניפּף אין בעקקעל און שוין!

ער האָט נאָך דריי טאָכטער, יונגע קינדער, צייכען מיידלעך, נור וואָהלע קינדער אַללע. דרך־ארץ־דיגע קינדער, שטיללע קינדער. שטאָנדיג ריינע, אָבגע־וואַשענע, אַ מחיה!... ער זעהט אפילו נישט, ווען מען וואַשט זיי ווען מען קאָמט זיי, ווען ברײנע לאַטעט און פֿערריכט! ער קאָנן כמעט נישט פֿערשטעהן, ווי אַזוי דאָס ווערד קלוג און פֿיין געבוירען!...

— טאַקי מיינע קינדער! טראַכט ער זיך מיט גאוה, אין מיר אַריין גע־ראָטהען! ער דאַנקט און לויבט זיין ליעבען נאָמען דערפֿאַר, וואָס ברײנע האָט אַזא רוהיג לעבען, נישט ווי אַנדערע מאַמעס, וואָס די קינדער דרעהען איהר נישט אָב דען קאָפּף! און ווי די קינדער פֿאָלגען! ער הייסט זיך, למשל: ברענגען אַ טרונק וואַסער (ברײנע הייט אַ טבע אַלץ וואָס ער זאָגט, איבער צו זאָגען) און קוים חזר'ט זי איבער: ברענג דעם טאַטען וואַססער, לויפֿט דאָס קינד שוין און ברענגט; אַ מחיה אַזוינע קינדער! ער קומט אין שטוב אַריין און ברײנע זאָגט נור: דער טאַטע געהט — איז שוין שטילל!

געלויבט איז גאָט מען רעדט שוין דעם צווייטען זוהן אַ שדוך, און אַ גוטען שדוך. ברײנע וויל טאַקי פֿאָהרען אָנקוקען די כלה. חגאות צייט וועט זי עס טהון, אַזוי האָט זי איהם געזאָגט. און ווייל ער איז געוואָהר געוואָרען, אַז צום מחותן פֿאָהרט מען נישט דורך ענגעללאַנד, איז ער איהר מוחל דעם כבוד, זאָלל זי זיך אַ ביסעל איבער פֿאָהרען. פֿאַר וואָס נישט? זי פֿאָהרט אין גאַנצען פֿיער מאָל אין יאָהר נאָך סחורה, אויך קומט זי צוריק מיעד און מאַטט פֿון לויפֿען, בעקו־קען, דינגען... זאָלל זי איין מאָל חאָטש פֿאָהרען און קוממען מיט נחת, זאָלל די וועלט זעהן, וואָס פֿאַר אַ ווייב ער האָט! ער אַלליין וועט זיך ווייזען אויף די תנאים! אפילו ביי דער חופה איז אויך גענוג! דען ערשטען זוהנ'ס כלה האָט זי אויך אָנגעקוקט; זי איז שוין מזל'דיג צו'ן אַזעלכע זאַכען... ער וועט זיך נאָך גענוג אָנפֿאָהרען...

עס זעננען ווייטער אַוועק געגאַנגען אַ פֿאַר יאָהר. אַז גאָט בענשט, בענשט ער מיט אַללעם, אפילו מיט מנוחה — דער צווייטער זוהן האָט אויך חתונה געהאַט, און גוט חתונה געהאַט, ער עסט שוין אויך קאָסט.

מענדילע האָט אפילו גאַנץ וועניג געוואוסט ווער און וואָס; עס איז איהם איבערגעגאנגען כמעט ווי אין אַ חלום. ער האָט אפילו קיין איינציגען טאָג קיין יום־תהלים נישט פֿערפֿעהלט... עס האָט איהם דער קאָפּף נישט וועה געטהון, אויסער אין דער פֿריה, נאָך דער גרויסער נאַכט, פֿון וועניגער שלאָפֿען!

און מענדילע פֿרייד זיך. — נאָך אין גאַנצען דריי מיידלעך חתונה צו מאַכען, (ביי ברײנען געהט עס געשווינד) און דער נאָך: שוין! איבערגעבען די מתיה,

גערונגען אַ ברייטען וואָגען, מען זאָלל זיך קאָננען אויסציהען, אָנגעפּאַקען מיט ענגליש שטרוי אונ וויאָ!

נור עפּיס פֿיהלט ער, אַז די פֿיס זעננען איהם נישט בקו הבריאה, אַז פֿון אַ קורצע צייט איז איהם דער אָטהעם שווער. נור ברײנע לאָזט איהם נישט צו קיין עגמת נפש, זי טרייסט איהן אונ קאָכעלט איהן אללע מאָל מעהר; זי איז איהן מבטיח, אַז ער וועט נאָך אַלץ דערלעבען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינמאָל זיצט ער אין בית־המדרש ביי'ם עין יעקב אונ דערהאָרט אַ געשריי; עס דאַכט זיך איהם — זיין טאָכטער, נור ניין, ווי קומט זי אויפ'ן שוהל־הויף? אונ אַ כלה מיירעל וויינט נישט, בכלל זיין טאָכטער וויינט נישט... עפּיס לויפֿט מען אויף די טרעפּ, מען שרייט: טאַטע! טאַטע! פֿאָרט איהר קול; עס איז אָבער דאָך נישט מעגליך!

ער וויל איבערקלערען, נעמט אַרויס אַ שמעק טאַבאַק, נור איידער ער האָט איהן אריין געזעצט אין די נאָזלאָכער, האָט איהן שוין די טאָכטער געריססען ביי די לאַצעס:

— טאַטע! די מאַמע איז אַוועק געפֿאַללען, געוואַלד!

אונ איידער ר' מענדילע איז צו זיך געקוממען אונ אהיים געלאָפֿען, איז שוין ברײנע געלעגען טויטע!

אין איין טאָג איז מענדילע באמת גרייז־גראָה געוואָרען, דער אָטהעם טאַקי שווער אונ די פֿיס טאַקי געשוואָללען... ער האָט זיך נישט גערעכט, אַז ברײנע זאָלל איהן נישט איבער לעבען!... ביי'ן אַזאַ מאַנן, ביי'ן אַזוינע קינדער, ביי'ן אַזאַ וואויל־טאָג!...

אונ ברײנע, אַזוי ווי מען האָט זי נישט אַרויס געזעהען ביים לעבען, האָט מען זי קוים אָנגעזעהען אויף דער מטה... אַזאַ דאַרעניש...!



# בשעת מגפה.

## 1.

## דאָס שטעדטיל שרעקט זיך.

— „זי געהט! אוי, זי איז שוין נישט ווייט! אַרום אין די דערפער איז סכנות נפשות! רבונו של עולם! וואָס טהוט מען?“. אַל תפתח פה לשטן: דעם נאָמען פון דער מגפה טאָר מען נישט ברענגען איבער די ליפּפּען, נור די שרעק לעגט זיך יעדען ווי אַ שטיין אויפ'ן האַרץ:

אין עס קוממען אַללע טאָג אַרגערע ידיעות. אין אַפּטע איז אַ וואַססערטראָגער געפאַללען מיט די קאַננען אין מיט'ן גאַסס... אין אָסטראָווצע האָט מען צוויי יודען געפאַלמעסט; אין בראַטקאָוו זיצט אַ דאָקטאָר מיט אַ סטודענט פון ווארשא; ראַחעוו איז אָבגעשלאָססען, מען לאָזט ניט אַרויס און ניט אַריין.

גאַנץ ראַדאָם איז אַרומגענוממען מיט אַ צעפּ פון קאַזאַקען... אין צויזמיר, רחמנא ליצלן, זאָגט מען, פאַללען מענשען ווי פליעגען... אַ שרעק!

דער האַנדעל ווערט שוואַכער, די פרומקייט שטאַרקער; תבואה־סוחרים האָבען זיך מורא צו ריהרען פון אָרט; דער גרויסער יוסיל האָט שוין זיין פערד־און־בודקע פערקויפט — אַ שאָד דער האָבער! די תבואה־מעקלער ציהען אַללע טאָג פעסטער איין די גאַרטלען אויפ'ן ליידיגען מאָגען, און אין די שטיבער ווערט אַללע וואָך מעהר רחבות: מען טראָגט אַרויס יעדען פרייטאָג עפּיס אַנדערש צו פערזעצען אויף שבת! אַ בעל־מלאכה, טהייל מאָל אפילו אַ בעל־הבית, חאַפּט אָפּט איין איבריגען טרונק־בראַנפען, צו מאַכען זיך אַ האַרץ, אויף קוראַזש... פון דעם האָט דאָך אַ שענקער קיין פרנסה נישט! און אַ פויער זעהט מען זעלטען אין שטאָדטיל... פאַר דאָס — האָט דעם רופא'ס ווייב אויסגעטהון דאָס שייטעל און אָנגעטהון אַ האָהר־באַנד; אַ בעהאַלטענער משכיל האָט פערברענט בריש־גלי איין „אהבת ציון“ און גענוממען זיך צום תהלים זאָגען; די דיענסט פון באָדער איז געקוממען צום רב, אַרויסנעמען אַ תשובה, באשר... זי פלעגט אַללע פרייטאָג אַריינקוקען דורך אַ שפּאַרע אין באָד אַריין צו די מאַננער... עפּיס אַ יונגער מאַנן, מען וויל נישט פּורס בשמו זיין, פאַסט שוין אַ גאַנצען חודש און קלערט נאָך אַ פּרוש צו ווערען; גאָטט ווייסט. פאַר וואָס פאַר אַ זינד! טהייל שניידער טראָגען אָב דעם יתור, קצבים גיבען

א גראָסערען צולאָג. איין ירוחם חלפן האלט זיך נאָך נעמט ניט וועניגער פאַר 10 פּראָצענט אַ חודש אויף אַ חרם־קוויטעל, מיט אַ משכון... דאָס איז א הארץ — אַ קיזעל־שטיין!

און די פּנימער זעננען געל און בלאַסס, די ליפּפּען — ברוין־און־בלאָה, די אויגען — קיילעכדיג גרויס, די קאָפּף — אַראָבגעלאָזט... און די גאַסס איז שטילל: צוואָרפּענע, קליינע קופּקעלעך מענשען, מאַננער בעזונדער און ווייבער בעזונדער, שטעהען און סוד'ען זיך אָהן לשון; שאָקלען מיט די קאָפּף, מאַכען מיט די האַנד און הייבען אַללע מאָל אויף די פּייכטע אויגען צום בלייערנען הימעל, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער'ן שטאָדטיל... עס איז שטילל אפילו אין בית המדרש ביי מנחה ומעריב... פאַר דאָס איז פולל די עזרת נשים אפילו צו מנחה ומעריב. אַללע מינוט רייסט זיך אַ יאָממערליך געוויין דורך די אייזערנע גראַטעס פון דער ווייבערישער שוהל ארויס, אַז האָהר און נאָגעל שטעללען זיך ביי די מאַננער קאַפּויר! עס איז יעדע נאַכט כל נדרי; מען באָדט זיך אין טרעהרען.

וואָס טהוט מען? וואָס פאַר איין עצה, וואָס פאַר אַ ראָטה?

אין ווארשא — פערצאָהלט מען, האָט מען טהע־הייזער געאָפּענט פאַר אָרימע לייט, אַ ביללינגע קיך געמאַכט; מען טהיילט — קוילען, קליידער, עססען אומזיסט. אַלץ זייערע מיטטעל... אַלץ נאָכטהון די אומות העולם און אָפשר דעם פּאָליצ־מייסטער צוליעב! דאָ האָט מען אַנדערע צדקות: „מאיר בעל־נס", גוטע יודען... און אפילו וויכטיגע סגולות! באַלד שבת־צו־נאַכטס שטעלט מען אויף די בענשליכט אין די פענסטער... אינטערן שטאָדטיל האָט וואסיל אַ מיהל; מען וועט איהן ביי נאַכט אָוועק „לקחינען" די סטאַווידלעס און בעגראָבען אויפ'ן הייליגען אָרט; מען וועט חתונה מאַכען אַ יתום מיט אַ יתומה; מען וועט איינרייסען שוהלען און קברים. מען וועט אַללעס טהון. נור —— נור די אַללע סגולות זעננען אייביגע זאַכען, און דאָך איז ביי דער ערשטער מגפה, שנת תק"ץ, דער גאַנצער מארק בעוואקסען געוואָרען מיט גראָז און אין מיטטען איז נור אַ פּאָר סציעזקים געוועזען, אויסגעטרע־טען פון דער חברה נושאים.

און אויסער דעם, און נאָך שרעקליכער פאַר דער מגפה, זעננען: די דעזינ־פעקציע, איזאָלאַציע און, רחמנא ליצלן, דאָס פּאַלאַטיסען... אַ מענש לעבט ניט אייביג, שטאַרבט ניט מעהר ווי איין מאָל... נור טוידט און לעבען איז ביים בעל רחמים אין דער האַנד; עס העלפט וויינען, בעטען, תשובה טהון; צדקה איז אַ רפואה... יענס אָבער איז אין גוי'ש'ע האַנד, מען נעמט ארויס דען מארך פון די ביינער, עס קאָסט ממון מיט דמים... און מען פאַלביכט! מען ציששניידט אַ מת, רחמנא ליצלן, אויף פּיצפּיצליך, מען איז מקבר אָהן תכריכים, אין סמאָלע... אין שפּיטאָל ווייטער, סמ'ט מען... מען פערברענט אומשולדיג בעטט־געוואַנט, אָדער מען

מאַכט אַ צעפּ פון קאָזאַקען, האָטש אַללע זאָללען שטאַרבען פון הונגער אָדער איינער זאָלל אויפפרעססען דעם צווייטען... חאַ! מען מוז אָנהייבען טהון, מען קאָן דעם שונא אין שטאָדט ניט אַריין לאָזען!

עס שטעהען שוין בענש-ליכט אין די פענסטער, מען קוקט זיך שוין אום אויף וואַסיל'ס פּיהל, מען רעדט שוין וועגען חתונה-מאַכען אַ יתום מיט אַ יתומה! און די שרעק וואַקסט פון טאָג צו טאָג... מען האָט געהאַפט, אַז די סכנה וועט אַריבער צוזאַממען מיט'ן זוממער, מיט די גרויסע היצען...

עס איז שוין אַלץ אַריבער, עס איז שוין נאָך ימים נוראים... עס איז, ב"ה, נאָך סוכות... די קאָלט נעמט שוין דורך די ביינער, עס ווייזט זיך אָפּט אַ ביסל שניי, און די מגפה רוקט זיך אַלץ נאָהענטער און נאָהענטער! גאָטט זאָלל שומר ומציל זיין!

---

2.

# צוויי שרעקען זיך נישט.

און דאָך זעננען דאָ אין שטאָדטיל צוויי פּערשוין, וואָס שרעקען זיך נישט; נאָך מעהר — זיי האָפען אויף דער מגפה!

די צוויי פּערשוין זעננען: דער יונגער דאָקטאָר סאַוויצקי, אַ קריסט, און, להבדיל, יוסיל דער ישיבה-בחור!

סאַוויצקי איז דריטהאַלבען יאָהר צוריק אַהער געקוממען באַלד נאָך דעם ענדיגען דאָס אוניווערזיטעט... געקוממען איז ער אַ גוטער קריסט, אַ דימאַנט, ממש מחסידי אומות העולם... מען האָט זיך געוואונשען, דער וואָיט זאָלל אַזאַ גוטער זיין; עס האָט אין דעם מענש קיין פּיצעל גאוה נישט געשטעקט; ער האָט זיך גאָר נישט געהאַלטען גרויס; יעדען זיך אָבגעגריסט, אפילו אַ קינד, אפילו אַ יודענע! אַלטע לייט פּלעגט ער אָבטרעטען פון וועג... יודישע פיש האָט ער ליעב געהאַט ווי' דאָס לעבען... און אַללע בעלי-בתים האָבען איהם שטאַרק מכבד געוועזען; מען האָט זיך פאַר איהם גענייגט, אַראָבגענוממען אפילו דאָס גאַנצע היטעל; מען פלעגט איהן שיקען חלה אויף שבת, פערבעטען אָפּט אויף פיש; מען האָט איהן געוואונשען כל-טוב, נור — גענוצט האָט מען איהן נישט... ווער דאַרף דאָ אַ דאָקטאָר? אַ רופא איז ווייניג? און בפרט אַזאַ רופא! ער גיט נור אַ קוק אויפ'ן חולה, ווייסט ער שוין וואָס עס איז איהם... דעריבער איז טאַקי קיין וואונדער נישט, וואָס דער

אַפּאָטהעקער נעמט אָן זיינע רעצעפּטן! מעגליך איז דאָך, אַז איין אַנדערער דאָקטאָר וואָלט גיכער פּראַקטיק געהאַט. עס זאָלל, למשל, אַראָבקוממען איין אַלטער דאָקטאָר, איין אָנגעזאַפּטער, מיט גרויסער פּראַקטיק... דאָ איז אָבער אַראָבגעקוממען אַ יונגער שנעק, וואָס קאָנן זיך קיין וואָנסע פון דער אויבערשטער ליפּ ניט אַרויסצופּען, מיט אַ יונג, בלאַסס פּנים'ל ווי ביי'ן אַ מיידעל, אָנגעטהון ווי אַ „פּירציג", אַ „פּראַנטיל"; ערשט פון „חדר" אַרויס! אונ אַזוי ווי די אייער וויללען שטענדיג קליגער זיין פאַר די היהנער, מוז ער זיין אַ חולק אויפ'ן אַלטען רופא, וואָס האָט שוין די צאָהן אויפגעגעססען אין דער מלאכה! מוז ער זאָגען, אַז די קראַנקע נעמען צופיעל ריצען-אָהל, אַז געהאַקטע באַנקעס זענען אַ סכנה, בפרט ביי אַ קינדבעטאָרין... פּיאַווקעס הייסט ער שטעללען אויף דער שויב — זיי זאָללען ניט שאַדטען... פון טרוקענע באַנקעס מאַכט ער חוכא-וטלולא, אונ גלויבט נישט אין זאַלבען... איהר האָט נאָך געהאָרט אַ דאָקטאָר אָהן אַ זאַלב, אָהן אַ ביסל בלוט-צאַפּען, ממש אָהן באַנקעס? אונ געה נוטץ אַזוינס! דער אַפּאָטהעקער אַלליין דרעהט מיט דער נאָז אויף זיינע רעצעפּטען! פאַר צוואַנציג גראָשען אַ רעצעפּט!

סאַוויצקי האָט זיך געהאַלטען אַזוי אַ האַלב יאָהר: געפיהרט איין אָפענע מלחמה מיט'ן רופא, אונ אַ בעהאַלטענע מיט'ן אַפּאָטהעקער; מיט די בעלי-בתים האָט ער דאָך גוט געלעבט.

עס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז ער האָט אויפגעגעססען די פּאָר גילדען, וואָס ער האָט פון ערגיץ געבראַכט; מיט דער צייט האָט ער זיך נאָך פערשולדיגט פאַר דירה-געלד, פאַר פלייש, פאַר שפּייז, פאַר קליידער, אומעטום איז ער געווען אַ בעל חוב אונ די בעלי חובות ווערען מיט יעדען טאָג אומגעדולדיגער...

אונ איינמאָל, אַז דער קצב האָט צוריק געשיקט די דיענסט אָהן פלייש, האָט סאַוויצקי אַראָבגעלאָזט די פליגעל אונ אָנגעהויבען מודה זיין, אַז בלוט-צאַפּען דאַרף מען, אַז ריצען-אָהל מאַג מען נעמען יעדע מינוט... מיט דעם האָט ער זיך אָבער גאָר נישט פערבעססערט; וואָרום — ערשטענס האָט מען איהם ניט געגלויבט, אַז ער מיינט עס ערנסט; ער וויל נור אָפּשר אַריינגאַררען דען עולם! צווייטענס, איז וויטער אַזוי, אַז ער איז אַלליין שוין מודה דעם פעלדשער, דאַרף מען דאָך איהן אַ ודאי אויף ערב יום כפור!

סאַוויצקי האָט וויטער פון ערגיץ געקריגען אַ פּאָר גילדען (ביי קריסטען טרעפּפען זיך אָפּט ירושות פון רייכע פעטער אונ מוהמעס), האָט וויטער געקוועהלט זיך אַ האַלב יאָהר אומזיסט, אונ איז וויטער אויף איין המצאה געפאַללען: ער איז פּלוצלינג געוואָרען איין אַנטיסעמיט, אָבער גאָר אַ שאַרפער אַנטיסעמיט.

ער האָט אויפגעהערט צו גריסען. טהייל-מאָל פלעגט ער אפילו אָנשפּרינגען אונ אויסשפּייען פאַר אַ יוד...

דען וואָס האָט ער אָנגערערט, ער זאָלל, חאָטש עס געהט צו ווינטער, אַראָב טרייבען עטליכֿע יודישע פֿאַמיליען פֿון פֿויערישער ערד... איז געקומען אַ נייער סטראַזשניק (די אַלטע האָבען שוין געהאַט זייער פֿעסט „לא יחרץ"־געלט) פֿלעגט ער איהן אַלליין אַרומפֿיהרען אין אַללע הייף און אָנווייזען וואו אומריינקייט איז... דעם אַפּאָטהעקער האָט ער איינמאָל געזאָגט, אַז, ווען ער זאָלל זיין אויף זיין אָרט, וואָלט ער אַללע יודען פֿערסמט!... און נאָך, און נאָך אַזוינע זאַכֿען...

די המציאה האָט שוין אַ ביסל געהאָלפֿען! טהייל בעלי־בתים האָבען איהן אָנגעהויבען רופֿען, צאָהלען פֿאַר וויזיטען, חאָטש מען פֿלעגט צורייסען די רעצעפּטען אָדער אויסגיעסען די מיקסטורען... אַרויס וואַרפֿען די זאַלבען, דעם שונא ישראל מוז מען פֿערמאַכֿען דאָס מויל... עס איז אויך געווען אַ מין חורש, אויך אַ מין „לא־יחרץ־געלד"... אויף פּרנסה האָט עס דאָך נישט גענוגט!

מעהר קיין המצאות האָט ער נישט געהאַט, און עס איז קיין האָפֿנונג נישט געוועזען, עס זאָלל זיך פֿערבעססערן.

דערצו האָבען זיך איהן נאָך געמאַכֿט עטליכֿע אומגליקליכֿע פֿאָרפֿאַללע; ער האָט אַ יונגעל ניט געקאָנט אַרויסנעמען איין אַרבעס פֿון איין אויער... אַ קראַנקער האָט זיך יאָ אַ מאָל איינגעשטעלט דאָס לעבען און גענומען זיין רעצעפּט, איז ער פּונקט אין אַ וואָך אַרום געשטאָרבען! דאָס אָ־גסטע איז געוועזען, וואָס ער האָט זיך איין מאָל ניט איינגעהאַלטען און געזאָגט, אַז היץ איז גאָר קיין קראַנק נישט נור אַ רפֿואה; עס איז אַ מין כלי זין, מיט וואָס דער גוף אַליין וויל גובר זיין די קראַנק!... ווער עס האָט געהערט האָט שיער נישט געפּלאַצט פֿון געלעכֿטער... נאָך מעהר האָט מען געקייכֿט פֿאַר לאַכֿען, אַז עס האָט זיך געטראָפֿען, מען האָט איהן גערופֿען צו'ן אַ יולדת, אַרויסצונעמען דאָס „אָרט", אַז די שטאָדט־באָבע איז גראָד אַרויסגעפֿאָהרען אין אַ דאָרף אַריין, און מען האָט געמוזט קומען אויף זיינע האָנד! די נאַרישע הכנות, וואָס ער האָט געמאַכֿט! ער האָט געהייסען אַריינגעבען אַ שיסעל וואַססער, אַ שטיקל זייף! ער האָט אין דער שיסעל עפּיס אַריינגעגאָסען פֿון אַ פֿלאַשעלע, וואָס ער האָט מיט געבראַכֿט. דער עולם שטעהט אַלץ און קוקט, מען מיינט, ער טהוט דעם אַפּאָטהעקער להכעיס, און מאַכֿט אין דער היים די רעצעפּט, אָדער גאָטט ווייסט, וואָס דאָ וועט זיין... צום סוף נעמט ער פּשוט און וואַשט זיך די האָנד! — און האָנד האָט ער דוקא געהאַט ריינע ווי גאָלד, ווי דער שטיינער איז ביי קריסטען! — ווייניג נאָך, ער נעמט אַ מעסעריל און רייניגט אונטער די נאָגיל, להבדיל — אַ כשר'ע יודענע אין מקוה אַריין! דערנאָך פֿערשאַרצט ער די האָנד און וויטער געוואַשען... עס איז דען גאָר נאָך צודערצעהלען? הכנות פֿון אַ קונצען מאַכֿער... דערנאָך האָט ער אפילו

גליקליך אַרויסגענומען דאָס „אָרט". די יולדת, וועלכער עס איז איהר ניט געוועזען צום ערשטען מאָל, האָט אפילו געזאָגט, אַז ער האָט אַ קלענערע האַנד פֿון דער באָבען, אונ מאַכט עס, ווענן ניט די משוגע'נע הויזות, געשווינדער אָב; נור ווער קאָנן אויסשטעהן אַזוינע הבנות? אונ וואָס טהוט מען, אַז עס איז שטוב נישט דאָ קיין זייף? דאָ איז גראָד אַ וועש געוועזען, אָבער ווייטער?

דאָס אַללעס צוזאַממען האָט געבראַכט דערצו, אַז סאַוויצקי'ן איז געגאַנגען ווי אַ רשע אויף יענער וועלט, אונ נאָך דריטהאַלבען יאָהר האָט ער אײַנגעזעהען, אַז ער וועט דאָ ניט אויסהאַלטען, אַז, בחרפּתינו, די הויזען שווימען שוין אויף איהן אַרום, ער ווערט פֿון טאָג צו טאָג דאַרער אונ קאָנן נאָך אַריינפֿאַללען אין אַ קראָנק, האָט ער שוין געוואָלט מאַכען פּליטה, אונ דערווייל — זי געהט!

— ניין! אין אַזאַ צייט פֿאָהרט מען נישט אַרויס פֿון אַזאַ שטאָדטיל! עס וועט זיין אַ גאָלדענע צייט! עס איז שוין אפילו געקוממען אַ „פּריקאַז", מען זאָלל אויפֿשטעללען אַ „באַראַק" פֿאַר קראַנקע אויף חאָליעריע אונ אָבזונדערן אַ הויז פֿאַר זייער הויזגעזונד; אונ חאָטש קהל האָט זיך געלאָזט קאָסטען אונ איבערגעקויפֿט דעם וואָיט מיט די סטראַזניקעס, מען זאָלל די „הוצאָה" נור פֿערשרייבען אונ ניט איבער־שרעקען דאָס שטאָדטיל, האָט דאָך יעדערער געפֿיהלט, אַז זי געהט, אַז זי רוקט זיך! אַז עס איז פֿאַר יעדען סכּנות נפשות אונ פֿיר סאַוויצקי'ן אַ גליק! ער וועט נעמען ביי דער רעגירונג דריי—פֿיער רובל אַ טאָג; די קראַנקע וועללען צאָהלען בעזונדער, געזונדטע וועללען צאָהלען, מען זאָלל זיי נישט, חס ושלום, האַלטען פֿאַר קראַנקע. אַללע יודעלאך וועללען צאָהלען: פֿאַר יאָ־דעזינפֿעצקיע, נישט־דעזינ־פֿעקציע, יאָ־איזאָלאַציע, ניט־איזאָלאַציע, פֿאַר אַריין אונ אַרויסלאָזען, פֿאַר רעדען אונ שווייגען, אונ דער עיקר — „קבורה־געלד"! פֿאַר אום־געפּאַלמעסט, אָהן סמאָלע...

סאַוויצקי לעבט אויף! עס ווערט איהם פֿריילִיך אויפֿ'ן האַרץ.

ער שפּאַצירט אין די גאַססען, פֿייפֿענדיג אַ פֿרעהליך לידעלע; ער קוקט יעדען לוסטיג אין פּנים אַריין, ער קוקט אין אַללע טהירען, אין אַללע פֿענסטער אַריין! יודעלאך האָבען זיך ליעב צו בעהאַלטען, אָה! ער וועט ניט לאָזען! זיי וועללען איהם פֿאַר אַללע יאָהרען בעצאָהלען! ער וועט זיך אָבנעמען זיינס!

דערנאָך וועט ער אַרויס פֿון פֿערהאַקטען שטאָדטיל אונ התונה האָבען! וואָרען, וועמען האָט ער דאָ? דעם אַפּאָטהעקערס טאָכטער, די מיאוסע בריאָה?

## 3.

# דער צווייטער, וואָס שרעקט זיך נישט.

חתונה האָבען וויל אויך יוסיל דער ישיבה־בחור, און האָפט אויך דעריבער אויף דער מגפה; ער איז איין אָרימער יתום אין שטאָדט. די בעלי בתים זאָללען אפילו וועללען, קאָננען זיי קיין אנדערן יתום ניט קריגען. מען וועט איהם מוזען חתונה מאַכען!

און עס ווילט זיך איהם שטאַרק חתונה האָבען. און עס איז קיין וואונדער נים! ער האָט עס בירושה: זיין טאַטע, זיין זיידע אין זיינע יאָהרען, האָבען שוין אפילו קינדער בעגראָבען. און אַכטצעהנטען יאָהר איז ער אַלט! „ללעג ולקלס" איז ער. „אַלטער־בחור" רופט מען איהם, „בוגרת"... ביי טאָג אין בית־המדרש האָט ער קיין רוה נישט. די וואָרטליך אויף זיין חשבון שטאָכען איהן ווי שפּילקעס. ביי נאַכט איז נאָך אָרגער! איינער אַלליין ליגט ער אין בית־המדרש אויף דער האַרטער באַנק און שלאָפט נישט גאַנצע נאָכט... בייזע חלומות לאָזען נים שלאָפען... אויף די גלייכע וואָנד וואָלט ער געקראָכען!...

ער בעט זיך און חלשט פאַר שכנים, מען זאָלל איהם רעדען אַ שידוך! רחמים, בעט ער זיך, און האָרט פון יעדען אַלץ די אייגענע תשובה: סיידען ניט דער מלכה שבא! ווער וועט דיך נעמען, פאַרח?

דען „פאַרח" האָט יוסיל גראָד נישט געהאַט; פאַר דאָס האָט ער אָבער געהאַט אַנדערע מעלות... אַהער געקוממען איז ער פאַר אַ יאָהר פיערצעהן מיט'ן פאָטער — אַ פּאַקענטראָגער, וואָס איז, דורכפאָהרענדיג, דאָ קראַנק געוואָרען, און לא עליכם, געשטאָרבען. אפילו די מוטטער האָט ער נישט געקענט, דעריבער פלעגט ער טאַקי וואַנדערן פון קינדהייט אָן צוזאַממען מיט'ן פאָטער.

קהל האָט רחמנות געקריגען, בעלי בתים האָבען אויסגעקויפט אללע ספרים און דערפאַר בחצי חנם דעם פאָטער בעגראָבען, אפילו אַ שאָנע קרקע געגעבען. דען יתום האָט מען אַריינגענוממען אין תלמוד תורה, און געהייסען שלאָפען אין בית המדרש. געגעססען האָט ער טאָג, ווי עד היום.

אין אַ האַלב יאָהר אַרום, האָט יוסיל אין בית המדרש געמאָזעלט, דערנאָך געפּאָקט און געקריגען אַ געשטופּעלט פּנים ווי אַ ריב־אייזען.

אין אַ יאָהר אַרום האָט איהן איין אַנדער אומגליק געטראָפֿען: אין בית המדרש איז געוועזען איין אַלטער, צושפּאָלטענער אויבען, און ער איז שוין דעמאָלט דער אָפֿיציעלער הרובע־הייצער געוועזען. דער אויבען איז געוועזען איין אַלטע קאַליקע און האָט שוין קיין היץ נישט געהאַלטען. ביי טאָג איז נאָך געווען צו דערליידען; ביי נאַכט פֿלעגט ער אָבער אויסגעפֿרוירען צו ווערען. פֿון די לאַכים, וואָס די בעלי בתים האָבען איהם געשענקט פֿאַר אַ יום־טוב, האָט ער זיך קוים געהאַט צו קליידען, צו־צודעקען זיך האָט איהם שטענדיג געפֿעהלט. איינמאָל האָט זיך יוסיל מישב געוועזען, און אַוועק־גע׳גנב׳עט דען שליסעל פֿון האָלץ־קאַמער. ער האָט אָנגעהויבען גנב׳ענען האָלץ און יעדען טאָג שטאַרקער און שטאַרקער צו הייצען, און זיצען קעגען פֿייער און וואַרמען זיך. איין מאָל האָט איהן גאָטט, ווי דער עולם זאָגט, פֿאַר דער גנבה געשטראָפֿט, דער אויבען האָט פּלוצלינג געפּלאַצט, אַ שטיק איז אַרויסגעפֿאַללען און צובראָכען איהם אַ פֿוס... דער שטאָדט־רופֿא האָט איהם אפילו דעם פֿוס אויסגעהיילט, נור ער איז געבליבען שוין קירצער פֿאַר׳ן צווייטען, און יוסיל הינקט פֿון דעמאָלט אָן!

דערצו איז ער קיין עילוי נישט געוועזען, קיין גרויסער מתמיד אויך נישט... ווער וועט אַזוינס אויסחאַפּען? ווער וועט זיך אויף אַזוינס לאַקאָמען? קיין וואַססער־טרעגער וועט אויך אַזאַ אידים נישט נעמען. און דאַ, ווי אויף להכעיס, האָבען ביי איהם די אויגען געברענט ווי ברענענדיגע קוילען, דאָס האַרץ האָט געקלעמט און געבענקט און געקראָנקט נאָך עפּיס... אָפֿט פֿלעגט זיך איהם דער קאָפּ פֿערדרעהען, אין די אויערן האָבען איהם ווי גלאָקען געקלונגען און עס האָט איהן געוואָרפֿען, ווי אין אַ פֿיבער, היץ און קאָלט, היץ און קאָלט...

נור ווער קוקט זיך אום אויף אַ יתום!

די בעלי בתים זעננען יוצא דערמיט, וואָס זיי גיבען איהם טאָג... אויך, אומשטיינס געזאָגט, וואָס פֿאַר איין עססען מען גיט איהם! וואָס איז, עולם הבא וועט מען פֿונ׳ם האָבען? אַז אַ יונג וויל נישט לערנען, אַז ער זיצט איבער אַ ספֿר און איז גאָר אויפֿ׳ן עולם הדמיון! מען רעדט צו איהן און ער האָרט נישט! אין מיטען חאַפּט ער זיך גאָר אויף, שפּרינגט אָב פֿון אָרט, לאָזט איבער דאָס ספֿר נישט פֿערמאַכט, און לויפֿט אַרום ווי משוגע אין בית המדרש, קעהרט אום אַללע שטענדער. וואַרפֿט אום מענשען, גלייך דער טייוועל וואָלט איהן געטראָגען...

אַ משוגע׳נער, אַ פּלוט! — האָהר־פּלאַקס, קנאָכען, פֿערשימעלט ברויט, אייערנאָכטיגע קאַשע איז אויך איין עבירה איהם צו געבען... וואָס האָט מען פֿונעם? — זיין גליק נאָך, וואָס ער איז אַ יתום!

אַז עס מאַכט זיך אַזאַ „בן" ביי טאַטע־מאַמע, גיט מען די סחורה אַוועק צו אַ בעל מלאכה... איבער אַ פֿרעמד קינד וויל קיינער נישט שאַלטען. ווער וויל,

אזוינס אויף זיך נעמען? דער פאטער איז געוועזען א יוד א למדן, ביז אין דער לעצ־טער מינוט האט ער מיט מענשען גערעדט פון תורה, געשטארבען ווי א צדיק, אין חודש ניסן, און נאך א שארפער, אבער גאר א שארפער ודוי... נו גנה גיב זיינס א קינד צון׳ א בעל מלאכה! ווער וועט אויף זיך נעמען אזא פעראנטפער פאר א שוכן־עפר?

און יוסיל וואקסט איינער אליין אין בית המדרש; ביי טאג עססען איהם די ווארטליך אויף די גאלל, ביי נאכט זויגען איהן באזע הלוכות דאס בלוט פון די אדערן... שוין צוויי—דריי יאהר, אז ער האט קיין מנוחה נישט!

אין דער התחלה האט ער זיך נישט געלאזט; ער האט געוואוסט, אז דאס זעננען שלעכטע געדאנקען, הרהורים רעים. די געדאנקען זעננען אבער אללע מאל שטארקער, און זיין וויללען שוואכער און שוואכער געווארען, און ער האט אנגע־הויבען פאסטען תעניתים. עס האט אבער נים געהאלפען! תהלים זאגען — קיין פעולה נישט! לערנען — אז ער זעהט קיין אות נישט! פאר די אויגען פליהען איהם פייער־דיגע ראדער!

ער האט געזעהען, אז דער יצר־הרע איז שטארקער פאר איהן, האט ער אראבגעלאזט די פליגעל, אויפגעהערט זיך ענטגעגען צו שטעללען! — ער האט זיך נור געטרייסט, אז ער קאנן דאך א מאל חתונה האבען! און ער האט געווארט אויף שדכנים, און, אז זיי זעננען נישט געקוממען צו איהם, איז ער געגאנגען צו זיי, די בושה אין א זייט! נור נים אזוי געשווינד פערבייגט מען די בושה.

חדשים גאנצע האט געדויערט, איידער ער האט זיך איינגעשטעלט צו רעדען מיט א שדכן, פריהער מיט איינעם, דערנאך מיט׳ן צווייטען, דערנאך מיט א דריטען, ביז ער איז אויסגעגאנגען די גאנצע שטאדט שדכנים... און אז דער לעצטער האט איהם אויך געאנטפערט די אייגענע תשובה, אז נור די מלכה־שבא וועט איהן נעמען, איז ער אריינגעפאללען אין א מרה שחורה!

עס איז איהן נמאס ומאוס געווארען דאס לעבען.

איין מאל ביי־נאכט איז איהן דורכגעפלויגען א געדאנק דורכ׳ן ברענענדיגען מוח, אז איידער אזא לעבען, איז בעססער שוין דער טוידט!

עס האט זיך ביי איהם אנגעהויבען א נייע מלחמה מיט׳ן נייעם זינדיגען געדאנק, און ער האט ווייטער נישט גובר געוועזען! צום ערשטען מאל איז ער, דער געדאנק דורך ווי א בליץ און נעלם געווארען... דעם צווייטען טאג איז ער דאך צוריק גע־קוממען און שוין לאנגער געווײלט; דעם דריטטען טאג האט ער שוין געטראכט דעריבער לאנגער. ער האט זיך דערמאנט, אז יענע וואך איז געוועזען א שטארקער ווינד, מן הסתם האט זיך עמיצער געהאנגען... אפשר א גוי? ניין! פון א גוי וועגען וועט קיין ווינד נים זיין; מן הסתם א יוד! פאר א יאהרען, ווייטער, איז א יוד דערטרונקען

געוואָרען אין מקוה, חיים שניידער. ווער ווייסט, אֶפשר האָט ער זיך אומיסנע דערטרונקען? וואָס טהוט אַ שניידער אין מיטען יאָהר אין מקוה? מילא ערב יום כפור געהען אללע אין מקוה אריין, אָבער אין אַ שאָנעם העללען מיטוואָך?

אַ פּאָר טאָג שפּעטער האָט עס איהן אויך געצויגען ווי מיט צוואַנגען אין מקוה אריין. „וואָס שאַדט עס? געהן מאָג איך דאָך?". ער איז געגאַנגען, ער האָט זיך דאָך אפילו נישט אויסגעטהון. ער האָט געפיהלט, אַז קוים געהט ער אַריין, וועט ער שוין פון דאָרט נישט אַרויס, ער וועט שוין דאָרט בלייבען!... געשטאַנענען איז ער דאָך אַ גוטע שעה איבער דער מקוה; ער האָט זיך נישט געקאָנט אָבּרייסען פון איהר, ג'קוקט אויפ'ן ברודיגען וואַססער אונ בעטראַכט ווי זיין שוואך בילד ציט-טערט פון אויבען אַרום. דערנאָך האָט זיך איהם גאָר געדאַכט, אַז דאָס איז גאָר נישט זיין, נור חיים שניידערס בילד, אַז חיים שניידער שמייכעלט אונ רופט איהן: „קום, קום! דאָ איז אַזוי שטילל, אַזוי קיהל, אַ מחיה!" —

עס איז איהן הייס געוואָרען אונ איז ענטלאָפען פאַר שרעק! ערשט אין גאַסס איז ער צו זיך געקוממען. פערבייגעהענדיג פאַר אַ שטריקמאַכער, האָט ער בעמערקט, אַז די שטריק ליגען הפקר; דער שטריקע-מאַכער איז ערגיץ אַוועק-געגאַנגען... פאַר וואָס איז ער אַוועק-געגאַנגען? וואו אַ הין? עטליכע אַזוינע נאַררישע שאלות זעננען איהם דורכגעפלויגען דורכ'ן מוח, בשעת ווענן די האַנד אַלליין, אָהן זיין ידיעה, האָבען אַוועקגענבעט אַ שטריק, וואָס איז גראָד בעזונדער געלעגען ביי דער שוועל.

די גנבה האָט ער ערשט אין בית המדרש בעמערקט. ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. ער פערשטעהט נישט ווי אַרום דער שטריק איז צו איהם געקוממען אין קעשענע אַריין!

— עס איז אַ גאָטט-זאַך — טראַכט ער מיט טרעהרען אין די אויגען — גאָטט אַלליין וויל, איך זאָלל מיר דאָס לעבען נעמען, איך זאָלל מיך הענגען! אונ אַ מין ביטערליך-יאָמערליך רחמנות אויף זיך אַלליין פילט איהן אָן דאָס האַרץ. גאָטט אַלליין, דער וואָס האָט'ן בעשאַפען, וואָס האָט'ן פאַר אַ יתום געמאַכט, וואָס האָט אויף איהן פּאָקקען געשיקט, דעם אויבען אַרויפגעוואָרפען, וויל נאָך אַצונד, ער זאָלל זיך הענגען! די וועלט האָט ער איהם נישט געגעבען אונ וויל נאָך, ער זאָלל יענע וועלט פערליערען! פאַר וואָס?

צו פאַר דעם, וואָס ער האָט ניט גובר געוועזען דען יצר הרע?

ווי אַזוי? איינער אַלליין... אָהן טאַטע-מאַמע, אָהן חברים, אונ דער יצר הרע איז דאָך פאָרט אַ מלאך אונ פיהרט די מלאכה מששת ימי בראשית... אונ ער פיהלט זיך שרעקליך עלענד אונ אומגליקליך... גאָטט אַלליין איז אומגערעכט גע-גען איהם, אויב ער וויל, ער זאָלל זיך הענגען! ער זעהט עס דאָך בעשיינפערליך;

עס איז קיין ספק ניט! און וואָס קומט אַרויס? אַזאַ גאָטס ווילל, וואָס קאָנן ער זיך העלפֿען? ער, דער וואָרם, דער יתום!

ער קאָנן דען יצר הרע ניט גובר זיין, ווי זאָלל ער זיך אונטערשטעהן גאָר צו קלערען, צו געהן געגען גאָטט אַלליין? ניין! ער ווילל גאָר נישט פּרוווען זיך שטעללען געגען גאָטט!

ער נעמט דען שטריק און געהט אַרויף אויפ'ן שוהל בוידעם, דאָס בית המדרש ווילל ער ניט מטמא זיין! ער ווילל זיך ניט הענגען געגען אָרון קודש!

אויפ'ן שוהל בוידעם איז דאָ אַ האַקען, אויך פֿון זיינעטוועגען אָנגעגרייט! וואָרען, ווי קומט אהער איין אייזערנער האַקקען? ווער ווייסט ווי לאַנג דער האַקקען וואַרט שוין אויף איהם! גאָטט האָט איהם אָפּשר אָנגעגרייט, נאָך איידער ער האָט'ן אין דער מאַמעס בויך בעשאַפֿפֿען!

אַזוי טראַכטענדיג, האָט ער פֿערלעגט דען שטריק, עס איז איהם דאָך איינ-געפֿאַללען:

„און אָפּשר פֿערקעהרט? אַפֿשר איז עס גאָר מעשה שטן? דער אייגענער שטן, וואָס שיקט אויף מיר יענע געדאַנקען, שיקט אויף מיר אָפּשר די אויך?

און ער האָט אַבגעלאָזט דען שטריק, — עס געהט נישט אַזוי געשווינד; ער מוז האָבען אַ ישוב! די וועלט און יענע וועלט פֿערליערען איז ניט קיין קלייניגקייט...

דערווייל האָט דער בית-המדרש-זייגער געשלאָגען פֿיער, עס איז מיטטאָג צייט, און ער דערפֿיהלט פּלוצלינג, אַז דער מאָגען קריגט שיער דען קראַמפּף פֿאַר הונגער!

**און איז אַראָבגעגאַנגען פֿון שוהל-בוידעם און האָט דען שטריק איבערגעלאָזט פֿערלעגט...**

נאַכט-נאָכטליך ציהט עס איהן דאָך אַרויף צום שטריק; ער ראַטעוועט זיך ווי ווייט ער קאָנן... ער לויפֿט צום אָרון קודש, שטעקט אַריין דען קאָפּ צו די הייליגע ספרים און וויינט יאָמערליך, זיי זאָללען איהן ראַטעווען. אָפֿט מאָל חאַפּט ער אַרום אַ שטענדער, עס זאָלל איהם שווערער זיין צו ריהרען זיך פֿון אָרט, שפּאַרט זיך אָן מיט אַללע כחות אין בית המדרש אויבען...

און ווער ווייסט וואָס דער סוף וואָלט געוועזען פֿון דער מלחמה, ווענן ניט די מגפה!

אָה! אַצונד האָט ער אָבגעאָטהעמט! אויס הענגען, אויס מרה-שחורה, אויס— אויס! מען וועט איהן מוזען חתונה מאַכען, און ניט מיט דער מלכה שבא; ער איז פֿאַרט איין יתום און שטאָדט!



4.

# סאָװיצקי טרעט אָב; יאָסיל האָט התבודדות.

זייט עס האָט זיך אַזוי געשטאַרקט די שרעק פֿאַר דער מגפה, ענטלױפֿט דער עולם מײַלען־װײַט פֿון סאָװיצקי׳ן. מען האָט מורא פֿאַר׳ן... אַ קשיא אױף אַ מעשה; אַ מענש איז דאָך ניט מעהר װי אַ בשר־ודם! עס קאָנען גראָד ניט־גוט װערן, אונ היינטיגע צייטען האָט אַזאַ סאָװיצקי די גאַנצע ממשלה אין דער האַנד... ער קאָנן הייסען, מען זאָלל מיט סטראַזשניקעס לעגען אין בעטט אַריין, שמירען, רייבען, אַרײַנגיעסען רעצעפּטען, אַרױסיאָגען די גאַנצע משפּחה, פֿערברענגען דאָס מעבעל, אָבסמ׳ען אונ דערנאָך נאָך פֿאַלמעסען! אַזאַ אַ רציחה! אַז דאָקטוירים װיללען װיססען, װאָס די קראַנק איז, סמ׳ט מען די ערשטע קראַנקע אונ מען זוכט ביי זיי װאָרמליך אין די קישקעס! נור װאָס זאָלל מען טהון? אַז מען איז אין גלות — איז מען!...

אין אַפּטאַ האָט אַ רופא אױסגעזאָגט, אַז דער דאָקטאָר סמ׳ט, האָט מען איהם אײַנגעזעצט אױף ברױט אונ װאַססער אױף דריי חדשים... איהר מײנט דען דאָקטאָר? חס ושלום! דען רופא!

אונ דעריבער, אַז סאָװיצקי װײַזט זיך אין גאַסס, װערט פּלוצלינג אױס מענשען. ער װאַרפֿט איין אױג אױף אַ פֿענסטער, לאָזט זיך אַראָב אַ פֿאָרהענגעל, פֿערשטעלט מען מיט אַ ליילעך, אַ קישען, מיט װאָס עס איז!

אין אַ שאָנעם העללען מאָרגען איז דאָס גאַססעל, װאו סאָװיצקי װאָהנט, לעדיג געװאָרען... איבער נאַכט האָבען זיך פֿון דאָרט אַללע בעלי־בתים מיט די שכנים אַרױסגעצױגען. מען װילל ניט זיין אין זיין שטח! דאָס איז דער אמת׳ער „אױ לרשע ואױ לשכנו!"

סאָװיצקי האָט עס בעמערקט אונ שװייגט. נאָך מעהר, ער טרעט אָב דערװייל דער שטאָדט. אַ קאַמץ שפּרינגט אַ מאָל אַזוי אַװעק פֿון אַ מייזעל, עס װעט דאָך נישט אַנטלױפֿען!...

ער זיצט גאַנצע טאָג אין דער הײם, אָדער ער שפּאַציערט אונטער דער שטאָדט אין דער בלאָטע. ער איז זיינס זיכער; נאָך װאָס זאָלל ער רייצען דעם עולם אונ פֿאָרשען? אַז עס װעט צו עפּיס קוממען, װעט מען שױן װיססען; עס װעט זיך שױן אַרױסרייסען דורך טהיר אונ פֿענסטער; עס װעט זיין קולות װי יום־

כפור; יודעלאך האַלטען זיך ניט איין; דאָס איז אַ פֿאָלק, וואָס שרעקט זיך מאָדנע פֿאַר'ן טוידט און שטעהט אונבעהאָלפֿען פֿאַר אַ קראַנק! כאַוויצקי איז שוין געוועזען דאָ ביי'ן אַ טיפוס־אונטערגאַנג; ער האָט שוין געזעהען, וואָס דאָס אַרבייט איבער, וואָס דאָס שרייט און ליאַרמט אוים! עס האָט זיך איהם דעמאָלט געדאַכט, אַז ער טרענקט אין אַ ים פֿון יאָמער און קלאָג! אָה — ניין, זיי וועללען זיך ניט איינהאַלטען!

ער האָט אָבגעטרעטען פֿון גאַסס —

און יוסיל האָט אויך אָבגעטרעטען פֿון בית המדרש מיט דער גאַסס צוזאַממען! יענער האָט געוואָלט; דער האָט געמוזט!

זייט מען רעדט געדיכטער פֿון דער מגפה, איז איהם די גאַנצע מרה־שחורה אַוועק, ווי מיט דער האַנד אַוועק גענוממען! פֿערקעהרט, ער ווערט טאָג־טעגליך פֿרייליכער, לוסטיגער, און, ניט וויללענדיג, לאָזט ער אַללע מאָל אַרויס אַ געלעכטער. ער קען זיך ניט איינהאַלטען; עס שפּאַרט איהן; ער מוז אַרויסלאַכען! עס קיצעלט איהן אין אַללע אברים! וואָס בלאַססער עס ווערען די בעלי בתים, אַלץ רויטער און לעבענדיגער ווערט זיין פּנים, וואָס נידריגער זיי לאָזען אַראָב די קאָפּ, הייבט זיך זיינער העכער; וואָס דעמפּיגער עס ווערען זייערע שטיממען, ווערט זיין קול לויטערער, קלינגענדיגער, און — וואָס מעהר דאָס בית המדרש זיפֿצט, העכער איז זיין געלעכטער: חאַ — חאַ! חאַ — און ער איז גאָר ניט שולדיג; עס לאַכט פֿון איהם אַלליין אַרויס!

און בשעת ווענן אַללע אויגען זעננען טריעב און פֿייכט, גלאַנצען זיינע אַללע מאָל העללער; זיי פֿינקלען! בשעת ווענן קופּקעלעך שטעהען ווי די גולמות מיט אָפֿפֿענע מיילער און שרעקען זיך אַ ריהר צו טהון מיט איין אבר, טאַנצען אונטער איהם האַנד און פֿיס... ער וואָלט יעדען שטענדער געקושט... דען אויוון, די וואַנד געלעקט!

— „צו איז ער משוגע?" פֿרעגט מען, „צו וועלכע רוחות?"

— „זיכער משוגע!" ענטפֿערט מען.

— זיכער! מען דאַרף איהם שיקען אין דולל־הויז אַריין!

פֿאַר'ן דולל־הויז האָט אפילו יוסיל קיין מורא נישט; ער ווייסט, אַז קהל וועט אויף דעם קיין הוצאות נישט לעגען. פֿאַר אַ יאָהרען איז אַ משוגענע געפֿרוירען געוואָרען אין מיט'ן גאַסס, נאָך אַ גאַנצען אַרומגעטאַנצטען ווינטער נאַקיט אין שניי, און ביי דער גאַנצער צייט איז קיינעם ניט איינגעפֿאַללען צו דינגען אַ פֿוהר, זי אַוועק צו שיקען, אין אַ הקדש. מען האָט אויף איהר שטאַרק רחמנות געהאַט; איין אַנדערע, קריגט אַ דבוק, פֿאָהרט אַרום אויף דער וועלט, מאַכט האָטש וועלכען גראָשען... זי האָט צו דעם אויך קיין שכל נישט!

די בעלי־בתים האָבען נור געזיפֿצט, און גאָר נישט! פֿאַר וואָס זאָלל ער, יוסיל, זיין מעהר יחסן? ער וויל נישט היינט דערבייזערן די בעלי־בתים; קיין אַנדער יתום איז טאַקי נישט דאָ, נגד, אַ קשיא אויף אַ מעשה, קהל קומט אין כעס אַריין, קאָנען ער זיך ברענגען אַ יתום; אויך קאָנען דערוויול עמיצער ווערען אַ יתום, אַ דאגה! און ווענן נישט, וועלען די בעלי בתים דאַרפֿען געבען דרשה־געשאַנק... איז טאַקי בעססער גוט צו לעבען מיט די לייט. צווייטענס, האָט ער מורא, מען זאָלל איהם נישט אַ מאָל טאַקי אָננעממען פֿיר איין אמת'ן משוגענעם און זיך מוזען שאַפֿפֿען איין אַנדערן. מען וועט דאָך קיין אמת משוגענעם נישט געבען חתונה מאַכען! דאָס וואָלט אֶפשר קיין כּלה נישט געהאַט. און נאָך עפּיס — און דאָס איז דער עיקר — ער דאַרף התבודדות, ער דאַרף! ער מוז זיין אַלליין מיט זיינע געדאַנקען; ער מוז קלערען, טראַכטען, חלום'ען ביי נאַכט און ביי טאָג.

ביי נאַכט האָט ער שוין רוה אין בית המדרש; אַז דער עולם צוגעהט זיך און ער בלייבט אַלליין מיט שטענדער און באַנק, לויפֿט ער באַלד צו צום פֿענס־טער, שפּאַרט אָן דען ברענענדיגען שטערן אָן דער קאַלטער שויב; אין מוח ווערט קיהל, די מחשבות געהען מיט אַ סדר... איז איין אויסגעשטערנטע נאַכט, דאַכט זיך איהם, אַז די לבנה ווינקט איהם צו. דאָס הייסט, אַז יהושע בן נון זאָגט איהם אויף פּאַנטאָמינאַ: „יאָ“ אָדער „ניין“, לויט ווי עס קומט איהם אויס...

ביי טאָג וויטער, שלאַפֿט ער אַרום איינער אַלליין אונטער דער שטאָדט. ער פֿיהלט נישט די פֿולע קעלט, וואָס גנב'עט זיך אַריין דורך אַללע לאָכער פֿון זיינע בגדים; ער פֿיהלט נישט די נעץ, וואָס געהט איהם אַריין פֿראַנק און פֿריי אין די האַלב אָפּגעפֿעגע שטיוועל; ער מאַכט מיט די האַנד, שמועסט מיט זיך אַלליין, מיט די בלייערנע וואָלקען, אָדער מיט דער קאַלטער ווייסער ווינטער־זונן... ער האָט אַזוי פֿיעל צו קלערען! אַזוי פֿיעל צו רעדען! ער איז איין יתום, יתומות אָבער זעננען דאָ דריי, און ער וויל וויסען וועלכע זיין בעשערטע איז.

אויפֿ'ן ערשטען פּלאַן שטעהט דבשה, ירמיה שוסטערס טאָכטער.

ירמיה שוסטער, איידער ער איז געשטאָרבען אויפֿ'ן לעצטען אונטערגאַנג, פֿלעגט אויף איהם רחמנות האָבען, אָפֿט אהיים רופֿען צו זיך און פֿעררייכטען איהם די שטיוועל; איין מאָל האָט ער איהם אַ פּאָר שוסטער־שין' געשענקט. ער פֿלעגט איהן אַמאָל מכבד זיין מיט אַ שטיקעל ברויט מיט שמאַלץ, אַ מאָל מיט אַ ציבעלע. יוסיל פֿלעגט דערביי פֿון דבשה'ן קיין אויג נישט אַראָבלאָזען. — אָ, ער געדענקט זי גוט! זי שטעהט איהם פֿאַר די אויגען! אַ דיקע, געזונדטע מויד, רויט ווי אַ שמחת־תורה־אָפּפֿעל... איין אייזערן שטיק! אַז זי חאַפּט די האַק אין האַנד אַריין, פֿליהען פֿון דער ליפּע קיהן שפּענער

אין דער לופט! ירמיה זאָלל נישט געווען שטאַרבען, וואָלט ער אָנגעשלאָגען דען שדוך. ער האָט ליעב אַזא געזונדטע בריאה. אז ער דערמאָנט זי, קומט איהם די שלינע אין מויל אריין! איין מאָל — דאָס קאָנן ער נישט פערגעססען — האָט ער זיך מיט איהר געטראָפפען אויף די טרעפּ; עס האָט איהם צוגעצויגען ווי אַ מאַגנעט; ער האָט זיך צוגערוקט און אָנגעריהרט זי ביים קלייד, האָט זי איהם מיט גאָר אַ לייכטען שטויס שיער נישט פון אַללע טרעפּ אַראָבגעוואָרפען. אַ גליק, וואָס ער האָט זיך פערציעפּעט אין דער פּאָרענציע! אַ צייט האָט ער זיך געשאָמט אַריוף צו ווייזען; ער האָט מורא געהאַט, זי זאָלל דעם פאָטער נישט דער־צעהלען... און שפּעטער, אַז ער האָט שוין יאָ געוואָלט זיך איינשטעללען דאָס לעבען און אַרויף געהן, איז שוין ירמיה קראַנק געוועזען. עטליכע צוואָנציג טאָג האָט ער זיך געקראָנקט און איז געשטאָרבען; דערנאָך איז דאָס וויב זיינס אַוועק־געפאַללען און איז אויך געשטאָרבען. דבשה איז היינט אַ דיענסט ביי שאול פּראַ־צענטניק. ער עסט אַ מאָל דאָרט אַ טאָג, ער טרעפט זי אָפּט איינע אַלליין אין שטוב; ער האָט דאָך די העזה נישט מיט איהר אַ וואָרט צו רעדען; אַזא קוק האָט זי שוין! נור אַז קהל וועט הייסען, וועט זי די העזה נישט האָבען אָבצוזאָגען! קהל איז פאָרט קהל! — דבשה, טראַכט ער מיט אַ פולל מויל מיט וואַססער, וואָלט גוט געוועזען! ער קאָנן זיך גאָר קיין בעססער וויב נישט ווינשען! ער וועט אפשר אַ מאָל לייזען פון איהר אַ „גלעט איבער דער באַק", נו, מהיכי תיתי, עס איז מעשים בכל יום, און ער וועט עס אָננעמען פאַר ליעב... ער וועט זי נאָך קושען און האַלזען דערפאַר. ער וועט איהר וואַשען די שטויב פון די פיס, ער וועט איהר נאָכגעהן ווי אַ קליין קינד, ער וועט זי פאָלגען, ער וועט זי גלעטען, פּיעשציען, דריקען צו צו'ם הארץ, פעסט, פעסט... נאָך פעסטער, חאָטש דאָס האַרץ זאָלל קלאַפּען נאָך מעהר ווי אַצונד, חאָטש עס זאָלל פּלאַצען, עס זאָלל אַרויסשפּרינגען, עס זאָלל פון איהם די נשמה אַרויספליהען, שטאַרבען זאָלל ער ביי איהרע פיס, און דריקען וועט ער!

אַח! קהל זאָלל נור אַיינפאַללען אויף איהר! איהר מינדסט פינגעריל איז דאָך מעהר ווערט ווי איין אַנדערנס אַ גאַנץ וויב! ער וואָלט דערוייל מעהר נישט געוואָלט, נור איהר מינדסט פינגעריל!... ער וואָלט עס געקוועטשט און געקוועטשט, געדריקט מיט אַללע כּוחות, איהר אוים צו ווייזען, אַז זי ווילל אַ חתן...

נור טאָמיר פאַלט איין קהל אַיין אַנדערע יתומה?

אָט, אויפ'ן הייליגען אָרט איז אויך דאָ אַ יתומה, ס'איז דאָ; חאָטש ער ווייסט נישט ווי זי הייסט... זי איז אפילו נור אַ האַלבע יתומה, אָהן אַ מאַמען נור, אַ טאַטען האָט זי; דאָך איידער אַזא טאַטען, איז גלייכער גאָר נישט צו האָבען! אַ שאָנער פּאַרשוין בעריל קברן; אַ גאַנצען טאָג שכור'ט ער אין שטאָדט אין אַללע

שענקען, אונ לאָזט זי איבער איינע אַלליין אויפ'ן הייליגען אָרט צווישען קברים...
טהייל מאָל קומט ער נאָך אַהיים שכור אונ שלאָגט זי נאָך, זאָגט מען, שלעפּט
זי אַרום ביי די צאָפּ, מעסט מיט איהר אויס די קברים... די גאַנצע שטאָדט
זאָגט עס. נור מען וועט זיך נישט אריינמישען, מען האָט מורא פאַר איהן; א שכור
אונ א גבור דערצו! ער האָט פאַר א יאָהרען משה גלאָזער א קלאַפּ געגעבען פאַר
חבר־קייט אונטער א זייט, האָט ער אויף אייביג א לונג־פעהלער בעקוממען. ער
ווערט טאָג־טעגליך געלער, פאַלט אין דער זאָך אַריין, קוים וואָס ער אָטהעמט
נאָך!... אַז די טאָכטער לעבט נאָך, איז זי פון אייזען. די מוטטער איהרע האָט
ער טאַקי יונגערהייט פעריאָגט אין קבר אריין. אונ וואָס וויל ער פון דער
טאָכטער? — עס חאַפּט יוסלען אָן א ווייטאָג ביים הארץ! איין מאָל האָט ער זי
געזעהען אונ קאָנן זי שוין נישט פערגעססען... געזעהען האָט ער זי טאַקי אויף
ירמיה שוסטערס לויה, ער האָט דעמאָלט עפּיס מורא געהאַט צו צו־געהן נאָהנטער
צו'ם קבר; ער האָט מורא געהאַט זיך צו טרעפען ביים קבר מיט דבשה'ן. זי ווינט
א ודאי, אונ איהרע טרערען וואָלטען זיך ווי היים בליי געגאָססען איהם אויף'ן הארץ...
האָט ער זיך אָבגערוקט אונ ארום געדרייט זיך פון דער ווייטענס געבען טו־טען־
שטיבעל אונ איז א פּאָר מאָל פאַרביי געגאַנגען פאַר בעריל קברן'ס פענסטער. ער
האָט זי דערזעהן, ווי זי איז געשטאַנגען מיט אַראָבגעלאָזטע ברעמען אונ געשיילט
קאַרטאָפעל... א בלאַססע, איין איידעלע! ער וואָלט זי מיט איין האַנד אַרום גענומ־
מען... נור א גוטע מוז זי זיין, זי האָט שוין אַזוינע אויגען, אַזא בליק! איינמאָל
האָט זי אין גאַנצען אויפגעהויבען די ברעמען אונ ער האָט תוך כדי דבור אין
דבשה'ן, אין דער גאַנצער לויה פערגעססען — אַזא גוטקייט האָט אַרויסגעשטראַהלט
פון איהרע בלאָהע אויגען אונ אַזא זיססער חן איז איהר אויסגעגאָססען געוועזען
אויפ'ן פנים... אַזא גוטען חן האָט געקאָנט האָבען נור אסתר המלכה; אסתר המלכה
איז אָבער גרין געוועזען אונ זי איז וויים ווי איין אַלבאַסטער. האָאר האָט זי שווארצע
ווי קויל, נור די האָאר וועללען שפּעטער נישט זיין. איי איז זי א שאָנע! עפּעס
חאַפּט זי אָן באַלד ביי'ם הארץ!

אונ זי האָט גאָר אויף איהם איין אַנדערע פּעולה: אַז ער זעהט דבשה'ן קאָכט
איהם אויף דאָס בלוט! אויף איהר אָבער, אַז ער האָט געקוקט, איז איהם עפּיס אַזוי
גוט, אַזוי לייכט, אַזוי וואַרעם געוואָרען!

פון דעמאָלט אָן פלעגט ער געהן אויף אַללע לויות, אונ אַריינוואַרפען א בליק
אין פענסטעריל...

— יאָ, אויף איהר בעשטעהט ער אויך! אדרבא זאָלל זיין זי... מהיכי תיתי...
פערקעהרט, אפשר בעססער זי...

ער וואָלט זיך מיט איהר אַרומגעטראָגען ווי מיט א צאַצקע, ער וואָלט זי

גאַנצע טאָג געצאַצקעט און אלץ פאַר איהר געטהון, ער וואָלט זי נישט געלאָזט אריינשטעקען די האַנד אין קאַלט וואַססער! ער ווי' האָלץ האַקען, קאָכען, באַקען, גרעט וואַשען, ער וועט אַללעס טהון פאַר איהר. נור מיט איין בעדינג, זי זאָלל שטעהן און קוקען אויף איהם און שמייכלען! וועט ער האָבען צייט, וועט ער זי ארומטראָגען, ווי אַ קליין קינד אויף די האַנד. אין דער פריה וואָלט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט'ן טאָג גלייך, ווינטער וואָלט ער באַלד איינגעהייצט אין אויווען, זוממער — באַלד צוגעשטעלט אַ טאָפּעל וואַססער אויף טהיי. ארום געגאַנגען וואָלט ער שטיל, אויף די נאָגעל. שטיללערהייט וואָלט ער איהר אָבגעפוצט די קלייד, די שיך... ער וואָלט איהר שטיללערהייט דאָס אָנטוהן צוגעשטעלט צו'ם בעטט. דערנאָך וואָלט ער ערשט... זיך צוגעגאַנגען שטיל, גאָר שטילל. ער וואָלט זיך איבער איהר געבויגען, לאַנג, לאַנג אַזוי געקוקט.. ביז די זונן וואָלט אַרויף אויפ'ן היממעל, עס וואָלט רעכט טאָג ווערען, די זונן זאָלל שוין ליעגען אין פענסטער, דעמאָלט ערשט, וואָלט ער זי אויפגעוועקט בנשיקה! — עס וואָלט געוועזען אַ לעבען ווי אונטער די זונן.

און עס איז אַ גוטער שדוך אויך! אוי, אוי!... דבשה מוז האָבען אַ פּאָר גילדען, די זאַממעלט! נור, זי האָט אָבער אַ חזקה, אַ פרנסה אין דער האַנד! עס איז ידוע לכל, אַז בערל'ען פערברענט דער בראָנפען; דער רופא זאָגט, אַז ער עסט שוין נישט, אַז ער געהט אַרום מיט געלעבערטע קישקעס, רחמנא־לצלן... וואָלט ער טאַקי איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר איבערגענומען דאָס קברנות... פאַר וואָס נישט? אין דער התחלה וואָלט ער אפילו מורא געהאַט פאַר די מתים, מען געוויינט זיך דאָך צו... מיט איהר צוזאַממען וואָלט ער זיך צו'ם גיהנם צוגעוויינט! קיין שאָנע פרנסה איז עס נישט, נור פאַר דאָס וואָלט ער געוואהנט אונטער דער שטאָדט, בעזונדער, קיינער וואָלט איהם נישט נאָכגעקוקט!... עס קאָנן זיין אַ לעבען, אַ גן עדן אויפ'ן בית עולם!

און טאָמער פאַלט דער גורל אויף „לאַפּיי"? איז אַ צונאָמען פון אַ דריטטער יתומה. די אַז ער דערמאַנט, ווערט איהם קאַלט אין אַללע אברים! זי איז שוין אַ שטאָרטישע יתומה... איז אַ יתומה זייט ער געדענקט. אַ קראַנקע, מיט אַ גרויסען קאָפּף, אויסגעקראָכענע האָאר און עפּיס משונה'דיגע פיס; זי געהט ניט אויף דער פּאָדעשווע, אויף די פינגער געהט זי, מיט די פּיעַנטים אין דער הייך; געהענדיג, שאָקעלט זי זיך און וואַקעלט זיך ווי אַ שכור... זי טרעפט ער שוין אָפט אין גאַסס; קיין אָרט פאַר זיך האָט זי נישט. זי געהט פון הויז צו הויז, בעדיענט אַללע דיענסטען; דער טראָגט זי וואַססער, דער האָלץ, דער העלפט זי צוהאַקען אַ ביסל קיהן, דאָ טראָגט זי אַרויס אַ שאַף, דאָרט גיסט זי אָן אַ וואַננע... האָט זי נישט קיין אַרבייט, בעטטעלט זי. איינמאָל אין יאָהר וואַשט זי אויס די פּאָדלאָגע אין בית

המדרש. וואו זי נאַכטיגט, ווייסט ער נישט... לאַפּיי, לאַפּיי! ער שטעלט זי זיך איהם פֿאַר די אויגען אונ עס חאַפּט איהם אָן אַ שוידער...

קאַלט ווערט איהם אין אַללע אברים! זי מוז שוין אַלט זיין אַ יאָהר פֿערציג; זייט ער געדענקט זי, זעהט זי אַלץ אַזוי אַלט אויס...

— רבונו של עולם! שרייט ער אויס פֿאַר שרעק, דאָס וואָלט שוין אָרגער געוועזען ווי געהאַנגען. ער שיקט די דערשראָקענע אויגען מיט אַ געבעט צום הימעל אַרויף. אויפֿ'ן בלאַססען שטערן בעווייזען זיך גרויסע טראָפּען שוויים ווי די אַרבים.

עס דערוועקט זיך דאָך זיין רחמנות אין הארץ. אויף איהר איז אויך אַ רחמנות... זי וויל אַ ודאי אויך חתונה האָבען... זי איז אויך אַ בלענדנע שאָף, אויך אַ יתומה! זי האָט אויך נישט מעהר, ווי אַ גאָטט אין הימעל! עס גלוסט זיך איהם צו וויינען אויף איהר אונ זיין מזל צוזאַממען!

ער האָט אַ ישוב אונ גיט זיך איבער גאָטט אין די האָנד אַריין! וויל גאָטט, חס ושלום, זי, זאָלל זיין זי! ער פֿערלאָזט זיך בעפֿאָר אויף גאָטט דער־נאָך אויף קהל! וועלכע גאָטט, ברוך הוא, וועט בעשערען אונ קהל וועט געבען, מיט דער וועט ער לעבען, די וועט ער עהרליך האלטען, דער וועט ער געטריי זיין, דער וועט ער זיין אַ מאַנן ווי אַללע מאָננער, — די אַנדערע וועט ער פֿערגעססען...

עס ערוועקט זיך אָבער אין איהם איין אַנדערע זאָרג: אויב זיין בעשערטע איז „לאַפּיי"; וואו וועלען זיי זיך אַהין טהון? וואו וועט מען וואהנען? וואָס וועט מען טהון? זי האָט ניט קיין דרייער ביי דער נשמה, געהט אָבגעריססען, אָבגעשליססען... די דיענסטען קויפֿען ביי'ן איהר אָב די בכורה פֿאַר אַ ביסל נאַכטיגע קאַרטאָפֿפֿעל; פֿאַר אויסוואַשען די בית־המדרש־פֿאָדלאָגע נעמט זי שני זהובים! אויף טרוקען ברויט איז וועניג! אונ ער וואָס קאָנן טהון? צו וואָס קאָנן ער טויגען?

וואָלט ער נישט לאָם געוועזען, וואָלט ער אַ משולח געוואָרען... קיין מלאכה קאָנן ער נישט... סידען — טרייסט ער זיך — ער זאָלל ווערען אַ מלמד! צו דער וויעציערע וועללען אַללע בעלי בתים געבען דרשה־געשאַנק; פֿאַר דעם געלד וועט ער זיך קויפֿען אַ „שטוב" אונ זעצען זיך קנעללען; פֿאַר וואָס נישט? אַזוי פֿיעל לער־נען, וויפֿיעל אַ מלמד דאַרף, בפרט אַ דרדיקער, קאָנן ער נאָך... נור וואָס עס וועט זיין, אַבי אַ ווייב! עס זעננען דאָ יורען, וואָס האָבען נאָך מאוס'ערע ווייבער אונ זעננען גראָססערע קאַליקעס... אונ מען לעבט! אַ ווייב איז אַ ווייב... אַבי נישט אַלליין, אַבי נישט קיין „טאָג"!

אונ אפשר וועט איהם נאָך געראָטהען צו קריגען איינע פֿון יענע צוויי... אונ ער מאַלט זיך ווייטער אויס אַ גן־עדן... אונ ער שמייכעלט ווייטער צו דער בלאַטע

און טענה'ט מיט די בלייערנע וואָלקען...

שאַ! עס פֿאַלט איהם איין אַ שטיקעל יושר: ער זאָלל וויססען זיכער, אַז דער אָרימער „לאַפּיי", נעביך, איז בעשערט, זי זאָלל, חס ושלום, אומקוממען אין דער מגפה, וואָלט ער געוואָלט חתונה האָבען מיט איהר... זאָלל זי נעביך חאָטש פֿאַר'ן טוידט האָבען אַ מאַנן! באַדריי אויף אַ חודש! פֿאַר וואָס נישט? דאָך אַ יודישע טאָכ־טער! איהם וואָלט עס נישט געשאַדט און פֿון גאָטט, ברוך הוא, וואָלט עס אַ יושר געווען... ער, חס ושלום, ווינשט איהר נישט דען טוידט... פֿערקעהרט, ער האָט רחמנות אויף איהר... ער פֿיהלט און ווייסט, וואָס מען מיינט עלענד, איינע אַלליין, שטענדיג איינע אַלליין!

---

5.

# סאַוויצקי מיט יוסל'ן צוזאַממען.

שלאָפֿענדיג, פֿערטיעפֿט אין די געדאַנקען, אין דער בלאָטע, האָט יוסיל ישיבה־בחור איינמאָל פֿלוצלינג דערפֿיהלט, אַז עמיצער האָט איהן אָנגעחאַפּט בײ'ם אַרבעל. ער דרעהט זיך אום דערשראָקען, און דערשרעקט זיך נאָך מעהר, דער־זעהענדיג, אַז עס שטעהט פֿאַר איהם דער דאָקטאָר סאַוויצקי.

סאַוויצקי מיט יוסל'ן פֿלעגען זיך גאַנץ אָפֿט בעגעגנען אונטער'ן שטאָדטיל, ביז אהער האָט יוסיל יעדעס מאָל אַראָבגעחאַפּט די צוריססענע כובע און געבייגט זיך ביז צום נאָפּעל פֿאַר'ן קריסט; סאַוויצקי האָט דאָס ערשטע מאָל אויס־געשפּיגען, דאָס צווייטע מאָל געוואָרפֿען אַ בייזען אַנטיסעמיטישען בליק, דאָס דריטטע מאָל פּראָסט געקוקט אין די אויגען אַריין, שפּעטער שוין אַ לייכטען שמייכעל געטהון און — ערשט היינט, דאָס ערשטע מאָל, איהן אָנגעחאַפּט בײ'ם אַרבעל.

זיי האָבען זיך ביידע אין די אויגען דערקענט, אַז זיי האָבען עפּיס בשותפות! אינ'ם בליק האָבען זיי דערפֿיהלט, אַז זיי ביידע האָבען עפּיס איין „עסק", איין האָפֿפֿנונג, אַז עס בינדט זיי עפּיס איין זאַך צוזאַממען.

סאַוויצקי איז איינער אַלליין אין שטאָדט; פֿריהער פֿלעגט ער אַריינקוממען צו'ם אַפּאָטהעקער, נור דער האָט איהם ערשט נישט לאַנג געגעבען אָנצוהערען, אַז ער מאַכט איהם שאָדען אין לייזונג; אַז דורך סאַוויצקין, האָט דער עולם

מורא צו קויפֿען ביטער־וואַסער און ריצען־אָהל, אין וועלכען עס שטעקט דעם אַפּאָטהעקערס עיקר פּרנסה...

די מיעשציאַנעס, די קריסטען האָבען איהם אויך שפּעטער אָנגעהויבען צו ווייכען; זיי גלויבען אויך, אַז דאָקטוירים סמ'ען, און סאַוויצקי וועט אויך ניט בעססער זיין...

עס איז נאָך אַרויס אַ קול, אַז ערגיץ אין אַ שטאָדטיל האָבען די „ליקעס" פֿערבּרענט אַ שפּיטאַלנע באַראַק און פֿערשטיינט דען דאָקטאָר. אין די אויגען ביי די מיעשציאַנעס בעווייזט זיך גאַנץ אָפֿט אַ מין פֿייעריל, וואָס זאָגט גאָר קיין גוטס נישט צו.

יוסיל בעגעהט זיך אָהן מענשען; סאַוויצקי בענקט שוין שטאַרק צו'ן אַ מענש. עס וואונדערט איהן אַלליין, פֿאַר וואָס דעם לאָמען זשידלאַקס געשטופּעלט פּנים זעהט איהם צונד אַזוי פֿריינדליך אויס; אגב האָט ער צו'ן איהם אַ שטיקעל געשאָפֿט; עס קאָנן זיין, אַז די מגפה איז שוין דאָ, נור מען בעהאַלט זי! ביי דעם זשידלאַק קאָנן מען עפּיס געוואָהר ווערען.

אָנגעכאַפּט ביי'ם אַרבעל, האָט יוסיל אַ ציטטער געטהון: ער איז דאָך באַלד צו זיך געקוממען און אפילו נישט בעמערקט ווי געשווינד סאַוויצקי האָט צוריק־געכאַפּט די האַנד פֿון זיין ברודיגען אַרבעל; ער האָט נור געזעהען, אַז סאַוויצקי איז צונד נישט בייז, אַז ער שמייכעלט.

— אַ צאָ — פֿראָגט סאַוויצקי — אַ צאָ, ניעמאַ חאָלערי? 1)

יוסיל איז אַ פּאָר מאָל אַרויסגעפֿאָהרען מיט'ן שטאָדט־דיָן אויף אַ דאָרף אין אַ מיהל אַריין, צו היטען ווייץ אויף פּסח, און האָט זיך דאָרט אויסגעלערנט עטליכע וואָרטער פּויליש. סאַוויצקיס שאלה האָט ער פֿערשטאַנען; דאָס וואָרט „חאָלערי" האָט איהם אפילו, ביי דער גאַנצער האָפֿנונג, וואָס ער האָט אויף דער מגפה געלעגט, אַ שטאָך געטהון „אין דער זיעבענטער ריפּ" דאָס פּנים האָט זיך איהם פֿערקרימט,— ער האָט זיך דאָך בערוהיגט און געאָנטפֿערט:

— ניעמאַ, וויעלמאָזשני פּאַניע, ניעמאַ! 2).

נישט ווילל'ענדיג, האָט זיין תשובה טרויעריג געקלונגען.

זיי זעגנען זיך באַלד צוגאַנגען, דען צווייטען טאָג זיך ווייטער געטראָפֿען; זיי זעגנען זיך ווייטער ענטגעגען געקוממען.

יוסיל האָט זיך אָבגעשטעלט אין אַ זייט, ווי אַ זעלנער „פּאָד פּראָנד", נור אָהן דער האַנד צום דאַשעק; סאַוויצקי האָט זיך אביסל פֿערהאַלטען און געפֿראָגט:

---

1) נו וואָס? נישט דאָ קיין חאָלערי?

2) נישט דאָ פּריץ (בעסטער הערר) נישט דאָ!

— אַ צאַ ? ! דזיש ניעמאַ ? 1)

— ניעמאַ וויעלמאַזשני פּאַניע, ניעמאַ ! 2) — האָט יוסיל די אייגענע תשובה געגעבען.

דען דריטטען טאָג האָבען זיי זיך ווייטער געטראָפען, און שוין לאַנגער גע־שטאַנען צוזאַממען.

סאַוויצקי האָט אויסגעפּראַגט, צו מען האָרט נישט עפּיס בכלל פון לאַקסיע־רען און ברעבען, חאָלערינקע, דיאַריע, אָדער אַזוי פון מאַגען און קישקע קראַנק־הייטען.

נישט אַלץ האָט יוסיל פערשטאַנען פון סאַוויצקעס רייד, געשטויסען האָט ער זיך דאָך ריכטיג, אַז ער פּראַגט אויף קראַנק, וואָס זעננען אַ מין הקדמה צו דער מגפה.

— ניעמאַ, וויעלמאַזשני פּאַניע, ניעמאַ ! 3) האָט ער אַלס איין איינעם געאַנט־פערט. ער האָט געוואוסט, אַז אין שטאָרטיל איז נאָך גאָר שטילל.

— ניעמאַ, אַליע בענדזיע 4), האָט איהם סאַוויצקי, אַוועקגעהענדיג, צו־געוואָרפען אַ טרייסט.

עס איז אַוועק אַ שטיקעל צייט, און זיי פלעגען שוין, ביים טרעפען זיך, צו־געהן אַ שטיקל וועג צוזאַממען; סאַוויצקי האָט אַלץ אויסגעפּראַגט, שטענדיג געהאָרט די אייגענע תשובה „ניעמאַ, פּאַניע, ניעמאַ", און שטענדיג געטרייסט זיך און יוסל'ן כ־ביכול „אַליע בענדזיע"...

— כ׳ שי פּשישטש ! 5) זאָגט ער מיט אַ זיכערהייט, און יוסיל זעצט זיך עס איבער אויף לשון קודש: „אף על פי שיתמהמה אחכה לו", און עס וואַקסט אין איהם דאָס האַרץ. ער ווינשט נישט, חס ושלום, קיין שלעכטס דעם שטאָרטיל. סאַוויצקי אָפּשר ווילל אַ גרויסע מגפה... ער — האָט גענוג אַ קליין מגפה'לע, אַ בזית'ל... עס זאָל אפילו קיינער, חס ושלום, נישט נפטר ווערען ! אַ פּאַר בעלי בתים זאָללען נור אָנהויבען... ווי עס איז, וועט שוין גענוג זיין ! ער ווילל נישט מעהר ! זיין ערגסטען שונא ווינשט ער נישט דען טוידט !

עס האָט אַזוי געדויערט אַ חודש; סאַוויצקי איז שוין אַ ביסל אונגעדולדיג גע־וואָרען און אפילו פאַרגעשלאָגען יוסל'ן זיין עסק: ער איז זיכער, אַז אין שטאָדט מוז עפּיס זיין, נור מען בעהאַלט... מען היט זיך מיט דער מגפה... יודען האָבען שטענדיג מורא... דעריבער שלאָגט ער פּאַר יוסל'ן, ער זאָל נאָכפאָרשען, געוואָהר

1) נו, וואָס ? היינט אויך נישט דאָ ?
2), 3) נישט דאָ פּריץ, נישט דאָ.
4) נישט דאָ, נור עס וועט זיין !
5) זי מוסט קוממען.

ווערען, אונ איהם מודיע זיין, חאָטש פֿון איין בעהאַלטענעם צופֿאַל, פֿון אַ ליאָדע וואָס... ער וועט איהם זעהר דאַנקבאַר זיין...

סאַוויצקי רעדט פֿאַר יוסל'ן צו געשווינד אונ צו „הויך פּויליש", דאָך האָט ער דערפֿיהלט, אַז סאַוויצקי וויל איהן דערמיט מאַכען פֿאַר אַ מסור, אַז ער וויל, ער זאָל איהם פֿערמסרען יודישע קראַנקע.

— ניין — טראַכט ער ביי זיך — ניין, יוסיל וועט קיין מסור ניט זיין! ער וועט נישט אויסזאָגען סאַוויצקין אַ וואָרט. נישט ווילענדיג, שאָקעלט ער דאָך, פֿאַר דרך אֶרץ, מיט'ן קאָפּף אויף יאָ, אונ סאַוויצקי געהט אַוועק.

יוסיל בעפֿעסטיגט זיך מיט דער דעה, סאַוויצקין קיין וואָרט נישט צו זאָגען, נור ער אַליין פֿאַר זיך וועט חוקר ודורש זיין, טאָמער בעהאַלט מען טאַקי, זאָל ער וויסען.

יוסיל הייבט אָן אַרומצוגעהן צווישען די מנינים פֿריה אונ שפּאָט ביי'ם דאַווענען, אויב עמיצער פֿעהלט נישט; האָט ער עמיצען ביים דאַווענען נישט בעמערקט, הייבט ער באַלד אָן חוקר ודורש צו זיין, וואָס די מעשה איז. עס האָט אָבער צו גאָ־ נישט געבראַכט; עס האָט זיך שטענדיג אויסגעלאָזט מיט גאָר נישט; עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז איינער האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען אונ איז אַרויס אויפֿ'ן דאָרף עפּיס איינקויפֿען, דער צווייטער האָט זיך, נאָך אַ קריעג מיט'ן ווייב, געשעמט מיט אַ געשוואָלענע באַק צו קומען אין בית המדרש אַריין, אַ דריטטער האָט זיך אַ צאָהן אויסגעריססען ביי'ם רופֿא אונ מען קאָנן איהם עפּיס דאָס בלוט ניט אַזוי געשווינד פֿערהאַלטען, — אונ נאָך אַזוינע קליינע קלייניגקייטען, וואָס געהערען זיך גאָר נישט אָן מיט דעם ענין, וואָס יוסל'ן אינטערעסירט. אונ ער האָט יעדעס מאָל גאַנץ עהרליך אָבגעגעבען סאַוויצקין דען איינגענעם ראַפּאָרט:

— ניעמאַ, פּאַניע ווילמאָזשני, ניעמאַ!

דערביי האָבען זיי שוין טאָג־טעגליך איינער אויפֿ'ן צווייטען געוואָרט אונ מיט יעדען טאָג לאָנגער גערעדט.

יוסיל האָט זיך געהאַלפֿען מיט אַללע אֵברים, אַז סאַוויצקי זאָל איהם פֿער־ שטעהען, ער האָט געאַרבייט מיט פֿיס אונ מיט האַנד, אונ סאַוויצקי, וואָס האָט זיך שוין צוגעוואָהנט צו זיינע תנועות, האָט דאָך געמוזט גאַנץ אָפֿט אָבשפּרינגען פֿאַר יוסיל'ס האַנד.

סאַוויצקי האָט אַלץ ניט געקאָנט פֿערשטעהן, אין וואָס יוסל'ן געהט, פֿאַר וואָס יוסיל האַלט זיך אַזוי פֿון ווייטענס פֿון קהל; פֿאַר וואָס, לויט ווי מען זעהט בחוש, וויל ער אויך עס זאָל קומען די מגפה — נור ער האָט קיין צייט געהאַט מיט

דער רעטעניש זיך צו פערנעמען... אַ יוד צו דערגעהן! מן הסתם האָט ער אַ געשאָפט דעררינען! אפשר האַנדעלט ער מיט ליינוואַנד אויף תכריכים! אפשר מאַכט ער ארונות! פאַר דאָס אָבער, האָט ער אַמאָל בעמערקט, אַז יוסעל פאַלט אָב ביי זיך, אַז ער איז ניט אַזוי זיכער ווי ער, אַז היינט מאָרגען „מוז זי קוממען”, האָט ער איהם אויסגערעדט דאָס הארץ, געשטאַרקט און מבטיח געוועזען, אַז קהל קאָנן נישט ניצול ווערען, אַז זי מוז קוממען!

סאַוויצקי, האַלט עס ברור כשמש, אַז זי מוז קוממען. זי רוקט זיך דאָך אַללע מאָל נאָהנטער! מען שרייבט דאָך אין אַללע צייטונגען! און אַזוי האָט אָבגעדויערט אַ חודש אַנדערטהאַלבען. די גרויסע פרעסט, אויף וועלכע קהל האָט געהאָפט, זעננען נישט געקוממען, נור די מגפה, אויף וועלכער סאַוויצקי און יוסיל האָבען געהאָפט, האָט זיך אויך נישט געוויזען. סאַוויצקי אַליין הייבט שוין אָן מסופק צו זיין. דאָך, טרייסטענדיג יוסלען, שטאַרקט ער זיך אַלליין אין דער דעה. עס איז פאָרט ניט מעגליך זי זאָלל אהער נישט קוממען! עס איז דענן דאָ נאָך אַזא אומריין שטעדטעל?! וואו נאָך עסט מען אַזוי פיעל אוגערקעס, רוי אויבס און ציבעלים? וואו נאָך איז מען אַזוי נישט געוואָרענט מיט קאַלט וואַססער, אומגעקאָכטס? אין׳ם גאַנצען שטעדטעל זעננען פערהאַן אפשר ביי צוויי דריי גבירים בלעבענע סאַמאָוואַרען, דריי־פיער הייזער זעננען דאָ וואו מען מאַכט טהיי; דער רעשט עולם טרינקט באַרליך־ין נאָך געזאַלצען טשאָלינט, פיש פערקויפט מען פראַנק און פריי, אַלטע, פוילע...

זי מוז קוממען!

עס זעננען טאַקי דאָ אַזוינע שטעדט, אויף וועלכע די מגפה האָט קיין שליטה נישט, למשל: אַאַכען, בירמינגהאַם און אַנדערע, וואָס יוסעל קאָנן אפילו זייערע נאָמען נישט דערהאַפען; נור דאָרט עסט מען קיין טשאָלינט נישט און טיי ווערט געטרונקען פון דיסטיליערט וואַססער — דאָס איז עפּיס אַנדערש!

דערווייל איז אַריבער נאָך אַ וואָך און מען האָרט פאָרט נישט! פערקעהרט, עס איז געקומען אַ ידיעה אַז אין אפטע האָט „זי” שטאַרק נאָכגעלאָזט, ראַחעוו איז שוין געאָפענט... אין צויזמיר האָט מען אפילו דאָס טהיי־הויז, וואָס מען האָט לעצטענס געאָפפענט פיר אָרימע לייט דעם גובערנאַטאָר צוליעב, — פערמאַכט... יוסעל הייבט אָן קלערען, אַז אין זיין פינסטער מזל וועט זיך פון אַללעם אויסלאָזען אַ בוידעם... אָדער אַז זיין שטעדטיל איז אויך אַזא מין בירמינגהאַם, אַז אויף איהר האָט אויך די מגפה קיין שליטה נישט. ער הייבט צוריק אָן אומרוהיג צו שלאָפען, ער הייבט אפילו אָן צו זיין אונרוהיג ביי טאָג. די כלות רוקען זיך איהם אָב אַלץ ווייטער און ווייטער, און, אויסער די איינע האַלבע שעה, ווענן ער טרעפט זיך און רעדט מיט סאַוויצקין, האָט ער קיין רגע רוה.

ער זעהט בחוש, אז די שטאָדט־לייט ווערען אַללע מאָל רוהיגער אונ רוהי־גער... דערווייל איז נאָך געקוממען אַ ידיעה, אַז אין די דאָרפער ארום איז שוין גאַר שטילל אין גאַנצען. דאָס גאַנצע שטאָדטעל האָט אופגעלעבט; די ווייבער האָבען אויפגעהערט צו מאַכען יללות אין „עזרת נשים", יונגערע קוממען שוין אפילו נישט דאַוונען, נור, ווי אמאָל, משבת לשבת; דעם רופא'ס ווייב קלערט שוין צוריק אָנצוטהון דאָס שייטעל. אויפ'ן באָדערם דיענסט רעדט מען ווייטער אָסור לדבר אונ מען האָט זי שוין אפילו פערמסר'ט פאַר'ן רב. עפיס אַ משכיל הייבט אָן ווייטער צו שרייבען לשון קודש, תבואה־סוחרים הייבען אָן ארויסצופאָהרען, מעקלער פער־ד'ענען, זאָנטאַג איז דער מאַרק פולל מיט פויערן, די שענקען לייזען; מען לייזט אויך פאַר זאַלץ, פאַר נאַפט אונ אַנדערע סחורות. דאָס שטאָדטעל קריגט צוריק די אַלטע צורה, די פאַרהאָנגליך פון די פענסטער זענען פערשווינדען, סאַוויצקי'ס גאַסס האָט צוריק אויפגעלעבט.

יוסלען ווערט טאָג־טעגליך אָרגער!...

עס פאַלט שוין אויף איהם טהייל מאָל צוריק די אַלטע מרה־שחורה. אויפ'ן אָרט פון כלות, זעהט ער שטענדיג פאַר זיך דען שטריק אויפ'ן שוהל־בוידעם. ער זעהט ווי ער הוידעט זיך; ער ווינקט איהם, ער רופט איהן: קום, קים! ווער פטור קהל, ווערט פטור דאָס ביטטערע יתום'ישע לעבען! נור ער שטאַרקט זיך נאָך; סאַוויצקי איז פאָרט אַ דאָקטאָר, ער מוז דאָך וויססען! אונ סאַוויצקי האַלט זיך אַלץ ביי זיינעם!

איינמאָל האָט יוסיל סאַוויצקין אונטער דער שטאָדט ניט געטראָפען אונ דוקא אינ'ם ערגסטען טאָג, וואָס יוסיל האָט דאַמאָל געהאַט.

באַלד אין דער פריה, קוים וואָס ער האָט זיך אויפגעחאַפט, עס איז נאָך פינסטער געוועזען אין בית המדרש, אי'ז אריין דער שמש מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה: האָרסט יוסיל! פון ראַחעווו איז שוין דער דאָקטאָר מיט'ן כטורענט אָבגעפאָהרען! אונ ביי נאַכט — האָרסט — בשעת'ן מולד, האָט געחאַפט אַ שטאַרקער פראָסט, אַיין אייזער־נער פראָסט! אוים מגפה! האָט דער שמש אויסגעשריגען אונ איז געלאָפען קלאַפפען „אין שוהל אריין" מיט דער בשורה טובה.

יוסיל האָט זיך געשווינד אָנגעטהון, דאָס הייסט: ער האָט געחאַפט אויף זיך די קאפאָטע, מיט וועלכער ער האָט זיך צוגעדעקט, אונ אָנגעהויבען שפרייזען אונ־רוהיג איבער'ן בית המדרש, אַללע מאָל צוגעשפרונגען צו'ם פענסטער, זעהען צו עס ווערט נישט טאָג; צו עס איז שוין נישט צייט אַרויסצולויפען צו סאַוויצקין. קוים איז טאָג געוואָרען האָט ער אָבגעדאַווינט, אונ איז אַרויסגעלאָפען, אומגעגעססען, אונטער דער שטאָדט. ער פיהלט, אז אָהן סאַוויצקים טרייסט קאָנן איהם דאָס האַרץ פלאַצען.

הונגעריג האָט ער זיך אַזוי אַרומגעדרעהט ביז מיטטאָג־צייט; סאַוויצקי איז נישט געקוממען, ער מוז וואַרטען. עס פֿלעגט אָפֿט טרעפֿפֿען, אַז סאַוויצקי איז געקוממען ערשט נאָך מיטטאָג.

ער איז הונגעריג, שטאַרק הונגעריג, עס פֿאַלט איהם דאָך נישט איין צו געהן אין שטאָדט אַריין עססען; ער מוז וואַרטען אויף סאַוויצקין! אָהן איהם, אָהן זיין טרייסט וועט איהם קיין ביססען נישט דורכ'ן האַלז; ער וועט נאָך האָבען אַ שרעקליכע נאַכט. עס וועט איהם ווייטער ציהען דער שטריק... ניין, ער מאָג איינמאָל פֿאַסטען! עס געהט אַוועק נאָך אַ שעה, עס ווערט טונקעלער. דער מאַט־טער פֿלעק פֿון דער ווינטער־זונן אונטער'ן וואָלקען לאָזט זיך אַלץ נידריגער אַראָב, און וועט באַלד פֿערשוואונדען ווערען אונטער וואַסיל'ס מיהל. ער ציטטערט פֿאַר קאָלט; ער לויפֿט זיך איבער, קלאַפּט איין האַנד אין צווייטער, זיך צו דערוואַרמען, און סאַוויצקי ווייזט זיך אַלץ נישט! אַזוי פֿערשפּעטיגט האָט ער זיך נאָך קיין איינ־ציג מאָל נישט.

ער הייבט אָן קלערען, אַז סאַוויצקין האָט געמוזט איין אונגליק טרעפֿפֿען; ער האָט געמוזט קראַנק ווערען, אַוועק פֿאַללען... און אפשר גאָר — ווערט ער באַז — שפּיעלט ער אין קאָרטען, אַ קשיא אויף אַ גוי! און דער פֿלעק פֿון דער זונן זעצט זיך אַלץ טיעפֿער און טיעפֿער, און פֿון דער צווייטער, רייגערער זייט היממעל, ווייזט זיך איין אַנדערער ווייסער דינטשיקער פֿלעק ווי אַ שערבּ, דאָס איז די יונגע לבנה... עס איז שוין מנחה צייט.

יוסיל פֿערליערט די האָפֿפֿענונג; סאַוויצקי וועט שוין זיכער נישט קוממען; עס חאַפּט איהן אָן אַ געוויין. הונגעריג און געפֿרוירען לויפֿט ער אין בית המדרש אַריין חאַטש אָבדאַווענען מנחה־מעריב.

אין גאַסס האָט ער כמעט קיינען נישט בעגעגענט. די מאַננער זעננען ביים דאַווענען, נור דורך די שויבען־טיהרען פֿון די קליינע געוועלבלעך רייסט זיך אַללע מאָל אַרויס אַ פֿראָהליך ווייבעריש קול, וואָס יאָגט איהן נאָך ביז די בית־המדרש־טראָפּ; עס ציטטערן אונטער איהם די פֿיס פֿאַר מיעדקייט און פֿאַר שרעק; עס האָט געמוזט קוממען נאָך אַ פֿראָהליכערע ידיעה, אַז די ווייבער רעדען אַזוי הויך און לאַכען.

ער הייבט זיך קוים אויף די טראָפּ. אונטער דער טהיר בלייבט ער שטעהן; ער האָט נישט דאָס האַרץ אַראָבצודריקען די קליאַמקע; מען דאַווענט נאָך נישט, נור דער עולם רעדט אַזוי געדיכט, אַזוי פֿראַהליך: נאַטש ווייסט. וואָס פֿאַר אַ נחת די בעלי בתים האָבען!

פֿלוצים ווערט ער באַז און פּראַלט אויף די טהיר. —

— און סאַוויצקי — זעננען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס ער האָט

דערהאַרט — איז אויך עוין, ב"ה, אוועקגעפאָהרען, פּליטה געמאַכט!

— זיכער? פרעגט עטיץ.

— אַלליין געזעהען! אַנטפערט אַ צווייטער — מיט מיינע אייגענע אויגען.

יוסיל האָט מעהר נישט געהאָרט; די פיס האָבען זיך איהם אונטערגעהאַקט, דער גאַנצער גוף האָט אָנגעהויבען ציטערן; ער האָט זיך קוים צוגעשלעפט צו'ן אַ באַנק און איז געבליעבען זיצען ווי פערשטיינערט מיט גרויסע, אַרויסגעזעצטע אויגען...

6.

# דער סוף.

דער פראָהליכער עולם האָט עס נישט בעמערקט; מען איז אַרויסגעגאַנגען נאָך מעריב (טהייל ערשט נאָך אַ בלאַטט גמרא, צו אַ פרק משניות) און איבער-געלאָזט יוסלען אַליין ווי תמיד, אפילו דעם בעל הבית, ביי וועלכען ער האָט היינט געדאַרפט עססען, איז גאָר נישט איינגעפאַללען צו צו-געהן און פראַגען, פאַר וואָס ער איז היינט נישט געקוממען צום פרישטיק און געהט נישט צו דער וויעשטשערע. ער האָט זיך גלייך מיט אַללע אהיים געיאָגט, דערצאָהלען ווייב און קינד די בשורה טובה, אַז סאַוויצקי האָט פּליטה געמאַכט, אַז מען איז דעם חמץ אויך פטור געוואָרען.

ערשט דען צווייטען טאָג האָט מען בעמערקט אַז יוסיל פעהלט; דען דריטטען טאָג, אַז מען האָט אויף איהם געדיכטער איינער ביים אַנדערן געפראָגט. האָט מען געאָנפערט, אַז דער שוואַרצער יאָהר האָט איהן ניט צוגענוממען און דער שמש האָט אַלליין איינגעהייצט. דער אויוען האָט געררויכט, און מען האָט אַ גאַנ-צען טאָג פון יוסלען גערעדט; צום אויוען איז ער גראָד אַ בריה. מען הייבט אָן קלערען, צו ער איז נישט אוועק קיין ארץ ישראל, אָדער קיין אַרגענטינא? ער האָט אפילו נישט געהאַט אַ דרייער אויף הוצאות, נור אַ קשיא אויף אַ מעשה, וועט ער געהן אויפ'ן וועג אין די הייזע-!

ערשט אויפ'ן זעקסטען טאָג, אַז מען האָט געקריגען אַ ידיעה, אַז עס קוממט אַ רעוויזאָר אויף פאַטענטען, האָט דער ערשטער סוחר, וואָס איז אַרויף אויפ'ן שוהל בוידעם בעהאַלטען אַ שטיקעל אויסלאַנדישען סאַמעט, דערזעהען יוסלען הענגען שוין פערשטאַרט.

# הכנסת כלה.

## (פון גביריש־חסידישען לעבען).

---

ר׳ עוזר האָפּענדשטאַנד איז — קיין עין־הרע — אַ יוד — אַ גביר; אַ גביר, אָפּשר אַ מיליאָנער! ער האָט שוין עפּים צו זאָגען אויף דער וועלט, אויף יענער — אַ וודאי!

אָט, זיצט ער ביי׳ם טיש און עסט.

אַ טיש — ווער מיר גוטס געגנט! די סעודה הייבט זיך אָן מיט הערינג, קילקעס, סערדינען...

זילבער — ווי האָלץ! עס בלאַנקט אויפ׳ן טיש, אינ׳ם אָפּפענעם קרעדענץ; אַרום אויף די וואַנד הענגען אַ צעהן זילבערנע טאַצען, וואָס קאָנען שוין אין קרעדענץ נישט אַריין. פון איבער דער שאַנק בליצט אַראָב אַ גרויסע חנוכה־לאָמפּ מיט אויסגעשניצטע בלומענראָהרען, און אין ביידע זייטען שטעהען, ווי אויף דער וואַך, צוויי אונגעהייערע שבת׳ניקעס.

ר׳ עוזר איז אַ קליין, דאַר יודעל און ווערט אין גאַנצען פערלוירען אינ׳ם גרויסען, מיט רויטען סאַמעט אויסגעבעטטען פאַטערשטוהל. נור איבער דער אָנלעהן גלאַנצט זיין גרין־סאַמעטען, הויך, ברייט און שטייף אויפגעשטעלט היטטעל, די פאָרם איז זיין אייגענע ערפינדונג! דערמיט וועט ער איבערגעהן אין דער חסידישער וועלגעשיכטע אויף אייביג!

ער וועט שוין האַלטען אין גן־עדן ביי משניות (אָנהייבען וועט ער טראַף!) און אונזערע אוראייניקליך (אַזוי האָפּט ער) וועללען נאָך טראָגען זיין פאָרם אויף די הוילע קאָפּ.

ער עסט שווייגענדיג. מיט ערנסט־איינגעצויגענע שטערן און ברעמען.

דער לאַנגער טיש איז בעזעצט — אין דער רעכטער האַנד מיט אַ שורה נקבות: זיין ווייב, צוויי טאָכטער, אַ שנור מיט דריי אייניקלעך; אין דער לינקער האַנד זיצען מאַנספערזאָנען: צוויי זיהן, איין איידעם און זייערע דריי חדר־יונגלעך.

דאָס ווייב זיינס טראָגט איין אויסגעשטיקט האָהר־באַנד אונטער אַ טיעפּע קאָפּקע אַרום וועלכער עס יאָגען זיך אַרום אַ סך רויטע, ברייטע באָנדער —, די טאָכטער טראָגען שייטלען, די שנור — שוין פריזיעטע „קרעפּינקעס“.

די מיידליך דאַרפען זיך נישט די האָהר צו פערשטעללען, נור די „גרזיווקעס“

יאָגען זיך אַרום צו פרייַ אויף די שמאָלע שטערען! נישט גערן וועללען זיי שוין גאָהלען די האָהר!

אַ פּאָר יאָהר צוריק, איז נאָך אויבען־אָן ר׳ עזר׳ס מוטטער געזעססען! אַ יודענע אין אַ שטערענטיכעל פֿאַר עטליכע טויזענד רובל אונ אַ ברוסטיכעל אויף אייגנעפּאַללענעם, אַלטען הארץ, וואָס האָט אויך (דאָס שטערענטיכעל מיין איך) נישט וועלוועלער געקאָסט; נור זי איז געשטאָרבען!

די מאָנגער זעהען אויך נישט גלייך אוים. ר׳ עזר אַלליין זיצט אין זיין חסידי־שען צילינדער. דער זוהן — אין אַ שפּיטציגע, די איידעמעם אין פּלאַכע, קאַנ־טיגע יארמולקעם. די חדר־יונגלעך טראָגען שוין „קאַשקעטלעך“, אויף וועלכע ר׳ עזר ווארפט אַללע מאָל אַ בייז אויג; עס דאַכט זיך איהם, אַז דער היטעל־מאַכער האָט פֿערשמאָלט אונ פערקירצט די פֿאָרם!

יענע וואָך איז נאָך דאָ געזעססען אַ מלמד אין אַ קאַפּטאַן מיט סטראָקים; האָט מען איהן שוין אויפגענוממען פֿאַר אַ רב אין אַ שטאָדטעל, אונ ר׳ עזר דאַרף ערשט פֿאָהרען צום רבין פֿראָגען אויף אַ נייען מלמד. גלאַט אַזוי לאָסט ער נישט אין שטוב אַריין!

ער עסט אָהן צאָהן אונ זיפֿצט.

ער קוקט זיך צו אונ זעהט, ווי די צייט רייסט אַללע מינוט אָב אַ פּיצעל פֿון דער חינעזישער מויער, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי קונציג אַרומגענוממען, אָב צו טהיילען זיך פֿון דער אַפּקורסישער גרויסער וועלט, צו וועלכער ער געהאָר לויט׳ן פֿערמאָגען. זי, די נייע צייט, גנבית זיך אַריין ווי אַ וואססער אין זיין אַלטער תיבה, אין וועלכער ער האָט געוואָלט איבערשווימען דאָס „דייטשע מבול“, אַז קיינער פֿון זיין משפחה זאָלל זיך אפילו די פֿים נישט איינגאָצען! נור עס געהט נישט!

איין אייניקיל אַ מאָדעל — האָט מען נור געלערנט אַ ביסל שרייבען, האָט מען זי שוין געחאַפּט לעזען אַ ראָמאַן, אַ שנור האָט זי פֿערמסרט; מן הסתם איז „ראָ־מאנען“ נישט קיין גוטס.

דעם צווייטען אייניקיל — אַ יונגעל — איז פּלוצלינג אַריין אַ דבּק — ער האָט דוקא געוואָלט געהן אין שקאָלע. עס האָט נישט געהאָלפֿען, קיין רעדען, קיין בעַ־טען, קיין חלש׳ן, קיין שלאָג אפילו... מען האָט איהם קוים איינגענוממען מיט אַ גאָלדענען זייגער!

ער ציהט אַיין נאָך פֿעסטער די ברעמען — ער זעהט בחוש, מיט זיינע אוים־געוויינטע, אַלטע אויגען, מיט וועלכע ער האָט אַזוי פֿיעל תהלים געזאָגט, אַזוי פֿיעל געלד געצאָהלט אונ אַזוי פֿיעל וועלט געזעהען, אַז די צייט האָט קיין

רחמנות נישט, אז זי ווישט און ווישט אָב דאָס אַלטע, דאָס פערשימעלטע, דאָס היילינע!

---

עס אָפּפענט זיך די טהיר.

עס קומט אַריין איין איבערגעבויגענער יוד מיט א ווייסער צופלאָשעטער באָרד, וואָס פלאָנטעט זיך צוזאַממען מיט די פאָדעם פון דער אַלטער אָבגעריבענער קאַפּאָטע, א בלייך פּנים אונטער איין אויסגעפּעצט היטעל.

דער דלות אַלליין איז אַריין געקוממען —

— שלום עליכם, מענדעל, — רופט צו איהם דער מיליאָנער.

— עליכם שלום, עוזר, — אָנטפערט מענדעל־דלות.

ער געהט צו צום טיש, דער בעל־הבית וויקקעלט זיך אַרום די האַנד אין א סערוועט און דערלאַנגט איהם „שלום־עליכם".

דאָס אייגענע טהוען די איידעמעס, די אייניקליך, נור איינער פון זיי פערקרימט זיך. —

מען זאָלל איהם נאָך א ברעלאָק קויפען צום זייגעריל, וואָלט ער זיך אָפשר נישט פערקרימט אויך.

מענדעל בעמערקט עס נישט.

— עפּיס האסט דו, עוזר, צו פיעל ווייבער ביי'ם טיש! שמייכעלט ער.

— סאַמע אייגענע! אָנטפערט עוזר ערנסט און מיט א זיפץ;

אין האַרץ איז ער מסופק, אויב א שנור איז איין אייגענע.

— ווייסט דו וואָס, עוזר, מאַכט ווייטער מענדעל, איך וועלל נעמען א טרונק בראָנפען.

— נו!

— נו, שקצים'ליך — מאַכט דער דלות צו די אייניקליך — לאָזט מיך צו!

ער רוקט זיך אַריין צווישען צוויי שטוהלען און נעמט א ביסל בראָנפען.

— און פערבייסען? פראָגט ער, אויפהייבענדיג די פייכטע אויגען צו דער בעל־הבית'טע.

עוזר גיט א וואָרף איין אויג, שיין מיט א גרימצאָרן, אויף דער גאַנצער שורה ווייבער: וואָס איז, זיי זעהען נישט, אַז מען דאַרף צו פערבייסען?

דאָס ווייב פערשטעהט דעןווינק, עס גלוסט איהר דאָך, א פּנים, נישט אויפ־צוהעבען —

— חאַפּט א שטיקל פאָלקע! מאַכט זי.

— אָבער גאָר לא — אָנטפערט מענדעל, צו דעם וועלל איך מיך ערשט וואַ־שיין, כדבעי! דערווייל — לעקיך, לעקיך קומט מיר.

— זאָג נור, שרה — פֿראָגט ער איבער די בעל־הבית׳טע — האָסט דען גאָר נישט חתונה געמאַכט איבער דער צייט, האַ?

איינע פֿון די מאָדליך פֿערקרימט זיך און טראָגט דאָך צו אַ שטיקל לעקעך פֿון קרעדענץ.

מענדעל־דלות טרינקט לחיים און פֿערבייסט.

— צונד, געה איך מיך וואַשען.

ער קוקט זיך אום, דערזעהט אַ האַנדפֿאַסס, צו וועלכען ער געהט צו.

אַ דינסט טראָגט דערוויל אַריין אַ קאַכעדיגע וואַזע.

עוזר שיקט ווייטער צום ווייב אַ צאָרניגען בליק.

— טראָג דערוויל צוריק! קאָמאַנדירט דאָס ווייב, געקוממען אַ גאַסט.

די דינסט וואַרפֿט אַ קרום אויג אויפֿ׳ן דלות, און געהט צוריק.

---

נאָכ׳ן עססען און נאָכ׳ן בענשען מזומן, האָט מענדעל־דלות אַרויס געזאָגט די ווייבער פֿון שטוב מיט אַ בייסענדיגען רויך פֿון זיין ליולקע־ציבעך.

ער קוקט זיך ווייטער אום און דערזעהט וואָס ער זוכט; דער קאָפּ איז איהם שווערליך; ער האָט שוין לאַנג אַזאַ שווערען מאַגען נישט געהאַט. ער הייבט זיך אויף פֿון שטוהל און ציהט זיך אויס אויף אַ קאַנאַפּע.

— ווילסט אביסל שלאָפֿען? פֿראָגט עוזר.

— יאָ, איך וועל דערנאָך מיט דיר רעדען. איך וועל, אם ירצה השם, ביי דיר זיין אַ פּאָר טאָג.

נו, שלאָף — מאַכט עוזר און געהט אַרויס; די רעשט בני־בית געהט איהם נאָך.

---

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז עוזר צוריק געקוממען און געטראָפֿען שוין מענדלען ליגען מיט אָפֿענע אויגען.

— נו, וואָס מאַכסט דו, מענדעל? פֿראָגט ער איהן און זעצט זיך איהם צו־קאָפּענס אויף אַ שטוהל.

— אַזוי, ענטפֿערט מענדעל, האָסט נישט אַ גלאָז טהע?

עוזר קלינגט און בעשטעלט ביי׳ם ווייב, וואָס ווייזט זיך אין טהיר, דעם סאַמאָוואַר.

מענדעל גענעצט.

— וואָס טהוסט דו, אייגענטליך, דאָ? פֿראָגט דער גביר.

— וואָס איך טהו דאָ, ווילסט דו וויססען? חזרט מענדעל־דלות איבער די שאלה — ד׳מאַך חתונה! —

— דיין שמערלען?

— ניין, ד׳האָב נאָך איין אַלטערע טאָכטער...

— אַזוי?

— ווי דען...

— נו?

— נו, נו! דאַרף מען... פֿערשטעהסט דו, נדן...

— ביי מיר האָסט דו שוין אַ פֿינף און צוואַנציגער!

— איך לאָך אוים דיין טאַטען, זאָגט מענדעל און זעצט זיך אויף.

— וויפֿיעל דען מיינסט דו?...

— וויפֿיעל איך מיין? איך דאַרף פֿינף הונדערט רובל!

— פֿינף הונדערט רובל? וואונדערט זיך דער מיליאָנער.

— ד׳האָב צו געזאָגט!

— נו? און אַז מען זאָגט צו?

— שוטה! דאָס האָב איך ביי׳ם צוזאָגען געמיינט, מאַכט זיך אָבער אַ מעשה... האָר, וואָס עס קאָנן זיך טרעפֿפֿען! מיין טאָכטער וועדט נישט בקו הבריאה... נאַ דיר אַ שמעק טאַביק פֿאַר דער גאַנצער קראַנק... וויים איך וואָס! נור — דו קאָנסט דאָך מאָטי שייגעץ? — איך האָב מיך מיט׳ן צו קריעגט וועגען עפּיס, געהט ער, ימח־שמו, און פֿערמסרט פֿאַר׳ן מחותן...

— וואָס רעדסט דו? פֿערקרימט זיך ר׳ עזר?

— אַזוי ווי דו האָרסט, בעשטאָטיגט מענדעל.

— אַ פּושע ישראל!

— איך פֿאָהר צונד אַריין צו׳ם רבין — וואָס קלערסט דו? ער וועט האָבען זיין פּסק! נור אָבגעטהון האָט ער! ער האָט נאָך, ימח־שמו, געשריבען: „חולי נופל״, און — מיר מאָגסט דו גלויבען — געוואָרפֿען האָט זי זיך איינמאָל אין גאַנצען, אָפּשר צוויי מאָל?

מענדעל רוהט זיך אָב און פּיקט אַ ביסל פֿון דער קאַלטער ליולקע.

— נאַ דיר אַ ציגאַר, מאַכט דער גביר.

מענדעל נעמט און פֿעררייכערט.

— פֿערשטעהסט — מאַכט ער וויטער — צונד זאָגט דער מחותן, אַז ער וויל דאָס גאַנצע געלד.

— ס׳אַ העזה פֿון עם! בּאָזערט זיך דער גביר.

אַוודאי! נור דער כּלב — פֿערשטעהסט דו — וויל אָבלאָזען דעם שדוך! ער וויל אַזוי־ערנאָך מיינער פּטור ווערען אָהן חצי־נדן־קנס!

— אַ חכם! לץ׳ט דער גביר.

— איך האָר איהן, ווי די קאַטץ! נור פֿערשטופּען דעם טרפה׳נעם פּסק מוז

אין. דאַרף איך טאַקי די גאַנצע פינף הונדערט קאַרבאָוינעס׳

— אונ פאַר וואָס נור ביי מיר?

— חוץ מזה — פיהרט מענדעל־דלות ווייטער זיין זאַך — איז חתונה הוצאות, ווי דער סדר עולם איז... חתונה קליידער האָב איך שוין.

— אונ אַלץ איך? — פראָגט נאָך אַמאָל ר׳ עוזר נישט זעהר צופריעדען — פאַר וואָס געהסט דו נישט צו בערלען, צו חיימ׳ן?...

— ד׳בעט דיך זעהר, באַזערט זיך דער דלות — וואָס ווילסט דו פון מיין לעבען האָבען? איך האָב כח צו אייערע שטיינערנע גאַססען, צו אייערע טראָפּפּ? איך זאָלל אויף דער אַלטער קלינגען אונטער די טהירען!

מענדעל שטעלט זיך אויף.

— מענשען — שפּריצט ער מיט אַ כעס — וואהנען אין גאַססען, וואָס זעננען לאַנג ווי דאָס גלות... מעהר טראָפּפּ ווי הויז... אונ איך לייד אויף אַסטמא, זאָלל איך געהען! געה דו! גיב אומגעגאַנגען... מיין דאגה?! אז איך האָב געהאַט, האָב איך געגעבען!

עוזר שווייגט, אונ מענדעל זעצט זיך צוריק.

— נור וואו איז דיין טהיי? פראָגט ער אומגעדולדיג.

עוזר קלינגט נאָך אַמאָל אונ פון דער צווייטער שטוב הערט זיך דעם ווייבס תשובה, אז עס וועט באַלד זיין.

מענדעל געניצט ווייטער.

— איך מיין באמת — מאַכט ווי׳טער עוזר — פערלאַנגסט דו איך זאָלל אין גאַנצען געבען! דאַרפסט דאָך האָבען „יהדות״!

— חס ושלום — אַנטפערט מענדעל — נעם וואו דו ווילסט, נור איך געהן קאָנן נישט! איך קאָנן נישט!

— וואָס דענן ווילסט דו?

— האָר, עוזר! איך דאַרף 500 רובל נדן אונ אַ 50 רובל חתונה הוצאות, אַ ביסל חתונה קליידער האָב איך... מיט דער רעשט וועלל איך איהם שוין אָנפּיי־פען דעם אַלטען תרח... איז בסך־הכל — 550 רובל... פון דעם טאָר שוין קיין דרייער נישט פעהלען!

עוזר שאָקעלט מיט׳ן קאָפּף כמעט אויף יאָ.

— אונ דערויף — זאָגט מענדעל — האָב איך דאָס!

ער וואַרפט אַרויס פון בוזעם אויף עוזר׳ס שויס אַ פערפעצט לייווענטען ביטעלע.

— צאָהל, מאַכט ער.

עוזר נעמט אַרויס אַ פעקקיל פערקנוילטע באַנקאַצעטטעל אונ צאָהלט אויס 164 רובל.

— איך האָב פערקויפט — פערטייטשט איהם מענדעל — די שטוב מיינע, האָב איך דאָס געלד!

עוזר לעגט צוריק דאָס געלד אין ביטעל אריין אונ וויל עס צוריק געבען מענדלען.

— ניין — וועהרט זיך מענדעל אָב — איך האָב געשוואָללענע פיס... געהן וועל איך נישט... דאָס געלד האַלט שוין ביי דיר... איך וועל דאָ זיין עט־ליכע טאָג, וועסט האָבען גענוג צייט! אגב — וועל איך מיר ביי דיר אביסל אָברוהען אונ אָנעססען זיך — פערשטעהסט! צייט האָסט דו גענוג!... פאַר'ן אַוועק פאָהרען וועסט דו מיר געבען דיינס אשלישית אויף 500 רובל, 50 רובל מזומן אויף חתונה הוצאות אונ אפינפער רובל צו פאָהרען קיין גער. — נעמען מאָגסט דו ביי וועמען דו ווילסט... נישט מיין דאגה!

— נו! ברומט עוזר —

— אונ אין גער — מאַכט מענדעל — וועלל איך שוין בלייבען... וועט זיך מיר גלוסטען, וועלל איך אַריינפאַללען צו דיר אויף אפאָר וואָכען.

— נו! ברומט וויטער ר' עוזר.

— שלאָפען — מאַכט מענדעל — וועלל איך טאַקי, אויב איך וועלל קוממען, דאָ, אויף דער קאַנאַפע, אַוואָהלע קאַנאַפע...

## חֲתוּנָה גֶעהַאט.

(ערצאָהלט פון אפרוי).

איך געדענק מיך נאָך פון דער צייט, ווען איך האָב אין צייכען געשפיעלט אונ זוממער־צייט אויפ'ן הויף פון לוים חלות געבאַקקען; ווינטער בין איך אגאַנצען טאָג געזעססען אין שטוב אונ געוויעגט אקליין ברודערל, וואָס איז געבוירען גע־וואָרען קראַנק אונ האָט געקראָנקט ביז צום זיבענטען יאָהר, ווען עס איז געשטאָר־בען אויף איין אונטערגאַנג. —

זוממער, כל זמן די זונן האָט געשיינט, איז דאָס אומגליקליכע בעשאָפּניס געזעססען אויפ'ן הויף, געוואַרמט זיך אויף דער זונן אונ געקוקט, ווי איך שפיעל אין צייכען.

ווינטער איז עס פון וויעג נישט אַרויס, אונ איך האָב איהם מעשות פער־צאָהלט אונ ליעדליך געזונגען. די רעשט ברידער זעננען אַללע אין חדר געוועזען.

די מאַמע איז שטאַנדיג געוועזען פֿערנומען, אפשר 10 פרנסות האָט זי גע־האַט, די אַרימע מאַמע: אַ פּשעקופּקע געוועזען, לעקקאָך געבאַקקען, אויף ברית'ן און חתונות געגאַנגען... טיקערין געוועזען, קברים מאָסטערין, זאָגערין, און אַזוי איין איינקייפֿערין פֿאַר בעלי־בתּישע הייזער.

דער טאַטע איז פֿאַר 3 רובל אַ וואָך געוועזען אַ שרייבער ביי ר' זיינוויל טער־קעלבוים אין וואַלד. — און דעמאָלט זענען נאָך די גוטע צייטען געוועזען: די מלמדים — בעצאָהלט, דירה־געלד — כמעט צו דער צייט, קיין טרוקקען ברויט אין מויל אַריין האָט נישט געפֿעהלט.

טהייל מאָל האָט די מאַמע אויף וויעטשערע צ קולישע געמאַכט. דע־מאָלט איז שוין אַ גאַנצער יום־טוב געוועזען. דאָך האָט עס זעלטען פּאַססירט;

די מאַמע פֿלעגט מעהרסטען טהיילס אַהיים קוממען שפּאָט, מיעד; גאַנץ אָפּט פֿערווייגט און פֿערביטטערט. זי קלאָגט זיך, אַז עס ווערען איהר ביי די בעלי־הבית'טעס חובות פֿערפֿאַללען; אַז מען הייסט איהר אויסלעגען, דער־נאָך — קוממען מאָרגען און איבערמאָרגען... דערווייל ווערען נייע קניות גע־מאַכט, און צום סוף, אַז עס קומט צום חשבון, געדענקט נישט די בעל־הבית'טע, צו זי האָט נישט בעצאָהלט פֿאַר'ן אייערנאַכטיגען האַלב־קוואַרטירעל פּוטטער... מען „שטעלט עס דערווייל אַוועק", מען מוז פֿראָגען דעם מאַנן, וואָס איז דערביי גע־וועזען: ער האָט איין אַייזערנען זכּרון, וועט אַ וודאי געדענקען, ווי אַזוי דער חשבון איז געוועזען. צום מאָרגענס ווייזט זיך אויס, אַז דער מאַנן איז אַהיים גע־קוממען צו שפּאָט פֿון בית־המדרש און זי האָט'ן פֿערגעססען צו פֿראָגען; דעם דריט־טען טאָג פֿערצאָהלט זי מיט אַ נחת, אַז זי האָט געפֿראָגט דעם מאַנן, נור ער האָט זיך אויף איהר געבייזערט, וואָס זי פֿערדרעהט איהם דעם קאָפּ: „ער האָט מעהר נישט וואָס צו טהון, נור אוים צוהאָרען ווייבערשע חשבונות!" און עס בלייבט, אַז זי וועט זיך אַלליין דערמאַננען.

דערנאָך העבט זיך איהר אָן דאַכטען, כמעט אויף זיכער, אַז זי האָט דאָס האַלבע־קוואַרטיערל פּוטטער פֿערדיענט; שפּעטער וואָלט זי מויערען דערויף גע־שטעלט. און, אַז די אָרימע מאַמע דערמאַנט נאָך אַמאָל וועגען קוואַרטיערל פּוט־טער, הייסט זי שוין אַ חצופה, מאַכט זי אַ בלבול, ווילל זי אויסנאַרען אַ האַלבען גילדען... איז מען זי מתרה, אַז אויב זי וועט נאָך אַמאָל אַ פּיפּיץ טהון וועגען דער פּוטטער, זאָלל זי זיך מעהר אויף די אויגען נישט ווייזען!

די מאַמע, וואָס איז אַמאָל אַ „גבירישע טאָכטער" געוועזען, און וואָלט, ווענן נישט דער פּריץ, וואָס האָט איהר צוגענוממען דעם נדן, אַלליין אַ בעל־הבית'טע געוועזען, האָט עס נישט געקאָנט לייכט איבערטראָגען; זי פֿלעגט טהייל מאָל אַהיים קוממען מיט געשוואָללענע אויגען, געוואָרפֿען זיך מיט אַ געוויין אויפ'ן

בעטט און אַזוי אָבליעגען אַ גרויסע ווילע און ווײנען, און ביטטערליך ווײנען, ביז זי האָט זיך אויסגעוויינט דאָס ביטטערע האַרץ, און איז אויפגעשטאַנגען און אָבגעקאָכט אונז אַ ביסל קליסקאַליך מיט באָבערליך.

טהייל מאָל האָט זי אויסגעלאָזט דען כעס צו אונז; אייגענטליך, דער עיקר צו מיר: דעם קראַנקען בעריל האָט זי קיינמאָל גאָר נישט געזאָגט, די ברידער פון חדר אויך גאַנץ זעלטען — זיי פלעגען געביך אַהיים קוממען אַזוי אויך מיט ברוינע בלאָהע, אויסגעקניפּענע באַקקען און אונטער געשלאָגענע אויגען; פאַר דאָס האָב איך גאַנץ אָפט געלייזט איין אומזיסטען ריסס ביי די האָהר אָדער אַזוי אַ מתנת יד.

„דו ביסט נישט קראַנק געוועזען דערוויל אָנצולעגען אַ פייער, צושטעללען אַ טאָפּעל וואַססער" — און דאָך, אַז איך האָב עס אַמאָל געטהון, איז נאָך ערגער געוועזען: „זעה נור מיין בעל-הבית'טע! גאָר נישט, אַ פייער לעגט זי אָן, דאָס האָלץ זאָלל זיך דערוויל אומזיסט און אומנישט אויסברעננען... עס אַרט זי עפּיס מיין פּראַצע? — בדלות מאַכט זי מיך!"...

טהייל מאָל האָט דער טאַטע געלייזט אונטער די אויגען; די מאַמע זעצט זיך אַנידער אויפ'ן בעטט מיט'ן פּנים צום פענסטער, און, אַרויסקוקענדיג אין דער לופט אַריין, קרעכצען: „עס אַהרט איהן עפּיס? ער זיצט זיך דאָרט אין וואַלד, ווי אַ חראַביע, שמעקט פּרישע לופט, ליעגט זיך אויפ'ן גראָז, פרעסט זויער מילך, אפשר גאָר סמעטענע, איך וויים? און דאָ דאַרען מיר די קישקעס!..."

ביי דעם אַללעם איז דערמעלט גוט געוועזען. מען האָט קיין הונגער נישט געליטטען, און נאָך אַ וואָך מיט פערשיעדענע קליינע צרות, איז געקוממען אַ פרייליכער, על כל פּנים, אַ רוהיגער שבת. דער טאַטע פלעגט אָפט אַהיים קוממען, און די מאַמע פלעגט זיך אַרומדרעהען אין אַללע ווינקעליך און בסוד סודות שמייכעלען.

אָפט פלעגט פרייטאַג פאַרנאַכט, פאַר ליכט בענשען, זי מיך קושען אין קאָפּף אַריין... איך האָב געוואוסט, וואָס דאָס בעטייט! וואָרען, אַז עס האָט געטראָפען, און דער טאַטע איז נישט אַהיים געקוממען אויף שבת, בין איך אַ „מכשפה" געוועזען! האָט מיר די מאַמע מיט'ן קאָממעל האַלב האָהר אויסגעריססען און דערצו נאָך עטליכע זעץ דערלאַנגט אין די פּלייצעס. איך האָב נישט געוויינט; מיין קינדיש האַרץ האָט געפיהלט, אַז דאָס מיינט די מאַמע נישט מיך, נור איהר טרויעריג מזל!

דערנאָך האָט זיך דער וואַלד אויסגעהאַקט, דער טאַטע איז אין דערהיים געבליבען און עס האָט אָנגעהויבען פעהלען אין מויל אַריין. געפעהלט, אייגענטליך, האָט נור דעם טאַטען, דער מאַמען און מיר; די רעשט קינדער האָבען ווענינ וואָס געוואוסט דערפון; דאָס קראַנקע ברודערל האָט גאָר נישט געדאַרפט, עס האָט

געזוכט אמאל אביסל גריץ, אויב מען האט איהם דערלאנגט, אונ אלץ אין איינעם געקוקט אויפ'ן בעליק...די אנדערע, נעביך, „געהען אין חדר אריין, זיי מוזען דאך האבען א לאפעל געקאכטס"... נור איך בין גאנץ אפט הונגעריג געוועזען.

דער טאטע מיט דער מאמען האבען שטאנדיג דערמאנט די אמאהליגע צייט מיט טרעהרען אין די אויגען; איך — פערקעהרט! איך האב מיך אין דער שלעכטער צייט בעססער געפיהלט. זייט עס האט געפעהלט ברויט אין שטוב, האט מיך די מאמע טאפפעלט ליעב בעקוממען; ביים קאממען האט זי מיר קיין האהר נישט גע-ריססען, אין די דארע ביינער אריין נישט געבוכעט; דער טאטע פלעגט מיר ביים ווארימעס גלאטטען איבער'ן קאפף אונ פערשפיעלען מיך, איך זאלל נישט זעהען, ווי מען פערטהיילט מיך, אונ איך בין נאך ביי מיר גרוים געוועזען, אז, ווענן מען דארף פאסטען, פאסט איך גלייך מיט'ן טאטען אונ מיט דער מאמען, אז איך בין שוין א גרויסע מויד!

אין דער צייט איז דאס קראנקע ברודערל געשטארבען.

געשעהען איז עס אזוי: איינמאל האט זיך די מאמע אויפגעחאפט אונ געזאגט איבער'ן בעטט צום טאטען: „ווייסט, בערל'ן איז א ודאי בעססער, ער איז א גאנ-צע נאכט געשלאפען, קיין איינציג מאל נישט געוועקט".

איך האב עס דערהארט — איך האב שטאנדיג א לייכטען שלאף געהאט — אונ בין מיט א פרייד אראב געשפרונגען פון געלעגער אויפ'ן קאסטען, אונ צו-געלאפען זעהען מיין „איינציג ברודערל" (אזוי האב איך עס גערופען, אזוי ליעב האב איך עס געהאט). איך האב געהאפט צו דערזעהען אויפ'ן פארמיטנעם פנים'ל א שמייכעל, וואס פלעגט זיך בעוויזען א מאל אין א יאהר... נור איך האב א טויט פנים געפונען.

עס איז געווארען א שבעה...

דערנאך איז דער טאטע נישט געזונד געווארען, אונ דער רופא האט אנגע-הויבען צו געהן אין שטוב אריין...

כל זמן עס איז געוועזען, ווי עס איז צו צאהלען, פלעגט אריינגעהן דער אל-טער רופא אליין; דערנאך, אז דאס גאנצע בעטטגעוואנד מיט'ן האנגעלייכטער, מיט'ן טאטענס ספרים-שאנק, וואס די מאמע האט א צייט נישט געלאזט ריהרען, זעננען אריין אין רפואות, האט דער רופא אנגעהויבען שיקקען דען „יונג".

דער יונג איז דער מאמען שרעקליך נישט געפאללען: עס שפראצען איהם עפים שפיציגע „וואנסאליך", געהט אנגעטהון ווי א גוי, אונ דערצו ווארפט ער אללע מאל אריין עטליכע ווארטער פויליש.

איך האב פאר'ן מורא געהאט, עד היום ווייס איך נישט פאר וואס. נור, ווענן ער האט געדארפט קוממען, פלעג איך ארוים לויפען אויפ'ן הויף אונ איבער-

וואַרטען ביז ער וועט אַוועק געהן.

איינמאָל איז אַ שכן קראַנק געוואָרען, אויך איין אָרימאַנן. און אויך אַ פּנים נאָך אַללע כּלים אין שטוב, און דער יונג (עד היום ווייס איך נישט, ווי אַזוי ער האָט געהייסען) איז פון אונזער שטוב אַריבער געגאַנגען צום שכן. דורכגעהענדיג דען הויף, האָט ער מיך געטראָפען זיצען אויפ׳ן קלאָץ.

איך האָב אַראָבגעלאָזט די אויגען. דערפיהלענדיג, אַז ער קומט צו מיר נאָהנטער, איז מיר קאַלט געוואָרען אין די קנאָכעל און דאָס האַרץ האָט מיר אָנגע־הויבען שטאַרקער צו שלאָגען.

ער איז צוגעקוממען, האָט מיך אָנגענוממען ביי דער גאָמבע, אויפגעהויבען מיר דען קאָפּף און געזאָגט, דוקא אויף פּראָסט יודיש:

— „אַ שאָנע מויד ווי דו ביזט, דאַרף נישט זיין צו שויבערט. דאַרף זיך אויך פאַר קיין בחור נישט שאָמען!"

ער האָט מיך אָבגעלאָזט, און איך בין אַריינגעלאָפען צוריק אין שטוב. איך האָב געפיהלט, אַז דאָס גאַנצע בלוט שלאָגט מיר אַלץ אין איינעם אין פּנים אַריין. איך האָב מיך פערדרוקט אין טונקעלסטען ווינקעל אונטערן אויבען, מכלומרשט, אויסצאָהלען די ברודיגע וואָש... דאָס איז געוועזען מיטוואָך.

פרייטאָג האָב איך דאָס ערשטע מאָל דער מאַמען אַלליין דערמאַנט, אַז מען דאַרף מיר אויסוואַשען דען קאָפּף, אַז איך בין צושויבערט.

— אַ קלאָג איז צו מיר! האָט די מאַמע פערבראָכען די האָנד, איך האָב זי דאָך דריי וואָכען נישט געקאָמט!

פּלוצלינג ווערט זי באַז:

— מכשפה! האָט זי אויסגעשריגען, אַזא גרויסע, באַז־געוואַקסענע מויד קאָנן זיך אַלליין נישט צוואָגען! איין אַנדערע אויף דיין אָרט וואָלט נאָך די אַנדערע קינ־דער געוואַשען!

— שׂרה׳לע, שריי נישט! בעט זיך דער טאַטע; נור דער מאַמעס כּעס ווערט שטאַרקער און שטאַרקער.

— מכשפה, האָרסט! שוין זאָלסט דו דיך צוואָגען! האָרסט — די אותה רגע! האָרסט!

און דאָ האָב איך מורא צו צוגעהן צים קוימען, וואו דאָס הייסע וואַססער איז געשטאַנגען, וויל, דורכגעהענדיג דורך דער מאַמען, וואָלט איך געלייזט אַ בוך. געראַטיוועט האָט מיך, ווי געוואָהנליך, דער טאַטע

— שׂרה׳לע, האָט ער געקראָכצט, שריי נישט, מיר טהוט דער קאָפּף אַזוי וויי!...

דאָס איז גענוג געוועזען. דער מאַמעס כּעס איז ווי מיט דער האַנד אַוועק

גענומען געוואָרען... איך בין פריי דורכגעגאַנגען די שטוב און צו געקומען צום טאָפּף וואַססער.

איך צוואָג מיך אומגעלימפּערט און זעה, ווי די מאַמע גערט צו צום טאַטען און ווייזט אויף מיר מיט אַ שווערען זיפץ:

— רבונו של עולם, עס וואַקסט נעביך, ווי אויף הייבען, — מאַכט זי שטיל צום טאַטען, נור מיין אויער האָט יעדעס וואָרט — שאָן ווי אַ גאָלד... און וואָס?

דער טאַטע האָט געאָנטפּערט מיט נאָך אַ טיעפּערען זיפץ.

דער רופא האָט נישט איין מאָל פּערזיכערט, אַז דעם טאַטען איז גאָר נישט. דאָס עגמת־נפש נור האָט זיך איהם געלעגט אויף דער לעבער, דעריבער איז זי אויפ־געשוואָללען און דריקט צו דאָס האַרץ; מעהר נישט! דער עיקר זאָלל ער מילך טרינקען, קיין עגמת נפש זיך נישט צולאָזען. געהען אין גאַסס אַריין... רעדען, שמועסען, זוכען זיך איין עסק... דער טאַטע האָט אָבער געזאָגט, אַז די פּיס וויללען איהן נישט טראָגען. פאַר וואָס, בין איך ערשט שפּעטער געוואָהר געוואָרען:

איינמאָל, זוממער פּאַרטאָג, האָט מיך אויפגעוועקט אַ שמועס צווישען טאַטע־מאַמע:

— ביזט דו דיך אין וואַלד, נעביך, אָנגעגאַנגען, — מאַכט די מאַמע.

— אַ שאלה דאָס איז, — אָנטפּערט דער טאַטע, — אין וואַלד האָט מען אויף צוואַנציג אָרטער געהאַקט אויף איין מאָל. פערשטעהסט, דער וואַלד איז דעם פּריץ'ס, די פּויערען האָבען אָבער סערוויטוטען: זיי קומט די צווייגען, וואָס פּאַללען אַראָב און וואַלגערן זיך אין וואַלד, ווי אויך דאָס האָלץ פון די בוימער, וואָס אַ דונגער צושלאָגט... נו, אַז מען האַקט אוים דען וואַלד, האָבען זיי דאָך היזק דען סערוויטוט, מוזען זיי זיך קויפען האָלץ צום בויען און צום הייצען. האָבען זיי, פערשטעהט זיך, געוואָלט לעגען איין אַרעשט, אַראָב ברענגען דעם קאָמיסאַר; זיי האָבען זיך אָבער צו שפּעט מישב געווען. ר' זיינוועלע האָט נור דערזעהען, אַז זיי קראַצען זיך אין די קאָפּ, האָט ער שוין געגעבען אַ בעפעהל, מען זאָלל אַנידער שטעללען נאָך 40 האַקקער! עס איז געוואָרען אַ גיהנם, אפשר אויף 20 אָרטער האָט מען געהאַקט! און זיין מוז מען אומעטום... וואָס קלערסט דו? די פּיס פּלעגען מיר געשוואָללען ווערען ווי די באָרקים...

— ווי אַ מענש זינדיגט! — קראָכצט די מאַמע — איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט דאָרט גאָר נישט וואָס צו טהון...

— אוודאי! — שמייכעלט טרויעריג דער טאַטע, — נור פון גראָהען טאָג ביז שפּעטער נאַכט אויף די פּיס!

— און אַלץ פאַר דריי רובל אַ וואָך? באָזערט זיך די מאַמע.

— ער האָט מיר צוגעזאָגט צו דערלעגען; דערוויַיל, וויסט דו דאָך, איז איהם די טראַטווע 1) אונטערגעגאַנגען... האָט ער געזאָגט, אַז ער איז בדיל הדל געוואָרען...

— און דו גלויבסט?

— עס קאָנן זיין...

— שטאָנדיג — באָזערט זיך די מאַמע — ווערט ער בדיל הדל און דאָס פּער־מאָגען וואַקסט און וואַקסט.

— אַז גאָטט העלפט, — זיפצט דער טאַטע.

עס איז שטילל אַ ווײַלע.

— ווייסט נישט, וואָס מאַכט ער? — פרעגט דער טאַטע, וואָס איז שוין כמעט אַ יאָהר נישט אַרויס פון שטוב.

— וואָס זאָלל ער מאַכען? ער האַנדעלט מיט פלאַקס, מיט אייער; אַ שענק האָט ער...

— און זי וואָס מאַכט?

— זי, נעבּיך, קראַנק...

— אַ שאָד, אַ גוט מענש —

— אַ בריליאַנט! די איינציגע בעל הבית'טע, וואָס „מאַכט נישט אַיין" אַ גראָ־שען; זי האָלט אפילו געצאָהלט צו דער צייט, נור זי האָט ביי'ן איהם וועניג וואָס צו שאַפען...

— דאַכט זיך, מאַכט דער טאַטע, דאָס דריטטע ווייב.

— אַוודאי! בעשטעטיגט די מאַמע.

— זעהסט, שרה, מאַכט דער טאַטע, דאַכט זיך שוין — אַ יוד אַ גביר... האָט ער קיין מזל נישט צו ווייבער... יעדערער האָט זיין פּעקקעל.

— און אַזא יונג בלוט! האָט צו געגעבען די מאַמע, — אין גאַנצען עטליכע אונצוואַנציג יאָהר.

— נו גע‍ה וויים? ער איז אַוודאי אַ זיבּציגער און — אייזען שטאַרק.

— ווי הייסט — ניסם קנאַקט ער!

— און אָהן אַ ברילל!...

— און זיין גאַנג; די פּאָדלאָגע ציטטערט!

— און איך, זעהסט דו, ליעג אין בעטט.

עס האָט מיך דורכגענוממען ביי די לעצטע ווערטער.

— גאָטט וועט העלפען, טרייסט די מאַמע.

1) פליטען.

— נור זי, זי... קראָכצט ווייטער דער מאַמע אונ ווארפט אַ בליק צו מיר אויפ'ן קאסטען. זי וואקסט, קיין עין הרע, ווי אויף הייבען... פארנט... האסט געזעהן?...

— אַ שאלה דאָס איז!

— אונ אַ פנים... שיינט ווי די זונן...

עס איז ווייטער שטילל געוואָרען אַ ווײַלע.

— ווייסט, שרה'לע, מאַכט ווייטער דער טאַטע, מען איז נישט יוצא פאר גאָט.

— מיט וואָס?

— מיט איהר! ווי אַלט ביסט דו געווען צו דער חתונה?

— יונגער פאר איהר!

— נו?...

נו... וואָס?

אין דער אייגענער מינוט האָט מען צוויי קלאַפּ געטהאָן אין לאָדען.

די מאַמע איז אַראָבגעשפּרונגען פון בעטט. אין איין רגע האָט זי אָבגעריססען דאָס שטריקעל, אויף וועלכען דער לאָדען האָט זיך געהאַלטען, אונ אויפגעפּראַללעט דאָס פענסטער, וואָס האָט שוין לאַנג קיין בעשלאָג נישט געהאַט.

— וואָס איז? האָט זי אַרויסגעשריגען אין גאַסס אַריין.

— רבקה זיינוועלים איז נפטר געוואָרען.

די מאַמע איז צוריק געשפּרונגען פון פענסטער.

— ברוך דיין אמת! האָט דער טאַטע אַרויסגעזאָגט... שטאַרבען איז גאָר נישט...

— ברוך דיין אמת, מאַכט די מאַמע, ערשט פון איהר גערעדט!

---

דעמאָלט האָב איך געהאַט אַ וואונדערליך אונרוהיגע צייט. איך ווייס אַלליין נישט, וואָס מיט מיר איז געוועזען.

טהייל מאָל בין איך גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען. אין די שלעפען האָבען מיר ווי האַממער געקלאַפּט אונ דאָס האַרץ האָט גענאָגט, גלייך עס וואָלט זיך געשראָקען פאר עפּיס, אָדער שרעקליך נאָך עפּיס געבאַנקט; טהייל מאָל איז מיר ווייטער אַזוי וואַרם אונ ווייך געוועזען אויפ'ן האַרץ, אַז איך האָב געוואָלט אַלץ אַרום נעמען אונ קושען אונ האַלזען.

נור וועמען? די ברידערליך האָבען זיך נישט געלאָזט; דער 5 יאָהריגער יוחנן האָט אויך געקאָפּעט אונ געשריגען, אַז ער וויל זיך נישט שפּיעלען מיט אַ מאָדעל. די מאַמע, אויסער דעם, וואָס איך האָב פאר איהר מורא געהאַט, איז שטאָנדיג

באַז און פֿעריאָגט... דער טאַטע — נאָך קראַנקער.

במשך אַ קורצער צייט איז ער אין גאַנצן גראָה געוואָרען ווי אַ טויב, דאָס פּנים איז איינגעשרומפּען געוואָרען ווי אַ פּאַרמיט, און די אויגן האָבען אַרויסגעקוקט אַזוי אומבעהאָלפען און מיט אַזאַ שטום געבעט, אַז עס געגנוג געוועזען, זיך זאָלל עס דערזעהען און אַרויס לויפען פון שטוב מיט אַ געוויין.

דעמאָלט דערמאַן איך מיך אָן מיין בעריל'ן... איהם וואָלט איך געקאָנט אַלץ פערצעהלען, קושען און האַלדזען... ליעגט ער דאָרט אין דער קאַלטער ערד, און עס חאַפּט מיך אָן נאָך אַ ביטטערליכער געוויין...

די טרערען, אייגענטליך, פלעגען זיך מיר בעווייזען גאַנץ אָפּט אָהן אַ טעם.

טהייל מאָל קוק איך פון פענסטער אַרויס אויפ'ן הויף און זעה, ווי די לבנה שווימט און שווימט צו אַללע מאָל נאָהנטער צו דער אויסגעווייסטער צוים, וואָס איז געגען אונזער פענסטער, און קאָנן די צוים נישט אַריבער שווימען.

און איך בעקום פּלוצלינג רחמנות אויף דער לבנה, עס הייבט מיך אָן קלעממען ביים האַרץ און די אויגען גיעסען און גיעסען...

טהייל מאָל ווייטער, פלעג איך אַרומגעהן מאַטט. איך פלעג מיך אַזוי אַרום וואַקלען אָהן כח מיט אַ בלאַסס פּנים און אונטער געשלאָגענע אויגען; אין די אויערן ווישט, דער קאָפּף איז שווער, און עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז מיר אַזוי נישט גוט אויף דער וועלט, אַזוי נישט גוט, אַז עס וואָלט אַמבעסטען געוועזען צו שטאַרבען.

דעמאָלט ווייטער האָב איך בעריל'ן שטאַרק מקנא געוועזען... ער ליעגט זיך דאָרט אַזוי רוהיג...

גאַנץ אָפּט אויך, האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך שטאַרב. אַז איך ליעג אין קבר, אָדער, אַז איך פליה אַרום אין הימעל אין איין העמד מיט צולאָזטע האָהר און קוק אַראָב און זעה, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך.

פונקט דעמאָלט האָב איך פערלוירען די אַללע חבר'טעס, מיט וועלכע איך האָב אַמאָל אין צייכען געשפּיעלט, און האָב שוין קיין אַנדערע נישט בעקוממען. איינע איז שוין אַרויסגעגאַנגען שבת מיט איין אַטליסענע יופּע און אַ קייט און אַ זייגער; עס האָט שוין געזאָלט זיין איהר חתונה. אַנדערע זענגען „כּלה מאָדליך" געוואָרען. שדכנים און מחותנים „האַקקען אָב די טהירען". און מען האָט זיי געקאָמט, געוואַשען, געקליידט, בשעת ווען איך בין נאָך אַרום געגאַנגען באָרפיס, אין איין אַלטע בעזינע, קורצע ספּאָדניצע, און איין אויסגעבלאַקווטע ציצינען סטאַניק, וואָס האָט אויף מיר אויפ'ן סאַמע־ראָנדע פראָנט אין עטליכע אָרטער געפּלאַצט, און איך האָב איהן צו געלאַטעט מיט איין אַנדער קאָליער ציץ... די כלה־מאָדליך האָבען מיך געמיידט און מיט יונגערע קינדער האָב איך מיר געשאָמט צו חבר'ן; אויך

האָבען מיך שוין די צייכען נישט געוויילט. ביי טאָג פלעג איך מיך דעריבער נישט אַרויסווייזען אין גאַסס אַריין. די מאַמע ווייטער האָט מיך אין ערגיץ נישט געשיקט, אונ אפילו, אַז איך האָב אַ מאָל געוואָלט געהן אַ גאַנג, נישט געלאָזט. פאַר דאָס פלעג איך מיך אָפט אַרוים חאַפּען פאַר נאַכט אונ אַרומגעהן אונטערן הויז ביי די שפּייכלער, אָדער זעצען זיך נישט ווייט פון טייך.

זוממער פלעג איך אַזוי זיצען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

אין אָנהייב פלעגט אַמאָל די מאַמע צו מיר אַרויסגעהן; צוגעגאַנגען איז זי קיינמאָל נישט, נור אין טויער זיך געשטעלט, אומגעקוקט זיך אונ אַוועקגעגאַנגען, — איך פלעג כמעט הערען ווי זי זיפצט קוקקענדיג אויף מיר פון וויטען.

מיט דער צייט האָט דאָס אויך אויפגעהערט.

איך פלעג מיר אָבזיצען איינע אַלליין שטונדענלאַנג אונ איינהערען זיך, ווי עס רוישט דאָס קליינע טייכעל, ווי עס שפּרינגען די פראָש פון גראָז אין טייך אַריין, אָדער נאָכיאָגען ערגיץ אַ לייכטען וואָלקען אין הימעל...

איך פלעג אַ מאָל האַלב איינשלאָפען מיט אָפענע אויגען.

איינמאָל האָב איך דערהערט פון ווייטענס אַ טרויעריג ליעדעל. דאָס קול איז געוועזען יונג אונ פריש, אונ עס האָט זיך מיר מיט אַ טרויער אויסגעגאָססען אינ׳ם גאַנצען לייב; עס איז געוועזען אַ יודיש ליעדעל.

דאָס זינגט דער „רופא־יונג״, — טראַכט איך, — אַנדערע וואָלטען זמירות, נישט קיין ליעדליך געזונגען.

איך טראַכט אויך, אַז מען מוז אַריין אין שטוב אונ אַזוינע ליעדלעך נישט הערען אונ מיט׳ן רופא־יונג זיך נישט טרעפען. נור אויפגעהויבען האָב איך מיך נישט; איך בין עפּיס ווי פערחלומט געוועזען, מאַטט, אונ בין געבליבען זיצען אויפ׳ן אָרט, חאָטש דאָס האַרץ איז אומרוהיג געוועזען.

דאָס ליעדעל קומט צו אַלץ נאָהנטער אונ נאָהנטער, עס געהט פון יענער זייט טייך איבער דער בריקק.

איך האָר שוין טריטט אויפ׳ן זאַמד, איך וויל ווייטער ענטלויפען, נור די פיס פאָלגען נישט אונ איך זיץ ווייטער.

ענדליך איז ער צוגעקוממען צום אָרט, וואו איך בין געזעססען.

— דו ביזט עס, לאה?

איך ענטפער נישט.

אין די אויערן רוישט מיר נאָך שטאַרקער, די שלעפען שלאָגען נאָך האַסטיגער אונ עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב קיינמאָל אַזאַ גוט אונ זיס קול נישט געהאָרט.

ער מאַכט זיך וועניג דערפון, וואָס איך ענטפער איהם נישט. ער זעצט זיך נעבען מיר אויפ׳ן קלאָץ אונ קוקט מיר גלייך אין פנים אַריין.

זיין בליק האָב איך נישט געזעהען, ווייל איך האָב די אויגען נישט אויפ־געהויבען, דאָך געפיהלט האָב איך, ווי עס האָט מיר געברענט דאָס פּנים.

— ביסט אַ שאָנע מויד, לאה, מאַכט ער צו מיר, אַ שאָד!

עס האָט מיך אָנגעחאַפּט אַ שרעקליך געוויין און איך בין ענטלאָפען.

דען צווייטען אָבענד בין איך שוין נישט אַרויסגעגאַנגען, דען דריטטען אויך נישט. נור דען פֿירטען, פֿרייטאָג צו נאַכט, איז מיר שוין אַזוי שווער געוועזען אויפ׳ן האַרץ, אַז איך האָב געמוסט אַרויסגעהען; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועלל דערשטיקט ווערען אין שטוב. ער האָט אויף מיר, אַ פּנים, אין שאָטטען, אונטער אַ הויז־ווינקעל, געוואַרט, ווייל, קוים האָב איך מיך געזעצט אויף מיין אָרט, איז ער מיר ווי אויסגעוואַקסען פֿון אונטער דער ערד.

— ענטלויף נישט פֿאַר מיר, לאָה! האָט ער זיך מיט אַ ווייך, האַרציג קול געבעטען — גלויב מיר, איך וועלל דיר קיין שלעכטס נישט טהון.

זיין ערנסט, ווייך קול האָט מיך בערוהיגט.

ער האָט אָנגעהויבען ציהען אַ שטילל טרויעריג ליעדעל, און מיר זעננען ווייטער געקוממען די טרערען אין די אויגען אַריין. איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטען, און האָב אָנגעהויבען שטילל צו וויינען.

— וואָס וויינסט דו, לאָה! האָקט ער אָב און פֿראָגט, אָננעמענדיג מיך ביי דער האַנד.

— דו זינגסט אַזוי טרויעריג — האָב איך איהם געאָנטפֿערט און אַרויסגעצויגען די האַנד פֿון זיינע.

— איך בין אַ יתום, מאַכט ער, עלענד... אין דער פֿרעמד.

עס האָט עמיץ זיך בעוויזען פֿון גאַסס און מיר זעננען זיך צולאָפֿען.

דאָס ליעדעל האָב איך מיך אויסגעלערנט און פֿלעג עס זינגען שטיללערהייט יעדע נאַכט אויפ׳ן געלעגער; דערמיט בין איך איינגעשלאָפֿען, דערמיט בין איך אויפֿגעשטאַנען. דאָך גאַנץ אָפֿט האָב איך חרטה געהאַט און געוויינט, וואָס איך האָב מיך בעקאַנט מיט אַ „רופא־יונג״, וואָס קליידט זיך דייטש און גאָלט זיך דאָס באָרדעל. וואָלט ער זיך אַזוי געטראָגען ווי דער אַלטער רופא, וואָלט ער חאָטש אַ פֿרוממער יוד געוועזען... איך האָב געוואוסט, אַז ווענן דער טאַטע ווערט עס געוואָהר, שטאַרבט ער, חס ושלום, פֿאַר עגמת נפש; די מאַמע וואָלט זיך אַ מעשה געטהאָן! דער סוד איז מיר געלעגען ווי אַ שטיין אויפ׳ן האַרץ.

איך געה צו צום טאַטענס בעטט, דערלאַנגען איהם עפּיס, אָדער די מאַמע קומט אַריין פֿון גאַסס, און איך דערמאַן מיך אָן מיין זינד, הייבען אונטער מיר אָן האַנד און פֿיס ציטטערן, און דאָס פּנים פֿערליערט דען לעצטען טראָפּען בלוט, און דאָך האָב איך איהם יעדען טאָג צוגעזאָגט, אַז איך

וועל מאָרגען אויך ארויסקוממען, אונ איך האָב נישט געהאַט פאַר וואָס פאַר איהם צו ענטלויפען. ער האָט מיר שוין אפילו ביי דער האַנד נישט אָנגענוממען, מעהר נישט געזאָגט, אַז איך בין אַ שאָנע מויד. ער האָט מיט מיר נור גערעדט, געלערנט מיך ליעדעליך... איינמאָל נור האָט ער מיר אַ שטיקל באָקסער געבראַכט.

— עסס, לאָה!

איך ווילל נישט נעמען.

— פאַר וואָס? פרעגט ער טרויעריג, פאַר וואָס ווילסט דו ביי מיר נישט נעמען?

איך האָב מיך אַרוים געחאַפט, אַז איך וואָלט בעססער געגעססען אַ שטיקעל ברויט.

---

ווי לאַנג אונזער זיצען צוזאַממען אונ זינגען האָט געדויערט, ווייס איך נישט. נור איינמאָל איז ער געקוממען טרויעריגער ווי שטאַנדיג, איך האָב עס באַלד אין זיין פנים דערקאָנט, אונ האָב׳ן געפרעגט, וואָס איז איהם.

— איך מוסס אַוועק פאָהרען.

— וואו אַהין? פרעג איך אָהן אַ קול.

— צו דער סוב-רעוויזיע.

איך האָב איהן אָנגעחאַפט ביי דער האַנד:

— צו די זעלנער וועסט דו געהען?

— ניין, האָט ער מיר געענטפערט אונ דריקט מיר די האַנד — איך בין אַ שוואַכער... איך לייד אויפ׳ן האַרץ. קיין זעלנער וועלל איך נישט זיין, נור שטעללען מוז איך מיך...

— וועסט צוריק קוממען?

— אַוודאי...

מיר שווייגען אַ ווייל.

— עס וועט נור דויערען, — מאַכט ער, — אַ פאָאר וואָכען...

איך שוויג אונ ער קוקט אויף מיר מיט אַ געבעט.

— וועסט בענקען נאָך מיר?

— יאָ... האָב איך אללייך קוים געהאָרט מיין תשובה.

מיר שווייגען ווייטער אַ ווייל.

— לאָ׳מיר זיך געזעגענען.

מיין האַנד איז נאָך געלעגען אין זיינע.

— פאָהר געזונד! האָב איך איהם געזאָגט מיט אַ פערציטטערט קול.

ער האָט זיך איבער געבויגען, מיר אַ קוש געטהון, אונ איז פערשוואונדען געוואָרען.

איך בין לאַנג געשטאַנגען ווי שכּור.

— לאָה! האָב איך דערהערט ד'ער מאַמעס קול, נור דאָס אַלטע ווייבּע, כּמעט וויגנענדיגע קול, נאָך פון דער צייט, ווענן דער טאַטע איז געזונד געוועזען.

— לאה'שע!

אַזוי האָט מען מיך שוין לאַנג נישט גערופען. איך האָב נאָך אַ מאָל אַ ציטטער געטהון און בין מיט די נאָך ברעננענדיגע ליפּען אַריינגעלאָפען אין שטוב. נור איך האָב די שטוב נישט דערקענט. אויפ'ן טיש זעננען געשטאַננען צוויי פרעמדע לייכטער מיט ברעננענדיגע ליכט, עס איז געשטאַננען בראָנפען מיט לעקקאַך— דער טאַטע איז געזעססען אויף אַ שטוהל, אָנגעלעהנט אויף אַ קישען, אויפ'ן פּנים האָט עפּיס ווי געשמייכעלט פון יעדען רינצעל אַרויס. — עס זעננען געשטאַננען נאָך באַנקליך ביים טיש, אויך פרעמדע... עס זעננען דאָ פרעמדע מענשען געוועזען — נור די מאַמע חאַפּט מיך אַרום און קושט, און האַלזט מיך:

— מזל טוב, טאָכטער, טאָכטערשי, לאה'שי, מזל טוב!

איך פערשטעה נישט, וואָס מען מיינט, נור דאָס האַרץ שרעקט זיך און קלאַפּט, און קלאַפּט אַזוי מוראָ'דיג! אַז די מאַמע האָט מיך אַרויסגעלאָזט פון די אָרם, האָט מיך דער טאַטע צוגערופען. איך האָב קיין כּח נישט געהאַט צו שטעהען און האָב מיך אַראָבלעאָזט פאַר איהם אויף די קניען און אָנגעשפּאַרט דען קאָפּף אויף זיין שויס. ער גלאָט מיר דען קאָפּף, קרייזעלט מיר די האָהר:

— וועסט שוין, קינד מיינס, נישט ליידען קיין הונגער, קיין נויט; וועסט שוין, קינד מיינס, נישט אַרומגעהען נאַקט און באָרוויס... וועסט זיין אַ נגידה... דו וועסט זיין רייך... דו וועסט פאַר דיינע ברידערליך מלמד-געלד צאָהלען... מען וועט זיי שוין פון די חדרים נישט אַרויסוואַרפען... דו וועסט אונז אויך העלפען... איך וועלל געזונד ווערען...

— און ווייסט, ווער דער חתן איז? פראָגט די מאַמע, מיט אַ פרייד — טאַקי ר' זיינוויל! טאַקי ר' זיינוויל, ער האָט אַלליין אַ שדכן געשיקט...

---

איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז געשעהן, נור אויפגעחאַפּט האָב איך מיך אויפ'ן געלעגער אין מיטן טאָג.

— געלויבּט איז גאָטט! האָט די מאַמע אויסגעשריגען.

— געלויבּט אין זיין ליעבער נאָמען! דער טאַטע.

און מען האָט מיך ווייטער געהאַלזט און געקושט. נאָך מעהר — מען האָט מיר אַיינגעמאַכטס דערלאַנגט!... אפשר וועלל איך וואַססער מיט זאַפּט? אפשר אַ ביסל וויין?

איך האָב צוריק די אויגען פערמאַכט און געקייכט מיט אַ שטיקענדיג געוויין.

— וואהל, וואהל — פרייט זיך די מאמע — זאלל זי זיך אבוויינען, מיין ארם קינד! מיר זעננען זיך אלליין שולדיג, אויף א מאל אזא נחת דערצאהלט! אזוי פלוצלינג! עס קאנן איין אדער פלאצען, חס ושלום! נור צונד געלויבט איז גאטט! וויין דיר אב דאס הארץ, זאללען אללע צרות אוועק שווימען מיט די טרערען אונ א ניי לעבען זאלל זיך אנהעבען, א נ י י לעבען...

דער מענש האט צוויי מלאכים — א גוטען אונ א שלעכטען מלאך, אונ איך בין זיכער געוועזען, אז דער גוטער מלאך הייסט מיך אינ'ם רופא־יונג פערגעססען, עססען ר' זיינוועלים איינגעמאכטס, טרינקען זיין זאפט מיט וואססער אונ קליידען זיך אויף זיין חשבון, בשעת ווענן דער שלעכטער מלאך האט מיר איינגערעדט, איך זאלל איינמאל פאר אללע מאל זאגען דעם טאטען אונ דער מאמען, אז איך ווילל נישט, באין אופן נישט.

ר' זיינוועלין האב איך נאך נישט געקאנט, איך האב'ן אפשר א מאל געזעהען, נור — אדער פערגעססען, אדער באלד נישט געוואוסט, ווענן איך זעה... נור אונטער די אויגען האב איך איהן פיינד געהאט.

באלד די צווייטע נאכט האט זיך מיר געחלומ'ט, אז איך שטעה אונטער דער חופה.

דער חתן איז ר' זיינוועלע אונ מען פיהרט מיך 7 מאל ארום איהם, נור די פיס זעננען מיר פערשטארט אונ די אונטערפיהרערקעס טראגען מיך אין דער הייך— דערנאך האט מען מיך א היים געפיהרט.

די מאמע האט אקעגען געטאנצט מיט א קוליטש, אונ עס געהט שוין די גאלדענע יאך.

איך האב מורא די אויגען אויפצוהייבען. איך בין זיכער, אז איך וועלל דערזעהען א בלינדען, אהן איין אויג, אונ א לאנגע, א שרעקליך לאנגע נאז... עס קוממט מיר א קאלטער שוויים אויפ'ן לייב — נור פלוצלינג רוימט ער מיר איין אין אויער.

— לאה'שע, א שאנע מויד ביזט דו!

אונ דאס קול איז גאר נישט פון קיין אלטען מאנן — עס איז יענעמס קול... איך אפפען אביסעל די אויגען — עס איז יענעמס פנים...

— טס! רוימט ער מיר איין, זאג נישט אויס. איך האב ר' זיינוועלין פערנארט אין וואלד אריין, אריינגעלעגט אין א זאקק, צוגעבונדען א שטיין אונ אריינגעווארפען אין טייך (אזא מעשה האט מיר אמאל די מאמע פערצאהלט) אונ בין איך דא אויף זיין ארט!

איך האב מיך אויפגעכאפט פערציטטערט.

דורך א שפארע פון לאדען, האט אריינגעשלאגען א בלאססער שיין פון דער לבנה,

און האָט בעלייכט די גאַנצע שטוב. איך בעמערק ערשט, אַז אין מיט'ן באַלקען הענגט צוריק דער הענגעללייכטער, טאַטע־מאַמע שלאָפען אויף בעטטגעוואַנד, — דער טאַטע שמייכעלט פון שלאָף, די מאַמע אָטהעמט רוהיג... און דער גוטער מלאך זאָגט מיר: אַז דו וועסט זיין גוט און פרום, וועט דער טאַטע געזונד ווערען, די מאַמע וועט אויף דער אַלטער נישט אַרבייטען אַזוי שווער און ביטטער, און פון דיינע ברידערליך, וועללען אַרויסקוממען למדנים, רבנים, גאונים; גרויסע, גרויסע יודען, מען וועט פאַר זיי צאָהלען מלמד־געלד.

— נור קושען — זאָגט דער שלעכטער מלאך — וועט דיך ר' זיינוועלע... ער וועט זיך צו דיר צוריהרען מיט די פייכטע וואָנסען... ער וועט דיך אַרומנעמען מיט די ביינערדיגע האַנד... אויך וועט ער דיך פייניגען ווי יענע ווייבער, און וועט דיך יונגערהייט יאָגען אין קבר אַריין; און ער וועט קוממען צו פאָהרען און וועט עגמת נפש האָבען, דיך קיין ליעדליך שוין נישט לערנען, וועסט שוין מיט איהם אָבענד אויף אָבענד נישט זיצען... דו וועסט זיצען מיט ר' זיינוועלין...

— ניין! הימעל און ערד זאָלל צוזאַממען קוממען! צעררייססען די תנאים! איך בין שוין נישט געשלאָפען ביז אין דער פריה.

די ערשטע האָט זיך אויפגעחאַפט די מאַמע; איך וויל מיט איהר רעדען, נור איך בין געוואָהנט אין אַללע געפאַהרען צום טאַטענס הילף.

גאָט, וועקט זיך שוין דער טאַטע.

— ווייסט, שרה'לע — זעננען זיינע ערשטע ווערטער — איך פיהל מיך גאָר גאָר גוט; וועסט זעהען, איך וועלל היינט נאָך געהן אין גאַסס אַריין.

— געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען! אַלץ אין אונזער טאָכטערס מזל, אַלץ אונזער טאָכטערס, דער צדקה'ס, זכות.

— און דער רופא איז טאַקי גערעכט; די מילך שמעקט מיר זעהר וואָהל... זיי שווייגען און דער גוטער מלאך זאָגט מיר נאָך אַמאָל:

— אַז דו וועסט גוט און פרום זיין, וועט דער טאַטע ווערען געזונד; וועט אָבער פון דיינע ליפפען אַרויס אַ זינדיג וואָרט — פאַלט ער אַוועק און שטאַרבט.

— האָרסט דו, שרה'לע — מאַכט וויטער דער טאַטע — האָר שוין אויף צו זיין אַ פשעקופקע...

— וואָס רעדסט דו?

— וואָס דו האָרסט! — איך וויל היינט נאָך זיין ביי זיינוועלין... ער וועט מיך צו נעמען צו'ן אַ געשעפט, אָדער באָרגען עטליכע רובל, וועללען מיר זיך מאַכען אַ געוועלבעל, איך וועלל שטעהן אַ ביסל, דו אַ ביסל — דערנאָך וועל איך אָנהייבען האַנדלען מיט תבואה...

— הלואי זאָלל גאָט געבען!

— אַ ודאי וועט גאָטט געבען! אַז דו וועסט היינט נעמען אויף חתונה קליידער, זאָלסט דו דיר אויך נעמען... חאָטש אויף צוויי קליידער. אונ פאַר וואָס נישט? ער האָט געהייסען נעמען, וואָס מען דאַרף; דו וועסט דאָך נישט זיין אויפ'ן אויפרופען אין דיינע בגדים.

— געה שוין געה! אָנטפערט די מאַמע — דער עיקר מוז מען די קינדער עפּיס מאַכען — ראובן געהט באָרוויס, ער האָט זיך יענע וואָך אַ האָלץ אַריינגענומען, לאָמט ער נאָך... אויך געהט צו ווינטער, מען דאַרף לייבליך אונ העמדליך, וואַטאָווע קאַפּאָטליך.

— נעם, נעם...

— האָרסט, מאַכט דער גוטער מלאך, אַז דו וועסט רעדען אַ שלעכט וואָרט, וועט די מאַמע דיינע קיין קלייד נישט האָבען, אונ דו ווייסט, אַז דאָס אַלטע פאַלט איהר אַראָב פון לייב; דיינע ברידערליך וועללען ווינטער צייט אין די גראָסטע פראָסט לויפען אין חדר אַריין באָרפיס, אונ זוממער וועללען זיי זיך אַריינגעמען האָלצער אין די פיס...

— איך זאָג דיר דען אמת — מאַכט די מאַמע, מען וואָלט געדאַרפט אַלץ אויסרעדען „ברחל בתך הקטנה", וואָרען זעהר אַ גוטער מענש איז ער נישט... מען דאַרף אָברעדען, וויפיעל ער וועט איהר פערשרייבען — וואָרען יורשים וועט זיין ווי האָלץ... וועגען אפילו נישט קיין אַקט — זאָלל ער האָטש געבען אַ חרם-קוויטל, וואָרען טאַקי, ווי לאַנג קאָנן אַזוינער לעבען? נאָך אַ יאָהר, נאָך אַ יאָהר...

— ביי וואהלטאָג — זיפצט דער טאַטע — לעבט מען לאַנג.

— לאַנג! פערגעס נישט — 70 יאָהר... טהייל מאָל ווערט איהם עפּיס ווי טויט אונטער די אויערן...

אונ דער שלעכטער מלאך זאָגט: אַז דו וועסט שווייגען, וועסט דו געהן אונטער דער חופה מיט אַ טויטען, מיט אַ מת וועסט דו לעבען... מען וועט דיך לעגן־פיהרען מיט אַ בר־מִנַן...

די מאַמע זיפצט.

— אַלץ איז ביי גאָטט אין די האַנד — מאַכט דער טאַטע.

די מאַמע זיפצט ווייטער אונ דער טאַטע זאָגט:

— אונ וואָס קאָנן מען טהון... מען האָט געקאָנט בעססער מאַכען? אַודאי, ווען איך בין געזונד, ווען איך פערדיען, ווען עס איז חאָטש דאָ טרוקקען ברויט אין שטוב...

ער האָט אָבגעהאַקט; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּיס וויינט דעם טאַטען אין האַרץ.

— וואָלט זי חאָטש יונגער געוועזען מיט אַ פּאָר יאָהר, וואָלט איך דאָס

לעצטע געטהון... ווייס איך? אֶפשר אויף דער לאָטעריע געשטעלט...
און איך האָב געשוויגען.

---

מיין 70 יאָהריגער חתן האָט געגעבען אויף חתונה־קליידער, עטליכע הונדערט גילדען דעם טאַטען און מיר אַ תוספת־כתובה אויף 150 גילדען...

מענשען האָבען געזאָגט: אַ וואָהלע־ שידוך!

איך האָב חבר'טעס בעקוממען; די מיט דער סאַמיטינע יופּע און גאָלדענעם קייט־און־זייגער, פלעגט ביי מיר זיין צוויי דריי מאָל אין טאָג. זי איז געוועזען גליק־ליך ווי די וועלט, וואָס איך האָב זי דעריאָגט, וואָס מיר האָבען חתונה אין איין חודש! איך האָב געהאַט נאָך חבר'טעס, נור זי האָט זיך צוגעקלעבט צו מיר. „יענע זעננען דאָך „סמאַרקאַטע מאָדליך"; ווער ווייסט, ווי לאַנג עס וועט נאָך ביי זיי דויערן!"

רבקה האָט חתונה פון דער פרעמד, נור עססען קאָסט וועט זי פריהער אין דער היים, 2 צו 3 יאָהר. איבער דער גאַנצע צייט וועללען מיר זיך האַלטען צו־זאַממען; זי וועט אַריינלויפען צו מיר אויף ציקאָריע, איך צו'ן איהר אויף צי־קאָריע, אָדער שבת נאָכ'ן שלאָף אויף ביילעך־יאָך.

— און אַז איך וועל ווערען אַ קינפּעטאָרען — מאַכט איינמאָל רבקה און דאָס פנים שטראַהלט איהר — וועסט דו זיצען ביי מיר — יאָ?

איך שוויג.

— וואָי! — מאַכט רבקה — וואָס טרויערסט דו אַזוי? עס טרעפט זיך צו 70 יאָהר אויך...

— געה שוין, געה! — טרייסט זי מיך ווייטער — אַז גאָט וויל, שיקט ער אַ בעזעם! און ווען נישט — ווי לאַנג, מיינסט דו, וועט עס דויערן? אַ מענש לעבט דאָך נישט איביג! אַזאַ יאָהר אויף מיר, וואָס פאַר אַ יונגע אלמנה דו וועסט זיין! די פינגער צו לעקקען!

רבקה ווינשט ר' זיינוועלען נישט קיין שלעכטס:

— ער איז אפילו אַ כלב שבכלבים! יענס ווייב האָט ער געפּייניגט... נור יענס ווייב איז אַ קראַנקע געוועזען, און „דו ביזט געזונד ווי אַ נוסס... דיך וועט ער גוט בעהאַנדלען, נאָך ווי הייסט גוט!"

---

ער איז צוריק געקוממען!

דעם טאַטען איז טאַקי בעססער, נור עס האָט זיך איהם פערגלוסט אַ ביסל בּ־וקענע באַנקעס — אַזוי האָט ער מורא געהאַט אַרויס צו געהן. ער פיהלט, אַז פון ליעגען, און דער נאָך זיצען אַלץ אין איינעם, האָט זיך איהם דאָס בלוט פערזאַמעלט

אויף איין אָרט, מען דאַרף עס צו שלאָגען! — אַ ביסל אויך ברעכן איהן די פלייצעס און אויף דעם איז טרוקענע באַנקעס אַ רפואה בדוקה.

איך האָב אָנגעהויבען ציטטערן ווי אין אַ פיעבער: מיט טרוקענע באַנקעס קומט דער „יונג", נישט דער רופא אַליין.

— וועסט אַריין רופען דען רופא? פֿראָגט מיך דער טאַטע.

— וואָס רעדסט דו? פֿאַלט איהם די מאַמע אין די רייד, אַ כלה־מאָדעל!... זי איז אַליין געגאַנגען.

— וואָס ביזט דו אַזוי בלאַסס געוואָרען? פֿראָגט מיך דער טאַטע דער־שראָקקען.

— גאָר נישט.

— שוין עטליכע טאָג... פֿאָרשט דער טאַטע.

— עס דאַכט זיך דיר, טאַטע.

— די מאַמע זאָגט אויך...

— עה!

— היינט — וויל מיך דער טאַטע דערפרעהען — וועט מען דיר שוין מאָסטען די חתונה־קליידער.

איך שווייג.

— דו פרעהסט זיך גאָר נישט? פֿראָגט דער טאַטע.

— פֿאַר וואָס זאָלל איך מיך נישט פרעהען?

— דו ווייסט דאָך אפילו גאָר נישט, וואָס מען מאַכט דיר.

— מען האָט דאָך מיר אַ מאָס גענוממען!

דערווייל איז אָנגעקוממען די מאַמע מיט'ן רופא אַליין.

עס איז מיר גרינגער געוואָרען אויפ'ן האַרץ; נור אין איין וועגס האָט אין מיר עפּיס געקלאָגט: דו וועסט איהן אָפשר שוין מעהר נישט זעהען...

— אוי אַ וועלט קומט אַריין דער רופא, סאַפּענדיג און קראַכצענדיג, — ר' זיינוועלע האָט חתונה מיט אַ יונגע מויד, און לייזערל דעם גבאי'ס ווערט אַ פרוש — ענטלאָפען פון ווייב!

— לייזערל? שרייט אויס די מאַמע פערוואונדערט.

— ווי איהר האָרט! היינט געה איך אַרום צו 60 יאָהר פון אין דער פריה ביז נאַכט אויף די פיס, און מיין יונג לעגט זיך אין בעטט אַריין...

איך הייב אָן ווייטער צו ציטטערן.

— האַלט נישט אַזאַ גוי! בעמערקט די מאַמע.

— אַ גוי? מאַכט דער רופא, ווי הייסט אַ גוי?...

— וואָס טויג מיר די מעשות, האָקט איבער אומגערולדיג דער טאַטע, טהוט בעססער אייערס.

מיין טאַטע איז בטבע געוועזען אַ גוטער; עס האָט זיך מיר שטאָנדיג גערא‌כט, אַז ער קאָנן קיין פליעג אויף דער וואַנד נישט ריהרען, און דאָך האָט אין זיינע רייד געשטעקט אַזוי פיעל בזיון פאַר'ן רופא.

אַלס קראַנקער אין בעטט פלעגט ער גליקליך זיין, אַז עמיץ איז אַריינגעגאַנגען און באַלאַקעט מיט איהם, נור מיט'ן רופא האָט ער קיינמאָל נישט געקאָנט רעדען אַ וואָרט. ער האָט איהם שטאָנדיג איבערגעהאַקט אין מיטען און געהייסען, ער זאָלל זיינס טהון. נור צונד האָב איך עס דאָס ערשטע מאָל אַזוי שטאַרק דערפיהלט; עס האָט מיר אָנגעהויבען דאָס האַרץ וועה צו טהון... וואָרען, ווי אַזוי וואָלט ער נאָך יענעם בעליידיגט, יענעם, וואָס ליעגט נעביך קראַנק!...

פאַר וואָס איז ער קראַנק?

געזאָגט האָט ער, אַז ער האָט אַ האַרץ־פעהלער.

וואָס דאָס איז, האָב איך ריכטיג נישט געוואוסט; מן הסתם איז עס אַזוינס, וואָס ליעגט אַ מאָל אין בעטט אַריין. און דאָך — האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, — אַז איך מוז אויך האָבען אַ שטיקעל שולד דערביי.

ביי נאַכט האָב איך אין שלאָף געוויינט; די מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט און געזעצט זיך ביי מיר אויפ'ן בעטט.

— שאַ, קינד מיינס: האָט זי מיר געזאָגט, לאָ'מיר דעם טאַטען נישט וועקען; און אונזער שמועס איז געוועזען פון מויל אויף אויער.

די מאַמע, האָב איך בעמערקט, איז שטאַרק צורודערט: זי קוקט אויף מיר פאַרשענדיג, זי ווילל עפּיס ביי מיר דערגעהן, און איך האָב מיך בעשלאָססען איהר גאָר נישט צו זאָגען, על כל פנים נישט ווענן דער טאַטע שלאָפט.

— קינד מיינס, וואָס האָסט דו געוויינט?

— איך ווייס נישט, מאַמע.

— פיהלסט דיך געזונד?

— יאָ, מאַמישי! נור טהייל מאָל טהוט מיר דער קאָפּף וועה.

זי איז געזעססען האַלב אָנגעשפּאַרט אויפ'ן בעטט און איך האָב צוגערוקט דעם קאָפּף און אָנגעלענט אויף איהר האַרץ.

— מאַמע — פרעג איך — וואָס קלאַפּט ביי דיר דאָס האַרץ?

— פאַר מורא, טאָכטערשי.

— דו האָסט אויך מורא ביינאַכט?

— ביי נאַכט און ביי טאָג, איך האָב שטאָנדיג מורא;

— וואָס האָסט דו מורא?...

— איך האָב מורא פאַר דיר...

— פאַר מיר?

די מאַמע אָנטפערט נישט, נור איך פיהל, אַז עס פאַלט מיר איהרס אַ טרעהר אויפ'ן פנים, אַ וואַרעמע טרעהר.

— דו וויינסט, מאַמישי?

די טרעהרען פאַללען אָפטער און אָפטער.

„איך וועל נישט זאָגען", בעפעסטיג איך מיך אין דער דעה.

אין אַ ווײַלע אַרום פראָגט מיך פלוצלינג די מאַמע:

— צו האָט דיר נישט רבקה עפּיס אָנדערציילט?

— וועגען וואָס, מאַמע?

— וועגען דיין חתן?

— פון וואַנען קענען זי מיין חתן?...

— זי זאָלל איהן קענען, וואָלט זי נישט גערעדט; נור אַזוי, ווי אין שטאָדט... ווייסט נישט, פאַר קנאה... אַ יוד אַ גביר, האָט כח צו נעמען אויף דער אַלטער אַ בתולה, רעדט מען אַוודאי... וויים איך? צו האָט מען דיר נישט געזאָגט, אַז דאָס לעצטע ווייב זיינס איז געשטאָרבען, ווייל ער האָט זי געפייניגט?

איך זאָג איהר גאַנץ קאַלט בלוטיג, אַז איך האָב עפּים געהאָרט דערפון, נור פון וועמען, ווייס איך נישט.

— אַוודאי פון רבקה'ן — דאָס מויל זאָלל איהר הינטען שטעהן — באַזערט זיך די מאַמע.

— פון וואָס דענן — פראָג איך — איז זי אַזוי פלוצלינג געשטאָרבען?

— פון וואָס? אַ האַרץ־פעהלער האָט זי געהאַט...

— נו וואָס? אַז מען האָט אַ האַרץ־פעהלער שטאַרבט מען?

— אַוודאי...

מיר האָט עפּים ווי געקנאַקט אין מוח...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך בין געוואָרען אַ „זיידען קינד" — מען האָט מיך אין אַללע הייזער געלויבט; די טאַטע־מאַמע האָבען עס גאָר נישט געקאָנגט פערשטעהן; דער שניידער אַוודאי נישט. איך האָב מיר גאָר נישט אויסגעבאָטען: וואָס די מאַמע האָט געוואָלט, האָט זי געמאַכט, וואָס פאַר אַ מאַטעריע, וואָס פאַר אַ שניטט, וואָס פאַר אַ קליידער... אַלץ וואָס זי האָט נור אַלליין געוואָלט.

רבקה פלעגט אַריינקומען און קנייפען זיך אין די באַקקען: „ווער פערלאָזט זיך אין מאָדע זאַכען אויף אַ מאַמען — אַ יודענע פון דער אַלטער וועלט?! וועסט שבת נישט קאָננען זיך ווייזען, נישט אין שוהל, נישט אין גאַסס, אין ערגיץ נישט!

— דו קוויליסט זיך! האָט זי געענדיגט.

מיר איז איינגעפאַללען, אַז איך בין שוין לאַנג געקויליט. און איך האָב דוהיג געוואַרט אויף שבת נחמו, ווענן מען האָט געזאָלט פערבעטען דען חתן אויף קדוש...

דערנאָך וועט זיין איין אויפרופען, דער נאָך אַ חתונה.

דעם טאַטען איז ווירקליך בעססער. ער געהט טהייל מאָל אַרוים אין גאַסס אַריין, ער העבט אָן געוואָהר צו ווערען וועגען תבואה. רעדען, ווי ער האָט געקלערט, דעם חתן וועגען אַ הלואה, האַלט ער נאָך פאַר צו פריה; ער רעכענט שבת-נחמו צו פערבעטען איהן נאָך אויף שלש סעודות, און, נאָכען שלש סעודות, אַריין צו וואַרפען עטליכע ווערטער.

אַז עס איז שוין אַזוי גוט, איז צייט אָבצושיקען דעם רופא; מען האָט אפילו היינט קרעדיט, ער מאָהנט נישט, שיקט שוין נישט דען יונג, קומט אַלליין, נור עס איז צייט, זאָלל זיין איין עקק. וויפיעל מען האָט אָבגעשיקט, וויים איך נישט, נור דער שליח איז געוועזען אַברהמ׳ל, וואָס האָט געזאָלט, דורכגעהנדיג אין חדר אַריין, דערלאַנגען די עטליכע גילדען.

שפּעטער דאָך איז פּלוצלינג אַריינגעקוממען דער יונג...

— וואָס? וועניג געשיקט? בעגעגענט איהן דער טאַטע.

— ניין, ר׳ יהודה — איך בין מיך געקוממען געזעגנען.

— מיט מיר? פראָגט דער טאַטע פערוואונדערט.

אַזוי ווי ער איז אַריינגעקוממען, בין איך אַנדער געפאַללען אויפ׳ן ערשטען באַנקעל, וואָס איז געשטאַנען נעבען מיר; נור ביי די ווערטער האָב איך מיך פלוצלינג אויפגעשטעלט און אין קאָפּ האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַז איך דאַרף איהן שטצען, נישט לאָזען בעליידיגען. עס איז דאָך נישט געקוממען דערצו.

— איך פלעג דאָ אַריינקוממען — האָט ער געמאַכט מיט זיין ווייך, זיס און טרויעריג קול, וואָס האָט זיך געגאָססען אין האַרץ אַריין ווי אַ בוימעל — צונד פאָהר איך אַוועק, אויף שטענדיג... האָב איך געמיינט —

— נו, נו, אדרבה — מאַכט שוין געלאַססענער דער טאַטע — זעץ דיך, יונגער מאַנן, עס איז אפילו שאָן פון דיין זייט, אַז דו געדענקסט אַ בעל-בית... אדריא..

— טאַכטערשי, מאַכט ער צו מיר, מען דאַרף איהם עפּיס געבען!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט בלאַסס, מיט ציטטריגע ליפּען און פייערדיגע אויגען, נור אין דער רגע האָט זיך איהם דאָס פנים צוריק מרה שחורה:דיג געאָנדערט.

— ניין, ר׳ יהודה, איך דאַרף נישט, איך דאַנק אייך — זייט געזונד!

ער האָט די האַנד נישט אויסגעצויגען צו קיינעם, און אויף מיר קוים אַ בליק געוואָרפען.

אין דעם בליקק האָט דאָך געשטעקט אַ פאָרוואורף. עס האָט זיך מיר גערֿאַכט, אַז ער בעשולדיגט מיך, אַז ער וועט מיר נישט מוחל זיין, — וואָס, האָב איך רעכט אַלליין נישט געוואוסט.

און איך בין ווייטער אין חלשות געבליבען.

— שוין דאָס דריטטע מאָל! — האָר איך — זאָגט די מאַמע צום טאַטען...

„עס מאַכט נישט אויס אין די יאָהרען טרעפט זיך עס... נור חס ושלום ווערט ר׳ זיינוועלע געוואָהר, שיקט ער אָב די תנאים... ער האָט שוין גענוג גע־האַט יענע חולנית..."

קיין חולנית בין איך דאָך נישט געוועזען.

אין חלשות בין איך אין גאַנצען נאָך איינ־איינציג מאָל געפאַללען: ביי דער גאָלדנער יאָך, אַז איך האָב „ר׳ זיינוועלין" דאָס ערשטע מאָל רעכט דערזעהן...

נישט מעהר.

אפילו נאָכטען, ווענן דער רופא, וואָס שניידט מיין „ר׳ זיינוועלען" אוים אַללע חודש די נאָגעל, וואָס וואַקסען איהם אין די פינגער אַריין, האָט מיך, אַרויסגעהענדיג, געפרעגט, צו איך געדענק זיין יונג, און דערצעהלט, אַז ער איז געשטאָרבען אין וואַרשאַוער שפּיטאָל — בין איך נישט געפאַללען חלשות, איך האָב קוים אַ טרער גע־לאָזט. איך האָב אַלליין נישט געוואוסט פון איהר, נור דעם רופא איז זי, די טרער, געפאַללען.

— איהר זייט אַ גוטע — האָט ער געזאָגט, און דעמאָלט האָב איך זי ערשט דערפיהלט אויף דער באַקק.

מעהר נישט!

איך בין אַ געזונטע; איך לעב שוין 5 יאָהר מיט ר׳ זיינוועלען...

גוי אַזוי, וועלל איך אפשר אַיין אַנדערסמאָל פערצאָהלען.



# נְעִילָה.

אַ הינקעדיגער „ערל" איז געקומען אין שוהל אַריין און אָנגעצונדען נייע ליכט אין די הענגלייכטער און אין ראָהליך אויף די שטענדער.

דער ווייסער עולם האָט אָנגעהויבען אויפ'ם ניי צו ק'עכצען, די וואָס האָבען גערוהט, קוממען צוריק פון פאָליש; מען הייבט זיך פון די באַנק —

— יתגדל!

ציהט דער הייזעריגער חזן.

דער עולם בעדעקט זיך מיט די טליתים, די ווייבערישע שוהל לאָזט פלוצים אַרויס אַ געוויין... עס ווערט אַ געקלאַפּעריי אויף די שטענדער.

די ווייבער זאָללען שווייגען! זיי האָרען דאָך נישט אויף, און אַ קאָמישער כעס בעווייזט זיך אויף די פערוויינטע בלייכע פנים'ער פון די מאַננער.

— שמיה רבא! האָט זיך אַרויסגעריססען דעם חזנ'ס קול.

די ווייבער זענען אַביסעל שטיללער געוואָרען, די מאַננער האָבען זיך צו שאָקעלט און אונטערגעהאָלפען מיט די זינגער צוזאַממען מיט אַ וויינענדיגען: אײַ־אײַ־אײַ...

נעילה!

דער הימעל וועט זיך שפּאַלטען און באַלד צוריק פערשליסען; פערמאַכט וועללען ווערען די טויערין פון געבעט... און דער עולם אײַלט זיך!

יעדער פיהלט, אַז אויב נישט היינט, וועט ער שוין אַ גאַנץ געהנדיג יאָהר אַזא געלעגענהייט צום הימעל נישט האָבען. הושענא רבא איז אויך אַ טאָג, עפּיס אַ צולאָג צו ימים־נוראים, נור שלעכט איז שוין דעם, ווען מען משפט מען לייגט אָב... גלייכער באַלד, באַלד!

און די ווייבער'שע שוהל שלעפּט מיט די מאַננשע... די נעילה'דיגע שמונה עשׂרה ווערט דערטרונקען אין הייסע ברעננענדיג טרערען. עס רוישען ווינטען, טייבער ברוממען, אַלטע וואָלדער ברויזען... עס רוישט און זעצט דאָס אַלץ צוזאַממען —

ובכן תן פחדך!... וויינט איינער פריהר איינער שפּעטער, נישט דוקא מיט

דער אמת'ר כונה... זעהסט דו שוין, עס געהט אַסך אָן דעם ציאַבנאָווקער באָדער, אַז כּאַראָל, וואָס בינדט איהם די בעזעמליך, האָט פֿאַר עפּיס אַנדערש פּחד; זיין דאגה... אונ גאָר שלמה זעץ, דער שיינער בעל־בית, וואָס אפילו אין מיט'ן דער שמונה עשׂרה, מוז ער זיך אַללע מאָל אַריין שטעקקען די האַנד אין דער ווייסער באָרד אונ צוטהיילען זי אויף צוויי —

אויך זיין עסק, באשר — אַ סך קריסטען זענען עס דאָ אין ציאַבנאָווקע! דער וואָיט מיט'ן שרייבער איז גלייבער זיי זענען קריסטען, גאָט זאָלל היטען פֿאַר אַ יודישען טשינאָווניק, די הויט וואָלט ער אָבגעריסען. בלייבט דער הרובע־הייצער, דער ערוב שומר, — ווער דען וועט הייצען אין הרובע? אויף דער פֿאָרשטאָדט וואָהנען אפילו קריסטען אין אַ סך קליינע הייזעלעך, אפילו ריינע, אויסגעפוצטע, מיט פֿאָרהענגליך אונ וואַזאָנען אין די פֿענסטער, נור ווער רעדט פֿון פויערען... זיי מעגען בלייבען ביים טעות!... נור רבונו של עולם... ובכן תן פחדך — זאָל זיך זיין שנור נישט וועללען גט'ען מיט'ן זוהן דורכ'ען חולי נופל, זי מעג זיך צו־געוואָהנען... ואימתך איז ער שטאַרק ממתיק אונ האָט אין זינן, אַז עס איז פֿאָרט אַ שאָד, וואָס ווייץ איז דאָס יאָהר ראַפּטים געפֿאַללען — רבונו של עולם, טראַכט ער, ויעשו כלם אגדה אחת — מען זאָל זיך מאַכען טאַקי איין האַנד אונ האַלטען דען מקח... לעשות רצונך בלבב שלם!...

— אוי ווי טאַטע! שרייט ער אויס אין מיטען... שמחה לארצך וששון לעירך... אונ איהם אין מוח ברענט: נאָך איין יאָהר אַזוינס ביזט דו קאַפּוט!...

— אַתה בחרתנו, שרייט מיט אַ קול בענדעט דער חיט... אונ חזערט זיך איבער: אתה בחרתנו! דאָס ווייב איז איהם, נעביך, קראַנק שוין אַ פּאָר יאָהר, זי שפּייט, נעביך, מיט בלוט, אונ מען וואָהנט אין איין שטוב... עס וויל קיין קונה די שוועל נישט איבערטרעטען! — טאַטע זיסער, אתה בחרתנו! עס איז דאָך מיין זווג געוועזן... אָהבת אותנו... איך האָב זי דען שלעכט בעהאַנדעלט, ורצית בנו, האָב איך דאָס געמיינט, דאָס געוואָלט? וקרבתנו מלכנו לעבודתך... וואָס פֿאַר אַ טעם האָט מיין אַרבייט? אַזוי קלאָגט ער אָב ביז אין קץ לאשי הובותינו... דאָ האָט ער זיך צו לאָזט אויף אַ קול — חובות האָט ער מעהר ווי האָר אויפ'ן קאָפּף.

דער עולם איז שוין אויסגעגאַנגען שמונה עשרה; מען וואַרט נור אויף חיים בער'ן. דער שמש האָט שוין שטאַרק חשק געהאַט צו געבען אַ קלאַפּ אין שלחן, נור חיים בער'ס אַ קרוב, יונה וואָלף דער סאַדאָווניק, דער גבר אלים אין שוהל, האָט איהן פֿערהאַלטען... זאָל ער זיך אויסוויינען, אויסחליפּען... חיים בער איז אַ יוד מיט אַכט קינדער אונ ממש אָהן אַ שטיקעל ברויט.

— ואין אַתה חפץ במיתתם — חליפּעט נאָך חיים בער... במיתתם! פֿאַר הונגער, טראַכט ער, פּראַסט פֿאַר הונגער, מיינע וואָרם, רחל...

— ולמה תמותו? פאַר וועז, פאַר וואָס, וואָס האָבען זיי געזינדיגט, די אָרימע שאָפעלעך...

— יסורים וחלאים רעים! דערבּיי זענען זיי נאָך קראַנק,— שקאַרלאַטינע, מאָזעלען, וואָרים, ציין — רבונו של עולם!...

---

דער חזן האָט אָנגעהויבען, דער עולם האָט זיך צוזעצט פאַר די שטענדער און אונטערגעהאָלפען צו דער הויכער שמונה עשרה. טהייל זענגען געבליבען שטעהן, אָנגעשפּאַרט אָן דער קיהלער וואַנד מיט די ברענענדיגע שלעפען און שטיללערהייט געכליפּעט...

איינער פון זיי איז טאַקי חיים בער.

נעילה, באַלד ווערט פערמאַכט דער טויער, עס איז טייער יעדע מינוט, יעדער רגע... ער גיסט און ניסט מיט טרעהרען.

ווי לאַנג איז דען גאָר, אַז חיים בער איז געוואָרען אַ יונגער מאַנן אַ בעל בית׳ל?...

פאַר אַ יאָהר ניין—צעהען, האָט ער נאָך ברייט געזונגען „חמול על מעשיך והשמח במעשיך" גאָר מיט אַ ברייטען לוסטיגען קאָזאַק... ער דערמאַנט זיך אפילו אַ חטא... עס ווערט איהם הייס אין אַללע אֵברים... ער געדענקט, אַז ער האָט זיך דעמעלט אומיסנע הויך צו זונגען, הויך, לעבענדיג און לוסטיג, רחל זאָלל האָרען אין דער ווייבערשע שוהל.

זאָגענדיג, האָט ער דעמעלט געקוקט אויפ׳ן פאָרהאָנגעל פון פענסטער, וואו זי פלעגט שטעהן, און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז עס ווערט קיילעכדיג־בולט צווישען די קראַטען... זי מוז אַ ודאי אַראָבקוקקען...

אָ דעמאָלס האָט ער גאָר אַנדערש אויסגעזעהען יום כפור.

אַ פרישער יונגער מאַנן, אַ נייער טלית, אַ שפּאָגעל נייער ברייטער קיטל — צוויי עטרות... דער גאַרטעל, די יאַרמולקע האָבען געגלאַנצט מיט גאָלד און זילבער! שוואַרצע לאָקען, אַ שוואַרץ באָרדיל, וואַרימע שקאַרפּיטקעס...

בּראַנק און פריי, האָט ער זיך אַרומגעקוקט; עס איז איהם לייכט געוועזען אויפ׳ן האַרץ! ערשטענס, האָט ער נישט שטאַרק געגלויבט אין הטאים. אָט, זעהסט דו שוין, ער מאַכט זיך אַ סך דאַרוים... יונה וואָלף האָט איהם געגעבען אַ מאָל אַ פּאַטש אומזיסט, און דוקא אין בית המדרש, שבת הגדול ביי דעם רבי׳ם דרשה... נו, האָט ער איהם דען נישט מוחל געוועזן?

מוחל געוועזען אַ פּאַטש... זאָלל דער רבונו של עולם נישט מוחל זיין אַ מוקצה׳לע, אַ ריץ אין דער קוואָרט צו׳ם וואַשען? — ווייטער, וואָס זינדיגט

ער? אָחטא ואָשוב, האָט ער נישט געזאָגט, יום כּפּור איז מכפּר, דער תּענית איז מכפּר, די רעשט וועט אויך מיט גאָטס הילף אָבגעווישט ווערען...

און ער פֿלעגט גאַנץ הערצליך צו זינגען; אַז עס איז איהם היים געוואָרען, פֿלעגט ער אַרויס געהן אין פּאָליש זיך אָבקיהל'ען, אַז דער מאָגען האָט איהם דערמאַנט אין אכילה, האָט ער איהם געזאָגט מיט גאוה: שטילל קישקע! איך מעג האָבען אַ טאָג קרעדיט בּיי דיר, איך וועל דיר בּעצאָהלען מיט פּראָצענט, וועניג כּפּרות האָט רחל'ע געשאָכטען?

היינט קומט זיין פּום נישט איבּער דער שוועל פֿון שוהל פֿון כל נדרי ביז נאָך נעילה... איבּער דער גאַנצער צייט שטעהט ער. ער זינגט נישט, נור וויינט און בּעט זיך... ער הייבּט שוין אָן גלויבּען אין זיינע חטאים... ער מוז דאָך האָבּען חטאים, און שטאַרקע, שרעקליבּע... חאָטש ער ווייסט נישט פֿון זיי...

אַנדערש איז נישט מאָגליך, עס זאָלל אַ מענש אַזוי יאָגען איין אומגליק!

„ובכן" האָט אָנגעהויבּען דער חזן צו דרעהען ווי איין ענגבער. דער עולם איז נאָך רוהיגער געוואָרען, זעלטען האָט איינער שוין אויסגעכאַפּט בּיים חזן אַ וואָרט פֿון מויל...

דער חזן זאָגט די שמונה עשרה און חייכ בּער שטעהט נאָך אַלץ, אָנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אין די וואַנד. עס דאַכט זיך, אַז ער דאַווינט, אין קאָפּ דאָך ליעגט נישט די כּונה פֿון'ם דאַווענען.

„כּי תעביר ממשלת זדון מן הארץ" איז דער חזן מטעים. אַוודאי וואָלט אונזער חיים בּער געוואָלט, אַז דער וואָיט מיט'ן שרייבּער זאָללען אַ בּיסל בּעססער ווערען... דער וואָיט ווי דער וואָיט, מיט אַ טרונק-בּראַנפֿען קויפֿט מען איהן איבּער... נור דער שרייבּער! מען האָרט נישט מעהר נור ניעדאָימקעס... פֿון וואַנען, פֿון וואָס?... פֿון אַ קורצע צייט האָרט ער איהן אפילו ווי די קאַטץ; שוין אַ פּאָר יאָהר האָט ער קיין כּלי און קיין בּעט-געוואַנד, דאָס הייזעל איז שוין לאַנג פֿערקויפֿט... שריי חי וקים ניעדאָימקי, — נעם אויב דו קאָנסט! און וואָס הייסט ניעדאָימקי? באשר, ציאַכנאָווקע איז אַ מאָל אַ שטאָדט געוועזען מיט אַ מאַגיסטראַט מיט פּאָליציי מיט קאָנסענסין, מיט... זאָלל ער היינט, ווען ציאַכנאָווקע איז אַ גמינע און ער שטאַרבּט פֿאַר הונגער, אָבצאָהלען חובות... אַוודאי, ווען חיים בּער זאָלל נאָך דאַרפֿען אויסלייזען דאָס קישען, מורא האָבּען, מען זאָלל איהם נישט פֿערקויפֿען דאָס הייזעל, וואָלט ער נאָכגעזאָגט דעם חזן מיט גרויס כּונה „כּי תעביר..." אָבּער היינט, לאַכט ער אויסען וואָיט, טייטעלט מיט די פֿינגער אויפֿ'ן שרייבּער...

ער האָט אָנגעשפּאַרט דען קאָפּ אויף דער האַנד, און הוידעט זיך און די ליפּען זאָגען נאָך יעלה ויבא...

וכרוננו ופקדוננו וזכרון אבותינו...

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיין טאַטע איז געווען אַ כשר׳ער יוד, זיין שווער איז געווען אַ סופר, און ער טראַכט, אַז עס וואָלט אַ יושר געווען, זיי זאָללען זיך דאָרט מיהען פאַר איהם...

פאַר דאָס זאָגט ער שוין נאָך אָהן כונה, „וזכרון משיח בן דוד עבדך, וזכרון ירושלים עיר קדשיך..."

מיינט נישט חלילה, אַז חיים בער איז אַ געגנער פון ארץ ישראל, אַז ער לייענט חס ושלום דעם „וואָסכאָד" און האַלט נישט פון די קאָלאָניען. אָדער, אַז ער איז חס ושלום איין אפיקורס און גלויבט נישט, אַז משיח וועט קוממען, אַז ער מוז קוממען און קאָנן יעדער טאָג קוממען; חיים בער איז אַ קלוגער יונג, אַ בעל המצאה׳ניק, דאָך אַ פשוטער יוד, אַ יוד ווי אַללע יודען. ער גלויבט אין דעם אַללעם באמונה שלמה... זאָלל משיח האָטש מאָרגען קומען!

אויף דער פאַפּיערענע בריק צו געהן איז ביי איהם אַ קלייניגקייט, ער וואָלט געלאָפען גאָר אָהן אַ ישוב. אין ירושלים וואוהנען מהיכי תיתי, עס איז שוין אפילו צייט, עס איז שוין לאַנג כלה פרוטה מן הכיס... נור — איידער עס וועט זיין מלחמת גוג ומגוג, איידער דער טערק וועט מנצח זיין אַללע שבעים אומות, איידער אליהו און משיח בן יוסף וועללען קוממען, איידער נאָך משיח בן יוסף וועט גע׳הרג׳עט ווערען, קאָנן ער זיך נאָך גענוג אָנשטאַרבען פאַר הונגער... ער און רחל, מיט אַללע זיבען קראַנקע און געזונדטע קינדער! רבונו של עולם וואו איז דיין רחמנות?

ער פיהלט דאָך, אַז שולדיג איז ער זיך פאָרט אַליין. פריהער ער, דערנאָך אפילו דער רבונו של עולם אויך... צו האָט ער נישט געקענט האַנדלען, אַ געוועלב, אַ שענק אָפּענען, אויפ׳ן מאַרג שטעהן, אַ מעקלער ווערען גלייך ווי אַללע יודען?! ער איז אָבער געווען אַ בעל המצאה... די המצאות האָבען איהם גע-קוילעט. יונגעלווייז האָט ער אויסגעצייכענט געגאָסען דריידליך, געשניצט לאַמטערן, אָם שענסטען געשווימען, אָם געשיקסטען זיך געגליטשט. ער האָט געהאַט אַ טאַלענט צו די אַללע זאַכען. אַ ציעקאַווע יונג, ער האָט געוואָלט אַלץ וויסען, אַלץ קענען. ער האָט געפונען אַ המצאה צו פלאָכטען אויף אַ שטעקען הוילע הבדלות, פלעגט אין דעם זכות בעקומען ביים שמש דאָס גראָבסטע לעכטיל יעדער ווינטער-נאַכט צום לערנען; היינט מאַכט מען שוין די הבדלות אין אַללע שטאָדט, דעמאָלט האָט קיינער נישט געוויסט פונ׳ם סוד; עס האָט געהייסען חיים-בערס-הבדלות! אַ סוכה מאַכער פלעגט ער זיין גאָר אַ וואוהלער; אַ מייסטער אויפצושטעלען אַ כשרה סוכה פון עטליכע ברעטער, כמעט אָן נאָגעל און גאָר אָהן כלים, היינט — זיינע רייזעלעך שבועות, זיינע מייסטערישע מזרח׳ם...

נור, ווי אויבען איז געשטאַנען, די המצאות האָבען איהם איבערגעפיהרט.

האַנדלען נאָך דער חתונה, גלייך ווי אַללע יודען, האָט ער נישט געוואָלט.
עס האָט איהם געצויגען צו עפּעס אַ פֿאַבריקעל מיט איין המציאה'לע — פֿריהער האָט ער אָבגעקויפֿט ביי איין שנאָרער אַ סוד צו מאַכֿען זייף אַרויסנעהמען פֿלעקען, דער שנאָרער האָט ביי איהם אויסגענאַרט אַ הונדערטער און חיים בער האָט זיך אַוועק געלאָזט אויף דער וועלט זייף פֿערקויפֿען. דאָס ווייב האָט געוויינט, עס איז איהר אַ שאָד געווען באַלד נאָך דער חתונה אַליין צו בלייבען, און בעזונדער האָט זי נישט געגלייבט אין'ם גאַנצען משא־מתן... זייף איז ביי איהר גאָר קיין סחורה נישט געווען, — ווער דאַרף זייף? מען זאָגט חאָטש גרינען זייף, דאָס דאַרף מען צו קינדערשע קאָפּלעך, פּראָסטע זייף דאַרף מען צו דער וועש... אָבער פֿלעקען אַרויס צו נעמען? ווייבערשע זאַכֿען וואַשען זיך, מאַנישע מאַכֿט נישט אויס, איין ברית'ל, איין חתונה, איין מלוה־מלכה אפילו איז שוין נאָכ'ן בגד... חיים בער האָט אָבער געוואוסט, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך, אַז מיט ציאַכֿנאָווקע עקט זיך נאָך נישט די וועלט, אַז נישט אומעטום איז אַ מנהג פֿון פֿלעקען. — ער האָט זיך געשוואָרען מיט כל השבועות, אַז קוים מאַכֿט ער די ערשטע צוויי טויזענד רובל, קומט ער אַהיים, קויפֿט זיך אַ נחלה, און היידאַ! זיין פֿוס וועט שוין נישט איבער די שוועל... ער וועט זיך מאַכֿען אַ שענק, אַ געוועלבעל, אָבער... שוין זיינע יאָהרען בשלום... דאָס ווייבעל, נעביך, האָט געמוזט בעשטעהן, און ער איז אין אַ האַלב יאָהר אַרום אַהיים געקומען אָהן אַ דרייער, דער זייף איז אַריין געגאַנגען אין בלויזע הוצאות, חאָטש געגעסען האָט ער ווייניג און געקומען איז ער קריעה בליאָה...

רחל'ע האָט זיך, נעביך, צוויינט מיט ביטערע טרערען און געשיקט דעם מאַנן צום רבי'ן...

ער איז געפֿאָהרען. ביים געזעגענען מאַכֿט ער צו'ן איהר: ווייסט דו, רחל, דו האָסט אין מיר אָנגעוואָרען עולם הבא... איך האָב געמיינט, איך וועל קומען אַהיים, וויים איך, אַ יודענע, וועט זי שרייען, וועט זי שעלטען, אפֿשר נאָך אַ ציפּף טהון ביי דער באָרד, ביי'ן אַ פּאָה... און דו — גאָר נישט, גאָר נישט! אַביסעל געוויינט און מעהר נישט. דאָס האָט מיך טאַקי געשניטען ביי'ם הארץ...

רחל האָט געשמייכֿעלט מיט טרערען אין די אויגען. זי פֿערהאָפֿט, אַז פֿריהער גאָטט און דערנאָך דער רבי וועט אַיין עצה געבען...

פֿון מיט'ן וועג האָט ער איהר געשריבען אַ בריעף. ראשית — האָט ער איהר מודיע געווען, אַז ער איז בקו הבריאה, און פֿערלאַנגט פֿון איהר דאָס אייגענע צו הערען, שנית — אַז ער פֿאָהרט נישט צום רבי'ן, ווי ער האָט געמיינט, נור צוריק אין דער וועלט אַריין! עס האָט איהן אַ גליק געטראָפֿען: ער האָט אָבגעקויפֿט אַ נייע המציאה, אַ מין וואַקס, וואָס מען קאָן דער מיט צונויף קלעבען טעללער און גלעזער: דאָס,

שרייבט ער, איז שוין אַ דבר השוה לכל נפש; דער אָרימסטער יוד האָט צווייערליי געפּאָס און קינדערלעך, וואָס צוברעכען עס; אַ פּאָר גלאָזער וואַלגערן זיך אויך ביי יעדען יוד אַרום... ער פֿערהאַקט צו גאָט א. ז. וו. ...

רחל האָט ווייטער אַוועק געוויינט אַ האַלב יאָהר און חיים-בער איז ווייטער אַהיים געקומען קריעה בליאה, נור מיט איין המציאה אויף אַ היימיש געשאָנק פֿון „אָוואַצאָווע וואַסער“ — אַ זאַפּט פֿון פּרוכטען.

פֿאַר דער המציאה האָט ער בעצאָהלט דען לעצטען גילדען און עטליכע יאָהר שוין קוועהלט ער זיך מיט דעם געשעפֿט. דען ערשטען זוממער, ווען אויבס איז געראָטען, אַללע ביימער אין די גאָרטנער אַרום טשאַכנאָווקע זענען בעהאָנגען געוועזען מיט עפּיל, בארען און פֿלוימען, אַז מען האָט זיי געמוזט אונ-טערשפּאַרען, האָט בעריל אויפֿגעלעבט! — ער האָט רחל'ן בערעכענט, וואָס פֿאַר עשרות ער וועט מאַכען: דאָס מאַטעריאַל וועט גאָר כמעט נישט קאָסטען, פּרוכטען — כחצי חנם... ער האָט אָבער, נעביך, געהאַט אַ גרויסען טעות. פּרוכטען איז געוועזען בחצי חנם האָט טאַקי דער עולם געגעסען אויבס און האָט נישט געדאַרפֿט טרינקען קיין וואַסער... און אַזוי איז געגאַנגען אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר... אויבס איז געראָטהען, ער האָט געלייזט פֿאַר אַ ביסעל וואַסער אין אַ יומא דפגרא, אין אַ יום טוב: סכות, שמחת תורה — אין דער וואָכען נישט! — דערנאָך געהט ווינטער — אוים געשעפֿט...

— רבונו של עולם, שרייט חיים אין האַרץ, רבונו של עולם — זאָל דאָס אויבס חאָטש איין מאָל נישט געראָטען, זאָל עס איין מאָל דער ווינד אַראָב יאָגען פֿונ'ם בוים, זאָללען עס איינמאָל די וואָרם אויפֿעסען! רבונו של עולם!

די שווערע געדאַנקען האָט איבער געריסען דער חזן מיט: „פּתח לנו שער“...

---

נאָר אַנדערש האָט נעילה געדאַווינט חיים-בער'ס ק־וב, דער, וואָס האָט פֿער-האַלטען דעם שמש, ער זאָל נישט קלאַפּען ביז חיים וועט אויסגעהן שמונה עשרה, — ונה וואָלף דער סאַראָווניק.

ער שטייט אויך גאַנץ יום כפור אויף די פֿים, ער ברענט אויך אונטערן טלית; ער האָפּעט און קאָפּעט, ער שרייט אויך און האַקט אין דער וואַנד אַריין — נור, ווען חיים בער וויינט און בעט זיך ווי אַ קינד ביים טאַטען חאָטש אַ שטיקעל דאַר ברויט, טאַנצט מעהרסטענטהייל יונה וואָלף פֿאַר דעם איבערשטען מלא שמחה און דאַנקט איהם פֿאַר זיינע וואונדער. שוין זעקס יאָהר האַלט ער אַ סאַד פֿון פּרוכטען און יאָהר ביי יאָהר געהט עס בעססער. ער גיט אַ קרעכץ ביי זכרנו, כתבנו צו חתמנו לחיים, געזונד איז דער עיקר! בשעת ער דאַנקט זיין ליבען נאָמען פֿאַר זיך און זיין ווייבס געזונד, בעט ער אויף געזונד פֿאַר זיינע קינדער... עפּיס

איינם איז גאָר קיין לייט נישט, אַלע מאָל גיסט זיך עס עפּיס אויס אויפ'ן קאָפּיל, שטענדיג איז איהם רויט אונטערן נאָזעל, און מאַנכעס מאָל וואַקסען איהם „גולעס" אַרום דעם האַלדזיל.

כל זמן דאָס קינד האָט געציינדעלט, איז מען זיכער געווען, אַז עס איז ציין. דערנאָך האָט מען גערעכענט אויף וואָרים. דאָס קינד האָט אָבער אויסגענוממען „וואָרים קרויט" ווי האַלץ און עס האָט נישט געהאָלפען — האָט מען געשיקט אַ קוויטעל; איין מאָל איז מען מיט איהם אַליין געפאָהרען צום רבין. עס איז אפילו בעכסער געוואָרען, נור דערנאָך ווייטער ערגער.

דער רופא זאָגט, עס איז שקראָפּעל. מען דאַרף איהם באָדען אין זאַלץ-וואַססער אָדער שיקען אין אַ באָד אַריין. אויף שיקען אין אַ באָד סטאַרטשעט נישט דאָס עשרות, מען זאָלל אפילו דען גאַנצען דלות פערזעצען און דעם ווייב די אויהרינג אויסטוהן... היימישע זאַלץ-באָדער איז נישט דאָ וואו צו מאַכען; אין סאָד, וואו מען וואָהנט אַ גאַנצען זוממער, איז קיין וואַסער נישט דאָ צו טרינקען, און צום קאָכען פיהרט מען אַנדערטהאַלבען ווערסט אַ קאַנדעל וואַסער...

דאָס יונגעלע וואַקסט מיט דען פּאַרכעל, מיט די גולעס, מיט דעם געשוואָלענעם נאָזעל, לערנט אַ גאַנצען ווינטער אין חדר און איז אַ וואָהל יונגעל.

חתמנו לחיים, ווײנט דעריבער יונה וואָלף — מיין קינד, מיין עלוי, מיין נחת, מיין טרייסט זאָלל מיר לעבען!

אַ חוץ ביים זכרנו לחיים האָבען יונה וואָלף'ס געדאַנקען נישט קיין שום שייכות מיט דעם דאַוונען. אַ גאַנצע טאָג לויבט ער און לויבט דעם איבערשטען, נור ווייל ער איז נעביך, אַ גראָבער יונג, קומט אַמאָל אויס, אַז ער הענגט זיך אָן אויף אַ וואָרט און צוווינגט זיך אָדער צולאַכט זיך גאָר בחנם... דער אמת איז, אַז ווען יונה וואָלף זאָל נישט זיין שטומפּיג אויף דער עברי, וואָלט קיין בריאה נישט געקאָנט איינשטעהן און אויסהאַלטען אין שוהל; אַז עס קומט צו די בעקאַנטע תפלות רייסט ער דעם חזן אַלץ פון מויל אַרויס און צולאָזט זיך אויף אַ קול, אַז ווען נישט וואָס די שוהל איז געמויערט אין פּערצייטענס — וואָלטען די וואַנד געציטערט און אפשר איינגעפאַללען. דאָס גליק איז, וואָס ביי קרבנות, ובא לציון, פון ומקבלין דין מן דין אָן, ביי יערען פיוט מיט „גרודעס" בלייבט ער, נעביך, שטיל, ער האַקט אָב...

אָט, ביי דעם שטיל בלייבען און אָבהאַקען, הייבט ער זיך אָן פערקרימטען, איינציהען דען שטערן, אַמאָל נאָך צודריקען די אויגען און אַריבער וואַרפען דען טלית איבערן קאָפּף, דער עולם זאָל מיינען אַז ער האָט אַצונד כוונות... און דעמאָלט האָט ער טאַקע מחשבות... מיט'ן שרייען פערדולט ער זיך אַליין די געדאַנקען. שטיללערהייט, אונטערן טלית קוממען פאָר אַלע הוריות... דעמאָלט דאַנקט ער און לויבט דעם איבערשטען שוין מיט זיינע אייגענע וואָרטער

... עס געהט איהם גאַנץ גוט ... קיין עשירות מאַכט ער נישט, דאָך האָט ער שוין אַרויסגעטריבען דען דלות, געקויפט דעם ווייב אַ פּאָר „צוועקעס", צו ליכט־בענטשען אַ פּאָר זילבערנע ליכטערליך און עס איז דאָ צו „פּופּלען" ... דאָס קינד, נעביך ... מילא ... גאָטט וועט העלפען. ער אַלליין האָט אויך אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, געהאַט דען פּאַרך, עס שיינט איהם נאָך די לבנה אויף דעם קאָפּ ...

נו! ...

ער דערמאַנט זיך — ווי די יונגען האָבען איהם געיאָגט אין חדר ... איין חיים־בער נישט. ערשטענס אַלס קרוב האָט ער איהן נאָך פערטיידיגט, צווייטענס איז ער טאַקי געוועזען אַ מזג טוב, דער חיים בער! און פון דעסטוועגען האָט ער אַללע צרות געליטטען דורך דעם חיים בער'ן. חיים בער האָט געקענט דען שעור — ער נישט; חיים בער איז שאָן — ער נמאָס ומאוס און ברודיג; חיים בער האָט געטויגט צו אַללעם — ער אויף כּפּרות ... אַלץ נור חיים בער ... דער מלמד האָט איהן גע־פּאַטשט: לערן דיך אָב פון חיים בערן! די מאַמע האָט געריססען פון איהם פּאַססען און געשטעלט איהם פאַר אַ שפּיעגעל חיים בערן, דער טאַטע האָט אויך איהם געפּייניגט מיט חיים בערן! ...

האָטש חיים־בער פלעגט מיט איהם האַלטען, מציל זיין פון חברים'ס האַנד, פון דעסטוועגען פלעגט ער דאָך אין הארץ איהן פיינט האָבען, אכית פיינט ... פאַר וואָס? פאַר ווען?

— פאַר קנאָה, — שטויסט זיך יונה וואָלף — און האָט שטאַרק הרטה אויף דער קנאָה. נור, עס איז דאָך אַלץ קינדערשע זאַכען, מעשה נערות ... היינט האָט ער שוין קיין קנאָה נישט אויף איהם, ער בעט פאַר זיין לעבען ...

און באמת האָט ער אַצונד חיים בערען שטאַרק ליעב. מיט'ן גאַנצען האַרצען איז ער זיך אויף איהן מרחם; מיט דריי פערטיל קרעכץ ביים דאַווענען האָט ער איהן געמיינט. —

— דער אייבערשער זאָלל איהם נעביך העלפען. ווי דער ווינטער וועט נעביך זיין, ווי ער וועט זיך דורך שטופּען, זאָל ער נעביך האָטש אַ גוטען זוממער האָבען, האָטש לייזען ... אַבי מען לייזט נור, איז שוין דאָ אַ באַרער גראָשען קאָן מען זיך די האַנד צופיהרען ...

ביי „מרובים צרכי עמך" איז ער שטיל געבליבען, עס איז שוין געוועזען פאַר איהם אַ „שלעכטער וועג", אַ גראָבלע ... ער האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען אויף דעם גרויסען מחזור און געטראַכט. —

— רבונו של עולם, אויב איך, צו מיין ווייב, צו מיינע קינדער האָבען אַ חסד ביי דיר, אָדער זכות אָבות, רבונו של עולם — זאָלל מיר מיין קינד האָבען אַ רפואה

שלמה... אין סאָד זאָלל וואַקסען אֶפּפעל ווי האָלץ... די זאַפּטיגע, פוללע פּאַפּיראָווקעס, וואָס צוגעהן אין מויל... רבונו של עולם, זאָללען זיך דיינע יודעלעך אָנטרינקען מיט מיינע אֶפּפּעל, עס זאָלל זיי אָנגיסען פוללע מיילער מיט זאַפט! אויך פערגעסס נישט, רבונו של עולם, אין חיים=בער׳ן, ער זאָל לייזען פאַר אָוואַצאָווע וואַסער אויך...

אין מיט׳ן האָט ער זיך אויפגעחאַפּט. עס געהט זכור ברית אברהם ועקדת יצחק! ווייטער אַ שאָססעע — אַ גלייך שטיקעל וועג! גאַלאָפּ! עס טרעפט זיך אפילו אַמאָל אַ גריבעל, אַ שטיינדיל, אַ „טבועות וגנוזות״, נישט קשה, עס שלינגט זיך שוין איין מיט׳ן נגון. פאַר דאָס „אָנקת מסלדיך״ געהט שוין מיט דער הויט, ער איז שוין ביז דעם סוף ווי אין דער היים, ער האָט שוין גאָר נישט אין זינן — ער שרייט, ער לאַרמט, ער זינגט, גלייך ער איז איינער אין שוהל!

אַרויסגעהענדיג פון שוהל, האָט ער זיך געטראָפען מיט חיים=בערן —

— זאָלסט דיר האָבען פיעל גוטס אויסגעבעטען —

— גם אתם — האָט איהם חיים געאָנטפערט.

— וואָס דו ווילסט נור אַליין, זאָלל ער דיר געבען —

— דיר אויך, יונה וואָלף — גאָטט זאָלל אונז ביידע געבען אַ גוט יאָהר...

— ביידע זאָללען לייזען!...

און זיי זעננען זיך צוגאַנגען...

זיי האָבען זיך גאַנץ ערנסט געבענשט — דאָך נאָכ׳ן צוגעהן, האָבען זיי נאָך אַ מאָל אויפגעהייבען די אויגען צום הימעל: —

— אויבס זאָלל זיין ווי גאָלד — האָט געבעטען יונה וואָלף.

— פוילען זאָלל עס! האָט געבעטען חיים בער...

דערנאָך האָט יונה וואָלף געשיקט חיים בערן „אַ כפרה״, אַ גרויסען, פעטטען, אויסגעזאָמטענען האָהן, און חיים=בער יונה=וואָלפען — דריי פלאַשען אָוואַצאָווע. ביידע האָבען זיך געלייגט שלאָפען מיט בטחון —

יונה וואָלף — אַז אֶפּפעל וועט זיין ווי גאָלד, און חיים=בער — אַז דאָס אויבס וועט פוילען און ער וועט לייזען פאַר וואַססער...

זייערע ביידע ווייבער זעננען דאָך נישט געשלאָפען, חיים בער׳ס ווייב האָט געקלערט וואו נעמט מען אויף סוכות? און יונה וואָלף׳ס — וואו נעמט מען סוכות האָטש נאָך אַ האַלב טוץ זילבערנע לעפעל צום יום=טובדיגען טיש.

---

# נס חנוכה.

(ערצעהלונג).

1.

איך האָב שוין געהאַלטען דען פּאַלטאָ אין דער האַנד, און האָב מיך דאָך אָבגעשטעלט:

— געהן — אָדער נישט געהן אויף דער לעקציע?

אַח, עס איז אַזוי אונאַנגענעהם! אַזאַ שלעכט, אַזאַ פֿויל וועטטער... אַ האַלבע מייל וועגס... און וואָס? נאָך אַמאָל „פּקד פּקדתי“, נאָך אַמאָל דער „אַלטער בעל הבית“, וואָס האָט אָהן דקדוק אָבגעלעבט עטליכע זעכציג יאָהר, צעהן מאָל געוועזען אין „לאַפּסק“, אַ פּאָר מאָל אין „דאַנצק“, שעור נישט אַנגעשלאָגען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל... און קאָנן אַלץ נישט פֿאַרשטעהן, אויף וואָס מען גיט דאָ אוים געלד... אַ טהייערע מציאה — דקדוק!

ווייטער דער „יונגער בעל הבית“, וואָס ווייסט, אַז פּראַקטישער וואָלט געוועזען צו טראָגען פּאות מיט אַ שטריימעל, אַ קאַפּטאַן מיט סטראָקעס, צו פֿאָהרען צו'ן אַ גוטען יוד און נישט צו וויססען פֿון דקדוק. ער איז, נעביך, אַ כשר קרבן... אַלס סוחר מוז ער, נעביך, קוממען צווישען מענשען, טראָגען אַ הוט מיט אַ געפּרעסט העמד, ערלויבען דאָס ווייב זאָלל געהן אין טעאַטער, די טאָכטער זאָלל לערנען ביכער און מוז האַלטען נאָך צום יונגעל אַ לעהרער אויף „דקדוק“...

— איז דען דער טאַטע נישט ג'רעכט? — מאַכט ער — נור די וועלט וויל אַזוי!

און דער וועלט קאָנן ער קיינמאָל גאָר נישט אָבזאָגען!

— טהוט מיר חאָטש צוליעב — בעט ער זיך ביי מיר — און מאַכט מיר איהם נישט קאַליע.

— איך צאָהל אייך — זאָגט ער — אַזוי פֿיעל געלד פֿאַר אַ הויל ביסל דקדוק; זאָלל ער נישט וויססען, אַז די ערד דרעהט זיך אַרום דער זונן!

און איך האָב צוגעזאָגט, אַז ער וועט עס פֿון מיר נישט וויססען, וויל... וויל איך האָב אין גאַנצען איין לעקציע געהאַט און... אַ קראַנקע מאַמע אין שטוב!...

— געהן — אָדער נישט געהן?

ביי דער לעקציע היט מיך דאָס גאַנצע הויז־געזינד.

צו זי אויך?

זי זיצט פֿון דער ווייטענס, שטאַנדיג פֿערלעזען, פֿערטיעפֿט... טהייל מאָל הייבט זי אויף די לאַנגע, זיידענע ברעמען, דעמאָלט ווערט אַ ביסל ליכטיג אין שטוב...

דאָס געשיהט דאָך אַזוי זעלטען, אַזוי זעלטען...

אונ וואָס וועט זיין דערפֿון? גאָר נישט, אויסער הארצווייטאָג! —

— הערסט? — וועקט מיך אויף דער מאַמעס שוואַכע שטימע פֿון בעט — דער פֿעלשער זאָגט, אַז ווען איך זאָלל האָבען אַ פּאָר וואַריכע, וואָללענע זאָקקען, וואָלט איך געמאָגט אַראָבקריכען פֿון בעטט.

— מוז מען געהן אויף דער לעקציע!

---

## 2.

אויסער דער בעל הבית׳טע, וואָס האָט זיך, ווי איהר שטייגער איז, אַרויס־געהאַפּט, דער שווער זאָלל נישט וויססען, אין טעאַטער אַריין, האָב איך געטראָפֿען דאָס גאַנצע הויז־געזינד אַרום זידענדיגען טאָמבאַקענען סאַמאָוואַר.

אויף מיין גוט־אָווינד — האָט דער יונגערער בעל הבית געאָנטפֿערט מיט אַ שוואַ־כען „גוט־יאָהר" אונ נישט אויפֿגעהערט צו דרעהען אין דער האַנד די טאַליע קאָרטען, וואָס ער האָט געהאַלטען, געווים — וואַרטענדיג אויף גאַסט.

אונטער אַ שפּיציגער יאַרמולקע, איינגעהילט אין אַ ברייטען טערקישען שלאָפֿ־ראָק, לוינט נישט דעם אַלטען בעל הבית אַרויסצונעמען די לאַנגע אַנטיפּקע מיט׳ן בורשטינענעם שפּיטץ פֿון מויל, אָדער אויפֿצוהייבען די אויגען פֿון אַלטען ליסער סדור. ער שאָקעלט מיר קוים צו מיטן קאָפּף אונ פֿערטיעפֿט זיך ווייטער אינ׳ם פּירוש צו׳ם זמר לחנוכה.

זי איז אויך פֿערטיעפֿט, נור, ווי געוואָהנליך — אין איהר ראָמאַן.

אויף מיין תּלמיד האָט דאָך מיין אַריינקומען איין אונאַנגענעהמען איינדרוק געמאַכט.

— וואָס? שפּרינגט ער אָב פֿון טיש אונ וואַרפֿט טראָציג אַרונטער דאָס שוואַרצגעלאָקטע קאָפּעל — היינט אויך לערנען?

— פֿאַר וואָס נישט? שמייכעלט דער פֿאָטער.

— עס איז דאָך חנוכה! טופּעט דער קליינער מיט׳ן פֿוס אונ ווייזט מיט׳ן פֿינגער אויפֿ׳ן ערשטען ליכטעל מיט׳ן שמש, וואָס האָבען געברענט אונטער דער פֿאָרהאַנג אויפֿ׳ן פֿענסטער, צוגעקלעבט צו׳ן אַ שייטעל האָלץ.

— גאַנץ גערעכט! בורטשעט אַריין דער אַלטער.

— נו, נו, מוחל! מאַכט גלייכגילטיג דער יונגער בעל הבית.

עס דאַכט זיך מיר, אַז זי איז בלאַססער געוואָרען, אַז זי האָט טיעפער אַראָבגעלאָזט דען קאָפּף צום בוך.

איך זאָג „אַ גוטע נאַכט”, נור דער יונגער בעל הבית לאָזט מיר נישט אַוועק געהן:

— איהר מוזט שוין בלייבען אויף טהיי!

— און אויף „שקצים'לעך מיט מאָהן” — האָט פרעהליך אויסגעשריגען מיין תלמיד. ער וואָלט מיט מיר גוט געלעבט, ווענן נישט דער „פקד, פקדתי”.

איך וויל אָבזאָגען, נור דער לאָבוז האַפּט מיך אָן ביי דער האַנד, רוקט מיר צו, מיט אַ שעלמישען שמייכעל אויפ'ן ריהרענדיגען פנים, אַ שטוהל געגענאיבער דער שוועסטער.

האָט ער עפּיס בעמערקט?

נאַטירליך האָט ער געקאָנט עפּיס בעמערקען נור פון מיין זייט... זי איז שטאַנדיג פערטיעפט און פערלעזען... זי האַלט מיך געוויסט פאַר אַ בטלן... אפשר נאָך פאַר עפּיס ערגערס... זי ווייסט דאָך נישט, אַז איך האָב אַ קראַנקע מאַמע אין דער היים!

---

### 3.

— עס מוז שוין זיין אָנגעצונדען! רופט זיך אָן אונגעדולדיג דער יונגער בעל הבית —

— באַלד, באַלד, טאַטישי! — אָנטפערט זי האַסטיג און איהר בלאַסס פנים רייטעלט זיך.

דער יונגער בעל הבית פערטראַכט זיך ווייטער; מיין תלמיד לאָזט איבערן טיש אַ דריידעל, דער אַלטער לעגט אַוועק דען סדור און גרייט זיך צו צו'ם טהיי.

אונגערנווייליג האָב איך מיך פערקוקט אויף די חנוכה-ליכט, וואָס ברענען מיר געגענאיבער אויפ'ן פענסטער. זיי ברענען אַזוי טרויריג, אַזוי ניעדערגעשלאָגען און פערשעמט פאַר'ן פערזילבערטען בליך-לאָמפּ, וואָס הענגט איבערן עסס-טיש, און בעלייכט אַזוי העלל דען פיינגעדעקטען טיש... עס ווערט מיר נאָך אומטהיגער און בעמערק נישט, אַז זי דערלאַנגט מיר אַ גלאָז טהיי.

— מיט ציטרין? וועקט מיך איהר טרויריגע שטיממע.

— אפשר מיט מילך? פראָגט דער פאָטער.

— ניין, ניין, די מילך איז אָנגעברענט! וואָרענט מיך דער תלמיד.

— אונגערטראָגליך! רייסט זיך איהר פון מויל אַרויס.

---

4.

ס'איז ווייטער שטילל. מען הערט נור דען זייגער אויף דער וואנד, דאָס זופּען פון די גלאָזער אונ דאָס קלינגען מיט די לעפעליך.

פּלוצלינג פאַלט איין מיין תלמיד צו פראַגען:

— לעהרער, וואָס איז אַזוינס חנוכה?

— וועסט פראַגען מאָרגען דען רבּי'ן אין חדר, — מאַכט אונגעדולדיג דער אַלטער.

— עה! מאַכט מיין שילער טראָטציג — דער לעהרער ווייסט וואהל בעססער פאַר'ן רבּי'ן.

דער אַלטער וואַרפט אַ בּאָזען בּליק אויפ'ן זוהן; דאָס האָט געהייסען: „זעהסט?!"

— איך וויל אויך וויסען, וואָס חנוכה איז! האָט זי זיך אָנגערופען שטילל.

— נו, אַדרבּא! מאַכט דער יונגער בעל הבית — לאָ'מיך זעהן, וואָס בּיי'ן איך איז חנוכה!

---

5.

— עס איז געוועזען אין דער צייט — האָבּ איך אָנגעהויבּען — ווען די גריכען האָבּען אונז אונטערדריקט אין ארץ ישראל.

די גריעכען... נור דער אַלטער האַקט מיר איבער מיט אַ זויערע מינע:

— אין שמונה עשרה שטעהט „מלכות יון... הרשעה!"

— עס איז אַלץ איינס, מן הסתם — בעמערקט דער יונגער בעל הבית — וואָס בּיי אונז איז יון — איז בּיי זיי אַודאי גריעכען!

— די גריעכען — האָבּ איך נאָך אַמאָל אָנגעהויבּען — האָבּען אונז שרעקליך אונטערדריקט! עס איז געוועזען די ערגסטע צייט פאַר יודען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק וועט שוין אונטערגעהן אונ פערלוירען ווערען... נאָך עטליכע אונגליקליכע מרידות איז אונזער גאַנצע קראַפט צושלאָגען געוואָרען... דער לעצטער פונק פון האָפנונג האָט זיך אויסגעלאָשען... מען האָט אונז אין אונזער אייגענעם לאַנד ווי וואָרם מיט די פיס געטרעטטען...

דער יונגער בעל הבית האָט שוין לאַנג נישט געהערט; ער האָט איבער־

געבויגען דאָס אויער צו דער טהיר, צו וועט נישט עמיץ קלינגען פון זיינע גאָסט... נור דער אַלטער לאָזט פון מיר קיין אויג נישט אַראָב. און אַז איך האָב נאָך אַמאָל בענוצט דאָס וואָרט „אונטערדריקט", האָט ער זיך נישט איינגעהאַלטען און געזאָגט:

— אַ מענש רעדט ריינע דבורים... אונטערדריקט — שמיקט... וואָס טויג מיר דאָרט... מען האָט אונז פשוט נישט געלאָזט קיין שבת האלטען, קיין יום טוב מאַכען, קיין תורה לערנען און אפילו מילה פערווערט!

— שפּילט איהר נישט פראָפּערזאַנס? האָט מיך ראַפּטום געפרעגט דער יונגער בעל הבית — אפשר גאָר אין אָקע?

---

6.

עס איז ווייטער שטילל געוואָרען און איך האָב ווייטער פערצעהלט:

— די לאַגע איז מיט דעם נאָך אָרגער געוואָרען, וואָס אונזער אַדעל און די רייכע לייט האָבען זיך אָנגעהויבען מיט זייער אייגען פאָלק צו שאָמען און אָנגעהויבען זיך צו פיהרען גריכיש... מען האָט אָנגעהויבען צו בעזוכען גימנאַזיום׳ס...

זי און דער זיידע קוקען מיך ביידע אָן פערוואונדערט!

— אין יענע גימנאַזיום׳ס, האָב איך ווייטער געצויגען, האָט מען נישט געלערנט ווי אין די היינטיגע... מען האָט נור גימנאַסטיג געמאַכט און דוקא נאַקעט, און זכרים מיט נקבות צוזאַממען...

ביידע פּאָר אויגען האָבען זיך צוריק אַראָבגעלאָזט, נור פּאַר דאָס האָבען זיך דעם יונגען בעל הבית׳ס אויגען צופלאַמט:

— וואָס רעדט איהר?!

איך אָנפער איהם נישט און פערציילל ווייטער פון די טעאַטערע, וואו מענשען האָבען זיך געשלאָגען מיט ווילדע חיות און אָקסען, און פון אַנדערע גריכישע מנהגים, וואָס האָבען געמוזט דעם יודישען לעבען זיין צו־ווידער.

— דאָס איז אַלץ פאַר די גריכען נאָך ווייניג געוועזען; זיי האָבען געוואָלט, עס זאָלל פון יודישען לעבען קיין צייכען נישט בלייבען. און זיי האָבען אויפגע־שטעלט אַ מזבח מיט איין עבודה זרה אין מיט׳ן גאַסס און געהייסען צו׳ן איהר מקריב זיין קרבנות.

— צאָ טאָ זנאַטשי? האָט זי איבער געפרעגט. איך האָב איהר פערטייטשט און דער אַלטער האָט זיך צוהיצט און געענדיגט:

— און אַ חזיר! דוקא אַ חזיר זאָלל מען מקריב זיין!

— און עס האָט זיך געטראָפען אַ יוד — האָב איך ווייטער אָנגעהויבען — וואָס

איז צוגעגאַנגען צום מזבח און האָט געוואָלט ברענגען אַ קרבן...

אין דער אייגענער רגע איז פון די באַרג אַראָפּ דער אַלטער מאַקאַבעער מיט זיינע פינף זיהן... איידער די גריכישע סאָלדאַטען זענען צו זיך געקוממען, האָט זיך דער נידערטרעכטיגער שוין געבאָדען אין זיין אייגען בלוט, דער מזבח איז געווען צושטויסען. און איין סעקונדע האָט די מרידה אויפגעפלאַמט...

...און די מאַקאַבעער מיט אַ קליין ביסל גבורים האָבען געזיעגט די הונדערט מאָל שטאַרקערע גריכען...

...זיי האָבען די גריכען פערטריבען פון לאַנד, בעפרייט דאָס פאָלק.

---

## 7.

— צום אַנדענקען פון דעם זיעג — האָב איך געענדיגט מיין ערצאָהלונג — צינדען מיר עד היום אונזער אָרימע אילומינאַציע, אונזערע חנוכה־ליכט.

— וואָס? איז אויפגעשפּרונגען דער אַלטער און האָט געציטטערט פאַר צאָרן — ד אָ ס איז דאָס נס?

— אַהער, שמערקע! האָט ער אַ געשריי געטהון צום אייניקעל, וואָס האָט זיך פאַר שרעק נאָך ווייטער אָבגערוקט.

דער אַלטער קלאַפּט אין טיש אַריין, אַז עס קלינגען די טעללער:

— דאָס נס איז געוועזען... אַז מ'האָט אַרויסגעטריבען די טמא'ע יונים, איז נישט מעהר געבליעבען ווי איין קריגעל כשר'ן בוימעל...

נור ער האָט זיך צו הוסט און נישט געקאָנט דען אָטהעם חאַפּען. דער יונגער בעל הבית איז צוגעלאָפען און האָט איהם אַרויסגעפיהרט אין דער צווייטער שטוב אַריין.

---

## 8.

איך וויל אַרויס פון שטוב, נור זי פערהאַלט מיך:

— זי זענען געגען אַסימילאַציע? האָט זי מיך געפראָגט.

— אַסימילירען — האָב איך איהר געענטפערט — הייסט פערצאָהרען, אויפעססען און פערדייען. מיר אַסימילירען רינדפלייש, ברויט, און אונז וויללען אַנדערע אַסימילירען... אויפעססען ווי רינד־פלייש און ברויט...

זי שווייגט אַ פּאָר סעקונדען און פֿראַגט דערנאָך דערשראָקען:

— וועללען דען אייביג, אייביג זיין קריעג און שטרייט צווישען פֿאָלקער?

— אָה, ניין — האָב איך איהר געאַנטװאָרט. אין אַ געוויססען פּונקט מוזען זיך אַללע פֿאָלקער פֿעראייניגען!

— און דער איז?

— די מענשהייט!... זאָלל יעדערער ביי זיך טהון, וואָס מען דאַרף, וועללען זיך שוין אַללע צוזאַממען טרעפֿען.

זי האָט זיך פֿערטראַכט. איך וויל ווייטער רעדען, נור מיר האַקט איבער אַ קלאַפּ אין דער טהיר...

— די מאַמע געהט! האָט זי שטילל אויסגעשריען און ענטלויפֿט. אוועקגעהענדיג דערלאַנגט זי מיר דאָס ערשטע מאָל די האַנד.

---

9.

דען צווייטען טאָג אין דער פֿריה, נאָך ליעגענדיג אין בעטט האָב איך דערהאַלטען אַ בריעף דורך אַ פּאָסלאַניעץ.

די קאָנווערט האָט איהר פּאָטערס פֿירמאַ „Jakób Berenholc". דאָס האַרץ קלאַפּט אין מיר ווי ביי'ן אַ גזלן... אינערוויינינג איז מעהר נישט געלעגען נור 10 רובל פֿאַר'ן חודש, וואָס האָט זיך נאָך נישט געענדיגט.

אויס לעקציע!

# דאָס זיבּעטע בּענטש־ליכטעל.

דער דרייצעהן־יאָהריגע שטערען קנייטשט זיך איין פֿאַר צער, דאָס יונגע קינדעשע פּנים איז בּלאַס פֿאַר שרעק, פֿון די אומשילדיגע אויגען פֿאַלט אַ טרער נאָך אַ טרער. נאָך פֿאַר אַכט טאָגען פֿרייטיג איז איהר אַזוי וואָהל, איז איהר אַזוי לוסטיג געוועזען! עס איז געוועזען דער קורצער פֿרייטיג. די באָבּע האָט זי געוועקט אַ בּיסעל פֿריהער. אַ גאַנצען טאָג איז זי פֿערנומען מיט שבּת מאַכען, פֿאַרנאַכט האָט זי זיך זינגענדיג און טאַנצענדיק אָבּגעוואַשען, איבּערגעפֿלאָכטען די לאַנגע צעפּ, איבּערגעטוהן זיך און געגאַנגען מיט דער באָבּען אין שוהל אַריין. די באָבּע צינדט זיך איהרע ליכט און זי — איהרע...

דאָס ערשטע ליכטעל — די באָבּע זאָלל געזונד זיין, דאָס צווייטע — דער טאַטישי זאָלל געזונד זיין, האָבּען אַ סך דיעלים און פֿערדיענען אַ סך געלד; ער זאָלל נישט אַללע מאָל געבּען אַ זיפֿץ, אַז די צייטען זעננען שלעכט. דאָס דריטטע — די מאַמעשי זאָלל געזונד און שטאַרק זיין, דערנאָך נאָך — פֿאַר שוועסטערליך און בּרידערליך, יעדען אַ ליכטעל... עס דויערט בּיז דער עולם העבּט אָן צוזאַממען צו קוממען צו׳ם דאַווינען...

ווי ליעבּ האָט זי די שוהל, און ווי ליעבּ דאָס ליכט בּענשען!

זי איז שוין צוויי יאָהר בּיי דער באָבּען... זי בּענקט נישט אַהיים... דאָרט איז נישט דער מנהג פֿון ליכט־בּענשען... זי וואָלט נישט איין מאָהל גערן זעהן די מאַמעשי, אַרום־חאַפּען דעם טאַטען בּיי׳ם האַלז און שפּיעלען זיך מיט זיין שוואַרצזיידענער בּאָרד, אַ בּיסעל אַרום לויפֿען און טאַנצען מיט די יונגערע קינדער... מען טאָר נישט די אַלטע באָבּע אַליין לאָזען... זי איז שטאָנדיג אַזוי גוט, זי האָט זי אויסגעלערנט ליכט־בּענשען... זי האָט זי אַזוי ליעבּ, — דאָס ליכט־בּענשען אויך... זי בּענקט אַ גאַנצע וואָך, זי צעהלט די טאָג... נור היינט איז עפּים איין אונגליקליכער פֿרייטיג.

אין דער פֿריה איז געוועזען ווי אַללע מאָל... זי האָט שבּת געמאַכט... די באָבּע האָט אויף איהר געקוקט און געקוואָללען... זיי האָבּען זיך שוין בּיידע אָנגעטהון, די באָבּע האָט שוין גענוממען דען שטעקען אין האַנד אַריין...

„האָט דער שוואַרץ יאָהר אָנגעטראָגען דען בּריעף־טראָגער..." די באָבּע האָט איבּערגעליינט דען בּריעף, געוואָרפֿען זיך צוריק אויפֿ׳ן בּעט און ליגט שוין אַזוי צוויי שעה מיט׳ן פּנים צו דער וואַנד...

זי איז שוואַרץ ווי קויל... די אויגען פֿערמאַכט, אין דער האַנד האַלט זי נאָך דען בריעף... פֿון מויל יאָגט זיך איהר אַ שוים...

זי לאָזט צו זיך נישט צו, לאָזט נישט עמיצען רופֿען, שטופּט זי אַוועק פֿון בעט, קוים ווײַל זי די טהיר אָפּפֿענען, דערהאָרט זי און שרייט:

— ניין!

זי שטעהט בײַ׳ם בעט און קלערט, עס צאַפּעלט איהר דאָס האַרץ; גאָטט ווייסט, וואָס מען האָט דער באָבען געשריבען פֿון דער היים... אָפּשר... אָפּשר...

און זי קאָנן זיך גאָר נישט איינשטעללען איבער צו קלערען, וואָס עס האָט געקאָנט פּאַרפֿאַללען.

זי פֿאַלט אַנידער אויף די קניע, חאַפּט אָן קראַמפּפֿהאַפֿט די באָבען ביי דער האַנד...

— באָבעשי! באָבעשי! וואָס איז אַזוינס געשעהן?... רעד אַ וואָרט מיט מיר, זאָג מיר עפּיס, וואָס איז געשעהן?...

— באָבע! איך וועלל שטאַרבען פֿאַר שרעק!

די וואָרטער האָבען זיך איהר אויסגעריססען נישט ווילּלענדיג פֿון האַרץ.

די באָבע האָט זיך צון איהר איבערגעדרעהט, געריהרט מיט די ליפּפּען, געעפֿנט די אויגען... און קוים האָט זי זי דערזעהען — געענטפֿערט האַרט:

— שטאַרב!

זי האָט זיך איבערגעדרייט צוריק צו דער וואַנד.

— „ער איז אוים׳ן אויג — זאָגט זי — שטאַרב, באַשע, שטאַרב"!

באַשע איז שטילל געבליבען. עס איז איהר ראַפּטים פֿינסטער געוואָרען פֿאַר די אויגען, דער קאָפּף איז איהר אַנידער געפֿאַללען אויף דער באָבער פֿיס, אַלץ איז אין איהר ראַפּטים קיהל און פֿינסטער געוואָרען. זי האָט אויפֿגעהאָרט צו קלערען און צו פֿיהלען.

עס האָט אַזוי געדויערט איין אַנדערהאַלבען שעה.

זי דערהאָרט די באָבעס קול:

— שטעה אויף!

באַשע איז אויף געשפּרונגען.

די באָבע האָט זיך אַלליין אויפֿגעהויבען, צוריק גענוממען דען שטעקען, וואָס זי האָט פֿריער אַוועק געוואָרפֿען.

— וויפֿיעל האָסטו ליבּט? פֿראָגט זי האַרט.

— אַכט, ווי תמיד! ענטפֿערט באַשע ציטטערענד —

— איינס לאָז איבער!

באַשע ריהרט זיך נישט.

— איינס לעג אַוועק! שרייט די בּאָבּע נאָך האַרטער.

בּאַשע ציטערט, נור ריהרט זיך נישט.

די אַלטע איז אַליין צוגעגאַנגען צום טיש, אויפגעוויקעלט דאָס פּאָקעלע ליכט, איינס אַרויס געלעגט, די רעשט פערבּונדען און אַריין געשטופּט בּאַשען אין דער האַנד אַריין.

— קום!

בּאַשע איז איהר נאָך געגאַנגען אויטאָמאַטיש; בּיידע האָבּען פערגעססען צו פערשליסען די טהיר.

בּאַשע געדענקט נישט, ווי אַזוי זי איז צוגעקוממען צו׳ם עמוד מיט די ליכט.

— צינד איינציג־ווייס, פאַר וועמען איך וועל דיך הייסען! זאָג מיר נאָך!

— זאָג: די מאַמע זאָלל געזונד זיין און לעבּען!

בּאַשע ציטערט ווי אין אַ פיעבּער; דאָס ערשטע ליכטעל איז שטאָנדיג דען טאַטינס.

— זאָג! שרייט די בּאָבּע; בּאַשע זאָגט נאָך.

— דאָס צווייטע: חיים׳ל זאָלל זיין אַ פרוממער יוד...

בּאַשע ציטערט נאָך מעהר, זי האָרט נישט דען טאַטינס נאָמען. די פיסלעך שאָקלען זיך אונטער איהר, דאָס הערציל צאַפּעלט, די שלעפען שלאָגען, די אויגען בּרעננען... די בּאָבּע איז אָהן רחמנות, זי שרייט אַללע מאָל האָכער: זאָג! זאָג! זאָג! פאַר וואָס געהט נאָך נישט דען טאַטינס ליכטיל? —

אָט צינדט זי שוין דאָס לעצטע —

— זאָג: שרה זאָל געזונד זיין! שרייט די בּאָבּע.

ניין! זי וועט עס נישט זאָגען, וואו איז דער טאַטע? ניין זי קאָנן עס נישט, אלס אין איהר עמפּאָרט זיך קעגען דער שלעכטער בּאָבּען... ניין! און ניין!

— זאָג! זאָג! שרייט די בּאָבּע, נאָך האָכער, נאָך האַרטער.

בּאַשע וויל אָבּער נישט פאָלגען, דאָס לעצטע ליכטעל מוז שוין זיין דען טאַטינס — זי העבּט אָן:

— דער טאַטישי —

שטילל! שרייט שרעקליך די בּאָבּע. שטילל! שטילל! דיין טאַטע איז שוין קיין יוד נישט! ער איז שוין פּריסיאַזשני...

# אײַזיקל שֶׁחָט.

## 1.

### איין עושר שטעהט אויף תחית המתים, א מלמד שטארבט פלוצלינג אוועק.

נאָך צוואַנציג יאָהר קנעלען, און דוקא אין די רייכסטע הייזער אין שטאָדטיל, איז אַביגדור'ל מלמד אַוועקגעפאַלען אויפ'ן האַלז; עס האָט זיך איהם בלוט געוויזען, דאָס קול בעהאַלטען און דערצו איז ער שטאַרק אָבגעפאַלען.

— אַ שאָד נעביך — זיפצט מען אין שטאָדטיל — אַ יוד אַ למדן און אַ גוטער מלמד!

און עלענד איז אַביגדור'ל ווי אַ שטיין. אַהער געקוממען קנעלען איז ער אַלס יונגערמאַן פון דער פרעמד; קיין קרוב, קיין גואל... דערצו נאָך איין אַלכן מיט אַ פיעריאָהריג יונגעל... איבער דער גאַנצער צייט האָבען זיך איהם קיין קינדער נישט געהאַלטען, דאָס לעצטע מאָל איז זי געשטאָרבען אין קימפעט, און געה פראָג גאָטט אַ קשיא!

קהל האָט דאָך אַביגדור'לען אין זינן!

ערשטענס — איז געבליבען אין בית־המדרש — איז קיין יושר ניט, מען זאָלל איהם דאָס מעמד צונעמען; ער וועט דאָך נעביך אויסגעהן ווי אַ ליכט! שווינדזוכט, זאָגט מען אפילו, איז אַנשטעקענד, זאָלל מען זאָגען! מיר ווייסען אַז החיים־והמות איז טאַקי נור ביי גאָטט, ברוך הוא, אין דער האַנד. אַז אָהן זיין ידיעה האָט דער מלאַך־המות קיין שליטה נישט, אָהן זיין וויססען, וועט זיך קיינעם קיין האָר נישט קרומען. — אַזוי איז געבליבען אין בית־המדרש אין דער פריה ביי שחרית, פאַרנאַכט ביי מנחה ומעריב, און דאָך איז זיך דאָס מעמד צעקראָכען.

אָנגעהויבען קאַליע מאַכען האָט אַ „נחות־דרגא" — איין אויפגעקוממענער בעל־הבית, דעם מומחה'ס אַ לייבליך שוועסטער־קינד; נאָך איהם האָגען זיך די רעשט בעלי־בתים צוריק געצויגען...

קהל קאָן דאָך נישט צוזעהן אַ יוד אַ למדן זאָלל שטאַרבען, חס־ושלום, פאַר הונגער.

טהון מוז מען! עס איז א מצוה און א יושר צוזאממען. אויפ׳ן וועג ליעגט דאך די שאלה: ווער דארף טהון? דאס גאנצע בית־המדרש זאגט, אז דער עיקר חוב פאלט אויף די בעלי־בתים, וואס האבען איהם דאס חדר צוגומען. די וויטער זאגען: כל ישראל ערבים זה בזה, און אויסהאלטען א יוד א למדן איז מחויב גאנץ קהל; זיי ווילען זיך די האנד נישט אבוואשען, נישט שטעהן פון דער וויטענס, נור דען גאנצען עול אויף זיך קענען זיי נישט נעמען!

דערפון מאכט זיך א צווייטע שאלה: וואו האט קהל געלד? עס זענען פער־האן 3 דאזארצעס, נור דער אמת׳ער ראש־הקהל, דער מושל־בכפה, איז ר׳ שמעריל, א פרומער, מתונות׳דיגער, שטילער משניות־יוד... און ר׳ שמעריל זאגט, אז אויספיהרען מיט דער הכנסה, וואס קהל האט, קאן ער נישט, אז איין גראשען זעהט נישט דען צווייטען, אז קהל איז א געלעבערטער זאק, אז ער מוז צולעגען פון דער קעשענע! און — איינס פון די ביידע, אדער ער וועט זיך מוזען גט׳ען מיט׳ן ווייב, וואס טהוט אן מעשים, אדער אוועקווארפען קהל; זאלל איין אנדערער געהן אין ספאדיק! מילא! דאס — זאגט מען — איז נאך נישט פון די גרויסע זאכען; דערויף איז נאך דא א תשובה: אדער מען קלויבט אויס איין אנדערן ראש־וראשון, אדער — טהוט מען זיך איין אנדערע עצה. היינו: מען מאכט אויף וואס עס איז א פונדוש! ווייט דארף מען נישט זוכען: שבת־ליכט, כל׳ע־מיני־שפייז... נאסע הייוען זענען שוין פערדונגען, מאכט מען פון טרוקענע, א ניט זאלל מען פערדינגען נאך אויף דריי יאהר דאס באד, און אפשר איז גלייכער אויפצונעמען א פ׳ערטען שוחט. די דריי געהען אין געלד, זאלל נאך א יוד, נישט דוקא ר׳ שמעריל׳ס א קרוב, האבען פרנסה און קהל א פאר גראשען! און א פונדוש דארף מען סיי ווי סיי: דער שוהל־דאך שיילט זיך, די מקוה דארף רעפאראציע, א ניט זענען די נשים מסוכן, היינט איז שוין, ברוך־השם, די תלמוד־תורה בטל עטליכע יאהר, שוין צייט עס זאלל אויף איהר אויך איין אויפרעכטונג קוממען...

און בעשטעהט קהל נישט אויף די אללע פלאנער, זאלל מען מאכען א נדבה, א שיינע נדבה! זאלל מען געהן מבית־לבית! קעסט־קינדער, וואס האבען, ברוך־השם, צייט און געזונדע פים, פעהלט נישט, קיין עין־הרע!

דערווייל האט מען אביגדור׳לען אבגעזאגט פון דער דירה.

דען טאג האט ער פערבראכט וואו עס איז. אביסעל אין בית־המדרש, אביסעל אין בעקאנטע שטיבער. וואו ער איז געקוממען מיט׳ן יונגעל האט מען זיי מיט עפים מכבד געווען. אביסל בראנפען (פאר׳ן קינד זיסען בראנפען), א שטיקעלע לעקיך... נור אויף נאכט־לאגער האט זיי קיינער נישט פערבעט׳ן. נאך מנחה־מעריב איז אביגדור׳ל מיט׳ן יונגעל געבליבען אליין אין בית־המדרש; אפילו די, וואס לערנען געוועהנליך נאכ׳ן דאווינען, האבען זיך אויך אנגעהויבן צו אײלען אהיים

נאָך אַפּאָר שעה איז אין גרויסען לעערען בית־המדרש אַביגדור׳לען קאַלט געוואָרען; ער האָט איבערגעלאָזט דאָס קינד, וואָס איז איינגעשלאָפען אויף דער באַנק, און איז זיך געגאַנגען אָנוואַרמען צו׳ן אַ בעקער, וואו מען אַרבייט די גאַנצע נאַכט. מען האָט איהם ערלויבט און ער האָט זיך געזעצט ביי דער וואַנד, נישט ווייט פון ברענענדיגען אויבען. אַ ליעבע וואַרם האָט איהן דורכגענומען און ער איז איינגעשלאָפען. עס האָט איהם קיינער ניט געוועקט און ער איז געשלאָפען ביז שפּעט אין דער פריה.

די צווייטע נאַכט איז ער געקומען שוין מיט׳ן יונגעל צוזאַממען זיך וואַרעמען. ער האָט פערנומען דאָס זעלבע אָרט, דאָס יונגעל האָט זיך געזעצט דער־נעבען און אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּיל אויפ׳ן פּאָטערס שויס. זיי זעננען ביידע אַזוי געשלאָפען ביז אין דער פריה.

אַזוי האָט געדויערט עטליכע טאָג; ביז די פּאָליציי איז געוואָהר געוואָרען. סכנת־נפשות האָט זיך געטהון! דער בעקער איז שיער נישט געגאַנגען אין תפיסה, ער האָט זיך קוים אויסגעקויפט מיט עטליכע רובל און געחתמ׳ט, אַז מעהר לאָזט ער אַביגדור׳לען אין שטוב נישט אַריין. אַהרט עפּיס די פּאָליציי, אַז אַביגדור׳ל איז אַ יוד אַ למדן? עטליכע בעלי־בתים זעגען אפילו געגאַנגען בעטען, וואו מען דאַרף, נור וואָס איז היינטיגע צייטען ווערטה אַ בקשה פון אַ יוד?

אַביגדור׳ל איז געגאַנגען אין באָד אַריין... ווייטער דאָס זעלבע: די פּאָליציי מישט זיך אַריין און וויל פערמאַכען דאָס באָד מיט דער מקוה! שפּאַרען זיך טאָר מען נישט; עס איז באמת אַ חורבה. רעד אַ וואָרט — לעגט מען אַ חותם, וועט קאָסטען אַ טויזענדער! ער־היום ווייס מען נישט ווער דער מסר איז געוועזען... געמוזט האָט מען דאָך מסר׳ן, די פּאָליציי מישט זיך אַליין נישט אַריין!

סיי ווי סיי, אַביגדור׳ל מיט׳ן יונגעל האָבען שוין נישט וואו צו געהן. זיי זענען געבליבען אין קאַלטען בית־המדרש.

דעמאָלט איז טאַקי דאָס רחמנות אויפ׳ן פּאָטער מיט׳ן קינד נאָך גראָססער געוואָרען; מען האָט ערשט דערזעהן, אַז זיי האָבען ביידע נישט קיין העמד אויפ׳ן לייב.

איצט האָט שוין דאָס גאַנצע בית־המדרש מודה געוועזען, אַז אַביגדור׳ל פאַלט אויף קהל. נור וואָס זאָלל קהל טהון? מען האָט זיך איבערגעלעגט, און מען איז געקוממען צו דער דעה, אַז דאָס באָד פערדינגען נאָך אויף דריי יאָהר קאָן מען נישט. דערווייל איז עס אַ מפּולת; קיינער וועט קיין דרייער נישט געבען, ביז מען וועט עס נישט פעריכטען.

אַ נייען שוחט אויפנעמען איז אַ געפעהרליכע זאַך; אָהן מחלוקת וועט עס נישט צוגעהן... און ווי לאַנג איז גאָר, אַז דורך אַ מחלוקת פון שוחטים האָט

אַ האַלבע שטאָדט געצאָהלט שטראָף פאַר פּאַטענטען? — אויף דעם איז מען שוין אין גלות!

מיט געפּרעסטע הייזען, האָט זיך אויסגעוויזען, האַנדלען מעהר קריסטען ווי יודען... אַ פונדוש אויף שפּייז וועלען די בעלי-מלאכות נישט צולאָזען. בעלי-מלאכות אונ חברה-נושאים זעננען איין קניפּעל; וועט זיך באַלד אָנהייבען איין עסק מיט חברה-קדישא!

אויף עופות — ווילל דער רוב בעלי-בתּים נישט. זיי זאָגען, אַז אויב עס וועט זיין אַ פונדוש, וועלען זיי אויפהערען עססען עופות... אויך קאָן דערפון אַרוים אַ פּרצה געגען שחיטת-חוץ! פיש זעננען אַזוי אויך ממון-קרח... אונ אָבלעגען אויף דער לאַנגער באַנק טאָר מען פּאָרט נישט; על-כּן מוז מען צוזאַמענגעמען אַ נדבה. מען הייבט שוין אָן קלער־ען: מי ומי ההולכים? ווער מיט וועמען?

נור — אַ מענש דענקט אונ גאָטט לענקט.

---

אין שטילען מאַרק איז פלוצלינג אין מיטען דער וואָך, אין אַ פּראָסטען דינסטאָג, אַ געפּילדער געוואָרען: אָהר'לע בעל-עגלה, מיט זיין בריטשקע, מיט זיינע פערדל'ך ווי די לייבען, טרייבט, יאָגט אויף אונ אָב, איבער בערג אונ טהאָל, שטיין אונ ביין; אויף אונ אָב, אַהין אונ צוריק, אַז עס פערהילעכט די אויערען! אין בריטשקע זיצט ר' גבריאל'טשע. פון דער רעכטער זייט האַלט איהן אונטער דאָס צווייטע, צו דאָס דריטע ווייב, אין דער לינקער זייט דער מומחה פון שטאָדט. ביידע קלאַפּען דעם בעל-עגלה אין קאַרק אַריין: פאָהר! פאָהר! פאָהר גזלן! אַ כּפּרה צעהן פערד פאַר אַ מענש!

ר' גבריאל'טשען האָט זיך, לא-עליכם, אַ דאַרם איבערגעדרעהט, ער האָט שוין, זאָגט מען, קוועק־זילבער גענוממען, טהייל זאָגען אפילו בסוד: פּיזעם אויך! פריהער גאָטט דערנאָך אָהר'לע מיט זיינע לייבען, קאָנען איהן ראַטיווען; דער-וויל איז נישט גוט! דער אַלטער חברה-קדישא-שמש, וואָס האָט שוין געזעהן מעהר מתים, ווי איין אַנדערער לעבענדיגע, זאָגט, אַז אויב די קישקע גלייכט זיך נישט אוים נאָך אָרה'לעס טרייבען איבער'ן מאַרק איז גאָר נישט גוט; מוז שוין דאָרט זיין אַ קשר של קימא, דאַרף מען טאַקי גרוים רחמים!... מען האָט אַראָבגעבראַכט פון ערגי'ץ אַ דאָקטאָר, האָט ער אויך מודה געוועזען, אַז נור איין גאָטט קאָן העלפען...

פון אַ נדבה מאַכען פאַר אַביגדור'לען האָט מען פלוצלינג אויפגעהערט צו רעדען. פאַר וואָס? קיינער ברענגט עס נישט איבער די ליפּען, נור יעדערער ווייסט די סבה... דער חדש-גבאי פון חברה-קדישא בלאָזט זיך שוין, ער רעדט שוין מיט עלטערע יודען בלשון „אתּה", דערלאַנגט שוין קיינעם קיין שמעק טאַביק נישט. זאָג איהם גוט מאָרגען, האָרט ער קוים! ער ווייס, אַז עס געהט צו זיין ממשלה!

און קהל האָט מיט ר׳ גבריאל׳טשען אַ לאַנגען, לאַנגען חשבון. נישט נור אביגדור׳ל וועט אויפגעריכט ווערען! אַ יוד קיין עין־הרע, אַ גביר, דריי הייזער, צוויי שפייכלער, באַאר גאָר אַ מטמון — און אהן קינדער! און אַ מענש זאָלל קיין שליטה נישט האָבען אויף זיין אייגענען גראָשען ... קיין קערה, קיין מעות־חטין, קיין „מאיר בעל־הנס", קיין אורח אויף שבת, גאָר נישט! פורים ווערט ער כלומר׳שט קראַנק און פערמאַכט טהיר און טהויער! זייט ער האָט דאָס לעצטע מאָל חתונה געהאַט, צוריק אַ יאָהר צוואַנציג, האָט ער קהל אפילו מיט לעקיך און בראַנפין נישט מהנה געוועזען...

קיין שלעכטס, חס־ושלום, ווינשט קיינער נישט. אַ יוד בלייבט אַ יוד, דעם רבונו־של־עולם וועט קיינער קיין עצה נישט געבען, נור וואָס אמת איז אמת.

ביי אַהר׳לע בעל־עגלה איז שוין אַ פערד געפאַלען און עס העלפט נישט! להבדיל, דער חברה־קדישא גבאי האָט שוין אפילו פאַר זיין אייגען ווייב קיין דרך־ארץ נישט!...

היינטיגע צייטען אָבער געשעהען אויך אַמאָל נסים, זעלטען, דאָך טרעפט זיך! גבריאל׳טשע האָט מנדר געוועזען עטליכע פונט ליכט אין שוהל אריין, און עס האָט אָנגעשלאָגען! ר׳ גבריאל׳טשע איז אויפגעשטאַנען תחית המתים! דערפאַר איז אביגדור׳ל נעביך, להבדיל בין החיים והמתים, פלוצלינג אַוועק געשטאָרבען!...

2.

# א טרוקענע לויה.

אַ לויה האָט אַביגדור׳ל געהאַט גאָר אַ זעלטענע; קינד און קייט!

דאָך איז זי געוועזען, איך קען מיך אַנדערש נישט אויסדריקען — אַ טרוקענע לויה! עס איז קיין אַלמנה, קיין יתומה נישט געבליבען.

עס איז נישט דאָ פאַר די ווייבער אין וואָס זיך אָנצוהאַפּען. מען חלש נישט, עס וויינט זיך אפילו נישט רעכט! דער אָרימער יתום ווייסט נאָך אפילו נישט, וואָס אַ קבר איז, וואָס געשטאָרבען הייסט; ער איז מעהר דערשראָקען, ווי פערוויינט! די ווייבער האָבען זיך ווירקליך נישט אין וואָס אָנצוהאַלטען. אַז איינע דערמאַנט זיך גראָד אין איהר אייגענער ברענעדיגער צרה און לאָזט אַרויס אַ קול, בלייבט עס ווי הענגען אין דער לופטען, קיינער האַפט נישט אונטער, ציהט נישט ווייטער, עס ווערט ווי פערגליווערט, ווי דערשטיקט. —

די הײַבער זענען דערײַבער באַלד אָבגעשטאַנען.

יונה באָץ, דער גבאי פֿון חברה נושאים פֿון היינטיגען חודש, האָט עס בעמערקט און נאָכגעשריגען:

— אַהיים, נשים, אַהיים! אַ לויה אָהן געוויין, איז ווי אַ חתונה אָהן כלי־זמר, נישט פֿאַר אייך גערדאַכט!

די ווײַבער שעלטען דען „לאַנגען יונה" פֿון וויטען, נור זיי טרעטען אָב.

די מענער האַלטען אויך נישט לאַנג פלאַץ.

פֿעריאָנטע קרעמער און אַזוי עלטערע און שוואַכע בעלי־בתים, געהען נור צו יעדער ביז אין זיין עק גאַס, אַנדערע בעגלייטען די מטה ביז עק שטאָדט און שטעלען זיך אָב. וואו מען בלײַבט שטעהן, קלאַפּט מען אָן אין דער ערשטער בעסטער שויב, און אין שטוב וויסט מען שוין, וואָס דאָס קלאַפּען בעטייט. באַלד בעווייזט זיך עמיצער מיט אַ קוואָרט וואַסער צו וואַשען די הענד, דער עולם בעגיעסט די נעגעל, קרעכצט אָב, זאָגט וואָס מען דאַרף, און געהט זיך זיין וועג, אַהיים צו אין געשעפֿט אַריין.

יונגע בעלי־בית'ליך, קעסט־עססער, בני־תורה, וואָס האָבען בײַ אַביגדור'לען געלערנט, אָדער נור אַמאָל מיט איהם פֿון תורה גערעדט, פֿיהרען די מטה אויס דער שטאָדט אַרויס. צום בית־עלמין זענען זיי דאָך נישט צוגעקוממען. עס איז אַ שאָנער, ליכטיגער טאָג, נעמט מען זיך רעכטס צום טײַכעל, די האָנד צו וואַשען; טהייל וויללען אַביסעל שפּאַציערען אונטער דער שטאָדט; עקסטראַ צוליעב דעם אַרויסגעהן, לוינט זיך נישט, נור אַז מען איז שוין דאָ!... אַנדערע ועללען זיך שוין אין איינוועגס אָבבאָדען.

פֿערשיט דאָס קבר, אונטערגעזאָגט דעם יתום דען קדיש האָבען שוין נור עטליכע מלמדים; דאָך זיי יאָגען זיך אויך צוריק, אין די חדרים אַריין: די תּלמידים האָבען שוין דאָרט געמוזט „די גאַנצע וועלט איבערקעהרען"...

דאָס ברעטיל מיט'ן „פּה־נטמן", די מצבה אויף דערוויל, וואָס וועט שוין געווים בלײַבען אויף שטענדיג, שטעקט אין קבר אַריין יונה באָץ און שילט דערבײַ מיט טויטע קללות אַללע בעלי־בתים... די כוחות האָבען זיי איהם צוגענוממען, דען מאַרך פֿון די ביינער אַרויסגעצויגען און אַוועקגעוואָרפֿען ווי אַ שאָל פֿון איין אויסגעפּרעסטער לימאָנע...

— די נושאים פֿערמאַכען דאָס בית־עלמין.

אין שטאָדט אַריין איז אַ וויאָרסט וועגס, די זון האַלט שוין אין אונטערגעהן, מען וועט קוממען צו מנחה און אפשר וועט נאָך צייט זיין צו חאַפּען אַ טרונק בראָנפֿען; צו דער אַרבייט וועט מען שוין זיך נישט זעצען, געהט מען טריט בײַ טריט און מען שעלט די בעלי־בתים פֿאַר זייער אַכזר'יש האַרץ...

נישט נור געגען מלמדים זענען די בעלי־בתּים נישט יוצא... ווי אזוי בעהאַנדלען זיי אָרימע לייט בכלל און בעלי־מלאָכות בפרט? !-- באַלד פערגעסט מען אינ׳ם נפטר און מען געהט איבער צו לעבעדיגע צרות: אָרימע לייט זענען אין חברה נושאים, בעלי־בתּים שטעהען איבער זיי אין חברה־קדישא; די חברה נושאים אַרבייטען צום טויט, די חברה־קדישא נעמט צו דאָס גאַנצע געלד פאַר די גבאים׳ס קרובים, פאַר עטליכע ליידיגגעהער, טעלער־לעקער... צי האָט דען אַ בעל־מלאָכה אַ דעה אין שטאָדט? ווער נעמט אויף אַ חזן? בעלי־בתּים! פראָג זיי בחרם צי איז עס אַ כּשר׳ער טרעל, צי אַ קריי פון אַ האָהן; פראָג זיי בחרם, וואָס אַ „וואָלאָך״, וואָס אַ „יעלה״ איז, און די טרעלבייכער נעהמען אויף חזנים! ווער מאַכט שוחטים? בעלי־בתּים — שמערל ראש הקהל, ימח שמו — דריי קרובים — דריי שוחטים! עס וואָלט שוין אפילו צייט געוועזען, צו מאַכען אַ שטיקעל מרידה, איז פונקט אַ יקרות... יונה באַץ האָט געוואָלט שוין אָנהייבען איינקויפען אויף דער סעודה, וואָס חברה מאַכט פון יאָהר צו יאָהר, — איז צו גאָר נישט צו צוטרעטען... און אַז עס איז יקרות, האָט דער בעל־מלאָכה קיין קוראַזש נישט... פון דער סעודה קומט מען אַרויף אויף דער פאַריאָהריגער און היינטיאָהריגער קלפי, וואָס געהט גאָר נישט צו עהרליך, שטענדיג מוז זיין אַ שווינדעל, א. ז. וו. . . .

און דער אָרימער יתום געהט נאָך פון הינטען אַ פערגעסענער, אַ דערשראָקע־נער... די אויגען זענען אַרויסגעזעצט איהם, דאָס דאַרע פּנים׳ל איז אין פּאַסען, פון די טרעהרען, וואָס האָבען געלאָזט איבער די איינגעריכטע באַקען... די ליפליך ציטערען איהם נאָך פון פריהערדיגען געוויין... ער פיהלט אפילו קיין הונגער נישט, חאָטש ער האָט נאָך היינט אין זיין מויל נישט געהאַט.

קינדער קאָנען דאָך לאַנג נישט טרויערען. עס מאַכען אויף זיך אויפמערקזאַם די שטיינער, וואָס ליגען אין די זייטען פון שאָססעע, יעדעס שטיקעל וועגס ליגענט אַ שטיין אויף אַ קליין בערגעלע ערד, אַרומגעבערעמט מיט גראָז; פון דער ווייטענס קוקט אויף איהם יעדער שטיין מיט אַ גרויס אויג; אַז ער קומט צו נאָהנטער, זעהט ער, אַז עס איז איין אויסגעמאָהלט ראָד מיט אַ ציפער אין דער מיט. נאָך וואָס די שטיינער נוטצען, איז איהם נישט אינטערסאַנט צו וויסען, נור אַריבער שפּרינגען איבער אַזאַ שטיין דאַרף מען פּריוועץ. עס געראָט איהם, און ער איילט זיך שוין אַקעגען דעם צווייטען שטיין, איבער וועלכען ער שפּרינגט נאָך געשיקטער, ביז ער מיידט אויס די נושאים.

— זעה נור, זעה, — דער יתום!

— נעביך, באָרוויס! — בעמערקט יונה באַץ מיט אַ זיפץ.

— מיינע האָבען אויך קיין שטיוועליך נישט, אָנטפּערט העשעל היטעלמאַכער

— אָבער טאַטע־מאַמע האָבען זיי — מאַכט יונה באַץ.

— פּהי! — פּייפט אונטער בעריל דער צוקער־בעקער, דאָס הייסט: אַז טאַטע־מאַמע פערדיענען נישט, העלפען זיי אַ סך!

דער אָבענד פאַלט צו. אונטערן הימעל בעווייזט זיך אַ ריהריווודיגע חמאַרע שוואַלבען. די לופט ווערט פול שוואַלבען־לשון, פול געריוויש פון פליגעל... אַ גע־שפּיעלעריי, אַ געפּיסקעריי, אַ געיאָג! שפּיעלענדיג, לאָזען זיך עטליכע שוואַלבען אַראָב; אָט רייסען זיך אָב נאָך עטליכע אונ מאַכען משונה־קונציגע ראָדער, אַלץ נידריגער אונ נידריגער... דער יתום בלייבט שטעהן מיט איין אָפען מויל, קוקענדיג אויף די שוואַלבען, אין רגע אַרום רייסען זיך איהם פון האַלז אַרוים משונה׳נע טאָנער. ער וויל נאָכמאַכען דאָס געשריי פון די פייגעליך; די פיסליך הייבען זיך, אונ טאַנצען אונטער איהם, גליך ער וויל זיי נאָכפליהען, אונ ער קלאַטשט מיט די האָנדליך פאַר גרוים שמחה, קוקענדיג אויף דער לוסטיגער באַנדע אין דער לופט. פלוצלינג חאַפּט ער אַ פּאָר שטיינדליך אונ ציהלט זיך צו די שוואַלבען, וואָס לאָזען זיך אַמנידריגסטען אַראָב.

— ערשט נאָך קדיש! — מאַכט העשעל־היטעלמאַכער מיט אַ ברוגז קול — כּדאי צו האָבען אונ אויפצוהאָדיוועז...

— וואָס ווייסט אַ קינד? — זאָגט יונה באָץ...

— איין ערשט געבוירען קאַלב — מאַכט העשעל — בלעקט אויך אַוועק אַ צייט נאָך דער קוה ...

— אַ קוה — מאַכט דער צוקער־בעקער — איז מאַמע נישט אַ טאַטע, אונ אַ יונגעל איז קיין קאַלב נישט.

יונה באָץ רופט צו דעם יתום:

— קום נור אַהער, שייגעציל!

ווי ווייך יונה באָץ׳ס קול איז נישט געוועזען, איז דאָך דער יתום פערציטערט געוואָרען. די פרייד, דער שמייכעל זענען איהם אַראָב פון פנימ׳ל. אויף זייער אָרט שטעהט שוין צוריק די שטומפּיגע שרעק. נישט גערן געהט ער צו.

יונה באָץ נעמט איהן ביי אָן דער האַנד.

— קום, יונגעלע... איך וועל דיך אַהיים פיהרען.

— וואו האָט אַ הונד אַ הויז — וויצעלט דער צוקער־בעקער, אונ יונה באָץ פערטראַכט זיך. דאָך לאָזט ער שוין דען יתומ׳ס האַנד פון זיינער נישט אַרוים...

די נושאים געהען שוין שטיל צו צו דער שטאָדט. זיי בעמערקען נישט, אַז דער יתום האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן אַ שטיין אונ טאַנצט אונטער אויף איין פיסל. פאַר שרעק האָט ער אפילו קיין זיפץ נישט געטהון.

## 3.

# יונה באָץ און זיינע חברים.

אין אָנהייב שטאָדט, וואו עס שיידען זיך די גאַסליך, רעכטס צום בית־המדרש און לינקס צום חברה־נושאים'ס שוהל'כיל, שטעלט יונה אָב זיינע חברים און פרעגט פערזאָרגט:

— וואָס טהוט מען מיט'ן יתום?

— אַ שרוך — וויצעלט, ווי זיין שטייגער איז, דער צוקער־בעקער,

— פיהר איהן אין בית־המדרש אַריין! — מאַכט העשעל היטעל־מאַכער.

— און גאָר?

— האָסט וויינינג דיינע קינדער? — פרעגט דער צוקער־בעקער.

— זאָללען בעלי־בתים זאָרגען — מאַכט דער היטעל־מאַכער.

— אַה! — פייפט אונטער יונה באָץ — איהר געדענקט חנטשע'ס דער משוגע־נערם יונגעל... וואו איז ער היינט?

— אין הפיסה — אָנטפער דער צוקער־בעקער גלייכגילטיג.

— עס איז איהם בעססער ווי מיינע אין דער היים — מיינט העשעל מיט אַ זיפץ.

— יודען — זאָגט יונה ערנסט — זינדיגט נישט מיט די רייד.

— נו? — פרעגען ביידע.

— האָרט, וואָס איך וועל אייך זאָגען — מאַכט יונה מיט אַ פעראָנדערט קול — דער יתום איז געבליבען מיט אונז... עס איז נישט פראָסט... עס איז מן הסתם אַזוי בעשערט...

— עט!

— ניין, נישט עט! פאַר וואָס איז ער מיט קיינעם נישט אַהיים געגאַנגען, נור ביי אונז געבליבען.

— מיר זענען די לעצטע געוועזען...

— דאָס אַלץ איז אַ הימעל־זאַך... אויף אַ יתום קוקט מען... מיר טאָרען איהן נישט אָבלאָזען...

ביידע ציהען מיט די פלייצעס. עפּיס איז זיי היינט יונה צו ערנסט, צו פרום; עפּיס נישט דאָס וואָס שטענדיג. דאָך וואַרפען זיי איין אויג אויפ'ן קינד, און בלייבען אויך פערציטערט: אַ דערשראָקען, דערציטערט פייגעלע; עס שניידט ביים האַרץ.

— ווי הייסט דו, יונגעלע? פרעגט דער צוקער־בעקער ווייך.

— דוד׳ל — שטאַמעלט קוים אַרוים דאָס קינד.

— נו? — פֿראָגט ווייטער יונה.

זיי שווייגען.

— גיט איין עצה — בעט זיך יונה.

נור די חברים האָבען זיך שוין אָבגעשאָקעלט, אונ מעהר אויפֿ׳ן יתום וועללען זיי שוין נישט קוקען. —

— נעם איהן צו דיר — זאָגען ביידע, נישט אויפֿהייבענדיג די אויגען פֿון דער ערד.

אונ די אשה מיינע?

זיי שווייגען. דער עולם ווייסט, אַז ביי יונה׳ן אין דער היים פֿיהרט שרה׳לע די מלוכה. אַז דער לאַנגער יונה, קוים דאַרף ער אַהיים געהן, לאָזט ער שוין אויפֿ׳ן וועג אַראָב דעם קאָפּ. ביי דער טהיר, איידער ער לעגט אַרויף די האַנד אויף דער קלאַמקע, האָט ער נאָך א ישוב, צו קאָן ער נישט ערגיץ אָוועגעהן נאָך אויף א ווילע. אויב נישט, בייגט ער זיך נאָך טיעפֿער איין. אין שטוב איז ער שוין אין דרייען געבויגען... יונה דער בעל־דברן, דער ראש־וראשון אויף יעדער סעודה, ביי יעדען מנין, דער טרינקער, דער פּאַטשער, די שרעק פֿאַר רב אונ קהל, דער יונה קאָנן אין דער היים קיין צוויי נישט צאָהלען... עס איז איהם נישט צו דערקענען!

— זי וואָלט איהם פֿעראימערט דאָס לעבען! — זאָגט יונה — איהר אייגענע לאָזט זי קיין פֿרייע מינוט... — ענדיגט ער מיט א זיפֿץ.

— אונ וואו ביזט צו דו אַלדע־שוואַרצע־יאָהר!

— וואָס זאָלל איך טהון מיט א יודענע!

די נושאים שווייגען. וואָרען באמת, וואָס טהוט מען מיט איין אשה? א בעל־הבית, אַז ער קריכט אונטער דער פֿעל, פּאַטשט מען אַמאָל אוים, דעם רב — אָנטפֿערט מען איין גראָב וואָרט, פֿערקריכט ער אין א מויזען־לאָך... אָבער איין אשה מיט יללות, מיט נעגעליך... אויף דעם איז שוין קיין הילף נישט פֿערהאַנען.

— ווייסט דו וואָס, העשעל — חאַפּט זיך יונה אויף ווי פֿון שלאָף — נעם איהן צו דיר.

— משוגע ביסט דו, מטורף! איך האָב פֿאַר מיינע קיין ברויט נישט... שאָנע ירידים היינט!

— פֿאַר צאָהלען מיין איך!

— ווער וועט צאָהלען?

וויפֿיעל ווילסט דו א וואָך?

— חאַטש א רובעל א וואָך — אָנטפֿערט העשעל.

— נור, ווער וועט צאָהלען — פֿראָגט ער ווייטער. מען ווייסט, אַז דאָס קה...על

אין ביי שרה׳לען נישט ביי יונה׳ן אין האנד; ער קריגט אפילו אויף קיין טרונק בראנפען נישט; חאטש פרנסה איז, ברוך־השם, דא, א קעססעל־מאכער איז ער א גוטער!

— און אז בעלי־בתים וועלען צאהלען?! — פראגט יונה.

— אה! זיי לויפען שוין!

— זיי מוזען צאהלען — גיט יונה א טופ מיט׳ן פוס.

— יו־נה! — מאכט דער צוקער־בעקער — לאז דיך נישט גלוסטען! מיש דיך נישט אין קהל׳ס זאכען, שוין לאנג נישט געווען קיין מחלוקת! ווילסט ווייטער א פייער אונטערצינדען!

העשעל ראטה אויך דאס זעלבע:

— גיב מר איבער דען יתום, איך וועל איהם אבפיהרען אין בית־המדרש אריין.

— אבפיהרען וועל איך איהן אליין — זאגט יונה מיט א הארטער שטימע.

— הא! אז דו האסט זיך אנגעציעפעט!

ביידע נושאים הייבען מיט די פלייצעס און געהען זייער וועגס.

יונה שטעהט אביסעל פערטראכט; א מינוט שפעטער שרייט ער זיי נאך:

— העשעל, געדענק, פאר א רובל א וואך!

— איך געדענק! ענטפערט העשעל פון ווייטען.

— עפים א דיבוק איז אין איהם אריין... רחמנא ליצלן! — מאכט דער צוקער־בעקער.

— נו, א רחמנות איז טאקי — ענטפערט העשעל.

— אודאי איז א רחמנות, — מאכט דער צוקער־בעקער, — נור הארסט דו, ברודער, וואס איך וועל דיר זאגען? רחמנות איז דער טהייערסטער ביססען פאר ארימע לייט!

זיי נעמען זיך אין א זייט און טרעטען אב אין דער ערשטער בעסטער שענק אויף א טרונק־בראנפען.

יונה שטעהט נאך אלץ מיט׳ן יתום ביי דער האנד; ער האט נאך א ישוב.

---

## 4.

# אין בית־המדרש צווישען מנחה ומערב.

— וואס טהוסט־דו דא, יונהלע? — פראגט מען צווישען מנחה ומעריב, אז מען האט יונה׳ן אין בית־המדרש בעמערקט. אין שטאדטיל איז דאך, ברוך־השם, שטיל, בערוהיגט מען זיך און מען געהט ווייטער מיט לולקע־ציבוק אין מויל, אדער מען שטעהט אין ראדליך און מען רעדט. פון אביגדורל׳ן האט מען שוין דא אויך

אָבגערעדט אַל־דאָס גוטס, וואָס מען האָט נור געקאָנט. מען איז אַריבער אויף מקחים פון פּראָדוקטען, ליציטאַציעס, פּאָליטיק. פון עמיגראַציעס האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט.

דען יתום האָט מען בעסער בעגנעגט; ווער עס האָט איהן בעמערקט, האָט זיך אבגעשטעלט אַ רגע, אַ זיפץ געטהון, טהייל נאָך אַ גלעט איבער'ן היטעלע...

פלוצלינג איז אַ גרודער געוואָרען און אַללע אויגען האָבען זיך געווענדט צום שלחן אין מיט בית־המדרש. יונה שטעהט שוין דאָרט און האָט שוין אַרויפגעשטעלט דעם יתום אויפ'ן טיש; דאָס קינד לאָזט אַרוים אַ געוויין, וויל אַראָב פון טיש, וועניגסטענס, זעצען זיך. ער האָט מורא פאַר דער הויך איבער דעם גאַנצען עולם. יונה אָבער לאָזט נישט; ער האַלט איהן אונטער ביים פּאָדקאלנער און בעמיהט זיך איהם צו בערוהיגען!

— שטיל, דוד'ל, — רוימט ער איהם איין, — שטיל, דיין טובה מיין איך!

דער יתום חליפּעט, נור שטילער.

פון מזרח־וואַנד האָרט זיך דערווייל אַ קול פון אַ בעל־הבית:

— מיט שטיוועל אויפ'ן שלחן, אַראָב, שייגעץ!

יונה דערקענט דאָס קול און אָנטפערט געלאַססען נור פעסט: שרעק דיך נישט, ראובן'לע, שרעק דיך נישט, פרומע נשמה! באָרוויס שטעהט ער, דער יתום; ער האָט שוין לאַנג קיין שטיוועליך נישט.

און דערהיצט פון זיינע אייגענע רייד, גיט ער צו מיט כעס:

— און דאָ וועט ער שטעהן, ביז בעלי־בתים וועללען איהן פערזאָרגען.

דער עולם שווייגט פעראינטערעסירט.

— עס איז איהם אפילו — מאַכט ווייטער יונה — שווער צו שטעהן, ער איז באָרוויס געוועזען אויפ'ן הייליגען אָרט, ער האָט זיך אַ פיסעל פערווינדט... שטעהן מוז ער דאָך, רבותים! ער מוז, ווייל ער איז אַ יתום און דאַרף מען זאָלל פאַר איהן זאָרגען!

— זעה נור דען בעל־טובה! — רופט זיך עמיצער אָן פון אַ זייט.

— מעריב־דאַווינען! — גיט איין אַנדערער אַ געשריי.

— חזן, צום עמוד! — קאָמאַנדירט דער גבאי.

יונה גיט אַ קלאַפּ אין טיש אַריין, אַז עס הילכט, די נאָהענטע בעלי־בתים שפּרינגען אָב. ר' קלונימוס דער דיין, וואָס האָט, שטעהענדיג ביי'ם שלחן, זייט דער יתום איז אויפ'ן טיש, זיין שיעור אויסגעלערנט, אָבגעמיטשעט און אפשר אויסגעהונגערט פּנים פערשטעלט מיט דער האַנד, נעמט זי צונד אַוועק. אין

די אַלטע גראָהע אויגען בעווייזט זיך אַ שטומער טיעפער צער.

— יונה — שטאַמעלט ער — נישט מיט געוואַלט...

— מען וועט נישט דאווינען! — שרייט יונה, חאַפּענדיג אַ לייכטער פון שלחן אין דער האַנד אריין.

דער גבאי האָט זיך אַנידער געזעצט, דער חזן בלייבט שטעהן אין מיטען וועג צום עמוד, און יונה דרעהט זיך איבער צום דיין.

— רבי — מאַכט ער מיט גיפט — דאווינען, מיינט איהר, ווילען זיי! חס־ושלום! די וועטשערע מיינען זיי! די ווייבער קאָכען זיי שוין וועטשערע! עס וועט זיין אַ קאָכענדיגע יויך מיט קנאַקענדיגע בייגעל, אַ פעט שטיקעלע פלייש מיט בע־טעמ'טען רויטען חריין, — און אפשר אַ ביסל זיססע מייער־ליך דערצו... און דער יתום האָט נישט צו עססען.

— נישט דיין דאגה! — שרייט עמיצער, אַ בעהאַלטענער פון מיט'ן אַ ראָדעל אַרוים. ר' קלונימוס דיין פערשטעלט צוריק דאָס פנים מיט די ביינעריגע האַנד און יונה אָנטפּערט:

— עס איז יאָ מיין דאגה! איהר זענט אייך פון דער לויה ווי די מייז צו־קראָכען, און מיר דען יתום איבערגעלאָזט! ניט אייער ווילען איז עס געוועזען, נור אַ גאָטט־זאַך! גאָטט וויים, וואָס ער טהוט! גאָטט וויים, אַז איין אָרעמאַן האָט יודישקייט, אַז יונה באַץ וועט דען יתום נישט אוועק וואַרפען אָהן הילף!

דער יתום הייבט אָן צו פערשטעהן פון וואָס מען רעדט. ער גלייכט זיך אַביסעל אוים, לעגט די רעכטע האַנד אויף יונה'ס פליצעס, און שטעהט אַזוי אָנ־געשפּאַרט, אונטערהאַלטעדיג מיט דער לינקער האַנד דאָס פערווינדטע פיסעל...

דאָס קאַפּאָטקעלע האָט זיך איהם פון איינציגען קנעפּיל אָבגעלאָזט. פון אונטער דען אָבגעריסענעם העמדיל שטאַרט אַרוים אַ ברודיג אויסגעדאַרט לייב. אויפ'ן פנים ליגט עפּיס אַ וואונדערליך טרויעריגער שמייכעל... ער שרעקט זיך שוין נישט פאַר'ן עולם; ער פיהלט, אַז יונה באַץ הערשט איצט איבער אַלע, אַז, ער איז געשטיצט אויף יונה באַץ!

— זעהט, בעלי־בתים! זעהט, יודען, בני־רחמנים!— רופט יונה מיט אַ ווייבער קול — אַ גערעאַניעט פיסעל, באָרוויס...

— ביי מיר איז דאָ אַ פאָר שט־ועליך! אַלטע, נור גאַנצע...

יונה דערקענט דאָס קול.

— גוט! מאַכט ער, ר' יוסיל איז מנדר, אַ גוטע התחלה... נור אָהן אַ העמד איז ער אויך!

איין אַנדערער איז מודיע, אַז זיין ווייב וועט אוודאי נישט קאַרגען עטליכע העמדליך פאַר אַ יתום.

— זעהר וואיל, — זאָגט יונה — וויים איך שוין, הענעלע וועט געבען! אונ אַ בגד׳ל?...

עס איז דאָס אויך עמיצער מנדר; יונה נעמט ווייטער אָן פּאַר ליעב.

— נור עססען — רופט ער ווייטער — עססען, ווער וועט געבען! פּאַר וואָס שווייגט ר׳ שמעריל? פּאַר וואָס רעדט נישט דער ראש־הקהל?

ר׳ שמעריל, אַ דיק יודעל מיט לאַנגע ברעמען, וואָס פערשטעללען איהם די אויגען אויפ׳ן פערלאָפּענעם פּנים, זיצט איבער׳ן משניות אונ ריהרט זיך נישט פון אָרט.

— נישט דאָ איז קהל־שטוב — מאַכט ער שטיל אונ געלאָססען צו די בעלי־בתים, וואָס שטעהען אַרום זיין שטענדער. די תשובה גיט איבער איינער דעם צווייטען. כהרף־עין פליהט זי איבער דאָס גאַנצע בית־המדרש: ר׳ שמעריל זאָגט, אַז נישט דאָ איז די קהל־שטוב!

— אַ ממזר פון אַ יוד! — בעמערקט עמיצער.

— ביסמאַרק!

— אַ קעשענע־גנב — פערריכט איינער אין דער שטיל.

דערוויל רופט זיך נאָך אַ קול אָן פון מזרח־וואַנד, פון דער צווייטער מזרח־וואַנד.

— יונה — רופט עס — פאָלג מיך יונה, לאָז געמאַך... היינט איז דאָנערשטאָג ביינאַכט... וואָס איז היינט פּאַר אַ מאָדע? עס איז קיין מנהג, קיין דין נישט, אין אַ מיטען דאָנערשטאָג נישט צו לאָזען דאַווינען... געה אַהיים, אונ שבת קום אין דער פריה, לאָז נישט אויסנעמען, מהיכי־תיתא...

— אונ שבת — שניידט איהם יונה אָב אַ תשובה — וועט ר׳ ירחמיאל דאַווינען אין דער היים, אָבעססען אונ לעגען זיך אונטער דען איבערבעטעט? האָ? —

עס ווערט אַ געלעכטער: אַ חרוץ־עתיק יונה...

— הכלל, יונה, וואָס ווילסט דו?

— עססען פּאַר׳ן יתום, איך פּאַר מיר וויל גאָר נישט!

— עססען, רבותים, עססען פּאַר׳ן יתום! — הייבט ווייטער אָן יונה. נישט ווילענדיג, פּאַלט ער אַריין אין טאָן פון: „צוויי גילדען צו מצוות, דריי גילדען צו מצוות“. עס ווערט פרעהליכער אין בית־המדרש.

— איך נעם איהן אַהיים אויף וויעטשערע! — האָרט זיך אַ קול.

— גוט — רופט ווייטער יונה — אויך אַ נדבה! פערשרייבען וועטמען עס ר׳ יחיאל׳קילען אויבען אונ אונטען! האָרסט, יתומ׳ל — דרעהט ער זיך איבער צום קינד — אַ התחלה טובה האָסט דו שוין! אויף לאַנג לעבען אַ וויעציערע. אונ מאָרגען (דרעהט ער זיך איבער צום קול וואָס האָט גערופען), מאָרגען וואָס וועט זיין?

— זאָלל זיין מאָרגען אָנבייסען אויך! — אָנטפּערט דאָס זעלבע קול...

— אונ וואָרימעס?

— גוי! — שרייעט מען פֿון א זייט, מאָרגען איז פֿרייטאָג!

— אונ שבת? — לאָזט יונה נישט אָב.

— שבת מעג ער אויך קוממען צו מיר!

— אונ זונטאָג, פֿראַגט ווייטער יונה, אונ מאָנטאָג, אונ דינסטאָג אונ די גאַנצע וואָך, אונ ווייטער שבת, אונ ווייטער א וואָך!

— וואָס האָסט דו דיך אָנגעציעפּעט אין מיר! איין בעל־בית בין איך דאָ?

— חס־ושלום, צו אַללע בעלי־בתּים רעד איך! וואָלטען אַללע געהאַט אַזאַ יודיש הארץ ווי איהר, וואָלט שוין דער יתום אויפ'ן טיש נישט געשטאַנען.

דער עולם שווייגט.

— דאַווינען! ווערט ווייטער א געשריי, א געטומעל.

— שיקט נאָכ'ן ווייב, וועט ער אַנטלויפען! — האָרט זיך איין עצה אין מיטען געטומעל. דאָס האָט יונה'ן ווי א בליץ געטראָפען! אין איין רגע איז דער גרויסער, לאַנגער יונה געוואָרען ווי חוזק, בטל ומבוטל! דער וויץ האָט איהן געטראָפען ווי גלית'ן דוד'ס גלאַט שטיינדיל, גלייך אין שלעף אַריין!

— דאַווינען! דאַווינען! שרייעט מען שוין האָכער. יונה שווייגט, הייבט די האַנד מיט'ן לייכטער נישט אויף; ער האָט דען גאַנצען מוטה פערלוירען!

---

5.

## א אומגעריכטע הילף.

אונ ווער ווייס, וואָס מיט'ן יתום וואָלט געוואָרען, ווען נישט די הילף, וואָס איז פלוצלינג געקוממען פֿון איין אַנדערער זייט!

אויפ'ן בעלעמער פֿון אָרון־קודש איז פלוצלינג אַרויפגעשפּרונגען א שוואַרצער, בעוואָקסענער יונגערמאַן מיט א ספּאָדיקיל אויפ'ן שפּיץ קאָפּ, מיט צוויי צופֿלויגענע פּאות פֿון אונטער דעם ספּאָדיקיל, צולאָזענע ציצית פֿון אונטער'ן אָפענען חאַלאַטיל, אונ צוויי ברענעדיגע, לויפענדיגע אויגען אונטערן ברייטען שטאָרען. —

זעהט, זעהט — ווערט א גערודער — חיים־שמואל ווייטער!

אין איין אויגען־בליק ווענדען זיך אַללע אויגען אָב פֿון שלחן צום אָרון־קדש.

אפילו ר' שמעריל, וואָס איז ביז אַהער אַזוי רוהיג געזעססען ביים משניות, ווערט אויך עפּיס אונרוהיג, הייבט די ברעמען אויף.

— ווער? ווער? — פֿרעגט ער מיט זיין זיסען, נור דערשראָקענעם קול.

— חיים־שמואל, חיים־שמואל — חזר׳ט מען איבער.

— רבותים! — שרייט דערוויל דער יונגער־מאַן פֿון אָרון־קדש אַראָב! — געדענקט, וואָס איך זאָג אייך! דער רבונו־של־עולם, ווי אין די הייליגע ספֿרים שטעהט, איז איין אַבי־יתומים! איהר טאָרט דען יתום נישט פֿערלאָזען — אַ ניט וועט איהר, חס־ושלום, אויך איבערלאָזען יתומים...

— אַראָב, שייגעץ, פֿון בעלעמער...

— שרייט נישט, רבותים, איין אמת וואָרט וויל איך זאָגען, אַ גוט וואָרט... אַ גוט וואָרט וויל דער עולם הערען.

— שאַט, רבותים... יודען בני־רחמנים זענט איהר, אַ יודיש האַרץ האָט איהר, פֿאַר וואָס שווייגט איהר? איהר האָט — זאָגט איהר — אַ לאָך אין קעשענע? עס ווערט אַ געלעכטער.

— לאַכט נישט, איך מיין עס ערנסט. איהר האָט קיין געלד נישט, אָרום קהל! איהר האָט נישט. ר׳ שמעריל האָט נישט!... מילא... וועל איך אייך געבען געלד!

בײַ די ווערטער ווערט ר׳ שמעריל אונרוהיגער. ער פֿערמאַכט דאָס משניות, הייבט זיך אויף פֿון אָרט און קוקט צום בעלעמער.

— יונה — רופֿט דער יונגער־מאַן פֿון בעלעמער אַריבער צום שלחן — האָסט וועמען איבערצוגעבען דען יתום?

אוודאי! — ענטפֿערט יונה, וואָס איז דערוויל צו זיך געקוממען.

— וויפֿיעל דאַרף עס קאָסטען?

— אַ רובל אַ וואָך!

— זעהר וואהל! רבותי, איך גיב געלד! איך צאָהל אַ רובל אַ וואָך פֿאַר׳ן יתום!

— דו, דו? — ווערט אַ געדופֿעריי. מען ווייסט, אַז דער יונגער־מאַן האָט נישט קיין דרייער בײַ דער נשמה.

— נישט מיין געלד! רבותי! הערט, איך גיב אייך נישט מיין געלד, מיין שוואָגער אייזיקיל׳ס געלד!

— אַה! ווערט אַ געוואָלדעריי. דער עולם פֿערשטעהט שוין אין וואָס עס געהט. דער שוואָגער אייזיק׳ל האָט אַ היתר־שחיטה...

צונד ווערט שוין ר׳ שמעריל בלאַס. מיט אויפֿגעפֿלאַמטע אויגען הייבט ער זיך אָן צו־צוּרוקען צום בעלעמער. דאָך איידער ער שטופּט זיך דורך, רופֿט דערוויל דער יונגערמאַן:

— מיין שוואָגער גיט אַ חרם־קוויטעל... ער צאָהלט אַ רובל אַ וואָך פֿאַר׳ן יתום... ביז ער וועט בר־מצוה ווערען... אפילו ביז דער חופה...

דערי̇עהענדיג ר׳ שמערלין פֿאַר זיך שוין אופֿ׳ן ערשטען טרעפּיל פֿון בע־לעמער, רופֿט ער דאָס איבעריגע אין איין אָטהעם :

— נור פֿאַר שחיטת עופות! נור פֿאַר שחיטת עופות! שרייט עולם: יאָ!

און דעם עולם געפֿעלט די קונץ און הייבט אָן שרייען מיט התלהבות:

— יאָ! יאָ! מסכּים! מסכּים! אַללע בעשטעהען!

ר׳ שמעריל איז שוין געשטאַנען ביי׳ם יונגענמאַן. ער האָט איהם שוין געהאַלטען ביי׳ם לאַץ אַראָבצושלעפּען, „ווי אַ הורג״ פֿון בעלעמער, נור פֿון געשריי „יאָ! יאָ!״ און „מסכּים״ איז ער ווי פֿערטומעלט געוואָרען.

— שֶׁחט אייזיק׳ל! — שרייט צולעצט דער יונגערמאַן. ער שפּרינגט אַראָב פֿון בעלעמער רעכטס, ער זאָלל זיך מיט ר׳ שמערלין נישט טרעפֿען.

און אַז ר׳ שמעריל קומט צו זיך צוריק, הייבט אָן רעדען, ווענדט זיך צום דין:

— ר׳ קלונימוס! רבי קלונימוס, ווי דערלאָזט...

שטעהט שוין דער אייגענער יונגער־מאַן אין טלית ביי׳ם עמוד און גיט אַ געשריי:

—והוא רחום...

דער עולם צעהוידעט, צעוויינט זיך, אָנטפֿערט פֿרעהליך און ר׳ שמעריל׳ס קול ווערט פֿערטרונקען אינ׳ם דאַווינען.

ר׳ קלונימוס האָט נאָך אַלץ נישט אַראָבגענוממען די האַנד פֿון פּנים...



# קְלָאֶץ גֶעשִׁיכְטֶען.



## 1.

## דער קלאָץ אליין.

אין מיטען מאַרק ליגט איין אַלטער, פֿוילער קלאָץ...

דאַכט זיך, טויט ווי אַללע טויטע — און דאָך, אין אַ שטילער זומער־נאַכט, ווען אַלץ אַרום איז פֿערזונקען אין טיעפֿען שלאָף, ווען לבנה און שטערען דרימלען אונטער אַ לייכטען זילבער־נעפּיל, וועקט זיך אין מיר אויף דער אַלטער כּשוף־מאַכער... „האָקוס־פּאָקוס!״ — דער קלאָץ לעבט!

ערגיץ אין מצרים ליגט אַ פֿערכּשוף׳טער אַלטער קלאָץ, וואָס וועקט זיך יעדען

פריה מאָרגען, (ווען די פרישע, ריינע זון שטעהט אויף) און יעדען אָבענד, (ווען זי געהט אונטער פערשעמט און פערבלוטיגט) און גיבט פון זיך אַרוים אַ וואונדערליכען קלאַנג; — מיין קלאָץ פערציילט גאַנצע געשיכטען.

אַלץ, וואָס איך שרייב פון'עם שטאָרטיל, האָב איך איהם צו פערדאַנקען, דאָס אַלץ זענען „קלאָץ־געשיכטען"... דאָס אַלץ פערצעהלט ער מיר.

נור אָנהויבען הויבט ער אָן פון זיך. רעכט האָט ער! יעדערער איז ביי זיך דער היילינער מיטעל־פונקט, אַרום וועלכען ער שטעלט זיך אוים די רעשט וועלט.

עס געהט כסדר: איך, און דערנאָך ערשט אַלץ, וואָס מיין איז: מיין משפחה, מיינע חברים, מיינע גוטע פריינד, מיינע בעקאַנטע, מיין שטאָדט, מיין געגענד, מיין לאַנד... אַלץ וואָס מיין איז!

שפעטער נעמען מיר שוין שותפים צו: אונזער ערד, אונזער וועלט.

פאַר דאָס קוממען מיר צוריק צו: מיין גאָטט! נור דאָס זאָלל זיין אַ סגולה צו פרנסה...

---

טהייל מיינען אפילו, אַז זיי זענען, נישט נור דער מיטעל־פונקט, נור זאָגאַר דער ברען־פונקט פון דער וועלט. דאָס גאַנצע ליכט לויפט זיך דאָ צו־זאַממען אַרויסצושטראַהלען ערשט פון זיי אויף דער רעשט וועלט... אָהן אַ חלב'ען ליכטעל אפילו אין האַנד, לויפען די באַרמהערציגע לייט אַרום אין די גאַססען און שרייען: ליכט! ליכט! ווי אַ מאָל דער כביכול און דערנאָך, להבדיל, געטהע פאַר'ן טויט...

אַנדערע קלערען גאָר: צי איז אויסער זיי נאָך עפּיס פערהאַנען!...

„איך בין איך" — על כן — בין איך דאָ! נור די רעשט וועלט צו איז זי נישט מיינס אַ חלום פון אַ זוממער־ צו אַ ווינטער־נאַכט, ווי עס מאַכט זיך?

און באמת, ווער נאָטיגט מיך צו גלויבען, אַז אויסער מיך עקזיסטירט נאָך עפּיס? פיהלען פיהל איך נור מיין הונגער, מיין דורשט, מיין עגמת־נפש... איי וואָס — מען זאָגט?

דאָס איז ווענינ!

מען פלעגט אַ מאָל זאָגען, אַז עס איז פאַרהאַן: עהרליכקייט, רחמנות, יושר, אמת וכדומה, און עס האָט זיך אויסגעוויזען — אַ חלום, אַ וויסטער חלום...

און — אַ והא ראיה! אַז איך, איך נור, נעם אַ קאָפּ בראָנפען, טאַנצט די גאַנצע וועלט אַרום ווי שכור!

לאָ'מיר בעססער צוריקגעהן צום קלאָץ! צו זיין אויטאָביאָגראַפיע!

---

געוועזן איז ער אַ מאָל אַ בוים.

אַ פרישער, גרינער בוים אין וואַלד!

געוואָרצעלט האָט ער אין דער ערד, געצווײַגען זיך אין הימעל אַרײַן... אײַן אַדלער, נאַטירליך, פֿליהט האָבער; זיינס האָט ער דאָך געטהון בשלמות; ער האָט זיך געהויבען און געהויבען, איבער זיינס גלייכען געוואַקסען! ער האָט שוין אפילו אַ גרויס שטיק הימעל געזעהן!

טהייל מאָל האָט זיך איהם געדאַכט, אַז, אָט אָט, פֿאַלט אַראָב דאָס טעלעריל פֿון הימעל און לעגט זיך איהם — אַ קרוין אויפֿ'ן קאָפּ! און ער איז ווערט די קרוין, ער ציהט זיך אַלץ־אין־איינעם אַרויף!...

געלעבט האָט זיך נישט שלעכט!

טויזענד בלעטער צום אָטמען, אַריינצוציהען גרינצייג... אַ פּאָר שאָק וואָרצלען אונטער דער ערד, צו ציהען חיונה — זאַפט און זאַלץ! דאָס איז פֿאַר'ן גוף; די נשמה האָט: פֿייגעל־קאָנצערט און וואָלקען־מאַסקאַראַדע!

צווישען די צווייגען זומט, ברומט, טרילערט און קלינגט... אויפֿ'ן הימעל פֿליהט און ציהט, און יאָגט זיך. פֿון אַ זייט שווימט אַ סטאַדע וואָליגע שעפּעליך; אָט טרייבט זיי אָקעגען אַ גראָמאַדע צוּטיגע, שוואַרצע וועלף... אַללע פֿערשווינדען, און איבער דער ברייט פֿון הימעל ציהט זיך אויס אַ לאַנגער דייטש מיט גרויסע שטיוועל, מיט אַ מעשענע פּיקעל־הויב אויפֿ'ן קאָפּ... ער ווערט אויך צורינען, שאַ! דער הימעל הענגט אַרויס וועש צו טרוקנען... דאָס „גרעט" שאָקעלט זיך, הוידעט און וואַרפֿט זיך, גלייך עס וויל אַראָבפֿאַללען און אַ האַלבע וועלט „מלביש־ערומים" זיין...

---

**דאָס אַלץ איז זומער.**

ווינטערצייט הילט זיך איין דער בוים אין ווייסען מאַנטעל און דרימעלט. ער שלאָפֿט איין, און חלום'ט־איבער אַ וועלט!

אין אַזאַ שלאָף האָרט ער איינמאָל: טראַך! טראַך!

אַ האַק, צי אַ דונער! ער צי איין אַנדערער?

איידער ער קומט צו זיך — באַץ! ער ליגט שוין אויסגעצויגען אויפֿ'ן שניי...

און ער שלאָפֿט ווייטער איין... און ער חלום'ט ווייטער:

— פֿערפֿאַלען! עס וועט זיך אָנהייבען אַ נייע לעבען, גאָר איין אַנדער לעבען! נישט אין היימישען וואַלד, נישט צווישען זיינס־גלייכען — בוימער, נור אין דער איבּיגער פֿרעמד!

נישט „הימעל און ערד" וועט עס הייסען, נור „הימעל און וואַסער", בעסער

געזאָגט: הימעל און הימעל, איין אמת'ר פון אויבען, איין אָפּגעשפּיגעלטער פון אונטען...

אַ מאַטשט וועט ער זיין, אויף דער גרעסטער שיף שווימען; אויף דער גרעסטער שיף, אויפ'ן גרעסטען ים! און אַ וועלט וועט ער זעהען!

דען וואַלד וועט ער דאָך נישט פערגעסען!

וועט ער נאָהנטער קוממען צו'ן אַ שטיק ערד, וועט ער זיך שאָקלען און גריסען דעם וואַלד... פון צייט צו צייט וועט איהם דער ווינד צוטראָגען אַ ביסעל ריח פון נאָדלען און בלעטער... אויף דער שיף וועט געוויס זיין אַ שטייגעל... דרינען אַ קליין זיס פייגעלע...

ער חלום'ט און פיהלט, ווי די האַק שפּאַרט איהם אין די זייטען, שיילט און רייסט... שאַדט נים!

„טערפּי קאַזאַק, אַטאַמאַנאַם בודיעש!"

אַנדערע האָט מען אויף פּיצפּיצליך צוהאַקט, אויף אַש פערברענט, אויף אַללע וועלט-עקען פערשפּרייט דאָס אַש און צווייעט, און ער וועט זיין אַ מאַטשט!

---

אויפגעהאַפּט האָט ער זיך נישט אַלס מאַטשט... מען האָט פון איהם קוים אַ באַלקען געמאַכט, אין אַ הויז איינגעמויערט.

ענג, דושנע, פינסטער — עס דריקט פון אַללע זייטען...

ער פאַלט אַוועק אין אַ נייעם שלאָף, אין אַ וויסטען שלאָף; אָהן חלומות, אָהן האָפנונג, אָהן טרייסט...

און אַזוי איז ער פופציג און אפשר הונדערט יאָהר געשלאָפען...

און עס וועקט איהן ווייטער: טראַך! טראַך!

ער חאַפּט זיך אויף שוין באמת אין אַ ים. אין אַ רויטען, פייערדיגען ים... פאַליעס פייער שלאָגען...

דאָס איז מיין עק! — טראַכט ער — אין גהינם בין איך! מיינט ער.

נור אַ קלאָץ דענקט און די פּאָזשאַרנאַ קאָמאַנדאַ לענקט און טהוט איהרס... צונד ליגט ער אין מיטע'ן גאַס...

---

ער ליגט און פוילט און ניצט נאָך דער קליינער וועלט...

האָלץ-וואָרם ציהען פון איהם די גאַנצע פּרנסה... אַ צושויבערטע דיענסט-מויד לויפט צו און רייסט אויס אַ קיהנדעל... דער שרייבער פון מאַגיסטראַט נעמט זיך יעדען טאָג נאָכ'ן מיטאָג אַ צעהן-שטעכער... פרייטאָג רייסט פון איהם ווער אין גאַט גלייבט עדות צום נעגעל-פערברענען...

קומט אין מיטען דער נאַכט אין שטאָדטיל אַ קליין סוחר׳ל, אַ גשרף׳ל, צי אַזוי אַ בעטלער, נעכטיגט ער איבער אויפ׳ן קלאָץ...

טהייל מאָל ציהט זיך אויף איהם אויס דער נאַכט־וועכטער און שנאָרכט...

2.

# ביי טאג.

אַ זומער־מאָרגען...

מיט געשריי און געוויין, געלעכטער און געזאַנג רייסט זיך דאָס יונג־וואַרג ארויס פון די קליינע הייזליך... נאַקעט, האַלב נאַקעט, מיט און אָהן שטיקליך ברויט אין די האַנד — לויפט עס צום קלאָץ!

מען שפּיעלט זיך...

און שפּיעלען זיך הייסט קאָפּיערען די עלטערע וועלט.

אַלס חתן־כלה פאָהרט מען אויף שטעקען שפּאַציערען, קושט מען זיך אין די ווינקעליך, שענקט מען זיך מתנות.

איז ווענינ, דערלעגט מען נאָך אַ שערבעלע, נאָך אַ שטיקעל גלאָז פון אַ גרין אָדער אַ בלאָה־געוועזענער פלאַש, נאָך אַ שטיקעל לעדער... אַ׳ניט געהט דער שדוך אָב, האָט מען אַ דין־תורה, צאָהלט מען קנס...

אַלס מאַן און ווייב, קריגט מען זיך, שעלט מען זיך און מען שרייט... ווערט מען מיעד, לאָזט מען דען רעשט גרימצאָרן אויס צו די קינדער, צו די אָרומע קינדער פון האָלץ און שמאַטעס...

זיי זענען „ממזרים"... ווילען נישט לערנען, נישט פרום זיין, נישט טהון די האַנד אין קאַלטען וואַססער אריין... נור פרעססען וויל עס און זויפען, און עס האָט אַ ק׳שקע אָהן אַ דנאָ!

פאַר גרויס צרות מאַכט מען זיך „שטעלען"; פערשעלט מען די קונ׳ס׳ס ביינער. צו דער סחורה — ווי אַ גאָטט אין הימעל — לעגט מען צו, און צאָהל׳ען מוז מען פאַטענט, שטעל־געלד, מלמד געלד, דירה געלד, היינט קינדער חתונה־מאַכען... און זיי דינגען זיך נאָך, די נשמה ציהען זיי אַרויס!

דערנאָך געהט אַ לויה... אַ קאַץ איז גע׳פּגר׳ט, צי מען האָט אַ טויט מייזעל געפונען...

אין מיט׳ן קומט דער בעלפער...

אין מיטן טאָג פֿערנעמען דען קלאָץ עטליכע ווייבליך, קעסט־קינדער... בּיים שאָנעם וועטער זעצען זיי זיך אוים אין די ווייסע יאַקעליך, קאָליערטע טיכליך און, פֿאַר בושה, מיט אַ האַנד־אַרבּייט אויף דער שוים, און מען פֿערברענגט אַ גוטע שעה...

פֿריהר געהט עס צו שטיל.

איינע רייטעלט זיך און פֿערציילט, ווי גוט זי ווערט בּעהאַנדעלט. די צווייטע „האָט נאָך זייט זי לעבּט אַזאַ מאַן ניט געזעהן!". די דריטע שווייגט און פֿלאַמט; די מוז זיין די גליקליכסטע... מהייל מאָל שלינגט דאָך איינע אַראָבּ אַ טרער נאָך אַ טרער — מען האָט איהר געוויס איין אַלטען מלמד געגעבּען...

דערנאָך ווערד רעדאַגירערט די שטאָדט צייטונג, די מויל־אַרבּייט, וואָס צו־פֿליהט זיך פֿייל פֿון בּויגען אין אַללע שטובּען, אין אַללע הייזער אַריין, און קומט דערנאָך צוריק צום קלאָץ פֿערגרעסערט און פֿערשאָנערט, ניט צום דערקענען...

עלטערע מענשען זאָגען, אַז פֿון קלאָץ וועט קיין גוטס ניט אַרוים...

---

פֿאַר־נאַכט געהן שוין די יונגע ווייבּליך, אויסגעפּוצט אין די נאָך פֿרישע חתונה קליידער אונטער דער שטאָדט, אויפ'ן שאָססע, בּיי'ם ראַנד פֿון קליינעם וואָלדיל, פֿון וועלכען אונזער קלאָץ קומט אַרוים. אין וועלדיל זיך „אַריינלאָזען", איז קיין שטיגער נישט; עס וואָלט שוין צופֿיעל „דייטשעריש" אָדער „פּריציש" געוועזן... די „שאָנע בריינדיל" פֿלעגט שפּאַצירען אין וואַלד, האָט זי זיך אַמאָל אויסשפּאַצירט, אויף אַללע שונאים געזאָגט! — „אַ רחמנות אויפ'ן אַלטען פֿאָטער, אויפ'ן געוועזענעם לאַנד־שרכן, ער שאָמט זיך פֿאַר די ליכטיגער שיין!"

דען קלאָץ פֿערנעמען דערווייל עטליכע אַלטע ווייבּער, וואָס חאַפּען זיך אַרוים אויף אַ רגע, אַ ביסעל לופֿט צו שעפּען, אַ ביסעל נחת צו חאַפּען און אָבּצורעדען זיך פֿון האַרץ...

און, אַז מען האָט שוין איבּערגעשיט דאָס גאַנצע שטאָדטיל, רעדט מען פֿון „וואָס אַמאָל איז געוועזן און היינט איז ניט דאָ"...

אַ מאָל זענען געוועזן געטרייע מענער און היינט — פֿאַר די הינד אַרוים צו וואַרפֿען! איינס בּיי איינס טרפה ווי חזיר; עס געהט זיי קיין וואָהר וואָרט אַרוים פֿון מויל... נאָך דער חתונה איז „קעטשעלע־מעטשעלע", בּיי איין טיש עסט מען, פֿון איין שיססעל; — וואָס אָלטער, ווערד מען קעלטער, און — גאָר ניט!

פֿערצייטענס פֿלעגט אַ יודענע האַלטען איין אור־אייניקעל בּיי'ם פֿאַרטוך און איהר אייגענס בּיי דער ברוסט; היינט נאָכ'ן דריטען, העכסטענס נאָכ'ן פֿירטען מאָל — קראַנק, דאַרף מען שוין דאָקטוירים און... דאָ רוימט מען זיך איין עטליכע סודות און מען שפּייט אויף אַללע זייטען...

דעריבער שטראָפט מאַקי דער בורא־עולם... ער וועט זיין גוטס נישט וואַרפען אין דער בלאָטע אריין. פרנסה נישט דאָ, קליינע קינדער געהען אום ווי די ליכט, פאַר זעלנער נעמט מען... און קהל, און רב שווייגען! — —

אפילו די זונן איז שוין אויך נישט דאָס, וואָס אַמאָל! פאַרצייטען פלעגט מען פון פסח ביז סכּות געהן אין איין העמד... עס רעדט זיך נור אַזוי, בעשפּינט און בעגייט איז מען געווען, און די ספּאָדניצעס מיט די זילבערנע און גאָלדענע פליטען זעננען אַ סך שאָנער געווען, ווי די היינטיגע מאָדעס... נור וואָרים איז געווען, אַ מחיה! ווער האָט געוואוכט פון הוסטען, פון שווערען אָטהעם, פון אַ ציטערניש אין די ביינער?

---

די זונן געהט אונטער; די ווייבער צולויפען זיך; מען דאַרף וויעציערע קאָכען פאַר די „געטרייע" מענער, דאָס פּנים פערפלאַמען...

עס פלאַמט אויף איין פענסטער נאָכ'ן צווייטען, אַ שויבען־טהיר נאָך אַ שויבען־טהיר. מיט רויטע אויגען קוקען די הייזליך אין גאַס אַריין, און ביים קלאָץ זיצען שוין מענער נאָך מנחה־ומעריב.

מען רעדט פון פּאָליטיק, פון פרנסה, פון יודישען מזל...

איינער ציהט זיך אוים אויף דער וואַרימער ערד, שפּאַרט אָן דען קאָפּ אויפ'ן ווייבען, פוילען האַלץ און קוקט אין הימעל אריין מיט צער, מיט נחת, מיט געבעט — ווי איינער, ווי אַמאָל — און דרימעלט אַזוי איין.

פלוצלינג ווערט אַ געשרייעריי פון טהיר און פענסטער. ווייבערישע קולות רופען: חיים, יוסל, ראובן!

אַנדערע, מיט אַ צולאָג — אַ קללה: דיין נאָמען זאָלל אַהיים קוממען! די קאַר־טאָפּעל ווערען קאַליע!

---

און ערשט גאָר שפּעט, אַז דאָס שטאָדטיל שלאָפט איין, רוקט זיך אַרוים פון נידריגסטען הייזיל ר' שמעריל, דער געוועזענער לאַנד־שדכן...

פערציג יאָהר איז ער אַרומגעלאָפען זוכען חתנים און כּלות, ביז ער האָט די פים פערלוירען; קוים ער שלעפּט זיי נאָך...

אַ האַלבע געגענד האָט ער חתונה געמאַכט, נור זיין אייגענער טאָכטער פערגעססען... אין גרויען צאָפּ אַריין פערגעססען... ניינצעהן יאָהר דערלעבט!

ער זעצט זיך און בעהאַלט דען אַלטען גרויען קאָפּ אין די ציטערדיגע האָנד... נדן האָט ער איהר געקליבען; נישט געגעסען, נישט געטרונקען, צו פוס מיילען גאַנצע געגאַנגען... אַלץ געקליבען און געקליבען!

אַזאַ חרפּה, אַזאַ שאַנד!

ער הייבט די אויגען אויף צום הימעל.

חאָטש גוט, וואָס זיין רחל האָט עס נישט דערלעבט!

— גאָטט! וויינט אין איהם דאָס האַרץ — זאָלל זי נאָך תשובה טהון... אוועק וועל איך מיט איהר... איך וועל איהר אַ נייען נדן צו זאַממען מאַכען... מיט די קראַנקע פיס וועל איך פון טהיר צו טהיר אויף הכנסת־כלה געהן... התונה מאַכען, לייטיש חתונה מאַכען!

— גאָטט, שיק אַ שטראַהל פון דיין ליכט אין איהר האַרץ אַריין! אַ האַרץ האָט זי דאָך אַ גוטס געהאַט, אַ גוט האַרץ... אַ שטילע איז זי, אַ גוטע געוועזען... אַ האַרציגע!...

— מעשה־שטן, מעשה־שטן! — קלאָגט דער אַלטער אין דער שטילער נאַכט אַריין...

---

און — אַז ער געהט אויך אַוועק, דאַמאָלס פערציילט מיר דער קלאָץ זיינע מעשה׳ליך.

3.

## נאָך האַלבער נאַכט.

דאָפּעלט דיק ווערד דער קלאָץ; ער גיעסט זיך מיט זיין אייגענען שאָטען צוזאַמען.

אַ גרויע, טיעפּע שטילקייט וויענט זיך איבער׳ן טויטען מאַרק.

דאָס שטאָדטיל שלאָפט; טהיר און טהייער געשלאָסען.

זעלטען רוישט דורך דער לופט אַ פלעדערמויז; איין אונגליקליכע פלעדערמויז אין אַ שטאָדטיל, וואו די ווייבער האָבען קיין האָהר ניט! פון ערגיץ איין אונטערגאַס בלעקט פון צייט צו צייט אַ קאָלביל, גלייך עס וואָלט זיך געקלאָגט אויפ׳ן לעבען, וואָס עס איז צו קורץ און ווערט נאָך פאַר דער צייט איבערגעריסען מיט געוואַלט. פון צייט צו צייט לאָזט זיך האָרען אַ הונד פון דער קריסטליכער פאָרשטאָדט, וואָס קאָן די לבנה נישט ליידען: וואָס ריהרט זי זיך אין דער שטילער נאַכט? — — —

וייטער איז שטיל. די אָרומע קליינע וועלט האָט קוים איינגעוויעגט איהרע קליינע — ווען אויך גענוג טיעפּע — שמערצען, האָפנונגען און פערלאַנגונגען, ווי אויך איהר קליינען יצר־הרע...

---

שטיל און טרויריג ליגט דער קלאָץ אין מיטען מאַרק; שטיל און טרויריג

שווימט איבער איהם אין הימעל א פולע, געלע לבנה.

וואס ביסט דו לבנה אזוי געל? וואס איז אזוי קרענקליך דיין פנים? פון דיר שניידט מען דאך קיין צאהן-שטעכער, קיין ערות צו נעגעל, קיין קיהנדליך? צו האסט דו מיטלייד מיט'ן יודישען קעלביל פון אונטערגאס? צו שרעקט דיך דער הונד פון דער קריסטליכער פארשטאדט?

און פיליכט ביזט דו גאר אונז ארומע מענשען מקנא, וויל, ווי עס איז, האבען מיר א נאכט צום שלאפען?

קראנקע לבנה, — נים אללע שלאפען.

---

דא און דארט שפארט זיך ארוים אביסעל ליכט דורך א שפארע פון א לאדען; ארום מאנכע ציטערן דינשטראהליגע, רויטליך-בלויע מגן-דוד'ס...

דא איז זיך א שניידער, צי א שוסטער, און אפשר א טליתים-וועבער, ביי דער ארבייט פערזעסען. איין ארומע נייטארען פינדעלט מיט די רויטע אויגען און נעהט, און שטעפט...

דארט שטעהט אויף א דערשראקענע מוטער צום קראנקען קינד...

ערגיץ אנדערש אין א ווינקעלע, ביי א גראשענדיג חלב'ן ליכטיל, צאהלט אוים א בעטלער זיין צוזאמענגעמאכט פערמעגען.

אינ'ם גרויסען, ווייסען הויז ליגט א קראנקע; זרח שענקער'ס ווייב. געה בערעכען א וועלט: א יונג ווייביל, איין אלטער מאן; געהט ער ארום א געזודער און זי ליגט איבער אנאנד! שטארבט זי אוועק! עס ברענט א קאגאניק, עס זיצט א חברה-מאן... זרח געהט אהין און צוריק פערטראכט און רייסט זיך איינציגע האר פון דער ווייסער בארד:

„ער האט זי באלד ניט געוואלט! וואס האט איהם געטויגט אזא בלאסע, אזא ווייסע... מען האט זי איהם איינגערעדט; איינגערעדט האט מען זי איהם... ער האט יענע געוואלט און יענער להכעיס האט ער מיט-דער חתונה געהאט...

עס לייכט זיך אויך ביים דיין אין פענסטער. ער זיצט נאך און לערנט, און אפשר קלערט ער שוין וועגען א הספד; זרח איז א גביר און א יוד א למדן; אשת חבר כחבר...

---

וואו עס איז פינסטער שלאפען אויך ניט אללע...

געגענאיבער דעם גרויסען ווייסען הויז שטעהט אין איינגעפאלענע, פערפינסטערטע שטוב, מיט אויסגעבראכענע ווענד. די לאדען הענגען קרום אראב און פערמאכען שוין לאנג ניט די פענסטער. אין שטוב, ביי דער בלאסער שיין פון דער

לבנה ציטערן ... בלוטיגע פלעקען די קישען אָהן ציבליך אויף צוויי שטענדיגע־זיפצענדיגע ב ען.

איין אַל . . נגעשרומפענער ווייבער־קאָפ מיט אויסגעלאָשענע אויגען הייבט זיך אויף און רופט צום צווייטען בעט:

— טויבע; הערסט?

עס קומט פון צווייטען בעט קיין ענטפער, עס הערט זיך פון דאָרט קיין אָטהעם ניט. די אַלטע לאָזט זיך דאָך ניט נאַרען, זי ווייס, אַז טויבע שלאָפט ניט, אַז זי קאָן ניט שלאָפען... עס לאָזט זי ניט שלאָפען...

— טויבע! רופט די אַלטע האַרטער.

— וואָס ווילסט דו, מאַמע? — הערט זיך פון צווייטען בעט איין אָבגעריסען קול, אָנגעזאַפט מיט טרערען, — וועסט מיר די קינדער וועקען!

די אַלטע שווייגט אַ רגע. אין דער שטילקייט הערט זי, ווי טויבע דרעהט זיך איבער אין בעט און פערגראָבט דאָס פנים אינ׳ם קישען.

— הערסט, טויבע! — מאַכט די אַלטע נאָך אַ ווײלע — דיין מאַנ׳דיל וועט היינט מאָרגען אַוועק... ער האָט שוין דעם טלית־זאַק פערפאַקט... איין עגונה וויל ער דיך לאָזען, איין עגונה! ער האָט דען יהדות? ער האָט דען אַ יודיש האַרץ?... ער וועט דיר קיין גט ניט לאָזען!

פון צווייטען בעט הערט זיך אַ פערשטיקט געוויין.

די אַלטע מרוטשיט פאַר זיך:

— טאַטע־מאַמע ניט געפאָלגט... געפוצטע שטיוועליך געוואָלט... זרח — אַ שמאַלץ־גרוב — נישט! געפוצטע שטיוועליך! דעם טאַטען אין קבר אַריין געפיהרט... גאָטט שווייגט ניט, גאָטט צאָהלט... רבונו־של־עולם...

טויבע שפרינגט אַרויס, ווי איין אונטערגעשאָסענער פויגעל, פון בעט, חאַפט אויף זיך אַ קלייד מיט אַ שאַל און לויפט אַרויס פון שטוב.

— און יענע שטאַרבט — מרוטשיט ווייטער די אַלטע און לעגט דעם ציטערדיגען קאָפ צוריק אויפ׳ן רויטליך־שוואַרצען קישען — וואָלט ער איהר אַ גט געלאָזט, וואָלט אפשר נאָך צוריק זווג געווען...

---

טויבע זעצט זיך אויפ׳ן קלאָץ. די באָרפיסע פיס צופליסען זיך אינ׳ם זאַמד, די גרויסע שאַל מיט׳ן גרויען קלייד אין דער גרויער לבנה נאַכט... עס זעהט זיך נור איהר בלאַסער פנים מיט די ברענענדיגע אויגען, וואָס קאָנען זיך ניט אָבריים׳ן פון גרויסען, ווייסען הויז, פון ציטעריגען ליכט, וואָס רייסט זיך אַרויס דורך דער שפאַרע פון די גרינע לאָדען...

— שטאַרבען — טראַכט טויבע — איז נאָך גאָר ניט!

נור זי דערשרעקט זיך פאַר איהרע אייגענע ווערטער; זי זאָלל עס נור ניט האָבען אַרויסגעזאָגט אין אַ בייזער שעה!

— לעב, לעב מירעלע! ליספּעלט זי מיט ציטעריגע ליפּען. זאָלל דיר גאָטט דיין לעבען בעניישען... הונדערט און צוואַנציג יאָהר זאָלסט דו לעבען...

דאָס געבעט רייסט זיך אָב פון זיך אַלליין. טרויריג-פינסטערע געדאַנקען בעהערשען זי. נאָך ביי טאָג האָט זי געהערט, אַז דער דאָקטאָר האָט אָבגעטרעטען פון מירעל׳ס בעט, אַז אַללע מבינים האָבען אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנד...

„איין גאָטט קען העלפען" האָט מען געזאָגט, און טויבעס האַרץ ציטערט, צי וויל ניט גאָטט אויספיהרען זיינס... צי איז זי מיט זרח׳ן קיין זווג ניט געוועזען...

ער (איהר מאַן) מוז אַוועק, עס איז שוין ניט דאָ פון וואַנען צו לעבען... אַמעריקאַ ציהט איהן... און יענע — יענע שטאַרבט...

זי בלייבט און זרח בלייבט...

— „נור ניט קיין גט, נור ניט קיין גט!" צאַפּעלט אין איהר דאָס האַרץ — דאָס אַלץ האָט מיר דער קלאָץ פערצעהלט.

---

# דָאס קְרַאנְקֶע יוּנְגֶעל.

(מאָנאָלאָג)

מאַמישי, איך וויל דיר אויסזאָגען אַ סוד; דער עקר — דער טאַטע זאָלל נישט וויסען!

פראָגסט פאַר וואָס? ווייל דער טאַטע האָט מיך ווענינער ליעב...

ניין, מאַמישי, איך זינדיג מיט די רייד; ווענינער ליעב האָט ער מיך נ י ש ט; ער האָט מיך נור אַ נ ד ע ר ש ליעב!

ער איז דאָך אַ טאַטע, איז ער שטרענגער...

דער טאַטע האָט אַ לאַנגע באָרד; אַ טאַטענס פנים איז נישט אַזוי צום גלעטען, ווי דער מאַמעס אַטליסען פנים... און אויגען האָט ער גאָר אַנדערע, גאָר איין אַנדערן בליק. דו, אַז דו קוקסט אויף מיר, האָסט דו עפּיס אַזוינע לאַבּענדיגע, דערביי פייכטע — האָסט דו עפּיס אַזוינע גוטע, און דערביי האַרציג-רחמנות׳דיגע אויגען... דו ביזט אַ מאַמע מיט אַ חבר צוזאַמען... פאַר דיר קאָן איך קיין סוד נישט האָבען... מיט די אויגען שעפּסט דו מיר איהם פון האַרץ אַרויס...

דער טאַטע קוקט גאָר אַנדערש, שטענדיג ערנסט, מכלומר׳ש קאַלט...
ניין, מאַמישי, עס זענען גאָר אַנדערע, אַנדערע אויגען!

קינדוויז, מאַמישי, פלעג איך וועניגער פאַרכט האָבען פאַר׳ן טאַטען. איך געדענק, ווי איך פלעג איהם אַרויפשפּרינגען אויף די קניען, צושויבערן דעם גאַנצען קאָפּ, צובערשטען און פערפלעכטען די באָרד, איבערבייגען די ליפּען, און אַז ער האָט געוואָלט אבשטעלען אַ באָזעריגען בליק, האָב איך איהם גאָר אַראָבגעדריקט די ברעמען און די אויגען פערמאַכט... היינט קאָן איך נישט...

איינמאָל, האָרסט, מאַמישי, קראַנקערהייט, האָב איך מיך אַמאָל אויפגעכאַפּט, און איהר ביידע זענט געשטאַנען ביי מיר ביים בעט... דו האָסט אַזוי שטיל, אַזוי האַרציג־שטיל געוויינט... און דער טאַטע... מאַמישי! דעם טאַטיגס פּנים איז אַזוי שרעקליך געוועזען... איך האָב געזעהן אַז ער איז בייז דעמעלט אויף גאָטט! פאַר שרעק האָב איך צוריק די אויגען פערמאַכט — — — .

פון דעמאָלט אָן קאָן איך נישט צוטרעטען צום טאַטען ווי אַמאָל... עפּיס האַלט מיך איין; אָפט וויל מיר דאָס האַרץ איהם אַקעגען שפּרינגען, אַקעגען לויפען, נור איך קאָן נישט!

מיינסט, איך האָב דעם טאַטען וועניגער ליעב... זאָלל גאָטט היטען... איך האָב דעם טאַטען זעהר ליעב, איך קריעג איהן מיט יעדען טאָג, מיט יעדער מינוט ליעבער... אַז ער געהט צו מיר צו, קלאַפּט מיר דאָס האַרץ פאַר פרייד; ציטערט אין מיר די נשמה פאַר האָפנונג: אָט וועט ער מיך אָננעמען ביי דער האַנד, אָט וועט ער מיך צודריקען צום האַרץ...

ביי דיר ציטער איך נישט... דו האָסט מיך שטענדיג און גלייך ליעב... האָסט שטענדיג צו מיר צייט, דו האַלזט מיך און קושט מיך יעדע מינוט... דו ביסט שטענדיג, שטענדיג מיין... דער טאַטע האָט אַזוי פיעל געשעפטען...
איך ווייס, ער ווילל איך זאָל זיין רייך!

---

ווילסט שוין, מאַמישי, וויסען דעם סוד?
איך שעם מיך!

פאַר אַ מאַמען, — זאָגסט דו — דאַרף מען זיך נישט שעמען? אמת... דאָך... ווייסט דו וואָס, מאַמישי? אָט, זעץ דיך דאָ אויף דעם שטוהל, נעגענאיבער דעם פענסטער... גוט אַזוי!

אַח, ווי שאָהן די זונן געהט אונטער, ווי שאָהן לעגען זיך איהרע לעצטע רויטליך־געפעלדיגע שטראַהלען אויף דיין עדעל, בלאַס פּנים...
אַח, מאַמישי, ווי שאָהן, ווי עדעל שאָהן, דו ביזט!

װאַרט... אַצונד װעל איך מיך זעצען דיר צופֿיסענס... דו זאָלסט מיר בײם פֿערצײלען אין פּנים אַרײן נישט קוקען... אויפֿ'ן פֿיסענבענקעלע װעלל איך זיצען און אַרויסקוקען פֿון פֿענסטער...

נײן... נישט גוט אַזוי! איך װעל מיך שעמען פֿאַר דער זונן... זעהסט, אין מיטן טאָג ברענט זי, פֿאַרנאַכט געזעגענט זי זיך מיט אונז אַזוי טרויעריג, אַז איך שעם מיך פֿאַר איהר צו רעדען פֿון זיך...

איך װעל אָנשפּאַרען מײן קאָפּ אויף דײן שויס... איך װעל די אויגען פֿערמאַכען, און דו — — דו לעג נאָך אַרויף דײן האַנד מיר אויפֿ'ן שטערן...

איז דיר נישט שװער, מאַמישי, מיך צו האַלטען אויף דײן שויס? נײן?

זעכצעהן יאָהר איז אַלט דײן קינד און האָט אַזאַ קלײן, אַזאַ לײכט קעפּעלע... און איך אין גאַנצען — — —

קרעכץ נישט, מאַמישי! גאָטט האָט מיך נישט פֿערטהײלט... ער האָט מיר װעניג פֿלײש, דערפֿאַר פֿיעל אַנדער גוטס געגעבען... דיך, דען טאַטען... טעג און נעכט מיט װאונדערליכע חלומות... און הײנט — אַ סוד...

אַצונד זעה איך נישט... מיט געשלאָסענע אויגען װעל איך אפֿשר קאָנען פֿערצײלען... איך װעלל פּרוּװען...

עס איז אַזוי שװער...

דאַכט זיך — גאָר נישט, אַ נעץ פֿון עטליכע װאונדערליכע שטראַהלען — און דאָך ליגט עס מיר אויפֿ'ן האַרץ װי אַ שטײן... נישט װי אַ קיזעל שטײן... עס איז נישט קײן שטײן פֿון גאַס, צי פֿון פֿעלד...

עס איז אַ טהײערער שטײן... עס שטראַהלט... עס לײכט...

עס ליעגט בײ מיר טיעף אין האַרץ און זײעט אַרום און אַרום אין אַללע גליעדער אַרײן אַזוי פֿיעל ליכט, אַזוי פֿיעל הימליכע, װאַרימע, לעבענדיגע ליכט...

עס זאָלל נור ניט אויסלעשען, מאַמישי!

עס לעשט זיך אַזוי פֿיעל אוּם!...

---

האָרסט, מאַמישי!

נײן, װאַרט! אַזוי פּראָסט צוגעהן צו דער זאַך קאָן איך נישט...

נור האָר! געדענקסט, מאַמישי, נעכטען האָסט דו מיר קלײן־געלד געגעבען? געדענקסט?

איך האָב נאָך גאָר נישט אויסגעגעבען און עס פֿעהלט מיר שוין...

עס פֿעהלט מיר אַ צעהנעריל!

צי איך האָב עס פֿערלוירען? נײן.. דו גיבסט דאָך מיר פֿאַר אָרימע לײט,

פֿאַר אָרימע קינדער, וואָס איך טרעף אויפֿ'ן שפּאַציער... אָרים־געלר וועל איך נישט פֿערלירען.

צי איך האָב עס אַוועקגעגעבען? געוויס... צי איין אָרימאַן? איך וויים נישט... אֶפּשר יאָ און אָפּשר ניין... האָר, וועסט דו אָפּשר וויסען!

נעבּטען איז אויך שאָהן אונטערגעגאַנגען די זונן... אֶפּשר שאָנער...

דו האָסט מיך אויסגעלערנט קוקען, און איך קוק און זעה, וואָס אַנדערע פֿון מיינס גלייבען זעהען נישט... דעריבער שפּאַציער איך געוואָהנליך אַליין... און שפּאַציערט האָב איך הינטער דער שטאָדט, דאָרט, וואו מען זעהט זי אין גאַנצען אַרוים. ביים טייך, ווי דו ווייסט... די הייזער הויבען זיך אַלץ העכער און העכער, איינס איבערן צווייטען, איינס איבערן צווייטען... די, וואָס שטעהן ווייטער, וויללען אַריבערקוקען, גאָטס וועלט זעהן, און הויבען זיך, וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער, און די זונן, אונטערגעהענדיג, קוקט אויף זיי, שפּרייט אויף זיי אוים די לעצטע שטראַהלען... געזעגענט זיך... קושט זיי...

און איך זעה, ווי די שאָטען יאָגען אונטער די שטראַהלען און לעגען זיך אַלץ דיקער און דיקער, און פֿליעסען, און זאַפּען זיך איין וואו נור זיי קאָנען; זיי פֿערפֿילען אַללע לאָכער צווישען די הייזער, אַללע פֿרייע אָרטער צווישען די מויערן, און הויבען, און טרייבען דאָס רויטליכע לעצטע ליכט אַרויף, אַרויף, צוריק אין הימעל אַריין... „אין אייער רוה אַריין, שטראַהלען, אַצונד איז אונזער צייט!... אַ גוטע נאַכט!"...

און פּאַמעליך ווערט אַלץ טונקלער און טונקלער, און דער הימעל ווערט טיעפֿער און טיעפֿער... באַלד וועלען זיך איינס נאָכ'ן צווייטען אָנצינדען די שטערן... אַזוי קוקענדיג, בין איך געקומען צו דער סטאָליאַר־גאַס, צו דער הינטער־גאַס, וואָס לאָזט זיך אַלץ טיעפֿער און טיעפֿער אַראָב... ביז צום טייך, נישט ווייט פֿון דער גרויסער שוהל...

איך בין צוגעגאַנגען נאָהנטער צו דער שוהל.

ביי טאָג זעהט זי שרעקליך אוים... אָרים, אָבגעריססען, פֿערשוואַרצט... די אויסגעהאַקטע שויבען וויללען די שפּינען פֿאַר רחמנות פֿערוועבען און פֿערשטעלען... און — געגענאיבער, אויפֿ'ן באַרג, אין אָנהויב גאַס, שטעהט דער הויכער, שפּיציגער קלויסטער און לאַכט...

פֿאַרנאַכט האָט די שוהל גאָר אַנדערש אויסגעזעהן... דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי אַזוי געזעהן... אַ לייכטער, ליעבליכער, טונקעל־בלאָהער נעפּיל האָט זי אַרומגענוממען... די אויסגעהאַקטע פֿענסטער זענען נישט בּלינד געוועזען... זיי האָבען ערנסט און טיעף געקוקט אין דער וועלט אַריין... אין דער הויך די געזימסען האָבען געלעבּט, כּמעט גערירט זיך... עטליכע לייבען פֿון גזימס האָבען זיך געוואָלט

אָבריסען פֿון דער וואַנד... אַט, אַט, הויבען זיי אָן ברילען!

---

מיינסט, אַז דאָס איז דער סוף? אָ, ניין, מאַמישי! דאָס, אייגענטליך, האָב איך ערשט אָ צ ו נ ד געזעהן, ערשט אַצונד מיט די נ ע ב ט י ג ע אויגען.

אָח, מאַמישי, ווען איך זאָל זיין רייך!...

וואָס איך וואָלט געטהון?

איך וואָלט אויפֿגעריכט די שוהל!

איך וויל, זי זאָל אויך זיין הויך, זי זאָלל אויך שפּאַרען אין הימעל אַריין; און זי מוז זיין ה אָ כ ע ר, ווייל זי שטעהט נידריגער! און אַ גאָלדענען דאַך זאָלל זי האָבען, און קריסטאָלענע פֿענסטער!

האָרכט, מאַמישי, איך קלער מיר אַזוי: אָהן אַ שוהל קען מען זיך בעגעהן, גאָטט איז דאָך אומעטום... וואו עס פֿאַלט אַ טרעהר, זעהט ער! וואו עמיץ הויבט די אויגען אויף צו איהם, זעהט ער, וואו עס קרעכצט אַ טרויעריג האַרץ הערט ער!... נור האָט מען אַ שוהל, מוז זי זיין הויך, שאָן און שטראַהלענדיג ערנסט.

אַזוי האָב איך נעכטען אויך געטראַכט. אין מיטען — דערהאָר איך אַ געוויין! אַ שטיל טרויעריג געוויין... זיס און טרויעריג, עפּיס אַזוי האַרציג...

דו, אַז דו שפּילסט, ציהסט דו אַ מאָל פֿון פיאַנע אַרויס אַזאַ געוויין...

און איך האָב געמיינט, מאַמישי, — דען אמת זאָגענדיג, האָב איך געוואָלט מיינען, איך האָב מיך אַמישנע נישט אומגעקוקט, איך זאָלל קאָנען וואָס לענגער מיינען, — אַז דאָס וויינט און ברומט פֿון דער שוהל אַרוים... אַז דאָרט אינעווענינ זיצט, אין אַ לייכטבלויען נעפּיל איינגעהילט, די נשמה פֿון דער אָרימער שוהל און וויינט, און ברומט...

און זי קלאָגט זיך, וואָס די זונן פֿערטהיילט זי... וואָס זי שיט גאַנצע בונטען גאָלדען ליכט אויפֿ'ן קלויסטער דאַך און איהר קאַרגט זי אַ שטראַהל... וואַרפֿט איהר אין מיטען שאָנען, העלען טאָג, ווי אַ נדבה, קוים אַ בלאַסען שטראַהל... און די גליטשט זיך איבער איהר און גנב'עט זיך באַלד אוועק ווי פֿערשאָמט!...

און דאָך איז עס נ י ש ט געוועזען די שוהל...

---

עס איז אַ קליין מיידעלע געוועזען... זי איז געלעגען אויפֿ'ן זאַמד, האָט עפּיס געזוכט און געוויינט...

אַז איך האָב מיך אומגעקוקט, האָב איך נור איהר אַלט־אָבגעריבען קליידיל, ווי אַ טונקעל־גרויען פֿלעק אויפֿ'ן געלען זאַמד געזעהן... אַ פּאָר אויסגעקרומטע שיך...

נאָך עפּיס האָב איך געזעהן...

מאַמישי... איך שאַם מיך... עס ווערט מיר עפּיס אַזוי וואַרעם... שטעל דיר

פּאָר אַ פּאַליע רויטע, רויט־פלאַמענדיגע האָר... עס האָט פונקען געשלאָגען...

„וואָס וויינסט דו, מיידעלע, וואָס זוכסט דו אין זאַמד?..."

האָרסט, די מוטער האָט איהר אַ צעהנעריל געגעבען, עפּיס קויפען געשיקט; האָט איהר עטיץ, דורכגעהענדיג, אונטערגעשלאָגען די האַנד, דאָס צעהנעריל איז אין זאַמד אריין... דעריבער וויינט זי...

איך זאָלל איך־וויים־וואָס פערליערען, וואָלט איך נישט גע"אַ־פּט וויינען...

איך פראַג זי: אַ גרויסען צעהנער צי אַ ווייס צעהנעריל?

— אַ ווייס! — זאָגט זי און קוקט זיך אפילו נישט אום.

— איך וועל דיר העלפען זוכען, — זאָג איך.

איך בויג מיך אַראָב, מאַך מיך זוכענדיג, און געפין איהר אַ ווייס צעהנעריל.

„נאַ!"

זי איז אויפגעשפרונגען פאַר פרייד. מיט אַ ריהר מיט'ן קאָפּ האָט זי צוריק אַרונטערגעוואָרפען די רויטע פּאַליע האָר... ווי פון אונטער אַ וואָלקען איז אַרויס אַ קליין, אַלבאַסטער־ווייס פּנים... מיט אויגען, מאַמישי — מיט אויגען...

ניין, מאַמישי, די אויגען קאָן איך דיר ניט אויסמאָלען...

עס האָט אין זיי געבליצט אַזוי פיעל פרייד — — —

אַ גאַנצע נאַכט האָבען זיך מיר די אויגען געחלומ'ט... אַ גאַנצע נאַכט...

---

צו, דאָס איז, מאַמישי, מיין גאַנצער סוד.

דו שמייכעלסט?

לאַך ניט, מאַמישי, די אויגען וועלל איך קיינמאָל ניט פערגעססען...

---

מאַמישי — — —

מאָג איך שפּאַצירען אויף דער סטאָליאר־גאַס, קוקען — — — אויף דער אַלטער שוהל?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —



# די פֶּערְשטוֹיסֶעְנֶע.

~~~~~~~~

א גאַנצען מאי האָט מען געליטען פון רעגען און קעלט.

עס האָט זיך געדאַכט, עס וועט שוין קיין רעכטער זומער נישט זיין; עס וועט שוין אַזוי פריהרען און נעצען אַ גאַנצע צייט.

ערב שבועות האָט זיך פלוצים בעוויזען די זונן.

— תורה איז ליכט! האָט דער טאַטע מיט אַ שטאָלצען נחת געזאָגט און גענומען זיך אוים זוכען דען תיקון שבועות אויף ביינאַכט.

—לכבוד דעם הייליגען יום־טוב! האָט די מאַמע אויסגערופען מיט פרייד און האָט זיך מיט אַ דע־פרישטען כח גענומען צום פוטער־געבעקס.

— געלע חלה וועל איך באַקען! האָט זי אונז צוגעוואָרפען אַ בשורה.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער אויסגעמישטער ריח פון פריש טייג, זאַפראַן, צימרינג און נאָגאַליך, פון פערצוקערט זויערליכען קעז און צולאָזטער פוטער האָט פערפולט די שטוב.

מיין יונגערע שוועסטער חנה האָט זיך צו דעם אַלעם נישט צוגעריהרט. זי איז געזעסען ביים פענסטער איבער איהר ראָמאַן, חאָטש זי האָט איהן נישט געלעזען, און אונרוהיג געקוקט אין גאַס אַריין.

די מאַמע האָט זי עטליכע מאָל גערופען צו הילף, נור זי האָט אפילו נישט געענפערט. אויפ'ן בלאַסען פנים בעווייזט זיך איהר אַ חוזק־שמייכאָל. זי עפענט די שמאָלע ליפען, וויל אָנטפערן; דאָך זי אָנטפערט נישט און קוקט צוריק אין בוך אַריין.

— פוילע זאַך! ברומט די מאַמע.

— נור ביכער־שמיכער... וואָס וויים זי פון אַ יום־טוב!

דער טאַטע, וואָס פלעגט זיך אין שטאָב־זאַכען נישט אַריינמישען, האָט דערווייל געפונען און אָבגעשטויבט דען תקון־שבועות, זיך צוגעלעגט שלאָפען פאַר'ן באָד, צו קאָנען אויף זיין ביינאַכט, און די מאַמע האָט אויפגעהערט צו ברומען; זי וויל דען טאַטען נישט וועקען.

זי האָט מיך שטיל צוגערופען, דערלאַנגט אַ פאָר גראָשען, און געהייסען אַרויסגעהן קויפען שאַוּוער (גרינס) אויף דער פאָדלאָגע און קאָליערט פאַפּיער, אויסצושנידען רייזעליך צו די פענסטער...

איין גאָטט ווייסט, אַז עס איז מיר אַ שאָד געווען איבערצולאָזען די שטוב וואו עס איז געשטאַנען אַ שיסעל שמעטענע, אַ שיסעל פערצוקערטער קעז און עס
~~~~~~~~

האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט פּאַפּירליך מיט ראָזינקעס. נור אַליין קויפען, אַליין אויס־דינגען און בעצאָלען פאַר גרינס און פּאַפּיער איז מעהר יצר־הרע, — און איך בין אַרויסגעלאָפען פון שטוב.

---

דערנאָך איז געוואָרען אַ שרעקליכער שבועות...

חנה, מיין שוועסטער איז אַוועק...

מיר זענען געגאַנגען דאַווענען, די מאַמע האָט זיך פאַר ליכט־בענשען צוגעלעגט...

דעמאָלט האָט מען איהר אַ צייכען געגעבען (די מאַמע האָט אין שלאָף אַ שרעק־ליכען פייף געהערט) און זי איז אַוועק צו זיי, צו אונזערע שונאים!...

און אויסגעקליבען האָט זי שבועות, זמן מתן תורתנו... דעמאָלט איז זי אַוועק!

---

אַלץ געהט פאַרביי... נור די צייט בלייבט.

אויס גליק און אומגליק, דאָס גוטע און דאָס שלעכטע... מיר געהען ווייטער און ווייטער צום אָרט, וואו אַלץ ווערט פערגעסען, אָדער אויפ׳ם ניי דערמאַנט... אַלץ, וואָס מיר האָבען דורכגעלעבט, בלייבט ליגען אונטער אונז ווי שטיינער אויפ׳ן איבערגעגאַנגענען וועג... ווי מצבות, אונטער וועלכע מיר האָבען אינם גאַנג אונזערע גוטע און שלעכטע פריינד בעגראָבען...

נור חנה׳ן קאָן איך נישט פערגעסען...

---

דאָס לעבען, צו וועלכען זי איז געלאָפען, האָט זי צוריק אַרויסגעשטויסען. געשווינד האָט איהר דאָס געהאָפטע גליק פערבליהט און פערוועלקט. פון די אויס־גע׳חלומ׳טע בלומען זענען ברענעדיגע דאָרנער געוואָרען.

צוריק קומען האָט זי נישט געקאָנט...

אויפ׳ן וועג איז געשטאַנען דאָס געזעץ, ווי אויך — צוויי קברים... דעם טאַטענס און דער מאַמעס קבר...

---

וואו איז זי?

יעדען שבועות־אָבענד בעווייזט זי זיך מיר...

זי בעווייזט זיך פון גאַס, שטעלט זיך ביים פענסטער... גלייך זי האָט מורא, אָדער האָט קיין שליטה נישט אין אַ יודישע שטוב אַריינצוקומען...

מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען קוקט זי זיך איין אין שטוב און זעהט נור מיך אַליין...

מיט שרעק און געבעט, און צאָרן קוקט זי אויף מיר... איך פערשטעה זי:

— וואו זענען זיי? פרעגט זי מיט שרעק.

— זייט מיר מוחל! זאגט זי מיט געבעט.

און מיט צארן בעשולדיגט זי אונז אין גאנצען אומגליק:

— וואס האב איך געוואוסט פון אייער בלוטיגען וכוח מיט **יענע?**

— דו האסט עס, געוואוסט, אין חדר געלערנט; מיינע ביכער האבען מיר דערפון קיין ווארט נישט געזאגט...

— ביי'ן אייך אין שטוב האב איך א פרעמד לעבען געלעבט; א פרעמד, שאן לעבען, וואס האט זיך נאך טויזענד מאל שענער אין די ביכער אבגעשפיגעלט!

איך האב עפיס פערראטען, געפעלשט?

איך האב נור געלע חלה מיט זאפערן אויף אנדער זיס-געבעקס פערביטען... מעשה'ליך פון דער מאמעס „צאינה וראינה" — אויף פיעל שענערע, לעבענדיגערע מעשיות...

איך האב פערביטען א ביסיל גרינס אויף דער פאדלאגע אויף פריי, פריש גרינס אין וואלד און פעלד! תחנות — אויף ראמאנען...

דאס ענגע, דושנע, פערהאמערטע לעבען — אויף זונן און בלומען, אויף פרייד און ליעבע...

איך האב אייך נישט פערראטען; איך האב אייך נישט געקענט; פון אייערע שמערצען נישט געוואוסט, איהר האט מיר פון זיך קיין ווארט נישט פערצעהלט...

פאר וואס האט איהר מיר פון אייער ליעבע נישט דערצעהלט, — פון אייער ליבע, וואס נאהרט זיך פון אייער בלוט? פאר וואס האט איהר מיט מיר פון אייער שאנהייט, פון אייער אייביגער בלוטיגער שאנהייט נישט גערעדט?

דאס שאנע, דאס ליעבע, דאס הויכע, דאס שרעקליך הויכע האט איהר אין זיך פערשלאסען, פאר אייך מאנער בעהאלטען...

— פון מיר, פון אונז, וואס האבען זיך מיט'ן גאנצען פלייש און בלוט, מיט דער גאנצער יוגענד-קראפט צום לעבען געריסען, פון אונז האט איהר פערלאנגט — פוטער קוכען, געלע חלה...

— אונז האט איהר פערשטויסען.

אזוי בייזערט זי זיך.

---

**זאל זי משפט'ען דער, וואס איז העכער איבער אללע פאלקער, זייערע פערוויקעלטע וכוחים און בלוטיגע שטרייטען.**

# שָׁלוֹם בַּיִת.

חיים איז אַ טרעגער.

אַז ער געהט דורך די גאַס איינגעהויקערט אונטערן קאַסטען סחורה, זעהט מען איהן נישט אַרויס; עס דאַכט זיך, אַז דער קאַסטען געהט אַלליין אויף צוויי פיס... דאָס שווערע אָטהמען הערט זיך דאָך פון וויטענס!

דאָך — אָט לעגט ער אָב די לאַסט, בעקומט זיינע עטליכע גראָשען; ער גלייכט זיך אויס, אָטהעמט שטאַרק אָב, בינדט אָב די פּאָלעס, ווישט זיך אָב דען שוויס פון פנים, געהט גליך צום ברונען, טהוט אַפּאָר שלוק וואַססער אונ לויפט אין אַ הויף אַריין.

ער שטעלט זיך נעבען אַ וואַנד, הייבט אויף דען ריעזען-קאָפּ אַזוי, אַז דער שפּיץ באָרד מיט דער גאָז, מיט'ן דאַשעק פונ'ם היטעל, קוממען אויס אויף איין שטח.

ער רופט:

— חנה!

פון אונטערן דאַך אָפּענט זיך אַ קליין פענסטערל אונ אַ קליין ווייבריש קאָפּעל אין אַ ווייסען ציפּיק אָנפּערט:

— חיים?!

דאָס פּאַר פּאָלק קוקט זיך גאַנץ צופריעדען אָן; די שכנים זאָגען: זיי קעטשקען זיך. חיים וואַרפט אַרויף זיין פערדינסט, איינגעוויקעלט אין אַ שטיקעל פּאַפּיער; חנה כאַפּט עס אין דער לופט; עס איז איהר נישט דאָס ערשטע מאָל.

— אַ בריה נפלאָה! מאַכט חיים, אונ האָט גאָר קיין חשק נישט אַוועק צו געהן.

— געה, געה, חיים! — שמייכעלט זי, — איך קאָנן מיך נישט ריהרען פון קראַנקען קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויעגעל צום קוימען... מיט דער האַנד שוים איך אונ מיט'ן פוס וויעג איך...

— וואָס מאַכט עס, נעביך?

— בעססער!

— געלויבט איז גאָטט! אונ הענע?

— ביי דער גייהטאָרין!

— יוסל?

— אין חדר.

חיים לאָזט צוריק אַראָב די באָרד, גערט אַוועק און חנה קוקט איהם נאָך ביז ער ווערט איהר פֿערשוואונדען.

דאָננערסטאָג און פֿרייטאָג דויערט עס לאַנגער.

— וויפֿיעל האָסט דו דאָ אינ׳ם פּאַפּיערל? פֿראָגט חנה.

— צוויי און צוואַנציג גראָשען.

— איך האָב מורא עס איז ווייניג!

— וואָס דאַרפֿסט דו דענן, חנה?

— פֿאַר אַ זעקסער שמירעכטס פֿאַר׳ן קינד, פֿאַר עטליכע גראָשען ליכט, חלה האָב איך שוין... פֿלייש אויך, אַנדערטהאַלבען פֿונט... נו — בראַנפֿען אויף קדוש!... היינט דאַרף מען נאָך עטליכע דראָנגלעך!

— דראָנגלעך וועל איך דיר שוין שאַפֿען, עס מוז זיין אויפֿ׳ן מאַרק.

— דאַרף איך נאָך...

און זי רעכענט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שבת. סוף כל סוף בלייבט: אַז מען קאָנן קדוש מאַכען איבער חלה, און אַז אָהן אַ סך זאַכען איז זיך גאַנץ לייכט צו בעגעהן.

דער עיקר איז — בענש־ליכט, אויך די זאַלב פֿאַר׳ן קינד!

און פֿונדעסטוועגען, אַז גאָטט העלפֿט, די קינדער זענען געזונד, די מעשענע לייכטער — נישט פֿערזעצט, בפֿרט אויב עס איז דאָ נאָך אַ קוגעל — האָט דאָס פּאָאָר־פֿאָלק גאָר אַ פֿרייהליכען שבת!

וואָרען חנה איז אַ בריה נפלאָה צום קוגעל!

שטאָנדיג פֿעהלט איהר עפּיס, דאָ מעהל, דאָ אייער, דאָ פֿעטס, און צום סוף קומט אַרויס אַ פֿעטער, אַ זיסער, אַ מחיה׳דיגער קוגעל; ער צוגעהט פּשוט אין אַללע אברים!

— דאָס קאָכט דער מלאך, זאָגט חנה און שמייכעלט פֿאַר נחת.

— יאָ, אַ מלאך, אַוודאי אַ מלאך! — לאַכט חיים, — דו מיינסט, אַז דו ביסט אַ קליינער מלאך, אַז דו האַלטסט אויס פֿון מיר און פֿון די קינדער... וויפֿיעל מאָל טהוען זיי דיר אָן צרות, איך ווער אַמאָל באַז... נו, איך האָר עפּיס אַ קללה פֿון דיר, ווי אַנדערע ביי די ווייבער?

— און באַשר, דו האָסט אַ סך נחת פֿון מיר? דו און די קינדער געהען נאַקעט און באָרפֿיס... צו וואָס טויג איך? נישט צו קדוש, נישט צו הבדלה, איך קעננן אפילו נישט רעכט קיין זמירות זינגען...

— ביזט פֿאָרט אַ גוטער טאַטע, און אַ גוטער מאַנן! — האַלט זיך חנה ביי׳ם איהרייגען, — אַזאַ יאָהר אויף מיר, און אויף כל ישראל... איך זאָלל מיך נור אַלטערן מיט דיר, רבונו של עולם!

און דאָס פּאָאָר־פֿאָלק קוקט זיך אין די אויגען אַריין אַזוי גוט, אַזוי

ווארעס, און אזוי מיט'ן גאנצען הארץ, אז עס דאכט זיך, זיי זענען ערסט פון אונ־טער דער חופה אפער...

עס ווערט נאך פרייהליכער ביי'ם טיש...

נור נאכ'ן שלאף, געהט חיים אין קליינעם שולכען אריין הארען תורה.

דארט לערנט א מלמד מיט'ן פראסטען עולם אלשיך. עס איז היים, די פנים'ער זענען נאך פערשלאפען; איינער חאפט נאך א דרימעל, דער צווייטער לאזט ארויס א הויכען געניץ; נור ראפטים, ווענן עס קומט צום רעכטען ארט, מען שמיעכט פון יענער וועלט, פון גיהנם, וואו מען שמייסט די רשעים מיט אייזערנע רימטער, פון ליכטיגען גן־עדן, וואו די צדיקים זיטצען אין גאלדענע קרוינען און לערנען תורה... דעמאלט ווערען אללע אויפגעלעבט; די מיילער — אפען, די פנים'ער — רויט... מען הארט זיך איין אהן איין אטהעם, וואס עס וועט זיין אויף יענער וועלט!

חיים שטעהט געוואהנליך ביי'ם אויבען. ער האט טהרערן אין די אויגען, עס ציטטערן איהם האנד און פיס; ער איז אין גאנצען אויף יענער וועלט!

ער ליידט צוזאממען מיט די רשעים; באדט זיך אין הייסער סמאלע; ער ווערט געווארפען כף־הקלע, קלויבט שפאנער אין וויסטע וואלדער... אלץ לעבט ער דורך, און עס בעדעקט איהן דער קאלטער שוויים... פאר דאס האט ער שפא־נ...ר נחת גלייך מיט אללע צדיקים: דאס ליכטיגע גן־עדן, די מלאכים, דער לויתן, דער שור־הבר, און אללע גוטע זאכען, שטעללען זיך איהם פאר אזוי לעבע־דיג און אזוי בולט, אז ווענן דער מלמד ענדיגט, גיט א קוש און פערמאכט דאס ספר, חאפט ער זיך אויף ווי פון א חלום, טאקי ווי פון יענער וועלט.

— אח, — האפט ער שווער דען אטהעם, וואס ער האט איינגעהאלטען ביי דער גאנצער צייט, — „רבונו של עולם! האטש א שטיקעל, האטש א פיצעל, האטש א בראקעניא עולם־הבא... פאר מיר, פאר מיין ווייב, און פאר אללע מיינע קינדערלעך!"

און דעמאלט ווערט ער טרויעריג; ער פרעגט זיך: מישטיינס געזאגט, פון וואס, פאר וואס?..."

איינמאל איז ער נאכ'ען לערנען צוגענאנגען צום מלמד:

— רבי, — זאגט ער און זיין קול ציטטערט — גיט מיר איין עצה, איך זאלל זוכה זיין צו האבען עולם הבא!

— לערן, מיין קינד, תורה! הארט ער א תשובה.

— איך קענן נישט!

— לערן משניות... עין־יעקב, האטש פרק...

— איך קאנן נישט!

— זאג תהלים!

— איך האָב קיין צייט נישט!

— דאַווען ער־סט!

— איך פֿערשטייה נישט וואָס איך דאַווען!

דער מלמד קוקט איהן אָן מיט רחמנות:

— וואָס ביזט דו? פֿראָגט ער.

— אַ טראָגער.

— נו, זיי משמש תּלמידי חכמים.

— וואָס הייסט?

— טראָג, למשל, אַללע פֿאַרנאַכֿט אין בית המדרש אַריין אַ פּאָאר קאַנען וואַסער, די לומדים זאָללען האָבען צו טרינקען...

חיים ווערט דערפֿרייהט.

— רבי, האָט ער ווייטער געפֿראָגט, און מיין ווייב?

— אַז דער מאַנן זיצט אויף אַ שטוהל אין גן־עדן, איז דאָס ווייב זיין פֿיססענבאָנקעלע.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַז חיים איז אַהיים געקוממען הבדלה מאַכֿען, איז חנה געזעסען און געזאָגט: „גאָטט פֿון אברהם". אַז ער האָט זי דערזעהן, האָט איהן עפּיס אָנגעחאַפּט ביים האַרץ.

— ניין, חנה, — פֿאַלט ער צו'ן איהר צו, — איך וויל נישט דו זאָלסט זיין מיין פֿיססענבאָנקעלע... איך וועל מיך אַראָב בויגען צו דיר, איך וועל דיך אופֿהייבען און זעטצען דיך נעבען מיר. מיר וועלן צוזאַממען זיצען אויף איין שטוהל, ווי אַצונד... עס איז אונז אַזוי גוט צוזאַממען; האָרסט, חנה, דו מוזט זיצען מיט מיר אויף איין שטוהל... דער רבונו של עולם וועט מוזען בעשטעהן:



# אין קעללער־שטוב.

(אבילד)

א גרויסע קעללער־שטוב, פֿולל מיט בעטטען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פֿריידה די האַלאַדריגיכע שלאָפֿט שוין לאַנג אויף איהר קאַסטען, אין איהר ווינקעלע צווישען אויבען אונ וואַנד. זי האָט זיך היינט פֿריה געלעגט, ווייל עס איז מאָרגען יריד אין א נאָהנט שטאָדטיל, דאַרף מען אויפֿשטעהען פֿריה אונ אַרויספֿאָהרען מיט דער מאַזש. זי שלאָפֿט דאָך אונרוהיג — זי וועט האָבען צרות צרורות מיט׳ן געלעגענהייט: זי האָט בעדונגען דען בעל־עגלה, ער זאָלל זי אויפֿנעמען מיט אַ קליין פֿאַססעל, אונ נאָך פֿאַר׳ן איינשלאָפֿען האָט זי אַ ישוב געהאַט, אַז עס איז גלייכער מיט צונעממען דאָס גרויסע פֿאַסס. זי האָט זיך לאַנג אונרוהיג געוואָרפֿען אויפֿ׳ן געלאָגער: „אַ ביין מויל אַ יודענע האָט — האָט זי אויף זיך אַליין זיך געבייזערט — אַרויסגעהאַפּט זיך: „ס׳קליינע פֿאַססעל״! נאָך וואָס? נאָך ווען? דען בעל־עגלה׳ס דאגה? ער וועט דאַרפֿען מפּיים זיין די פֿערד מיט נאָך אַ ביסל האָבער?״ אַזוי וואָרטשענדיג אויף דער מאוסער צונג, וואָס איין אשה האָט, איז זי קוים איינגעשלאָפֿען. פֿון אונטערן איבערבעטט שטאַרט אַרויס אַ רויט קאָפּפּענטיכעל, וואָס פֿאַלט איהר אַראָב אַרום פּנים, ווי אַ ראָמיל אַרום דער שפּיציגער, בלאָהליבער נאָז. זי אָטעמט שווער. זי מוז האַלטען די ביינינע האָנד אויפֿ׳ן אַלטען האַרץ; גאָטט ווייסט, וואָס עס חלומט איהר! אפשר וואַרפֿט זי דער בעל־עגלה אַוועק, אונ זי בלייבט אַ האַלב יאָהר אָהן פּרנסה!

דער ווינקעל געגענאיבער געהאָר צו יוסעל־וואַססערטראָגער. דאָס ווייב מיט צוויי קינדער שלאָפֿען אין איין בעט אונ ער מיט׳ן אָלטערן חדר־יונגעל — אין צווייטען. פֿון די בעטטען רייסט זיך אויך אַללע מאָל אַרויס אַ זיפֿץ, דאָ איז מען אויך איינגעשלאָפֿען מיט עגבית־נפש. דאָס חדר יונגעל האָט געוויינט „רבי געלד״! אונ די נאָך אָלטערע טאָכטער איז געבליבען אָהן איין אָרט. זי האָט געהאַט אַ וואַהלע שטעלל, ביי׳ן אַ פּאָר פֿאָלק אָהן קינדער, דאַרף פֿלוצלינג די בעל־הבית׳טע שטאַרבען! זי איז אַ היים געקוממען; זי וועט דאָך נישט בלייבען אַליין מיט׳ן אַלמן! עס קומט איהר אַ פּאָר רובל שכירות; מען וואָלט געקאָנט דערפֿון האָטש, רבי־געלד בעצאָהלען; מען׳עט אָבער דער אַלמן „לא פקדני״ — דאָס ווייב האָט איהם נישט

אָנגעזאָגט און ער אַליין ווייסט נישט; ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אי ווייבערישע זאַכֿען. איידער מען איז איינגעשלאָפֿען האָט מען זיך אפילו אַ ביסי געקריגט, די מוטטער האָט געראָטהען, מען זאָלל דען אַלמן רופֿען צון אַ דין־תּורה די טאָכטער וויל בעססער שרייבען אַ פּראָשעניע, אָדער צום „מיראָוואָי", אָדעו צו׳ם „נאַטשעלניק", יונה וויל ביידע עצות נישט הערען; דער אַלמן וועט זין נוקם זיין און אָבערדען איהם אַללע בעלי־בתּים. „ער דאַרף נור — זאָגנ יונה — געבען אַ פּיפיץ, בין איך אוים קאַפּעלויש־מאַכֿער... עס האָט דען אַ שיעוו וויפֿיל וואַססער־טראָגער עס געהען היינט אַרום שלינג־און־שלאַנג, זייט מען האָט ד וואַססער־לייטונג געמאַכֿט?"

אַרויף צו־ציהער שנאַרכֿט בעריל טראָגער איינער אַליין ווי אַ „חראַביע" אי בעטט. ביידע קינדער שלאָפֿען אין צווייטען; דאָס ווייב איז אַ קאָכֿין און האָנ היינט אַ חתונה. דאָך — שלאָפֿט מען אויך נישט רוהיג. בערלין בלאָנדזינ אַרום שוין אַ צייט עפּים אַ וויטאָג צווישען די ביינער, אויך דער אָלטערער זוה זיפֿצט אַללע מאָל פֿון שלאָף; ער אַרבייט ביי קאַללעך־לאָשען און האָט זיך אַ פֿיסעי אָבגעבריהט.

נאָך ווייטער שלאָפֿט ווי אַ „חראַבינע", איינע אַליין אין אַ בעט, צי־ל די זיצערין; אין צווייטען שלאָפֿען אַללע דריי קינדער. איהר מאַנן איז אַ נאַכֿט וואָכֿטער. כּעלות, אַז ער וועט קוממען, וועט זי אַרויסגעהען מיט ברויט און פֿרישע ביינעל.

מיר האַלטען שוין ביים דריטטען ווינקעל, עס שטעהט נאָך אַ בעטט — אַ שמאָהל אייזערן בעטטעל. איין אונגעזונד־געריטעלטער פֿרויען־קאָפּף שלאָגט זיך אָב פֿון אַ קנויל־אַלטוואַרג, וואָס דיענט איהם אַלס קישען. די יונג־פֿערבֿרענטע ליפּפּען אָפּפֿענען זיך אָפֿט, אַרוים צו לאָזען אַ שווערען זיפֿץ. „אַ שווערע פּרנסה" האָט איהר מאַנן, „ער האָט קיין מזל נישט". מיט חירוף־נפש האָט ער יענע וואָך אַרויסגעשלעפּט אַ קופּפּערנען קאָססעל און בעגראָבען אין זאַנד אונטער דער שטאָדט — האָט מען איהן געפֿוננען! ווער ווייסט מיט וואָס ער וועט היינט אַ היים קוממען? אפשר זיצט ער שוין גאָר... און דאָ האָט מען דריי וואָכֿען קיין טאָפּיל וואַרעם וואַססער נישט צוגעשטעלט... פֿון דער דירה טרייבֿט מען...

„אַ שווערע פּרנסה... אָהן מזל!" זיפֿצען די פֿערבֿרענטע ליפּפּען. און מען מוז זיך נאָך פֿאַר שכנים היטען. מען פֿראָגט אַלץ: וואָס טהוט דיין מאַנן? וואָס קומט ער אַזוי שפּאָט אַ היים?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איבער אַללע בעטטען ציטטערט אַ טונקעלע שיין פֿון מיטט שטוב; פֿון איבער הישפּאַנישע וואָנדטליך, וואָס זעננען די גרעניצען פֿון אַ יונג פּאָר־פֿאָלקס

ממשלה. טריינע „ד׳ אמות״ די יונגע בעל־הבית׳טע שלאָפט נאָך נישט; ערשט צוויי חדשים נאָך דער חתונה — וואַרט זי אויף׳ן מאַנן, וואָס דאַרף קוממען פון בית־המדרש. ביי׳ן איהר ברענט זיך עס דער קאַגאַניעץ, וואָס וואַרפט העלל־ווייסע פלעקקען אויף׳ן שוואַרצען סופיט, אונ שיקט אַרויס, דורך די לאָכער פון היספּאַנישען וואַנד־טיל, די עטליכע אָרימע שטראַהלען, וואָס טאַנצען איבער די אָרימע בעטטען מיט די אָבגעאַרבייטע, מיעדע פנימער.

אין טריינעס ממשלה איז ליכטיגער אונ ריינער. — צווישען ביידע בעטטען אויף אַ וויים טישעל ליגט אַ קרבן־מנחה סדור צווישען צוויי קליינע מעשענע לייכט־ערליך — איהר דרשה געשאַנק! אויף דער וואַנד האָנגען חתונה־מלבושים, אַ טלית־זאַקק מיט איין אויסגענעהטען מגן־דוד. פאַר דאָס קיין באַנקליך אין דער ממשלה נישט דאָ. זי זיצט אויף אַ בעטט פעררוקט אַ נעץ פאַר די ציבעלעס, וואָס ליגען נעבען איהר, צו־וואַרפען אויפ׳ן לייליך. דאָס גאַנצע בעטט געוואַנד ליגט אויפ׳ן צווייטען בעטט — אונטערן בעטט־געוואַנד איז בעהאַלטען דאָס יאַכיל אויף וויעציערע.

עס אָפּפענט זיך שטילל די טהיר. טריינע ווערד רויטליכער, זי פערליערט די נעץ פון דער האַנד אונ שפּרינגט אויף פון בעטט. זי בלייבט דאָך שטעהן, — ׳ס פּאַסט נישט פאַר שכנים; טאָמיר האַפּט זיך וועלכער אויף, וועט מען הוכא־כלולא פון איהר מאַכען! צרות האָט זי פון די שכנים! פון פריידעלען, דער עיקר... זי קאָנן נישט פערשטעהן, ווי אַזוי מען שילט נישט אַ מאַנן באַלד צום מאָרגען נאָך דער חופה! „וואַרט — זאָגט זי, די „אַלטע מכשפה!״, דו וועסט שוין זעהען, וואָס פאַר אַ מזל דו וועסט ביי׳ן איהם האָבען... וויזט איהם נור אַ פינגער״!

פריידעל לאָזט איהר קיין פרייע מינוט. אַ מאַנן — זאָגט זי — אַז מען פיהרט איהן נישט אַרום ביי דער נאָז, איז דער אָרגער ווי אַ וואָלף; ציהט ער די קלעה פון די ביינער אַרויס, דאָס בלוט זייגט ער אויס פון די אָדערן! שוין 10 יאָהר — זאָגט פריידעל — זיצט זי אָהן אַ מאַנן, אונ קאָנן נאָך אַלץ צו די כוחות נישט קוממען! אונ פריידעל איז אַ קלוגע יודענע. אַ מלומדת! „וואָס עס קוממט איהם — זאָגט זי — על פי דין, וואַרף איהם ווי אַ הונד אַ ביין, אונ ווייטער — וואַרא! **נור** פון דער ווייטענס אונ — **נור** געפלובט!

טריינע האָט צייט דאָס אַללעס צו דערמאַננען, ווייל עס דויערט, איידער יוסעלע גנב׳ט זיך דורך אויף די נאָגעל צווישען די שכנים; יעדער טריט זיינער שלאָגט איהר אָב אין האַרץ, נור אַגעגען געהן פאַר קיין שום געלד. אָט פּאַלט ער שיער! אָט איז ער שוין ביי די וואַנדליך, — זי אָטהעמט אָב.

— גוט־נ־אָבענד! מאַכט ער שטילל מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען.

— גוט יאָהר! ענטפערט זי נאָך שטיללער.

— ווילסט עססען? פֿרעגט זי.

— און דו?

— מאַ...

ער איז אַרויס אונטער די וואַנדטליך און איז צוריק געקוממען מיט אַבגע- גאָססענע האַנד; זי דערלאַנגט איהם אַ האַנדטוך. אויפֿ'ן עק פֿון טישעל שטעהט שוין גרייט אַ „מציאה" מיט זאַלץ און דאָס אַפּערגענוממענע יאַבּיל.

ער זיצט אויף זיין בעט, אויפֿ'ן גאַנצען בעטט־געוואַנד; זי אויף איהר'ן מיט די ציבעלים. זיי עססען גאַנץ לאַנגזאַם און רעדען דערבייַ מיט די אויגען — ווי ערשט נאָך אַ חתונה, און מיט די מיילער — פֿון פּרנסה.

— נו, ווי האַלסט דו?

— אַט, זיפֿצט ער אָב, דריי תּלמידים האָב איך שוין!

— בלייבט טאַקי מלמדות? פֿרעגט זי טרויעריג.

— מאַ! ענטפֿערט ער:

— געלויבט איז גאָטט דערפֿאַר, טרייסט זי זיך און איהן צוזאַממען.

— געלויבט איז גאָטט — זאָגט ער איהר נאָך — נור דאָס איז ערשט 120 רובל! ער זיפֿצט.

— נו, וואָס זיפֿצסט דו?

— רעכען, — ענטפֿערט ער, — אַ רובל אַ וואָך דירה־געלד, איז 26 רובל אַ זמן; עוֹלדיג בין איך נאָך... חתונה הוצאות...

— ווי הייסט? פֿרעגט זי פֿערוואונדערט.

ער שמייכעלט:

— דו מיינסט טאַקי, נאַרעלע, אַז דער טאַטע האָט געקאָנט מעהר ווי צוזאָגען?

— נו, הכלל? האַקט זי איהם איבער.

— דאָס הייסט — פֿיהרט ער ווייטער דעם חשבון — אַ רובל 12. אין שוין 38, וואָס בלייבט אויף עססען?

זי רעכענט:

— 82, דאַכט זיך?

— אויף 26 וואָכען!

— נו וואָס איז — מאַכט זי — איבער 3 רובעל אַ וואָך!

— און וואו איז, — פֿרעגט ער טרויעריג, — האָלץ... ליכט... שבת ויום טוב?

— עט, גאָטט פֿערלאָזט נישט — טרייסט זי — איך קאָן אויך עפּיס טהון: אַט, האָב איך איינגעקויפֿט ציבעלים! איי ער זעננען וואָלוויל, וועלל איך אויך איינקויפֿען, במשך אַ פּאָר וואָכען וועט עפּיס האָבען אויפֿ'ן שאָק!

— און רעכען נור איבער — פֿיהרט זי ווייטער — וואָס קאָסט האָלץ און ליכט?

אַ גאָר נישט! אָ פּ ש ר אַ רובל אַ וואָך... בלייבט אַלץ...

— און שבת! און יום־טוב? וואָס רעדסט דו, קינד?

און דאָס וואָרט „קינד" איז אַרוים אַזוי ווייך, אַזוי גוט־האַרציג, אַז זי צו־שמייכעלט זיך.

נו, בענש נור בענש — מאַכט זי — לעג אָב די חשבונות אויף מאָרגען... שוין צייט צו שלאָפען.

זי פערשאָמט זיך דאָך, לאָזט אַראָב די ברעמען און גלייך זי פעראָנפּערט זיך:

— דו קומסט אַזוי שפּעט... זאָגט זי מיט אַ האַלב געמאַכטען געניץ.

ער בייגט זיך צו'ן איהר צו איבער'ן טישעל:

— נאַריש קינד — פליסטערן זיינע ליפּפען — איך קום דאָך אַמישנע שפּעט: „מיר זאָללען קאָננען צוזאַממען עססען... פערשטעהסט! אַזוי פּאַסט דאָך נישט... ווייסט דאָך, אַ מלמד!

— נו, בענש נור, בענש! ראָטה זי דאָס איהריגע מיט פעסטער געשלאָסענע אויגען.

ער מאַכט די זייניגע אויך צו. ער וויל ערנסט בענשען. די אויגען רייסען זיך איהם דאָך אַללע ווײלע אויף... ער דריקט פעסטער אַראָב די ברעמען, עס בלייבט דאָך אַ שפּאַלט, דורך וועלכען ער זעהט זי, עפּיס וואונדער־פּאַרביג בעלייכט, אַז ער קאָנן פון איהר דען בליק נישט אָבּרייסען.

זי איז מיעד — קריעגט ער רחמנות.

ער זעהט ווי זי רוקט זיך האָבער אַרויף אויפ'ן בעטט, שפּאַרט אָן דען קאָפּף אָן דער וואַנד. „זי וועט אַזוי איינשלאָפען", קלערט ער.

— פאַר וואָס נעמט זי נישט קיין קישען? אָרגערט איהן, אויסרעדען קאָנן ער נישט, מאַכט ער: מ... מ...!

— זי האָרט דאָך נישט, ער יאָגט צו דאָס בענשען, ענדיגט, שטעלט זיך אויף, און בלייבט שטעהן, נישט וויססענדיג וואָס צו טהון.

ער רופט טריינע! נור אַזוי שטילל, אַז עס קאָנן זי נישט וועקקען. ער רוקט זיך צו צו איהר בעט און בייגט זיך איבער איהר. איהר פּנים שמייכעלט אַזוי זים... עס מוז זיך איהר עפּיס גוטס חלומ'ען... און ווי שאָן זי שמייכעלט... איין עברה זי וועקקען! דאָך וועט איהר דאָס קאָפּפעל ווײ טהון... איי, האָט זי האָהר געהאַט — ער האָט זיי אויף די תנאים געזעהן — שוואַרצע לאַנגע... היינט גאָל... דער ציפּיק איז אַ געשטיקטער, אַ דיננער מיט לאָכליך... אפילו אַ חנו'דיגער... ער שמייכעלט אויך מיט!

מען מוז זי דאָך וועקקען! ער בייגט זיך צו נאָך נאָהנטער, דערפיהלט איהר אָטהעם, ציהט איהן גיעריג אין זיך אַריין... זי ציהט איהן צו ווי אַ מאַגנעס... און, נישט וויללע־דיג ריהרט ער אָן איהרע ליפּפען מיט די זייניגע.

— איך שלאָף גאָר נישט, מאַכט זי ראַפּטים און אָפֿענט אַ פּאָר שעלמיש־לאַכענדיגע אויגען. זי וואַרפֿט איהם איהרע האַנד אַרום אַקסעל און ציהט איהן צו צו זיך.

— נישט קשה — רוימט זי איהם איין אויער אַריין, אַזוי זיס, אַזוי גוט — נישט קשה... גאָטט, דער גוטער, וועט העלפֿען... דאָס האָט ער דאָך גאַנז צו־זאַממען געברענגט... ער וועט נישט פֿערלאָזען! עס וועט זיין — אי האָלץ... אי ליכט... עס וועט זיין פּרנסה... עס וועט גוט זיין... גאָר גוט זיין... ס'וואָהר, יוסעלע? ס'וואָהר!

ער ענטפֿערט נישט, ער ציטטערט אין גאַנצען.

זי שטופּט איהן אַ ביסל אָב פֿון זיך.

— קוק אויף מיר, יוסעל — פֿאַלט איהר איין צו פֿערלאַנגען.

יוסעל ווילל פֿאָלגען, און קאָן נישט.

— בטלן, מאַכט זי צו'ן איהם ווייך, נאָך נישט צו־געוואָהנט, האַ?

ער ווילל בעהאַלטען זיין קאָפּף־אויף איהר ברוסט, זי לאָזט נישט.

— וואָס שאָמסט דו דיך, בטלן! קושען מאָגסט דו, און קוקען נישט?

ער ווילל בעססער קושען; זי לאָזט נישט.

— קוק אויף מיר, איך בעט דיך!

יוסעל אָפּפֿענט די אויגען מיט כח; זיי פֿאַללען דאָך באַלד צוריק צו.

— איך בעט דיך, מאַכט זי נאָך ווייכער, נאָך זיידענער.

ער קוקט. צוגלייך לאָזט זי אַראָב די ברעמען.

— זאָג נור — מאַכט זי — זאָג מיר דען אמת, איך בעט דיך... איך בין עפּיס אַ שאָן ווייבעל?

— יאָ! רוימט ער איהר איין, און זי דער פֿיהלט נאָך הייסער זיין אָטהעם.

— ווער האָט דיר געזאָגט?!

— איך זעה דאָך! אַ מלכּה ביסט דו, אַ מלכּה!

— און זאָג נור, יוסל — פֿרעגט זי ווייטער, — דו וועסט שוין שטענדיג אַזוי... שטענדיג אַזוי זיין?

— ווי אַזוי מיינסט דו, טרייגע?

— איך מיין — ציטטערט איהר שטיממע — קעגען מיר אַזוי גוט...?

— ווי דען?

— אַזוי הארציג?

— ווי דען?

— שטענדיג?

— שטענדיג! איז ער מבטיח.

— ווּעסט מיט מיר עססען שטאַנדיג צוזאַממען?
— זיכער... בלי נדר, ענטפערט ער!
— אונ... ווּעסט אויף מיר קיין מאָל נישט שרייען?...
— קיינמאָל... בלי מסקנא!
— קיינמאָל נישט אָנטוהן קיין צרות?...
— צרות? איך? דיר?... ווי הייסט? פאַר וואָס?
— איך ווייס? פריידה זאָגט —
— וואַ — די מכשפה!
ער רוקט זיך ווייטער צו. זי שטויסט איהן נאָך צוריק.
— יוסעלע?
— וואָס?
— זאָג — ווי הייס איך?
— טריינע!
— פע — פערציהט זי די קליינע ליפּליך.
— טריינישי — פערבעססערט זיך יוסעל.
עס געפעלט איהר אַלץ נישט.
— טרייניניו...
— ניין!
— נו — טריינע־לעבען, טריינע־קרוין, טריינע־הארץ... שוין גוט אַזוי?
— יאָ! ענטפערט זי גליקליך, נור...
— וואָס נור, לעבען מיינס, נחת מיינס?
— נור, הער יוסעל... אונ... שטאַממעלט זי.
— אונ וואָס?
— אונ אַז עס וועט, חס ושלום, פעהלען אַ מאָל פרנסה... אַז איך וועל וויינענדיג פערדריענען... וועסט דו אפשר... אפשר שרייען...
ט עהרען קוממען איהר אין ד׳אויגען אריין.
— חס״ושלום! חס ושלום!
ער רייסט אוים דען קאָפּ פון איהרע האַנד, אונ פאַלט צו צי די נאָך אָפּענע ליפּען.

---

— אַ רעכטע שיינע, ריינע כפרה, צו זייער קאָפּ, צו זייער האַנד אונ פיס — הערט זיך אַ קול פון אונטער די וואַנדטליך — קושוואַך גאָר ביי זיי! קיין אויג לאָזט מען נישט צו מאַכען...
דאָס איז פריידעלס הייזעריג־שפּיציג־גיפטיג קול.

# אַ פֶּערְשְׁטֶערְטֶער שַׁבָּת

(אַ בילד)

האַלב שבת! אַ באָרגעל מיסט ביי דער טהיר, — צום אַרויסוואַרפען; די לאָקשען ליגען אָבגעשווענקט אין שיסםעל, מען דאַרף זיי נור בעגיסען מיט אַ לעפּעל יאָך, זיי זאָלען זיך נישט צוזאַממען קלעבען. אויפ'ן טיש איז גרייט בראָנפען אויף קדוש; אַ קוילימש מיט אַ חלה — צום בערעקקען מיט אַ זיידען חלה-טישטיכיל!

זרח, דאָס יונגע בעל בית'ל, איז שוין אָבגעוואַשען. מיט צו צווי פינגער פון יעדער האַנד דריקט ער אויס דאָס וואַססער פון די פאות. מרים, די יונגע בעל הבית'טע, שטעהט ביי איהם און פוצט איהם צו די קאַפּאָטע.

— אַ, דו... שלימזיז! — שמייכעלט זי צו'ן איהם — אַנדערהאַלב יאָהר נאָך אַ חתונה מאַכט מען אַזוי צורעכט מלבושים! זעה! דאָ אויפ'ן לאַץ! זעהסט? אַ פלעק פון חלב! זי קראַצט מיט די נאָגעל, געהט איבער מיט דער באַרשט.

— גענוג שוין, — בעט זיך זרח, די האָנד וועללען דיר ווי טהון! דו קאָנסט דאָך שוין קוים דען אָטהעם חאַפּען, לאָז שוין אָב!

— אָ-וואַ! גלייבער, זיי זאָללען אַ ביסעל ווי טהון, איידער מען זאָלל זאָגען אין בית המדרש, אַז דו האָסט אַ ווייב — אַ שמאָדער, וואָס פוצט דיר אפילו די שבת'דיקע קאַפּאָטע נישט אָב!

זי געפינט נאָך אַ פלעק, בייגט זיך נאָך אַ מאָל אַיין און פוצט. דאָס בלאַססע פנים רייטעלט זיך, די אויגען בליצען און שווער ווערט איהר דעם אָטהעם, איהרם האָט זי דאָך אויסגעפיהרט... זרח קושט זי אויפ'ן קאָפּף.

— וואָס געפעֶלט עס דיר אַזוי? — רייסט זיך מרים אויס מיט אַ געלאָכטער — די האָהר-באַנד?

— שאָם דיך חאָטש פאַר דער מאַמען — האָט זי צו געגעבען שטילל.

די האָהר-באַנד, וואָס זי טראָגט אויפ'ן קאָפּף, און די מוטטער — וואָס שטייט צונד איבער געדרייט צום ספרים-שאַנקל און זוכט, מכלומרשט דאָס דייטש חומש — זענגען איהר צוויי שטיינער אויפ'ן האַרץ.

פאַר דער חתונה האָט מרים געהאַט אַ פאָר דיקע לאַנגע צאָפּף פון בלאָנד זיידינע האָהר. אַללע מיידליך האָבין זי מיט די צאָפּף מקנא געווען, אַז זי פלעגט דורכגעהן דען מאַרק, פלעגען מענשען טראַכטען: אָט, דער יצר געהט. זרח דעמאָלט שוין

איהר חתן, פלעגט ציטערן פאר פרייד, אז ער האט אמאל בעקוממען איהרס א צאפף אין דער האנד אריין, נור, אומשטיינס־געזאגט, ווען איז עס איהם גראטהען? א האלב יאהר אין גאנצען זענען זיי געווען חתן־כלה... געזעהען האבען זיי זיך קוים עטליכע מאל... איינמאל־שבועות ביי נאכט (הושענא־רבא האט מרים מורא געהאט פארן יום הדין) איינמאל האבען זיי זיך ארויסגענארט שמחת־תורה פון הקפות; נאך א מאל האבין זיי זיך געטראפען חול המועד־פסח אויפ'ן שפאציער אונטער דער שטאדט... אונ דעמאלט טאקי האט מען זיי „געחאפט"! עס איז געווארען א גערודער, א געשרייעריי. דער רב האט געשיקט רופען די עלטערן; געזאגט זיי, אז ער גלויבט באמונה שלמה, אז עס זענגען עהרליכע קינדער, פון דעסטוועגען איז זיין עצה, מען זאלל באלד שטעללען א חופה...

מרים'ס מוטטער — די „לאנגע סעריל"— האט אפילו קיין צייט נישט געהאט צו מאכען אללע איינשיטען. זרח'ס פאטער, דער שטריקענמאכער, האט נאך נישט געהאט דען גאנצען נדן; א חופה האט מען דאך געשטעלט! אונ פאר דער חופה האט מען אבגעשוירען די בלאנד־זיידענע האהר!

מרים האט געוויינט מיט ביטטערע טרערען —

זיצענדיג צווישען די בחורים, האט זרח, אזוי פערציילט ער, דערפילט, ווען מען האט זיך גענומען צו די צאפף. עס האט איהם א שניט געטהון אין הארץ! ביי דער גילדערנער יאך, האבען זיי ביידע אויסגעזעהען, ווי „עס וואלט זיי אונטער גע־גאנגען א שיף מיט זויער מילך".

אח, די האהר־באנד, די האהר־באנד!

די האהר וואלטען צוריק געוואקסען, מען זאלל זיי נישט דארפען אללע מאל אונטער שערען! זרח זאגט אפילו, אז עס זענגען פערהאנגען אזוינע שטאדט, וואו יודישע טאכטער טראגען שייטלען, מהייל אפילו — אייגענע האהר; ווייכט מען דאך אז ער איז א שטיק אפיקורים, דער זרח. „ווען גאטט זאלל איהם העלפען— זאגט ער — ער זאלל געווינגען אויף דער לאטעריע, (פון סוחר'עריי נתעשר צו ווערען, איז שלא כדרך הטבע), וואלט ער איבער געלאזט דער שוויגער א פאר טויזענדטער, אונ ער מיט מרים־לעבען, וואלטען אוועק אין איינע פון די גרויסע שטאדט!"...

מרים אבער וויל נישט הארען אונ געדענקען! זי בעט זיך רחמים ביי זרח'ן, ער זאלל נישט רעדען דערפון, זי קושט איהן אונ האלט איהן, ער זאלל בעססער שווייגען.

ערשטענס — ווי לאזט מען עס איבער אליין א מאמען; טאקי מיט געלד, טאמער ווערט זי, חס ושלום, קראנק... א מענש אין די יאהרען... ווער וועט איהר דערלאנגען א לעפפעל וואר'ם וואססער? צווייטענס האט מרים־לעב, אליין מורא

פאַר דער עברה! עס איז טאַקי דאָ אַזוינע שטאָדט; אַז זרח זאָגט, איז אַוודאי אמת, זי גלייבט, — נור אַ קשיא אויף אַ מעשה! סדום ועמורה פון דייטש־חמש זעננען אויך שטאָרט געווען, מיט נאָך ערגערע מנהגים, אייזערנע בעטליך פאַר אורחים... יתומים האָט מען אויסגעשמירט מיט האָניג..." נו, כהיום! און ווער ווייסט, אויב מאָרגען וועט נישט דער אייבערשטער אַראָבקוקקען מיט זיינע די מלאכים, זיך איין עצה האַלטען און איין רגע איבערקעהרען די היינטיגע סדום ועמורה'ס?

זי ווייסט, אַז גאָט, ברוך הוא, איז איין ארך אפים; ער וואַרט אַוודאי... אפשר וועללען זיי תשובה טהון!...

— נו, הכלל, זאָגט מרים, דאַרפען מיר זיך אַריינלייגען אין קראַנקען בעט?

— ניין, זרח, — זאָגט זי — איך וויל נישט... אַז מע' זאָגט מע' טאָהר נישט, טאָהר מען נישט...

פון דער מוטטער האָט זי נאָך מעהר צרות.

די לאַנגע סעריל האָט ליעב די טאָכטער מעהר ווי צעהן מיטטער צוזאַממען; קיין שלעכט וואָרט וועט זי איהר נישט זאָגען. — נור צייט מען האָט „געהאַפט די חתן־כלה", האָט זי אויף זיי בעשטאָנדיג איין אויג... היט זי זיי אָב!

— דו ביסט, זאָגט זי צו מרים'ען, אַ פרוממע נשמה, נור אַ וויך האַרץ האָסט דו; און קעגען דעם יצר־הרע מוס מען האָבען אַיין אייזערנע גבורה. אַ מענש מוס זיך שטעללען ווי אַ לייב, ווייל דער יצר הרע איז ערגער ווי שלאַנג!

און זי האָט זיך גענוממען צו דער גוטער, נור שוואַכער טאָכטער, צו דער פרוממער, נור שוואַכער נשמה, זי אונטערצוגאַרטלען קעגען יצר הרע! און, נאָך יעדען „אונטערגאַרטלען", בלייט מרים אוים מענש! עס טהוט איהר וועה דאָס האַרץ; ביינאַכט שרעקען זי אַללערליי חלומות...

קוים געהט זרח אַרוים פון שטוב, הייבט זיך אָן דאָס מוסר־זאָגען.

סעריל איז אַ מושלמת, ליינט עברי־טייטש ווי אַ וואַססער; קאָנן דאָס דייטש־חומש מיט'ן קו הישר, מיט'ן ראשית־חכמה און נאָך עטליכע אַזוינע ספרים כמעט אויסעגנווייניג; אין גיהנם איז זי קלאָר; זי איז אין יעדען ווינקעלע ווי אין דער היים! זי ווייסט, וואו מען קאָכט אין היסער סמאָלע, וואו מען ברענט מיט שוואַרצין פייער, און שדים בראָטען די נשמות ווי היהנדליך אויף דער שפיז! זי איז קלאָר אין גאַנצען שלחן ערוך פון יענער וועלט: פאַר וואָס מען הענגט אויף דער צונג... מען וואַרפט צווישען הימעל און ערד, און אָדלער און קראָהען רייסען אוים שטיקער פלייש; פאַר וואָס מען לויפט אַרום אין וואָלדער, און ווילדע חיות בייסען די פיענטעס, פאַר דעם שינדט מען אָב די הויט, מען וויקעלט איין אין שטעכענ־דיגע דאָרנער... און מען הייסט נאָך שעפען וואַססער מיט אַ קאַנן אָהן אַ דנאָ... איין גליק איז נור, וואָס גאָט איז פולל באַרימהערציגקייט! ער וויל נישט

מעהר נור מען זאָלל תשובה טהון... און מרים האָרט דאָס אַלץ אויס מיט האַרצ־קלאַפּען, מיט ציטערדיגע ליפּען און אַ פּנים ווי קרייד.

זי שרעקט זיך... זי ווייסט, אַז מענש איז זינדיג... אָרגער איז אין די טאָג, ווען איין אשה איז פולל מיט שדים, ווענן אַרום איהר טאַנצען רוחות רעות... ווענן איין אשה טאָר נישט קוקען אין שפּיגעל אַריין, פון איהרע בליקקען זאָלל קיין פלעקקען נישט ווערען! איהר הויך דאָך איז בעמעלט מיט טומאה, די קליידער — בעשיטט מיט דיבוקים, מיט פּיפּערנאָטערס! ווי געציטטערט האָט זי דעמאָלט פאַר זרחן...

און נאָך איידער עס האָט זיך עפּיס אָנגעהויבען האָט שוין די מאַמע מורא געהאַט, וואָס אַמאָל געפראָגט: מאָכטערשי, אָפּשר שוין? אָפּשר האַלסט דו עס בסוד, אָפּשר ווילסט דו דיר פערזינדיגען די יונגע יאָהר... זעה, קוק נאָך אַ מאָהל, טאָמיר פאָרט! אָפּשר האָסט דו נישט גוט אַכטונג געגעבין...

— מאַמישע — פראָגט אַ מאָל מרים — פאַר וואָס האַלט עס זרח אַזוי פאַר גרינג? ער אפילו, לאַכט אַז איך וואַרף איהם די שליסעלעך?

— איין עולה, אַ גרויסע זינד! — זאָגט די מאַמע — נור אַ מאַנספערשוין איז שוין בטבע אַזוי... אים־שטיינס־געזאָגט, זיי ווייסען דען... און וואָס האָט אַזוינער מורא? ער חאַפּט אַ מאָל אַריין אַ פּרק משניות, ווערען איהם זעקס בלאַטט חטאים אויסגעמעקט פון בוך! און ווען איז זייער יום הדין? איין מאָל אין יאָהר — ימים נוראים... אָבער איין אשה, נעביך, אַ „שעשני כרצונו", דאָס איז ווי אינדרימשקעס! אַ ליאַדע וואָס, איז אויף זיין רחמנא ליצלן אַ פגירא! היינט זעה, בשעת'ען טראָגען, בשעת'ען האָבען — דעמאָלט הענגט דאָך יאָ די נשמה אויף אַ האָהר! סאַמע ימים נוראים! און וואָס, שטיינס־געזאָגט, זאָלל אונז מציל זיין? דאָס דייטש־חמש?!... אַ קאַטאָוועס, אַ מענש אָהן ציצית... אין גאַנצען דריי מצות: חלה, נדה, הדלקת הנר... מיט חלה איז נאָך נישט אַזוי געפאָהרליך! מען קאָנן נאָך יוצא זיין! הדלקת הנר אויך... פרייטאָג, צוועלפען, מאַכט מען שבת... אָבער יענץ... עס איז זיך דען גאָהר צו דערהיטען?

— אַז דיין אויג, — זאָגט זי, — קוקט אויף דעם אייגענעם אָרט, וואו זיין אויג; אַז דיין הויך טרעפט זיך צוזאַממען מיט זיין אָטהעם, — שוין! לילית האַפּט דאָס שוין אויף, זי קריעגט שוין שליטא, זי פליהט אַרויף גלייך צום כסא הכבוד, מיט'ן הויך, מיט'ן בליק, מאַכט דערפון איין עסק! באַלד הייבען אָן שטאַרבען יולדות... קליינע קינדער...

און מרים האָט זיך געפּיהלט זינדיג פאַר גאָטט פאַר אַ סך אַזוינע בליקען מיט „הייבען"... נאָך אַזאַ הויך אָדער אַזאַ בליק, האָט זי נאַכט נישט געשלאָפען

פֿאַר פחד, איהר נשמה זאָלל נישט אַרויף פֿליהען, אונ אַלליין אָנשרייבען אין בוך!...

איינמאָל איז געקוממען אין שטאָדטיל אַריין דער אָקרוזשנאי סוד. מען איז געלויפֿען אויף זיין וואונדער. מרים איז איינמאָל אויך געגאַנגען זעהען; עס איז געוועזען באַלד נאָך דער חתונה — גלוסטען זיך אַזוינע זאַכֿען. האָט זי געזעהען דריי סודיא׳ס, אַ פּראָקוראָר, אַ סעקרעטאָר אונ איינעם, וואָס מען האָט געמשפּט... אין וואָס עס געהט האָט זי נישט פֿערשטאַנגען, נור דערנאָך, אַז מען האָט אויסגערופֿען: קאַטאָרגע, האָט זיך דער פֿערמשפּטער אַ וואָרף געטהון אויף דער ערד, גלייך אַ דוננער האָט איהן דערשלאָגען... פֿון דעמאָלט אָן האָט זי נאָך מעהר פחד פֿאַר׳ן בית דין של מעלה! דאָ האָט זיך דער פּראָקוראָר אַביסעל געאיקיט; דאָרט וועט רעדען דער שטן! מיט שוואַרץ פֿייער וועט ער שיטען, קאָכֿענדיגער פּעך וועט זיך איהם גיעסען פֿון מויל... אונ וואָס קאַטאָרגע? דאָרט רופֿט מען אוים: כּף הקלע, בראָטען הייסט מען אונ ברעננען!

„ווי חלשין וועט דעמאָלט די נשמה"! טראַכֿט מרים. אונ עס ווערט איהר קאַלט אין אַלע אברים, אין האַרץ הייבט אָן שטעכֿען ווי מיט נאָדלען!

פֿון דעם אַלעם ווייסט נישט זרח. אַז ער איז דאָ אין שטוב, שווייגט די מוטטער. דעמאָלט איז מרים לוסטיג אונ פֿריילִיך. גאָר איין אַנדערער מענש...

ווען אָבער איז ער אין שטוב? פֿרייטיג פֿאַר נאַכֿט, שבת... אַ גאַנצע וואָך האָט ער דאָך זיין מסחר! מוז ער דאָך זיין אין גאַסס...

ביי נאַכֿט האָט מען אויך נישט קיין רוה... די לאַנגע כעריל שלאָפֿט נישט האַלבע נאָכֿט. קריכֿט אַרום, געהט אויף אונ אָב, לִיינט הויך די לאַנגע קריאת־שמע מיט׳ן גאַנצען על חטא... זרח קריצט טהייל מאָל מיט די ציין; שווייגען דאָך מוז ער. ער האָט אַ מאָל דער שוויגער אַ שלעכֿט וואָרט געזאָגט, האָט זיך מרים די אויגען אוים געוויינט! מעהר וועט ער דאָס נאַרישקייט נישט טהון... די ציין קריצען, נור שווייגען מוז מען.

פֿון דער שוויגערס מוסר־זאָגען האָט ער גאָר נישט געוויסט; ער זעהט, אַז מרים ווערט וואָס אַ מאָל שוואַכֿער, בלאַססער, אַז זי האַפּט זיך וואָס אַ מאָל אָפּטער אָן ביי דער ברוסט, אָטהעם פֿערפֿעהלט איהר... אונ שמייכֿעלט! ער האָפֿט אויף נחת!... טהייל מאָל פֿאַלט איהם איין, אַז מען וואָלט געדאַרפֿט אָפּשר רופֿען אַ דאָקטאָר. ער טהוט עס דאָך נישט, אונ ברענגט עס נישט איבער די ליפּ, פֿאַר מורא, ער זאָלל זי נישט איבער שרעקען... זייט אַ קורצע צייט שרעקט זי זיך אַלץ אין איינעם. נאַכֿט אויף נאַכֿט שרעקט זי זיך. אַ קאַץ לאָזט זיך האָרען פֿון דאַך, אַ הונד גיט אַ בילל אין גאַסס... עמיץ קלאַפּט ערגיץ אין אַ טהיר, אַ ליאַרע שאָראָך,

שרעקט זי אויף, לאָזט אַרויס אַ געשריי און בלייבּט ליגען פערציטטערט, האַלבּ פער'חלש'ט... ברענג איהר א דאָקטאָר, פאַלט זי באמת, חס ושלום, אַריין אין אַ קרענק.

אָפּט מאַכט זיך דערפון אַ שמועס.

— וואָס איז דיר, מרים'לעב, וואָס פעהלט דיר?

— מיר, — אָנטפערט מרים מיט אַ בלאַססען שמייכעל אויף די ליפּען, -- מיר? אַז דו ביסט נור דאָ אין שטוב, איז מיר וואהל ווי די וועלט! מען זאָלל אונז נור קיין עין הרע נישט געבען!

זי ציטטערט פאַר איין עין הרע; מען האָט זי דען נישט מיט וואָס מקנא צו זיין! אַז זרח דרימטעלט איין שבת נאָכען עססען, געהט זי גאַנץ אָפט שטיללערהייט צו אונ בלאָזט אויפ'ן; עס איז זוממער, דאָס פענסטער איז אָפּען, אַ קשיא אויף אַ מעשה? עמיץ געהט דורך און וואַרפט אַריין איין עין הרע. עס דאַכט זיך איהר, אַז מען מוז זי מקנא זיין, אַז עס איז קיין שאַנערער, קיין בעשמעקטערער מענש אויף דער וועלט נישט דאָ! קרוין פוילען אויסצופאָהרען!

— ווער שמיעסט, טראַכט זי, ער זאָלל נאָך זיין אָבגעהיטען אין יענע זאַכען! אַבּיכל מעהר אָבגעהיטען!... נור, ווייטער דאָס אייגענע, ער איז דאָך, ווי די מוטטער זאָגט, אַ מאַנספערשוין, ער האָט גאַנצע תרי"ג מצות... איז דאָס ביי עס גאָר קיין יחוס נישט...

זרח מיינט, אז עס מוז איהר פאָרט עפּיס זיין, נור זי לייקענט שטיין אונ ביי'ן: „וואָלט ער נור אין דער היים געווען... שטאָנדיג אין דער היים"...

ער האָרט אונ שמייכעלט; די אָמת'ע כונה פון די רייד פערשטעהט ער עפּיס; אונ זי וועט קיינמאָל נישט פער'מסר'ן די מאַמען. ער וועט קיינמאָל נישט וויססען, וואָס זי ליידט, ווענן ער איז נישט דאָ...

צונד אָבער פאַלט צו שבת... צונד מאָג זרח געהען... זאָלל ער געהען דאַווענען... שבת האָט זי פאַר דער מוטטער קיין מורא נישט; שבת זאָגט זי קיין מוסר נישט... שבת איז „די מאַמע אַ וואָהלע מאַמע"!

— מרים לעב — מאַכט זי צונ'איהר, אַז זרח איז אַרויס געגאַנגען — היינט איז שבת, פוץ דיך אָב, טהו דיר אָן אַ קליידיל... אַז דיין מאַנן וועט נאָכן דאַווינען קוממען מיט די מלאכים אין שטוב אַריין, זאָלסט דו איהם אַקעגין לויפען מיט שמחה אויפ'ן פנים, מיט נחת אין די אויגען, מיט שלום ושלוה, מיט אַללעם גוטען, פאַר דעם וועסט דו זוכה זיין...

— ... אַ גראָבען קוש פון זרח'ן — ענדיגט מרים מיט אַ געלעכטער

דער מוטטער געפאָלט אפילו נישט דער אויספיהר, עס איז דאָך אָבער שבת

שבת-לעב, און זי וועט קיין בייז ווארט נישט רעדען. זי נעמט זיך צום דייטש חומש, טהוט אן א פאר גרויסע ברילען, און לייענט.

מרים הארט זיך איין. אפט הארט זי מיטן גאנץ הארץ. טהייל מעשות געפאלען איהר זעהר. זי צי לאכט זיך, אז עס קלינגט ווי א זילבערין גלאקיל, ווען דאס יונגעל אברהם, וואס האט צוהאקט דעם אלטען תרח'ס שטיינערנע גאטטער, זאגט דעם אלטען: אז דאס האט דער גראסטער פון זיי געהאפט דען האמער און צוהאקט אללע קליינע; דאס הארץ ציטערט איהר פאר שרעק, יצחק זאלל נישט דערקוקענען, אז דאס „מאהלצייט" דערלאנגט איהם יעקב, נישט עשו; טרעהרען קומען איהר אין די אויגען אריין, ווען יעקב טרעפט זיך מיט רחל'ן ביי דער ברוננע; לבן'ען איז זי א שונא אויפ'ן לעבען, פאר וואס ער האט יעקב'ן גענארט... ווען עמיץ למשל נארט אזוי אב זרחן... ברר! עס ווערט איהר קאלט אין אללע אברים. פאר דאס, שפעטער, אז יעקב קריעגט בידע: אי לאה'ן אי רחל'ן, ווערט זי רוהיגער; זי ווייסט דאך, אז עס איז געוועז פאר'ן חרם דרבינו גרשום...

היינט געהט די סדרה תרומה; מען ברענגט דאס און יענס צום משכן... דאס אינטערעסירט זי וויינוגער... זי איז מיעד און שלאפעריג.

דאס קאפיל צוויעגט זיך, די ברעמען פאללען צו, זי דרימעלט איין... א גוטער, חנ'ודיקער שמייכעל, בעוויזט זיך איהר אויפ'ן בלאססען פנים... עס הייבט זיך אן רייטלין... נור עס וועקט זי דער מוטטערס שטימע:

— מרים!

— וואס מאמעשי, איך האר...

— נישט דאס מיין איך...

— וואס דען, מאמעשי?

— לויט מיין רעכנונג איז היינט... פערשטייסט, טאכטערשי, איז היינט די צייט...

— נאך נישט מאמעשי!

— גיב נור גוט אכטונג, טאכטער!

מרים דרימעלט ווייטער איין; די זעלבע זילבערנע שיססעל מיט די זילבערנע לאפעל, און די מוטטער וועקט זי ווייטער.

ליידער איז שוין געוועזען „שוין"...

— א שאד! מאכט סעריל, א פארשטערטער שבת.

— זיבער נאך נישט?

— זי זיפצט אב און פערטיעפט צוריק זיך אין דייטש חומש... ווייטער נשיאים, שיסעל, לאפעל... מרים דרימעלט ווייטער איין, נור דאס פנים רייטעלט זיך נישט, קיין שמייכעל ציערט נישט די פיינע ליפען...

אין דער צייט האט זרח אבגעדאווינט, און האפט זיך שטיללערהייט ארויס פון בית

המדרש, עס זאָלל איהן קיינער נישט פערהאַלטען. ער לויפט איבער דער גאַסס...
אַז ער קומט צו דער טהיר, שטעלט ער זיך אָב. ער האָרט זיך איין, וואָס אין שטוב טהוט זיך ... די שוויגער לייענט... מרים זיצט אוודאי אונ האָרט, שטאַרק פערנוממען ווי געוואָהנליך. ער וויל זי איבעראַששען.
שטילל עפענט ער די טהיר... די שוויגער האָרט נישט, מרים שלאָפט.
מיט איין שפרונג איז ער ביי'ן איהר אונ ער קושט ביים „גוט שבת!" ...
— פושע באלהי ישראל! גיט סעריל אַ געשריי.
עס האָט לאַנג געדויערט, איידער מען האָט די פערציטטערטע מרים דערמונטערט.
עס איז געווען — אַ פערשטערטער שבת.



# אין חדר א־יין שקצים.



דאָס שטאָרטיל האָט זיך צולעגט אויף דעם שפוע פון אַ נישט הויך באַרגעל. אַז מען שטעהט ביים טייכעל, וואָס פליעסט איהם צופיסענס, זעהט מען אַללע הייזליך, איינס איבערם אַנדערע: אָט, דאָס איז דעם רב'ס הייזעל, נישט ווייט פון דער מקוה... דאָס איז די שוהל מיט'ן בית־המדרש אין איינעם, דאָס איז אַ שורה בעלי־בתישע הייזער: די אויסגעווייסטע געהערען צו רייכע, די שוואַרצליכע — צו די אָבגעקוממענע... אָט אָביונישע שטיבליך... דערנאָך ערשט בעווייזט זיך דאָס בית־עולם... כסדר — אַלץ. מען זעהט אַפילו די יאַטקעס אַרוים, וואו דער קצב הייבט די האַק איבער אַ ראָדעל פון ווייבערישע קאָפּ אונ שעלט לכבוד שבת!
באַרג־אָב לויפען צוויי בחורים; אין שינעטענע קאַפּאָטקעלעך, שיעך אונ זעקעלעך, די האָנד אַריינגעלאָזט אין די גאַרטלען, אויף די קאָפּ גלאַנצענדיגע היטאַלעך, געווים פון חלב! נישט פון חלב, פון וועלכען מען מאַכט ערשט ליכט, נור פון חלב, וואָס טריעפט פון הימיש־געצויגענע ליכטליך, וואָס ווערען גענוצט צו „וואַנד־אותיות".
אָפשר ווייסט איהר נישט, ווי אַזוי מען מאַכט וואַנד־אותיות? אין דער היים, אַז טאַטע־מאַמע זעננען נישט דאָ; אין חדר, ווען דער רבי איז דערטרונקען געוואָרען אין אַ פני־יהושע; אַמבעסטען אין בית־המדרש, אין אַ שאָנען העללען טאָג, ווען די בעלי־בתים שפּאַציערען אָדער עססען אָנבייסען — נעם אַ חלב'ען ליכטיל,

שרייבּ דערמיט עפּיס אָן אויף דער וואַנד, למשל „משנכנס אדר מרבים בשמחה", קאָנסט דו גע'כּתיב'עטע אותיות, איז נאָך בעססער, עס וועט אַרויס קוממען שאָנער, בולט'ער... דערנאָך נעם דאָס היטעל, שמיער עס איין אין ריעם (סאַדזע) פון אויבען, שמיער דערמיט איננערוואייניג אָן אין אַ וואַנד, איין מאָל און צוויי מאָל, דער־נאָך נעם דאָס איינגעשמיערטע היטעל אָן ביים דאַשעק און קלאַפּ אַפּאָר מאָל איבער די חלב'ענע אותיות. וועסט זעהן, וואָס עס וועט זיין... עס וועט אַרויסקוממען ווי געדרוקט!

און דאָס איז דער גאַנצער סוד פון די אָבגעריססענע דאַשקעס, צופּלוי־גענע היטלען! די מאַמעס ווייסען נישט דערפון. זיי מיינען, אַז די תורה איז דאָס שולדיג! רייסט זיך דיר אָב אַ קנאָפּיל פון אַ הויז, פערפלעקסט דו אַ שינעטענע קאַ־פּאָטע, אָדער, דו ברענגסט אַ היים אַ פּאָר אויסגעוויקטע שטיוועל — בין איך דיך נישט מקנא; אָבער אַז דאָס היטעל איז פערפּעצט, שמייכעלט די מאַמע!

„נעביך — טראַכט זי — אַלץ פון דער תורה. פון לערנען שוויצט איהם דאָס קאָפּיל! נעביך... פּונקט ווי דעם פאָטער'ס טלית פון דאַווענען... אַזאַ וואָרם און שוין אַזאַ שוויצען!"

היטעל־מאַכער האָבען אויך הנאה דערפון. אַ קינד מוז אויף יעדען יום טוב בעקוממען אַ ניי היטעלע, לכל הפּחות — אויף יעדען פּסח!

מיר האָבען זיך פערשמיעסט און אָן אונזערע צוויי בחורים פערגעססען!

עס זעננען געווים בחורים; יונגע־לייטליך לויפען נישט אַזוי. אַז מען טראָגט אַ מיהל־שטיין אויפען האַלז, לויפט זיך נישט; האָט מען קיין כּח נישט צו לויפען; אַז מען עסט אפילו קאָסט פּאַסט אויך נישט צו לויפען... האַלט מען זיך אַליין אין דער מעלה...

זיי לויפען אַראָב פון באַרג, ווערען ערגיץ פערלוירען אונטער אַ הייזעל, שווימ־מען באַלד צוריק אַרויס, קוקקען זיך אום, צו מען יאָגט זיי נישט נאָך... צוועלף איז דער זייגער, און דאָס זענען חדר יונגליך, 15 יאָהריגע חדר יונגליך; אודאי זיך אַרויס גע'גנב'עט פון רבי'ן... וואָס ערגער די צייט איז, לאָנגער לערנט מען ביי מלמדים! איידער מען קלויבט צונויף אַ נדן... אַ פאָטער צו אַ שווער... און ביז צו די תּנאים מוז מען דאָך לערנען אין אַ חדר!

זיי זעננען שוין ביי'ם טייך... ביידען הייבען פריהר, די לינקע, דערנאָך די רעכטע פוס, שליידערן ביי יעדען אויפהייבען אַ פוס אַראָב אַ שוך; פייל פון בויגען האָבען זיי נאָך אַראָבגעוואָרפען די קאַפּאָטקאַלעך, און זעצען זיך שוין אויפ'ן זאַנד, אויסצו־טהון די זאָקען.

— ווייסט, בעריל — פערהאַלט זיך איינער און זאָגט — איך פערשטעה פאָרט נישט דען רבינו תּם... באַשר, דער רבינו של עולם וויל נישט מבזה זיין זיינע

בעשאַפֿענישען אונ געבען זיי עולם־הבא אומזיסט . . . דעריבער וואָס? הייסט ער דעריבער, זיי זאָללען דען עולם־הבא פֿערדיענען . . . גוט, נור טאָמיר פֿערשטעהסט דו בושה? וואָס איז? איך נעם עפּיס ביי'ן אַ פֿרעמדען? צי איך נעם ביין אַ בשר ודם, וואָס עס ווערט איהם ווענינער? האַ? עס קאָסט איהן עפּ׳ס. דען רבונו של עולם? אַ בשר ודם, אַז ער האָט אפילו קורח'ס אוצרות, וויל ער בעהאַלטען אויף שפּעטער, פֿאַר קינ־דער, פֿערשטעהסט — לדורות . . .

אָבער פֿון דעסטוועגען — אָנטפֿערט דער צווייטער — איז פֿאָרט אַ גראָס־סערע מדרגה, אַז מען נעמט אפילו ביי'ם רבונו של עולם אויך נישט אומזיסט! נור שכר! . . .

— שטעהט דאָך אָבער — שלא על מנת לקבל שכר . . .

— דאָס איז ווייטער עפּיס אַנדערש . . .

זיי האָבען זיך אַזוי פֿערשמיעסט, אונ פֿערגעססען, נאָך וואָס זיי זענען געקומ־מען. זיי האָבען אַלץ נאָך די זעקלעך נישט אויפֿגעבונדען. זיצענדיג אין זאַנד, פֿער־קנייטשען זיי די שטערען אין הייסען וכוח. ביי יעדער שטאַרקערער תנועה, צופֿליהען זיך די ציצית פֿון די טליתים־קטנים, אניט — קריכען זיי אַרום אין זאַנד.

— נו, איז רעכט — שכר, אָבער עונש? פֿאַר וואָס נאָך — עונש?

— דער עונש איז טאַקי דאַרויף, מען זאָל בעססער ווערען, תשובה טהון... מפשפש במעשיו זיין . . .

— גוט . . . האַ תינח, אויף דער וועלט; אָבער אויף יענער וועלט, וואָס פֿאַר אַ טעם האָט דאָרט דער עונש?

— זאָגט טאַקי דער רבינו תם, אַז דאָרטען איז שוין דער עונש איין אַנדערער; דאָרט רייניגט מען אָב די טומאה, וואָס האָט זיך אָנגעקלעבט אָן די נשמות . . . לְמָרֵק . . . הייסט עס, וואָרען אַ חטא איז אַ פֿלעק . . . וואַשט מען טאַקי . . . מטהר איז מען . . .

— יאָ! אָבער . . .

נאָך עמיץ לאָזט זיך אַראָב פֿון באַרג.

עס איז אַ דאַרע, הויכע יודענע; אַ דיקקע שאַל איבערן קאָפּף . . . אַ בעזען אין האַנד . . . די אויגען איהרע ברענגען, דער אָטהעם איז היים . . .

— שקצים! — שרייט זי אין איין כעס, — אין שאָגעם העללען טאָג באָדען! אַ כפּרה, זייגער צוועלף באָדען!

— פֿאַר דעם וועל איך צאָהלען מלמד געלד! שרייט זי אונ וואַרפֿט איבערן קאָפּף מיטן בעזעם.

די פֿילאָזאָפֿען אָבער זעהען נישט אונ הערען נישט . . .

— עס איז דאָך פֿאָרט אַרחמנות אויף דער נשמה . . . זי האָט טאַקי געזינ־דיגט, נור, ווי זאָגט די גמרא, וואָס רש"י ברענגט, אין אדם חוטא אלא אם כן

נכנסה בו רוח שטות... נור אַ משוגע'נער טהוט איין עברה... אויסער אַ שוגג..

— און, אַז דער יצר־הרע איז אַ תקיף?

— בין איך דאָך ערשט איין אמת'ער אונם!

— טאַקי? און דברי הרב ודברי התלמיד ...האַ? און היינט, וואו איז אַ מומר להכעים?

— זעהסט דו, אַ מומר להכעים, איז טאַקי נישט צום פערשטעהן! נעם אַ האַק און שפּאַלט דיר אַליין דען קאָפּף...

— איך וועלל אייך ביידע די קאָפּ שפּאַלטען, שקצים, עכברו'שים! — דונערט שוין נאָהענט דער יודענים קול.

— די מאַמע! די מאַמע! שרייען די פילאָזופען, חאַפּען אין די האַנד אַריין דאָס אָוועק־געוואָרפענע אָנטהון און ענטלויפען צוריק.

באַרג אויף לויפט זיך שווערער... די מוטטער סאַפּיט און לויפט נאָך מיטן בעזעם שרייענדיג אַלץ אין איינעם:

— אין חדר אריין, שקצים!

# ר' בָּעריל.

ר' בעריל איז מסוכן; ר' בער'ל איז שטאַרק, שטאַרק שלאַף! ר' בער'ל גוס'עט! מען דאַרף, נעביך, רחמים... אַ כּשער'ער יוד, אַ כּשר'ה נשמה, אַזאַ פרומע!

אַזוי האָט מען געקרעכצט אין ראָדעל אין גאַס.

— ווער איז דער ר' בער'ל? פראָג איך.

— ווי הייסט? איהר קענט נישט ר' בערלען! ר' בערלען קענט איהר נישט?

מען האָט מיך אָנגעקוקט ווי אַ ווילדען מענש; גלייך איך וואָלט געקוממען פון אונטער די הרי חשך.

— רבותים, — האָב איך מיך פּעראָנטוועדט, — איך בין דאָך נישט קיין היעגער, ווי לאַנג בין איך דענן דאָ?

— פונדעסטוועגען! ווער קענן עס נישט אַזאַ יוד, אַזאַ יוד! אַ קינד פון דער וויעג דאַרף קענען ר' בער'לען! ער איז איין אמת'ר יוד, ווען אַללע יודען זאָללן אַזוי זיין, וואָלט שוין לאַנג משיח געקוממען!

מהיכא תיתי, טראַכט איך מיר, זאָללען אַללע יודען גוט אונ פֿרום זיין אונ זאָלל משיח קוממען!

איך שטויס מיך, אַז ר׳ בערעלע איז אַודאי אַ יוד אַ למדן, אַ בעל צדקה, דערצו נאָך אַ פֿ ר ו מ ע ר יוד.

איך דערמאַן מיך, אַז איך האָב ווירקליך אַ מאָל געזעהן אַ ספר פֿון אַ ציאַח־נאָווקער מחבר!

— דאָס האָט ער עס געמאַכט אויף טהרות? פֿראָג איך.

דער עולם ציהט מיט די פּלייצעס: ר׳ בערעלע, זאָגט מען, האָט קיין ספרים נישט געשריבען, ער איז אפילו נישט קיין גרויסער למדן, אַזוי דאָרט... אַ פּרק משניות, אַ שטיקעל עין־יעקב אונ דאָס אויך — קוים, קוים!

האַ, טראַכט איך מיר, אַז נישט קיין מופלג — איז ער גלאַט געוועזען אַ בעל צדקה! דאָס שטאָדט׳ל האָט אַ שוהל, אַ בית המדרש, אַ שטיקעל „אורחים הויז", וואָס דיענט אין איין וועגס פֿאַר אַ הקדש... עס איז דאָ אַ מקוה... אונ איך פֿראָג: וועלכעס פֿון זיי האָט ר׳ בער׳ל געבויט?

דער עולם אָבער מיינט איך מאַך חוזק; ר׳ בערעלע האָט נישט געבויט: נישט קיין בית המדרש, נישט קיין מקוה, נישט קיין „אורחים הויז"...

— ער איז געוועזען, — זאָגט מען מיר — בּ ט ב ע גאָר אַ קאַרגער! נישט אוים־גערעדט זאָלל עס זיין, ער האָט אָהן פּראָצענט קיין יוד קיין דרייער נישט געבאָרגט... עס זאָלל איהם נישט זיין צו גנאַי, ער האָט אפילו קיינמאָל קיין פלעט אויף שבת נישט אַהיים גענוממען... ערב יום כפור, אַז ער פֿלעגט אַ מאָל יאָ אַריינוואַרפֿען אין „דער קערה" אַ האַרטען דרייער, האָט איהם אויך, נישט צו זינ־דיגען מיט די רייד, די האַנד געציטערט...

— אַ וואונדערליכע זאַך, — בעמערקט איינער —, אַללע פֿרומע יודען, אַללע אמת׳ע יודען זעננען קאַרג! פֿון וואַנען נעמט זיך, אַז געלד גיבען נור די דייטשען? אַללע צדקה־חברות, אַללע כשר׳ע הלואות מאַכען דייטשען. אונ די אמת־פֿרומע לייט האַלטען זיך גאָר פֿון דערווייטען. למשל ר׳ בער׳ל, נישט אויסגערעדט זאָלל עס זיין, ער איז דאָך אַ נהרג על פּחות משוה פּרוטה...

דער עולם קלאָרט תירוצים אונ איך געה צו׳ן איין אַנדער ראָדעל.

— וועה צו די יאָהר! — קלאָגט מען, — ר׳ בערעלע, ר׳ בערעלע! אין גאַנצען זיבציג יאָהר! עס איז נעביך זעהר ביטער, זעהר ביטער!

— האַ, — טראַכט איך מיר, — שוין דאָס צווייטע ראָדעל, עס מוז דאָך עפּיס זיין! איינער קרעכצט:

— וועה איז מיר, אַזא מיוחס!

איז ער גישט, טראַכט איך מיר, עפּיס איין איינ׳קעל, האָט ער נישט זכות אבות?

— עה, — רופט זיך דערוויל אָן דער צווייטער, — וואָס פאַר אַ מיוחס! דער טאַטע זיינער איז געוועזען אַ שענקער; פון אָבות אבותיו איז ער קיין מיוחס נישט, מילא פון ווייבס צד...

— פון ווייבס צד ווייסט מען...

— נור גלאַט — יחוס עצמו! אַ קליינינקייט ר' בערעלע! פהי!

— פהי! פהי! מאַכט דער צווייטער. פהי, פהי, פהי! — דער דריטער:

— יודען, בעט איך מיך, זאָגט מיר פאַרט ווער ר' בערעלע איז!

מען האָט מיך ווייטער אָנגעקוקט ווי אַ ווילדען מענש.

איך געה אַזוי דורך דעם גאַנצען מאַרק, ווי פיעל עס שטעהען ראָדלעך, אַזוי פיעל מאָל האָר איך אַלץ קרעכצען: ר' בערעלע, ר' בערעלע. קיין איינציג וואָרט פון געשאָפט, גאַנץ ציאַחנאָווקע לעבט, זעהט אויס, פון גרייטען, שניידט קופאָנעס, האָט גאָר נישט וואָס צו זאָרגען.

איך זעה, ווי אַ וואַסער־טראָגער פערליערט פלוצלינג, אין מיטען גאַס, צוויי קאַנגען וואַסער, די קלעפקים פון די געשפרענגטע קאַננען שווימען אַוועק! גאָר נישט געוואוסט האָט ער נעביך; מען האָט איהם ראַפּטים געזאָגט, אַז ר' בערל שטאַרבט! אַ יודענע האָט, דורך דער א״גענער סבה, אָנגעהייבען: שרייען געוואַלד, אונ געוואַלד! עס שטיקט זי, עס איז איהר נישט גוט, עס עקט זיך איהר לעבען! באַלד רינגעלט זי אַרום אַ חברה ווייבער, אין שאַללען, אין ציעפקים, מיט טיכלעך אויף די קאָפּ, טהייל בלויז אין האָהרבאָנדער, איינע די אַנדערע וויל איבער־שרייען... אויס קנאה, ווערט, אַ יללה, אַ געפילדער.

— יודען, בני רחמנים, — שרייט אַללע איבער אַ פיסטעל פון אַ גבאי'טע, — יודען בני רחמנים, וואָס שווייגט איהר? לאָז מען עפים טהון, לאָז מען ראַטיווען! מיר ווייבער וואָלטען יאָ געטהון, נור וואָס קאָנען ווייבער טהון? שוואַכע נשמות, פינסטערע נפשות!...

די גאַנצע גאַס ווערט פולל מיט געוויין.

עס מוז דאָך עפים זיין, טראַכט איך. עס פאַללט מיר איין, אַז ר' בערל איז על כל פנים דער גרויסער עהרליכער מאַנן. „עסקת באמונה" איז אַ גרויסע זאַך, אָפשר האָט ער גאָר משיב געוועזען אַ גרויסע אבדה.

— האָרט נור, ר' קרוב, פרעג איך איינעם, מיט וואָס האַנדעלט ר' בער'ל?

— ר' בער'ל, — ציהט ער מיט די אַקסעל, — האָט קיינמאָל נישט געהאַנדעלט; כל זמן דאָס ווייב האָט געלעבט האָט זי געהאַט אַ שענק, אַ פראָסטע שענק... מען האָט אפילו גערעדט אויף דער שענק... פערשטעהט איהר, אַ יודענע, איהר דאגה, זעהסט דו, וואָס עס טהוט זיך דאָרט אינ'ם פינסטערן חדר... עס איז געוועזען גאָר אַ מאוסע שענק... עס האָט נישט איין מאָל דעם עולם פערדראָסען... אז

מען האָט אָבער געזעהען, אַז ר' בערל שווייגט, האָט מען אויך געשוויגען.

עס בלייבט נישט מעהר נור אַ פּראָסטער „ירא שמים" ! אויפ'ן אָרט פון תורה — תעניתים; אויפ'ן אָרט פון עהרליך־האַנדלען — כונה מיט — זייט מיר מוחל — נאָך עפּים...

ווייס איך, אַ־כשל־ברך", אַ חלש, אַ „בעל־בכיה"... און נאָך אַזוינע יודישע מעלות...

איך קלער נאָך פון „גלגול שלג": אַ קשיא אויף אַ מעשה, ווענינ שניי פערהאַנן? אַזוי טראַכטענדיג, געה איך צוריק אויף דער סטאַנציע, אויסצופראַגען די הימישע לייט.

מיין סטאַנציע איז געוועזען, ווי געוועהנליך אין אַזא שטאָדטעל, די צווייטע שטוב אַ שענק. נור היינט האָט אַלץ דינג אַנדערס אויסגעזעהן! די שענק־שטוב איז לעדיג: דער בעל הבית איז נישטאָ; געלאָפען, דאַכט זיך צופּוס, צו ר' בערעלעס רבי'ן, דערצאָהלען איהם ווי עס האַלט; „דער רבי, זאָלל לעבען, ווייסט אַודאי אַלליין, נור דער דרך אֶרץ איז, מען זאָלל איהם מודיע זיין. די בעלהבית'טע איז געלאָפען אויפ'ן הייליגען אָרט; די שנור רייסט איין די שול; דער איידאַם פיהרט דאָס ראָדעל ביי'ם תהלים־זאָגען אין בית המדרש... ביי דער שענק שטעהט אַ צו־שויבערט דינסט־מאָדעל, מיט וועלכען איך האָב מורא צו רעדען. עס איז דאָך ציאַ־חנאָווקע!... איך געה גלייך אין מיין שטוב אַריין, זעטץ מיך שרייבען בריעף.

איך דערהאָר: ר' בערעלע! און אייל מיך צו דער טהיר: אין שענק־שטוב שטעהען שוין צוויי יודען. איינער אַרומגעבורען מיט אַ שטריק, אַ סימן פון אַ טראָ־גער; דער צווייטער מיט אַ גרויסער רויטער נאָז, אַ סימן מובהק פון אַ „חברה נושאים מאַנן".

— האָרכט דו, ברודער, — מאַכט דער חברה נושאים מאַנן, — שלעכט איז זעהר, נור סיי ווי סיי, אַ קאָפּ מוז מען מאַכען! ר' בערעלע — ער זאָלל נור אויף מיינע האָנד נישט קוממען, מאַריך ימים זאָלל ער זיין, — האָט אויך ליעב אַ קאָפּ, אָבער גאָר שטאַרק! ווען איך האָב אַ שענק וואָלט איך מיך אַנדערש געפיהרט, ביי מיר האָט אַ ווייב קיין דעה נישט... נור ר' בערעלע, נעביך... דאָס מרשעת פלעגט איהם אַוועקיאָגען ווי אַ קאַץ פון דער מילך! אַ שטילער יוד, נעביך... נישט געוואָלט זיך קריעגען... פאַר דאָס אין שטיבעל — [illegible] תקון, אַ יאָהר־צייט, פלעגט ער שוין אָבדאַוונען דער ערשטער, די ערשטע ברכה מאַכען.

— או־ווא, או־ווא! מאַכט דער טראָגער.

מען האָט זיי אָנגעגאָסען בראָנפען.

— דרייסיג יאָהר האָב איך מיט איהם צוזאממען געדאַווענט, — מאַכט דער

חברה נושאים מאַנן מיט גאוה.

— טאַקי אַ זכיה! אָנטפערט דער טראָגער.

— לחיים!

— לחיים טובים ולשלום! ר׳ בערעלען צו אַ רפואה שלמה! וואָס שאַדט עס, גאָטט, ברוך הוא, לאָז ער נאָך עטליכע יאָהר דאַ דאַוונען.

— קיין גרויסער דאַוונער, רופט זיך אָן דער חברה נושאים מאַנן, איז ער קיינמאָל נישט געוועזען; ער איז נאָך פון די ערשטע קאָצקער!

---

געשלאָפען אַ גאַנצע נאַכט בין איך נ י ש ט. עס איז געוועזען סכנות נפשות אין שטאָדטיל. אַללע מאָל האָבען מיך אויפגעוועקט אַנדערע קולות. אין מיטען דער נאַכט האָב איך דערהאָרט ווי מיין בעל הבית, ר׳ יונה איז געקומען. ער האָט געבראַכט פון רבין אַ ידיעה, אַז מען דאַרף רחמים! און, קריכענדיג מיט די שטיוועל אין בעט אַריין, אָנגעזאָגט דעם עולם, מען זאָלל איהם אַללע מאָל וועקען און זאָגען וואָס עס האָרט זיך.

און אַללע פערטעל שעה כמעט האָט מען אַ זעץ געטהון אין לאָדען:

— יונה, האָרסט? ר׳ בערעלע, קיין עין הרע ניט, שוויצט! ר׳ בערעלע ניסט, ר׳ בערעלע דאָס, ר׳ בערעלע — יענס! ... פאַר טאָג איז אין לאָדען אַריין ווי אַרונער; די שויבען האָבען געפּלאַצט, עטליכע שטיקלעך גלאָז זעננען צו מיר אין בעט אַריין. דאָס האָט מען געראָפען ר׳ יונה׳ן צו יציאת נשמה. אַצונד איז ערשט געוואָרען אַ געוויין, דאָס גאַנצע שטאָדטיל איז ווי איינגעזונקען געוואָרען אין אַים פון טרהערן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך שווימם מיט׳ן בעטל אַרום אין אַ מבול. עס האָט מיך געשווידערט; אַללע מיינע טוידטע קרובים האָבען זיך מיר אויפגעוועקט אין זכרון, און איך האָב מיטגעוויינט מיט ציאַכנאָוועקע.

אויפ׳ן טאָג ערשט, איז שטיל געוואָרען, איך בין איינגעשלאָפען און האָב מיך אויפגעהאַפט ערשט פאַר נאַכט צו דער לויה...

מען האָט געטראָגען די מטה אין שוהל אַריין; דער רב איז אַרויף אויפ׳ן בעללעמער... דער רב נעביך פאַראיקעט זיך... שפּייט... שטעלט זיך, מיט דער גאַנצער וועלט צוגלייך, אויפ׳ן פסוק: בכו בכה להולך. צוויי זייגער שעה נאָך איינאַנד קוועטשט ער די אַלטע אויגען מיט׳ן אַלטען פסוק; צווי זייגער שעה האָב איך מיך געלאָזט פרעססען און דריקען, און האָב דאָך אויבער ר׳ בערעל׳ן קיין וואָרט נישט געהאָרט.

צוריקגעהענדיג פון דער לויה, פראָג איך מיין בעל הבית, אויב ר׳ בעריל איז אַיין עושר געוועזען.

— אַ זעכציג טויזענדער! אָנטפערט ער בקיצור.

— אַלץ פֿון דער שענק? פֿרעג איך פֿאַרוואונדערט.

— היד ה' תקצר? זאָגט ר' יונה.

— האָרט נור, פֿרעג איך ווייטער, האָט ער עפּיס אָבגעזאָגט אויף עולמות?

דערווייל רוקט זיך צו א יונגערמאַנן מיט א פּנים פֿון א בן תורה, און חאַפּט אָן מיין בעל הבית ביי'ם לאַץ.

— האָרסט, יונה, עס וועט זיין אַ שאָנער דין תורה... א שורא דדיינא...

— וואָס איז? פֿרעגט ר' יונה.

— האָרסט דאָך, ר' בעריל, זכרונו לברכה, האָט פֿערזאָגט אַ תמיכה זיין שוועסטער דער אַלמנה. געזאָגט האָט ער כהאי לישנא: מען זאָלל איהר געבען זעכציג רובעל אַ יאָהר — פֿינף רובעל אַ חודש...

— איך בין דאָך געווע'ן דערביי, אָנטפֿערט אָנגעדולדיג ר' יונה, וואָס איז דער דין תורה?

— שוטה! און „ואדר"?

---

# דער נייער ניגון.

מען האָט געגעבען אַ בלאָז, דער עולם האָט אָנגעהויבען רעש'ן: „לשנה הבא בירושלים"! ווייסע חברה האָט זיך שוין צוגעחאַפּט צו'ם וואַקס פֿונ'ם שלחן, ביים עמוד אין שוין געשטאַנען אַ וואָכענדיגער חזן, מען האָט גערדאַווענט שוין דען וואָכעדיגען מעריב מיט'ן וואָכעדיגען ניגון.

פֿייל פֿון בויגען האָט זיך גערדאַווענט, פֿייל פֿון בויגען אָבגעלעגט קיטעל און טלית און אָנגעהויבען אָנטוהן די שטיוועל — ווער האָט צייט?

קיינער האָט קיין צייט נישט געהאַט צו בעמערקען דען בלאַססען יונגעני מאַנן, וואָס האָט גערדרעהט זיך אַרום עולם און נאָכגעשלעפּט אַ שוואַך און נאָך אַ בלאַססער קינד. דאָס דריטע מאָל געהט ער שוין אַרום די שטאָדט; קיינער זעהט איהן נישט. דער ליגט אונטער אַ באַנק און זוכט אַ שטיוועל, יענער איז פֿערנוממען, מען האָט איהם אַ קאַלאָש פֿערטוישט, אַ היטעל פֿאַר־שמירט מיט חלב און — אַללע זענען הונגעריג...

אומזיסט קוקט ער יעדען אין פּנים, ער קאָנן קיינעם׳ס בליק נים חאַפּען.

— טאַטע קום שוין אַ היים! בעט זיך דאָס קינד.

— נאָך איינמאָל וועלען מיר אַרומגעהן, האָט ער געאָנטפערט, איך וויל נאָך דורכגעהן פאַר׳ן פעטער...

דערווייל אָבער האָט זיך דער עולם אַ ריהר געטהון. דער לעצטער קדיש, דער לעצטער „אמן״!

דער עולם יאָגט און שלעפּט מיט דען יונגענמאַנן מיט׳ן קינד.

אויפ׳ן שוהל־הויף שטעללען זיך די מאַננער מקדש זיין די לבנה. די ווייבער ציהען זיך אין ביידע זייטען פון שוהל־גאַס, ווי צוויי ווייסע שנירען.

אַהיים געהענדיג, האָט מען צייט אויסצורעכענען, וויפיעל ווייבער עס האָ׳ען גע׳חלש׳ט, וויפיעל שיער־נישט גע׳חלש׳ט; צו רעדען אַ ביסעל מכח דען חזן, וואָס איז היינט געוועזען הייזריג מעהר ווי אַללע יאָהר.

ביי יעדען הויז געזעגענען זיך צוויי דריי און פערשווינדען... בשעת ווען אויפ׳ן שוהל־הויף שטעהט נאָך דער גרויסער עולם און טאַנצט געגען דער לבנה. צווישען עולם דרעהט זיך ווייטער אַרום דער בלאַססער יונגערמאַנן מיט׳ן בלאַססען קינד. דער עולם הייבט אָן ווערען קלענער און זיין פּנים — פינסטערער; אָבגעזאָגט, דער לעצטער פערשווינדט ערגיץ אין אַ ליק. דער יונגערמאַנן שטעהט נאָך:

— קי־נער... נו מילא, מוז מען זיך בעגעהן... איך וועלל נישט בעטלען אויפ׳ן נייעם יאָהר; באַלד מוצאי יום־כפּור... האָבען זיינע ליפּפען געציטטערט.

דאָס קינד האָט געמיינט, אַז ער איז מקדש די לבנה.

— גענוג שוין, טאַטע! האָט ער איהן געשלעפּט ביי דער פאָללע, קום שוין אַהיים! — זיין קול איז געוועזען אָנגעזאָפּט מיט טרערען.

— נאַריש קינד, וואָס יאָגסט דו דיך אַהיים?

— עססען! איך בין הונגעריג.

— פשיטא! אַוודאי ביזט דו הונגעריג... שוטה איינער! מאי קא משמע לן? וואָס דערצעהלסט דו מיר, אַז דו ביזט הונגעריג... אַ נישט, וואָס וואָלט איך געמיינט, אַז דו פאַסט אָב אַ יום־כפּור און דו ביזט נישט הונגעריג?

— קום שוין אַהיים, האָט זיך ווייטער געבעטען דאָס קינד.

— האָר, דוד׳ל, אין דערהיים איז אויך נישט דאָ וואָס צו עסען...

— חאָטש אַ שטיקעל ברויט!

— קיין ברעקיל ברויט!

דאָס קינד איז געבליבען שטעהן דערשראָקען

— דוד'ל, מאַכט צו איהם דער פאָטער, דו ווייסט וואָס היינט איז געוועזען?
— דאָס קינד שווייגט און חליפעט שטילל.
— היינט, דוד'ל, איז געוועזן יום־כפור... יום הקדוש, ווייסט וואָס דאָס איז טייטש?
— יאָ, האָט קוים דאָס קינד געשאָקעלט מיט'ן קאָפּף.
— נו, זאָג דוד'ל, וואָס האָבען מיר געטהון?
— געדאַוועגט, וויינט דאָס קינד.
— גוט! און השם יתברך וואָס האָט געטהון?
— מוחל געוועזען, האָט קוים דאָס קינד אַרויסגעחליפעט.
— ווייסט דו וואָס, דוד'ל, אַז גאָטט, ברוך הוא, האָט מוחל געוועזען אונזערע זינד, דאַרפען מיר, דאַכט זיך, זיין פריילך! וואָס?

דאָס קינד אָנטווערט נישט.

— דו געדענקסט, דוד'ל, פאַר־יאָהר, ווען די מאַמע האָט נאָך געלעבט, האָבען מיר געזונגען, נאָך דער וועטשערע אַ נייעם נגון, געדענקסט דען נגון?
— ניין!
— איך וועל דיך דערמאַנען, נור העלף מיר אונטער!

און דער יונגער־מאַנן האָט אָנגעהויבען זינגען מיט אַ הייזעריג שוואַכע שטיממע אַ נגון; נישט קיין סיני, נישט קיין וואָלאָך, נור עפּיס אַ גריילכען נגון, וואָס האָט געשניטען אין האַרץ.

דאָס קינד האָט וויינענדיג צו געהאָלפען.



# עֶלֶענְד.



סענדער האָט געהאַט זעקס ווייבער און ווילל דאָס זיבענטע!

דאָס ערשטע ווייב זיינס געדענקט ער קוים. זיין פאָטער, עליו השלום, ר' פתחיה, האָט איהם אַ מאָל אַ היים געבראַכט אַ זייגער'ל, דערנאָך האָט מען איהם אָנגעטהון אַ פוטער מיט אַ שטריימעל, דערנאָך האָט ער געגעססען אַ גאָלדענע יאָך... ער קאָן זיך ניט דערמאַנען, ווי דאָס ווייבעל האָט אויסגעזעהען; ער געדענקט אַ קלייד מיט אַ זילבערנעם פּאַס, אַ שטערנטיכעל, אַ פּאָר אוירינגליך, קיין פּנים נישט; זי האָט דאָך געמוזט האָבען אַ פּנים!

פאַר דאָס געדענקט ער, אַז, פאַר דער חתונה, אַ חדש, העכסטענס צוויי, אין

ער געוואָרען בר מצוה. דעמעלט האָט דער פאָטער, אַ בעלזער חסיד, גענומען ביי איהם פאַר'ן גאַנצען עולם האַנד־תקיעת־כף, אַז ער וועט זיך ניט אויסלערנען קיין פרעמדע מנהגים ביים שוועהר אין הויז, ניט געהן אין שווערם דרך, ניט ווערען קיין קאָצקער, קיין מאָל ניט עובר זיין זמן קריאת שמע, און יאָהר ביי יאָהר עולה רגל זיין קיין בעלז.

דער שטאָדטישער רב, אויך אַ בעלזער, האָט איהם געגעבען אַ קניפף אין בעקעל פאַר דער דרשה. דערביי האָט ער איהם געזאָגט, אַז תורה אַליין איז ניט מציל מדינו של גיהנום, אַ והא ראיה דער גאון, ער איז דאָך געווען אַ למדן מופלג, טאַקי אַ גאון, און איז היינט פאָרט אין אַ קליינע מדרגה... ער זיצט אין פּדער־הויז פון גן עדן איבער אַ ש״ס־גמרא און לערנט, און דאָס האַרץ טהוט איהם ווי זעהענדיג, ווי פּראָסטע מענשען, וואָס קעננען קוים עברי, שפּרינגען איבער'ן אַריבער גלייך אין גן עדן אַריין; וואָרען באמת, זאָגט ער, דער עקר איז כונה און אמונה... אמונה, זאָגט ער, אין זיין ליעבען נאָמען, און נאָך מעהר—אמונה אין דעם יוד, וואָס...

וואָס... געדענקט ער שוין נישט, נור עס איז אויסגעקוממען, אַז עס איז שוין גלייבער צו עסען טרפות ונבלות איידער צו פאָהרען קיין קאָצק. גלייבער צו זיין אַ כלב, איין אפּקורס, איידער דעם בעלזער און גאָטט ברוך הוא להכעים, טאָג אויף טאָג עובר צו זיין זמן קריאת שמע, און אַזוי ווייטער...

און באַלד נאָך דער חתונה האָט זיך אָנגעהויבען דאָס גיהנום!.. ער איז שיער נישט געשטאָרבען פאַר הונגער, ער פלעגט אָבדאַווענען אַכט אין דער פריה און עסען גייט מען צוויי ביי נאַכט, ווען ער איז שוין געלעגען און שנאָרכט ערגיץ אויף אַ באַנק...

ער האָט אָנגעהויבען גנבינען עססען, אויסטרינקען, מיט דער הילף פון אַ שטרוי, די מילך, אַרויס חאַפּען פלייש פון טאָפּ; גנבינען געלד און קויפען עססען. דער שוועהר האָט אָנגעהויבען פּאַציען, די שוויגער — צו שאָקלען איבער איהם מיט אַ קאָציובע, מיט'ן בעזעם, מיט וואָס זי האָט געקריעגען אין דער האַנד אַריין, ביז ער האָט זיך איין מאָל מישב געוועהן און איז ביי נאַכט ענטלאָפען...

מען האָט איהן געהאַפּט:

— דו שייגאַץ, שרייט דער שוועהר, אַ ווייב געהט צו קינד ענטלויפט מען!.

ער האָט זיך קוים געגלייבט! סטייטש?

צום דריטען טאָג איז דאָס ווייבעל, נעביך געשטאָרבען, אין קינפּיט. עס האָט איהם שטאַרק וויי געטהון; דאָך איידער ער האָט צייט געהאַט זיך אויס צו־וויינען, האָט איהם דער שווער אַראָב געהאַפּט דעם ספּאָדעק, אוים געטוהן דאָס

זייגערעל, אָב געצויגען די יופיצע און געגעבּ'ן אַ מאַלעץ אַרוים, אַז ער האָט אויך די ציין געקליבּען.

ער געדענקט שוין ניט אפילו ווי אַזוי ער איז אַהיים געקומען. בּעהילפיג זיינען איהם געווען בּעלזער חסידים. דערנאָך איז ער אַלט געווען 14 יאָהר. געזעסען איז ער שוין בּיז 16. אין די צוויי יאָהר האָט דער פאָטער פערלאָזט אַללע געשעפטען (ער איז געווען אַ תּבואה מעקלער) און אַלץ געהאַט דין־תּורות מיט ן מחותּן. געלעבּט האָט מען פון דער מאַמעס שטעל. דער פאָטער האָט זיך געריכט פינ'ם „קאָצקער חזיר" אַללע האָהר אויס צו רייסען! און האָט אַללע מאָל געגומען אויף הוצאות, אויף אַנדערע טוענים, אַנדערע רבּנים, פלעגט שטענדיג אַהיים צו קוממען מלא כּעס, און אַרייוואַרפען סענדער'ן 14 פּעטש:

אַזא נבלה ווי דו — לאָזט זיך אַרויסוואַרפען! אַז די מאַמע האָט זיך אָנגענומען, איז געוואָר'ן ערשט חשך. סענדער האָט גאָט געדאַנקט, אַז ער איז נאָך אַ מאָל געשטאַנען אונטער דער חופּה. איידער מען האָט געבּרענגט די כּלה, האָט ער מיט'ן גאַנצען הארץ מתפּלל געווען, דער שדוך זאָלל שוין עולה יפה זיין. געוואוסט האָט ער, אַז דער נייער מחותּן איז שוין אַ בּעלזער, אַז ער וועט שוין ניט דאַרפען גנבינען און האַפּען פון די טעפּ. נור, „רבּונו של עולם", זאָלל זי ניט שטאַרבּען אין קינבעט! זאָלל זי שוין בּעססער זיין איין עקרה.

ער ווייסט, אַז ווען ניט וואָס יענע איז געשטאָרבּען, וואָלט ער פאָרט אויס געהאַלטען די צוויי יאָהר קאָסט, דערנאָך וואָלט געווען קאָסט בּיים טאַטען, אַללע מכּות וואָלטען זיך אויס געהיילט... ער וואָלט ניט אַ היים געפאָהרען נאַקיט און בּלויז, ווינטער אין גרעסטען פראָסט...

אַז ער האָט זיך דערמאַנט אין דער קעלט, האָט ער אונטער דער חופּה אָנגעהויבּען אינערליך שטאַרק צו וויינען. ער האָט ניט געהאָרט, ווי מען האָט איהן בּעוואָרפען מיט שניי, געשטאָכען מיט שפּילקעס, ווי די כּלי־זמר האָבּען געשפּיעלט, ווי מען האָט מיט דער כּלה אַרום איהם זיבּען ראָדליך געמאַכט, ווי דער חזן האָט געזונגען... און, אַז מען האָט איהם מקרא געווען דען „הרי את", האָט ער אין הארץ אויס געשריגען:

— רבּונו של עולם בּעססער, איין עקרה!

און ער האָט עס געבּעטען אין אַ בּייזער שעה!

געווען איז זי אפילו, דערציילט ער, אַ חנעוודיק ווייבּעל, אַ גאָר־נישט־קשה־דיג ווייבּעל, אַ בּריה, אַ גוטע... זי איז איהם געקראָכען אונטער די נאָגיל. און אַ לוסטיגע יודענע, קיין שמוזיגער, נישט קיין, ווי רופט מען עס, נישט קיין משמאי, גאָר פערקעהרט! אַ לאַך, אַ שטיפּ בּיי דער וויעטשערע — דעם שוואַר

האָט עס אפילו אַ מאָל געזאָגט.

— נאָר איך, דער ציילט ער, איך האָב באמת שטאַרק הנאה געהאַט דערפון. טאַקי, עס איז לעבעדיגער געוואָרען אין שטיב! איהר ווייסט נישט, אַ גוט ווייב איז פריילין און מאַכט פריילין, נור וואָס קומט אַרויס — איין עקרה! און אפשר וואָלט איך מיך מיט איהר פאַרט נישט גע'גט; אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַז מע'קניפּט זיך צו עמיצען צו, איז שווער זיך אָב צו רייסען, און צו געקניפּט בין איך געווען. אמת, נישט צו איהר. זעהסט דו, אַ יודענע איז אַ יודענע, נור צו דער שמחה, צו דעם שמייכעלע, פון וועלכען עס פלעגט מיר וואַרעם ווערען אין אַללע איברים... אָבער ערשטענס האָט מיך די מאַמע בעשיטט מיט ביטערע בריף, זי וויל איין אייניקיל! צום שלימזל בין איך געווען אַ בן יחיד; די מאַמע, עליה השלום, האָט קיין אַנדערע אייניקליך נישט געקאָנט האָבען! עס איז איהר ממש געגאַנגען אין לעבען. יעדער בריף איז אויסגעווייקט מיט טרערען, דער טאַטע האָט פאַר כעס גאָר אויפגעהערט צו שרייבען; ער האָט מיך גאָר פאַר מסר'ת פאַר'ן רבי'ן... דער אמת איז, אַז זי אַליין איז אויך אַביסעל שולדיג געווען... אין דער לעצטער צייט איז זי גאָר אַנ־דערש געוואָרען, פערלוירען די שמחה, עפּעס די אויגען האָבען איהר אָנגעהויבען רויט צו ווערען, און וואָס זי האָט מיך אָנגעקוקט, האָט זי אַרויס געלאָזט אַ בעטש... זי האָט, אַ פּנים, מורא געהאַט פאַר אַ גט!

געוואָהנט האָבען מיר צוזאַממען מיט'ן שווער, דער נדן איז נאָך געווען אײַנגעלייגט, דער שווער האָט מורא געהאַט אַרויס צוגעבען דאָס שלישית; איך האָב איהם נישט וואָס פאַראיבעל צו האָבען: אָהן קינדער רייסט זיך עס ווי אַ פאָדעם... געלעבט האָט מען פון פּראָצענט. געזעסען צוזאַממען אין איין שטיב; עס איז אפילו נישט מעגליך געווען אַ וואָרט צו רעדען... און זי האָט מיך נור אָנגעקוקט און געקאַפּיט מיט טרערען. עס איז אויף איהר, רחמנא לצלן, איין איבער קערעניש גע־קוממען... אַ העלפט איז פון איהר, רחמנא לצלן, געבליבען, און די געבליבענע העלפט איז, זאָלל גאָטט שומר ומציל זיין, גריען און געעל און אײַנגעשרימפּען... פין דעסטוועגען האָב איך געהאַט שטאַרק רחמנות, שטאַרק רחמנות... עס האָט מיך געשניטען ביים האַרץ...

טרערען קוממען איהם אין די אַלטע אויגען אַריין.

„נור וואָס האָב איך געזאָלט טהון! דער רבי האָט גוזר געווען, דער שווער איז בעשטאַנגען (אמת, ער האָט דעם גאַנצען נדן צוגענוממען), דער טאַטי איז גע־קוממען... מען האָט מיך אָב געגט".

„איך בין שוין דעמעלט געווען קרוב לשלשים, אַ זיבען, אַכט און צוואַנציג יאָהר, און בין צוריק געפאָהרען צום טאַטען..."

דער מסחר דערוייל איז געפֿאַלען, קיין געלד איז נישט געווען, און אונזער סענדער ווערט אַ מלמד.

אַ מלמד קאָן נישט זיין אָהן אַ רבי'צען.

6 יאָהר איז ער געווען מלמד, און 3 ווייבער האָט ער געהאַט אין די זעקס יאָהר: איינע האָט איהן געגט, צווייטע האָט ער געגט; איינע איז גליאַט געווען רחמנא לצלן אַ שלימזאַלניצע, ער האָט זיך אין גאַנצען גענאַרט: מען האָט איהם איינגערעדט, אַז זי איז איין אַלמנה, צום סוף איז זי געווען דאָס פֿיערטע מאָל אַ גרושה, ער איז געווען איהר פֿינפֿטער מאַנן, אַ קלייניקייט! מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט איין קינד, געברענגט האָט זי פֿינף! נאָך אַ מערכה וואָס די רעשט האָט זיך ביי איהר ניט געהאַלטען, וואָרען געהאַט האָט זי מיט יעדען מאַן דריי און אָפשר פֿיער. —

און „עס איז זי שווער געוועהן, דערציילט ער, צו גט'ן! אַזא שלימזול, אַזא מחוסר דעה, אַז עס איז כמעט ניט מעגליך געוועהן, ניט מיט איהר צו לעבען, ניט צו געבען איהר אַ גט.

„וואָס קלעהרט איהר, איך בין גוט אַריין אין דער בלאָטע! אַ יודענע, דאַכט זיך, וואָס איז דער חלוק? וואָס איז? עולם הזה דאַרף איך? באמת, אַ מלמד, ווער האָט צייט דערצו? נור אַ גולם, רחמנא לצלן! מען מוז מיט איהר קאָמאַנדירען: שטעה אויף, שטעהט זי אויף, טהו דיך אָהן — פֿאָלגט זי; לייג אָן אַ פֿייער, קאָך דאָס און דאָס... איז זי אַלץ מקיים, נור אַליין — גאָר ניט. אַז איך האָב פֿערגעסען איהר צו זאָגען וואָס צו טהון, האָט זי זיך אַליין קיין מאָל ניט דערמאָנט! וואָס קלעהרט איהר? איך האָב דורך איהר דאָס מעמד פֿערלוירען. איך האָב געמוזט געהן אויפֿ'ן מאַרג, קויפֿען עססען, אָנטהון די קינדער; ניט מיינע, פֿרעמדע קינדער! איך האָב נאָך אַזא גולם ניט געזעהן! זי האָט גאָר קיין נשמה ניט געהאַט, רחמנא לצלן, אַז מען האָט זי געדאַרפֿט דערמאָנען צו עססען! אַ רוח אין פֿייטעל שדכנ'ס טאַטינס טאַטען אַריין! דאָס האָט ער מיר די מציאה אָנגעהאָנגען. באשר — זי האָט געהאַט 250 רו"כ פֿון די מאַנען וואָס האָבען זי געג'ט, יעדערער האָט זיך ממש אויס געטוהן ביז צום העמד! און וויטער דאָס אייגענע, דאָס געלד איז געלעגען איינגע־לייגט ביי אַ פֿעטער און ער האָט קוים געגעבען דרייצען פּראָצענט.

איך האָב געמיינט — עס איז מיין עק. רעד צו איהר, אָנטפֿערט זי ניט; זי ווייסט גאָר ניט וואָס מען רעדט צו איהר! און אַ טבע האָט זי געהאַט אַז זי האָט ניט געקענט ליידען איהר אייגענע קינדער. וואָס איינס איז צו איהר צו געגאַנגען, אַ טראַך, אַ זעץ, אַ קניפּ. די קולות זענען געגאַנגען עד לב השמים... איך האָב איהר אַ מאָל פֿאַר כעס געוואָרפֿען אַ לייכטער. עס טהוט מיר עד היום באַנג. באמת, וואָס איז זי שולדיג געווען? רחמנא לצלן, עס האָט עפּיס געמוזט זיין

אַ קרענק אַזוינע, מען איז מיט איהר אוים געפאָהרען צו אַללע רב'יים, און קיינער האָט איהר ניט געקאָנט העלפען".

און סענדער האָט דאָס פערשטאַנען על פי דרך הטבע: אַ דאָקטאָר, להבדיל, קאָן אוים היילען אַ קראַנקען פוס, אָבער אַז עס איז גאָר קיין פוס ניט דא? לאָמט מען טאַקי ביז אין טויט אַריין. אַ רבי, להבדיל, היילט אַ קראַנקע נשמה, אבער גאָטט זאָלל היטען, אַז מען האָט איהר, כביכול, פערגעסען אַריין צו בלאָזען די נשמה, קאָן קיין גוטער יוד ניט העלפען, בלייבט מען אַ חיה, אַ בהמה ביז אין טויט אַריין.

„און איידער איך בין איהרע פטור געוואָרען! אַ סך רבנים האָבען זי גאָר ניט געוואָלט צו לאָזען צו'ן אַ גט. באשר — זי האָט ניט קיין שכל צו וואָלען אַ גט. האָרסט אַ מעשה, זי זאָלל האָבען שכל, וואָלט זי זיך דאָך נאָך געאָלטערט מיט'ן ערשטען מאַן! און אַז איך האָב שוין יאָ אַזא רב געקריגען, וואָס האָט בעשטאַנען, האָט געדויערט פון פסח ביז סוכות, איידער מען האָט זי אוים געלערענט, וואָס זי זאָלל זאָגען.

און זי וואָלט באמת ניט געקענט, ווען ניט די רבי'צען, דעם רב'ס ווייב. אַזא ווייב אַ חכמה, איז טאַקי אַ קרוין פאַר'ן מאַן. אַ מחיה, זי איז געפאַלען אויפ'ן שכל, האָט זיך איהר געשטעלט קעגען איבער, געשאָקעלט מיט'ן קלוגען קאָפּף אויף יאָ, איז געוועזען יאָ"!

פאַר דאָס האָבען איהן שוין אָב געגעט די אַנדערע צוויי: איינער איז ניט געפאָלען זיין קאָלטאָניוואַטע באָרד; זי האָט, זאָגט זי, פיינד אַ קאָלטון.

„און וואָס זאָלל איך טוהן, אַז איך האָב אַ קאָלטון? איך ווייז איהר ווי איך לייג יעדער אַרויסגעפאַלענע האָהר אין דער גמרא אַריין, איך גיב איהר צו פערשטעהן, אַז אַ באָרד איז אַ דבר שבקדושה; אַז יודען שוואָרען ביי דער באָרד ווי בנקיטת חפץ; זי זאָגט אָבער, אַז מיין באָרד נידזוט זי, אַז זי קאָן ניט עססען, אַז זי גיט צוריק יעדען ביסען!

— נו וואָס טוהט מען מיט אַ באָרד? פרעג איך זי.

— שלאָג דיר, שרייט זי, מיט איהר קאָפּף אין דער וואַנד, אָדער גט מיך!

און איך האָב מיך איינגעשפּאַרט: באין אופן! עס איז מיר אין איהר ניט געגאַנגען... עס איז מיר פשוט נמאס ומאוס געוואָרען דאָס גט'ן מיט'ן חתונה האָבען. ווער האָט צייט און קאָפּף דער צו? איידער איך האָב געקריגען תלמידים, איידער וואָס, גיי ווייטער גט זיך, האָב חתונה און פערליער אויפ'ס נייעם דאָס מלמדות! און צום שלי'מזל איז אין שטאָדטיל געוועהן אַ טייך אָהן אַ נאָמען, מוז מען זיך פאָהרען גט'ן, אַ שאָן עסק! און די בעלי בתים זוכען נור אַ תירוץ אָב צו רייסען פון מלמדות. זי וויל אָבער אַ גט! איך

שריי: געוואַלד, וואַרט מיר אַ יאָהר, אַ זמן, — זי וויל ניט הערען און געדענקען, אַ גט און אַ גט!

איך האָב מיך מישב געווען און דער ארורה ניט געאָנטפערט; איך זיץ און לערן... שטעלט זי זיך איבער די תלמידים און שרייט: אַ גט! אַ גט! הייבט גאָר אָן צו וואַרפען אין ד'רערד די אַנדערט-האַלבען טעלער!

מיין מערכה איז נאָך געווען, וואָס זי האָט זיך גע'מאוסט צו מיר צו צו-געהן, אַ זונסט וואָלט זי מיר נישט איינמאָל די באָרד אויס געריסען! עס איז געווען אַ ווילדע חיה, אַ קצב'ס אַ טאָכטער, איין אלמנה נאָך אַ שניידער! פערשטעהט איהר דען יחוס!

איך האָב קוים געפועלט ביי די בעלי-בתים, זיי זאָלען מיך לאָזען קנעלען אין בית המדרש, קומט זי אין בית המדרש אַריין און שרייט אין מקום קדוש: אַ גט! אַ גט! טהו עפּיס!

זי לאָזט שבת אין שטיבעל ניט אויס נעמען!

די צווייטע וואָך האָב איך שוין געקנעלט ביי די בעלי בתים אין דער היים, עס איז געבליבען — אַ וואָך אום אַ וואָך. די בעלי בתים האבען שוין אויף מיר רחמנות געהאַט, פון שטיבעל האָט מען זי שוין אַ פּאָר מאָל אַרויס געוואָרפען. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז זי האָט זיך מישב געווען און אויפגעהערט צו קאָכען, צו וואַשען גרעט, אויס צו קעהרען די שטוב און צו געהן טהרה... וואָס קלעהרט איהר, זי האָט מיך דערדליבעט, איך האָב איהר געמוזט געבען גט!

די צווייטע, וואָס האָט מיך געגט, איז עפּיס געווען גאָר אַ נייע מאָדע שלימזל. איך האָב שוין אַ גליק צו ווייבער, רחמנא לצלן, אַללע בלאָטעס ציעהען זיך צו מיר! מענשען האָבען מזל צו אַלעם, אפילו צו ווייבער. ביי לייטען איז דאָ ווייבער ווי גאָלד! נור איך געביך! וואָס זאָלל איך אייך זאָגען, דאָס איז געווען אַזוינס, וואָס די וועלט פערמאָגט עס ניט. און אַלץ פייטעל שרכן! די ערד זאָלל איהם אַרויס וואַרפען, עס איז נאָך אַזא פושע ישראל ניט געווען! און ער — גאָר נישט, דער פושע ישראל!... וואָס בין איך, זאָגט ער, שולדיג? איך זעה אַ ווייביל רעד איך איהר אַ שדוך! איך ווייס, וואָס ביי איהר אין הארץ איז? פון וואַנן זאָלל איך וויסען אַז זי וועט נאַראָווען? מ י ר געפאָלט דיין באָרד! און ער האָט מיך ווייטער אַריין געפיהרט אין אַ צרה. וואָס פרעגט איהר, ער האָט מיר געגעבען אַ שטומע! רחמנא לצלן, ממש אַ שטומע. די ערשטע פּאָר טאָג האָב איך מיך מחיה געווען; באמת אַ יודענע אָהן לשון, אויף אַללע צדיקים געזאָגט, פאַר וואָס ניט, כצפיחת בדבש! אַ ווייב האָסט דו און קיין איינציגע קללה, אַ קלייניקייט! זי איז אָבער אויך געווען פון געמיינעם שטייגער, פון בעלי מלאכות, און איך בין איהר אויך ניט געפאָלען; איהר האָרט אַ מעשה! נוא נוא! הייבט זי אָן איבער מיר צו

בלאָזען שופר, אַזא קול האָט זי געהאַט — זי האָט זיך אויס געריסען דען האַלז! וואָס איהר איז ניט געפֿאַלען, ווייס איך ניט עד היום, נור זי האָט געבלאָזען שופר, געדראַפּיט, געקאָפּיט, געפּאַטשט, ביז זי האָט מיך אָב געגט!...

עס איז ניט געווען אַזוי געשווינד ווי מען זאָגט; זי האָט איין מאָל פֿאַר כּעס געקריגען דאָס חולי נופל אין מיט'ן שטוב, יאָ יאָ!

איינע נור איז מיר געשטאָרבען. דער אייגענער קעלבאַסניק פֿייטעל פֿערקויפֿט מיר אַ צוקראָכֿען מלבוש—אַ סוחאָטניצע! אפילו אַ ניש'קשה'דיג פֿון אַ ווייבעל, ד'לעבען... נור געשפּיגען האָט זי מיט בלוט און דאַר געווען... ווייס איך...

זי האָט, נעבּיך, ניט געהאַט קיין פּרעטענסיע. אַ פּשוט ערליך ווייבעל, איין אמת'ע אשה צנועה, ווי אַ ווייב דאַרף צו זיין, נור די קרענק האָט זי נעבעך אויפֿגעגעסען; ווי איך זאָג אייך: אַ צוקראָכֿען מלבוש! זי איז אפילו ניט מעוברת געוואָרען און איז איינגעשלאָפֿען ווי אַ הוהן. איך האָב געמיינט איך פֿערגיי פֿאַר צרות! וואָס דאָס האָט מיך אָב געקאָסט, — אַ הון! און וואָס? גאָר ניט! כּמעט גאָר ניט! איך האָב שוין אַזא מזל! זי איז געווען אַ גברא קטילא, און באַלד אין דער שבעה, — פֿייטעל איז דאָ! דער שׂטן, ימח שמו!

— איך האָב געוואוסט, זאָגט ער. איך האָב געטראַכֿט, זאָגט ער, קיין ווייב וועט ער ניט האָבען, נור ירושה, זאָגט ער, וועט ער נעמען... אַצונד וועסט דו ערשט חתונה האָבען ווי אַ מענש.

— 50 טאָהלער איז קיין קליינ'יקייט! וואָס דען, זאָגט ער, האָסט דו געמיינט? אַ שיין ווייבעל, 50 טאָהלער, אָהן קינדער, און אָהן אַ פֿעהלער? הע, פֿאַר וואָס קומט דיר דאָס? באשר, — האָסט שאָן געדרשענט?

אין האַרץ האָב איך איהן געשאָלטען, נור ע"פּ שׂכל האָב איך פֿערשטאַנען, אַז ער איז גערעכֿט; איך בין פֿערנאַרט געווען אין דעם מענש! איך בין געווען מלמד און ער וואָלט מיך ווייטער געפֿיהרט אין חדר אַריין!

ווי דער אמת איז, בין איך שוין, האָט אַ פּנים, פֿאַר צרות אַזוי דערשלאָגען געווען, אַז איך בין ממש אָהן שׂכל געבליבען. און פֿייטעל האָט מיר ווייטער געדולט מיין קאָפּף מיט אַ ירושה, מיט אַ זיכֿערע ירושה, און שוין הונדערט טאָהלער... ער וואָלט מיך זיכֿער איבער געדרייבערט, ער האָט שוין אַזא כּח געהאַט יעדען איבער צו דרייבער'ן, נור די מערכה איז געווען, אַז ער אַליין איז געשטאָרבען.

פֿון דעסטוועגען, זאָגט סענדער, איך בין דאָך אַ יוד איין אַכֿציגער, פֿון דעסטוועגען, ווען עס טרעפֿט זיך מיר אַ גוטער שדוך, וואָלט איך נאָך אַ מאָל געפּרוּווט חתונה האָבען! היינט איז אָבער אַלץ אין דרערד! עס איז קיין רעכֿטע יודענע און קיין רעכֿטער שדכֿן ניט דאָ... איהר מיינט, יונגע לייט, אַז איין אַלטען מאַן איז

גוט צו זיין אַליין, גאָר גאָר אַליין, ווי אַ, ווי אַ וויאַ־סט למשל אין מיטען וועג?... גייט שוין גייט... אונ אָהן אַ קינד! איך ווינש עס קיין יודען ניט, קיין שונא אפילו אויך ניט...

אונ דער גרייז גראָהער קאַלטמאַן האָט אָנגעהויבען ציטער'ן אונ די ברוינע־בלאָהע ליפען האָבען געציטערט, די ברילען זענען פערגאַנגען אונ ער האָט אַוועק געמאַכט מיט דער האַנד, ווי איינער רעדט: פערפאַלען! —

# אַ כַּעס פוּן אַיוּדֶענֶע.

דאָס קליינע שטיבעל איז פערחושכט ווי אין איהם דער דלות, אויף וועלכען עס ווייזען אַללע פיער וואַנד... אינ'ם אָבגעריססענעם סופית שטעקט אַ האַקקען — אַ יתום נאָך אַ געוועזענעם הענגעל־לייכטער. דער גרויסער, אָבגעשייל־טער אויבען איז „אַרומגעגאַרטעלט ביי די לענדען" מיט אַ גראָבען זאַק, שטעהט איבערגעבויגען אין אַ זייט, אונ קוקט אַריבער צו זיין פינסטערן שכן — צו'ם ליידיגען שוואַרצען קוימען, אויף וועלכען עס ליעגט איין איבערגעדרייטער טאָפּף מיט איין אָנגעברענטע ראַנד, אונ אין אַ זייט, איין „עליו־השלום", אַ צערבראָכע־נער לאָפיל. דער בלעכענער גבור האָט געהאַט איין ערליכען טויט: ער איז געפאַללען אין דער מלחמה מיט אויסגעדאַרטער, איינגעשפּאַרטער, נאַכט־גער קאַשע!

דאָס שטיבעל איז איבערגעפּולט מיט כלים; עס שטעהט אַ הימעל־בעט, פערהאָנגען מיט צוריססענע פאָרהאָנגליך... דורך די לאָכער קוקט אַרוים דאָס בעטגעוואַנד, אָהן ציכליך, מיט רויטע פערפעדערטע אויגען. עס שטעהט אַ וויגעל, פון וועלכען עס שיינט אַרוים אַ גרוים געלבליך קאָפּעל פון אַ שלאָפענדיג קינד...; עס שטעהט אַ קאַסטען, בעשלאָגען מיט בלעך, מיט איין אָפענעם הענגעל־שלאָסס, — עס מוז שוין דאָרט קיין גרוים עשירות נישט זיין, — עס שטעהט נאָך אַ טיש מיט דריי באָנקלעך; דאָס הילצערנע מעבעל איז אַמאָל רויט געפּאַרבט געוועזען, היינט איז טונקעל ברודיג... רעכענט נאָך צו: אַ שאַף, אַ פאָמיעס־שאַף, אַ פאַסס וואַססער, אַ קאָציובע מיט אַ לאָפּאַטע, וועט איהר פערשטעהן, אַז מען קאָן שוין, אין שטיבעל פון ד' על ד', קיין שפּילקע נישט אַריין וואַרפען...

און דאָך זעננען דאָ: איין ער און אַ זי.

זי — אַ יודענע אין די מיטעלע יאָהרען — זיצט אויפ'ן קאַסטען, וואָס פילט אויס דעם אָרט צווישען הימעל־בעט און דער וויגע.

זי האָט אין דער רעכטער האַנד דאָס איינציגע, קליינע, פערגרינטע פענסטער; לינקס — דעם טיש. זי אַרבייט אַ זאָק, שאָקעלט צו דאָס וויגעל מיט'ן פוס און הערט זיך איין, ווי ער לערנט ביים טיש. און ער לערנט מיט אַ זינגענדיג־וואָלאַביש־וויינענדיג קול. ער לערענט און בעוועגט זיך אומרוהיג, אָבגעריססען און נערוואָז. טהייל וואָרטער שלינגט ער, טהייל ציהט ער, טהייל חאַפּט ער, טהייל היפּערט ער איבער; טהייל אַקצענטירט ער און דריקט אויס מיט ליעבשאַפט, טהייל שיטט ער גלייכגילטיג אַרויס, ווי אַרבּס פון אַ זאַק; דערביי רוהט ער נישט אַ רגע: דאָ חאַפּט ער אַרויס פון קעשענע איין אַמאָל רויט און גאַנץ געוועזענע פאַטשיילע, ווישט זיך די נאָז, דעם שוויים פון פּנים און שטערן, באַלד לאָזט ער זי אַראָב אויף דער שויס און חאַפּט זיך קרייזלען די פּאות, צופּען דאָס שפּיציגע, אָרטערווייס קוים גראָהליכע, באָרדיל ... אָט, בעהאַלט ער איין אויס־געצופּטע האָר אין ספר אַריין און הייבט זיך אָן פּאַטשען אויף דער קניע, די האַנד דערפיהלען דערווייל די פאַטשיילע, חאַפּען זי און וואַרפען אַ שפּיץ אין מויל אַריין; ער בייסט, וואַרפט איבער איין פוס אויפ'ן צווייטען און טוישט אַללע מינוט די פיס.

ביי דער גאַנצער צייט קנייטש זיך איהם זיין בלאַססער שטערן אין דער לאַנג און אין דער ברייט, עס קנייטשט זיך אויס איין קמץ איבער דער נאָז. די לאַנגע ברעמען ווערען, אונטער דער איבערגעלייגטער הויט פון שטערן, כמעט פערלוירען. דערווייל גיט איהם — דאַכט זיך — עפּיס אַ שטאָך אין דער ברוסט; חאַפּט ער און דערלאַנגט זיך מיט דער רעכטער האַנד אויף דער לינקער זייט איין „על־חטא"... ראַפּטום פערלייגט ער דעם קאָפּף לינקס, דריקט צו מיט אַ פינגער די לינקע זייט נאָז, מאַכט מיט דער רעכטער זייט אַ קינסטליכע פאָנטאַננע, וואַרפט איבער דעם קאָפּף רעכטס, די פאָנטאַננע שפּריצט פון דער לינקער זייט נאָז!... אין מיט'ן חאַפּט ער אַ שמעק־טאַבאַק, צוהוידערט זיך בעססער, דאָס קול קלינגט, דאָס באָנקעל קנאַקט, עס רודערט דער טיש!

דאָס קינד וועקט זיך נישט; עס איז געוואָהנט צו דער מוזיק.

און זי, דאָס יונגערהייט איינגעשרומפּענע ווייב, זיצט און שעפּט נחת פון מאַנן. זי לאָזט פון איהם קיין אויג נישט אַראָב; איהר אויער פערליערט קיין איינציגען טאָן פון זיין מויל... אַמאָל זיפצט זי: ער זאָלל אַזוי — טראַכט זי — טויגען צו דער וועלט ווי צו יענער, וואָלט איהר דאָ אויך וואהל און ליכטיג געוועזען... דאָ אויך...

— „מאַ! — טרייסט זי זיך — ווער שמועסט פון אַ כבוד! נישט יעדער איז זוכה צוביידע טישען".

זי הערט זיך איין... איהר איינגעשרומפּען פנים אָנדערט זיך, דאָס אויך וואָס אַמאָל; זי איז אויך נערוואָז:

ערשט איז דערויף אויסגעגאָססען געוועזען אַ ווילדע הנאה; אַזוי פיעל נחת האָט זי פון זיין תּורה געשעפּט... דערמאָנט זי זיך, אַז היינט איז דאָך שוין דאָננערשטיג, אַז עס איז דאָך קיין דריטער אויף שבת נישט דאָ, און דאָס גן־עדן ליכט אויפ'ן פנים, ווערט וואָס אַמאָל טונקלער און טונקלער, ביז דער שמייכעל פערשווינדט פון גאַנצען פנים... דערנאָך וואַרפט זי אַ בליק דורכ'ן פערגרינטען פענסטער, קוקט אויף דער זונן — עס מוז שוין זיין שפּעט און עס איז נאָך אין שטוב קיין לאָפּיל וואַרעם־וואַססער נישט דאָ, — און די שפּיזליך בלייבען איהר שטעהן אין דער האַנד, אַ טונקעלער שאָטטען האָט שוין דאָס פנים בעדעקט. זי וואַרפט איין אויג אויפ'ן קינד: עס שלאָפט שוין אומרוהיג, עס וועט זיך באַלד אויפכאַפּען, עס איז פאַר'ן קראַנקען קינד קיין טראָפּען מילך נישט דאָ — און פון שאָטטען איז שוין אַ וואָלקען געוואָרען, די שפּיזלעך הייבען אָן אין דער האַנד צו ציטטערען צו וואַרפען זיך...

און אַז זי דערמאַנט זיך נאָך, אַז, אויסער דעם, געהט צו פסח... אַז די אויערינגליך מיט די בענש־לייכטער זעננען פערזעצט, דער קאָסטען — לעער, דער הענגעל־לייכטער — פערקויפט, — הייבען אָן די שפּיזלעך גאַר מאָרדעריש צו טאַנצען, דער וואָלקען אויפ'ן פנים ווערט טונקעל־בלאָה, אָנגעלאָדען... אין די קליינע, גראָהע אויגען, וואָס מען זעהט קוים אַרוים פון אונטערן טיכעל אויפ'ן קאָפּף, בעווייזען זיך — בליצען!

ע ר — זיצט דאָך אַליין און לערענט; ער בעמערקט נישט, אַז עס מאַכט זיך אַ געוויטטער, אַז עס ווערט אַללע מאָל געפאָהרליכער... אַז זי לאָזט אַרוים דען זאַק מיט די שפּיזליך פון דער האַנד און הייבט אָן קנאַקען די אויסגעדאַרטע פינגער, אַז זי קנייטשט איין דען שטערן פאַר ווייטאָג, איין אויג ווערט צוגעמאַכט, און דאָס צווייט קוקט אויף איהן, מעסער־שפּיציג אויפ'ן מאַנן, דען למדן, אַז עס וואָלט איהם, ווען ער זאָלל עס זעהן, קיהל געוואָרען אין אַללע איברים; דאָך ער זעהט נישט, ווי איהרע בלאָהע ליפּפען ציטטערן, ווי די גאָמבע ציטטערט, ווי עס קלאַפּט איהר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן... ווי זי האַלט זיך איין מיט אַללע כּוחות, נישט אויס צו ברעכען... ווי דער דאָננער רייסט זיך און רייסט, און עס דאַרף נור אַ קלייניגקייט, ער זאָל אַרוים פון מויל.

דאָס קליינינקייט האָט זיך געטראָפּפען:

ער לערנט און זאָגט: „שמע מיניה — — — תלת..." און טיישט זיך אויס

בנעימות: „איז דאָך פון דאַננען געדרונ־גען...״ ער וויל זאָגען: דריי — נור דאָס וואָרט „געדרונגען״ איז שוין גענוג געוועזען... אין דעם וואָרט האָט זיך אָנגעחאַפּט דאָס פערביטטערטע האַרץ, דאָס איז געוועזען דער פונק צום פולווער!

איהר שטאַרקער ווילען פּלאַצט. דאָס אומגליקליכע וואָרט האָט געעפענט אללע פערהאַמערטע טויערען, אויפגעהאַקט אַללע ריגגעלן... אויסער זיך איז זי צוגעשפּרונגען צום מאַנן מיט פיאַנע אין מויל, מיט נאָגעל אין פנים אריין.

— געדרונגען, זאָגסט דו, געדרונגען? איי, אַ דרינגעניש זאָלל אויף דיר קוממען, רבונו של עולם! — האָט זי אויסגעשריען פון אַ הייזעריג קול פאַר כעס — אַ דרינ־געניש, רבונו של עולם! יאָ! יאָ! האָט זי וויטער מיט אַ שלאַנגען־קול געסיטשעט: פאַר פסח... דאָננערשטיג... ס׳קינד קראַנק... קיין טראָפּפּען מילך! האַ!

עס פערפעהלט איהר אָטהעם, די איינגעפאַללענע ברוסט שלאָגט פאַליעס, פון די אויגען יאָגען בליצען.

ער בלייבט ווי פערשטיינערט. בלייך איז ער אויפגעשפּרונגען פון באַנ־קעל, אָהן אָטהעם פאַר שרעק, און האָט זיך הינטער וויליבטס גערוקט צו דער טהיר.

זיי שטעהען איינס געגען אַנדערען און קוקען זיך אָן: ער מיט גלאָזערנע אויגען פאַר שרעק, זי — מיט ברעננענדיגע — פאַר כעס... ער בעמערקט דאָך באַלד, אַז זי האָט פאַר כעס קיין שליטה נישט, נישט איבער דער צונג, נישט איבער די האַנד, די אויגען ווערען איהם אַללע מאָל קלענער; ער חאַפּט איין עק פאַטשיילע אין מויל אריין, רוקט זיך נאָך אַביסעל אָב, אָטהמעט טיעפער אָב און מורמעלט:

— האָר, דו, אשה... ווייסט דו, וואָס איז? בטול תורה, נישט... לאָזען דען מאַנן לערנען, האַ? אַלץ פרנסה, האַ?! און ווער גיט דעם פייגעלע! אַלץ נישט גלויבען אין גאָטט! אַלץ יצר־הרע, אַלץ נור די וועלט... נאַרישע אשה... מרשעת! נישט לאָ ען לערנען אַ מאַנן... דערפאַר קומט גיהנם...״

אַז זי אָנפערט נישט, ווערט ער שטאַרקער ביי זיך! איהר פנים ווערט בלייבער און בלייבער, זי ציטטערט אַללע מאָל מעהר, און וואָס מעהר זי ציטטערט און ווערט בלייבער — פעסטער און ראַשער ווערט זיין קול:

— „גיהנם! פייער! הענגען אויף דער צונג! אַרבע מיתות בית־דין!״

זי שווייגט, דאָס פנים איהרס איז שוין ווי אַ קרייד,

ער פיהלט, אַז ער טהוט נישט גלייך, אַז ער דאַרף זי נישט אַזוי קראַנקען, אַז ער רעדט נישט ערליך; נור איינהאַלטען קאָנן ער זיך שוין נישט. אַללע שלעכטע

וואס ער האט ביז אהער אין זיך געהאט, שיטטען זיך איהם ארויס, ער קאנן זיי נישט איינהאלטען.

—„ווייסט וואס טייטש?—געהט זיין קול איבער ווי אין א בייזען דונגער: סקילה—דאס הייסט: ווארפען אין גרוב אריין אונ פערשיטטען מיט שטיינער! שרפה — פיהרט ער וויטער אונ וואונדערט זיך אליין אויף זיין העזה — שרפה, דאס הייסט: אריינגיסען אין די געדארם א לאפיל היים־קאכענדיג־זידענדיג בליי! הרג איז בסיף... דאס הייסט: מען האקט אב דעם קאפף מיט א שווערד... אט אזוי! אונ ער מאכט א בעוועגונג מיט דער האנד ארום האלז. הייגט — חנק... ווארגען... הארסט — ווארגען! פערשטעהסט — בטול תורה! אלץ פאר בטול תורה!

דאס הארץ טהוט איהם שוין וועה פאר רחמנות אויף זיין קרבן, נור עס איז איהם דאס ערשטע מאל, ער זאלל אזוי גובר זיין... עס פער׳שכור׳ט איהן! אזא נארישע יודענע! ער האט ביז אהער גאר נישט געוואוסט, אז מען קאנן זי אזוי איבערשרעקען.

— אט דאס איז בטול תורה! שרייט ער ענדליך אויס. ער האקט דאך אב, זי קאנן דאך צו זיך קוממען אונ חאפען א בעזים! ער שפרינגט צוריק צו צום טיש, פערמאכט די גמרא אונ לויפט ארוס...

— „אין בית המדרש אריין געה איך!“ שרייט ער איהר צו, שוין מיט א וויבערער שטיממע אונ פערמאכט נאך זיך די טהיר.

דאס געשריי מיט׳ן קלאפ פון דער טהיר, האט אויפגעוועקט דאס קראנקליכע קינד. עס הייבט לאנגזאם אויף די שווערע ברעמען, דאס וואקסען־געל פנים פערקרימט זיך, אונ עס הייבט אן צו פייפען אונטער׳ן געשוואללענעם נאזעל. נור זי שטעהט אלץ אויף איהר ארט, אויסער זיך, ווי פערשטיינערט אונ הארט נישט דעם קינדס קול.

— הא! רייסט זיך איהר ענדליך א הייזעריג קול פון דער פערענגטער ברוסט ארוים — אזוי — נישט די וועלט. נישט יענע וועלט... הענגען — זאגט ער — גוער — זאגט ער — הייסע סמאלע — בליי — זאגט ער! בטול תורה!

— גאר נישט... מיר גאר נישט... העשעט איהר אין צוריססענעם הארץ: דא הונגער... אהן א קלייד... אהן בענש־לייכטער... אלץ נישט... דאס קינד הונגעריג... קיין טראפען מילך... אונ דארט — הענגען... הענגען אויף דער צונג... בטול תורה — זאגט ער.—

— הענגען... חא! חא! חא! — רייסט זיך ראפטום אוים איהר פערצווייפעלט קול... הענגען, יא, נור דא! דא — באלד! אלץ איינס! נאך וואס ווארטען? דאס קינד הייבט אן האבער צו וויינען, נור זי הארט אלץ נישט.

— אַ שטריק! אַ שטריק! שרייט זי אויסער זיך, און זוכט מיט פערבלאָנזעטע אויגען אַ שטריק אין אַללע ווינקעלעך.

אַ שטריק וואו נעמט מען! זאָלל ער שוין מיין געביין דאָ נישט טרעפפען! לאָז מיך חאָטש דאָס גיהנם פטור ווערען! זאָלל ער וויססען! זאָלל ער זיין אַ מאַמע! זאָלל ער! אַ כפרה בין איך! איין מלאך המות! איין עק! איין עק זאָלל זיין! אַ שטריק!

און דאָס לעצטע וואָרט רייסט זיך איהר פון האַלז אַרויס ווי אַ רוף אויף הילף ביי'ן אַ שרפה.

זי דערמאַנט זיך, אַז עס ליגט ערגיץ אַ שטריק... יאָ, אונטערן אויבען... מען האָט געזאָלט אויפ'ן ווינטער דען אויבען איבער=בינדען, ער מוז נאָך דאָרט ליגען...

זי לויפט צו און געפינט דען שטריק: אַ פרייד — זי האָט געפונען דען אוצר! זי וואַרפט איין אויג אויפ'ן סופיט — דער האַקקען זיצט... זי דאַרף נור אויפ'ן טיש אַרויף.—

זי שפרינגט אַרויף —

נור פון דער הייך דערזעהט זי, אַז דאָס דערשראָקענע, פער'חלש'טע קינד איז אויפגעזעצט, עס בויגט זיך איבערן וויעגעל; עס וויל אַרויס! אַט, אַט, פאַלט עס אַרויס...

— מאַמע! האָט דאָס קינד קוים אויסגעריססען פון שוואַכען האַלזיל.

עס חאַפט זי אָן אַ נייער כעס.—

זי וואַרפט אַ וועק דען שטריק, שפרינגט אַראָב פון טיש, לויפט צו צום קינד, און וואַרפט איהם דאָס קאָפיל אויפ'ן קישען צוריק, שרייענדיג:

— ממזר! אפילו הענגען לאָזט עס מיך נישט! אפילו נישט הענגען בשלום! עס וויל שוין ציהען... ציהען וויל עס... אָה! סם וועסט דו ציהען פון דער ברוסט! סם!

נאַ, פרעססער, נאַ! — שרייט זי אויס אין איין אָטהעם, — און שטופט דעם קינד די אויסגעדאַרטע ברוסט אין מויל אַריין: —

— נאַ, ציה, בייס!...



# אַ כְּלֵיזְמֶר טויט.

אַ סקעלעט ליגט אין בעט. אַ סקעלעט איבערגעצויגען מיט אַ געלער, דאַרער, טרוקענער הויט; מיכל כּליזמר שטאַרבט אַוועק. נעבען איהם אויף אַ קאַסטען זיצט מירעל זיין ווייב מיט געשוואָללענע אויגען פֿאַר געוויין. אין ענגען שטיבעל זעננען צו־שפּרייט זייערע 8 זיהן, אַללע — כּליזמר. שטילל, קיינער רעדט נישט צום צווייטען; עס איז נישט דאָ פֿון וואָס צו רעדען. דער דאָקטאָר האָט שוין לאַנג אַוועק געמאַכט מיט דער האַנד, דער רופא אויך. אפילו ראובן פֿון הקדש, דער אָמת'ר מומחה, האָט אויך געהייסען שרייבען דריי פּייען... קיין ירושה וועט נישט זיין, די חברה קדישא וועט געבען תּכריכים און אַ קבר, די חברה נושאים — וועט נאָך צוגעבען אַ טרונק־בראָנפֿין... אַלץ איז אָפּפֿען און דייטליך, נישט דאָ פֿון וואָס צו רעדען. אַיין מיר'ל וויל נישט זיך אונטער געבען!... זי האָט נאָך אַללעס ערשט אויפֿ'ס ניי גאָר געוואַלדיג אַיינגעריסען די שוהל. צונד קומט זי ערשט פֿון קברים־מאָסטען. זי האַלט זיך איהר'ס — „ער שטאַרבט דורך די קינדער'ס זינד. זיי זעננען נישט פֿרום, הולטאַיען, דעריבער נעמט זיי גאָט, ב"ה, דען טאַטען צו"... „די קאַפּעללע פֿערליערט די קרוין; עס וועט שוין קיין שום חתונה קיין פּנים נישט האָבען, עס וועט ביי קיין יוד שוין קיין אמת'ע שמחה נישט זיין".

גאָטט'ס רחמנות איז דאָך גרויס. מען דאַרף שרייען, בעטען, וועקקען! און זיי, די קינדער, די כּליזמר־יונגען, „האָבען גאָר קיין רחמנות נישט, געהען אָהן לייבצודעקליך"... ווען נישט די גרויסע זינד, האָט זי אַ פֿעטטער־אַ שוחט אין היממעל; ער מוז דאָרטען זיין גאָר דאָס אייבערשטע פֿון שטייסעל, ער וואָלט איהר נישט אָבגעזאָגט! ביי'ם לעבען, זכרונו לברכה, פֿלעגט ער זי שטאָנדיג גל'עטען... ער איז איהר אַוודאי היינט אויך נישט שלעכט. ער וואָלט זיך געמיהט, ער וואָלט אַלץ געטוהן... נור די זינד — שרייט זי — די זינד! „מען פֿאָרט אויף גוישע בעללער, מען עסט דאָרט ברויט מיט פּוטטער, גאָטט ווייסט וואָס נאָך!... אָהן אַרבע כּנפות... ער וועט דאָך נישט דורכבּרעכען קיין מויער... ער טהוט אַ ודאי זיינס... אוי די זינד, די זינד"!

די זיהן אָנטפֿערען נישט, זיי קוקען אַראָב אויף דער ערד; יעדער אין זיין ווינכעלע.

— עס איז נאָך צייט! חליפעט זי, קינדער! קינדער! געוואַלט קינדער! תשובה טהוט!

— מירעל, מירעל, רופט זיך אָן דער קראַנקער, לאָז געמאַך, מירעל, עס איז שוין פערפאַללען, איך האָב שוין מיינס אָבגעשפילט, מירעל. האָר־אויף, מירעל, איך וויל שטאַרבען!

מירעל ווערט אונטערגעצונדען:

— „אַ רעבעטע שיינע ריינע...! שטאַרבען וויל ער! שטאַרבען! און יעך, און מעך... ניין, איך וועלל דיך נישט לאָזען שטאַרבען, דו מוסט לעבען... דו מוסט... איך וועלל אַזוי שרייען, אַז עס וועט נישט קאָננען קוממען צו יציאת נשמה!" עס זעהט אויס, אַז אין מירעל'ס הארץ האָט זיך געאָפענט איין אַלטע, נישט פערהיילטע וואונד.

— לאָז געמאַך, מירעל — בעט זיך דער קראַנקער — מיר האָבען זיך ביידע שוין גענוג אָנגעשאַלטען ביי'ם לעבען... גענוג... פאַר'ן טויט פאַסט נישט אַזוינס... אוי, מירעל, מירעל, איך האָב געזינדיגט, דו האָסט געזינדיגט... נור איין עק!... שוויינ בעססער! איך פיהל כסדר ווי דער קאַלטער טויט קריעכט מיר אַרויף פון די שפיץ פינגער פון די פיעס ביז צום הארץ, עס שטאַרבט אַ צאָהל נאָך אַ צאָהל... שריי נישט, מירעל... עס איז גלייכער אַזוי!

— וויל דו ווילסט מיינער פטור ווערען, פאַלט אַריין מירעל אין די רייד, אוי, דו האָסט שטאָנדיג געוואָלט מיינער פטור ווערען, וויינט זי ביטטער, שטאָנדיג! די שוואַרצע פעשע איז דיר נור געלעגען אין הארץ... דו האָסט שטאָנדיג געזאָגט, אַז דו ווילסט שטאַרבען... ווי צו מיינע יאָהר... ער טהוט אפילו צונד קיין תשובה נישט... אפילו צונד... צונד...

— נישט נור די שוואַרצע פעשע, שמייכעלט ביטטערליך דער קראַנקער, עס זעננען אַ סך שוואַרצע פעשעס געוועזען, און וויסע אויך, און געלע אויך... נור דיך, מירעל, האָב איך קיין מאָל נישט געוואָלט פטור ווערען... אַ מויד איז אַ מויד, דאָס איז שוין אַ כלי־זמר'ישע זאַך... עס ציהט ווי אַ בלאָטער, עס איז עפּיס אַ מין ציעקאַוואָשטש... אַ ווייב איז דאָך אַ ווייב! דאָס זעננען צוויי גאָר אַנדערע זאַכען... געדענקסט, אַז די שוואַרצע פעשע האָט דיר גערעדט אַ שלעכט וואָרט, האָב איך זי אין מיט'ן גאַס אויסגעציאַסקעט אויף אַללע זייטען...

שווייג שטילל, מירעל! אַ ווייב איז אַ ווייב! אויסער, — אַז מען גט זיך... אויך — טהוט ווי דאָס הארץ... גלייב מיר, מירעל, איך וועלל בענקען נאָך דיר... נאָך אייך אויך, קינדער! איהר האָט מיר אויך גענוג צרות אָנגעטהון, נור גאָר נישט... דאָס ליגט שוין אינ'ם פידעלע — אינ'עם כלי־זמר לשון... איך ווייס, איהר האָט מיך נישט עהרליך געהאַלטען, דאָך ליעב געהאַט. אַז איך

האָב אַ מאָל געטהון אַיין איבעריגען טרונק־בראָנפֿין, האָט איהר געוואָרציעט „שכּור"... מען טהאָר נישט אַזוי, אַ טאַטען טהאָר מען נישט... מילא... איך האָב אויך געהאַט אַ טאַטען און האָב איהן אויך נישט בעססער בעהאַנדעלט... נור אַיין עק פֿון דער זאַך!... איך בּין אַייך מוחל...

ער איז מיעד געוואָרען רעדענדיג.

— איך בּין אַייך מוחל, האָט ער נאָך אַ מאָל אָנגעהויבּען נאָך אַ פּאָר סעקונדען. ער האָט זיך אַ בּיסעל אונטער געהויבען אויפֿע'ן בעט און בעטראַכט דען עולם...

— זעה נור, זאָגט ער פלוצלינג, די ביקעס! אַריין געשלאָגען די אויגען אין ד'רערד אַריין, גלייך עס קאָנן קיין צוויי נישט ציילען!

האַ? פּאָרט אַ שאָד אַ טאַטי! חאָטש אַ שכּור, האַ?

דער יונגסטער זוהן האָט אויפֿגעהויבען די אויגען. אין דער אייגענער רגע האָבען איהם די ברעמען אָנגעהויבען ציטטערען, און ער האָט אַרוים געלאָזט אַ געוויין. די רעשט ברידער זעננען איהם נאָך. אין אַ מינוט אַרום איז דאָס גאַנצע פּיער־איילינגיגע שטיבעל פֿולל געוועזען מיט יללה...

דער קראַנקער האָט געקוקט און געשאָפּט נחת.

— נו, מאַכט ער ראַפּטים מיט אַ פֿרישען כּח, געננג! איך האָב מורא, עס וועט מיר צו־פֿיעל אַ שאָד זיין! גענוג קינדער! פֿאָלגט אַ טאַטען!

— רוצח! שרייט מירעל, רוצח, לאָזען זיי וויינען, זייערע טרערען קאָננען העלפֿען, רבונו של עולם...

— שווייג, מירעל, האַקט איהר דער קראַנקער איבער, איך האָב דיר שוין נעזאָגט, איך האָב מיינס שוין אָבגעשפּילט... גענוג... עה! היים, בעריל... יונה... אַללע! האָרט! געשווינד, נעמט די כּלים!

אַללע גלאָצען אוים די אויגען.

— איך היים, כּאַכט דער קראַנקער, איך בעט אייך! טהוט מיר צו ליעב, נעמט די כּלים און קומט צו צום בעט!

די קינדער האָבען געפֿאָלגט און אַרומגעשטעלט זיך ביי'ם בעט; דריי פֿיעדעל, איין קלאַרנעט, אַ באַס, אַ טראָמפּייט...

— לאָז מיך האָרען ווי די קאַפּעלע וועט שפּיעלען אָהן מיר... מאַכט דער קראַנקער.

— מירעלשי, איך בעט דיך, רוף דערוויל אַריין אונזער שכן.

דער שכן איז געוועזען דער שמש פֿון דער חברה נושאים, מירעל האָט נישט געוואָלט לכתחלה געהן, נור ער האָט אויף איהר געקוקט מיט אַזא מין געבעט, אַז זי האָט איהן געמוסט פֿאָלגען. (שפּעטער האָט זי דערצעהלט. אַז דער „מירעל'שי"

און דער קוק פֿאַרען טויט זעננען געוועזען גאַר להבדיל די אייגענע ווי באַלד נאָך דער חופּה... „איהר געדענקט, קינדער, מאַכט זי, זיין זיסס קול און זיינע אויגען!"

דער שמש פֿון דער חברה נושאים איז אַריין געקוממען, ער האָט געוואָרפֿען איין־אויג אויף׳ן חולה און געזאָגט:

— זייט מוחל, מירעל, רופֿט אַריין אַ מנין.

— מען דאַרף נישט, רופֿט זיך אָן דער קראַנקער, וואָס טויג מיר אַ מנין? איך האָב מיין מנין, מיין קאַפּעלע! גיי נישט, מיר׳ל, איך דאַרף נישט קיין מנין...

און, אויסדרייענדיג זיך צו די קינדער, מאַכט ער:

— האָרט קינדער... שפּיעלט אָהן מיר, ווי מיט מיר, שפּיעלט גוט... זייט נישט קיין שקצים אויף אָרימע חתונות... האַלט עהרליך די מוטטער, און צונד — שפּיעלט מיר אָב די ודוי... אונזער שכן וועט פֿאָרזאָגען...

און — די פֿיער איילינדיגע שטוב איז געוואָרען פֿולל מיט מוזיק.



# סְהֶערְצֶעל צַאפֶּעלְט.

פֿריילין מאַריע איז געוועזען האַלב ראָמאַנטיש, האַלב פּראַקטיש און אין גאַנצען אַ גאַנץ שאָן מיידעל; אַ ביסעל פּיאַנע, אַ ביסעל פֿראַנצעזיש; געשמאַק־פֿאָלל געקליידט, איין אויפֿגעריססען נאָזיל, און אויגען, וואָס זעננען אַ מאָל העלל־ און אַ מאָל טונקעל־בלאָהע געוועזען.

איינמאָל האָט זיך איהר געחלומט אַ זעלטענער חלום.

זי האָט געזעהן פֿון הימעל אַראָב הענגען אַ וואָגשאָהל. זי האָט זיך געוואַקעלט אַהין און אַהער, נישט געפֿינענדיג קיין גלייכגעוויכט —

און וואָס איז געלעגען אין די שאָהלען?

צוויי מלאָכים האָבען אויף זיי געשיט און געשיט...

אין איין זייט אַ שוואַרצער מלאַך (אין צילינדער און פֿראַק) האָט געשיט פּערל, ברילִיאַנטען און גאָלד.

אין דער צווייטער זייט, אַ ווייסער פֿערקלערטער מלאַך — טרערען, זיפֿצען און לידער...

אויפ'ן צינגעל אין דער הייך איז געוועזען אויפגעשטאַבען איהר אייגען הערצעל... זי האָט עס באַלד דערקענט...

אונ עס האָט געצאַפּעלט אונ געוואָרפען זיך איהר הערצעל אונ אַללע מאָל זיך צו געבויגען צו איין אַנדערער וואָגשאָהל...

„וואָס ווילסטו האָרען?
געלדער קלינגען,
ליעדער זינגען, —
ווילסט דו פּעריל אָדער טרערען“?

אזוי זינגען די מלאָכים אונ דאָס הערצעל צאַפּעלט אונ ווייסט נישט, וואָס צו קלויבען. —

ראַפּטים איז זי געפאַללען אויף אַ שכל (אונזערע דאַמען האָבען אין חלום אויך שכל!) זי איז אַרויף געשפּרונגען רייטענדיג אויף דער וואָגשאָהל מיט די פּעריל, בריליאַנטען אונ גאָלד, אונ, נישט אַראָב צו פאַללען, האָט זי זיך, הוך כּדי דבור, מיט'ן קאָפּף געוואָרפען אויף דער צווייטער וואָגשאָהל...

דאָס געזעס איז געוועזען אויף גאָלד, זילבער אונ בריליאַנטען, דער קאָפּף — אויף טרערען, זיפצען אונ ליעדער; נור דאָס הארץ האָט אייביג, אייביג געצאַפּעלט אין דער מיט...

---

# די אַלְמָנָה.

די גראָהע ריעריוודיקע נעפּיל קלויבען זיך צוזאַממען אויף אַ שוואַרצען וואָלקען! עס איז דושנע, עס וועט פאַללען אַ שטאַרקער רעגען; ער שיקט זיך שוין אָנזאָגען דורך עטליכע דיקקע טראָפּפען... דאָס שטיבעל שטעהט אונטער'ן באַרג. דאָס שטרויענע דאָכעל איז פולל מיט לאָכער; עס האָט עס נישט ווער צו פּערריכטען.

די וואָלקען האָבען פּערשטעלט די זונן, די רעשט ליכט פּערשטעלט דער באַרג; אין שטיבעל איז כּמעט פינסטער. עס איז פאַרנאַכט, באַלד וועט די נאַכט צו־פאַללען... אין עק, אויפ'ן קוימען, שטעהט אַ ליידיג לאָמפּיל מיט איין אָבגעבראָכען גלאָזעל אָהן נאַפט... עס האָט נישט ווער צו געהן נאַפט קויפען.

אין שטיבל איז שוויהלער ווי אין דרויסען...

דער קוימען איז נישט ליידיג: עטליכע ערדערנע, האַלב צובראָכיייַן טאָפּליך, אַ ביסעל אַש... אַ שטיקעל אָבגעשליפענער ציגעל, אייזערנע פּיסלעך, — נור אָהן אַ פונק פייער. פאַר דער טהיר ליגט נאָך אַ פוילע ליפע האָלץ, עס האָט זי נישט ווער צו צו האַקען.

דער בעל־הבית פון שטיבּל איז קראַנק געוועזען אַ גאַנץ גייענדיג יאָהר און וואָס אַ טאָג איז קלענער געוואָרען דאָס אָבגעשפּאַרטע קניפּעל...

ער האָט געזאַממעלט פון אַ קינד'ס וועגען: „צוזאַממענקלויבען אַ רובל 100, אַוועק געבען אויף פּראָצענט"... האָט גאָטט בעשעערט אַ מיידעלע, „זאָלל זיין נדן פאַר איהר!"

איז אָבער געקוממען די קרענק!

פון קניפּיל האָט אַללע מאָל מעהר געפּעהלט געלד און דעם קראַנקען — כּוחות און בלוט... עס האָבען אַרוים געוואַנדערט די כּלים פון שטוב; די לעצטע איז אַרויס געגאַנגען די ניי־מאַשין... מיט'ן לעצטען דרייער פון קניפּיל איז אַרויס אויך די נשמה פון גוף...

דאָס ברודיגע שטיקל לאַווינט פינ'ם קניפּעל העננט צונד איבער אַ גלאָז וואַססער ביים נשמה ליכטיל.

ביי דער טהיר שטעהט אַ קליין אייזערן קאָסטיל... דאָס איז דער געוועזענער דיענסט'ס. זי איז ערשט אַרויס געגאַנגען זיך זוכען איין אָרט.

אין ליידיגען שטיבּעל איז כּמעט פינסטער...

אויף דער פּאַדלאָגע שימערט אַ ביסל צו וואָרפען שטרוי... אויף די פיער ווענד שטאַרען אַרויס פערשיעדענע נאָגעל.

אויף זיי האָט געהאָנגען: אַ שפּיעגעלע, (היינט דאַרף מען עס נישט... די אַלמנה וואָלט זיך פאַר איהר פּנים דערשראָקען...) אַ חנוכּה־לאָמפּעל, (פאַר וועמים וועגען?) עס האָבען געהאָנגען קליידער... יעדער האָט זיך פאַר זיין טויט אָבגעהאַפּט זיינס!

אין ווינקעל שטעהט אַ וויגעל; אין וויגעל ליגט אַ קינד. עס שלאָפט.

אויף דער ערד נעבען וויגעל זיצט די פרישע אַלמנה. די דאַרע האַנד געבראָכען, דער שווערער קאָפּף אָנגעשפּאַרט אויפ'ן וויעגעל... די אויסגעוויינטע אויגען קוקען שטאַרר אויפ'ן סופיט.

עס דאַכט זיך, זי לעבט נישט, זי פּיהלט נישט, זי קלערט נישט... איהר האַרץ קלאַפּט נישט, זי האָט קיין דפק נישט...

דאָך אין מוח וואַלגערט זיך אַרום אַ מחשבה; קיין אַנדערע טרייבט זי נישט אַרויס, ריהרט זי זיך נישט —

— „הענע, האָט ער אַ מאָל געזאָגט, דערלאַנג מיר דאָס שעריל!" ער האָט

עס נישט געדאַרפֿט, ער האָט דערבײַ עפּיס קלינגעריש געשמייכעלט... וואָס האָט ער געוואָלט? איך זאָל צו גיין צו׳ן איהם? איך האָב געשיילט קאַרטאָפֿלעס... צו האָב איך איהם דערלאַנגט דאָס שעריל? ניין; עס איז עמיץ דערווייל אַרײַן געקומען... ווער?"

זי קאָ‏ן זיך נישט דערמאַננען און קלערט אַלץ: ווער?

דאָס קינד דערווייל שלאָפֿט און שמייכעלט אין חלום.

# די לעזערין.

**פֿרײַטיג צו נאַכט.**

אינ׳ם שטיבעל איז שרעקליך שטיהל, אין ד׳ אמות שלאָפֿען זיבען נפשות.

דער אַלטער וואַססער-טראָגער האָט נישט געהאַט: נישט קיין פֿלייש, נישט קיין פֿיש, נישט קיין בראַנפֿין, נישט קיין חלה. ער האָט קדוש געמאַכט איבער ברויט. עס איז קוים אויף צוויי גראָשענדיגע בענש-ליכט געבליבען. ער האָט אפילו קיין פּריש העמד נישט בעקוממען.

אין עונג שבת איז איהם געבליבען: אויסשלאָפֿען זיך פֿאַר אַ גאַנצע וואָך.

דען זעלבען עונג שבת האָט דאָס ווייב אויך... אַ גאַנצע וואָך לויפֿט זי אַרום אין די דאָרפֿליך, קויפֿט אויף אייער, חזיר-האָאַר, שמאַטעס. די וואָך איז זי געלאָפֿען אָהן געלד, זי האָט אומזיסט געבעטען קרעדיט און איז אַהיים געקוממען פֿרייטיג פֿאַרנאַכט אָהן סחורה, אַ געהרגיטע אַ פֿערחלשטע... קוים האָט זי אָבגע-בענשט ליכט, איז זי אויך אַנידער געפֿאַללען און איז איינגעשלאָפֿען...

געוואָהנליך שלאָפֿט דער וואַססער-טראָגער מיט דריי — און זי מיט צוויי קינדער צו זאַממען. היינט זעננען זיי ביידע צו פֿריה אַנטשלאָפֿען געוואָרען, די קינדער האָבען זיי נישט געוואָלט וועקען און ליגען ציליגט און חראַפּען אויף דער גאָלער ערד.

פֿין די בענש ליכט צאַנקט נאָך איינם און פֿון די שטוב-נפשות איז נאָך איינע וואַך.

**די אָלטסטע טאָכטער.**

די צערפֿלאָססענע האָאר זעננען רויט. דאָס פּנים — געל; גענאָהרט פֿון קאַרטאָפֿעל נישט צו דער זאַטט. אין די אויגען דאָך ברענט; די איינגעפֿאַללענע

ברוסט הייבט זיך און פֿאַלט, די דאַרע האַנד ציטטערן...

זי לעזט ביים צאַנקידיגען ליכט איהרע שמר׳ס אַ ראָמאַן. די ליפּפּען ציטערען פֿאַר אונגעדולד.

זי איז צו רודערט. זי שרעקט זיך: טאָמור געהט איהר אוים דאָס ליכטיל, און זי וועט נישט געוואָהר ווערען דעם סוף פון פּיפּערנאָטער!

# דער חלום.

יונגערהייט (אַ צייט פֿון דריי ביז צוועלף יאָהר) בין איך כמעט נישט ארוים געקוממען פֿון שטוב. איך בין עטליכע מאָל געפֿאָהרליך קראַנק געוועזען און דער דאָקטאָר האָט מיר פֿערוועהרט דאָס לערנען. בסוד סודות פֿאַר׳ן בייזען דאָקטאָר — וואָס פֿלעגט פֿאַר נישט פֿאָלגען טופּען מיט די פֿיס און קולות מאַכען — האָט מען מיך אין דער היים קוים אויסגעלערענט דאַווינען. איך פֿלעג גאַנצע טאָג זיצען, זומער ביים פֿענסטער און ווינטער אין בעט, און אויסהאָרען די ליעדלעך, מיט וועלכע מיין קליין־ברודערילס ניאַנע פֿלעגט איהן איינשלעפֿען... ערשט צום צוועלפֿטען יאָהר האָט מען מיך אויף אַ האַלבען טאָג געשיקט אין חדר אַריין, אויך האָט מען דעם רבין שטרענג אָנגעזאָגט, ער זאָלל מיך נישט מאַטטערן און — גאָטט בעהיט! — נישט אָנריהרען. —

---

נאָך עטליכע וואָכען זיין אין חדר, בין איך געוואָרען אַ מין „פּוי״: האַלב אַהין און האַלב אַהער... דער ניאַניעס ליעדלעך און דעם רבינ׳ס מעשיות האָבען זיך מיר ווינדערליך אויסגעמישט אין מוח. ווי אַזוי איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט די הייליגע זאַכען, וויים איך שוין נישט... פֿערפּלאָנטעט זעננען זיי געוועזען געווּ; נור געציטטערט האָב איך פֿאַר צוויי מלאך־המות׳ן. מיט איינעם — אַ זכר — האָט מיך דער רבי בעקאַנט געמאַכט. ער האָט מיר פֿערציילט, אַז „ער״ האָט 1000 אויגען און אַ שווערט אין דער האַנד! זיין פּנים האָט ער מיר נישט בעשריבען און דעריבער האָב איך איהם אַליין צוגעגעבען דעם רבינס בייז ביינעריג פּנים, זיין שפּיציגע נאָז, שיעלע אויגען און קאָלטאַנאָוואַטע באָרד און פּאות. די שווערט האָב איך דעם מלאך המות געלאָזט אין דער רעכטער האַנד, און אין דער לינקער אַריין האָב איך איהם אַריינגעשטעקט דעם קאַנטשוק מיט די בלייערליך, וואָס

דער רבי פלעגט גאַנץ אָפט אַראָבלאָזען אויף מיינע חברים'ס דאַרע אַקסעל. דען צווייטען, אָדער בעססער געזאָגט — די צווייטע מלאך המות'טע האָט מיר פאַרגעשטעלט מיין ברודערס ניאַניע. שטאָנדיג פלעגט זי זינגען פרומע ליעדלעך; אזוינע אויסגעצויגענע, וויינענדיגע, ווייבע, אַז עס פלעגט מיך אָנחאַפּען ביי'ם האַרץ... גאַנץ אָפט פלעגט זי זיך ערגיץ אַרויסגנבינין, צוריק קוממען מיט אַ רויט פנים, טרערען אין די אויגען און ציטטערדיגע האַנד; זי וואַקקעלט זיך אויף די פיס און זינגט מיט אַ טרויריג דאַמפיג קול, ווי פון אַ גרוב אַרויס, אַ ליעדעל פון מלאך המות. דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אַ נקבה; איינגעהיעלט אין אַ ווייס ליילעך, פליהט זי אַרום אין דער לופט, און אויף וועמען זי וואַרפט ביי נאַכט דאָס ליילעך, דעם נעהט מען מאָרגען תכריכים...

טהייל מאָל שאָקעלט זי מיט'ן ווייסען ליילעך איבער אַ גאַנץ דאָרף אָדער אַ שטאָט, — דעמאָלט ווערט אַ מגפה. אָהנעם ליילעך איז די „נקבה" אפילו גאָר נישט מאוס: בלאָהע אויגען, לאַנגע, העלל=זיידענע האָהר...

---

דאָס אייגענע יאָהר האָט מיך דער טאַטע דאָס ערשטע מאָל מיטגענוממען ראש השנה צום דאַווענען. קוממענדיג אין שוהל אַריין, און דערזעהענדיג דען ווייסען עולם, האָב איך אָנגעהויבען ציטטערן, נור דער טאַטע, וואָס האָט מיך געפיהרט ביי דער האַנד, האָט עס נישט געמערקט און האָט מיך נאָכגעשלעפט ביז צו דער מזרח־וואַנד, ער האָט מיך אַנידערגעזעצט נעבען זיך און געגעבען אַיין אויפגעמישט מחזור'ל אין דער האַנד אַריין. איך האָב פון ווייסען עולם קיין אויג נישט געקאָנט אָברייסען און דאָס געוויין פון דער ווייבערישער שוהל האָט מיך דורכגענוממען... שפּעטער האָב איך בעמערקט דען וואַלד מיט ליכט אין אָרון אין דער רעכטער האַנד ביי'ם חזן, און, נישט וויססענדיג פאַר וואָס, האָב איך מיך נאָך מעהר געשראָקען און צוגעדריקט זיך פעסטער צום טאַטען.

— ביסט, נעביך, מיעד פון דער היץ, — האָט דער טאַטע געזאָגט, — לעג דיך אַביסל צו...

איך האָב'ן געפאָלגט. איך האָב מיך צוגעלעגט אויף דער באַנק און אָנגעשפּאַרט דעם ברעננענדיגען קאָפּף אויפ'ן טאַטענס שויס. מיט פערמאַכטע אויגען בין איך אַביסעל רוהיגער געוואָרען. פון דער וואַרים בין איך באַלד איינגעשלאָפען, און עס האָט זיך מיר געחלומט אַ ווינדערליכער חלום:

איך בין געלעגען קראַנק אין בעט און דער טאַטע מיט דער מאַמען זעננען געשטאַנען איבער מיר און האָבען געוויינט. די מאַמע האָט זיך פערשטעלט די אויגען מיט אַ טיכעל, נור דער קאָפּף מיט די פלייצעס האָבען שרעקליך געציטטערט.

דעם טאַטען זענען געוונען די טרערען איבער די איינגעפאַללענע באַקקען, פון דאָרט זעננען זיי אַראָב אויף דער ברייטער בלאָנדער באַרד אונ פון דאָרט אויף דער ברוסט. אין אַ ווינקעל זעננען געשטאַנענען צוויי דאָקטורים, וואָס האָבען מיך נור וואָס בעטראַכט, אונ סודען זיך צונד אויף לאַטייניש, קוקקענדיג אויף מיר פון דער זייט. גאָטט ווייסט — קלער איך מיר — וואָס פאַר ביטטער-גרויאַלצען פלאָשעלע זיי וועללען מיר צונד פערשרייבען. גור אַזוי לייכט וועלל איך שוין נישט איינ־נעמען. וועט זיין קאַווע-לאָפעליך, וועט מיר די מאַמע מוזען געבען איהר יום־טוב-דיקע ציטטער-נאָדעל צו שפּיעלען, אונ אויב גאַנצע עסס-לאָפעל — וועלל איך נאָך וועללען דען טאַטענס זילבערנעם גאַרטעל מיט'ן גאָלדענעם קאַפּעל פון פּסח־דיגען סדר...

איך האָב געמוזט אין חלום אַ סך יונגער זיין, אַז עס האָט זיך מיר אַזוינס פערגלוסט.

נור פּלוצלינג האָב איך דערזעהען אין די פענסטער, געגען וועלכע איך בין געלעגען — צוויי געשטאַלטען.

אין פענסטער פון דער רעכטער זייט איז געשטאַנענען די מלאך המות'טע אין ווייסען לייליך, אונ אין פענסטער פון דער לינקער זייט — דער מלאך המות מיט 1000 אויגען אונ אַ שווערט אין דער האַנד... זי וויל שוין אויסטהון דאָס לייליך, וויל עס וואַרפען אויף מיר; ער הייבט שוין אויף די שווערט, — נור זיי האָבען זיך איינס דאָס אַנדערע דערזעהען, איינס פאַר דעם אַנדערן דערשראָקען אונ ביידע זעננען פערשווינדען געוואָרען.

פאַר שרעק האָב איך מיך דאָך אָנגעהויבען צו שטיקקען. דאָס בלוט איז אין מיר פערקיהלט געוואָרען, אונטער די נאָגעל האָט מיך געשטאָכען ווי מיט שפּילקעס אונ די עטליכע האָהר, וואָס זעננען מיר געבליבען נאָכען טיפוס, האָבען זיך אויפ־געשטעלט אונ געריססען זיך פון דער הויט אַרויס, גלייך זיי וויללען ענטלויפען פאַר שרעקק...

מען בעמערקט מיין לאַגע, עס ווערט אַ געשריי, די טאַטע-מאַמע מיט די דאָקטוירים לויפען צו מיר צו. פּלוצלינג... ווערט מיר פינסטער פאַר די אויגען.

---

צו האָט מיר עמיץ די האַנד אויף די אויגען אַרויף געלעגט? צו האָט מען פאַר'ן מלאך המות די לאָדען פערמאַכט? צו חלש איך?

אונ אָפשר בין איך גאָר געשטאָרבען?

קוים האָב איך מיך דאָס געפראָגט, האָט זיך דער חלום פעראָנדערט.

איך בין שוין טאַקי אַ געשטאָרבענער... ביידע מלאך-המות'ן פיהרען מיך ערגיץ, — וואַלד אויס, וואַלד איין, איבער טהאַל אונ איבער באַרג.

איך האָב מורא צו פֿרעגען, וואו אַהין מען פֿיהרט מיך. זיי זעהען ביידע אַזוי שרעקליך אויס, אַז איך ציטטער אַ ריהר צו טהון מיט די ליפּפּען. אויך ווייס איך נישט צו אַ טויטער מאָג און קאָנן רעדען...

— מן הסתם אין גן עדן אַריין, — טרייסט איך מיך, — איך בין דאָך אַ גוטער געוועזען און אַזוי פֿיעל געליטטען יונגער הייט... איך האָב קיינעם קיין גוט נישט געטהון, וואָרען וואָס פֿאַר אַ גוטס קאָנן טהון אַ קראַנק יונגעלע? דאָך זוממער־צייט, אין שאָנעם וועטטער, אַז מען האָט מיך צוגערוקט אויף אַ פֿאָטעל צום פֿענסטער, פֿלעג איך אַרויסשיטטען די פֿייגעלעך עססען... פּיצליך זעממעל, קרישקאַליך ברויט, טהיילמאָל אויך פּאָדימליך פֿלייש, אויב איך אַליין האָב גראָד געגעססען...

און מען פֿיהרט מיך טאַקי אין דער אייגענער רגע איבער אַ גרינעם וואַלד, וואו די פֿייגעליך וואָהנען. זיי שטעהען גאַנצע מחנות אויף די ביימער, און זינגען אַללע אין איין כאָר:

אין גן עדן אַריין, אין גן עדן אַריין! דו ביסט אַ גוטער געוועזען, דו האָסט אונז אָרימע שוואַכע פֿייגעלעך עססען געגעבען!

---

און טאָמיר, חלילה, אין גיהנום אַריין? פֿרעגט דאָס פֿערקלעממטע האַרץ. אין דער רגע פֿערטווישט זיך די געגענד; דער וואַלד ווערט פֿערשווינדען און איך פֿליה צווישען שנייענע בערג... אַרום איז קיין צייכען פֿון לעבען. עס פֿינקעלט אַזוי קאַלט, עס בלישציעט אַזוי שטאַרר, אַזוי טויט... פּלוצלינג בעווייזט זיך אַ סטאַדע שוואַרצע קראָהען מיט פֿייערדיגע אויגען.

— קראַ־קראַ־קראַ — שרייען די קראָהען — אין גיהנום אַריין, אין גיהנום אַריין! אונז האָט ער קיינמאָל נישט קיין קרישקאַלע געוואָרפֿען.

און די קראָהען האָבען אמת געזאָגט. פֿאַר זיי האָב איך שטאָנדיג מורא געהאַט. איינמאָל האָט זיך אַ קראָהע צוגעשלאָגען, מן הסתם פֿאַר הונגער, צום פֿענסטער און האָט געדראַפּעט אין די שויבען... אויפֿ'ן פֿענסטער־בראָטיל אין שטוב איז געלעגען ברויט... איך בין אפילו קראַנק געלעגען, איינער אַליין געוועזען אין שטוב, איך האָב דאָך געקאָנט רופֿען, מען זאָלל די אָרימע ראַטיוען... איך האָב מיך אָבער פֿאַר דער קראָהע דערשראָקען און בעהאַלטען אונטער דער קאָלדרע... נאָכ'ן ווינטער, אַז דער שניי איז אָבגעגאַנגען, האָט מען אונטער'ן פֿענסטער אַ טויטע קראָהע געפֿוננען...

---

פּלוצלינג הייבען מיר זיך אָן אַראָב צו לאָזען. די לאַנדשאַפֿט האָט זיך ווייטער געענדערט, מיר פֿליהען איבער אונגעהייערע פֿעלזען, וואָס שטעהען קאָפּף אויף קאָפּף און בעוואַכען עפּיס אַ וואַססער. צו איז דאָס דער ים הקרוש, צו דער

סמבטיון, אָדער איין אַנדער וואַססער — ווייס איך נישט. מיר האָבין עטליכע ראָדער געמאַכט איבער די פעלזען און ענדליך זיך אַראָבגעלאָזט צו'ן א הייל. מיינע בעגלייטער האָבען מיך אַריין געלאָזט, געהייסען זיך אַנידער זעצען ביי דער וואַנד, און זיי האָבען זיך אַנידער געזעצט היטען ביים אַריינגאַנג; די מלאך־המות'טע פון איין זייט, דער מלאך המות אין דער צווייטער. אין דער הייל איז פינסטער, נור אויף דער קאַלטען גליטשיגער ערד טאַנצען אַרום עטליכע ליכטיגע קייליכליך, כמעט די אייגענע, וואָס איך האָב ערב ראש השנה ביי אונז אין קעלער געזעהען, ווען דער משרת האָט מיך מיטגענוממען אויסקלויבען א גוטע פלאַש וויין אויף קדוש...

די ליכטיגע קייליכליך האָבען מיך פלוצלינג דערמאָנט אָן דער היים... איך האָב אָנגעהויבען קלערען, וואָס דאָרטען טהוט זיך. צו דער טאַטע האָט מיך שוין פערגעססען, צו די מאַמע דערמאָנט מיך האָטש אַמאָל, צו קוממען זיי האָטש אַמאָל אויף מיין קבר?... און ווער זיצט אויף מיין באָנקיל ביים טיש? און ווער קריגט די לעבערליך פון די פיש?

עס האָט מיך אָנגענוממען א ביטטער געוויין, נישט איינצוהאַלטען, און איך וואַרף א בליק מיט שרעק אויף מיינע שומרים... רבונו של עולם! וואָס איז דאָס אַזוינס?

---

פון דער מלאך־המות'טע האָט זיך אַראָב גערוקט דאָס ווייסע ליילאך... וואָס פאַר אַ זיידענע האָהר? וואָס פאַר אַ בלאָהע אויגען? אַ רויט־פערטרונקען פנים מיט אַ האַלב־גאָהלען קאָפּ... און דער קאָפּ וואַקעלט זיך, און די נאָז (האָטש נישט קיין לאַנגע) שלאָגט זיך אַללע מאָל אָן אין דער פלאַש, וואָס זי האַלט איןביידע ציטטערדיגע האָנד... איך קוק מיך בעססער צו, דאָס איז זי, זי, מיין ברודערס ניאַניע...

איך וואַרף אַיין אויג אויפ'ן צווייטען,— וואָס פאַר אַ 1000 אויגען? וואָס פאַר אַ שווערט! עס זיצט מיין רבי, רייבערט א לאַנגען ליולקע־ציבעך. האַלט צו איין אויג און ווילל פערמאַכען דאָס צווייטע...

צו חלומט זיך מיר?

פלוצלינג אָפּפענט די מלאך־המות'טע איין אויג און פראָגט:

— אַ צאָ, פשיא יוחאַ, פּאָוויע רביצין, יאַק ציע טאָ זעמנאָן זאָבאַצי?

דער מלמד אָנפערט נישט, אַ שמייכעל וויזט זיך אויף זיין פנים און ביידע שלאָפען איין...

זיי שנאָרכען און איך בענוץ די געלעגענהייט און אַנטלויף...

איך לויף איבער טהאָל און באָרג, וואַלד אויס, וואַלד איין און קום ענדליך

אין אַ שטאָדט אַריין... איך קוק מיך אום עס איז מיין שטאָדט! נור עס איז שטילל, גלייך דאָס גאַנצע שטאָדטיל וואָלט אויסגעשטאָרבען; די גאַססען לעדיג, טהיר, טהויער אונ לאָדען פֿערמאַכט, די געוועלבער פֿערהאַממערט... וואָס איז דאָ אַזוינס געשעהן? איך וויל לויפֿען אויף „אונזער" גאַסס, אויפ'ן וועג טרעף איך עטליכע ווייבער, וואָס לויפֿען דורך אין ווייסע ספּאָדניצעס, מיט העלל בלאָהע בלומען אויף די קאָפּ אונ פֿערוויינטע פּנימער... איך שטוים מיך, אַז עס איז ראש השנה דער עולם איז אין שוהל, אונ די ווייבער לויפֿען פֿון קריאַת התורה, אָנזייגען די קינדער אָדער מבקר חולה זיין די קראַנקע...

מיין מאַמע פֿלעגט אויך אַללע יאָהר אַזוי טהון, אונ איך לויף גלייך אין שוהל אַריין.

אין דער ווייבערשער שוהל אַריין האָב איך מורא צו געהען. די מאַמע דאַרף נישט מעהר, נור איהר טויטען זוהן צו דערזעהען, אַזוי חלשט זי אויך יעדעס מאָל, קוים צו דערמינטערן. איך געה אין שוהל אַריין צום טאַטען.

איך בין אין שוהל אונ קיינער זעהט מיך נישט... דורכגעהענדיג, ריהר איך מיך אַללע מאָל אָן אין איין אַנדערן; קיינער פֿיהלט מיך נישט. איך האָב דאָך קיין צייט נישט זיך אויף דעם אַללעם צו קוקען. איך לויף גלייך צו צו דער מזרח־וואַנד אונ שטעל זיך געגען איבער דעם טאַטען...

ער זעהט מיך אויך נישט! איך רוק איהם אָב דאָס מחזורל, ער קוקט זיך אום, מיט אַ פֿערוואונדערט אונ אַביסל דערשראָקקען פּנים, רוקט עס צוריק אונ זאָגט ווייטער נאָך דעם בעל קורא...

איך זעץ מיך נעבען איהם אַנידער, ער פֿיהלט נישט... ער פֿיהלט מיך נישט, חאָטש איך שפּאַר מיך אינעם אָן, שטעלל מיך אויף אויפ'ן באַנקיל אונ קוש אירן אין מויל אַריין, חאָטש איך נעם איהן אַרום אונ דריק מיך צו'ן איהם צו,— ער זעהט מיך נישט, ער פֿיהלט מיך נישט... איך בין אָבגעשטאָרבען פֿאַר דער וועלט... פֿאַרן טאַטען אפילו...

אונ עס חאַפּט מיך אָן אַ שרעקליך געוויין, אונ איך ציה מיך אויס אויף דער וואַנד, אונ שפּאַר אָן דען קאָפּ מיט'ן פּנים אַראָב אויפ'ן טאַטענס שוים, אונ הייב אָן אַזוי צו שלוכצען, ביז —

דער טאַטע וועקט מיך אויף אונ פֿיהרט מיך אַ קראַנקען אַהיים. —



# קליינע בילדער.

## א) וועלכע?

### I.

דאָס שאָנסטע פֿון אַללע שטיינבילדער אין גאַרטען איז ווענוס — די גריכֿישע גאָטטין פֿון שאָנהייט. פֿון ווייסען מאַרמאָר, אויף אַ גרינליך־בלאַנקען פיעדעסטאַל, שטעהט די שאָנע גאָטטין אונ קוקט מיט איהרע פֿריי־אָפֿפֿענע אויגען אויף אַ טעראַססע מיט פֿרישע רויזען אונ ליליען.

אין דער אַללעע בעווייזט זיך אַ ניינצעהן־יאָהריג מאָרכֿען. איהר געזיכֿט שטראַהלט מיט פֿרייד, די אויגען שפריצען מיט פֿרישען געזונדען לעבען. זי געהט צו צו ווענוס.

מוטהוויללינ שפרינגט זי אַרויף אויפֿ'ן פיעדעסטאַל — זי איז איין גרויס מיט דער גאָטטין.

דאָס פֿרייט זי. זי נעמט אַרום מיט דער אַלבאַסטער־האַנד דען מאַרמאָרענען גאָטליכֿען האַלז, לעגט צו איהרע פֿרישע, קרעללענע ליפּפּען צו די גאָטליכֿע. אַזוי שטעהט זי אַ ווײלע. אונ ווער עס געהט דורך פֿראָגט זיך:

— וועלכֿע איז שאָנער? צי די פֿון שטיין, צי די פֿון פֿלייש?

### II.

אונטער אַ דיקקע בלאַנקע שויב, אין אויסשטעללונג פֿון אַ מאָדע־מאַגאַזין, שטעהט אַ שאָנהייט, בעהאָנגען מיט מאָדע זאַכֿען, נור אויסגעקלעבט פֿון וואַקס.

די ליפּפּען זעננען אונגאַטירליך רויט, ווי ערשט פֿריש אונ צו פֿיעל געפֿאַרבט; דאָס געזיכֿט איז געלבליך־מאַטט, די ברייט־געאָפֿענטע אויגען — שטאַאַר, אָהן אַ בליק; אָם שרעקליכֿסטען זעננען דאָך די ברעמען: אַ רייהע פֿון שטייפֿע האָאַר, וואָס שטעהען איינס ווייט פֿון צווייטען...

אינגערוועגדיג, אין האַלב־פֿערדונקעלטען לאַדען קויפֿען דאַמען אַללערליי באַנדער.

— פֿרייליין, — מאַכֿט די דיקקע מאַדאַם צום לאַדען־מאָרכֿען, נעמען זי נאָך

ארויס די קארמין־באַנדער פון דער אויסשטעללונג.

דאָס מאָרכען פאָלגט.

איהר גאַנג איז מיעד און וואַקעלדיג; מיט אַנשטרענגונג אָפּפענט זי ברייט די רויטליכע אויגען, אום נישט איינצושלאָפען אין גאַנג. דאָס געזיכט איז שאָן, נור מאַטט, געלב און אָבגעלעבט; די ליפּפען — רויט, גור, קאָנטליך, פריש געפאַרבט.

זי אָפּפענט דאָס פענסטער, בייגט זיך איבער דאָס וואַקסענע בילד און זוכט די באַנדער. זוכענדיג, פערטראַכט זי זיך, און פערקוקט זיך אין דער לופט אריין, אויף גאָר נישט...

אַזוי שטעהט זי אַ ווייל. און ווער עס געהט דורך אין גאַסס פראָגט זיך:

— וועלכע איז שרעקליכער? די פון וואַקס, צי די פון פלייש?

# ב) פּאַדלִיעץ.

## I.

אַ רייכער מאַנן פאָהרט דורך אויף און בעמערקט אַ בעטלער, וואָס שטעהט אַנגעשפּאַרט אָן דער וואַנד. עס איז קאַלט און פייכט. גאָטט ווייס, ווי לאַנג דער בעטלער שטעהט שוין און וואַרט אויף אַ נדבה.

דער רייכער מאַנן קריגט רחמנות, חאַפּט אַרויס און וואַרפט דעם בעטלער אַ זילבערן צעהן־קאָפּעקען שטיק.

דער בעטלער קוקט אויפ׳ן אָרט, וואו די מאָנעטע איז געפאַללען און ריהרט זיך נישט פון אָרט. דער רייכער מאַנן בעמערקט עס. — עס איז איהם ווייניג — טראַכט ער.

— פאָדליעץ!...

## II.

די דראָשקע איז פאָרביי. דער בעטלער זעצט זיך קראַכצענדיג אויפ׳ן טראָטואַר.

עס איז פייכט און קאַלט, און עס ברעכען איהן די ביינער; די פיס זענען ווי פערשטאַרט... גאָטט ווייס, ווי אַזוי ער וועט היינט אַהיים קוממען; זיי פאָלגען נישט, די הילצערנע פיס. זיפצענדיג, קאָנן ער אויך צו דער מאָנעטע נישט

דערלאַנגען, ער ציהט זיך אין גאַנצען אויס און שטרעקט אויס די האַנד...
קוים, קוים! ער האָט זי!
ער נעמט זי צו די אויגען צו, זי איז פֿאַלש! און ער שרייט אויך אויס:
— פֿאָרליעץ!

## ג) שווייֿן.

אויף אַ גאָלד געשטיקטער סאָפֿע ליעגט אַ בלאַססע דאַמע אין אַ העלל זיידען קלייד.

דורך די שווערע גאַרדינען פֿאַלט אַ מאַטטער שיין אויף איהרע קליינע שמאָלע ליפּען, וואָס קרימען זיך אויף אַ שווערען זיפֿץ. אין די טיעפֿע בלאָהע אויגען בעוועגען זיך טרערען...

עס איז איהר נישט גוט... נישט דאָס האָט זי געמיינט!

ליעבע האָט זי געוואָלט, אידעאַלען האָט זי געזוכט... און ער גיבט איהר בריליאַנטען און פּאַלאַצען...

רעדט ער מיט איהר, פֿון געלד־זאַכען... פֿון פּאָדראַדען...

קיינער פֿערשטעהט זי נישט; נישט ער — דער מאַן, נישט זיינע, נישט איהרע גאָסט...

און דאָס האַרץ איהר׳ס באַנקט! עס קלעמט, עס פֿיהלט זיך פֿרעמד אין דער וועלט פֿון געלד, פֿון זילבער, גאָלד און בריליאַנטען... עס רייסט זיך צו אידעאַלען, צו... צו... צו...

עס איז איהר ווירקליך נישט גוט, חאָטש עס פֿעהלט איהר דער אויסדרוק.

זי שטרעקט אויס די ווייסע בלאַנקע האַנד, און ריהרט דאָס גלאָקעל אויפֿ׳ן טיש צוקאָפּענס.

עס בעווייזט זיך דאָס שטובען־מאָרכען.

— אַ טאַססע קאַפֿפֿע! בעפֿעהלט די דאַמע.

דאָס מאָרכען פֿערשווינדט און קומט צוריק מיט אַ חינעזיש פּאָרצעלאַנענער טאַססע אויף אַ שווער זילבענער טאַץ. דער פֿיינער גערוך פֿון פֿיינען קאַפֿפֿע מישט זיך אוים מיט׳ן לייכטען היאַצינטען־גערוך אין צימּמער.

געהענדיג צו דער סאָפֿע, פֿערציפּעט זיך דאָס שטובען־מאָרכען אָן אַ פֿערבויגענעם עקק פֿון טירקישען דיוואַן און — פֿאַלט.

עס האָרט זיך אַ טויבער קלאַנג פֿון דער געפֿאַללענער טאַץ אונ פּלאַצענדער טאַססע.
— שוויין! שפּרינגט אויף אונ שרייט די דאַמע.

## ד) עס איז דאָך גישט קיין זאָקקען.

**אין זאָקקען־פֿאַבריק.**

עס קומט אַריין אַ מאָרבֿען מיט אַ טוץ אויסגעאַרבייטע וואָלענע זאָקקען. זי געהט צו צום אַלטען העררן.

ער וואַרפֿט אַ בליק אויף דער סחורה, ווייזט איהר מיט'ן פֿינגער צום יונגען העררן.

זי געהט לויט מען ווייזט איהר.

דער יונגער העררן נעמט די זאָקקען אין האַנד אַריין — גענוג ווייך. דערנאָך לעגט ער זיי אויף דער וואָג, — זיי האַלטען אויס. דערנאָך נעמט ער אַ מאָס אונ מאָסט די לאָנג, די ראַנד, דען פֿוסבאַללען — — גוט.

דאָס מאָרבֿען אָטהעמט אָב; שטרעקט אויס די האַנד נאָך געלד.

— אַ ווייל! מאַכט דער „יונגער העררן". ער נעמט פֿון טיש אַ פֿערגראָססער־גלאָז, ווישט עס אויס אונ בעטראַכט די אַרבייט.

נאָך אַ לאַנג בעטראַכטען, זאָגט ער גלייכגילטיג, נור פֿעסט:

— עטליכע פֿאָדים איבערגעהאַקט — דריי אויגען נאָכגעלאָזט... דריי פּראָצענט אַראָב!

— אָבער... ווילל זי זיך פֿערטהיידיגען.

— קיין אָבער! האַקט איבער דער יונגער העררן; גיט איהר אַ קוויט צו דער קאַססע. —

די טהיר אָפֿפֿענט זיך ווייטער, אונ עס בעוויזט זיך אַ לאַכענדיג געלב־יודעל.

— גוט מאָרגען!

— גוט יאָהר, אָנטפֿערט דער אַלטער העררן, ביטטע!

דאָס געלע יודעל געהט צו צום אַלטען, זעטצט זיך ביי'ם טיש.

— דאָס איז מיין זאָהן! ווייזט ער אויפֿ'ן יונגען מיט שטאָלץ.

— אַ סוחר! — גיבט ער צו — אונ נאָך ווי הייסט אַ סוחר!

— נו, איז גוט! אָנטפֿערט דאָס געלע יודעל, — אַ סוחר דאַרף געלד!

— געלד! ציהט דער אַלטער מיט די אַקסעל.

— 15־טויזענד אין באַאַר!

נור איין פוס אַ ביסעל קירצער — מישט זיך דער יונגער הערד אַריין מיט איין אונמוטהיגען שמייכעל.

— מען זעהט קוים אָן! מאַכט דער שדכן.

— אָבער קירצער איז ער!

— נו, — מאַכט דער אַלטער, — אַ כלה איז דאָך נישט קיין זאַקק! מען קוקט נישט אויף קיין פערגרעססער־גלאָז!

---

# דער תענית.

אַ ווינטער נאַכט! שרה זיצט ביים „קאַנאַניג" און שטאָפּט איין אַלטען זאַק. די אַרבייט מיט געפרוירענע האָנד געהט נישט זעהר געשווינד; פאַר קלעט זענען איהר אויך ברוין און בלאָה געוואָרען די ליפּפּען, אָפט לעגט זי אַוועק די אַרבייט און צולויפט זיך איבער דער שטוב, צו דערוואַרימען די געפרוירענע פיס.

אין אַ בעט אויף אַ גאַלען שטרוי־זאַק שלאָפען פיער קינדער: אין יעדער זייט צו צוויי קאָפּף, איבער גערעקט אין דער מיט מיט עטליכע אַלטע קליידער.

וואָס אַמאָל חאַפּט זיך אויף איין אַנדער קינד, עס הייבט זיך אויף איין אַנדער קאָפּעל און פּיעפּט: עססען!

— וואַרט, וואַרט, קינדערלעך, — טרייסט זיי שרה, אָט, באַלד וועט קוממען דער טאַטע, ברענגען וויעטציערע; איך וועלל אייך אַללע אויפוועקקען!

— און וואַרעמים? — פרעגען די קינדער ווייגענדיג — מיר האָבען דאָך נאָך קיין וואַרמים נישט געגעססען!

— וואַרעמים אויך!

זי גלויבט דאָך אַליין נישט אין דעם, וואָס זי זאָגט; זי זוכט מיט די אויגען אין אַללע זייטען, טאָמיר וועט זיך נאָך עפּיס געפינען צו פערזעצען... נישט דאָ!

ליידיגע נאַססע פיער וואָנד! אַ צושפּאַלטענער־אויבען! אַלץ איז נאַסס און קאַלט!... אויפ'ן קוימען שטעהען אַ פּאָר צובראָכענע טאָפּף, אויפ'ן אויבען — איין אַלט אויסגעבויגען, בלעכין חנוכה־לאָמפּעל; אין דער הייך, אין באַלקען שטעקט אַ נאָגעל — אַ זכר פון אַ הענגעל־לייכטער, צוויי ליידיגע בעטען אָהן אַ קישען... גאָר נישט, גאָר נישט מעהר!

עס האָט לאַנג געדויערט איידער די קינדער זעננען רעכט איינגעשלאָפֿן. שרה קוקט אויף זיי מיט האַרצ־ווייטיג, מיט רחמנות, און טראַגט איבער די פֿערוויינטע אויגען צו דער טהיר. זי האָט דערהערט טריט; שווערע טריט אויף די טרעפּ אין דער סוטערינע אַריין; קאַננען קלאַפּען, דאָ אין דער רעכטער, דאָ אין דער לינקער זייט וואַנד. אַ שטראַהל פֿון האָפֿנונג בעלייכט איהר איינגעשרומפּען פּנים. זי קלאַפּט אַ פּאָר מאָל אַ פּוס אָן אַ פּוס, העבט זיך שווער אויף און געהט־צו צו דער טהיר. זי אָפֿענט, עס קומט אַריין אַ בלאַססער, איינגעבויגענער יוד מיט ליידיגע קאַננען.

— נו? פֿראַגט שרה שטילל.

ער שטעלט אַוועק די קאַננען, לעגט אָב די יאָך, זיפֿצט אָב און ענטפֿערט נאָך שטיללער:

— גאָר נישט! גאָר נישט! מע'האָט מיר אין ערגיץ נישט בעצאָהלט... מאָרגען, זאָגט מען... יעדער זאָגט אַלץ — מאָרגען... איבער מאָרגען... ראש־חדש...

די קינדער האָבען כמעט אין מויל נישט געהאַט, — מאַכט שרה — חאָטש גוט — זיי שלאָפֿען... בידנע קינדער מיינע! זי קאָנן זיך ניט איינהאַלטען און העבט אָן שטילל צו וויינען.

— וואָס וויינסט דו, נאַר!? פֿראַגט דער מאַנן.

— אַח, מענדיל, מענדיל... די קינדער זעננען אַזוי הונגעריג!...

מיט גוואַלד וויל זי איינהאַלטען די טרער־ען.

— און וואָס וועט זיין אונזער סוף? — קלאָגט זי זיך, — מיט יעדען טאָג ווערט ערגער!

— ערגער? ניין, שרה! זינדיג נישט מיט די רייד! פֿאַר אַ יאָהרען איז ערגער געוועזן, ערגער! אויך אָהן ברויט און דערצו נאָך אָהן אַ דירה! די קינדער האָבען זיך ביי טאָג געוואַלגערט אין גאַס, ביינאַכט — אין די הייף... היינט חאָטש אויף אַ שטרוי־זאַק, חאָטש אונטער אַ דאַך!

שרה האָט זיך שטאַרקער צו וויינט.

זי האָט זיך דערמאַנט, אַז דעמאָלט איז איהר טאַכי אין מיט'ן גאַס אַ קינד אַוועקגעקומען. עס האָט זיך פֿערקילט, הייזעריג געוואָרען און געשטאָרבען.

„און געשטאָרבען ווי אין וואַלד... נישט געוועזען מיט וואָס צו ראַטעווען... מ'שטיינס־געזאָגט (זיי צולאַנגערע יאָהר!) נישט אפילו די שוהל איינגעריסען, נישט דאָס פֿעלד געמאָסטען, קיין עין־הרע נישט אָבגעשראָכען... אַזוי, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט!"

און ער טרייסט זי.

— וויין נישט שרה, וויין נישט... זינדיג נישט פֿאַר גאָטט!

— אַח! וועט ער שוין אויף אונז רחמנות האָבען!

— האָב אויף דיר אַליין רחמנות, לאָז דיר נישט צו אַזוי צום האַרץ! זעה, ווי דו זעהסט אויס! היינט צעהן יאָהר איז געווען אונזער חופּה... קוק אָן דיין פּנים... וועה און ווינדט! דו ביסט דאָך געווען די שאָנסטע אין שטאָדט!

— און דו? ! דו האָסט דאָך געהייסען, געדענקסט, מענדעל גבור... היינט ביסט דו געבויגען אין דרייען, קראַנק... ווייל דו האָלסט פּאַר מיר בכּוד? !

— אַח, גאָטט! גאָטט! רייסט זיך איהר אַרויס אַ געשריי.

די קינדער חאַפּען זיך אויף און בעטען: עססען, ברויט!

— חלילה! ווער עסט היינט? האָט זיך מענדעל פּלוצלינג אָנגערופען. די קינדער זעצען זיך אויף דערשראָקען.

— היינט איז אַ תּענית, — זאָגט מענדיל מיט אַ פינסטער פּנים.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, איידער די קינדער האָבען פערשטאַנען, וואָס מען רעדט צו זיי.

— וואָס פּאַר אַ תּענית? וואָס פּאַר אַ תּענית? פּראָגען זיי, וויינענדיג.

און מענדיל פערצעהלט מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, אַז היינט, נאָך ביי שחרית, צו קריאת־התּורה, איז אַראָב געפּאַללען די ספר־תורה פון שלחן.

— דעריבער — זאָגט ער — האָט מען אויף מאָרגען אויס גערופען אַ תּענית, אפילו פּאַר זייגעדיגע קינדער!

די קינדער שווייגען און ער פיהרט ווייטער.

„אַזא תּענית ווי יום־כּפּור, ווי תּשעה־באָב; פון היינט פּאַר נאַכט אָן!" די פיער קינדער שפּרינגען פלינק אַרויס פון בעט און הייבען אָן באַרווים, אין די צו־ריסענע העמדליך, צו טאַנצען איבער דער שטוב און צו רופען:

— מיר וועללען פאַסטען! פאַסטען!

מענדיל פערשטעלט מיט די פּלייצעס דען קאַנאַניק, זיי זאָללען נישט זעהען, ווי די מיטטער גיעסט מיט טרערען.

— נו, גענוג! בערוהיגט ער די קינדער — גענוג! אין אַ תּענית טאָר מען נישט טאַנצען... אם ירצה השם, — שמחת תורה!...

די קינדער זענען צוריק אין בעט אַריין.

פערגעססען דען הונגער!

אַ מיידעלע הייבט אָן זינגען „אבינו מלך" „אויפ'ן הויכען באַרג"... אַ קעלט לויפט מענדלען דורך אַללע גליעדער...

— זינגען טאָר מען אויך נישט, — מאַכט ער מיט אַ פערשטיקטער שטימע — די קינדער ווערען שטילל און שלאָפען איין מיעד פון טאַנצען און זינגען.

איינער דאָך, דער עלטערער, וועקט זיך נאָך און פראָגט:

— טאַטע, ווען ווער איך בר־מצוה?

— נאָך ווייט, חיים׳ל, נאָך ווייט... נאָך פּיער יאָהר, זאָלסט מיר לעבען אונ געזונד זיין...

— דעמאָלט וועסט דו מיר קויפען אַ פּאָר תּפלין?

— ווי דען?

— אונ אַ תּפלין־זאַקעלע?

— מן הסתּם!

— אונ אַ סדוריל?... אַ קליינס מיט אַ גאָלדענעם שניטט?

— מיט גאָט׳ס הילף... בעט גאָטט, חיים׳ל!

— דעמאָלט וועלל איך פאַסטען אַללע תּענתים!

— יאָ, יאָ, חיים׳ל... אַללע תּענתים...

שטילל האָט ער צוגעגעבען:

— רבונו של עולם, נור נישט אַזוינע, ווי היינט!...

# מוסר.

עס געהען צוויי ווייבער אונטער דער שטאָדט. איינע אַ הויכע, שווערע יודענע, מיט בייזע אויגען, שווערע, היללכעדיגע טריטט; די צווייטע אַ דאַרע, בלאַסע, קליינע יודענע מיט איין אַ ראָבגעלאָסטען קאָפּף.

— וואו פיהרסט דו מיך, חנה? פרעגט די צווייטע.

— וואַרט, נאָך אַ פּאָר טריט. זעהסט, דאָרט צום בערגיל.

— נאָך וואָס? פרעגט נאָך אַ מאָל די צווייטע מיט אַ באַנג אָבגעריסען קול, גלייך זי וואָלט זיך עפּיס געשראָקען.

— וועסט הערען, קום...

די זענען צו געקומען צום באַרגיל.

— זעץ דיך, מאַכט חנה. די צווייטע פאָלגט, זעצט זיך אויפ׳ן באַרגיל, חנה זעצט זיך נעבען איהר. — אין דער שטילקייט פון וואַרימען זומער־טאָג, ווייט פון שטאָדטישען גערודער, מאַכט זיך אַ געשפּראַך:

— גרונע, ווייסט ווער דיין מאַנן, עליו השלום, איז געוועזען?

אויף גרונעס בלאַס פּנים לייגט זיך אַ שאָטטען.

— איך ווייס, אָנפּערט זי מיט פערביסענע ליפּען.

— אַ סופר איז ער געוועזען, גרונע! אַ כּשר׳ער סופר...

— איך ווייס! מאכט גרונע אונגעדולדיג...

— פאר יעדען אות פלעגט ער זיך טובל'ען אין מקוה...

— א גראָבער ליגען... אַז ער פלעגט געהן א פאר מאָל אין דער וואָך, איז אמת...

— א כשר'ער יוד געוועזען.

— אמת...

— זיין זכות זאָלל אונז ביישטעהן...

גרונע שווייגט.

— שווייגסט? וואונדערט זיך חנה.

— אַלץ איינס!

— נישט אַלץ איינס! זיין זכות זאָלל אונז טאַקי ב י י ש ט ע ה ן! האָרסט?

— איך האָר!

— וואָס זאָגסט דו דערצו?

— וואָס זאָל איך זאָגען, איך ווייס נור, אַז ער איז נ י ש ט ביינעשטאַנען...

פויזע. די ווייבער פערשטעהן זיך: דער כשר'ער סופר איז געשטאָרבען און איבערגעלאָזט איין אלמנה מיט דריי יתומים — מאָדליך. גרונע האָט שוין מעהר נישט חתונה געהאַט, די קינדער קיין שטיעפטאַטען נישט געגעבען, אַליין אויף זיך און די קינדער געאַרבייט, נור קיין מזל און ברכה איז ניט געוועזען... „זיין זכות איז נ י ש ט ביינעשטאַנען...“

— און ווייסט דו פאַר וואָס, גרונע? האָקט איהר איבער חנה דאָס שטילקייט.

— עט...

— ווייל דו ביזט זינדיג...

— איך? און די בלאַסע גרונע שפרינגט אויף, ווי אַ'ן אונטערגעשאָסענע — איך—זינדיג?

— האָר גרונע, זינדיג איז יעדער מענש, נור דו אַודאי...

— אַודאי?

— גרונע, נישט אומזיסט האָב איך דיך אַרויסגעפיהרט אונטער דער שטאָדט צום טייך צו, אויפ'ן פעלד... קיין פרישע לופט, ברוך השם, דאַרפען מיר נישט זעהסט, גרונע... א מאַמע, און בפרט אַ כשר'ען סופר'ס איין אלמנה דאַרף...

— וואָס דאַרף זי?

— זי דאַרף זיין פרומער ווי אַללע, בעסער ווי אַללע און מעהר אַכטונג געבען אויף דער טאָכטער.

די בלאַססע גרונע איז נאָך בלאַססער געוואָרען. די אויגען האָבען איהר

אויפֿגעפֿלאַמט, די גאַז־לאָמפּער צושפּרייטען זיך און די בלאַה פֿערברענטע ליפּפּען ציטערן.

— רחל! האָט זי אויסגעשריגען.

— דו ווייסט, גרונע, איך בין דיר אַ גוטער פֿריינד, נור דעם אמת מוז איך דיר זאָגען, אַ נים וואָלט איך נישט געהאַט קיין פֿעראַנטוואָרטונג פֿאַר גאָטט... איך וויל דיך נישט בּערערען, דורך מיר וועסט דו נישט קוממען צו לייטען אין די מיילער אריין, עס וועט בלייבען צווישען אונז. איין גאָטט אין היממעל וועט האָרען...

— ציה מיר נישט די נשמה אַרוים!

— נו, האָר'זשע! קורץ און שאַרף... נעכטען פֿאַר־נאַכט, שפּעט פֿאַר־נאַכט בין איך צוריק געגאַנגען פֿון דער באַהן, און — אויף דעם באָרגעל איז געזעססען דיין מירל...

— איינע אַליין?

— ניין —

— מיט וועמען?

— איך ווייס? מיט אַ קאַפּעלוש... אַ צילינדער אפילו... ער האָט זי געקושט אין האַלז־און־גאַקקען... זי האָט געלאַכט און געחרופּעט צוקערקעס...

— איך ווייס!... רופֿט זיך אָן גרונע מיט אַ קול ווי פֿון קבר אַרוים... עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל...

— דו האָסט געוואוסט?! וואָס? אַ חתן איז עס?

— ניין...

— נישט? און דו... האָסט געשוויגען?

— יאָ?

— גרונע!

נור איצט איז שוין גרונע רוהיג.

— אַצונד שוויג דו און האָר, וואָס איך וויל דיר דערצעהלען, — זאָגט זי מיט אַ שניידענדיג קול און, אָנחאַפּענדיג רחל'ן ביי'ם אַרבעל, נייט זי, זי זאָלל זיך צוריק זעצען.

— האָר, האָט זי ווייטער געצויגען — אַלץ וועלל איך דיר דערצעהלען, און איין גאָטט אין היממעל וועט אונז האָרען!

רחל האָט זיך צוריק געזעצט.

— אַז מיין מאַנן איז געשטאָרבען — הייבּט אָן גרונע.

— ווי אַזוי רעדסט דו עפּים, גרונע?

— ווי אַזוי זאָלל איך רעדען?

— אָהן „זכרונו לברכה״? און — „נפטר געוואָרען״ זאָגט מען...

— אַלץ איינס, נפטר געוואָרען צו געשטאָרבען, בעגראָבען האָט מען איהם...

— צו קבר אבות געקוממען...

— זאָלל זיין צו קבר אבות... נור מיך האָט ער איבערגעלאָזט מיט דריי יתומים — טאָכטער...

— נעביך, קיין קדיש נישט געלאָזט...

— דריי טאָכטער, די עלטסטע —

— געגענדעל —

— אַלט געוועזן 14 יאָהר...

— ביי לייטען איז אַזוינס אַ כלה...

— ביי אונז איז קיין ברויט נישט געוועזן! פון תנאים שרייבען און לעקקעך עססען נישט צו רעדען...

— ווי אַזוי רעדסט דו עפּיס היינט, גרונע!

— נישט איך רעד, מיין האַרץ־ווייטאָג רעדט... געגענדעל, ווייסט דו, איז געווען דאָס שאָנסטע מיידעל אין שטאָדט.

— היינט אויך... קיין עין־הרע!

— היינט איז זי אַ זו׳ערע לימענע — אַ גראָהער צאָפּ! נור דעמאָלט האָט זי געלייכט ווי די זונן... און — איך בין דעמאָלט דען פרומען סופר׳ס אַלמנה געוועזן! איך האָב זי ווי איין אויג אין קאָפּ געהיט... איך האָב געוואוסט, אַז היינטיגע צייטען... עס דרעהען זיך אַרום כלי־זמרים, שניידערלאַך, אַזוי דייטשלעך און אַלטע בחורים... בית המדרש׳ניקעס אפילו פלעגען זיך דרעהען ביים פענסטער... נור אויף וואָס איז אַ מאַמע? אַ כלה מיידעל, האָב איך געוואוסט, דאַרף זיין ווי אַ שפּיעגעל... און איך האָב מיינס בעוויזען; עס איז אויף איהר קיין הויך נישט געפאַלען! געהיטען האָב איך זי, געהיטען! קיין אויג נישט אַראָב געלאָזט, קיין טריט פון שטוב אָהן מיר נישט געמאַכט. און אַלץ מוסר געזאָגט... קוק נישט אַהער, קוק נישט אַהין, דאָ שטעלל דיך נישט, דאָ מעק דיך נישט... קוק נישט ווי פייגלאַך פליהען...

— נו, זעהר וואויל...

— וואויל ווי די וועלט! מאַכט גרונע ביטער. קום נור צו מיר אַהיים און זעה, ווי זי זעהט אַצונד אויס! יאָ, זי איז איין אמת עהרליך מיידעל, נור פון 36 יאָהר! דאַר, די ביינער צו צאָהלען, אַ געדונצעלטע הויט, ווי פאַרמעט צו תפלין, אויגען פערלאָשענע, דאָס פנים זו׳ער, אָהן אַ שמייכעל — איביג פערביסענע ליפּפען... גאַנץ אָפט דאָך ברעננען אויף די פערלאָשענע אויגען — דאָס ברענט דעמאָלט אין זיי אַ שנאה, אַ האַס, ווי אַ גיהנם... און ווייסט דו צו וועמען? ווייסט דו וועמען זי האָט פיינט? וועמען, מאַכענדיג מיט די ליפּפען, זי פערשילט די ביינער?

— וועמען?

— מיר! מיר — איהר אייגענער מאַמען!

— וואָס רעדסט דו? פאַר וואָס?

— זי אַלליין ווייס אֶפשר נישט פאַר וואָס, נור איך ווייס! איך האָב מיך גע־שטעלט צווישען איהר און דער וועלט, צווישען איהר און דער זונן! איך האָב איהר, ווי זאָלל איך דיר עס זאָגען? קיין וואַרעמקייט און קיין ליכּט צום לייב ניט צוגע־לאָזט.. גאַנצע נאַכט האָב איך דעריבּער געקלערט, ביז איך בין עס דערגאַנגען, אויף קלאָר דערגאַנגען! זי מוז מיך פיינד האָבען... יעדעס קאָמערל פון איהר לייב האָט מיך פיינד!

— וואָס רעדסט דו?

— וואָס דו הערסט! די שוועסטער האָט זי אַ וראי פיינד, שאָנער וועננען זיי און יונגער!

גרונע חאַפּט שווער דען אָטהעם און רחל קאָנן צו די געדאַנקען ניט קוממען... זי הערט עפּיס שרעקליכּס; עפּיס ערגערס, ווי קראַנק זיין, ווי שטאַרבּען, אפילו ווי „אונטער דער חופה שטאַרבען״ — דאָס גראָסטע אומגליק, וואָס עס טרעפט זיך ביי יודען און דאָך — רבונו של עולם, עס דאַרף אַזוי זיין!

---

— די יונגערע, לאה׳ן, האָב איך שוין אין דער היים ניט געהאַלטען... איך האָב זי אָבגעגעבען פאַר אַ דיענסט... היינט ווייטער אָן גרונע צו דערצאָהלען און די שטימע ווערט נאָך הייזעריגער, נאָך אָבגעריסענער...

— איך האָב גענוג געשריען דעמאָלט, דערמאַנט רחל, מעשים געטהון... אַ סופרס אַ טאָכטער פאַר אַ דיענסט...

— איך האָב געוואָלט האָטש זי חתונה מאַכען. זאָלל זי חאָטש אַ ביסל נדן האָבען... פון מיינע ציבעלעס, מיט וועלכע איך האַנדעל, קאָנן מען קיין נדן ניט אויפקלויבען...

און זי האָב איך אויך געהיט...

ניט איין בעל-הבית האָט אויף איהר אַיין אויג געוואָרפען, ניט איין בעל הבית׳ס קינד האָט זיך געוואָלט פון איהר אַ שפּיעלכעל מאַכען... נור איך בין אַ מאַמע! איך בין אַ טרייע מאַמע געוועזן! די פיס האָב איך מיר אָבגעהאַקט און 10 מאָל אין טאָג בין איך ביי איהר אין קיך געוועזן, געוויינט און גע׳חלש׳ט, מוסר געזאָגט... האַ! גוטע ווערטער, פרומע וואָרטער געזאָגט!... גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפען און געלייענט דעם קו-הישר און אַנדערע הייליגע ספרים עברי־טייטש, און צו מאָרגענס איהר איבערדערצעהלט... און נאָך אייגענעס צוגעגעבען! גאָטט זאָלל עס מיר מוחל זיין... פון דריי שדים האָב איך געמאַכט צעהן, פון אַ שטיך איז געוואָרען

קאַסטרוי, מיט פייער האָב איך געשיט! און אַ שוואַך קינד איז עס געווען, אַ שוואַך, כשר קינד, עס האָט זיך געלאָזט פיהרען!... דער טאַטע איי'ן אויג — בלאַס, אָהן אַ ביסל בלוט, און אַזוינע גוטע, פייכטע אויגעלעך, — נור שאַנער איז זי געוועזען...

— דו רעדסט, רחמנא ליצלן, ווי פון אַ טוידטער!

— "נ דו מיינסט זי לעבט? איך זאָג דיר, זי לעבט נישט! זי האָט אָ:געזאַמעלט נדן, און איך האָב איהר אַ מאַנן געגעבען!

זי האָט נעבעך געוויינט, אַז זי וויל איהם נישט, אַז ער איז צו גראָב, צו פּראָסט פאַר איהר.

נור אַ לערנ-קינד נעמט ניט קיין דיענסט מיידעל, בפרט מיט דרייסיג רובל נדן!

איך האָב געדאַנקט גאָטט ווער עס איז! — אַ שניידער-יונג, איז אַ שניידער-יונג!

נו! האָט ער מיט איהר אַ יאָהר געלעבט — צוגענומען דאָס געלד, מיט'ן געזונד, מיט'ן רעשט ביסל כח און איז אַוועק...

נאַקעט און בלויס האָט ער מיר זי אָבגעשטעלט, נור — מיט אַ לונג פעהלער! זי שפייט מיט בלוט!... אַ שאָטען איז עס שוין, נישט קיין מענש... עס טולעט מיך ווי אַ קליין קינד, עס לעגט זיך ווי אַ לאַמעלע!... און גאַנצע, גאַנצע נאַכט וויינט עס...

און ווייסט דו אויף וועמען זי וויינט?

— אויפ'ן מאַנן, ימח שמו!

— ניין, רחל, אויף מיר וויינט זי! איך האָב זי אונגליקליך געמאַכט! איהרע טרעהרען פאַללען מיר אויפ'ן האַרץ ווי קאָכעדיג בליי — זיי עס'ען מיך, די טרעהרען...

זי בלייבט ווייטער שטיל און חאַפּט קוים דעם אָטהעם.

— הכלל? פרעגט רחל —

— הכלל? — האָב איך מיר שוין געזאָגט: גענוג! זאָל מיין דריטע טאָכטער שוין לעבען! לעבען זאָלל זי, ווי זי וויל!

זי אַרבייט אין פאַבריק! 16 שעה אין טאָג אַרבייט זי, קוים אויף טרוקען ברויט פערדיענט זי... זי וויל צוקערקעס אויך, זאָלל זי עסען! זי וויל לאַכען, שטיפען, קושען זיך — זאָלל זי! האָרסט חנה — זאָלל זי! איך קאָנן איהר קיין זיסע זאַכען נישט געבען, קיין מאַנן אַודאי און אודאי נישט! אַ ציטרין פון איהר מאַכען, וויל איך נישט, אַ לונגען-פעהלער געבען — נישט, נישט! זאָלל שוין מיין טאָכטער מיך נישט האַסען, אויף מיר נישט וויינען!

— אָבער גרונע, שרייט רחל אויס דערשראָקען, וואָס וועללען זאָגען לייט?

— זאָללען לייט פריהער אויף אָרימע יתומים רחמנות האָבען, נישט אַרבייטען מיט זיי ווי מיט אייזלען אומזיסט! זאָללען מענשען האָבען הערצער פון מענשען און נישט האַלטען אָרימע לייט צום אויסדריקען ווי לימאָנען...

— און גאָטט? גאָטט. ברוך הוא!

און גרונע העבט זיך אויף און שרייט, גלייך זי האָט געוואָלט, גאָטט זאָלל אין הימעל הערען —

— האָט גאָטט געזאָלט פריהער יענע פערזאָרגען...

---

עס איז אַ שווערע שטילקייט, ביידע ווייבער אָטהמען שווער, ביידע שטעהען זיך אַקעגען מיט בליצען אין די אויגען.

— גרונע! שרייט ענדליך אויס רחל — גאָטט, גאָטט וועט שטראָפען!

— נישט מיך, נישט מיינע טאָכטער! גאָטט איז ערליך, ער וועט עמיץ אַנדערן שטראָפען! עמיץ אַנדערן!

---

# רייזע בילדער.

## א.

## פּאַרַרעדע.

עס איז געוועזען אין סוף פון די גוטע, און אין אָנהייב פון די שלעכטע צייטען. אויפ'ן הימעל האָבען זיך געוויזען שוואַרצע חמאַרעס, נור עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער רוח — דער צייט־גייסט, מיין איך, — וועט זיי לייכט פערטרייבען. זיי וועללען ערגעץ אויסגיסען זייער האַרץ אין אַ מדבר. אין אייראָפּא'ס פיין־געהאַלטענעם וויינגאָרטען האָט דער ביטערער וואָרצעל שוין געשאָלטען די ערד, אַרויס געשיקט זיינע שטאָכעדיגע, שוין פערסמטע שפּיצלעך, נור, אָט, אָט, טראַכט מען, דערזעהען עס די גאָרטנער און רייסען עס אויס מיט'ן וואָרצעל... עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער נייינצעהנטער יאהר־הונדערט האָט זיך אויף דער אַלטער נור

א ביסעל פערקיהלט, א ביסעל היץ געקריגען! עס זאלל זיך פון דעם מאכען א שווערע קרענק, א שגעון, — דאס האט זיך קיינער נישט גערעכט...

ווי ווייט איז פון אונז געוועזען דעמאלט אמעריקא! נישט איין יוד האט גע־קלערט, ווי אזוי עס שטעהט דארט א שיסעל גריץ, אדער—צו טראגט מען דארטען די יארמולקעס אויף די פיס. פון ארץ ישראל אתרוגים האט מען אזוי זעלטען געהערט, ווי פון באראן הירש צו פון „הנדיב הידוע”...

די אסטראנאמיע בערעכענט פריהר יעדע לקוי־חמה, לקוי־לבנה; די פסיכאלאגיע האלט נאך נישט אזוי ווייט. דער וועלטס נשמה ווערט ראפטים פינסטער, דער גוף קריגט א מין קאנוואולסיע — און נישט זי קאן עס פאר־אויסזעהען, נור אפילו ווען עס איז שוין געשעהן, איז זיך שווער צו גלייבען... איז עס נישט צום פערשטעהען...

אונרוהיג דאך איז מען שוין געוועזען. עס האבען זיך געשיט פון אללע זייטען בלבולים איבער בלבולים.

צווישען אנדערע זאכען איז געבליבען, אז מען דארף זיך בעקעננען מיט'ן גע־וואהנליכען וואכידיגען יודישען לעבען; זעהען, וואס עס טהוט זיך אין די קליינע שטאדטליך; אויף וואס מען האפט, פון וואס מען לעבט, וואס מען טהוט... וואס זאגט דאס פאלק?

---

# ב.

## בִּטָחוֹן!

מיין ערשטער אריינפאהר איז געוועזען טישאוועץ. איך האב מיך אבגעשטעלט ביי מיינעם א בעקאנטען, ר' ברוך. ער האט געשיקט נאכ'ן שמש און עטליכע בעלי־בתים. ווארטענדיג אויף זיי, בין איך געשטאנען ביי'ם פענסטער און בעטראכט דען מארק.

דער מארק איז א גרויסער פיער־עק. ארום אויף אללע 4 זייטען שטעהען פערשווארצ־טע איינגעבויגענע, געבויטע הייזער, טהייל מיט שטרוי, מעהרסטענטהיילס מיט שינדלען געדעקט.

סאמע איינציגע שטאק, מיט ברייטע פאדשעניעס אויף פוילע פערגעלטע באלקען. ארויס גערוקט פון פאדשעניע שטעהען, נישט ווייט איינס פונע'ם אנדערען, „פשעקופקים” איבער מילטער מיט בייגעל, ברויט, ארבים, באבעס און פערשיעדען אויבס. צווישען

די ווייבער איז אַ שטאַרק גערודער! איך האָב אויף זיי, זעהט אויס, אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט.

— האָב דיר אַ שוואַרץ יאָהר, שרייט איינע, טייט נישט מיט די פינגער, ער זעהט דאָך!

— האַלט ס'מויל!

די ווייבער ווייסען שוין, אַז איך בין געקוממען פערשרייבען; איינע גיט איבער דער צווייטער דען סוד אַזוי שטילל, אַז איך הער אין שטוב.

מען זאָגט: „דאָס איז ע ר טאַקי", „פאָרט גוט, אַז די אָרימע שאָף האָבען פאַסטוכער, וואָס האָבען זיי אין זיננען"; פון דעסטוועגען, „אַז י ע נ ע ר פאַסטוך וועט נישט העלפען איז — בלאָטע!" איינע קאָנן דערוויל נישט פערשטעהן, „יענער פאַסטוך זאָלל דאַרפען אַזוינע שלוחים"... דאָס איז אַ ווינק אויף מיין געשווירען באָרדיל און קורצע קליידער. איין אַנדערע איז ליבעראַלער, און פעררופט זיך אויף אַ רופא: „הלמאי אַ רופא, זאָגט זי, איז אויך כל־בו און פון דעסטוועגען..."

— „דאָס איז עפּיס אַנדערש, אַ יחיד, אָבער אַזוי, וויניג גוטע יודען?..."

— זאָללען זיי בעססער, מיינט איין אַנדערע, אַריינשיקען אַ פּאָר הונדערט רובל, איך בין זיי מוחל דאָס שרייבען, זאָל מיין זוהן נ י ש ט זיין קיין יעדנעראַל!"

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זיצענדיג ביים טיש, בין איך געוועזען אַ ראה ואינו נראה. פון גאַס האָט מען מיך נישט געזעהען, נור איך האָב געזעהען אַ האַלבען מאַרק. דערוויל האָט מיין „בעל־הבית" אָבגעדאַווענט, אָבגעלייגט טלית און תפילין, גענוממען אַ ביסעל בראָנפען און געטרונקען צו מיר לחיים.

— לחיים טובים ולשלום! אָנטפער איך.

— גאָטט זאָלל געבען בעססערע צייטען, עס זאָלל זיין פרנסה.

ווי מקנא בין איך מיין בעל־הבית, איהם פעהלט נישט מעהר נור פרנסה. ער גיט נאָך צו מיט גדלות:

— און עס וועט מ ו ז ע ן זיין פרנסה, עס איז דאָ אַ גאָטט אויף דער וועלט, גוטע יודען וועללען אויך נישט שווייגען...

איך האַק איהם איבער, און פראָג פאַר וואָס, חאָטש ער האָט בטחון אין זיינע אייגענע געשעפטען, חאָטש ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז „מאַן דיָהיב חַיֵי יהיב מזונא" (דער וואָס גיט לעבען, דער גיט עססען), פון דעסטוועגען — טהוט ער זיינס, און האַנדעלט, און שלאָפט ניט גאַנצע נאַכט, און קלאָרט אַלץ: מאָרגען, שפּעטער, אויפ'ן־יאָהר... קוים האָט אַ יוד חתונה, קלערט ער שוין אויף חתונה קליידער פאַר

אייניקליך, און אַז עס קומט צום כּלל ישראל איז דער בטחון אַזוי גרויס, אַז עס איז שוין איבּריג צו טהון די האַנד אין קאַלט וואַססער אַריין.

— עס איז, מאַכט ער, גאָר פּשוט; כּל־ישראל איז עפּיס אַנדערש... כּל־ישראל איז שוין דעם רבונו של עולם׳ס זאַך, ער האָט זיינס אין זינן... און, כּביכול, עס זאָלל זיין שבחה פאַר זיין כּסא הכּבוד, איז די... אַזוינע, וואָס דערמאַנען... און, ווייטער דאָס אייגענע... ווי לאַנג קאָנן עס געדויערען? עס מוז דאָך איין־עק נעמען; אָדער כּלו חייב, אָדער כּלו זכּאי... דאָס איז נישט פּרנסה!

## ג.

## נור גיי.

איך האָב אייך פערגעססען צו דערציילען, אַז דער רב פון שטאָדטיל האָט נישט געוואָלט, נישט קוממען צו מיר, נישט מיך אויפנעמען ביי זיך. ער האָט מיר געשיקט זאָגען, אַז עס איז נישט זיין זאַך גאָר, אַז ער איז אַ שוואַכער, לא־עליכם, אויסער דעם זיצט ער שוין אַ פּאָר וואָכען איבּער אַ האַרבּע שאלה פון בשר בחלב; און דער עקר איז, אַז ער איז ברוגז אויף קהל, ווייל מען וויל איהם נישט מוסיף זיין צוויי גילדען אַ וואָך אויף דער פּרנסה.

געקוממען איז, על־כּן, אַ דריי בעלי־בּתּים מיט צוויי שמשים. איך הייב אָן ביי מיין בעל־הבּית.

ער האָט נישט קיין ווייב. און פערענטפערט זיך באַלד:

— ווי לאַנג, מיינט איהר, איז זי, אונז צו לאַנגערע יאָהר, נפטר געוואָרען?

אַ כּלל — איין אַלמן; דריי אויסגעגעבּענע זיהן, איין אויסגעגעבּ.ע טאָכטער, צוויי יונגלעך און אַ מיידעל אין דער היים. דערביי, בעט ער זיך, איך זאָלל פער־שרייבען, אַז אַללע זיהן — אויסער דעם יונגסטען, וואָס איז ערשט אַלט 4 יאָהר, און ביז ער וועט „שטיין״, וועט נאָך משיח קוממען! —, אַז די רעשט זיהן האָט יעדער זיין פעהלער.

אויסער די עלטערע, צוויי אויסגעגעבּענע, זיהן, האָב איך שוין געקענט די גאַנצע משפחה. די אויסגעגעבּענע טאָכטער האָט אין דעם אייגענעם הויז אַ געוועל־בעל מיט טיטון, טאַבּאַק, טהיי און צוקער, ווי אויך שפּייז; דאַכט זיך, נאָך סמאַר און נאַפט. איך האָב באַלד אין דער פריה ביי איהר צוקער געקויפט. זי איז אַלט אַ יאָהר 25. אַ דאַר פּנים, אַ לאַנגע, אויטערגעבּויגענע נאָז, וואָס ציילט איהר, דאַכט

זיך, די פֿוילע שוואַרצע ציין אין׳ם האַלב־אָפֿענעם מויל, אַ פּאָאר בלאָנע־בלאָה־ שוואַרצע געפּלאַצטע ליפּען — דער פֿאָטער אויס׳ן אויג. די שוועסטער איהרע, אַ מיידעל, איז גאַנץ אָהנליך צו׳ן איהר; זי האָט אָבער „כלה־חן". דאָס פּנים איז פֿרישער, רויטליכער, די ציין — ווייסער, אונ אין גאַנצען נישט אַזוי צו־יאָהרען, נישט אַזוי אָבגעלאָזט. אויך זעה איך ביידע יונגלעך, שאָנע יונגעלעך, זיי האָבען געמוזט אין דער מאַמען אַריין געראָטהען. רויטע בעקעלעך. חנודיקע, פֿערשאָמטע אייגעלעך... פֿולל פֿעדערן אין די געדרייטע שוואַרצע לאָקלעך... נור מאוסע תּנועות: זיי הייבען אַללע מאָל די פּלייצעלעך, פֿערקרימען זיך. זיי טראָגען שינעטענע קאַפּאָטקעלעך. ברודיג נור גאַנץ.

די מוטטער אַ פּנים איז נישט לאַנג געשטאָרבען. געגוג צייט געווען צו פֿער־ ברודיגען; וועניג — צו צורייסען... היינט, — ווער האָט צייט צו זיי? די עלטערע שוועסטער האָט 4 קינדער, אַ מאַנן אַ למדן אונ אַ געוועלבעל... דאָס „כלה מיידעל" פֿיהרט די שענק; דער פֿאָטער האָט קיין צייט נישט.

— וואָס איז אַ י י ע ר געשאָפֿט, פֿרעג איך איהן.

— פּראָצענט...

— ליחווע?

— ליחווע?... עט...

— גלייך אַזוי? מען האָט ווייניג מיט אונז צו טהון...

— ווייסט איהר וואָס, — מאַכט ער, — נאָט אַייך אַוועק אַללע מיינע שמאַטעס — וועקסלען — אַקטען, אַלץ פֿאַר 25 פּראָצענט. נור צאָהלט מיר אויס באַאר! איך לייג אַוועק נישט נור די ליחווע, אפילו די שענק! איך וואָלט באָדיי אַוועק געפֿאָהרען קיין אָרץ־ישראל... אַבי געלד! אָפשר ווילט איהר, נאָט אַייך אַ חרם קוויטעל! איהר מיינט, אַז מיר האַלטען זיך אין דער ליהווע... זי האַלט אונז. מען צאָהלט נישט; וואַקסט דער חוב. וואָס מעהר דער חוב וואַקסט; ווייניגער ווערטה איז ער, מעהר קבצן ווער איך... אויף נאמנות!

פֿאַרן אַרויסגעהן ווייטער פֿערשרייבען, האָב איך נאָך בייגעוואָהנט אַ קליינע סצענע. בשעת ווען איך האָב צו־נויף־געקליבען מיינע כלים, פּאַפּיער, בלייששטיפֿט, פּאַפּיראָסען, האָט ר׳ ברוך דערוווייל אָנגעשמיערט פֿאַר די קינדער, אין חדר אַריין מיט צו נעמען, צוויי שטיקלעך ברויט מיט פּוטטער, מיט אַ ציבעלע אַ שציפּיאָרעק.

— נור גייטס! מאַכט ער; ער וויל זיי נישט האָבען אין שענק. דער קלענערער יהום איז אָבער נישט צופֿרידען. ער הייבט אויף די פּלייצעלעך אונ פֿערקרימט זיך צו׳ם וויינען. ער שאָמט זיך אַ ביסעל פֿאַר מיר, וואַרט, איך זאָלל אַרויס געהן; ער קאָנן זיך אָבער נישט דערוואַרטען, אונ לאָזט אַרויס אַ געוויין:

— נאָך אַ שציפּיאָרעק, וויל ער.

— די מאַמע פּלעגט מ י ר געבען צוויי !

די שוועסטער איז צוגעלאָפען צו דער שאַנק, זי האָט אַרויס געחאַפּט און געגעבען איהם נאָך שציפּאָרעק.

— גיי, — מאַכט זי אויך, — נור אַ סך ווייכער. אין די וואָרטער האָט דער מוטטער׳ס קול געקלונגען. —

---

# ד.

## וָואס דַארְף אַ יוּדֶענֶע ?

מיר געהען פון הויז צו הויז פון נוממער איינס אָן. איך ווייס אַלליין, וואו יודען און וואו נישט יודען וואָהנען, איך קוק נור אין פענסטער אַריין. פערגעלטע פענ־סטער איז אַ סימן פון „אַתּה בחרתנו״, בפרט נאָך אויסגעהאַקטע שויבען, פער־טרעטענע מיט קישעלעך און זאַק ... פאַר דאָס — בלומענטאָפּף און פאָרהאַנגען זעננען סמנים מובהקים, אַז דאָ וואָהנט שוין אַזוינער, וואָס האָט נישט אַזא פראָווע אויפ׳ן דלות ווי יענע ...

עס טרעפען זיך אויסנאַהמען ... אָט וואָהנט נ י ש ט אַ יוד, נור אַ שטאַרקער שכור ... און פערקעהרט, — בלומען און פאָרהאָנגליך, נור ד אָ ליינט מען שוין די „הצפירה״.

דען אָרגסטען איינדרוק מאַכט אויף מיר אַ גרויס, אַ הילצערן משונה הויז, עס איז גראָססער, נור שוואַרצער און ברודיגער פאַר אַללע הייזער. די פאַציאַט האָט זיך שטאַרק אַריבער געבויגען, און קוקט אַרונטער אויף זיינס־גלייכען, — אויך איין אַלטע שוואַרצע חורבה, — אויף איין אַלטע, אויסגעדאַרטע, איינגעבויגענע, ציטערדיקע יודענע, וואָס דינגט זיך מיט איהר קונה, — אַ צושויבערטע געלע דינסט־מויד, איבער אַ צולאָג צו׳ן אַ פונט זאַלץ.

דער שמש ווייזט מיר אויף דער אַלטער: דאָס איז „די בעל־הבית׳טע פון הויז״. איך האָב מיך פערוואונדערט; די יודענע איז צו אָרעם פאַר אַזא הויז.

— דאָס הויז, ערקלערט דער שמש, איז אייגענטליך נישט איהר. זי האָט נור אַ זעקסטעל דאָזוואָציע, איין אַלמנה איז זי... נור די יורשים, איהרע קינדער, וואָהנען נישט היע, — הייסט זי בעל־הבית.

— וויפיעל מאַכט דאָס הויז ?

— גאָר נישט.

— ווערטה איז עס ?

— אַ פֿונפֿצעהן הונדערט רובל.

— אונ מאַכט גאָר נישט?

— עס שטעהט ליידיג.

עס קוממען מיר אויף די געדאַנקען „יענע בחורים”... מן הסתם וואַרפֿט מען דאָ ציגעל אָדער קאַרטאָפֿעל.

— ניין, זאָגט דער שמש, אונ שמייכעלט. פֿערהאַנען אַזוינע אַנדערע צוויי הייזער, וואָס מען וועט מוזען צו לייגען; דאָ איז עפּיס אַנדערש: אין דעם הויז, פֿערשטעהט איהר, האָט געוואָהנט אַמאָל אַ דאָקטאָר; איז ער געשטאָרבען, אונ שוין, שטעהט ליידיג ס'הויז!

— וואָס איז, אויף אַ זאַראַזשליווע קראַנקהייט?

— חס ושלום!

— וואָס דענן?

— עס האָט פּשוט נישט ווער צו וואָהנען; ווער זאָלל וואָהנען?

— ווי הייסט, ווער?

— טאַקי ווער? ביי אונז האָט יעדערער כמעט זיין נחלה. ווער עס דינגט שוין אַ דירה, ווילל נישט קיין בעזונדערע שטוב צו פֿערהייצען. ביי אונז איז אַ מאָדע, אַז אַ קאַמאָרניק (לאָקאַטאָר) צאָהלט עטליכע רובל אַ יאָהר פֿאַר איין עק שטוב בעהייצונג. ווער דאַרף אַזוינע גרויסע שטיבער?

— נאָך וואָס האָט מען געשטעלט אַזא הויז?

— באַ, — אַמאָל! היינט דאַרף מען נישט...

— נעביך!

— וואָס פֿאַר אַ נעביך? זי האָט אַ שטעלל מיט זאַלץ, פֿערדיענט עטליכע רובל אַ וואָך. פֿון דעם צאָהלט זי אָב 28 רובל אַ יאָהר פּאָדאַטעק פֿון הויז. פֿון דער רעשט לעבט זי... וואָס דאַרף אַ יודענע? וואָס פֿעהלט איהר? הכריכים האָט זי שוין!...

איך האָב נאָך אַמאָל אַ קוק געטהון אויף דער אַלטיטשקער, אונ עס האָט זיך מיר שוין געדאַכט, אַז עס פֿעהלט איהר באמת גאָר נישט. איהר גערונצעלטע הויט האָט מיר אפילו צוגעשמייכעלט: וואָס דאַרף אַ יודענע?

# ה.

## נומער 42

איך בין געגאנגען פון הויז צו הויז לויט נומר, מיט א צעטעל אין דער האנד. פון נומר 41 האט מיך דאך דער שמש געפיהרט צו 43.

— אונ 42? — פרעג איך.

— אט! ווייזט ער מיר אויף א שטיק חורבה אין א שמאל גאססעל צווישען איין — אונ דריי — אונ פערציג.

— איינגעפאללען?

— איינגעלייגט, אנטפערט דער שמש.

— פאר וואס?

— איבער א פייער מויער.

איך האב נישט פערשטאנען וואס ער מיינט.

מיר זענען ביידע מיעד געוועזען געהענדיג, אונ האבען זיך געזעצט אויף א באנק אין פארשעניע. דער שמש פערציילט:

— פערשטעהט איהר, על-פי דיניהם, אויב איין געבויט הויז איז נישט גענוג ווייט אבגעטרעטען פון צווייטען, מוז מען אבטהיילען די דאכער מיט פייער-מוירען. ווי ווייט דער מהלך דארף זיין, ווייס איך נישט; משפטים בל ידעום, דאכט זיך, מעהר ווי ד' אמות. א פייער מויער איז ביי זיי א סגולה פאר א שרפה... נו דאס הייזעל האט אבער געשטעלט א קבצן גדול, ירוחם יוואנחאווקער, א מלמד, האט ער נישט געקאנט מאכען קיין פייער-מויער.

— זיין גאנץ בויען, פראוודע, איז געוועזען אהן א יסוד. דערנאך, ווערט איהר הערען, איז דער פון געווארען א דין תורה. ביי דעם דין תורה, האט, עליה-השלום, זיין ווייב מלכה דערציילט דברים כהויתן. ווי דער סדר עולם איז, אנגעהויבען מששת ימי בראשית. אונ אזוי האט אזוי איז געוועזען די מעשה:

מלכה האט מיט איהר מאנ'דיל נישט גערעדט א יאהר פונפצעהן. זי איז בטבע א פערביססענע יודענע געוועזען, נישט אויסגערעדט זאלל עס זיין: א הויכע, א דאארע, א שווארצע מיט א שפיציגע נאז ווי א האקען. זעלטען, אז עס איז איהר ארויס א ווארט פון מויל, חאטש פון פרנסה—א פשעקושקא! אונ מען האט נישט געדארפט! פון איהרם א קוק איז אויך שוין קיהל געווארען אין הארץ. אללע פשע-קופקעס האבען געציטערט פאר איהם אימת מות; זי האט שוין אזא'ן אויג געהאט. פערשטעהט זיך, אז ירוחם האט זיך מחיה געוועזען מיט איהר שווייגען; ער פלעגט צו'ן איהר אויך קיין ווארט נישט רעדען. אזוי שטיללערהייט, זעננען זיי דאך

געבּענשט געוואָרען מיט 2 בּנים־זכרים אונ דריי מיידלעך.

דאָך דער יצר־הרע — אַ בּעל־הבּית צו ווערען, האָט זיי בּיידע רייזיווריק געמאַכט. דער שמועס איז אַזוי געגאַנגען:

— מלכּה! זי אָנטפערט נישט.

— מלכּה? זי שווייגט. ער מלכּה׳עט, אונ זי ריהרט זיך נישט פון אָרט.

ירוחם שטעלט זיך אָבּער אויף אונ גיט אַ געשריי:

— מלכּה! איך וויל שטעללען אַ הויז!

מלכּה האָט שוין נישט אויסגעהאַלטען, אונ אויפגעהויבּען איין אויג אונ געפּאַפּענט דאָס מויל. „איך האָבּ געמיינט — פערצעהלט זי — ער איז משוגע געוואָרען!

אונ אַ שגעון איז עס בּאמת געוועזען. ער האָט געהאַט בּירושה פון איין גָלטער זיידען דאָס שטיקעל פּלאַץ, דאָס שמאָהלע, וואָס איהר האָט געזעהען, אונ — קיין פּחות משוה פּרוטה געלד. דען ווייבּס פּאָר טשוועקעס, וועלכע מען האָט דערנאָכטען פערקויפט פּאַר 3־מאָל ח״י זהובים, פלעגען זיין פערזעצט אַ גאַנץ גייענדיג יאָהר; אויסער שבּת ויום טוב, ווען ירוחם האָט זיי אַרויסגענוממען אויף אַ חרם־קוויטעל.

אַז דער יצר־הרע נעהמט זיך אָבּער צו הילף דען כּח הדמיון איז „מי יעמוד״! „קוים שטעלט ער אויף אַ הויז, איז ער פערזאָרגט מיט אַללעם גוטען. אַ בּטוח וועט ער זיין, וועט ער זיך בּאָרגען אויף אַ ציעג אונ האָבּען די מחיה אין דער היים. איין שטוב וועט ער פערדינגען אויף אַ שענק, אונ, אַז גאָטט, בּ״ה, וועט העלפען, וועט זי אַליין זיין שענקער׳ן. אונ דער עיקר — די קינדער פערזאָרגט! די יונגלעך וועט ער סאַי־ווי־סאַי שיקקען אין אַ ישיבה אַריין, די מיידלעך וועט ער געבּען אַ שטר חצי זכר אויף דער נחלה, אונ — אַיין־עק!

אַי מיט וואָס מען וועט בּויען? אויף דעם האָט ער געהאַט אַ גרייטען חשבּון:

— איך בּין — זאָגט ער — מלמד, אונ דו פּשעקופּקע, האָבּ׳מיר דאָך צוויי פּרנסות; פון איין פּרנסה וועלל׳מיר לעבּען אונ פון דער צווייטען — בּויען.

— וואָס רעדסטדו, משוגע — אָנפערט מלכּה — מיט בּיידע פּרנסות קוממען מיר נישט אוים...

— אַזוי ווי מען נעהמט זיך פּאָר — זאָגט ער — אַזוי העלפט גאָטט בּ״ה. אַ והא ראיה — מאַכט ער — אָט זעה! נח מלמד, אונזער שכן, האָט אַ קראַנק ווייבּ, וואָס פערדיענט נישט אַ דרייער אונ זעקס קינדערלעך — זאָללען געזונד אונ שטאַרק זיין, אונ לעבּט דאָך פון מלמדות אַליין.

— וואָס רעדסט דו, ער איז אַ גרויסער מלמד, סאַמע גבירישע קינדער —

— פּאָר וואָס, מיינסט דו, איז אַזוי? וואָס איז? ער קענן בּעססער לערנען

פֿאַר מיר? אַודאי און אַודאי נישט, נור אַז גאָטט ב"ה זעהט, אַז ער האָט נישט מעהר ווי איין פּרנסה גיט ער איהם אין איהר די שפע. און, אַוהא ראיה? זעה ווייטער! די שוואַרצע ברכה! איין אַלמנה, אויך מיט 5 קינדער, און איז נור אַ פּשעקופּקע אַלליין...

— וואָס רעדסט דו, פֿערריקט ביזט דו? יענע, הלואי אויף מיר געזאָגט, האָט אַ הון רב שטעקקען אין עסק, אַודאי אַ רובל דרייסיג...

— נישט דאָס אָבער איז דער עיקר, — גיט ער איהר צו פֿערשטיין. — דער עיקר איז, אַז איהר קאָנן אַריינקומען די ברכה נור אין די אָפּפּעל! דער „רבונו של־עולם" פֿיהרט די וועלט על־פּי דרך הטבע!

אויך רעדט ער איהר איין, אַז מע׳קאָנן אָבשפּאָרען פֿון אַ סך זאַכען... מע׳קאָנן זיך בעגיין...

און עס איז אַזוי געבליבען. ירוחם האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון טאַבאַק־שמעקקען, דאָס גאַנצע הויז־געזינד — פֿון זויער־מילך בפרט און פֿון וויעטשערע בכלל, און מען האָט געבויט!

געבויט האָט מען יאָהרען לאַנג, נור אַז עס איז געקוממען צו דער פֿייער־מויער איז מלכּה געשטאַנען אָהן סחורה, ירוחם האָט שוין קיין כח נישט געהאַט צו לעבען, דער אָלטסטער זוהן האָט זיך געלאָזט אויף דער מדינה, דאָס יונגסטע איז געשטאָרבען, און דאָ פֿעהלט נאָך אַ ממון — אַ רובל 40 אויף אַ פֿייער־מויער.

נו, וואָס זאָלל מען טהון? מען האָט געמאַכט דעם כותב אין גמינע אין דער יד אַריין, און — אַריינגעצויגען זיך אָהן אַ פֿייער־מויער.

---

ער האָט זיך מיט נחת אַריינגעצויגען. אַ נושאים־מאַנן איז ער, האָט איהם די חברה געמאַכט אַ חנוכּת הבית. מען האָט אויסגעטרונקען, אָהן גוזמא, אַודאי אַ פֿאַס ביער, אַ חוץ בראָנפֿען און ראָזינקע־וויין. עס איז געוועזען אַ שמחה, אַ גדולה.

נור די שמחה האָט נישט לאַנג געדויערט. עפּיס אַ בעל־בית האָט זיך צוקריגט מיט ירוחם׳ס אַ שכן, מיט נח מלמד. דער נח־מלמד איז אַ מאָל אַ גרויסער בעל־הבית געוועזען, אַ גביר עצום! אַ חוץ דער נחלה, ביי וועלכער ער איז געבליבען, האָט ער פֿערמאָגט שיינע עטליכע מאות: דערצו האָט ער געפֿיהרט אַ מסחר מיט האָניג. שפּעטער, אַז עס איז ביי אונז געוועזען דאָס מחלוקת איבער׳ן ליטווישען רב, האָט מען איהם דען זוהן געמסרט (ער דיענט עד היום מיט אַ לונגען־פֿעהלער אין פּאָלק), און ער אַליין איז אַריינגעפֿאַללען אין אַ פּראָצעס פֿאַר אונטערלייגען דען רב. אַ רציחה איז טאַקי דעמעלט געוועזען, מיט „אוֹמזאָגען" איז מען שוין געוואָהנט.

אָבער אונטער שפּאַרען אַ הויז פון אַללע זייטען, אונ אונטערצינדען איז טאַקי רציחה׳שדיג... צו ער האָט געשטעקט דערינגנען צו ניין, נור דאָס פראָצעס אונ דער זוהן האָבען איהן בדול הדל געמאַכט, אונ ער איז מלמד געוואָרען. אַלס פריש־געבאַקענער מלמד האָט ער וויניג דרך־אֶרץ געהאַט פאַר בעלי־בתים, האָט זיך איינער בעלײדיגט, אַרויסגענוממען זיין בן אונ אַריינגעגעבען צו ירוחם׳ן אין חדר.

נח׳ן האָט די מעשה פערדראָססען, אַ „חברה־מאַנן" איז ער פון לאַנג, אין פאָוויאַט פלעגט ער אָבליגען טאָג אונ נאָכט, אַ מויל מיט אַ פּען האָט ער, נו — איז די מעשה מיט דער פייער־מויער אַרויס־געשווממען, אונ עס איז אַראָבגעקוממען דער סטאַרשי־סטראַזניק.

נור דערוויול האָט נח חרטה געהאַט! ער אַליין האָט זיך געסטאַרעט! מען האָט אָנגעהאָנגען אין דער דיעלע אַ מטבע, איז זי צוריק פערזונקען געוואָרען.

עס וואָלט שוין וויטער גוט געוועזען, מאַכט זיך אָבער אַ מעשה מיט תְּכֵלֶת. אַז ירוחם איז אַ ראָדזינער אונ טהוט אָן בלאָהע ציצית, איז נח אַ פערברענטער בעלזער אונ שרייט געוואַלט! אַ וואָרט צו׳ן אַ וואָרט, די פייער־מויער איז וויטער אַרוים, עס איז שוין אַ דיעלע אין סאָנד.

מען האָט געלאָזט אַ וויראָק זאַאָטשני. דער סאָנד האָט געפּסק׳ט, אַז ירוחם זאָלל במשך אַ חדש מאַכען אַ פייער־מויער, אונ אויב ניט — זאָלל מען איהם צוליגען דאָס הייזעל.

קיין דרייער איז נישט געוועזען, צונד האָט שוין נח קיין חרטה נישט געהאַט — (דאָס מחלוקת האָט ערשט רעכט געברענט) — אונ האָט נישט געוואָלט אָנטפּערן אַ גוט וואָרט. ירוחם האָט איהן גערופען צום רב; נח האָט אויסגעבאַטש דען שמש.

אַז מלכּה האָט געזעהען, אַז עס איז כָּלָה כל הקִצין, האָט זי אָנגעהאַפּט נח׳ן אין מיט׳ן גאַסס ביי׳ם פּאָדקאָלנער, אונ געשלעפּט ווי אַ הורג אַריין צום רב. עס איז אפילו געוועזען אַ פוללער מאַרק מיט בעלזער, נור ווער וועט צוגיין צו׳ן אַ יודענע?... „גברא דנשי קטלוהו לית דין ולית דיין" 1). נח׳ס וויב איז באַכגעגאַנגען אונ געשאָלטען מיט טויטע קללות, צוגעהן האָט זי מורא!... ביי׳ם רב האָט מלכּה פערציילט די מעשה מהחל ועד כלה; זי פערלאַנגט, אַז נח זאָלל מאַכען, אָדער עס זאָלל אַ פייער־מויער זיין, אָדער די דיעלע זאָל וויטער איינגעזונקען ווערען!...

אונזער רב׳יל האָט געוואוסט, אַז ווען ער וועט דאָ צו־פּסקענען וועט דער צווייטער צד חסידים נעהמען זיך צו איהם, האָט ער זיך אויסגערדרייט ווי אַ יוד

1) אַ מאַנספּערזאָן וואָס ווייבער האָבען גע׳הרג׳ט, האָט קיין גערי׳כט אונ קיין ריכטער.

אַ למדן. ער קאָנן נישט פסקענען... גרמא בנזוקין... בע... מע... קיין פשרה קאָנן נישט זיין און האָט אָבגעשיקט די צדדים צו די רביים.

נו, „התובע הולך אחרי הנתבע", נח איז בעשטאַנענען, ירוחם — פֿאַר אײן ברירה, און אַזוי האָבען זיך ביידע אַראָב־געחאַפּט קיין בעלז.

---

איידער ירוחם איז אַוועק געפֿאָהרען, האָט ער איבער־געלאָזט זיינס אַ שוואָגער אַ דאָוויערענאָסט׳ מיט עטליכע רובל. וואָס ער האָט צו זאַממען־געבאָרגט (און געבאָרגט האָט מען איהם פֿאַר רחמנות), ער זאָלל מאַכען דערווייל איין אָפּאָזיציע.

עס איז אָבער אַלץ געגאַנגען שלימשלימזל. דער שוואָגער האָט די פּאָר רובעל אויפגעגעסען, צו, ווי ער זאָגט, פֿערלוירען... מלכה איז פֿאַר גרוים צרות קראַנק געוואָרען... ביי׳ם רבין האָט אפילו ירוחם געווינענען אַ „פּייער־מויער" מיט „הוצאות", נור צוריק צו וועגם האָט מען ביידע, נח׳ן מיט ירוחמ׳ן, געחאַפּט אויף דער גרעניץ, און אַהיים געפֿיהרט מיט׳ן עטאַפּ.

אַז מען האָט ירוחמ׳ן געבערענגט איז שוין מלכה געוועזען אויפ׳ן עולם אמת, און דאָס הייזעל — צו וואָרפֿען...

---

# ז.

## דער מַשְׂכִּיל.

און מיינט נישט אַז אין טישיוויץ עקט זיך די וועלט! עס איז דאָ אַ משכיל אויך. און איין אמת׳ר משכיל, אַ פֿערצייטישער, אַ מענש אין די מיטעלע־יאָהרען, נישט שטודירט, נישט געלעזען, אָהן ביכער, אָהן ציימונג אפילו, מיט איין וואָרט אַ משכיל פֿון דער לופֿט.

ער גאָהלט זיך נישט די באָרד; אין טישיוויץ איז מען יוצא מיט אונטער־שעערען, נור מען זאָגט, אַז „ער איז מסלסל בשערו אפילו עשרת ימי־התשובה"! דייטש געהט ער אויך נישט, דער פֿעלטשער אין טישיוויץ געהט אויך נישט דייטש, איז אויך אַ יוד אין אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט פאות!

אונזער משכיל איז יוצא מיט שטיוועל־פוצען, און אַ שוואַרץ סטענגעלע אויפ׳ן האַלז. ער האָט שירים פֿון פאות, פֿאַר דאָס טראָגט ער אַ קאַנטיג קאַשקעטעל. „פּראָסטע

(זאָגט מען) ווישמן ישורן ויבעט; „עס געהט איהם זייער שוואָהל, אַ שאַרף געוועלב; אין גאַנצען, אימשטיינס געזאָגט, 3 קינדערליך, וואָס פעהלט איהם? איז ער אַ משכיל!"

מיט וואָס ער איז אַ משכיל איז שווער געוועזען געוואָהר צו ווערען. עס איז גענוג, אַז מען ווייסט, אַז ער איז אַ משכיל; די גאַנצע שטאָדט זאָגט, אַז ער איז אַ משכיל, ער אַליין איז אויך מודה. דער עיקר זעננען זיינע „וואָרטליך", ער רעדט „על השם ועל משיחו".

לויט איך בין דערנאָך געוואָהר געוואָרען, האָט דער משכיל מיך אויך פאַר אַ משכיל גערעכענט, אונ זיכער געוועזען, אַז איך וועל ביי איהם איינשטעהן, על כל פנים ביי איהם „שרייבען" צום ערשטען.

— צו'ן אַזאַ זאַך, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען האָבען מענשען מיט קאָפּ. מיט אייך, פערד, וועט ער עפּיס מאַכען?

אונ אַז דער באַרג איז נישט געקוממען צו מחמד'ן, ווייל ער האָט פשוט נישט געוואוסט פון איהם, איז מחמד געגאַנגען צו'ם באַרג.

געטראָפען האָט ער מיך ביי איין אַלמנה אין שטוב. אַריינגעפאַללען איז ער מיט'ן רשע'ס שאלה פון דער הגדה — מיט'ן: מה העבודה הזאת לכם?

— Mój Panie! — וואָס מאַכט איהר עפּיס דאָ?

— וואו דאָ? פראָג איך.

— איהר מיינט, אַ פּנים, גאָר, אַז איך בין פון אונטערן אויבען! אַז מען וואָהנט אין טישיוויץ, איז מען שוין קיין מענש נישט, ווייסט מען שוין נישט, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך? איהר ווייסט: „עם לבן גרתי", איך וואָהן טאַקי דאָ, נור אַ נאָז האָב איך!

— אונ אַז איהר האָט אַ נאָז אונ ווייסט, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך, נאָך וואָס פראָגט איהר?

דער שמש האָט אויפגעשפּיצט די אויערען. דאָס אייגענע האָבען געטהון די עטליכע ליידיג-געהערס, וואָס זעננען מיר נאָכגעגאַנגען טריט-ביי-טריט. אויף זייער פנים איז אויסגעגאָססען אַ ווילדע הנאה, אויפ'ן שטערען — דער פּסוק: „יקומו נא הנערים ... לאָ'מיר זעהען, ווי צוויי משכּילים באַדיען זיך!"

— וואָס טויג מיר דאָרט, מאַכט דער משכיל גערייצט, חוזק-שמוזעק! מיין צונג איז אויך נישט קיין פאָדעשווע! אונ פאַר ווע'מען האָב איך מיך דאָ צו צופיהרען, פאַר טישיוויצער חמורים? זעהט נור די בידליאַקעס!

איך בין אין אַ פערלעגענהייט. אָננעממען פאַר טישיוויץ קאָנן איך מיך נישט, ווייל די טישיוויצער בעלי-בתים, אין פענסטער אונ אין טהיר, האָבען גאַנץ אָנגענעהם געשמייכעלט.

— נור, זאָגט מיר, וואָס איז דאָס אַזוינס? דאָס פֿערשרייבען!

— סטאַטיסטיק!

— סטאַטיסטיק־שמיסטיק! מיר האָבען שוין געהערט אַזוינס! נור נאָך וואָס טויג עס?

איך האָב געזאָגט. נישט איהם, אייגענטליך, נור טישעוויצער קהל; זאָללען זיי האָבען אַ בעגריף פֿון דער סטאַטיסטיק.

— האַ! האַ! האַ! צו־לאַכט זיך געדיכט און גראָב דער משכיל, דאָס וועט איהר איינרעדען טישעוויצער חמורים, נישט מיר! פֿאַר וואָס פֿערשרייבט איהר ווי מען וואָהנט: מיט אַ פּאָדלאָגע, אָהן אַ פּאָדלאָגע? וואָס גערט אייך אָן, אַז איינער וואָהנט אָהן אַ פּאָדלאָגע? האַ?

עס געהט אין דעם, פֿערצייל איך איהם, אַז מען וויל אויסווייזען, ווי אָרעם יודען זעננען; מען מיינט...

— מען מיינט גאָר נישט, האַקט ער מיר איבער. נור — זאָל זיין אַזוי! וואָס דאַרף מען אָבער וויססען אַקוראַט, וויפֿיל יונגלעך און וויפֿיל מיידלעך? און — ווי אַלט יעדעס איז? און אַללע קרענק, וואָס איהר פֿערשרייבט!

— מען איז אונז חשד, אַז מיר דיענען נישט אין מיליטער; די ביכער, ווייסט איהר אַ ודאי, זעננען נישט ריכטיג, ווילען מיר אויסווייזען...

— נו, אויך רעכט, למשל... איך בין אייך דערווייל מודה... אָבער—פּאַטיענטען? נאָך וואָס פֿערשרייבט איהר, ווער עס האָט? און פֿאַר וויפֿיעל?.

— אויס צו־ווייזען, אַז יודען —

דער משכיל לאָזט מיך אָבער נישט ענדיגען.

— איהר דערציילט מיר נישט קיין באָבע מעשות! דערווייל וועט מען געוואָהר ווערען, אַז איינער און דער צווייטער האָט אַ קלענערן פּאַטענט, וועט מען איהם שטעללען אַ חופה!

קוים ער האָט עס אַרויס געזאָגט, איז ראַפּטים דער עולם פֿון פֿענסטער נעלם געוואָרען. דער שמש פֿון טהיר האָט זיך אָבגעטראָגען, אַז דער משכיל, וואָס האָט גאָר נישט אַזוי שלעכט געמיינט, איז געבליבען ווי פֿערשטיינערט.

דער עולם האָט מורא געקריגען. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט שוין גאַנץ טישי־וויץ מיט מיר געקלונגען. מען האָט מיך שוין חשד געווען, אַז איך בין אַ געשיקטער פֿון דער אַקציז. אַ קשיא אויף אַ מעשה, די צקציז ווייסט, אַז אַ יוד וועט בעססער געוואָהר ווערען אַללע סודות!

איך האָב מיך אַרום געדרייט אין מאַרק שוין איינער אַליין. דאָס שטאָדטיל האַלט זיך פֿון מיר פֿון וויטען. איין משכיל איז מיר נאָך געגאַנגען טריט־ביי־טריט. ער האָט געוואָלט מיט מיר רעדען. נור ער איז מיר שרעקליך

נמאס געוואָרען, איך האָב אויף זיין פּרצוף נישט געקענט קוקען.

אונ די פּנימ'ער אין גאַס ווערען ערנסטער אונ פינסטערער, איך הייב שוין אָן קלערען וועגען פּלטה מאַכען. מען קוקט אויף מיר צו פיעל פון דער זייט, מען כודעט זיך צו פיעל!

עס איז מיר איינגעפאַללען צו מאַכען נאָך די לעצטע פּריב. איך האָב מיך דער־מאַנט, אַז דער היינטיגער טישיוויצער רב איז אַמאָל ביי אונז דין געוועזען, ער וועט מיך דערקענגען, על כל פּנים עדות זאָגען, אַז איך בין נישט דאָס, וואָס מען מיינט!

— וואו וואָהנט דער רב? פראָג איך דען משכיל

ער דערפרייט זיך אונ אָנטפערט:

— קומט, איך וועלל אייך פיהרען!

---

# ז.

## דער טישיוויצער רב.

ווער עס האָט נישט דען טישיוויצער רב'ס שלאָפראָק געזעהען, וועט קיינמאָל נישט וויססען די סבה, פאַר וואָס די רביצין, זיין דריט ווייב, אַ יודענע קוים אין די מיטעלע יאָהרען טראָגט שוין אַ פאָר גרויסע בריללען אויף דער נאָז. דער שלאָפראָק זעהט אויס ווי פון איינציגע פאָדעם געלאַטעט.

— נאָך 2 גילדען אַ וואָך, בעקלאָגט זיך דער רב, ווען די שטאָדט גיט מיר, וואָלט איך געקאָנט שוין דורכקוממען, אַזוי איז גאָר ביטטער! נור איך וועלל מיינס אויספיהרען... אָהן אַ דין־תורה קאָננען זיי זיך נאָך בעגעהן, אויף דעם האָבען זיי גוטע יודען אונ... סאָנדעס; „טאָפּיַל — לאָפּיַל" פּסקינט אַ ליאַדע מלמד, שאלות־נשים, עס איז דאָך נאַריש, דאָס קאָנן מען נישט מחמיץ זיין! אָבער אויספיהרען וועלל איך. איך וואַרט נור אויף דער קלפי! אָרן אַ רב וועללען זיי קיין קלפי נישט מאַכען! לאָ'מיך זעהן אַ שטאָדט, קיין עין־הרע, איין עיר ואם בישראל, אָהן גבאים! אונ, וועט דאָס אויך נישט העלפען, וועל איך נישט פּרובען די חלפים... איך האָב זיי גוט אין דער האַנד!

עס איז שווער געוועזען דען רב אַראָב צופיהרען פון זיינע אייגענע צרות. דאָך אַז דער משכיל האָט איהם צו־געזאָגט, זיך צו סטאַרען פאַר איהם ביי קהל, צו פּועל'ן די הוספה, — האָט ער אונז געבעטען זיצען, אונ אויסגעהאָרכט אין וואָס עס געהט.

— נאַרישקייטען! מאַכט ער, איך קען דיך! זאָג זיי, די שוטים, אַז איך קען דיך.

— זיי אַנטלויפען פון מיר!

— עט, אַנטלויפען! וואָס הייסט אַנטלויפען? ווער אַנטלויפען? נאָך וואָס? נור מילא, אַז די זאָגסט אַנטלויפען! וועלל איך אַליין מיט דיר אַראָב געהן.

— אין וואָס וועסטו געהן? רופט זיך אָן אַ ווייבעריש קול פון אונטערן אויבען.

— גיב טאַקי אַהער די קאַפאָטע! אָנטפערט דער רב.

— געבען? איך האָב זי ערשט צוטרענט!

— מילא, מאַכט דער רב, אויך נישט, קיין אומגליק חס ושלום! וועל'מיר מאָרגען געהן!

איך גיב איהם צו־פערשטעהן, אַז עס איז ערשט מיטטאָג־צייט, אַז עס איז מיר אַ שאָד דער טאָג.

— נו, וואָס זשע זאָלל איך טהון? פרעגט דער רב און פערלייגט די האַנד, — פונקט האָט די רביצין זיך גענוממען צו מיין קאַפטאַן...

— רופט זיי אַרויף אַהער!

— רופען! רופען איז אַ קלייניגקייט, אויך אַיין עסק! נור ווער וועט קוממען? מען וועט מיך הערען ווי דעם רב! אפשר בעססער אַראָבגעהן אין שלאַפראָק?

— עס פּאַסט נישט, רבי, — רופט זיך אָן דער משכיל, — דער סטראַזניק געהט אַרום אין גאַסס!

— פון מיינעטוועגען, זאָגט דער רב, איך וואָלט געגאַנגען; זאָגט איהר: ניין, איז ניין.

עס בלייבט דערביי, מיר זאָללען אַללע דריי אַרויף רופען דען עולם פון גאַסס; דורכ'ן פענסטער. מיט'ן פענסטער־אָפּפענען איז אָבער נישט אַזוי לייכט צוגעגאַנגען. מען האָט עס שוין אַ יאָהר 15 נישט געאָפפענט. די שויבען זעננען דורכגעברענט פון דער זונן, דער קיט איז אויסגעדאַרט, און די שויבען ציטטערן ביי יעדען טריט איבער דער פאָדלאָגע. די קוואַטירען זעננען געלאָכערט פון האַלצ־וואָרם, צוגעקלעבט נור מיט'ן ראַסט (זיאַווער) צו דער וואַנד. עס איז נאָך אַ ספק אויב זיי האָבען זאַוויאַסע'ן.

עס איז אונז דאָך געראָטהען, מיר האָבען איין זייט געאָפפענט, דער נאָך די צווייטע און אָהן אַ שאָדען. דער רב האָט זיך אַנידער געשטעלט אין דער מיט, איך און דער משכיל פון ביידע זייטען און מיר אַללע דריי רופען.

דער מאַרק איז פולל מיט מענשען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום, איז שוין געוועזען אין עולם אין שטוב.

— רבותים, מאַכט צו זיי דער רב, איך קענן דען מענש...

— מען וועט נישט שרייבען! האָבען זיך אָנגערופען עטליכע קולות צו־זאַממען.

דער רב פערליערט באַלד דען קוראַזש.

— נישט — נישט! מאַכט ער שטילל. דער משכיל איז אָבער דערוויל אַרויף אויפ'ן טיש אונ רופט:

— חמורים! מען מוז שרייבען! דער טובת הכלל פערלאַנגט עס!

„לטובת הכלל" לאָגט ער, אַז ער האָט מיט מיר „איבערגערעדט שוין דאָס גאַנצע פּשטיל", אַז עס איז נישט ווי ער האָט „קיטאָוועס געטריבען", אַז איך האָב איהם אפילו געוויזען בריעף פון רבנים!

— פון וועלכע רבנים? רופט מען פון אַללע זייטען.

— פון פּאַריזער רב, האָט דער משכיל ווייטער געשפּינגען אויפ'ן הויכען קול,— פון פּאַריזער רב — (קיין אַנדערער פּאַסט איהם נישט), פון לאָנדאָנער...

— יודען, אַ היים! — האָט איהם עמיץ איבערגעהאַקט, — נישט אונ־זערע לייט!

אונ דער עולם האָט זיך אָנגעהויבען אַרויסשיטטען אַזוי געשווינד, ווי ער איז אָנגעקוממען. געבליבען זיינען מיר דריי אונ — דער שמש, וואָס האָט זיך צוגערוקט צו מיר —

— שענקט מיר עפּיס, מאַכט ער, פאַר'ן טאָג.

איך האָב איהם געגעבען עטליכע צעהנערליך. ער האָט נישט איבער געצאָהלט, אַריינגעוואָרפען אין קעשענע, אונ, נישט געזעגענט זיך, אַוועק געגאַנגען.

— וואָס זאָגט איהר, רבי? פרעג איך דען רב.

— איך ווייס? איך האָב שטאַרק — שטאַרק — מורא — עס זאָלל מיר נישט שאַטטען...

— אייך?

— וועמען דען? דיר? זעהסט דו אין עסק! ווערסט דו נישט מאַכען די סטאַטיסטיק, מען וועט זיך בעגעהען אָהן איהר... כי הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל!... איך מיין די שני זהובים אַ וואָך!

די רביצין מיט די גרויסע בריללען איז דערוויל אַפער פון אינטערן אויבען:

— איך האָב דיר לאַנג געזאָגט, מאַכט זי, דו זאָלסט דיך נישט אַריינמישען אין קהל'ס זאַכען, נור דו פאָלגסט דען מיך? ווי קומט אַזוינס צו אַ רב, דיין דאגה קהל?

— נו, שטיל שוין, רביצין, שטיללער, ענטפערט ער איהר ווייך, זעהסט

דאָך, איך בין שוין אַזוי, איך האָב אַ ווייך הארץ, עס בעריהרט מיר — נור אַ שאָד די צוויי גילדען אַ וואָך!

---

# ח.

## פערצאהלטע מעשות:

„אָבל וחפוי ראש" בין איך אראָב געגאנגען פון רב מיט'ן משכיל צוזאממען אין גאַסס־אַריין. מיר טרעפען דאָך דען שמש אויפ'ן וועג און דער פערזיכערט, אַז ווי איהם זעהט אויס, וועט מען קאָננען מאָרגען ווייטער שרייבען.

דען גאַנצען „טאַראַראַם" האָבען אָנגעמאַכט, צוויי אָבגעקוממענע בעלי־בתים, וואָס זעגען היינט פאַר גרויס דחקות געבליך: איינער אַ טרפה'נער שענקער און דער צווייטער אַ פ ע ר ד ס־ה אַ נ ד ל ע ר...

דער משכיל פון זיין זייט, זאָגט מיר צו צווישען מנחה ומעריב איבער צו שמועסען „דאָס פשט'על" מיט'ן עולם. און — „הייסט זיין נאָמען נישט שמעריל" (אַזא נאָמען האָט אַ משכיל אין טישעוויץ!) אויב ער וועט נישט „איבער־קערען דאָס שטאָדט'ל".

— זיי מאָגען זיך — זאָגט ער — אויף די קאָפּ שטעללען און שרייבען מוז מען! הפה שאסר הפה שהתיר!

גוט האָטש, דער משכיל האָט אין אַ חדר געלערנט; אויף דער גרויסער וועלט טרעפען זיך גאָך אַנדערע משכילים. —

איך געה צוריק אויף דער סטאַנציע; דער שמש געהט מיט. ביי מיין בעל־הבית דעם אַלמן איז נאָך אַ מנין געוועזען. צווישען מנחה ומעריב האָט מען אָנגעהויבען רעדען פון פאָליטיק, נאָך מעריב איז מען אַראָב אויף יודען! דער רוב איז שרעקליך אָפּטימיסטיש. ערשטענס מיינט מען נישט ז י י, צווייטענס וועט מען זיך מיט „יענקלען" נישט קיין עצה געבען; שכל האָט ע ר! דריטטענס, געהט עס ווי אַ ראָדעל, אַ ביסעל אַרויף, אַ ביסעל אראָב, פירטענס — וועט גאָטט העלפען, פינפטענס — וועללען גוטע יודען נישט דערלאָזען.

דאָס אַלטע ליעדעל!

— גלייבט מיר, שפּרינגט אַרויס איינער מיט פליהענדיגע קליינע אייגעלעך אונטער אַ קורצען שטערען, — גלייבט מיר, אַז ווען עס זאָלל זיין אחדות צווישען אַללע

גוטע יודען, זיי זאָללען זיך האַלטען איינס, מאַכי יד־אחת אונ אויפהערען צו זאָגען תחנון, וואָלט משיח געמוזט קוממען.

— דער קאָזיניצער ז"ל האָט דאָך אויפגעהערט, פראָגט איינער.

— איין שוואַלב, אָנטפערט דער יונגער־מאַנן, מאַכט קיין זוממער נישט. ווער שמיעסט, זיי זאָללען אַרויסגעבען איין אסור אויף כלל ישראל!

אַ מאָל מוז מען זיך אַקעגען שטעללען! אַיינשפאַרען זיך!

— ווען זיי גיבען אַרויס איין איסור — שפּאָט עמיץ אונ וואַרפט אויף מיר איין אויג — וואָלטען די אפקורסים אָנגעהויבען באַדיי דאַווענען אַבי צו זאָגען תחנון! אַבי משיח זאָל נישט קוממען!

דער עולם שמייכעלט.

— וואָס קוממט אָבער אַרויס — מיינט איין אַנדערער — אַז די גרויסע האַלטען זיך נישט צוזאַממען...

דער עולם האָט אָבגעקרעכצט.

געוויסס האָט זיך יעדערער דערמאַנט וויפיעל פעטש ער האָט שוין בעקריגען, וויפיעל צרות ער האָט שוין געהאַט דורך דען נישט בייאַנאַנד האַלטען. אונ דער בעסטער סימן, אַז טישעוויץ האָט שטאַרק געליטטען פון מחלוקת איז דאָס, וואָס פון דעם רעדען איז שוין נישט אַרויסגעקוממען קיין וכוח. ווע־גען דעם, ווער עס איז שולדיג פאַר וואָס עס איז קיין שלום נישט דאָ צווישען די גרויסע. מען האָט מורא פאַר אַ ניי מחלוקת.

איך האָב מיך אָנגערופען, אַז אינ׳עם מחלוקת איז מעהר שולדיג דער דלות. עס איז נישט דאָ מיט וואָס צו האַנדלען, מען געהט ליידיג, זוכט מען זיך געשעפטען, זוכט מען נאָך עברות, וכוחים, אַ והא ראיה: אין גראָססערע שטאָדט, וואו יעדערער איז פערנומען מיט זיינע געשעפטען, איז שטילל.

— עס זאָל עמיץ — מיין איך — אַריין וואַרפען אין טישעוויץ אַ פּאָר טויזענד רובל, וואָלט מען פערגעססען אין די אַללע זאַכען.

— אַ גרויסע זאַך עשירות, רופט זיך אָן איינער, איך זאָל געוועזען האָבען אָט אַזוי גרויס, אַ נאָגעל שכל, — וואָלט איך היינט גאַנץ טישעוויץ אַריינגעשטעקט אין בוזעם... עס האָט זיך אין איין האָהר געווענדט, איך האָב נור געדאַרפט וואָללען.

— אמת, אמת! האָט מען מעיד געוועזען אין אַללע זייטען, אמת, אַ מעשה שהיה —

— מילא, המפורסם אין צריך ראיה.

דער יוד, וואָס עס האָט איהם נור געפעהלט „אַ נאָגעל שכל" אָדער אַ פיצעלע רצון, נתעשר צו ווערען, האָט אויסגעזעהען ווי דער דלות אַלליין, דאַאַר, געלב, צו־

זאממענגעצויגען, אויסגעוויינט, און אין א קאפאטע, וואס האט נור אין טישיוויצער רב'ס שלאפראק איהר גלייכען געהאט.

אויף דעם איז אנגעקוממען דער משכיל.

נאטירליך, האט ער זיך צו־לאכט.

— ר' אליה — לאכט ער — איהר האט אודאי דאס גרויסע געווינס א שעה פאר'ן ציהען פערקויפט.

— זעה נור זיין לצנות, מאכט דער ר' אליה, גלייך ער געדענקט נישט די מעשה —

— אזוי לאנג קרענקט מיר נישט מיין קאפף — שווארט דער משכיל, ווי לאנג איך האב שוין פערגעססען, אויב איך האב אמאל געהערט די ליגען —

— ליגען? בעליידיגט זיך ר' אליה — גלאט אזוי, ליגען?! נאך אייך נאך איז עפיס אנדערש אויך ליגען!

איך מיש מיך אריין, און פרעג, וואס די מעשה איז געוועזען.

— פון ווארקער צדיק זכרונו לברכה, האט איהר דאך אודאי געהערט? הייבט ר' אליה אן.

— א ודאי!

— מן הסתם! פון איהם האט קינד און קייט געוואוסט! איהר ווייסט, אז צו איהם פלעגען פאהרען נישט נור חסידי אומות־העולם, נור אפילו דייטשליך אויך אפילו ליטוואקעס, די צלם־קאפף, אויך! אזוי גרוים גאלד זאלל איך האבען, ווי גרויס ליטוואקעס איך האב דארטען געזעהען. עס איז אפילו א מעשה געוועזען מיט א הוספת'ל. א ליטוואק מוז דאך אימיטום ווייזען זיין חריפות, פרעגט ער דארט א הוספות אין נדרים, דער רבי זכרונו לברכה האט איהם אמישנע פערטייטש פערקעהרט, „ס'טייטש רבי, שפרינגט דער ליטוואק ארוים, א תוספות אין ראש השנה פון דער אייגענער סוגיא זאגט דאך בפירוש דען היפך פון אייערע דבורים?" מילא, וואס קלערט איהר — עס איז געוועזען א נס מן השמים, אז אנשי שלומינו האבען איהן נישט דער'הרג'ט אויפ'ן ארט. נור נישט אין דעם בין איך אויסען. געהאנדעלט האט דער ווארקער מיט'ן רבונו של עולם, כביכול, ווי מיט א גוטען ברודער:

— רבונו של עולם, גיט ער זיך א שטעלל אנידער אין מיטען שטוב, עס וואלט שוין אפשר גענוג געוועזען צו מוטשען דיינע יודעלעך מיט היצען! זיי קאננען נישט זיצען און לערנען!

מען האט א פנים עפיס געאנפערט פון דארט.

— אזוי! מאכט ער, איז עפיס אנדערש! איך גיב דיר נאך! ביי גוט בעצאהלען איז אלץ רעכט. נור רבונו של עולם! טאמיר א ביסעל אויף דער וועלט!...

מען האָט ווייטער אָנגעזעהן בחוש אין זיין פנים, אַז ער האָרט אַ תשובה אונ אָנטפּערט:

— מילא, נישט — איז נישט! דו ביסט קוראַנט, וועל'מיר וואַרטען!

נור אין דעם בין איך אויך נישט אויסען. דער עקר איז געוועזען פאַר סנדקאות. פאַר אַ סנדקאות איז ער שוין געוועזען שטאַהל אונ אייזען; עס האָט נישט געהאָלפען קיין תירוץ. מען האָט שוין געוואַרט דאָרטען, אונ קוים האָט ער געגע־בען אַ ווינק, איז באַלד מקוים געוואָרען. ער האָט געזאָגט, אַז איידער ער געהט צו סנדקאות, אַז ער דערמאַנט זיך נור אינ'ם מוהל־מעססער, איז ער שוין בבחינת פחד, אונ דעריבער —„רצון יראיו יעשה"!

ער האָט זיך שטאַרק מצער געוועזען, וואָס מען איז דערפון געוואָהר געוואָ־רען. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט דעריבער שוין נישט לאַנג דאָ פראַווען, אַז ער וועט נתבקש ווערען בישיבה של מעלה. אַ ניט וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום נישט געהאַט. עס האָט געדאַרפט צו זיין בסוד!

נור, מען איז ד'ערפון געוואָהר געוואָרען! איך אויך! איך אפילו פריהער ווי אַנדערע, ווייל דער גבאי משה איז מיין ערשט־ווייב'ס אַ לייבליכער שוואָגער געווע־זען... אונ טאַקי דער משה, וואָס האָט אויס־געפּלאַפּלעלט דען סוד. דערפאַר האָט מען איהן אפילו מעביר געוועזען אויף אַ האַלב יאָהר; נור דער צער פון דעם יוד איז אַזוי גרוים געוועזען, אַז דער רבי האָט רחמנות געקריגען, אונ באַלד צוריק געשטעלט על כנו, נור דאָס געהאָר אויך נישט צו דער זאַך.

געננוג איך בין געוואָהר געוואָרען.

מילא — „וישמור הדבר בלבו"; איך האָב געוואַרט; איך וועל דאָך נישט געהן איבער אַ נאַרישקייט דוללען דעם רבין דען קאָפּף; איך וואַרט. דעמאָלט האָב איך געוואוינט אין גאַנצען אַ מייל אונטער וואָרקע. מיין ערשט ווייב האָט געלעבט אונ עס איז איהר נישט שלעכט געגאַנגען: שווער אויסצוקוממען איז אפילו געוועזען...

נור — איך האָב פערדיענט פון מיין שדכנות וואָס עס איז, אונ זי האָט אונז מפרנס געוועזען פון שטעלל. אַ חוצ'ען „דרויב", האָט זי נאָך קאָסט געגעבען אַ פּאָר פּאָלק, מיין אָלטערער טאָכטער. דער איידעם — אַ למדן מופלג! וואָס האָט מיר געפעהלט?

ויהי היום, דער איידעם איז אין גער, אין שטאָדטיל איז יריד, אונ די טאָכטער געהט צו קינד. שווער, איין ערשטלינג... ביילע־באַשע, אונזער באָבע, קאָנן זיך קיין עצה נישט געבען, אונ זי האָט שוין ווייען דען דריטען טאָג. עס העלפען נישט קיין טרוקענע, נישט קיין נאַססע־באַנקעס, קיין אָדער־לאָזען, עס איז

ביטטער! און דאָ קריג איך אַ ידיעה, אַז דער רבי קומט אויף סנדקאות! וואָס קלערט איהר? „ליהודים היתה אורה!״ — מיר זעננען אַללע דערפרייט געוואָרען! עס איז אין אונז אַריין אַ נייע נשמה! מיר בעטען, נור גאָטט זאָלל זי דערהאַלטען נאָך אַנדער־האַלבען טאָג! וואָרען אַריינגעלזאָזט האָט מען ערשט פונקט אַ שעה פאַר׳ן סנדקאות! דאָ ווערט אָבער דערווייל אַרגער און אַרגער, אַז עס איז סכנות־נפשות!

אַ פּאָר שעה פאַר׳ן סנדקאות איז איהר דאָך בעססער געוואָרען, אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט. זי איז צו־זיך געקוממען, געאָפּענט די אויגען, געטריבען די מוטטער אויפ׳ן יריד, און מיך צוגערופען צום בעט!... אַ נאַרישע יודענע... אַללע זעננען אַזוי, פאַר׳ן האָבען זעננען זיי בייז אויף אונז... „שמואלעק — זאָגט זי, — געפעלט איהר נישט! ער איז איהר קיינמאָל נישט געפעללען, זי האָט איהם פון דער ערשטער שעה נישט געוואָלט! זי קאָנן איהן גאָר נישט ליידען, זי וויל בעססער שטאַרבען! זי האָט אַמישנע אַרוים געשיקט די מוטטער, ווייל פאַר איהר האָט זי מורא געהאַט! זי, עליה השלום, איז טאַקי אַ פייער געווען צו קינדער. ביי׳ם בעדעקקענס, האָט זי זי געוואָלט פאַטשען!

איך, פערשטעהט זיך, גיב איהר צו פערשטעהן, אַז אַללע ווייבער זעננען אַזוי; אַז טהייל טהוען אפילו נדרים מיט די מאַנען נישט מעהר צו וואָהנען; אַז דערי־בער איז טאַקי דער קרבן חטאת... טהייל שוואָרען אפילו... נור — „אין אדם נתפס על צערו״. און זי האַלט זיך איהרס, זי געזעגענט זיך מיט מיר... זי דאַרף נישט, נישט קיין נדרים, נישט קיין שבועות, — שמייכעלט זי, — „איך גיי — זאָגט זי — אוים ווי אַ ליכט!

מיילא, האָר איך זי עפּיס, אַז איך זעה בחוש, אַז עס איז איהר בעססער! זי איז צוריק ביים גאַנצען שכל, און עס איז נאָך אין גאַנצען אַ האַלבע שעה צו סנדקאות? זי איז גאָר, אויף נאמנות, שיין־חנודיק געוואָרען!

איך זיץ ביים בעט, רעד מיט איהר... די באָבע אפילו איז אַוועק געגאַנגען; זי איז געגאַנגען קויפען אַ ווינעל אויפ׳ן יריד. איך קוק אויפ׳ן זייגער, עס איז שוין צייט צו געהן, איך קוק אויף איהר, — כאחד האדם! געזונד! דאָך גלוסט זיך מיר נישט פון איהר אַוועק צו געהן, זי איינע אַליין צו לאָזען. און איינע אליין, כמעט אין דער גאַנצער שטאָדט.

ביי אונז — פערשטעהט איהר — איז יריד איין מאָל אין יאָהר, און שטעהט דריי טאָג, און פון דעם האָט מען אַ גאַנץ יאָהר פרנסה. איהר קאָנט פערשטעהן, אַז אפילו ביי׳ם רבין איז אויך קיינער נישט געוועזען, אַללע אויפ׳ן יריד

נו, וואַרט איך אַ ביסל.

אין אַ האַלבע שעה אַרום, איז אָבער ראַפּט׳ם אַרגער געוואָרען. זי חאַפּט מיך אָן ביי דער האַנד, פאַלט אַרונטער אויפ׳ן קישען, מאַכט הויות. שלעכט!

זי הייבט אָן פּייפען ... איך שריי, עס ענטפערט קיינער! פון מאַרק קומט אַריין אַ גול, אַ געריוש פון טויזנדער מענשען. נור מיך האָרט נישט קיינער... צווישן אלפים מענשען מיט פויערן. — ווי אין אַ מדבר! איך וויל אויסרייסען די האַנד... געהן עמיצען רופען, זי האַלט אָבער זי שטאַרק...

עס דויערט איין מינוט, צוויי, עס איז שוין באַלד שפּעט, דאָ איז ביטער — רייס איך פאָרט אוים די האַנד און לויף גלייך אַהין! — דער ברית איז געוועזען אין צווייטען עק שטאָדט — איך פליה איבער וואָגען, איבער קיפּעס סחורות, איך פליה, און פליה .. עס דויערט מיר אַלץ צו לאַנג. געוועזען איז תמוז, און מיך האָט לויפענדיג געוואָרפען די קעלט... אָט, אָט, דערזעה איך שוין צמח'ס הויז, וואו עס איז דער ברית... „לב אדם יודע מרת נפשו" — דאָס האַרץ קלאַפּט אין מיר ווי ביי'ן אַ גזלן; איך פיהל, אַז דאָרט איז יציאת נשמה. אָט, האָב איך שוין דאָס ערשטע פענסטער! איך וויל אויף דער טהיר נישט וואַרטען, איך וועל אויס־האַקען די שויבען און אַריין. איך לויף גלייך צום פענסטער, איך זעה, דער רבי איז טאַקי אין שטוב, ער גייט אַרום אויף און אָב, איך וועל אַריין ווי אַ גזלן! איך נעהם צונויף די לעצטע כוחות... אין די אויערען קלינגט מיר: „טאַטישי! טאַטישי!"... איך שפּרינג —

דעם ערצאָהלער האָט אָטהעם פערפעהלט. ער רוהט זיך אָב, לאָזט אַראָב די אויגען, אין וועלכע עס האָבען זיך דיקע טרערען געוויזען, און ענדיגט שטיללער־הייט מיט אַ צובראָכען קול —

— עס איז אָבער נישט בעשעערט געוועזען! — פאַר'ן פענסטער איז געוועזען אַ באָרגעל מיסט מיט שטיינער — איך בין געפאַללען, און שיער נישט האַלז און לייב צו־בראָכען... איך האָב נאָך עד היום אַ צייכען אויפ'ן שטערין... אַז מען האָט מיך אַריין געבראַנגט צו'ם רבין, האָט ער שוין אַוועק געמאַכט מיט דער האַנד...

אַז, איך בין אַ היים געקוממען, (ווי אַזוי, ווייס איך נישט), איז זי שוין געלעגען אויף דער ערד... אָדער זי איז איז אַראָב געפאַללען ביים גוס'ען, אָדער איך האָב זי אַראָבגעשלעפט ביי'ם אַרוים־רייסען די האַנד..."

דער עולם איז שטילל געוואָרען, עס האָט אונז געדריקט אַ שטיין אויפ'ן האַרץ, איין משכיל איז באַלד צו זיך געקוממען —

— נו, — מאַכט ער — „ברוך דין אמת!", וואו איז דאָס עשירות!

דער ערצאָהלער האָט זיך אוים געווישט מיט'ן אַרבעל די אויגען, אַ טרויריגען שמייכעל געגעבען און ווייטער פערציילט —

— יאָ... איך האָב אַייך נור געוואָלט ווייזען, וואָס מען מיינט נישט בעשעערט. דערוויל האָט זיך געמאָכט צרות איבער צרות... מיין ווייב איז נפטר געוואָרען...

די שטעלל איז געגאַנגען לאבוד ... ביי'ן אַ מאַנעפרשון... איך בלייב מיט'ן דרויב אָהן אַ שטיקל ברויט ... האָב איך חתונה געהאַט... איך האָב אַמישנע געגומען איין אַלטערע יודענע! וואָרען, באמת, געמיינט האָב איך — אַ יודענע צו דער שטעלל! איך האָב אָבער געהאַט אַ „מקח טעות", וואָס אַ יאָהר — אַ בן! דערווייל זעננען אונזערע ירידים אָבגעפּאַללען, און אַ גאַנץ יאָהר איז די שטעלל ווערט אַ „שישקע פּולוועד"... האָב איך מיך מישב געווען: איין עק זאָלל עס האָבען! איך וועלל אַוועק לייגען דאָס שדכנות, ווערען איין עשר, און זיצען און לערנען! אַי — ווי אַזוי ווערט מען איין עשר? איך שרייב צו מיין געוועזענעם ווייב'ס שוואָגער, צו'ם גבאי, אַז, למען-השם, ער זאָלל מיר מודיע זיין, ווען עס וועט זיך מאַכען אַ סנדקאות.

עס איז נישט אַוועק אַ חודש, קריג איך אַ שליח מיוחד, און לויף קיין וואָרקע. איך שטעלל מיך אין ערגעץ נישט אָב, לויף גלייך צו'ם רבין.

— און — אַ גראָססערער בארג מיסט? לאַכט דער משכיל. דער ערצעהלער שיקט אין זיין זייט אַ בליק ווי אַ שפּיז.

— דער וואָרקער צדיק, ז"ע, — זאָגט ער — האָט געהאַלטען פון טהרות, זיין גאַנצע עבודה איז געוועזען ט ה ר ו ת!

— זעה נור, — מאַכט דער משכיל, — ווי ער קוקט אויף מיר! שיינעץ איינער! אַז דו ביסט געקוממען אַהער, ווער האָט דיר געהאָלפען! אַ וואָרקער חסיד? אפשר דיין אייגענער פעטער, דער צדיק? אָדער איך? האַ? דו וואָלסט שוין לאַנג געפּגרט פאר הונגער ווען נישט איך!

און ער ווענדט זיך איבער צו מיר:

— און היינט מיינט איהר, וואָס איז ער? מ ל מ ד ב י י מ י י נ ע קינדער, לאָ'מיך זיי איהם היינט אַוועק-נעממען, בלייבט ער שטעהן אָהן פּרנסה — אָהן אַ שטיקעל ברויט אין פּיסק...

דער יוד שווייגט מיט אַראָב געלאָזטע אויגען.

דער משכיל ווערט מיר אַללע רגע עקעלער, חאָטש ער האָט מיר נאָך פריער מיט די אויגען אַ צייכען געגעבען, אַז ער האָט געפּועל'ט, און מיט די האַנד געוויזען, אַז מאָרגען וועט מען שרייבען. איך דריי מיך איבער צו'ם יוד:

— נו, נו, דערצעהלט ווייטער ר' קרוב.

— זעהט אַליין, — מאַכט ער צום משכיל, — אונזער „פערשרייב'ער", אויפ'ן פּנים קוקענדיג, איז מעהר משכיל פון אייך, גלייבט אפשר ווייניגער פון אייך, און חוזק מאַכט ער נישט... מען מאָג זאָגען אַנדערש... דער רמב"ם, ז"ע, האָט אפילו אין סוף, להבדיל, נישט געגלייבט... נור, ווי עס איז, אַנפּערט מען ערנסט... אַ יוד דאַרף האָבען אַ ד ר ך... נור חוזק איז נישט מעשה... מעשה... יוד, עס

חאַפּט אָן בײַ דער לעבער!

— נו, נו! — מאַכט דער משׂכּיל ווײַבער, — שוין שוין אוים די רעשט.

— „איך וועל שוין מקצר זײַן — הייבט אָן דער אָרעמער יוד — איך קום אַרײַן אָהן אַ קוויטעל, בעל־פּה... אפילו אָהן אַ פּדיון... דעמאָלט גְעהט נישט קײן פּדיון... פֿאַר סנדקאות איז ער בבחינת „לא יועל כל כּופר", אַזוי כּלפּי מעלה ווי כּלפּי מטה... נור דאָס פּנים איז געווען סטראַשנע! האָנד אונ פֿים האָבען אונטער מיר געציטטערט! איך שטעה אונ אָפּפּען נישט דאָס מויל. ער, זכותו יגן עלינו, ער מאַכט גרויסע שפּרייז אויף אונ אָב.

ראַפּטים דערזעהט ער מיך, אונ גיט אַ געשריי טאַקי ממש ווי אַ לייב.

— וואָס ווילסט דו?

איך האָב מיך נאָך מעהר דערשראָקען אונ — קוים געאָנפּערט:

— עשירות!...

דער רבי האָט, אַ פּנים, נישט גוט דערהאָרט.

— עשירות? פֿראָגט ער, אונ דאָס קול איז געווען ווי פֿון אַ דונער.

— חאָטש... פּרנסה!... אָנטפּער איך נאָך שטיללער.

— וואָס, פּרנסה? שרייט ער ווייטער —

— חאָטש — פֿאַר הונגער נישט שטאַרבען!

דער רבי לויפֿט אויף אונ אָב, אונ שטעלט זיך ראַפּטים אונ פֿראָגט:

— וואָס נאָך?

איך האָב געמיינט — איך שטאַרב! דאַכט זיך מיר, (ווייס איך, מיר דאַכט זיך אַזוי), אַז נישט איך, נור עמיץ אַנדערש האָט מיר איבער־געדרייט די צונג! אונ זי האָט געאָנטפּערט:

— יוסף זאָלל זײַן אַ למדן...

אונ שוין! — איך בין קוים לעבענדיג אַרוים, אונ ער, זי"ע, איז די אַנדערע וואָך נפטר געוואָרען...

נו? האָט עפּעס אַ סך געפֿעהלט צו עשירות? אַ האָר! איך בין מיר אַליין שולדיג! ווען איך שפּאַר מיך אײַן, האַלט מיך איינס — מילא!

— איז חאָטש — פֿראָג איך — אייער יוסף אַ למדן מופלג?

— ער וואָלט אַ ודאי געווען, — אָנפּערט ער מיט אַ צובראָכענעם לשון, — נור ער וויל נישט... אויף דעם איז שוין קײן רבי נישט פֿערהאַנען... ער ווילל נישט לערנען!... טהו עפּים!

— וואָס טויג מיר דאָרטען — פֿאַלט דער משׂכּיל אַרײַן אין די רייד — דער „היוצא לנו מדברנו" איז: אַז מען דאַרף נישט האָבען קײן מיסט אונטער די

פענסטער; אַז מען פועל'ט נישט אָהן אַ פדיון, און דער עקר — אַז מען דאַרף פאַר קיין רבין נישט קיין מורא האָבען!

אין איין רגע איז דער בלאַסס-געלער יוד פלאַממענדיג געוואָרען, די אויגען האָבען זיך איהם אונטער געצונדען, די געשטאַלט האָט זיך אויסגעצויגען, און די שטוב האָט אַ היללעך געטהון פון צוויי פעטש, וואָס דער משכיל האָט געקריגען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך האָב מורא, אַז זיין ערשטע בקשה וועט אויך נישט דערפילט ווערען; ער וועט נאָך שטאַרבען פאַר הונגער.

---

# ט.

## אַ יונגעלע?

דען גאַסטהייזערם שאָן חנו'דיק יונגעלע מיט די מאוסע תנועה'לעך, מיט די לאָקעלעך פולל מיט פעדערן, קאָנן מיר אוים'ן קאָפּ נישט אַרוים. אָדער ער שטעהט מיר פאַר די אויגען מיט אַ סציפּיאָרעק אין האַנד און וויינט, און ווילל דען צווייטען; אָדער איך האָר איהן ביי מנחה-מעריב זאָגען אַזוי קינדיש-וויינענדיג-ערנסט דען קדיש, אַז עס האַפּט מיך אָן ביי'ם האַרץ.

ווען דער חסיד האָט דען משכיל געפּאַטשט, איז דאָס קינד אַזוי בלאַסס און גרין געוואָרען פאַר שרעק, אַז איך האָב איהן אַנגענוממען ביי די האַנד און אַרויס-געפיהרט פון שטוב.

— קום אַ ביסל שפּאַציערען!

— שפּאַצירען? שטאַממעלט ער.

דאָס בלאַססע פנים רייטעלט זיך.

— דו שפּאַצירסט קיינמאָל נישט?

— היינט נישט. אַז די מאַמע, עליה השלום, האָט געלעבט, פלעגט זי מיך מיט נעהמען שבת ויום טוב שפּאַצירען... דער טאַטע — איהר צו לאַנגערע יאָהר— הייסט בעססער אַריינקוקען אין אַ ספר.

דאָס איז שוין געוועזען אין לאַנגען איינפאָהר-הויז; פון דער ווייטען שיממערט אַ רויטער „מגן-דוד" פון אַ לאַמטער אַרוים. איך האָב זיין פנים נישט געזעהן, נור זיין דאַאר האַנדטעל האָט אין מיינער געציטטערט.

מיר זעננען אַרוים אין גאַסס אַריין.

דער הימעל הענגט איבער טישעוויץ ווי אַ טונקעל בלאָער מונדיר מיט מאַט-זילבערנע קנעפּ. מיין מיט-שפּאַצירער האָט עס אַ ודאי אויסגעזעהן ווי אַ פּרוכת מיט זילבערנע פליטערלעך בענייהט. איהם חלומט זיך אָפשר אַזאַ בלאָה-זיידען תפילין-בייטעלע מיט פליטערלעך; אין אַ יאָהר פינף זעקס וועט ער אָפּשר קריגען אַזאַ מתנה פון דער כלה.

ביינאַכט זעהט דאָס שטעדטיל גאָר אַנדערש אויס. די בערגלעך מיסט, די קרום- און לאַם-געבויגענע הייזלעך פערשוואונדען אין דער „פּאָעטישער שטיללער שוים פון דער נאַכט”; און די פענסטער און שויבען-טהירען זעהען אויס ווי גרויסע פייערדיגע, פורפור-שטראַהלענדיגע אויגען...

ביי די קוימען שטעהן שוין אַ ודאי טאָפּ מיט זידענדיג-וואַססער צו קאַרטאָפּעל אָדער „קליסקעלעך מיט ביבערלעך”. לויט סטאַטיסטיק פאַלט אין טישעוויץ דורכשניטליך 37 און אַ האַלבער רובל אויף אַ קאָפּ, איין ערך פון 10 קאָפּעקים אַ טאָג. בערעכענט: מלמד-געלד, צווייערליי געפּעס, שבתים און ימים-טובים, אַ קרענק און אַ גוטען יוד — אַ חוץ ביי-זאַכען ... וועט איהר פערשטעהן, אַז אַ יאַבּיל טרעפט זיך ביי'ם קוימען זעלטען, אַז די קליסקעלעך ווערען געמאַכט פון רעציען מעהל אָהן איין איי, און ווער ווייסט אויב די קאַרטאָפּעל ווע־ען געשמאָלצען.

דאָך שטעהען מאַנכע הייזליך שטאָק בלינד. דאָרט געהט אַ שטיקעל טרוקען-ברויט מיט, אָדער אָהן אַ הערינג. און אָפּשר — קריאת-שמע אָהן וועטשערע... אין איינעם פון די הייזלעך מוז שטעהן די אַלמנה, וואָס דאַרף אַזוי ווייניג, און קלאַפּען זיך אין דאַרען האַרץ-ברעטטעל אַריין ביי דער לאַנגע ודוי ... אָפּשר מאָסט זי זיך אָן איהרע תכריכים... דערמאָנט זיך אין אַ מאָליגען, מיט אַ גאָלדענעם פאַס בעזיימטען חופּה קלייד, און פון די אַלטע אויגען קאַפּיט אַראָב אַ טרער, און זי שמייכעלט דערביי אַריין אין דער פינסטערער נאַכט: וואָס דאַרף אַ יודענע?

מיין יתום האָט עפּיס אַנדערש אין זינן.

אונטערטאַנצענדיג אויף איין פיסעל רייסט ער אַרויף דאָס קאָפּעל צו דער לבנה, וואָס שווימט נאַריש-אַריסטאָקראַטיש פון איין דרילע אַרוים אין דער צווייטער אַריין.

ער זיפצט. צי האָט ער געזעהען אַ שטערן פאַללען? — ניין.

— אוי — זאָגט ער — וואָלט איך געוואָלט, משיח זאָלל קוממען!

— וואָס איז?

— איך וויל די לבנה זאָלל שוין גראָססער ווערען! עס איז אויף איהר אַזאַ רחמנות! זי האָט טאַקי געזינדיגט, אָבער אַזוי לאַנג צו ליידען... עס געהט שוין דער אלף הששי...

אין גאַנצען צוויי בקשות: פון טאַטען אויף דער ע ר ד, נאָך א סציפּיאָרעק, און פון פאָטער אין ה י מ מ ע ל — די לבנה זאָלל גראָססער ווערען!

עס האַפּט מיך אָן א ווילדער חשק איהם צו זאָגען: לאָז געמאַך! דיין היגער טאַטע וועט באַלד חתונה האָבען, דו וועסט באַלד א שטיף־מאַמע קריגען, א שטיפקינד ווערען, און וועסט וויינען א שטיקעל ברויט! זיי מוחל דעם סציפּיאָרעק, פערגעסס אויך די לבנה...

איך האָב מיך קוים איינגעהאַלטען.

מיר זעננען אַרויס פון טישיוויץ, דער פריהלינג־אָטהעם בלאָזט אויף אונז פון גרינעם פעלד. ער שלעפּט מיך צו צו׳ן א בוים. מיר זעצען זיך.

דאָ — פאַלט מיר איין — האָט ער געמוזט זיצען מיט זיין מוטטער. זי האָט איהם געמוזט ווייזען, וואָס עס וואַקסט אויף די שמאָלע פאַססען פון די מיעשטשאַנסקע פעלדער; ער דערקענט ווייץ, קאָרן, קאַרטאָפעל.

— און דאָ וואַקסען דאָרנער! צי קיינער עסט קיין דאָרנער נישט?

— עזעל עססען דאָרנער!

— פאַר וואָס — פרעגט ער — האָט גאָטט בעשאַפען, יעדע בריאה זאָלל עססען עפּיס אַנדערש?!

— ער ווייסט נישט, אַז ווען אַללע זאָללען גלייך עססען, וואָלטען אַללע גלייך געווען.

---

## י.

## דער יאַרצעווער רב

איז א מענש מיט אַללע „וויגאָדים“, מיט אַללעם גוטען. ער נעהמט פיער רובל א וואָך און האָט כמעט די והותר! וואָס? „דזיאד ז׳באַבאָן“! ער איז פריהער דין געווען אין א גראָססערער שטאָדט, אויך גענוממען פיער רובל א וואָך, און האָט זיך משבת לשבת ביי׳ם הערינג, כמעט די פינגער צו שניטטען. ער רעכענט מיר אוים: אָנבייסען, וויים איך, א ביסעל מילך־גריץ, א האַלב פונט פלייש צו׳ם וואַרעמעס, ביי נאַכט א גלאָזעל וואַרימס מיט נאָכטיגע בייגעל — איז שוין געווען ענג! נהרא נהרא ופשטיה, — דאָס וואַרעמעס אין די גרויסע שטאָדט איז א דלות. אַזוי איז מען אין גאַנצען פטור פון קאָלדאָן... ער איז נישט קראַנק צו וואַרטען ביז וויעצירע. און אין דער פריה — א ביסעל באָרשטש. אַזוי פיהרט מען

זיך טאַקי אין יאַרציעוו און אַזוי איז טאַקי גוט! דאָרט איז זעהר שלעכט געווען. איהן האָט עס אפילו נישט געאַרט, ער האָט גאָר נ י ש ט ל י ע ב קיין פליש, אין דער וואָכען איז עס אַ „מאכל גס", טאַקי אַ שווער מאכל. אין דער וואָכען האָט ער ליעב אַ ציבעלקעלע מיט אַ ביס'ל פיצמיטהאַנע. פיצמיטהאַנע האָט ער ליעבער אפילו ווי פורים'דיק קרויט, ער האָט שוין אַזא טבע. „נור די רביצין, זי האָרט דאָך נישט — שמייכעלט ער אויף איהר קוקענדיג — זי האָט עס אַ מאָל פערדראָססען! אַ יודענע האָט קנאה! ווי הייסט? די שוחט'קע האָט קישקע, און זי, די דַיָנ'טע — אפילו קיין ביינדיל! נישט אַ רציחה, האַ? היינט בין איך אַלץ פטור; אין יאַרציעוו, ברוך השם, עסט קינד און קייט פלייש — משבת לשבת, און אויך — שעבסענס! און אַבי די רביצין האָט נישט וועמען מקנא צו-זיין, איז אַלץ גוט.

— מקנא צו-זיין! וואָרציט אַריין די רביצין.

— איך ווייס, איך ווייס — לאַכט שטילל דעם רב'ס קליין געדונצעלט קאָפּעל, בשעת דאָס ווייך-שפיציגע באָרדיל ציטטערט, און די אַלטע אויגען ווערען פייכטער — איך ווייס, דיר איז נישט געגאַנגען אינ'ם זינדיגען גוף, נור אין כבוד התורה... ס'טיימש אַ שוחט — יאָ, און אַ דַיָן — נישט! אַ דַיָן איז דאָך גראָססער ווי אַ שוחט! סיי-ווי-סיי, ה י י נ ט בין איך פטור פון די אַללע זאַכען! — אַז מ'קוילעט גאָר נישט אַ גאַנצע וואָך!

נאָך צופריעדענער איז ער פון דער פרישע לופט. אין דער גרויסער שטאָדט פאַסט נישט פאַר בעלי-בתים, נור גרויסע הייזער: אין מיטען וואָהנען רייכע בעלי-בתים; אונטען אין קעלער, און אויבען אונטערן דאַך — אָרימע לייט, און — פערשטעהט זיך — די משעובדי-קהל.

זוממער האָט עס איהם געשטיקט... עס איז אַזוי ווייט געקוממען, אַז די רביצין האָט איהם אַוועק געגנביט דאָס טאַבאַק-פישקעלע, ער זאָלל האָטש קיין טאַבאַק נישט שמעקקען. זי האָט עס איהם אָבער געמוזט אָבגעבען; אָהן טאַבאַק איז ער גאָר אוים-מענש; ער קאָנן אפילו ביי'ן אַ ספר אָהן טאַבאַק נישט זיצען. אפילו ווען ער שמעקט נישט, מוז ער דאָס קאָרינע פישקעלע דרייען אין דער האַנד ביי'ם לערנען, און אפילו (ווי ציגנד) ביי'ם רעדען, אַ נים פערליערט ער די מחשבות, איז ער מגמגם מיט'ן לשון.

מילא — וואָס קלערט איהר — „אַז ער האָט דערזעהן יאַרציעוו מיט'ן גרויסען, מיט גראָז בעוואַקסענען מאַרק", האָט ער זיך געוואָלט לאָזען כלי-זמר שפּיעלען. „כלי-זמר האָבען טאַקי געשפּילט", דען טאָג איז גאַנץ קהל אין דערהיים געוועזען, און מען איז איהם אַקעגען געגאַנגען מיט קאָמאַראָווער מוזיק. אויך האָט ער זיך גאָר מחיה געווען מיט די פיצעלעך הייזעלעך, טאַקי ווי קאָרינע טאַבאַק

שטעקעלעך, סאַמע הילצערנע. איינס איז דאָ אַ געמויערטס, אַ גרויס, דאָס וואָס שטעהט אין מיט'ן מאַרק, — איז עס דעם פּריצ'ס. —

און היינט די טראָפּ, וואָס ער איז פּטור געוואָרען. ער איז בטבע אַ כּשל־ברך, נאָך אַ יאָהר וואָלט ער אָהן פּיס געבליבען! און די מנוחה! שטילל! עס בילט נישט קיין הונד, און, להבדיל, עס וואָיוועןנישט די קינדער. עס איז דאָ אַ דרייסיג קינדער און איבער זיי אָפּשר 6 מלמדים. האָט מען טאַקי אויף זיי השגחה, נישט ווי אין די גרויסע שטאָדט! וואָיוועןן, יאָ! פּורים, חנוכּה, אַ יום טוב! אַזוי אָבער — מען זאָלל עס האָרען אַ שאָרך!

און דער עיקר, האָט ער אַ ברכה פון זיין ליעבען נאָמען, — אַ שטאָדטיל אָהן מחלוקת! עס איז אפילו דאָ צוויי דריי חסידים מיט תּכלת, — „גלייבט מיר, איך בעט פאַר זייער לעבען", וואָרען, חס ושלום, איבער הונדערט יאָהר, וועט זיך מאַכען איין עסק מיט דער קבורה! אַזוי איז שטילל.

דאָס שטאָדטעל איז סאַמע דאָרפס־גייער, אָדער „לייפער". אפילו די בעלי־מלאָכות זיצען נישט אין דער היים, און געהען אויף די דאָרפער אַרבייטען. אפילו דער פעלשער לויפט אַרום אין דער סביבה מיט די באַנקעס. זונטאָג אין דער פריה קאָנט איהר טרעפען דען גאַנצען עולם ווי ער שיטט זיך אַרויס פון די הינערנע הייזלעך. אונטער דער שטאָדט טהוט מען אויס די שטיוועל, מען האָנגט זיי אויף אַ שטעקען איבער די פּלייצעס, און מען צולויפט זיך אין אַללע זייטען. פרייטאָג פאַרנאַכט קוממען זיי צוריק. אפילו דער שוחט געהט אַ מאָל אַוועק אויף אַ גאַנצע וואָך, — ווען האָט מען צייט צו פיהרען מחלוקת?

שבת און יום טוב, איז אפילו עָלול צו'ן אַזוינע זאַכען, עס מאַכט זיך אַ מאָל איין עסק, נור ווי! זיי זעננען גאָר נישט געוואָהנט דערצו; עס געהט עפּיס אימגעלימ־פּערט. דער עולם איז שלאָפּעריג און מיעד.

זיצט ער טאַקי און לערנט.

„עס מאַכט זיך אפילו (שמייכעלט ער) אַ מאָל אפילו אַ מחלוקת, נור — לשם שמים! צווישען מיר מיט'ן שוחט. פערשטעהט איהר: אַ שאלה טרעפט זיך זעהער זעלטען: אַ גאַנצע וואָך געהט מיליכדיג געפּאָס, שבת — פליישיג געפּאָס, ביי איין קוימען, בבת־אחת, שטעהן זיי נישט! אַ שאלת הריאָה טרעפט זיך איין מאָל אין יאָהר! נו פאַר דאָס, אַז עס טרעפט זיך שוין, לאָזט מען זי אַזוי געשווינד נישט אַרויס; וואַרפט מען דורך גאַנץ ש"ס, אַללע פּוסקים, און עס ווערט אַ מחלוקת. דער שוחט איז זייער איינגעשפּאַרט און פערקרעקט, און האָט נאָך אַ טבע זיין ביסעל חכרונים צו־לייגען אויף יענעמס פּלייצע; זאָגט ער, אַז איך בין „איינגע־שפּאַרט און פערקרעקט!".

לכתחילה האָט ער אפילו דאָ אויך ווילד צער געהאַט פון צוויי זאַכען, פון

דער הייפֿען, און — פֿונ'עם הייזעל. „אַלץ (שמייכעלט ער) דורך דער רביצין". מיט דער הייפֿען איז אַזוי געווען די מעשה: ער האָט זיך משוה געווען מיט קהל 4 רובל אַ וואָך. אַז דער פֿריהערדיגער רב האָט בעקומען 4 רובל אַ וואָך מיט די הייפֿען, האָט מען פֿון איהן מעלים געווען, און גאָר נישט.

נור דען ערשטען שבת-הגדול האָט ער געהאַלטען גאָר אַ גרויסען דרוש איבער חמץ בפסח. די שטאָדט איז גאָר אויסער זיך געוואָרען. „אַ גוטע זאַך שמעקט יעדען, אפילו איין עם-הארץ דאורייתא. איך זאָג, אַז עס קומט פֿון דעם, וואָס אַללע נשמות זעננען געווען ביי'ם באַרג סיני, און דאָרטען איז געווען „כל מה שעתיד תלמיד ותיק לחדש"! דעריבער אפילו ווען די נשמה האָט שוין פֿערגעססען, דערשמעקט זי דאָך, אַז דאָס איז עפּים פֿון יענע זאַכען... און טאַקי באַלד חול-המועד האָט מיר די שטאָדט אַליין צוגעגעבען די הייפֿען. באותו הרגע האָב איך ביי מיר געפֿיהלט אַ ביסעל גאוות, און זיין ליעבער נאָמען האָט מיך טאַקי באַלד געשטראָפֿט דערפֿאַר.

איך האָב געהאַט צרות פֿון דיא הייפֿען. אַ גאַנצע וואָך האָב איך געהאַט דין-תורות צווישען די בעלי-בית'טעס מיט דער רביצין, דער איז די חלה געווען צו הארט, דער — צו שווער; דער איז די חלה אָברינגדיג געוואָרען. מען האָט זי חושד געווען, אַז זי גיסט אַריין וואַססער. ווייס איך? איך האָב נישט געזעהען און זי זאָגט: ניין.

מילא, עס איז דאָך נאַריש, איך וועלל דאָך דער רביצין קיין דין-תורה נישט פסקענען, מאַך איך פשרות. קומט מען פֿרייטאָג, טויש איך אוים אויף מיינע קוילישען, אַ גאַנצע וואָך גיב איך צו נאָך אַ ביסעל הייפֿען אויף קליסקעלעך. הכלל — צרות צרו־ות! געלויבט איז גאָטט, עס האָט אַ שניידער געברענגט געפּרעסטע הייפֿען! אוים פֿונדו! איין — עק!

מיט'ן הייזעל ווייטער איז אַזוי געווען:

ער האָט בעמערקט, אַז די רביצין מאַכט זיך אַ קניפּעל. מילא, מאַכט זי — מאַכט זי; זיין דאגה! די קינדער געהט עס אפילו גוט, נו, ווילל זי אָפשר איין אייניקעל אַ מתנה קויפֿען; זאָלל זיין אַזוי! ער אפילו האַלט נישט דערפֿון, נור מיט אַ יודענע פֿיהרט ער קיין מלחמה נישט. אָפשר, טראַכט ער, מיינט זי עפּעס אַנדערש. „איך ווייס, נישט אויסגערעדט זאָלל עס זיין, אַ סך גרייטען זיך אָן אויף שפּעטער... ווייס איך! איך זאָג: „ברוך השם יום יום!", אַז מען וועט נפטר ווערען, וועט זיין הבריכים! נור ער מישט זיך נישט אַריין!

די הייפֿען זעננען נאָך דעמאָלט געגאַנגען, און, קורץ און בקיצור, „איינמ'אָל דערציילט מען מיר אין בית-המדרש אַ מעשה! באשר בכן, די רביצין האָט געקויפֿט אַ ביסעל געהילץ! איך קומם אַהיים, אמת! זי האָט שוין אפילו

בעשטעלט בעלי־מלאכות, זי הייבט אָן בויען אַ הייזעל! וואָס איז? זי וויל נישט וואָהנען קאָמאָרינע!". ער האָט זיך ווייטער נישט געמישט,—זאָלל זי בויען! און זי האָט אויפגעבויט, זי האָט אַריין געצויגען, ער — האָט נור איבערגעטראָגען זיין ש"ס. —

„נו, בין איך בעל־הבית אויך!"

איז איהם אָבער זייער ווייט געוועזען צום בית המדרש.

„לא־עליכם, אויף דער אַלטער זעננען מיר שוואַך געוואָרען די פיס. אין דער היים קיין סך ספרים האָב איך נישט. אין בית־המדרש ווייטער איז אַ חרם, נישט אַרויס צו געבען קיין ספר. נישט אַזוי דעם רב, קיין ראש־הקהל אפילו נישט. מאַכט זיך אַ שאלה, האָב איך מיר נישט מיט וואָס די האַנד צו צופיהרען. איך האָב געליטען צער דערפון"!

— „וואָס טהוט גאָטט? מאַכט זיך אַ שרפה'לע, עס איז אָבגעברענט געוואָרען עטליכע הייזער, מיינס אויך! געלויבט איז גאָטט! די בעלי־בתים האָבען קיין גרויסען היזק נישט געהאַט, זיי זעננען געוועזען „סעקערירט"; איך נישט אַודאי, — קהל האָט מיר, ווי איהר זעהט, אָבגעצוימט אַ שטיקעל „בית־המדרש!".

---

# יא.

## לאַשצאָוו:

אין אַ טונקעלע זוממער־נאַכט, צווישען 11 און 12, בין איך אָנגעקוממען קיין לאַשציאָוו. ווייטער אַ מאַרק, אַרומגעצוימט מיט געבויטע און געמויערטע הייזלעך. אין מיט'ן מאַרק ליגען אָנגעוואָרפענע ווייסע שטיינער. איך פאָהר צו נאָהענטער, — די שטיינער ריהרען זיך, קריגען הערנער; עס ווערט פון זיי אַ מאַססע הערליך־ווייסע ציגען.

די ציגען זעננען געשייטער פאַר טישיוויצער קהל; זיי דערשרעקען זיך נישט; איינע אָדער צוויי אין גאַנצען האָבען אויפגעהויבען די קאָפּ, בעטראַכט אונז שלאָפעריג, און ווייטער זיך גענוממען צום קאַרגען גראָז אין גאַסס און צום קראַצען איינס דאָס אַנדערע!

גליקליכע ציגען! עס מאַכט אויף אייך קיינער קיין בלבולים, איהר ברויכט זיך שרעקקען נישט פאַר סטאַטיסטיקער! אמת — מען קוילעט אייך, נו וואָס? ווער שטאַרבט נישט פאַר דער צייט? יסורים — האָט איהר זיכער ווייניגער!

איך דערמאַנן מיך, וואָס מען האָט מיר אין טישיוויץ געזאָגט: „אין לאַשציאָוו וועט איך בעססער אונ געשווינדער געהן. רוהיגע בעלי־בתים, שטיללע, עס וועט איך קיינער נישט נאָך לויפֿען".

קהל אונ די ציגען זעהען אויס אַ זווג צו זיין; איינס אין דאָס אַנדערע געראָטען.

דאָך מיין גאסט־הייזער, מיינס איין אַלטער בעקאַנטער, מאַכט מיר אַ ביסעל שווער דאָס הארץ. עס איז נישט, זאָגט ער, אַזוי לייכט ווי מען מיינט.

— אונ וואָס וועט איהר טהוען, פֿראָגט ער, איהר וועט אַרומגעהן מבית לבית?!

— ווי דען?

— הלואי־מען זאָלל אייך אָנטפֿערן אַ גוט וואָרט!

— פֿאַר וואָס נישט?

— אַ יוד האָט פֿיינט, מען זאָלל איהם אָפֿפֿענען אונ צעהלען די קאַססע.

— וואָס איז, די ברכה וועט נישט אַריין?

— ניין, דאָס נישט, נור די קללה — דער קרעדיט וועט אַרויס.

---

# יב.

## די ערשטע פֿריב.

אין דער פֿריה, נאָך איידער דער שמש איז געקוממען, זעננען שוין געוועזען ביי מיר עטליכע יודען; זיי וויללען זעהן דען פֿערשרייבער. מיין שם פֿאָהרט פֿאָר מיר! איך מאַך אַ פֿריב, אונ ווענד זיך צו איינעם.

— גוט מאָרגען, ר' קרוב.

— גוט מאָרגען, שלום־עליכם.

ער דערלאַנגט מיר גאַנץ פֿויל די האַנד.

— ווי הייסט איהר, ר' קרוב?

— לוי־יצחק.

— אונ אויפֿ'ן דייטשען נאָמען?

— וואָס דאַרפֿט איהר צו וויססען?

— וואָס, אַ סוד איז עס?

— אַ סוד צי נישט אַ סוד, נור איהר מאָגט מיר זאָגען, נאָך וואָס איהר דאַרף וויססען... דאָס איז דאָך אַ ודאי קיין סוד נישט!

— איהר ווייסט דען נישט?

— נישט אַקוראַט...

— און ווי איז אייער „מכּח שטוים״?

— „בּערענפעלץ״, — ענטפערט ער אַ ביסעל פערשעמט.

— אַ ווייב?

— עט!

— וואָס הייסט „עט״?

— ער ווילל זיך גט׳ן! — ענטפערט פאַר איהן איין אַנדערער.

— וויפיעל קינדער?

ער מוז זיך מישב זיין, און צעהלט אויף די פינגער: פון ערשטען ווייב, מיינע 1, 2, 3, — איהרע 1, 2, — פון צווייטען ווייב...

עס ווערט איהם דאָך נמאס צו צעהלען —

— נו, זאָלל זיין זעקס!

— „זאָלל זיין״ טויג נישט, איך דאַרף וויססען אַקוראַט!

— זעהט איהר, אָט דער „אַקוראַט״ איז נישט פּראָסט! אַ ק ו ר אַ ט!

וואָס דאַרפט איהר וויססען אַקוראַט? וואָס איז, איין טשינאָווניק זענט איהר? מע׳צאָהלט אייך דערפאַר? עס וועט אייך עמיץ נאָכפאָהרען און קאָנטראָליערען? אַ-קו-ר-ראַט!

— זאָג, בהמה, זאָג! מונטערן די רעשט. האָסט אָנגעהויבּען, — זאָג! זיי ווילּלען וויססען, וואָס פאַר אַ שאלות עס וועט אַלץ זיין.

ער האָט נאָך אַ מאָל איבער געצעהלט אויף די פינגער און עס איז געוואָרען, ב״ה, 3 מעהר.

— ניין קינדער, זאָללען געזונד און שטאַרק זיין.

— וויפיעל זיהן, און וויפיעל טאָכטער?

ער האָט נאָך אַמאָל געצעהלט:

— 4 זיהן און פינף טאָכטער.

— וויפיעל זיהן, און וויפיעל טאָכטער האָט איהר אויסגעגעבּען?

— דאָס דאַרפט איהר אויך וויססען? זאָגט מיר פאָרט, נאָך וואָס?

— זאָג שוין, זאָג! רופט דער עולם אונגעדולדיגער —

— 3 טאָכטער און 2 זיהן, ענטפערט עמיץ פאַר׳ן געפרעגטען —

— טאַקי? מאַכט דער געפרעגטער, און ׳שראַליק?

— ער האָט דאָך נאָך נישט חתונה געהאַט?

— ביזט אַ פערד! מע׳רופט איהן דעם שבת אויף! וואָס מאַכט אוים אַנדערע האַלבּען וואָכען? —

איך פֿערשרייב, אונ פֿרעג ווייטער:

— געדיענט אין מיליטער האָט איהר?

— אַ בעצאָהלטער, 400 רובל! וואו נעהם איך זיי היינט! קראַצט ער.

— אונ די זיהן?

— דער עלטערער האָט אַ גולע אונטער'ן רעכטען אויג אונ איז, לאַ־עליכם, נאָך אַ ביסעל געבראָכט... אָבגעלעגען איז ער אין 3 שפּיטאָלער, געקאָסט האָט מעהר ווי אַ חתונה! אונ מע'האָט איהם קוים פֿון פֿאָלק אַהיים געשיקט! דער צווייטער האָט אַ ווייבאָר, דער דריטער דיענט —

— אונ דאָס ווייב?

— מן השמים איז זי ביי מיר! וואָס איז די שאלה?

— זי האָט דאָך געקאָנט זיין ביי איהר פֿאָטער!

— אַ קבצן!

— אַ הויז האָט איהר?

— ווי דען!

— ווי פֿיעל איז עס ווערטה?

— עס זאָלל שטעהן אין זאַמושץ וואָלט עס ווערטה געוועהן, היע איז עס נישט ווערטה אַ דרייער, טיליע וואָס איך האָב אַ דירה.

— פֿאַר הונדערט רובל וואָלט איהר עס פֿערקויפֿט?

— חס ושלום! אַ נחלה?! פֿאַר 300 אויך נישט, זעהט איהר — 500 רובל! נאָ! וואָלט איך מיר געדונגען אַ שטיבעל, געמאַכט אַ שטיקל עסק...

— אונ אַזוי וואָס איז אייער געשעפֿט?

— ווער האָט אַ געשעפֿט?

— פֿון וואָס לעבט איהר?

— דאָס מיינט איהר?! מע'לעבט!

— פֿון וואַנען?

— פֿון השם־יתברך! אַז ער גיט, האָט מען!

— ער וואַרפֿט דאָך נישט פֿון הימעל אַראָב!

— ער וואַרפֿט טאַקי! איך וויים, פֿון וואַננען איך לעב? אָט, מאַכט אַ חשבון: איך דאַרף אַ הון, — 4 רובל אַ וואָך אַ ודאי! פֿון הויז האָב איך, אַ חוץ מיין דירה, אַ רובל 12 הכנסה; געהט אַראָב 9 רובל פּאַדאַטעק, אַ פֿינף רובל אויף רעפּעראַציע, בלייבט — אַ לאָך אין קעשענע אויף 2 רובל אַ יאָהר אַ ודאי!

ער פֿאַלט אַריין אין גדלות:

— קיין געלד, ברוך־השם, האָב איך נישט! נישט איך, נישט די אַללע יודען, וואָס שטעהן דאָ, נישט אַללע יודען! אויסער, אָפּשר, די דייטשען פֿון די גרויסע

שטאָדט... מיר האָבען נישט קיין געלד! קיין מלאכה קאָנען איך נישט, מיין זיידע האָט קיין שטיוועל נישט גענייהט! פון דעסטוועגען, אַז השם יתברך וויל, לעב איך; און לעב שוין אַזוי אַ יאָהר עטליכע פופציג! און — דאַרף מען אַ קינד חתונה מאַכען, מאַכט מען חתונה, טאַנצט מען אין דער בלאָטע!

— הכלל, וואָס זענט איהר?

— אַ יוד!

— וואָס טהוט איהר גאַנצע טאָג?

— איך לערן, איך דאַווען... וואָס טהוט אַ יוד?! אַז איך עסס אָב, געה איך אין מאַרק אַריין...

— וואָס טהוט איהר אין מאַרק?

— וואָס איך טהו? וואָס עס לאָזט זיך! אָט, נאָכטען למשל, האָב איך, דורכגעהענדיג, געהאָרט, אַז יונה באַריק וויל קויפען פון אַ פריצט וועגען 3 טריקעס; פאַרטאָג בין איך שוין ביי'ם צווייטען פריץ, וואָס האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז ער האָט צופיעל טריקעס! האָב איך געמאַכט מיט יונה באַריק יחדו, און האָבען ברוך־השם פערדיענט צו אַנדערהאַלבען קערביל־שטיק!

— זענט איהר, הייסט עס, אַ מעקלער?

— איך וויים? אַ מאָל פאַלט מיר איין, קויף איך גאָר אַ קערציל תבואה!

— אַ מאָל?

— וואָס הייסט אַ מאָל? אַז איך האָב דאָס קערביל, קויף איך!

— און אַז נישט?

— שאַף איך מיר אַ קערביל!

— ווי אַזוי? —

— ווי הייסט ווי אַזוי?

און עס דויערט אַ שטונדע, איידער איך ווער געוואָהר, אַז לוי יצחק בערענפעלץ איז אַ שטיקעל דיין און זיצט אין בוררות, אַ שטיק מעקלער, אַ חלק סוחר, אַ פיצעל שדכן, אַ מאָל, פאַלט איהם איין, געהט ער גאָר אין שליחות.

און פון די אַללע, אויסגערעכענטע און פערגעסענע „מלאכות" פערדיענט ער, האָטש בדוחק גדול, זיין ברויט פאַר ווייב און קינד! אפילו פאַר דער אויסגעגעבענער טאָכטער, ווייל איהר שווער איז גאָר אַ קבצן!

# יג.

## די צווייטע פּריב.

מען פיהרט מיך אין אַ געוועלבעל אריין.

עטליכע פּאַקלעך זאַפּאַלקעס, עטליכע פידאָליך פּאַפּיראָסען; נאָדלען, שפּילקעס, האָהרנאָדלען, קנאָפּלעך; געעלער, גריענער זייף! עטליכע שטיקליך היימישע גע'מלאכה'טער, שמעקעדיקער זייף... אַ ביסל בשמים, און נאָך קלייניגקייטען...

אַ צושפּרינג ביים טיש ליגט איין־אַלטע סאָכע, דאָס איז שוין, אַ ביי־געשעפֿט.

— ווער וואָהנט דאָ? פֿראָג איך.

— איהר זעהט דאָך!— ענטפֿערט מיר אַ יודענע און קאָמט ווייטער אַ מיידעלע פֿון אַ יאָהר צעהן, וואָס האָט דערווייל אַ פּער געחאַפּט דאָס קאָפּיל פֿון אונטערן קאַמעל, און בעקוקט מיט גרויסע פֿער'הדוש'טע אויגען דען גוי, וואָס רעדט יודיש!

— לעגסט צוריק דען קאָפּף! חצופה! שרייט די מוטטער.

— ווי הייסט אייער מאַנן? פֿראָג איך.

— משה!

— אויפֿ'ן דייטשען נאָמען?

— זיין נאָמען זאָלל אַ היים קוממען! — שילט זי פּלוצים — 4 שעה איז ער געגאַנגען אָבנעמען ביי דער שכנות אַ טאָפּעל!

— האָר אויף צו פּיסקיווין, — מאַכט דער שמש, — זאָג, וואָס מען פֿראָגט דיך —

פֿאַר'ן שמש האָט זי מורא. ער איז שמש און סאָלטים צוזאַממען. ער נעהמט צונויף די פּאָדאַטקעס און איז, אַ חוץ דעם חשוב ביי'ם וואָיט:

— ווער פּיסקיווייט? ווען? וואָס? אויף מיין מאַנן טאָר איך אויך קיין וואָרט נישט רעדען?

— ווי הייסט ער אויפֿ'ן דייטשען נאָמען? פֿראָג איך נאָך אַ מאָל.

דער שמש אַליין האָט זיך דערמאַנט און זאָגט מיר: „יונגפֿרייד".

— וויפֿיעל קינדער האָט איהר?

— איך בעט איך זעהער, ר' קרוב, קומט שפּעטער, ווען מיין מאַנן וועט זיין; דאָס איז זיין זאַך! גענוג, איך האָב אויף מיין קאָפּף דאָס געוועלב מיט דער שטוב, מיט 6 קינדער לאָבוזעס... ציעפּעט איהר איך חאָטש אָב פֿון מיר!

איך פערשרייב דערווייל 6 קינדער, און פרעג, וויפיעל זי האט פון זיי אויס־געגעבען.

— אויסגעגעבען! הלואי וואלט איך אויסגעגעבען, וואלטען מיר וויניגער גראהע האר געוואקסען! ס'וואקסט ביז'ן גראהען צאפ אריין.

— איהר האט סאמע מיידלעך?

— דריי יונגען אויך!

— וואס טהוען זיי?

— וואס זאללען זיי טהוען? צרות טהוען זיי מיר אן! זיי האבען אפפענע מיילער!

— פאר וואר לערנט איהר זיי נישט קיין מלאכה?

זי פערציהט די נאז, ווארפט א בייזען בליק און וויל מעהר נישט אנטפערן.

איך פאלל אויף איין המצאה, קויף ביי איהר א פאקעל פאפיראסען, זי ווערט א ביסל בעססער אויפ'ן פנים. און איך פרעג:

— וויפיעל פערדיענט אייער מאנן?

— ער? ער פערדיענט! מע'קאנן זיך דען מיט איהם בהעלפען, נאך א טאפפעל צו'ן א שכנות שיקען? אסור חזיר, ער זוימט שוין 4 שעה! איך וועל דען עכבען היינט ווארימעס דורך איהם?

זי איז ווייטער אריין אין אזארט. איך האב געמוזט אבטרעטען און חאפען דען מאנן אין גאס; איך האב איהם דערקענט, ער האט געטראגען א טאפפעל!

---

# יד.

## אין שוחט'ס הויז.

פון שוחט'ס הייזעל לויפען מיר אקעגען פערשיעדענע געמישטע קולות. א גבור א האהן שרייט זיין קוקוריקו מיט גאוה, גלייך עס וואלט קיין חלף אויף דער וועלט נישט געווען. טרויעריג דאגעגען מעקט א צוגעבונדען קאלבעל; עס ליידט, א פנים, הונגער... פאר דאס, צווישען די לאטעס, אונטער'ן הויבען, גע־לאבערטען דאך, ציפציען הונדערטער פייגעל, — זיי האבען פליגעל און לאבען אויס'ן שוחט! זוממער איז, די לופט איז פולל ווארימליך; מענשען, אפילו די ארימסטע, די קארגסטע, לאזען איבער קרישקעלעך... ציפ־ציפ־ציפ, ציפ־ציפ־ציפ!

אויסגעבעט איז די נאָסט; אויסגעציערט מיט גלאַנצעדיגע פאַרבען דער „ער״, סקראָמנע און שטילל די „זי״, און די קינדערליך זעננען זאַטט! עס איז זיי וואַרים און — אין ערגיץ נישט פערשריבען...

פֿראָגט זיי אָבער בחרם, וואָס מען מיינט „מום בקדשים״? מיט דער שאלה בעשעפֿטיגען זיך צוויי יונגע לייט, באָרפֿיסע, אין יאַרמולקעס, אויסגעטהון ביז די טליתים קטנים.

די יונגע לייט זעננען נור פסול צו רעווידירען פאַטענטען, סחורה אויף דער קאַממער, אָבער קעלבער צום מזבח — פֿראַנק און פֿריי.

ווען גאָטט האָט די וועלט צוטהיילט; דער פויער האָט זיך גענוממען די ערד, דער פֿישער — דען טייך, דער יעגער — דען וואַלד, דער גאָרטנער — די פרוכטענביימער, דער סוחר — די מאָאס און די וואָג, און אַזוי ווייטער, האָט דער פאָעט געווייל אין אַ וואָלדעל. די נאַכטיגאַלל האָט איהם געטריללערט, די ביימער — אַיינגערוימט אַללערליי וואַלד-קלאַטשערייען... און די אויגען, די פאָעטישע אויגען האָבען זיך נישט געקאָנט אָבנייסען פון דער וואָשענס קניען ביים טייך און פון דער קיאַנקע אין איהרע האַנד, און ער האָט אַלץ פערשפאָטיגט! אז ער איז געקוממען איז שוין די וועלט פערטהיילט געוועזען. ביי גאָטט איז פון זיינעטוועגען מעהר נישט געבליבען ווי — וואָלקען, רעגענבויגען, ראָסע, און זוממערפייגעל. צוריק צו ווענס האָט ער אפילו שוין די וואָשען נישט געטראָפען, זי האָט זיך געשטעלט ערגיץ פאַר איין אַם...

— האָסט פאַנטאַזיע, בעשאַף דיר וועלטען אליין! האָט איהם גאָטט געזאָגט!

און מען האָט מקנא געוועזען דען פאָעט, זיין וועלט איז די בעסטע! דער פויער בעאַרבייט זיין ערד מיט נויט און שוויים. דער פֿישער געהט אויך נישט ליידיג; ווינטער דורכצוברעכען אייז, איז נישט קיין גוטע זאַך. דער יעגער ווערדט מיעד פון לויפען און יאָגען. פון וואַלד אַפפעל מאַכען זיך „פאַננעס״ נישט אַזוי גרינג!... דער סוחר אפילו מוז עפּים טהון חאָטש פעלשען כאָטש מאָס און וואָג, — אַ ניט שטאַרבט ער פאַר הונגער. איין פאָעט, וואָס ליגט אויפ'ן בויך און שאַפט זיך וועלטען!

עס איז אָבער אַ טעות געוועזען. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיין נשמה איז נור אַ קאַמערע-אָבסקוראַ, און די גרויסע וועלט מיט איהרע גרויסע בלאָטעס, און מיט די חזרים אין די בלאָטעס פאָטאָגראַפירען זיך אָב אין איהר! כל-זמן דער חזיר ווייסט זיין אָרט, איז נאָך צו דערליידען! קוים אָבער זעצט ער זיך אויבען אָן... ווערט דעם פאָעט'ס וועלט אויך חזיריש ווי אונזערע...

מקנא צו זיין בלייבט נור אונזערע יונגע לייט: דעם שוהט'ס זוהן מיט'ן

שוחט'ס איידאַם. אין דער וועלט פֿון „מום בקדשים" שלאָגט זיך אונזער ויעלט מיט די חזרים איהרע נישט אָב, צווישען זייער וועלט און אונזער וועלט איז גאָר קיין שייכות, קיין בריק, קיין צוזאַמענהאַנג נישט דאָ.

און דעריבער, אַז איך בין געקוממען פֿון אונזער וועלט אויף יענע וועלט, ווערען די גמרות פֿערמאַכט, און אויף די יונגע פּנים'ער האָט זיך בעוויזען שרעק און ווינדער, גלייך זיי וואָלטען דערזעהען עמיצען פֿון איין אַנדערער וועלט.

דער שוחט איז נישט אין דער היים. ער איז געגאַנגען אין אַ דאָרף אַריין — דערי־בער בלעקט נאָך דאָס קאַלב אין הויז. די שוחט'קע האָט איהר שניט־קראָמעל.

די שנור און אַ טאָכטער שטעהן ביי'ם קוימען דריי־פֿאַכיג רויט. ערשטענס פֿאַר נחת פֿון די מאָנער מיט זייער תורה; צווייטענס פֿונ'ם קנאַקעדיגען פֿייער, און דריטענס — פֿאַר בושה פֿאַר אַ פֿרעמדען מאַנספּערשוין, און אַ דייטש דערצו. איינע האָט געחאַפּט אַ שפּיץ פֿאַרטוך אין מויל אַריין, די צווייטע האָט זיך אָבגערוקט, גלייך זי וואָלט אויס־געגאַנגען קדושה; ביידע קוקען אויף מיר פֿערוואונדערט פֿון אונטער קורצע שטערען אונטער האָאר־באָנדלעך פֿון געפֿלאָכ־טענע פֿאָדעם.

די יונגע לייט זעננען דאָך באַלד צו זיך געקוממען. זיי האָבען שוין געהאָרט פֿונ'ם „פֿערשרייבער", געשטויסען אַז איך בין עס!

דאָס פֿערשרייבען געהט צו געשווינד.

דער שוחט נעהמט פֿיער רובל אַ וואָך, אַ חוץ וואָס ער פֿערדיענט אין דאָרף; ווען נישט „שחיטת חוץ", וואָלט ער גאָר געלויכטען. דאָס געוועלבעל מאַכט וועניג, דאָך — אַ באַריסער שטאָנדיגער גראָשען. פּרנסה, ב"ה, איז דאָ! די קינדער זעננען פֿערזאָרגט; ביז 100 יאָהר עססען זיי קאָסט: פֿלייש ביי'ם שוחט פֿעהלט נישט! איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר וועללען זיי נעהמען ירושה: איינער — די חזקה אויף שחיטה, דער צווייטער דאָס געוועלבעל. דאָס הייזעל וועט בלייבען בשותפות!

זיי זעהען בעססער אויס, ווי אַללע אין שטאָדטיל. בעססער פֿאַר סוחרים, בעלי־בתים, בעלי־מלאכות... אפילו פֿאַר די שענקער מיט'ן פֿעלשער צוזאַממען.

עס וועט נאָך קוממען אַ צייט — טראַכט איך אַרויסגעהנדיג — ווען מלמדות אפילו וועט זיין איינע פֿון די בעסטע פּרנסות...

עס איז דאָך נישט אַזוי שלעכט ווי מען מיינט. אַ חוץ רבנות, שחיטה, שמשות און מלמדות איז דאָ נאָך אַ גוטע פּרנסה.

ביי'ם שוחט אין הויז וואָהנט אַ „קאַמאָרניצאַ"; זי צאָהלט פֿינפֿצעהן רובל אַ יאָהר. די טהיר איז צו־געשלאָכסען, דורכ'ען פֿענסטער, וואָס געהט אין גאַסס אַריין, זעה איך דאָך אַ גאַנץ שאָן שטיבעל. צוויי הויכפֿערבעטטע בעטטען מיט ווייסע קישען,

הילצערנע רויט־געפֿאַרבטע כלי־בית, אויף דער וואַנד, נעבען קוימען, הענגען קופּערנע כלים, עס בלאַנקט אַ מעשענער הענגעל־לייכטער. דאָס שטיבעל איז פֿולל מיט רחוות און בעל־בתּישקייט.

— זי האָט זילבער אויך, — זאָגט מען מיר, — איך זעה אַ גרויסען קופּער מיט מעש־בלעך בעשלאָגען; דאָרט מוזען זיין בענש־לייכטער, אֶפשר צירונג אויך.

— וואָס קלערט איהר, — זאָגט מען, — זי האָט אַ מטמון מיט געלד; דאָס גאַנצע שטאָדטיל ליגט ביי'ן איהר אין קעשענע! עס איז איין אַלמנה מיט דריי יתומים. אַ גאַנצע וואָך איז די דירה געשלאָססען, ווייל זי קומט אַהיים משבת לשבת, אויסער שבת חזון. אַ גאַנצע וואָך איז זי אין די סביבות און בעטטעלט מיט אַללע דריי קינדער

---

# טו.

## די סקולער רביצין.

„אֶסתּר המלכּה אין געוועזען גרין נור אַ פֿאָדעם לייט־זעליגקייט איז איהר גע־וועזען אויסגעגאָססען אויפ'ן פּנים". אֶסתּר, די סקולער רביצין איז אויך גרין; אָבער נישט איין פֿאָדעם חסד, נור אַ גאַנץ בונט לייט־זעליגע שטראַהלען ליגט אויף איהר פּנים. אַיין אַלטע יודענע, אַ דאַארע; דאָס קאָפּעל איבערגעצויגען מיט אַ איינגעשרומ־פּפּענעם דינן־רויזיגען הייטעל, הוידעט זיך, ווי אַ הדר אַין אֶתרוג, איבער'ן רויטען ברוסט־טיכעל. נור דער אֶתרוג האָט צוויי ערנסט־גוטע אויגען.

זי איז אַ היגע געבוירענע, וואָהנט איינע אַליין. אַללע קינדער האָט זי אויס־געגעבען אין פֿערשידענע שטאָדט אַריין; נור זיין ביי זיי, ווילל זי נישט מכּמה טעמים! פֿאַר שנירען און איידימעס קאָנן מען נישט ערוב זיין; און אַ מאַנן האַלט פֿאַר'ן ווייב, אַ ווייב — פֿאַר'ן מאַנן. (נישט אומזיסט זאָגט די הייליגע תּורה: „על כּן יעזוב": עס ווערד טאַקי איין פֿלייש). — ווילל זי זיי נישט מעביר זיין אויף „כּבוד־אָם"; דאָס איז איין אמת'ער: „לפני עִוֵר לֹא תתּן מכשול".

— „גאָטט, ב"ה, — זאָגט זי, — האָט אַמישנע בעשאַפֿפֿען אַזוי דען מענש, אַז ער זאָלל נישט זעהן דען נאָהנסטענס פֿעהלער, אַ נישט וואָלט געוועזען אַזוי פֿולל גט'ן ווי כּתובות!"

צווייטענס — האָט דער סקולער רב נישט איין מאָל געזאָגט, אַז איין אַלמנה, וואָס קומט אָן צו איהרע קינדער, איז אַ טאָפּעלע עגונה. און — „דעם סקולער רב'ס

וואָרטער דאַרף מען אײַנפּאַסטען אין גאָלד און טראָגען אויפ'ן האַלז פאַר איין אויבעל!״.

— אמת, —זאָגט זי מיט אַ שטיללען זיפץ, — היינט טראָגט מען שוין נישט קיין אויבעל, פאַלשע פּערל זעננען שאַנער!

אין סקול האָט זי נישט געקאָנט בלייבען; זייט דער סקולער רב, איהר מאַנן, עליו השלום, איז געשטאָרבען, איז איהר די שטאָדט נמאס ומאוס געוואָרען.

— טאַקי,—זאָגט זי,— פָּנָה הודה, פנה זיוה, פנה הדרה.

זי פאָהרט אַהין איינמאָל אין יאָהר, אויף דער יאָהר־צייט. נור זי קאָנן זיך דאָרט נישט לאַנג אויפהאַלטען — „אַ פוסטקע געוואָרען״!

40 יאָהר האָט זי געוואָהנט מיט'ן סקולער רב. די, וואָס האָבען איהן געקענט, זאָגען, אַז זי איז געוואָרען ער אוים'ן אויג.

— ער איז געוועזען, — ער זאָלל מיר עס מוחל זיין! — אַ מתנגד; האָלט זי נישט פון גוטע יודען! זיין „עבודה״ איז געוועזען תורה, פשוט—„נגלה״, זיצט זי שטענדיג ביי'ם „צאינה־וראינה״, אָדער לערנט דען שלחן ערוך אויף עברי־טייטש! אַללע צוויי וואָרטער פעררופט זי זיך אויפ'ן סקולער רב, און — זיין קול, זיינע תנועות, זיינע מנהגים.

נאָך דען סקולער רב'ס קדוש און הבדלה, וויל זי קיין אַנדערענס ברכות נישט הערען; מאַכט זי זיך אַליין קדוש והבדלה איבער חלות אָדער ראָזינקע וויין. און איהר קדוש איז זיין קדוש אוים'ן אויג; דער אייגענער שטיללער, בעל־בתישער נגון, מיט דער אייגענער מתיקות.

זי עסט „גלאַט כשר״, און איז אַ גרויסע מלומדת.

זי קאָנן אַ ודאי שאלות אויך פסקינען! זי איז אַ ודאי געשטאַננען פערציג יאָהר דורכאיינאַנד ביי'ם קוימען, איבער געדרעהט מיט'ן גוטען פנים צום טיש, וואו דער מאַנן איז געזעססען און געלערנט; מיט די טויבען־אויגען האָט זי איינגעזאַפּט יעדע תנועה זיינע מיט די האַלב בעהאַלטענע אוירען אונטערן שטערנ־טיכעל — זיין יעדעס וואָרט... זי איז געוועזען איין אמת'ער „עזר כנגדו״; זיין יעדער געדאַנק האָט זיך דעריבער אָבּ־געשלאָגען אין איהר מח, און זיין גוטסקייט — אין איהר האַרץ.

אַ טייך ליעגט שוין הונדערטער יאָהר אין איין אַנדער געלעגער, און אַללע בּעוועגונגען פון זיינע פאַליעס זעננען נאָך אויסגעקריצט אויפ'ן פעלזען פון איבער דען ערשטען געלעגער. דען סקולער רב'ס לעבען האָט געקאָנט רוהיגער זיין פון אַ טייך, נור די רביצין איז פאַר איהם קיין פעלזען ניט געוועזען. גיבער אַ שוואַם, וואָס האָט אין זיך אַלץ אַריינגעצויגען.

פון דער היינטיגער וועלט איז זי נישט צופרידען. „נישט פרום,— זאָלל זיך דער רבונו של עולם זאָגען... אַז זיינע יודעלעך פיהרען זיך אַזוי, מן הסתם וויל

ער אַזוי... נור — אָהן אַ תּכלית: די טייערסטע שטאָפֿען זענען שפּינגוועבס, אויך נעהמט מען נישט ווי אַ מאָל, פֿריהער צושניידט מען אויף קליינעם!"

— פֿון קיין פּרוכת וועלל איך שוין נישט רעדען, נור מען קאָן אפילו קיין קינד קיין בגד דערפֿון נישט מאַכען. די פֿערצייטישע אויבלען ווערען אַללע מאָל טהייערער, אַ שטערענטיכעל האָט איין איביגען ווערטה, אפילו פֿון אַ ברוסט־טוך קאָנן מען אויס־טעפּען די פֿאָדעם אויף זילבער און גאָלד, נור פֿון פֿאַלשע פּערל און דזיעטען קאָנן מען שוין גאָר נישט מאַכען.

— און גלייבּט מיר, אַז ס'איז אַ סך מאוסער, על כל פנים — אין מיינע אויגען!

קיין שנאה טראָגט זי דאָך קיינעם נישט נאָך.

— מיין מאַנן, דער סקולער רב, זכרונו לברכה, איז אַ מתנגד געוועזען, און קיינמאָל נישט גע'רודפ'ט קיין חסידים, — חס ושלום!

זי געדענקט, אַז די בעלי־בתים זענען אַ מאָל געקוממען שרייען, אַז מען איז עובר זמן קריאת־שמע — האָט זי געהערט פֿון זיין אייגען „פּה־קדוש" אַזאַ תשובה: עס זענען פֿער־האַנדען, — האָט ער זיי געזאָגט, — פֿערשיעדענע חילות, האָבען זיי פֿערשיעדען כּלי־זין, אַנדערע מנהגים, נור אַללע דיענען איין מלכות. אפילו שטיוועל — האָט ער צו־געגעבען מיט זיין שמייכעלע — מאַכט מען אויך נישט אויף איין קאָפּיטע.

זי געדענקט אַללע זיינע וואָרטליך, און פֿיהרט זיך לויט זיינע דעות.

ער פֿלעגט זיך שטאַרק בייזערן, אויב אַ בעל־מלאכה האָט זיך פֿאַר איהם אויפֿ־געשטעלט; ער האָט שטאַרק געהאַלטען פֿון אַ נהגה מיגיע כּפּו! און דעריבער, אַז זי איז אַהער געקוממען מיט איהרע עטליכע הונדערט גילדען, האָט זי זיך באַלד פֿיערלייגט אַ פֿאַבריקעל פֿון פּאָטאַש.

— אַ יודענע — זאָגט זי — איז נישט פּטור פֿון דעם; עס איז נישט קיין „מצות עשה שהזמן גרמא". דערנאָך האָט מען איהר די פּאָר זהובים בעהאַלטען און זי איז געבליבען ביים פּאָטאַש אַלליין.

— עס וואָלט — זאָגט זי מיר — קיין שלעכטער מסחר נישט געוועזען, איך לייז, ברוך השם... פֿאַר ימים־טובים אפילו 2—3 רובל אַ וואָך! וואָרען — געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען — מיין פּאָטאַש האָט אַ שם אין די סביבות, נור — היינטיגע צייטען, אַלץ געהט אויף באַרג... ווערט מיר אַ מאָל פֿערפֿאַללען.

איך קוק מיך אום אין אַללע זייטען; איך זעה נישט קיין כּלים, קיין זאַכען צו דער מלאכה.

— דערצו — גיט זי מיר צו פֿערשטעהן — דאַרף מען גאָר נישט: מען נעהמט אַ ביסל זאָלע (אַש פֿון קוימען), קאַרטאָפֿעל, און אַנדערע געוויקסען, מען צואַרבּייט אין וואַססער, לאָזט אויספּאַרען, און מען שטעלט אויספּרייען צום קוימען. פֿון דעם קוממט אַרויס אַגרויער פּאָטאַש; און — אַז מען טהוט נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע, ווערט

שוין דע־פון „ליטער" דאָס הייסט: ריינער פּאָטאַש!

ביי מיין אַוועק געהן, פרעגט זי מיך אַ ביסל פערשעמט און בעזאָרגט:

— זאָגט נור, איך בעטט איבער אייער כבוד, און אַז אייערע כתבים וועללען קוממען אין די גרויסע האַנד אריין, וועט מען מיך נישט הייסען נעהמען אַ פּאַטענט?

---

# טז.

# אַסֶעקוּרִירְט.

אַ רוהיג שטיללע זוממער־נאַכט. אין עק היממעל שוואַרצט זיך דאָס בעריהמטע וואָלדעל; אויף זיינע ביימער האָבען עס אונזערע עלטערן אויסגעשניטען די מסכתות, אויף וועלכער זיי האָבען געמאַכט אַ סיום אין וועג. דאָ נישט ווייט האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. דער „ראָש־הגולה" האָט געזאָגט: פה־לין! און פון דעמאָלט אָהן הייסט דאָס לאַנד פוילין; די אֻמות־העולם קאָנען אָבער נישט אויסלעגען!

אויך האָט דאָס וואָלדעל אַ קורצען וועג קיין ירושלים, און — עס איז געוועזען אַ מאָל אַ ציעג, ביי'ן אינעם פון די ל"ו צדיקים, און די ציעג האָט געקענט דען וועג; זי פלעגט אַללע פאַרטאָג לויפען זיך פּאַשען צום הר־הבית, און צוריק קוממען מיט 3 טאָפּף מיללעך פאַר'ן צדיק'ס ווענען.

רעכטס פונ'ם וואַלד, ביי'ן אַ טייכעל, ליעגט דאָס שטאָדטיל. עס איז געטהיילט אויף צוויי חלקים. איין חלק איז אַ לאַנגע שנור — אַ גראַדע, ברוקיערטע גאַס מיט גע־מויערטע הייזער, אונטער בלאָכענע דאָכער, — סאַמע גשמיות, צוגעקאָוועט צו דער ערד מיט פונדאַמענטען. די איינוואָהנער פון דער גאַסס זעננען זיכער, אַז זיי [illegible]ען דאָ לעבען און שטאַרבען; אַז, ווען עס זאָללען קוממען אַללע ווינטען פון דער וועלט, וועללען זיי זיי נישט ריהרען פונ'ם אָרט.

דערנאָך געהט ערשט דאָס צווייטע טהייל. גאָר איין אַ נ ד ע ר ע וועלט; סאַמע רוחניות: לייכטע היהנערנע הייזער, דורכאויס סאָסנע און שטרוי, זעלטען אַ שינדעל־דאַך. עס בלאָזט אַ קליין ווינדטעל — ואיננו... צי האָפפען די איינוואָהנער צו געפינען דען קורצען וועג, און זוכען, ווי די אונשטאָרבליכע ציעג, דעם הר הבית, אָדער זיי שפּעקוליערען אויף פ י י ע ר ־ ק אַ ס ס ע?

און ווי אָהנליך די הייזלעך זעננען צו די איינוואָהנער! אויך שמאָהל־ברוסטיג, פאַר־טונקעלטע פענסטער־אויגען, איינגעהויקערט אונטער אַ פערוקטען שטרויענעם ספּאָדעק.

פון די סכות קרייען ארום האהנער, קוואקען היהנער און גאנז גענגען. פון זומפ, וואס לעקט מיט שבעים לשונות די שוועלען, קוואקען בעל־בתיש די פראש. נישט זעלטען מישט זיך אריין א יודיש קאלביל מיט א בלעק, און א גוישער הונד אנפערט איהם פון דער לאנגער גאס.

באלד אין דער פריה וועלל איך אנהייבען פערשרייבען.

איך וויים פריהר, וואס עס וועט זיין: אויב נישט 36 רובל א יאהר, וועט ארוים 33 און 32... איך וועל געפינען א סך מלאכות און ווייניג ברכות; פאבריקען פון פאטאש, א סך ליידיגע שטובען... דער שמש וועט מיר אויסרעכענען: ער איז לייפער, זי — א פשעקופקא; צוויי מיידלעך דיענען אין לובלין, אין זאמושטש... איין בחור איז א בעלפער, דער אנדערער דיענט, און די שנור מיט 3—4—5 קינדער איז אהיים געפאהרען צו'ן איהר פאטער־און־מוטער...

איך וועלל טרעפפען פערלאזטע קינדער, וואס באדען זיך צוזאממען מיט גאנז און ענטען אין עק זומפ; פיצלעך־דרויב, וואס רייסט זיך די האלזלעך — אין וויעג, קראנקע אהן הילף אין די בעטטען, קאסט־קינדער ביי גמרות, יונגע ווייבלעך אין פעלענע שייטלעך מיט בושה און אהן בושה... קוים מאך איך צו די אויגען, שווימען פאר מיר דורך סאמע מאטטע, גריענע, בלאססע, פערקרומטע צורות... זעלטען איינע שמייכעלט, זעלטען איינע מיט א חן־גריבעל... אללע מאננער אזוי ווייניג מאנניש, אזוי גולם'עוואטע... ווייבליך מיט פערטריפטע אויגען, טראגענדיג — א מילטער אויבס, א זאק ציבעלעס, אדער א פרישען „אתה בחרתנו" מיט א זאק ציבעלעס צוזאממען. — איך וויים פאראוים, אז איך וועל טרעפפען א טרפה'נע שענק, צוויי־דריי פערדס־גנבים, און מעהר ווי צוויי דריי פאס'ערער...

נור וואס וועט זיין פון דער סטאטיסטיק? צו קאנן זי אנטפערן אויף דער פראגע: אויף וויפיעל ליידיגע מאגען, ליידיגע צאהן; אויף וויפיעל מענשען, וואס א שטיקעל דאאר־ברויט ציהט זיי די אויגען ווי מיט צוואנגען אוים די לאכער ארוים, אויף וויפיעל מענשען, וואס זעננען באמת געשטארבען פאר הונגער — עס פאלט אוים א טרפה'נע שענק, א גנב און א פערדס גנב?

די געלעהרטע מעדיצין האט ערפונדען א מאשין, וואס פערשרייבט דען דפק דאס הארצקלאפען; די נארישע סטאטיסטיק שפיעלט זיך מיט ציפערן.

צי וויסט זי וויפיעל מאל און — יעדעס מאל, ווי טיעף און ווי שטארק. דאס הארץ האט געקלעמט ביי'ן א הישפאנישען מיוחס'ס אייניקעל, דען תבואת שור'ס א זוהן, אדער אזוי א בעל־הבית, איידער ער האט דאס ערשטע מאל אבגעטהון, וואס נישט רעכט איז? און ווי לאנג עס האט דערנאכטען געבלוטיגט? צי ציילט זי חאטש די

פריהר און שפעטער נישט געשלאָפענע נאַכט? צי רעכענט זי וויפיעל טאָג הונגער, וויפיעל מאָל די קינדער האָבען זיך געוואָרפען אין קראַמפף, וויפיעל מאָל די האַנד און פיס האָט געוואָרכען דאָס פיבער ביים ערשטען אָנגיעסען אַ גלאָזעל בראָנפען אָהן אַ פאַטענט?

אין דער ליידיגער לופט שווימען פאַר מיר אַרוים געלע, בלאַססע און בלאָהע פנימער, און ברוינבלאָע פערברענטע ליפען — ליספּעלען:

— 24 טאָג איז אויף מיין קוימען קיין פייער נישט געוועזען.

10 טאָג דורכאַנאַנד האָבען מיר געגעססען שאָלען פון קאַרטאָפעל.

— דריי זעננען געשטאָרבען אָהן אַ דאָקטאָר, אָהן אַ רעצעפט; דאָס 4-טע האָב איך שוין געמוזט ראַטיווען.

די הייזעריגע ווערטער שניידען מיר דאָס האַרץ, ווי אַ שטומפיג מעססער; איך אַנטלויף פון פענסטער, ביי וועלכען איך בין געשטאַנען; אָבער די שטוב איז פולל מיט געשפענסטער.

ביים אויבען שטעהט אַ רויטער יוד, איין אָנגעפרעסענער —

— חי, חי! — לאַכט ער, — גנבענען, קויפען אַ גנבה? אויך אַ געשאָפט! לכל הפחות אַ חודש זיצען! — אין אַ חודש וואָלט איך היזק געהאַט אַ מטמון... אויף מיר וועללען אַללע פריצים עדות זאָגען... עהרליך! עהרליך!

דאָס קול איז נאָך אָרגער; עס זעגט... איך וואַרף מיך אויפ'ן בעט, איך פערמאַך די אויגען, און עס בעוויזט זיך מיר די אַלטע, גוטע סקולער רבי'צין.

— אָבער, — מאַכט זי מיט איהר קינדיש זילבערן קול, — אָבער, אַז אויב נאָך אַללעס, וועט זיך אויסווייזען נישט קשה'דיג, — ווערסט דו, קינד מיינס, זאָגען פרק: ועמך כלם צדיקים?...

עס דאַכט זיך מיר, אַז איהרע בלאָהע, גוטע, טויבענע אויגען גלעטטען מיין הייסען שטערען מיט פערשופט-ליכטיג-זיסע, לייטזעליגע שטראַהלען.

אונטער די אויגען בין איך איינגעשלאָפען, און ביידע מלאָכים, דער יצר-טוב מיט'ן יצר-הרע, האָבען זיך מיר געחלומט. איך האָב זיי געזעהן, ווי זיי פליהען אַראָב פאַר טאָג פון הימעל, איינגעהיעלט אין אַ רויזיגען לייכטען נעבעל.

דער יצר-הרע האָט געטראָגען אין איין האַנד — אַ בלאָהע פאַפיער מיט אַ גרויס שוואַרץ אויג אין דער הייך אין דער לינקער זייט, — איין אַקט, אַ ודאי אויף אַ הויז, אָפשר אַ גוט... טהייערע קליידער, אַ חוץ שטריימלעך, קאַפּטאַנעס מיט סטראָ-קעס, זיידענע גאַרטעל, ווי אויך צילינדער און פראַק, ווי פאַר איינם. אויך: שטערנ-טיכלעך, אויבלען, ברוסט-טיכער פון גינגאָלד, האָלזער-פעריל, ווי אויך — זיידענע און אַטלעסענע שלעפען פון אַלערליי קאָליערען, — דאָס אַלץ אין איין האַנד, און אין דער צווייטער: שאָלען פון קאַרטאָפעל...

דער יצר־טוב — נאַקעט און בלויס, אָהן קליידער און אהן כּלים, אַזוי ווי גאָטט האָט איהן בעשאַפֿען...

ביידע פֿליהען. עס דאַכט זיך מיר, דער יצר־טוב וויל מיר עפּיס זאָגען, ער אָפֿפֿענט דאָס מייליכעל... נישט זיין קול וועקט מיך אויף, נור אַ ווילד געשריי: עס ברענט! איך שפּרינג אויף, אַ שרפה פונקט געגען איבער!

אַ פֿייערדיקע צונג שטרעקט זיך אויס צו מיר, און זי, דאַכט זיך, זאָגט:

— שרעק נישט... אַסעקורירערט!

---

# יז.

# דער נִשְׂרָף.

די פֿייערדיגע צונג האָט מיר אַרויס געשטרעקט ר׳ חיים ווייצענזאַנג׳ס הויז. וואָס אַ מאָל ווערט די צונג גראָססער, דאָס הויז קלענער, ביז עס איז אין גאַנצען איינגעפֿאַללען אין אַ יַם פֿון יללות און געשריי פֿאַר שרעק. צו׳ם גליק איז קיין ווינד בשעת שרפה נישט געוועזען.

אַז פֿון אונטער׳ן באָר איז אַרויס די זונן, רויט חנודיק, ווי אַ יונגע צדקת נאָך טבילה, האָט זי שוין מעהר נישט געזעהען, ווי שוואַ־צע, לאַנגע מאָנגער קאָפּ מיט שטאָקעלעך צווישען די גלאָווניעס. זיי זוכען „שירים" פֿון ווייצענזאַנג׳ס עשירות, צווישען די „שִׁירַיִים" פֿון ווייצענזאַנגס הויז.

אַרום הייזעל שטעהן שוין ראָדליך געלע ווייבער, זיי האַלטען זיך צו, מיט די „אָבגעגאָסענע נאָגעל", די ברודיגע שאַללען איבער די אומגעוואַשענע קאָפּ. און מיט בלאַססע ליפּען, בעקראַצען זיי און בעוויינען דאָס הויז.

מיט׳ן מאָרגען איז אָנגעקוממען אַ פֿריש ווינטעל. פֿריהער וואָלט עס זיך די האַנד צו צופּיהרט, אַצונד שאָקעלט עס קוים מיט׳ן איבער־געבליבענען אַלטען קוימען ווי מיט אַ לולב איבער די ווייבער. דער קוימען שאָקעלט זיך און קראַצט טרויעריג, ווי איין אַלמן — איין אָבל, און אֶפשר האָט ער, ווי דער גאַסט־הייזער פֿערציילט מיר דען „חורבן־הבית", און שאָקעלט צו מיט׳ן קאָפּ: אמת, אמת!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

געשווינדער וועסט דו אַמאָל אויפקלויבען יעדען פּאָדעם, יעדען שטויב פון לעבען, פון וועלכע דער שר של שֵינה האָט דיר אויסגעוועבט אַ פאַנטאַסטישען חלום, איידער דו וועסט נישט אויסזוכען אַללע מעשים, וואָס אַ יוד מוז טהוען איידער זיין אויער דערהאָרט דען זיסען קלאַנג, פון קופערנעם גראָשען.

איך זאָלל וועללען אַלץ פערשרייבען, וואָלט אַ שטאָדטיל געדאַרפט האָבען אַ בלאַנקעט, ווי די „ידיעה מיט די זילבערנע פּליטערליך", וואָס דער רבונו של עולם האָט אויסגעשפּרייט צווישען „רגלי השכינה" און אונזערע קאָפּ, כדי די אויגען פון אַ בשר ודם זאָללען נישט זעהען, וואָס פאַר אַ מינע ער, כביכול, מאַכט, ווען אַזאַ מטופל שטעלט זיך אַנידער, הייבט אויף דען קאָפּ מיט'ן אויס־געברענטען מוח, פערלאָשענע אויגען און ציטטעריגען גאָרגעל, און, צוהאַלטענדיג דען ליידיגען, איינגעצויגענעם מאָגען מיט אויסגעקנאַקטע, דאַארביינינגע האַנד — און ער בעטט אָהן אַ קול, אָהן אַ לשון; די צונג ווילל זיך נישט איבערדרעהען, נור דאָס בלוט זיינס זאָגט: „רבונו של עולם", איך האָב מיינ'ס געטהון, אַצונד — מוזט דו שוין העלפען! — „רבונו של עולם"! פרנסני כעורב... וואָס בין איך אָ־גער פונ'ם פויגעל?... רבונו של עולם, וואו זעננען מיינע קרישקעלעך? ווען וועט זיין מיין שבת שירה?"

און, לויט לייב ער האָט אויף זיך, איז ער גאַנץ אָהנליך צו'ן אַ פויגעל; עס פעהלט איהם נור פליגעל, און דעריבער אויך אַ נאָסט מיט קרישקעלעך...

פאַר דאָס זעננען אַמאָל די יודישע פרנסות אַזוי ספּעציאַליזירט, אַז זייער גלייבען וועט זיין אין 21־סטען יאָהר־הונדערט, ווען איין ספּעציאַליסט וועט אויפהייבען די אייבערשטע ברעם, דער צווייטער — אַראָב דריקען די אונ־טערשטע — און אַ דריטטער וועט בעטראַכטען אַ קראַנק אויג.

ווען אַ קאַלבס־בראָטען, אַ שמאַטע אין פאַבריק פון פאַפּיער, אָדער איין עקספּאָרטירט איי — זאָללען האָבען אַמויל צו'ם רעדען און דען רבין ר' העשיל'ס זכרון, וואָלטען זיי דאָך נישט אימשטאַנד געוועזען אויסצורכענען, וויפיעל יודישע האָנד, עס האָבען זיי אַרויס געצויגען און אַריין געפיהרט, — פון פויערס אָבאָרע אין בראָט־פאַנן, פון מיסט־קאַסטען אין האָלענדער אַריין, מעבדות לחֵירות...

און אַ יודישע פרנסה איז אויך אַזאַ לייטער, ווי יעקב אבינו האָט גע־זעהען אין חלום, בשעת ווען פון אַללע שטיינער איז פאַר זיין קאָפּ איין שטיין געוואָרען. אַ לייטער, וואָס שטעהט אויף דער ערד און גרייכט ביז'ן הימעל אַריין.

ווי טיעף זי איז איינגעקאָפּיט אין דער ערד, ווייסט נור דער וואָרם, וואָס

ליגט אונטער איהרע פֿיס; ווי הויך זי שטעהט — נור דער שטערען וואָס לייכט איבער איהר.

אונזער איינעם שווינדעלט, אַרויף־קוקענדיג, פֿאַר די אויגען, אַראָב־קוקענדיג אַלץ טיעפֿער און טיעפֿער — דרעהען זיך איבער די גערערם, און דאָס פּנים ווערט אויף אייביג גריען.

אויף דער לייטער געהען מלאכים ארויף און אראָב... מענשען, ליידער, קלעטטערן מיט די לעצטע כּוחות אַרויף און פֿאַללען אָהן כּח אַראָב. אַ יוד, אפילו ער ברעכט נישט האַלז און נאַקען, ווען ער בענשט שוין גומל, האָט ער שוין אויך נישט קיין כּח נאָך אַמאָל צו קלעטטערן...

אויף אַזאַ לייטער איז געקראָכען אונזער נשרף.

פֿריהער איז ער „געלאָפֿען" אויפֿ'ן דאָרף, אונטער די באָרפֿיסע פֿיס האָט איהן די ערד געברענט. דעם קַיִן קלינגט, נישט דעם ברודער'ס בלוט אין די אויערן, נור ווייב און קינד'ס געשריי: עססען!

גאָטט האָט געהאָלפֿען; אַ פּאָר יאָהר דורכאַנאַנד האָט ער גאַנצע מציאות געקויפֿט; נאָך אַ משך פֿון אַ פּאָר יאָהר — אַוואַנסירט פֿון אַ „לייפֿער" אויף אַ „גייער": אין דערהיים איז שוין דאָ פֿאַרראַטה אויף אַ גאַנצע וואָך; דער כּח איז רוהיגער און האָט שוין צייט צו פֿיהלען, אַז די פֿיס ווערען געשוואָללען, אַז אַ טאַטע פֿון 6 קינדער דאַרף געהן, נישט לויפֿען, אויב ער וויל, די פֿיס זאָללען איהן דער־טראָגען על כּל פּנים ביז צו אײנעמס בר־מצוה...

און גאָטט, ב"ה, האָט וויטער געהאָלפֿען; ער איז שוין, ברוך השם, אַ דאָרף־סוחר! דאָס הייסט: ער געהט שוין צו פֿיס נור דעמאָלט, ווען עס מאַכט זיך איהם נישט קיין געלעגענהייט פֿון איין דאָרף אין צווייטען אריין פֿאַר אַ קאָפּיקע. מאַכט זיך אָבער איהם אַ געלעגענהייט — פֿאָהרט ער!

גאָטט, ברוך הוא, האָט וויטער געהאָלפֿען; נאָך אַ פּאָר יאָהר, און ער האָט שוין זיין אייגענע פֿערד־און־בידקע!

און די צייט שטעהט נישט, ער רוהט נישט, גאָטט, ברוך הוא, העלפֿט, — פֿון פֿערד ווערט אַ פּאָר פֿערד, פֿון דער בידקע — אַ בריטשקע. עס קומט נאָך צו'ן אַ שמייסער! ער איז שוין תּבואה סוחר; פֿריהער האַנדעלט ער מיט פּויערן, דערנאָך — מיט פּריצים!

און, אַז גאָטט העלפֿט, קריגט מען הן ביי לייט: פֿריהער ביי'ם גאָמיענני, דער־נאָך ביי'ם עקאָנאָם, דער נאָך ביי'ם רואַנדצע, דערנאָך ביים לאָקיי פֿון הויף, און גאָר צום סוף ביי'ם חראַביע פּ. אַלליין. אָה! דעמאָלט ווערט ער שוין אַ תּושב, — איין „איינגעזעססענער" אין שטאָדטיל. פֿון שמייסער ווערט אַ היימישער משרת, פֿערד און וואָגען פֿערקויפֿט, און אין קעשענע ליגען דען חראַביע פּ. קוויטלעך...

וואָס איז ער אַצונד?

אין שטאָדטיל זעהט ער שוין אוים ווי אַ זונן, אַרום וועלכע עס דרעהען זיך די שטערען — קלענערע סוחרים, און כּוכבי דשָׁביט — מעקלער'ס.

ער בעשיינט און בעלייכט דאָס גאַנצע שטאָדטיל מיט קרעדיט. יעלענסקין זעהט ער אוים ווי אַ שפּינן, וואָס זיצט אין מיט'ן וועבעכטס, און דער הראַביע פּ. איז איינער פון די פליגען, וואָס ווערען דאָ פערפּלאָנטעט.

נאָך אַ צייט האָט אונזער „זונן־שפּינן" אָדער „שפּינן־זונן" פערגראָססערט דאָס הייזעל, געשריבען מיט קינדער הנאים, צוגעזאָגט נדן. געקויפט דעם ווייב פעריל, זיך — אַ שאָפּען־פּעלץ, בעשטעלט פאַר די יונגלעך בעססערע מלמדים, פאַר די מיידלעך — אַ לעהרער אוים־צולערנען חאָטש אַ יודיש בריוועל שרייבען...

פלוצלינג (על כל פנים — פאַר'ן שטאָדטיל) האָט דער הראַביע פּ. באַנקראָטירט, און אונזער שפּינן־זונן אָדער זונן־שפּינן האָט אויף אַ מאָל אַלץ פערלוירען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַ חודש פריהער, ווען איך פאָהר דורך, וואָלט איך געוועזן פערשריבען:

אַ הויז, 1500 רובל, אַ פּראָפּינאַציע, אַ האַנדעל פון וואַלד און תּבואה, אַ פּראָצענטניק.

ער האָט ביי'ם הראַביע פּ. 15000 רובל אויף 10 פּראָצענט, נישט אויף די היפּאָטיק, נור אויף האַנד־קוויטלעך...

היינט פערשרייב איך איין וואָרט —

אַ „נשרף"!

איך קאָנן נאָך צו־געבען:

„אַ יוד פון 82 יאָהר, געשוואָלענע פיס, אַ הויז־געזינד פון 17 פּערשוין..."

---

# יח.

## דער עמיגראַנט.

איך אָפּפען אַ טהיר.

אַ שטוב אָהן בעטטען, אָהן כּלים, אָנגעשיט מיט היי און שטרוי. אין מיט'ן שטוב שטעהט איין איבער־געדרעהט פּאָססעל. אַרום פּאָססעל — 4 טאַראַקעס־

קינדער מיט צושויבערטע האָאר, אַרום אַ גרויסע געלע ליימענע שיסעל מיט „פּיצ־מיטהאָנע”, פון וועלכער זיי שעפּפען מיט די רעכטע האַנדלעך מיט בלע־כענע פערגרינטע לאָפּפעל. אין די לינקע האַנדלעך האַלטען זיי — צו שטיקלעך קלייען־ברויט.

אין איין ווינקעל אויף דער ערד זיצט אַ בלאַסס ווייבעל, אונ די טהרערען קאַפּען איהר פון די אויגען אויף דער קאַרטאָפלע, וואס זי נעהמט זיך צו׳ם שיילען. אין צווייטען ווינקעל ליגט „ער”, אויסגעצויגען אויף דער ערד.

— בחנם אַייער טרחה, ר׳ קרוב, — מאַכט ער צו מיר, אונ הייבט זיך נישט אויף,— בחנם אַייער טרחה, איך בין שוין נישט קיין הינגער.

אַז ער זעהט, אַז איך האָב דאָך קיין חשק נישט אַוועק צו־געהן, הייבט ער זיך לאַנגזאַם אויף.

— נו, וואו וועלל איך אייך זעצען? פראָגט ער פערדריסלעך.

איך בין איהם מבטיח, אַז איך קאָנן שרייבען שטעהענדיג.

— איהר וועט פון מיר גאַר נישט האָבען! איך וואַרט נור אויף אַ שיפס־קאַרטע... איהר זעהט דאָך, איך האָב שוין אַלץ פון שטוב אפילו די כלים צו דער מלאכה, פערקויפט.

— איהר זייט אַ בעל-מלאכה? פראָג איך.

— אַ שניידער.

— אונ וואָס נייט אייך אַרוים צו־פאָהרען?

— דער הונגער.

אונ דער הונגער איז געלעגען אויף זיין פנים, אויף איהר פנים, אונ נאָך מעהר אין די קינדערס ברעננעדיגע אייגעלעך איבער דער פיצמיטהאָנע.

— קיין אַרבייט נישט דאָ?

ער מאַכט מיט די פּלייצעס. עס הייסט: אין דעם האָט מען שוין לאַנג פערגעססען.

— וואו אַהין פאָהרט איהר?

— קיין לאָנדאָן. איך בין שוין איינמאָל אין לאָנדאָן געוועזען, שאָן געלד פער־דיענט. מיין ווייב 10 רובל אַ וואָך געשיקט, אונ אַלליין ווי אַ מענש געלעבט, — האָט מיך דער שוואַרץ יאָהר אַהיים געשלעפּט.

איך האָב געקלערט, אַז דאָס „שוואַרץ־יאָהר” איז דאָס ווייב.

— פאַר וואָס האָט איהר אייער פאַמיליע אַהין נישט מיטגענוממען?

— עס האָט מיך אַלליין צוריק געשלעפּט! פינסטער חשך איז דאָרט, אַזוי ווי איך האָב צו־געמאַכט איין אויג, האָט זיך מיר געחלומט דאָס שטאָדט׳ל, דער מייך אַרום, דער וואַלד... עס איז מיר דאָרט ענג געוועזען, עס האָט

געצוינגען און געצויגען...

— דאָ איז טאַקי — זאָג איך — אַ הערליכע געגענד.

— לופט בחצי חנם! ... און מיר שלינגען שוין, ברוך השם, לופט דריי יאָהר! היינט פאָהר איך שוין מיט מיין ווייב און קינד! איין־עק זאָלל עס האָבען!

— און עס וועט אייך ווייטער אַ שאָד זיין דער וואַלד?

— דער וואַלד — פערקרימט ער זיך מיט אַ ביטטערן שמייכעל — מיין ווייב איז אייער־געכטען געגאַנגען אין וואַלד אַריין קלויבען יאַגדעס, האָט מען זי אבגע־צויגען און נאָך מיט אַ פּאָר בייטשען מכבד געוועזען.

— אַ טייך האָט איהר... וויל איך איהן אַוועק־ציהען פון די טרויריגע געדאַנקען, זיין בלאַסס פּנים ווערט נאָך בלאַססער —

— דער טייך! דען זוממער האָט ער מיר אַ קינד צוגענוממען.

איך בין קוים אַרויס פון דער אומגליקליכער שטוב.

## יט.

## דער משוגע.

איך בין אַהיים געקוממען אויף דער סטאַנציע דענערוואָרט. איך בין לאַנג געלעגען אויף דער האַרטער סאָפע, איידער איך האָב געקאָנט צו־מאַכען איין אויג. עס וועקט מיך אַ שאָרך. דורכ'ן פענסטער גנב'עט זיך עמיץ צו מיר אַריין. איך זעה אויף דער פּוטרינע צוויי דאַארע, ברודיגע האַנד. עס הייבט זיך איבער זיי אויף אַ צושויבערטער קאָפּ מיט צוויי ברעננענדיגע אויגען אין אַ געעל פּנים.

— מיך ווילט איהר נישט פערשרייבען? פראַגט דער קאָ־ף שטילל.

איך האָב נישט געוואוסט, וואָס צו אָנטפערן. ער רעכענט, שתיקה כהודאה, און שמעהט שוין אין מיט'ן שטוב.

דערשראָקקען און נאָך מעהר פערוואונדערט, לאָז איך פון איהם קיין אויג נישט אַראָב.

— פערשרייבט! מאַכט ער אונגעדולדיג. דערלאַנגען אייך טינט און פעדער? ער וואַרט ווייטער נישט אויף תשובה און רוקט מיר צו, צו דער סאָפע, דאָס קליינע טישעל מיט'ן שרייב־געצייג.

— שרייבט, איך בעט אייך, שרייבט!

און דאָס קול איז אַזוי מילד און שטילל, עס שלייכט זיך אַזוי לייכט אַריין

אין האַרץ, אַז איך האָר מיך אויף צו שרעקען.

איך זעץ מיך אויף צום פֿערשרייבען. איך פֿראַג, און ער אָנטפֿערט.

— איהר הייסט?

— יונה.

— אויפֿ'ן צונאָמען?

— יונגעל-ווייז האָט מען מיך גערופֿען יונה ציעג, נאָך דער חתונה — יונה-דראָנג; נור זייט עס האָט זיך מיר דאָס מכשול געטראָפֿען — דער משוגענער יונה.

— אויפֿ'ן דייטש־ישען נאָמען?

— אַ... דאָס מיינט איהר? באַלד, באַלד — פֿערעלמאַנן! איהר זעהט מיינע פֿעריל?!

ער ווייזט מיר די צוריסענע רויטע פֿאַרטשיילע אַרום האַלז, און זאָגט:

— אמת'ע פֿעריל, האַ! נור — איך הייס אַזוי! וואָס זאָלל איך טהון?

— אַ ווייב?

— זי זאָלט איהר בעססער ניש ט פֿערשרייבען... זי וואָהנט נישט מיט מיר... זייט דאָס מכשול האָט מיך געטראָפֿען, וואָהנט זי נישט מיט מיר... און אַ וואָהל ווייבעל! איך וואָלט איהר זעהר גערן געגעבען גט, נור דער רב לאָזט נישט; ער זאָגט איך טאָר נישט, — אַ וואָהל ווייבעל!

דערביי ווערען איהם די אויגען פֿייכט.

— זי האָט אפילו דאָס קינד צו זיך גענוממען. עס איז איהם ביי איהר בעססער. וואָס וואָלט איך געטהון דערמיט? אַרום געטראָגען? מען וואַרפֿט אויף מיר שטיינער; מען וואָלט מיר נאָך דאָס קינד געשאָדיגט.

— איין קינד האָט איהר?

— איינס.

— וואָס פֿאַר אַ „מכשול" האָט אייך געטראָפֿען?

— איהר זאָלט אַזוי וויססען פֿון אַלדעס בייז, אויב איך וויים וואָס. דער עולם זאָגט — אַ דבוק. דער רופא זאָגט, אַז עס איז מיר אַ שטיין געפֿאַללען אין קאָפּף אַריין, האָט זיך מיר די נשמה, אָדער ווי ער זאָגט, „דאָס חיות" אַראָב געלאָזט אין בויך אַריין, דער שוואַרץ יאָהר ווייסט מיך! איך געדענק נישט דען שטיין, אַ בייל אויפֿ'ן קאָפּף האָב איך אפילו.

ער נעמט אַראָב דאָס היטעל מיט דער יאַרמולקע צוזאַממען, בייגט איין דען קאָפּף און ווייזט מיר אַ גאַאל באָרגעל צווישען די האָאר.

— אָפּשר איז עס פֿון אַ שטיין, נור משוגע בין איך, דאָס איז אמת!

— וואָס איז אייער שגעון?

— צוויי דריי מאָל אין טאָג האָב איך די נשמה אין בויך, דערמאָלט רעד איך פון בויך אַרויס, און קרייה ווי אַ האָהן... איך קאָנן מיך באין אופן נישט איינהאַלטען, באין אופן נישט.

— פאַר׳ן מכשול וואָס זענט איהר געוועזען?

— איך בין נאָך גאָר נישט געוועזען. עס האָט מיך געטראָפען באַלד ביי׳ם ערשטען יאָהר קאָסט... דעריבער האָב איך טאַקי נור איין קינד, געזונד און שטאַרק זאָלל עס זיין.

— האָט איהר עפּיס געלד?

— איך האָב געהאַט עטליכע גולדען נדן. אַ סך אַוועק געגאַנגען אויף רפואות, גוטע יודען... די רעשט האָב איך איהר אַוועק געגעבען.

— פון וואַננען לעבט איהר?

— פון צרות... יונגלעך וואַרפען מיר שטיינער, קאָנן איך מיך נישט אַרום דרעהען אין מאַרק, אַזוי וואָלט איך אָפּשר עפּיס פּערדיענט נעבען אַ סוחר...

מען פלעגט אויף מיר אַ מאָל רחמנות האָבען, מקרב זיין. היינט — שלעכטע צייטען; מוז איך בעטלען, בעטטעל איך פאַר־ווארעמעס, ווען די קינדער זעננען נאָך אין חדר.

און איך האָב וועניג דערפון... דאָס שטאָדטעל איז קליין; אַ חוץ מיר זעננען נאָך דאָ משוגעים... אָט זאָגט מען, ערשט נעכטען, האָט די „לאָקשיכע" געוואָרפען דער דינסט אַ פאַנן אין קאָפּף אַריין. זי וועט זיכער משוגע ווערען, גאַנץ זיכער! איך וויים נאָך נישט, צי זי וועט קרייהען ווי איך, צי בלאָזען אין דער פויסט אַריין, ווי שלמה׳טציע דעם רב׳ס, אָדער שווייגען ווי חנה די טיקערן...

---

# כ.

## בלאַנקעטען.

איך וויל דאָס שטאָדטיל נישט אָנרופען ביי׳ם נאָמען, נור נאָך איינס אַזוינס ווען איך טרעף אויפ׳ן וועג, וואָלט איך אויך אָנגעהויבען קרייהען.—

נאָט אייך בלאַנקעטען!

„געוועזען איין אויסגעצייכענטער שוסטער, מפרנס געוועזען ווייב און־קינד (זעלטען — וועניגער אַלס 4—5) בכבוד. געוואונגען אויף דער לאָטעריע, אויף אַ „בראַנשווייגער", — אַ מטמון מיט גאָלד... אָנגעהויבען טרינקען. אַלץ פערטרונקען, ווייב און קינדער אויף דער מדינה געלאָזט, און אליין

איז ער נעלם געוואָרען. שטאַרבט אַ ודאי ערגיץ אונטער אַ צוים".

נור דאָס איז ווייניג יודישלעך. נאָט אייך „מים שלנו", זיין שותף צו'ם בראָנשווייגער:

„געוועזען אַ מלמד. געוואוננען אויף דער לאָטעריע, געדונגען בשותפות מיט'ן רבי'ן אַ מיהל. די מיהל איז געגאַנגען קאַפּויער; באַנקראָטירט... היינט איז ער שמש אין אַ חסידים־שטיבעל. קיין פּענסיע נעהמט ער נישט, נור ער פֿערקויפֿט אין שטיבעל דען בּיטטערן טראָפּפּען. דאָס ווייב איז איינקויפֿערין, צוטראָגט אין די הייזער אייער, פּוטער. זי פֿערדיענט ווייניג, ווייל זי איז לאָם. איין זוהן איז אַוועק, דער צווייטער אַרבּייט ערגיץ בּיין אַ סטאָליאר; איינער איז אין דערהיים, — קראַנק אויף שקראָפֿול".

„אלמה בּיילא בּאַשע (דען צונאָמען קאָנן מען נישט געוואָהר ווערען) וואָהנט צוזאַממען — מיט אַ שנור אַ זעלנערקע. דער מאַנן איז נעלם געוואָרען אין דער טירקישער קריעג. די שנור פֿליקט פֿעדערען, זי איז אַ טיקערן און אַ וואָכטערן בּיי „קינפעטאָרענס" אָדער אַזוי בּיי קראַנקע. זוממער, כּל־זמן דער פּריץ האָט געלאָזט, פֿלעגט זי קלויבּען יאַגדעס אין וואַלד. אַ קראַנקע יודענע, בּעטטעלט אַ בּיסעל צו".

„זיינוויל גראַף — ערשט נישט לאַנג געוואָרען אַ שינדער. פֿאַריאָהרען איז ער נאָך געוועזען אַ גרויסער פּישער, האָט ער אָבּגעדונגען דען טייך, וואָס דער פּריץ האָט געוואָלט פֿערדינגען אַ קריסט; אַ סך אָבּטרעט־געלד געגעבּען. אַ גאַנצען זוממער האָט ער געחאַפּט נור טרפה'נע פּיש, און איז בּדיל הדל געוואָרען".

„שמערקע בּענציעס — אַ געוועזענער דאַנציגער סוחר... שוין אַ יאָהר צוואַנציג אַז ער איז אַהיים געקוממען מיט'ן בּייטש־שטעקעלע... האַנדעלט פֿון דעמאָלט אָן מיט ראָזינקע־וויין אויף קדוש. דאָס ווייב — אַ נייטאָרען; שוין אַ פּאָר יאָהר ליידט זי אויף די אויגען. זיי האָבּען אפילו קיין קינדער נישט, נור עס איז אַ גרויסע קאָנקורענץ אויף ראָזינקע־וויין, לעבּען זיי בּדוחק".

„מלך פּערילס — אַ שאָנער יונגער מאַן, נישט לאַנג נאָך קאָסט... געהאַנדעלט בּשותפות מיט אַ תבואה־סוחר, אָנגעוואָהרען דאָס געלד; דערווייל איז דער שווער געשטאָרבּען אין אָרעמקייט. מען ווייסט נאָך נישט צו וואָס ער וועט זיך נעהמען, אין גאַנצען 3 קינדערלעך, נישט מעהר".

מען האָט מיך נאָך געבּעטען, איך זאָלל פֿערשרייבּען איינעם (מען האָט פֿערגעססען, ווי ער הייסט) אַ געלן יוד, מיט ווייבּ און קינדער (מען געדענקט נישט וויפּיעל, נור אַ סך); ער ציהט זיך היינט־מאָרגען אין שטאָדט אַריין. דער פּריץ האָט איהם אָבּגעזאָגט פֿון דער פּאַכט. מען ווייסט נאָך נישט, צו וואָס ער וועט זיך נעהמען, נור — „פֿער־שרייבּען מאָגט איהר איהם!"

---

# כא.

## דער לַמ״ד וָואוֹ:ניק.

— „בּיי אונז — די מעשה פֿערצעהלט מיר אַ דרדקי־מלמד — איז טאַקי אין דער אמת געוועזען אַ לַמד־וָואו־ניק״.

— ער האָט אַליין געזאָגט? פֿראָג איך:

— אַ שאָנער למ״ד־וואָו־ניק וואָלט ער געוועזען, ער זאָלל אַליין זאָגען! ער האָט געלייקענט שטיין און בּיין. אַז מען האָט איהן געפֿראָגט דעראיבּער, איז ער געוואָרען מלא חֵמה, אָנגעצונדען. נור, אַ קשיא אויף אַ מעשה, געוואָהר געוואָרען איז מען, געוויסט! — יאָ... די גאַנצע שטאָדט, קינד און קייט האָט געוויסט! אַ שאלה דאָס איז! מען שמועסט — ברור כּשמש! עס זענען געווען אין דער התחלה בּלתי־מאמינים, האָבען זיי טאַקי געהאַט אַ מאוסען סוף.

אָט, למשל: יעקב־יוסף וויינשעקער, אַ יוד אַיין אַכציגער, אַיין איש מכובּד, האָט עפּיס, איך ווייס נישט ווי אַזוי, געדרייט אויפֿ'ן מיט דער נאָז; געזעהט? חס ושלום! נור אַזוי, אַ דריי געטהון מיט דער נאָז, ווי איינער רעדט — מוחל! גאָר נישט! — נו, וואָס קלערט איהר? עס איז נישט אויסגעגאַנגען פֿינף, זעקס יאָהר — ואיננו! יעקב־יוסף ליעגט אויפֿ'ן קברות! אַ רחמנות איז געוועזען אויף לאה דער מילליכיגערין; עס איז געוועזען אַ בּלאָטע און זי האָט איהם פֿון דער קלאַדקע נישט אָבּגעטרעטען! וואָס זאָלל איך אַייך זאָגען, פֿון דעמעלט אָן איז איהר מילך געדוננען געוואָרען בּיי אַללע בּעלי־בּתּים אָפּשר אַ חדש דורכאַנאַנד! און דאָ העלפֿט נישט קיין בּעטען! אַז מען קומט צו'ן איהם, מאַכט ער זיך כּאי־לא־ידע און — שעלט נאָך!

— און גלאַט — וויל איך מיין חריפֿות בּעווייזען — תּלמיד חכם, שמחל על כּבודו אין כּבודו מחול!

— תּלמיד־חכם?! איז אַ למ״ד־וואָ'ו־ניק אַ תּלמיד־חכם? און רעבּט עברי, מיינט איהר, האָט ער יאָ געקענט? נח מיט זיבּען גרייזען! און גלאַט —?! עברי איז גאָר נישט! בּיי אונז האַלט מען נישט פֿון קיין עברי. ער האָט אפילו נישט געקענט מעבּיר זיין די סדרא. און פֿון דעסטוועגען, זעהט איהר, האָט זיין תהלים־זאָגען געמאַכט אַזאַ רשם אין די עולמות העליונים! נאָך יענער רב זכרונו לברכה, האָט געזאָגט, אַז וואָלוויל (אַזוי האָט ער געהייסען, דער למ״ד־וואָ'ו־ניק,) לאָכּערט אַללע שבעה רקיעים! און נור זיין תהלים מיינט איהר? איך וועלל אַייך פֿערציילען, וואָס אַ מענש איז! בּיי חנה דער טיקערן איז לא־עליכם'דיג געוואָרען די ציעג, האָט זי די

געטריבען צום זנאַחאַר, וואָס וואָהנט אונטער דער שטאָדט. די ציעג וואַקעלט זיך, צ׳זי חולה איז זי געוועזען.

אויפ׳ן וועג — ס׳אי׳ טאַקי געוועזען מן השמים — טרעפט זיך די ציעג מיט׳ן למ״ד־וואָו׳־ניק. אונ אַזוי ווי זי וואַקעלט זיך, האָט זי זיך אָנגערירט אין זיין בגד. וואָס קלערט איהר? כאחד האדם! אין דער רגע געזונד געוואָרען! זי האָט עס גע־האַלטען אפילו בסוד, נור דערנאָך האָט זיך געטראָפען אַזאַ מעשה: עס איז גע־וואָרען אַ פגירה אויף ציעגען, טאַקי ממש „אין בית...״ דעמעלט האָט זי אוי־סגעזאָגט די סגולה. מען האָט אַרויסגענאַרט וואָלוועלין אין מאַרק אַריין אונ אַרויף געזאָגט אויף איהם אַללע ציעגען.

— אונ אַללע זעננען געזונד געוואָרען?

— אַ שאלה דאָס איז, אפילו טאָפּעלט מילך געגעבען! די טיקערן האָט דער־פאַר בעקוממען אַ גראָשען פון אַ ציעג; נתעשר געוואָרען!

— אונ ער?

— ער? גאָר נישט! אַז ער האָט אַלץ אָבגעליינעט, נאָך געבייזערט זיך אונ געשאָלטען... אונ אַזוינער טאָר גאָר קיין געלד נישט נעהמען, ער איז דאָך קיין גוטער יוד נישט... ער קאָן דאָך נישט נתגלה ווערען!

— פון וואָס האָט ער געלעבט?

— אַ מאָל איז ער אַ שוסטער געוועזען (אַ למ״ד־וואָו׳־ניק מוז דאָך זיין אַ בעל־מלאכה; חאָטש אַ וואַססער טראָגער, נור אַ הנאה מיגיע כפו), אין זיינס אַ פּאָר שיך פלעגט ער, זאָלל לעבען, געהן צו סנדקאָות... נור אויף דער עלטער איז ער געוואָרען אוים שוסטער; ער האָט שוין נישט געקאָנט אפילו קיין דראַטווע ציהען, ווער שמיעכט אַ לאַטקאַלע לייגען... די האַנד האָבען איהם געציטטערט... נור אַזוי: אַ שליחות׳ל, אַ קאָנדעל וואַססער, אַ לינה, תהלים זאָגען... פון דער תוכחה... אונ ווינטער — דער עיקר פון גרובע הייצען אין בית המדרש!

— האָלץ האָט ער געטראָגען?

— געטראָגען?! אונ חברה וואו איז? מען האָט געברענגט האָלץ, אַריינ־געלייגט, ער האָט קאָמאַנדירט אונ אונטערגעצונדען... מען זאָגט „אַ דומם״, איין אויבען! אונ, זעהט איהר, דער בית־המדרש־אויבען האָט איהן אַזוי געקענט, ווי אַ ווייב, להבדיל, אַ מאַנן! אַז ער האָט אונטערגעהייצט, האָט זיך געברענט; עס האָט געמאָגט זיין אַ ווינד סכנות נפשות! אומיטום האָט געראויכט, אונ אין בית המדרש אויבען האָט געפלאַקערט! אונ דער אויבען איז געוועזען אַ צושפּאַלטענער, אַ זקן מופלג! אונ לאָז איין אַנדערער פּריווען צוגעהן — באין אופן! אָדער עס ברענט נישט, אָדער דער רויך יאָגט פון אַללע שפּאַלטען; אונ אַ ניט, אַז נישט דאָס אונ נישט יענס, געהט אַרויס די וואַרעם דורכ׳ן קוימען, אונ ביי־נאַכט ווערט

מען שיער נישט געפֿרווירען! דערנאָכדעם, אַז ער איז נפטר געוואָרען, האָט מען טאַקי געמוזט אַריינשטעללען איין אַנדערע כלי; ווייל צום אַלטען אויבען האָט קיינער קיין שלימא נישט געהאַט!...

אַ שאָד אַזאַ יוד! כל זמן ער האָט געלעבט, איז געוועזען פרנסה; היינט, רחמנא לצלן, אויסצוגעהן פֿאַר אַ דרייער! און מען האָט קיין דאָקטוירים נישט געדאַרפֿט...

— אַלץ זיין תהלים?

— איהר פֿרעגט ערשט! מען שמועסט „תציל ממות"! בחוש!

— איז קיינער נישט נפטר געוואָרען אין זיין צייט?!

— כולי האי! קיינער נישט נפטר געוואָרען! וואָס איז, דער מלאך־המות, מיינט איהר, האָט שוין גאָר קיין דעה נישט? וויפֿיעל מאָל, מיינט איהר, האָט דער „יוד" אַליין, זכרונו לברכה, אָנגעוואונשען לרפואה שלמה און ער, דער שׂטן, האָט זיך געשטעלט „שטאָרצעם", נו, האָט עפּים געהאָלפֿען? אַ מלאך איז פֿאָרט נישט קיין קלייניגקייט! און דאָס בית־דין של־מעלה פסקינט איהם אויך אַמאָל צו! ווי דען! קיין דאָקטאָר האָט מען פֿאָרט נישט בעדאַרפֿט; עס האָט זיך טאַקי קיינער דאָ נישט אויסגעהאַלטען; היינט האָב׳מיר צוויי דאָקטוירים!

— חוץ׳ן זנאַחאָר?

— ער איז שוין אויך פֿערהאַפּט געוואָרען...

— געפּגרט?

— אויף אַזוינעם זאָגט מען נישט געפּגרט... די סטרא אחרא איז אויך נישט קיין קלייניגקייט...

---

# כב.

## דער מַסר.

אַ יאָר טאָמאַשאָוו האָט געהאַט אַ למ"ד־ווו־ניק, האָט זי פֿאַר דאָס געהאַט אַ מסר אויך! דאָס האָט מיר אויך פֿערציילט דער דרדקי־מלמד. און ער איז אויך ערשט נישט לאַנג — נור איך ווייס נישט, וואָס מען זאָגט — נפטר, געשטאָרבען, צו פֿערהאַפּט געוואָרען.

און אָפּשר מיינט איהר אַ פּראָסטער מסר, פשוט כמשמעו; ער האָט געזעהן ערגיץ אַ פֿאַלשע מאָס, אַ נישט־גלייכע וואָג, איז ער געגאַנגען און האָט

אויסגעזאָגט? חס ושלום, דוקא נישט! נור לא יהרג געלד! נור געסט־אַשיט: אָט געהט ער, אָט לויפט ער, אָט פאָהרט ער, אָט שרייבט ער, אָט שיקט ער אַ „שטאַפעט"! וכדומה גוטע זאַכען; אונ האָט אויסגעצויגען די קלעע פון די ביינער...

— „אונ איז'ן איז ער אַ מַכּה שולדיג געוועזען—פערציילט דער דרדקי־מלמד— איך געדענק דאָך נאָך, ווען ירוחם האָט'ן אַראָב געבערענגט! אַ זיידענער יונגער מאַנן! נור ירוחם האָט צוגעזאָגט נדן מיט קאָסט אונ אַליין נ׳שט געהאַט קיין מזון סעודה אחת. אונ ירוחם אליין איז אויך אַ מַכּה שולדיג; דער ברודער זיינער געציל (אַ כּילי, אַ גביר עצום) דער האָט דאָס גרעסטע חלק דערינענען!"

עס איז די מעשה מיט צוויי ברידער; איינער אַ קלוגער אונ אַ גוטער, אונ דער צווייטער אַ נאַרר אונ אַ שלעכטער. דער גוטער־קלוגער איז איין אביון אונ דער שלעכ־טער נאַרר — איין עשר גדול. פערשטעהט זיך, אַז דער רייכער ווילל דעם אָרימען נישט העלפען.

— „מילא, כּל זמן עס איז געגאַנגען וועגען מזונות, האָט ירוחם געשוויגען. אָבער, אַז די בתולה זיינע, גרונע, איז איבערגעוואַקסען למעלה מעשרים אמה אונ אַ 19—20 יאָהריגע בוגרת געוואָרען, האָט שוין ירוחם געשטורמט. שטאָדט אונ רב האָבען זיך אַריינגעלייגט אונ געציל האָט געגעבען אַ קוויטעל: אַז, אַ יאָהר אחר החופה, וועט ער אויסצאָהלען אַזוי פיעל אונ אַזוי פיעל. פריהר ווילל ער נישט: דאָס פאָר פאָלק קאָנן זיך נאָך צו געה'ן, ירוחם וועט אויפעססען דאָס געלד, אונ מען וועט ווייטער שטורמען נדן.

געוואָלט האָט ער—3 יאָהר, געפועלט האָט מען אויף אַ יאָהר! דערנאָך האָט געציל געזאָגט: לאו הָכי! בדיניהם איז דאָס קוויטעל נישט ווערט געוועזען אַ דרייער, דערווייל איז געוואָרען אויס „יד ישראל התקיפה"; דער אַלטער רב איז נפטר געוואָרען, דער נייער רב מישט זיך נישט, ער האָט מורא פאַר'ן קאַזיאָננע, דער קאַזיאָננע שיקט אָב לערכּאות... אונ — גאָר נישט! געציל גיט נישט אַ דרייער! ירוחם ווערט נעלם; אָדער צו'ן אַ גוטען יוד, אָדער אויף דער מדינה... אונ ביינוש בלייבט ביי גרונען!

דעם רבונו של עולם'ס דרכים זענען טאַקי נישט צו'ם פערשטעהן! עס איז דאָך נאַריש, ער איז געוועזען אַ בחור, זי—אַ בתולה, איז דאָך נ י ש ט לפי מעשיו, קומט אוים: איין אשה — אַ מאַשין, אַ קאָזאַק, אונ אַ מאַנן— אַ גאָר נישט, אַ זעקעל ביינער, טאַקי אַ גל של עצמות! וואָס קלערט איהר, זי האָט'ן גענוממען אין דער לערן אונ געמאַכט פינ'ם אַ לייט!

זי האָט'ן נור אָנגעריי‏צט אויף געצלין. ער זאָלל נישט לאָזען אויסנעהמען, נישט לאָזען געבען איהם איין עליה... עס האָט געהאָלפען ווי איין אַרבּים אין דער

וואַנד! געציל האָט'ן אויסגעפּאַטשט, און פון דעמעלט אָן האָט זיך דער יונג געשאָמט צו קוממען אין בית המדרש אַריין.

איינמאָל, פאַר פסח, אַז ס'איז שוין געוועזען כָלה כל הקִצין, האָט גרונע ווייטער געיאָ:ט ביינישען צו'ם פעטער, און געיאָגט מיט אַ בעזעם! ביינוש איז נאָך אַ מאָל געגאַנגען, און דער פעטטער האָט איהן נאָך אַ מאָל אַרויס געוואָרפען...

איך זאָג אייך — אַ מעשה נורא, וואָס אויף דער וועלט קאָנן זיך טרעפ־פען! מיין צווייט ווייב איז דעמעלט נאָך אַ גרושה געוועזען און געוואָהנט ביי גרונע'ן קאָמאָרינע; און זי האָט אַלליין געזעהן, ווי ביינוש איז אַהיים געקוממען נישט טויט און נישט לעבענדיג און האָט געציטטערט ווי אין אַ פיעבער. אַ מבין איז מיין פלונית'טע, (איידער דאָס אורחים־הויז איז אָבגעברענט געוואָרען, איז זי דאָרט בעל־בית'טע געוועזען) האָט זי באַלד געזעהן, אַז עס איז נישט פשוט!

און דאָ דאַרף נאָך גרונע אַהיים קוממען פון מאַרק, (זי איז געזעססען מיט בייגעל) וועט זי איהם דערלייגען; האָט זי איהם פאַר רחמנות איין עצה געגעבען, ער זאָלל זיך לייגען אָברוהען אויפ'ן פיעקאַליק... און ער, רחמנא ליצלן, איז געוועזען ווי אַ גולם. מען זאָגט אַזוי, זאָלל זיין אַזוי; ער איז אַרויף אויפ'ן פיעקאַליק.

גרונע איז אַהיים געקוממען. מיין פלונית'טע האַלט בשתיקה; ביינוש שלאָפט אויפ'ן פיעקאַליק, אָדער מאַכט זיך שלאָפענדיג. און אָפשר איז ער שוין נישט גע־וועזען ביי די קלאָרע געדאַנקען. וואָרען, אַזוי ווי געציל האָט'ן אַרויסגעוואָרפען, האָט ער באַלד אַ געשריי געטהון, אַז ער וועט אוים זאָגען וואו דער זוהן ליגט בעהאַלטען; און ביי קלאָרע געדאַנקען, וואָלט ביינש אַזוינס נישט געזאָגט.

ווי עס איז געוועזען, אויף דער געצעליבע האָבען די וואָרטער אַ גרויסען רושם געמאַכט. מיינע שונאים זאָללען אַזוי וויססען פון זייער לעבען, אויב ביינוש האָט גאָר געוויסט וואו יונה־געצילס איז בעהלטען! נור — אַ יודענע — אַ מאַמע! אַ בן יחיד!... וואָס קלערט איהר, — אַ שפּיז־קראָם האָט זי געהאַט, נעהמט זי אַ טראָגער מיט אַ זאָקעל פסח'דיק מעהל און הייסט זיך נאָכטראָגען צו גרונען —

זי קומט אַריין... (נור אַ שאָד מיין ווייב איז נישט דאָ! זי איז דאָך געווע'ן דערביי; אַז זי דערציילט איז צו קייכען פאַר געלעכטער) זי קומט אַריין, דען טראָגער לאָזט זי אין הויז.

גוט מאָרגען, גרונע! גרונע! גרונע אָנטפערט נישט; ווערט איהר שוין פינסטער ד'אויגען. „וואו — פראַגט זי — איז ביינושעל?" „דער שוואַרצער יאָהר זאָל'ן וויססען!" אָנטפערט גרונע און דרעהט זיך איבער צום קוימען, שוימט אַלץ דאָס יאַבעל. זיז ער דאָך אַ ו ד א י געגאַנגען מסר'ן! מיין געצליבע רופט אַריין דען טראָגער, מען לעגט אָב דאָס זאָקעל מעהל; גרונע זעהט נישט, אָדער מאַכט זיך נישט זעהענד'ג, דער מזיק זאָלל זי וויססען! די געצליבע הייבט אָן פלאַממען און צאַפּלען, „גרונישע,

מיר ווענ'מיר דאָך קרובים, איין בלוט...רופ'ן צוריק! לאָז ער מיך און זיין נשמה נישט אומברענגען!"

צונ'ד ערשט האָט זיך גרונע איבערגעדרעהט. קיין נאַררישע יודענע איז זי נישט געוועזען, באַלד פערשטאַנדען אין וואָס עס געהט, אויסגענאַררט נאָך אַ פּאָר קאָרבליך און געלאָפּען מפלומרשט אָבזוכען ביינושען...

אין שטאָדטיל איז באַלד אַ שם געוואָרען אַז ביינוש מסר'ט... און גרונע האָט הנאה געהאַט דערפון... זי האָט געהאַלטען ביינושען אויפ'ן פּיעקאַליק און געסטראַשעט און געצאַפּט ביי אַללע בעלי־בתים, וואו נור עס איז געוועזען עפּיס אַ חטא.

— איז זי דאָך גאָר דער מסר געוועזען?

— פריהר זי און דערנאָך ער אַלליין. פאַר האַרצדריקיניש האָט ער אָנגעהויבען צו טרינקען; דערנאָכטען האָט ער זיך שוין אין די שענקען אַרום געוואַלגערט און אַליין געמאַכט די קונץ. ער האָט שוין אפילו גרונען נישט אַ דרייער געגעבען און אַלץ פערשאַשעט... אַ שאָד אַזא כלי! וואָס פון איהם איז געוואָרען!

— וואָס איז געוואָרען?

— ער האָט זיך די קישקעס פערברענט... פריהר נאָך איז ער משוגע געוואָרען, אין די גאַססען אַרום געלאָפּען, אָדער וואָכען־ווייס ערג׳יץ אונטער אַ צוים אָבגעלעגען... נור אַהיים צו גרונען — באין אופן נישט! אַז ער איז שוין גאָר חרב געוואָרען, האָב'ן איהן 10 מענשען נישט געקאָנט אַריין פיהרען צו גרונען אין שטוב אַריין. ער האָט געשלאָגען, געביססען ... מען האָט איהן געמוסט אַריינגעהמען אין בית־המדרש אַריין (דאָס אַהיים הויז איז שוין נישט געוועזען) און דאָרט איז ער נפטר געוואָרען! מען האָט איהן אפילו געוואָלט ראַטיווען, אַ מוטחה גערופען, מען האָט תהלים געזאָגט...

— דער למ״ד־וויו־ניק אויך?

— אַ וודאי?

— נו?

— אַ מענש אָהן קישקעס, טהו עפּיס!



# האשה מרת חנה.

## (אַ פּעקיל בריעף)

א) צוויי בריעף, וואָס חנה האָט בעקומען פֿון איהר ברודער מנחם מענדיל, אונ איין בריעף פֿון איהר שוואָגערין חוה גיטל.
בסך הכל דריי בריעף.

---

## ערשטער בריעף.

החיים והשלום לאחותי הצנועה מרת חנה תחית.

דיין בריעף האָב איך ערהאַלטען. וואָס קלערסטו, איך האָב גענוג טרערין פֿאַרגאָסען אונ אַ גאַנצע נאַכט געזיפֿצט אונ געקרעכצט; וואָס קומט מיר אָבער אַרויס, גאָטט אין הימעל איז מיין עדות, אַז איך בין דיר נישט אימשטאַנד צו העלפֿען. אונ וואָס דו שרייבסט וועגען דער ירושה, מוז איך דיר, ליעבע שוועסטער, זאָגען, אַז דאָס איז גאָר קיין וואָרטער נישט! נאָכ'ן יודישען דת האָסטו קיין שום טענה־ומענה אויף דער ירושה; פֿראָג דיין מאַנן, ער איז דאָך אַ יוד אַ למדן, וועט ער דיר אויך זאָגען דאָס אייגענע. אונ דו דאַרפֿסט גאָר נישט פֿראָגען דען מאַנן, ער זאָלל דיר ערשט זאָגען; אַזא אשה כשרה ווי דו, אָפֿענט אויף דאָס טייטש־חומש אונ זעהט, אַז צלפחד'ס טאָכטער האָבען בעקומען ירושה, נור ווייל עס זיינען קיין בנים־זכרים נישט געווען. אָבער, קוים זיינען דאָ בנים־זכרים, בעקומען די טאָכטער קיין ירושה נישט. אונ קיין שטר חצי זכר האָסט דו נישט. אַיי, וואָס דו זאָגסט, אַז דער טאַטע, עליו־השלום, האָט דיר דען גאַנצען נדן נישט גע'סלוק'ט, איז אַ ודאי קיין טענה נישט. וואָרן, צוריק געשמיעסט, ווער קריגט דען גאַנצען נדן? מיר האָט מען, ווייסט דו, אויך אָבגעריססען, אונ איך האָב, חלילה, קיין טענה נישט צו קיינעם.— אונ, בכלל, איז דער שכל מחייב, אַז אויב דער טאַטע, עליו השלום, האָט נישט געהאַלטען זיין התחייבות, האָט דאָס צווייטע צד אויך אַזוי געטהון, אונ מען איז דערויף בעשטאַנען; די צדדים האָבען איינעם דעם צווייטען מוחל געווען, ווי ביי אונז יודען דער מנהג איז. אונ איך האָב נישט געוואָלט שטעללען אויף מיין דעה. אונ

איבער געשמיעסט די זאַך מיט אונזער רב און מיט די דַיָינים, און אַללע זאָגען פּה־אחד, אַז עס איז אַזוי.

און, בנוגע צו דער טענה, וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט נור אַ האַלב יאָהר געגעסען קאָסט, נישט אַ גאַנץ יאָהר, — פֿון דעם ווייס איך שוין גאָר נישט! לא פּקדני אַבָּא — דער פֿון האָט מיר דער טאַטי, עליו השלום, נישט געזאָגט. און ווייסען ווייסט דו, אַז איך בין דאַמאָלס געווען אַ פּרוש, בין געזעסען ביי דער גאַנצער צייט בײ׳ם רבי׳ן, זאָלל לעבען, און געלערענט... און חוה גיטל מיינע דערצאָהלט, אַז עס איז אַזוי געווזען: עס איז געוואָרען אַ שטיקעל מחלוקת צווישען איך וועגען די מאַמע, עליה־השלום׳ס, שטאָט אין דער ווייבערישער שול, און איהר האָט איך אַרונ־געריססען ביי די קאָפּף, און דער טאַטע, עליו־השלום, האָט דערפֿון גרויס צער געהאַט און גרויס עגמת־נפש; און איינמאָל שבת־צונאַכט׳ס, האָסטו געחאַפּט דאָס פּעקיל מיטן מאַנן און ביסט מיט׳ן אַוועק אין זיין שטאָטיל אַריין, — אויב אַזוי, ווער איז איך שולדיג? אויף וועמען שרייסט דו? ווער האָט איך געהייסען ענטלויפֿען? אַז מען דאַרף עססען קאָסט, עסט מען...

נור — איך מיין נישט, חס־ושלום, דיר אָנצוטהון עגמת־נפש. איך וויל דיר נור אויסווייזען, ווי ווייט אומגערעכט דו ביסט; אָבער יאָ גערעכט, נישט גערעכט, מען דאַרף זיך פֿיהרען לפנים משורת־הדין, בפרט קעגען איין אייגענע שוועסטער. נור וואָס העלפֿט עס; וויל יאָ, וויל נישט, אַז מען קאָנן נישט! דאַרפֿסט וויסען, שוועסטער־לעבען, אַז דער פֿאָטער אונזערער, זכרונו־לברכה, האָט פֿאַר דער פּטירה געמאַכט אַ צַוָאה, ער האָט אַוועקגעגעבען דאָס גרויסע ש״ס דעם גרויסען בית־המדרש, דאָס קליינע ש״ס — דעם קליינעם בית־המדרש, די משניות׳ן מיט די עשרים־וארבע׳ס האָט ער געהייסען שיקקען אין שטיבעל אַריין, וואו ער, עליו־השלום, האָט געדאַווינט... קבורה געלד, נישט אויסגערעדט זאָלל עס זיין, האָט געקאָסט צוויי הונדערט גולדען, מַיד לְיד האָב איך אויך צוטהיילט אַ פֿונפֿציג גולדען, וואָס רייד איך, מעהר, אַ סך מעהר ווי פֿונפֿציג גולדען! דען טאַטען, עליו השלום׳ס, מלבושים האָב איך אויך צוטהיילט אָרימע לייט, חוץ דער זיידענע קאַפּאָטע, וואָס איך האָב, לויט צַוָאה, איבער געלאָזט פֿאַר מיין משה׳לה, שֶׁיִחיה, ער זאָלל אין איהר געהן, אין אַמזל׳דיגע שעה, צו דער חופּה, במהרה בימינו, אמן. וואָס דען בלייבט בסך הכל?

עס בלייבט נישט מעהר, נור דאָס הייזעל. נו, קיין שרפֿ״ט איז עס נישט ווערט. דער דאַך איז, לא עליכם, אַ חולה־נופל; אויף אַ האָהר הענגט ער. דער וואָט הייסט אַראָב נעהמען די אַלטע פֿייער מויער. און אין גאַנצען איז עס בחֶזקת סַכָּנה.

נישט מעהר, שוועסטער לעבען, דו מיינסט, איך האָב פּרנסה! אַז דער טאַטע, עליו־השלום, איז נפטר געוואָרען און איך בין אַראָב פֿון קאָסט, האָב איך פֿערדונגען

די דריי שטובען לינקס גרונס דעם סוחר, מען רופט איהם גרונס צאפ (דו מוזט איהם אודאי געדענקען און דאס ווייב זיינס — זלאטע), מיט דעם געלד קוועהל איך מיך און בעצאהל קוים פּאָדימנע און אנדערע פּאַראַטקעס, וואס וואַקסען פון טאָג צו טאָג. שולדיג בין איך בסך הכל פּאַר אַ יאָהר אַנדערט האַלבען מיט אַ שמיץ! דערווייל טהו איך מיר עצות, גיב אַ טרינק בראָנפּען,— קום שפּעטער, קום מאָרגען, כּנהוג, נור דער שטריק אויפן האַלז וואַקסט, און וואָס דער סוף דערפון וועט זיין, ווייסט איין רבונו של עולם.

איך בעוואָהן די דריי שטובען רעכטס אין איינעם מיטן איינפאָהר־הויז און מיט דער שענק; די צייט דערווייל איז זעהר שלעכט, די דאָרפער אַרום האָבען זיך פערשוואָרען, נישט צו טרינקען קיין בראָנפּען. איז נאָך ווייניג, האָט דער פּריץ געאָפּענט אין די אַרומיגע דאָרפער שפּייז געוועלבליך מיט טהיי־הייזער,— וואָס זאָלל איך דיר זאָגען? מען דאַרף רַחמים! מען קוקט זיך די אויגען אויס, איידער מען דערזעהט אַ פּויער!

און וואָס דו שרייבסט, אַז ווער עס קומט, זאָגט דיר, אַז איך האָב שאָן פּרנסה, — זיי וויססען, אַז מענשען האָבען נור גרויסע אויגען. איידער מען פער־דיענט אַ דרייער, איז קריעת ים־סוף. דערווייל מוז מען בייל־סאַשען חתונה מאַכען, און איך ווער גראָה און אַלט דעריבער. די הוצאות זעננען אין לשער, אויף חוב וויל מען נישט געבען, צו די מלבושים פעהלט נאָך אַ זיידען איבער־מלבוש, ואחרי כּכלות־הכל, מוז חוה גיטל מיינע, באַלד נאָך דער חתונה פאָהרען צו'ן אַ דאָקטאָר. אַז שמואל רופא הייסט שוין פאָהרען, פערשטעהסט דו שוין, ווי עס האַלט, רחמנא ליצלן... איך האָב געפרעגט דען רבין, זאָלל לעבען, הייסט ער, זאָלל לעבען, אויך פאָהרען קיין וואַרשא. און דער הוס' ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג,— גלייך מען וואָלט האַלץ געהאַקט!

און דאָס, וואָס דו ווילסט מיך איבערשרעקען, אַז אויב איך וועל דיר נישט באַלד אָנטפערן ווי עס געהאָר צו זיין, וועסטו שרייבען צו אונזער קרובה אין לובלין, און זי וועט געהן צו'ן איהר אַדוואָקאַט, מען זאָלל מ'ך איבער־געבען אין גויעשע האַנד אַריין,— זיי וויסען, שוועסטער לעב, אַז דערפאַר האָב איך גאָר קיין פחד נישט! ער־שטענס, פערשטעה איך, אַז עס איז גלאַט גערעדט, אַז אַזא כּשר'ע צנועה, ווי מיין שוועסטער איז, ווייסט, וואָס אַ בית־דין איז, און וואָס אַ סאַנד, להבדיל, איז... אַזא שטות וועסט דו נישט טהון. אַ יודישע טאָכטער טהוט נישט אַזוי! און, דו זאָלסט אפילו וואָללען, האָסט דו דאָך אַ מאַנן צו הונדערט און צוואַנציג יאָהר, און ער וועט אַזא'ן עַוְלה נישט דערלאָזען! ער וואָלט זיך שוין נישט געטאָרט ווייזען ביים רבי'ן זיינעם, אפילו נישט אין שטיבל אַריין קומען!

אויסער דעם, ראָטה איך דיר, זאָלסט, חס ושלום, נישט אַרויסוואַרפען קיין

געלד אויף אַדוואָקאַטען; איין עס לא היה זענען זיי די אַדוואָקאַטען, נור גיב אונ גיב אונ האָרסט דו אויף צו געבען, ווייסט ער שוין נישט, ווער דו ביסט.

אונ דערמאַנענען מוז איך דיר נאָך די טאָמאַשאָווער מעשׂה, וואָס דער טאַטע, עליו־השלום, פלעגט פערצאָהלען. אֶפשר האָסט דו זי פערגעססען, וועלל איך דיר נאָך אַ מאָל פערצאָהלען. אַ מאָל איז דאָרט נפטר געוואָרען אַ בעל־הבית; איז די טאָכטער זיינע, אַ גרושה, געלאָפען צו'ם אַסעססאָר, ער זאָלל איהר אויסטהיילען אַ חלק ירושה, ווי עס איז בדיניהם. דערווייל, אַזוי ווי זי איז געשטאַנענען אונ גערעדט מיטן אַסעססאָר, איז ביי'ן איהר אין שטוב אַראָבגעפאַללען אַ קויל פון קוימען... אין דער רגע האָט זיך אונטע־געצונדען די שטוב, אונ עס איז איהר, נישט פאַר אונז גערעדט, נישט פאַר קיין שום יוד גערעדט, אַ קינד פערברענט געוואָרען!

אונ איך ראָטה דיר, שוועסטער חנה, זאָלסט זעהען חרטה האָבען אונ תשובה טהון אויף דעם, וואָס דו האָסט געשריבען. אין אדם נתפס על צערו, דאָס הייסט, ווי מענשען זאָגען — צרות נעהמען דען שׂכל צו, נור אַ קטרוג קאָנן, חס־ושלום, זיין דערפון, אונ דו דאַרפסט עפּיס אויף זיך נעהמען, חאָטש אַ תענית איבער אַ טאָג!

איך פון מיין צד בין דיר מוחל מיט'ן גאַנצען האַרץ. אונ, אַז דו וועסט קומען, אם ירצה השם, אויף מיין טאָכטערס החונה, וועט אַלץ ווערען אויסגעהיילט, וועסט דו זיך מיט אונז משׂמח זיין אין אַ מזלדיגע שעה. נור זעה, למען השם, נישט צו דערמאַנענען פון פראָצעססען, חס־ושלום! —

אונ דער עיקר פערדריסט מיך אויף בעלך, נר"ו, המופלג, וואָס שרייבט גאָר נישט פון זיין געזונד. אויב ער איז אויף מיר אין כעס, זינדיגט ער, אונ ער דאַרף דאָך וויססען, אַז כל הכועס וכו'. חוץ דעם, האָט זיך אַרוים געלאָזט אַ קול אין אונזער שטאָדטעל, אַז ימים נוראים איז ער נישט געוועזען ביים רבין אונ האָט געדאַווינט גאָר אין בית־המדרש. נאָך זאָגט מען, אַז ער וויל אַוועק לעגען דאָס לערנען אונ זיך צו עפּיס צושלאָגען. אַ נֶהנה מיגיע כפּו, זאָגט ער, וויל ער זיין. וואָס פאַר אַ צער איך האָב דערפון, קאָנסט דו משער זיין. וואָרען „תורה מה תהיה עליה"? ווער וועט זיצען אונ לערנען, אַז נישט אַזוינע טהיירע קאָפּ ווי ער?!

ער דאַרף וויססען, אַז דער טאַטע, עליו־השלום, האָט זיך מיט'ן משדך געוועזען נישט אויף דעם תנאי! אונ בפרט היינטיגע צייטען, ווען די אומות־העולם נעהמען זיך צום מסחר אונ די עסקים פאַללען פון טאָג צו טאָג, איז אַ וודאי אַ יֹשֶר, נשים זאָללען האַנדלען, אונ די מאַנער זאָללען טאַקי יושב ועוסק בתורה זיין, אונ דער רבונו של עולם וועט זיך אֶפשר טאַקי מרחם זיין... זאָלל ער זיך בעססער אַרויסנעהמען אַ כתב־רבנות, זאָלל ער ווערען שוחט, מלמד, — וואָס ער וויל, נור נישט קיין סוחר, חס־ושלום... איך זאָלל נור וויססען, אַז ער וועט מיר נישט

אָבּערדען מיין קינד פֿון מיין רבין, וואָלט איך איהם מיין משה'לען געשיקט אויף לערנען מיט קאָסט!

זעה, אז דיין מאַנן זאָלל אַוועקלעגען די נאַרישקייטען, דו מאַך דיר אַ געוועל־בּעל, אַ שטעלל... און זכות אָבות, הן פֿון דיין צד, הן פֿון בעלך נר"ום צד, וועט אייך בודאי ביישטעהן.

און פֿעריאָג, ראָטה איך דיר, די מרה־שחורה, מיט וועלכער דיין בריעף איז אויסגעווייקט, אַז עס שנייט ביים האַרץ. אַ בשר־ודם אָהן בטחון, איז אָרגער ווי אַ בהמה, רחמנא ליצלן. ער דרעהט זיך אַרום אויף דער וועלט, ווי אַ יתום אָהן אַ טאַטען, אַ גאָטט, ברוך הוא, אין הימעל האָבען מיר; פֿערלאָזען פֿערלאָזט ער נישט.

אַז דער מענש פֿאַלט אַריין אין מרה־שחורה, איז אַ סימן, אַז ער האָט, חס ושלום, קיין אמונה, קיין בטחון נישט. און דאָס איז נישט ווייט פֿון אָרגערע זאַכען, רחמנא ליצלן! וואָס איך וויל אפילו איבער מיין מויל נישט ברענגען!

גם שרייב מיר, אחותי חנה, ווי עס שטעהט ביי'ן אייך מיט אַרבים? אונזערע צוויי גרויסע סוחרים, דו געדענקסט דאָך זיי, דער לאָמער יוחנן און יונה סגי־נהור, האָבען אויפֿגעהויבען דען מקח, און דער פריץ אונזערער האָט נישט אויף זריעה... אָפשר וועט זיך, אם ירצה השם, מאַכען אַ שטיקל עסק... עס איז אָפשר מן השמים, איך זאָלל האָבען צו שטייער צו חתונה־הוצאות. דיין טובה פֿערלאַנג איך, חס־ושלום, נישט אומזיסט; זאָלל זיך נור עפּים מאַכען, שיק איך אייך אויף הוצאות, זאָלטסט קוממען עם בעלך המופלג, שיחיה, אויף סאָשע־ביילא, שתחיה'ס, חתונה, איך וועלל נאָך פֿאַר דיר אַ מתנה געבען — דרשה געשאַנק מצד הכלה!

חוה גיטל, שתחיה, גריסט דיך גאַר פֿריינדליך. אַליין שרייבט זי נישט, ווייל עס איז היינט ביי אונז יריד; זענען געקוממען צוויי סוחרים פֿון די זאַמושציער אַבל'ער און וויללען דוקא געפּיללטע פיש. די כלה, שתחיה, איז געגאַנגען צום שניידער אָנמאָסטען אַ מלבוש, און מיך האָט מען דאָ אַליין איבערגעלאָזט פֿאַר אַ שומר ביי'ם קוימען.

און זעה, למען השם, אחותי חנה, נישט צו צולאָזען זיך צום האַרץ, אַוועקצו־טרייבען די מרה־שחורה און לעבען מיט בטחון. ווער עס שפּייזט אַ וואָרמיל אויף דער ערד און אַ פֿייגעלע אין נאָסט, וועט דיך אויך נישט פֿערלאָזען.

גרים בעלך, וכו'

פֿון מיר אחיך —

מנחם מענדיל.

# צווייטער בריעף.

החיים והשלום לאחותי מרת חנה תחית.

איך האָב דיין צווייטען בריעף דערהאַלטען. ער איז געוועזען דורכגעווייקט פון טרערין, אונ פולל זלזולים געגען מיר, זוגתי חוה גיטל, שתחיה, אונ אפילו בתי הכלה, ביילא־סאָשע, שתחיה, אונ איך האָב דערפון פיעל שפיכות־דמים געהאַט, וואָרען פאַר וואָס? אחותי חנה, דו זאָגסט, אַז איך בין, חס־ושלום, אַ גזלן, אַז איך האָב דיך געטראָפען, חס ושלום, אין וואַלד, אונ איך האָב דיך גע'הרג'עט, חס־ושלום; אַז דורך מיר אונ זוגתי חוה גיטל, שתחיה, ביזט דו פערוואָגעלט געוואָרען פון דער היים, אַז מיין טאָכטער ביילא סאָשע איז, ביי דיר אין די אויגען, אַ חצופה, ווייל זי מאַכט זיך זיידענע מלבושים... מה אומר ומה אדבר, אַז איך מוז האָרען אונ שווייגען, ווייל איך וויים, אַז דיר איז אַזוי שלעכט... אַז נישט דו רעדסט, נור דיין שווער געמיהט רעדט...

די זאַך איז אָבער נישט אַזוי. איך בין, חס־ושלום, קיין רוצח נישט! אונ זאָלל קומען איינער פון גאַס, אונ זאָגען, אַז די קאַפּאָטע, וואָס איך טראָג אויפ'ן לייב, איז זיינע, אונ ער ווילל האָבען אַ דין־תורה, רעד איך מיט איהם נישט דאָס אַנדערע וואָרט, אונ געה מיט'ן צום רב. אונ, אָם ירצה השם, אַז דו וועסט קוממען אויף ביילא־סאָשע'ס חתונה, האָב איך מיט דיר אַ דין־תורה, בפירוש אַ דין־תורה, פון קיין כשר האַלט איך נישט!

אונ זעה אַליין! בנוגע צו די קאַסט, וואָס דו האָסט נישט דערעססען, ביסט דו דאָך אַליין מודה אין דיין בריעף, אַז די סבה איז געוועזען אַ מחלוקת צווישען דיר אונ זוגתי, תחיה. ווער עס האָט אָנגעהויבען איז נישט מיין זאַך, איך זעה נור, אַז בעלך איז, קיין עין הרע, אַ גרויסער גולם, שהלך אחרי אשתו... איהר זענט, זאָגט מען, אין אַ מוצאי־שבת אַנטלאָפען, לייטען־גלאָכטער אָנגעמאַכט. דער טאַטע, עליו־השלום, האָט געהאַט דערפון גרויס שבירת־הלב אונ קצור־ימים, (אַזוי האָט ער בפירוש געזאָגט; שכנים האָבען געהאָרט!) אונ דו לעגסט אַלץ אַרויף אויף חוה גיטל תחיה! מאַכסט איהר גלאַט אַ בלבול!

נור! מאי דהוה הוה — דער טאַטע עליו־השלום איז שוין אויפ'ן עולם־אמת! אוים קאַסט, אוים טענות! שריי חי־וקים געגען גאָטט, ברוך הוא!

אונ זיי וויססען, אַז בתי הכלה ביילא־סאָשע, איז גאָר, חלילה, קיין חצופה נישט! זי איז נעביך גאָר נישט שולדיג! צו די זיידענע מלבושים נייט מיך דער מחותן, דער תקיף. איינמאָל האָט זי אפילו געוויינט, אַז זי שטעלט אונז בדלות. ייצס

זאָלל מען אָבער טהון, אַז אין די תּנאים שטעהט בפירוש „בגדי מֶשי וסאַמעט", און ער טרעט נישט אָב פון די תּנאים. אַז נישט, זאָגט ער, איז אויס, צערייסט ער די תּנאים! און מעהר פעהלט מיר נישט, נור בתי, תחיה, זאָלל, חס־ושלום, פערזיצען!

און זיי וויססען, אַז דער נדן איז אויך נאָך נישט גע'סלוק'ט אין גאַנצען במזומנים. צוגעזאָגט האָב איך זעקס, געגעבען דריי; אויף נאָך שתּי מאות האָב איך געמוסט געבען איין אַקט אויפ'ן הויז. ווייסט דו דאָך, אַז דאָס הויז איז אויפן טאַטענס, עליו־השלום'ס, נאָמען,— קאָסט ווייטער געלד, איידער מען קאָנן פערשרייבען, וד"ל... אויף דער רעשט האָב איך געגעבען אַ זאָלאַ־וועקסיל אויף סטעמפעל, וליתר תּוקף־ועוז — נאָך אַ חרם־קוויטעל. און צונר בין איך ערשט אין דער קלעם, אַז דער רבונו של־עולם זאָלל זיך מרחם זיין.

נור רעד מיט אַ יודענע! נישט אומזיסט האָבען אונזערע חכמים געזאָגט: „נשים דעתן קלות" און מענשען זאָגען: לאַנגע האָהר—מיידעל־וויז מיין איך,— און קורצער שׂכל... איך שרייב דעריבער בעזונדער לבעלך, שיחיה; ער איז אַ מאַנסבילן, אַ בן תּורה, אַ מופלג בתּורה, און ער וועט וויססען, אַז אַ בשׂר־ודם טאָר זיך נישט אַרויפלעגען אויף איין אַנדערן בשׂר־ודם, וואָרען: וכשל עוזר ונפל עזור,— אַ בשׂר־ודם קאָנן קוים זיך אַליין דערטראָגען... אַ מענש מוז האָבען בטחון.

און איך בין בטוח, אַז גאָטט וועט דיך, חס־ושלום, נישט פערלאָזען; ער פערלאָסט נישט קיין שוואַכע פליעג! נור פון רבונו של עולם קאָנסטו געהאָלפען ווערען, צו'ן איהם זאָלסט דו מתפּלל זיין, און איך פון מיין צד, אַז איך וועלל, אם ירצה השם, זיין ביי'ן איהם, זאָלל לעבען, וועלל איך אָנגעבען פון דיינעט וועגען אַ קוויטל מיט אַ בעזונדערן פדיון; 2 צו 3 מאָל ח"י און עס מוז פועלען!

און בנוגע צום אַרבּים, האָט זיך אויסגעלאָסט אַ בוידעם. איידער וואָס, איידער ווען, האָט זיך גבריאל דער פאַכטער אַראָב געבערענגט פון אייער געגענד עטליכע פוהרען אַרבעס. פערדינט האָט ער אַ מטמון! ער מאַכט שוין חתונה אַ זוהן און גיט שוין נדן... וואָס קלערסט דו, אַז גאָטט וויל, פעהלט דיר אויף אַ מאַרקע, פערשפּעטיגסט זיך דיין תּשובה אויף מיין בריעף, און גבריאל ווערט דער חכם!

און וואָס דו שרייבסט, אַז דאָס קינד דיינס איז נישט בקו־הבריאָה, זאָלל טאַקי דער רופא חולים העלפען; אין סכנות־נפשות, גלייב נישט; נור אָהן מרה־שחורה! איך האָב געטהון מיינס. איך בין אויפגעשטאַנענען גאַנץ פריה, געגאַנגען אין גרויסען בית־המדרש אַריין, אַריינגעוואָרפען מאיר בעל הנס, אויפגעשריבען אויף דער מזרח וואַנד „לרפואה־שלמה" מיט גרויסע אותיות. און, אויב עס וועט זיין, אם ירצה השם, אַ לייזונג, וועלל איך נאָך שיקען ליכט אין שוהל אַריין. דעם רבי'ן זאָלל לעבען ווילל איך אויך מודיע זיין. און נישט דערמאַנן, אַז בעלך איז נישט

זיין תמיד, אונ דו ווייסט, אַז ביי'ן איהם, זאָלל לעבען, בין איך אַ בן בית...
פֿון מיר, אחיך
מנחם מענדיל.

עיקר שכחתי. מירל-פֿיגא, דען די"ג'ס טאָכטער איז, לא עליכם, געווע'ן מקשה לילד, האָט מען אַראָב געבּרענגט אַ דאָקטאָר פֿון טאָמאַשאָוו אונ דער מאַנן איז תיכּף אַוועק געלאָפֿען צום רבי'ן, זאָלל לעבען. צו דער דאָקטאָר האָט קאַליע גע-מאַכט, צו וואָס, נור, אַז דער מאַן איז געקוממען, האָט ער זי שוין געטראָפֿען אויף דער מטה. ער האָט איהר געמאַכט גאָר אַ שיינעם הספד. צונד רעדט מען איהם שדוכים, איך וועלל מיך אויך אַריינלעגען אין דער זאַך. עס איז אַ מצוה אַזא שיי-נעם יונגען מאַנן אַ טובה צו טהון. אגב, טאָמיר בעשערט השם יתברך אַ רייכען שדוך וועלל איך נישט צולעגען.

אחיך הנ"ל.

זוגתי חוה גיטל, שתחי', לאָסט דיך גריסען גאָר פֿריינדליך. וכן בתי הכּלה, שתחיה. מיט גאָטס הילף וועסט דו, אם ירצה השם, די טאָג בעקוממען אַ חתונה-בריוועל. עס זאָלל אונז אַללע זיין צו מזל אונ צו ברכה.

מנחם מענדיל הנ"ל.

---

גיסתי האהובה, המיוחסת והצנועה, האשה הכשרה, הלא היא מרת חנה תחיה.

ראשית בין איך דיר מודיע, ליעבע שוועסטער אונ שוואָגערין, אַז מהיום והלאָה, אַז גאָטט וועט שענקען דאָס לעבען, וועלל איך אָבנעמען דיינע בריעף, נישט מיין בעל-הבּית, אונ אַשּׁה וועלל איך פֿון זיי מאַכען! צווייטענס, ליעבע שוואָגערין, איז דאָס פֿון דיין זייט, צווישען אונז גערעדט, אַ גרויסע חוצפּה, וואָס דו האָסט זיך אָן אונז אָנגעחאַפּט אונ דוקא פֿאַר אַ חתונה, אונ מאַכסט אונז די טאָג פֿינסטער ווי די נאַכט, אונ ווילסט נאָך אָנמאַכען אַ שוואַרץ-פֿינסטער לעבען צווישען מאַנן אונ ווייב. דו מוזט, אַ פּנים, מיינען, ליעבע שוואָגערין, אַז דו ביזט נאָך ביים שווער, זכרונו לברכה, אויף קאָסט, אַז דו ביסט אַ פֿערצויגענע בת-יחידה, אָהן שום דרך-אֶרץ; אונ, אַז מען גיט דיר נישט דעם טעלעריל פֿון הימעל, ווילסטו אַללעמען אויס שטעכען די אויגען, די וועלט אומברענגען, אונ די קולות דיינע געהען ער לבּ-השמים. איך געדענק נאָך דיין טופּען מיט די פֿיסליך, דיין זעצען מיט די פֿויסטען אין טיש אַריין, בשעת, ווענן דער תּם דיינער שטעלט זיך אין

אַ ווינקעל אַריין, שאָקקעלט מיט'ן שפּיציגען קאָפּיל, אַז די פּאות וואַרפען זיך איהם, ווי די לולבין; דער שווער, זאָלל ער מיר עס דאָרט מוחל זיין, זאָגט דאָך אַ ודאי, אַז די בת־יחידה איז גערעכט.

מהייערע שוויגערין חנה! עס איז שוין צייט זיך אויפצוכאַפּען פון שלאָף, צו פערגעססען די פּוסטע חלומות, און צו זעהען, אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען איז. דער שווער, זכרונו־לברכה, איז שוין לאַנג אויפ'ן עולם־אמת; נישט דאָ קיין קאָסט, אויסגערוננען! אַ בת־יחידה קאָנסט דו נור זיין ביי דיין אייגענעם מאַנן, נישט ביי קיין אַנדערן. און איך ווייז דיר צוויי מאָל פינף פינגער!

און דעם בריעף־טרעגער האָב איך זהיר והזהר אָנגעזאָגט, ער זאָלל דיינע בריעף אָבגעבען מיר צו דער האַנד, נישט מיין כשר בהמה'לע. זיי וויססען, ליעבע שוויגערין, אַז די גאַנצע וועלט בלאָזט אויף די נאָגעל פון דיין שגעון! ווער עס האָט, זאָגט נישט אַנדערש, נור אַ דבוק, רחמנא־ליצלן! סעריל די נגידה האָט מיר בפירוש געזאָגט, אַז דו ביזט ווערט, מען זאָלל דיך קורע־כדג זיין! און איך קאָנן גאָר נישט פערשטעהן, וואָס דו ווילסט האָבען פון מיר! נישט איך חוה גיטל האָב, חס ושלום, געשריבען די תורה; נישט איך, חוה גיטל, בין, חס ושלום, אַראָב מיט דונער און בליטצען אויפ'ן באַרג סיני, אַוועק צו גזלן פון דיר דעם דין פון ירושה; און אַז דער שווער דיינער, זאָלל מיר עס דאָרט מוחל זיין, איז געווען אַזאַ בטלן, ווי דיין מאַנן דער תם, און מען האָט דיר נישט געגעבען קיין שטר חצי זכר, בין איך נישט שולדיג? און דער רבונו של עולם איז נישט, חס ושלום, אין מיין רשות; דער שליסעל פון שערי רחמים, ליגען נישט ביי מיר, — עס איז דאָ צו וועמען צו שרייען! האָסט נישט קיין סדור, קיין מחזורים, קיין תחנות? דאַווען, בעט רחמים! און אויב דאָס קינד דיינס איז טאַקי הולה מסוכן, איז דאָרט אויך דאָ איין אָרון־קדש איינצורייסען, קברים צו מעסטען, און מאיר בעל־נס אויף צדקה פעהלט אויך נישט! דו ווייסט אָבער נישט מעהר, נור—חוה גיטל; חוה גיטל און ווידער חוה גיטל! פעהלט דיר פרנסה, ווער איז שולדיג? חוה גיטל! גיעסט דו צו איהר אויס דיין ביטער האַרץ; איז דיר קראַנק דאָס קינד, ווער איז שולדיג? מסתמא חוה גיטל, און פערשרייסט מיר דעם קאָפּ! און איך, איין גאָטט אין הימעל ווייסט דען אמת, בין חולה־מסוכן, איך פּאָכע מיט דער נשמה און ביין אַ ליאַדע עגמת־נפש, ווער איך ממש אויס מענש. און אַז מיר חאַפּט אָן דער הוסט, איז טאַקי סכנות נפשות; מיין איך, אַז עס עקט זיך מיין וועלט. איך בין, ווי מען זאָגט: אַ פוס אין שטוב אַ פוס אין גרוב. און אַז די דאָקטוירים וועללען מיך נאָך הייסען פאָהרען קיין אויסלאַנד וואַססער טרינקען, בלייב איך אָהן אַ העמד, חס ושלום; און אויף וועמענס האַנד לאָז איך איבער די שטוב, די פרנסה, די זעכס קינדערלעך, וואָס?

דו ווייסט, דאַכט זיך, אַז אויף מיר שטעהט דאָס גאַנצע הויז, אַז אַלץ ליעגט

אויף מיין קאָפּ, אַז ווי אחיך מנחם מענדיל גיט זיך נור אַ ריהר, איז באַלד אַ שאָדען; לײמענע האַנד האָט ער, דאָס שלימזל! אַ מענש זאָלל נישט טויגען, נישט צו גאָטט, נישט צו לייט; זאָלל נישט אַריין טהון קיין האַנד אין קאַלט וואַססער אַריין, גאָר נישט! פּעהלט מיר נאָך, עס זאָלל קוממען דער דאָקטאָר אונ זאָגען, אַז עס וואַקסט ביי מיר די מילץ אין דער בּרייט, אַז די סכּנה איז, חס ושלום, זעהר גרויס, אַז איך בּרויך גרוים רחמים! — קוממסט דו אונ מאַכסט מיך פאַר אַ גליקליכע נגידה, איך זאָלל דיר העלפען.

ליעבע שוואָגערין, איך זאָג דיר בּפירוש, אַז דו האָסט אַ האַרץ פון אַ טאָטער, נישט פון אַ יודישע טאָכטער; ביסט פּשוט אַ מענש אָהן רחמנות! שוין צייט, זאָללסט גאָר אין גאַנצען אויפהאָרען מיט דיינע ליעב־האַרציגע בריוועלעך! אונ זעה, למען השם, צו קוממען אויף דער חתונה, וואָס וועט זיין, אם ירצה השם, גאָר קירצליך. ווענן, וויים איך נאָך אַליין נישט, ווייל איך ווילל עס נישט נעהמען אויף מיין אחריות. זאָלל מנחם מענדיל פאָהרען צום צדיק, אונ אָבּשטעללען אויף זיין בּעראָטה, ווען די חתונה, זאָלל זיין אין אַ מזל'דיגע שעה, אונ איך וועלל דיר שוין מודיע זיין. מתּנות בּרענגען דאַרפסט דו נישט. אונ, אַז דו וועסט, אם ירצה השם, קוממען עם בּעלך המופלג, שיחיה, וועט איהר ביי מיר זיין פון די געהויבענע גאָסט, איך וועל אייך זעטצען אויבען אָן; אונ די כּלה בּעט אייך אויך זעהר אונ זעהר, איהר זאָלט קוממען אויף דער חתונה, נור איהר זאָלט אייך לייטיש פיהרען, נישט, חס ושלום, פאַרגעססען, וואו איהר זייט אויף דער וועלט, אונ נישט אָנטהון קיין הרפּות ובושות.

גרים בּעלך, שיחיה, מיט'ן קינד לרפואה שלמה

פון מיר, דיין שוואָגערין

חוה גיטל.

---

ב) פיער בריעף וואָס חנה האָט בעקוממען פון מאַנן שמואל משה.

## ערשטער בריעף.

זוגתי האהובה מרת חנה תחית.

ווענן מיין בריעף, וועט קוממען צו דיר אין דער האַנד אַריין, וועל איך, בּעלך שמואל משה, שוין זיין אין מרחקים. אונ איך בּעט ביי דיר סליחה ומחילה אויף דעם. איך בין אַוועק פון דיר נישט מיט מייז גוטען וויללען, איך האָב שוין לענגער

נישט געקאָנט אויסהאַלטען; איך האָב געזעהען בחוש, אַז עס כָּלוּ כּל הקיצין; אַז עס איז שוין די צרות נישט צו דערטראָגען; דען נדן האָבען מיר אויפגעגעססען, די ירושה האָט דיין ברודער, דער גזלן, איינגעשלונגען, ער האָט בעניצט די צייט, ווען די בריעף זעננען צווישען אייך געגאַנגען, און האָט פערשריבען דאָס הויז אויפ'ן מחותּן'ס נאָמען, — צושלאָגען זיך צו'ן אַ שטיקעל עסק האָב איך נישט גע־קאָנט, נישט געהאַט מיט וואָס; איז מיר קיין אַנדערע עצה נישט געבליבען נור, אָדער זיך, חס־ושלום, צו הענגען, ווי משה דער שניידער האָט געטהון, אָדער אַנט־לויפען קיין אַמעריקאַ; האָב איך אויסגעקליבען אַמעריקאַ; זאָלל איך חאָטש יענע וועלט נישט פערליערען, און אין אַמעריקאַ וועלל איך שוין נישט זיין קיין בטלן, קיין „כּלי־יָקר"; איך וועלל מיט גאָטס הילף מיט'ן שוויים, פון שטערען, מיט מיינע צעהן פינגער פערדיענען אויף אַ שטיקעל ברויט, ביז השם יתברך וועט זיך מרחם זיין און וועט אַריינשיקקען די ברכה אין מיינע צעהן פינגער, און אֶפשר וועט ער גאָר בענשען דיין מסחר דאָרט מיט די ציבעלעס, און וועט אונז צוריק צוזאַממענפיהרען; אָדער מיך צו דיר אָדער דיך צו מיר; אָמן, כּן יהי רצון.

און איך בעט דיך זעהר, ליעבע, גוטע חנה, זאָלסט דיך נישט אַזוי מצער זיין, נישט אַזוי פיעל וויינען. דו ווייסט, אַז מיין גאַנצער מיין מיטן אַוועק פאָהרען איז נור — פרנסה, נור דאָס שטיקעל ברויט! דו ביסט זוגתי חנה און איך בין דיין מאַנן שמואל משה, און ביידע זעננען מיר צוגעבונדען צום קינד, זאָלל לעבען און געזונד זיין. ווענן איך וואָלט געהאַט חאָטש אַ שטיקעל טרוקען ברויט, וואָלט איך עס, חס־ושלום, נישט געטהון... אֶפשר וועט זיך דערווייל השם יתברך מרחם זיין, און, אַז דיין ברודער, דער גזלן, וועט דערהאָרען, אַז איך האָב דיך, חס־ושלום, געלאָזט אַיין עגונה, וועט ער פאָרט אֶפשר רחמנות קריגען, דאָס שטיינערנע האַרץ וועט ווייכער ווערען, און ער וועט דיר גיבער אֶפשר שיקקען עטליכע רובעל אויף פרנסה...

וואָס זאָלל איך ריידען און וואָס זאָלל איך זאָגען, מיין גאָלדענע חנה?! איך מוז דיר זאָגען, אַז די מחשבה אַוועק צו פאָהרען, און דיך איבער צולאָזען מיט'ן קינד, איז מיר שוין אַ סך מאָל אַרויפגעקוממען אויפ'ן זיננען. איך האָב שוין לאַנג געזעהן, אַז איך האָב נישט קיין אַנדערע ברירה. טאָג אַזוי נאַכט האָב איך דעריננען געקלערט; אי ביים דאַווענען, אי ביים לערנען. איך האָב נור געוואַרט דעם קינד, עס זאָלל איהם זיין לרפואה שלמה, זאָלל בעססער ווערען. אַז דעם קינד, זאָלל לעבען, איז בעססער געוואָרען, האָב איך דאָך נישט געהאַט דאָס האַרץ דיר צו זאָגען, אַז איך וויל אַוועק, וואו די אויגען וועללען מיך טראָגען... איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט זאָגען, אַז דו ווילסט נישט, און איך וועלל נישט קאָננען טהון קעגען דיין רצון. האָב איך אַלץ אין מיר געהאַלטען, אָבגעגעססען זיך

אין דער שטיל דאָס האַרץ, נור, אייערנעבּטען, אַז דו האָסט אַהיים געבּרענגט אַ פּונט ברויט, אונ צוטהיילט פֿאַר מיר אונ פֿאַרן קינד, זאָלל געזונד זיין, אונ געזאָגט, אַז דו האָסט שוין געגעססען ביי'ם שכן, אונ איך האָב דערקענט אָן דיין פנים, וואָס האָט בעקוממען אַללערליי קאָליערען, — ווייל דו קאָנסט בטבע נישט זאָגען ק־ין ליעגען, — אַז דו נאַרסט מיך, אַז דו האָסט אין דיין מויל נישט געהאַט, — האָב איך בשעת מעשה דערפֿיהלט, ווי ווייט איך זינדיג קעגען ד־ר! עססענדיג פֿון ברויט, האָב איך געפֿיהלט, אַז איך עס פֿון דיר דאָס פֿלייש, חס־ושלום; אונ דערנאָך, ביים גלאָזיל טהיי, — אַז איך טרינק, אַז איך זייג אויס, חס־ושלום, דיין בלוט. עס האָבען זיך מיר מיט אַ מאָל די אויגען געעפֿענט; איך האָב ערשט דערזעהן, וואָס פֿאַר אַ פּושע־ישראל, איך בין! אונ אויסזאָ.ען האָב איך פֿאָרט מורא געהאַט; בין איך אַנטלאָפֿען אָהן דיין ידיעה, —

ביי יחיאל דעם מלוה האָב איך פֿאַרזעצט די אייבערשטע קאַפּאָטע מיט'ן טלית, נור, למען השם, דאָס זאָלל קיינער נישט וויססען — אונ האָב גענוממען אויף הוצאות. אַז עס וועט מיר פֿעהלען, זעננען אימעטום דאָ יודען בני־רחמנים אונ מען וועט מיך, חלילה, נישט לאָזען פֿאַללען אין גאַסס. ווע[ל]ל איך אָנקומען צו מתנת בשר־ודם! אונ אַ נדר האָב איך געטאָן, אַז איך וועל, אם ירצה השם, שפּעטער, אַז זיין ליעבער נאָמען וועט זיך מרחם זיין, אונ איך וועל וואָס עס איז פֿאַרדיענען, וועל איך אַלץ אָבגעבען אויף צדקה, מיט רווחים, — אם ירצה השם!

דאַרפֿסט פֿערשטעהן, מיין גאָלדענע חנה'לע, ווי מיר איז שווער אונ ביטטער דאָס אַוועק־פֿאָהרען... אַז אונזער איינציג טהייער קינד, איז געבוירען געוואָרען, איז מיר אַ וודאי אין זיננען נישט אַריין געקומען, אַז איך וועל איהן מוזען איבערלאָזען, האָטש אויף אַ צייט, אָהן אַ טאַטען...

די נאַכט, וואָס איך בין אַוועק, בין איך אָבגעשטאַנען, אַ וודאי אַ שעה אויפֿ'ן זייגער איבער דיין בעט. דו ביסט געשלאָפֿען. ביי דער שיין פֿון דער לבנה, האָב איך ערשט געזעהן, ווי דו זעהסט, נעביך, אויס! ווי דאָס קינד, נעביך, איז געל ווי אַ וואַקס... פֿאַר פחד אונ גרויס רחמנות האָט מיר דאָס האַרץ געשטיקט; איך האָב שיער נישט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין; אויס מענש בין איך אַרויס פֿון שטוב. איך האָב אָנגעקלאַפּט ביים בעקקער, געקויפֿט אַ ברויט, שטיללערהייט מיך אַריינגע'גנבֿ'עט זיך אין שטוב אונ דיר איבערגעלאָזט. איך בין ווייטער געשטאַנען אַ ווײַלע אונ האָב קוים כח געהאַט אָבצורייסען די פֿיס פֿון דער ערד... וואָס זאָלל איך דיר זאָגען, חנה, אַ מענש שפּירט אַ מאָל אין איין רגע יסורים פֿון הונדערט יאָהר!

חנה'שי קרוין, איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איך בין אַ גזלן, אַ רוצח, וואָס איך האָב דיר נישט געלאָזט קיין גט, על כל פנים אויף אַ תנאי; אָבער גאָטט אין הימ־על

אין מיין ערות, אַז איך האָב דערצו קיין כח נישט געהאַט, קיין האַרץ נישט גע-האַט, מיר דאַכט זיך, אַז ווענן איך וואָלט דיר איבערגעלאָזט אַ גט, וואָלט איך, חס ושלום, געשטאָרבען אונטערוועגס פאַר יסורים; מיר זענען דאָך אַ געטרייער, כשר'ער זווג; השם יתברך אַליין האָט אויפ'ן זווג מסכים געווען. אונ איך בין צו דיר אָנגעבונדען מיט'ן גאַנצען האַרץ; איין נשמה אין צוויי גופים. אונ איך ווייס נישט, ווי איך וועל לעבען אָהן דיר אונ אָהן דעם קינד, זאָלל געזונד זיין, אפילו איין מינוט. אונ טאָמער זאָגט דיר עמיצער, אַז איך האָב דיך געלאַסט, חס ושלום, איין עגונה, גלייב נישט! דענן איך שמואל משה, בין דיין מאַנן, אונ וואָס איך האָב געטהון האָב איך געמוזט טהון! וואָרען וואָס טהוט נישט אַ מענש פאַר נויט...

חנה'שי קרוין, ווענן איך וואָלט פאַר דיר געקאָנט אויפרייסען מיין האַרץ, די זאָלסט זעהען, וואָס דאָרט טהוט זיך, וואָלט מיר אָפשר אַביסעל גרינגער געוואָרען.— צונד, מיין כשר'ע נשמה, לייד איך גרויסע צרות! די טרערען גיעסען זיך מיר פון די אויגען, אַז איך זעה נישט, וואָס איך שרייב, אונ דאָס האַרץ קלעמט, אונ אין מוח דרעהט זיך ווי אַ מיהל... אונ עס קלאַפט מיר אַ צאָהן נאָך אַ צאָהן, אונ דער בעל עגלה, דער עם-האָרץ, שטעהט איבער מיר אונ האַקט אין טיש אַריין אונ שרייט: פאָהרען, פאָהרען!

רבונו של עולם, האָב שוין אַמאָל רחמנות אויף מיר, אויף מיין ווייב חנה, זאָלל געזונד זיין, אונ אויפ'ן קינד, איך זאָלל נאָך פון איהם אַמאָל נחת דערלעבען.

**פון מיר, דיין טרייער מאַנן, וואָס שרייבט אויפ'ן וועג אין קרעטשמע,**

**שמואל משה.**

---

# צווייטער בריעף.

**אשתי היקרה והאהובה.**

וואָס זאָלל איך רעדען, וואָס זאָלל איך זאָגען; איך זעה בחוש, אַז מן השמים האָט מען מיך געהייסען פאָהרען. אַז דאָס איז געווען אַ גאָטט-זאַך. דאָס האָט ער מיר איינגעגעבען שכל, איך זאָלל אַוועק קיין אַמעריקאַ; אַלץ וואָס השם יתברך טהוט לאָזט זיך אויס צום גוטען.

מיין ליעבע חנה, בשעת איך מאַך צו די אויגען, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אין דער היים, אונ עס חלום'ט זיך מיר פון עק וועלט! וואָרען באמת, ווער וואָלט געגלייבט, אַז אַזאַ בטלן, אַזאַ מענש אָהן אַ צונג אין מויל ווי איך, — אַ מענש, וואָס קאָנן קוים אַ צורת מטבע, זאָלל פאָהרען מיט דער באַהן, לאָזען זיך אויף אַ שיף

איבערן ים אונ קוממען בשלום קיין אַמעריקאַ! אֶצבע אלהים — גאָטס השגחה איז עס... זיין וויללען נור האָט גובר געוועזען, אַז איך האָב געקאָנט איבער לאָזען דיך מיטן קינד, זאָלל לעבען. השם יתברך זאָלל געבען, מיר זאָללען נאָך זוכה זיין איהן מגדל צו זיין, לתורה לחופה ולמעשים טובים!

חנה'לע קרוין, איך האָב מיך פריהר אָנגעזעהן גרוים ווינדער אויף דער יבשה. דאָס איז אָבער גאָר נישט געגען דעם, וואָס איך האָב געזעהען אויפ'ן ים. אויפ'ן ים, האָב איך פערגעסען אַלץ, וואָס איך האָב פריהער געזעהן אויף דער יבשה, אונ צונד, ביי די ווינדער אין אַמעריקאַ, פערגעסס איך ווייטער דען ים!

אונ אויף דער שיף האָב איך, אין דער התחלה, גרוים צער אונ עגמת נפש גע-האַט; טאַקי אָין לשער. נור דאָס אַלץ איז אויך געווען לטובה, אונ איך גלייב, אַז איך האָב דאָס אַלץ איבער געלעבט אין דיין זכות אונ אין זכות פון אונזער איינציג קינד.

חנה'לע, דו מוזט אַוודאי געדענקען ליב חזן, וואָס איז אַמאָל, מיט עטליכע יאָהר צוריק, געקומען צו אונז אין שטאָדטיל אַריין, אונ האָט ביי אונז געדאַווינט ימים נוראים. מוצאי יום כפור, געדענק איך, האָסט דו מיר געזאָגט, אַז, צייט דו לעבסט, האָסט דו נאָך אַזא דאַווינען נישט געהאָרט. איך געדענק נאָך אפילו דאָס לשון, ווי דו האָסט מיר געזאָגט: ליב חזן צו שרייט זיך ווי אַ לייב אונ צו וויינט זיך ווי אַ קינד...

אויף מאָרגען, איז געוואָרען עפּיס אַ מחלוקת אין שטאָדטיל. מען האָט ליב חזן נישט אין זיננען געהאַט, נישט רעכט בעצאָהלט; אונ ער איז, נעביך, אַרום געגאַנגען אין די הייזער... געדענקסט מיט אַ קליין מיידעלע, גנענדיל האָט זי גע-הייסען. זי האָט נאָכגעזונגען דעם פאָטערס נגונים מיט איהר קינדיש קול'עכיל... אַז זיי זעננען אַריינגעקומען צו אונז, האָסט דו אויף איהר גרוים רחמנות בעקוממען, האָסט זי גענומען צו זיך אויף דער שוים, געקושט אין קאָפּף, האָסט איהר עפּיס געשענקט, איך געדענק שוין נישט וואָס, אונ האָסט זיך נאָך צו וויינט פאַר רחמנות אויף דער אָרימער יתומה אָהן אַ מאַמען... דיך ווינדערט אֶפשר, וואָס איך געדענק אַזוי אַלץ?

זיי וויסען, חנה'לע קרוין, אַז איך געדענק אַללע דיינע זיסע רייד, אַללע דיינע תנועות, וואָס האָבען טויזענד חן געהאַט; שטאָנדיג שטעהסט דו מיר פאַר די אויגען! פאָהרענדיג אויפ'ן ים, האָט זיך מיר אויך וואָס אַמאָל געדאַכט, אַז דו שטעהסט נעבן מיר, דאָס קינד האַלט זיך אָן דיין פאַרטעך, אונ איך האָר דיין קול אונ דעם קינד' קול, אונ עס קלינגט מיר אין די אויערען מיט אַזא זיסקייט, וואָס איז גאָר ני צו בעשרייבען. —

אונ צונד'ערט האָב איך מיך מיט דעם אייגענעם ליב חזן אויפ'ן וועג גע

נישט צו זינדיגען מיט די רייד, איז דער ליב חזן גאָר אין גאַנצען אַראָב פון וועג, גאָר, גאָר...

אויף דער שיף האָט ער נישט שטאַרק געקוקט, יאָ כשר נישט כשר, טרינקען טרינקט ער ווי נישט קיין יוד... איבער דער גאַנצער צייט האָב איך איהן נישט געזעהן אין טלית און תפלין... אָדער ער זאָלל בענשען נאָכ׳ען עססען... געהען געהט ער אַרום גאַנצע טאָג אָהן אַ היטעל... און לא די, וואָס ער אַליין איז אַזוי, פיהרט ער נאָך די טאָכטער אין זיינע דרכים... די דעמעלדיגע גענענדיל ווערט היינט אַלט זיין אַ יאָהר זיעבצעהן, וואָלסט דו זעהן — אַ פּאַטרעט! און ער הייסט זי, זי זאָלל זינגען און טאַנצען פאַר די פּאַסאַזירען פון שיף, און זי זינגט אויף כמה וכמה לשונות, רחמנא ליצלן. לייט האָרען און פּאַציען מיט די האָנד פאַר נחת, און שרייען, דאָס גוטע־יאָהר ווייסט זיי וואָס! און עס געהט צו אויסגעלאַססען און פערשייט, אַז — חלשות!

צו אַללעם ערשטען, וואָס זאָלל איך לייקענען, האָב איך מיך מיט זיי זעהר דערפרייט. פאָרט, טראַכט איך, היימישע מענשען, איך וועלל שוין נישט אַרומגעהן אַזוי עלענד, אַזוי איינער אַליין. האָב איך דערנאָך אָבער געהאַט גרויס שברת הלב; איך האָב נישט געקאָנט צו זעהן זיין התנהגות מיט דער טאָכטער. און טהייל מאָל האָט מיך געשניטען אין האַרץ, ווי אַ יוד אַ בעל־תפלה, וואָס פלעגט שטעהן פאַרן עמוד, זיין אַ שליח פון כנסת־ישראל פאַרן רבונו של עולם, רעדט גאָר פשוט נבול־פה, אַז די גאַל קעהרט זיך איבער. און אַ קול האָט ער, איז עס דורכגעברענט פון בראָנפען...

איז דאָך גוט, נעהמען זיי זיך נאָך צו מיר און וויללען מיך מאַכען פאַר אַ לייט! הוזק מאַכען זיי פון מיר אויף דער שיף! מען האָרט נישט מעהר נור: בטלן, שוטה... ער ציפּט מיר די פאות, זי רייסט די ציצית פון טלית־קטן און די גאַנצע שיף האָט מיט מיר צו טהון!

און וואָס פערדריעסט זיי? וואָס איך בין אַזוי אָבגעהיטען פון טרפות, וואָס איך וויל בעססער פאַסטען, איידער עססען פת עכו״ם.

דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיך פיינט צו קריגען, רוק איך אָב אָן אַ זייט, בעהאַלט מיך אין אַ ווינקעלע, און וויין מיר אוים דאָס האַרץ אין דער שטילל...

דער עולם געפינט מיך אָבער און מאַכט פון מיר לייטען־געלאָכטער. איך האָב געמיינט, עס איז מיין עק!

ערשט צונד, אין אַמעריקאַ, זעה איך, אַז דאָס אַלץ איז געוועזען אַ גאָטט־זאַך!

אַז דאָס האָט מיר גאָטט, מיט זיין גרויס חסד, אָנגעגרייט ליב חזן מיט דער טאָכטער אין אַמעריקאַ, ווי ער האָט אָנגעגרייט יוסף׳ן פאַר זיינע ברידער אין מצרים!

וואָרען, וואָס וואָלט איך אָהן זיי געטהון! אַ מענש אָהן לשון, אָהן אַ מלאָכה,

נישט ווייסענדיג, וואו אַ טיהר אָפּענט זיך!

און ליבּ חן איז דאָ אַ גאַנצער בן־בית ענגליש רעדט ער ווי אַ וואַססער. תּיכּף, אַזוי ווי איך בּין נור געקוממען, האָט ער מיך אַריינגעפיהרט אין אַ ציגאַרען־פאַבּריק, און — איך אַרבּייט און פערדיען שוין!

דערווייל וואהנען מיר אפילו אין איין דירה. וואָרען, פרעג מיך בּהרם, ווי אַזוי מען געהט דאָ דינגען אַ דירה!

אויך זענגען זיי, — טאַקי גאָט'ס חסד, בּנוגע צו מיר, גאָר אַנדערש געוואָרען. גנענדיל מאַכט שוין נישט חוזק אויס מיינע בּאָרד און פאות, און האַלט זיך פון מיר פון ווייטענס, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יודישע טאָכטער. זי קאָכט פאַר אונז, און דאָס איז זייער וויכטיג, הגם קיין פלייש עסס איך נישט, נור אייער, און טהיי טרינק איך אָהן מילך. וואַשען וואַשט זי אויך.

פון דעם איז זיך בּאמת אַ מוסר אַרויסצולערנען, אַז מאַקי, וואָס דער רבונו של עולם טהוט, טהוט ער צום גוטען.

און ווייסט, ווי אַזוי עס האָט זיך אַלץ איבּערגעדרעהט צום גוטען? גאָר פשוט: אין דיין זכות!

נאָך אויף דער שיף, אַז איך האָבּ געזעהען, אַז איך וועלל עס פון זיי נישט אויסהאַלטען, האָבּ איך מיר געמאַכט אַ האַרץ און בּין צוגעגאַנגען צו גנענדלין, און געזאָגט איהר, אַז איך בּין דיין מאַנן. איך האָבּ זי דערמאַנט דען נאָך יום־כפור, ווען זיי זענגען בּיי אונז אין שטוב געוועזען, ווי אַזוי דו האָסט זי מקרב געוועזען, געגומען אויף דער שוים, און אַזוי ווייטער...

תּיכּף ומיד איז זי אַנדערש געוואָרען. זי האָט אויף מיר רחמנות געקריגען, די אויגען זענגען איהר מיט טרעהרען פערלאָפען. זי איז בּאַלד צוגעלאָפען צום פאָטער און האָט מיט איהם איבּערגעשמועסט די זאַך, און בּאַלד איז געוואָרען אַ שלום.

תּיכּף האָבּען זיי געבּעטען דען שיפס־קאַפּיטאַן, ער זאָלל מיך הייסען בּעססער בּעהאַנדלען. און אַזוי איז געוועזן!

איך האָבּ אָנגעהויבּען צו בּעקוממען בּרויט, וויפיעל מיין האַרץ האָט געגלוסט, און טהיי, וויפיעל איך האָבּ געוואָלט. די שיפס לייט, האָבּען מיך אויפגעהערט צו פייניגען. איך האָבּ אָנגעהויבּען אָבּצוואָטעמען.

דאַרפסט דו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ חשובה די גנענדיל איז געוועזן בּיי די לייט! און עס איז קיין וואונדער נישט; ערשטענס, איז בּיי זיי דער עיקר אַ יפת תאר; פאַר אַ יפת תאר וואָלטען זיי אין ים אַריין געשפּרונגען. צווייטענס, איז גנענדיל זעהר אַ גוטע בּטבע, און האָט חן בּיי לייט, דען זיבּענטען חן!

אצונד, מיין גאָלדען ווייבּעלע, וועלל איך דיר אָנזאָגען אַ בּשורה טובה:

ליב חזן זאָגט מיר צו, אַז איך וועל פֿערדיענען, לכל הפּחות, ביז צעהן דאָלאַר אַ וואָך.

איך רעכֿען זיך אַזוי צו פֿיהרען: אַ העלפֿט, — פֿינף דאָלאַר, וועל איך דיר שיקקען, און פֿינף וועל איך מיר בעהאַלטען. דערפֿון וועל איך לעבען, און וועל מיר נאָך אָנזאַמלען צו קויפֿען ש"ס; משנ־ות'ליך האָב איך מיטגענוממען. עס איז ביי מיר געבליעבען, איך זאָל יעדע וואָך לערנען, לכל הפּחות, צעהן בלאַטט גמרא. קיין טלית וועל איך דערווייל נישט קויפֿען, ווייל איך דאַווען לעת עתה אין ליב חזן'ס טלית... וואָרען ליב חזן האָט מיטגענוממען אַ טלית!

צו וואָס אפילו ווייס איך נישט, וואָרען דאַוונען, דאַווענט ער נישט אַ וואָרט!

איך רעד מיר איין, אַז דאָס איז אויך מן השמים; מען האָט'ן געהייסען פֿיהרען פֿאַר מיינעט וועגען אַ טלית.

און אפֿשר רעכֿענט ער צו דאַוונען דאָ ימים נו־אים פֿאַר'ן עמוד? עס געהט צו ימים־נוראים! איך ווייס? אין אַמעריקאַ, איז אַלץ מאָגליך! דאָ איז אַ פֿאַרקעהרטע וועלט!

און דער עיקר — איין דאָלאַר וועל איך בעהאַלטען, און זאַמלען, מיט השם יתברך'ס הילף, פֿאַר דיר מיט'ן קינד אויף הוצאות, איהר זאָלט דאָ ביידע קוממען אַהער. וואָרען איך זעה בחוש, אַז עס איז, השם יתברך'ס רצון, איך זאָל שוין בלייבען דאָ אין אַמעריקאַ. און דער רבונו של עולם ווייסט בעססער, וואָס עס איז גוט פֿאַר אַ מענש.

ווייסט, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגען? אַז אַצונד בין איך שוין נישט מעהר אין כעס אויף דיין ברודער דען גזלן; ווייטער דאָס אייגענע: איך זאָג, אַז דאָס איז אויך מן השמים! אַנדערש קאָנן גאָר נישט מאָגליך זיין, אַ מענש זאָל האָבען אַזאַ גזל'ניש האַרץ קעגען איין אייגענע שוועסטער.

נור דאָס אַלץ האָט מען געפֿיהרט, איך זאָל אַנטלויפֿען קיין אַמעריקאַ, און דיך אַהער נעהמען. און, אַז גאָטט וועט מיר העלפֿען, איך וועל קוממען צו עפּים געלד, וועל איך איהם נאָך, דעם ברודער דיינעם, אויך בעהילפֿיג זיין. ער איז אַ קבצן, זאָג איך דיר! איך זעה דאָך: וואָס ביי אונז הייסט אַ גביר, הייסט דאָ, אין אַמעריקאַ — אַ שלעפּפּער!

איך ענדיג דען בריעף, און מאַך דאָס מאָל בקיצור, הגם, איך האָב נאָך אַ סך, אַ סך צו שרייבען. ווייל איך האָב מורא, ליב חזן מיט גנענדלין זאָללען נישט אַריינקוממען צו מיר אין שטוב; איך וויל נישט, זיי זאָללען זעהען, וואָס איך שרייב דיר. און איך בעטט דיך זעהר, דו זאָלסט מיינע בריעף נישט וויזען קיין שום בן אָדם! וואָס דאַרף אַ פֿרעמדער וויססען, וואָס ביי אונז קומט פֿאַר?

און איך האָלז און קוש דאָס קינד, זאָלל לעבען! גיב איהם אויך אויף מיין חשבון צעהן טויזענד הייסע קוש, — האָרסט?

פון מיר דיין מאַנן,

שמואל משה.

---

# דער דריטער בריעף.

**אשתי האהובה!**

איך גדענק, דאָס ערשטע מאָל, אַז יוחנן שוסטער איז אַוועק פון אונז קיין אַמעריקא, האָט מען אָנגעהויבען שטאַרק וועגען אַמעריקא צו שמועסען; ווי אַזוי מען פיהרט זיך דאָרט, ווי עס געהט צו.

מען האָט געפּראָגט, אויב מען געהט דאָרט נישט אויפ'ן קאָפּף. און, אמת איז, אַז דאָ איז אַ פערקעהרטע וועלט! קיין שום סדר; בלוים קולות מיט געוואַל־דען, ווי ביי אונז אין קצב'ישען מנין!

שטעלל דיר פאָר, אַז ביי אונז, למשל, זאָלל קוממען פלטיאל דער וואַטטענ־מאַכער און יוסיל דער גאַרבער, און זאָגען, אַז דער רב אונזערער איז נישט קיין למדן; ווייס איך, אַז ער איז נישט בקי אין גטין וקדושין; אָדער גאָר, אַז זיי גע־פאָללט נישט דער ראש הקהל! הכלל — זיי ווילל׳ען איין אַנדערען רב, צו איין אַנ־דערען ראש הקהל! נו, וואָלט מען זיך נישט געהאַלטען ביי די זייטען?

און דאָ, אין אַמעריקא, האָבען אַרבייטאָרער, ציגאַרען־שניידער, אַזוינע ווי איך, אין אַללעם אַ דעה! — זיי מאַכען מיט ביי דער קלפי, מישען זיך ביי די בוררים. און טרעף וואָס זיי קלויבען אויס? — אַ פּרעזידענט!

און וואָס מיינסט דו, איז אַ פרעזידענט?

אַ פרעזידענט איז, נישט מעהר נישט ווענינער, ווי אַ ראש וראשון איבער דער גאַנצער מדינה! און, ווי איך האָב דאָ געהאָרט, איז אַמעריקא צעהן מאָל אַזוי גרויס ווי גאַנץ אייראָפּאַ! פערשטעהסט איין עסק? היינט שטעלל דיר פאָר מיין שרעקק, אַז איך זיטץ מיר אַזוי נעכטען ביי נאַכט אין שטוב, האָב אין זינן די הים, און מיט אַ מאָל אָפענט זיך די טהיר, און עס קומען אַריין צוויי אַרבייטאָרער, פשוטע אַר־בייטאָרער, וואָס שטעהען מיט מיר ביי איין מאַשין, און — אַחינו בני ישראל! און זיי לעגען מיר פאָר צוויי נאָמען, איך גדענק שוין אפילו נישט וואָס פאַר אַ נאָמען, און זאָגען מיר, אַז איך בין אויך איין אַרבייטער, און מוז זעהען, מען זאָלל אויסקלייבען

אַ פּרעזידענט, וואָס זאָלל זיין גוט פאַר אונזער קלאַססן!

און זיי דערצעהלען מיר, אַז איין פּרעזידענט האַלט פאַר די רייכע לייט, און טרעט מיט די פיס די אַללע, וואָס לעבען פון זייערע צעהן פינגער; און דער צווייטער, מאַקי דער, וואָס זיי ווילען אויסקלויבען, איז גאָר אַ דימאַנט; ער האַלט שטאָל און אייזען פאַר אַרבייטער, און די גראָבע בייכער רודף'ט ער מיט אַ שרעק-ליכער שׂנאה! און נאָך אַזעלכע נאַרישקייטען, וואָס איך האָב שוין גאָר נישט פערשטאַנען.

אין הארץ האָב איך זעהר געלאַכט. נור פון שלום וועגען, — עס פּאַסט דאָך נישט, מבייש צו זיין קיין מענשען — האָב איך זיי געטהון די טובה און צוגעשאָקקעלט מיט'ן קאָפּף אויף יאָ!

אַגב, האָב איך מאַקי געוואָלט, זיי זאָללען וואָס גיכער אַרויס פון שטוב, איך זאָלל מיך שוין קאָננען זעטצען שרייבען צו דיר דען בריעף. נו, זאָג אַליין, איז דאָס נישט אַ משוגעת?

נאָך זייערע רייד נאָך, קומט אויס, אַז עס וועט ווערען פּרעזידענט דער, וואָס זיי ווילען, וועלל איך פערדיענען צעהן דאָלאַר, און, חס ושלום, ווערט איין אַנדערער פּרעזידענט, וועלל איך פערדיענען נור ניין, און אָפשר אַכט!

און ליב חזן זאָגט, אַז ער פערשטעהט די פּאָליטיק! אַז אין דעם שטעקט אַ שׂכל! און, אַז איך וועלל דאָ זיין, זאָגט ער, אַ לאַנגע צייט, וועלל איך קריגען אַ ידיעה אין פּאָליטיק. מילא, זאָלל זיין אַזוי, שאָקקעל איהם אויך צו מיט'ן קאָפּף. טראַכט איך מיר נכנס יין יצא שטות — האָט גענוממען אַ איבריגען טראָפּען, רעדט ער פון וועגן! האָט ער מיר אָבער געשוואָרען, אַז בשעת קלפּי, לעבט ער דערפון און עס בלייבט איהם נאָך וועלכער גראָשען אויף שפּעטער; פערשטעה איך מאַקי נישט, ווי אַזוי!

נור אַללע נאַרישקייטען אַוועקגעלעגט! נישט אונזער זאַך! זאָלל זיין דער, זאָלל זיין יענער פּרעזידענט, פון דעם וועט אונזער מזל נישט אויפשיינען!

די מעשה איז: אַז גאַנץ אָפּט פאַלל איך אַריין אין אַ מרה שחורה, און די טרעהרען קאַפּען מיר פון די אויגען אויף די ציגאַרען-בלעטטער, וואָס איך שנייד; און ביינאַכט שלאָפט זיך נישט, ווי עס דאַרף צו זיין!

טהייל מאָל הייבט מיר אָן קלינגען אין די אויערן, גאַנצע טאָג האָב איך קאָפּף-ווייטאָג... און צו דעם אַללעם איז קיין בעססערע רפואה נישט דאָ, נור צו נעהמען פּאַפּיער, טינט און פעדער, און צו שרייבען אַ בריוועלע צו מיין גאָלדענער חנה.

מיין טהייערע ווייבעלע, איך קאָנן פון דיר קיין זאַך נישט האַלטען בסוד. איך מוז דיר אַלץ דערצעהלען: איך לערן נאָך דערווייל משניות; קיין ש"ס האָב איך נאָך נישט געקויפט! און ווייסט דו פאַר וואָס? ווייל איך האָב געמוזט

מאַכֿען גאָר איין אַנדער הוצאָה.

זיי וויסען, מיין גאָלדענע חנה, אַז אומעטום איז איין וועלט. הגם מען שרייט דאָ אַלץ אין איינעם: פֿרייהייט, פֿרייהייט, איז דאָס אַלץ ווערט אַ ציבעלע! מען האָט דאָ אויך פֿיינד אַ יוד! דאָ איז מען אָפֿשר נאָך מעהר מבֿזה דען צֶלם־אלהים פֿון אַ יוד! הינד, וואָס זאָללען אַרומלויפֿען אין די גאַססען, זאָללען ביללען און רייכען יודישע פּאָלים איז נישט דאָ, אָבער קיין לאָביסעס פֿעהלען דאָ אויך נישט, קוים דערזעהען זיי אַ קאַפּאָטע, ווערט אַ געשריי: דזשיו, דזשיו! אויף זייער לשון איז עס פונקט דאָס אייגענע, וואָס ביי אונז „זשיד". און זיי וואַרפֿען נאָך שטיינער און בלאָטע; בלאָטע פֿעהלט דאָ אויך נישט, ברוך השם! וואָס האָב איך געזאָלט מאַכֿען? האָב איך געטהון דאָס זעלבע, וואָס אַללע יודען טהוען דאָ. איך האָב אַרונטער געמאַכֿט די פּאות אונטער די אויערן, האָב מיר געקויפֿט, אויף אויסצאָהלען ראַטעס־וויז (אַזאַ מנהג איז דאָ), דייטשעשע בגדים, — האָסט דו איין עק פֿון געלד! און אויך דו, חנה'לי, אַז דו וועסט, אם ירצה השם, קוממען, וועסט דו דיר אויך מוזען מאַכֿען אַנדערע קליידער; וואָרען אַ מנהג איז מבטל אַ דין. און דאָ איז מען זיך אַזוי נוהג!

און וואָס דו שרייבסט, אַז גנענדיל געפֿאַללט דיר נישט, פֿערשטעה איך נישט פֿאַר וואָס? וואָס דו האָסט דאָ צו איהר? אויך בין איך נישט מחויב די וועלט מחזיר למוטב צו זיין. חוץ דעם, בין איך זיכֿער, אַז זי טהוט דאָס אַלץ דער ביטטערער פּרנסה צו ליעב! בטבע איז זי אַזאַ כּשר'ע נשמה, ווי אַללע יודישע טאָכֿטער. אַ גאַנצע טאָג, אַז איך מיט ליב חזן זענ'מיר אין פֿאַבריק, קאָכֿט זי און וואַשט און קעהרט די שטוב. אָבענד צייט, געהט זי ערשט, צוזאַממען מיט'ן פֿאָטער, אין זייערע אָרטער, וואו זי זינגט און שפּיעלט, און טאַנצט, פֿאַרן עולם. איך זיטץ מיר אין דער היים, לערן תורה און שרייב צו דיר. געגען האַלבער נאַכֿט קוממען זיי, טרינקען מיר צוזאַממען טהיי און מען געהט שלאָפֿען.

און דאָס, וואָס דו שרייבסט, אַז דיר דאַכֿט זיך, אַז גנענדיל האָט דאָס געמוזט צו גנבֿ'נען דען לאָפּפֿעל, וואָס האָט אונז דעמאָלט געפֿעהלט, — דאָס איז שוין גאָר קיין וואָרטער נישט!

גנענדיל איז אָפֿשר נישט אַזוי פֿרום אין אמונה זאַכֿען. אָבער אַזוי, אַ פֿרעמדענס, חס־ושלום, וועט זי נישט ריהרען! און, חלילה וחלילה, זי זאָלל זיך דערפֿון נישט דערוויסען! זי בעהאַנדעלט מיר ממש ווי איין אייגען קינד; פֿראָגט מיך אַללע מאָל, צו איך ברויך נישט אַ וויים העמד, צו וויל איך נישט נאָך אַ גלאָז טהיי!

און באמת איז זי אַ וואויל קינד. אַלץ, וואָס זי פֿערדיענט, גיט זי אַוועק דעם פֿאָטער. היינט וואָללסט זעהען, ווי זי האַלט איהן בכבוד, הגם ער איז עס נישט ווערט! חאָטש ער קומט אַ מאָל אַ היים

פרייליך, גאָר פרייליך אונ רעדט פאַר פיער, פאַר וואַססער!

אויך האָט מיר ליב חזן בפירוש געזאָגט, אַז ער זאַמעלט איהר נדן, אונ קומט ער צום ערשטען טויזענדער, זוכט ער איהר אויס אַ חתן, אונ פיהרט זי אונטער דער חופּה כדת משה וישראל! אונ זי וועט זיך שוין נישט רייסען דען האַלז פאַר אַ פרעמדען עולם! איך וויים נישט, צו ער מיינט עס ערנסט, נור— הלואי! זאָלל איהם גאָטט העלפען, ער זאָלל עס דערגרייכען; זאָלל זי אַוועק וואַרפען די מאוסע פּרנסה,

גנענדיל, איז אפילו דערביי געוועזען, אונ זי האָט זיך גערייטעלט פאַר בושה, ווי עס פּאַסט פאַר איין אמת יודישע טאָכטער; אַ פּנים, זי איז אויך מסכּים.

בעט איך דיך דעריבער זעהר, מיין ליעבע חנה'לע, דו זאָלסט זיך דערוויטערן פון לשון הרע אונ רכילות. דאָס איז גאָר קיין מנהג נישט, קיין יושר נישט; דאָס פּאַסט פאַר קליינשטאָדטעלדיגע וויבער. אונ דו, גאָלדענע חנה'שי, דאַרפסט קומען אין אַמעריקאַ. דאָ זענען די וויבער גאָר אַנדערש; געזעצטער, ערנסטער אונ — פערנומענע מענשען ווי די מאַנסבילדען.

אונ, צוריק געשמועסט, איז דיין שמואל משה קיין שניידער נישט, קיין שוסטער נישט, ער זאָלל אַוועק וואַרפען אַ וויב פאַר איין אַנדערע וועגען. דו טאָרסט עס גאָר נישט טראַכטען! דאָס איז פאַר מיר גלאַט אַ חלול הכּבוד! אונ, זיי וויססען, אַז דיינע רייד שטעכען מיר ווי מיט מעסער; אונ ליב חזן מיט דער טאָכטער זאָללען זיך דאָס דערוויססען, וואָלטען זיי מיך פערלאָסט. איך וואָלט געבליבען איינער אַלליין ווי אין אַ מִדבָּר. עס וואָלט אַ פאַלל געוועזען אומצוקוממען, וואָרען דאָס לשון קאָנן איך נאָך נישט, קוים איינציגע וואָרטער, אונ וויים נאָך נישט, וואו אויס אונ וואו איין.

אונ צונדערט בעט דיך, אונ בעט דיך זעהר, מיין ליעבע חנה, זאָלסט נעהמען דאָס קינד ביים האָנדטיל, אונ זאָלסט מיט'ן האָנדטיל איבערגעהן אויפ'ן פּאַפּיר, ער זאָלל מיר עפּים צושרייבען; לאָמיך פון איהם זעהן חאָטש אַ צורת אות! רבונו של עולם, וויפיעל מאָל שטעל איך מיך אַוועק אין אַ זייט, איינער אַליין אין אַ ווינקעלע, אונ וויין מיך גאַנץ גוט אויס! אונ אויף וואָס וויין איך? אויף דעם, וואָס איך בין נישט זוכה צו לערנען מיט מיין קינד תורה! האָב איך וועניג האַרצווייטאָג דערפון, קוממען נאָך די בריעף דיינע, אונ שיטטען מיר זאַלץ אויף די וואונדען. אָט, היינט האָט מיך ליב חזן געבעטען, אונ גענענדיל, דאָ הייסט זי סאָפיא, האָט אויך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, איך זאָל געהן מיט זיי, האָרען ווי זי זינגט, אונ זעהען ווי זי טאַנצט, אונ איך האָב נישט געוואָלט; האָט ליב חזן וויטער געזאָגט: נאַרישער חסיד, זי האָט פערצויגען מיט'ן נאָזיל; נור מיין דאגה! איך וועלל מיר געהן אין מיין דרך אונ וועלל נישט אַראָב אויף אַ האָהר!

בלייב געזונד, דו אונ אונזער קינד, ווי עס ווינשט דיר, דיין מאַנן

שמואל משה.

זעה, למען השם, די זאַך וועגען די קליידער זאָלל בלייבען בסוד. עס זאָלל יערפֿון, ביי אונז אין שטאָדטיל, קיין ילוד איש נישט וויססען, איך וואָלט מיך גע־שאָמט די אויגען אויפֿצוהייבען.

**בעלך שמואל משה הנ"ל.**

# פֿיערְטֶער בְּריעף.

**אל אשתי הצנועה מרת חנה תחיה.**

אין צעהן בריעף, האָב איך גנענדיל'ס נאָמען נישט געברענגט איבערן מויל. איך האָב אפילו, דען פֿאָטער איהרען, ליב חזן, נישט דערמאַנט. מיט גרויס מיה, האָב איך מיר געדונגען איין אַנדערע דירה, ביי'ן אַ היגען שוחט, אונ האָב זיי שוין כמה וואָכען נישט געזעהן. אונ דו האָרסט נאָך אַלץ נישט אויף צו שרייבען גנענדיל אונ גנענדיל, אונ סאָפֿיע אונ סאָפֿיע! אונ וואָס ווילסט דו פֿון איהר? וואָס? איך זאָלל אַזוי געזונד זיין, מיר ביידע זאָללען אַזוי געזונד זיין, אויך זאָללען מיר אַזוי זוכה זיין צו זעהן זיך, צוזאַממען מיט'ן קינד, אין־פֿריידען, ווי איך האָב אַליין גע־זעהן, ווי סאָפֿיע איז אַריין געקומען צום פֿאָטער אין פֿאַבריק, אונ עס איז צו איהר צוגעגאַנגען דער דירעקטאָר אַליין, אונ האָט אָנגעהויבען מיט איהר צו ריידען, חנ'־דליך צו מאַכען; אונ, הגם איך האָב נישט פֿערשטאַנען, וואָס ער רעדט צו'ן איהר, ווייס איך דאָך, אַז ער האָט געמיינט נישט קיין מצוות אונ מעשים טובים, אונ האָט זי נאָך געוואָלט אָנגעהמען ביי'ן אַ באַקק. נו, וואָס קלערסט דו? איך בין נבהל ונשתומם געוואָרען, אַזא פֿאַטש האָט זי איהם דערלאַנגט איבער דער האַנד! אונ, האָסט נאָך געזאָלט זעהן, מיט וואָס פֿאַר אַ גַאוה זי האָט זיך פֿון איהם איבער־געדרעהט אונ אַוועקגעגאַנגען. איך האָב מיך פשוט מחיה געווען...

זעהסט דו דאָך בחוש, אַז נאָך אַללע זאַכען איז גנענדיל אַ כשר קינד, אונ דו ביסט אויף איהר מוציא לעז בחנם. דו שרייבסט, אַז זי וויל מיך אַריינחאַפּען ווי אַ פֿיש אין אַ נעטץ אַריין אונ נאָך אַזעלבע נאַרישקייטען, — שוואָרען קאָנן איך דיר, יום־כפור ביי'ן אַ ספר תורה, אַז עס איז שקר. אונ דאָס דיר צוליעב דערוויי־טער איך מיך פֿון איהר, מייד זי אויס ווי וויט מאָגליך איז. טרעפֿט מען זיך, אָנפֿער איך איהר אויף הונדערטער וואָרטער מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ. אונ ווייטער דאָס זעלבע: באמונה שלי, אַז דו ביסט זי חושד גאָר אומזיסט; דו זינדיגסט, חס־ושלום, פֿאַר גאָטט! נור דאָס איז נאָך גאָר נישט, איך וואָלט עס, ווי אַללע מאָל,

פֿערשוויגען, איז אָבער דערפֿון אַרויס געקומען אַ מעשׂה, וואָס — גאָט זאָלל שומר ומציל זיין! איך וואָלט בעססער געוואָלט, די ערד זאָלל מיך איינשלינגען, איידער אַזאַ בושה!

ביי דער אַרבייט איז מיר איינמאָל, יענע וואָך, נישט גוט געוואָרען; עפּיס האָט מיר אָנגעהויבען צו שווינדלען פֿאַר די אויגען. איך האָב אָנגעהויבען חלישען. אַז איך בין צו מיר געקומען, בין איך שוין געלעגען ביי מיר אין שטוב אוי׳פֿן בעטט. ביים בעטט איז געשטאַנען אַ דאָקטאָר. געזאָגט האָט ער, אַז עס איז אַ פֿיבער, — אַזוי רופֿט מען דאָ קדחת. אָבגעלעגען בין איך אַ טאָג צעהן. און איבער דער־גאַנצער צייט איז ליב חזן נישט אָבגעטרעטען פֿון מיין בעטט, און האָט מיך גערא־טיוועט ווי איין אייגען קינד. שפּעטער בין איך מיר געוואָהר געוואָרען, אַז, ווענן איך בין געלעגען אין היץ, פֿלעגט סאָפֿיע אויך קוממען מיך מבקר חולה זיין... און פּונקט דעמאָלט איז איינמאָל אָנגעקוממען דיינס אַ קאַרטעל, אין וועלכען דו האָסט אויסגעגאָססען דיין ביטטער האַרץ אויף דער אומשולדיגער סאָפֿיע... זיי האָבען אַ ודאי און אַ ודאי די קאַרטע געליינט, וואָרען איך בין דאָך געלעגען אין דער היץ...

און, ווענן דו האָסט געשריבען דיינע מאוסע רייד, דיינע זלזולים, די בלבולים דיינע, האָבען זיי דאָ פֿאַר מיר כמעט דאָס לעבען געשטרעקט... גערופֿען דאָקטוירים, געבעטט און איבערגעבעטט, רפֿואות דערלאַנגט און עטליכע אייגענע חפֿצים פֿערזעצט, עס זאָלל זיין מיט וואָס צו ראַטיווען. אַ פֿלאַש ווײַן אפילו האָבען זיי מיר געבראַכט. איך האָב זי אפילו נישט אָנגעריהרט מיט׳ן מויל; אמת נסך! נור זיין מיין איז דאָך גוט געווען... אַ חוץ דעם פֿלעגען זיי מיר דריי מאָל אין טאָג מאָסטען מיט אַ גלאָזערן ראָהריל די היץ, אַזוי הייסען דאָ די דאָקטוירים... און ווער האָט מיר דאָס אַלץ פֿערצאָהלט? טאַקי דער שוחט מיט׳ן ווייב; זיי האָבען מיר דאָס אַלץ דערצאָהלט. ווענן נישט ליב חזן און סאָפֿיע, וואָלסט דו שוין היינט, חס ושלום, איין אַלמנה געוועזען! שרייבסט דו אין דער אייגענער צייט אַזוינע נאַרישע הבלים. פֿע, אַ חרפּה און אַ שאַנד! איך וויים גאָר נישט, ווי דו וועסט קאָננען קוממען קיין אַמעריקאַ, ווי דו וועסט גאָר קאָנען זיין אין אַמעריקאַ!

איך האָף, מיין ליעבע חנה׳לי, אַז דו וועסט אַוועק וואַרפֿען די נאַרישקייטען, און פֿון היינט מאָל אָן, וועסט דו מיר שוין דאָס לעבען מיט אַזוינע בריעף נישט פֿערביטטערן.

אָפֿט שלאָף איך נישט ביינאַכט. דאַכט זיך מיר דעמאָלט, אַז איך זעה בחוש, ווי דו זיצט דאָרט ביים טיש און שרייבסט צו מיר אַ בריעף. דו שרייבסט און מעקסט, שרייבסט און מעקסט, און איך זעה דען בריעף, אָבער פֿון וויטען דער־קענן איך נישט די אותיות. און איך האָב גרויס צער דערפֿון, וואָס איך קאָנן דען

בריעף פון דער וויטען נישט לייענען, און דו נעהמסט די פעדער, לעגסט זי דעם קינד אין האַנדטיל אַריין, — אויף דער שוים אַרויף האָסט דו עס גענומטען, — און פיהרסט מיט זיין האַנדטיל!

און דו זעהסט, מיין ליעב ווייב, אַז איך שיקק דיר וואך ביי וואך פינף דאָלאַר; אַז איך קום אוים מיט אזוי וועניג. און אין גאַנצען האָב איך נישט מעהר, ווי דריי העמדער; וואָרען בעטען סאַפּיאַן, זי זאָלל מיר קויפען, קאָנן איך נישט. און די שוחטקע איז אַ יולדת און געהט נאָך פון בעט נישט אַראָב, און מאָרגען וועט זיין, אם ירצה השם, דער ברית מיט מזל...

יאָ... נישט דאָס אָבער מיין איך. דער עיקר איז — זיי אַ מענש, פאַר זיך און פאַר מיר, דיין מאַנן,

**שמואל משה.**

**אַ צושריפט אין דער זייט איבער דער גאַנצער לאַנג פון בריעף:**

די מינוט בעקום איך פון דיר ווידער אַ בריעף. אַצונד מיין חנה'לי, זאָג איך דיר שוין בפירוש און בפרוטרוט, אַז דאָס איז אַ פּשוטער שגעון, רחמנא ליצלן! מאַקי, ווי מען זאָגט, כּוויל און אויערן אויפצושטעללען, אויף וואונדער צו לויפען! דו שרייבסט, אַז דו קאָנסט דיר אויך לאָזען וואַקסען צאָפּ און רעדען מיט פּריצים, אַז דו קאָנסט אויך זינגען און טאַנצען — און, אַז דו וועסט צו פּיס אַוועק געהן צום רבי'ן און אָבגעבען אַ קוויטעל, ער זאָלל שיקקען אַ מיתה משונה אויף מיר און אויף זיי — — —

וואָס שרייבסט דו? וואָס איז עס פאַר דבורים?

רבונו של עולם, וואָס איז מיט דיר געוואָרען?

איך קלער און קלער, און ווייס שוין נישט וואָס צו קלערען! איך זאָג דיר מיין עצה: זאָללסט אַוועק ווארפען דיין לשון הרע, מיט'ן רכילות, מיט די קללות! עס פּאַסט נישט פאַר דיר! און איך זאָג דיר, בלי נדר ובלי מסקנא, אַז באָם דו וועסט מיר נישט גיך און באַלד שרייבען אַ בריעף, ווי אַ כּשר יודיש ווייבעל דאַרף שרייבען, וועלל איך דיר פּשוט נישט ענטפערן; איך וועלל שיקקען אַ שליח מיוחד נאָכ'ן קינד אָהן דיר... הערסט? אַז נישט... וועלל איך מיך ווארפען אין ים אַריין... עס איז אַ פאַלל, חס ושלום, משוגע צו ווערען!

**דיין מאַנן, הנ"ל.**

**ג) צוויי בריעף, וואס חנה האט בעקומען פון איהר קרובה פון לובלין און פון איהר ברודער.**

---

# ערשטער בריעף.

**ידידתי, שארת בשרי, האשה הצנועה והחשובה, מרת חנה תחית.**

ליעבע חנה, דו ביזט געוועזען אַ גאַנצער נאַרר און אַ האַלבער נביא, אַז דו האָסט מיר געשיקט אַ צווייטען בריעף! וואָרען דער ערשטער בריעף איז אַריין גע־פאַללען מיין זולל וסובא אין דער האַנד אַריין; ער האָט איהן אַריינגעלעגט צו זיך אין קעשעניע, און, ברוך השם, פערגעססען אָבצוגעבען! אַזוי איז זיין שטייגער, אַ חוץ פרעססען און זויפען ליעגט איהם גאָר נישט אין זיננען. נור, אַז איך האָב בעקוממען דען צווייטען בריעף, איז מיר באַלד איינגעפאַללען, צו זוכען ביי'ן איהם אין קעשענע. און, אַז מען זוכט, געפינט מען.

חנה'לי קרוין, לעזענדיג דיינע צוויי ביטטערע בריעף, האָב איך געמיינט, אַז מען שלאָגט מיך מיט אַ האַק אין קאָפּ אַריין. פאַר גרויס צער האָב איך נישט געוואוסט, וואו איך בין אין דער וועלט. תיכף ומיד האָב איך מיך אָבער בערוהיגט. איך האָב מיר אַזוי געטראַכט: למשל, ווענן מיין משוגענער מאַנן וואָלט געוואָלט עוקר זיין קיין אַמעריקאַ — נו? וואָלט איך דאָך מיר געמאַכט סעודת פורים, געלאָזט זיך כלי־זמר שפּיעלען!

וואָרען בערעכען: די גאַנצע פרנסה מיינע איז, ווי דו ווייסט, פון פאָססיל סמאָ־לע. דאַרף איך, ברוך השם. נישט זיין לאַסקע. במילא, קאָנן איך גאָר נישט פער־טראָגען זיינע תנועות און הויות, אַז ער קומט צו מיר אין געוועלב אַריין.

אַ יודענע, אָנטפּערט ער נישט, דער חסיד! נעהמט נישט אויס דער האַנד! און זאָגט ער אַ מאָל אַ קונה, אַ מאַנסביללען, אַ מקח, איז עס טאַקי אונטערן קרן! נעהמט ער געלד, נאַרט מען איהן אַריין פאַלשע און אָבגעריבענע מטבעות! טהוט ער מיר שוין די טובה, און נעהמט אַ שטיקעל קרייט אין האַנד אַריין, און מאַכט אַ חשבון, איז עס אַ חשבון! זאָלל מען מיר אַזוי רעכענען מיינע זינד, אויף יענער וועלט, ווי ער בערעכענט מיין סחורה!

און דאָס, וואָס דיין מאַנן, האָט דיר נישט איבערגעלאָזט קיין גט, איז מיר נאָר קיין גרויס וואונדער נישט; וואָרען מיין מאַנן, דער משוגענער, לעקט ביי מיר נישט קיין האָניג, ווילל מיר אויך קיין גט נישט געבען! און צו וואָס זאָלל ער מיר

געבען אַ גט? עס פעהלט איהם עפּיס בּיי מיר? ער האָט זיך זיין פיינע דירה; קומט ער אַהיים, איז גרייט אַ וואַרימעס, דאָס בּעטט איז געבּעט צו דער צייט, משבּת לשבּת — אַ וויים קלאָר העמד? פיעל מאָל איך בּעט איהן מיט גוטען, ער זאָלל געהן צו אַללדי רוחות, אונ ער — גאָר נישט! ער זאָלל זיך עס אַ ריהר טהון! אונ, אַז איך שילט איהן אָדער וואַרף איהם עפּיס אין קאָפּ אַריין, — רוקט ער זיך אָב אין אַ ווינקעל, מאַכט אַ רחמנות פּנים, נעהמט נאָך אַמאָל מים אויף די עינים; אונ איך נאַרר קריג אויפ'ן רחמנות! גיב איהם נאָך עססען אונ טרינקען, אונ ער געהט זיך אַוועק!

אונ וואָס דו שרייבּסט מיר וועגען דיין משפּט, זיי וויססען, שוועסטער חנה, אַז איך האָב דאָ איין אַדוואָקאַט גאָר אַ מפורסם. וואָרען, צו מיין בּאָז מזל, האָב איך אַלץ-אין-איינעם ספּראַוועס מיט די קאָבינס די חצופות; האָרסט דו, חנה'לי, אַזעלכע דיענסטען, ווי מיר האָבען דאָ אין לובּלין, איז אויף דער וועלט נישט דאָ! וואָס זאָלל איך דיר זאָגען, — פּרעסערקעס אונ זויפּערקעס, גנבֿ'נען מיט די אויגען אונ ענטלויפען נאָך פאַר'ן קוואַרטעל; אונ גיבּען מיך נאָך איין אין סאָנד אַריין, איך זאָלל זיי בּעצאָהלען פאַר אַ קוואַרטעל! אונ אין סאָנד א'ז היינטיגע צייטען, רחמנא ליצלן, קיין חלוק נישט צווישען אַ דיענסט אונ אַ בּעל-הבּית'טע, אונ איך מוז שטעהן מיט איהר אין איין שורה! איך טאָר אפילו אַ מויל נישט אָפּפּענען, אַ וואָרט נישט ריידען, וואָרען בּאַלד גיט דער סודיאַ אַ קלונג מיט'ן גלאָקיל אונ פערשרייבּט שטראָף בּיז דריי רובּעל. דעריבּער געה איך טאַקי נישט אַלליין אין סאָנד אַריין, אונ האָב מיר אויסגעזוכט אַ גוטען אַדוואָקאַט, אַ מויל — שוועבּעל אונ פּעך, אונ ער פיהרט מיר שוין אויס די זאַך, ווי עס קעהר צו זיין. ער האָט מיר אַלליין געזאָגט, אַז דער סודיא האָט מיך שוין וויפיעל מאָל געוואָלט איינ'ישבֿ'ען פאַר אַ בּלבּול, פאַר וואָס איך רייס אַ דיענסט בּיי די האָר, אָדער אַזוי פאַר אַ מתּנת יד! קאָנן ער אָבּער נישט, וואָרען דער אַדוואָקאַט מיינער האָט בּיי זיך אַללע סאָנדאָווע בּיכער, ווייסט אַללע, אָבּער טאַקי אַללע זאַקאָנעס, אונ קלויבּט אויס פאַר מיינעטוועגען די בּעסטע זאַקאָנעס, אונ שטיכט איהם דערמיט די אויגען אויס אונ ער בּליבּט זיצען ווי אַ גולם, ווילל יאָ, ווילל נישט, שרייבּען מוז ער: פּטור, פּטור!

אונ תּיכּף ומיד, — אַז איך האָב דיין בּריעף בּעקוממען, אונ האָב דען פריהערדיגען געפונען בּיים בּטלן מיינעם אין קעשעניע — בּין איך געלאָפען צום אַדוואָקאַט, אונ ער האָט מיך אויפגענוממען מיט גרויס כּבוד, טאַקי בּיי זיך אין פיינעם קאַבּינעט, אונ הייט מיר געבּעטען זיטצען אויפ'ן פּלושענער סאָפאַ.

איך האָב איהם דערצאָהלט דיין גאַנץ עסק, פון אַלף בּיז תּיו, טאַקי בּיז אויף דער האָהר; אונ ער האָט אַלסדינג געלאַססען אויסגעהאָרט, הגם דאָס פאָר־ציממער איז געוועזן פולל אונ פולל מיט מענשען. ער האָט אויסגעהאָרט אונ איז זיך אַרום

געגאַנגגען אין זאַלל אויף און אָב.

דערנאָך האָט ער אָבגעזיפּצט, און געזאָגט, אַז לויט די זאַקאָנעס, האָט אַ טאָכטער דען אייגענען דין וואָס אַ זוהן, און קריגט אַ גלייך חלק ירושה ווי ער. איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? איז אָבער פאַראַן אַ שלעכטער פּונקט, אַז אַ ווייב קאָנן נישט מאָהנען אין סאָנד, אָהן דעם מאַנס ידיעה. זי איז אין זיין רשות און מוז האָבען זיין פּלעניפּאָטענציע...

און אַז איך האָב איהם געזאָגט, אַז דו ביזט, לא עליכם, איין עגונה, אַז דער מאַנן דיינער האָט דיך אַוועק געוואָרפען, און דו מאָגסט, לויט מיין שכל, טהון אַלץ וואָס דו ווילסט. האָט ער זיך מיר געשטעללט קעגענאיבער און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּף אין דער ברייט, לא מיט איין אלף — הייסט עס!

און תיכף איז ער צוגעגאַנגגען צו דער שאַנק, האָט זי געעפענט, און אַרויסגענוממען אַ בוך, נאָך אַ בוך; אריינגעקוקט און אַוועקגעלעגט, אריינגעקוקט און אַוועקגעלעגט, און דורכגעוואָרפען אַזוי כמה וכמה ביכער, קליינע און גרויסע, און נאָך גראָססערע. איינער איז געווען אַ גראָבער; איך זאָלל נישט זינדיגען מיט די רייד, ווי אַ דבר אחר. און דאָרט, אַ פּנים, האָט ער געפונען, וואָס ער האָט געזוכט, וואָרען ער האָט געקוקט און געקוקט.

און דערנאָך זאָגט ער מיר, אַז אויב עס וועט פאַרביי געהן פינף יאָהר, זייט דיין מאַנן איז ענטלאָפען, און דו וועסט ברענגען אַ פּאַפּיער פון וואָיט פון דיין שטאָדט, אַז אין די גאַנצע פינף יאָהר האָט זיך דיין מאַנן נישט געוויזען, וועט ער, דער אַדוואָקאַט, איינגעבען פאַר דיר אַ פּראָשבע אין סאָנד אַריין, און דער סאָנד וועט דיר געבען רשות צו פּראָצעססירען אָהן דעם מאַנן.

אַזוי האָט ער אויסדריקקליך געזאָגט, און איך גיב דיר איבער זיינע דבורים וואָרט ביי וואָרט.

איך האָב איהם געגעבען אַ רובעל, האָט ער זיך אפילו געקרימט, אַ פּנים, ווייניג, נור גענוממען האָט ער; זאָללסט דו מיר, חנה'שי קרוין, דען רובל, למען השם, באַלד אָבשיקען, וואָרען די פּרנסה איז זעהר געשלאָגען, און סמאָלע איז היינט גאָר קיין גאַנגבאַר אַרטיקעל נישט...

צונד צוריק צו דער זאַך:

עס קוממט אויס אויף מיינע רייד! איך זאָג שוין דאָס אַללע מאָל, אַז די תורה הקדושה (זייערע זאַקאָנעס, להבדיל, אַ ודאי!) האָט אונז איבערגעגעבען אין גזל נישע האָנד אַריין. אַ מאַנסביל, אַ גולם, אַ לא יוצלח, מאָג גט'ן דאָס ווייב ווען ער וויל; אַלליין, צו דורך אַ שליח. און אַזא אשת חיל, למשל, ווי איך בין, קאָנן נישט פּטור ווערען פון אַ מאַנן אַ בטלן, בשום אופן וצד!

געהען מיר ביידע אויף אַ ברית, שטאָפּט מען איהן מיט פיש און פלייש, פון

אללעם גוטען, אונ איך — בעקום מיליבינע ציקאָריע!

זיטצט ער אין סוכּה, מוז איך איהם אַריינשיקען דאָס שאָנסטע אונ דאָס בעס־טע, אונ פֿאַר זיך לאָזען די ביינער!

3 וואָכען, 9 טאָג, אונ אַלע העניתים האָב איך גלייך מיט איהם; שמחת תורה איז זיין!

ער געהט צו׳ן רב, איהם גיט מען מעד מיט אֶפּפעל! אונ וואָס וועט זיין אָרטען, מישטיינס געזאָגט — דער גן־עדן מיינער? איך וועל זיין .דעם משוגענעם׳ס פּיסענבאָנקעל! ער וועט זיך דאָרטען זיטצען אויף אַ פּאַטער־שטול, אונ איך וועלל זיין, זיין פּיסענבאָנקעל!

דאָ אויף דער וועלט איז ער לכל הפּחות אַ שוואַכער בשׂר ודם, האָט ער פֿאַר מיר מורא; אָבער וואָס אין גן־עדן וועט זיין, פֿראָג מיר בּחרם! אונ, זאָגען זאָג איך דיר אויסדריקקליך, זאָלל ער מיר דאָרט אַ שטוים טהון מיט׳ן פֿוס, וויסט דער איי־בערשטער, וואָס דערפֿון וועט אַרויסקוממען!

אונ, צוריק געשמועסט, וואָס טויג דיר אַ גט? גלייב מיר, אַללע הינד האָבען איין פּנים! אַללע—נישט ווערט אַ דרייער! וויסט דאָך — מיין שוועסטער מרים האָט צעהן געהענדיגע יאָהר געליטען פֿון איהר מאַנן, איידער זי האָט פֿון איהם אַרויס געקריגען אַ גט; דערפֿאַר האָט זי איהם אַוועקגעגעבען דאָס געלט, די מלבושים, מיט איין וואָרט — הכּל כּאשר לכּל. נו, דאָבּט זיך, מזל אונ ברכה!

האָט זי ווייטער חתונה, טווישט זי שופרות אויף קאַנע־ביינדליך, אַ נייער בטלן צום קאָרמען! זי שרייט ווייטער אַ גט; ער האָרט זי ווי׳ן רב אונ זי האָט שוין נישט מיט וואָס צו בעצאָהלען!

בקיצור, שוועסטער חנה, אונזער מוטטער חוה האָט געזינדיגט אונ מיר ליידען פֿאַר איהרע זינד! אונ אייביג וועלען מיר אַזוי ליידען! דען—פֿאַר אַ מאַנן קאָנן מען אפילו אין קבר נישט ענטרינגען. לעבדים ולשפחות האָט מען אונז פֿערקויפֿט, אפילו אויף יענער וועלט אויך! — אַזוי איז געוועזען פֿערצייטענס, אַזוי איז היינט; אונ לעתיד לבוא וועט אויך אַזוי זיין! מען מוז ליידען! וואָרען וואָס זאָלל מען טהון, אַז עס איז דעם רבונו של עולם׳ס רצון אַזוי.

דעריבער, שוועסטער חנה, האָב בטחון אויף גאָט, ברוך הוא. פֿערבלייב געזונד אונ פֿערגעס דיין מאַנן! אין אַמעריקא, איז ער אַ ודאי אַרוים להרבות רעה. אַזוי טהוען זיי שוין שטאַנדיג, ימח שמם, אַז זיי קוממען קיין אַמעריקא!

אין דער התחלה שרייבען זיי צוקקער־זיססע בריוועלעך, שיקקען געלד; דער־נאָך ווערט עס וואָס אַ מאָל וועניגער; שרייבט מען אונ מען שיקט שוין געלד אַ מאָל אין אַ יאָהר, דערנאָך—איינמאָל אין אַ יובל... זיי ברויכען דאָרט נישט זייערע ווייבער! זיי האָבען דאָרט, רחמנא ליצלן, אַנדערע, בעססערע, פֿלינקערע ווייבער!

איך זאָלל נישט זינדיגען מיט די רייד, ביי אונז אין לובלין איז אין דער

יודישער גאַס, נישט דאָ קיין הויז אָהן איין עגונה! שרייב דריי פּאַ״ן, זאָג איך דיר, פער־געסס! זאָלל זיך דיר דאַכטען, אַז דו ביזט איין אַלמנה, חס ושלום, אָדער אַ גרושה!

זעה בעססער צו טהון אין דיינע ציבעלעס. זאָלל דיר השם יתברך, שיקקען הצלחה אין דיין עסק, זאָלסט מצליח זיין, וואו דו וועסט זיך נור קעהרען אונ ווענ־דען. ווי עס ווינשט דיר דיין קרובה,

(די אונטערשריפט איז נישט צום איבערלעזען).

איך בעט דיך, למען השם, דו זאָללסט מיר וואָס צום געשווינדסטען אָבשיק־קען דען רובל. וואָרען מיין מאַגן, דער זולל וסובא, האָט שוין פּעראיבעל אויף מיר, צו וואָס איך האָב אויסגעלעגט דען רובל.

(די זעלבע נישטלעזבאַרע אונטערשריפט).

---

# צְוֵויטֶער בְּרִיעף.

**לאחותי הצנועה, הנגידה, החשובה מרת חנה תחיה.**

ערשטענס מעלד איך דיר, טהייערע שוועסטער, אַז מיר זעננען, ברוך השם, אַללע בקו־הבריאָה, חוץ אשתי חוה׳לע, תחיה, וואָס דער הוסט, לא עליכם, לאָסט זי נישט אָב אַ רגע, אונ תיכף, אם ירצה השם נאָך דער חתונה, וועט זי מוזען פאָהרען קיין וואַרשוי צו׳ן אַ דאָקטאָר.

רצוף בזה, שיק איך איין אַ חתונה־בריוועל. זאָלסט זעהן, למען השם, צו קומ־מען אויף דער חתונה, אונ מקבל תענוג זיין. נור, למען השם, בעט איך דיך, אַז זאָלסט מיר נישט שטערען דען נחת פון בתי תחיה, אונ בעהאַלטען אַללע טענות ותביעות אויף נאָך דער חתונה.

קיין כלה־מתנה ביסט דו נישט מחויב צו ברענגען. אויב עס געהט דיר וועגען דער בושה, וועט זיך נאָך, אם ירצה השם, געפינגען עפּיס אין שטוב פאַר דיר פאַר אַ מתנה; איך וועלל דיר נישט קאַרגען. בלוט איז קיין וואַססער נישט אונ אַ שוועסטער בלייבט שוועסטער.

אונ וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט קיין מלבושים נישט, איז אויך נאַריש. קאָנסט דיר באָרגען אַ מלבוש, אָדער דאָרט, אָדער דאָ, אַז דו וועסט קוממען.

אונ וואָס דו שרייבסט, אַז דו קאָנסט דיך נישט טרייסטען נאָכ׳ן ילד, וואָס איז נפטר געוואָרען, — זיי וויססען, שוועסטער לעבען, אַז — ה׳ נתן וה׳ לקח. קינדער זעננען אַ פקדון פון גאָטט, ברוך הוא, אונ, אַז ער וויל אָבנעהמען דאָס פקדון, טאָהר מען אפילו נישט מהרהר זיין׳ נישט איבערקלערען, חס ושלום!

און וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט מורא, דיין שמואל משה זאָלל נישט געוואָהר ווערען, אַז דאָס קינד לעבט נישט און דורך דעם, זאָלל ער זיך, חס־ושלום, פון דיר אין גאַנצען נישט אָבריישען, — איז אויך איין אומזיסטער חשד... גלויב מיר, שוועסטער חנה, אַז עס איז גאָר נאַריש. וואָרען — ממה נפשך: איז אמת, וואָס לייטען זאָגען, אַז שמואל משה איז געוואָרען אוים שמואל משה, חס ושלום, אַז ער איז אַוועק גאָר אין אַנדערע דרכים, — איז אַלץ איינס, צו דאָס קינד לעבט, צו ניין; נישט ער דאַרף דיך, נישט דו קאָנסט דיך האַלטען אָן איהם!

אויב ווייטער, ווי איך האָף צו זיין ליעבען נאָמען, דאָס אַלץ איז נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, נור אַ בלבול פון בייזע מיילער, און, ווי איך גלויב באמונה שלמה, שמואל משה איז טאַקי שמואל משה, דער מופלג, דער פרומער יוד, האָסט דו נישט וואָס מורא צו האָבען! פערקעהרט, ביי האַלב הוצאה וועט איהם צינד לייכטער זיין דיך אראָבצונעהמען אַהין, און איהר וועט לעבען בשלום ושלוה כנהוג בישראל...

און וואָס דו האָסט פון איהם אַזוי לאַנג קיין ידיעה נישט, — מה רעש? עס איז דאָך, דאַכט זיך, מעבר לים! וויפיעל שיפפען געהען אונטער, רחמנא ליצלן; וויפיל בריעף־טראָגער קאָננען אומקומען אויף אַזא מהלך. און אָפשר מוזען נאָך די שיפפען דורכגעהן אויף דעם אָרט, וואו, דער ספר הברית שרייבט, דאָס וואַססער שטעהט ווי אַ באַרג און עס איז טאַקי סכנת נפשות. דאַנק זיין ליעבען נאָמען, וואָס דיין שמואל משה איז בשלום אַריבער! דאָס פאָהרען למדינת הים האַלט איך טאַקי פאַר איין עולה, עס איז אַ סימן פון וויייניג בטחון, וואָרען ווער עס האָט בטחון ווייסט, אַז וואו גאָטט וויל, דאָ העלפט ער, און עס נישט כדאי איינצושטעללען דען גוף מיט דער נשמה! וואָרען, לויט מענשען פערצעהלען, איז אַמעריקאַ פאַר דער נשמה אַ סך מסוכנ'ער, ווי דער ים צום גוף. דאָס יודישקייט, זאָגט מען, גיט מען באַלד אָב אויף דער שיף, ווי דער ים גיט זיך נור אַ שאָקעל! באַלד עסט מען פת עכו"ם, מען קליידט זיך דייטש, ווייבער טראָגען שייטלען! און יש אומרים — אפילו איינענע האָהר. און, אַ והא ראיה, — מען זאָגט, אַז אין גאַנץ אַמעריקאַ איז קיין איינציגער גוטער יוד נישט דאָ. און איך ווייס טאַקי נישט, ווי אַזוי מען לעבט דאָך, ווי אַזוי מען גיט זיך איין עצה ביי פרנסה זאַכען, אָדער אַז מען ווערט, חס ושלום, קראַנק, צו וואָס אַ מענש קאָנן זיך טרעפפען! איך זאָג דיר, אַז ווער עס פאָהרט אין אַ טומאָה אַריין איז טאַקי מתחייב בנפשו, געהט ער טאַקי ווי אַ נאַריש פייגאַלע אַליין אין דער נעץ אַריין! און בפרט אַ יוד אַ למדן. וואָרען, וואָס גראָססער דער מענש איז, איז גראָססער די סכנה, מעהר לאָקקערט אויפ'ן, רחמנא ליצלן, די קליפה, און וויל איהן גובר זיין, צו מיט עשירות, צו מיט נשים יפות; די קליפה האָט שוין איהרע כלים צו דער אַרבייט...

דעריבער איז מיין עצה פֿאַר דיר, אַז כּל זמן דו ווייסט נישט, וואָס דאַרטען טהוט זיך, פֿערגעסס אָן דער זאַך! האָסט דו פּרנסה פֿון די ציבעלעס, איז מה טוב; חס ושלום, — נישט, האָב איך פֿאַר דיר איין אַנדערע עצה. אם ירצה השם, אַז דו וועסט קוממען אויף דער חתונה, וועלל איך שוין זעהן שלום צו מאַכען צווישען דיר און אשתי חוה'לע תּחיה. פֿאָרט איין פֿלייש און בלוט. און בטבע, זיי וויססען, איז זוגתי חוה גיטל עהר אַ גוטע; זי וועט דיר בודאי מוחל זיין, און, אַז עס וועט זיין שלום ושלוה, און זי וועט פֿאָהרען באַלד, אם ירצה השם, נאָך דער חתונה, קיין וואַרשוי, — וועסט דו בלייבען בעל־הבית'טע. און אַז זי וועט, אם ירצה השם, בּשלים און געזונד צוריק קוממען, וועט זיך אויך נאָך געפֿינען פֿאַר דיר איין אָרט ביים טיש, ווי אויך אין שטוב — אַ בעט צו שטעללען. עס זעננען שלעכטע צייטען, נור אַ שוועסטער איז אַ שוועסטער, שניידט מען דיננערע שטיקלעך הערינג.

נור אָהן דעם אַללעם האָבען מיר דאָך צו אַ גרויסען גאָטט, ברוך הוא, ער זאָלל נישט קאָננען שפּייזען איין בשׂר ודם — אַ יודענע!

נאַ־יי־קייטען!

און אויף דער חתונה זאָלסט דו, למען השם, קוממען פֿריה. זאָלסט קאָננען חוה גיטלען אַביסעל צוהעלפֿען. אויף דעם איז מען אויך אַ שוואָגערין! דו דאַרפֿסט זעהען, מען זאָלל נישט מוזען, אין היינטיגע שלעכטע צייטען, צונעהמען נאָך אַ סאַרווער צו אַ קאָכען... נור, למען השם, פֿון דעם, וואָס איך שרייב דיר דאָ, דער עיקר וועגען איבערבלייבען ביי אונז אויף שפּעטער, זאָלל בלייבען ביי דיר בסוד, חוה גיטל זאָלל נישט וויססען, אַז איך האָב אַזוינס געשריבען. דאָס דאַרף זיך אַליין מאַכען, פֿון זיך אַליין... דו ווייסט, אַז חוה גיטל האָט פֿיינט, מען זאָלל איהר אין שטוב־זאַכען עצות געבען... און בטוח בין איך, אַז עס וועט זיך מאַכען. אַ יודענע בלייבט אַ יודענע, חאָטש זי מיינט, אַז זי געהט אין סאַדיק! דעריבער טאַקי שרייב איך דען בריעף, ווענן זוגתי חוה גיטל איז נישט דאָ אין דער היים; זי איז אַרויס־געגאַנגען אָבשטעללען מיט'ן בדחן, מיט כּלי־זמר. איך וויל איהר אפילו נישט זאָגען, אַז איך האָב דיר געשיקט אַ חתונה־בריוועל; לאָז זי מיינען, אַז דו ביסט אַזוי גוט און פֿרום געוועזען, אַז דו ביסט אַליין געקוממען!

און השם יתברך זאָלל טרייסטען דיך מיט אַללע אַבלי־ישראל, און לאָז אויסשפּרייטען די פֿליגעל פֿון רחמנות אויף אַללע עגונות, אָמן! כּן יהי רצון!

אחותי חנה, ווי דו וועסט דיך מישב זיין, בלייבען דאָרט אָדער קוממען צו אונז אויף שטאָנדיג, — למען השם, אויף דער חתונה זאָלסט דו קוממען! דורכאויס קוממען! און דו וועסט קיין חרטה, חס ושלום, נישט האָבען! עס וועט זיין, אם ירצה השם, אַ שיינע חתונה. עס קאָנן נאָך מאָגליך זיין, אַז ער אַליין, זאָלל מאַריך ימים ושנים זיין, וועט קוממען אויף דער חתונה. עס וועט מיך קאָסטען אַ מטמון,

נור עס איז כדאי! פֿערשטעהסט דו, אַז אויף אַזאַ חתונה איז כדאי צו קוממען!

פֿון מיר, אָחיך,

מנחם מענדיל.

זוגתי חוה גיטל, איז בזו הרגע געקוממען פֿון מאַרק, אונ זעה אַ סימן, אַז עס איז שוין אַזוי מן השמים בעשערט, — זי אַלליין האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף מיך פֿאַר איהר מיט'ן בריעף נישט צו בעהאַלטען, אַז זי האָט אויף דיר קיין פֿעראיבעל נישט. איהר עצה איז, זאָלסט פֿערקויפֿען די ציבעלעס, מאַכען זיך אַ מלבוש, אונ קוממען לייטען גלייך, ווי אַ טהייערע מחותנת'טע, אויף דער חתונה.

קיין מתנה, זאָגט זי אויך, דאַרף מען נישט. אונ האַנדלען מיט ציבעלעס קאָנן מען, זאָגט זי, ביי אונז אויך.

איך זאָג דיר, אַז זוגתי חוה גיטל, איז אַ גוטע אונ אַ חכמה׳. אונ, אַז דו וועסט נור נישט זיין איינגעשפּאַרט, וועט זיך אַלץ ענדיגען בכי טוב; וועסט, מיט גאָטס הילף, זעהען!

אחיך הנ״ל.

---

אַ נישט געענדיגטער בריעף פֿון הנה'ן צום מאַנן.

מזל טוב דיר, מיין טהייערער כשר'ער מאַנן, מזל טוב דיר!

נאַ דיר, האָר פֿון אונז ישועות ונחמות! גאָטט זאָלל געבען, איך זאָלל פֿון דיר אויך האָרען אַזוינע גוטע בשורות, אַזוינע ישועות ונחמות; אָמן, כן יהי רצון! מיר זעננען דאָך, ווי דו האָסט געשריעבען, אַ זווג, אויף דער וועלט אונ אויף יענער וועלט!

ערשטענס קום איך דיר, מיין טהייערער מאַנן, צו מעלדען, אַז דער ברודער מיינער מנחם מענדיל שיחיה ואשתו חוה גיטל שתחיה, זאָללען ביידע דערלעבען משיח'ס צייטען, האָבען מיר אַלצדינג מוחל געווען, אונ האָבען מיך אַראָב געבערענגט, אין אַ מזל'דיגע שעה, צו זייער טאָכטער אויף דער חתונה — אויף סאָשע ביילא'ס חתונה.

אַ חתונה איז געווען גאָר אַ שאָנע, שאָנער קאָנן שוין נישט זיין! געלויבט איז השם יתברך, וואָס איך האָב זוכה געוועזען אונ דערלעבט צו זעהען אַזאַ חתונה! עס איז געווען מכל המינים פֿליישען, עוף אונ רינד־פֿלייש; היינט — פֿישען, אַזוינע פֿיש אונ געפֿילטע פֿיש, אונ נאָך אַללערליי מאכלים; אַ חוץ וויין, בראָנפֿען, הכל כאשר לכל...

און אַלץ איז געווען אַזוי געראָטען, אַזוי פֿיין! און איך אַליין האָב דאָס פֿלייש געקאָכט, די פֿיש געפֿילט, דעם צימעס געמאַכט, צום טיש געגרייט, און פֿריהער נאָך אַלץ אַליין איינגעקויפֿט!

איך בין, ברוך השם, די גאַנצע בעל הבית׳טע געוועזען! די סאַרווערקע אויך! וואָרען, געקוממען בין איך נישט צוליעב דעם נחת אַליין.

איך האָב מיין ביסל ציבעלעס פֿערקויפֿט, געמאַכט מיר אַ שטיקל מלבוש און געקוממען, אויף מיינע קרובים ס פֿערלאַנג, גאַנצע אַכט טאָג פֿאַר דער חתונה; וואָרען עס האָט נישט געהאַט ווער צו טהוען, מחמת די כּלה אַליין איז פֿערטהוען געוועזען אין די מלבושים, זי האָט פֿערבּרענגט ביז צום חופּה־טאָג ביים שניידער, ביים שוסטער, אפילו ביים גאָלדשמיד!...

און חוה גיטל, נעביך, די שוואָגערין מיינע, — הוסט! און די מילץ, זאָגט מען, איז ביי׳ן איהר נישט ווי עס דאַרף צו זיין!

בין איך טאַקי געווען די גאַנצע מחותּנת׳טע, פֿאַר דער חתונה, און נאָך דער חתונה, נור נישט אויף דער חתונה. בשעת החתונה בין איך געווען זעהר מיעד און פֿערמאַטערט. בין איך מיר געזעסען אין אַ ווינקעלע און געוויינט פֿאַר גרוים נחת, וואָס איך האָב זוכה געווען, חתונה צו מאַכען מיין ברודערס טאָכטער; אויך — וואָס זי האָט געהאַט אַזא לייטישע חתונה.

און אפילו נאָך דער חתונה, האָבען זיי מיך אויך, חס ושלום, נישט באַלד אַרויס־געטריבען.

תּיכּף נאָך דער חתונה, איז די שוואָגערין, זאָלל געזונד און שטאַרק זיין, געפֿאָהרען קיין לובלין צו׳ן אַ דאָקטאָר, זיך איין עצה צו האַלטען, צו וועלכען דאָקטאָר זי זאָלל פֿאָהרען קיין וואַרשוי.

דערנאָך איז זי געפֿאָהרען קיין וואַרשוי, און איז אויסגעווען ביי׳ן אַללע גרוי־סע דאָקטוירים; פֿון דאָרט איז זי געפֿאָהרען ערגיץ אַנדערש, וואַססער טרינקען — מינעראַל־וואַססער הייסט עס, — און איבער דער גאַנצער צייט, לערך זיבּעם חדשים, בין איך געווען די גאַנצע בעל הבית׳טע אין שטוב. השם יתברך, זאָלל עס זיי געדענ־קען און זאָלל זיי דערפֿאַר בעלוינען!

קיין קאָבּין איז נישט געוועזען, האָב איך געקאָכט... און דערפֿון האָב איך פֿיעל נחת געשעפּט, ווי פֿון אַ ברונען!

ערשטענס, האָב איך קיין צייט נישט געהאַט צו קלערען און צו טראַכטען, און בין, חס ושלום, נישט משוגע געוואָרען, אפילו נישט אַריינגעפֿאַללען אין אַ מרה שחורה! און קיין צייט האָט נישט געקאָנט זיין, וואָרען די שפּע, איז ביי מיין ברודער, ברוך השם, גרויס.

די שענק איז, ברוך השם, פֿולל; מען לייזט שטיקער גאָלד, הן פֿון יודען

און הן פֿון גוים, להבדיל!

און מיין שוואָגערינס, חוה גיטל תּחיה'ס, געפֿילטע פֿיש האָבען, ברוך השם, אַ נאָמען אויף דער וועלט, און איין עולם זיצט, ברוך השם, עסט און טרינקט.

האָט זיך אַ מאָל פּאַסירט, אַז איך האָב פֿאָרט אָנגעהויבען עפּיס איבער צו־קלערען, און האָב מיך געוואָלט פֿערטראַכטען; איז אויף דעם געוויזען אונזער בּילא סאָשע, זאָלל לעבען. זי האָט מיך באַלד דערמאַנט! און איין אויג האָט זי, קיין עין־הרע, אַ גוטס, באַלד דערזעהט זי!

און אַזוי איז אַלץ געגאַנגען בדרך הישר...

פֿאַר גרויס נחת, וואָס איך בין דאָ די גאַנצע בעל הבית'טע, האָב איך איינ־מאָל אַרויסגעוואָרפֿען אַ טראָפּען בלוט פֿון האַלז, איין טראָפּען נישט מעהר.

דאָס האָט ווייטער דערזעהען מנחם מענדיל, זאָלל געזונד זיין, האָט ער מיר אָנגעזאָגט זָהיר והזהר, איך זאָלל מיך נישט מאַכען וויסענדיג! וואָרען, ווערט מען, ח"ו, געוואָהר, וועט מען, חלילה, ווייבען זיין שטוב. יוסיל גאַסט־הייזער פֿון געגענאיבער וועט באַלד זאָגען שווינדזוכט און פּטור! אונזער זייט גאַסס, וועט מיט גראָז פֿער־וואַקסען ווערען!

בּילא סאשע אָבער איז קליגער פֿאַר איהם. זי האָט באַלד פֿערשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין שווינדזוכט, נור, אַז איך האָב געמוסט געהאַפּען אַ שטיקעל פֿיש און איינגעשלינגען, און צוראַצט זיך דען האַלז מיט אַ ביינדיל. און, כּדי איך זאָלל, חס ושלום, נישט דערשטיקט ווערען, האָט זי מיר דערלאַנגט אין די פּלייצעס, דאָס ביינדיל זאָלל אַריין אָדער אַרויס און נישט בלייבען, חס ושלום, שטעקען אין האַלז. פֿאַר גרויס ליעבשאַפֿט, האָט זי מיר צו אַ שטאַרקען קלאַפּ געטהון, דאָס ביינדיל פֿון פֿיש איז אַ ודאי אַראָב, נור דערביי האָבען מ י י נ ע ביינער אַ ביסל געליטטען...

דאָס אַלץ איז איבער געגאַנגען בשלום, און, חוה גיטל, זאָלל געזונד זיין, איז צוריק געקוממען פֿון וואַססער טרינקען.

געקוממען איז זי, געלויבט השם יתברך, פֿריש און געזונד, אַ מחיה געוועזען צו קוקען! געלויכטען ווי די זונן! היינט האָט זי אָנגעברענגט מתּנות, — גאַר פֿיינע זאַכען; פֿאַר זיך, פֿאַר'ן מאַנן, פֿאַר דער טאָכטער מיט'ן איידעם... טהייערע מתּנות. נור מיר האָט זי קיין מתּנה נישט געבראַנגט; איך בּין, זאָגט זי, חס ושלום, קיין דיענסט נישט, מען זאָלל מיר שענקען מתּנות, מען צאָהלט מיר דען שׂכירות? איך בּין דאָך געווע'ן בעל הבית'טע!

חוה גיטל אַלליין האָט כּמה פּעמים געזאָגט, אַז איך בּין געוועזען די גאַנצע בעל הבית'טע, און האָב געטהון, וואָס מיין האַרץ האָט געגלוסט!

און קוים איז חוה גיטל געקממען, איז זי געוואָהר געוואָרען, אַז מנחם מענדיל איז איבער, דער גאַנצער צייט, נישט געווען ביי'ם רבּי'ן, האָט זי פֿערבראָכען

די האַנד, אַז די ביינער פון די פינגער האָבען געקנאַקט. און האָט מיך באַלד אַרויסגעשיקט אין מאַרק אַריין דינגען אַ פוהר.

נאָך דען זעלבען טאָג איז מנחם מענדיל, זאָל געזונד זיין, אַוועק געפאָהרען אין אַ מזל'דיגער שעה צום צדיק.

און אויף מאָרגען האָט מיר חוה גיטל איין עצה טובה געגעבען, איך זאָל צו־זאַממען נעהמען מיינע זאַכען און געהן צו אַל'די גוטע יאָהר... וואָרען, ווי באַלד זי אַלליין איז דאָ, און בילא סאָשע העלפט איהר צו, בין איך דאָס פינפטע ראָד ביים וואָגען, און וועלל נאָך, חלילה, משוגע ווערען פון לעדיג געהן. זי האָט מיר געראָטען, ענטוועדער איך זאָל פאָהרען צוריק, פון וואַננען איך בין געקוממען, אָדער דאָ בלייבען און טהון, וואָס מיין האַרץ וועט גלוסטען. זי זאָגט מיר, חלילה, קיין דעה נישט.

נאָך די זעלבע נאַכט, האָב איך שוין אין איהר שטוב נישט גענאַכט'גט!

אַ שאָנע נאַכט איז געוועזען, האָב איך זי דורכשפּאַציערט אין אַללע גאַססען מיט'ן פּאַקיל אונטערן אָרים!

זעהסט דו דאָך, מיין טהייערער, כשר'ער מאַנן, אַז מיר איז, ברוך השם, גאַנץ גוט. אַז דו דאַרפסט מיר מעהר קיין געלד נישט שיקקען, ווי דו פלעגסט אַ מאָל שיקקען. גיב בעססער דאָס געלד ליב חזן, ער זאָל דיר קויפען ש"ס, אָדער גנענדיל־סאָפיען, זי זאָל דיר לאָזען מאַכען העמדער. און זעה, למען השם, זי זאָל דיר אַלליין די העמדער אָנמאָסטען, און זעהען ווי זיי ליגען, די העמדער, — עס איז דאָך אַמעריקאַ!

זעהסט דו, מיין ליעבער, טהייערער מאַנן, אַז איך בין שוין מעהר קיינעם נישט חושד אומזיסט. איך זאָג שוין נישט, אַז גנענדיל, ליב־חזנ'ס טאָכטער, האָט ביי מיר צו גע'גנב'עט אַ לאָפּפעל, אָדער דען מאַנן, חס ושלום! און אויב איך האָב נישט, נישט דען לאָפּפעל, נישט קיין מאַנן, ווייס איך, אַז זי איז בודאי גאָר נישט שולדיג. איך גלויב באמונה שלמה, אַז השם יתברך האָט דיך און מיך געוואָלט מזכה זיין, האָט ער דיר צוגעשיקט אויף דער שיף ליב חזן מיט דער טאָכטער, זיי זאָל־לען דיך פערזאָרגען; כהויה — אַלץ ווי דו האָסט מיר געשריבען. נור איין זאַך וועט נישט זיין ווי דו האָסט געזאָגט! זאָלסט אפילו אוים דער הויט שפּרינגען, וועסט דו נישט שיקקען קיין שליח מיוחד נאָכ'ען קינד, זאָלסט עס צונעהמען פון מיר צו דיר קיין אַמעריקאַ. וואָרען דאָס קינד אונזערס איז, אין דיין זכות און זכות פון דיינע אָבות — לאַנג שוין נישט דאָ; מען האָט עס בעהאַלטען ערגיץ אויפ'ן בית־עולם, אין אַ קליין שטיבעלע אָהן אַ טהירל, אָהן אַ פענסטערל, — שריי חי־וקים, וועסט דו נישט וויססען, וואו זיינע ביינדעלעך ליעגען! קיין שום מצבה, קיין שום סימן, גאָר נישט! זוך דען ווינד אויפ'ן פעלד!

די אַסכּרה האָט עס צוגענומען אונטער איהרע פליגעל...

און ווייל דו ביסט דער גרויסער בעל־זכּרון און געדענקסט אַלץ, וואָס איך האָב גערעדט, און אַלץ וואָס איך האָב געטהון, וועלל איך דיר דערצעהלען אַ מעשׂה, אָפּשר האָבּסט דו זי אויך געדענקען! עס איז אַ מעשׂה מיט אַ שאַל, וואָס איך האָב נישט געוואוסט, וואָס מיט איהר צו טהון: צו זאָלל איך זי חאַפּען אויף מיר און אַרויס לויפען זוכען אַ דאָקטאָר צום קינד, אָדער איך זאָלל פערשטאָפּען מיט דער שאַלל די צובראָכענע שויב, דער שנײַ זאָלל נישט אַריין צום קראַנקען קינד אין שטוב אַריין, אָדער איך זאָלל צודעקען מיט דער שאַלל דאָס הייזעריגע קינד, וואָס עס שטיקט זיך, געביך, — און די קאָלט איז גאָר גרויס, גאָר גרויס! אַ סך מאָל בּין איך אַהין און צוריק געלאָפען: פון קינד צום פענסטער, צו דער טהיר, און צוריק פון טהיר צום פענסטער, צו דער וויעג... אַבּי געלאָפען! דו ווערסט שוין, מיין געטרייער מאַנן, מיין איך, די מינוט נישט פאַרגעססען. וואָרען, ווי דו מיין טהייערער מאַנן זאָגסט, בּין איך צוגעבּונדען צו דיר, דו צו מיר און בּיידע צום קינד, און צונד, אַז דאָס קינד איז נישט דאָ, קאָננען מיר בּיידע שוין אויך געלם ווערען. — נור, וואָס וועט גנענדיל זאָגען? דען אמת זאָגענדיג, איז בּיי מיר געבּליבּען, איך זאָלל זיך לאָזען וואַקסען לאַנגע האָר און אָנטהון זיך ווי מען טראָגט זיך אין אַמעריקאַ. אויך, ווייסט דו דאָך, אַז איך האָב אַ זיס קול, אַז איך פלעג נאָכזינגען אַללע תּפלות, און אַצונד, אַז איך בּין געוועזען בּיין ברודער מנחם מענדיל, זאָלל געזונד זיין אין גאַסטהויז האָב איך נאָך געהאָרט פון שכּור'ע פויערין אַללערליי שיינע ליעדער, — האָב איך מיך דאָס אויך אויסגעלערנט, און איך זינג אַ ודאי אַזוי גוט ווי גנענדיל, און אָפּשר בּעססער פאַר איהר, און קאָנן מעהר לידלעך פאַר איהר. און נאָכטין בּיי נאַכט, אַז אַז איך האָב גענאָכטיגט אונטערן בּלויזען הימעל, איז נאָך צו מיר געקומען די מלכּה שבא און האָט מיך אויסגעלערנט טאַנצען — און אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אַרום געטאַנצט מיט דער מלכּה שבא קעגען דער לבנה.

און דו, מיין ליבער שמואל משה, האָסט גאָר אַ מקח טעות געהאַט! וואָרען איך בּין בּעססער פאַר גנענדיל'ן. וואָרען, איך געדענק גאַנץ גוט, אַז זי האָט געהאַט צוויי פּעפּערלעך, איינעם אויפן לינקען אויער און אַ צווייטען אויף דער רעכטער בּאַק, און — אַ נאָזעל אַ בּיסעל אַ פערדרייטס. און איך, ווייסט דו דאָך, האָב אַ ריין לייב, אָהן אַ שום פּעפּעריל, חס ושלום. — דו האָסט געמיינט, אַז נור גנענדיל קאָנן זינגען, און יעדען פרייטאַג צו נאַכט'ס טאַנצען, אַז זי אַלליין קאָנן זיך לאָזען וואַקסען צאָפּ, אַנדערע קאָננען גאָר נישט די תּורה! נור איך בּין, חס ושלום, אויף דיר נישט אין כּעס; האַלט דיך אָן איהר! מיר איז גענוג, אַז איך האָב דעם קינד'ס קבר'יל, איך געה אַהין, איך וועלל מיר דאָרט אויסבּויען, אַ קליין שטיבּעלע און זיטצען דאָרט בּיז האַלבּער נאַכט, בּיז דער האָהן וועט קרייען. דעם קינד וועלל איך פערצעהלען

זים אונ שטילל פֿון זיין טאַטען שמואל משה'ן, וועט ער שטאַרק הנאָה האָבען! אונ, אַז דו וועסט אַליין קומען, אָדער שיקען אַ שליח מיוחד, נאָכ'ען קינד, וועלל איך אייך מיט די נאָגיל די אויגען אויסקראַטצען, וואָרן דאָס קינד איז מיינס, נישט ינענדיל'ס — יכח שמה וזכרה, זאָלל זי ווערין מיט דיר אין איינעם — — —

---

אמר המביא לבית הדפוס: דער בריעף איז נישט קיין גע־ענדיגטער; מען האָט איהם געפֿונען צוזאַממען מיט די אַנדערע בריעף אין קעשעניע ביי דער משוגע'נער חנה.

---

# משופּע.

אָדער

# אַ מאָרגען אין קעלער־שטוב.

קוים האָט דער אַלטער מנשה געענדיגט זיין חצות מיט אַ צולאָג פֿון עטליכע קאַפּיטל תהלים, איז שוין דער בלאַסער זומערדיגער פֿריה־מאָרגען געלעגען אין פֿענסטער'ל פֿון קעלער־שטוב.

טרויעריג, מיט מידע אויגען, קוקט מנשה אויפֿ'ן פֿריש־געבוירענעם טאָג. ער קנאַקט זיך אויס די דאַרע פֿינגער, פֿערמאַכט דאָס תהלים'ל, פֿערלאָשט דאָס קליינע נאַפֿט־לאָמפּיל אונ שטעלט זיך ביים פֿענסטער. ער קוקט אַרויף צום שמאָלען פּאַס הימעל, וואָס בלייבט זיך הויך אַזוי איבער'ן ענגען גאָסיל אונ, אין דער ראָם פֿון זילבערנע באָרד אונ פּאות, אויפֿ'ן גרינלעך איינגעשרומפּענעם פּנים, בעווייזט זיך אַ בלאַסער שיין פֿון אַ טרויעריגען שמייכעל.

— אָבגעגעבען — טראַכט ער — דאָס פּקדון! אַ שאָנעם דאַנק, רבונו של עולם!

— אונ נאָטהיג — זיפֿצט ער — דאַרפֿסט דו מיך דאָ, רבונו של עולם! ווילסט נאָך אַ חצות, דאַרפֿסט נאָך אַ קאַפּיטל תהלים... האַ? עס פֿעהלט דיר!

ער דרעהט זיך איבער צו דער שטוב, און טראַכט, אַז, לויט זיין שכל, וואָלט גלייכער געווען, אַז אין בעט, וואָס ער פֿערנעהמט, זאָלל שלאָפֿען זיין איי־ניקיל רבקה, וואָס וואַלגערט זיך אַרום אויף דער פּאָדלאָגע צווישען אַלט־וואַרג, מיט וועלכען חיים, דער זוהן זיינער, האַנדעלט.

אַז לויט זיין יושר, דען יושר פֿון אַ בשר־ודם, וואָלט בעססער געווען, דאָס גלאָז מילך, מיט וועלכען ער לעבט כמעט איבער אַ טאָג, זאָלל געניסען שרה, די שנור זיינע, וואָס לויפֿט גאַנצע טאָג אַרום אויפ'ן מאַרק אָהן אַ לאָפּיל וואַרימס...

יענקעלי'ן, דעם פֿרישען צולאָג צו דער משפחה, וואָלט אויך דערפֿון קיין רעה נישט אַרויס געקוממען!

ברויכען ברויך ער וועניג, דער אַלטער; עס וואָלט זיי דאָך גרינגער געווען, ער יאָלל נאָר נישט דאַרפֿען..

חיים איז אָהן אַ מלבוש... חנה, דאָס עלטערע אייניקיל איז אַ קראַנקע... וועניג בלוט... דער דאָקטאָר זאָגט: „בלעדאַטשקע"... הייסט נעהמען אייזען־טראָפּ־פען. טריינקען טראָן... וויין אַ ביסל... מען זאַממעלט פֿאַר איהר אַ בעזונדער קני־פּעל... חדשים לאַנג זאַממעלט מען און עס איז אַלץ וועניג. און די אָרימע חנה וואַקסט נישט; דער שכל איהרער וואַקסט אויך נישט... אַלץ שטאָקט... זיבצעהן יאָהר — און פֿערשטעהט, ווי פֿון צוועלף!

— וואָס האָסט דו מיך אויף זיי געוואָרפֿען, רבונו של עולם?

ער הערט זיך איין ווי שאַרף און אָבגעריסען חיים אָטהעמט אין שלאָף. ער זעהט ווי שרה'ס בייניגע האַנד, וואָס האָט, קענטיג, ערשט געוויעגט דאָס קינד, הענגט נאָך שלאַבעריג אַראָב פֿון בעט...

ער דערזעהט נאָך, אַז יענקעלע ריהרט זיך אין וויעגעל. „באַלד וועט ער שרייען און די מוטטער וועקען!" און מיט אַיילענדיגע נור קורצע שריט, לויפֿט ער צו צום אייניקיל און הייבט אָן שאָקלען דאָס וויעגעל.

— און אָפּשר, — טראַכט ער, זיך אויסדרעהענדיג צום פֿענסטער, ווילסט דו, רבונו של עולם, איך זאָלל נאָך אָט אין דעם יענקעלי'ן נחת דערלעבען? איך זאָלל מיט'ן נאָך ברכה זאָגען, עברי זאָלל איך איהן לערנען... האַ?

---

ווי אַ רויטער אָפּעל בליהען יענקעלים בעקאַליך אין שלאָף. אַ זיססער שמייכעל בלאָנקעט זיך איהם אַרום די קליינע ליפּליך... זיי ריהרען זיך אויף און אָב...

„דער פּרעססער, אין שלאָף וואָלט ער געזויגט!"

ער בעמערקט דערוויל, אַז רבקה וואַרפֿט זיך אויפ'ן געלעגער.

זי ליעגט אויף אַ זאַק־שטרוי, צוגעדעקט ביז דער ברוסט מיט אַ שוואַרץ־

געשפּרענקעלט לייליך. וואָס זי האָט צוקאָפּענס, זעהט מען נישט.

דאָס פֿיין-גערייטעלטע פּנים, מיט'ן אַלבאַסטער-ווייסען, לאַנג-געטאָקטען האַלז, ריהרט זיך חנו'דיג אויף איין אונטערלאָג פֿון צופּלאָנטעטע, שרייענדיג-רויטע האָהר, וואָס פֿערדעקען דאָס גאַנצען צוקאָפּענס, און בעריהרען נאָך די פּאָדלאָגע מיט עקען, וואָס ציטערן ביי רבקה'ס יעדען אָבאָטהמען.

— מיינע, עליה השלום, אוים'ן אויג... טראַכט דער אַלטער — היים בלוט, חלומות... איהר צו לאָנגערע יאָהר!

— רבקה! — געהט ער צו און ריהרט זי ביי דער בלויסער האַנד, וואָס האָט זיך בעפרייט פֿון לייליך.

— וואָס — ווען? ווערט רבקה אויפגעשראָקען און אָפּענט ווייט אַ פּאָר גרויסע, בלאָהע אויגען.

— ש... ש... בערוהיגט ער זי מיט אַ שמייכעל,—איך בין עס... געה אין מיין בעט אַריין...

— און דו, זיידע? פֿראָגט זי מיט אַ ברייטען, געזונדטען געניץ.

— איך וועלל שוין נישט שלאָפֿען... עס שלאָפֿט זיך נישט אין מיינע יאָהרען... איך וועלל מאַכען טהיי... האָסט דאָך געהאָרט ביי נאַכט! זיי וועללען פֿריה אויפשטעהן... דער טאַטע האָט איין עסק אין שטאָדט, די מאַמע דאַרף איינקויפען פֿאַר די פּימסענהאָלצען אויף תנאים...

— וועלל איך מאַכען טהיי, זיידע.

— ניין, רבקה... דו געה אין מיין בעט אַריין... קאָנסט נאָך לאַנג שלאָפֿען... דו וועסט היינט, האָט די מאַמע געזאָגט, נישט געהען אין פֿאַבריק, זי וועט דיך דאַרפֿען... שלאָף דיך טאַקי אוים...

— אַה! געניצט רבקה נאָך ברייטער.

זי האָט זיך שוין אַלץ דערמאָנט. דער פֿאָטער איז נעכטען אַהיים געקוממען מיט אַ פֿרייד, אַז גאָטט האָט איהם בעשערט אַ שפּאָר ביסל אַלט-וואַרג.

די מאַמע האָט אויך געבראַנגט אַ בשורה: ביי די פּימסענהאָלצם, וואו זי איז איינגעהערין, וועט שוין ענדליך זין תנאים, חאָטש די כלה קרימט זיך נאָך; זי וועט האָבען פֿאַר'ס איהריגע און תנאים וועט זיין!...

קיין גרויסע הנאה האָט רבקה נישט דערפֿון. אויסשלאָפֿען טאַקי וועט זי זיך, אַרומגעהן אויפ'ן מאַרק מיט דער מוטטער איז בעססער ווי זיטצען אין פֿאַבריק, נור שפּעטער — דאָס נאָכטראָגען די קיישליך מיט איער און היהנער, בפרט דאָס חאַפּען אין מיט'ן גאַסס איין ענטלאָפֿענע הוהן, איז נישט פֿון די גוטע זיעבען זאַכען!

נור, אַז מען מוז, מוז מען.

זי נעהמט צוזאַממען אַרום זיך דאָס לייליך און שפּרינגט איבער צום אַלטענס בעט.

פֿון שפּרונג האָט דער אַלטער ווייטער הנאה, אויך „זיין אַלטע אוים׳ן אויג"...

---

איידער דער אַלטער האָט פֿייער געמאַכט, איידער ער האָט צוגעשניצט אַ קיהנדיל אויף עטליכע דינע האָלצליך, אויסגעלעגט זי אונטער דער בלאָך, בעשיט מיט קליינע שטיקעליך קוילען, (טהייער קוילען, טראַכט ער דערביי), בעגאָסען מיט נאַפֿט, אונטערגעצונדען, און געשטעלט אויף דער פֿייערקע, איין אַלטען, פֿון ראָסט רויטליך געשפּרענקעלטען, בלאָבענען ציינִיק, — האָט שוין שרה געהאַלטען יענקעלי׳ן ביי דער ברוסט און געווינשען זיך, זי זאָלל שוין דערלעבען צו האָרען, ווי יענקעלע וועט מאַכען אַ ברכה איבער דער מילך...

די בלאַססע חנה האָט זיך אויך אויפֿגעחאַפּט און אויפֿגעזעצט זיך אויפ׳ן בעט.

אונטער דער מוטטערס פּלייצעס שפּיעלט זי זיך מיט׳ן קליינעם ברודער׳ל, מאַכט איהם: „קוקו".

איהר קליין קעפּיל, די בלייכע באַקען מיט די פֿערחלומטע אויגען אין דער ראָם פֿון אַ מאַטע אַש־גראָהע, צוואָ־פֿענע האָהר, בעוויזט זיך אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס. די בעוועגונגען איהרע זענען דאָך צו לאַנגזאַם, דער שמייכעל אויפ׳ן פנים — צו בלאַס און דער בליק אין די אויגען — צו שטאַר, דער שפּיעל זאָלל קאָנען אָבּרייסען „יענקעלע פּרעססער", ווי מען האָט׳ן גערופֿען אין שטוב, באַלד אין דער פֿריה פֿון דער ברוסט.

ער איז שטאַרק פֿערטהוען, ער קוקט אויף דער שוועסטער, נור קיין צייט צו איהר, האָט ער נישט.

אין האָנדטיל האָט ער אונטער דער זייט, אויף וועלכער ער ליעגט אויף דער מוטטערס שוים, מיט׳ן צווייטען בייגט ער אַוועק די זוים פֿון דער מוטטערס אָפּענעם העמד, עס זאָלל איהם נישט פֿאַללען אין פנים אַריין, און קוקט דערביי אויף דער שוועסטער געלאַססען און רוהיג, — זי וועט איהם נישט ענטלויפֿען...

חיים שטעהט שוין אין טלית און תפלין, און דאַווענט, שפּרייזענדיג אויף און אָב איבער דער שטוב.

אָפּט שטעלט ער זיך אָב, וואַרפֿט איין אויג צו שרה׳ן, קענטיג ער האָט מיט איהר עפּיס צו רעדען, נור ער וואַרפֿט אַ צווייטען בליק אויפ׳ן אַלטען און דאַווענט ווייטער, און שפּרייזט ווייטער איבער דער שטוב.

פֿאַר׳ן אַלטען האָט ער מורא.

„דער אַלטער מיינט, אַז עס זענען נאָך זיינע צייטען, די אַלטע, גוטע צייטען, ווען אַ יוד האָט צייט געהאַט צו דאַווגען, צו זאָגען וואָרט ביי וואָרט פֿון סדור

אורח־חיים"... היינט איז זיעבען סוחרים אויף איין פּאָר אַלטע פּלידערן!

ער האָט אפילו נאָכטען פערזאָרגט... די קניה האָט ער בעדונגען פאַר 6 רובל אָהן אַ צעהנעריל, איבערגעלאָזט האָט ער זיעבען גולדען מיט צוועלף גראָשען אַ ד'רויף... אַרויסגעהענדיג פון הויז, האָט ער געגעבען אַ זעקסער דעם סטרוז, ער זאָלל, ביז ער וועט קוממען זאָגען, קיין „האַנדעל" אין הויף אריין נישט לאָזען.

אונרוהיג איז ער דאָך! ווער ווייסט... איידער ער וועט קריגען אַ שותּף!

ער טרינקט שוין טהיי, האַלטענדיג דאָס גלאָז אויף דער פלאַכער האַנד און בלאָזענדיג פאַר יעדען זופּ, און ווייסט נאָך נישט וואָס צו טהון.

שוועך צו קריגען אַ שותּף!

צו וועמען געהט מען? צום וואָכער? ער וועט איהם אָבשינדען די הויט; צום סקלאַדניק — די קעשענע וועט ער איהם אָבשניידען!

און אַז מען קריגט שוין אַ שותּף, מוז מען דאָך איהם אַוועק געבען האַלב פּערדיענסט, חאָטש יענער האָט זיך נישט געדונגען!...

אַ מאָל, קריגט ער ביי שרה'ן עטליכע גולדען, היינט ווי! נאָך נאָכטען האָט זי איהם געזאָגט, אַז עס וועט פעהלען צום איינקויפען!

און אָפשר וועט זי איהם פאָרט געטרויען פון חנה'ס קניפּעל אויף אַ טאָג...

ער האָט דאָך מורא צו פּרוּווען... ער האָט נישט איינמאָל געפּרוּווט און הרטה געהאַט!

ער וואַרפט נאָך אַ מאָל אַ בליק אויף שרה'ן און עס דאַכט זיך איהם, אַז עס איז פאָרט אַ שעת הכּשר!

זי האָט שוין יענקעלי'ן צוריקגעלעגט. שטיהענדיג ביים וויעגעל, טהוט זי זיך אָן און שמייכעלט אַזוי גוט, אַזוי מחיה'דיג גוט צום קינד, עס וועט אָפשר געהן!

— איך האָב ביינאַכט געחלומט, שרה, — פּרוּווט ער זיך, — די קניה איז גאָר אַ גוטע! ד'ווער, ברוך־השם, פערדיענען...

— הלואי, רבונו של עולם, ענטפערט שרה; זאָלל עס זיין אין יענקעלעס זכות! זייט ער איז געבוירען מאַכט זיך געשווינדער אַ מאָל אַ פערדיענסט!

— איך מיין, — ווענדט חיים אָב מיט אַ חנופה־שמייכעל — אַז עס איז אונזער חנה'ס זכות; האָרסט דו, שרה, — ביים קויפען האָב איך מיר אַזוי געטראַכט; בלי נדר ובלי מסקנא, דאַרף מען פון פערדיענסט אַראָב נעהמען פאַר חנה'ן חאָטש אַ דריטעל! און, ווי איך טראַכט אַזוי, ווערט די פּריצה ווייך ווי אַ פּוטער און לאָזט אַראָב איין צעהנעריל נאָכ'ן צווייטען!

— איז אַ ודאי גוט, — שמייכעלט איהם שרה צו, און ווערט — דאַכט זיך איהם — יונגער און פרישער... „אַמאָליגע יאָהרען — פליהט איהם דורך

א גערדאנק — וואס דען — ווען סאמע גוטע צייטען..." ער האט אבער ווייניג צייט צו'ן אזא קלער...

— הכלל איז חנה א שותפ'טע.

— מהיכי־תיתא! אזא יאהר אויף מיר!

— יא אבער, שטאמעלט ער, אז חנה זאלל זיין א שותפ'טע — טאקי איך רעבען בפירוש אויף איהר מזל, — נור, אז א שותפ'טע...

— איז וואס? פראגט שרה מיט אויפגעשטעלטע אוירען און אויגען... זי איז איהם שוין עפים חושד; ער פיהרט שוין צו'ן עפים... ער ווילל שוין עפים!

— איז וואס — — מיין איך טאקי, זי זאלל זיין איין אמת'ע שותפ'טע... זי זאלל אריינלעגען אין מסחר א חלק געלד.

— וואס? וואס זאגסט דו? שרה גלויבט נישט איהרע אייגענע אויערען. און, אז ער אנטפערט נישט, שפרינגט זי איהם אקעגען:

— גזלן, רוצח! — דאס איז א טאטע... דאס איז א מאנן! ער ווייסט, דאס קינד איז אזוי קראנק... אז איך האב א נדר געטוהן נישט צו ספעקולירען מיט אי־ר געלד... עס איז דאך איהר שווער געלד! בלוטיג געלד... די קיישלעך טראגט זי מיר נאך... קריגט א מאל פאר'ן וועג... איך דערלעג איהר עפים...

שרה קאנן זיך גאר נישט בערוהיגען...

חיים ווילל עפים אנטפערן; דער אלטער לאזט נישט.

— שווייג שוין בעסער, חיים, שווייג — מאכט ער — זעהסט דען נישט, אז שרה'לע האט רעכט... געה, זוך דיר א שותף... רייס נישט איין די וועלט... לעב און לאז לעבען.

חיים נעהמט שטילערהייט אין טארבע אריין א שטיק ברויט מיט א ציבעלע און געהט ארויס. עס ב־ליייט איהן דעם אלטענס שפרוך:

— האסט געזעהען ווי פייגעלעך קלויבען בראקען אויפ'ן הויף? א גרויסען בראקען נעהמען צוויי...

---

נישט פיעל רוהיגער שלאפט רבקה אין אלטענס בעט. אינ'ם יונגען קאפף וואלגערט זיך ארום א געדאנק, וואס לאזט נישט פעסטער איינשלאפען... א „בעגעג־ניש" האט זי געהאט!

איינמאל פארנאכט, אהיים געהענדיג פון פאבריק, האט זיך איהר אויפ'ן טרעטואר א יונגער מאנן בעגעגענט. זי געהט גלייך, מיינט, ער וועט אבטרעטען, ער טהוט עס אבער נישט, און קוקט איהר נאך גלייך אין פנים אריין מיט א פאר לוסטיג לאבענדיגע גראהע אויגען, אז זי איז רויט געווארען. זי האט זיך גענויטיגט אין א זייט און געלאזט זיך אהיים מיט געשווינדערע טריט. נעהמענדיג זיך אין

א זייטען־גאַס, האָט זי זיך דאָך נישט געוואָלט אומקערן, אומגעדרעהט, און דערזעהן, אַז ער שטעהט נאָך; ער שטעהט אויפ׳ן זעלבען אָרט און קוקט איהר נאָך מיט׳ן איינציגען שמייכעל, מיט די צוויי שורות ווייסע צעהן.

„זי וועט עס חנה׳ן דערצעהלען“, טראַכט זי און האָט עס דאָך נישט געטהון.

„וואָס וועט זי, די אָרימע, קראַנקע חנה, פערשטעהן?“

עטליכע טאָג שפּעטער איז ער איהר ווייטער אַקעגען געקומען. דאָס האַרץ הייבט איהר אָן געשווינד צו קלאַפּען, זי שעמט זיך אויפצוהייבען די אויגען, געהט געשווינד פאַרביי, נור אַזוי אומגעלימפּערט, אַז זי איז שיער נישט געפאַללען אויפ׳ן גלאַטען טראָטואַר.

אין גאַנג דאַכט זיך איהר, אַז זי פיהלט, ווי זיין העלער, לוסטיגער שמייכעל, גליטשט זיך איהר הינטען אויפ׳ן בלויזען האַלז.

און דאָס שרעקט זי; עס דאַכט זיך איהר, אַז אַללע אין גאַסס קאָננען עס זעהען! און ענטלויפט נאָך געשווינדער.

איין מאָל איז ער איהר ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסען.

זי האָט אויסגעשריגען: אַח! און ער שטעהט איהר אַקעגען, און פערשטעלט איהר דען וועג.

— דאַכט זיך, — מאַכט ער, — איך האָב דאָס גליק זי צו קעננען, פריילין!

„פריילין“ האָט ער געזאָגט!

דאָך ווערט זי בּאַז, מיידט איהן אונגעדולדיג און נאָך האַלב דערשראָקען אויס; און דאָך, מוז זי זיך זאָגען, אַז אַ שטימע האָט ער זעהר איין אַנגענעהמע, „אַ גאָלדענע שטיממע“, זאָגט איהר אונטער דאָס האַרץ...

פון דעמאָלט אָן טרעפען זיי זיך כמעט יעדען אָבענד; זי רעדט נישט צו׳ן איהם, שווייגט, נור ענטלויפען ענטלויפט זי שוין נישט...

און ער פיהרט זי יעדען אבענד אָב פון פאַבריק.

זיי געהען צוזאַממען און שווייגען.

אָפט האַלט זי זיך נישט איין, און וואַרפט אויף איהם אַ בליק פון דער זייט...

„די וואָנסאַליך זיינע...“

און דערויף אָנטפערט ער מיט נאָך אַ ליכטיגערן שמייכעל...

מאָדנע אויגען האָט ער... טהייל מאָל, דאַכט זיך, פליהען פון זיי גאָלדענע שטראַהלען!

דערווייל איז מען דערפון געוואָהר געוואָרען אין פאַבריק; חבר׳טאָרען האָבען בעמערקט, און געמאַכט דערפון אַ גערעד.

מען לאַכט פון איהר, מען וויצעלט אויף איהר חשבון.

יונגהייט - נאַרהייט, — זאָגט מען, — היינט ענטלויפט זי, מאָרגען וועט זי נאָכיאָגען...

„נישט דערלעבען וועללען זיי עס!‟ טראַכט רבקה.

— זי וועט אַרויסשטעקען די צונג — ווי אַ שעפּס צו זאַלץ... וואו נעהמט מען עס...

רבקה פערבייסט די ליפּען און שווייגט.

— און אַ שאָנער יונג, — זאָגט מען, — אַ גאָלדענער יונג! האָהר, אויגען, אַ נאָז—ווי אָבגעטאָקט. פון וועסטענ-טאַש שלעמפּערט זיך נאָך אַ גאָלדענע קייט מיט אָפּשר צעהן גאָלדענע ברעלאָקען!

רבקה פיהלט זיך אַ ביסעל שטאָלץ.

— אָפּשר טאַמבאַק, איז איינע מסופק.

— חלילה! טראַכט רבקה... אַנדערע זאָגען אויך:

— געה שוין געה... מען זעהט,—אַ גבירישע קינד!

וואונדערט מען זיך נאָך מעהר:

— ווילסט נאָך נישט שפּיעלען קיין ליעבע,— נאָך צייט! נור שכל האָב, רעד אַ גוט וואָרט, נעהם קליינע מתנות, חאַפּ איין אָנבייסען... צוקערקעס... בילעטען אין טעאַטער אַריין.

עמיץ לאַכט העל אויף:

— אַ וודאי! נעהמען ווי אַ בייז פערד... נור געגנאַרען זיך לאָזען, ניט! אַ מכה זיי!

עס לאָזט זיך ענדליך הערען די אַלטעסטע מיט'ן לאַנגען, ביינינגען פּנים, פערשפּיצטער גאָמבע און זייטיגע, גרינגליבע בליקען.

— טע, טע, טע,— מאַכט זי,— אַ קלייניקייט, וואָס דאָס האָט צו פערנאַרען! חופּה שטאַנגען וואַרטען, הבדלות שוין גרייט. נדן—ווי הייסט? אַ שלל! שדכנים רייבען אָב די שוועל, חתנים רייסען די טיהרען! נור נישט געגנאַרען...

רבקה פערבייסט שאַרפער די ליפּען, בויגט טיעפער דען ברענענדיגען קאָפּ איבער דער אַרבייט און צוויי הייסע טרעהרען פאַלען איהר אויף די האַנד, וואָס זענען בעשעפטיגט ביי דער מאַשין.

און דאָס לאָזט זי נישט שלאָפען!

ניין! זי וועט גאָר נישט, גאָר נישט נעהמען!

קיין בילעט אין טעאַטער אַריין, אַ וודאי נישט!

איינמאָל האָט מען זי פערהאַלטען שפּעט ביי נאַכט אין פאַבריק; נעטהיגע אַרבייט געוועזן... איז די מאַמע געקוממען צו לויפען אָהן אָטהעם, אָהן אַ נשמה... אַז די מוטטער האָט זי דערזעהען, האָבען איהר די אויגען אָנגעהויבען פינטלען, דערנאָך שפּריצען ווי אַ פאָנטאַן... הינטען, אין פאַבריק-הויז, ביי די טרעפּ, איז ערשט געשטאַנען דער אַלטער זיידע און געקנאַקט די פינגער...

— געלויבט איז גאָט, — האָט ער געמורמעלט — געלויבט איז גאָט!

„ניין, זי וועט עס נישט טהון!"

שרה וויל שוין אויך געהן אין גאַס אַריין. זי שטעלט שוין דעם אַלטען אַ גלאָז מילך ביים טישיל, רוקט איהם צו יענקעלען מיט'ן וויעגעל, און האָט נאָך צו פֿער־זאָרגען עטליכע קליינינגקייטען אין בעל־בתי'שקייט...

דערביי האָט זי דאָך צייט צו קלאָגען זיך פֿאַר'ן אַלטען אויף די היינטיגע וועלט.

— איהר האָט דאָך געהאָרט, שווער! תּנאים דארף זיין... דער לעצטער טערמין... טעלעגראַפֿירט, מען הייסט שוין איינקויפֿען... און זי, די כּלה'שי, מאַכט אַ סקאַנדאַל! זי וויל נישט! זי וויל נישט קיין חתן פֿון פּראָווינץ... זי האָט אַ וואַרשאַווער, זאָגט זי! אַ וואַרשאַווער־דייטשעל האָט זי!

חנה, וואָס איז ביז אַהער געלעגען מיט אָפֿענע אויגען צום סוּפֿיט, און גע־קוקט ווי די פֿליגען רייסען זיך אָב איינע נאָך דער אַנדערער און צופֿליהען זיך אין שטוּב, דערהאָרט וואָס די מוטער דערצאָהלט, זעצט זיך פּלוצים אויף, איהרע גע־וואָהנליך מאַטע אויגען בעקוממען אַ גלאַנץ... זי האָרט, זעהט זיים, און אינטערע־סירט זיך... זי שפּיצט נאָך אויף די אויערען און אָפֿענט דאָס מויל, ווי צום איינ־שלינגען דער מוטערס וואָרטער.

די מוטער איז דערוויל זיכער, אַז דאָס פֿערדיענסט וועט זיין! — „תּנאים וועלען, אם ירצה השם, זיין! דער אַלטער פּימסענהאָלץ וועט זיך זיין שטאָרטיל בע־שטעהן... די „צוגאָסענע פּימסענהאָלצען" שוויגט אויך נישט... „איי, האָט זי נאָגעלעך!"

— קודם כּל, — האָט מיר די קאָבין פֿון דאָרט דערצאָהלט, — האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע, געפֿונען בריעף פֿון עפּיס אַ דייטשעל, אַ ימח־שמו'ניק און מען האָט זיי פֿערברענט! דערנאָך ערשט האָט זי געלייזט, אָבער שאָן געלייזט... ביי די האָהר האָט מען זי אַרומגעשלעפּט.

חנה פֿיהלט אַלץ, די אויגען ווערען איהר פֿייכט, דאָס פּנים — גערייטעלט און פֿערצעהרט פֿאַר רחמנות.

זי פֿאַלט צוריק אויפֿ'ן קוישען מיט אַ געוויין.

שרה דער־שרעקט זיך, דער אַלטער לויפֿט אויך צו.

— וואָס איז חנה'לע, וואָס איז דיר געשעהן?

— אַ שאָד מאַמע, אַ רחמנות...

— אויף וועמען, טאָכטער? אויף וועמען? וואונדערט זיך שרה, פֿערגעסענ־דיג אין אַלעם.

— אויף דער כּ־כּ־כּלה... זי איז אַזאַ — אַזאַ גוטע... אַזאַ האַרציגע... גיט מיר שטאָנדיג געלד... דאָס געלד, וואָס איך גיב דיר... זי גלעט מיך... זי קושט מיך אַ מאָל... זי וויל... זי וויל מיך אפילו לערנען שרייבען.

— נאָך דאָס פֿעהלט מיר! — מאַכט שרה נישט גערן — צו מיינע שונאים'ס

קאָפּ, צו זייער האַנד און פּיס! זי וויל דיר אויך דעם קאָפּ פּערדרעהען... זאָלסט אויך נישט פּאָלגען אַ מאַמען.

חנה אָנפּערט אין מיטען געוויין:

— ניין, מאַמעשי, ניין! האָב נור קיין מורא נישט! איך וועלל דיך שטאַנדיג פּאָלגען! וואָס פּאַר אַ חתן דו וועסט מיר נישט געבען!

עס הערט זיך פּלוצים אַ קלינגענדיג געלעכטער.

דאָס לאַכט רבקה פון דער שוועסטערס נאַרישקייט.

— מרשעת, — שרייט שרה, — דאָס קינד איז קראַנק, מסוכן־קראַנק און זי לאַכט... לאַכען זאָלסט דו, וועלל איך דיר זאָגען ווי.

— שילט נישט, שרה, — בערוהיגט זי דער אַלטער, — זי איז דאָך אויך אַ קינד.

שרה געהט אַוועק פּערדראָסען, און וואַרפט אַרויסגעהענדיג פון שטוב צו רבקה׳ן אַ בעפעהל: שטעה אויף, פּראַנצימערקע... גיב חנה׳ן טהיי, קעהר אויס די שטוב...

---

דער אַלטער מנשה, האָט אויסגעטרונקען זיין מילך און האָט זיך געזעצט צום פּענסטעריל.

דורכ'ן פּענסטערל פון סוטערינע זעהט מען נור די שמאָלע לאַנגע שאַטען, וואָס די פּיס פון די דורכגעהער, וואַרפען אויף די קליינע שויבען.

וואָס גראָססער עס ווערט דער טאָג, רעש׳ער טוישען זיך די שאַטען; טרויערי־גער ווערט דער אַלטער. מענשען איילען זיך, לויפען, האַנדלען און וואַנדלען; ער איינער (אַזוי דאַכט זיך איהם) טויג שוין צו גאָר נישט.

ער נעהמט זיך צום תהלים׳ל מיט עברי־טייטש.

מיט אַ ציטטעריג קול זאָגט ער אַ פסוק לשון קודש, אַ פסוק יודיש, און בע־וועגט מיט אַ ציטעריגען פּוס יענקעלעס וויגעלע.

רבקה זיצט שוין האַלב אָנגעטהון ביי חנה׳ן אויפ׳ן בעט, ביידע טרינקען טהיי. נעבען רבקה׳ן, וואָס שפּריצט מיט פריש לעבען, זעהט חנה נאָך קראַנקליכער, נאָך בלאַססער און קלענער אויס, נאָך קינדישער.

זיי האַלטען אין מיטען אַ פּערטרויטען שמועס.

— איך וועלל נישט אויסזאָגען, חנה, דערצאָהל!

— שוואָר דיך!

— איך שוואָר...

— ביי וואָס?

— ביי וואָס דו ווילסט.

חנה קנייצט איין דען שטערן און קלערט אויס:

— ביי יענקעלעס געזונד!

— ביי יענקעלעס געזונד! חזר'ט איבער רבקה.

— אז וואס!

— אז דאס!... אז איך וועל נישט אויסזאגען, וואס דו וועסט מיר דערצעהלען... חנה פערטראכט זיך.

— זיצענדיג — זאגט זי — קען איך נישט... איך וועלל בעססער ליגען און און קוקען אויפ'ן סופיט; אזוי פערגעס איך אלץ און פלאנטע מיך... אז איך ליג און קוק ארויף, זעה איך אלץ פאר מיר... שטעלט זיך מיר אלץ אקעגען...

— נו, לעג דיך, חנה...

— דו אויך! לעג צו צו מיר דאס אויער, עס איז א שרעקליכער סוד! איך וויל נישט, דער זיידע זאלל הערען!

און חנה קנייצט נאך שטארקער איין דען שטערן. זי אטהעמט שווער, ווי פון אונ־טער א שווערער לאסט. זי פאלט צוריק אויפ'ן קישען.

שטארק פעראינטערעסירט שטעלט רבקה געשווינד אוועק די גלעזער און לעגט זיך צו.

דער אלטער האקט איבער זיין תהלים, ווארפט א בליק צום בעט און פרעגט:

— נישט גלייבער אויסצורוימען, רבקה?

— באלד, באלד זיידישי, — אנטפערט רבקה, — חנה וויל מיר עפּיס דערצעהלען.

דער אלטער בעוועגט דען קאפ מיט א טרויעריגען שמייכעל און הייבט אן ווייטער זינגען זיין תהלים מיט'ן עברי־טייטש.

און חנה דערצעהלט מיט איין געקנייצטען שטערן און ווייט געעפענטע, כמעט שטארע אויגען, פאר וועלכע רבקה שרעקט זיך א ביסל. עס דאכט איהר, אז חנה דער־צעהלט נישט פון זכרון, נור זעהט עפּיס פאר זיך און זאגט, וואס זי זעהט. און איהר שטימע איז אזוי טיעף, און דער אטהעם פיהלט זיך איהר אזוי היים...

---

חנה דערצעהלט:

... די קאכין איז ערגיץ ארויסגעגאנגען... איך בלייב איינע אלליין אין קיך... אויף דער מאמען ווארט איך; זי דארף נאך מיר קוממען.

— רבקה, שלאגט זי זיך פלוצים איבער — ווענן האבען מיר געגעססען הירזש מיט האניג?

— נאכטען! אנטפערט רבקה מיט איין אונהיימליכער שטיממע.

— איז עס טאקי געוועזען נאכטען... יא נאכטען... זיטץ איך אזוי און זופּ טהיי. די קאכין גיט מיר שטענדיג טהיי... ווענן איך קום, גיט זי מיר טהיי... און דארט איז א מחיה טהיי צו טרינקען... מיט א זילבערן לאפעלע, עס גלאנצט...

פון טהיי ווערט אזוי ווארם אין אללע אברים... אונ צוקקער — הארסט — אריינגעלעגט.

איך וויל טרינקען צוגעביססען, די רעשט אהיים נעהמען; לאזט זי נישט, די קאבין. זי זאגט: צוקקער איז פאר דיר געזונד, זאגט זי... אונ קוקט, איך זאלל אריינלעגען אללע דריי שטיקער!

א פונט צוקקער קריעגט זי, דארט די קאבין; יעדע וואך א פונט צוקקער! א חוץ וואס זי נעהמט זיך אלליין.

די מאמע זאגט... זי נעהמט פון דער זילבערנער פושקע, וואס שטעהט אין ערשטער שטוב... אפען שטעהט זי; איך האב אלליין געזעהען! נור איך וועלל נישט נעהמען...

אויף דער פושקע איז דא א הירש. די פימסענהאלץ האט מיר אלליין געזאגט, אז עס איז א הירש; מיט אזוינע גרויסע, געדרעהטע הארנער... איין אמת'ער הירש.

— הכלל, דו זיצסט אין קיך? מינטערט זי רבקה.

יא, זיטץ איך אויפ'ן בעט... אויפ'ן שאנעם בעט... אוי, האט עס די קאבין א בעט! דריי גרויסע קישען, ווייסע ציכליך, ווי שניי... געשטיקטע לאנגעטען, עס קוקט ארוים רויט... גרויסע פערלמוטערנע קנאפ, ווי פערציגער גרויס! א געשטעפטע אטלעסענע קאלדרע, אין מיט'ן—א גרויס ראד ווי א ברונען! ארום אונ ארום גרויסע אדלער מיט פליגעל... פון אויבען נאך א גרינע, זיידענע קאפע... א גאנצע פריצה'טע איז זי, די קאבין; נור א גוטע. בעט מיך זיטצען אויפ'ן בעט, צופיסענס... שארט אוועק די קאפע מיט דער קאלדרע... זי האט מיך ליעב, זאגט זי, אונ— ווייסט דו פאר וואס, רבקה?

— פאר וואס?

— זי האט אויך, — זאגט זי, — געהאט אזא מאדיל ווי איך... נישט חנה האט זי געהייסען, נור אין מיינע יאהרען... געשטארבען איז זי... האט זי מיך ליעב... זאגט זי...

— וואס האסט דו א ציטטער געטהון, רבקה?

— עט, גאר נישט... דערצאהל וויטער, חנה...

— איך זיץ אונ זופ טהיי... אונ זי קומט אריין...

— ווער?...

— די געשלאגענע כלה...

— וואס? די געשלאגענע —

— האסט נישט געהערט? — די מאמע האט דאך דערצאהלט! יא, יא, מען שלאגט זי, ווייל זי וויל נישט דעם חתן —

— אהא! — נו הכלל — זי קומט אריין?

— זי קומט אריין — א בלאסע... רויטע אויגען — האַרסט, רבקה, אין שטוב טראָגט זי אַ בלאָה־זיידען קלייד, אַ שפּאָגעל נייעס, מיט רויטע פּינטעליך — הונטען שלעפּפּערן זיך נאָך צוויי לאַנגע, ברייטע, אַטלעסענע, אויך רויטע, שאַרפען, אונטען בענייט מיט שוואַרץ־זיידענע פראַנז — און ברילאַנטענע אויערינגליך, — פער־קאָמט איז זי גאַר אויסטערליש — הויך איבערן קאָפּף אַ קראַנציל — אין מיטען קראַנציל — אַ טויב מיט צוויי אויסגעשפּרייטע פליגעל, — פערשטעהסט? פון די האָהר אויסגעלעגט! די בייהאָהר פערנוממען הינטען מיט אַ גאָלדענער קלאַמרע; פון פאָרענט — אַ גאָלדענע שפּילקע, אפשר צוויי! ביים פּאַסיק ווייטער אַ גאָלדענע קלאַמרע — אַ פערבלענדעניש! וואו זי גיט זיך נישט אַ ריהר, גיך ווי אַ בליץ!

חנה שטאָקט.

— און שוין?

— וואַרט — עס איז אַ גרויסער סוד, רבקה! און זי גיט צו מיט שרעק: גאָט וועט שטראָפען, אַז דו וועסט, חלילה, אויסזאָגען!

רבקה פערזיכערט, אַז זי וועט נישט אויסזאָגען.

חנה לעגט רבקה׳ן אונטער די האַנד, דריקט איהר קאָפּף נאָהנטער צו זיך און דערצעהלט ווייטער מיט נאָך אַ שטילערער, נאָך אַ טיעפערער שטיממע.

— זי דערזעהט מיך און פאַלט צו מיר צו מיט אַ געוויין. —

— וואָס האָט זי פון דיר געוואָלט?

— אַ טובה האָט זי געוואָלט פון מיר!

— אַ טובה? זי פון דיר אַ טובה?

— שטעקט מיר אין דער האַנד אַריין אַ האַלבען רובל — דען האַלבען רובל, וואָס איך האָב נאָכטען אָבגעגעבען דער מאַמען — און נאָך עפּיס...

— וואָס נאָך? חנה׳שי!

„חנה׳שי" אין רבקה׳ס מויל, איז אַ זיכערער שליסעל צו אָפּענען חנה׳ס האַרץ.

— אַ בריעף — אַ בריעף, זאָלל איך איהר אָבגעבען — בסוד סודות.

— און דו האָסט גענוממען?

— וואַרט — זי לערנט מיך אוים אויסענווענדיג די אַדרעס; איך קען דאָך נישט לעזען! הערמאַן... דען צווייטען נאָמען האָב איך שוין פערגעסען — די גאַסס אויך — נור, דאַכט זיך, נומער 40 —

— האָסט גענוממען און אָבגעגעבען? פראָגט רבקה מיט אַ פערבאָרגענע שרעק.

— נישט אַזוי געשווינד, אָנפערט חנה נאַיוו — איך האָב פריהער געבלאָנדזעט.

נישט דאָס אָבער אינטערעסירט רבקה׳ן.

— עס איז אַ בחור? פראָגט זי שאַרף.

— ווייס איך? מן הסתם —

— וואָהנט אַליין? —

— דאַכט זיך — יאָ; ער אַליין האָט מ'ר געאָפֿענט. איך האָב נור אַ דריק געטהון דאָס ווייסע קנאָפּיל — זי האָט מיך עס אויסגעלערנט. —

— ער האָט צוגענוממען דען בריעף? —

— צוגענוממען.

— געגעבען תשובה?

— תשובה האָט ער נישט געגעבען — ער וועט שרייבען אויף דער פּאָסט, זאָגט ער. נור ער האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט'ן בריעף. ער האָט פאַר גרויס פריידֹ מיך אַריינגענוממען אין שטוב, געזעצט אויף אַ באָנקיל...

— נאָך וואָס?

— פאַר גרויס שמחה! ער האָט מיר אפילו געגלעט די האָהר — אַזוי ווי די מאַמע טהוט אַ מאָל — אַ יום־טוב צי שבת, ווענן זי האָט צייט...

דערנאָך האָט ער געלאַכט און האָט מיך אפילו געקושט... אין מויל אַריין, גלייך אין מויל אַריין... דערנאָך די אויגען... שאָנע אויגען, זאָגט ער, האָב איך...

רבקה בלייבט ליגען ווי פערשטאַרט...

חנה פערטראַכט זיך אַ ביסל, דערנאָך ענדיגט זי:

— נור שפּעטער, אַז ער האָט געוואָלט מיר אָפּענען דען בוזעם, און אַריינ־שטעקען די האַנד, האָב איך מיך פערשעמט־און ב'ן ענטלאָפֿען... ער האָט פער־געססען צו פערמאַכען די טהיר...

— געלויבט איז גאָטט, געלויבט איז גאָטט... שעפּצעט רבקה מיט אַ פער־שטיקט געוויין...

— וואָס זאָגסט דו? רבקה...

— גאָר נישט, חנה...

— זאָג נור, רבקה, נאָך וואָס האָט ער פון מיר געוואָלט?... קען...

— שווייג! שלאָגט איהר רבקה איבער מ'ט שרעק.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צום גליק האָרט נישט דער אַלטער. ער איז פערטיעפט אין זיין תהלים. ער זאָגט אַ פסוק און פערטייטשט באַלד:

„זיי האָבען קיין וואָהר וואָרט אין מויל... אינערוועניג, אין האַרץ הייסט עס, האָבען זיי אַ בראָך... זייער האַלז איז איין אָפען קבר... אַ גרוב, הייסט

עס, איינצושלינגען... און אַ גלאַטיגע צונג האָבען זיי..."

רבקה הערט זיך איין מיט אַ בלאַס פנים און פערביסענע צעהן...

חנה קוקט זיא אָן דערשראָקען...



# „אַז מען זאָגט „משוגע״ — גלייב!״



איהר פֿראָגט אויף משה׳ן יוסעלעס? וועגען אַ שידוך פֿראָגט איהר? אדרבא! וועמען דען זאָלט איהר פֿראָגען, אַז נישט מיך? מיין חבר געוועזען, ווי דען! איך האָב אפילו זעהר גוט זיין פֿאָטער, דען דין, געקאָנט; לסוף ימיו ביי אונז דין געוועזען, אַ ודאי! ער זאָלל מיר עס מוחל זיין, אַ מתנגד געוועזען, נור אַיין אַייזערנער מוח! אַזוינער מ אָ ג זיין אַ מתנגד, אַז אַ מענש איז אַליין ביים צ אַ פּ ע ן!

אוים קבלה האָט ער אפילו חוזק געמאַכט, נור איך גלויב איהם זעהר! אַ פֿערצייט׳גער יוד, האָט ער אונז, יונגע לייט, געוואָלט אָבסטראַשען!

צו קיין גוטען יוד איז ער טאַקי נישט געפֿאָהרען, נור ער איז אַלליין געוועזען אַ גוטער יוד.

זיין זיצען און לערנען! מיט אַ נאַסס האַנטוך אַרומגעוויקעלט דען קאָפּ (אַ ניט, זאָגט ער, וועט איהם דער מוח פּלאַטצען), מיט איין פֿוס אונטער זיך... און פֿון אונטער די לאַנגע, באָזע ברעמען, האָט זיך טאַקי ממש פֿייער געשיטט! וואָס קלעהרט איהר, אויב משה ר׳ יוסעלעס איז אַ מיוחס? איינגעטונקט אין יחוס! נור גלאַט, ער אַלליין איז קיין לייט נישט! עס טהוט מיר דאָס האַרץ וועה, נור וואָס אמת איז אמת — אַ פּלוט איז ער, אין מוח פֿעהלט עפּיס!

יונגעלוויז אויך אַיין אייזערנער מוח געוועזען; זונטאָג האָט ער שוין געקאָנט דען שעור אויסווענינ! באַלד זונטאָג!

נור משוגע! זיינע תנועות, זיינע הויות. און אויך אַזוינע לאַנגע ברעמען, און ברעננענדיגע אויגען, ווי דער פֿאָטער, עליו השלום. נור דער פֿאָטער איז געוועזען מיושב און ער — משוגע. אַ יונג מאַכט זיך אַ מאָדע צו קוקען אין הימעל אַריין! עס געהט, למשל, דורך — אַ וואָלקען, זעהט ער אינ׳עם אַ געשטאָרבענען פֿעטער, אַ כהן גדול, אַ צאַפּ... וואָס איהר ווילט נור אַלליין, זעהט ער אין דער חמאַרע! איז דער הימעל לויטער, זאָגט ער, אַז עס איז אַ ראָש־השנה׳דיג פּרוכת!

ווינטער פֿלאָגט ער אָבליעגען גאַנצע טאָג אין פֿענסטער און אַרויסקוקען אויפ׳ן שניי. בריליאַנטען, זאָגט ער, זעהט ער אין שניי! וואַי, עס איז דען נאָכצודערצאָהלען? איך וועלל אייך לאַנג נישט בריי׳ען, נור די מעשה איז אַזוי געוועזען:

מיר האָבען ביידע אין איין וואָך חתונה געהאַט; איך בין געפאָהרען צום שווער קאָסט עססען, און ער האָט זיך געזוכט אַ מעמד.

ביים שווער, ווי דער שטייגער איז, האָב איך גאָר אָן משה'לען פערגעססען; אין שטאָדטעל דאָרט איז געווען אַ מחלוקת, האָב איך מיך שטאַרק אריינגעלאָזט...

דער נאָך האָב איך מיינע צרות געהאַט: אַ קינד איז מיר, לא עליכם, געשטאָרבען, און מיט איהר האָב איך אויך נישט גוט געלעבט; אַהין — אַהער, מיר האָבען זיך געגט, און מען העבט מיר אָן צו רעדען שדוכים פון דער היים!

איך לאָז איבער דאָרט די קינדער; זי וויל ל נישט. האָב'מיר אַ דין תורה; דער רב פסק'ט זי זאָלל זיי האַלטען ביז צו דריי יאָהר; קומם איך אַהיים, געה אין בית המדרש אַריין און טרעף משה'לען:

„וואָס מאַכסט דו גוטס?"

— אַזוי... אָנפערט ער.

„האָסט שוין עפּיס קליינוואַרג?"

— ניין, מאַכט ער.

„פאַר וואָס?"

— איך ווייס, פאַר וואָס?

„און וואָס טהוסט דו דערצו?"

— גאָר נישט!

איהר האָרט אַ תשובה!

„פאָהרסט ערגיץ?"

— מיין טאַטע איז אויך נישט געפאָהרען!

איהר האָרט איין עסק! אַז דער טאַטע איז נישט געפאָהרען, פאָהרט ער אויך נישט! ווי הייסט? „איך האָב, זאָגט ער, אַ צוואה!". איך גלויב נישט מיינע אייגענע אויערען! אַז עס געהט וועגען קינדער, פאָהרען קריסטען צום רבין!

ביי מיינעם, זאָלל לעבען, האָב איך געזעהען איבער דער צייט, איך זאָלל קיין גוזמא נישט זאָגען, איבער צוואַנציג גענאָהלטע באָרד... איינער, האָט דעם רבין אַנידער געלעגט 50 זילבערנע טהאָלער! עס האָט איהם אפילו געהאָלפען ווי אַ טויטען באַנקעס! וואָרען טאַקי, העלף אַזוינעם, וואָס איז איינגעטונקט אין עבודה־זרה; נור — ער האָט זיינס געטהון! און דער — גאָר נישט! מען זאָגט, עס פאָהרט נישט אַ גראָבער יונג, אַ טראָגער, אַ שוסטער — אָבער ער, משה'לע? ! וואָס איז, ער ווייסט נישט, אַז גאָט, ברוך הוא, איז אַ מאָל אַמישנע גוזר, דער צדיק זאָלל האָבען וואָס מבטל צו זיין? וואָרען אַז נישט, טאַקי, וואָס פאַר אַ וועלט וואָלט זיך געפיהרט? אַלץ על פי דין... שטאָנדיג גלייך ווי אַ ווערע? נור, געה, טע־ה מיט ן! —

דערווייל האָט זיך מיר דער קאָפּ פערדרעהט; איך בין געשטאַנען אין אַ סך שדוכים אויפ'ן אָרט, און געמאַכט האָט זיך, אַז איך האָב חתונה געהאַט פון דער פרעמד...

וואָס קלערט איהר? מ'ין האָט מיך אָבגענאַרט, אַז עס איז מיר אַ חרפה און אַ בושה געווען אויסצוזאָגען; אַהין און אַהער, איך קום צו פאָהרען — מיין משה'לע איז שוין איין אַלמן צום מזל! און דאָ העבט זיך אָן אַ נייער שגעון! ער לאָזט זיך קיין שדוך נישט רעדען...

על פי דין מאָג מען רעדען אַ שדוך אין דער שבעה, וויל ער טהון לפנים משורת הדין! דערנאָך וויל ער איבערוואַרטען שלשים; דערנאָך איז איהם די ספירה נישט מזל'דיג; דערנאָך פאַלט איהם איין צו וואַרטען אַ גאַנץ יאָהר! און נאָך דעם אַללעם, אַז איך האָב שוין קוים דערלעבט און דאָס יאָהר איז אַריבער, זאָגט ער ערשט, אַז ער אַילט זיך נישט! איין אַנדערער, זעהסט, אַז דו קאָנסט זיך בעגעהן אָהן אַ ווייב, מהיכי תיתי, האָב חתונה, נעהם אַ פּאָר גילדען נדן און פאָהר ערגיץ אַוועק און ווער אַ פרוש!

ניין, דאָס וויל ער נישט, דאָס דאַרף ער נישט — ער האָט גלאַט צייט! ער וויל זיך פשוט מישב זיין!

וואָס קלעהרט איהר, ער האָט אָבגעלעבט אַפּאָר יאָהר טאַקי, נישט פאַר אייך געדאַכט, ווי אַ כלב אין דרויסען! וואָרען טאַקי באמת, וואָס איז ווערט אַ מענש אָהן אַ שטיקל יודענע? אָהן אַ ביסל וואַרמס, אָהן אַ געקאָכטע קאַרטאָפעל? מיט הערינג האָט ער זיך געשפייזט: געזעססען און געקנעלט און געגעססען הערינג! אַ שאָן לעבען?

אָט, קוקט מיך אָן, וואָס פאַר אַ פנים איך האָב! און ווי לאַנג איז, אַז מיין דריט ווייב איז נפטר געוואָרען? אָפשר אַ האַלב יאָהר!

נו? תהו בהו אין אַללע ווינקעליך: אָהן אַ העמד אויף שבת, די מחיה אין שענק איז אין דער ערד! קיין גאַנצע פּאָר פלודערן נישט! און ער זיצט און קנעלט, און גאָר נישט!

איהר קאָנט פערשטעהן אַ לעבען? אין דער פריה אַ ציבעלע מיט ברויט, מיטטאָג אַ שטיקל הערינג, ביי נאַכט די רעשט פונם הערינג, וואַשען — וואַשט מען זיך מיט אַ קוואָרט ביים פלומפּף אויפ'ן הויף, מען ווישט זיך אָב אָן די פּאָלעס, און מען קייעט הערינג מיט ברויט! וואָס קלעהרט איהר, אַ שאָן פנים האָט ער געהאַט, צו גרונד איז ער געגאַנגען! קיין אויגען האָט מען ניט געזעהען, נור צוויי שוואַרצע לאָכער אין קאָפּ! איינגעבויגען — כפול שמונה, און אַ הולך, אַז גאָטט זאָל זיך מרחם זיין!

ער האָט זיך אַרומגעדרעהט ווי אַ שאָטטען, ווי אַ מת, רחמנא לצלן, און

האָט דען גאַנצען קאָפּ פערלוירען; איינמאָל, שבת, לויפט ער אין בית המדרש אַריין מיט טלית און תּפילין אונטערן אָרים! אַ מענש געהט דורך דער גאַסס, זעהט שטריימליך, אַטליסנע קאַפּאָטעס, פערמאַכטע געוועלבער און גאָר נישט, ער לויפט מיט טלית ותפילין!

— משה'לע! שרייט מען איהם נאָך — ער האָרט נישט! און דאָ איז שבת, מען טאָר קיין גרויסען שפּרייז נישט מאַכען, און גלאַט — מען צולעגט זיך פאַר געלעכטער! אַ מערכה, וואָס אַ שניידער-יונג האָט איהם נאָכגעוואָרפען אַ שטיין, געטראָפען אין פּלייצע אַריין און ער איז אומגעפאַללען...

און אַ וואונדערליכע זאַך: כל זמן ער לערנט, לערנט ער, איז ער כאחד האדם, נישט צו דערקענגען; ער דערהיצט זיך, רעדט, חזרט איבער — און דערביי איז ער פאָרט משוגע. מען האָט דערזעהען, אַז ער איז אַזוי פערטיעפט אין לערנען, אַז ער פערגעסט אַ מאָל אַ קינד אַ קלאַפּ צו געבען: דען קאַנטשיג האָט ער שוין לאַנג ערגיץ פערוואָרפען! און, וואָס קלערט איהר, די קינדער האָבען אַ גן עדן אין חדר!

מען וואָלט איהם צוגענומען דאָס מעמד, לערנט ער אָבער אַזוי וואהל, אַז די קינדער קעננען אָהן אַ קניפּ, אָהן אַ ריהר; אַזא כח האָט ער שוין געהאַט. פאַר דאָס, קוים פערמאַכט ער די גמרא, ווערט ער אוים מענש, נישט צו גאָטט, נישט צו לייט, ער פערגעסט צו עסען, צו שלאָפען, צו דאַוונען אפילו; אַ מערכה, וואָס ער האָט אַ מזל געהאַט צו די קינדער. דאָס לעבען האָבען זיי איהן ליעב געהאַט, זיי האָבען זיך פאַר'ן מקריב געוועזען! אַלץ דערמאָנט און דערלאַנגט.

„רבי, וואַשט אייך" — זאָגט איהם אַ תלמיד, וואַשט ער זיך. „רבי, עסט!" דאָס נישט! „עססען — זאָגט ער — וועט ער נישט, ער וויל וואַרטען! ער האָט פיינד אַלליין צו עססען!" טאָמער ווייסט איהר, אויף וועמען ער וויל וואַרטען? ער וואַרט און זיצט אַזוי מיט'ן עקק פון הערינג אין דער האַנד און שאָקעלט זיך און קוקט אין דער טהיר אַריין, גלייך אליהו הנביא דאַרף אַריינקומען!

פלוצלינג דערמאָנט ער זיך, אַ פּנים, אַז אליהו הנביא קומט נור צום סדר, הערט ער אָן צו עססען און צו וויינען צוזאַממען. „וואָס וויינט איהר, רבי?" פראָגען איהן די דערשראָקענע קינדער — אָנטפערט ער נישט, דרעהט זיך איבער צו דער וואַנד, און די קינדער האָרען, אַז ער וויינט! טהייל מאָל געהט ער צו צו דער קליידער-שאַנק, וואָס איז איהם פון ווירטהשאַפט געבליבען, אָפּפענט זי אויף, שטעלט זיך אַנידער און קוקט, און קוקט, גלייך ער וואָלט דאָ דער גרויסער גביר געוועזען, און שטעהט און קלערט, וואָס פאַר אַ קאַפּאָטע ער זאָלל אָנטהון, איין אַטלאַסענע אָדער אַ זיידענע; מיט-אָדער אָהן-סטראָקעס! און דאָ, שוואָר איך אייך בנאמנות, איז אין שאַנק, אויסער איהרע עטליכע שמאַטעס, וואָס קיינער האָט צומאָל נישט

געוואָלט אָבקויפּען, קיין לעק נישט געוועזען!

אין שטאָדטעל, באמת, האָט יעדערער זיינס אין זינן, יעדערער האָט מיט זיך צו טהון. איך האָב יאָ אויפ׳ן רחמנות געהאַט, בין איך פּונקט דעמעלט צום ערשטען מאָל איין אַלמן געוואָרען!

איך האָב אייך שוין דערמאַנט, אַז מיט׳ן צווייטען ווייב האָב איך מיך גאָר אָבגענאַרט! אָבער גאָר אין גאַנצען! זי האָט, לא עליכם, געקראַנקט און געקראָנקט ביז זי איז, נישט פאַר אייך גערעדט, געשטאָרבען, און איך האָב ווייטער געמוזט זיך אַרומקוקען וועגען אַ שדוך און חתונה האָבען. וואָרען, באמת, האָב איך שוין געהאַט ווי מען זאָגט „מיינע, איהרע און אונזערע" קינדער. און וואָס קאָן אַ מאַנספּערשוין טהון מיט קינדער, אדרבא, וואָס? זייגען וועל איך זיי? איינשלאָפען? וואַשען און קאָרמען? עס איז מיר אַ ודאי ביטטער געוועזען ווי די גאַלל, און האָב צו משה׳לען קיין צייט נישט געהאַט! נור קיין שלימזל, ברוך השם, בין איך נישט. איך האָב געזעהען ווי צו טהון און האָב חתונה געהאַט צום דריטטען מאָל, טאַקי מיט דעם דריטטען ווייב, וואָס איז, לא עליכם, נישט פאַר אייך גערעדט, נישט פאַר קיין שום יוד גערעדט, ערשט נישט לאַנג געשטאָרבען. זי איז אפילו אַ בריה אַ יודענע געוועזען, צו דער שענק ווי געוואונשען, און דוקא נישט געקינדעלט!

וואָס טהוט גאָטט? פערקיהלט זי זיך — אין מיטטען זוממער, אין חדש תמוז! — אין מקוה... קריגט אַ לונגען-אָנצינדונג, קאָסט אָב אַ מטמון מיט גאָלד, און שטאַרבט אַוועק! הכלל, ווי האַלט איך? יאָ, מיט׳ן דריטטען ווייב האָב איך דעמעלט חתונה געהאַט און קוים האָט זי איבערגענוממען די שענק, און איך האָב געזעהן, אַז איך האָב מיך אויף וועמען צו פערלאָזען, האָב איך מיך באַלד גענוממען משה׳לען פערזאָרגען!

„דו מוסט חתונה האָבען" — זאָג איך — דיין טויט וועט זיין און חתונה האָבען מוסט דו!"

ער האָרט מיך ווי׳ן רב! אַזוי, טראַכט איך, וואַרט! איך האָב אָבגעשטעלט מיט די בעלי בתים, מען האָט איהם מכלומרשט דאָס חדר צוגענוממען! איינמאָל פאַר אַללע מאָל — אַ מלמד מוז האָבען אַ ווייב! מיין משה׳ל — גאָר נישט; אָהן תלמידים איז אָהן תלמידים!

ער געהט זיך אַרוים אונטער דער שטאָדט שפּאַציערען, וואַלגערט זיך אַרום אויף׳ן דאָנקע ביים טייך... נישט זיין זאַך! ווערט ער הונגעריג, קומט ער אין שטאָדט אַריין און חאַפּט ערגיץ אַ שטיקל ברויט, וואַשט זיך, עסט און בענשט, און געהט אַוועק. איך מיין שוין, אַז עס וועט דערפון גאָר נישט זיין, נור צום דריטטען טאָג, משה׳לע איז דאָ אין בית המדרש! ער וויל שוין חתונה האָבען!

אפשר מיינט איהר, ער איז צום שכל געקוממען? ער האט א ישוב געהאט, אז א מענש אהן א ווייב איז קיי און שפיי? חס ושלום! נאב'ן קנעללען בענקט ער! די קינדער פעהלען איהם!

נו, לאז זיין פון קאזאק, אבי צום לעבען! ער גיט האנד־תקיעת־כף, אז ער וועט חתונה האבען, מיך מאכט מען פאר איין עוֹמד, איך זאלל איהם אויסזוכען א שדוך, און ער קריגט צוריק די תלמידים!

און וואס קלעהרט איהר, אז איך האב גענוממען די זאך אין דער האנד אריין, האט א ודאי געברענט אונטער די פינגער! נור, איך קאנן נישט זאגען — א גאטט־זאך איז עס אויך געוועזען! פונקט מאכט זיך איהם א וואהלער שדוך! פריהער האט מען איהן אפילו מיר אנגעשלאגען, נור א שדכן, א ימח שמוניק, האט מיר דען קאפף פערדרעהט. שטעלט אייך פאר, א יודענע, א שמאלץ־גרוב, אנגע־זאפט מיט עשירות: א בעל הלואה'ניצע, איין אלמנה, אויף משכנות פלעגט זי לייהען, און א בריה נפלאה געוועזען; אויפ'ן קאפף דאס גאנצע נעשאפט געפיהרט, און קיין איינציג מאל אויף איהר היזק, אויף דער האהר זיך נישט טועה געוועזען. און זי האט'ן דוקא געוואלט, אזא מזל האט ער שוין געהאט! איך קלער איהם צו־זאממען צו מאכען אויף מלבושים, חאטש א שטריימעל קויפען ... א טלית קטן; שיקט זי זאגען, אז זי וויל נישט, זי גיט א פינפאונצוואנציגער, און מען האט איהן מלבוש ומנעיל געוועזען כיד המלך... פון אללעם גוטען: א שטריימעל, שיך און זאקקען, צוויי טליתים קטנים, צוויי צו דריי פאר פלודערן... מען האט קיין שהיות נישט געמאכט, באלד א חופה געשטעלט און מיין משה'לע שיינט אונטער דער חופה ווי א שררה, נור וואס דאס משוגענע פנים רוהט נישט א רגע, גלייך ער וואלט וועהען געהאט, די ליפפען ציטטערן ווי ביים אבשפרעכען איין עין הרע און די אויגען ברענגען עפים נישט היימליך... אמת משוגע! נאר באלד האט זיך גאר געמאכט א נייער שגעון!

ערשטענס וויל נישט די יודענע, ער זאלל קנעללען. זי פערדיענט אפשר 10 רובעל א וואך, וואס טויג עס איהר? וואס דארף זי עס? זיטץ און לערן און שמעלץ זיך אין מילך און פוטטער! וויל ער נישט! ער מוז קנעללען, ער איז שוין געוואהנט צו די קינדער, ער קאנן אהן זיי נישט לעבען! וועסט האבען דיינע אייגענע קינדער; ניין, דערווייל מוז ער האבען א מעמד.

נו, א שאנע כפרה, האלט זיך ביי דעם מעמד; ווערט ער אבער אויפס ניי פערטראכט, הארט ממש אויף צו רעדען, אויסער ביים לערנען מיט די קינדער... און אזוי האט ער נישט מעהר ווי צוויי ווארטער אין מויל: ס'איז נישט דאס! וואס „נישט דאס", ווער „נישט דאס", ווייסט מען נישט.

די יודענע, נעביך, האט זיך דאס לעבען געשטערקט, טאקי מקריב געוועזען

פֿאַ ן; געקאָכט און דערלאַנגט דאָס שאַנסטע און דאָס בעסטע, און ער הערבט אַללע מאָל אויף די אויגען, קוקט אויף איהר, גלייך ער וואָלט זי דאָס ערשטע מאָל דערזעהן, חאַפּט אַ שווערען אָטהעם און זיפֿצט: נישט דאָס! ס'איז גאָר נישט דאָס!

ער פֿערזיצט זיך אַ מאָל בײַ נאַכט אין בית המדרש; נישט ער דאַווינט, נישט ער לערנט, נור גלאַט, ער זיצט אַזוי איבערן שטאָנדער אָדער שפּרייזט אַרום פֿון איין וואַנד צו דער צווייטען. דער לעצטער, וואָס געהט אַרויס, קריגט אויפֿ'ן רחמנות, רופֿט איהן מיט, „משה, געהסט?" ער אָנטפֿערט נישט, „פֿאַר וואָס געהסט דו נישט אַהיים?" ער שווייגט. מען חאַפּט איהם אָן בײַם אַקסעל און שאָקקעלט מיט'ן, חאַפּט ער זיך אויף ווי פֿון דער היהנער־פּלעט און זאָגט: „ס'איז גאָר נישט דאָס!"

שלעכט! דאָס ווייבעל, נעביך, האָט מיר דען קאָפּ פֿערוויינט, וואָרען טאַקי, איך האָב דאָך זי אַרײַנגעפֿיהרט, איך בין דאָך דער ערב־קבלן געוועזען...

און עס שניידט מיך טאַקי בײַם האַרץ; אַ יודענע נעביך, אַזוי פֿיעל הוצאות געמאַכט, אַזוי פֿיעל געלד אָבגעקאָסט און אַיינגעהאַנדעלט זיך אַ „גאָר נישט דאָס"! מילא, וואָס קאָנן איך העלפֿען? איך גיב איהר אַיין עצה, זי זאָלל איהן פֿערנאַרען צום רבין... מען מאַכט אַ פּלאַן אויף ראש־השנה, וואָרען טאַקי, ראש־השנה איז גראָססער דער עולם, — טאַקי אַ וועלט קומט אויף ראש־השנה! — האָב'מיר אַ קיימא לן, אַז דער כח פֿון צדיק איז אויך גראָססער, נור פֿאַר ראש השנה טרעפֿט זיך אַזא מעשה! איינמאָל, אָבענד צייט, זאָגט איהם דאָס ווייבעל פֿאַר דער וועטשערע, ער זאָלל אַרויסגעהן פֿערמאַכען די לאָדען. וואָרען טאַקי, זי וויל נישט עססען צוזאַמ־מען בײַ אָפֿפֿענע פֿענסטער; זי נעמט די שרויף אין דער האַנד אריין, ער געהט אַרויס, אויפֿ'ן וועג זיפֿצט ער: „ס'איז נישט דאָס!" „ער שפּאַרט אונטער דען לאָדען, זי פֿערשרויפֿט, נור קוממען — קומט ער שוין נישט אריין; ער איז נעלם געוואָרען!

וואָס קלערט איהר, עס האָט זיך געטהון אין שטאָדטעל! מען האָט גערעכֿענט: אַ משוגענער, איז ער זיך אין דער קאָלט געגאַנגען באָדען און איז ערטרונקען געוואָ־רען, אָדער ער איז אַזוי אַרויסגעגאַנגען אונטער דער שטאָדט און האָט פֿערבלאָנד־זעט, אַ דאגה אויף אַ משוגענעם! מען האָט געדונגען פּויערן, געזוכט אין טײַך, אין דער געגענד, קיין זכר פֿון אַ מענש! אויף ענטלויפֿען איז נישט צו רעכֿענען, וואָרען טאַקי, עס טרעפֿט זיך, אַ מענש ענטלויפֿט פֿון אַ ווייב, מהיכי תיתי, נישט איינער ענטלויפֿט, נור — אַ מענש, עסט אָב וועטשערע, נעהמט מיט אַ קאַפּאָטע! ווער לאָזט עס שטעהן אַ שיססעל קליסקעליך מיט ביבערליך און לויפֿט אוועק אין איין אָלטער, וואָכֿעדיגער תבונה?! און עס איז אַ האַרצרייסענדיג רחמנות אויף דער

עגונה נעביך! עס האָט זי וויניג געקאָסט? אַ ליטישע חתונה, מלבושים, רח"ש...
און פאַר וואָס? פאַר ווענן? פיער וואָכען געלעבט מיט אַ מאַנן! און וואָס פאַר
אַ לעבען! אומשטיינס געזאָגט — אַ לעבען! מען קאָנן נישט זאָגען, ער האָט איהר
אפילו קיין שלעכט וואָרט נישט גערעדט, נור קיין גוטס אויך נישט, אַלץ די משוגע-
נע ווערטער: „ס'איז נישט דאָס!". עס איז איהר, נעביך, אַזוי אויך טאָג אויף טאָג
דער מאַמעס מילך איינגעפאַללען, דאַרף זי נאָך ווערען איין עגונה!

וואָס טהוט מען? מען שרייבט צו רביים; עס העלפט נישט! האָט מען געפרעגט
אַ שאלה, צו מען מאָג שרייבען אויפ'ן „מגיד"...

איינער האָט יאָ געהייסען, דער צווייטער — נ י ש ט געהייסען; מילא,
מהיר צו זיין איין עגונה, האָט מען יאָ געשריבען, נור לעבען זאָלל ער אַזוי, דער
„מגיד", ווי ער ווייסט עפּיס! און פון וואַננען זאָלל ער וויסען? אַז די רביים האָבען
נישט געוואוסט!

גאָר נישט, ווי אין וואַססער אַריין!

דאַכט זיך, שוין פערפאַללען? ניין! פאַלט פלוצלינג ווי פון הימעל אַראָב
אַ שליח מיוחד מיט אַ גט! אָפשר מיינט איהר פון וויט? ניין, דוקא פון 5 וויערסט
אונטער דער שטאָדט, פון פיצשעוויקי!

נו, האָט גאָר געקאָנט עמיצען איינפאַללען, אַז אַ משוגענער וועט ענטלויפען אין
גאַנצען אויף פינף וויערסט? עס איז גאָר קיינעם אויף דער מחשבה נישט געקוממען,
אַזוי נאָהנט צו זוכען! ביי'ם גט שיקט ער איהר נאָך צו אַ חרם-קוויטעל אויף 200
גילדען פאַר איהרע הוצאות. אויסצאָהלען, שרייבט ער, וועט ער אַ גילדען אַ וואָך,
און איז איהר משעבד דערויף אַללע זיינע נכסים! דען ערשטען גילדען האָט איהר
דער שליח געבראַכט!

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום איז ער אַלליין געקוממען און האָט זיך ווייטער אויס-
געזוכט אַ מלמדות.

— משוגענער — פראָג איך איהן, — נאָך וואָס ביסט דו געקוממען, האָסט נישט
בעקאָנט ד אָ ר ט ע ן קנעללען?

— איך האָב געבענקט! זאָגט ער.

— צו ווּעמען?

— צום היגען בית עלמין! זאָגט ער. און ער זאָגט עס אַזוי ערנסט, אַז אַ גרויל
געהט דורך די ביינער! איהר האָט געהאָרט, אַ מענש זאָלל בענקען צום בית
הקברות? ער בענקט! און ער זאָגט קיין שקר נישט!

נאָך מעריב געהט ער נאָכט אויף נאַכט אַרויס אונטער דער שטאָדט און
דרעהט זיך אַרום בית עלמין! אַ כהן א י ז ער, אַריינגעהן טאָר ער נישט, דרעהט
ער ז י ך אַרום צוים און קוקט פון וויטען אויף די מצבות!

וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָהר, קלער איך, איז דאָס? צו איז עס נישט אַ מאָל אַ סגולה אויף קינדער? צו איז ער נישט אַ מקובל געוואָרען? אָפשר גאָר אַ כשוף־מאַכער?!

וואָס זאָלל איך אייך זאָגען, עס זעננען מיר שוין געקוממען הוריות אין קאָפּ אַריין. אַ קשיא אויף אַ מעשה! אָדער ער איז אַ בעהאַלטענער צדיק, אָדער ער האָט פערקויפט די נשמה אין גיהנום אַריין. ווייס איך? קליינער־הייט האָב איך געהאָרט, אַז אויב מען ציהט אַ ליכט מיט חלב פון אַ נפל׳ע אויף אַ פאָדעם פון אַ ציצה — ווערט מען אַ רואה ואינו נראה — און גלייבט מיר, ווען איך ווייס נישט, אַז ער איז אַ כהן, וואָלט איך זיכער געמיינט, אַז ער האָט זיך מתחבר געווען מיט אַ חברה גנבים און זוכט אַ נפל׳ע אונטערן צוים! גנבה׳נען, פער־שטעהט זיך, וועט משה ר׳ יוסעלעס נישט, אָבער ליכט צושטעללען, אפשר יאָ... אַ דאגה — וואָס טהוט נישט אַ יוד צוליעב פרנסה?!

עס איז אָבער נישט! ער קוקט שוין וואָכענלאַנג און קוקט, און גאָר נישט; מען האָרט נישט, און מען זעהט נישט! און געה פערשטעה?

פערשטעהט איהר שוין, וואָס מען מיינט „שגעון?" אַז מען זאָגט „משוגע" — גלייב!

אַזוי, אַזוי, רב קרוב, משה׳ל איז מיין חבר, איך האָב׳ן ליעב דאָס לעבען... נור משוגע, נעביך, איז ער... חתונה מאַכען, איז איהן שווער, זעהר שווער... מילא, איך זאָג אייך נישט „ניין"... איהר ווילט דאָך אַ ודאי עפּיס פערדיענען, טהוט ווי איהר פערשטעהט...

זעהט איהר, אויב איהר האָט פון מיינעט וועגען אַ שדוך...



# אויף אַ זוממער־וואָהנונג.

מקיים צו זיין דעם דאָקטאָרס בעפעהל, פערברענג איך אַ גאַנצען חדש אויף אַ זומער וואָהנונג...

נור אין גאַנצען אַרום אויפ׳ן דאָרף האָט מיך דאָס האַרץ נישט געלאָזט און די פּאָליציי נישט געראָטען, וואָהן איך מיר אין איין עק פון אַ קליין שטאָד־טיל, נישט ווייט פון וואַלד און טייך. אַ שטוב האָב איך אָבגעדונגען ביי׳ן אַ געוויסען אברהמ׳ל סוחר.

גאַנץ יודישליך — שטרענג כשר און דאָך פּאָעטיש. איך שפּאַציער אין וואַלד און קלויב שוואָמען; באָרג דאָס קאַהנדיל ביי׳ם פישער און לאָז מיך איבער׳ן טייך, אָדער זעץ מיר אויפ׳ן ברעג און חאַפּ פיש... יעדען פאַרנאַכט האָר איך די נאַכטיגאַל, מיט איין וואָרט — אַ גן־עדן.

איינמאָל,— דען צווייטען, צי דעם דריטען טאָג נאָך מיין אָנקומען,— איך גיה צוריק פון פריה־מאָרגענדיגען וואַלד־שפּאַציער, און דערזעה ווי ר׳ אַברהמ׳ל לויפט מיר אַקעגען.

אַ בשורה טובה: תנאים שרייבט ער.

איך רעכען, ער וויל אויף היינט מיינער פּטור ווערען.

— זאָלל אייך זיין צו מזל, — אָנטפער איך איהם מיט אַ שמייכעל — איך וועלל אייך נישט שטערען; איך וועל מיך שטיל אַריינחאַפּען אין מיין צימער, איבערטהון און געהן, עפּיס אין מויל אַריין חאַפּען, אין שטאָדטיל אַריין.

— ניין, ניין! — האָט ר׳ אַברהמ׳ל זיך חשק צו בעליידיגען.

— עססען מוז איך צוזאַממען מיט אַללע, נאָך די תנאים... עס וועט זיין פיש און פלייש... דערוויל אָבער איז מיין שטוב פערנומען.

די מחותנת׳טע מיט דער כלה איז דאָרט. ער האָט מיך געזוכט, געוואָלט נעהמען דערויף רשות, און נישט געפונען...

— עס וועט נישט לאַנג דויערן, — טרייסט ער מיך, — זיי טהוען זיך שוין אָן.

— שאַדט אויך נישט, — בערוהיג איך איהן, איך וועלל מיך דאָ אָברוהען..., פאַר׳ן הויז אויף דער באַנק.

— אַ שאָנעם דאַנק! — זאָגט ער און לויפֿט צוריק אין שטוב אַריין.

איך זעץ מיר אונטער די פֿענסטער, אויף דער גראָז־באַנק, וואָס לויפֿט איבער דער גאַנצער לאַנג פֿון הויז.

---

געטראָפֿען האָב איך פּונקט צום פֿענסטער פֿון דער גרויסער מיטעל־שטוב; פֿון פֿענסטער רייסען זיך אַרויס ווילדע קולות מיט זלזולים.

איך ווער באַלד געוואָהר אין וואָס עס געהט.

שדכנים קריגען זיך, מחותנים לעגען זיך אַריין אין שלום, וויללען מאַכען אַ פּשר און עס געהט נישט.

יעדער צד שרייט: כּלו שלי! יעדערער רעכענט זיך פֿאַר'ן אמת'ן שדכן; ער האָט אָנגעהויבען, ער האָט אויסגעפֿיהרט...

איך רוק מיך אָב צום צווייטען פֿענסטער, צו מיין אייגען פֿענסטער.

— אַ גוואַלד, טאַטעשי, אַ גוואַלד! — דערהאָר איך אַ צוגאָסען קול, אָנגעטרענקט מיט אויפֿגעשוואָלען נחת.

עס איז חנה'ס, ר' אברהם'לס ווייבס, קול

עס האָרט זיך אַ גערויש פֿון זיידען־צייג.

— דו ביזט אַ גוואַלד... דאָס קליידיל איז אַ גוואַלד...

ווייטער אַ גערויש פֿון זיידען־צייג.

— טאַטעשי, וואו זעננען מיינע אויגען געוועזען! איך בין דאָך גאָר אויף דיר קיין מבינה נישט געווען! אַ פֿערגעניגעניש, אַ פֿערבלענדעניש... עס זאָלל דיר קיין עין־הרע נישט שאַדטען!

און אַ ביסל רוהיגער מאַכט זי:

— האָרסט, טאַטעשי! — אָסור זאָלל מיר זיין, — איך פֿערגין גאָר נישט דעם מחותן אַזא שנור! וואָס איז, פֿערדיענט האָט ער עס? זיינע אָבות האָבען זיך געמיהט? און די מחותנת — זי וועט דאָך גאָר די כּפּרה ווערען פֿאַר דיר!

— מאַמישי, — בעט זיך די כּלה — מען האָרט דאָך יעדעס וואָרט.

איין אַנדער קול האָט זי היינט די כּלה, ווייך און אַזוי פֿיינקלינגענדיג.

— האָב איך אַ פּאַק! וואָס זאָלל איך מיך שעמען? נור דאָס, האָרסט דו, זאָג איך דיר: זאָל ער זיך אונטערגאַרטלען, דער מחותן, פֿאַר'ן חתן מלבושים מוז ער געבען — כּיד המלכות!

פֿון אונטער דער חופּה נעהם איך דיך אָפּ!

---

עס קוממען ארויס ביידע מחותנים.

ר' אברהמ'ל מיט'ן שפיציגען בערדיל און שארפע אייגעליך, און איין אפּגעלאזענער, בעל-בתישער יוד מיט א ברייטער בלאנדער בארד און לאנגע, געלבליכע ברעמען.

— זאללען זיי זיך שלאגען קאפּ אין וואנד, די עקשנים,— מאכט ר' אברהמ'ל,— זאללען זיי זיך די קאפּ אפּבייסען,— מיר וועללען דערוויל מגביל זיין זמן החתונה.

— מיינעט וועגען...

— די חתונה... ציהט ר' אברהמ'ל.

— קאן זיין למזל... העלפט פיל אונטער דער מחותן.

— ולשעה מוצלחת —

— וויסט איהר וואס, ר' אברהמ'ל — דערמאנט זיך דער מחותן,— איך האב איך געוואלט... אייגענטליך געוואלט פרעגען...

נור ער ענדיגט אויך נישט. עס קוממט ארויס די מחותנת, א יודענע אין די מיטלערע יאהרען: א גלאנצענדיג פנים, פליהענדיגע באנדער, טאנצענדיגע, לאנגגעקייטעלטע אוירינגליך אין א שרייענדיג העל קלייד מיט אונריהיגע קאנטראפאלדען, וואס ווארפען זיך רעכטס אין לינקס ביי יעדען טריט...

— ר' מחותן — ווענדט זי זיך צו ר' אברהמ'לען,— וואס האט מען עפּיס פערשפּארט חתן-כלה אין די שטיבער.. . וואס איז? פערצייטענס איז עס? זיי מאגען זיך א ביסיל דורכגעהן פאר'ן הויז...

— וויים איך? — שמייכעלט ר' אברהמ'ל — אין מיינע צייטען האט מען זיך נישט אזוי נוהג געוועזען... מיין רחל'ען האב איך א חדש נאך דער חתונה אין פנים אריין נישט געקאנט קוקען... ווי מיינט איהר, מחותן?

און אז דער מחותן לאזט ארויס פון זיך א מרוק, נישט אהין, נישט אהער, ענדיגט ר' אברהמ'ל:

— נו מילא... אז די מחותנת וויל...

— אויף מיר די עברה, מחותן!

זי פערשווינדט, און עס בעווייזען זיך חתן-כלה. זיי געהן פארביי, אבגערוקט איינס פון צווייטען... זי קוקט פאר זיך, אין דער לופט אריין, ער קוקט אויף די פיס און שטאלפערט איבער יעדער שטרוי.

איך בעמערק ערשט רעכט די כלה. יונג איז זי און פריש: אייגענטליך צו פריש און צו יונג... נאך א פערשלאסענע רויז, עס שלאפט נאך אין איהר די פרוי... נור מען זעהט שוין בחוש, אז עס איז געננג איין קוש (נאטירליך, נישט פון דער מוטטער) זי זאלל אויפוואכען, די רויז זאלל זיך אויפוויקלען, צופלאקערן. אין דער יונגער, קוים געהויבענער ברוסט, זאלל שטורמען, דאס יונגע בלוט

זאָלל אויפֿלעבעֿן אונ שלאָגען אין די ערדען... אונ דאָך, חוה׳ס טאָכֿטער: רוהיג קוקט זי זיך צו, ווי אינערוויינדיג אין איהר הויבט אָן עפּיס נייעס צו שפּראָצען, צו בליהען עפּיס גאָר נייעס!... נייגעריג קוקט זי, דאָך נישט דערשראָקען.

דערשראָקען איז ער; יונגליך ענטוויקלען זיך לאַנגזאַמער, ער זעהט פֿיעל קינדישער, יונגלישער אויס.

ביי די שלעפֿען, אונטער דער בלאַסליכֿער, פֿיין געדרייטעלטער הויט שפּרינ־גען עטליכֿע דינע, בלאָהע פֿעדעם... דער בליק איז ווילד־פֿערוואונדערט, דער־שראָקען.

דער פֿערשטעהט שוין נישט, וואָס עס געשיהט אין איהם, וואָס עס ווערט אין איהם געבאָרען... וואָס עס רייסט זיך, יאָכֿצט אונ קלאַפּט אזוי טיעף אין יונגען הארץ.

אונ איך קריעג זיי ביידע ליעב; אַזוי ניי, אַזוי פֿריש, אַזוי ערנסט אונ דערביי אַזוי קינדיש...

„פֿאַר׳ן הויז" האָט מען געזאָגט, אונ דאָך פֿערשווינדען זיי רעכֿטס אונטער׳ן וואַלד...

— היהנער פֿרעסטער... כל־בו׳ניק... מבושם... עוכר־ישׂראל... האַקען מיר איבער די געדאַנקען, די קולות פֿון די שדכנים.

איך רוק מיך נאָהנטער צו די מחותּנים, וואָס וויללען אלץ ענדיגען דעם פֿריהער אָנגעהויבענען שמועס.

— הכלל? פֿראָגט אַ ביסל אונגעדולדיג ר׳ אברהמ׳ל.

— יאָ, — וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען, — האַקט איבער דער מחותּן... עיקר שכחתּי...

— וואָס, מחותּן?

— איך האָב אייך געוואָלט פֿראָגען, געוואָלט האָב איך...

— וועגען וואָס? פֿראָגט אונרוהיג ר׳ אברהמ׳ל.

— וועגען נדן... איך האָב געבראַכֿט מזומן...

— אָה!

— אונ איהר?

— איך, — שטאַמעלט ר׳ אברהמ׳ל — כמעט... נישט אין גאַנצען.

— דאָס הייסט?

— צוויי הונדערט מזומן...

דער מחותּן פֿערקרימט זיך!

— אויף דער רעשט, — ענדיגט ר׳ אברהמ׳ל — אַ וועקסיל; איך קאָן צוגע־בען אַ חרם קוויטל.

— אַ וועקסיל, — ענטפערט קאַלט דער מחותן, — איז נישט קיין מזומן... אין די ראשי פרקים שטעהט: במזומנים, במ־זו־מ־נים...

— אמת... — איז ר׳ אברהמ׳ל מודה, — נור איהר ווייסט דאָ... סוחריש געלד... צושפרייט... צוזייעט... איידער מען נעמט צוזאַממען.

דיקע טראָפּען שוויים בעווייזען זיך איהם אויף די איינגעפאַלענע באַקען.

— פיער חדשים נאָך ראשי פרקים...

— איז פיער — — —

— קיין וועקסיל נעהם איך נישט, — שניידט אָב דער מחותן נאָך קאַלטער און וויל זיך אויפהייבען פון באַנק.

ר׳ אברהמ׳ל פערהאַלט איהם ביי דער פאָלע.

— מחותן, — זאָגט ער מיט אַ הייסען אָטהעם — מאַכט נישט לייטען געלעכ־טער... איהר ווייסט, איך בין אַ בטוח... איהר ווייסט, אַז איך בין, ברוך השם, אין עושר...

— וועקסיל איז נישט קיין מזומן.

— ווילט איהר, הייסט עס, איך זאָל אַצונד געהן אין שטאָדטיל אריין... וואָס? תוך כדי דבור געהן אין שטאָדטיל אריין שאַפען זיך געלד! וואָס? קריגען, דאַכט זיך, וועל איך, ברוך השם! —

— אַ ודאי וויל איך... שמייכעלט דער מחותן.

— נו, אַז איהר ווילט, וויל איך נישט!

— להכעים?

— להכעים!

אצונד ווערט דער מחותן בייז! ער שפּרינגט אויף ווי געביסען, בלאַס, מיט ברענענדיגע אויגען, און רופט:

— שמואל!

און, אַז קיינער ענטפערט נישט, שרייט ער נאָך האָבער:

— שמואל, שמו־אל!

עס הערט זיך אַ ציטעריג קול פון דער רעכטער זייט וואַלד:

— וואָס, טאַטישי?

דער כעס ביים מחותן וואַקסט.

— אַהער זאָלסט דו געהן, שייגיץ איינער, אַז אַ טאַטע רופט! די מינוט, הערסט?

שמואל בעוויזט זיך.

ער לויפט אָהן אָטהעם; די כלה לויפט איהם נאָך פערוואונדערט, דערשראָקען, מיט ברייט געעפענטע אויגען.

— מיט אַ פֿרעמד מאָדיל — שפּאַציערט מען נישט! האָרסט? עס איז שוין נישט דיין כּלה! די מינוט געה אַהיים... טהו אויס די שבת'דיגע קאַפּאָטע, נעהם די וואָכענדיגע אונ היידאַ — אין בית המדרש אַריין...

— וואו ביזט דו — רופֿט ער צו דער שטוב, — שפּרינצע!

פֿערשטיינערט שטעהט דער חתן, די כּלה לאָזט אַרויס אַ געוויין...

דערשלאָגען, פֿערלאָרען שטעהט ר' אברהמ'ל...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויפ'ן ברעג פֿון טייך זיטץ איך, אין שאָטען פֿון וואַלד.

בלוטיג איז אונטערגעגאַנגען די זונן, זילבערן בלאַס איז אַרויסגעשוואומען די לבנה...

אין קריסטאָלנעם וואַססער־שפּיגעל שלאָגט זיך אָב דער הימעל... אונ דער אָבגעשפּיגעלטער זעהט מיר אויס שאָנער, פֿיינער אונ עכטער... אַ שאָד וואָס ער צורייסט זיך אָפֿט! אַ שטיל ווינטעל טרייבט, דער וואַססערשפּיגעל ריצט זיך, רונצעלט, שרומפּט איין...

שטיל רוישען די בלעטער, שטיל ציטערן די וואַססער ראָדליך אויפ'ן טייך... שטיל גיסען אויס די בלומען זייער אָטהעם, שטיל... פֿון ווייטען, טרילערט עפּיס א פֿויגעל...

איך זיץ ווי פֿערכּשופֿט... איך אָטהעם אויף אַ נייער וועלט אין אַ אַנדערער, ריינער, הייליגער לופֿט. פֿריש איז דאָ אַלץ אונ ניי, ווי ערשט פֿון בעשעפֿערס האַנד אַרויס...

עס בענקט זיך דאָ אַזוי זיסס... מען קריגט דאָ אַלץ אַזוי וויכּהאָרציג־ליעב, עס גיעסט זיך אַזוי אַלץ צוזאַמען מיט דער נשמה...

אַ שוואַרצער פֿלעק בעוויזט זיך אויפ'ן טייכעל פֿון ווייטען .. אַ קליינער פֿישער־קאַהן... דאָס וואַססער רוישט עס ליעבליך אַרום, עס בעוואַרפֿט עס מיט'ן שוים ווי מיט ווייסע, דראָבנע בלימליך, אונ די פֿאַליע לעכצט אונ קושט עס אויס אַללע גליעדער...

מיין בעקאַנטער וואַסיל, אַ יונגער שטאַרקער פֿישער, רודערט אונ זינגט:

מיין הימעל, מיין הימעל — דיין פּנים;
די אויגען דיינע — די שטערען.
דער ריינסטער קלאַנג פֿון גן עדן
לאָזט אין דיין שטימע זיך הערען...

דו ביסט מיין ליעב׳, מיין נשמה.
צי וואָלט איך אָהן דיר דען געלעבט?
פון דיינע, די ליכטיגע שטראַהלען
איז זי, מיין נשמה געוועבט!

דו ביסט מיין ליעב און מיין ליידען!
פון האַרפע דער גאָלדענסטער קלאַנג׳
פון די ליפען, פון דיינע דער כשוף —
דאָס איז מיין איינציג געזאַנג!

ער זינגט שוין נישט און דאָס ליעד ציטטערט מיר נאָך אין די אויערן...
דאָס זעלבע איז מיט׳ן טייך, מיט׳ן וואַלד... יעדעס בלאַט, יעדעס ראָדיל
אויפ׳ן וואַסער זינגט עס... דאָסזעלבע טרילערט פון וויטען די שטיללע, זיססע
נאַכטיגאַל; מיט דעמזעלבען אָטהעמט יעדע בלום... אַלץ איז צוזאַממענגעגאָססען
אין איין פערלאַנגען, איין בענקעניש, איין נשמה...

---

דאָס שיפעל גלייכט זיך אויס מיט מיר, אַ ניי ליעדעל קלינגט; שאַמיסאָס
בעקאַנט ליעדל:

געדענקסט דו די נאַכט, ווען פערכשופט
מיר זעננען בייזאַממען געזעססען;
אויסער אין הימעל די שטערן
פון אַללע, פון אַללע פערגעססען!

„די שטערן, די וועל׳ן ניש׳ דערצאָהלען!״
מיר האָבען זיך לאַנגער פערוויילט...
פאַלט פונקט פון הימעל אַ שטערן,
און האָט עס די וואָלען פערצאָהלט...

עס טאַנצען די לוסטיגע וואָלען,
גאָטט האָט זיי אַ מעשה בעשערט!
זיי טאַנצען פאַר שמחה און קלאַטשען,
דער רודער האָט אונטערגעהאָרט!

דער רודער, דער פּרומאַק דער רודער,
עס סקריפּעט פאַר כעס, פאַר פערדראָס!
דער רודער, ער ליידט נישט קיין עולות,
אַלץ זאָגט ער אוים דעם מאַטראָז!

דער מאַכט שוין דערפון זיך אַ ליעד׳ל,
באַלד ווערט דאָס ליעדעל פערשפּרייט!
געווען איז אַ מאָל אַ געהיימניס,
היינט זינגען עס קינד שוין און קייט!

ער פערשווייגט... דיקער און הייסער ווערט די לופט, דיקער און דעמפּיגער דאָס בלוט ביי מיר אין די אָדערן... איך בין ווי בערוישט, און אַזוי דאַכט זיך מיר איז אַלץ אַרום מיר...

באַלד פּלאַצט דאָך דער כשוף; אָבגעשוואומען אַ וויילע שטיל, הייבט וואָסיל אָן אַ דריט ליעד, אַ פאָלקס־ליעד, אַ פרעהליכס:

קוש מיך, מיין טהייערע, האַלז מיך!
קוק נישט אויף מענשען גערייד!
די ליעבשאַפט איז איבער׳ן לעבען
ווי׳ן גאָלדענער שלייער פערשפּרייט!

— „אָח, לעבען מיינס, לעבען, איך שרעק מיך!
די מאַמע, זי טהוט מיר אָן לייד!
פאַר וואָס איך שפּאַציער אַלץ בעזונדער,
די חבר׳טעס פאַר וואָס איך מייד?"

אָח, קוש מיך און האַלז מיך, מיין ליעבע!
דער מאַמען זאָג: ד׳האָב זיי נישט האָלד!
צושויבערט און מאָוס זעננען אַללע,
איך איינע — אַ מיידיל — אַ גאָלד!

— „איך שרעק מיך, איך שרעק, מיין לעבען!
דער טאַטע, דער טהוט מיר אָן לייד;
פאַר וואָס איך בין ווילד ווי אַ סאַרנע,
בחורים פאַר וואָס איך מייד?"

האַלז מיך, אָה, לעבען מיינס, קוש מיך!
זאָג איהם: וויל קיינער געפּאָלט!
בויערן־פּאָלק זעננען זיי אַללע,
איך וויל אַ פישער — אַ העלד!

— „איך שרעק מיך, מיין לעבען, איך ציטטער!
די באָבע, זי טהוט מיר אָן לייד!
זי זאָגט, איך ווער אַללע מאָל דיקקער;
עס פּלאַצט אויפ'ן לייב מיר דאָס קלייד!

— אוי, ס'איז ווי בוימעל אויף וואססער!
שוין נישט צו בעהאַלטען אַצונד!
נאָך אַ קוש גיב מיר מיין לעבען,
אונ זיי מיר אויף אייביג געזונד...

עס בלייבט וויטער שטיל, אונ אַלץ בלייבט שטיל, דאָס האַרץ מיינס אויך...
— חאַ, חאַ, חאַ!
קלינגט פּלוצים אויף אַ געלעכטער... ווער לאַכט? איך, צי אַלץ אַרום מיר?
אַלץ לאַכט, דער שעלמישער טייך, די בליצענדיגע שטערענדליך... די אַלטע לבנה לאַכט... די בלומען אַרום מיר קיכערן: וואָס דען האָסט דו געמיינט?...
אַזוי איז עס... חאַ, חאַ, חאַ...
די נאַכטיגאַל ענדערט אויך דען טאָן... ווי זי קנאַקט אַצונד... ווי פּערשייט, ווי פּרעך! —

---

מיך וועקט פּלוצלינג ר' אברהמל'ס קול.
— וואו זענט איהר, וואו? איך האָב מיר שוין די פיס צובראָכען אין וועגדיג...
אונ אַז ער דערזעהט מיך —
— געענדיגט צום מזל... שוין טעלער געבראָכען...
ער פּערבעט מיך צו דער סעודה.



# דאָס אָרימע יונגעל.

(אַ מעשה, פערצאָהלט דורך אַ „מענש" פון אַ „קאָמיטעט").

— גיט מיר 8 גראָשען אויף אַ נאָצלעג 1).

„ניין"! אָנטפער איך הארט און גיי אַוועק.

ער לויפט מיר נאָך מיט אַ הינטישער בקשה אין די ברענענדיגע אייגליך, ער קושט מיר דען אַרביל; עס העלפט נישט! „מיינע הכנסות טראָגען נישט אויף אַזוינע נדבות יעדען טאָג".

---

אָרימע לייט — טראַכט איך, אַרויס-גייהענדיג פון דער „אָרימע קיך", וואו איך האָב מיך אַזוי הארט בעגאַנגען מיט'ן בעטלערישען יונגעל — אָרימע לייט עססען זיך געשווינד צו.

דאָס ערשטע מאָל, אַז איך האָב דערזעהן דאָס אויסגעדאַרט-ברודיגע יונגע פנימעל, מיט די טיעף-איינגעפאַללענע, שוואַרץ-ברענענדיג-טרויריגע נור קלוגע אייגעלעך, האָט עס מיך אָנגעחאַפּט ביי'ם האַרץ. איידער איך האָב זיין בקשה אויסגעהאָרט, האָט עס מיר שוין געגעבען אַ ב ר י ה און אַ צעהנעריל איז „אַרויס געפלויגען" פון מיין טאַש אין זיינע דאַר-האָנטיל אַריין.

איך געדענק גאַנץ גוט, אַז די האַנד מיינע האָט עס אַ ל י י ן געטהון. זי האָט נישט געפראָגט דאָס האַרץ, צו עס האָט רחמנות, נישט דען רואָה-חשבון — דען מוח, צו ביי'ן אַ פענס'ע פון 41 רובל 66 קאָפּ. אַ חודש, קאָן מען געבען 5 קאָפּ. צדקה.

זיין בקשה איז געוועזען אַיין עלעקטרישער פונק, ער האָט ערשיטטערט יעדעס אבר אין מיר, יעדעס קאָמעריל אין יעדען אבר און מיין רואָה חשבון, דער מח, האָט ערשט שפּעטער געקריגען אַ „ידיעה" פון דער נייער הוצאה; ערשט שפּעטער, ווען דאָס יונגעל איז שוין, אונטערשפּרינגענדיג פאַר שמחה, אַרויס פון „טאַניאַק" 2).

פעריאָגט אין אייגענע און אין פרעמדע געשאָפטען, האָב איך באַלד אינ'ם יונגעל פערגעססען. נור אַ פנים, נישט אין גאַנצען. נישט וויססענדיג

---

1) אַ הויז פאַר אָרימע לייט צום איבער נאָכטיגען. 2) אַ קיך פאַר אָרימע לייט.

דערפֿון, האָט דאָך אין מיר ערגיץ געמוסט זיין איין „אסיפה" פֿון פּראַקטישע מחשבות. וואָרען באַלד דען צווייטען אָבענד, אַז דאָס יונגעל האָט מיר ווייטער אָבגעשטעלט, אַז דאָס איינענע יונגעל, מיט'ן ציטערדיגע־אָבגעריססענע קול האָט מיך ווייטער געבעטען אויף אַ נאָצלעג — זיינען מיר שוין אַרויסגעשווימען פֿון ערגיץ אין מיר, גרייטע מחשבות: אַ 7—8 יאָהריגע יונגעל דאַרף נישט בעטלען... נישט האַלטען זיך אין קיך... דאָס עססען אין קיך פֿאַר'ן צוזאַמענגעהמען די כּלים, מאַכט איהן נור פֿאַר אַ לײדיג־גייער, פֿאַר אַ בעטלער; אַזוי ערנאָך וועט פֿון איהם קיין מאָל קיין לייט נישט זיין...

די האַנד מיינע האָט זיך ווייטער גערוקט אין קעשענע אַריין, נור איך האָב זי דאָרט דערטאַפּט אונ פֿערהאַלטען. וואָלט איך פֿרום געוועזען, וואָלט איך אֶפּשר אַזוי געקלערט: צו די מצוה איז ווערט די 8 גראָשען? צו וואָלט איך נישט יוצא געוועזען אויף דעם אָרט מיט מנחה־דאַוונען? אָדער מיט אַ היים ערין קרעכץ ביים דאַוונען? נישט פֿרום, האָב איך נור דעם יונגעלס טובה געהאַט אין זיננען; מיט מיינע 8 גראָשען וועלל איך איהם נאָך ארעה טהון! איין אייביגען בעטלער פֿונ'עם מאַכען!

אונ דאָך האָב איך איהם דעמאָלט געגעבען! די האַנד האָט זיך געריססען פֿון קעשענע אַרויס אונ איך האָב זי לאַנגער נישט פֿערהאַלטען; עפּיס האָט מיר אַרום האַרץ וויי־געטהון, די אויגען זיינגען מיר פֿייכט געוואָרען. ער איז ווייטער אַרויס פֿון קיך מיט אַ שׂמחה, אונ איך האָב געפֿיהלט, אַז מיר איז גרינגער אונ לייכטער געוואָרען אויפֿ'ן האַרץ, איך האָב דערפֿיהלט אַ שמייכעל אויף מיין פּנים.

דאָס דריטטע מאָל האָט שוין לאַנגער, אַ סך לאַנגער געדויערט. איך האָב שוין בערעכענט, אַז מיין פּענסיע ערלויבט מיר נישט אוים־צו־געבען 8 גראָשען אַ טאָג; עס איז טאַקע אַ פֿערגעניגען צו זעהען דאָס פֿערוויינטע, ניעשמיאַלע יונגעל אונטער טאַנצען פֿאַר שׂמחה, צו זעהען ווי עס צינדען זיך די ליכטליך אין זיינע יונגע אויגען, צו וויססען אַז פֿאַר דיינע 8 גראָשען וועט ער נישט נעכטיגען אין גאַס, נור אין „נאָצלעג", וואו עס וועט איהם וואַרים זיין אונ וועט נאָך אין דער פֿריה קריגען אַ גלאָז טהיי מיט אַ זעממעל — דאָס אַלעס איז אַ פֿערגניגען, נור איך, ביי מיינע הכנסות, טאָר מיר נישט ערלויבען אויף אַזוינע „שׂמחות"! — קיינעם וועגם!

נאַטירליך האָב איך דאָס אַללעס דעם יונגעל נישט געזאָגט! איך האָבען בעססער געמומ'רט, ווי דען!

איך האָב איהם געגעבען צו פֿאַרשטיין, אַז מיט'ן בעטלען פֿיהרט ער זיך איבער... אַז יעדער מענש, אונ פֿון איהם דאַרף אויך אַרויס וואַקסען אַ מענש, דאַרף, איז מחויב צו אַרבייטען.. אַרבייט איז אַ הייליגע זאַך! אונ — אַז מען זוכט

אַרבייט, געפֿינט מען זי! און דערגלייכֿען געלעזענע גוטע זאַכֿען, וואָס האָבען דעם יונגעל נישט געקאָנט פֿערטרעטען דען „נאָצלעג", נישט דיענען אפילו פֿאַר אַ געליגענעם שירעם געשיצט צו זיין איבער נאַכֿט פֿאַר'ן רעגען אָדער שניי...

ער איז אַלם געשטאַנען און געקוקט מיר דען אַרבעל... און אַלץ אויפֿגעהויבען די אויגען צו מיינע צו זעהן, אויב עס ווייזט זיך נישט אין זיי אַ פֿונק רחמנות, אויב זיינע ווערטער פֿאַללען נישט ווי אַרבעס אויף דער וואַנד! און איך האָב געפֿיהלט, אַז ער האָפֿט נישט אומזיסט, אַז מיינע קאַלטע מחשבות ווערען וואַרים, אַז זיינע הינטיש-בעטענדיגע אויגען האָבען אויף מיר אַ פּעולה, אַז איך מיט מיין גאַנצער באַטעריע פֿון חשבונות און מוסר וועלל מיך אין קורצען אונטער געבען...

און איך האָב אַ ישוב געהאַט: איך וועל איהם געבען, נור אָנזאָגען איין מאָל פֿאַר אַללע מאָל, ער זאָלל שוין מעהר נישט בעטלען. אָנזאָגען האַרט און שאַרף, ער זאָלל געדענקען! איך האָב קלענער געלד פֿאַר פֿינף-קאָפּעקן-שטיק נישט געהאַט, איך האָב אַ מטבע אויסגעטוישט און געגעבען איהם אַכֿט גראָשען.

— נאָ! נור מעהר, האָרסט דו, זאָלסט ביי מיר נישט בעטלען!

פֿון וואַנען האָט זיך דער „ביי מיר" גענוממען? איך האָב'ען, דאַכֿט זיך, נישט אין זינען געהאַט; על כּל פּנים, האָב איך די צוויי ווערטער נישט געוואָלט זאָגען; איך וואָלט זיי גערנווילליג פֿאַר וועלכֿע קאָפּיקע צוריק איינגעשלונגען? עס איז מיר אַ ביסל קיהל געוואָרען אויף דער נשמה, עס האָט זיך מיר גערדאַכֿט, אַז איך האָב איהר פֿון ערגיץ איין וואָרט אַ לאַפּפּען אָפּ-געריססען, און דאָס וואָרט איז נאַקיט געבליבען! נור דאָס איז דורך ווי אַ בליץ; מיין שטרענג פּנים, מיין שאַרף-מעטאַללען קול, מיין אויס-געשטרעקטע רעכֿטע האַנד און אַרויס געשטעלטער לינקער פֿוס, האָבען זייערס געטהון! איך האָב אַ שטאַרקע פּעולה געהאַט אויפֿ'ן יונגעל! שטייענדיג, ווי אויף ברענדיגע קאָהלען, וועללענדיג זיך אויס-רייסען פֿון קיך כּדי פּריה צו קומען צו'ם „נאָצלעג", איז ער דאָך פֿון מיינע ווערטער בלאַס און בלאַססער געוואָרען, אַ טרער האָט אָנגעהויבען ציטערן אין דער יונגער ברעם...

— נור נישט מעהר בעטלען, האָב איך מיין מוסר געענדיגט, האָרסט! דאָס לעצטע מאָל!

דאָס יונגעל האָט אַבגעאָטהעמט און ענטלאָפֿען!

היינט — היינט האָב איך איהם שוין טאַקי נישט געגעבען! מיין וואָרט וועלל איך נישט ברעכֿען; ביי מיר איז נישט דאָ קיין „בלי-נדר" „ובלי-מסקנא" — איך לייג פֿאַר מיינע ווערטער קיין „ערוב" נישט, איך זאָלל קאָננען ווייטער אַריבער געהן, אַ וואָרט — איז טייער! מען דאַרף זיך האַלטען פֿעסט, אַ ניט וועט קיין מאָל אין קיין זאַך קיין „אָרדנונג" נישט זיין!

איך ברעכֿען נאָך אַ מאָל, וואָס איך האָב געטהון אונגעזאָגט, און בין

זעהר צו פֿרידען פֿון זיך.

איך קאָנן נישט יערען טאָג געבען 8 גראָשען צדקה, און דאָך איז נישט דאָס געוועזען דער עיקר; דער עיקר האָב איך זיין טובה געמיינט, טובת הכלל אויך! וואָרען וואָס איז ווערט צדקה אָהן א סדר, און ווי קאָן זיין א סדר אָהן א פֿעסטער דעה?

מיט'ן יונגעל האָב איך פּראָסט יודיש גערעדט, מיט מיר אַליין רעד איך אַ ביסעל געלעהרטער; אַרויסגעהענדיג פֿון קיך טראַכט איך: „דער גרעסטער מיקרוב אין דער חברה'ס גוף איז בעטלעריי. דער, וואָס אַרבייט נישט, האָט נישט קיין רעכט אויפֿ'ן לעבען, א. ז. וו."

---

קוים האָב איך די טהיר פֿון „טאַניאַק" אונטער מיר פֿערמאַכט, בין איך אַריין מיט די פֿיס אין בלאָטע, מיט'ן פּנים אין וואַנד און מיט „לייב און לעבען" אין דער פֿינסטערער נאַכט!

עס איז אַ שרעקליכער ווינד, עס ציטערן די פֿלאַממען אין די גאַססען-לאָמפּען ווי פֿאַר קעלט, און זייער ציטערדיגע שיין שלאָגט זיך טויזענד פֿאַך אָב אין די גאַססע בלאָטע-גריבליך אין גאַסס, אַז עס שווינדעלט פֿאַר די אויגען.

עס פֿייפֿט מיט אַ יאָמערליך קול, גלייך טויזענדער נשמות בעטען זיך „תּקון", אָדער טויזענד יונגלעך — צו 8 גראָשען אויף נאָצלעג.

פֿוי! ווייטער דאָס יונגעל...

עס איז איין עבירה אַ הונד אַרויסצוטרייבען אין גאַסס אַריין!... און דאָך וועט דאָס יונגעל נאָכטיגען אין גאַסס!... נור וואָס זאָלל איך טהון? וועניג פֿאַר מיר 3 מאָל? זאָלל צונד איין אַנדערער געבען! עס איז גענוג פֿון מיין זייט, אַז איך האָב מיט'ן קראַנקען האַלז און הוסטענדיג אין אַזא וועטטער דען טאַניאַק בעזוכט. איך בין טאַקי אַ „קאָמיטעט-מענש", נור קיינער האָט פֿון מיר נישט פֿערלאַנגט, איך זאָלל אַכטונג געבען, בפרט אין אַזא וועטער, אָהן אַ פעלץ... וואָלט איך פֿרום געוועזען, וואָלט עס פֿון מיין זייט אייגעננוץ געוועזען; איך וואָלט געמיינט חאָטש מיין טובה דערביי: איך וואָלט געשווינד אַהיים געלאָפֿען, אַריין געוואָרפֿען זיך אין בעט און איינגעשלאָפֿען, די נשמה זאָלל געשווינד אַרויף פֿליהען אין הימעל אַריין און פֿערשרייבען אויף איהר קאָנטאָ אַ מצוה'לע... דאָס מציה'לע איז „קרעדיט", דער „דעביט" וועט זיין אַ פֿעטט שטיקל לויתן... איך—האָב גייהענדיג אין „טאַניאַק" אַריין קיין לויתן נישט אין זיננען געהאַט... מיין גוט הארץ האָט מיך געפֿיהרט...

מיך אַליין לויבענדיג איז מיר עפּיס וואַרימער געוואָרען אין דער געגענדען פֿון האַרץ; ווען יענער לויבט מיך, וואָלט איך מיך געמוזט פֿערשאַמען און אַוועק

מאַכען מיט דער האַנד... מיך אַליין קאָנן איך האָרען אָהן כּוּשה... אונ איך וואָלט מיך אֶפשר לאַנגער נאָך געלויבט, נאָך מעלות טובות אין זיך געפונגען, נור, ליידער, בין איך מיט מיינע „האַלבע־פאַרעשווים" — איין גאָטט ווייסט, אַז די אַנדערע צוויי העלפטען האָב איך אויסגעריבען אויפ'ן וועג צו'ם טאַניאק! — בין איך מיט מיינע האַלבע פאַרעשוועס אַריין אין אַ בלאָטע...

„שליחי מצוה אינן ניזוקין" — נור דאָס איז, אַ פּנים נור אַהין־צו־וועגס; צוריק צו וועגס, בשעת ווען דער ניי־בעשאַפענער מלאך יאָגט זיך שוין צוריק אין הימעל אַריין, קאָנן מען אפילו האַלז־און־לייב ברעכען.

עס ווערט מיר נאַסס אין די פיס און קאַלט אין אַללע אברים; איך פיהל פּאָזיטיוו, אַז איך וועלל מיך פערקיהלען, אַז איך האָב מיך שוין פערקיהלט; אָט באַלד וועלל איך מיך צוהוסטען, עס וועט מיך אָנהייבען שטעכען אין דער ברוסט! עס פאַלט אויף מיר אַ שרעק... ערשט נישט לאַנג 4 וואָכען אָבגעלעגען!

— מען טאָר נישט אַזוי! מאַכט אין מיר עפּיס געגען מיר אַליין אַ מרידה, ניין! דיך מאָגסט דו מקריב זיין! נור דיין ווייב אונ קינד? ווי האָסט דו אַ רעכט זייער שטיק איינצושטעלען?

ווען דער זאַץ זאָלל זיין אַ געשריבענער, איך זאָלל דען פרעמדענס זאַץ לעזער זיין אונ האַלטען דערביי אַ בליי־שטיפט אין דער האַנד, וואָלט איך שוין געוואוסט וואָס מיט'ן צו טהון... נור דער זאַץ איז מיין אייגענער געוועזען...

אונ איך פיהל מיך פאָרט פערקיהלט אונ אַ היים איז נאָך וויט, אונ די קאַמאשען זיינען פולל מיט וואַססער, קאַלט אונ שווער... געגען־איבער לייכטען העלל עטליכע פענסטער פון אַ קאָנדיטאָריי... די אָרגסטע אין גאַנץ וואַרשוי, שאָנדליכער טהיי, נור ביי'ן „איין ברירה"!...

איך שפרינג אַריבער די גאַס אונ פאַל אַריין אין אַ וואַרימען געפעל.

---

איך האָב בעשטעלט אַ גלאָז טהיי אונ געחאַפּט אַ „פלוג בלאַט".

דער ערשטער איליוסטריערטער וויץ, וואָס פאַלט מיר אין די אויגען אַריין, זעהט מיר אויס אַלס אַ המשך פון דרויסען. דער וויץ הייסט: „ווער אין וואָס האָט איבערפלוס?" אויפ'ן בילד איז אַ וועטער ווי איצט אין גאַסס. צוויי פערזאָנען קוממען זיך אַ געגען אויפ'ן טראָטואר: פון איין זייט אַ דיקע פרוי אין די מיטעלע יאָהרען, „איין אָנגעגעססענע", אין אַ זיידען קלייד, אַ סאַמיטענעם מאַנטעל אונ אַ ווייסען פעדער־הוט. זי איז, אַ פּנים, ביי'ם גוטען וועטער אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירען אָדער מיט אַ וויזיט, אונ דאָס אונוועטער האָט זי אומגעריכט געטראָפען; דאָס פּנים איהרס איז איבערגעשראָקען: זי שרעקט זיך פאַר רעגען אונ קעלט פאַר זיך, אָפשר נור פאַר'ן מאַנטעל; זי איילט, עס קומט איהר עטליכע טראָפּען

שוויים אויפ׳ן ווייסען שטערן אַרויף; זי איילט, נור איהרע טריט זיינען דאָך נישט זיכער; זי האָט ביידע האָנד פֿערנוממען. אין דער לינקער האַנד, דורכגענוממען דורך דער מופֿע, האַלט זי די זיידענע שלעפּ, שוין גוט מיט בלאָטע פֿערברעמט, און אין דער רעכטער האַנד — אַ קליינען זיידענעם שירם, וואָס פֿערדעקט איהר קוים דען פֿערדרהוט איבער׳ן קאָפּף! — דער דאַמע פֿעהלט נ ו ר אַ שטיק שירם! פֿאַר דאָס האָט זי איבערפֿלוסס — אין אַללעם אַנדערן עס איז אַ פּנים אָהן=זאָרג, פֿון אַ זיבענטער=זאָטט, פֿון אַלדים גוטס!

געגען איבער דער ד אַ מ ע קומט אָן אַ יונג מיידעל — הויט און ביין! זי האָט אָפּשר לאַנגע און שאָנע האָהר, נור זי האָט געוויסס ווייניג צייט צו זיי: זיי זיינען צערפֿלאָססען, צושויבערט, און דער ווינד יאַגט זיך אַרום מיט גאַנצע פּענקעס האָהר און קלאַפּט ז׳ מיט זיי אויף די דאַרע פּלייצים. זי טראָגט אַ שטאַרק=געלאַטעט דין קליידעל, און דער ווינד האָט זיך צו׳ן איהר צו געציעפּעט און זוכט נור אַ שפּאַרע זיך אַריין צו=גנבינען, זיך צו ציהען צום דאַרען לייב. אויף די פּיס האָט זי אַ פּאָר הויכע שיך — פֿון בלאָטע! זי געהט אויך נישט זיכער אויפ׳ן ווינד, ערשטענס איז איהר דער ווינד גלייך אין פּנים אַריין, צווייטענס האָט זי אויך ביידע האָנד פֿערנוממען: אין דער לינקער האַנד טראָגט זי אַ פּאָר גרויסע מאָננישע, געוויסס דען פֿאָטער׳ס, שטיוועל, צו פֿעררי״כטען... די אויפֿגעשפּאַלטענע פֿאָדעשווים לאָזען מיך זי נישט חושד, אַז זי טראָגט זיי אין אַ שענק פֿאַר אַ פֿלאַש בראַנפֿען צו פֿערזעצען... געווים איז דער פֿאָטער אַהיים געקוממען מיעד פֿון דער אַרבייט, די מוטטער קאָכט וויעציערע, און זי, די אָלטסטע טאָכטער, האָט מען אַרוים געשיקט פֿער ריכטען די שטיוועל; אויף אין דער פֿריה מוזען זיי זיין פֿערטיג. זי איילט, זי ווייסט, אַז, אויב דער שוסטער וועט אויף מאָרגען נישט פֿערטיג האָבען די שטיוועל, וועט אַ גאַנצע טאָג קיין פֿייער אויפ׳ן קוימען נישט זיין... זי סאָפּעט — די גרויסע שטיוועל זיינען צו אַ שווערע לאַסט פֿאַר׳ן קליינען קינד, נור נאָך שווערער איז די משא אין דער לינקער האַנד — זי טראָגט — איין אונגעהייערן וועגס שירעם איבער זיך! און זי טראָגט איהן מיט שטאָלץ, דער פֿאָטער האָט איהר דען שירעם געטרויט!

דעם קינד פֿעהלט אַ סך זאַכען: ווינטער — וואַרים=קייט, זוממער און ווינטערקליידונג, אַ גאַנצען יאָהר — עססען צו דער זאָטט... פֿאַר דאָס האָט זי איבערפֿלום אין ש י ר ם!

איך בין זיכער, אַז אין דער רגע איז איהר די רייכע דאַמע מ י ט ן ש י ר ם מקנא!

דאָס קליינע דאַרע מיידאָלע מיט די שעלמיש לאַבענדיגע אויגען, האָטש זי קערט זיך יעדע מינוט שיעור נישט איבער פֿון ווינד — שמייכעלט מיר אַקעגען פֿון בלאַט אַראָב:

„נו? זעהסט! מיר האָבען אויך אַמאָל נחת!"
„אָט, לאָך איך אויס יענער דאַמע!"

---

נור, בעצאָהלענדיג פֿאַר דען נישט־דערטרונקענען טהיי, דערמאַן איך מיך ווייטער אָן מיין בעטלערישען יונגעל.

ער האָט נישט קיין שירעס, אויף איהן וואַרט נישט קיין היים, לאָז זיין מיט טרוקענע קאַרטאָפֿעל, אָהן פּוטטער! אויף איהם וואַרט נישט קיין פּיצעל בעט, אַטאַטען אָדער אַמאַמען צו פּיסענס... אונ אפילו די אונגליקליכע דאַמע וואָלט איהן נישט געהאַט מיט וואָס מקנא צו זיין!

ווי אַזוי האָט ער זיך מיר דערמאַנט? אהא! איך געדענק: עס איז מיר דורכגעפֿלויגען אַמחשבה, אז פֿאַר דען צעהנעריל, וואָס איך האָב בעצאָהלט פֿאַר דעם כמעט נישט פֿערזוכטען טהיי, וואָלט דאָס אָרימע יונגעל געהאַט: פֿאַר אַ צווייער אַהאַלבע פּאָרציאָן זופּע אָדער אַשטיקל ברויט אונ — איין אָרט, וואו צו נאָכטיגען...

פֿאַר וואָס האָב איך טהיי בעשטעלט? אין דער היים קאָכט, וואַרטענדיג אויף מיר, דער סאַמאָוואַר, עס זיצט עמיצער מיט אַגרייטען שמייכעל אויפֿ'ן פּנים, אויפֿ'ן טיש ליגט אָנגעגרייט עפּיס צו פֿערבייסען, איך האָב מיך געשעמט נישט צו בעשטעללען קיין טהיי!

„נו, מיין בושה איז אויך עפּיס ווערטה!" טרייסט איך מיך.

---

אין גאַסס האָט אויף מיר געוואַרט נאָך אַשטאַרקערער ווינד.

ער רייסט די דאַכער מיט אַכעס, גלייך ער וואָלט אַנטיסעמיט אונ זיי יודען געוועזען; נור די דאַכער זיינען אייזען אונ ביי זיך אין דער היים. ער לאָזט זיך אַראָב מיט רציחה צו די לאַמטערן אין גאַסס, זיי האַלטען זיך דאָך גלייך אונ לייכטען ווייטער, ווי העלדען־געלעהרטע אין דער אינקוויזיציע צייט! ער לאָזט זיך אַראָב נאָך טיעפֿער אונ רייסט דען ברוק פֿון גאַסס, נור די שטיינער זיצען טיעף איינגעגראָבען אונ די ערד לאָזט איהרע שכנים נישט אַזוי לייכט אַרויס; ער הייבט זיך צוריק אויף מיט אַכעס, אַרויף, אַרויף אין דער הייך, נור די הימלען זיינען ווייט אונ די שטערען קוקען אַראָב גלייכגילטיג אָדער מיט חוזק...

די מענשען אין גאַס בייגען זיך, נייגען זיך, ציהען זיך צוזאַממען, וויניג אָרט צו פֿערנעהמען, דרייהען זיך אַללע מאָל איבער דען אָטהעם צו חאַפּען אונ גייהען דאָך ווייטער זייער זיכערן וועג...

— נור דאָס אָרימע שוואַכע יונגעל — קריג איך מורא — ווי וועט עס מיט איהם דערגייהען?!

מיין גאַנצע פֿילאָזאָפֿיע האָט מיך פֿערלאָזט און מיין גאַנץ רחמנות האָט זיך דערוועקט...

ווען דאָס איז מיין קינד? ווען איך זאָלל קלערען, אַז דער ווינד קערט איבער מיין אייגען פֿלייש און בלוט? ווען מיין קינד דאַרף אין אַזאַ ווינד נאַכֿטיגען אין גאַסס... אָדער, ווען אפילו ער האָט שוין שפּעטער אויסגעבעטעלט אַבּט גראָשען, געהן אין אַזאַ שטורם קיין פּראַגע, איבער דער ווייכסעל, איבער דער בּריק!...

צו ווייל ער איז נישט מיין איז ער דעריבער אָרגער? צו ווייל די, וואָס ער איז זייער, ליגען ערגיץ אין אַ קבר אונטער אַ מצבה, פֿיהלט ער וועניגער דען ווינד, ציטערט ער וועניגער פֿאַר קעלט?

איך בּערליער דען חשק אַהיים צו גייהן; מיר דאַכֿט, אַז איך האָב קיין רעכֿט, נישט צו דער וואַרימער שטוב, נישט צום קאָבֿענדיגען סאַמאָוואַר, נישט צו'ם וואַרימען בעט און בפרט — צו'ם שמייכֿעל פֿון די, וואָס וואַרטען אויף מיר אין דער היים. מיר דאַכֿט, אַז אויף מיין שטערין מוז שטיין אויפֿגעשריבען איין אָהנליך וואָרט ווי „רוצח, קין"... מיר דאַכֿט, אַז איך דאַרף מיך קיינעם אין די אויגען אַריין נישט ווייזען.

און עס פֿאַלט מיר ווייטער איין צו קלערען וועגען פֿרומקייט.

— אַ מיין וואָלט איך צו אַלדע שוואַרצע יאָהר (שעלט איך מיך) פֿרום געוועזען! וואָס וואָלט מיר געשאַדט איך זאָלל זיכֿער זיין, אַז דער, וואָס וואָהנט האָכֿער איבער אַללע שטערן, איבער אַללע הימלען קוקט קיין רגע נישט אַוועק פֿון אונזער וועלט... אַז ער וועט קיין רגע אינ'ם יונגעל נישט פֿערגעסען?...

פֿאַר וואָס זאָלל ער ליגען מיר אויפֿ'ן הארץ, איך וואָלט איהן בעססער פּראַנק און פֿריי אויפֿ'ן הארץ פֿון דער גאַנצער וועלט געוואָרפֿען; עס וואָלט מיר קיין רגע פֿאַר די אויגען נישט געשטאַנען, איך זאָלל איהן זיכֿער וויסען אונטערן גרויסען קאָסמאָס — אויג, וואָס, ווען עס זאָלל זיך, חלילה, אַ רגע צו־מאַכֿען, וואָלט גאַנצע וועלטען דער טייוועל גענומען, אָבער, כל זמן עס איז אָפֿפֿען, וועט דאָס קליינסטע וואָרמיל אָהן חשבון, אָהן משפּט, אָהן יושר נישט פֿערלאָרען ווערען...

צונד, מוז איך מיט'ן קראַנקען האַלז, מיט נאַסכֿע פֿיס, ביין אַזאַ וועטער צוריק גייהן אין טאַניאַק אַריין זוכֿען דען פֿרעמדען יתום... עס איז אַ חרפּה און אַ בושה!...

וואָס די „חרפּה" און די „בושה" איז געוועזען, מיט וואָס און פֿאַר וועמען איך האָב מיך געשעמט, ווייס איך נישט עד היום. און דאָך דער חרפּה און דער בושה צו ליעב, בין איך נעגאַנגען צו'ם טאַניאַק נישט אין גלייכֿען וועג, איך האָב אַרום געקאָליוועט עטליכֿע גאַסען, ענדליך געקומען.

די ערשטע שטוב, די שפייז־זאַל, איז לעער. דאָס „גיהנם" פֿון אַ גאַנצען טאָג הייבט זיך אָן אָפּקיהלען און די פֿאַרע הייבט זיך העכער און העכער פֿון איבער דער נאַססער פּאָדלאָגע און בילדעט אַ נייען „הימעל", אַ נייע „אויסשפּרייטונג" צווישען די אונטערשטע וואַסערן פֿון די אָרימע לייטס פּיס, און די אייבערשטע — פֿון דער געטראָפּטער פֿאַרע. אָרטער־ווייז רעגענען די טראָפּפען אַראָב, דורכ'ן אָפּפּע־נעם פֿענסטרעל אין קיך אַריין, זעה איך די פֿערשלאָפֿענע קאָכין מיט'ן פֿערדוקטען שיטעל שטעהן אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער האַנד אויפֿ'ן גרויסען קאָסטעל, פֿיהרענדיג מיט דער רעכטער האַנד גאַנץ פֿויל דען גרויסען קאָך־לאָפֿיל צו די ליפּען. די צווייטע, די „אונטער־קאָכין" בראָקט לאָקשען אויף מאָרגען, אויך פֿערשלאָפֿען. דער „ממונה" צייהלט די קוויטליך אויף מיטאָגען אויפֿ'ן קאָמיטעטס חשבון... מעהר איז קיינער נישט דאָ. איך וואַרף איין אויג אונטער די טישען, עס איז פֿון יונגעל קיין זכר נישט דאָ!

איך בין צו שפּעט געקוממען!

— האָטש גוט, טראַכט איך אַרויס גייהענדיג פֿון זיך, וואָס קיינער האָט מיך נישט בעמערקט...

---

ראַפּטום דערמאָנן איך מיך, אַז איך בלאָנדזע שוין עטליכע שטונדען אין גאַסס.

— וואָס איז פֿאַר אַ טייוועל מיט מיר, ווער איך בייז, און הייב אָן צו שפּרייזען אַ היים.

איך בין צופֿרידען, וואָס אַללע שלאָפֿען שוין, איך וואַרף אַראָב די קאַמאַשען אין פֿעדערהויז, גנבע מיך אין שטוב און אין בעט אַריין — נור איך האָב אַ שלעכטע נאַכט געהאַט.

מיעד, פֿערקיהלט און דורכגענעצט האָט לאַנג געדויערט איידער איך האָב מיך אויסגעהוסט און דערוואַרימט, צווישען די ביינער האָט מיר אַרום געבלאָנדזעט אַ מין שוידער... רעכט איינגעשלאָפֿען בין איך גאַנץ שפּעט און דאַן ערשט האָבען מיך שלעכטע חלומות געמוטשעט.

---

איך האָב מיך אויפֿגעכאַפּט באָדענדיג אין קאַלטען שוויים און בין אַרויס גע־שפּרונגען פֿון בעט גלייך צו'ם פֿענסטער צו.

איך קוק אַרויס — דער היממעל איז אויסגעשטערנט... די שטערען זעהען אויס ווי ברילִיאַנטען אין איין אייזערנעם היממעל געגאָסט... זיי בלאָנזען אַזוי שטאָלץ, אַזוי רוהיג און אַזוי הויך!

הינטען רייסט דער ווינד; עס ציטערט דאָס גאַנצע הויז.

איך בין צוריק אין בעט אַריין, געשלאָפֿען בין איך שוין נישט מעהר, נור גע־

דרימעלט, איך האָב שוין נור האַלבע חלומות געזעה׳ן, און אַלס מיט׳ן יונגעל אין דער מיט...

וואָס אַ מאָל האָב איך איהן געזעהן אויף איין אַנדער אָרט. דאָ שלעפּט ער זיך ערגיץ אין גאַסס, דאָ זיצט ער אַיינ.עהויקערט אויף עטליכע טראָפּליך אונטער אַ דאָכיל פון אַ געוועלב, אַ מאָל שפּיעלען גאָר מיט איהם טייוולאָנים אין באַל... ער פליהט אין דער לופט פון איין האַנד אין דער צווייטער אַריין... שפּעטער טרעף איך איהן שוין געפרוירען פערשטאַרט אין ערגיץ אַ מיסט־קאַסטען...

איך האָב קוים דעם מאָרגען דערלעבט און גלייך געלאָפען אין טאַניאַק אַריין.

---

ער איז דא!

איך זאָלל מיך נישט געוועזען שאָמען, וואָלט איך איהם די בלאָטע פון פנים מיט דאַנקבאַרע טרערען אָבגעוואַשען; איך זאָלל נישט מורא האָבען פאַר׳ן ווייב, וואָלט איך איהן אַלס אייגען קינד אַ היים געפיהרט...

עד איז דא, איך בין נ י ש ט זיין רוצח!

— נאַ!

און איך האָב איהן אַ צאָהנעריל דערלאַנגט.

ער נעמט עם פערווינדערט; ער ווייסט גאָר נישט, וואָס פאַר אַ טובה ער האָט מיר געטהון...

לעבען זאָל ער!

---

און דען צווייטען טאָג, אַז ער האָט ווייטער ביי. מיר געבעטעלט אויף אַ נאָצלעג, האָב איך איהם נ י ש ט געגעבען, אָבער שוין קיין וואָרט מוסר נישט געזאָגט. נאָך מעהר — איך בין אַוועק געגאַנגען פערשאָמט, נישט צופריעדען פון זיך אַליין.

געבען קאָנן איך באמת נ י ש ט, נור דאָס האַרץ טהוט דאָך וויי: פאַר ו ו אָ ס קאָ נ ן איך נישט?

---

נישט אומזיסט פלעגט מיין זיידע, עליו השלום, זאָ׳ען:

„ווער עס איז ניט פרום לעבט מיט האַרץ־ווייטיג און שטאַרבט אָהן טרייסט".



# פּיער דורות — פּיער צוואות.

## 1

אַז ר׳ אליעזר-חייקיל׳ס איז נפטר געוואָרען, האָט מען אונטער׳ן קישען געפונען אַזא קוויטעל:

„מיין רצון איז, אַז די קינדער זאָללען בלייבען ביי׳ם וואַלד בשותפות.”

„נאָך מיין פּטירה זאָללען זיי לאָזען מאַכען אַ צוים צו׳ם בית-עלמין, אונ פערריכטען דען דאַך פון שוהל.”

„די ספרים זאָלל נעהמען בני בנימין החתן שיחיה. די זיהן מיט די איידימעס האָבען געקריעגען ספרים צו דער חתונה.”

„זוגתי תחיה, זאָלל בלייבען אין דער דירה בעזונדער; זאָלל זי זיך צונעהמען איין אָרימע יתומה — זי זאָלל נישט זיין אַלליין. זי זאָלל זיך אַלליין מאַכען קדוש אונ הבדלה.”

„אַ חלק זאָלל זי האָבען גלייך מיט אַללע יורשים.”

„אַ חוץ דעם...”

מעהר האָט מען נישט געקאָנט לעזען; דאָס קוויטעל איז אַ פּנים פייכטערהייט געלעגט געוואָרען אונטער׳ן קישען, אונ די אותיות האָבען זיך אָבגעמעקט.

## 2.

ר׳ בנימין, ר׳ אליעזר-חייקיל׳ס זוהן, האָט שוין מעהר געשריעבען:

„היות, עס איז געקוממען די צייט, אונ איך וועלל בקרוב זוכה זיין אָבצוגעבען דאָס פּקדון, דעם, וואָס אַללע פּקדונות זעננען זיין.”

„אונ אַ מענש שרעקט זיך פאַר זיין ליעבען נאָמען אונ פאַר זיין משפּט, נור געהן געה איך פון דער וועלט אָהן אומעט, חלילה, נור מיט גרויס בטחון אין אֵל רחום וחנון, אַז ער וועט מיט מיר טהוען לפנים משורת הדין, אונ לויט זיין גרויס רחמנות.”

„און איך ווייס, אז דאס פקדון איז איבער דער צייט ביי מיר פערפלעקט געוואָרען, קאַליע געוואָרען..."

מיר היפפערען איבער דען חשבון-הנפש און דאָס מוסר פאַר די קינדער, און לעזען ווייטער:

„און די פּים ווערען מיר אָבגעקיהלט, און דער מוח ווערט, וואָס אַ מאָל מעהר, מבולבל, און נאָכטין האָט זיך מיר געטראָפען אַ וואונדערליכע זאַך, אַז בשעת'ן לערנען בין איך איינגעדרימעלט געוואָרען און עס האָט זיך מיר עפּיס גע'חלומ'ט, און דאָס ספר איז מיר אַרויס געפאַללען פון דער האַנד, און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, און האָב תיכף פערשטאַנען, אַז עס איז נישט פראָסט; אַז מען רופט..."

„און דאָס, וואָס איז באמת מ ײ ן געווען אויף ד ע ר וועלט, דאָס לאָז איך נור איבער אויף אַ צייט; דאָס וועט מיר נאָכקוממען איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר; מיט דעם וועלל איך זיך זוכה זיין צו זעהען בזיו השכינה הקדושה — אָמן, כן יהי רצון!"

„און וואָס עס וועט מיר נישט נאָכקוממען, דאָס איז קיינמאָל נישט מיין געווען, און א ײ ן גאָטט ווייסט, אַז איך לאָז עס איבער אָהן אַ שום עגמת-נפש."

„און אויף מיין עשירות, לאָז איך קיין צוואָה נישט איבער; איך בין בטוח, אַז בני ביתי שיחיו, אָדער זיי וועללען לעבען בשלום ובשלוה צוזאַממען, אָדער זיי וועללען זיך צוטהיילען על פי דין ועל פי יושר, און איינער פאַר'ן אַנדערן וועט, חס ושלום, נישט מעלים זיין."

„און איך פערלאַנג, אַז בני ביתי, היינו: אשתי תחי' ובני וחתני שיחיו, זאָללען מפריש זיין צוויי מאָל מעשר. היינו: תיכף נאָך מיין פטירה זאָללען זיי מאַכען אַ חשבון צדק פון דער נחלה און מטלטלים וכלי בית, און אַזוי כלים, און אַללע שטרות, און חובות בעל פה וכו' און זאָללען אַראָב געבען מעשר ראשון על חשבוני לתקון נשמתי, און צוטהיילען אָרימע לייט."

„דערנאָך זאָללען זיי פון דער רעשט, דאָס הייסט — שוין פון דער ירושה, געבען מעשר שני פאַר זיך; אַזוי ווי מיין מנהג איז געווען צו געבען מעשר פון ריוח; גם כן — פאַר אָרימע לייט."

„און צו יעדען פון ביידע מעשרות זאָללען זיי מוסיף זיין אַ שליש למאה; טאָמיר האָבען זיי זיך טועה געווען אין חשבון."

„און די ביידע מעשרות זאָללען זיי געבען צדקה פאַר פ ר ע מ ד ע אָרימע לייט כנ"ל און נישט פאַר קרובים."

„פאַר אָרימע קרובים וועללען זיי אַלליין וויססען וויפיעל צו געבען, אָבער נישט פון דער צדקה, ווייל פון צדקה דאַרף מען נישט נהנה זיין, און אַז מען גיט נאָהנטע קרובים איז גלייך, ווי מען וואָלט געגעבען ז י ך."

„און אויף מיין מצבה זאָל מען מעהר נישט אויסקריצען, נור דען נאָמען, שם אבא ז"ל ויום הפטירה און נישט מעהר."

„און איך בעט זעהר מיינע זיהן מיט די איידימעס, זיי זאָללען זיך נישט אין גאַנצען אַריינטהון אין'ם הֶבֶל, נישט וואָללען זיין דווקא גרויסע סוחרים. ווייל וואָס גראָססער דער סוחר, איז קלענער דער יוד. און זיי־זאָללען זיך נישט זוכען קיין געשעפֿטען פֿון דער וויט, און נישט פֿערשפרייטען דאָס ביסל געלד אויף אַרבע רוחות העולם, ווייל וואו „גאָטט וויל, דאַרט העלפֿט ער, און די ברכה קאָנן אַריין קוממען אין קליינע, ווי אין גרויסע מסחרים."

„דער עיקר בעשוואָר איך דעריבער בני יקירי מהור"ר יחיאל, ווייל איך האָב געזעהן, אַז ער האָט גרויס תאוה צו גביר'ישקייט וד"ל."

„און איך בעט זעהר, אַז מיינע קינדער זאָללען האַלטען דען מנהג און אָפּ־טהיילען יעדעס יאָהר פֿאַר ראש השנה פֿונ'ם גאַנצען ריוח מעשר פֿאַר אָרימע לייט.

„און אַז עס וועט אַמאָל, חס ושלום, קיין ריוח נישט זיין, און אַז עס וועט אַמאָל זיין, חס ושלום, אפילו היזק, זאָללען זיי אויך טהיילען צדקה, ווייל עס וועט אַוודאי זיין אַנסיון פֿון זיין ליעבען נאָמען" —

„דער עיקר בעט איך זעהר, זיי זאָללען לערנען טאָג־ביי־טאָג לכל הפחות, אַבלאַט גמרא, און על כל פנים איין עמוד ראשית־חכמה."

„פֿאָהרען זאָללען זיי חאָטש איינמאָל אין יאָהר."

„די נשים זאָללען ליינען „קב־הישר" אויף עברי־טייטש און „צאֶינה־וראֶינה" שבת און יום־טוב."

„און אינ'ם טאָג פֿון דער יאָהרצייט, זאָל מען עוסק זיין בתורה אַגאַנצען טאָג, די נשים זאָללען געבען צדקה; דער עיקר — מתן בסתר."

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## 3.

אַז מאָריטץ בענדיטזאָהן (בנימין'ס אַזוהן) איז געשטאָרבען, האָט מען געפונען אַ צעטעל אויף פויליש:

„מען זאָל שיקקען אַ טעלעגראַמע קיין פאַריז, און וואַרטען מיט דער קבורה, ביז דער זוהן וועט קוממען."

„צעהן טויזענד גיב איך אַ קרן־קימת אין „דאָזאָר" אַריין; דאָס פּראָצענט זאָל מען צוטהיילען יעדע יאָהר־צייט אָרימע לייט."

„צעהן טויזענד לאָז איך אויף אַ בעט אין נייען שפּיטאָל, מיט דעם תנאי:

דאָס בעט זאָלל אָנגערופען ווערען אויף מיין נאָמען."

„בשעת לויה זאָלל מען טהיילען צדקה."

„מען זאָלל שיקען נדבות אין אַללע תלמוד־תורה׳ס אריין; די מלמדים מיט די קינדער זאָללען געהן נאָך די לויה."

„מען זאָלל דינגען אַ דַיָן, אָדער אַזוי אַ למדן, ער זאָלל זאָגען נאָך מיר קדיש."

„די מצבה, לויט דעם מאָדעל, וואָס איך לאָז איבער, זאָלל מען בעשטעללען אין אויסלאַנד."

„מען זאָלל איבערלאָזען אין דאָזאָר־שטוב אַ געוויססע סומע געלד, דער דאָזאָר זאָלל נעהמען אויף זיך אויפצוהאַלטען דעם קבר מיט דער מצבה."

„דאָס געשאָפט זאָלל הייסען: „מאָריץ בענדיטזאָהן — זיין זוהן"."

„און וואָס עס בעט־עפט..."

---

מיר לאָזען איבער די רשימה פון פערמאָגען און דעם חשבון פון די חובות צום אָבנעהמען, ווי אויך די עצות טובות, ווי אַזוי דאָס געשאָפט ווייטער צו פיהרען.

---

## 4.

„איך „מאָריץ בענדיטזאָהן — זוהן", געה אַוועק פון דער וועלט נישט פאַר נחת, נישט פאַר עגמת־נפש, נור פון לעהרקייט."

„אַ גרויסער חכם איז געוועזען אַריסטאָטעל; די נאַטור האָט פיינד לעהרקייט."

„אַ שרעקליכע מאַשין איז די וועלט. יעדעס ראָדעל האָט זיין בעזונדערע אַרבייט, זיין בעזונדערען צוועק. ווערט אַ ראָדעל פערדאָרבען, אָדער עס האָט אָבּ־געאַרבייט זיינם פאַר דער צייט, געהט עס אַלליין אַרויס פון דער מאַשין, געהט עס אַריבער פון גאָר אין גאָר־נישט..."

„איך קאָנן לאָנגער נישט לעבען, ווייל איך האָב דאָ נישט וואָס צו טהוען. איך טויג צו גאָר נישט, ווייל איך האָב מיינם [illegible]געלעבט. איך האָב אויס־געטרונקען דעם גאַנצען נחת, וואָס מיר איז בעשערט געווען, אויפגעגעסען און אויסגעקושט אַלין, וואָס איך האָב געדאַרפט."

„מען האָט מיך אַ סך געלערנט, נור לעבען און נישט איינשלינגען דאָס לעבען האָט מען מיך נישט געלערנט."

„איך האָב קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָלל מיך איינהאַלטען, צוּבינדען

צו'ן איהר... עס האָט מיר קיין זאַך נישט געפעהלט, עס זאָלל האָבען ביי מיר אַ ווערט. איך האָב אַלץ גענוממען אָהן זאָרג, אָהן עגמת־נפש, אָהן אַרבייט, — ווי פון אַ הפקר גענוממען..."

„אַזוי זאַכען, אַזוי מענשען; אַזוי מאַננער, אַזוי פרויען..."

„אַללע האָבען מיר צוגעשמייכעלט, אונ איך האָב קיין איינציגען פריינד נישט געהאַט; אַללע האָבען מיך גערן געקושט, אונ איך האָב קיין איינציגע נישט געדאַרפט...

„אַ פערמאָגען האָב איך גע'ירש'ענט, אונ עס האָט געוואַקסען אונ געמעהרט זיך אָהן מיר, אָהן מיין וויללען."

„עס האָט געוואַקסען ביז עס האָט מיך איבערגעוואַקסען."

„אָפט האָט געוויינט אין מיר דאָס האַרץ: זאָלל מיר עפּיס פעהלען, לאָז מיך עפּיס מוזען טהון; אונ די דאָקטוירים האָבען מיר פאָרגעשריעבען שפּאַציערען, שפּיעלרייען, ספּאָרט... נישט קיין לעבען, נור אַ סוראָגאַט פון לעבען, אַ געפעלשט לעבען, געפעלשטע אַרבייט"...

„אונ לאַנדער אַ סך האָב איך געזעהן, אונ קיין איינציג לאַנד איז נישט מיין געווען; אַ סך אָרטער האָב איך בעוואונדערט אונ האָב קיין איינציג אָרט נישט געליעבט..."

„אונ אַ סך שפּראַכען האָב איך געלייפיג גערעדט, נור איך האָב קיין איינציגע נישט געפיהלט — איך האָב מיט די ווערטער, ווי מיט באַללען געשפּיעלט."

„פעלקער אונ שפּראַכען האָב איך ווי האַנדשוה געטוישט..."

„די גאַנצע וועלט איז געווען מיין, נור איך בין צו קליין געווען, איך זאָלל זי צוהאַלטען; צו קורצע האַנד געהאַט, איך זאָלל זי אַרומנעהמען; קיין וועלט בעהררעשען האָב איך נישט געקאָנט..."

„אונ וואָס איך וואָלט געקאָנט בעהעררשען, דאָס האָב איך שוין גרייט געפוננען, דאָס האָט מען מיר שוין איבערגעלאָזט..."

„אַלץ איז פאַר מיינעט וועגען געטהון געוואָרען, אַלץ האָט מען מיר אָבגעקויפט; אויב עס איז נאָך עפּיס געבליעבען, האָט דאָס פערמאָגען געמאַכט."

„אַלץ — דער שמייכעל אויפ'ן פריינד'ס פּנים, דער קוש פון רויטע ליפּפּען... דער קדיש נאָכ'ן טאַטען... האָבסטענס האָב איך נאָך עפּיס אויסגעצאָהלט; נור געבען, שענקען, דאָס האָט מען מיך נישט געלערנט..."

„אונ דאָס קליינע איז מיר געוואָ־ען צו קליין, אונ דאָס גרויסע — צו גרויס, — אונ נאָך וואָס צו לעבען איז נישט געווען..."

„איך שטאַרב, ווייל איך בין איין עקר, אַזוי מיט'ן גוף, אַזוי מיט דער נשמה; איך האָב אין מיר גאָר נישט, וואָס זאָלל לעבען אונ לעבענדיג מאַכען... איך לעב שוין לאַנג נישט; איך האָב שוין לאַנג קיין הנאה נישט פון לעבען; אַצונד

איז עס מיר נאָך נמאָס געוואָרען."

'„מען האָט זיך מיט מיר אויפגעפיהרט, ווי א פויער — מיט א חזיר; מען האָט מיך געשטאָפט... נור דער פויער, אז דאָס חזיר ווערט גענוג פעטט, קיילעט ער עס; מיך, הייסט מען, איך זאָלל מיך אלליין קיילען; אונ איך האָב די העזה נישט, נישט צו פאָלגען..."

„דער ארשעננניק שטעהט אויפ'ן טיש; דער לעצטער טראַנק, וואָס וועט מיך אָנ'שכור'ען אונ איך וועל מיך שוין נישט אויסניכטערען...

„זאָלל איך עפּיס אָנזאָגען וועגען מיין פערמאָגען? נאָך וואָס? עס איז מיין אונגליק געוועזען..."

„האָב איך נישט עמיצען צו דאנקען?"

„ניין — איך האָב אללע פאַר אללעס בעצאָהלט..."

"פאַר'ן לעצטען געטראַנק אויך„.



# מעשה'ליך.

## אינהאלט:

# אין געמויזעכטס.

אַמאָל איז זיך געווען אַ געמויזעכטס. —

עס איז זיך געשטאַנגען גאַנץ אַפּאַרט: אָבגעטהיילט פון דער רעשט לאָנקע, (וואו בהמות האָבען זיך געפּאַשעט און יונגע פאַסטוכער מיט שטיינער געוואָרפען) מיט הייכען שאַווער און שאַרף־שפּיציגע דאָרנער, און אָבגעזונדערט פון דער לופט — מיט אַ פּעטט־בלישציענדיג־גרין הייטעל, וואָס דער ווינד צעררייסט אַמאָל אין אַ יאָהר. — געלעבט אין געמויזעכטס האָבען (ווי דער סדר־עולם איז) גאַנץ קליינע וואָרם, וואָס האָבען געגעססען — נאָך קלענערע.

דאָס געמויזעכטס איז — נישט לאַנג, נישט ברייט און אפילו נישט טיעף. די וואָרמליך האָבען עס נור דעם פּעטטען שליים, די וואַססער־געוויקסען און די פוילע צווייגלאַך צו פערדאַנקען, אויב זיי קעננען דאָס געמויזעכטס נישט דערגרינדען, נישט צושווימען צו'ן אַ ברעג.

די געמויזעכטס־געאָגראַפיע שלאָפט דעריבער נאָך אין וויעג.

פאַר דאָס האָט די געמויזעכטס־גאוה שוין לאַנג אָפענע אויגען: די פאַנטאַזיע איז אונטערן פינסטערן הייטעל ביי דער גאַנצער ממשלה, און ביידע צוזאַממען שפּיננען און וועבען.

און מיט דער צייט האָבען זיי אויסגעשפּוננען אַ מסורה פון קדמונים, איין אמת וואָרמיגע טראַדיציע:

„דאָס געמויזעכטס איז דער ים־הגדול!"

„אין איהם גיעסען זיך אַריין אַללע פיער טייכער פון גן־עדן... דער חדקל ברעננט־מיט מיט זיך דאָס גאָלד — — דאָס איז דער שליים, אין וועלכען עס שטעקט זייער פרנסה—און די רעשט דריי טייכער ברעננגען בלומען — דאָס זעננען די וואַססער־געוויקסען, צווישען וועלכע זיי שפּיעלען זיך אין בעהאַלטעניש אין אַ יומא־דפגרא — פערל — אַללע זיאַבע־שיססעלעך און קרעללען — די פערפוילטע צווייגלעך"...

„דאָס גרינע הייטעל, די פערפעצטע יארמולקע איבערן געמויזעכטס, איז דער הימטעל איבער'ן ים־הגדול! איין עקסטראַ בעזונדער הימעל פאַר זייער וועלט!"

שטיקלעך אייער־שאָללען, וואָס האָבען זיך דאָרט פערבלאָנדזעט, שפּיעלען די

ראָלע פון שטערן און מיט אַ פערפוילטע דיניע האָט מען יוצא געווען פאַר דער זונן...

די שטיינער, וואָס פלעגן אַמאָל אַריינפאַללען דורך די פאַסטובער, זעננען — גאַנץ נאַטירליך — געוועזן אבני־אַלגביש־שטיינער, וואָס דער הימעל וואַרפט זינדיגע לייט אין קאָפּ אַריין! און, אַז דער הימעל האָט זיך געשפּאַלטען, און עטליכע שטראַהלען פון דער אמת'ער זונן האָבען אַבגעשרפעט אַ וואָרמיגען מח, האָט מען געפּ־הלט און געגלויבט אין גיהינם!

נור — וואהל האָט זיך געלעבט אין געמויזעכטס! ווי יעדער איז געוועזן פון זיך און מיט אַללע צו פרידען! ווער עס וואָהנט אין ים־הגדול איז שוין בטבע אַ פיש! איין וואָרמיל פלעגט דאָס צווייטע רופען: שלייען, העכט! אויף מצבות פלעגט מען קריצען: קראָקאָדיל און לויתן! „פלאָטקע" אין געוועזן די גראָסטע בעליידיגונג, פאַר „קאָלבקים" האָט מען זיך יום־כפור נישט מוחל געוועזן! דערביי האָבען געבליהט: אַסטראָנאָמיע, פּאָעזיע און פילאָזאָפיע ווי די רויזען!

די שטיקליך אייער־שאָלען האָט מען געציילט ביז מען איז דערגאַנגען, אַז מען קענן זיי נישט איבערציילען...

ראָמאַנטיקער האָבען די „פמליא של מעלה" אויף טויזענדער אופנים בעזונגען; דערביי פלעגט מען פּאַטריאָטען פערגלייכען צו שטערן, שטערן צו דאַמען־אויגען און די דאַמען אַליין צו'ם הימעל, אויב נישט גאָר צו'ם גיהינם! די פילאָזאָפיע האָט בעזעצט די פרומע געשטאָרבענע נשמות אין דער פוילע דיניע אַריין...

קורץ — עס האָט גאָר נישט געפעהלט! דאָס לעבען האָט געהאַט אַללע פאַרבען פון רעגען־בויגען! מיט דער צייט האָט מען צוגעמאַכט אַ קאָרעקס מיט הונדערטער פירושים, עס האָבען זיך איינגעפיהרט טויזענדער מנהגים! און אַז אַ וואָרמיל האָט זיך פערגלוסט עפּיס אַ שנוי, איז געגוג געוועזן, עס זאָלל זיך דערמאַננען, וואָס די „וועלט" וועט זאָגען דערויף — עס זאָלל רויט ווערען, חרטה קריגען! און תשובה טהון!

נור... איין מאָל איז אַ חורבן געשעהען!

עס איז דורך אַ סטאַדע חזרים!

שרעקליכע פיס האָבען צוטרעטען דעם הימעל, צוקנעטעטען דען שליים, צו־ריבען די קרעללען, צומאָרשטען די בלומען... און פון דער גאַנצער אָבגעזונדער־טער „וועלט" אַ תהו ובהו געמאַכט!

טהייל וואָרם זעננען טיעף אונטער'ן שליים געשלאָפּען (און וואָרם שלאָפען לאַנג), זעננען זיי מאַקי נצול געוואָרען... אַז זיי זעננען צוריק אַרויף איז שוין דער הימעל צוריק צוזאַמען געשווימען, זיך צוריק צונויף געקלעבט... נור — גאַנצע הויפען דערדריקטע, דערשטיקטע און צוטרעטענע וואָרם זעננען געלעגען אָהן

קבורה, אונ טויטערהייט ערות געזאָגט אויפ'ן חורבן!

וואָס איז דאָ געשעהען? פֿראָגען די פֿאָפֿער דערשראָקען, אונ זוכען אַ לעבענ־דיגע בריאָה, וואָס זאָלל זיי קעננען ערקלערען די סבה פֿון דער שרעקליכער מגפה. נור נישט לייכט איז צו געפֿיננען אַ לעבענדיגע בריאָה! וואָרען נישט לייכט איז איבער צו לעבען אַ הימעל! ווער עס איז נישט צוטרעטטען געוואָרען, איז גע־שטאָרבען פֿאַר שרעק: ווער עס איז נישט געשטאָרבען פֿאַר שרעק, איז געשטאָרבען פֿאַר ווייטאָג; די רעשט האָבען זיך אליין דאָס לעבען גענוממען... אָהן הימעל איז אָהן לעבען!

איינער איז אפילו יאָ געבליבען לעבען, נור, קוים האָט ער זיי פֿערציילט, אַז דער הימעל, וואָס זיי זעהען אַצונד, איז גאָר אַ נייער פֿון דער נאָדעל! אַז יענען הימעל האָבען חיות צוטרעטטען; אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז וואָרמיגע הימעל לעבט נישט אייביג... אַז אייביג, קענן זיין, לעבט נור דער אַלגעמיינער הימעל, — האָט מען באַלד דערקענט, אַז ער איז אַראָב פֿון זיננען.

**מען האָט איהן מיט גרויס רחמנות געקאָוויט אונ אין דולל־הויז אריין געשיקט.**

---

# לאָמְפֶּען־מוּסַר.

עס איז אַ ידוע לכל, אַז קאַנאַניקעס, הבדלות, ליכט, לאַמטערן אונ לאָמפען פֿיהרען זיך אַמעריקאַניש: וואַכען, ווען ביי אונז איז נאַכט, אונ שלאָפֿען, ווען ביי אונז איז טאָג. — ניר צו וועט איהר קעננען מודה זיין, אַז קאַנאַניקעס, ליכט, לאַמטערן אונ לאָמפען האָבען אַ לשון אונ (אויף זייער אופן) אַ ריכטיגען בעגריף פֿון טוב ורע? אונ דאָך פריווט, דערמאַנט איך נור, ווי אָהנליך זיי זעננען צו אונז! די כלי, פֿון וואָס זי איז, שפּיעלט די ראָלע פֿון אַ גוף; דערביי, פּונקט ווי ביי אונז, זעננען טהייל גופים נאַקיט, טהייל מיט בלומען, גירלאַנדען אָדער פֿערשיע־דענע פֿיגורען פֿערצירט, מיט גאָלד אונ זילבער בעשיינט. דער בוימעל, אייל, חלב, נאַפֿט זעננען אַ מין בלוט. דאָס בלוט איז ביי זיי אויך פֿערשיעדען: טהייל פֿון גראָססערן, טהייל פֿון קלענערן יחוס; טהייל גאָר פֿון עקסטען פֿאַס! חלב קומט אַרויס פֿון אַ מ י א ו ס אָרט, בוימעל אונ אָייל קעננען זיין כ ש ר אונ ט ר פ ה; וואַכס איז ג ל א ט כשר, נאַפֿט איז ריין אונ א ו מ ר י י ן, טהייל מאָל נאָך מיט אַ שלעכטען ריח! אונ ווי אָהנליך איז די דאָכט — דער פֿלאַם צו אונזער נשמה!

שלמה המלך זאָגט טאַקי: „נר אלהים נשמת אדם!"

**אונ ווי אָהנליך זייער לעבען איז צו אונזער לעבען!**

דער קאַנאַניק — אַ שריד ופליט פון אַלטע פרומע דורות — שווימט טאַקי אַרום אויף כשר׳ן בוימעל; ער ברענט טונקעל, ציטעריג אונ שטילל; פלאַקערט נישט אויף מיט טייוולאַנישער גאוה, רעדט זיך נישט איין, אַז ער וועט בעלייכטען אונ בעשיינען די וועלט... נישט זיין וועלט, ער דאַרף זי נישט פערזאָרגען!

זיין אייגען ווינקעלע איז פאַר איהם גענוג, פאַר דאָס מאַכט ער קיין שרפות נישט אָן! איהר וועט ביי איהם נישט געפינען קיין צייכען פון אַנאַרכישע אידעען!

דערצו ברענדט ער טרויעריג, ווייל קורץ איז דאָס לעבען, קירצער ווי „אַ שאָטען פון אַ פויגעל, וואָס פליהט נור אַ דורך"!

ער איז פולל מיט „מרה שחורה"!

„מה אָנו מה חיינו"? אַ קנייטעל מיט אַ „טפה־סרוחה" — בוימעל, אונ מען שטאַרבט יעדע מינוט! ער געדענקט שטאַנדיג אינ׳ם טויט אונ דעריבער האָבען מיר עס טאַקי פאַר טויטע בעהאַלטען.

הבדלות, חנוכה ליכט זעננען „דברים שבקדושה", כמעט אָהן גופים! טהייל זעננען כפול־שמונה, נור אַללע פערדרייט אונ פערפלאָכטען... אינ דעריבער געל — גוי היילינע דאַרפען אוים צו זעהן! אונ ברעננען מיט קאַפּיטש, אויך ווי היילינע טהוען; עס שטעקט דערינגען מעהר אמונה ווי חכמה, מעהר התלהבות ווי ליכט, מעהר „לשם מצוה" ווי להשמיש...

ליכט, לאַמטערן אונ לאָמפען זעננען וועלט־לייט! לאַמטערן אונ לאָמפען וויסען שוין גאָר נישט פון קיין יודישקייט! ליכט ווערען אפילו גענוצט אַלס נשמה־אונ בענש־ליכט, נור גלייבען טאָר מען זיי נישט...

דאָס איז אין איין וועגס קאָרטען־שפּיעלער אונ דיענען נאָך צו אַללעס ביין, פון וועלכען עס איז בעססער, אַז מען רעדט נישט... ליכט, בפרט סטעאַרין ליכט, כשר׳ע נישט אויסגענוממען, זעננען אהין אונ אַהער!

לאָמפען אונ לאַמטערן; ראָדטשילדס אונ באָסע־קאָמאַנדע! די ערשטע וואָהנען אין שטיבער, סאַלאָנען, טהייל מאָל — צווישען כל טוב; די צווייטע — אין הויז, אין גאַסס צווישען ווינד אונ שניי...

פון איין מין, ברידער פון איין טאַטע־מאַמע, גופים פון איין גלאָז, איין בלוט — נאַפט, איין נשמה — איינערליי דאָכט, אונ — בשעת ווען דעם לאָמפּס לעבען שיינט רוהיג אונ שטילל, אָדער פלאַמט מיט אַללע קאָליערען פון רעגענבויגען דורך פערשיעדען פאַרביגע גלאָזער...

בשעת ווען לאָמפען טאַנצען אויף אַללע חתונות אונ באַללער, שטייען אויבען אָן ביי יעדער פאַמיליען־פערזאַמלונג, בעגלייטען חתן־כלה ביז דער לעצטער מינוט, — שטעהט דער לאַמטער אין הויז פון אַ זאַיאַזד, דער צוג פון געגען־איבער־

אָפּענע טהוירען פֿערחאַפּט איהם דען אָטהעם.

דער גוף איז צובראָכֿען. די זייטען געשפּאַלטען און בעליינט מיט ברודיגע פּלאַסטער, און ער ברענט און צאַנקט, און גוס'עט צווישען אַ שרעקליכֿען ריח...

און אויף וואָס פֿאַר אַ ווינטען, שטורמען, רעגען, שנייען, איז אויסגעשטעלט זיין חבר אין גאַס! יעדער רגע ציטטערט ער פֿאַר זיין לעבען, עס ווייזט זיך עמ'ץ אין גאַסס, — עס קענן זיין אַ שכור, וואָס וועט איהן מיט אַ שטיין אויף פּיצ=פּיצליך צו ברעכֿען.

— נאך וואָס לייכֿט ער ביינאַכֿט, אפילו ווען לבנה און שטערן שלאָפֿען?

איז דאָס אַנדערש ווי אונזער לעבען? און פֿאַר וואָס זאָללען זיי קיין שפּראַכֿע, קיין ידיעה נישט האָבען?

זיי מוזען האָבען! איך בין שטאָנדיג געוועזען דאַפּיר, אַז אַללעס לעבט, אַללעס פּיהלט, אַללעס ווייסט, וואָס גוט און פֿרום איז, און איינמאָל האָב איך אַליין געהערט, ווי מיין גרויסער האָנגעל=לאָמפּ האָט מוסר געזאָגט אַ קליין טיש=לאָמפּעל, וואָס איז גראַד געשטאַנגען נישט ווייט פֿון איהם.

— „יונגעל — מאַכֿט ער — פֿיהר דיך בדרך-הישר! ברענן גלייך ווי אַ ליניע, ברענן ווי אויפ'ן מזבח! ברענן גלייך צו'ם הימטעל אַרויף און פֿעראייניג דיך מיט יענע גרויסע ליכֿט, וואָס לעבען אייביג! לאָז דיך פֿון אַ ליאַדע ווינד נישט פֿערפֿיהרען אין אַ זייט אַריין! געדענק — אַז דיין זיידע (זכרונו לברכה) איז אַ הייליגער קאַנאַניק געוועזען! דיין פֿעטטער איז איין הבדלה! און חנוכה ליכֿט, נשמה ליכֿט, און שבת ליכֿט זעננען דיינע נאָהנטע קרובים!"

„האַלט דיך פֿעסט אין דיין דרך, פֿיהר דיך נישט ווי די באָסע=קאָמאַנדע אין גאַסט=הייזער אינ אין אַללע גאַססען! אַרויף דען קאָפּף! ווייס פֿאַר וועמען דו שטעהסט! וועמען דו דאַרפֿסט אָבגעבען דין=וחשבון! געדענק, אַז יעדען פֿריה מאָרגען פֿליהט דיין דאָכֿט אין הימטעל אַריין צו פֿערשרייבען אַללע דיינע תנועות!"

„פֿערגעסס נישט — אַז אויב דו וועסט דיך פֿיהרען אין גלייכֿען וועג, וועסט דו זוכה זיין צו אַללעם גוטען!"

— „אָמן"! האָט געאָנטפֿערט דאָס קליינע טיש=לאָמפּעל.—

---

# דֶער דִין־תּוֹרָה.

חנינא בעל-עגלה האָט געהאַט אַ דין-תורה מיט דער שקאַפּע; זי האָט געטענה'ש: גיב האָבער וועל איך געהן, ער — געה, וועסט דו קריגען האָבער, די

בייטש האָט זיך אַריין געמישט, איינמאָל און דאָס צווייטע מאָל, ביז די קלאַטשע האָט פֿערשוויגען און אויס־געצויגען די פֿיס...

חנינא האָט קוים אַהיים געשלעפּט דאָס וואָגעלע, פֿער־הַכ׳ליוועט אַ שינדער די הויט, און ער זוכט זיך שוין אַ ניי פֿערד...

קיין גרויס עגמת־נפש האָט ער נישט דערפֿון; ער איז שוין געוואוהנט מיט אַזעלכע זאַכען — ער פֿלעגט קויפֿען נור אַזעלכע פֿערד, מיט וועלכע ער פֿלעגט האָבען סאַמע דין תורה׳ס, פֿלעגט שטענדיג רופֿען די בייטש פֿאַר אַ בורר, און נאָך דער בייטש איז דער שינדער מעשים בכל יום!

דער קרוג טראָגט אָבער אַזוי לאַנג וואַססער, ביז ער בלייבט אָהן אויערען, און קוים האָט חנינא אַרויס געשיקט דעם שינדער נאָך דער פֿעלל, פֿערגלייסט ער די אויגען, פֿאַלט אַרונטער מיט׳ן קאָפּף, פֿון מויל שפּריצט פּיאַנע — ער האָט דען „שלאַג" געקריגען!

דאָס ווייב מיט די קינדער ראַטיווען; ער מאַכט אַוועק מיט דער האַנד. ער פֿיהלט, אַז עס איז זיין עק...

פֿאַר דער גסיסה איז ער אַ ביסל צו זיך געקוממען און געזאָגט, אַז די שקאַפּע רופֿט איהן צו׳ם בית־דין של מעלה.—

---

קיין גרויסע מורא דערפֿאַר האָט ער נ י ש ט.

חנינא איז געוועזען אַ שטיקעל בקי אין משפּטים! —

דורכפֿאָהרענדיג נעבען אַ סטויג היי צו אַ פֿעלד מיט קאָניצינע, פֿלעגט ער שטאָנדיג, מ׳כלומר׳שט, איינדרימלען, דאָס הונגעריגע פֿערד זאָלל באַלד אַראָב אין אַ זייט און אונטערלעהנען זיך מיט פֿרעמדער פּראַצע. דאָס דרימלען בשעת הכּושר האָט איהם נישט איינמאָל געפֿיהרט אין סאָנד אַריין, נור ער האָט זיך שטאָנדיג אויסגעדרעהט.

זיין צו־שפּרונג צו דער פּרנסה אין געוועזען מעקלעריי ביי אַדוואָקאַטען. נו, אַביסעל האָט ער גענאַשט און אַביסעל איז ער געוואָהר געוואָרען, אַז די ג א נ צ ע מעשה איז חזק; פֿאַרען אָרגסטען פֿאַלל, האָט ער געוואוסט, איז פֿערהאַנען אַ פּשרה!

דערוויל האָט ער מיטגענוממען פּערשווינען!...

אַז דעם סאָנד איז שוין נמאס געוואָרען דאָס דרימלען בשעת הכּושר, און דער צד שכּנגדו האָט פֿערלאַנגט שרפֿ"ט פֿאַר דער פּשרה, איז ער באמת אָבגע־זעססען אַ צייט, האָט ער זיך באמת אויסגערוהט די ביינער, האָט זיין זוהן ג ע מ ו ז ט זיך צוגעוואָהנען צו דער מלאכה! טאַקי אַ שאָד בטול תורה (זיין זוהן האָט געלערנט אין אַ חדר), נור סיי ווי סיי — געוואוהנט איז ער געוואָרען מיט משפּטים; קיין מורא האָט ער נ י ש ט געהאַט! מיט׳ן ווייב וויל ער דערפֿון נישט רעדען,

וואָס ווייסט אַ יודענע? נור דעם נושׂאים־מאַנן זאָגט ער: איך האָר זי ווי די קאַטץ! אין וועלל מאַכען אַ בעססערען אָטוואָד פֿאַר פֿלוידערמאַנן פּיאַניצע! נור אַ שאָד, וואָס איך קענן אַהין נישט מיטנעהמען קיין פֿערשוינען...

גיט מיר (מאַכט ער שפּעטער) האָטש מיט די בייטש, אָהן איהר וועלל איך גאָר זיין ווי אָהן אַ האַנד...

---

פֿאַר'ן בית־דין של מעלה.

אונזער חנינא איז טאַקי באַלד ארוים מיט איין אָטוואָד; פֿאַר אַ שקאַפּע — זאָגט ער — איז גענוג אַ גמינגע סאָנד.

— זעהט, חנינא — זאָגט דער פּרעזעס — זאָלסט געוועזען שבת וויניגער שלאָפֿען אונ האָרען בעססער די סדרא אין שוהל'כיל, וואָלסט דו געוואוסט, אַז אַ שור הנסקל געהער אויך צו'ם סנהדרין!

— עט — האַקט איבער חנינא — אין שוהל'כיל האָט מען נישט די סדרא, נור אַלשיך, געלערנט! קיין מוסר בין איך נישט געקוממען האָרען, אונ דעם אָטוואָד — בין איך מודה — האָב איך געמאַכט נור פֿאַר שיינקייט וועגען, איך זאָג מיך פֿונ'עם אָב!

דער בית־דין גיט דער שקאַפּע דאָס וואָרט.

עס האָרט זיך אַ יאָמערליך געוויין:

— ער האָט מיך דערהרגיט, מיט דער בייטש דאָס לעצטע ביסעל כח פֿון לייב אַרויסגעיאָגט.—

נור חנינא לאָזט נישט רעדען.— „די שקאַפּע— שרייט ער— איז דאָך מיין! איך האָב זי פֿון שינדער דאָך מציל געוועזען; מען האָט זי לעבענדיגער הייט געוואָלט פּטור ווערען! אַ שינדער האָט 2 רובל געגעבען אונ איך האָב אַ צענערעל מוסיף געוועזען... אונ געיאָגט האָב איך זי אויך נור פֿאַר איהר טובה וועגען... אין דער היים וואָלט איך איהר אַ היי געוויזען, נישט פֿון סדור'ל... וויצעלט ער.

— נור כח, וואו נעהמט מען כח?— צוגיעסט זיך די שקאַפּע.

— איך פֿערשטהע נישט — בייזערט זיך חנינא — ווער דען האָט כח? איך האָב כח? איך האָב נור צו שאַפֿען! אונ אָהן אַ בייטש וואָלסט דו געגאַנגען? אונ אַ טריט געמאַכט וואָלסט דו יאָ? ווי קענן זיין אַ בעל־עגלה אָהן אַ בייטש?

---

דאָס בית־דין של מעלה קלערט אַ וויילע אונ גיט אַרויס אַ פּסק.

— „אַזוי ווי דאָס בית־דין קענן נישט משנה זיין סדרי בראשית... אונ לויט סדרי בראשית מאַכט קיין פֿערד קיין טריטט נישט כמעט אָהן אַ בעל־עגלה, מוז בשעת הדחק דעריבער זיין אַ „בייטש"; נור פֿון צווייטען צד — וויל כל זמן

אז פערד זעננען פערד, איז פארט א יושר גדול, אז עס זאלל זיין מעהר רחמנות צווישען די „צדדים״ על כן —

„זאללען ביידע צוריק מגולגל ווערען אויף יענער וועלט״.

„חנינא זאלל ארייז אין א שקאפע און די שקאפע זאלל ווערען א בעל־עגלה״!

מיט דער צייט, הייסט עס, וועללען זיי זיך אויסגלייכען און, צייט צו ווארטען פעהלט נישט דעם בית־דין של מעלה!

# פון קבר.

אז א מענש שטארבט, לעגט מען איהם שערבליך אויף די אויגען און מען פערשיטט איהן מיט ערד .. מיר — האטש מיין וויב פלעגט זאגען, אז איך בין גאר קיין מענש נישט, און האטש איך האב קיין קינדער נישט געהאט — האט מען דאס אייגענע געטהון.

איך האב אלס געפיהלט, נור עס האט מיר ממש נישט וועה געטהון. איך האב פראסט קיין צייט נישט געהאט צו דער ווייטאג! ערשטענס האב איך געהאט ביים גאנצען רחמנות א שטיקעל נקמה אויף מיין וויב, וואס איז געגאנגען נאך דער מטה, און מיט איהר אייגען מויל געשריגען: אזא מענש! אזא מענש!

צווייטענס האב איך מיר גע׳חזר׳ט מיין פסוק!

און איך האב גלייך געטהון, דער מלאך דומה איז געקוממען טאקי ווי א לייב, נור — אז איך האב איהם געזאגט: אדם כבהמות... און ווי ווייטער שטעהט, וואס מיין פסוק איז, איז ער אוועק געגאנגען כאחד האדם, טאקי ווי א לאמאלע.

אויך בין איך צופריעדען געוועזען פונ׳ם קבר, וואס מען האט מיר אויסגעקליבען... ממה־נפשך, לעבט מען אין קבר, דארף מען דארט אויך האבען גוטע שכנים; הארען=און זאגען א גלייך ווארטיל! און דא האר איך — וועל איך האבען רעכטס ר׳ מנחם זאסיש און לינקס — ר׳ יוסיל דוואשים! אויף בעססערע שכנים האב איך מיר נישט געקענט ריכטען!..

קוים מען האט אבגעזאגט קדיש, מען קלאפט פון דער רעכטער זייט:

— ר׳ מנחם? פראג איך

— יא, און איהר ווער זענט?

איך זאג איהם.

— געלויבט איז גאטט — מאכט ער -- טאקי — ברוך דין אמת! איך האב פון יענער זייט (נישט פאר קיין יוד גערדאכט) א רופא, זאלל גאטט שומר ומציל זיין!

ערשטענס שמייסט מען איהן יעדע נאַכט, ווייל ער געדענקט נישט דעם נאָמען, איז ממש קיין אויג נישט צו צומאַכען, און צווייטענס רעדט ער אַ גאַנצע טאָג עזות'קייטען. ער מוז האָבען היץ, צו וועלכע שווארצע יאָהר, נור אַזאַ טרפה מויל! צונד — חאָטש היימישע מענשען.

— איהר האָט לינקס — מאַכט ער ווייטער — ר' יוסלען. דורך אַ ליידיגען קבר קען מען נישט רעדען; דאָס קול ווערט פערלוירען. צונד פריווט איהן נור וועקען, אפשר איז ער נאָך נישט אין גאַנצען פערפוילט.

איך קלאַפּ אָן — ר' יוסיל האַלט זיך נאָך, און מיר האָבען שוין, ב"ה, „מזומן" צו'ן אַ רעכט ווארט... ביידע פראָגען, וואָס עס הערט זיך אויף יענער וועלט, און איך האָב זיי פערציילט דאָס לעצטע נייעס, הן פון דער היים, הן פון בית־המדרש, הן פון פאָליטיק און דערנאָך געפרעגט פון מיין צד, וואָס עס הערט זיך אויפ'ן עולם־אמת.

— גאָר נישט — זאָגען זיי — שטילל! דער מלאך דומה הייסט נור געשווינדער פוילען; טהוט ער נישט קיין שלעכטס! מען דארף נור וויכען ווי מען הייסט, וואָרען אַז נישט, קענן ער נישט פערשרייבען אין מתים־פנקס, איז מען ווי דאַרטען אויף יענער וועלט אָהן אַ פּאַספּאָרט; בייזערט ער זיך און שמייסט!

— און מכח גיהינם? פרעג איך.

— אַל תפתח פה לשטן — וואונדערן זיי זיך — פאַר וואָס?

זיי פראָגען גאָר: פאַר וואָס?! מילא פון מיינע חטאים ווילל איך נישט רעדען; וואָרען טאַקי, אַ פראָסטער מענש, איז קיין חידוש נישט. נור אויף ר' יוסלען האָט מען געמומעלט, אַז ער שינדט די הויט ביי הלואות, און, אַז עס לאָזט זיך, איז ער זיך נאָך טועה אין חשבון אויך.. עפּיס איין אלמנה האָט געזאָלט דורך זיהם שטאַרבען, באַיצר־בכן, ער האָט איהר עפּיס אַ פּקדון בעהאַלטען. . איך ווילל נישט מיין מויל אין קבר צו קיין בייזען ברענגען, נור געמומעלט האָט מען; ווער שמיעסט — ר' מנחם! אויף איהם זאָגט מען אפילו, אַז ער האָט אויפ'ן לענטשנער יריד אַ סוחר, פשוטו כמשמעו, ביי נאַכט די קעשענעס אויסגעשניטטען און דערנאָך אין טלית און תפלין אָבגעלייקענט שטיין און ביין... זיי זעננען דערביי אפילו געוועזען גאַנץ אָרנטליכע מענשען, בני־תורה, מיט שיחת חולין קיין מעשה ניט, אָבער „אַל תפתח פה לשטן", עס פאַלט זיי גאָר נישט איין, גאָר נישט! —

מילא, טראַכט איך, זאָלל זיין אַזוי!

— און מכח גן־עדן? פרעג איך ווייטער.

— גן־עדן, קרעכצט מנחם פון איין זייט און יוסיל פון דער צווייטער זייט, גן־עדן.. צו גן־עדן, ברידער, מוז מען שוין זיין רעכט טויט, דורך און דורך גוט פערפוילט! עס איז אַ סברא, אַז כל זמן עס איז דאָ אַ לעק מח, איז נישט דאָ אויף

וואָס צו האָפּפּען! אונ מאַקי נישט אומזיסט שרייט דער מלאך דומה: פּוילט, ברידערלעך, פּוילט, לאָמ איך אייער פּטור ווערען! נור, בטחון אין גאָטט! די וואָרים רוקקען זיך ווייטער אונ ווייטער, פון האַרץ בין איך שוין כמעט פּטור...

אונ יוסיל זאָגט:

— דאָס האַרץ, זעהסט דו, האָט מיר אפילו נישט וועה געטהון...

— צו מיינעם, זאָגט מנחם, האָט פריהער קיין וואָרם ניט געוואָלט שמעקקען! דער מלאך דומה האָט מיר נאָך פריהער געזאָגט, אַז דאָס אָרגסטע איז דאָס האַרץ ביי צדיקים! קיין וואָרם וויל זיך נישט צוריהרען דערצו!... נור יענעם חדש האָט מיך אַ גליק געטראָפּפען, עס איז גראָד קיין פרישע מתים נישט געוועזען, האָב איך מיינס פערצוקערט!...

---

עס הייבט מיך אָן קיצלען אונטער די אָרים; איך פראָג מיינע שכנים, וואָס דאָס בעטייט.

— געלויבט איז גאָטט — אָנפערן זיי — אַ סימן פון אַ צדיק, אַז די וואָרים קיצלען אונ טהוען נישט וועה! די רשעים, זעהסט דו, שפּרינגען באַלד ארוים דער הויט!

— סימן טוב ומזל טוב! — זאָגען זיי ווייטער — נור פּאַר דאָס, וועסט דו אויך לאַנג ליגען אין קבר... וועסט דיך אֶפשר גלייך מיט אונז זיך אויף תחית המתים דער־וואַרטען. נור רשעים האָבען קיין געדולד נישט! באַדיי אין גיהינם אַריין — שרייען זיי — אַבי נישט צווישען וואָרים!

וואָס קומט מיר אָבער אַרוים פון אַללע נחמות, איך בין פאָרט קיין צדיק נישט, איך פיהל פאָרט, אַז די וואָרים זעננען שוין ביי מיר אין אַללע אֵברים; עס קיצעלט שוין נישט! איך פיהל שוין, אַז דאָס האַרץ ברעכט, די לעבער פוילט, אונ דער מח — אָ! דער מח קנאַקט אונ קנאַקט!

זאָלל איך אויך אֶפשר רעדען עזות׳קייט?

---

# בוימער.

אין אַ ברייטע אַלע שטעהען ווי־זאַ־ווי צוויי ביימער. עס קומט דער פריהלינג מיט גאָטס זעגען, מיט פריש לעבען, מיט בלומען, טהוי אונ געזאַנג... עס קומט דער פריהלינג אונ די טרויעריג־געבויגענע בוימער גלייכען זיך אוים! עס ווערט אַלס וואַרימער אונ וואַרימער; די שמעקענדיגע ווינטליך בלאָזען לייכטער, לוסטיגער אונ פרעהליכער; די זונן ווערט מילד אונ פערשוועגדעריש; גאַנצע בינטען ליכט פליהען אין די לופטען, די צווייגען ווערען גרין אונ גרינער, זיי צוּוואַקסען זיך אין אַללע זייטען אונ ווערען מיט בליטהען אונ בלאַטטער בעדעקט.

און די רייפֿע גליקליכֿע ביימער בייגען זיך צו איינס צום צווייטען; עס מישען זיך אוים די צווייגען, עס האַלזען זיך די בלעטטער, עס קושען זיך די בליטהען! פֿון ביידע דערוויטערטע שטאַממען טרייבט זיך אַרויף די שפּע ביז דער קרוין פֿון לעבען און ליעבע, וואָס האָט זיי אַצונד צוזאַממען געפּאָרט!

גליקליכֿע ביימער! גליקליכֿע ליעבע! דער בלאָהער הימעל איז איבער זיי די חופּה, די געפֿליגעלטע קאַפּעללע שלעפֿט זיי איין מיט זיססע טרעלן, זיי חלומט זיך איביג גליק און פֿערגעססען זיך איינס אינ'ם צווייטענ'ם אָרים...

---

עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינד... עס פֿאַללען אַראָב די בליטהען און די נאַקעטע בלעטטער טוליען זיך דערשראָקקען איינס צום צווייטען... עס בלאָזט נאָך קעלטער... די פֿייגעל געזעגענען זיך טרויעריג און פֿליהען אַוועק... זיי קאָננען אָהן וואַרים און ליכֿט ניט זינגען, ניט לעבען... עס בלייבען נור קראַנקע, וואָס דער שניי וועט בעגראָבען...

דער הימעל בעדעקט זיך מיט אַ גראָהען וואָלקען, עס הייבען אָן פֿאַללען די בלעטטער; גאָלע, טרויעריגע צווייגען האַפּען זיך אויף פֿון זיססען שלאָף, עס פֿערשווינדען די זיסע חלומות... זיי ציהען זיך איין, זיי ווערען קירצער און קירצער...

עס פֿאַלט דער ערשטער קאַלטער שניי, — די ביימער האָבען זיך צוריקגעצויגען איינער פֿון צווייטען, זיי שטעהען שוין צוריק אָבגערוקט ווייט מיט די שטאַמען צוגלייך... זיי האָבען שוין איינס דאָס אַנדערע פֿערגעססען... אָט, שטעהען זיי שוין פֿרעמד, קאַלט, קוקען אויף זיך מיט בייזע אויגען .. און אונטען געהט אַ מאָרדערישע מלחמה צווישען די וואָרצלען איבער אַ טראָפּפּען זאַפֿט...

צו וועט נאָך צוריק זוממער ווערען?

— איך וועלל איהן שוין ניט דערלעבען! צאַפּעלט און גוס'עט איין איבערגעלאָזטע שוואַלב אין שניי.

— קראַ — קראַ — קראַ! רופֿט לוסטיג די שוואַרצע גנב'טע, די קראָהע, עס וועט שוין קיינמאָל קיין זוממער ניט זיין — און לאָזט זיך אַראָב מיט'ן שאַרפֿען שנאָבעל צו דער פֿערפֿרוירענער ערד.

— האָהי! אוים זוממער! בלאָזט דער קאַלטער ווינד...

# דער גולם:

גרויסע לייט פּלעגען אַמאָל בעוויזען גרויסע נסים... אַז מען איז אין פּראָג אַ מאָל בעפֿאַללען דען געטטאָ און מען האָט געוואָלט מטמא זיין די ווייבער, אָבּ־בראָטען די קינדער און אויסקוילען די רעשט; אַז עס איז שוין געוועזען „כָּלוּ כָּל הקצין", האָט דער מהר״ל אוועקגעלעגט די גמרא, אַרויסגעגאַנגען אין גאַסס, צו־געגאַנגען צו׳ם ערשטען בעסטען באָרגיל לעהם פּאַר אַ מלמד׳ס טהיר, און האָט אויס־געקנעטעטען אַ לעהמינען גוף. — דעם גולם האָט ער אַריינגעבלאָזען אין דער נאָז — און דער האָט זיך אָנגעהויבען ריהרען; דערנאָך האָט ער איהם איינגערוימט אין אויער אַריין אַ שֵׁם, און אונזער גולם איז אַרויס פֿון געטטאָ. — דער מהר״ל איז צוריק געגאַנ־גען אין ביהמ״ד אַריין לערנען, און דער גולם איז בעפֿאַללען אונזערע שונאים, וואָס האָבען דען געטטאָ בעלאָגערט, און האָט געדראָשען ווי מיט צעפּים... מענ־שען זעננען געפֿאַללען ווי די פֿליגען!

פּראָג ווערט פֿולל מיט הרוגים... אַזוי האָט עס — דערצאָהלט מען — גע־דויערט מיטוואָך, דאָנערשטיג; עס איז שוין פֿרייטיג, עס שלאָגט שוין צוועלף דער זייגער, און דער גולם טהוט אַלם ווייטער דאָס זייניגע.

— רבי! האָט זיך קהל געבעטען, דער גולם הרגיט אוים גאַנץ פּראָג! עס וועט נישט בלייבען, ווער עס זאָלל שבת די אייוועט הייצען, די לייכטער אַראָבּ־נעהמען!

דער מהר״ל האָט ווייטער מפסיק געוועזען פֿון לערנען, געשטעלט זיך צו׳ם עמוד און אָנגעהויבען: „מזמור שיר ליום השבת"!

דער גולם האָט אויפֿגעהערט צו טהון זיין מלאכה. ער איז צוריקגעקוממען אין געטטאָ, אין ביהמ״ד אַריין, און איז צוגעגאַנגען צו׳ם מהר״ל. דער מהר״ל האָט איהם ווייטער עפּיס איינגערוימט אין אויער; עס האָבען זיך דעם גולם די אויגען צוריק־פֿערמאַכט, די נשמה איז פֿון איהם אַרויס און ער איז צוריק לעהמינער גולם געוואָרען...

דער גולם ליגט עד היום בעהאַלטען אין פּראָגער שוהל אין דער הייך, בע־דעקט מיט׳ן שפּינוועבס, וואָס וועבט אַרויס פֿון אַללע פֿיער וואַנד, און פֿערשפּרייט איבער דער גאַנצער אַרקאַדע, עס זאָלל איהן, דען גולם, קיין אויג נישט זעהען, בפרט טראָגענדיגע ווייבער פֿון עזרת־נשים! דעריבער טאָקי טאָר מען דאָס שפּינוועבס נישט ריהרען, און ווער עס ריהרט עס אָן — — שטאַרבט!.. די אַלטסטע מענ־שען געדענקען שוין נישט דעם גולם. נור דער חכם צבי, דעם מהרל״ס אייניקעל, קלערט נאָך: צו מען מאָג אַזא גולם מצרף זיין צו׳ם מנין אָדער צו מזומן...

דען גולם, זעהט איהר — האָט מען דאָך נישט פֿערגעססען... ער איז דאָ! נור דער שם, ווי אַזוי מען זאָלל בשעת הדחק דען גולם לעבעדיג מאַכען, דער שם איז ווי אין אַ

וואַססער אַריין! און דאָס שפּינוועבס וואַקסט און וואַקסט און מען טאָר עס נישט ניהרען! טהו עפּיס!

## מיסט=חלומות.

פון אַלטע שטיוועל און קאַמאַשען מאַכט מען פאַנטאָפעל, און די אויסגעשניט=טענע פשישוועס און די אָבצאַססען פערקויפט מען אַ שוסטער אויף לאַטקעליך!

אין פערמאָגליכערע הייזער, וואו פאַר 3 גראָשען איז נישט כדאי צו רעדען מיט אַ שוסטער, וואַרפט מען זיי אַרויס אויפ'ן מיסט. איז זיי אייגענטליך בעססער, וואָרען, אַז זיי קוממען צוריק אין שוסטערישע האָנד, ווערען די שטיקקער פשישוועס נאָך אויף קלענרע שטיקליך צושניטטען און די אָבצאַסען צוגלידערט; פון יענע ווערט לאַט=קעס צו פשישוועס און חאָליוועס, און הייבען מיט נאָל און דראַטווע צו טהון; און פון די אָבצאַסען ווערט לאַטקעס צו פאָרעשוועס און זיי בעגעגנען זיך נאָך אַמאָל מיט נאָל, שטיפט און האַממער. און אַזוי ווערען ביידע געשטאָכען, געלאַטעט און דערנאָך ווייטער געטרעטטען... נור דאָס טרעטטען און שטעכען איז נאָך גאָלד געגען דעם מאָראַלישען אומגליק! יעדער אָבצאַס, שוין יאָהרען לאַנג פון כמעט גלייכע שטיקליך צוזאַממען געשלאָגען, און בפרט אַ פשישווע „מעור אֶחד", האָבען זיך שטענדיג געפיהלט גוט צוזאַמען, צונד ווערען זיי צוטהיילט און צודראָבעלט און זיי צופאַללען זיך אין פרעמדע שטיוועל אַריין! אויפ'ן מיסט האָבען זיי חאָטש מנוחה... אמת, זיי פוילען, נור ערשטענס — פוילט זיך יעדערער אין גאַנצען, נישט געבענקט, אָהן אַ צוריססען הארץ; און צווייטענס, איז לעדער אַזוי האַרט און האַרט=נאָקיג, און זיי פוילען אַזוי לאַנגזאַם, אַז זיי פיהלען עס נישט כמעט! און, אַז עס טרעפט יאָ, אַז איינער דערפיהלט, טראַכט ער דאָך: עט! איידער עס וועט מיך אין גאַנצען דורכנעמען, קענן נאָך אַ מלחמה ווערען... משיח קימען!

און דערווייל איז חאָטש וואַרים! קיינער טרעט נישט, ווייל קיינר ווילל קיין שטיוועל אין מיסט אַריין נישט שטעקקען... עס טרעפט זיך, עס פאַלט אַמאָל אַרויף אַ שכור, שלאָפט ער זיך אוים — ואיננו! מען ציטטערט נור פאַר די שמאַצסיאַרקים!..

דאָס איז אַמאָל אַ לוסטיג פאָלק געוועזען, גאַנצע שיך אַוועק געוואָרפען, היינט קלויבען זיי שטיקלעך און טראָגען זיי צו'ם שוסטער! אָט, דעריבער טאַקי בע=גראָבען זיי זיך טיעף און טיעפר אינ'ם בערגיל מיסט... און טיעף אין מיסט איז וואַרים און דושנע... די אלטע אָבצאַסען און שטיקער פשישווע קריגען אַ ביסעלע היץ און פלוידערן פון וועג, און אַז מען ספּלאַוויעט דאָס מיסט אין קאַנאַל אַריין, חלומט זיך זיי — גלגול מחילות... און זיי וואָלטען אַזוי גליקליך חלומ'דיג דערפוילט זייע=רע יאָהרען, ווען נישט דער שטן — דאָס מחלוקת... זיי האָבען קיין אַחדות נישט

אין מיסט: פשישוועמיט קנאפל ווילֿלען זיך נישט קענגען, צוויי אָבצאַסען פֿון איין שטיוועל בלאָזען זיך אַודאי — דער רעכטער שרייט, אַז ער איז דער רעכטער, און דער לינקער — אַז ווען פֿיס זאָללען תּפילין לעגען, וואָלט ער געהאַט בלאָהע צייכען פֿון דער רצועה! פֿון פֿערשיעדענע שטיוועל איז פּונקט איינער אַ שפּיציגער פֿראַנצויז און דער צווייטער אַ פֿלאַך־שטייפֿער ענגעלענדער; און, טרעפֿפֿען זיך שוין צוויי פֿראַנצויזען אָדער צוויי ענגלענדער, בעקוקט מען זיך אַ האַלבע שעה פֿון אַללע זייטען, און אַז איינער דערזעהט, אַז דער צווייטער איז מעהר אָבגעשליפֿען, מאַכט ער פּליטה פֿון קבצן. און דעריבער פֿוילען זיי אין דער מאַססע אין מיסט, און דאָך אַיינזאַם און טרויעריג. יעדער פֿוילט, און יעדען חלום'ט זיך בעזונדער... און צוזי שווימען זיי אָב זייער בעשערטען גלגול מחילות...

נור יעדען פרייטאַג צו נאַכטס, ווען דער חזן זאָגט „לכה־דודי" און זינגט: התנערי, מעפר קומי! דערפֿיהלען זיי אַ ציטטערניש אין די ביינער און ווילֿלען זיך אויפהעבען! נור יעדעס שטיק בעזונדער איז פֿערפֿוילט און אָהן כח, און זיך צוזאַממענגעהמען איז נישט מאָגליך...

און אַזוי פֿוילען זיי ווייטער משבת לשבת.

# העכט.

לכבוד יום־טוב האָט מען לעבעדיגע פֿיש געקויפֿט. אין אַ גרויסע, גרין־גלאָזערנע שיססעל, אָנגעפֿילט מיט וואַססער, ליגען צוויי גרויסע העכט, און אַביסל ווייטער, אין אַ שוואַרצע ערדערנע שיססעל ליעגען אַ פּאָר קליינע קאַרפּען.

דער עולם קומט נ י ש ט פֿון ים אַרויס, נור דאָך פֿון אַ גערוימיגען טייך, און עס איז זיי ענג אין שיססעל.

די אָרעמע קליינע קאַרפּען אין דער שוואַרצער ערדערנער שיססעל האָבען שוין לאַנג פֿון איהר געוואוסט! זיי ליעגען שוין אַ גוטע שעה אויפֿ'ן זייגער און קלערען, וואָס דאָס קענן זיין פֿאַר אַ תּפיסה, און זיי האָבען צייט צו קלערען! איידער די קעכין וועט צוריק קוממען פֿון גאַסס מיט כל־טוב אויף יו״ט, קען נאָך לאַנג דויערען, עס קענן נאָך אַ קאַרפּ צו'ם שכל קוממען!

נור די העכט אין דער ג ל אָ ז ע נ ע ר שיססעל בעמערקען נישט איהרע וואַנד, זיי צולאָזען זיך אַללע מאָל מיט אַ כח און טרעפֿפֿען מיט די קאָפּ אין האַרטען גלאָז! העכט האָבען אַ־זערנע קאָפּ נור שטאַכיגע מחות! עס האָט יעדערער פֿון די צוויי געפֿאַנגענע גבורים צו הונדערט קלאַפּ געקריגען אויף יעדען פּונקט פֿון שיססעל, איידער עס איז זיי איינגעפֿאַללען צו קלערען, אַז זיי זעננען פֿערמאַכט פֿון אַללע זייטען!

זיי פֿיהלען שוין די וואַנד, נור די שוואַכע העכטיגע אויגען זעהען זיי נאָך

נישט!...דאָס גלאָז איז גרין, עס איז גאַנץ אָהנליך צו קליין-טייך-וואַססער... און דאָך קאָנן מען נישט אַרויס!

— עס איז אַ כּשוף! מאַכט איין העכט צו'ם צווייטען.

— אַ כּשוף! איז דער צווייטער מודה. מאַרגען איז אַ ליציטאַציע אויף פּלאַט-קעס, האָבען אונז די קאָנקורענטען פערכּשופט...

דאָס האָט אוודאי אַ ראַק אָדער אַ פּראָש געטהון!

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

עס איז נישט לאַנג, אַז די נעץ האָט זיי פון וואַססער אַרויס-געצויגען... אַז זיי זעננען אַרויף אויף דער לופט, זעננען זיי פּלוצלינג חלשות געבליבען! זיי זעננען צו זיך געקוממען שוין אין אַ פערהאַממערט פאַסס.

— ווי פריה היינט איז נאַכט געוואָרען! האָבען דעמאָלט ביידע צוזאַממען בע-מערקט. אין פאַסס איז ענג געוועזען, קוים זיך אוים צו דרייען. עס האָט קוים וואַססער אויף אָטהעם געניעגט. פון דעם פריהערדיגען חוֹשות און שפעטרן שלעכ-טען אָטהעמען זעננען זיי ביידע פערדרימכמעלט געוואָרען. עס האָט זיך זיי פון אַללעם, אפילו פון יריד, טעאַטער און באַלעט געחלומט, נור קיין פאַסס האָט זיי דער מלאך פון שלאָף נ י ש ט געוויזען...

זיי האָבען נישט געהערט — נישט דאָס פאַסס אָפפענען, נישט דאָס גערויש אין מאַרק! זיי האָבען נישט געמערקט דאָס ציטטערן פון דער וואָג, אויף וועלכער זיי האָבען זיך געוואַקעלט בשעת ווען די פישערין האָט זיך מיט דער קאָכין געדונגען... נישט געהערט ווי דאָס שאַרפע צינגעל האָט זיי פאָרגעזאָגט די ודוי!

טיעפער נאָך זעננען זיי איינגעשלאָפען ביי דער קאָכין אין קויבער. זיי האָבען זיך אויפגעחאפט ערשט אין שיססעל, אונטער דעם שטראָם פריש קאַלט וואַססער. אַ גוטע שטונדע האָבען זיי נישט-וויללענדיג געשלאָגען קאָפּף אין וואַנד, צונד ערשט רעכנען זיי אויף כּשוף...

— וואָס טהוט מען? פרעגט איינער דעם צווייטען.

די קאַרפען ווייסען, אַז זיי זיצען תּפוּס... זיי ווייסען אויך, אַז עס איז עפּים געוועזען אַ לאַנגע נאַכט און זיי האָבען זיך אופגעחאַפּט אין שיססעל. מן-הסתּם — טראַכטען זיי — האָט מען אונז פאַלשע באַנקאָצעטיל אונטער געוואָרפען. עס וועט זיך אויסוויזען — קלערען זיי — מען דאַרף נור מיט עמיצין אַ קלוג ערנסט וואָרט רעדען!

זיי גיבען זיך אַ קליינעם וואָרף אין דער הייך, דערזעהען די העכט און — פאַל-לען צוריק נישט טויט, נישט לעבענדיג.

— זיי וועללען אונז אויפפרעסען! ציטטערן זיי. זיי האָבען זיך אַ ביסל בע-רוהיגט, ערשט דעמאָלט, ווען זיי איז איינגעפאַללען, אַז די העכט מוזען אויך זיין אין תּפיסה...

— דאָס הײבען זיי אוודאי — מאַכט איינער צו'ם צווייטען — מיט פֿאַלשע באַנקאָצעטיל געהאַנדעלט!

— יאָ, ענטפֿערט דער צווייטער, נור פֿון זיי קאָנן פֿאָרט די ישועה קומען! זיי וועללען נישט שווייגען... און מען וועט אונז צוזאַממען אַרויסלאָזען מיט גאָטס הילף.

— און זיי וועללען אונז בעמערקען — און... אויך (מיט גאָטט'ס הילף) איינ־שלינגען! זיי האָבען זיך מיט די זייטען פֿעסטער צוגעדריקט צו דער דנאָ פֿון שיססעל.

אויף דער פֿאָדלאָגע איז געשטאַנגען אַ קוּבער מיט ציבעלעס.

— ווען מיר נעהמען דען פֿאָדראַד און רייניגען אוים די פֿלאָטקעס, וואָלטען מיר אַזוינע גאָלדענע אָרדער געקריגען, — מיינט אַ העכט.

— מיר וועללען נאָך, אי"ה, קריגען, — ענטפֿערט דער צווייטער, עס איז טאַקי אַ כשוף, נור...

— וואָס נור?

— עס איז דא איין עצה!

— זאָג...

— עס איז אפילו אַ בושה... נאָר... איך מוז דיר זאָגען... מען דאַרף — ד אַ וו י נ ע ן... שטאַממעלט ער אַרוים — דאָס איז די בעסטע רפֿואה געגען כשוף!

— דאַווינען?! אפֿשר!

און ביידע העכט דערמאַהנען זיך, אַז זיי האָבען שוין יאָהרען לאַנג נישט גע־דאַווינט... זיי געדענקען נישט אַ וואָרט.

— אשרי... הייבט איינער אָן.

— אשרי... זאָגט דער צווייטער נאָך, און שטעה! מעהר נישט אַ וואָרט.

— אוי, ווילט זיך מיר דאַווינען — קרעכצט הויך דער ערשטער.

— מיר אויך, — איז מודה דער צווייטער, וואָרען סוף כל סוף זעננען מיר דאָך אויך נור פֿיש!...

* * *

עס געפֿינט זיך אַ טהירל אין וואַנד און צוויי קאָפּף ווייזען זיך אינ'ם חלון. איינער אַ פֿערטרונקענער מאַננער־קאָפּף און דער צווייטער אַ פֿרויען־קאָפּף אין פּאַפּילאָטען.

— אָה! פֿרייט זיך דער מאַננער־קאָפּף, עס וועט זיין אַ פֿריילעכער יום־טוב! העכט... קאַרפּ... אל־דאָס גוטס...

— ווי דענן! איך האָבנאָך נאָך פֿלייש געשיקט!

— מיין קלוג ווייבעל! שמייכעלט דער מאַננער קאָפּף.

— נאָ! נאָ! נור אָהן דעם...

און די קאָפּף פערשווינדען.

— האָרסט — מאַכט איין העכט — עס זעננען דאָ קאַרפּען אויך!
— זיי איז בעססער פאַר אונז!
— מיט וואָס?
— ערשטענס, האָבען זיי דאָ קיין פאָדראַדרען נישט, און זעננען פרייע פייגעל; צווייטענס — קאָנען זיי זיך וואַרפען... ווען זיי גיבען זיך א גוטען וואָרף, וואָלטען זיי אַהיים אין טייך צוריק!
— אָמת!
— און עס וואָלט אָפּשר פון דאָרט אונז אויך אַ טובה אַרוים געקוממען. וואַרט; מיר וועללען פּריווען!
— קאַרפּען! רופט אוים דער העכט. ביידע קאַרפּען זעננען פלוצליג ארויסגעשווימען און האָבען אַרויסגעשטעקט די קאָפּף איבער דער שיססעל.
דער העכט האָט זיך ארויסגערוקט אַקעגען —
— שלעכט ברידער! מאַכט ער.
— שלעכט! אָנטפערן די קאַרפען.
— ביטטער?
— ביטטער!
— ווייניג וואַססער?
— אוי, ווייניג!
— און פערשטונקען?
— עפּוש!
— נישט מאָגליך דאָ צו לעבען?
— נישט מאָגליך!
— מען דאַרף צוריק אַהיים, אין טייך אַריין!
— מען... דאַרף!
— מען האָט גאָר אין טייך פערגעססען
— פערגעססען!
— אַ זינד!
— א רציחה!
— לאָמיר זיך קלאַפּען על־חטא!
די העכט גלעטען די בייכער אויפ'ן ראַנד פון שיססעל; די קאַרפּען שלאָגען זיך ערנסט קאָפּף אָן וואַנד, אַז עס הילכט!
— מען דאַרף אַהיים שפּרינגען — מאַכט ווייטער דער העכט.

— שפּרינגען!

— נו!

דער העכט קאָמאַנדירט און די קאַרפּען זענען אַרויס פון שיססעל אויף דער פאַדלאָגע... און זיי ליגען נישט טויט, נישט לעבענדיג.

— איך האָב גאָר נישט געוואוסט, מאַכט דער צווייטער העכט, אַז דו ביסט אַזא בעל־דברן, עס רינט דאָך דיר האָניג פון מויל! —

די קאַרפּען דערוויייל קראַכצען —

— רוקט אייך! קאָמאַנדירט ווייטער דער ערשטער העכט.

די קאַרפּען גיבען נאָך אַ קליינעם שפּרונג.

— אוי, — קרעכצען זיי, — מען זעהט נאָך נישט קיין טייך, און די ביינער ברעכען, און אָטהעם פעהלט...

— רוקט אייך, נעהמט צוזאַממען די רעשט כחות! עס איז שוין נישט ווייט, גיט נאָך אַ שפּרונג!

נור די קאַרפּען האָרען שוין נישט.

---

די קאַרפּען גוססען אויף דער פאַדלאָגע, און די העכט שפּאַרען זיך; ביידע זענען מודה, אַז ביי'ן אַ רעכטען שפּרונג קאָנן מען קוממען צוריק אין טייך אַריין; נור איינער זאָגט, אַז מען דאַרף דערצו אַנדערע פיש, נישט קיין פאַדלע קאַרפּען, וואָס קאָננען נור שפּרינגען אין וואַססער, וואָס קאָננען נישט אויסהאַלטען אַ פּאָר שעה אָהן אָטהעם און עססען, אַז מען דאַרף דערצו — — עלעקטרישע פיש!...

און דער צווייטער מיינט, אַז דווקא נור קאַרפּען! נור מען דאַרף אַ סך, אַ סך קאַרפּען! און אויב 100,000 וועללען שפּרינגען, וועט איינער טרעפען, און אַז איינער וועט טרעפען, האַ! האַ!

---

# אַ קאַלבענער קל וחומר.

— דער דין איז: הכל שוחטין — זאָגט איך אַ קאַלב — על־פּי־דין מאָגען אַללע שעכטען; מען דאַרף קיין סמיכה נישט פון גאונים, קיין בריעף פון רבנים, מען דאַרף גאָר נישט,— ווער עס וויל מאָג שעכטען.

— שקר — אָנפּערט מיר דאָס קאַלב — מען דאַרף זיין דערצו אַ יוד אַ למדן, מען דאַרף גוט קעננען הלכות שחיטה, מען דאַרף קעננען פּריווען דעם חלף אויף דער צונג... נאָך מוז מען זיין פרום, אויסגעווייקט אין מקוה, דערצו ערנסט מאַכען

די ברכה אונ פערגלייסען די אויגען.

— האָסט אַ טעות, קאַלב, עס איז אַ בפירוש'ע משנה: הכל־שוחטין —

— גיין — האַלט זיך דאָס קאַלב שטאָהל אונ אייזען ביי זיינעם, — נור איין אמת'ער שוחט אונ — דוקא נור אין שעכט־הויז!

עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס ער זאָגט; ער האָט עס פון דער מוטטער גע'ירש'נט, מיט דער מילך געזייגט; איך האָב זיין מוטטער, די צנועה, געקענט; אַ חנ'ודיגע בריאָה, אונ אַ פרומע; זי האָט שטאַרק געגלויבט אין השגחה פרטית... איך האָב געזעהען ווי זי איז, געהענדיג אין גאַסס, גלייך אויף אַ דישעל אַרויף געקראָכען, ווי דער דישעל האָט איהר די געדאָרם דורך דער פלייצע אַרויסגעזעצט; איך האָב געזעהען, ווי זי האָט געגוסעט הענגענדיג אויפ'ן דישעל, אונ געהאָרט, ווי זי האָט ביי יציאת־נשמה געזאָגט: —

— אָרימער דראָנג! צו ווייסט דו נישט, אַז מען טהאָר נישט שלאָגען?!

נור איהר קלוג קאַלב זאָגט נאָך, אַז עס איז אַ קל־וחומר, אונ דאָס ווייס איך שוין נישט, ביי וועמען ער האָט גענוממען; אונ ער מיינט עס ערנסט מיט'ן קל־וחומר:

— מה־דאָך — זאָגט ער — מה־דאָך אַ הונד, וואָס מען קאָנן נישט קוילען אויף כשר, וואָס איבער זיין פלייש מאַכט מען נישט קיין ברכה, וואָס פון זיינע ביינער מאַכט מען נישט קיין גאָלדינע יאָיך, וואָס פ'ן זיין פעטס מאַכט מען נישט קיין קוגעל, וואָס פון זיין פעלל מאַכט מען נישט קיין יריעות צו'ן אַ ספר־תורה, בפרט קיין תפילין מעור־אחד... מה־דאָך — זאָגט ער — אַ הונד, וואָס טויג אין גאַנצען נור אויף ריצען־אייל, טהאָר איהן קיינער נישט אָנריהרען, נאָר איין היצעל אונ דוקא פאַר טאָג, ווען דער עולם שלאָפט נאָך, איך — על אחת כמה־וכמה?!

---

# חוזק.

(אַ שמועס).

— איהר קענט חוזק'ן?

— אַוודאי!

— וואו געפינט מען איהן?

— וואו נישט? אין גאַסס, אין הייזער, אין שוהל, אין בית־המדרש, אָפט זיצט ער תפוס!

— אַ שאָנער פערשוין!

— ער וועט דען שטאַרבען אויף זיין בעט?

— ווי זעהט ער אויס?

— ווי חוזק! הויט און ביין; א הויט פֿון פֿארמיט מיט לאַבענדיג־ווײַנענדיגע וואָרצעל, האַפּטען און שראַמען. אויגען האָט ער אויך משונה'נע; זיינס אַ בליק קאָנן קיין בעל־בתי'שער מענש נישט אויסהאַלטען. ליפּען האָט ער פֿערברענטע, דיננע, צוזאמען געפּרעסטע; עס דאַכט זיך, ער אָפּענט זיי ניט און דאָך שיטטען זיך איהם נאָדלען פֿון מויל, אז עס שטעכט יעדען אין אַללע אֵברים.

— ווי אַזוי קליידט ער זיך?

— קריעה־בליעה; וואָס קלאָרט איהר! אַ טויץ בגדים, נור סאַכע לאַכער און הוזק שטאַרט פֿון אומעטום אַרוים...

— פֿון וואַננען לעבט ער?

— פֿון צרות, בויך־ציין־לעבער־ און האַרץ־ווייטאָג! פֿון וואַננען זאָלל ער לעבען? אַז אַ מענש איז אַ לא יצלח! ער איז אפילו בקי אין די קליינע אותיות, נור טויגען — טויג ער צו גאָר נישט. איידער מען האָט איהן דערקענט, האָט מען אויף איהן רחמנות געהאט, טאַקי, אַ תלמיד חכם, פֿאַר וואָס נישט! האָט מען איהן געמאַכט פֿאַר אַ מגיד. העלפֿט גאָטט — שטאַרבט אַ ראש־הקהל, אַ יוד אַ גביר, אַ ראָדעל־פֿיהרער, — מאַכט ער אַזאַ הספד, אַז דער גאַנצער עולם איז שיער ניט צוקנאַקט געוואָרען פֿאַר געלאָכטער; די ווייבערישע שוהל האָט געלאַכט, איהר פֿערשטעהט?! אַז אַזוי, אוים מגידות! מען מאַכט איהן פֿאַר אַ בדחן; מאַכט זיך ווייטער אַ גבירישע חתונה, שי"ן אֶלף רו"כ נדן... איז ער אַזוי משמח חתן כלה, אַז מען ווערט צו־גאָססען פֿאַר געוויין! און דער הספד איז דוקא ווײַנענדיג, דאָס בדחנות לאַבענדיג, נור דאָס פּנים, די גרימאססען ברענגען אַרוים פֿון די כלים. אַז מען שמיעסט אַ לא יצלח! אַ פֿערשאָלטענער מענש!

— פֿערשאָלטען?

— אמת פֿערשאָלטען! וואו ער ווייזט זיך, קומט אַריין די קללה! ווײַן אין אין קעללער ווערד זויער, מילך אין שטוב — גערינגען, שאָנע מיידלעך און חנ'ודיגע ווייבליך ווערען נמאס ומאוס; פֿון בעלי־צדקות — שווינדלער, נישטען — פֿון די גראָסטע בעלי־בתים! פֿון גבאי'טעם — ר"ל, וואָס עס ווערט! למשל — מען מאַכט אַ חשבון פֿון צדקה געלד, מתן בסתר, מאיר בעל־נס, אַזוי אַ חברה, עס דאַרף זיין עודף! די פּושקע האָט אַ שלאָסס, די גבאים קאָנן מען פֿאַר פֿיינע לייט, הוצאות זעננען קליינע, הכנסות — די והותר. חוזק קומט אַריין — פֿעהלט שוין ³/₄ געלד! עס ווערט אונטער די האַנד פֿערשוואונדען! ווילל ער, ווייזט ער נאָך זיינע שוואַרצע קונצען און געפֿינט דאָס געלד ביי'ם רב אָדער ביי'ם גבאי אין שטיוועל! אַז ער איז דאָ, געהט אפילו אומגעצעהלט געלד לאָבוד! וואו ער שטעקט אַריין די נאָז, איז אוים אמונה, אוים בטחון, אוים קרעדיט!

— ווי לאָזט מען אַזוינס אַריין אין אַ יודיש הויז?

— מען לאָזט טאַקי נישט, ער גנבֿיט זיך דאָך אומעטום אַריין... וואָס קלאָרט איהר, מען היט זיך פֿאַר איהן ווי פֿאַר פֿייער. דער רב ענטלייפֿט כּמטחוי קשת, ד׳נים חלשין, בעל בתּים׳ס ביַיכֿער טרעסלען זיך ווי אין אַ פֿיעבער, די גראָסטע משׂכּילים פֿערגעססען די צונג אין מויל, בעלי צדקה לאָזען די אויגען אַראָב ווי די גראָסטע גנבֿים, אונ נשים — רחמנא־ליצלן — זעננען מפּיל פֿאַר שרעק! אפילו בתולות...

— פֿין וואַננען קומט איהר צו דער סחורה?

— ווייסט איין בּורא עולם! וואו מען זייעט איהן נישט קוּכט ער אַרוים! דאָ פֿון אונטער דער ערד, דאָ פֿאַלט ער אַראָב פֿון הימעל, דאָ יאָגט איהן אָן דער טייוועל ערגיץ פֿון אַ זייט... ער אַלליין ווייסט נישט, פֿון וואַננען ער נעהמט זיך.

— אונ איינער אַלליין?

— עלענד ווי אַ שטיין! קיין קרובֿ, קיין גואל.. אונ עס איז קיין וואונדער נישט: קיינער ווילל זיך צו׳ן איהם נישט דערקענען, אונ ער אַלליין וואָלט זיין אי געגעם טאַטען נישט דערקענט...

— אַ כּשוף?

— אַ כּשוף!



# די רויז.

(אַ זוממער ערצאָהלונג).

עס געהט צו פּסח, עס איז פֿריהלינג, אונ אין זאַקסישען גאַרטען וועללען זיך באַלד די רו׳זען בעוויזען.

איהר האָט עפּים ליעב רויזען? אין אייער שמייכֿעל אַרום די ליפּפּען דערקענן איך, אַז יאָ! איי, וואָס פֿאַר אַ ליכֿטליך עס האָבען זיך אין אייערע אויגען אָנגעצונ־דען! לאָזט נישט אַראָב די ברעמען! בדין צדקי — איך וועלל קיינעם נישט אויס־זאָגען! נור, אַז איהר האָט ליעב, וועלל איך איך טאַקי פֿערציילען אַ מעשׂה פֿון אַ רויז...

אַ מאָל איז געוועזען אַ רויז

געוואַקסען האָט זי אין איין אָפּפֿענטליכֿען (אפשר אין זאַקסישען) גאָרטען, אויפֿ׳ן טראַוויניק, נאָהנט צו דער אַלעע, אויף אַ שטעכֿעדיגען שטרויס.

בשעת ווען איהרע שוועסטער האָבען שוין לאַנג אינ׳ם בליהען פֿערגעססען, איז זי נאָך יונג אונ גרין געוועזען. זי האָט נאָך דעמאָלט אויף אַנעמיע געליטטען: וועניג, אָרים בלוט געהאַט, אונ האָט זיך געשעמט פֿאַר דער וועלט צו ווייזען.

זי האָט זיך בעהאַלטען ווי אַמטיעפֿסטען צווישען די שטאָכּ־נאָדל.

נור אין שטיללע נאַכט האָט זי זיך אַ מאָל אַרוים געווקט, איין אויג געוואָר־פֿען אויף איהרע שוועסטער, אויף אַללע ראָמאַנטיש גליקליכע בלומען, אונ פֿון זיי אויפֿגעהויבען דען טרויעריגען בליק צו׳ם בלאָהעס, קלאָרען הימעל מיט אַ שטיללע, נור אַ וויינענדיגע פּרעטענסיע צו גאָטט, פֿאַר וואָס ער האָט אין איהר איינער פֿערגעססען, זי איינע פֿערטהיילט, איהר איינער אַזא טרויריגע, איינזאַמע, עלענדע יוגענד געגעבען...

דאָס פֿלעגט אָבער נישט לאַנג דויערן. זי פֿלעגט זיך גיך אונ באַלד כּאַר עפּיס דערשרעקקען, אונ, פֿערציטטערט, זיך צוריק בעהאַלטען אין שטרוים. אַמאָל דאַכט זיך איהר — מען שיעסט; דאָס האָבען ערגיץ, למזל טוב, עטליכע קנאָספּען געפּלאַצט. אָט הערט זי זיפֿצען — דאָס גוסעט נור ערגיץ אין זאַנד אַ צוטרעטענע בלום... עס הערען זיך עטליכע האַלז־אונ־נאַז טאָנער — אַ פֿערשפּאָטיגער קאָרטען־שפּיעלער געהט, זינגענדיג אַ היים, אונ לאָזט זיך הערען אין גאַסס.

דאָך איז זי נישט זיכער, צו זי זעהט עס אונ הערט עס וואַכענדיג אָדער נור אין חלום. טהייל מאָל דאַכט זיך איהר, אַז איהר גאַנץ לעבען איז אַ חלום... אַז זי איז גאָר אַ געוואָהנליכער דאָרן, אונ אַ רויז נור אויפֿ׳ן עולם־הדמיון! אַז זי וועט זיך גיך אונ באַלד אויפֿחאַפּען שפּיציג אונ פֿערקרוממט אונ פֿולל מיט ברעננעדיגען, גיפֿטיגען זאַפֿט!

* * *

מיט דער צייט איז דער רויז בעססער געוואָרען. איהר דאָקטאָר איז געוועזען די וואַרעמערע זונן אונ עטליכע טראָפּפּען זוממערעגען... זי איז אַללע מאָל געזונדער אונ פֿולער געוואָרען. דאָס עדעלסטע רויזן־בלוט האָט איהר אָנגעהויבען צו קרייזלען אין די אָדערן, זי ווערט רויט אונ רויטער, מיט יעדער מינוט שאָן אונ שאָנער. דערביי ווערט זי אויך מוטהיגער אונ שטאַרקער ביי זיך!

אונ וואָס רויטער אונ געזונדער זי ווערד, הייבט זי זיך אַלס האָכער אונ האָכער, אונ קוקט אַללע מאָל זיכערער אונ לעבענדיגער אַרוים אויף דער פֿרייער וועלט. דערנאָך איז געקוממען די האָכסטע צייט, זי איז שוין אין גאַנצען צייטיג, פֿילל מיט זאַפֿט אונ שאַרלאַך־רויט! ציגד הייבט זי זיך אויף אין גאַנצען, שטרעקט אַרוים דאָס גאַנצע קאָפּעל הויך איבערן שטרוים, אום אַללעם מיט אָפֿפֿענע אויגען צו בעטראַכטען, אונ פֿון אַללעם בעטראַכט צו ווערען!

* * *

זי קוקט זיך אום אונ פֿערוווּנדערט זיך! אַללע איהרע שוועסטער זעננען שוין פֿערשוווּנדען געוואָרען; זי איז געבליבען איין רויז אין גאָרטען, איינע אליין. עס פֿראָהט אונ שרעקט זי צוזאַממען!... אונ חאָטש זי האָט אַללעם נור ווי אין חלום

געהערט און געזעהן, ווייסט זי דאך, וואס דאס פערשווינדען בעטייט! זי ווייסט, אז איהרע שוועסטער זעננען פון די שטרויכען אראב אין דער וועלט אריין זוכען גליק. וואס דאס „גליק" אליין איז, דאס ווייסט זי נ׳שט, נור עפּיס טריימט איהר, אז עס איז א גליק פערהאנדען, אז דאס גליק וואקסט נישט אויפ׳ן שטרויס, אז צוליעב איהם מוז מען ארויס פון דער שטאבעדיגער ארימער היים אין דער פרייער וועלט אריין, צו געזעצט צו עמיצענס א ברוסט!

זי שרעקט דאס געהלומטע גליק און דאך ציהט עס זי ווי א מאגנעט... זי דערמאנט זיך, אז איינמאל האט זי געהערט אזוי זיעס מוזיקאליש רעדען פון גליקליך זיין און גליקליך מאכען... מענשען האט זי נישט איינמאל געזעהען און געהערט בעהאלטען אין שטרויס... טהייל עלענדע, טרויעריגע, פערקרומטע מענשען... נור טהייל פריילינע, גליקליבע מיט רויזען אויפ׳ן הארץ! און די האבען געשמייכעלט, און דאס פנים האט זיי געשטראהלט מיט גליק! זי וויל אויך אויסגלייכען, בלאנק מאכען א זויער-טרויעריג פנים, זי וויל אויך ליכט אנצינדען אין האלב פערלאשענע אויגען ..

זי וויל זיך אליין אברייסען פון שטרויס און צו-קאללערן זיך צו דער אללע, וואו מענשען וועללען באלד אנהייבען שפאצירען... עס „פאסט" דאך ניט; זי ווייסט שוין, אז דער סדר עולם איז נישט, רויזען זאללען זיך אברייסען אליין... מען מוז ווארטען... אויך אונטען וועט מען זי ניט בעמערקען! עס קאנן דורכגעהן א פערטראגענער סוחר, א פראצענטניק, וואס לויפט נאך זיין אפפער אדער וואס ענט-לויפט פאר׳ן געזעטץ... א טראגער מיט א שווערע לאסט אויף די פלייצעס, וואס וועט אויף איהר גאר קיין מבין ניט זיין און ניט אבטרעטען פון וועג... און אונ-טער אזוינע פיס וויל זי אודאי ניט שטארבען. זי מוז בלייבען אויפ׳ן שטרויס, האטש אזוי איינזאם און טרויעריג!

— מען וועט דאך באלד קוממען! טרייסט זי זיך! מיינע שוועסטער זעננען דאך אויך ניט זיצען געבליבען!

* * *

עס איז א קלארער, העללער פריהמארגען; זיי וועללען זיך באלד בעווייזען! דער הימעל איז אזוי העלל-בלאה, אזוי צוזאגענדיג, אזוי שמייכעלדיג, אזוי גוט! אין אזא שאנעם העללען טאג מוז איהר גליק געבארען ווערען, און — ווי א זיל-בערנע שטראהל פון הימעל, ווי א ברכה פון גאטט, אראבפאללען אויף איהר! זיי וועללען זיכער קוממען און איינער פון זיי... איינעם פון זיי וועט זי בעגליקקען!

זי הייבט זיך נאך האבער איבערן שטרויס. זי גלייכט אויס און צוליינט איהרע רויטע קליידערליך, מיט די חנ׳ודיגע טהוי-בריליאנטען בעשיטט. זי לייגט דאס קאפּעל אביסל אין א זייט; אזוי פיהלט זי זיך שאנער און נאהנטער צו דער שמאלער אללעע.

* *
*

עמיץ געהט!

עס הייבט אָן ציטערן דאָס קליינע רויזען־הערציל. זי ווילל זיך שוין צוריק בעהאַלטען, זי האָט חרטה... נור דער, וואָס קומט אָן, האָטש ער זעהט זי נאָך נישט, ציהט זי שוין צו ווי אַ מאַגנעט.

עס געהט אַ יונגער מאַנן מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען...

— אַח! ער וועט מיך נישט דערזעהן! טרייסט זי זיך און שרעקט זיך צוזאַמען!

דער יונגער מאַנן קומט נאָהענטער. זי האָט נאָך אַזא טרויעריג פּנים נישט געזעהען! אַ דיננער ביטטערער שמייכעל בלאָנדזשעט אַרום אַ פּאָר קליינע בלאַססע ליפּפּען... דער יונגער שטערן איז געראונצעלט, אויף די בלאַססע באַקקען איז שוין לאַנג, אַ פּנים, קיין פריידיגער שטראַהל נישט געפאַללען... זיינע אויגען זעהט זי נישט, נור זי פיהלט, אַז זיי מוזען זיין בלאָה און שאָן ווי דער הימעל, נור טרויעריג — ווי עס קען נור זיין אַ הימעל אָהן זונן!

— און קיין איינציגע פון מיינע שוועסטער — וואונדערט זי זיך — האָט זיך פאַר אַזוינעם נישט געאָפּפערט?

דער יונגער מאַנן הייבט פּלוצלינג אויף די אויגען; זי האָט געטראָפּפען! דאָרט קאָנן זיין אַ הימעל, נור דערווייל איז אַ ים פון לייד! ער דערזעהט זי אויך; רייבט זיך מיט דער האַנד דען שטערן, ווי איינער וואָס דערמאַנט זיך עפּיס; זיין פּנים ווערט בלאַססער, און דער דיננער ביטטערער שמייכעל ווערט ברייטער און ברייטער און פערשפּרייט זיך אַלס האָכער און האָכער ביז די אויגען צו... נור באַלד פאַלט דערויף אַ געדיכטער שאָטטען פון ווייטאג! ער פערברעכט די האַנד:

— אַ רויז — ציטטערן זיינע ליפּפּען — אַ רויז! — ווען יענע האָט מיר „יאָ" געזאָגט, האָט זי אַ רויז געטראָגען... נור דאָס אייגענע צירונג האָט זי געהאַט אויף דער ברוסט, ווען זי האָט מיך אָבגענאַרט... די אייגענע רויז!

— אַח, דאָס נאַרישע הארץ! בייזערט ער זיך אויף זיך אליין — עס קאָנן נאָך אין איהר און אין רויזען נישט פערגעססען!

— מאַרש! קאָמאַנדירט ער זיך, און רייסט זיך אַוועק מיט געוואַלד, און פערשווינדט אין איין אַנדערער גאַסע.

ד'אַח, גאָטט, גאָטט, קלאָגט זי די רויז — וואָס מיינע שוועסטער קאָננען!

אָה! זי וועט עס נישט טהון .. ביז'ן לעצטען אָטהעם, ביז'ן לעצטען הויך!

אָה ניין! אינם טרייעם אָפּפערן זיך איז דאָס העכסטע גליק פון אַ רויז!

* * *

עס קיממען אָן צוויי אַלט'רע דאַמען; געהענדיג, בעטראַכטען זיי אַללע שטרויסען; אַללע זעננען לעער!

— זיי מוזען דערוואַקסענע זיהן האָבען! טראַכט זיך די רויז.

— נור פאַר וואָס קוממען זיי נישט אַ ל ל י י ן — זעהט עס איהר ווינדערליך אויס.

— מיר האָבען זיך פערשפּאָטיגט — מאַכט איין דאַמע צו דער אַנדערער.

— איך זעה שוין — אָנפּערט די צווייטע — עס וועט שוין דאָס יאָהר קיין רויזען נ י ש ט זיין!

די רויז ווילל ד אָ ך, מען זאָלל זי בעמערקען, אָבוואהל דאָס רחמנות אויף י ע נ ע ם קלינגט איהר נאָך אין הערציל. זי בעוועגט זיך אונ עס געראָטה איהר!

— אָט, אַ רויז! מאַכט איינע.

— איך זעה שוין — זאָגט די צווייטע — „קיין מעשה ניט" פון אַ רויז, נור איינע איז קיינע! פאַר מיינע גאָסט דאַרף איך ווענינסטענס — אַ טאָפּף איינגע־מאַכטס... נאַכט אויף נאַכט ווייַן אונ קאָרטען, דאַרף ד אָ ס א ו י ך נישט פעהלען.

— איך — ווענינסטענס איין איימער זאַפט...

די אָרימע רויז דאַנקט גאָטט, אַז די דאַמען זעננען פאָרבייגעגאַנגען. זי שטויסט זיך אפילו נישט, ווי אַזוי מען ד ר י ק ט אַרויס דען זאַפט פון רויזען, ביי וואָס פאַר אַ פייער עס פרעגלען זיך קאָנפיטורען... נור די דאַמען אַליין זעננען איהר נישט געפאַלען; אַזוינע דיקקע, שמאַלציגע פנימער...

אַ רויז איז פון נאַטור צו עדעל, עס זאָלל איהר אַזוינס געפאַללען!

* * *

מיט אַ גראָהעס פאַראַסאָל אין דער האַנד, מיט גרויסע קאַלאָשען אויף די פיס, מיט אַ דיקקען פאַלעטאָט, פערמאַכט אויף אַללע קנאָפּף, מיט אַ ווייס טוך פערבונדען די צאָהן, מיט אַ הויכען צילינדער אין דער לינקער אונ אין דער רעכטער האַנד אַ דיקקען וויין־שטאָק, איבער וועלכען דער גאַנצער קאָרפּער בייגט זיך אינ'ם גאַנג; מיט אַ גאָלען קאָפּף אונ דאָפּעלטע ברילען אויף דער דאַרער, געגאָרבעט, שפּיציג־ביינגער נאָז, קומט אָן — שלעפּענדיג אַ פוס נאָך אַ פוס — איין אַלטער „דייטש"!

די רויז האָט זיין שטיללען גאַנג נישט דערהאָרט, אונ קיין צייט נישט געהאַט זיך פאַר איהן צו בעהאַלטען.

ער שטעלט זיך פאַר איהר אָב, שלעפּט צו איין פוס צו'ם צווייטען, מאַכט צורעכט די דאָפּעלטע ברילען אונ בעטראַכט די פרישע בריאה...

ער רונצעלט דאָך די נאָז; זי איז איהם נ י ש ט געפאָללען.

— פהי! — בלאָזט ער אַרויס פון צווישען די בלאָהע ליפּען, אונ דערפון ווערט אַ ריח אונ אַ גערויש, גלייך אַ פויל בלאַטט וואָלט געפלויגען אין דער לופט.

— פהי! שוין נישט פאַר מיר! צו פיעל ענטוויקעלט... צו אַלט! איך דאַרף

יונגער, פֿרישער; נאָך גרינליך, עפּעס אַזוינס — — —
ער לייגט צו צוויי פֿינגער צו די ליפּפּען, וויל ענדיגען מיט אַ וואָהל=
יונגערישען פֿייף, נור עס קומט אַרוים קוים אַ ציישען פֿון אַ שלאַנג — — און געהט
ווייטער.

—ברעך די פֿיס! קאָנן זיך די רויז נישט איינהאַלטען.

* * *

אַט, עס קומט אָן אַ מענש אין די מיטלערע יאָהרען. עלעגאַנט געקליידט,
דער אָבערציהער מיט דער העלל'ער אונטערלאָג אויפֿ'ן אַקסעל, מאָדישע זאָקק אלס
ביינקליידער. איין אָפֿפֿענער זיאַקעט, פֿון וועלכען עס קוקט אַרוים אַ גאָלדען (אָדער
אַ געגילדט) קייטעל, און ענדיגט זיך נאַכלאַססיג, אַראָבפֿאַללענדיג מיט אַ גרויסען
פֿערדס קאָפּף אין אַ ראָם פֿון אַ קליינער פֿערדס פּאָדקאָווע; איבער דער ברוסט טאַנצט
אין דער לופֿט אַ גאָלדענע פּאַנסנעע אויף אַ דינן=זילבערנע האָהר; אַ יאָגער=הוט, און—
אַ פּנים, צו וועלכען מען האָט זיך געמוזט גוט און שאַרף צו קוקקען, מען זאָלל
דערזעהן, אַז דאָס לעבען האָט שוין לאַנג דען פֿרישען הויך דערפֿון אַראָבגעבלאָזען...
נור די אויגען זענען רויטליך=מיעד, און אַרום געפּאַסט מיט בלאָהע ראָנדער.
די רויז בעמערקט ער באַלד, נור ער בלייבט אפילו נישט שטעהן אַ רגע.
— פֿאַר איין אנדערער — טראַכט ער — איז אַ רויז גענוג. איך וואָלט גע=
שיקט אַ רויז מיט דער פֿרישער טהוי, אַ שמעקענדיגען ביללעט מיט פֿלאַממענדיגע
ריימען אונטער אַ דורכגעשטאָכען האַרץ... זי וויל אָבער בריליאַנטען!

* * *

עס קומט אָן אַ בלאַססער יונגער מאַנן; לאַנגע, נאָכגעלאָסטע, פּאָעטיש=
פֿאַנטאַסטיש צושויבערטע האָהר. די אויגען פֿערזונקט אין הימעל, גלייך ביידע
בלאָהע פֿאַרבען ווילען זיך צוזאַממען גיעסען! אין מויל מיט גוט גערייטמטע ליפּפּען—
אַ זיעס זוממער=ליעדעל אָהן ווערטער, און אויפֿ'ן בלאַסליכען, מיט גאָלדענע זונן=
שטראַהלען לייכט גערויטעלטען פּנים איז אויסגעגאָססען אַ פֿאַרביג=פּאָעטישער חלום.
די רויז דערפֿיהלט אַ שטאָך אין האַרץ, גלייך עס האָט זי אַ פֿייל געטראָפֿען.
עס טהוט איהר וועה, נור די וועהטאָג איז אַזוי זיס, אַזוי עדעל=זיעס! איהר
ציטטערט דאָס קליינע רויזען־האַרץ און צאַפּפּעלט ווי אַ יונג־פֿייגעלע אין שטייג, עס
וויל זיך אוים רייסען!
— אָט — דאָס איז דער — צאַפּעלט עס און רייסט זיך — וואָס עס האָט זיך
מיר אַזוי לאַנג געחלומ'ט! וואָס גאָטט האָט מיר געוויס בעשערט! גליק איז אויף זיין
ברוסט! אַה! ער זאָלל מיך נור זעהען! ער זאָלל מיך נור זעהען!

און איהר היים געבעט איז ווייטער געהאָרט געוואָרען; ער האָט זי דערזעהען!

ער בלייבט שטעהן ענטציקט! די בלאָהע אויגען ווערען איהם גראָססער און די שטראַהלען אין זיי — ליכטיגער און וואַרימער!

ער געהט צו, און בעריהרט זי זאַכט מיט די ציטטערדיגע פינגער, ער לייגט צו זיינע ליפּפּען צו איהרע ערדעלע בלאָטליך... זיי טרינקען פון איהר טהוי... ער קושט זי.

— אָ, דו שאָנע, זיסע, הימלישע רויז! זינגט פון איהם אַרויס — דו גאָטטעס זיסער שמייכעל! דו בעסטער שטראַהל פון זיין אויג! ווי ליעב האָב איך דיך! ווי דו ציהסט מיך צו דיר!

ער קושט זי נאָך אַ מאָל... און זיינע ליפּפּען דערפיהלען, אַז די רויז וויל זיך אַנקלעבען אין זיי... אַז זי אין גאַנצען ציטטערט און וויל זיך אָברייסען פון שטרוים...

און ער ציטטערט אויך! נור אַ טרויעריגער וואָלקען ציהט זיך פלוצלינג איבער זיין פנים. ער רוקט זיך אָב.

— ניין — ציטטערן זיינע ליפּפּען, בשעת ווען ער חאפּט די האַנד צו זיך, גלייך ער וויל זיי נישט געטרויען —

— דאָס נישט! איך וועל דיר פאַר דיין גוטס מיט קיין שלעכטס נים צאָהלען...

„צו געשווינד וואָלסט דו פערוועלקט אין מיין נאַססער שטוב... דערנער־ווערט — וואָלט איך דיך נאָך בעליידיגט, און דערנאָך — מיר אין קאָפּף אַ קויל אריין געיאָגט..."

אָ, ניין! בליה ווייטער, בליה! דו וועסט בלייבען די קאָניגען פון אַללע מיינע חלומות... וואו איך וועל זיין, וועל איך אַלץ שיקען מיינע זיפצען און מיין געבעט צו דיר... נור בליהען זאָלסט דו ווייטער..."

„בליה!"

און ער געהט אַוועק...



בעטויבט, בלייבט די רויז אויפ'ן שטרוים און בעמערקט נישט, אַז מיט דער אַללע קומט אָן אַ שכור.

ער וואַקעלט זיך אַהין און אַהער, זינגט עפּעס אונטער דער נאָז און פאַלט גלייך אויפ'ן שטרוים אַרויף.

אַז די פּאָליציי האָט'ן שפּעטער־צו אויפגעהויבען, האָט זיך דער שטרוים צוריק אויסגעגלייכט, נור די רויז איז שוין אויף איהן נים געוועזען. —

# מעשׂה׳ליך פון דולל־הויז.

## I. עולם הבָא.

אָ — ניין! מיך וועט איהר נישט איינרעדען! די וועלט איז נאָך קיין וועלט נישט!

וואָס מיינט איהר? עס צינדט זיך אָן אַ ליכט, עס ברענט העללער אָדער טונקעלער — לויט דען חלב, לאַנגער אָדער קירצער — לויט דער לאַנג און דער דיקק — עס ברענט, צאַנקט און ווערט פערלאָשען מיט אַ קלענערן אָדער אַ גראָסערן ריח — און שוין! דאָס איז עס אין גאַנצען?

איך — וואָלט אַזאַ לעבען נישט בעשאַפפען!

פראָגט אַ גימנאַזיסט פון 5־טען קלאַסס, וואָס עס ווערט פון איין אויסגעברענט ליכט! ער וועט אייך זאָגען, אַז עס איז נישט צו נישט געוואָרען! ער וועט אייך אויסווייזען מיט אותות ומופתים, אַז די נאַטור איז אַ ווירטשאַפט, וואו עס ווערט גאָר נישט פערלוירען, קיין שטויב, קיין האָהר... „פון אויסגעברענטען ליכט ווערען גאַזען; מען זעהט זיי נישט, די גאַזען, נור דאָ זעננען זיי; זיי שוועבען אַרום אין דער לופט.

אַ חלב׳ן ליכטל פאַר אַ גראָשען ווערט אין דער נאַטור נישט פערלוירען, נור איך, איך מיט מיין שׂכל, מיין וויללען, מיין יושר, מיין צַער, מיינע טרערען — איך ווער פערלוירען, פון מיר בלייבט גאָר נישט!

און זיי זאָגען, אַז איך בין משוגע!

---

און הייסט דאָס אַ וועלט?

יושע זייגער־מאַכער איז קיין גרויסער מייסטער נישט, און דאָך וועט פון זיין שטוב נישט אַרויסגעהן אַ זייגערל, וואָס זאָלל יעדער רגע וואָללען צווזעצט, צוקלאַפּט און צושפּרונגען ווערען; וואָס זאָלל האָבען אין זיך איין אייביגע, בעשטאַנדיגע מלחמה; איין ראָדעל זאָלל רייבען, שלייפען און דריקקען דאָס צווייטע, איין צאָהנד׳ל זאָלל ציפּפען, רייסען און בייסען דאָס אַנדערע; און דאָס האָהר, אָדער ווי ער זאָגט — די פעדער, זאָלל אַלץ אַרומנעהמען און שטיקקען און וואָרגען,

עס זאָלל קיינער קיין אָטהעם נישט קאָננען חאַפּען!

צו האָט איהר געזעהען אַ מאָל אַ דרעשמאַשין, וואָס דרעשט זיך אַלליין? צעפּים, וואָס רייסען פון זיך אַלליין אָב די הויט?

ניין! דאָס איז קיין וועלט נישט! איין ערב־רב איז עס, אַ דולל־הויז איז עס! געקוילעטע האָהנער לויפען אַרום און חאַפּען קאָרנדליך, דאָס בלוט רינט און זיי וואָרגען זיך! אַ דולל־הויז איז עס, אַ מבול דאַרף עס, — קאַלט, קאַלט וואַססער!

---

און ווער וואָלט פאַר אַזאַ פינסטערע וועלט אַזוי פיעל ליכטיגע, גאָלדענע שטערן בעשאַפען?

גלייך זי ווייסט דענן, די פינסטערע ערד, וויפיעל שטערן זי האָט?

„מען קאָנן נישט איבערצאָהלען!" זאָגט זי...

וואָלט עס נור מטבעות געוועזען, זילבערנע, גאָלדענע מטבעות, וואָלטען שוין אַללע, אַללע געצאָהלט, נישט ווי היינט, נור אַ מנין געלעהרטע בטלנים, אַללע וואָלטען געצאָהלט און מען וואָלט שוין איבערגעצאָהלט!

---

ניין, דאָ איז נאָך דאָס רעכטע לעבען נישט! דאָ לעבט מען נור דערווייל, אין ערב־רב, אָהן אָרדנונג, אויסגעמישט: לייבען, טחוירען, בערען, וואָרם און פאָגעל, און אַלל־די־שוואַרצע יאָהר צוזאַממען... עס טרעפט זיך אַ מענש אויך...

נור — אַז מען דערזעהט איהן, פאַקט מען איהן אין דולל־הויז אַריין...

---

עס איז גענוג איין און צו וואַרפען אויף די ליכטיגע, קלאָרע, זאַנפטע, מילדע, ריינע שטערנדליך, מען זאָלל איינזעהען, אַז דאָרט איז ערשט דאָס רעכטע לעבען... נור דאָס אַ מת׳ע לעבען שטראַהלט אַזוי רוהיג, אַזוי זיכער!

און דאָרט לעבען די מינים בעזונדער, יעדער שטערן האָט זיין מין און דעריבער שטראַהלען זיי מיט שלום, מיט עולם הבא!

דאָרט הערט מען נישט אַלס־אין־איינעם: „מיין טויט אָדער דיין טויט!"

אויב אַ שטערן ציטטערט אין הימעל, איז עס פאַר רחמנות אויף אונזער פינסטערער ערד! אַז איינער פון זיי טרעפט זי פלוצלינג אויפ׳ן וועג, דערשרעקט ער זיך און פאַלט... די זונן קאָנן נישט צוקוקען, ווי עס לעבט זיך ביי אונס, פערשטעללט זיך טהייל מאָל דאָס פּנים און עס ווערט לקוי חמה... די לבנה איז נאָהנטער, זי זעהט בעססער, רייסט זי פון זיך פאַססען און מען מוסס יעדען חודש מאַכען אַ נייע לבנה!

---

טויזענד אייגען האָט דער מלאך המות!"

עס איז קיין וואונדער נישט. ער דאַרף די מינים סאָרטיערען און יעדען שיק־קען אויף זיין שטערן אַרויף; און דאָ איז אַ מאַסקאַראַד, אַ פּורים־שפּיעל, סאַמע פּערשטעלטע, עס איז קיינער נישט אין זיין אייגענער הויט!

אַם אָרגסטען איז מיט די כל־בו־ניקים;...

## II. כל־בו.

„אַ מאָל — האָט מיר מיין באָבע, די אַרענדאַרקע, פּערצאָהלט — האָט זיך בעוויזען אַ כל־בו׳ניק". דאָס איז געוועזען ביים פּריץ אויפ׳ן הויף, וואו זי האָט די פּאַכט געהאַלטען, דעריבער ווייס זי די מעשה. —

פון וואַננען ער האָט זיך גענוממען? ווייסט מען נישט.

איינער האָט געזאָגט, אַז זיין מוטטער איז אַ באָקקערין געוועזען און האָט׳ן אויסגעקראַצט פון אַללע מולטער — אַ וויסקראָביק, רחמנא לצלן!

אַנדערע פּערצאָהלען אַנדערש: אויפ׳ן הויף אונטער דער שאָפּע איז אַ קאָסטעל געשטאַננען, וואו אַללע פון הויף האָבען וואַססער געגאָסכען — הינד אויך! דערפּ׳ן איז אַרויס אַ שוואָם... נישט קיין הונדשוואָם, נור אַ שוואָם „מכל המיניים שהוא"...

דערנאָך האָט זיך עפּיס אַ ווינטל געמאַכט, די שוואָם האָט זיך אָבגעריססען, אַ וועקגעקאָללערט און האָט זיך שפּעטער אויפגעהויבען, אַלס אַ לעבענדיגער כל־בו׳ניק...

סיי ווי סיי קומט ער אַרויס פון פּריץ׳ם הויף!

און אַ וואונדערליך חיה׳לע איז דער כל־בו׳ניק געוועזען!

אָהן ביינער, פון סאַמע ווייך פּלייש; און דאָס קאָפּעל האָט זיך לויז געדרעהט אויפ׳ן האַלז, ווי אויף אַ גוט געשמיערט שרייפּעל! ער האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט און מיט׳ן קאָפּעל געדרעהט קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון, קיין דרום — וואו איהר ווילט, נור אַלליין! און וויל ער האָט יעדעם צוגעשאָקקעלט מיט׳ן קאָפּף, האָט ער מיט אַללע בשלום געלעבט, און פון קיינעם און מיט קיינעם גלייך — נישט געליטטען!

עס שלאָגען זיך צווי האָהנער; איינער שרייט: קוקעריקו, דער צווייטער וויל דוקא: קיקעריקי! דער כל־בו מישט זיך נישט אַריין. נור, אַז דער הויף איז שוין בעדעקט מיט פּעדערן, און די האָהנער צופּאַללען זיך אָהן כח, געהט ער צו און זאָגט: איהר האָט ביידע רעכט: דער „באור" זאָגט: „קיקעריקי!" און די שבעים־זקנים: „קוקעריקו!", און ביידע האָהנער בלייבען זיך שונאים און איהם גוטע פריינד!

עס איז קיין שטיללער הויף נישט געוועזען... דער הונד האָט געביססען דען

חזיר ביים אויער, די קאַץ האָט געשפּיגען אויפֿ'ן הונד, און איין אָדלער מיט איין אונטערגעשאָססענעם פֿליגעל איז אַרומגעגאַנגען און אַללע געוואָרפֿען אין זיעבּטען שוויים אַריין; נור דער כּל־בו'ניק האָט זיך מיט אַ ל ל ע געחבֿרט: ער האָט זיך געהאַלטען, אַמאָל ביים רעכטען, אַמאָל ביים לינקען אויער און דער חזיר האָט געמיינט, אַז ער איז אויך אַ געביססענער! דעם הונד האָט ער אַיינגערוימט: „בּררר... סאַמע גנבים, איין עהרליכער מאַנן ביסט דו!" דערנאָך איז ער אַרויפֿגע־שפּרונגען אויפֿ'ן צוים און געוואַשען זיך מיט דער קאַץ צוזאַממען פֿאַר'ן רעגען...

פּלוצלינג גאָר האָט ער דען אָדלער דערזעהן! ער ציהט אויף זיך אַ באָנגשאַפֿט, אין אויג ווייזט זיך אַ טרער: נישט גוט, ברודער, דעם אונטערגעשאָססענעם! ער זיפֿצט און דער אָדלער מיינט, אַז ער בענקט אויך נאָך די הויכע וואָלקען, און געהט אַוועק מיט אַיין אַראָבגעלאָזטען קאָפּף נור מיט אַ ווייך הארץ... „אויך איין אונגליקליכער!"...

און אַז קיינער זעהט נישט, שפּרינגט ער גאָר אַריין אין שטאַלל צום קליינעם עזעלע און רוימט איהם איין: ווייסט, קאַנסט העכסט מיר אויך נישט אָן צו געפֿעללען!

---

און אויף ד ע ר וועלט פּו, ... פּו ...!— אויפֿ'ן פּריץ'ס הויף, מיין איך — איז איהם גאָר נישט שלעכט געוועזען... ער האָט מיט אַללע גוט געלעבט, מיט אַללע זיך געחבֿרט, ביי יעדען עפּיס געחאַפּט...

יעדער האָט איהם געדענקט אַ זכות פֿון אַ שאָקקעל אויף זיין זייט! און, חאָטש קיינער האָט איהן נישט ליעב געהאַט, האָבען איהן אַללע פֿערבעטען: ווער אויף פֿרישטיק, ווער אויף מיטטאָג — און ער האָט אַללע מאכלים געגעססען.. און יעדערער האָט זיך איהם געגריסט און דערביי זיך אין הארץ געוואונדערט: פֿאַר וואָס האָב איך איהן נישט גערן?

---

נור אייביג לעבט נישט קיינער, אפילו נישט קיין כּל־בו! עס איז געקוממען זיין צייט, און דער רוח האָט איהן פֿערטראָגען אין אַ מדבר אַריין, אויפֿ'ן זאַממעל־פּלאַץ, וואו די נשמות פֿון אַללע חיות, בהמות ועופות נעהמען זיך צוזאַממען, און דער מלאך המות סאָרטיערט זיי, באַנדראָליערט און פֿערשיקט אויף יענע וועלט.

ווענן דער כּל־בו איז אָנגעקוממען, איז שוין די סטעפּ בעדעקט געוועזען מיט אָבגעטיילטע מחנות, וואָס האָבען איינס אויפֿ'ם אַנדערע געקוקט צום לעצטען מאָל, און שאַרף בעטראַכט! זיי וויללען געדענקען אויף י ע נ ע ר וועלט, וואָס פֿאַר אַ מינים דאָ זענען געוועזען. די עופות זעננען אונגעדולדיג געשטאַננען אויף איינציגע פֿיס; פֿון די אינדיקים שניידט זיך אָב אַ בלוט־רויטע שאַרפֿע אויף אַ מייל; ווי דיננע

זילבערנע נעבעל הוידען און וויעגען זיך די טויבען אין דער לופט; שטאָלץ און ערנסט האַלטען זיך די אָדלער אין אַ זייט; אַ גאַנצע באַנדע עזעל האָבען זיך צו־זאַממענגעשלאָגען מיט די קעפּ און קלערען, וואָס פאַר דאָרנער עס קענגען וואַקסען אויף יענער וועלט.

און דער מלאך המות האָט שוין גענוממען דאָס פייפער׳ל צום מויל, אַ צייכען צו געבען צום אַוועקפליהען . . . ער האָט שוין אויפגעהויבען די האַנד, יעדען צו ווייזען זיין וועג, נור ער האָט די האַנד אַראָבגעלאָזט, דאָס פייפער׳ל פערגעססען — ער האָט דען כל־בו בעמערקט.

— ווער ביסט דו? פראָגט דער מלאך המות, וואָס האָט נאָך אַזאַ ברואה נישט געזעהן.

כל־בו שווייגט; ער ווייס אַלליין נישט, ווער ער איז!

טויזענד אויגען האָט דער מלאך המות, און מיט יעדען אויג זעהט ער אינ׳ם כל־בו איין אנדער בעשאַפעניש.

— צו וועט זיך קיינער נישט דערקעננען צום נייען גאַסט? ווענדט ער זיך צו די אַללע מינים, וואָס זעננען שוין אויסגעשטעלט גרייט צום פליהען.

נור קיינער אָנטפערט נישט, יעדער מין זעהט אינם כל־בו אַ קליין פיצל זיינס, נור אַזוי פיעל פרעמדס!

עס דויערט אַ ווילע און דער מלאך המות נעהמט זיך צוריק צום פייפער׳ל... ער וויל אַ צייכען געבען: זאָללען זיך די מינים פליהען יעדער אין זיין וועג, זאָל דער כל־בו בלייבען אין סטעפּ!

דעמעלט אָבער האָט דער כל־בו אַרויסגעלאָזט אַ שרעקליך געוויין, אין וועלכען עס האָבען זיך געהאָרט אַללע יללות פון אַללע מינים חיות און עופות! ער איז צו־געפאַללען צום מלאך המות׳ס קניע און האָט איהם די פיס געקושט.

— וואו לאָזט דו מיך איבער, דו באַרמהערציגער מלאך!

דער מלאך המות ווערט גערירהרט פון זיינע טרערען, נור וואָס צו טהון ווייס ער נישט!

— אויף יעדען שטערן — זאָגט ער דעם כל־בו — שטעהט אַ מלאך ביים טויער און קוקט נאָך אַ מאָל דורך דען גאַנצען טרנאַספּאָרט... מען וועט דיך אין ערגיץ נישט אַריינלאָזען; און קיין עקסטרא וועלט פאַר כל־בו׳ניקים האָט נאָך גאָטט נישט בעשאַפען . . .

— באַרמהערציגער מלאך! דאָ בלייבען וויל איך נישט, קאָנן איך נישט, איך געהאָר דאָך שטיקליך־ווייז צו אַללע מינים, זאָל יעדער מין זיך צו נעהמען זיין חלק!

— ערליך! זאָגט דער מלאך —, דיין פסק זאָל מקוים ווערען;

און, אַז יעדער מין האָט זיך אויסגעצופּט זיין חלק איז בּיי יעדען מין אַ דינן האָהר׳ל געבּליבּען, און בּיים ערשטען ווינד האָבּען זיך די האָהר אָבּגעריססען און געבּליעבּען דערנאָך האַנגען אין דער לופט...

---

מיט דער צייט האָבּען זיך אויף דער וועלט די כּל־בּו ניקים געמעהרט, נור אללע האָבּען אַזאַ סוף.

און ענדע זוממער, אויב דו זעהסט שפּינוועבּס האַנגען אין דער לופט, זאָלבּט דו וויססען, אַז דאָס זעננען כּל־בּו׳האָהר!

אַזוי האָט מיר מיין באָבּע פערצאָהלט...

---

## III. א חלום.

איהר ווילט וויססען, פון וואַננען איך קום אהער?

איך וועלל אייך פערצאָהלען; איך האָבּ קיין סודות נישט.

אַ מאָל בּין איך גאָר אַ געזונדער געוועזען; אייגענטליך פערקערט, איך האָבּ געליטען; נור אויפ׳ן מאָגען, אויף די פיס, אויף נאָך אנדערע קראַנק אין לייב, א נשמה אָבּער האָבּ איך געהאַט א געזונדע — זי האָט אפילו פרי־מגדים פערדייעט; אַ מוח — אַיין אַייזערנעם; אַ קליינינקייט דעם פּארציוועער רבּ׳ס אייניקל!

פאַר מיין קאָפּעל האָט מען מיר אַיין אשה צנועה געגעבּען — איהר קענט זי אפשר? בּיילע די שטריקען־מאַכערין, אַ וואהלע יודענע! נדן אויך, ווי דענן! איך האָבּ וויי׳טער געלערנט, נור געהאַנדעלט אויך! יש מקום בּראש... מיט איין זייט האָבּ איך געזופּט ש״ס ופוסקים, מיט דער צווייטער „קאָנדיציעס״ געמאַכט: מכּלומרשט ווייץ געקויפט און אָבּגענומען געלד מיט פּראָצענט...

הכּלל — איך בּין געוועזען אי אַ למדן, אי אַ סוחר און האָבּ טאַקי מיט די קינדער גוטע שדוכים געטהון... אויף אייך אַזאַ יאָהר!

עס געהט זיי אפילו נישט גוט די קינדער, נור איינגעטונקט אין יחוס האָבּ איך זיי!

דעמעלט האָבּ איך געדאַרפט חתונה־מאַכען א טאָכטער, דער מחותן האָט דוקא געוואָלט באַארעס געלד און איך בּין געפאָהרען מאָהנען בּיים פּריץ...

מאַכט זיך אַיין עסק, האָט דער פּריץ צו טהון מיט סערוויטוטען, די פויערען האָבּען איהן געוואָלט שלאָגען, רייצט ער מיר אָן א הונד — אויך א יושר!

נור דערווייל מוז מען אנטלויפען.

איך לויף, לויף... און קום אין גאָרטען אריין... זאָלל זיין אין גאָרטען, אַבּי איך האָר שוין נישט דען כּלבּ׳ס בּיללען, עס פעהלט מיר א פּ ענטע פון זאָק,

**א שטיק פאָלע, מיין דאגה, ביילע וועט צונאָהען...**

נור הונגעריג בין איך געוועזען, דאָס האַרץ האָט אין מיר געחלשט.

און דאָ, זעה איך, א גאָרטען, אַ גן עדן! טרויבען ווי אין אֶרץ ישראל. אֶפּפּעל — גאָלדענע, באַרנעס — געשפּרענקעלטע, גרויסע. דער זאַפט, דאַכט זיך, טריעפט פון זיי אראָב. איך שטרעק אויס א האַנד — רבונו של עולם! — די טרויב ענטלויפט, דער אֶפּפּעל רוקט זיך אָב, די באַרנע בייגט זיך אוועק אין א זייט...

און, האָרט א מעשה, אַללע רעדען.

— נישט דו — זאָגען זיי מיט אַ כעס — נישט דו האָסט אונס געפּלאַנצט...

איך ווער באָז. מיר קומט פראָצענט, די הונד האָט מיך געביססען, פאַר שרעקק ציטטערן מיר נאָך די קניע און פאַר זיי איז נאָך וועניג! איך מוז דאָך עססען!

איך טאַנץ און טאַנץ אַרום בוים; איך וואַרף מיט די האַנד, איך צאַפּפּעל, אַ פיעבער וואַרפט מיך פאַר צאָרן, דער זיעבטער שוויים בעדעקט מיך — און קיין איינציגע פרוכט לאָזט זיך נישט חאַפּען. זיי האָבען נאָך גאָר אָנגעהויבען צו זינגען, ווי א חזן מיט משוררים:

נישט דו האָסט אונס געזעצט,
נישט דו האָסט אונס געפּלאַנצט...
און נאָך אַמאָל דאָס אייגענע:
נישט דו האָסט אונס געזעצט,
נישט דו האָסט אונס געפּלאַנצט!

האָרסט אַ מעשה? און נישט איבערצושפּאַרען! דאָס גאַנצע בלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט, און איך האָב מיך אַזוי לאַנג געוואָרפען און געוואָרפען, ביז איך בין אַנידער געפאַללען אויף דער ערד מיט שוים אין מויל.

איך ליג און דערזעה, נישט ווייט פון מיר, אַ געלען קאַפּעלוש, פונקט אַזוינעם ווי דער פריץ טראָגט, נור אַ קלענערן, ווי פאַר א נֵפל׳ע וועגען! איך חאַפּ אַ ציטטער! וואָס איז דאָס? אין מיט׳ן דערמאַנן איך מיר, אַז מיין ווייב האָט אַ מאָל אַזוינע קאַפּעלושען אַהיים געברענגט און דערפון אַ וויעטשערע געקאָכט, מיט קליסקאַלעך... אַהאַ! דערמאַנן איך מיך, אַ שוואָם איז עס, ווי איך בין אַ יוד — אַ שוואָם, זאָלל זיין רויהערהייט!

אָפשר אַ הונדס שוואָם, אָפשר סם?

ניין, אַז גאָט וויל נישט, סַמט מען זיך נישט; איך שטרעק אויס די האַנד, נור די חצופה רוקט זיך אויך אָב מיט אַ גאוה, זי טאַנצט און היפּעט אַוועק אויפ׳ן דיננעם שטעקעלע „איך האָב דיך אַ סך געקאָסט?" פראָגט זי. מילא, איך וועל דאָך נישט געהען טענ׳ן מיט אַ חצופה. „וואַקס אין ד׳ערד אַריין!" טראַכט איך...

וואָס טהוט מען? הונגער, ממש הונגער!

זאָלל זיין גראָז! פֿאַלט מיר איין. הלמאי אָדם הראשון האָט קיין פֿלייש נישט געגעססען! ער איז פֿרומער געוועזען פֿאַר מיר און דאָך יוצא געוועזען מיט „רק עשב"! אונ איך ליעג אויף הערליך, אויף אמת געשמאַק גראָז. נור אַביסל, טראַכט איך, מיט'ן מויל אָנצוחאַפּען, אבי צו זיך צוקוממען און פֿון גאָרטען אַרויס; וועט עס מיר שאַדען, וועט מיר מיין ביילע מאַכען אַ „וויענער טראָנקל"... אַ דאגה דאָס איז — האָם! נור איך נעהם אָן אַ פֿולל מויל מיט קליינע שאַרפֿע שטיינדלעך; איך האָב מיר דאָס גאַנצע מויל צובלוטעט און דאָס גראָז — „ואיננו"! איך ליעג אויף אַ גאָל שטיקל ערד, כלחוך השור!

אָה, שלעכט! איך זעה בחוש, אַז דער פּריץ איז אַ מכשף און זיין גאָרטען איז אַ כשוף! אַ שווינדל'ער — אַ כשוף מאַכער! ער האָט אֶפשר גאָר קיין גאָרטען, קיין פֿעלד, קיין וואַלד נישט; עס איז אין גאַנצען נור אַ כשוף, אבי ביי'ן איין עהרליכען יוד איין הלואה'לע צו מאַכען... פּראָצענט שרייבט ער צו, וואָס שאַדט עס?!

אונ מיט אַ האַרץ, וואָס קלאַפּט ווי ביי'ן אַ גזלן, שפּרינג איך אויף, אונ לויף מיט די לעצטע כחות פֿון גאָרטען אַרויס.

אָט, בין איך אויפֿ'ן פֿעלד...

אַי — זאַנגען ווי גאָלד, זיי שאָקלען זיך ווי עהרליכע יודען ביי שמונה עשרה.. זיי פֿערבעטען מיך: קום, יוד, מאַך אַ ברכה; קום, דעם פּאַרציוווער רב'ס איניקעל אונ ביג צו די כשר'ע ליפּפּען...

איך לויף צו מיט איין צאַפּען מויל. נור דאָס פֿעלד לאָזט אַרויס אַ געלאַכטער! אונ לאַכענדיג זינגט עס, דאָס פֿויערישע פֿעלד זינגט:

וואו ביסט דו געוועזען,
ווענן דער פֿויער האָט געאַקערט?
וואו ביסט דו געוועזען,
ווענן דער פֿויער האָט געזייט?...

אַ רעכטע שאַנע, ריינע כפּרה! ווי הייסט! וואו איך בין געוועזען? איך בין געזעססען אונ האָב געלערנט, תהלים געזאָגט, געדאַווינט; מעשיות פֿון זיידען, עליו השלום, פֿון פּאַרציוווער רב, דערצאָהלט... אַ דאגה, וואָס אַ יוד טהוט?

וואָס קומט אָבער אַרויס, וואָס איך ווייס דען אמת, אַז די זאַנגען זינגען אונ רוקען זיך אָב. איך פּרוו זיי שוין גאָר נישט יאָגען, איך ווייס שוין, וואָס כשוף בעטייט!

נור, ניין! נישט קשה! פֿאַר הונגער וועלל איך דאָך נישט שטאַרבען! עטליכע געוויקסען, זעה איך, שטעהען אין דערמיטט אונ ריהרען זיך נישט פֿון אָרט; זיי ווייסען, אַז איך בין דעם פּאַרציוווער רב'ס איניקעל, אַז איך זיץ אונ לערן, אונ, אַז דאָס האַרץ איז מיר אוועק, איז אַ מצוה איך זאָלל עפּיס טועם זיין. איך רוקק מיך

צו, זיי שטעהען; נאָהנטער — זיי ריהרען זיך נישט פֿון אָרט! האַם! געוואַלד! עס ברענט, פֿייער האָב איך אין מויל, פֿייער, פֿייער! פּאָקשיווע איז עס געוועזען!

איך בין אַנידערגעפֿאַללען...

זכות אָבות האָב איך געהאַט, אַז איך בין נישט געבליבען אויפ׳ן אָרט...

אונ אַז איך האָב מיך אויפֿגעכאַפּט, בין איך געלעגען אין בעטט, ביילא מיינע האָט געוויינט אונ אויפ׳ן קאָפּף האָט מיך געדריקט אַ זאָקקעל אייז.

— וואו איז שׂרה? די כּלה, וואו איז? פֿאַלט מיר פּלוצלינג איין צו פֿראָגען.

מיין ביילא צו וויינט זיך ערשט אויף אַ קול:

— זי איז אַוועק — זאָגט זי — עפּיס אין אַ פֿאַבריק אַריין, אַרבייטען וויל זי...

וואָס קלערט איהר? גאָר נישט!

איך בין ענטשלאָפֿען געוואָרען אונ האָב מיך אויפֿגעכאַפּט שוין דאָ.

---

# באָנצע שוויג.

דאָ, אויף דער וועלט, האָט באָנציע שוויג׳ס טויט גאָר קיין איינדרוק נישט געמאַכט! פֿראָגט עמיצין בּחרם: ווער באָנציע איז געוועזען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט, אויף וואָס ער איז געשטאָרבען! צו האָט אינ׳ם דאָס הארץ געפּלאַצט, צו די כּחות זעננען איהם אויסגעגאַנגען, צו דער מאַרך־ביין האָט זיך איבער געבראָכען אונטער אַ שווערער לאַסט... ווער ווייסט? אָפּשר איז ער גאָר פֿאַר הונגער געשטאָרבען!

אַ פֿערד אין טראַמוויי זאָלל פֿאַללען, וואָלט מען זיך מעהר אינטערעסירט. עס וואָלטען צייטונגען געשריבען, הונדערטער מענשען וואָלטען פֿון אַללע גאַססען געלאָפֿען אונ די נבלה בעקוקט; בעטראַכט אפילו דען אָרט, וואו די מפּלה איז געוועזען...

נור דאָס פֿערד אין טראַמוויי וואָלט אויך די זכיה נישט געהאַט, עס זאָלל זיין אזוי פֿיעל פֿערד ווי מענשען — טויזענד מיליאָן!

באָנציע האָט שטילל געלעבט אונ איז שטילל געשטאָרבען; ווי אַ שאָטטען איז ער דורך — דורך אונזער וועלט!

אויף באָנציעס ברית האָט מען קיין וויין נישט געטרונקען, עס האָבען קיין כּוסות געקלונגען! צו בר־מצוה האָט ער קיין קלינגענדיגע דרשה נישט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי אַ גראָה קליין קאָרנדיל זאַמד ביי׳ם ברעג פֿון ים, צווישען מיליאָנען זיינס גלייכען; אונ אַז דער ווינד האָט׳ן אויפֿגעהויבען אונ אויף דער אַנדערער זייט ים אַריבער געטראָגט, האָט עס קיינער נישט בעמערקט!

ביים לעבען האָט די נאַססע בלאָטע קיין צייכען פון זיין פוס נישט בעהאַלטען; נאָכ'ן טויט — האָט דער ווינד דאָס קליינע בראָטיל פון זיין קבר אומגעוואָרפען; דעם קברן'ס ווייב האָט עס געפונגען ווייט פון קבר און דער־ביי אַ טאָפּיל קאַרטאָפּעל אָבגעקאָכט... עס איז דריי טאָג נאָך באַנציעס טויט, פרעגט דעם קברן בחרם, וואו ער האָט'ן געלייגט!

וואָלט באַנציע אַ מצבה געהאַט, וואָלט אפשר איבער הונדערט יאָהר איין אַלטערטהומס־פאָרשער זי געפונגען, און דער נאָמען „באַנציע שוויג" וואָלט נאָך אַ מאָל איבערגעקלונגען אין אונזער לופט!

אַ שאָטען! זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבען ביי קיינעם אין מח, ביי קיינעם אין האַרץ; עס איז פון איהם קיין זכר געבליבען!

„קיין קינד, קיין רינד"; עלענד געלעבט — עלענד געשטאָרבען!

ווען נישט דאָס מענשליכע גערודער, וואָלט אפשר עמיצער אַמאָל דערהאָרט ווי באַנציעס מאַרכביין האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מעהר צייט געהאַט, וואָלט עמיצער אפשר אַמאָל בעמערקט, אַז באַנציע (אויך אַ מענש) האָט לעבענדיגערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגען און שרעקליך איינגעפאַללענע באַקקען; אַז אפילו ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט נישט אויף די פלייצעס, איז איהם אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגען, גלייך ער וואָלט לעבענדיגערהייט זיין קבר געזוכט! וואָלטען אַזוי ווייניג מענשען ווי פערד אין טראַמוויי געוועזען, וואָלט אפשר אַמאָל עמיצער געפרעגט: וואו איז באַנציע אַהין געקוממען?!

ווען מען האָט באַנציען אין שפּיטאָל אַריין געפיהרט, איז זיין ווינקעל אין סוטערינע נישט לעדיג געבליבען — עס האָבען דערויף צעהן זיינס־גלייכען געוואַרט, און צווישען זיך דען ווינקעל „אין־פּלוס" ליציטיערט; ווען מען האָט'ן פון שפּיטאָל־בעטט אין טויטען שטיבעל אַריין געטראָגען, האָבען אויפ'ן בעטט צוואַנציג אָרימע קראַנקע געוואַרט... ווען ער איז אַרויס פון טויטען־שטיבעל — האָט מען צוואַנציג הרוגים פון אונטער איין איינגעפאַללען הויז געבראַכט — — ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט רוהיג וואָהנען אין קבר? ווער ווייסט וויפיל ער וואַרטען שוין אויף דעם שטיקל פלאַץ...

שטיל געבוירען, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבען און נאָך שטיללער בעגראָבען.

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

נור נישט אַזוי איז געוועזען אויף יענער וועלט! דאָרטען האָט באַנציעס טויט אַ גרויסען איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיח'ס צייטען האָט געקלונגען אין אַללע זיבען היכלען: באַנציע שוויג איז נפטר געוואָרען! די גראָסטע מלאָכים מיט די ברייטסטע

פליגעל זעננען געפלויגען און איינער האט דעם אנדערן איבער געגעבען: באנציע איז „נתבקש געווארען בישיבה של מעלה"! אין גן עדן איז א רעש, א שמחה, א גע־רודער: „באנציע שוויג! א שפאסס באנציע שוויג!!!"

יונגע מלאכים'לעך מיט בריליאנטענע אייגעלעך, גאלדענע דראט'ארבייטענע פליגעלאך און זילבערינע פאנטאפעלאך זעננען באנציען אקעגען געלאפען מיט שמחה! דער גערויש פון די פליגעל, דאס קלאפפען פון די פאנטאפעלאך און דאס פרייליכע לאכען פון די יונגע, פרישע, רויזיגע מיילעכליך האט פערפילט אללע הימלען און איז צוגעקיממען ביז צו'ם כסא הכבוד, און גאטט אליין האט אויך שוין געוואוסט, אז באנציע שוויג קומט!

אברהם אבינו האט זיך אין טויער פון היממעל געשטעלט, די רעכטע האנד אויסגעשטרעקט צום ברייטען „שלום עליכם!" און א זיסער שמייכעל שיינט אזוי העלל אויף זיין אלטען פנים!

וואס ראדעלט אזוי אין היממעל?

דאס האבען צוויי מלאכים אין גן עדן אריין פאר באנציעס וועגען א גינגאלדענע פאטערשטוהל אויף ראדלעך געפיהרט!

וואס האט אזוי העלל געבליצט?

דאס האט מען דורכגעפיהרט א גאלדענע קרוין מיט די טהייערסטע שטיינער געזעצט! אלץ פאר באנציען!

— נאך פאר'ן פסק פון בית דין של מעלה? פראגען די צדיקים פערוואונ־דערט און נישט גאר אהן קנאה.

— אהא! אנפערן די מלאכים, דאס וועט זיין א פראסטע פוסטע פארמע! גע־גען באנציע שוויג וועט אפילו דער קטיגור קיין ווארט אין מויל נישט געפיננען! די „דיעלע" וועט דויערן פינף מינוט!

— איהר שפיעלט זיך מיט באנציע שוויג?—

---

אז די מלאכים'ליך האבען באנציען געחאפט אין דער לופט און אבגע־שפיעלט איהם א זמר; אז אברהם אבינו האט איהם ווי איין אלטען קאמראד די האנד געשאקעלט; אז ער האט געהערט, אז זיין שטוהל איז גרייט אין גן־עדן; אז אויף זיין קאפף ווארט א קרוין, אז אין בית דין של מעלה וועט מען איבער איהם קיין איבריג ווארט נישט רעדען — האט באנציע, גלייך ווי אויף יענער וועלט, ג ע־ש ו ו י ג ע ן פאר שראק! עס איז איהם דאס הארץ ענטגאנגען! ער איז זיכער, אז דאס מוז זיין א חלום, אדער א פראסטער טעות!

ער איז צוביידע געוואהנט! נישט איינמאל האט איהם אויף יענער וועלט געחלומט, אז ער קלויבט געלד אויף דער פאדלאגע, גאנצע אוצרות ליגען... און

אויפגעהאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גראָססערער קבצן ווי נאַכטען... נישט איינמאָל האָט איהם עמיץ פער מעות צו־געשמייכעלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און איבער־געררעדט זיך אונ אויסגעשפּיגען...

— מיין מזל — טראַכט ער — איז שוין אַזוי!

אונ ער האָט מורא די אויגען אויפצוהייבען, דער חלום זאָלל נישט פערשווינ־דען; ער זאָלל זיך נישט אויפהאַפּען ערגיץ אין אַ הייל צווישען שלאַנגען אונ עגדיסען! ער האָט מורא פון מויל אַ קלאַנג אַרוים צו לאָזען, מיט אַ גליעד אַ רידער צו טהון — מען זאָלל איהן נישט דערקענגען און אַוועק שליידערן אויף כף־הקל *)...

ער ציטטערט אונ הערט ניט די מלאכים׳ס קאָמפּלימענטין, זעהט נישט זייער טאַנצען אַרום איהם, ער ענטפערט נישט אברהם אבינו אויפ׳ן הערצליכען „שלום עליכם", אונ — געפיהרט צו׳ם בית־דין של מעלה — זאָגט ער איהם קיין „גוט־מאָרגען" נישט..

אויסער זיך איז ער פאר שראַק!

אונ זיין שראַק איז נאָך גראָססער געוואָרען, אַז ער האָט, נישט וויללענדיג, דערזעהן די פּאָדלאָגע פון בית־דין של מעלה! סאַמע אַלאַבאַסטער מיט בריליאַנטען! „אויף אַזאַ פּאָדלאָגע שטעהען מיינע פיס!" — ער ווערט אין גאַנצען פער־שטאַרט! „ווער ווייסט וועלכען גביר, וועלכען רב, וועלכען צדיק מען מיינט... ער וועט קוממען — וועט זיין מיין פינסטערער סוף!"

פאר שרעק האָט ער אפילו ניט געהערט ווי דער פרעזעס האָט בפירוש אויס־גערופען: „די דיעלע פון באַנציע שוויג!" אונ, דערלאַנגענדיג דעם מליץ יושר די די אַקטען, געזאָגט: לעז, נור בקצור!"

מיט באַנציען דרעהט זיך דער גאַנצער סאַלאָן, עס רוישט איהם אין די אויערען. אינ׳ם גערויש הערט ער דאָך אַללע מאָל שאַרפער אונ שאַרפער דעם מלאך־מליץ׳ס זיס קול ווי אַ פידעל:

— זיין נאָמען — הערט ער — האָט איהם געפּאַסט ווי צו׳ן אַ שלאַנק לייב אַ קלייד פון איין אַרטיסט אַ שניידערס האַנד".

— וואָס רעדט ער? -- פראָגט זיך באַנציע, אונ ער הערט ווי איין אומגעדולד קול האַקט איהם איבער אונ זאָגט:

— נור אָהן משלים!

— ער האָט זיך קיינמאָל — הייבט ווייטער אָן דער מליץ יושר — אויף קיינעם נישט געקלאָגט, נישט אויף גאָטט, נישט אויף לייט; אין זיין אויג האָט קיינמאָל

*) כף הקלע.

נישט אויפֿגעפֿלאַמט קיין פֿונק פֿון האַסס, ער האָט עס קיינמאָל נישט אויפֿגעהויבן מיט אַ פּרעטענזיע צום הימעל.

באַנציע פֿערשטעהט ווייטער נישט אַ וואָרט, און דאָס האַרטע קול שלאָגט ווייטער איבער:

— אָהן רעטאָריק!

— איוב האָט נישט אויסגעהאַלטען, ער איז אומגליקליכער געווען — —

— פֿאַקטען, טרוקענע פֿאַקטען! רופֿט נאָך אומגעדולדיגער דער פּרעזעס.

— צו אַכט טאָג האָט מען איהם מל געווען —

— נור אָהן ר ע אַ ל י ז ם!

— אַ מוהל אַ פּושער האָט דאָס בלוט ניט פֿערהאַלטען — —

— ווייטער!

— ער האָט אַלס געשוויגען (פֿיהרט ווייטער דער מליץ יושר) אפילו ווען די מוטטער איז איהם געשטאָרבען און ער האָט צו דרייצעהן יאָהר אַ שטיפֿמאַמע בעקומען... אַ שטיפֿמאַמע אַ שלאַנג, אַ מרשעת...

— מיינט מען דאָך אֶפשר פֿאָרט מיך? טראַכט באָנציע —

— אָהן אינסוניאַציען *) אויף דריטטע פּערזאָנען, בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פֿלעגט איהם קאַרגען דען ביססען... אייער־נאֶכטיג פֿערשימעלט ברויט... האָהר־פֿלאַקס פֿאַר פֿלייש... און זי האָט קאַווע מיט שמעטען געטרונקען —

— צו דער זאַך! שרייט דער פּרעזעס.

— זי האָט איהם פֿאַר דאָס קיין נאָגעל נישט געקאַרגט און זיין ברוין־און־בלאָהע לייב פֿלעגט ארויסקוקען דורך אַללע לאָכער פֿון זיינע פֿערשימעלט־צוריססענע קליידער... ווינטער אין די גראָסטע פֿראָסט האָט ער איהר באָרוויס אויפ'ן הויף האָלץ געהאַקט, און די האָנד זעננען צו יונג אינ צו שוואַך געווען, די קלאָצליך צו דיק, די האַקק צו שטומפּיג... נישט איינמאָל האָט ער זיך די האַנד פֿון די געלענקען אויסגעריססען, נישט איינמאָל האָט ער זיך די פֿיס אָבגעפֿרוירען, נור געשוויגען האָט ער, אפילו זיך פֿאַר'ן פֿאָטער —

— פֿאַר'ן שכור! לאַכט אַריין דער קטיגור, און באָנציען ווערט קאַלט אין אַללע אֵברים —

— נישט געקלאָגט, ענדיגט דער מליץ יושר דען זאַץ.

— און שטאָנדיג עלענד — פֿיהרט ער ווייטער — קיין חבר, קיין תלמוד תורה, קיין חדר... קיין גאַנץ בגד... קיין פֿרייע מינוט — —

— פֿאַקטען — רופֿט ווייטער דער פּרעזעס.

*) מלשינות.

— ער האָט געשוויגען אפילו שפּעטער, ווען דער פֿאָטער האָט'ן, שכּור'ערהייט אַמאָל אָנגעחאַפּט בּיי די האָהר און אין מיטען אַ שנייענדיגער ווינטער־נאַכט אַרויס געוואָרפֿען פֿון שטוב! ער האָט זיך שטילל אויפֿגעהויבען פֿון שניי און איז ענטלאָפֿען וואו די אויגען האָבּען איהן געטראָגען...

אויפֿ'ן גאַנצען וועג האָט ער געשוויגען... בּיי'ם גרעסטען הונגער האָט ער נור מיט די אויגען געבּעטעלט!

ערשט אין אַ שווינדעלדיגע, נאַססע פֿריהלינג־נאַכט, איז ער אין אַ גרויסע שטאָט אַריין געקוממען; ער איז אַריין ווי אַ טראָפּפֿען אין אַ ים און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פֿערבּראַכט... ער האָט געשוויגען, נישט געפֿרעגט פֿאַר וואָס, פֿאַר ווען? ער איז אַרויס און די שווערסטע אַרבּייט געזוכט! נור ער האָט געשוויגען!

שווערער פֿאַר דער אַרבּייט איז געוועזען זי צו געפֿינען — ער האָט געשוויגען!

בּאָדענדיג זיך אין קאַלטען שוויס, צוזאַממען געדריקט אונטער דער שווערסטער לאַסט, בּיי'ם גראָסטען קראַמפּף אין לעדיגען מאָגען — האָט ער געשוויגען!

בּעשפּריצט פֿון פֿרעמדער בּלאָטע, בּעשפּיגען פֿון פֿרעמדע מיילער, געיאָגט פֿון טראָטואַרען מיט דער שווערסטער לאַסט אַראָב אין גאַססען צווישען דראָשקען, קאַרעטען און טראַמוויים, קוקענדיג יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגען אַריין — האָט ער געשוויגען!

ער האָט קיינמאָל נישט איבּער גערעכענט, וויפיל פּוד לאַסט עס קומט אויס אויף אַ גראָשען, וויפיל מאָל ער איז געפֿאַ'לען בּיי יעדען גאַנג פֿאַר אַ דרייער, וויפיל מאָל ער האָט שעור נישט די נשמה אויסגעשפּיגען, מאָהנענדיג זיין פֿערדיענסט; ער האָט נישט גערעכענט, נישט זיין, נישט יענעמס מזל, נור געשוויגען!

זיין אייגען פֿערדיענסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי אַ בּעטלער האָט ער זיך בּיי דער טהיר געשטעלט, און אין די אויגען האָט זיך אַ הינטישע בּקשה געמאָלט! „קום שפּעטער" און ער איז פֿערשוואונדען שטילל ווי אַ שאָטטען, כּדי שפּעטער נאָך שטיללער אוים צו בּעטלען זיין פֿערדיענסט!

ער האָט אפילו געשוויגען, ווען מען פֿלעגט איהם אָבּרייסען פֿון זיין פֿערדיענסט אָדער אַריינוואַרפֿען אַ פֿאַלשע מטבע...

ער האָט אַללעס געשוויגען...

— מיינט מען דאָך מאַקי מיך! טרייסט זיך בּאָנציע.

---

— איינמאָל — פֿיהרט ווייטער דער מליץ יושר נאָך אַ טרונק־וואַססער — איז אין זיין לעבּען אַן אָנדערונג געשעהען... עס איז דורכגעפֿלויגען אַ קאַטש אויף גומיענע

ראָדער מיט צו־פלאָשעטע פערד... דער שמייסער איז שוין לאַנג פון ווייטענס גע־לעגען מיט אַ צושפּאַלטענעם קאָפּף אויפ'ן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיילער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פּאָדקאָווים יאָגען זיך פונקען, די אויגען בלישציען ווי ברענענדיגע שטורקאַצען אין אַ פינסטערער נאַכט — און אין קאָטש זיצט נישט טויט, נישט לעבענדיג אַ מענש!

און באָנציע האָט די פערד פערהאַלטען!

און דער געראָטעוועטער איז געוועזען אַ יוד אַ בעל צדקה און האָט באָנציען די טובה נישט פערגעססען!

ער האָט איהם דעם געהרגענטענס בייטש איבערגעגעבען; באָנציע איז אַ שמייסער געוואָרען! נאָך מעהר — ער האָט איהן חתונה געמאַכט, נאָך מעהר — — ער האָט איהם אפילו מיט אַ קינד פערזאָרגט —

און באָנציע האָט אַ ל ץ געשוויגען!

— מיך מיינט מען, מיך! בעפעסטיגט זיך באָנציע אין דער דעה, און האָט דאָך די העזה נישט איין אויג צו וואַרפען אויפ'ן „בית דין של מעלה"...

ער האָרט זיך ווייטער איין צו'ם מלאך מליץ:

— ער האָט געשוויגען אפילו ווען זיין בעל טובה האָט אין קורצען באַנקראָ־טירט א'נ איהם זיין לוין נישט בעצאָהלט...

ער האָט געשוויגען אפילו ווען דאָס ווייב איז איהם ענטלאָפען און איבער געלאָזט איהם אַ קינד פון דער ברוסט...

ער האָט געשוויגען אפילו מיט פונפצעהן יאָהר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַכסען און געגוג שטאַרק געוועזען — באָנציען אַרויס צו וואַרפען פון שטוב...

— מיך מיינט מען, מיך! פרייט זיך באָנציע.

---

— ער האָט אפילו געשוויגען — הייבט אָן ווייכער און טרויעריגער דער מלאך מליץ — ווען דער אייגענער בעל טובה האָט זיך מיט אַללע אויסגעגלייכט, נור איהם קיין גראָשען שכירות נישט צוריק געגעבען — און אפילו דעמעלט, ווען ער איז באָנציען (ווייטער פאָהרענדיג אויף אַ קאָטש מיט גוממענע ראָדער און פערד ווי לייבען) איבער געפאָהרען...

ער האָט אַלץ געשוויגען! ער האָט אפילו דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט איהן צו רעכט געמאַכט...

---

ער האָט געשוויגען אפילו אין שפּיטאָל, וואו מען מאָג שוין ש ר י י ע ן!

ער האָט געשוויגען אפילו ווען דער דאָקטאָר האָט אָהן פונפצעהן קאָפּייקעס

נישט געוואָלט צוגעהן צו זיין בעטט, אונ דער וואַכטער, אָהן פינף קאָפּ׳ — טווישען איהם די וועש!

ער האָט געשוויגען ביים גוס׳ען — ער האָט געשוויגען ביי׳ם שטאַרבען...
קיין וואָרט געגען גאָטט, קיין וואָרט געגען לייט!
— דיקסי!

---

באַנציע הייבט אָן ווייטער צו ציטטערן אויפ׳ן גאַנצען לייב. ער ווייסט, אַז נאָכ׳ן מליץ יושר געהט דער קטיגור! ווער ווייסט וואָס דער וועט זאָגען! באַנציע אליין האָט זיין לעבען נישט געדענקט. נאָך אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריהערדיגע פערגעססען... דער מלאך-מליץ האָט איהם אַלס דערמאַנט... ווער ווייסט וואָס דער קטיגור וועט איהן דערמאַנען!

— רבותי! הייבט אָן אַ שאַרף-שטאָכענדיג-בריהענדיג קול —

נור ער האַקט אָב —

— רבותי! הייבט ער נאָך אַמאָל אָן, נור ווייכער אונ האַקט ווייטער אָב.

ענדליך האָרט זיך, פון דעם אייגענעם האַלז ארויס, כמעט אַ ווייך קול:

— רבותי! ער האָט געשוויגען! וועלל איך אויך שווייגען!

עס ווערט שטילל — אונ פון פאָרינט האָרט זיך אַ נייע ווייכע ציטטערדיגע שטיממע:

— באַנציע, מיין קינד באַנציע! רופט עס ווי אַ האַרפּע... מיין האַרציג קינד באַנציע!

אין באַנציען צו-וויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין צינד די אויגען געעפענט, נור זיי זענען פערפינסטערט פון טרערען... עס איז איהם אַזוי זיעס-וויינענדיג קיינמאָל נישט געוועזען... „מיין קינד", „מיין באַנציע" — זייט די מוטטער איז געשטאָרבען, האָט ער אַזאַ קול אונ אַזוינע וואָרטער נישט געהאָרט —

— מיין קינד! פיהרט ווייטער דער אַב-בית-דין — דו האָסט אַלס געליטטען אונ געשוויגען! עס איז נישט דאָ קיין גאַנץ גליעד, קיין גאַנץ ביינדיל אין דיין לייב אָהן אַ וואונד, אָהן אַ בלוטיג אָרט, עס איז נישט דאָ קיין איין בעהאַלטען אָרט אין דיין נשמה, וואו עס זאָלל נישט בלוטען... אונ דו האָסט אַלץ געשוויגען...

דאָרט האָט מען זיך נישט פערשטאַנען דערויף! דו אַלליין האָסט גאָר אָפשר נישט געוואוסט, אַז דו קאָנסט שרייען אונ, אַז פון דיין געשריי קאָננען יריחו׳ם מויערן ציטטערן אונ איינפאַללען! דו אַלליין האָסט פון דיין פערשלאָפענעם כח נישט געוואוסט...

אויף יענער וועלט האָט מען דיין שווייגען נישט בעלוינט, נור דאָרט איז דער עולם השקר, דאָ אויפ׳ן עולם אמת וועסט דו דיין לוין בעקוממען!

דיך וועט דאָס בית-דין של-מעלה נישט משפּט׳ן, דיר וועט עס נישט פּסקינען,

דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס־ אונ נישט אָבטהיילען! נעהם דיר וואָס דו ווילסט! אַללעס איז דיין!

באָנציע הייבט דאָס ערשטע מאָהל די אויגען אויף! ער איז ווי פערבלענדט; צללעס בלאַנקט, אַללעס בליצט, פון אַללעס יאָגען שטראַהלען.

אונ ער לאָזט די מיעדע אויגען אַראָב.

— טאַקי? פראָגט ער מסופק אונ פערשאָמט.

— זיכער! אָנטפערט פעסט דער אַב־בית־דין! זיכער, זאָג איך דיר, אַז אַללעס איז דיין, אַללעס אין הימעל געהאָר צו דיר! וואָרען אַללעס וואָס דאָ בלאַנקט אונ בליצט איז נור איין אָבשיין פון דיין פערשוויגענער גוטקייט; איין אָבגלאַנץ פון דיין נשמה! דו נעהמסט נור ביי דיר אַלליין!

— טאַקי? פראָגט באָנציע נאָך אַ מאָל, שוין מיט אַ זיכערער קול.

— טאַקי! טאַקי! טאַקי! אָנטפערט מען איהם אויף זיכער פון אַללע זייטען.

— נו, אויב אַזוי — שמייכעלט באָנציע — וויל איך טאַקי אַללע טאָג אין דער פריה אַ הייסע בולקע מיט פרישער פוטער!

דיינים אונ מלאָכים האָבען אַראָב געלאָזט די קאָפּ פערשאָמט; דער קטיגור האָט זיך צו לאַכט.

---

# דאָס שטריימעל.

זיין בין איך אַ קירזשנער, נור דער עיקר — אַ שטריימעלמאַכער. אמת איז, אַז דאָס רוב פרנסה האָב איך פון פויערשע סיערמיענגים אונ טראָגער־פעלצלעך.

עס פאַללט אויך אַ מאָל אַריין ליב־מילנער מיט׳ן שאָפּפען־פעלץ...

אמת איז, אַז אַ שטריימעל טרעפט זיך זעלטען, זעהר זעלטען; וואָרים — ווער טראָגט היינט אַ שטריימעל? אַ רב! אונ אַ שטריימעל לעבט איהן שטאָנדיג איבער...

אויך איז אמת, אַז, ווענן עס טרעפט זיך שוין אַ שטריימעל, מאַך איך עס ערשט אומזיסט, אָדער האַלב אומזיסט. וועניגסטענס — לעג איך מיין אַרבייט צו. דאָס אַללעס בין איך מודה, אונ דאָך בין איך דער עיקר אַ שטריימעלמאַכער, וויל אַ שטריימעל האָב איך ליעב צו מאַכען!

אַז עס קומט מיר אין די האָנד אַריין, איז „אַחרי בְלותי״ — פיהל איך ערשט וואָס איך בין, אונ וואָס איך קאָנן!

פון וואָס דענן, זאָגט אַלליין, זאָלל איך הנאה האָבען?

איך פֿלעג אַ מאָל נחת האָבען פֿון פֿויערישע סיערמיענגים...

ערשטענס: פֿאַר וואָס ניט?

צווייטענס: האָב איך מיר געטראַכט: „דאָס פֿויעריל גיט אונז ברויט, ער אַרבייט זוממער אזוי שווער און ביטטער, און איך קאָנן איהן ניט שיצען פֿאַר דער זונן, וועל איך חאָטש ווינטער, ווענן ער רוהט, איהן אָבהיטען פֿון קאָלט!"

און דריטענס האָב איך געהאַט אַ פֿיין ליעדעלע דערצו!

אַ יונגער מאַן בין איך געווען, אַ קול האָב איך געהאַט ווי אַ גלאָק, און איך פֿלעג נעהען און זינגען:

„שטיך נאָדעל, שטיך,
אַ לעדער ווי אַ בלעך,
„אַ פֿוטטער ווי אַ באַרשט!
„ס'מאַכט זיך אַ סיערמיענגע פֿיין
„ס'וועט דעם פֿויעריל וואַרעם זיין...
„מרים־לעב, מיך דאַרשט!"

און אַזוי ווייטער, נאָך עטליכע סטראָפֿען... און דאָס גאַנצע ליעדעל, פֿערשטעהט זיך, איז נור געמאַכט געוואָרען פֿאַר'ן „מאמר המוסגר'ס" וועגען, עס זאָלל אוים קומען דער — „מרים־לעב, מיך דאַרשט!"

וויל, איהר מוזט וויססען, אַז די היינטיגע אשה־צנועה מרת מרים דבשה, איז דעמאָלט נאָך קיין גבאַי'טע ניט געוועזען; זי האָט מיך ניט גערופֿען ווי היינט „בעריל קאָלבאַס", נור „בערעלע", און איך פֿלעג זי רופֿען „מרים־לעב!" און עס איז, בעונותינו הרבים, געוועזען אַ גרויס ליעבשאַפֿט צווישען אונז, און קוים האָט זי דערהערט דען „מאמר המוסגר" — אַז מיך דאַרשט, האָט זי מיר באַלד דערלאַנגט אַ ביסעל וויינשעל־שנ...פּס! שנאַפּס האָט אַ גרויסע פּעולה אויף'ן כח הדם, און איך פֿלעג זי טאַקי תוך כדי דבור אָנחאַפּען ביים קלייד, דערלאַנגען אַ ברענענדיגען קוש אין די רויטע קירשען אַריין. און דאָפּעלט דערפֿרישט, נעמען זיך צוריק צו דער סיערמיענגע!

היינט — אוים קירשען!

איך היים „בעריל קאָלבאַס", זי „מרים דבשה"...

אויך בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז ערד איז דאָ ווענינ, פֿויערין — אַ סך...

מען זאָגט: צופֿיעל... אַז די „איבריגע" פֿויערין ליידען הונגער; אַז אפילו פֿון זעקס מאָרג ערד קאָנן מען אויך ניט לעבען, אַז ווינטער, דעריבער, רוהט דאָס פֿויעריל ניט.

עס געהט ערשט אַ „זוואָזקע"!

אַ שאָנע רוה האָט ער עס ווינטער! גאַנצע טאָג און נאַכט פֿיהרט ער וויין

אין לייבּיל'ס מיהל אַריין!

וואָס קלערט איהר? איך קאָנן אַ סך נחת האָבּען, אַז מיין סיערמיענגע, מיין פּראַצע, ווערט אַ גאַנצען ווינטער אויסגעווייקט, נאָכקריכענדיג אַ פּאָר פּגירה'שע פערד, וואָס שלעפּען לייבּיל מילנער'ס תּבוּאה פּאַר 13 גראָשען פער זאַק, פּאַר 5 מייל וועגס!

פּיש! און וואָס האָבּ איך פּאַר אַ נחת פון אַ טראָגער־פּעלצעל?

אַ גאַנצען ווינטער טראָגט עס זאָק מיט מעהל אין לייבּעל מילנער'ס מיהל אַריין און אַ גאַנצען זוממער ליגט עס פערזעצט אין שענק פּאַר ח"י גראָשען.

אֶלול־צייט, אַז מען בּרענגט עס מיר אויפצוריכטען, ווער איך נאָך שכּור פון ריח פון שלעכטען בּראָנפען!

און אַז לייבּעל מילנער'ס שאָפּפענפּעלץ, בּכבודו וּבעצמו, פּאַלט מיר אין די האָנד אַריין, ווי מיינט איהר, האָבּ איך נחת דערפון?

עס איז טאַקי אַ שאָפּפענפּעלץ, עס איז טאַקי אַ כּבוד, מען האָט טאַקי דער־פאַר דרך־אֶרץ אין שטאָדטיל; נור מיר קומט דערפון קיין גוטס ניט אַרוּ'ס.

איך האָבּ אַ מאוס'ע טבע געקריגען; איבּער וואָס איך זעה, האָבּ איך ליעבּ צו קלערען: פון וואַננען עס קומט? פּאַר וואָס עס איז אַזוי? צו קאָנן ניט אַנדערש זיין? און אַזוי ווי איך קריעג לייבּעל מילנער'ס פּעלץ אין דער האַנד אַריין, הייבּ איך אָן צו קלערען:

רבּונו של עולם! נאָך וואָס האָסט דו בּעשאַפען אַזוי פיעל מינים פּעלצען? פּאַר וואָס האָט איינער אַ שאָפּפענפּעלץ, דער צווייטער אַ טראָגער־פּעלצעל און דער דריטער אַ סיערמיענגע און אַ פירטער גאָר ניט?

און קוים הייבּ איך אָן קלערען, פערטראַכט איך מיך, די נאָדעל בּלייבּט שטעהן, און האשה־צנועה מרת מרים תּחיה וואַרפט מיר, וואָס עס קומט איהר אונטער דער האַנד, אין קאָפּף אַריין...

זי ווילל גלייך מיט אַללע, אַז „בּעריל קאָלבּאַס" זאָלל וועניגער קלערען און מעהר אַרבּייטען...

נור וואָס זאָלל איך טהון, אַז איך מוּז קלערען! אַז איך וויים פאָרט, אַז לייבּעל מילנער לאָזט זיך ניט פריהער איבּערשטרייכען דען שאָפּפענפּעלץ, בּיז ער רייסט ניט אָבּ אַ גראָשען פון זאַק דער סיערמיענגע, און דען איינענעם גראָשען פער פּוּד דעם פּעלצעל...

נו, זאָלל איך פון דעם נחת האָבּען?

---

אָה, איך האָבּ שיער ניט פערגעסען!

אַ וואָך פּאַר סליחות האָט זיך מיר שיער ניט געמאַכט אַ נייע מאָדנע אַרבּייט...

וואָס ווייבּער קאָננען! עס קומט אַריין פריידעל די גבּאי'טע מיט שרעקליך גרויסע

האַנדשווה אויף די האַנד — איך קוק מיך צו, עס איז אַ פּאָר פוּיערישע שטיפעל — איך האָב געמיינט, אַז איך פלאַטץ פאַר געלעכטער.

— גוט מאָרגען! מאַכט זי צו מיר מיט איהר זיסס־אַבגעריססען קול׳עכעל, גוט מאָרגען! בערעלע!

זי איז מיין ווייב׳ס חברה׳ע, און איז זיך נוהג, פונקט ווי די גאַנצע שטאָדט, און רופט מיך שטאַנדיג „בעריל קאַלבאַס"; היינט: בערעלע! און אַזוי זיסס; איינגעמאַכטס דערפון צו פרעגלען! פערשטעהע איך שוין, אַז זי דאַרף עפּיס צו מיר...

איך קלער, אַז זי האָט די פוּיערישע שטיפעל פון אַ וואָגען „אָראַבגעצויגען" (עס איז דאָך ניט אַרגער פאַר קליין געלד פון—צדקה פושקע) און וויל ביי מיר די סחורה בעהאַלטען! — פרעג איך זי שטרענג:

— וואָס ווילט איהר?

— באַלד מיט׳ן „ירגזון", ענטפערט זי נאָך זיססער, האַניג רינט איהר פון אַלטען מויל אַרויס, — באַלד „וואָס ווילט איהר?" און וואו איז דער „גוט יאָהר"!

— זאָל זיין „גוט יאָהר", נור איין עק —

וואָס איילסט דו דיך, בערעלע — שמייכעלט זי נאָך זיססער — אָט, איך בין געקוממען דיך פרעגען, אויב דו האָסט ניט עטליכע שטיקלעך פוטער —

— און וואָס איז אַז ד׳האָב?

— וואָלט איך דיר אָנגעשלאָגען איין עסק — מאַכט זי —

— נו? אַרויס דער מיט! רעדט!

— דו זאָלסט זיין אַ גוטער „בערעלע", וואָלסט דו מיר אויסגעבעטעט אָט די שטיפעל מיט שטיקלעך פוטטער! איך וואָלט געהאַט אין וואָס צו גייהן צו סליחות, און דו וואָלסט דיר גאָר וואָלוועל אַ מצוה געקויפט!

איהר פערשטעהט אַ מסחר? אַ „וואָלוועלע מצוה!"

— איהר ווייסט דאָך — זאָג איך איהר — אַז בעריל קאַלבאַס איז ניט קיין בעל־עסקן אויף מצות?

— נור וואָס? פון איין אָרימע יודענע ווערסט דו געלד נעמען?

— נו, ניט קיין געלד! איך וועלל אייך עס טאָן פאַר גאָר אַ קלייניגקייט! איך וועלל אייך אויסבעטטען די שטיפעל, און איהר וועט נור מיר פערצייהלען אייערע חטאות נעורים...

וויל זי ניט, האָב איך זי אָבגעשיקט צו׳ן איין אַיינבינדער!

בעטט איך ניט קיין שטיפעל אוים! עס איז מיר אַזוי אויך נמאָס ומאוס פאַר׳ן לעבען! איהר לאַכט? און דאָך, אַז איך האָב נישט קיין שטריימעל, איז מיר אַלל־עס נמאָס ומאוס! וואָר׳ן וואָס? אויף וואָס ארבייט איך? אַלץ דען שטיק חומר אָנצולייגען! און מיט וואָס? מיט ברויט און מיט קאַרטאָפעל, ברויט אָהן קאָר־

טאָפּעל און גאַנץ אָפּט נאָך מיט קאַרטאָפּעל אָהן ברויט! כדאי?

גלויבט מיר, אַז אַ מענש אַרבייט 50 יאָהר און עסט 50 יאָהר טאָג־טעגליך קאַרטאָפּעל, מוז איהם נמאס ומאוס ווערען דאָס לעבען! מוז איהם דאָך אַ מאָל איינפאַללען — זיך, אָדער לייבעל מילנער, אַ מעשה צו טהון! און אויב איך עסס ווייטער רוהיג מיינע קאַרטאָפּעל, און אַרבייט ווייטער, האָב איך עס נור דעם שטריימעל צו פערדאַנקען!

אַז איך קריעג אַ שטריימעל אין דער האַנד אַריין, ווערט מיר אויפגעפרישט דאָס בלוט אין די אָדערן! ווייס איך נאָך וואָס איך לעב!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאַכענדיג דאָס שטריימעל, פיהל איך, אַז איך האַלט אַ פויגעל אין דער האַנד, און אָט, וועלל איך זי אָפּפּענען, וועט דער פויגעל אַרויף פליהען הויך, הויך! קוים מיט׳ן אויג צו דערזעהן!

און איך וועלל שטעהן און קוקען און קוועללען: דאָס איז מיין פויגעל, איך האָב׳ן געמאַכט, איך האָב׳ן אַרויפגעשלאָגען אין דער הויך!

אין שטאָדט, ברוך השם, האָב איך קיין דעה ניט, צו קיין אסיפה רופט מען מיך ניט, אַליין געהן, בין איך קיין שניידער ניט, איך קום ניט כמעט אַרויס אין גאַס אַריין! איך האָב קיין שטאָדט ניט, ניט אין שוהל, ניט אין בית המדרש, ניט ביי׳ן אַ מנין! איך האָב אויף גאָר ניט, אין ערגיץ ניט צו שאַפען... אין דער היים איז מרת מרים די רייטערקע! אײדער איך פּרוב אָפּפּענען דאָס מויל צו רעדען אַ וואָרט, בעהאָגעלט זי מיך שוין מיט קללות! זי ווייסט שוין וואָס איך וויל זאָגען, וואָס „בעריל קאָלבאָס" מיינט, און עס קאָכט!

נו, וואָס בין איך? אַ גאָר ניט! און דאָך, לאָז איך אַ מאָל אַרויס אַ שטריי־מעל אויף קהל — בייגט זיך קהל אין דרייען!

איך זיץ אין דער היים און שוויג, און מיין שטריימעל שאָקקעלט זיך אויבען אָן אויף אַ חתונה, אויף אַ ברית, אויף אַ סעודת מצוה... עס הוידערט זיך איבער׳ן גאַנצען עולם ביי דער קלפי, ביי׳ן אַ דין תורה!

און אַז איך דערמאַנן מיך אָן דער גדולה, וואַקסט מיר טאַקי דאָס האַרץ...

* * *

קעגען־איבער מיר וואָהנט אַ שמוקלער... איך בין איהם אָסור נישט מקנא!..

זאָל זיינער איין עפּאָלעט, אָדער אַ שליפע, זאָגען אויף איין אָקס „טרפה!" און אויפ׳ן צווייטען „כשר!" אדרבא לאָמיר זעהן! און אַז מיין שטריימעל זאָגט אויף 4 אָקסען דורך איינאַנד: טרפה!", ווערט דער קצב אויסגעריססען; די העקקער־יונגען בעהאַלטען די צייהן אין בייטעל, דאָס גאַנצע שטאָדטיל האָט נייע

„ניין־טאָג", אַ גאַנצע סאָטניע קאָזאַקען קריגט פֿאַר זעקס גראָשען אַ פֿונט פֿלייש, און פֿערפֿאַללען! עס רעדט קיינער ניט אַ וואָרט!

אָט, דאָס הייסט אַ גבורה!

איך געדענק דענן נישט?! פֿאַר אַ יאָהרען איז געווען אַ פּגירה אויף שאָף.

עפּיס, זאָגט מען, מאַכען די שאָפֿעלעך אַזוינע מאָדנע הקפות, ביז זיי פֿער־דרעהען די קעפּלעך און פֿאַלען אַנידער טוידט! איך בין נישט געוועזען דערביי; „הקפות" איז „הקפות", נור מן הסתם האָט שוין יַענקעל קצב געהאַט וואָ׳לוועל שאָפֿפֿן־פֿלייש!

דער וועטערינאַר איז געקוממען און געזאָגט: טרפה! מען האָרט איהן ווי די קאַץ!

ער האָט אַראָב געבראַכט פּיערערליי עפּאָלעטען, אַ פּאָר שליפֿעס; מען האָט זיי אַלע אוועקגע׳גנב׳עט דאָס פֿלייש פֿון אונטער די האַנד, און נאָך אויפֿ׳ן דריטטען טאָג האָט דאָס גאַנצע שטאָדטיל געהאַט וואָלוועל כשר פֿלייש אויף וועטשערע!

ביי מיין שטריימעל גנב׳עט מען נישט! עס דאַרף קיין שליפֿעס, קיין עפּאָלע־טען ניט, ער אַליין ריהרט זיך אויך נישט פֿון אָרט! און כל זמן מיין שטריימעל זאָגט נישט: עסס! עֶפֿפֿענט זיך אין שטאָדטיל קיין מויל נישט אויף!

---

איהר מיינט אפשר, אַז די גבורה שטעקט אין דעם, וואָס איז אונטערן שטריימעל? אכור חזיר!

איהר ווייסט אפשר נישט, וואָס דעראונטער איז?

איך, ב״ה, ווייס!

די בריאה איז, ב״ה, פריהער אין נאָך אַ קלענער שטאָדטיל אַ מלמד גע־וועזען, און מיין טאַטע עליו השלום, איידער ער האָט געזעהען, אַז עס וועט שוין פֿון מיר קיין לייט נישט זיין, האָט ער מיך אַהין געשיקט צו דער בריאה לער־נען! עס איז געוועזען רחמנא ליצלן אַ שלים־מזל, וואָס די וועלט פֿערמאָגט עס נישט! אַ זעלטענער מלמד!

די בעלי הבתים האָבען געזעהן, אַז ער קענן זיך ניט אויף קיין „צורת מטבע", האָבען זיי איהם באַלד אָבגעריססען אַ האַלפּט שכירות, און די צווייטע האַלפּט גע־צאָהלט מיט אָבגעריבענע צווייערס פֿאַר דרייערס, אָדער מיט בלעכענע פֿערציגערס; די רביצין האָט געזעהען, אַז זי וועט מיט איהם מיט גוטען ניט אַרויס, פֿלעגט זי איהם טאָג טעגליך דאָס באָרדיל אויסצופּפֿען!

און איהר האָט איהר ניט וואָס פֿעראיבעל צו האָבען!

ערשטענס האָט געפֿעהלט פּרנסה; צווייטענס האָט אַ יודענע ליעב צו צופּפען; דריטענס, האָט ער שוין אַזאַ באָרדיל געהאַט, וואָס האָט זיך געבעטען, כמעט

געחלש׳ט מען זאָל עס צופען! עס האָט אזוי בעשיינפערליך געבעטען, אז מיר תלמידים האָבען זיך אויך ניט געקאָנט איינהאַלטען, און אַללע מאָל האָט זיך איין אַנדערער געמוזט אַראָבלאָזען אונטער׳ן טיש, צוכאַפען זיך צום רבין׳ס באָרדיל און אויס-רייסען אַ האָהר!

נו זאָגט אַליין! קאָנן אין אַזא בריאה שטעקען אַ גבורה?

אָפשר מיינט איהר, ער איז מיט דער צייט אַנדערש געוואָרען?

אָסור חזיר! עס איז אין איהם קיין שום אָנדערונג ניט געשעהען! די אייגענע קליינע, פערלאָשענע, מיט אייטער פערגאָססענע, בטל׳נישע, שטאָנדיג דערשראָ-קענע אויגען!...

אמת, פאַר דחקות איז איהם דאָס ערשטע ווייב געשטאָרבען, נו וואָס איז? מאי נפקא מינא? צופט איהם די צווייטע דאָס באָרדיל! ווי באַלד עס בעט זיך, עס חלש׳ט, מען זאָל עס צופען, אז מען קאָנן עס ניט אָבזאָגען! און איך אַליין, ווענן איך זעה עס, קומט מיר אויך דאָס וואַססער אין מויל אַריין, אַ צופּ צו טהון!

נור, וואָס דענן איז געשעהען? ניט מעהר נור וואָס איך האָב איהם אַ שטריי-מעל געמאַכט!...

איך בין מודה ומתודה, אז ניט מיין עצה איז עס געוועזען! מיר וואָלט עס גאָר ניט איינגעפאַללען!

קהל האָט בעשטעלט און איך האָב געמאַכט; נור קוים איז דאָס אייגענע קהל געוואָהר געוואָרען, אז דאָס שטריימעל, וואָס זיי האָבען ביי מיר בעשטעלט, וואָס איך אָרימער „בעריל קאָלבאַס" האָב געמאַכט, קומט צו פאָהרען און איז שוין אַ וויאָרסט אונטער דער שטאָדט, איז עס אַרויסגעלאָפען מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה! קינד-און-קייט איז אַרויס געלאָפען, קראַנקע זענען פון די בעטטען אַרויס! מען האָט אויסגעשפאַנט די פערד און גאַנץ קהל האָט זיך אויף איינמאָל געוואָלט איינשפאַננען און שלעפען מיין שטריימעל! גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ מחלוקת עס וואָלט דערפון אַרויס! וואָס פאַר פעטש, וואָס פאַר אַ מסירות... ווענן ניט וואָס אַ חכם האָט איין עצה געגעבען: מען זאָל מאַכען אַ ליציטאַציע!

און לייבעל מילנער האָט געגעבען ח"י מאָל ח"י זהובים, און ער איז געווע-זען דאָס ערשטע פערד!

נו, שטעקט ניט אַ גבורה אין מיין שטריימעל?

* * *

מיין אשה צנועה רופט מיך (א חוץ בעריל קאָלבאַס) נאָך בעל תאוה׳ניק, עזות-מחוצף׳ניק, נבול-פה׳ניק, כל בו׳ניק, און וואָס דאָס וואַססער ברענגט איהר אין מויל אַריין...

עס איז אכזר, אַ מענש איז קיין חזיר ניט! איך האָב הנאה פון אַ גלייך וואָרטיל; איך האָב אַ מאָל ליעב לייביל מילנער, אין די אויגען און אונטער די אויגען, אריינצוזאָגען אַ שפּילקע.

אויך, — וואס וועל איך דאָ לייקענען? — די דיעגסט-מיידליך, וואס נעמען וואַססער געגענאיבער אין הויף ביים פּלומפּ, זעננען ח"ו קיין כהנים און דוכענען ניט, — האָב איך ליעב אַ קוק צו טהון...

נור, גלויבט מיר, אַז ניט דאָס דערהאַלט מיך ביים לעבען!

מיך דערהאַלט ביים לעבען איין זאַך: איך וויים, אַז איך לאָז איין מאָל אין אַ יובל אַרויס איין עבודה זרה'לע אויף קהל, און דער גאַנצער עולם בוקט זיך צו איהר, צו מיין „מעשי ידי"!

איך וויים, אַז ווען מיין אשה צנועה וואַרפט מיר די שליססעליך איבער'ן טיש, אַז דאָס האָט זי מיין שטריימעל אזוי געהייסען! מיך האָרט זי ווי די קאַטץ, אָבער מיין שטריימעל מוז זי פאָלגען!

ווען זי קומט אַהיים ערב שבת ווום טוב פון יאַטקע אָהן פלייש, און שילט דען קצב — וויים איך, אַז דער קצב איז אַ מכה שולדיג, אַז מיין שטריימעל לאָזט זי היינט קיין קוגעל ניט מאַכען!

איך וויים, אַז ווען זי נעמט נאָך גאָר אַ גוטען טאָפּף און וואַרפט איהן אַרויס אין גאַסס אַריין, אַז דאָס האָט ניט זי, נור מיין שטריימעל דען טאָפּף אַרויס-געוואָרפען! אַז ווען זי נעמט און קנייפט אויס פון ראָשטשינע אַ שטיק טייג און וואַרפט עס אין פייער אַריין, און הייבט אויף די האַנד און פערגלאָצט די אויגען צום באַלקען, וויים איך גאַנץ גוט, אַז דער באַלקען הייבט דערפון גאָר ניט אָן צו וויססען, — אַז דאָס האָט גאָר מיין שטריימעל דאָס שטיקעל טייג פערברענט!

* * *

און דערביי וויים איך, אַז מיין אשה צנועה איז ניט קיין בת יחידה ביי קהל, און קהל איז ניט קיין בן יחיד ביי גאָטט; אַז קהל האָט אַ סך אַזוינע נשים צדקניות, און גאָטט ב"ה, האָט אַ סך, אַ סך אַזוינע קהל'ס, און אַז מיין שטריימעל האָט איבער אַללע מיליאָנען מיליאַססען נשים צדקניות צו שאַפּפען!

מיליאָנען שליססעל ווערען געוואָרפען, מיליאָנען ווייבער מאַכען ניט קיין קוּגעל, מיליאָנען טאָפּ פּלאַצען אויף די שטיינער אין גאַסס, און פון דעם חלה-נעהמען וואָלט איך מיך אונטער גענוממען מפרנס צו זיין אַ פאָלק אביונים!

און ווער טהוט דאָס אַללעס? אַלץ מעשי ידי! אַלץ מיין שטריימעל!

* * *

ווייטער דער שמוקלער! אָט זיצט ער געגענאיבער דעם פענסטער; זיין פּנים

גלאנצט, גלייך מען וואלט עס מיט שמאלץ בעשמיערט.

וואס גלאנצט עס? וואס פינקלען איהם די לופענדיגע אייגעלעך?

ער האט אנגעדרעהט א פאר גאלדענע שליפעס!

ערשטענס, ווייסען מיר וואס גאלד און וואס מישורא איז! און צווייטענס, ווייס איך, אז א פאר שליפעס מוזען 10 מאהל מעהר זעלנער האבען אונטער זיך אלס לייבעל'ס שאפפענפעלץ — סיערמיענגעס און טראגערפעלצליך! און היינט זאלל פרובען די גראסטע גאלדענע שליפע ארויסגעבען א פריקאז: „10 אקסען זאלסט דו קילען און א האלבען קאבען!" „קראנק זאלסט דו קייען, פיערליי געפאסס האבען און די מילך עססען אויף דער לינקער זייט טעללער!"; „פון יעדען ביססען זאלסט דו ווארפען א שטיק אין פייער צו אין וואססער אריין!" אדער: „יעדער חתן מוז מיר פריהער ווייזען זיין כלה, און יעדע כלה איהר חתן!" „מיט מיר — אללעס, אפילו צוזעצטערהייט, אהן מיר — ניט א לעק!"

די גראסטע גענעראלסקי שליפע וועט גאר די פאנטאזיע, די העזה דערצו ניט האבען! און ווענן יא, וואלט זי געמוזט פערזייען מיט נייע זעלנער די גאנצע מדינה: ביי יעדען בעטט אנידערשטעללען חאטש א פאר קאזאקען, איינער זאלל היטען דעם צווייטען, און ביידע — דאס בעטט!

און וויפיעל וואלט דערביי נאך גנבות געשעהען, וויפיעל קאנטראבאנדע! וויפיעל וואלט מען אבגענארט! רבונו של עולם, ווי פערמאגט מען דאס!

און מיין שטריימעל טהוט דאס אללעס, און שטיל און פיין, אהן נאהייקעס, אהן קאזאקען!

איך זיטץ מיר גאנץ שטיל אין שטוב און ווייס, אז אהן מיין שטריימעלס ערלויבנים וועט זיך קיין משה'לע צו קיין חנה'לען ניט צוריהרען, קיין אויג ניט ווארפען!

חס ושלום!

און פערקעהרט, אז מיין שטריימעל האנגט אן אזא משה'לען אדער א חנה'לען א לונג־און־לעבער אויף דער נאז, איז — צום טויט! קאנסט דו פון איהר ניט אנדערש פטור ווערען סיידען מיט'ן לעבען צוזאממען! און, ווילסט דו אזוי לאנג נישט ווארטען, מוזט דו קומען בעטען, חלש'ן פאר'ן אייגענעם שטריימעל: שטריימעלע, ראטעווע! שטריימעלע אפפען מיר אויף די קייטען! לאז מיך ארוים פון הפיסה!

* * *

אין עק גאסס איז דא א שענק.

זייט מיין אשה צנועה איז א גבאי'טע געווארען, און גיסט מיר אויף ווײנשעל קיין שנאפס נישט אויף, חאפ איך מיך דארט א מאל אריין, דאס הארץ צו

דוחנען, בפרט אין אַ תענית... על כל פנים בין איך דאָך ניט מחויב פאַס־טען; עס איז דאָך פאָרט מיין אייגען שטריימעל!

דען שענקער קענן איך שוין פון לאַנג... ער לעבט אויך ניט פון מצות און מעשים טובים... נור ניט אין דעם בין איך אַצונד אויסען...

צוויי טאָכטער האָט ער געהאַט! צוויי שוועסטער פון איין טאַטע־מאַמע! וואָס זאָג איך, אַ צווילינג! ווי איך בין אַ יוד. —

עס איז דען מאָגליך געווען איינע פון דער צווייטער צו אונטערשיידען? און אַ חן׳עוודיגער צווילינג, אַ ברכה צו מאַכען!

פּנים׳לעך — ווי שמחת־תורה־אָפּפעלעך פון אַ פאָהן אַראָב! בעשמעקט — ווי בשמים־שקעטאָליך; אויפגעוואַקסען ווי לולב׳ן, און צוויי פּאָר אויגען, זאָלל גאָטט שומר ומציל זיין! אַז איינע ווארפט אַ בליק, דאַכט זיך — אַ בריליאַנט האָט געבליצט און אָרנטליכע קינדער! אין שענק און דאָך ווייט פון שענק!

אין ארון קודש אליין וואלט מען זיי ניט בעססער און עהרליכער ערצויגען!

* * *

אין שענק געבאָרען און דאָס זעננען מלכּות געוועזען! עס האָט קיין איינ־ציגער שכּור פאַר זיי קיין שלעכט וואָרט ניט גערעדט... קיין סטראַזשניק, קיין אַקציזניק! עס זאָלל געוועזען דער גראָסטער מאַנן אַריינקומען, וואָלט ער אויך, דאַכט זיך, די העזה ניט געהאַט, איינער אַ קניפּ צו געבען אין באָקיל: ניט מיט די האָנד, ניט מיט׳ן אויג, ניט אפילו אין געדאַנק! איך האָב שיער, שיער ניט געזאָגט: אַז אין זיי שטעקט מעהר גבורה ווי אין מיין שטריימעל! און איך וואָלט אַ גראָבען טעות געהאַט!

דאָס שטריימעל, האָט זיך אויסגעוויזען, איז שטאַרקער, טויזענד מאָל שטאַר־קער פאַר זיי!

* * *

אַ צווילינג! איינע אָהן דער אַנדערער האָט זיך ניט געוויזען. אַז איינער האָט עפּיס וועה געטהון, האָט די צווייטע דען אייגענען שמערץ געפיהלט... און דאָך — זוי געשווינד האָבען זיך זייערע וועגען צושיידט...

דאָס אייגענע געטהון, קוים עטוואָס אַנדערש, און דאָך!...

ביידע האָבען זיך פלוצלינג פעראָנדערט: טהייל מאָל זעננען זיי פרייליכער טהייל מאָל טרויעריגער און פערטראַכטער געוועזען ווי פריהער! — איך קאָנן אייך נישט אויסמאָלען, וואָס מיט זיי איז געשעהען. די רעכטע וואָרטער ליגען מיר אויף דער צונג, נור איך קאָנן זיי נישט אַראָבשאַרען... אַ מענש האָט נישט געלערנט... נור אין זיי איז עפּים

טיעבער, פעסטער און צוגלייך טרויעריגער און זיססער געווארען...

און מען האט געוואַסט, ווער עס איז שולדיג דעריננען; מען האט געטייט מיט די פינגער אויף צוויי משה'לעך, וואס האבען ביידע חנה'לעך נאך שאַנער, נאך בעססער, נאך חן'עווודיגער, נאך עפּיס האַבער געמאַכט!...

עט! עפּיס האב איך איין אַנדער לשון בעקוממען, עס פּאַסט גאַר ניט פאַר א קירזשנער! אַ טרעהר האט זיך מיר אין די אויגען פערדרעהט, נישט פאַר מיינע יאָהרען.

מיין אשה צנועה וועט ווייטער זאָגען: בעל תאוה־ניק...

איך וועל אייך שוין לאַנג ניט ברייען:

ביידע שוועסטער האבען דאס אייגענע געטהון, כהויה דאס אייגענע, ניט אומזיסט זעננען זיי דאך אַ צווילינג געוועזען!

ביידע האבען משה'לעך בעקוממען, און ביידע האבען געמוזט אין אַ קורצע צייט אַרום, אַריינזעצען קלינעס אין די קליידע־לאַך!

שאַמט אייך נישט, דער סדר עולם איז אַזוי; גאָטט וויללען איז עס, וואס איז די בושה?

און דאך ווי אַנדערש איז ביי יעדערער געשעהען!

איין שוועסטער האט געטראָגען פראַנק און פריי: פאַר גאָטט אין שוהל, פאַר לייט אין גאַסס, פאַר'ן סטראַזשניק, אַקציזניק און אַללע גאָסט אין שענק!

די אייגענע שוועסטער האט זיך דערנאָך אין דער ווייט פון די שכורים, אין אַ שטיללע שטוב, אין אַ וואַרימע שטוב, און אין אַ ווייס בעטט אַריינגעלייגט:

מען האט די פענסטער פערהאַנגען, די גאַסס מיט שטרוי אויסגעלעגט, עס איז אַ באָבע געקוממען; מען האט נאָך אַ דאָקטאָר געשיקט... דער נאָך איז אַ שמחה געוועזען... און ווי הייסט אַ שמחה!

און עס האט אָנגעהויבען וואַקסען אַ נייע קליין משה'לע — לתורה, לחופּה ולמעשים טובים! און, אַז זי האט געזעהען ווי גוט עס איז, שיטט זי שוין יאָהר ביי יאָהר קליינע משה'לעך, און איז אַ בעל־הבית'טע עד היום הזה...

אָבער די צווייטע האט געטראָגען בסוד סודות, וועהען געקריגען אין אַ קעל־לער, דאס קינד האט אָבגעוממען אַ שוואַרצע קאַץ...

איהר קליין משה'לע ליגט שוין לאַנג ערגיץ אונטער אַ צוים, מעהר וועט שוין קיין משה'לעך ביי איהר ניט זיין! און איין גאָטט ווייסט, וואו זי אַלליין איז אַהין געקוממען! — זי איז אַוועק!

מען זאָגט, אַז זי דיענט ערגיץ אויף דער ווייטער וועלט, אַז זי לעקט אָב פון פרעמדע טעללער... אַנדערע זאָגען, אַז זי לעבט שוין נישט מעהר...

אַ שלעכטען סוף געהאַט!

און דער גאַנצער חלוק איז געווען, וואָס דאָס ערשטע איז געשעהען אויף'ן שוהל־הויף, אויף'ן אַלטען באָרגעל מיסט, אונטער אַ ברודיג שטיק וואַללענציייג מיט בעזילבערטע אותיות... נור מיט'ן שטריימעל, — און דאָס צווייטע איז געשעהען ערגיץ אין אַ זינגענדיגען וואַלד, אויף פרישען גראָז מיט פרישע בלומען, אונטער גאָטטס בלויען הימעל, אויסגעזייעט מיט זיינע שטערען, נור — אָהנ׳ עם שטריימעל.

עס העלפען ניט קיין שמעקעדיגע בלומען, קיין זינגענדיגער וואַלד, ניט גאָטטס הימעל, ניט זיינע שטערען, ניט גאָטט אַלליין! —

ניט אין זיי אַללע שטעקט די גבורה; אין שטריימעל שטעקט זי! ניט אין פאגאַנעס, ניט אין שליפּעס, ניט אין טויזענד־מאָל שאָנערע חנה'לעך, נור אַלץ אין שטריימעל, אין דעם שטריימעל, וואָס איך „בעריל קאַלבאַס" מאַך!

און דאָס נור דערהאַלט מיך ביים נאררישען לעבען פון קארטאָפּעל!

---

# וְוענוּם און שולַמית.

אין קלויז אונטערן אויוון זענען געזעססען צוויי ישיבה־בחורים, חיים און זעליג. חיים האָט געלעזט הויך פון אַ געשריבען ביכעל, און זעליג האָרט צו און פעריכט אַ שוך מיט אַ פראָסטער נאָדעל־פאָדם.

„...און שאָן איז חנה געווען ווי וועגוּס..."

— זאָג מיר, זעליג, איך בעט דיך, וואָס מיינסט דו מיטן וואָרט וועגוּס? — האָט חיים אַ פרעג געטהון.

— וועגוס איז אַ מיטהאָלאָגישער גאָט — האָט איהם זעליג געענטפערט, שטאָכענדיג אין שוך אַריין.

— וואָס איז אַזוינס מיטהאָלאָגיע?

— דאָס ווייסט דו אויך נישט, חיים?... דו געדענקסט, יענע וואָך איז געקומען צו פאָהרען אַ משוגה'דיגע בריאה מיט אַ לאַנגען פאַרטוך און מיט אַ רויט מיצעל, און האָט פערקויפט בזול־הזול לאַקרעץ־פלעצעל מיך נאָך אַנדערע זיססע זאַכען?

— אהאַ!

— דאָס איז געווען אַ גרעק, און עס איז דאָ אַזאַ גאַנץ פאָלק, וואָס הייסט מיט'ן נאָמען „גרעקען".

— און אלע פערקויפען לאקרעץ־פלעצעל ?

— נעה, דו נאַרר, זיי האָבען זייער אייגען לאַנד—„גריכענלאַנד״... די גרעקען זענען איין אַלט פאָלק... זיי ווערען דערמאַנט אין תנ״ך. זייער לאַנד הייסט „ארץ יון״, זיי אַליין — „יְוָנִים״.

— וואָס׳ער יון? נישט פון דעם קומט אַרויס „איוואן״?

— חס ושלום! יונים זענען נאָר גרעקען — „מלכות יון״. אָט די יונים זענען אַ מאָל געווען זעהר אַ שטאַרק און אַ געבילדעט פאָלק... דו האָסט אוודאי געהערט: אַריסטו, סאָקראַט; זיי ווערען דאָך געבראַכט פון אונזערע חכמים, ווי פונ׳ם רמב״ם... אַריסטו, למשל, האָט געגלויבט, אַז די וועלט איז אַ קדמון... דאָס אַלץ זענען גרעקען, נאָר די גרעקען, חאָטש זיי זענען געווען געבילדעט, געקאָנט מאָהלען, זינגען, שניצען און אַלע שאָנע מלאכות, זענען זיי פאָרט געווען פראָסטע גאָצען־דיענער, האָבען זיי פראָסט געדינט עבודה זרה.

— או — וואַ!

— זעהסט דאָך! און אָט די מעשיות, די ספורים פון די גאָצען, פון די אָבגאָטער, הייסט מיטהאָלאָגיע.

— אַהאַ! נו, און וואָס איז ווענוס?

— אין דער מיטהאָלאָגיע איז ווענוס די גאָטין פון שיינקייט...

— וואָס הייסט גאָטין?

— פערשטעהסט דו: ביי זיי האָט יעדער פאַך, יעדע מלאכה אַ בעזונ־דער׳ן גאָטט, ווי, למשל, מען זאָגט ביי אונז, אַז יעדע אומה האָט איהר שר... למשל שניצעריי, פאָעזיע, שאָנהייט, געזונדהייט, גבורה...

— האָט דאָס אַלץ גאָטער? נור וואָס מיינט מען גאָטין? אַ קליין גאָטיל?

— ניין, גאָט איז איין „ער״, גאָטין איז אַ „זי״.

— האַ? נקבות? זיי האָבען אַריינגעזעצט אין הימעל אַריין נקבות?

— ע, חיים, פאַרוואָס מאָגנער יאָ און נקבות נישט?

— אמת; איך האָב אָבער געמיינט, זעליג, אַז גאָטער דאַרפען זיין נישט זכרים און נישט נקבות...

— דו מוזט וויססען, חיים, אַז די גרעקישע גאָטער זענען גלייך צו מענשען, דער חלוק איז נור דאָס, וואָס זיי לעבען אייביג. דערפאַר האָבען זיי גלייך ווי מענשען קינדער, ווייבער און פלגשים, נור שטאַרבען קאָנען זיי באין אופן נישט! אָט, למשל, דער האָכסטער פון זיי, יופיטער אַליין, דער גרעסטער גאָט, וואָס האַלט דען דונגער אין דער האַנד און אַללע גאָטער ציטער׳ן פאַר איהם אימת מות; ער אַליין איז פון דעסטוועגען אַ פאַנטאָפעל, אַ גאַר נישט ביי זיין ווייב יונאָנאַ, ווי

א פראָסטער מלמד ביי דער רבי׳צען. איך האָב דיר שוין אַ מאָל דערצעהלט פון דעם פלוסוף סאָקראַטעס׳עס ווייב, פון דער מרשעת קסאַנטיפּע; זי איז געוועזען אַ הונד געגען דער יונאַנאַ! היינט שטעל דיר פאָר, וואָס פאַר אַ צרות יופּיטער האָט געליטטען; ער האָט זיך אוודאי צעהן מאָל אין טאָג געווינשען דען טוידט... נור גיין, שטאַרבען קאָן ער נישט!

— הכלל — וועגוס?

— אָט וועגוס איז די גאָטין פון דעם שאָנקייט! צונד וועלל איך דיר פאָרלעזען איהר געשיכטע.

זעליג האָט אַוועקגעלעגט דען האַלב פערריבטען שוך, אַרויסגעשלעפּט אַ ברודיג פּאַפּיר פון בוזעם און אָנגעהויבען לעזען:

— וועגוס, אַפראָדיטאַ, אַפּאָגענעאַ, פּאָנטאָגענעאַ, אַנדיאָמעטאַ...

— דאָס איז דייטש? איך פערשטעה דאָך נישט קיין וואָרט — האָט זיך חיים געוואונדערט.

— נאַרעלע, דאָס זענען די נאָמען, וואָס וועגוס האָט געהאַט אין פערשידענע אָרטער אין גריכענלאַנד און דערנאָך אין רוים

— זי האָט מעהר נאָמען, ווי יתרו; וואָס טויגען מיר די נאָמען, לייען די מעשה בעסער!

זעליג לעזט:

„אונטער די פערשיערענע נאָמען איז וועגוס געוועזען הייליג אין די פערשיעדענע שטאָדט, אַלס גאָטין פון דער ליעבע״.

— שוין נישט שאָנקייט?

— אַלם איינס! „זי איז נישט געבאָהרען געוואָרען פון אַ מאַמען, זי איז אַרויס־געשפרונגען פון ים. זי איז אַ בילד שאָנע נקבה, זעהר אַ רייצענדע...״

— אַ רייצענדע? וואָס הייסט דאָס?

— דאָס הייסט זי האָט יעדען גערייצט, אויפגעקאָכט דאָס בלוט, וכדומה.

— אַהא!

— „זי האָט מען פאָרגעשטעלט גאַנץ אָדער האַלב נאַקעט...״

— פע!

— „איהר מאַנן איז געוועזען בולקאַן...״

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין חיה?

— אויך אַ גאָטט, דער גאָטט פון פייער... אָהנליך צו אונזער תובל־קין; ער האָט ערפונדען די מלאכה פון אייזען קאָווען, דאָס הייסט אויף דייטש די שמיעדע־קונסט״, פערשטעהסט?

— אַ ביסעל.

— „נור מיט איהם האָט זי קיין קינדער נישט געהאַט..."

— גאָטער גט׳ן זיך נישט אונ האָבען חתונה אָהן חופה וקדושין. „דערפאַר אָבער האָט זי געהאַט קינדער מיט אַנדערע גאָטער אונ מיט מענשען אויך".

— ווי הייסט? גלאַט אַזוי, ממזרים הייסט עס?

— זיי־זשע נישט קיין שוטה, חיים! אַז גאָטער זענען פּטור פון חופה, קדושין אונ גט, איז ביי זיי נישט דאָ קיין ערוה אונ קיין ממזרים...

— יאָ, אוודאי, אַז מען וואַשט זיך נישט, דאַרף מען נישט בענשען, דו זאָגסט דאָך אָבער מיט מענשען אויך?...

— נו, וואָס־זשע איז? הלמאי אונזערע בני־אלהים, וואָס זענען דערמאָנט אין פסוק..

— נו, נו, לייען ווייטער.

„מיט מאַרסען האָט זי געהאַט צוויי קינדער..."

— ווי זאָגסט דו? מֶרס צו מרסנאָ?

— נישט מרס, נישט מרסנאָ, נאָר מיט מאַרס׳ן, מיט׳ן גאָט מאַרס, דאָס איז דער „איש מלחמה", דער גאָט פון מלחמות, דער קריעגסגאָט...

— „צוויי מיט באַקכוסען, מיט׳ן גאָט, וואָס האָט צו שאַפען איבער וויין אונ אַנדערע משקאות".

— דאָס מוז זיין אַ מין לוט, אַ גוטער שכור!...

— „צוויי מיט מערקור"...

— ווער איז דער?

— מערקור איז דער גאָט פון גנבים, סוחרים, משולחים!

— זעהר אַ געמיינער שדוך.

— מיט איינעם אַ נחיזעס, אַ פּראָסטען בשר ודם, האָט זי זיך געטראָפען ערגיץ נעבען אַ טייך, זייענדיג פערשטעלט אין אַ פּאַסטושקע; פון דער וויזיט איז געבאָהרען געוואָרען אַ יונגעל... אַמאָל האָט זיך איהר געטראָפען אַזאַ מעשה: עס האָט זי נאָך געיאָגט אַ חברה רוצחים — האָט זי זיך בעהאַלטען אין אַ הייל אונ האָט גערופען הערקולעסען".

— ווער איז דאָס?

— דאָס איז אַ שטאַרקער גאָט, נישט אפילו אַ גאַנצער, נור אַ האַלבער גאָט; איינער אַליין האָט ער אויסגעריי׳נגט אין איין טאָג 36 פערדשטאַלען...

— ווייטער, ווייטער, זעליג; עס העבט שוין אָן צו גודען אונ קאַפּויער צו געהען, ד׳לעבען.

— „הערקולעס איז געקומען אין דער הייל אריין, ער האָט אדיינגעלאָזט די

רוצחים איינציג־ווייז, איינעם נאָכ׳ן אַנדערען, מע האָט זיי צורעבֿט געמאַכֿט..."

— פֿע, חלשות!

— "די ווענוס פֿלעגט זיך שטאַרק נוקם זיין אין די, וואָס האָבען געלאַכֿט אויס דער ליעבע. איינוואָהנער פֿון שטאָדט האָט זי פֿערוואַנדעלט, דאָס הייסט מגלגל געווען, אין אָקסען".

— געגוג! — האָט חיים אויסגעשריען, אויפֿשפּריגענדיג, — עס קעהרט זיך די גאַל! ווענוס, אַ געטין, חאַ, חאַ, חאַ! געהאַט טויזענד מאַננען, גע׳הרג׳ט, געשטאָכֿען, געקוילעט — נאוף, זנות, רציחה, פֿע!

חיים האָט אויסגעשפּיגען אונ זעליג איז אָפּגעשטאַנען אין איין צאָרען.

— ע! — האָט זיך זעליג אָנגערופֿען בעליידיגט — דו ווייסט וואָס דו רעדסט אונ וואָס דו שפּייסט!... דו נעמסט אַ טהייער, שאָן מלבוש אונ טהוסט עס אָן אויף דער לינקער זייט, דרעהסט איבער דעם ספּאָדיק אונ מאַכֿסט אַ פּורים שפּיעל!... ווענוס איז נור אַ משל, אַזאַ מין אידעאַל, אויף אַזאַ־נ־אַרט, למשל, ווי אין שיר השירים שולמית...

— אַקוראַט! חאַ, חאַ, חאַ! שאָמען מאָגסט דו דיך, זעליג! פּונקט גלייך! שולמית אין שיר השירים איז אַ געזונדע, אַ פֿרישע, אַ שטיק אייזען! די ברידער האָבען איהר געהייסען היטען זייערע ווייגגאָרטנער, האָט זי איהר ווייגגאָרטען נישט געהיט; דאָס פּנים איז איהר אָבגעברענט, נאָר זי איז נישט קיין ציגיינערין; דער האַלז איז ווייס ווי מירמעלשטיין; זי שמעקט מעהר, ווי אַלע פֿעלדער, וועלדער אונ גאָרטנער צוזאַמען! זי קוקט נישט אַראָב פֿאַר בושה אונ בלאָזט זיך נישט, ווי אַ אינדיק; זי קוקט גלייך, זי האָט זיך נישט וואָס צו שאָמען. זי האָט אַזוינע גוטע, וואַרעמע, האַרציגע אויגען, ווי צוויי גוטע טויבען! אונ ליפּען האָט זי — צוויי דינגע, רויטע פֿאָדעם. אונ זי שנירט נישט דאָס פּיסקעל אונ מאַכֿט נישט קיין מאוסע היוּות; זי רעדט גלייך, אונ האָניג גיסט זיך איהר פֿון מויל!... אַז דו זעהסט זי, קומט דיר קיין שלעכֿטער געדאַנק נישט אַריין אין קאָפּ; גאָר פֿאַרקעהרט: דו פֿערלירסט גאָר די געדאַנקען. זי גיט אויף דיר אַ קוק מיט איין אויג, לאָזט דו דיינע אַראָב ווי אַ גנב; דיין האַרץ אין דיר הערבט אָן ציטערען אונ צאַפּלען, ווי אַ געקוילעטער האָהן. זי איז איינפֿאַך, ריין אונ ציכטיג, ווי ערשט געפֿאַללענער שנעי! אָט קומט אָן דער זוממער, אַ נייַ לעבען אויפֿ׳ן פֿעלד אונ אינ׳ם גאָרטען, די טירקעלטויב הערבט אָן צו ברומען, די בלומען הערבען אָן שפּראָצען, דער פֿייגענבוים בליהט, די ווייגטרויבען בלישציען! אַלץ ווערט אויפֿגעלעבט, אַלץ האָט זיך אויפֿגעהאַפּט צו נייעם לעבען, אונ איהר האַרץ האָט ערפֿילט אַ נייַ געפֿיהל! פּלוצים איז דאָס געפֿיהל געקוממען, אונ באַלד מיט׳ן גאַנצען שרעקליכֿען כח! שטאַרקער ווי דער טוידט איז איהר ליעבע, טיעפֿער ווי דאָס גיהנום איז איהר קנאה. אונ איהר ליעבע איז עביג, טייַכֿען ווילען

זי נישט פערפליסען, דער ים אליין וועט זי נישט פערלעשען... אונ ליעב האט זי נור איינעם: א יונגען, שיינעם פאסטוך; זי ווייסט נישט, אז דער פאסטוך טראגט א קרוין אויפ'ן קאפ, אז ער איז דער גראסטער מלך אויף דער וועלט! זי איז פראסט, אפען אונ עהרליך, זי קאן נישט שפיעלען קיין ראמאן, קיין „טשיטשישיבאבע", איהר טהוט וועה, וואס ער איז נישט איהר ברודער פון איין טאטען אונ פון איין מאמען, זי זאל איהן קאנען קושען פראנק אונ פריי אין אלע גאססען! אט! דאס איז שולמית! דאס איז, ווי דו זאהסט, איין אידעאל פון איין אמת'ער יודישער טאכטער, וואס האט א טאטען אונ א מאמען, נישט ווי דיין וועגוס די אויסגעלאססענע.

— דו פערגעסט אבער איין זאך — האט איהם איבערגעשלאגען זעליג — דו פערגעסט, אז דאס אלץ, דאס הייסט די מיטהאלאגיע איז נאר משלים; דער־ונטער שטעקען פילאזאפישע אונ רעליגאזע געדאנקען.

— אדרבא, פערקעהרט! גאר פארקעהרט די כברא! ווי פערקליידט מען הויכע געדאנקען אין נידריגע משלים? ווי פערבינדט מען בריליאנטען אין א ברודיגע שמאטע? אונ וואס הייסט? צו איז דענן ביי אונז יודען שיר השירים נישט קיין משל? איז דענן נישט שלמה דער רבונו של עולם אליין, דער מלך שהשלום שלו? אונ שולמית איז דענן ניט די כנסת ישראל? די ריינע, נור פערשווארצטע כנסת ישראל?! נאר סודות אהין, סודות אהער, שולמית איז טאקי שולמית, אונ וועגוס, להבדיל אלף אלפי אלפים הבדלות, איז א זוינס, וואס איז נישט ווערטה די רייד! הארסט דו, זעליג? ימח שמה!!! מעק אוים איהר נאמען פון דיין ספר, אונ שרייב — ווי הייסט דאס מיידעל, וואס דו בעשרייבסט? חנה, דאכט זיך?

— חנה.

— נו, שרייב, אז זי איז אזוי שאן געוועזען, ווי... אדער ניין, שרייב נישט! הארסט דו! זאלסט דיך נישט דערוועגען, עס וואלט געוועזען א העזה פון דיר; לאז דיין חנה מיט די פיסלעך, ווי די שפילקע־קאפלעך גלייך זיין צו וועמען דו ווילסט, צו מרים'ן מיט דער פויק, צו אביגיל'ן, צו רחב'ן, צו דלילה'ן, לאז זיין צו וועמען דו ווילסט, אפילו צו אסתר המלכה, נאר נישט צו שולמית, קיינע קאן נישט גלייך זיין צו איהר, קיינע נישט, הארסט?!..."—

# דֶער הֶעלְמֶער מְלַמֵד.

„אַמאָל איז די וועלט אַזוי פֿערפֿלייצט געוואָרען מיט תּאוות" — דערצעהלט שכנא פֿאַר אַ גאַנץ רעדעל יודען אין בּית המדרש — אַז מען האָט מורא געקריגען דער רבּונו של עולם זאָלל נישט, כּביכול, פֿערגעססען פֿאַר גרויס גרימצאָרען די שבועה און נישט אָפּעגען די טויערען פֿון הימעל און בּרענגען אַ מבּול, גאָר אָהן נח'ן און אָהן דער תּיבה. עס איז רחמנא ליצלן, געוועזן בּאו מים עד נפש — ווי זאָגט ער, בּיז אַהער! עס איז אַזוי ווייט געקוממען, בּיז די למ"ד וָא"ו צדיקים האָבּען מורא געקריגען פֿאַר זיך אַלליין און זענען זיך צוזאַמענגעקוממען אויף איין אסיפה קיין בּראַטקעוו. זיי זענען געזעססען און האָבּען געקלערט זיבּען טאָג און זיבּען נאַכֿט; עס איז שוין בּיי זיי געוועזן אַ סברא, מען זאָלל מאַכֿען כּלו חייב, לאָז משיח קומען וועט נעמען איין עק. ס'איז אָבּער אין מיטען געוועזן אַ פּראָסטער יוד, אַ וואַססערטראָגער; ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: ניין און ניין! ס'איז אַראָבּ־ געקוממען אַ בּת־קול, דער מלאך גבריאֵל האָט זיך בּעוויזען; מע האָט געזאָגט, אַז מען ווילל אַזוי אויפֿ'ן הימעל, אין די עולמות העליונים; אונזער וואַססערטראָגער קוקט נישט אויף די אַללע זאַכֿען, ער ווילל נישט קיין עבירה טהון! מע האָט זיך אַזוי לאַנג געהאַמפּערט, בּיז עס איז געבּליבּען, מען זאָלל צורעכֿט מאַכֿען דען יצר הרע.

אַללע למד וָא"ו צדיקים, זענען געוועזן פּראָסטע אָרימע יודען; אַ חוץ וואַססער־ טראָגער זענען נאָך געוועזן שוסטער, האָלצהאַקער, שטיינערקלאַפּער וכדומה. נאָר איינער פֿון זיי האָט פּונקט פֿאַר אַ קורצע צייט אָבּגענומען אַ גרויסע ירושה פֿון אַ מוהמע, וואָס איז געשטאָרבּען אין אַלכּסנדריא של מצרים און ער האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט נכשל צו ווערען אינ'ם גאָלדענעם עגל. אָט פֿאַר זיין געלד האָט מען אַראָבּגעבּראַכֿט, און טאַקי פֿון מצרים, אַ סָרים.

מען האָט אַראָבּגעבּראַכֿט אַ סָרים, מען האָט איהן פֿערשטעלט פֿאַר אַ גוטען יודען, מיט בּאָרד און פּאות, מיט אַ קאַפּטאַן מיט סטראָקים, שיך און זאָקען, מיט איין אָפּפֿען האַרץ און מען האָט זיך אָנגעהויבּען רייצען מיט'ן יצר הרע: אָט דאָ, בּיי דעם צדיק, ווייז דיין גבורה!

דער יצר הרע איז געקוממען, וואָס זאָלל ער וויססען? ער זעהט אַ יוד מיט בּאָרד און פּאות און צולאַכֿט זיך אויף אַ קול: חאַ, חאַ, חאַ! אַ גרויסע זאַך אַזוינס צו בּרענגען צו איינע'עבירה.

איהם איז גאָר נישט איינגעפֿאַלען אַז דאָס איז אַ סרים. ער זעצט זיך נעבּען

איהם אנידער, הייבט זיך אָן מיט איהם צו וואָרטלען, רעדען אַ ביסעל חנופה, חכמה'לעך, עזות'קייט, נבול־פה; דער סרים אָבער פֿערשטעהט נישט קיין וואָרט אונ גיט אפילו נישט קיין שמייכעל. דער יצר הרע איז אַזש הייזעריג געוואָרען: דאָס ערשטע מאָל טרעפֿט זיך איהם אַזוי פֿיעל ארבייט ביי איין גוטען יודען. ער גיט אַ פֿייף; רחמנא ליצלן, עס בעווייזען זיך אַלערליי נשים: גבאי'טעס, פּראָסטע ווייבער, יונגע ווייבלעך אונ אַזוי נקבות. זיי קומען אָן פּאָרלעך־ווייז, ווי די עופות טמאים אין נח'ס תיבה אריין, אָנגעטהון אויף פֿערשיעדענע אופנים: מיט קרינאָלינעס, אָהן קרינאָלינעס, פֿערהאַנגענע, פֿערשטעלטע, האַלב־נאַקעטע, אונ מיט פֿערשיעדענע מדות: לאַבענדיגע, וויינענדיגע, שעלטענדיגע, שרייענדיגע — אָבער עס העלפֿט ווי איין אַרבעס אין דער וואַנד! אַ טייך מיט שוויים האָט שוין דען יצר הרע בעגאָסען, ער איז אַזוי מיעד געוואָרען, גלייך ער וואָלט אַ גאַנצע וואָך האָלץ געהאַקט. אונ דער סרים ריהרט זיך אַלץ ניט! דער יצר־הרע גיט נאָך אַ פֿייף אונ ברענגט אַרויף ר ח ב ־ ה ז ו נ ה — עס געהט נישט, חאָטש צוריים זיך! „איך וועל נאָך מאַכען די לעצטע פּראָבע — זאָגט דער יצר־הרע — מאַססאַזש! איך וועל נאָך פּריוון איהם אַביסעל איינרייבען!" ער חאַפּט דעם סרים אונ קנייטשט איהן, בייגט איהן, רייבט איהן אינ גליהט איהן. וועך, וואָס? דער יצר־הרע האָט אַזוי לאַנג אומזיסט גע־אַרבייט איבער'ן סרים, ביז ער האָט אָנגעהויבען סאָפּען ווי אַ גאַנז, עס האָבען איהם געבראָכען האַנד אינ פֿיס אונ האָט פּלוצים אָנגעהויבען צו חלש'ען.

די למד־וא"ו צדיקים האָבען נור דאַרויף אַרויסגעקוקט. זיי האָבען גענומען דעם יצר־הרע, געבונדען מיט דרייסיג בינטלעך כפול־שמונה ציצית, געקוילעט מיט אַ מוהל־מעסער, אריינגערוקט אין אַ הייסען באַק־אויווען אונ פֿערברענט אויף קאָהל. נאָכדעם האָבען זיי גענומען דאָס אַש, אונ, אַז עס איז געוואָרען אַ שטאַרקער שטורם־ווינד, האָבען זיי עס פֿערשפּרייט אונ צווייט אויף די פֿיער ווינקלען פֿון דער וועלט.

אין הימעל איז געוואָרען אַ גרויסע שמחה, אויף דער ערד אַ גוט יאָהר; אַ לעבען, ווי אונטער דער זונן: די אומות העולם האָבען אויפֿגעהערט צו האַלטען מלחמה; מאַנן אונ ווייב האָבען זיך נישט געקריגט אונ די קאָטשערעס מיט די לאָ־פּאַטעס האָט מען נור בענוצט צו חלה באַקען; אַללע מלכים האָבען אַהיים געלאָזט דאָס חיל, די ביקסען האָט מען אַוועקגעשענקט קליינע קינדער אויף ל"ג בעומר, אונ די אַרמאַטען האָט מען גענומען אין די דאָרפֿער אַריין אונ געשטעלט פֿאַר סטראַשאַקעס אויף די פֿעלדער. דעמאָלט האָט מען געמאָגט טייטען מיט די פֿינגער אויף יעדער אַרמאַט, לאַכען אונ חוזק מאַכען, וויפֿיעל עס וועט אריין. עס איז געווען אויף דער וועלט שלום ושלוה, לעבעדיג, פֿרעהליך.

עס וואָלט אַלץ גוט געוועזען, נור די חופה־שטאַנגען, אַזוי ווי זיי זענען

געשטאַנגען אין שוהל אין אייןווינקעלע, אַזוי האָט זיי קיינער נישט גערירט, אַללע מאַנסבילן זענען געוואָרען פרושים, אַללע ווייבער גבאי'טעס און צנועות — אַ גאַנץ יאָהר ימי הגבלה! רבנים, שמשים, חזנים, שדכנים און כלי־זמר זענען אַרומגעגאַנגען פוסט־און־פּאַס: אוים חתונה־הוצאות, אוים חתונה־קליידער, אוים נדן, אוים חופות — הכלל, נור מען זיצט און מען לערנט!

די וועלט האָט זיך פערזאָרגט: ס'טייטש? שטאַרבען שטאַרבט מען און קיינער ווערט נישט געבאָהרען! עס איז אַזוינס נאָך נישט געהערט געוואָרען! — און גאָטט ווייסט, וואָס עס וואָלט געווען, ווען ניט דער **חעלמער מלמד**!

אָט הערט אוים אַ מעשה:

נאָך פאַר די למד־וא"ו צדיקים'ס אסיפה האָט אַ **חעלמער מלמד** דערפיהלט, אַז דער יצר־הרע דלובעט איהם שטאַרק דעם מוח... ער האָט איהן געשלעפט אין בית־המדרש אַריין — אָח איז מיר! — ער געהט מיט; ער איז מיט איהם געפאָהרען צו אַ גוטען יוד, מהיכי־תיתי, ער פאָהרט גאַנץ גערן; ער געהט מיט איהם אין מקוה אַריין, דער ימח־שמו'ניק האַלט צו די נאָז — נור געהן געהט ער. דער מלמד האָט געזעהען, אַז עס איז שלעכט, ער קאָן פערלירען דאָס מלמדות, האָט ער זיך מישב געווען און איז אַנטלאָפען העט, העט אין וואַלד אַריין...

זיבען יאָהר איז ער געווען אין וואַלד, געשלאָפען אויף דער גאָלער ערד, געגעססען פוילע וואָרצעל און געזאָגט תהלים מיט זוהר. ער איז אַזוי אויסגעדאַרט געוואָרען, אַז מען האָט איהם געקאָנט דורכציהען דורך איין אויער פון אַ נאָדעל, און אַזוי דורכזיכטיג, אַז מען האָט איהם גאָר נישט געזעהען. ער איז פּראָסט געוואָרען אַ רוֹאֶה וְאֵינוֹ נִרְאֶה, איהר פערשטעהט?

אַז ער איז געקומען צו דער מדרגה, האָט ער זיך אויפגעהויבען צוריק צו געהן אין ישוב אַריין; איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אַצונד איז ער שוין אויף עביג בעפרייט פונ'ם יצר הרע, אַז ער מאָג שוין פאָהרען אַהיים.

נור קוים ער איז אַרוים פונ'ם וואַלד — **חאַפּט** זיך אויף פלוצים אַ שטורמווינד, און קעהרט איבער וועלטען! דאָס איז געוועזען פונקט דעמאָלט, ווען די למד־וא"ו צדיקים האָבען צושפּרייט דעם יצר־הרע'ס אַש אויף אַללע פיער עקען פון דער וועלט, און עס האָט איהם, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַריין געפּרושעט אַ שטויב אַש אינ'ם לינקען אויג. אַ שאָנע מעשה! דאָס לינקע אויג האָט אָנגעהויבען צו זעהען אַזוינע זאַכען וואָס, רחמנא ליצלן, מען זעהט עס נישט אויף דער גאַנצער וועלט. פונ'ם לינקען אויג האָט זיך באַלד אָנגעשטעקט דאָס רעכטע אויג, באַלד איז עס איהם געקראָכען אין מוח, נאָכדעם אין הארצען אַריין; איך וועל אייך

נישט לאנג בּרייען — דער חעלמער מלמד איז געוואָרען פֿולל מיט יצר־הרע, אונ אַז ער איז געקומען צוריק אין ישוב אַריין, האָט ער, וואס טויג אייך מעשיות, צוריק אָנגעשטעקט די גאַנצע וועלט.

מיין זיידע, עליו השלום, וואָס האָט מיר דערצעהלט די מעשה, פֿלעגט אַלץ זאָגען, אַז ווען נישט דער חעלמער מלמד, וואָלטען מיר שוין לאנג נישט געווען אויף דער וועלט! אונ ווען ער, דער זיידע עליו השלום, האָט געזעהען אַ חתונה, אַ ברית, אָדער אַ פּדיון הבן, פֿלעגט ער אַלץ זאָגען: „דאָס איז דעם חעלמער מלמד'ס מלאכה; אין יעדען פֿון אונז שטעקט אַ שטיק חעלמער מלמד!..." —

---

# אַלְטְוַואָרְג.

## עֶרְצֶאהלְט פון אַ פּוּרִים רָבּ.

(מיט אַ קליינע הקדמה).

---

### 1.

איהר האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ פּורים רב*), — בּין איך! וואָלט איהר מיך אויסגעקליבּען אַלס שתדלן אין וואָס עס איז פֿאַר איין עסק, אַלס גבּאי אין אַ חברה של צדקה, אַלס רעדעל־פֿיהרער אָדער קאָבער־לעפֿעל פֿון אַ פּאַרטיי, וואָלט איך אַלץ געקענט זיין! אפֿילו, ווען איהר מאַכט מיך פֿאַר אַ גוטען יוד פֿאַר איין עולם חסידים, וואָלט איך אויך געוועזען! איך בּין קיינמאָל נישט געגען קהל, געגען חברה, געגען פּאַרטייען אונ, וואָס מען וויל, בּין איך. איהר מיינט, מען דאַרף זיין פּעהיג דערצו? אַז אסור! נישט אינ'ם אויסגעוואָהלטען שטעקט די קראַפֿט! ווענמען מען וואַרפֿט „הורראַ"! דער פֿליהט; ווענמען מען שטעלט זיך אויפֿ'ן קאָפּ, דער איז הויך; ווער עס טראָגט דאָס שטריימעל דער איז רב! צו ווענמען מען פֿאָהרט, ווענמען מען גיט פּדיונות, — דער מאַכט אָן התלהבות אונ דבקות, דער פֿיהרט דאָס רעדעל! יעדער איינציגער פֿון דער חברה האָט אַ קליין בּיסל אמונה, אַ קליין פּיצעל בּטחון, אַ שטיקעלע וויללען. אונ, אַז מען לעגט דאָס צוזאַממען אין איין בּוזעם־טאַש אַריין, ווערט דער בּעל־הבּית פֿון בּוזעם־טאַש אַ גרויסער מאַנן, אַ פֿייערדיגע זייל;

---

*) אין ליטא אונ פּוילין איז אין חסידים שטיבּליך אַ מנהג אויסצוקלייבּען אויף פּורים, אַ פּורים־רב, וואָס איז [illegible] אַלעמען פֿרעהליך אונ לוסטיג צו מאַכען.

א זונן, אונ שטראהלט אַרוים פֿון זיך אמונה אונ בטחון, אויך קריעגט ער שוין איין אייזערנע גבורה מויערן צו ברעכֿען.. אַ והאָ ראיה צערפֿאַלט זיך די חברה, ווערט דער גרויסער צוריק קליין, נישט אָנזעהעוודיג; ער ווערט אין גאַנצען פֿערלורען.

דאָס זעלבע איז מיט אַ פּורים-רב. מיינט נישט, אַז ער דארף זיין בטבע אַ לץ, אַז ער מוז שיטען מיט גלייך-וואָרטליך אונ וויצען! אויב דער עולם וויל אונ קען, איז געגוג, אַז דער פּורים-רב זאָל טייטען מיט אַ פֿינגער, דער עולם זאָל פֿאַללען אונטער די באַנק פֿאַר געלאַכֿטער; אויב נישט, העלפֿט קיין חכמה אונ קיין קונצען. אונ דאָך, מודה מוז איך זיין, אַז איהר האָט געטראָפֿפֿען מיט דעם, וואָס איהר האָט מיך געמאַכֿט פֿאַר אַ פּורים-רב! וואָרום דען אמת זאָגענדיג, אַביסל ליצנות שטעקט שוין אין מיר בטבע: אפילו אַז איך בין שוין גאָר ערנסט, אַז איך רייט שוין גאָר מיט גרוים גדלות אויפֿען בעזעם, אַז איך בלאָז מיך שוין גאָר אָן, ווי ממש עפּיס רעכֿטס, — זיצט אויך עפּיס אין מיר אונ לאַכֿט... אונ ווער איך אַמאָל גאָר אין כּעס, איך שיט שוין מיט פֿייער אונ שריי: רוצחים! הינדשלעגער! וכדומה, לאַכֿט אויך עפּיס אין מיר... עס לאַכֿט, אפילו ווען איך וויין; ווען דאָס הארץ, דאַכֿט זיך, וויל צוברעכֿען ווי אַ שאַרבען... עס איז אַ ביטער געלאָכֿטער, נאָר עס לאַכֿט... „עס איז דאָך נור — לאַכֿט עס אין מיר — עס איז דאָך נור אַ פּורים שפּיעל"!

אונ צווייטענס וועט איהר ביי מיר ווירקליך נישט וויססען, בין אָרור המן לברוך מרדכי, ווייל — ווייל איך אַליין ווייס נישט! כּל זמן איך קוק מיט מיינע אייגענע אויגען אין דער מגילה אַריין, זעה איך; כּל זמן דער קורא לייענט, זינגענדיג-שנאָרעבֿענדיג, האָר איך; לעג איך אָבער אַוועק די מגילה, אָדער דער קורא בלייבט שטיל, פֿערגעס איך אונ ווייס ווייטער נישט! דאָס קומט דערפֿון, וואָס מען האָט, בעוונותינו הרבים, אָבגעשטעלט די זונן אונ געהייסען זיך דרעהען דער ערד. פֿון דעמאָלט אָן דרעהט זיך מיר אין מח!.. אַז אַ מענש פּיהלט נישט קיין פֿעסטען באָדען אונטער די פֿיס! דער בעל-הבית פֿון קליינסטען שטאָדטיל איז שוין נישט ווי פֿערזעססען אויפֿ'ן אָרט, שוין נישט אַזוי פֿערשטאַרט אונ פֿערגליווערט ווי אַ מאָל... דער וועג פֿון וויעג ביז'ן קבר איז שוין נישט אַזוי קורץ, שוין נישט איבערצוזעהן: אַ מענש ווערט געבוירען אין מערב, גֵט זיך מיט'ן ווייב אין צפֿון, באַנקראָטיערט אין דרום אונ מאַכֿט גלגול מחילות קיין מזרח אָדער פֿערקעהרט! אונ געה ווייס אויפֿ'ן כּף הקלע, ווער הרין, ווער אַחשורוש אונ ווער, להבדיל, מרדכי איז? איין אויסגעמישטע וועלט.. ווי גלעזערנע פּעריל אין קאָלעידאָסקאָפּ, מישען זיך איבער די פֿערשיעדען-פֿאַרביגע, פֿערשיעדען-פֿאָרמיגע אידעען; די ליניען ברעכֿען זיך, די ראָדער וויקלען אונ פּלאָנטען זיך אונ געה ווייס, וואָס גוט אונ וואָס שלעכֿט איז...

נור, איך בעט אייך, שלאָפֿט נישט איין... איך ענדיג שוין די הקדמה... נעמט דערווייל אַ ביסל בראָנפֿען... אייגענטליך אָבער, וואָס

דערצעהלט מען אייך? איך פלעג אייך דערצעהלען וויינענדיגס, הארצרייסענדיגס
אונ איהר האט געלאכט; מיך האט א ווארם אין מח געביססען, מיך האט
אין הארץ דער טייוועל מיט אללע זיינע משרתים געריססען, און איהר פלעגט
פלאצען פאר געלעכטער. זאלל איך ווייטער פרוווען?

איך קוק ארויס דורך די פענסטער אונ זעה גאנצע לאנקעס, בעוואקסען מיט
בלומען אונ דארנער. די בלומען זענען די גוטע, הערצלאבענדיגע מעשה׳ליך, אונ
די דארנער זענען מעשה׳ליך, וואס שטעכען אונ ברעננען! וואס זאלל איך אויסרייסען
פאר אייך? א בלימיל? געוויסס! ווי הייסט עס אינ׳ם בעקאנטען ליעד? — דער רבי
האט געהייסען לוסטיג זיין! איך שטרעק אויס די האנד, נאר צו וועל איך טרעפען?
עס איז דאך פורים, א ביסל האב איך געטרונקען, דאס אויג איז נישט זיכער, די
האנד איז נישט פעסט, איך זאל נור קיין טעות נישט האבען...

---

## 2.

איך שטרעק אויס די האנד, די לאנגע האנד פון א פורים־רב אין דער פורים־
וועלט אריין אונ טרעף קיין חינא, אונ רייס אויס א בלימע׳לע — א מעשה׳לע הארט!
א מאל איז געווזען א חינעזישער חכם; ער האט דורכגעמאכט אללע עקזאמענס,
דורכגעלעזען אונ אויסווענדיג געקענט אלע ספרים, געדרוקטע אונ געשריבענע,
הייליגע אונ „וואכענדיגע", מיט אייןווארט — אלץ, וואס א חינעזער האט א מאל
אריינגענארט אין א טרוקען הינעזיש ווארט אונ פערקלאפט אינ פערהאמערט
אויף טויט! ער האט נור געדארפט אפענען דאס מויל, עס זאללען זיך ארויסקאלערן
גאנצע מגלות, גאנצע ספרים; מיט׳ן שער, מיט׳ן „תם ונשלם", מיט אלע ציטאטען
אונ אלע בעמערקונגען פון בחור הזעצער, וואס זענען נאך אין חינא אין דער מאדע,
ווי ביי אונז מיט א יאהר פונפציג צוריק... הארען האט ער שוין נישט געקענט, עס
איז שוין פאר איהם קיין נייעס נישט געוועזען: זעהן האט ער שוין נישט געהאט
וואס — אין חינא זענען זיך „מארגען", „נעכטען" אונ „היינט" עהנליך ווי צווילינגס־
ברידער — האט ער זיך טאקי געלעגט שלאפען! ער האט זיך מיטין גרוים געלעהרטען
מונדיר, ווי דער שטיגער איז אין חינא, געווארפען אין בעט אריין, גענומען די
שלאפמיץ איבער די אויערען אונ אויגען אונ שלאפט... פון צייט צו צייט שנארכט
ער. עס טרעפט, אז ער רעדט חכמות פון שלאף, נאר עטליכע מאל אין טאג
אפענט ער דאס מויל, מען זאל איהם אריינשיטטען עטליכע קארנדליך רייז, ארייג־
גיסען עטליכע טראפען זופ פון פייגעל־נעסט... אונ אפענט אפילו דערביי די אויגען
נישט אויף...

ער איז אַזוי געשלאָפֿען אַ יאָהר, צוויי צו דריי און אפשר הונדערט יאָהר... אין אַ לאַנד, וואָס האָט אַ געשיכטע פֿון הונדערט טויזענד יאָהרען איז אַ יאָהר און הונדערט יאָהר כמעט אַלץ איינס.. נור פּלוצים איז ער, ווי אַ געביססענער אַרויסגעשפּרונגען פֿון בעט. אַ צוועלף־פֿונטיגע יאַפּאַנישע האַרמאַט האָט איהם אויפֿגעוועקט... אין דער צייט, וואָס דער חינעזישער געלערנטער איז געשלאָפֿען, האָט יאַפּאָניען שטודירט! עס איז געגאַנגען צו דער קלוגער מאַדאַם אייראָפּא אין שוהלע אַריין און — האָט זיך אויסגעלערנט — שיסען! און עס שיעסט... פּיף־פּאַף־טראַך! פּיף־פּאַף־טראַך! דאָס האָט ער נישט פֿאָרגעזעהן; דאָס האָבען איהם הייליגע און וואָכֿעדיגע ספרים פֿריהער נישט געזאָגט, און קיינער האָט עס איהם, בײַ דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז געשלאָפֿען, אין חלום נישט ענטפּלעקט... ער רייסט אַראָב די שלאָפֿמיץ: בים־באָם־טראַך; די אַרמאַטען קלינגען נאָך האָכֿער, נאָך שראָקליכֿער! ער קוקט זיך אום — אין שטוב איז קיין נפש נישט דאָ.. דאָס הויזגעזונד מיט דער גאַנצער דינערשאַפֿט זענען ענטלאָפֿען ווי פֿון אַ שרפֿה און האָבען דען שענסטען, און בעסטען, דען גרויס געלערנטען — גאָר פֿערגעססען... ער לויפֿט צו צום פֿענסטער, קוקט אין גאַס אַריין! זאָל גאָט שומר ומציל זיין! צי איז ער שכור? צי איז ערד־ציטערניש? הייזער, שטאַרקע, פֿעסטע הייזער און פּאַלאַצען, וואָס מען האָט געבויט אויף אייביג, — אויף חינעזישען אייביג — הויזען זיך, וויגען, ציטערן, פּלאַצען און פֿאַללען... ער פֿאַלט אויך אום פֿאַר שרעק... ער ליעגט און קלערט, אפשר דאָס ערשט מאָל אין לעבען. ווארום זייט ער לעבט, האָבען איהם קאָנפֿוציוס מיט זיינע מפרשים געגעבען יעדע רפואה פֿאַר דער מכה, יעדע אַנטוואָרט פֿאַר דער פֿראַגע; מען האָט נור געדאַרפֿט אַריין קוקען און זעהען, און וויססען! ערשט היינט קלערט ער; היינט, ווען די יאַפּאָנער באָמבאַרדירען דאָס האַרץ פֿון חינא! — גאָטט, גאָטט! — וויינען די אַלטע אויגען פֿערצווייפֿעלט, — אַ נייע חכמה אַ שיס־חכמה... ווי קאָן מען רעטען זיך און גאַנץ חינא צוזאַמען! נאָר לאַנג קלערען איז דעם געלעהרטענס מח נישט אימשטאַנד, און דער חינעזישער חכם בלייבט ליגען אויף דער ערד פֿערחלשט, פֿערשמאַכֿט...

ער ליגט און איך זעה, אז דאָס מעשה׳לע געפֿאָלט אייך נישט!.. ווי הייסט, היינטיגע צייטען און אַ מעשה׳לע פֿון דער פֿרעמד, נישט פֿון אונזער וועלט!

וואַרט, בייסט ווייטער, עס וועט זיין אַ יוד אויך!

איהר האָרט ווי עס קלינגט: — האַנדעל! האַנדעל! פּרנסה דאַרף דאָס יודעלע, זאָל זיין אייראָפּא, זאָל זיין חינא, זאָל זיין וואו עס איז; אַ וועלטשטאָדט אָדער אַ קרעהווינקעל: האַנדעל! האַנדעל! אונטער דונגער און בליץ, אונטער יאַפּאָנישע קוילען, זאָל זיין דערביי ערד־ציטערניש — האַנדעל. מען מוז עססען און חדר־געלד צאָהלען! אַלט־וואַרג קויפֿט אַ יוד, דאָס, וואָס אַלע וואַרפֿען שוין אויפ׳ן מיסט אַרויס, דאָס,

וואָס מען מאוסט זיך שוין אין האַנד אַריין צו נעמען; דאָס פֿערשמוצטע, צוריססענע, צופּליקטע, דאָס קויפֿט ערשט אַ יוד אונ פֿערקויפֿט! אַבּי געהאַנדעלט!

נור אין חינא, וואו דאָס אַלטוואַרג איז אַזוי הייליג, שטעהט דאָס געשעפֿט נישט גוט; מען פֿערקויפֿט זעלטען, פֿאַר פקוח־נפש, אָבער ווייטער נישט! אייניקליך טראָגען דאָס, וואָס די באָבע אונ דער זיידע האָבען שוין בירושה בעקוממען; זעלטען עס טרעפֿט זיך אַ שטיקיל סחורה!

דער יוד דאָך טהוט זיך זיין׳ס אונ פֿערלאָזט זיך מיט דער רעשט אויף דעם, וואָס שפּייזט דען ווערם אויפֿ׳ן פֿעלד אונ דעם האָז — אין וואַלד, אונ שרייט אין אַללע גאַססען: — האַנדעל! האַנדעל; אונ דער הייזעריג, דין אויסגעפּיפּענער „האַנדעל", שניידט זיך דורך דורך די גראָבע באַססען פֿון די 12—פֿונטיגע אַרמאַטען אונ פֿערדרעהט זיך ביז צום אויער פֿון פֿערחלש׳טען חינעזישען חכם.

דער שפּרינגט אויף: אַ יוד רופֿט! אַ יוד איז דאָ! אַ יוד, וואָס איז נישט קיין פֿראַנצאָזישער, דייטשער, יאַפּאַנישער אָדער חינעזישער חכם, נור אַ וועלט־חכם! אַ יוד, וואָס האָט שוין פֿון יעדען אויבען ברויט געגעססען אונ איז אויף יעדער באַנק געשמיססען געוואָרען... דער וועט איין עצה געבען! מיט אַלעם האַנדעלט ער, אַלץ ווייסט ער!

— יוד! שרייט דער חינעזער, צושפּרינגענדיג צום פֿענסטער פֿון שטוב.

— איך בין דאָ, חינעזישער חכם! ענטפֿערט דער יוד, צושפּרינגענדיג צום פֿענסטער פֿון דער צווייטער זייט, פֿון גאַסס; אונ ווען נישט די שויב אין דערמיט, וואָלטען זיך וועניגסטען ביידע נאָז געקושט!

— האָסט אַלט־וואַרג? פֿראָגט דער יוד.

— אַסך, אַסך...

— וועסט פֿערקויפֿען...

— ניין, נישט פֿערקויפֿען, נישט פֿאַר געלד, חלילה! נור אַוועק געבען, אויסטוישען.

— אויף אַנדער אַלטוואַרג? טויש איז אויך אַ מסחר, טראַכט דער יוד.

— ניין, נור אויף אַ חכמה! אויף אַ חכמה, פֿון וועלכער די יאַפּאַנישע תלמידים אונ אייראָפּעאישע מלמדים ווייסען נישט. חינא מוז מען רעטען. מיט חכמה רעטען.

— חכמה אויפֿ׳ן לאַגער, — ענטפֿערט דער יוד, — האָב איך נישט.

— נור וואו בעקומט מען זי? וואו? שרייט דער חינעזער.

— די אַדרעס ווייס איך! מעקלעריי טראַכט דער יוד, איז אויך אַ געשעפֿט!

— זאָג!

— אונ וואָס וועל איך בעקומען דערפֿאַר?

— וואָס די ווילסט, מיין גאַנץ אַלט־וואַרג.

— מאַכט חזוק?

— אַ וואָרט אַ מאַן, אַ חינעזיש וואָרט!

נור דער יוד גלויבט נישט אויפ׳ן וואָרט; פריהער וויל ער דאָס אַלט-וואַרג דערנאָך ערשט וועט ער געבען די אדרעס.

— און וועסט מיך נישט נאַרען? האָט ווייטער דער חינעזער מורא.

— איך שוואָר ביי גאָט!

— ווענינ.

— ביי דער תורה!

— עט!

— ביים פאָלק ישראל! דער חינעזער פערקרימט זיך.

— ביי באָרד און פאות.

די שבועה נעמט אָן דער חינעזער פאַר וויכטיג און — דער יוד איז שוין אין עשׂיב, דער זאק זיינער איז שוין אָפפען און דאָס כלי־בית מיט׳ן ביסיל קליידער, וואס די הויז לייט און דינערשאפט האָבען א־בערגעלאָזט זעננען שוין פערשוואונדען אין זאק.

— אַצונד זאָג! — שרייט דער חינעזער

— נאָך נישט, ענטפערט דער יוד.

ער וויל נאָך די שלאָפמיץ, זי איז אַלט! ער וויל נאָך דען מונדיר פון לייב, ער איז נאָך עלטער! ער איז מיט עטליכע דורות עלטער פאַר דער שלאָפמיץ.

נאָכ׳ן אויסטהון דעם מונדיר, בעוויזט זיך ערשט, אַז די וועש פון לייב איז אויך אַלט-וואַרג! ער איז אַזוי לאַנג געשלאָפען און די וועש נישט געטוישט!

און דער חינעזער גיט אַוועק די שלאָפמיץ, טהוט אויס דעם מונדיר, די וועש קריעכט איהם אַליין אַראָב פון לייב.

— שוין? פרעגט ער נאַקיט און פערצווייפעלט.

— נאָך נישט, — ענטפערט קאַלט-בלוטיג דער׳יוד.

— דער צאָפ דיינער איז אויך מיין! ער איז אַזוי אַלט ווי גאַנץ חינא!

דער חינעזער לאָזט זיך פערצווייפעלט אָבשניידען דען צאָפ און דער פער־שווינדט אויך אין יודישען זאק —

— אַצונד וועל איך דיר געבען די אַדרעס, מאַכט דער יוד, נאָר געדענק, אַז איך בין דיר נור ערב, אַז דאָרט, וואו איך וועל דיר אָנווייזען, איז דאָ די סחורה, וואָס דו דאַרפסט! נור איך בין נישט מחויב צו ווייזען דיר דען וועג צו דעם אָרט, און בין נישט ערב דערפאַר, אַז מען וועט די סחורה געבען!

— גוט, נור אהער די אדרעס!

— אין גן עדן, אויפ׳ן עץ הדעת! אָנפערט דער יוד און שפרינגט אין איין

איילעניש אַרױם דורכ׳ן פֿענסטער.

דער חינעזער איז געפֿאַלען חלשות.

דער װעג אין גן עדן, געפֿינט זיך אין אַלע הײליגע ספרים; די מלאָכים, װאָס היטען דעם גן עדן, װאָלטען זיך אפשר געלאָזט איבער־קױפֿען, נאָר װי קומט מען אין גן עדן אַרײן אָהן אַ צאָפּ?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

בכאַן, ברידערליך, לאָכ׳ט׳מען! איז אײך װעניג, נעמט נאָך אַ טרינק בראָנפֿען... איז לעער די פֿלאַש, שיקט אין מאָנאָפּאָל...

אויב איהר װילט װעל איך אײך דערצעהלען נאָך אַ מעשה, אפשר װעט זי בעססער געראָטען! װעניגסטענס, װעט איהר געװאָרען װערען, װאָס עס װערט פֿונאַלט־װאַרג.

3.

און די מעשה האָט זיך מיר שוין אַלײן געטראָפֿען... נישט אין חינא נאָר אין װאַרשױ! געשטאַנען בין איך בײ דער ברודיגער װײכסעל, װאו עס װאַקסען די באָרגער מיסט, װאָס די קלוגע און פֿײן־געלערנטע שטאָדט װאַרפֿט פֿון זיך אַרױם, און װאו די אַלטע, אויסגעדיענטע װײבער קלױבען אַלט־װאַרג: שטיקליך אײזען, קופּער, נישט דורכגעברענטע קױלען צװישען אַרױם געװאָרפֿען אַש פֿון פֿאַבריק, װי אויך אַללערלײ שמאַטעס.

עס איז אונטערגעגאַנגען די זונן, און דער שװאַרץ־גראָהער ברעג, די קױטיג־געלע װײכסעל מיט׳ן ברױנע־בלאָה־פֿערװײנטען הימעל האָבען זיך צוזאַממענגעגאָסען אויף אַ װאונדערליך חלשות׳דיגען פֿאָן, אויף װעלכען עס האָבען זיך אַרומגעדרעהט אײנגעבױגענע, בײנעריגע װײבער־שדים און געגראָבען אינ׳ם מיסט מיט שטיקליך אײזען; מאַנכע מיט די בלױסע פֿינגער.

פֿאַר יעדען װײבערישען שד איז געלעגען אײן אָפֿענער זאַק, װאו, דאָס אַלט־װאַרג איז פֿערשװאונדען געװאָרען...

עס פֿאַלט צו די נאַכט, אײן שד נאָכ׳ן צװײטען נעמט דען זאַק אויף די אַקסעל און געהט אין דער בעלײכטער שטאָדט אַרײן. אײנע נור בלײבט, אײנע די מאוס׳טע, די שרעקליכסטע...

עס שװימט אַרױם אַ פֿערגעלטע לבנה, עס צינדען זיך אָן צװײ שורות ליכט, װאָס קוקען מיט ציטערניש אין דער װײכסעל אַרײן — און זי שטעהט, און קלױבט, און קלױבט...

איך בעמערק ערשט, אַז זי קלױבט נישט װי אַללע פֿרױען; אַז נישט אַלץ,

וואָס עס קומט איהר אין דער האַנד אַריין, לעגט זיך אין זאַק. זי קלויבט קיין מעטאַל, קיין קוילען, נאָר שטיקליך שמאַטעס, שטיקליך קאָליערטע שמאַטעס.

איך געה צו און פרעג:

— אַלט־ווייב, וואָס זאָללען דיר די קאָליערטע שמאַטעס?

— אַז דו וועסט זוכה זיין, וועסט דו זעהען! אָנטפערט זי מיט אַ וואונדערליך הארט קול. און אין די אַלטע פערטיעפטע אויגען, בעוועגט זיך ווי אַ בליץ פון צאָרן און הוזק צוזאַממען.

זי האָט געענדיגט; פערבינדט דעם זאַק און וואַרפט איהן אַרויף אויף די אַקסעל.

— וואו אַהין געהסט דו, אַלטע?

— אַז דו וועסט זוכה זיין, אָנטפערט זי, וועסט דו זעהען.

איך געה איהר נאָך...

נאָך וואָס? גאַנץ איינפאַך, ווייל איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט ערגיץ אַנדערש וואו צו געהן...

איך געה איהר נאָך און פּלוצים אָנדערט זיך אַלץ אַרום... אוים ווארשוי, אוים וויכּיסעל — אַ זאַנד, אַ זאַנד אָהן אַ קאָליער, אַ מדבר. און איבער דער מדבר — אַ ווייסטער הימעל, אָהן לבנה, אָהן שטערן, און פאַר מיר געהט מיט קליינע טריט דער אַלטער ווייבערישער שד, מיט'ן שוואַרצליכען זאַק אויף די אַקסעל... שטיל, איך הער מיינע אייגענע טריט נישט אין קוילערדיגען זאַנד. צייטענווייז דאַכט זיך מיר דאָך, אַז דער ווייבערישער שד קוקט אויף מיר פון הונטען, אַז זי לאַכט שטיל, שטיל פון צווישען די ברוינע־בלאָהע, פערברענטע ליפען, פון אָפענעם מויל אָהן צעהן!

איך געה איהר נאָך, איך געה אין פיהל מיך זעהר שלעכט; מיר דאַכט זיך, אַז איך געה נישט, נאָר זי שלעפּט מיך! זי ציהט מיך, חאָטש איך זעה נישט דען שטריק...

פּלוצלינג ווערט מיר די אַלטע כּשוף־מאַכערין פערשוואונדען, אין דער ערד פערפאַללען... וואָס איז? איך מאַך עטליכע טריט ווייטער און בעמערק ערשט אַ הייל, אין וועלכער זי האָט זיך אַראָב געלאָזט. פאַר אין ברירה, ווייל אַלליין בלייבען אין דער גראָה־ווייסטער נאַכט וויל איך נישט, שפּרינג איך איהר נאָך אין דער הייל אַריין. אין הייל איז פינסטער, און שרעקליך לייכט אין דער פינסטערניש דער אַלטערס געזיכט. עס לייכט געל און אין'ם געלען, ליכטיגען פלעק ציטערן אַרום עטליכע העלערע שטראַהלען ביי זייער שיין. זעה איך, וואָס די אַלטע טהוט: זי וואַשט די שמאַטעס, וואָס זי האָט צוזאַממען געקליבען אויפ'ן מיסט אין צוויי איימער — איך קוק מיך שטאַרקער צו און דער זעה, אַז איין איימער איז פולל מיט אַ רויטער און דער צווייטער מיט אַ דורכזיכטיגער פליססיגקייט...

— נאָך וואָס וואַשט דו די שמאַטעס? פֿרעג איך.

— וועסט זוכה זיין, וועסט דו זעהען! ענטפֿערט די אַלטע.

— וואָס האָסט דו אין דעם איימער? פֿרעג איך, אָנוויזענדיג אויפֿ׳ן איימער מיט דער דורכזיכטיגער פֿליסיגקייט.

— טרעהרען, — ענטפֿערט די אַלטע, — טרעהרען, פֿון דיינס גלייבען, מענש־ליבע טרעהרען!

און האלב זינגענדיג גיט זי צו:

טרעהרען געפֿאַללענע, טרעהרען געגאָססענע, טרעהרען פֿערשלונגענע, דער־שטיקטע און דערוואָרגענע...

— אַללע טרעהרען?

— אָה, ניין! עס וואָלטען ימים געוועזען... דאָס זענען נור ריינע טרעהרען, נור ריינע טרעהרען... טרעהרען פֿון אָרימע לייט, טרעהרען אויף גלות השכינה, טרעהרען אויף אַללעם, וואָס איז לעבענדיגערהייט פֿערשטאָרט, פֿערגליווערט און שטומפּיג געוואָרען...

— און אינ׳ם צווייטען?

— בלוט... רויט, ריין מענשען בלוט... מענשען בלוט, פֿערגאָסען פֿאַר דער צייט, פֿערגאָסען אומזיסט... אַזאַ בלוט, וואָס די ערד וויל דערוויל נישט איינזאַפּען, ווייל זי קאָן נאָך דערפֿון נישט פֿרוכטבאַר ווערען!... ריין בלוט, הייליג בלוט, יונג בלוט...

— און אין דעם אַללעם וואַשט דו...?

— די אַלטע שמאַטעס, ווי דו זעהסט!...

און ווייטער אָנדערט זיך אַלץ אין מיינע אויגען... די שמאַטעס, געוואַשען אין טרעה־רען און אין בלוט, ווערען וואָס אַ רגע ריינער, בלאַנקענדיגער, ליכטיגער... ליכטיגער אויך ווערט אין דער הייל... ליכטיגער און יונגער דער אַלטערס פּנים... עס איז שוין נישט אַזוי שאַרף־ביינעריג ווי פֿריהער... דאָס רויטקייט אַרום די אויגען פֿערשווינדט, אַ לייטזעליגער שמייכעל בעוויזט זיך איהר אויפֿ׳ן פּנים און צושפרייט זיך פֿון אויער צו אויער, און די אויגען אַלליין, די אַלטע אויגען, הייבען אָן לייכטען מיט אַ ווייך סאַמיטענען בליק... און וואָס ריינער עס ווערען די שמאַטעס, העללער ווערט אין דער הייל; ליכטיגער דאָס פּנים, ווייכער און שטראַהלענדיגער די אויגען! און יונגער ווערט זי אין גאַנצען, יונגער און שלאַנקער... פֿון קערפּער פֿאַללען אַראָב די אַלטע שמאַטעס... עס בעוויזט זיך אַ ווינדערליך געטליכע שאָנהייט אָהן איין איינהיל —.

— גאָטט! שריי איך אויס, ווער ביסט דו?

— אַז דו ועסט זוכה זיין, ועסט דו וויססען...

געענדיגט די וועש... די אַלטע שמאַטעס זענען אין גאַנצען ריין, זיי שיינען, בלאַנקען און לייכטען מיט טויזענדער קאָליערען... און די געוועזענע מכשפה איז יונג! יונג... גלייך זי געהט ערשט אַקעגען דעם יונגען, זאַפטיגען לעבען... און די יונגע גאָטליכע שאָנהייט נעמט די קאָליערטע שטיקליך און מאַכט פון זיי, מיט דער הילף פון קליינע האָלצליך, גאָר קונציגע, פיינע פאָהנדליך... צעהן, צוואַנציג, פערציג קליינע פאָהנדליך! און זי אַרבייט אַלץ ווייטער און ווייטער. — אָט האָט זי שוין גאַנצע בינד פאָהנדליך אין דער האַנד און נעהט מיט זיי אַרויס פון דער הייל! איך געה איהר נאָך... און געהען געה איך שוין נישט ווי פריהער, ווי אַ קאַלב צו דער שחיטה, ווי געצווינגען אויף אַ שטריק; אַצינד געה איך, ווי מען געהט אין אַ מדבר נאָך אַ ליכטיגער זייל; ווי מען געהט נאָך אַ גאָלדענעם שטערן, ווי מען געהט נאָך אַ גליקליכען מזל...

און ווייטער אַ נייע בילדער:

— דער זאַנדיגער סטעפ ווערט וואָס אַ מאָל העללער, גאָר טונקעלע שאָטטען וואַרפען און וויקלען זיך איבערן זאַנד אין אַלערליי וואונדערליכע, העסליכע געשטאַלטען!

איין אויסגעשטערנטער בלאָהער הימעל, נור אין דער הייך, אין דער מיטט צווישען הימעל און ערד, ציטערן און וואַרפען זיך מיליאַרדען דינגע, שנייענע בלאָטליך...

און די גאָטליכע שאָנהייט מיט די טויזענדער בינטליך פאָהנדליך אין האַנד, שטעהט און קוקט צום הימעל אַרויף...

— וואָס איז דאָרט אויבען, — פרעג איך, — צווישען הימעל און ערד?

— דאָס זענען, — ענטפערט זי, — נשמה׳ליך!

— פאַר וואָס פליהען זיי נישט אין הימעל אַריין?

— ווייל גאָט שיקט זיי אַראָב אויף די ערד!

— פאַר וואָס דען פאַללען זיי נישט אַראָב?

— ווייל זיי ווילען נישט פאַללען... עס שרעקען זיי די שאָטען, וואָס קאָללערן און וואַלגערן זיך אויפ׳ן זאַנד, און וואַרטען אויף זיי...

— נאָך וואָס?

— זיך מיט זיי צו פעראייניגען!... אַ נשמה, מוסט דו וויססען, איז אַ ריינער שטראַהל פון הימעל. און ערשט פון אַ שטראַהל מיט אַ שאָטטען צוזאַממען, ווערט אַ מענש...

— און זיי וועללען נישט אַראָב?

— זיי מוזען!

אין איהרע אויגען בעוועגט זיך אַ שטאַהלערנער בליק...

און אַזוי רעדענדיג, וואַרפֿט זי אין דער הייך אַרויף אַ פֿאָהנדיל... דאָס פֿאָהנדיל פֿליהט אַרויף אין איינע, אַ נשמה'לע, חאַפּט עס אונטער און שיעסט דערמיט אַראָב צו דער ערד... זי וואַרפֿט אַ צווייט, אַ דריט פֿאָהנדיל און יעדעס ווערט אויפֿגעחאַפּט! און וואָס מעהר פֿאָהנדליך עס פֿליהען אַרויף, מעהר נשמות חאַפּען זיי אויף און שיעסען אַראָב צו דער ערד.

און אַרום יעדע נשמה מיט אַ פֿאָהנדיל, פֿליהען צוזאַמען אין שיעסען אַראָב צעהנדלינגע און הונדערטע קלענערע נשמה'ליך... און יעדעס נשמה'לע, וואָס קומט אַראָב ציהט אין זיך אַריין אַ שאָטען!

און עס ווערט וואָס אַמאָל וועניגער שניי-בלעטליך אין דער הויך און וואָס אַמאָל וועניגער שאָטען אויף דער ערד... די נשמות מיט די פֿאָהנדליך און די נשמה'ליך, וואָס פֿליהען אַרום זיי, שלינגען איין יעדערע אַ שאָטען פֿון דער ערד און צופֿליהען זיך אויף אַלע זייטען פֿון דער וועלט אַלס פּאַרטיי'ען...

און זי בלייבט מיט לערע הענד אונטער אַ ריין אויסגעשטערנטען הימעל, אויפֿ'ן געל-זאַנדיגען סטעפּ. אַ פּיין דיננער שמייכעל לעגט זיך איהר איבער די פֿיין דיננע ליפּפּען, און פֿערשפּרייט זיך סעקונדען-ווייז איבער'ן גאַנצען געזיכט; אין די אויגען בעווייזט זיך אַ בייזער בליק.

— ווער'זשע ביסט דו? פֿרעג איך דערשראָקען.

— דאָס לעבען! ענטפֿערט זי.

— וואָס איז דאָ דיין טהון?

— איך טרייב מיין טעגליך פּורים שפּיעל... ענטפֿערט זי האַרט און פֿערשווינדט אין דער לופֿט.

„צום ווידער זעהען, פֿאַרנאַכט אויפֿ'ן מיסט"!... שיקט זי מיר צו פֿון דערהייך!

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

אַזוי, אַזוי ליעבע פּורים-לייט... דאָס לעבען פֿיהרט אויך אַ פּורים-שפּיעל.

דאָס לעבען איז איין אַלטע וועשין; זי וואַשט טאָג-טעגליך איבער דאָס אַלט-וואַרג... דערפֿון מאַכען זיך נייע פֿאָהנדליך, נייע פּאַרטייען... איין נשמה חאַפּט, ווי אויבען איז געשטאַנען, אַ פֿאָהנדיל, אַ שטיקל שמאַטע, אויסגעוואַשען אין טרעהרען און בלוט, שלינגט איין אַ שאָטען, און ווערט אַ מענש, אַ ראָדעל-פֿיהרער! אַנדערע ווייטער שלינגען איין נור שאָטען, בלויז שאָטען און ווערען פּאַרטיי-לייט! און דאָס פּורים שפּיעל דויערט אייביג, אייביג...

„עס איזט איינע אַלטע געשיכטע, און בלייבט דאָך איממער ניי"...

מיינט נור נישט, אַז שמאַטעס אַליין זענען אַלט-וואַרג, עס איז פֿערהאַנען אַלט-וואַרג פֿון שטיינער, אייביג אַלט-וואַרג, נישט איבער צו וואַשען... עס העלפֿען קיין טרעהרען, קיין בלוט...

האָרט נאָך אַ מעשה! שוין די לעצטע!

אַ מאָל איז געווען אַ שטעדטיל, אַ וואונדערליך שטאָדטיל, איין אָפפענס, אָהן מויערען, אָהן טויערען...

אַ ביסל קליינע ווייסע הייזליך, צורוואָרפען אויף אַ גרינער לאָנקע, וואָס האָט זיך געבאָדען אין גאָלדענע שטראַהלען פון דער זונן און אַרויסגעגעבען דאָס פיינסטע, גרינסטע גראָז מיט די שאָנסטע, האָטש נישט געקינסטעלטע, בלומען...

יעדען פאַרנאַכט פלעגט דאָס יונג־וואַרג נאָך דער אַרבייט אַרוים געהען אויף דער לאָנקע, אויפ'ן גרין פערבלימטען מאַרק, צווישען די הייזליך, און זינגען, און טאַנצען, און פריי, און פרעהליך, און לוסטיג זיין.

די אַלטע פלעגען זיך זעצען אויף די גראָז־באָנק פאַר די הייזליך און צוזעהן, ווי דאָס יונג־וואַרג לעבט, און אין זכרון נאָך אַמאָל איבער לעבען די יונגע יאָרען...

אַזוי האָט זיך געפיהרט אַ צייט...

וויפיל יאָהר, צי וויפיל הונדערטער יאָהר, ווייס מען נישט; ווייל עס איז אַ פערוואָרפען ווינקל געווען; אַ ווינקעל אָהן אַ געשיכטע. מען האָט נור געאַרבייט און געפרעהט זיך; געאַרבייט און דערנאָך געזונגען און געטאַנצט, און עס איז גאָר נישט געווען וואָס צו פערשרייבען! עס איז אין גאַנצען שטאָדטיל קיין קאַלענדאַר נישט געווען, און איך ווייס נישט, צו עמיץ האָט גאָר אַ זייגער געהאַט...

איינמאָל האָט זיך געטראָפען און אין דעם שטאָדטיל איז געבוירען געוואָרען אַ גאון, אָדער ווי מען זאָגט אויף לשון קדש: אַ גאון! אַ מענש, וואָס האָט געהאַט מעהר פון אַללע אַ לויט האַרץ און אַ קווינט מוח! און, אַז ער איז אויפגעוואַקסען, האָט ער איבערגעמאַכט דאָס גאַנצע לעבען אין שטאָדטיל — ער האָט געזעהן, אַז מען גראָבט קאַרטאָפפעל מיט דער האַנד, האָט ער ערפונדען אַ גראָב־אייזען... צום הילצערנעם אַלטען פלוג האָט ער צוגעמאַכט איין אייזערן שנייד־מעסער.. עס איז שווער געווען אויסצולערנען די קינדער אלף־בית, האָט ער ערפונדען אַ נייע מעטאָדע אפילו צום טראַף! ער האָט אויך ערפונדען אַללערליי נייע עססענוואַרג; נייע זופען צו די אַלטע מאַכלים, און רעפאָרמירט אפילו די טאָנץ... צו דער פּאָעזיע האָט ער צוגעגעבען ריימען, צו דער מוזיק — דען רעפרען... מיט איין וואָרט — ער האָט אלץ פערבעססערט, פערפיינערט; דאַס לעבען שאָנער און לייכטער געמאַכט! נישט אומזיסט איז ער דאָך אַ גאון געווען...

און אַז דער גאון איז גלייך מיט אַללע מענשען מיט דער צייט געשטאָרבען, האָט איהם דאָס דאַנקבאַרע שטאָדטיל געוואָלט אַ דענקמאָל — אַ גרויסע מצבה — אַ מאָנומענט, הייסט עס — שטעללען; אַ מאָנומענט אין מיט'ן גאַס, איין אייביג געדעכעניש... זאָללען אייביגע דורות וויססען, אַז דאָ איז אַמאָל אַ גאון געווען; זאָלען טראָגענדיגע ווייבער פערקוקען זיך און האָבען גאונים! זאָללען לעהרער און

אַלטערן מיטען מיט די פֿונגער אויפֿ׳ן מאָנומענט אין זאָגען שילער און קינדער: זעהט, גאונים זאָלט איהר זיין! וועט מען אייך אויך מאָנומענטען שטעללען! און הויך זאָלל זיין דער מאָנומענט... זאָלל די וועלט אַרום און אַרום זעהען, און נאָכ־פֿראָגען זיך, און וויססען...

און מען האָט געשטעלט...!

מען האָט אויף אַ צייט מבטל געוועזען דאָס טאַנצען און זינגען יעדען פֿאַר־נאַכט, און, נאָך דער אַרבייט, האָט מען זיך גענוממען צום מאָנומענט...

און עס איז מיט דער צייט געוואָרען אַ מאָנומענט, וואָס האָט מיט׳ן קאָפּ גערעדט שטאָלץ מיט די שטערן פֿון הימעל, און האָט אויף דער ערד פֿערנוממען אַ גרויס שטיק פּלאַץ אויף אַ פּיעדעסטאַל...

און אַז מען האָט דען מאָנומענט געענדיגט און געוואָלט צוריק איינפֿיהרען דען מנהג פֿון זינגען און טאַנצען פֿאַרנאַכט, האָט מען דעמאָלט ערשט בעמערקט, אַז מען קאָן שוין ניט פֿריי זיך אַרומיאָגען אויף אַללע זייטען, אַז מען קאָן נור טאַנ־צען אַ ראָד אַרום מאָנומענט!

די אַלטע האָבען פֿון זייער זייט בעמערקט, אַז דער מאָנומענט פֿערשטעלט זיי די זונן; אַז ניט אויף אַללע גראָז־באָנק קאָן מען שוין זיצען; אַז פֿון מאָנומענט לעגט זיך אַ שאָטטען איבער די שטאָדט... אַז אונטערן מאָנומענט איז קאַלט פֿאַר די אַלטע ביינער...

דאָך האָבען אַללע מיט׳ן מאָנומענט שטאָלצירט; מיט׳ן מאָנומענט אַלליין בכלל און מיט דער לאַנגיאָהריגער אַרבייט, וואָס מען האָט אין איהם פֿערשטיינערט, בפרט! און אויבוואָהל עס האָבען זיך, דורך פֿערקוקעניש פֿון טראָגענדיגע ווייבער, ווי פֿון מוסר זאָגען פֿון אָלטערן און לעהרער, קיין גאונים נישט געמעהרט, האָבען זיך דאָך געמעהרט די מאָנומענטען...

נישט מיט אַ מאָל, נור ביסליכווייז; שוין נישט אַזוינע גרויסע — קלענערע, קליינע און גאָר קליינע, ביז צו איינפֿאַכע מצבות, נור אַלץ אין מיט׳ן מאַרק!...

עס איז מיט דער צייט אַ מאָנומענטען־קראָנק געוואָרען — איין אונטערגאַנג...

האָט עמיץ ערפֿונדען אַ נייע אַרט קאַרטאָפּעל־שיילען, האָט עמיץ ערפֿונדען אַ נייע רעטעניש, ווער שמועסט, אַז עמיץ האָט עמיצען אַ גראָססערע טובה געטהון, אַ היבשע נדבה געגעבען, אָדער: איין אַלט בעט פֿון פֿייער אַרויסגעשלעפּט, מיט אַ שטעקקען אַ שלאַנג געטייט, האָט מען איהם שוין אַ מאָנומענט געשטעלט...

רייכע לייט האָבען פֿאַר׳ן טוידט אָבגעשיירט אַ טהייל פֿון דער ירושה פֿאַר זיך אויף אַ מאָנומענט; די, וואָס האָבען קיין גרויסען צוטרויען צו די יורשים נישט געהאַט, האָבען זיך אַלליין לעבענדיגער־הייט מאָנומענטען געשטעלט... מיטלערע לייט האָבען אויף מאָנומענטען די הייזער פֿערקויפֿט, דאָס בעטגעוואַנד פֿערזעצט... פֿאַר אָרימע

קרובים האָט מען נדבות געמאַכט, מצבות צו שטעללען... עס איז געקוממען דער־צו, אז אַללע האָבען געמוזט האָבען מאָנומענטען, אונ פאַר גאָר געמיינע לייט, וואָס האָבען אפילו קיין רייכע קרובים נישט געהאַט, האָט קהל געגעבען אַ מאָנו־מענט׳ל...

אויס גראָז, אויס בלומען, אויס געזאַנג אונ טאַנץ — דורכאויס מאָנומענטען, באַמע מצבות...

אונ די מענשען האָבען מעהר פון טוידט אונ מאָנומענטען געטראַכט ווי פון לעבען... לעבענדיגער־הייט האָט זיך יעדערער שוין פאָרגעשטעלט אלס טויטער, אונ בעמיהט זיך אויסצוזעהען שטייף אונ פעסט ביים לעבען ווי דער מאָנומענט נאָכ׳ן זיינעם טויט!

אונ אין די שטייפע, מאָנומענטען־אָהנליכע קאָרפּער, זענען שטייף אונ פאַר־שטיינערט געוואָרען די נשמות...

נישט פלאַץ צום טאַנצען אונ זינגען האָט שוין געפעהלט; דער חשק דערצו איז שוין אויסגטריקענט געוואָרען... געלעבט האָט מען נור אויף נאָכ׳ן טוידט!... געהאָפט האָט מען נור אויף מאָנומענטען!...

אונ עס איז געקוממען אַ צייט, ווען די גאַנצע שטאָדט איז פולל געוואָרען מיט שטיינערנע מאָנומענטען, ווי אויך מיט מאָנומענטען פון פלייש אונ בלוט, וואָס האָבען גאָר קינסטליך געמאַכט די שטיינערנע, אַז עס איז צווישען זיי נישט געוועזען צו דער־קענען!

אונ מיט דער צייט האָבען די גרויסאַרטיגע שטיינערנע מצבות ווי געלעבט, אונ לעבענדיגע מענשען זענען געוואָרען פערשטיינערט ווי טויטע מצבות...

שטאַרק איז דאָך די לוסט צום לעבען אפילו אין האַרץ פון פערשטיינערטע מענשען! עס וועקט זיך אַללע מאָל שטאַרקער דאָס באַנגשאַפט צום פרייען לעבען! צום פרייען זינג־אונ טאַנץ־לעבען!

פערבאָרגענער־הייט האָבען אַללע געגלוסט אונ געבענקט נאָך דער אַלטער צייט, ווען דער פערבלומטער מאַרק האָט זיך געבאָדען אין דער ליבטיגער זונן, ווען דאָס יונג־וואַרג האָט געזונגען אונ געטאַנצט אין מיט׳ן מאַרק, אונ ווען דאָס אַלט־וואַרג איז געזעסען אַרום, אויף די גראָז־באַנק, אונ, צוקוקענדיג, נאָך אַ מאָל דורך גע־לעבט אַ לעבען...

אונ מען האָט שטיללערהייט אַזוי לאַנג געבענקט, ביז מען האָט אַ שטיקעל עצה געפונגען!

מען האָט צונויפגעקליבען אַללע פונקען פון לעבען אונ פרייד, וואָס האָבען זיך געוועקט איבער אַ גאַנץ יאָהר, אונ צוזאַממענגעלעגט אויף איין טאָג! דען טאָג האָבען די לעבענדיגע מאָנומענטען אראָב געוואָרפען פון זיך די שטייפקייט, דאָס

פערגליווערקייט, און געשריפּט לעבען, ליעבען, זינגען און טאנצען...

דאָס איז געוועזען — פּורים! אללע ימים טובים זענען בטל געוואָרען, פּורים — נישט!

נישט אללע דאָך איז געראָטען!

מאנכע האָבען, ביים בעסטען וויללען, געטהון עס אזוי אומגעלימפּערט, אזוי אומנאַטירליך, אַז, קוקענדיג אויף זיי, האָבען אַנדערע געפּלאצט פאַר געלעכטער, און אַ פריילינען פּורים געהאַט...

איהר ווילט לאַכען, ברידער? קוקט אין שפּיגעל אריין; זעהט ווי איהר זעהט אויס, ווי אייער פּורים זעהט אויס און — פּלאַצט פאַר געלעכטער!

# פּרינצעססין קוניגונדאַ און פּרינץ פּראָש.
## אָדער
## ווי פון אַ בְּרָכָה ווערט אַ קְלָלָה.

געשעהן איז די מעשה אין אַללערלייבורג.

וואו אַללערלייבורג ליעגט, פרעגט אַ געאָגראַף; ווען די מעשה איז געשעהן, וויים געווים אַ היסטאָריקער...

איך וויים נאָר די מעשה אַליין, נאָר פאַר דאָס פון דער ערשטער האַנד.

און די מעשה הייבט זיך אָן זעהר אינטערעסאַנט: די פירשטין פון אַללערלייבורג ריכט זיך אין בעט אריין.

געהן צו קינד איז ניט קיין קלייניגקייט; ביי'ן איין ערשטלינג הענגט דאָס לעבען אויף אַ האָאר; בפרט, אַז עס געהט דאָס ערשטע מאָל צו קינד איין עדעלע, פּאָעטישע פירשטין! — גאַנץ אַללערלייבורג איז פערנומען דערמיט. ווייבער זיצען, מענער שאָקלען מיט די קאָפּ און דער פירשט — —

אויף'ן פירשט, מוז איך אייך זאָגען, פלעגט מען אַ ביסעל רעדען; שטילערהייר, זאָגט מען, אַז ער האָט אַ האַרץ אזוי גרוים, אזוי ברייט ווי דער קעניגליכער פּאַלאַץ, און אַז אַללע הויף-דאַמען וואָהנען גאַנץ בעקוועם איןביידע.

„אַללע" איז אייגענטליך איבערטריבען; ניט אַללע הויפדאַמען זיינען יונג און שאָן; נור די הויפּטואַך איז, אַז דער פירשט איז נור אַ שאַנגייסט געווען; אַ בעלן אויף אַ חן-גריבעלע, אַ פּעפּעריל, אויף עפּעס גאַנץ פּיקאַנטעס, אָבער ווייטער ניט. אין הויפּדאַמע, צ. ב. ש. האָט איהם געקענט געפאַלען מיט גאָר אַ קלייניגקייט:

מיט א קליין, שקאָצעריש־זויפֿגעריסענע נאָזעל; נו, פֿלעגט ער ליעב האָבען אין דעם נאָזעל אַריינצושנעלען, אונ צו צאָהלען אין געלאָכטער אַ טאָלער פֿאַר א שנעל, נאַטירליך אויף האָהר־נאָדעל! אַ צווייטע האָט געהאַט אַ וואונדערליך דין־דורכזיכטיג־רוויזיג אויערל, פֿלעגט דער פֿירשט ליעב האָבען עפּעס דערינען איינצורוימען; וואָס? ווייס איין גאָט, זיי האָבען עס שוין ביידע פֿאַרגעסען; נור בשעת מעשה פֿלעגט די דאַמע רויט, אונ די פֿירשטין בלאַס ווערן. ביי אַ דריטער צ. ב. האָט ער בעמערקט אויגען ווי בלאָהע בלימעלעך אונ ער איז גראָד געווען אַ ליעבהאָבער פֿון בלומען, פֿלעגט ער שטונדען לאַנג אין זיי אַריינצוקוקען אונ דערוויל פֿערהאָרען, וואָס דער מיניסטער דאַפּאָרטירט. ער פֿלעגט מעכאַניש נאָכזאָגען דאָס לעצטע וואָרט: הענגען — הענגען, קאָפּען — קאָפּען! אונ דערנאָך זיך וואונדערן: איך האָב געהייסען? אַזוי אויך פֿלעגט ער אַ מאָל אונטערן טיש דערטאַפּען אַ דינן פֿיסעל, אונ קיין איינציגע הויפֿדאַמע האָט נישט געטאָרט האָבען קיין היהנער אויגען, זי זאָל נישט אַמאָל אויפֿשרייען אונ בעאונרוהיגען דען גאַנצען טיש... סיי ווי סיי, זעהט איהר, אַז אין די הויפֿדאַמען זיינען איהם געפֿאָלען נור קליינגקייטען; ווען מען לייגט זיי אַללע צוזאַמען, פֿערנעהמען זיי אַ גאָר נישט; בשעת ווען אין דער פֿירשטין האָט ער געהאַט אונ פֿערגעטערט — גאַנצע צעהנדליגער מיילען גיטער אונ שלאָסער מיט לעבענדיגען אונ טויטען אינוועטאַר!

עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, אַז דער פֿירשט אַליין האָט זיך אויך בעאונרוהיגט אונ בעשעפֿטיגט מיט'ן וויכטיגען צופֿאַל. אונ וויל עס האָט זיך דעמאָלט אין הויף קיין ניי פֿעפֿערל נישט בעוויזען, קיין מרידה איז אין דער לופֿט נישט געהאָנגען, — פֿון קריעג־פֿיהרען איז אויך קיין רעדע נישט געוועזען, האָט דער פֿירשט זיך גענומען גאַנץ ענערגיש צו דער זאַך. ערשטענס האָט ער גערופֿען דען הויף־שניידער אונ געהייסען זיך פֿאַרבערייטען: 1) אַ גאַלאַמונדיר, אויב די פֿירשטין וועט בשלום איבערקומען, 2) אַ טרויער־מונדיר אין גאַנצען מיט קרעפּע בעדעקט — אויב נישט; אונ דערנאָך בעפֿאָהלען מען זאָל צוזאַמענרופֿען אַללע מיניסטאָרען, סענאַטאָרען אונ געהיים־ראָטע, צו קלערען וואָס צו טהון.

עס זיינען געפֿאַלען פֿערשידענע דעות, נור דער פֿירשט האָט געהייסען יוצא זיין לכל הדעות. מען האָט דעריבער בעשטעלט אַלע בעריהמטע אַקושערען אונ בעפֿאָהלען יעדער פֿון זיי זאָל גרייט האָבען אַ גאָלדענע צוואַנג, טאָמער וויל דער פּרינץ נישט גערנוויליג אַרויס אויף דער ליכטיגער שיין. אויך האָט מען בעשטעלט צום אויספּריווען אַללע היימישע מיטעל. אויסער דעם האָט מען געוואַלטיג געקלינגען אין אַלע קלויסטער, בשעת ווען אין מעטשעטען האָט מען געשריען: אַללאַה! אַללאַה! אין אַללערלייבורג איז אַ קליין מנין געצענדיגער געוועזען, האָבען זיי

אַרום פּאַלאַץ הקפות געמאַכט מיט די שטיינער און ביינער אין די האַנד. אין יורען אפילו האָט מען נישט פאַרגעסען, אַלע מוזען גאָט בעטען, און ווער עס איז נישט געלאָפען אין שוהל אַריין, דעם האָט מען מיט בלייערנע רעמעטליך אונטערגעשמי־ סען... א ציגיינער האָט מען אויך בעשטעלט, אפשר וויל גאָט ניט העלפען, זאָל ער ביים טייוועל פועל׳ן!

דער הויף־נאַר (אָהן וועלכען דער פירשט מאַכט ניט קיין שריט, ער זאָל נישט אַריינפאַלען אין מרה שחורה) איז אויך דערביי געוועזען, הינטער דעם פירשטס שטוהל געשטאַנען, ער האָט אפילו איין אַדערע עצה געגעבען. בשעת מעשה, — האָט ער געראָטהען, — זאָל עמיץ איינרוימען דער פירשטין אין אויער א וואָרט אמת; דער פרינץ וועט דערהאָרען און אַרויסשפּרינגען פון דער הויט! ליידער אָבער האָט מען געזוכט אין אַללע הייזער און לאָדען א וואָהר־וואָרט פאַר׳ן פירשט און נישט גע־ פונען. טהייל האָבען קיינמאָל די סחורה נישט געהאַלטען, אַנדערע האָבען שוין לאַנג אַרויסגעוואָרפען דען בבל אויפ׳ן מיסט. מאַנכע האָבען אפשר געהאַט, נור גענייקענט שטיין־און ביין, טראַכטענדיג: אָדער מען מאַכט חוזק, אָדער מען וויל עפּעס געוואָהר ווערען!

פאַר דאָס האָט מען בעקוממען שטרוי אין די מאַססען, און אַלע גאַססען אויס־ געלעגט, די פירשטין זאָל רוהיג שלאָפען און נישט הערען וואָס אין דרויסען טהוט זיך.

---

ענדליך איז די פירשטין איבערגעקוממען!

ווער אייגענטליך עס האָט געהאָלפען, ווייס מען נישט ביז׳ן היינטיגען טאָג: אפשר די מעדיצין, אפשר עמיצענס א גאָט און אָפשר להבדיל דער ימח שמוניק...

געשווינדער דער ימח־שמ:ניק — ווייל ווי אויף להכעיס איז געבאָרען געוואָרען נישט קיין פרינץ נור א פרינצעסין! אַזא שפּאָס פּאַסט פאַר אַזא פאַרשוין!

מען האָט זיך אין הויף געווינשען, געזונגען, געשפּיעלט, געטרונקען און גע־ טאַנצט, אפילו גאָט געלויבט; מען האָט דער פרינצעססין א נאָמען געגעבען — קיניגונדא. נור צופרידען אין קיינער נישט געוועזען! די מעדיציינער, די גייסטליכע מיט׳ן ציגיינער האָבען זיך געקריגט, געשאָלטען און די האָר אויסגעריסען — יעדע־ רער האָט זיך צוגעשריבען דעם גאַנצען פערדיענסט אין דער זאַך. דער פירשט האָט, נאַטירליך, געוואָלט א פרינץ און געראַכענט אַז די פירשטין האָט עס איהם צו להכעיס געטהון! ווי אַזוי? א קשיא אויף ווייבער! נור דער עיקר אונצופרידען איז געוועזען גאַנץ אַלערלייבורג. עס האָט אַזוי פיעל געקאָסט — דער גאַנץ יאָהריגער שטייער פון זאַלץ — און צום סוף א פרינצעסין! דער פירשט איז נאָך אפילו יונג, האָט אפּעטיט, אויפ׳ן פנים — א מאַנספּערזאָן, נור ווער ווייס! ער צוואַרפט זיך אויף פעפערליך

און אַלערליי קלײניגקײט אונ װעט נישט צוזאַמענעמען די כחות אויף אַ פּרינץ! אונ מאַכט ער הלילה צו אײן אויג, װעט רעגירען אַ נקבה — אַ שאַנד פאַר אַזאַ לאַנד!— אָדער די זעקס אונ דרייסיג קאָניגליכע פעטער װעללען צערײסען אַללערלײבורג װי די װאָלף!

מיט דער צײט איז דאָך שטיל געװאָרען. די נויט-העלפער זענען זיך צופאָהרען, דער פירשט האָט זיך געטרײסט מיט'ן הויף-נאַרר אונ מיט אַ נײ פעפערל בײ אַ נײע הויף-דאַמע. אַללערלײבורג האָט בעקוממען אַ װיכטיגער געשעפט צום זאָרגען: עס איז געװאָרען אַ פּגירה אויף שאָף, אונ אַללע האָבען אָן דער פּרינצעסין קוניגונדא פערגעססען!

---

געדענקט אָן איהר, האָט די פירשטין אַלײן.

ערשטענס: אַ מוטטער בלײבט מוטטער, אונ צװײטענס די פירשטין אַלײן איז אויך פערגעססען געװאָרען, אונ די פּרינצעסין איז געװאָרען איהר אײנציגע טרײסט.

אונ זי האָט זיך מיט איהר גאַנץ ערנסט פערנוממען, מיט'ן גאַנצען האַרץ!

אונ דער פירשטין איז אײן מאָל אײנגעפאַלען, אַז מען דאַרף זעהען די פּרינצעסין קוניגונדא זאָלל גליקליך זײן.

פון זיך אַלײן האָט זי געװאוסט, אַז אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ איז נאָך גאָר קײן גליק נישט פאַר'ן האַרץ! גאַנץ אָפט האָט בײ איהר אײגענעם מאַנן דאָס אײנפאַכסטע הויף-פרײלײן, מעהר גליק געהאַט פאַר איהר! אויך טרעפט זיך, אַז אין גאַס לאַכט מען אונ מען פרעהט זיך פיעל מעהר װי אין פּאַלאַץ! זי האָט, דורכפאָהרענדיג, געזעהען נאַקעטע אונ באָרװיסע לאַכען! פון הונגער אויסגעדאַרטע שמײכלען, בשעת װען זי האָט געשניערט די ליפּען מיט כּח, זײ זאָללען ניט ציטערן אונ אין די אויגען האָבען אײנגעהאַלטענע טרערען װי פײער געברענט!

— גליק, — טראַכט די פירשטין, — מוז זײן בײ גאָטט אין די האַנד, פיללײכט דאָס אײנציגע, װאָס ער האָט זײן שטעלפערטרעטער אויף דער ערד — דעם פירשט — נישט איבערגעגעבען! װײל דער פירשט אַללײן איז אויך ניט גליקליך, טהײל-מאָל שלאָפט ער ניט! אונ זי האָט ער קײם אַכט צו צעהן טאָג געקאָנט גליקליך מאַכען.

„גליק איז בײ גאָטט אין דער האַנד!" אונ אויף דער פירשטינס בעפעהל האָבען זיך נאָך אַ מאָל פערזאַממעלט די אַללע, װאָס האָבען, לויט זײ אַללײן אָדער אַנדערע זאָגען, אַ דעה בײ גאָטט!

בענשען די פּרינצעססין זענען געקוממען דערװישען, גלחים אונ רבנים...

אונ זײ האָבען אײנער נאָכ'ן צװײטען זיך בײ דער װיעג געשטעלט; אַראָפּגעלאָזט די פרומע אויגען צום פרישען פאָמידאָרען קאָפּיל אין װיעג, אויפגעהויבען

זיי צום בלאַנקען גאָלד־קריסטאַלען הענגלייכטער אין דער הויך; געבלאַנקיט זיך מיט'ן בליק אויף אַללע פערציערטע פיער ווענד, אָדער אַרויסגעשיקט דעם בליק דורכ'ן פענסטער אונ נאָכגעיאָגט אַ לייכטען נעפעל אין בלויען הימעל. דערביי האָט מען געמורמעלט דען שפרוך...

דערפאַר האָט זיי די פרינצעססין טייערע גאַרטלען געשענקט; אונ געשטיקטע! — פאַר די גלחים מיט בריליאַנטען, פאַר די דערווישען מיט פערל אונ פאַר די רבנים — מיט גאָלדענע פאָדעם.

די פירשטין איז ניט צופריעדען געוואָרען! זיי האָבען געריכיש, לאַטיין. טירקיש אונ העבראַיש געמורמעלט; אַלץ אויף פרעמדע, אויף טוידטע שפראַכען, ווער וויים צו האָבען זיי געבענשט צו געשאָלטען? ווער וויים?

זי האָט קיין איינציג וואָרט ניט פערשטאַנען!

אונ די אַם, — די שאָהנסטע אונ געזונדסטע פויערטע פון גאַנצען לאַנד, — איז אויך ניט צופריעדען פון גייסטליכען שפרוך! זי רעדט אוים איהר האַרץ פאַר דער פירשטין:

זי גלויבט אין גאָטט, זי גלויבט שטאַרק אין גאָטט! אַז גאָטט וויל, —זאָגט זי, — קאָן ער אַללעס. נור צו קאָן ער אַזוי פיעל וואָללען? ער איז צו אַ גרויסער פריץ אין זיינע הויכע הימלען אונ האָט צו פיעל צו טהון! ווערמען ער מוז אַלץ שפייזען! פון שוואַכסטען גראָזיל, וואָס ציהט זיך קוים לעבענדיג פון אַ טראָפּען בלאָטע אַרוים, ביז דעם האָכסטען בוים, וואָס שפאַרט זיך מיט געוואַלט אין הימעל אַריין! ער מוז שפייזען די לייכטע פייגעל אין דער לופט, די פראָססינגע פיש אין וואַססער, די חיות אין וואַלד אונ אויסער דעם אַללע, אַללע מענשען! טהייל געבען דאָס שאָהנסטע אונ דאָס בעסטע, אַנדערע חאָטש אַ שטיקעל דאַר ברויט אויף אַ מעת לעת; וויפיעל פויערן אונ פויערטעס, וויעפיעל יודען אונ פריצים, וויפיעל גלחים אונ גרויסע לייט! ווען רוהט ער? ווען האָט ער צייט צו בעטראַכטען?

זי וויים! טהייל מאָל איז ער זיך טועה פאַר איילעניש, אונ שפריצט מיט רעגען, ווען מען דאַרף עס זאָלל טריקענען דאָס היי, אונ דאָס פיה נעביך פייגערט אונ פייגערט! איין אַנדערס מאָל חאַפּט ער אונ שיט פייער פאַר וואַסער אונ פערברענט די תבואה אויפ'ן פעלד אונ מענשען עססען קלייהען, קאַרטאָפפעל־שאָהלען אינ פלאַנצען, אונ לעהם, אָדער שטערבען פאַר הונגער! זי אַלליין האָט זיך פריהער געהאַלטען אָן גאָטט; שטאַנדיג פאַר איהם געוויינט אונ געבעטען זיך, נור זעלטען האָט עס איהר געהאָלפען... נור עפּים אַנדערש איז זיין געגנער, דער טייוועל, ימח שמו. (דער „ימח שמו" איז אונזער, די פויערטע קריעגט דאָס פיעבער ביי זיין נאָמען). ער איז שוין, זאָגט זי, אַ זיכערער פאַטראָן! ער איז אויך גרוים, ער האָט אויך אַ פּאַלאַץ פון פייער אונטער דער ע"ד, נור ער פיהרט קיין וועלט נישט; ער

האָט צייט! און דערצו איז ער אַ לעבּ־קינד, אַ פֿריילכע זאַך, און איז קיינמאָל נישט שטאָלץ ביי זיך. טהייל מאָל האָפּט ער זיך אפילו אַריין אין קרעצשמע און טאַנצט מיט׳ן ערשטען בעסטען פּויערן־מיידעל, אַז עס פֿליהען פֿונקען! גאַנץ אָפּט פֿער־שטעלט ער זיך אין אַללעריי מענשען, חיות און עופֿות און בעוויזט זיינע קונצען! אַ פֿרייער פֿויגעל איז ער, און דעריבער קאָנן מען אַ מאָל ביי איהם מיט אַ גראָשען־דיג ליכטעל מעהר פּועלן, ווי ביי גאָטט מיט וואָקסענע ליכט און שטורקאַצען!

— על כן, — ראָט די אַמם, — זאָלל די פֿירשטין ביי איהם בעטען גליק פֿאַר דער פּרינצעסין קוניגונדא! זאָללען זיך אויף איהר בעפֿעהל פֿערזאַממלען אַללע כשוף־מאַכערינס פֿון גאַנץ אַללערלייבורג און ווינשען און בענשען דאָס קינד. און וועלכע עס וועט זאָגען דען בעסטען וואונש, די זאָלל בעקומען דאָס שאָנסטע און טהייערסטע געשענק.

דער פֿירשטין איז אַ ביסעל אונהיימליך געוואָרען, דאָך האָט זי, אויס ליעבע צו דער פּרינצעססין קוניגונדא, איבערגעדייבערט די שרעק און געהייסען אויפֿזוכען אַללע אַלטע מכשפות.

דערביי, פֿאַר דאַנקבאַרקייט צו דער אַמם, האָט די פֿירשטין בעפֿוילען, מען זאָלל אויסזוכען דאָס בעסטע ערדענע פֿיפֿערל און שיקען איהר קינד אין דאָרף אַריין — אַ מתנה פֿון דער פֿירשטין.

די געשיכטע שווייגט, צו דאָס פֿיפֿערל איז אָנגעקוממען גאַנץ אין דאָרף אַריין, נור דאָס איז זיכער, אַז גאַנצע זיעבען אַלטע, איינגעשרומפּפענע מכשפות האָבען זיך אויפֿגעקליבען אין אַלערלייבורג. אַז זיי זענען אַריינגעקוממען, איז פֿינסטער געוואָרען אין צימּמער, און אַ שאָטטען האָט זיך געלעגט אויף דער פּרינצעסינס וויעג. די פֿירשטין האָט געפֿיהלט, אַז די שרעק פּרעסט איהר צו דאָס האַרץ, נור עס איז שוין צו שפּעט געוועזען זיך צוריק צו ציהען; דען טייוועל בעליידיגען טאָר מען אַוראי ניט! זי האָט זיך געמאַכט אַ האַרץ און האָט צו די כשוף־מאַכערינס אַזוי געזאָגט:

— אָט, דאָ אין דער גאָלדענער וויעג, ליגט די פּרינצעסין קוניגונדא, מען זעהט עס איהר דערווייל נישט אָן, דאָך אַז זי וועט אויפֿוואַקסען מיט גאָטס הילף, און ערצויגען ווערען אונטער מיין אויג און אונטער דעם אויג פֿון אונזער הויף־צערע־מאָניע־זינג־שפּיעל און־טאַנץ מייסטערין, און וועט נאָך רעדען אַ ביסל פֿראַנצאָזיש, וועט זי זיין פּרינצעסין אין יעדען צאָלל. ווער שמועסט, אַז זי וועט אָנטהון אַ גאָלדען־געשטיקט קלייד, גאַרנירט מיט טהייערע שטיינער און אַרויף לעגען אַ קרוין אויפֿ׳ן קאָפּ — וועט עס אַ בלינדער זעהען! נור דאָס, אייגענטליך, ווייסט איהר אַלליין! — — אַצונד האָרט: מיט אַללעם גוטען — רייכטהום, עהרע, אַ פּרינץ, און פֿיללייכט אַ פֿערטיגען פֿירשט, פֿאַר אַ מאַנן, וועללען מיר, דאָס הייסט דער

פירשט אונ איך, די פרינצעססין שוין פערזאָרגען! נור פון מעהר האָבען, טהוט דער קאָפּ נישט וועה!— ווינשט מעהר, ווינשט וואָס איהר קאָנט, אונ איך וועלל אייך רייך בעלוינען.

— גוט, האָבען געאָנטפערט די זיבען אַלטע שוואַרצע ווייבער אונ געצויגען קניפליך אין וואָס פאַר איין אָרדנונג זיי זאָללען צוגעהן צו דער וויעג.

אונ די ערשטע כשוף־מאַכערן האָט געזאָגט:

— גליקליך קינד! אַ פרינצעססין ביסט דו שוין געבוירען! גיטער אונ שלאָסער אונ אַ געקרוינטען מאַנן, וועללען דיר דער פירשט מיט די פירשטין מן הסתם געבען! די פירשטין אַלליין זאָגט! איך פון מיין זייט ווינש דיר געזונד!

די פירשטין האָט זיך דערפרייט. איהר קינד וועט נישט מאָזלען, נישט פאָקען, נישט ליידען אויף צאָהנדלעך! עס וועט זיך איהר אפילו פון אויערל ניט גיעסען! פריהער איז עפּיס אַ שפּרענקעלע געשטאַנען אויף דעם נאָזעל ביי דער פרינצעססין, ביים שפרוך איז עס פערשוואונדען געוואָרען!

— אונ לאַנג זאָלסט דו לעבען! איז דערווייל צוגעגאַנגען אונ געזאָגט די צווייטע.

— אויך אַ גוטע זאַך, — טראַכט די פירשטין, — אַלטע ווייבער האָט אפילו די וועלט נישט ליעב, נור אַלטע פרינצעססינגען מוז מען שוין ליידען; איהר וועט מען אייביג קושען די האַנד!

די דריטע האָט געוואונשען: אונ שאָהן זאָלסט דו זיין ווי די וועלט!

די פירשטין האָט זיך נאָך מעהר דערפרייט!

אין דער זעלבער מינוט, איז די קליינע רויטליכע פרינצעססין געוואָרען וויים ווי אַלבאַסטער. בעשיינפערליך האָבען איהר אָנגעהויבען זיידענע האָרעליך צו שפּראָצען! אָה, פון אַללע עקקען אין דער וועלט, וועללען פרינצען אונ פירשטין קוממען אונ קניען אונ בעטען איהר האַנד!

— אונ קלוג, — האָט די פיערטע געזאָגט, — זאָלסט דו זיין ווי די וועלט!

— וואול! רופט אוים די פירשטין. זי וועט זיי רעטענישען שטעללען; קלוגע, טיעפע רעטענישען, אונ ווער עס וועט טרעפען, וועט זיין איהר מאַנן!

די פינפטע האָט געוואונשען: ליעבע צום מאַנן.

די זעקסטע: ליעבע פון מאַנן צו איהר.

ענדליך איז צוגעגאַנגען די זיבענטע אונ געזאָגט:

— דו האָסט שוין אללעס, פרינצעססין.

מיר בלייבט נור צו ווינשען דו זאָלסט קיין מאָל נישט פערלאַנגען וואָס נישט דיין איז, נישט וואָללען וואָס פרעמדס איז.

— וואָס? האָט אויסגעשריען די פירשטין פערוואונדערט, נור די אַם האָט דערציל אָנגעהויבען אַרומטאַנצען אין שטוב פאַר פרייד אונ צורופען:

— אָה! אָה! ווי גוט אונ פרום וועט זי זיין! מיין פרינצעססין וועט שוין

גוט און פֿרום זיין!

מיט איין אַמם טאָר מען שוין זיך ניט שפּאַרען, און די פֿירשטין האָט געמוזט דער זיעבּענטער כשוף־מאַכערן, אויסער אַללע מתנות נאָך צוגעבּען אַ פּאָר גאָלדענע פּאַנטעפֿעלעך, אין וועלכֿע די פֿירשטין האָט געטאַנצט צו די תּנאים...

---

און עס איז געשעהען אַזוינס, וואָס צייט די וועלט שטעהט איז נאָך נישט געשעהען. ווייבּער האָבּען אמת געזאָגט! שוין אין וויעג האָט די פּרינצעססין געבּליהט ווי אַ רויז, און דערבּיי האָט זי זיך אַזוי קלוג געוויזען, אַז מען האָט זי באַלד פֿערשׂבּענט אין סענאַט אריין! אָבּער באַלד דערנאָך האָט זיך אויסגעוויזען, אַז נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס עס גלאַנצט, און אַז אַ כשוף־מאַכֿערין טאָר מען פֿאָרט ניט טרויען.

איינמאָל, שטעלט אייך פֿאָר, זעצט זיך אויף די פּרינצעססין אין וויעג און זאָגט:

— וויעגט מיך נישט, פֿערדרעהט מיר נישט דעם קאָפּ!...

מען האָט איהר צוליעב געטהון.

דערנאָך האָט זי בעפֿוילען:

— וויקקעלט מיך נישט! וואָס בּינדט איהר מיך? לאָזט מיך פֿריי!

עס איז אפילו אַ מנהג פֿון קדמונים, נור מען האָט איהר דאָס אויך נאָכגעגעבּען.

אָרגער איז געוועזען, אַז די פּרינצעסין האָט זיך איינמאָל אויפֿגעזעצט און געפֿראָגט די פֿירשטליכֿע מוטטער, פֿאַר וואָס איהרע בּריסטען האָבּען קיין מילך נישט.

פֿייער־רויט איז די אָרימע פֿירשטין געוואָרען און איז אַרויס פֿון שטוּבּ.

די אַמם אָנטפֿערט כמעט מיט כּעס:

— אַ פֿירשטין איז נישט קיין געוואָהנליכֿע פֿרוי, זי זאָלל אַרומגעהן ווי אַ קוּה מיט מילך...

— און די הויפֿדאַמען? פֿראָגט ווייטער די פּרינצעססין.

— דאָס זענען דאָך מאַמזעלן! — שרייט אויס די אַמם, פֿערגעסענדיג, אַז זי רעדט מיט אַ קינד, — דאָס זענען דאָך מאַמזעלן, זיי פּאַסט גאָר נישט צו האָבּען אַ קינד, און מילך בּעשערט גאָט נור דער מוטטער פֿאַר איהר אייגען קינד!

— בּין איך ד יי ן קינד? פֿראָגט די פּרינצעססין שאַרף.

היים און קאַלט איז דער אַמם געוואָרען.

מיין קינד, — אָנטפֿערט זי, און פּלוצלינג האָט איהר אַ קוואַל טרעהרען

געשפריצט פון די אויגען, — מיין קינד איז אין דארף געבליבען, פייכט ברויט זויגט עס... איך בין אהער געקוממען דיך, פרינצעססין, צו ערנאהרען! א גרויסער כבוד, א גרויס גליק האט מיך געטראפפען!

— און פאר וואס ווייגסט דו?

— פאר פרייד! שרייט אויס פערצווייפעלט די אם.

נור עס האט נישט געהאלפען:

— וואס נישט מיין איז, וויל איך נישט! זאגט די פרינצעססין און האלט זיך דערביי שטאהל אין אייזען; מען האט זי געמוזט ענטוויינען.

נור דאס איז נאך וועניג. שפעטער ווערט זי געוואהר, אז זי טראגט, וואס פרעמדע האבען אויסגעארבייט, וואוהנט אין פאלאץ וואס פרעמדע האבען געבויט, און עסט, וואס פרעמדע האבען געזייעט, געשניטען, געמאהלען און געבאקען.

דאס וויל זי נישט!

— וואס דען ווילסט דו, פרינצעססין?

כל זמן זי קאן אליין נישט ארבייטען, וויל זי אין וואלד אריין, אונטער גאטס הימעל וואוהנען, פרוכטען פון פרייען בוים עססען און קליידען זיך ווי די מוטטער חוה מיט בלאטער.

— איז דיר אונזערס פרעמד? פראגען דער פירשט מיט דער פירשטין.

— עס איז נישט א י י ע ר! אנטפערט די פרינצעססין און טופעט מיט'ן פוס. נאטירליך איז זי גיך און באלד פערשוואונדען געווארען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין געהיים האט אללערלייבורג געטרויערט, נור אזוי האט קיינער אפילו נישט דעם מוטה געהאט צו פראגען, וואו זי איז אהינגעקוממען, איז זי אנטלאפען אדער פערשיקט געווארען, אויף דער, צו אויף יענער וועלט? בייניאכט, ביי זיך אין דער פינסטער אויפ'ן בעט, האט נישט איינער געזיפצט. נור אזוי—שא!

און פון דער כשוף-מאכערינס ב ר כ ה א י ז א ק ל ל ה ג ע ו ו א ר ע ן!



# היהנעריִשע חלומות.

אַ מאָל איז געוועזען אַ הוהן, אַ גרויסע הוהן און אַ מיוחסת, דעם גרויסען קוקוריקוס אַ קעבס־ווייב און אַ חכמה דערצו. אין די גרויסע הוהן, די מיוחסת זיצט (פֿערשטעהט זיך, ניט, חס ושלום, אין תּפיסה), נאָר אויף דער „שאדאַלע" — אַוודאי אויף פֿיערציג אייער.

אַז מען רייבט זיך ניט אָן דער וואַנד און מען האָט ניט אין זינן קיין פּאָליטיק— העלפֿט גאָט.

און די אייער זענען דעריבער גרויסע און, מן הסתם, פֿוללע; פֿון די אייער וועט אַרויס — —

נאָר וועגען דעם חלום'ט טאַקי די הוהן.

זי זיצט מיט פֿערמאַכטע אויגען און דאָך זעהט זי, ווי פֿון די אייער טרעט אַרויס אַ שטיק פֿיערציג האָהנער —

האָהנער, קיין איינציגע הוהן! און איינס אויף איינס האָהנער פֿון האָהנער־לאַנד, גרויס־געוואַקסענע, שטאַרק געבויטע, אויף קופּערנע פֿיס, מיט שאַרפֿע קרעל־לען; פֿליגעל ווי ביי אַן'אָדלער, און רויטע, וואָס רויטע? — פֿלאַממענדיגע קאַממען!...

מען זאָלל זיי נור קיין עין־הרע ניט געבען!

און גלייך פֿון די אייער טרעט אַרויס די מחנה גבּורים און לאָזט זיך געהן אויפ'ן הויף... זי געהט נאָך, און דאָס הארץ אין איהר וואַכסט און וואַכסט, עס וואַכסט ווי אויף הייוון. אַרויסשפּרינגען וויל עס, זאָלל עס שפּרינגען!

— קוקוריקו! שרייט דער עולם — אַזאַ קול האָט נאָך די וועלט ניט געהאָרט!

— קוקוריקו! דאָס באָרגעל מיסט אין דער זייט ביי דער קיך שאָקעלט זיך און פֿאַלט. אין גאַנצען הויז ציטערן די שויבען.

— קוקוריקו!

און, אַללע, אַללע אַרום בלייבען שטעהן ווי פֿערשטיינערט!

ווער זענען די גבּורים?!

דער אַלטער קודלאַטער הונד קריכט אַרויס פֿון זיין שטיבעל, און בלייבט אויך שטעהן פֿערגאַפֿט — ער האָט די צונג אין מויל פֿערגעססען, ער בילט נישט!

די חברה קאָץ האָבען זיך אויסגעזעצט אויפ'ן פּלאָט, וואָס צוימט אַרום דעם הויף, און קוקען זיך די אויגען אויס...

מויל-וואָרף קריכען פֿון אונטער דער ערד אַפֿער; האָזען האָבען בעוויזען זיך אין עק וואלד— פֿערקוקט, פֿערגאַפֿט, האָטש האַפּ זיי מיט דער האַנד!

און ער, וואָס וועט ער זאָגען? ער, דער גרויסער זאַנד-גריבלער, דער גרויסער קאָרן-שלינגער, איהר מאַן?! צו וועט ער נאָך קוקען אויסער איהר אויף אַ הוהן?! ניין!

און דעמאָלט, דעמאָלט וועט זי שוין זיין אויפֿ'ן שפּיץ פֿון איהר גליק. אַז ער וועט וויססען און זעהען, וואָס זי קען, אַז די וועלט וועט געוואָהר ווערען, וואָס זי האָט איהם געגעבען, דעמאָלט— וועט זי שוין מעגען שטארבען! דעמאָלט וועט זי אַליין צוגעהען צו דער ברייטער קאָבין, און אויסשטרעקען דען האַלז.

— נעהם, וועט זי זאָגען, און קאָך וויעטשערע!

עס פּיקט אינטער דער הוהן, נור זי האָרט נישט. טרויעריגע געדאַנקען זאַמלען זיך אין קאָפּיל—

„נעהם און קאָך וועטשערע!"

נור — פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס מוז זיך אַלץ ענדיגען מיט'ן מעססער? פֿאַר וואָס זאָללען מענשען עססען איהר פֿלייש, דער הונד— די ביינער און פֿון די פֿעדערן זאָלל מען מאַכען בעט-געוואַנד?

צו איז אויף דער וועלט קיין רחמנות נישט דאָ, קיין יושר? פֿאַר וואָס זאָלל מען נישט וויססען אויף דער וועלט איין אונטערשיעד פֿון אַ הוהן ביז אַ הוהן, פֿון אַ לייפֿערקע, אַ מויל-מאַכערין, איין אינטריגאַנטקע אָדער אַזוי אַ שלימזל אַ הוהן, ביז אַ הוהן אַ מיוחסת, אַ הוהן, וואָס שטעלט צו דער וועלט אַ ז ו י נ ע האָהנער, אַזוינע העלדען, ווי איהרע וועללען זיין?!

— פּיק! פּיק! פּיק!

נור זי האָרט נישט.

האַלב פֿערשלאָפֿען ציהט זי ווייטער איהרע טרויעריגע חלומות, — און נאָכ'ן מעססער? צו איז שוין איין עק פֿון אַללעם? צו אויף יענער זייט צוים איז שוין גאָר נישט דאָ?

נאָכ'ן צוים איז באַלד דער וואַלד, און דערנאָך, נאָכ'ן וואַלד וואָס איז?

צו זאַמלען זיך נישט דאָרט די נשמות פֿון פֿרומע היהנער און פּיקקען האָבער, גערשטען און ווייץ פֿראַנק און פֿריי און אָהן אַ שרעק פֿאַר'ן מעססער?

— פּיק, פּיק, פּיק!

זי האָרט נישט..

זי איז אַ מאַמע, און אַ מאַמע מוז אָן זיך אַליין פֿערגעססען! נישט אין איהר לעבען געהט עס, נור אין זייער לעבען!

געזונד און פֿריש מוז זי זיי אַרויסגעבען דער וועלט!

חאָטש אין אַ צייט אַרום וועלען זיי די אייגענע מוטטער ניט דערקענען! די אייגענע מוטער אַוועקטרייבען פון אַ פּעטטער בערגעל מיסט.

נור זי וועט איהר'ס טאָן...

פּיק־פּיק־פּיק! פּיק־פּיק־פּיק!

זי דערהאָרט!

---

נור אַזוי געשווינד אויפהייבען וועט זי זיך נישט!

זי ווייסט, אַז אין דרויסען איז אַ ווינד, אַ שטורם־ווינד, אונ די גבורים איהרע וועללען זיך נאָך יונגערהייט פערקיהלען!

— וואָס פּיקט איהר? צו איז אייך נישט גוט אונטער דער מוטטער שוים? ניט וואַרם, ניט זיכער אונטער איהרע פליעגעל!

וואַרט קינדערלאַך, וואַרט!

ניט אייביג וועללען בלאָזען שלעכטע ווינטען, ניט אייביג וועללען זיין די וואָלקען אין היממעל...

גאָט וועט זיך ערבאַרמען, גאָט וועט זיינע האָהנער נישט פערגעסען! רייניגען וועט זיך דער הימעל, שיינען וועט די זונן, אונ עס וועט זיין אַ וועטטער, אַ וועטטער!

---

עטליכע היהנער, וואָס האָבען שוין לאַנג אַרויסגעפיהרט זייער יונגוואַרג אויפ'ן הויף, קוממען צו דער פערשפּאָטיגטער יולדת.

— מזל־טוב, מזל־טוב! ווערט אַ געפּיקעריי.

נור זי אָנטפערט נישט, זי וועט מיט זיי נישט פּיקען...זי בייגט איין דאָס קאָפּיל אונ בעהאַלט עס צווישען די פעדער'ן אויף דער ברוסט...

די היהנער ענטלויפען פערשאָמט אונ זי הייבט צוריק אויף דאָס קאָפּיל מיט חכמה אונ גאוה צוזאַממען...

זי דאַנקט גאָט, וואָס מען האָט זי אַלליין געלאָזט, אַלליין מיט איהרע גע-דאַנקען, מיט איהרע גבורים...

אונ דאָס האַרץ צוגעהט אין איהר אין נחת; וואָס פאַר אַ פיינע קינדער זי האָט! זיי זענען אַוודאי גראָססער ווי אַנדערע קאַפּהאָהנער, נור אַז די מאַמע הייסט, ליגען זיי שטיל, וואַרטען זיי, קיין איינציגער פּיקט שוין נישט!

קלוגע קינדער, זיין גבורה, אונ איהר עדעלקייט, איהר גוטקייט!

---

און גאָט ווייס ווי לאַנג די קלוגע הוהן וואָלט געזעססען אויף איהרע גבורים, ווען נישט די קאָבין וואָס האָט זיך אָן איהר דערמאָנט און איז אַריין ווי אַ בליץ זי אַראָבצוויאָגען פון דער שאַדאלע...

און אַז מען האָט די „מוטטער" אַראָבגעיאָגט פון דער שאַדאלע, האָבען זיך בעוויזען קליינע, שוין לאַנג דערשטיקטע, איינפאַכע היהנדלעך...

---

# בְּעֶנַיִט אַ תְּלִיָה.

(נאַכאַהמונג.

אין אַ געוויסער מדינה זענען געוועזען, ווי געוואָהנליך, געוואָהנליכע מענשען, ניט אין גאַנצען גוט און פרום, ניט גאָר אין גאַנצען שלעכט, נור אַזוי — מיטעל-מאָססיג; איינער אַ ביסעל אָרגער, איינער אַ ביסעל בעססער, ווי אַ מענש און ווי אַ מאָל.

און דער מלך פון דער מדינה איז געוועזען זעהר אַ קלוגער שופט, וואָס האָט פערשטאַנען, ווי אַזוי שלום צו מאַכען צווישען גאָט און לייט, צווישען לייט און לייט, און עס איז קיינמאָל ניט געקוממען צו קיין שאַרפע שטראָפען. ער האָט ש״ן אין זיך אַ כח געהאַט צו שטיללען דעם כעס פון מענשען. איינצוהאַלטען דען בייזען, איבער צו ריידען דען איינגעשפאַרטען, און ניט נור וואָס אין זיין צייט האָט מען קיינעם ניט געקאָפט, ניט געהאַנגען, נור פון תפיסה אפילו האָט זיך די מלכה געמאַכט אַ היהנער-שטייג — קיינער איז ניט געזעסען. ער פלעגט הייסען אַ זינדיגען מענש, אַריינוואַרפען אין פושקע פאַר אָרימע לייט, שענקען אויפ'ן שפיטאָל און — גענוג.

— עס וועט קוממען אַ צייט, האָט דער מלך געזאָגט, ווען מענשען, קוקענדיג אויף דער תליה, וואָס שטעהט אין מיטען מאַרק, וועלען בשום אופן ניט פערשטעהן נאָך וואָס מען האָט אַריינגעשטעקט אין דער ערד אַזאַ קלאָץ!

נור דאָס זאָגענדיג, האָט דער מלך אָבגעקרעכצט, און קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס דער קרעכץ בעטייט.

דאָס האָט אָבער בעמערקט די בת מלכה, דעם מלך'ס איין-איינציגע טאָכטער, און האָט זיך איינגעשפאַרט, דער פאָטער זאָלל איהר אויסזאָגען וואָס ער מיינט מיט'ן קרעכץ.

און דער מלך האָט איהר נישט געקאָנט אָבזאָגען און האָט איהר אויסגעזאָגט בסוד סודות, אַז ער קרעכצט, ווייל ער האָט מו״א פאַר צוויי מענשען! די גאַנצע מדינה, זאָגט ער, קאָן מען פיהרען, ווייל דאָס זענען מענשען, וואָס

אין זיי איז דאָס גוטע מיט דעם שלעכטען אייסגעמישט, אונ ווען זיי קוממען צו איהם, פאַלט דאָס שלעכטע אַראָב אונ דאָס גוטע קוממט ארויף... צוויי מענשען אָבער האָט ער אין דער מדינה, וואָס איינער האָט אין זיך סאַמע גוטעס אלליין אונ דער צווייטער רשעות אלליין. אז די ביידע — האָט דער מלך מורא — ווערלען זיך אַמאָל צוזאַממענטרעפען, וועט זיין גאַנצע חכמה ניט העלפען, וועט מען ווייטער הענגען אונ קאָפּפען.

די בת מלכה האָט זיך פערטראַכט, געקלערט אונ געקלערט אונ ניט פערשטאַנען וואָס דער מלך מיינט.

— עט, מאַכט זיי אָוועקוואַרפענדיג מיט דער האַנד, פאָרט איין אַלטער!

---

איינמאָל איז אין דער עיר־המלוכה, אין דער רעזידענץ, געוועזען א גרויסער יריד אונ עס זענען זיך צוזאַממענגעפאָהרען אונ צוזאַממענגעקוממען אַללע מענשען פון דער מדינה. צווישען זיי זענען אויך געוועזען די צוויי מענשען, פאַר וועלכע דער מלך האָט מורא געהאַט; דער גאָר גוטער, אונ דער גאָר שלעכטער.

אונ עס געשעהען אַזא מעשה:

אַז דער גאָר שלעכטער האָט דערזעהען די לעערע תליה אין מיטען מאַרק, האָט ער געזאָגט הויך פאַר אַללע:

— עולם, עס איז אַ רחמנות אויף אייך! איהר האָט שוין לאַנגע יאָהרען נישט געזעהען דאָס נחת, ווי פושעים הענגען אונ דריגען זיך אין דער לופטען...

— אמת, אמת! האָט אָנגעהויבען דער עולם צו מורמלען.

דאָס האָט געהאָרט דער גאָר גוטער אונ האָט זיך אָנגערופען:

— עולם, מזל מיט ברכה איז מיט אייך, גאָט אונ שאָנע מלאָכים זענען מיט אייך; איהר לעבט אַזוי גוט אונ אַזוי פרום, אַז קיינער פון אייך האָט נישט פערדיענט מען זאָלל איהן הענגען.

— אמת, אמת! האָט דער עולם ווייטער געמורמעלט.

— ניין, האָט זיך אָנגערופען דער גאָר שלעכטער, די וועלט איז קיין הימעל נישט, דאָ וואָהנען קיין מלאָכים נישט! עס איז בלוים זינד; נור דאָ זענען אַזוינע פושעים, אַזוינע רשעים, אַזוינע זינדיגע פאַר גאָטט, אַז איינער האָט מורא דעם צווייטען צו פערקלאָגען, עס זאָללען זיינע אייגענע זינד נישט אַרוים אויף דער זונן אונ דעריבער שטעהט די תליה ליידיג!

דער עולם שווייגט, אונ איז אפילו אַביסעל אין כעס.

דער גוטער וויל אָנהייבען צו רעדען, נור דער שלעכטער לאָזט איהם ניט קוממען צום וואָרט...

— רבותים! האָט ער ווייטער אויסגעשריען, — אויב איך זאָג נישט אמת,

בעווייזט! לאָמיך זעהען, עמיץ פֿון אַייך זאָלל זיך פֿיהלען אַזוי גוט, אַזוי פֿרום און אַזוי ריין פֿאַר גאָטט און פֿאַר לייט. ער זאָלל קיין מורא נישט האָבען און אָנווייזען מיט׳ן פֿינגער, וועמען מען דאַרף העגגען! מען זאָלל קיינען נישט דאַרפֿען העגגען איז אונמאָגליך!

דער עולם ריקט זיך צוריק ווי דערשראָקען.

— איהר זעהט, פֿושעים! שרייט דער שלעכֿטער, איהר זעהט, ווי אמת מיינע ווערטער זענען! הא! נו, וועלל איך אייך בעווייזען, אַז איך בין ריין! אַז איך האָב קיין מורא נישט!

— אָט דען דאַרף מען העגגען! און ער האָט אָנגעוויזען אויף גאָר דעם גוטען.

דער עולם האָט זיך נאָך מעהר דערשראָקקען.

דער גוטער וויל ווייטער רעדען, נור דער שלעכֿטער לאָזט איהן ווייטער נישט קוממען צום וואָרט.

— נישט אומזיסט האָט ער אייך געלויבט! נישט אומזיסט! די תּליה וויל ער אונטערברענגען! די תּליה אָהן וועלכֿער איהר וואָללט אַראָב פֿון גוטטען וועג און אייערע קינדער וואָלטען אָן גאָט פֿערגעססען. ווערגט איהם! ווער וויל בעווייזען, אַז ער איז נישט זיין קרוב, ניט זיין גואל — ניט זיין שותּף, ניט זיין גלייכֿען, — ווער עס וויל נישט פֿערדעקקען פֿרעמדע זינד, כּדי מען זאָלל זיינע אויך פֿערדעקקען, דער זאָלל העלפֿען העגגען!

און אַז דער שלעכֿטער האָט אַרויסגענוממען אַ שטריק פֿון בוזעם, האָבען זיך אויסגעשטרעקט הונדערטער האָנד צו הילף און אין אַ רגע אַרום איז דער גאָר גוטער געהאנגען...

ניט אומזיסט האָט זיך דער מלך געשראָקען — מען האָט די תּליה בעניית...

# דער אֶפּפֶּעל.

**(אַ מאָנאָלאָג פֿון אַ באַנקיער).**

---

די אַלטע פֿאָלקער פֿלעגען זיך פֿאָרשטעללען וואונדערליך צוזאַממענגעזעצטע ברואים, האַלב מענש האַלב פֿיש, אַ פֿערד — מיט פֿליגעל פֿון איין אָדלער, אַ קאָלבערינען קאָפּ מיט אַ שלאַנגען־עק... צו ווערט היינט אַנדערש געפֿאָרט?

צום בייִשפּיעל, איך און מיין ווייב פֿילאָמענע!

איך בין בריק־באַק עט קאָמפּ. און זי — פּי־לאַ־מע־נע! דער נאָמען אַליין איז גענוג!

מיט אַ וואָרט, מיט אַ מאַך מיט דער האַנד, מיט איין שטרייך מיט דער פּע־דער, טראַג איך איבער טויזענדער קאַרץ ווייצען, טויזענדער צענטנער מעטאַלען, טויזענדער וואַגאָנען קוילען פֿון איין עק וועלט אין דער צווייטער! איך זיץ דאָ און מיין נעץ איז פֿערשפּרייט אויף בערלין, פּאַריז און לאָנדאָן; אין נויאָרק אפילו קלינגט מיין נאָמען! אַז איך גיב אַ טופּ מיט׳ן פֿוס, ציטערט די בערזע, פֿאַללען באַנקיערס ווי פֿוילע אֶפּפּעל, דאָס בין איך, און זי קושט בלומען און וויינט פֿאַר דער לבנה!

אמת אַ פּאָר!

און ווער האָט אונז געפּאָרט? אַ בערלינער פּראָפֿעססאָר האָט מיר געזאָגט, אַז יעדער מענש בעזונדער, ענטוויקעלט זיך פּונקט אַזוי, ווי די גאַנצע מענשען־וועלט. דעמאָלט האָב איך געלאַכט: פֿון וואַנעט ווייסט דער פּראָפֿעססאָר, ווי אַזוי די מענשען וועלט האָט זיך ענטוויקעלט? היינט זעה איך — עס איז אמת... מיט 15 יאָהר צוריק בין איך באמת אַ ווילדער מענש געוועזען...

איהר וועט גלויבען? איך האָב אפילו פּאָעטיזירט... אייגענטליך האָב איך אַרויסגעשלעפּט אַ ביסעל פֿון דאַנען אַ ביסעל פֿון דאָרט, נור פּאָעטיזירט האָב איך... „אויגען ווי שטערן, ווי בלומלעך, ליפּען ווי קאַרמעלקים" און נאָך אַזוינע נאַריש־קייטען... איך האָב אפילו איבער׳ן בעט מיר אויפֿגעהאַנגען אַ פּיסטאָלעט, וואָרום טאָמער זאָגט זי „ניין"? נו, ווי אַזוי לעבט מען, ווי אַזוי וויזט מען זיך אויף דער גאַסס!

און היינט? זעה איך אַ קניפּל צוויאָהרענע נערוועז, קאָלבערנע גרויסע אויגען... מיט דער צייט איז נאָך צוגעקוממען אַ ביסעל רויטס און ווייסס אויפֿ׳ן פּנים, אַ ביסעל גאָלד אין די צאָהן אריין — און דאָס אַלץ צוזאַממען איז פּ י ל אָ מ ע נ ע!

איך האָב דאָך ביי איהר קיין קאָפּיקע נישט גענוממען!...

אַ חלום, נור אַ ט ה י י ע ר ע ר חלום איז עס געוועזען!

פּיו! פּיו!

---

נור טהייער איז וואַנצען! בריק־באַק עט קאָמפּאַניע קאָנן זיך אַזוינס ערלויבען. און ווען באמת „א י י ב י ג ע ליעבע", וואָלט עס גאָר קיין שלעכט געשעפֿט נישט געוועזען! פּילאָמענע אַליין אהרט מיך נישט. איך געה מיר מיין וועג — פּאַרדאָן — איך פֿאָהר מיר אויף גומי־ראָדער מיט ווייסע אַראַבער מ י י ן וועג, און זי בלאָזט זיך געגען דער לבנה איהר וועגס! דאַרף מען, מאַכט זי דען האָנעער אין סאַלאָן! און דאָס מאַכט זי פּונקט ווי איין אמת־געבוירענע גראַפֿין... ביינאַכט, ביי עלעקטרישער בעלייכטונג און נאָך

שאַמפּאַניער, געפינען זי טהייל נאָך היינט פּיקאַנט און נישט איינעם קומט די סלינע אין מויל אַריין!

נור — וואָס וועט אַרויס פון טראָהנפאָלגער, פון יונגען בריק־באָק עט קאָמפּ.?

וואָס פאַר אַ בריאָה וועט אַרויס פון אַלטען בריק־באָק עט קאָמפּאַניע מיט דער אייביג יונגער פילאָמענע?

הו! אַ קאַלט געהט מיר דורך די ביינער, אַז איך דערמאָן מיך, ווען מען איך לאָז איבער דאָס הויז! נישט איינמאַל חלומט זיך מיר, אַז אַלץ פאַלט צוזאַממען, אַלץ, אַלץ, און איך חאַפּ מיך אויף בעדעקט מיט'ן קאַלטען שוויים!

---

נעכטען האָב איך איהם אַ נאָוואַליע געבּרענגט, אַ שאָנעם אַפּפעל.

— אַח, ווי שאָן איז דער אַפּפעל! צאַפּעלט ער.

איך דערצאָהל איהם, אַז ער איז געבּרענגט פון איטאַליען און קאָסט 30 קאָפּ.

ער האָרט מיך נישט; רופט די מוטטער און ווייזט איהר „וויא שאָן, ווי פּראַכטפאָל שאָן דער אַפּפעל איז".

הונדערט וואָרטער האָט ער געהאַט פאַר'ן שאָנעם אַפּפעל; די אויגען האָבען איהם געגלאַנצט, געפלאַקערט!

— ווירקליך שאָן, מאַכט פילאָמענע מיט איהר זיסער־גוסס שטיממע.

נו—, עסס! זאָג איך.

— ניין, מאַכט ער! ניין!

דער אַפּפעל איז צו שאָן, דער אַפּפעל, זאָגט ער, לעבט. עס וועט איהם וועה טהון, אז ער וועט אַריינבייסען!

— נאַרר — ווער איך באָז, — דער אַפּפעל לעבט ניט, עס וועט איהם ניט וועה טהון.

— ניין, ער לעבט!

ער האָט אַלליין געזעהען, ווי אַפּפעל וויינען, אַז מען בייסט זיי, אָדער אַז מען שניידט זיי מיט אַ מעססער! דעם אַפּפעל, וועט ער עס נישט טהון!

— נאַרר, עסס! ווער איך באָזער.

— ניין, ניין, ניין!

ער וועט דען אַפּפעל קיינמאָל ניט בייסען! אייביג, אייביג וועט ער איהן האַלטען ביי זיך (ער האָט איהם צום הארץ צוגעדריקט). ער האָט דעם אַפּפעל ליעב בע־קוממען! אייביגע ליעבע!

— נאַרר, אַז דו וועסט איהם צו דער צייט נישט אויפּעססען, וועט ער פּער־פּוילט ווערען!

די ווערטער האָבען איהם שווער געטראָפען! ער האָט אַ ציטער געטהון, איז בלאַס געוואָרען און מיט טרעהרען אין די אויגען צוגעלאָפען צו דער מוטטער, בע־האַלטען דאָס בלאַססע געזיכט אין איהר שויס.

— אמת, שטאַממעלט ער, וויינענדיג, — אמת... דער אָפּפּעל לעבט שוין ניט... מען האָט איהם אָבגעשניטטען פון בוים...

און זי האָט אויך טרעהרען אין די אויגען... זי גלעט איהם די האָר און די האַנד ציטערט איהר...

— גאָטט, טראַכט איך, זאָלל איך אַ סקאַנדאַל מאַכען?!

— נאַרר, שריי איך אין איין כּעס; מען זאָלל דעם אָפּפּעל ניט אָברייסען, וואָלט ער אַלליין אַראָבגעפאַללען!

און ער האָט זיך ערשט צעוויינט אויף אַ קול!

---

ווייס איך וואָס זי טהוט מיט איהם? וואָס זי זאָגט איהם? וואָס זי רעדט איהם איין? וויל איך איהם אַוועקשיקען — חלש׳ט זי!

גאָטט, גאָטט, וואָס וועט אַרויס פון איהם!

---

פילאָמענע האָט מיר אָבגעשטאַט אַ וויזיט אין קאַבינעט.

וואָס איך האָב פון איהר געמאַכט, זאָגט זי, איז שוין פערפאַללען, זי וויל, איך זאָלל וועניגסטענס אויפ׳ן קינד רחמנות האָבען!

געפאָלט אייך דער פלאַן?!

מיר האָבען זיך צוּרעדט...

— האָסט חרטה? פרעג איך זי.

— וואָס העלפט חרטה? ענטפערט זי טרויעריג און פער׳חלש׳ט, האָסט דאָך אַלליין געזאָגט, אַז דער אָפּפּעל מוז שטאַרבען, מוז אָבגעריססען ווערען פון בוים...

— דאָך וואָלסט דו געוואָלט אַנדערע האַנד —

זי האָט נישט געענטפערט, איז אַרויסגעשווימען פון שטוב און איבערגעלאָזט עפּעס אַ מאַטטען זיס־זויערן ריח...

נור וואָס וועט זיין פון איהם? פון טראָהן פאָלגער? פון יונגען בריק־באַנק קאָמפּאַניע?

# בײ׳ם פּאַקיער.

צו׳ן אַ פּאַקיער קומט אַרײן אַ מענש, וואָס לאָזט זיך זעהר שווערליך בעשרײַבען: באָרפֿוס, מיט אַלט־צעריססענע קלײדער אויפֿ׳ן דאַרען לײב, און דאָך איז יעדע בעוועגונג זײַער, כמעט שטאָלץ. די גערונצעלטע פּאַרמיט־הויט אויפֿ׳ן געזיכט זאָגט, אַז ער איז אַלט, זעהר אַלט, און דער בליק פֿון גרויסע שוואַרצע אויגען איז שטרענג און פֿולל קראַפֿט פֿון אַ יונגען מאַנן. די ליפּפּען בלאָהליך און צו פּלאַצט, און בײ די ווינקעל פֿון שמאָלען מויל בלאָנדזשעט דאָך אַ שמײכעל פֿון בעננשאַפֿט, איראָניע און גוטקייט צוזאַממען.

דער פּאַקיער שטעהט אויף און געהט איהם אַקעגען, וואָס ער טהוט זעלטען פֿאַר רײכע און גרויסע לײט.

— איך האָב צו דיר אַ בקשה; — זאָגט דער גאַסט —

— זאָג וואָס דײן פֿערלאַנג איז, אָנפֿערט דער פּאַקיער.

— וועסט דו מיר טהון, וואָס איך וויל׳ל?

— אויב איך וועלל וואָללען, אָנפֿערט דער פּאַקיער און גיט צו מיט ענוות: און אויב איך וועלל קאָננען.

— דו קאָנסט, דאָס ווייס איך, — זאָגט דער גאַסט און זײן שטימע קלינגט וואָס אַ מאָל העללער און ערנסטער צוזאַממען. — איך האָב עס פֿון דיר נישט אײנמאָל געזעהן, נור נישט אומזיסט...

— און דו קאָנסט נישט בעצאָהלען?

— פֿיללײכט... דאָך...

— מיט וואָס? פֿראָגט דער פּאַקיער און מוסטערט נאָך אַמאָל דעם אָבגעריסען־שטאָלצען גאַסט... האָסט דו נישט, מײן קינד, ערגיץ...

— געגנב׳עט? נײן... נישט מיט געלד וויל איך דיר בעצאָהלען... מיט מײן אײגענער געשיכטע.

— זי איז אַזוי וויכטיג? זי וועט מיר צונוץ קוממען?

— וויכטיג, ווי פֿאַר אײנעם... צו זי וועט דיר צונוץ קוממען, ווייס איך נישט... דאָך וועט זי דיך בעפֿרײען פֿון מיה און מאַטטער.

— ווי אַזוי?

— מײן אַרײנקוממען, מײן פּערזאָן, האָט אויף דיר אײן אײנדרוק געמאַכט. איך האָב דיר פֿעראינטערעסירט... אז איך וועלל אַוועק געהן מיט אַ פֿערשלאָסען מויל, וועסט דו נישט אײנמאָל פֿערטראַכטען זיך און קלערען: ווער איז ער געוועזען?

וואָס האָט ער געקאָנט וואָלען? און אַ פֿאַקירס צייט איז טהייער, זיינע געדאַנקען נאָך טהייערער! פֿון צייט און געדאַנקען לעבט אַ פֿאַקיר!

דער פֿאַקיר האָט געקלערט אַ ווייל, ער האָט זיך געפּריפֿט, ווי ווייט ער איז ווירקליך פֿעראינטערעסירט מיט'ן גאַסט, צו ער וועט ווירקליך דעריבער קלערען. —

די צייט בענוצט דער גאַסט און זאָגט ווייטער:

— דו ביסט אַלט, פֿאַקיער, זעהר אַלט! אַללע דיינע געפֿיהלען זעננען אויס־געטריקענט... דיין האַרץ געפֿינט שוין אין גאָר נישט קיין פֿרייד... מיט'ן קאָפּף לעבסט דו נאָך... דאָס געהירן איז נאָך דאָס איינציגע גליעד אין דיר, וואָס לעבט, נישט נור אויס לויטער געוואָהנהייט; נור דיין מח האָט נאָך זיינע ליידען און פֿריידען, ער קלערט און וויל וויסען... טהו דיין קאָפּף צו ליעב, — זאָלל ער האָבען נאָך איין איינדרוק פֿון דער וועלט, איידער ער וועט צויך בלייבען מיער און פֿויל צו שטאַרבען...

— גוט! בעשטעהט דער פֿאַקיער.

זיי זעצען זיך, דער גאַסט פֿערצעהלט:

—

— קליינערהייט האָב איך אַמאָל שפּאַצירט מיט מיין פֿאָטער צווישען די באַרג אונטערן שלאָסס...

— איהר האָט אין אַ שלאָסס געוואהנט?

— יאָ. מיר האָבען איבערגעשראָקקען איין אָדלער, און ער איז אַרויפֿגעשאָס־סען צום הימעל. „איך וואָלט אויך געוואָלט אַזוי פֿליהען" האָב איך היך געטראַכט. „דו וועסט עס אויך טהון", האָט מיר דער פֿאָטער געאָנפֿערט. „נור נישט אין דער לופֿט. די לופֿט איז נישט אונזער עלעמענט; מיר קאָננען אין איהר און דעריבער פֿון איהר נישט לעבען"...

„און פֿליהען — זאָגט ער ווייטער — וועסט דו צום הימעל — דאָס זעננען די בלאָהע, די זייערנע, בלאָהע, מיט גאָלדענע שטערן אויסגעשטיקטע טאַפּעטען אין אונזער קאָניגליכען פּאַלאַץ... און גלייך צו דער זונן — דאָס איז דער קאָניג אַלליין... די שטראַהלען פֿון זיין גנאָד זעננען ליכטיגער און וואַרימער, און זיי זעננען נישט פֿאַר אַללע, נישט פֿאַר יעדען בעסטען"...

איך האָב די וואָרטער דערנאָך איבערגעגעבען מיין לעהרער, אויך אַ פֿאַקיער ווי דו. זיין געזיכט האָט זיך דערבּיי נישט געאָנדערט. קאַלט און שטרענג האָט ער מיר געזאָגט: „דער אָדלער, אויב ער וויל לעבען, מוז ער עססען, און עססען מוז ער אַראָב אויף דער ערד... עססען־וואַרג ליעגט נידריג, אָפֿט אין בלאָטע".

— זעהר קלוג.

איך האָב איהן דאָך נישט פֿערשטאַנגנען און אינם גאַנצען געשפּרעך פֿער־געססען.

---

צוריק אויף די געדאַנקען זעננען מיר די וואָרטער געקומען ערשט דעמאָלט, ווען איך בין ערשטער מיניסטער געוואָרען.

— מאַנציפּוצי?

— אַזוי פּלעג איך הייסען — —

— און היינט?

— האָב איך קיין נאָמען נישט.

— ווען איז עס געשעהען?

— שוין איניגע יאָהר... עס פֿריידט מיך פֿאַר דיר, אַז דו האָסט פֿון דעם אללעם נישט געוואוסט... אַז דאָס לעבט אַזוי הויך, אַזוי טיעף אָדער אַזוי וויט פֿון מיין געוועזען לעבען!

איינמאָל בין איך געשטאַנען אַזוי לאַנג און אַזוי טיעף געבויגען פֿאַר דער זונן, אַז עס איז מיר, נישט וויללענדיג, געקוממען דער געדאַנקען אין קאָפּף אַריין, מקנא צו זיין די זיילען אין פּאַלאַץ, וואָס האַלטען איהן אויף אונטער און בויגען זיך נישט..

— דו האָסט עס געזאָגט?

— ניין; מיינע ליפּפּען זעננען נאָך נישט געוואוינט געוועזען דערצו; נור דער מארך־ביין!... איין אונגעדולדיגע בעוועגונג האָב איך געמאַכט... די זונן האָט עס בעמערקט...

— און דו לעבסט?

— גרויס איז געוועזען זיין ליעבשאַפֿט צו מיר; מען האָט מיך נור פֿאַר אַ לבנה געמאַכט, אַ פּראָווינץ איבערגעגעבען...

— ביסט צופֿרידען געוועזען?

— אַ צייט... ביז די זונן איז דורכגעפֿאָהרען און די לבנה האָט זיך ווענינ געבוקט...

— און?

— מען האָט מיך דעגראַדירערט אויף אַ שטערן... אַ שטאָדט האָב איך בע־קוממען...

— און האָסט רעגיערט, ביז די לבנה איז געקוממען...

— ריכטיג... דער מארך־ביין האָט וואָס אַמאָל זיך ווענינער געבויגען... איך בין אַריין אין דער מילך־שטראססע; צווישען מיליאָנען, קליינע שטערנדליך —

— און?

— אַלץ דער מארך־ביין!... מען האָט מיך בעקאַנט געמאַכט מיט׳ן באַמבוס

און ארויסגעווארפען פון — הימעל!

— און דיין פאטער, דער שטאלצער שלאסס־העררֵ?

— ער האט עס נישט אויסגעהאלטען און האט מיר א גרויסע ירושה געלאזט; איך האב מיר געקאנט פאר זיך אליין א קליינעם הימעל מאכען...

— האסט עס נישט געטהון?

— ניין, איך האב איין אנדערע ליידענשאפט געהאט. איך האב געוואלט, וואס אללע, אייגענטליך, וויללען, אנדערע זאללען אהגליך זיין צו מיר; מען זאלל זיך אויפהערען בוקקען.

— א געפאהרליכע ליידענשאפט...

— איך האב איינגעקויפט עססענוואארג און קליידער, געפאנט די טהירען פון שלאסס און אויסגערופען אויפ'ן לאנד: ווער עס וויל, זאלל קוממען נעהמען וואס ער וויל... "נור א בעדינג האב איך געשטעלט: קיינער טהאר נישט דאנקען. ווער עס וועט עס טהון, וועט מוזען בעצאהלען...

— פיעל האבען געקאנט?

— ווייניג. דאך מיט דער צייט איז די צאהל פון נישט דאנקענדיגע געוואקסען, גראססער געווארען, נור מיט דער צייט האט מען מיך — —

— ארעטירט?

— ניין; אין דולל־הויז געשיקט...

— ריכטיג, אלס פערשווענדער...

---

— אז איך בין ארויס פון דולל־הויז, איז פון מיין ירושה קיין צייכען געבליבען... פריינד און בעקאנטע האבען זיך בעמיהט; שולדען האבען זיך בעוויזען, דאס אויפהאלטען אין קעניגליכען דולל־הויז, איז גענוג טהייער...

„געה ארבייטען" האט מען מיר ביים ארויסלאזען געזאגט...

— און דאס איז, נאטירליך, דעם געוועזענעם מיניסטער נישט געפאללען.

— אימגעגענטהייל, נאך אזוי פיעל רוהען האב איך געבענקט נאך ארבייט.. נור אויסבעטלען זי האב איך נישט געקאנט.. בעטלען און בוקקען זיך איז מיר שוין אונמאגליך געווארען...

— דער גאסט שווייגט א ווייל און דער פאקיער פראגט:

— ווילסט, איך זאלל דיך אויסלערנען?

— דאס, — אנטפערט שטאלץ דער גאסט, — וועסט דו נישט קאננען: הונגער און דארשט האבען עס נישט געקאנט... נור דאס לעבען איז מיר שוין איבער־דריססיג...

— ווילסט איך זאָלל דיך דערפון בעפרייען?...

— אָה, ניין! צו דעם דאַרף מען נישט דיין הילף... דאָס ערשטע בעסטע וואַססער, די ערשטע בעסטע צווייג... זיי וואָלט איך זאָגאַר נישט געדאַרפט קיין מעשיות צו פערציילען...

— וואָס דענן?

— איך גלויב, פאַקיער, — יעדער מענש האָט זיין גלויבען, דאָס איז דער פאָדעם, מיט וועלכען די גאָטער בינדען אונז צו צום לעבען — איך גלויב, אז עס וועט קוממען אמאָל אַ צייט פון גראַדע מענשען, מיט האַרטע מאַרך־ביינער; פון מענשען, וואָס וועללען נישט וועללען אונ נישט קאָננען זיך בויגען... איך וויל עס דערלעבען!

— אזוי לאַנג לעבען ווילסט דו?

— ניין... פאַר דעם שפּעטרן גליק, וואָלט איך אזוי פיעל נישט געצאָהלט... שלאָפען וויל איך, איבערשלאָפען!...

דו קאָנסט עס! שלאָף מיך איין, פאַקיער!...

---

דער פאַקיער שווייגט.

— ווילסט דיין וואָרט נישט האַלטען? פראָגט דער גאַסט.

— נישט דאָס, — ענטפערט דער פאַקיער, — איך קלער נור, ווער דיך וועט וועקקען? איך נישט, מיינע קינדער אונ קינדס־קינדער אויך נישט... ווער וועט דיך געדענקען?

— שרעק נישט... מיך וועט וועקקען די צייט; גאַר שטילל וועט זי נישט קוממען!

---

# מְשִׁיחַ׳ס צַייטֶען.

אַזוי ווי אין אַללע יודישע שטאָדט אונ שטאָדטליך אין גאַליציען, איז אויך געוועזען אין דער קהלה, וואו מיינע עלטערן האָבען געוואוינט — אַ משוגענער.

ווי געוואָהנליך האָט דער משוגענער פאַר קיינעם נישט קיין מורא געהאַט, נישט פאַר קהל, נישט פאַר׳ן רב אונ דינים, אפילו נישט פאַר דען באָדער מיט׳ן קברות־יוד, פאַר וועלכע די גראָסטע גבירים שרעקען זיך. פאַר דאָס האָט דאָס גאַנצע שטאָדטיל, גאַנץ קהל מיט דעם גאַנצען כלי־קדש, מיט׳ן באָדער אונ מיט׳ן קברות־יוד, געציטערט פאַר דעם משוגענעם אונ פערמאַכט פאַר איהם טהיר אונ טהויער. אונ אויבוואָהל דער אָרימער משוגענער האָט קיינעם נישט

גערעדט קיין שלעכט ווארט, קיינעם נישט געריהרט מיט'ן מינדסטען פינגער; האבען אויף איהם אללע געשריגען, מאנכע געשלאגען און די גאססען-יונגען פלעגען איהם נאכווארפען בלאטע און שטיינער.

איך האב תמיד רחמנות געהאט אויף דעם משוגענעם. עס האט מיך עפּיס צו איהם געצויגען, איך האב מיט איהם געוואלט רעדען, איהם טרייסטען, א גלעט טהון; נור צוגעהען צו איהם איז געווען אונמעגליך; איך וואלט בעקוממען א טהייל פון דער בלאטע און די שטיינער, מיט וועלכע מען פלעגט איהן באמבארד'ערען. איך בין געווען א יונג קינד, איך האב געטראגען א פיינען אנצוג פון לעמבערג אדער פון קראקא; און האב מיר אבגעהיטען מיינע פלייצעס פון שטיינער און מיין אנצוג פון בלאטע, און זיך געהאלטען פון וויטענס.

דאס שטאדטיל, וואו מיינע אלטערן האבען געוואוינט און איך האב פערלעבט מיינע קינדער-יאהרען אין אנציגע פון לעמבערגער און קראקאווער שניי-דער, איז געווען א פעסטונג, ארום-געצוימט מיט גריבער, וואססער, וואלען און הויכע מויערן. אויף די מויערן זענען געשטאנען ארמאטען און זעלנער מיט ביקסען האבען זיי געהיט, מארשירענדיג אויף און אב ערנסט און שווייגענדיג. קוים איז נור צוגעפאללען די נאכט, האט מען אויפגעהויבען די אייזערנע בריק איבער'ן וואססער, פערשלאססען אללע טויערן און אבגעריסען דאס שטאטיל פון דער רעשט וועלט ביז אין דער פריה. ביי יעדען פערמאכטען טהויער איז גע-שטאנען א וואך, בעוואפענט פון קאפף ביז פוס.

ערשט נישט לאנג, ביי טאג, זעננען מיר אללע פריי געוועזען, מען האט געמעגט געהן ארויס און אריין, נישט אנגעפרעגט צו'ערשט ביים פלאץ-מאיאר; מען האט זיך אויך געמעגט באדען אין טייך אונטער דער שטאדט, אפילו זיך אויסציעהען אויף דער גרינער לאנקע ביים טייך און קוקען אין הימעל אריין, אדער וויט ערגיץ אין דער וועלט אריין, ווי איינער האט געוואלט. קיינער האט נישט פאר דעם קיין שלעכט ווארט גערעדט. איז עמיץ אפילו נישט צוריק-געקוממען, האט מען אויף איהם נישט געפרעגט. נור ביי נאכט, האט מען געוואלט, זאלל זיין שטיל אין שטאדטיל, מען זאלל זיך נישט ארויס-און אריין דרייען. — „א גליק”, פלעג איך דעמאלט קלערען ביי מיר, „וואס מען לאזט אונז חאטש אריין די לבנה”...

און אזוי לאנג איך וועל לעבען, וועל איך נישט פערגעססען דען „בין-השמשות”, דאס צופאלען פון דער נאכט. צוזאמען מיט דעם אבענדליכען שאטען פערשפרייט זיך א שווער איבער דעם גאנצען שטאטיל, מענשען און הייזער ווערען פלוצלינג ווי קלענער, ווי איינגעהויקערטער. מען ציהט די בריק, די אייזערנע קייטען רייבען זיך אן די אונגעהייערע בלאקען; דאס אייזערנע קראצען, די הארטע אבגעריסענע טא-נער פאהרען דורך די ביינער. דערנאך קנאלט צו א טהויער נאך א טהויער. יעדען אבענד געשיהט דאס זעלבע און דאך ציטערן יעדעס מאל די פיס אונטער דעם

מענש, אַ שטומפּיגע מיעדיגקייט לעגט זיך אויף אַללע פּנימער, אַללע אויגען לעשען זיך אוים ווי בייַ טויטע, די ברעמען פאַלען אַראָב ווי בלייערנע, דאָס הארץ בלייבט שטיל אונ מען אַטהעמט קוים. דערנאָך הייבט אָן דער פּאַטרול צו קורסירען אין די גאַסען, עס קלאַפּען די נאָבגעלאַזטע שווערטער אונ די גרויסע וואַססער־שטיעפּעל, די באַגנעטען בלישציען אונ מען שרייט: „ווער־דאַ?" אויף דעם מוז מען אָנפּערן: „אַ היימישער, איין אייגענער!" אַז נישט, ווייס גאָט צו וואָס עס קאָן קוממען. מאנכע פלעגען זיך שוין בעסער פערמאַכען אונטער שלאָס אונ ריגעל, זיי האָבען מורא, זיך אפילו אַרוים־צו־ווייזען אויף דער גאַס...

---

איינמאָל האָט זיך מיר געמאַכט אַ צופאַל: איך האָב מיך געבאָדען אונטער דער שטאָדט, איך האָב מיך פערקיקט צו פערטראַכט, צו גלאַט אַזוי פערגעססען, אַז נאָך טאָג געהט נאַכט; פליצלינג זעה איך, ווי מען הייבט די בריק; עס שניידט אין די אויערן, עס פאַללען צו די טהויערן, עס קנאַקט אונ שלאָגט זיך אָב מיר אין הארץ. פערפאַללען? איך מוז שוין בלייבען איבער נאַכט אונטער דער שטאָדט... אונ אַ וואונדערליכע זאַך, ליגענדיג אין דער היים, אין וואַרימען בעט, פלעגט זיך מיר נאַכט אויף נאַכט חלומען פון דער פרייער וועלט אויסער דער פעסטונג; אונ דאָס ערשטע מאָל, אַז מיין חלום איז מקוים געוואָרען, איז מיך בעפאַללען אַ שרעק. עס האָט זיך אָנגעהויבען דער בעוואוסטער שטרייט צווישען קאָפּף אונ האַרץ. דער קאָפּף האָט גערופען: רוהיג, געניס אויך אַמאָל די ריינע פרייע לופט, דען אויסגעשטערנטען פרייען הימעל. אונ דאָס הארץ האָט זיך געטהון זיינס, געוואָרפען זיך אונ געצאַפּעלט, צום אַרוים־שפּרינגען. דערנאָך האָט זיך מיר אויפגעהויבען ווי אַ דונסט, ווי אַ נעבעל פון שווערען האַרץ אונ איז מיר געשטיגען אין קאָפּף אַריין. דער פרייער געדאַנק איז געוואָרען טונקעל אונ טונקלער אונ איז באַלד אונטערגעגאנגען אונטער דעם וואָלקען. עס האָט מיר אָנגעהויבען צו קלינגען אין די אויערן אונ צו פינטלען אין די אויגען. מיט יעדען לייכטען גערויש, פון יעדען לייכטען שאָטטען פון אַ צווייג, פון קלענסטען גראָזיל, האָט זיך מיר אַריין־געזאָפּט דורך די אויגען ווי דורך די אויערן אַ מין שוידער, אַ שרעק, וואָס האָט מיך געוואָרפען אויף דער ערד!

איך האָב בעהאַלטען דאָס פּנים אין זאַנד...

צו איך בין געשלאָפען צו ניין אונ ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגען, אָסור אויב איך ווייס! נור פליצלינג האָב איך דערהאָרט, אַז מען אָטעמט נאָהנט נעבען מיר. איך שפּרינג אויף. איך בין נישט אַליין. צוויי גוט בעקאַנטע, טיעפע, שוואַרצע אויגען קוקען אויף מיר האַרציג אונ געטריי

עס איז געוועזען דער משוגענער.

— וואָס טהוסט דוא דאָ? — פֿראָג איך מיט אַ דומפּיגער שטימע.

— איך שלאָף קיינמאָל נישט אין שטאָדט! — אָנטפֿערט ער מיר טרויעריג, אונ דער בליק זיינער איז אַזוי ווייך, די שטימע אַזוי ברידערליך, אַז איך קום צו מיר אין גאַנצען אונ פֿערגעס מיין שרעק.

אַמאָל, דערמאַן איך מיך פּלוצלינג, פֿלעגט מען האַלטען משוגעים פֿאַר נביאים — אין די מאָרגענלאָנדער איז דאָס נאָך ביז היינט — אונ איך פֿראַג מיך: צו איז ער נישט ווירקליך איינער פֿון זיי? צו יאָגט מען איהם נישט ווי אַ נביא? צו וואַרפֿט מען איהם נישט נאָך קיין שטיינער ווי אַ נביא? צו לייכטען איהם נישט די אויגען ווי די שטערן? צו קלינגט נישט זיין שטימע ווי די פֿיינסטע האַרפֿע? צו ליגט נישט אין איהם דער שמערץ פֿאַר אַללע, דאָס ליידען פֿאַר'ן גאַנצען דור? אָפּשר ווייסט ער טאַקי אויך, וואָס שפּעטער וועט זיין?...

איך פּרוּוו אונ הייב אָן צו פֿראָגען אונ ער אָנפֿערט מיר אַזוי שטיל, אַזוי זיס, אַז עס דאַכט זיך מיר טהייל מאָל, אַז עס איז נור אַ חלום, אַ זיסער חלום פֿון אַ זוממער־נאַכט אויף יענער זייט פֿעסטונג.

— דו גלויבסט אין משיח'ס צייטען? — פֿראָג איך איהם.

— געוויס! אָנפֿערט ער שטיל אונ זיכער — משיח מוז קוממען!

— ער מוז?!

— גאַנץ זיכער! אַללע וואַרטען אויף איהם, אפילו הימעל אונ ערד וואַרטען! ווען נישט, וואָלט זיך נישט קיינעם געגלוסט צו לעבען, צו טהון די האַנד אין קאַלט וואַססער... אונ, אויב מען לעבט אונ מען טהוט, גלייך מען ווילל לעבען, איז אַ סימן, אַז אַללע פֿיהלען, אַז משיח קומט, אַז ער מוז קוממען, אַז ער איז שוין אין וועג...

— צו איז אמת — פֿראָג איך ווייטער — אַז פֿריהער וועללען זיין שרעקליכע מלחמות; איבער פֿאַלשע משיח'ען, די מענשען וועללען זיך אַרום־רייסען ווי ווילדע חיות, די ערד וועט אָנגעזאַפּט ווערען מיט בלוט; טייכער בלוט, וועללען פֿליסען פֿון מזרח קיין מערב אונ פֿון דרום קיין צפון, אַללע חיות, בהמות וועללען טרינקען מענשען־בלוט; אַללע פֿעלדער, אַללע וואַססער, אַללע טראַקטען אונ אַללע וועגען וועללען פֿערגאָסען ווערען מיט מענשען בלוט... אונ אין מיטען דער צייט פֿון בלוטיגען מבול וועט זיך ערשט בעוויזען דער אָמת'ר משיח, דער רעכטער... איז דאָס אמת?

— אמת!

— אונ מען וועט איהן דערקענען?

— יעדער וועט איהן דערקענען. עס וועט קיינער נישט האָבען קיין טעות. ער וועט זיין משיח מיט יעדער מינע, מיט יעדען וואָרט, מיט יעדען בליק. ער

וועט נישט האָבען קיין חילות, ער וועט נישט רייטען אויף קיין פערד און אַ שווערט וועט איהם נישט הענגען אויף די לענדען...

— וואָס דען?

— פליעגעל וועט ער האָבען... משיח וועט האָבען פליעגעל און אַללע וועללען דערנאָך בעקוממען פליעגעל. עס וועט זיין אַזוי: פליצלינג וועט געבוירען ווערען אַ קינד מיט פליעגעל, דערנאָך — אַ צווייטעס, אַ דריטעס און אַזוי וועט עס שוין געהן כסדר... פריהער וועללען זיך די מענשען דערשרעקען, דערנאָך וועט מען זיך צוגעוואָהנען, ביז עס וועט אַרויס־קומען אַ גאַנץ דור מיט פליעגעל; אַ דור, וואָס וועט זיך ניטט מעהר וועללען וואַלגערן אין דער בלאָטע און וועט זיך נישט מעהר רייסען איבער אַ פרנסה־וואָרמיל...

לאַנג נאָך האָט ער אַזוי גערעדט, נור איך האָב איהם אויפגעהערט צו פערשטעהען. זיין שטיממע איז דאָך געוועזען אַזוי אומיטיג־זים, אַז איך האָב זי איינגעזאַפט אין מיר ווי אַ שוואָם. אַז ער האָט אויפגעהערט צו רעדען, האָט שוין געטאָגט, מען האָט שוין די טויערן געעפענט און די בריק אַראָב־געלאָזט...

זייט יענער נאַכט אויסער דער פעסטונג איז מיר דאָס לעבען אין איהר נאָך שווערער, נאָך אונערטרעגליכער געוואָרען. די אַלטע מויערן, די קראַצענדיגע אויפגעצויגענע בריק, די אייזערנע טויערן, די וואַרטען און פאַטרולען, דער הייזעריג־צאָרניגער: „ווער־דאַ?", דער אונטערטעהניג־פאַלשער: „אַ היימישער, איין אייגענער!"; דאָס אייביגע ציטטערן פון די לייטיגע פנימער, די איבערגעשראָקענע האַלבפערלאָשענע אויגען, דער מאַרק מיט די פערבלאָנקיטע ציטעריג־פוילע שאָטען, — דאָס אַלץ האָט זיך מיר געלעגט ווי אַ בליי אויף דער נשמה, נישט אָבצואָטמען, נישט פריי צו ווערען... עס האָט מיך אָנגעהאַפט אַ האַרץ־וויטאָג, עס האָט מיך דאָרבגענוממען אַ שרעקליכע באַנגשאַפט. און איך האָב בעשלאָססען, משיח'ן אַקעגען צו פאָהרען...

---

איך זעץ מיך אויף דעם ערשטען בעסטען וואָגען, דער בעל־עגלה דרעהט זיך צו מיר איבער און פרעגט:

— וואו־אהין?

— וואו דו ווילסט! — ענטפער איך — נור אַוועק, ווייט ווייט פון דאַנען!

— אויף ווי לאַנג?

— ווי לאַנג דאָס פערד וועט אויסהאַלטען!...

דער בעל־עגלה נעמט די לייצען אין האַנד און מיר פאָהרען.

מיר פאָהרען אַלץ ווייטער און ווייטער. אַנדערע פעלדער, אַנדערע וועלדער, אַנדערע דאָרפער, אַנדערע שטעדט, אַלסדינג אַנדערש: עס איז אָבער גאָר אַנדערש

פון אויבען, דער הוך איז שטאַנדיג דער זעלביגער. אַז איך האָב מיך גוט איינגעקוקט, איז איבעראַל אונ אויף אללעס געלעגען די זעלבע מרה-שחורה, יעדער מענשען-בליק איז געווען ציטערדיג-פאַלש, יעדער טאָן איבערגעבראָכען אונ שטאָלפעריג... אויף אַללעס איז געלעגען אַ טרויריגער נעפּעל, וואָס האָט פערשטעלט יעדען שיין אונ געלאָשען יעדע פריד. אללעס איז געווען צוזאַממען געדריקט אונ פערשטיקט. אונ איך שריי אַלץ אין איינעם: „וויטער!“... איך הענג אָבער אָב פון בעל-עגלה אונ דער בעל-עגלה פון פערד... דאָס פערד וויל עססען אונ מיר מוזען זיך אָבשטעלען.

איך קום אין אַ קרעטשמע אַריין. עס איז אַ גרויסע שטוב, איבערגעטהיילט אין דער העלפט מיט איין אַלטער פאָרהאַנג, וואָס געהט פון איין וואַנד צו דער צווייטער. אין דער זייט פאָרהאַנג זיצען דריי מאָננער ביי אַ גרויסען טיש. זיי בעמערקען מיך נישט אונ איך האָב צייט, זיי צו בעטראַכטען. עס זענען דריי דורות. דער אַלטסטער איז גראָה ווי אַ טויב, דאָך זיצט ער גלייך אונ קוקט מיט שאַרפע אויגען אָהן ברילען אין אַ גרויס ספר, וואָס ליגט פאַר איהם אויף'ן טיש. דאָס אַלטע פנים איז ערנסט, די אַלטע אויגען קוקען זיכער אונ דער אַלטער מענש מיט דעם ספר גיססען זיך צוזאַמען דורך דער ווייסער באָרד, וואָס האָט זיך צולעגט מיט איהרע זילבערנע עקקען אויף די בלעטער פונ'ם ספר. — נעבען איהם רעכטס זיצט אַ יונגערער, געוויסס אַ זוהן זיינער: דאָס זעלבע געזיכט, נור יונגער, ריהריוודיגער, נערוועזער, סעקונדען-ווייז מיעדער אונ צעגאָסענער. ער קוקט אויך אין אַ ספר אַריין, נור ער קוקט שוין אויף אַ בריל. דאָס ספר איז קלענער אונ ער האַלט עס נאָהנטער צו די אויגען, אָנגעשפּאַרט אויפ'ן ראַנד פונ'ם טיש. ער איז אין די מיטעללע יאָהרען; באָרד אונ פאות — האַלב זילבערן. ער שאָקעלט זיך אַהין אונ צוריק. זיין גוף, דאַכט זיך, וויל זיך יעדעס מאָל אָברייסען פונ'ם ספר, נאָר דאָס ספר ציעהט איהן צו זיך צוריק. ער שאָקעלט זיך אונ די ליפּען ציטערן שטיל אַמאָל קוקען די אויגען אַהין צום אַלטען; יענער דאָך בעמערקט עס נישט. — לינקס פונ'ם אַלטען זיצט דער יונגסטער, דאַכט זיך איין אייניקיל פונ'ם אַלטען אַ יונגער מאַן מיט שוואַרץ גלאַנצעדיגע האָהר אונ אַ ברעננענדיג צעוואָרפענעם בליק. ער קוקט אויך אין אַ ספר אריין, נאָר דאָס ספר איז קליין אונ ער האַלט עס נאָהנט צו די לעבעדיגע אויגען. גאַנץ אָפט רוקט ער עס אַוועק פון זיך, וואַרפט אַ בליק, אויסגעמישט פון שרעק אונ דרך-ארץ אויפ'ן אַלטען, קוקט אַריבער צום פאָטער מיט אַ האַלב-איראָנישען שמייכעל אונ בייגט זיך איבער צו הערען, וואָס עס טהוט זיך אין יענער זייט פאָרהאַנג. אונ פון יענער זייט פאָרהאַנג האָרט זיך קרעכצען, גלייך עמיץ געהט דאָרט צו קינד...

איך וויל הוסטען, מען זאָלל מיך בעמערקען. אין דער זעלבער סעקונדע

פֿערבייגט זיך אַ שטיק פֿאָרהאַנג און עס באַווייזען זיך צוויי פֿרויען. איינע איין אַלטע מיט אַ שאַרף ביינערדיג פּנים און שאַרפֿע אויגען, די צווייטע אַ יונגערע פֿרויא אין די מיטעלע יאָהרען מיט אַ ווייבער אָבגעשמאָלצען פּנים און אַ נישט זיכערן בליק. זיי שטעהען, קוקען צו די מאַננער און וואַרטען, מען זאָל זיי פֿראַגען. דער אַלטסטער בעמערקט זיי נישט. זיין נשמה האָט זיך צוזאַמען-געגאָסען מיט דער נשמה פֿונ׳ם ספר. דער מיטעלער בעמערקט די פֿרויען און קלערט ווי אַזוי דען פֿאָטער צו וועקען; דער יונגסטער שפּרינגט דערוויל אויף...

— מאַמע! באָבע! נו?...

זיין פֿאָטער שטעלט זיך אויף אונרוהיג, דער זיידע רוקט נור אַ ביסל אַוועק דאָס ספר און הייבט אויף די אויגען צו ד׳ פֿרויען.

— וואָס טהוט זי? — פֿראָגט ווייטער דער יונגסטער מיט אַ ציטערדיגער שטיממע.

— איבערגעקוממען! אָנפֿערט די אַלטע רוהיג.

— איבערגעקוממען? איבערגעקוממען? — שטאַממעלט דער יונגער.

— זאָגסט נישט, מאַמע, „מזל-טוב״? — פֿראָגט דער מיטלערער. דער אַלטער קלערט איבער און פֿראָגט:

— וואָס איז געשעהען? און ווען אפילו אַ מיידעל...

— ניין! — אָנפֿערט ערשט אצינד די אַלטע — אפילו אַ יונגעל...

— אַ טויטס?

— ניין, עס לעבט! — אָנפֿערט די אַלטע. אין דעם קול קלינגט דאָך נישט קיין פֿרייד,

אַ קריפּעל? אַ קאַליקע?

— צייכען האָט ער! אויףביידע אַקסעל...;

— וואָס פֿאַר אַ צייכען?

— פֿון פֿליעגעל...

— פֿון פֿליעגעל?

— יאָ, פֿון פֿליעגעל, און זיי וואַקסען...

דער אַלטער בלייבט זיצען פֿערזאָרגט, דער מיטעלער פֿערוואונדערט, דער יונגסטער נור שפּרינגט אונטער פֿאַר פֿרייד.

— וואויל, וואויל! זאָללען זיי וואַקסען, זאָלל פֿון זיי ווערען עכטע פֿליעגעל, גרויסע, שטאַרקע פֿליעגעל, וואויל, וואויל!

— וואָס איז די שמחה? — פֿראָגט דער מיטעלער.

— אַ שראָקליכע קאַליקע! — זיפֿצט דער אַלטער.

— פֿאַר וואָס? — פֿראָגט דאָס אייניקיל.

— פֿליעגעל — אָנפֿערט דער אַלטער שטרענג — הייבען אין דער הייך...

מיט פליגעל קאָנען מען זיך נישט דערהאלטען אויף דער ערד.

— אַ ווײַכטיגע זאַך! מאַכט דאָס אייניקיל טראַציג — איז מען פּטור דאָס מושב, וואַלגערט מען זיך נישט אין דער בלאָטע, לעבט מען אין דער הייך... צו איז דען דער הימעל נישט שענער פֿון דער ערד?

דער אַלטער ווערט בלאַס און דער מיטעלער נעמט דאָס וואָרט:

— נאַריש קינד! פֿון וואָס קאָנען מען לעבען אין דער הייך? לופֿט שלינגען איז וועניג... אין דער הייך איז נישט דאָ צו דינגען קיין קרעטשמע, אין דער הייך קאָנען מען נישט איבערנעהמען קיין „פּאָדריאַד”... אין דער הייך האָט מען אפילו נישט ביי וועמען אַ האָזען־פּעלעביל צו קויפֿען... אין דער הייך...

דער אַלטער שלאָגט איהם איבער:

— אין דער הייך — זאָגט ער פֿעסט און האַרט ווי אייזען — איז נישט דאָ קיין שוהל, קיין בית המדרש, קיין קלויז צום דאַווינען, צום לערנען; אין דער הייך איז נישט דאָ קיין שטעג, אויסגעטרעטען פֿון קדמונים! אין דער הייך בלאָנקעט מען זיך, בלאָנ־דזעט מען, ווייל מען ווייסט נישט דען וועג... מען איז טאַקי אַ פֿרייער פֿויגעל, נור וועה דעם פֿרייען פֿויגעל, אַז עס בעפֿאַלט איהן אַ ספק, אַ מרה־שחורה!...

— ווי הייסט? — שפּרינגט אויף דער יונגסטער מיט הייס בלוט און ברענענ־דיגע אויגען.

לײדער קומט ער נישט צום וואָרט, די באָבע האַקט איבער:

— נאַרישע מאַנסבילען! — מאַכט זי — וועגען וואָס זיי קלערען... און דער רב? צו וועט איהם דער רב לאָזען מל׳ע זיין? צו וועט ער לאָזען אַ ברכה מאַכען איבער אַ קינד מיט פֿליגעל?...

---

איך גיב מיך אַ חאַפּ אויף. מיין איבערנאַכטיגען אויסער דער שטאָדט, די נסיעה און דאָס קינד מיט די פֿליגעל זעננען נור אַ חלום געווען. —

# די לְבָנָה פֶערְצֶעהלט:

— מיעד פֿון קוקען אויף ווייסען מאַרמאָר און אויערם ווייסע גאַסס־בעלייכטונג, האָב איך מיך אַוועק געדרעהט און געוואָרפֿען אַ בליק אויף איין אונטערגאַסס.

פֿון איין איבערגעבויגען הייזעל געהט אַרוים אַ באָרוויס יונגעל, שלעכט געקליידט (די שמאַטעס האַלטען זיך אויפֿ'ן קוים) און געגענאיבער, פֿון אַ צווייט הויז, כמעט אַ מפולת, קומט אויך אַרוים אַזאַ יונגעל.

קוים זעננען זיי, איינער צום צווייטען צוגעקוממען, האָב איך שוין נישט געוואוסט, וועלכער עס איז אַרוים פֿון וועלכען הויז. ביידע אויסגעדאַרט, מיט ברענענדיגע אויגען, ביידע ציטטערן פֿאַר קאָלט, אָפשר פֿאַר הונגער אויך.

איך האָר ווי זיי שמועסען.

— פֿאַרטיג?

— און דו?

— אויך!

— האָסט געגעססען?

— ניין... דער טאַטע האָט נישט געבראַכט.

— מיינער — קראַנק; די מאַמע וויינט...

— געה'מיר?

— בעססער לויפֿען... ס'אי' קאָלט...

— נו!

זיי לויפֿען פֿייל פֿון בויגען אין שטאָדט אַריין.

איך קוק זיי נאָך.

ביי'ן איינעם פֿון די שאָנסטע הייזער שטעללען זיי זיך אָפּ.

— זעהסט! מיין פֿעטערס הויז! מאַכט איינער שטאָלץ.

דער צווייטער ווייזט אויף אַ הויז געגענאיבער:

— דאָס איז מיין פֿעטטערס!

— מיין פֿעטטער האָט מען אָבער געבראַנגט איין אַראַביש פֿערד'ל פֿאַר 16 טויזענד!

— מיינער האָט אַ קאַרעטע מיט 4 פֿערד ווי די לייבען!

— מיינער האָט אָפשר טויזענד דאָרפֿער!

— מיינער — אָפשר הונדערט שטאָדט!

— שוטה! בּיי מיין פֿעטטער זעגנען די מעבּיל פֿון גאָלד!
— בּהמה! בּיי מיין פֿעטטער — סאַמע בּרילאַנטען!
— אָבּער מיין מוהמע מיט איהרע פּערפֿומען! די נאָז רייסט עס אויף!
— אָ וואָ! מיין מוהמע געהט אַללע טאָג אין טעאַטר אַריין...
— אונ אַז מיין פֿעטטער שפּיעלט יעדע נאַכּט אין קאָרטען — האָ?
זיי האָבּען זיך לאַנג געשפּאַרט אונ שיער ניט געפּאַללען זיך אין די האָהר אַריין...
איינער איז דאָך פֿריהער אָבּגעשטאַנגען.
— קאַלט, מאַכּט ער מיט אַ ציטטער.
דער צווייטער שטעהט אויך אָבּ:
— איך בּין זעהר הונגעריג, זאָגט ער, עס נאָגט מיך! קלינג אָן בּיי דיין פֿעטטער...
— ניין — אָנטפֿערט יענער דערשראָקקען — ער האָט אָנגעזאָגט דעם שווייצער, ער זאָלל מיר האָנד אונ פֿיס צערבּרעכען!
— מיין פֿעטטער — דאָס זעלבּע! — אָנטפֿערט דער צווייטער.
זיי לאָזען בּיידע טרויעריג אַראָבּ די קעפּ.
— געה'מיר?
— בּעססער לויפֿען...
אונ אויפֿ'ן וועג:
— מאָרגען בּיי נאַכּט נאָך אַ מאָל...
— יאָ... איבּערלויפֿען... איך וועלל געבּען אַ סימן... איך וועלל אַ קריי טהון ווי אַ האָהן...
— ... איך וועלל דיר אָנטפֿערן מיט אַ מיאָוק פֿון אַ קאַטץ.
— גוט...
זיי זענגען מיר פֿערשווינדען געוואָרען.



# דריי מאל געראָפען.

(איבערזעצט פון א גאר אלטען, נישט גאנץ געגרינטען כתב־יד).

**1.**

איך בין דעמאלט געשטאנענען אין פעלד, ווייט פון בגדד, וואו איך בין געבוירען געוואָרען און מיין פאטערס הויז איז געשטאנענען...

איך זעה זי דאך, די שטאדט... פון ווייטען... איהרע טויזענדטער ליכטליך שניידען זיך דורך דעם שווערען, פייכטען נעפיל און קוקען אויף מיר, ווי טויזענדער אויגען, פערפולטע, מיט רחמנות מיט זארג...

טרויעריג שווימט אויך איבער מיין קאפף די לבנה...

זי האט אויך רחמנות אויף מיר, אויף א קליין שוואך יונגעל, וואס האב זיך ווייט פערבלאנקיט פון דער היים, איינער אליין אויפ'ן פרייען פעלד, וואו עס קאן איהם א גזלן, א חיה רעה טרעפפען!

אנדערש נור קוקען די שטערנדליך! דאס שמייכעלט צו מיר דער הימעל מיט מיליאנען פרייליכע אויגען. דער הימעל ווייסט, אז איך בין נישט פעראירט, נישט פון דער שטאדט, נישט פון טאטענס הויז; אז איך ווייס, וואו איך בין, וואו אהין איך געה און וואס איך מוז טהון!

איך מוז ארויף אויפ'ן שפיץ טהורם, איך מוז וויססען דען אמת! —

אזוי האט מען מיך אין חלום געהייסען!

---

וואונדערליכע מעשיות דערצאהלט מען וועגען דעם טהורם; איינע שענער פאר דער צווייטער.

טהייל זאגען, אז דא איז אמאל געשטאנען א שטאדט און א פעסטונג; א שטאדט א גרויסע, נאך גרעססער אלס בגדד, און א פעסטונג, וואס האט געוואָרפען א דיקקען, שווערען שאטטען פון איהרע מויערען איבער שטאדט און לאנדער... דער טהורם איז געשטאנענען אין דער מיטט פעסטונג, און ביים שפיץ פון טהורם איז געוועזען א באלקאן, אויף וועלכען עס איז ארומגעגאנגען א וואך.

איינמאל האט זיך א פיינד פערגנב'עט צו דער פעסטונג, און דער וואכטער איז געשלאפען און האט נישט בעמערקט; קיין סיגנאל געגעבען, דאס פאלק נישט

געוועקט! דער שונא האָט איינגענומען די שטאָדט, אויסגעקוילעט דאָס פאָלק, איינגעוואָרפען די פעסטונג.... צום וועכטערס שטראָף איז דער טהורם געבליבען... נאכט פאר נאכט געהט ער ארום אין דער הייך, ביז ער ווערט מיעד, שלאָפט איין, און,האפּט זיך אויף און זעהט ווי מען קוילעט זיינע ברידער. דאן לאָזט ער ארויס א שרעקליך געשריי און וואַרפט זיך אראָב פון טהורם... דערנאָך קוממען שדים, נעהמען איהם צו און שטעללען איהן ביי דער נאכט צוריק ארויף אויפ'ן טהורם....

אנדערע זאָגען, אז עס איז געוועזען א טהורם פאר שטערנזעהער; פאר אזוינע כשוף־מאכער, וואָס האָבען מיט אָפּפענע אויגען געקוקט אין הימעל אריין און ארויסגעלעזען יעדענס גזר־דין. און יעדען. פאר סלייז געלד. געזאָגט, וואָס עס איז איהם בעשעט!

ווער עס האָט געהערט, געגלויבט, און, אויב א שלעכטער פסק, תשובה געטהון, מה טוב; אָדער ער איז געשטאָרבען א בעל־תשובה, אָדער מען האָט איהם פּראָלאָנגיערט נאָך אויף א צייט; ווער עס האָט נישט געגלייבט האָט טאַקי א מאוס׳ סוף געהאַט...

איינמאָל האָבען די מכשפים געשיקט א שליח מיוחד מודיע זיין דעם כליף, אז זיין צייט איז געקומען, אז מען רופט איהם אויף יענער וועלט... זיי האָבען מורא געהאַט, ער זאָלל נישט שטאַרבען אָהן א צוואה, וועמען ער גיט איבער ד׳ קרוין... די 1000 זיהן פון עטליכע הונדערט ווייבער זאָללען נישט צעררייסען די מלוכה ווי איין אַלטען מאַנטעל...

דער פרומער כליף האָט געגלויבט. דריי טעג און דריי נעכט האָט ער געפאַסט, אָבגערייניגט די נשמה פון זינד, צוטהיילט די מלוכה בשלום צווישען אַללע פרומע קינדער, און, מוכן ומזומן לחיי עולם הבא, האָט ער געהייסען אויסקוילען אַללע מכשפים; אָהן זיי ווילל ער זיך אין גן עדן נישט ווייזען; אָהן זיי וועט ער דאָרט נישט קעננען קיין מויל עפענען. ער קענן זיך בלאַמירט מאַכען מיט וואָס עס איז פאַר נאררישקייט...

נאָכען טוידט האָט מען דען כליף געקריינט מיט'ן נאָמען „חכם". אזוי רופט מען איהן אין אַללע געשיכטע־ביכער ביז היינט, נור דער טהורם פאר שטערנזעהער איז לעער געבליבען ביז'ן היינטיגען טאָג...

די מכשפים, וואָס מען האָט נישט געקוילעט, זענען ענטלאָפען אין מדבר אריין; און מענשען און קליפען לעבען, נישט וויססענדיג, וואָס מאָרגען וועט זיין... זעלטען איינער טהוט תשובה פאר'ן טויט....

נאָך אנדערע זאָגען, אז דאָס, וואָס אויבען איז געשטאַנען איז „נישט געשטיי־גען, נישט געפלויגען". דען אמת ווייסען זיי...

דאָ ליגט נמרוד, דער גרויסער יעגער נמרוד, בעגראָבען.׳. דער גרויסער יעגער נמרוד, פון וועלכען מען רעדט אין בראשית, פאַר וועלכען אַ וועלט האָט גע־ציטטערט!

אַז ער האָט דערפיהלט, אַז עס געהט זיין עקק, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, ער מוז שטאַרבען שטעהענדיג אויף די פיס. ער האָט נאָך געחאַפּט אַ שטיינערנעם טהורם אונ אָנטהון ווי אַ קיווער אויפ׳ן קאָפּף, מען זאָלל איהן אין הימעל דער־זעהען! מען זאָלל זעהען, ווי נמרוד שטאַרבט, שטעהענדיג אויף די פיס, אָה, פחד!

שטעהענדיג, איז ער ווירקליך געשטאָרבען, דאָס לייב איז פערשטיינערט גע־וואָרען אונ האָט אָנגעהויבען איינזינקען אין דער טיעף.

טויזענדער יאָהר זינקט ער שוין אונ דער קיווער שטעהט נאָך איבער דער ערד!

מאָדליך אונ יונגע ווייבליך דערצעהלען פון טהורם נאָך אַ שענערע מעשה... אַ בת מלכה שלאָפט אין טהורם... אַ גאָלדענע שטוב איז דאָרט פערהאַנן, אַ גאָלדען בעט שטעהט אין שטוב, אונ אַ גאָלדענע בת מלכה שלאָפט אין גאָלדענעם בעט.

אַ כשוף האָט מען איהר אָנגעטהון, ווייל זי האָט קיין אַלטען מאַנן, וואָס טאַטע־מאַמע האָבען איהר געגעבען, נישט געוואָלט... פון ליעבע, ריינער ליעבע, האָט זיך איהר געחלומט!

אונ שלאָפען וועט זי אַזוי לאַנג, ביז איהר אויסלייזער וועט קוממען, דאָס וועט זיין אַ פרישער, אונשולדיגער יונגער מאַנן מיט אויגען ווי ברילאַנטען אונ אַ גבורה פון אַ ריעז...

ער וועט אַרויפגעהן, וועט זי דערזעהען אונ צוריהרען זיך צו איהרע ליפּען אַזוי אונשולדיג ווי אַ ברודער, וואָס קושט זיין אייגענע שוועסטער...

פון דעם ריינעם קוש וועט זי זיך אויפחאַפּען... דער כשוף וועט פערשווינ־דען, מען וועט אַ חופּה שטעללען, אַ סעודה וועט זיין אונ נדן וועט דאָס פאַר פאָלק בעקוממען — אחשורוש עם מלוכה!



גלה וויים!

צו איז דאָס אַלץ אויסגעטראַכט אונ דער טהורם איז לעער?

מיין רבי, יוסיל דער פלוסוף זאָגט: הבל הבלים... נאַרראָנים פערציילען, נאַרראָנים גלייבען!

מיין חבר שמעיה, דער בטלן, מיינט, אַז די מעשה׳ליך זעננען נור שאָלען, וואָס האָבען אינגערווייניג אין זיך אַ בעהאַלטענער אמת... מען דאַרף נור קאָננען

אָפֿפּענען די שאָל, וועט שוין דאָס קאָרנדיל־אמת אַרוים...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס האַרץ בײַ מיר קלאַפּט, די פּיס וואַקלען זיך... איך וויל אַרויף אויפ'ן טהורם, איך מוז! נאָך קינדווייז איז דער טהורם מיין פֿערלאַנג, מיין חלום געוועזען... איך טראַכט פֿון איהם, זיצענדיג ביים ספר ביי טאָג, ליגענדיג מיט אָפֿפענע אויגען ביי נאַכט...

עס רופֿט מיך, עס ציהט מיך... איך וויל, איך מוז!

„איך וויל און איך מוז!" צווייזייטיג איז אַלץ! צווישען מיר און דעם טהורם וועבט זיך אַ געהיימער פֿאָדעם. ער וועבט זיך יעדע רגע דיקקער און קירצער... און — אַז דער טהורם שטעהט, מוז איך צו'ן איהם געהן...

ער וויל נישט; איך קאָנן וועללען, — מוז איך!

וואָס דען שרעק איך מיך?

---

אויפ'ן ערשטען שטאָק...

איין אונגעהייער צימכער, נור לעער, פֿינסטער... אַ פֿענסטער אין וואַנד... דורכ'ן פֿענסטער פֿאַלט פֿון דרויסען אַריין אַ בונדט ליכט און בעלייכט די טרעפּ געגענאיבער: די טרעפּ, וואָס פֿיהרען האָבער אַרויף...

אַלץ אַרום איז פֿינסטער, ליכטיג זעננען נור די טרעפּף...

לעער! איך געה אַרום און שלאָג מיר אין גאָר נישט אָן, קיינער שטעהט מיר נישט אין וועג; אויסער די וואָנד... קאַלטע, פֿייכטע, גליטשיגע וואָנד... וואָנד האַרטע, פֿעסטע... אָהן אַ ריץ, אָהן אַ מינדסטען שפּאַלט... נישט קיין נאָגעל אַריינצושטעקקען...

איך געה צום פֿענסטער... גרוים איז עס און ברייט. איך קוק אַרוים און זעה מעהר אַלס פֿריהער, ווענן איך בין אונטען געשטאַנגען... גרעססער און ברייטער איז דאָס פֿעלד מיט די זאַנגען, צווישען וועלכע איך בין געשטאַנגען...

און זיי ריהרען זיך, די זאַנגען, שאָקלען מיר צו מיט די קאָפּף...

וואָס האָט איהר מיר צו זאָגען, זאַנגען? וואָס ניקט איהר מיר צו מיט די קאָפּף? און אָפּשר נישט איהר שאָקקעלט אייך, נור אַ לייכט ווינטעל בלאָזט און בייגט אייך רעכטס און לינקס?

מיך טרייבט אויך עפּיס, נור נישט אין די זייטען... אַרויף טרייבט עס, אַרויף און אַרויף...

וואָס איז דאָס, וואָס בעוועגט אונז, וואָס שאָקקעלט מיט אונז, וואָס יאָגט אונז?

נישט איהר ווייסט, נישט איך... נישט מיר וועללען וויססען?

זיי שטעהען שוין די זאַנגען... צו האָב איך זיי איבערגעשראָקקען?

אָט זעה איך פון וויימען מיין שטאָדט, מיין בגדד... איך דערקענן צווישען די הייזער אונזער הויז...

דער טאַטע איז שוין אַהיים געקוממען... געוויסס... ער וואַשט זיך און עסט זיין אָבענדברויט... די מאַמע זיצט איהם געגענאיבער... לעזט איהם פון די אויגען, צו עס שמעקט איהם... צו געזונד זאָלל איהם זיין, ציטטערן איהרע ליפּפּען... מיין קליין שוועסטערל, מיין שאָן שוועסטערל, גראַבעלט זיך אויפ׳ן טאַטענס קניע, און בלייבט פערוואונדערט, וואָס איך בין נישט דאָ און העלף איהר נישט, ווי יעדעס מאָל... דער טאַטע ווערט אויך אונרוהיג... נאָכ׳ן ערשטען ביססען פרעגט ער שוין אויף מיר... ער דערמאַנט מיין נאָמען... דאָס איז גענוג, די מאַמע זאָלל זיך רייטלען פאַר נחת... ער זיצט דאָרט און לערנט... ער לערנט צוזאממען מיט שמעיה בטלן ביי יוסיל פילוסוף... אַח, זי זאָלל וויססען, זיי זאָללען וויססען, וואו איך בין אַצונד!

איך ווער עפּיס טרויעריג, אונזיכער, נור די שטיממע רופט פון דער הייך:

— קום! קום!

דאָס איז זי, די שטיממע! איך האָב זי נישט איינמאָל אין חלום געהאָרט, אין די זיסטע, קינדערישע חלומות...

ווי זיסס זי איז, די שטיממע, דאָך „איך היים!" קלינגט עס אין איהר... איך היים...

וו ער הייסט?

— קום!

רופט עס וויימער און איך געה...

---

וויימער אַ צימממער, נור שמאָלער און קלענער פאַר יענעם... וויימער אַ פענסטער נור אויך קלענער פאַר יענעם, און די ליכט פאַלט אויך נישט אויפ׳ן צימממער, נור געגענאיבער, אויף די טרעפּפ, וואָס פיהרען וויימער, האָבער...

אין צימממער איז, אויב עס מעגליך, נאָך לעערער, נאָך פינסטערער, נאָך אונהיימליכער... די וואָנד — פייכטער, קאָלטער און פעסטער... אין אַזאַ וואַנד איז זיך לייכט דען קאָפּף צו שפּאַלטען...

האָבער בין איך דאָך! איך קוק פון פענסטער אַרויס און זעה מעהר, זעה וויימער... ברייטער און לאַנגער איז געוואָרען די געגענד... אַ נייער טייך, איך האָב׳ען פריהר נישט געזעהען... נייע ביימער, אַ נייער וואַלד... פאַר מיר ניי... פאַר די, וואָס וואָהנען דאָרט, איז עס אַלט...

איך הייב די אויגען אויף אין דער הייך — אַ גרעססער שטיק הימעל — נאָך אַ שטיקק וואָלקען, נייע שטערען ...

איך פֿריי מיך נישט דערמיט, נור שטאָלץ ווער איך... דאָס אַלץ זעה איך...

פּלוצים שטעלט זיך פֿאַר מיר אַ שאָטטען... איך דערקענן איהן — שמעיה בטלנס שאָטטען איז עס!

— וואָס ביסט דו אַזוי גרויס ביי זיך? לאַכט דער שאָטטען. דו זעהסט מעהר, נור — צו זעהסט דו בעססער? צו זעהסט דו טיעפֿער? און זאָלסט שוין אַרויף אויפֿ'ן שפּיץ טהורם, גאָר נאָהנט צו דער שטערן, וועסט דו בעססער אָדער טיעפֿער זעהען?!

אייביג וועט זיך דיין בליק גליטשען איבער די זאַכען, פֿון אויבען גליטשען, נישט אַריינדרינגען אין עצם פֿון דער זאַך...

ער געהט זיך זיין וועג, שמעיה... ער גלויבט, אַז יעדע זאַך אין דער טבע האָט זיך זיין אייגענע נשמה — אַ מענש, אַ טהיר, אַ געוויקס, אַ שטיין, אַ קאָרנדיל זאַנד... נור נישט אַללע נשמות זעננען גלייך לעבענדיג און וואַך... דאָס רוב שלאָפֿט אין האַרטע גופים און עס פֿאַלט אויף זיי נישט קיין טהוי פֿון לעבען, עס זאָלל זיי אויפֿוועקקען...

וועקט זיך אָבער אַ נשמה, קאָנן פֿון איהר ווערען אַלץ, אַלץ—דאָס שאָנסטע און דאָס בעסטע...

קעננען, זאָגט שמעיה, דאַרף מען נור איין נשמה... אַ נשמה, פֿון וואָס עס איז פֿאַר אַ זאַך... אַז מען קענן איינע, קענן מען אַללע... וואָרען אַללע נשמות זעננען בטבע גלייך, זיי זעננען נור וואַך און אויפֿגעלעבט נישט אויף איין מדרגה...

די נשמה איז דער תוך פֿון דער זאַך... דען תוך אָבער זעהט מען נישט מיט בלויסע אויגען... דערצו דאַרף מען געוויססע בריללען... עס זעננען פֿערהאַנ־נען אַזוינע בריללען, דורך וועלכע מען זעהט נשמות...

וואו געפֿינען זיך די בריללען?

אין אַ הייל... אין אַ הייל אונטער ירושלים... אין איין אייזערנען קאַסטען מיט אַ קופּפֿערן בעשלאָג און שטאָהלערנע שלאָססער, ליגט איין אַלטער כתב יד, פֿון כתב יד קאָנן מען אַרויסנעמען אַ שם המפורש צו אָפֿפֿענען איין אַנדערע הייל נעבען טייך גאַנגעס, נעבען גן־עדן, אין חינא... אין יענער הייל ליגען די בריללען. נור די הייל איז בעוואַכט מיט לייבען, עגדיססען און ברעננענדיגע שלאַנגען.

צוקוממען צו'ן איהר אָהן שם המפורש, קאָנן נישט קיין לעבענדיגער מענש!

שמעיה'ן פֿעהלט נור אַ קלייניגקייט... אויף קיין טהורמען וועט ער נישט קריכען, נישט איז דער הייך שטעקט עס, נישט אין הימעל איז עס... ער דאַרף

גאַר אַ קליינינקייט, אַ שליסעלע צום קאַסטען אין דער ערשטער הייל... די רעשט וועט זיך שוין מאַכן...

אונ דאַס שליסעלע וויל ער בעקוממען דורך תעניתים... גאַנצע וואָכען פאַסט ער... דורך סגופים: אין שניי, צווישען מילבען וואַלגערט ער זיך, — האָטש יאָסיל דער פילוסוף לאַכט אויס׳ן אונ אויס אַללע שליסעלעך... ער זאָגט, אַז דער עיקר איז דעם מענש׳ס נשמה... אין איהר שטעקט אַלץ, מען דאַרף זי לאָזען קלערען אונ קלערען, זי וועט אַלץ דערגעהן...

מען דאַרף זיך הייבען אַרויף, נישט לאָזען אַראָב; נישט פאָהרען ווייט... נור זעטצען זיך אין אַ שטילל ווינקעלע אונ קלערען, לאַנג קלערען, אייביג קלערען...

— אַוועק! איך האָרך אייך ביידע נישט! איך וויל זעהען, זעהען מיט מיינע אייגענע אויגען, אָהן פרעמדע ברילען...

זעהען וויל איך, בעטראַכטען, נישט קלערען אונ אַריין אין אַ שגעון...

— קום! רופט דערווייל די שטיממע פון דער הייך אונ איך געה...

אונ וואָס האָבער איך קום, קלענער ווערען די צימער, קלענער די פענס-טער, אָרימער דער שטראַהל, וואָס פאַלט פון זיי אויף די טרעפ געגענאיבער... נאַססער אונ גליטשיגער ווערען די וואַנד...

פאַר דאָס זעה איך אַלץ מעהר, אַלץ ווייטער אונ ווייטער...

די פינסטערניש אין צימער ווערט, וואָס האָבער, אַלץ געדיכטער, אונ לעגט זיך מיר ווי אַ שווערע לאַסט אויף דער ברוסט... איך אָטהעם קוים... דאָס בלוט אין די אָדערן שלאָגט פאַר שרעק... איך מוז מיך דעריבער איילען צו די פענסטער... נור שמעיה׳ס שאָטטען יאָגט מיך נאָך. קוים שטעלל איך מיך אָב אויף אַ רגע, געהט ער צו, רוימט מיר אין אויער:

— גענוג, גענוג געהויבען זיך! קום אַראָב! אַ שוואַך יונגעל ביסט דו, האָסט שוין קיין קראַפט נישט, געשוואָללענע פיס האָסט דו... נישט פאַר דיר איז עס, נישט פאַר דיין כח... איך וואָלט אויך נישט געקאָנט... בין אַלליין נישט געקוממען, נור מיין שאָטטען צו דיר געשיקט... קום... אין בית המדרש האָב איך איין אַלט ספר געפוננען... אין קאַסטען פון שמות געפוננען... סודות גרויסע שטעהען דאָרט, קום, מיר וועללען זיי לערנען צוזאַממען...

— קום! רופט די שטיממע...

אונ איך לאָז איבער מיין חבר׳ס שאָטטען...

איך ווער דאָך באָז.

— ווער רופט מיך? ווער האָט עס מיר צו בעפעהלען? מיר זעננען די פיס געשוואָללען, אָטהעם פעהלט, אונ עס רופט אונ רופט, אַללע מאָל געדיכטער, אַללע מאָל שאַרפער!

אַלץ האָבער רופט עס און האָבער, קיין רגע רוה, קיין פרייע רגע...

— שמעיה׳ן גלויב איך, שמעיה׳ן! איך וויל איהם גלויבען!

צונד בעוויזט זיך מיר יוסיל פילוסופ׳ס שאָטטען... דער שמייכעלט:

— אַז דו גלויבסט, וואָס אײלסט דו אַלץ וויטער און האָבער! ווער נייט דיך? דו ווילסט פאָרט זעהען, זעהען מיט אייגענע אויגען... קאָנסט דו דיך נישט גובר זיין? דיך אַליין בעהערשען...

— האָבער! רופט די שטיממע. איך געה, אַלץ האָבער און האָבער, און אין הארץ קאָללערט זי אַרום ביי מיר אַ לאָבערליכער געדאַנק: זיך אַליין גובר זיין! בעהערש דו דיך אַליין!... ווי פלאָנטעט מען אויף אַזאַ פיין קניפּל?

און בשעת מעשה קלינגט מיר אין די אויערן שמעיה בטלנ׳ס שטיממע:

— און אַז דו וועסט שוין זעהען נאָך וואָלדער און פעלדער, נאָך טייכער, נאָך ערד... און אַז דו וועסט שוין זעהען נאָך טויזענדער שטערן, נאָך שטיקער וואָלקען... נאָך הימטעל, וועט דיר גענוג זיין? די זאַכען זעננען אַרום דיר און מיט האָבער קומסט דו צו זיי נישט נאָהענטער... זיי רינגלען דיך אַרום, דו ביסט די מיטט, אַרום וועלכער אַלץ שטעלט זיך אין ראָד... און מיט האָבער און נידריגער וועסט דו קיין קאָ־נדיל זאַנד נישט נאָהענטער קוממען!...

און פון דער הייך, אַז דאָ קוקסט אַראָב, צו זעהסט דו עפּיס? וואָס האָבער, דיר דאַכט, דו ביזט, קלענער ווערען אונטען די צייכען, וועניגער זעהסט דו...

איך לויף צו און קוק אַרויס פון פענסטער — וואו איז בגדד, וואו מיין טאַטענס הויז, וואו מיינע גאַססען, מיינע חברים, מיין בית המדרש — די מייניגע אַללע?

פינטאַליך זעה איך... זיך גלייכע, אויסגעמישטע פינטאַליך... און—זיי וויללען מיר אויך פערשווינדען... אַליין וויל איך גלויבען... וואָס האָבער — עלענדער, איינזאַמער...

— וואו אַהין אייל איך מיך?

— קום!

שרייט אַלץ אין איינעם די שטיממע...

---

איך דערהאָר אַ געוויין... אַ היימיש האַרציג קול וויינט... צו איז נישט דאָרט עמיץ פון מיינע געשטאָרבען... אַ ברוננען איז דאָ אויפ׳ן הויף, צו איז נישט מיין שוועסטערל אַריינגעפאַללען...

איך האָר שוין דייטליכער:

—קינד, קינד מיינס, — וויינט דער מאַמעס קול — וואָס טהוסט דו, דו שפּילסט מיט׳ן לעבען... אויפ׳ן שפּיץ טהורם שטעהט דער וואָכטער, טייטען וועט ער דיך?

ברודער׳ל, ברודער׳ל מיינס! ענטלויף! דאָרטען זעננען מכשפים, זיי וועל'ען דיר אַ כשוף אָן טהון, וועסט מגולגל ווערען אין אַ קאַץ!

— אַרונטער! בייזערט זיך דער טאַטע, נמרוד וועט דערהאַרגען, אַז דו קריכסט איהם אויפ׳ן קוואַר, ער וועט זיך אַ ריהר טהון, פערפאַלסט דו אין כּף־הקלע...

און אַז איך פאָלג נישט —

— אָה! די בת מלכּה ציהט דיך! הולטיי איינער — די בת מלכּה...

— קום! רופט ווייטער די שטיממע, און איך געה מיט אַ צעריססען הערץ.

אויף שטיקקער רייסט זיך דאָס הארץ. — ווען וועט זיין אַ סוף?

עפּיס בליצט אין דער לופט... אה! אַ שפּיגעל! מען האָט מיר אַ שפּיגעל פאַר די אויגען געהאָנגען...

דאָס בין איך?

דאָס ליימיגע גערינצעלטע פּנים, די מיעדע, האַלב אויסגעריננענע אויגען, די ווייסע גראָהע האָהר... דאָס איז דער סוף?

— געוואַלד! אָנטפּערן מיר אַללע מיינע מיעדע גלידער...

— אַזוי איז... אַקצענטיערען די פּיס...

— אַזוי! בלוטיגט דאָס הארץ.

איך רייס מיך מיט שרעק אַוועק פון שפּיגעל און וויל ווייטער לויפען... אַלץ פערלוירען! דען שפּיץ טהורם מוז איך דאָך דערגרייכען, מיט׳ן לעצטען טראָפּען בלוט, מיט׳ן לעצטען אָטהעם דערגרייכען...

— אַראָב! שרייט פּלוצלינג אַ שטיממע, די זעלבע שטיממע...

— איך געה נישט אַראָב! שריי איך פערצווייפעלט...

— ווער עס געהט נישט, פאַלט!

און איך קאָללער מיך אַראָב...

## 2.

איך בין זיכער, אַז קיינער האָט דעריננען קיין טעות נישט געהאַט; צו אַללע האָבען פערשטאַנגען, אַז איך פערצאָהל אַ חלום פון מיינע קינדער יאָהרען...

און, אויב עמיצער האָט אַ טעות געהאַט, איז אויך קיין אונגליק נישט... וואָס איז אַ חלום? אַ חלום טראַכט נישט אויס, ער בינדט נור צוזאַממען... שטעלט איבער, דרעהט אויס; נעמען נעמט ער אַלץ פון לעבען... וואָס שאַדט, אויב ער פאַרבט אַ מאָל שאָנער, מאָהלט פאַנטאַסטישער?

און ווער, באמת, ווייסט די ריכטיגע גרעניץ צווישען חלום און לעבען?
נאָך איך נאָך אַ מעשה צו נאָך אַ חלום, נעמט עס אָן, ווי איהר ווילט...

---

דעמאָלט בין איך שוין געוועזען אין די מיטעלע יאָהרען... נור נישט אין דער היים... איך האָב גלות געליטען... געחלומט האָט זיך מיר שוין אויף פרעמדע בעטטען, וואו פרעמד אימפּלוס האָט מיך געביססען און קיין שום חלום נישט געלאָזט זיך אָרענטליך ענדיגען...

איך בין אַרויס פון די קינדער־שוך, פון כּליפּען־לאַנד... אויס עוונו׳בען, קעבס־ווייבער, כּשוף־מאַכער, אויס נמרוד מיט זיין קיווער, אויס בת־מלכּה׳ס, וואָס פערגנבינען זיך אַמאָל מיט אַ שטראַהל פון דער לבנה אין לעער הארץ אַריין...

אַ מענש אין גלות בין איך; איך אַרבייט, פיהר „מלחמה פאַר׳ן לעבען", פאַר מיר, פאַר ווייב און קינד!

אויס חלומות!... דאָס לעבען, דאָס ווירקליכע לעבען איז צו שטאַרק, צו איינדרינגליך, עס זאָלל בלייבען פּלאַץ פאַר חלומות... קינדער אין וויעגען חלומט שוין נישט...

און אָבענדצייט איז עס געוועזען, אַ שאָנער אָבענד, און איך בין מיר פאַר׳ן הויז אין גאָרטיל געשטאַנגען.

אַ ווינדערליכע צייט געוועזען...

צו מיטטאָג האָבען זיך אויפ׳ן הימעל צוזאַממען געקליבען לייכטע, זילבערנע, דיננע נעפּיל, וואָס האָבען זיך ווי אַ ווייס טישטוך צוזאַממען געהעקעלט... ליכטיגע, פיין־ליכטיגע טראָפּען זעננען געפאַללען...

צונד האָט אויפגעהערט דאָס טריפען, די זונן געהט אונטער און די לייכטע נעפּיל שווימען איהר נאָך...

די זונן געהט אונטער, דאַרף טונקעלער ווערען; די לייכטע נעפּעל צו פליהען זיך אָבער, ווערט ליכטיגער —

עס בלייבט שטעהען... נישט ליכטיגער ווערט, נישט טינקעלער... עס האָט זיך ווי אָבגעשטעלט! די צייט שטעהט, דער אומרוה פון וועלט־זייגער איז שטעהען געבליבען!

די ביימליך אין גאָרטען ווינדערן זיך... די בלומען אין גראָז ווייסען נישט, וואָס מיט זיך צו טהון... אָפּפּענען זיך נאָכען רעגען. פערוויקלען זיך פאַר דער נאַכט?

איך שטעה דערשראָקקען.

און וואָס וועט זיין אויב דער פּאָדעם, וואָס בעוועגט אַללעס האָט זיךווירקליך אָבגעריססען? אויב איך בין אויף'ן גרעניץ פון דער צייט, עס שלאָגט אוים איהר לעצטע סעקונדע! דאָס, וואָס עס איז, וועט שוין דויערען אייביג, נישט פעראָנדערן זיך, נישט אויפהערען... אַלץ וועט פערגליווערט, פערשטיינערט ווערען, אַלץ וועט בלייבען אין דער זעלבער פאָרם!

דער אָקס מיט דער רויטער צונג, וואָס ער האָט אַרויסגעשטעקט צום גראָזיל... ער וועט עס נישט דערגרייכען...

דער אָדלער, מיט'ן קינד, וואָס ער האָט אין די נאָגעל, וועט בלייבען הענגען אין דער לופט, און די מוטטער, וואָס קניעט אויף דער ערד, פערשטאַרט פאַר שרעק, וועט שוין בלייבען אַזוי קניען... דאָס געשריי פון קינד און פון דער מוטטער פערפריערען אויף אייביג אין דער לופט!

געבויגען אונטער אַ לאַסט, וועט פערשטאַרט ווערען דער טראָגער, ער וועט קיינמאָל נישט אויסגלייכען די פּלייצע... דער טראָפּען שוויים, וואָס האָט זיך איהם געלאָזט פון שטערן, וועט נישט דערגרייכען דער באַקק; בלייבען וועט ער שוין הענגען איבער דער ברעם...

איין אַלטע מויד וועט בלייבען ביי די קאָרטען, וואָס זי וואַרפט זיך; דער „אייבער" וועט איהר שוין קיינמאָל נישט אַרויס...

דער, וואָס קניעט פאַר אַ פרעמד ווייב, וועט שוין נישט אויפשטעהן, דער קוש, וואָס זי טראָגט איהם אַ קעגען, בלייבט שוין אין דער לופט, און דער מאַן, וואָס לויפט צו מיט מעססער, וועט ביידע נישט דערגרייכען...

אַ קינד האָרחעלט אין וויעג, דיפטעריט... עס וועט נישט שטאַרבען, נור אייביג האָרחלען... דער קראַמפּ וועט פון פנים, פון דער מוטטער וואָס קניעט ביי דער וויעג נישט אַראָב...

די אַלטע זאָק-פליקקערן בלייבט מיט דער נאָדעל אין איין האַנד, מיט'ן פאָדעם אין צווייטען...

דער מאָרדער אין וואַלד מיט'ן בילד פון קרבן אין די אויגען!

און די טויטע וועללען שוין נישט אויפשטעהן, די לעבענדיגע — נישט שטאַרבען... אַלץ וועט זיך איינציהען און אַזוי פערכשופט ווערען אין איין סעקונדע — די אַלטע בילדער פון שרעק, פון פערצווייפלונג, פון כעס, רציחה, רחמנות, געבעט... שוין אויף תמיד!

אייביג נחת, אייביגער צער, אייביגע פרייד, אייביגע מאַרטורען...

— געה!

האָר איך פּלוצים אַ שטיממע...

נישט וויללענדיג ריהר איך מיט אַ פוס, און אַלץ הייבט אָן אַרום מיר צו געהן...

ווייטער לעבען, ווייטער שטאַרבען...

---

איז דאָס אויך געווען אַ חלום?
ווי עס איז, די שטימע האָב איך דערקאָנט!
די זעלבע שטימע וואָס האָט מיך דעמאָלט גערופען...
— געה! הייסט זי...
— וואו אהין? ווי לאַנג?

---

3.

אַלט בין איך צונד און זעה אויס ווי דעמאָלט אין שפיגעל...
די געשוואָללענע פיס ווילען מיך שוין נישט טראָגען... נישט אויפ'ן טהורם;
איך האָב שוין לאַנג מיין גאָרטיל, מיינע בלומען נישט געזעהען...
אייזערנע בלומען, קברים בלומען קוממען מיר צו חלום...
פערגעססען פון אַללע, עלענד, צוגעשלאָגען צום בעט...
אונטער די וואַנד פון מיין הייזעל שטורמט און זיערט ווייטער דאָס לעבען, נור מ י י ן לעבען איז עס שוין נישט...
רייסט זיך אַמאָל צו מיר אַריין אַ קול, פערשטעה איך שוין די וואָרטער נישט... איך פיהל שוין נישט אין וואָס עס געהט...
איך בין אויך אין קריעג געוועזען, אפילו אַנפיהרער געווע'ן... ניט איינמאָל אַ פאָהן געטראָגען אָדער מיט דער שפּיץ שווערט אויפ'ן שונא געוויזען...
און היינט?...
מיין אָבגעשוואַכטער קאָפּף געדענקט שוין ווענינ פון די אַללע זאַכען... איך ווייס שוין נישט צו מיר האָבען געזיעגט, צו דאָס פעלד געריינינגט...
צו געדענקט מיך נאָך עמיץ דאָרט? געוויסס נישט; איך האָב זיי אויך פערגעססען!
אין האַרץ ביי מיר, אין אַלטען האַרץ, שיממערט נאָך אַ קליין פלאַממעל; אַ ליכטעל צאַנקט, נור עס האָט שוין קיין קראַפט נישט צו פערטרייבען די קאַלטע, שווערע שאָטטען, וואָס לעגען זיך מיר אויף דער נשמה...
דורך דען מח פליהען אַמאָל אַלטע שאָטטען; איך פערשטעה זיי שוין נישט... איך פערשטעה נישט, ביי וואָס איך האָב אַמאָל געוויינט, פאַר וואָס איך האָב אַמאָל געלאַכט...

די אויגען מיינע זעננען פערמאכט אויף אייביג, נור די אויערן זעננען נאך אויפגעשפיצט...

וואס האבען זיי נאך צו הערען?... דאס געררויש פון לעבען פערשטעה איך שוין נישט...

נור אפפען זעגען זיי, ווייל נאך איינמאל, דאס לעצטע מאל רופען, וועט מען מיך... אונ דאס זעלבע קול וועט רופען... איך שפיער שוין די שטיממע אונ דאס בלוט פריהרט דערפון אין די אדערן!

אהא! עס רופט!

— ווער ביסט דו, וואס רופסט?

— איך געה! איך פאלג, ווייל איך מוז! נור ווער ביסט דו, נאך וואס דארפסט דו מיך?

— צו בין איך נור דיין ווערקצייג געוועזען, דיינע צוועקקען געדיענט אונ צונד, אז דו דארפסט מיך מעהר נישט, מוזט דו מיך צערשמעטערן?

— איך האב אפילו קיין רעכט נישט צו פראגען: צו וואס איך האב דיר גענוצט?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

# אין פליגעל פאר משוגעים.

א רופא צו א חולה?

א שפיטאל איז א וועלט פאר זיך, איין אבגעשלאססענע וועלט. עס האט נישט אזוי פיעל נפשות ווי איין אנדערע מדינה, עס שפאלט זיך נישט אויף פאלקער מיט פערשיעדענע רעליגיאנען אונ פאליטישע סיסטעמען; עס האט דאך פארטייען. יעדע פארטיי האט איהר קרענק, איהר אבטהיילונג, איהרע וואכטער, איהרע פעלטשער אונ דאקטארען וואס גיבען אכטונג, מען זאל זיך נישט מישען, ווייל די קרענק זעננען אנשטעקענד, ווענינגסטענס, פיעל פון זיי.

אונ עס זעננען פערהאנען אפטרופסים, וואס היטען די ארדנונג; תקנות אויף יעדען שריטט אונ טריטט, מיט א גאנצער קאדעקס, פולל מיט עצות טובות אונ אלערליי שטראפען פאר ניט הערען, ניט פאלגען... ווארען טאקי — טאמער ווערט א משוגענער שווינדזיכטיג אונ א שווינדזיכטיגער משוגע?

מאנכע זענען נאך נישט צופריעדען פון דער ארדנונג. בעזונדערע הייזער דארפען זיין, געמויערטע צוימען ארום די הייזער, גריבער מיט אנגעלאזט וואסער ארום די צוימען... מען וואלט עס געמאכט, ווענן עס זאללען געווען דערויף די „נדרים ונדבות", וואס מען נעממט ביי בעלי־בתים. אונ דא ווערען זיי וואס אמאל ווייניגער די נדרים ונדבות, — שלעכטע צייטען.

אונ דעריבער טרעפט מאקי, אז א קראנקער האפט זיך אריבער אין א פרעמדע פאלאטע. דערפון קוממען פערש'עדענע מגפות, רחמנא ליצלן.

ערשט נישט לאנג איז דאס גאנצע שפיטאל אוועק געפאללען אויף א הונגער־מגפה; פון אללע בעטען, פון אללע נוממערן האט זיך געהערט איין געשריי: ברויט, ברויט.

די גראסטע ארדנונג איז דאך ביי די משוגעים. מאנכע האלט מען אויף קייטען, אנדערע נור אין בעזונדערע, אבגעשלאססענע נוממערן.

נור די „שטיללע" האלט מען צוזאממען. מען האט אויף זיי איין אויג, א שארף אויג, נור, מכלומרשט, פריי זעננען זיי.

איך רעד פון די מאננער, ביי די ווייבער בין איך נישט געוועזען.

אונ ווי קאמיש די מאננער זעננען... אז מען זאלל אונז — זאגען זיי — לאזען לעבען צוזאממען מיט די פרויען, וואלטען מיר זיך במשך פון א צוויי־דריי דורות אזוי געמעהרט, אז מיר וואלטען מעהר געוועזען פאר די מיושב'ע אונ מיר וואלטען זיי איינגעזעצט אין שפיטאלער, זיי מיינען עס גאנץ ערנסט.

אז מען לאזט זיי אמאל ארויס שפאצירען אין גארטען (א קליינע אלעע פון צוויי שורות ביימער) געהען זיי א פאר מאל אויף אונ אב, דערנאך זעצען זיי זיך אויס א שורה ביי דער וואנד, וואס טהיילט זיי אב פון די ווייבער, אונ קלאפען מיט די שפיץ־פינגער אין וואנד אריין.

„ליב פילאזאף", וואס זאגט, אז צווישען מאננער אונ פרויען איז דער אונטער־שיעד נור אינ'ם נאמען, רעדט דאך אן דען עולם, מען זאלל קלאפען מיט די גאנצע האנד אונ איינוואַרפען די מויער.

יוחנן מלמד אבער ראטה, מען זאלל נישט נאכגעבען דעם יצר הרע, מען זאלל ווארטען ביז ראש השנה.

— אונ ראש השנה וואס וועט זיין?

ראש השנה וועט דער משוגענער עולם דאווענען, יוחנן מלמד — שופר בלאז'ען אונ עס קאנן זיך נאך אמאל טרעפען דער נס פון יריחו... „מיט איין תנאי — זאגט ער, — אויב מיין צרה איז דארט נישט דא!?

צוויי נור האלטען זיך ווייט פון דער מויער, איינער גאזעמאן (זעה וייט'ער פאר וואס ער הייסט אזוי) אונ יונה'לע קדוש.

דער גאַזעמאַן האָט קיין צייט נישט, ווי ער זאָגט צו „שאלת נשים״. און יונה׳לע קדוש, אַז מען דערמאַנט איין אשה, חאַפּט ער די פּאָלע און פֿערשטעלט זיך דאָס פּנים.

איין אויסנאַהם פֿאַר אַללע און אפילו פֿאַר׳ן הייליגען יונה׳לע, איז יענטי די קראָמערין. זי איז אַ מאַנספּערשוין לכל הדעות; עס איז אַ פּנים באַלד אַ טעות געוועזען! אַ גראָב קול, אַ בעוואַקסען פּנים, כּמעט אַ באָרד, אַ שאַרפֿער בליק און אַללע תּנועות און הויות פֿון אַ מאַנספּערשוין. זי האָט געמאָגט זיך אומעטום ווייזען! זי האָט געפֿיהרט געשעפֿטען אין דער גאַנצער מאַננער אָבטהיילונג, אַ גרויסען האַנדעל (פֿון וועלכען מיר וועללען נאָך רעדען), און קיינעם פֿאַלט נישט איין צו רעדען אַ וואָרט!

יונה׳לע רעדט מיט איהר פּה אל פּה און לאָזט קיין ברעם נישט אַראָב.

פֿאַר דאָס האָט זי ליב פּיליסיף פֿיינט...

ליב פּילישוף, וואָס האַלט עולם ומלואה פֿון ווייבער, וואָס לאָזט אויף זיי קיין שטויב נישט פֿאַללען, קאָנן אויף יענטיל קראָמערין גלייכגילטיג נישט קוקען; אַז ער דערזעהט זי, שפּייט ער אוים און געהט אַוועק.

עס איז שוין לאַנג בעמערקט געוואָרען, אַז נישט שטאָנדיג שטיממען די געפֿיהלען מיט די איבערצייגונגען...

און איך לעב שוין דאָ אַ צייט צווישען עולם... אַז איך בלייב איינער אַלליין, פֿאַלל איך אַמאָל אַריין אין אַ ספק: אייגענטליך וואָס בין איך? אַ דאָקטאָר צו אַ קראַנקער?

טהייל מאָל הייב איך גאָר אָן מסופּק צו זיין, צו דאָס גאַנצע „הקדש״ מיט׳ן פֿליגעל פֿאַר משוגעים איז נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה? צו די הויכע וואַנד, וואָס איך זעה דורכען פֿענסטער, זעננען נישט גלאַט אַ כּשוף, איין אויסגעטראַכטע זאַך? מען האָט אָפּשר דען אינדיק נור אַרומגעקריידט?

און, ווייסט איהר, אַז דער גאַנצער ספק הייבט מיר נישט אָן צו שטערען... איך עסס, טרינק, אַרבייט, רוה, שלאָף און טהו אַלץ, גלייך איך וואָלט אין אַללעם זיכער געוועזען...

טהייל מאָל דאָך שרעקט עס מיך. איך טראַכט: וואָס, אַ מאַשין בין איך? מען האָט מיך אָנגעדרעהט?

און אָפּשר, טראַכט איך גאָר, וואַלגערט זיך אין מיר אַרום אַ משוגענער אַלטערזיידע און טהוט מיט מיינע האַנד און פֿיס, גלייך עס וואָלטען זיינע געוועזען, גלייך נישט איך, נור ער וואָלט געלעבט, גלייך עס איז זיין צייט?

אויף דעם אַללעם האָב איך איין תּירוץ: למאי נפקא מיניה!

און באמת, וואָס איז דער חלוק?

ליב פלוסוף זאָגט, אַז עס נישט פערהאַנען גאָר קיין אמת אונ קיין שקר. אַ והא ראיה, זאָגט ער, עס איז אַזאַ בוים גאָר אין גן עדן נישט געווען; נישט אָדם, נישט חוה האָבען קיין מאָל אַזאַ אֶפּפעל נישט פערזוכט, טוב ורע יאָ! אונ אויב, זאָגט ער, עס איז נישט פערהאַנען קיין אמת אונ קיין שקר, זעננען קיין משוגעים אויך נישט פערהאַנען! איי וואָס, זאָגט ער, גאָר נישט!

אַזוי ווי, זאָגט ער, די גופים בעשטעהען פון אַטאָמען, אונ די טבע פון גוף ווענט זיך אין דעם, פון וויפיעל אַטאָמען ער איז צוזאַממענגעשטעלט, אויף וועל־כען סדר די אַטאָמען ליגען... אַזוי זעננען פערהאַננען אַטאָמען פון געדאַנקען אונ גע־פיהלען... אונ די טבע פון יעדען געדאַנק אונ פון יעדען געפיהל העננגט אָב נור דערפון, פון וויפיעל אַטאָמען זיי זענען צוזאַממענגעשטעלט — ווי אויך אין וואָס פאַר איין אָרדנונג זיי ליגען איינער ביים צווייטען... נישט מעהר!

עס איז פערהאַנען פערשיעדענע מעטאַלען, פערשיעדענע געדאַנקען אונ אַללערליי געפיהלען; זיי קאָננען ווי די מעטאַללען זיין ניצליך, אָדער שאָדליך, אָבער נישט אמת אונ נישט פאַלש... פונקט ווי די מעטאַללען! צי וועט גאָלד זאָ־גען אויף זילבער, אַז עס איז אַ טעות? זילבער אויף קופער צי אייזען: משוגע זייט איהר, אָדער ליגנער?

דאָס קאָן נור אַ מענש אונ נור — פאַר קנאה!...

מיר ווייטער קומט טהייל מאָל פאָר, אַז די אַללע, וואָס מען האַלט זיי פאַר משוגעים, מעהר אָדער וועניגער געפאָהרליכע משוגעים, זעננען נור נייגיעריגע מענ־שען, וואָס האָבען זיך ליעב אַמאָל אַראָב צוחאַפען פון טראַקט, פון שאָססעע אונ זוכען אין אַ זייט נייע וועגען... בעססער צו אָרגער, אָבער זעהען מאָג מען דאָך, פריוועען לוינט...

גאַנצע זעננען גאָר פרייע פייגעל, איבער די לופטען פליהען זיי...

גאַנץ אָפט האָב איך הנאה, וואָס איך לעב צווישען די דרייסטע וועג־זוכער... ביי זיי איז וועניגסטענס נישט אַזוי לאַנגווייליג...

---

## אַ שמועס מיט גאַזעמאַן.

פאַר מיר היטען זיי זיך נישט. דער בעהאַלטענסטער פון אַללע — גאַזעמאַן האָט אויך צו מיר צוטרויען.

עס פרייט מיך.

נאָכטען צום ביישפיעל, קומט ער צו אונ אָהן אַ שום הקדמה, פערצעהלט ער

מיר פון גרויסען וכוח, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט אין בית המדרש, מיט די גאָר גרויסע, וועלט־בעריהמטע בטלנים: ראובן, שמעון, לוי און יהודה.

— וועלט בלייבט וועלט! — זאָגט ראובן — זי שטעהט אויף אייזערנע זיילען אין קופּערנע פונדאַמענטען.

— לאו הכי! — זאָגט שמעון — זי שאָקעלט און וואַקעלט זיך ווי א שכּור... אויפ׳ן רוקקען פון אַ משוגענעם פיש שטעהט זי, דער פיש וואַרפט זיך און זי צאַפּ־פּעלט! פון טהייל באַרג שפּריצט עס אפילו מיט פייער, אַ ודאי!

לוי האַלט זיך אין פסוק: תולה אֶרץ על בלימה, די וועלט שטעהט אויף גאָר נישט! אויף גאָר נישט, אַקצענטיערט ער מיט אַ נגינה.

און יהודה, וואָס וויל ווערען רב און גרייט זיך צו צום עקזאַמען, הייסט מיליאָנען־מיליאַסען קליינע, פּיצילע אַטאָמען לויפען אַרויף און אַראָב און שלאָגען מיט כּח אויף יעדען פינטעלע פון דער ערד און האַלטען זי אַזויערנאַך אין „סאַמע ראָרנע״ מיטט; זי זאָלל נישט חלילה אַרוּיס פון ראָד אַרום דער זונן!

און איהר, גאַזעמאַן, וואָס האָט געזאָגט?

— איך? פשוט האָב איך זיי געזאָגט: וואָס געהן אייך אָן פונדאַמענטען, זיילען צו אַטאָמען, אַז די גאַנצע זאַך שטעקט אין גאַזען, וואָס די ערד האָט אינ־נערוועגדיג אין זיך...

איהר זיצט און קלערט, זאָג איך, און זיי קאָננען דערווייל אַרויספּלאַצען און חרוב ונחרב מאַכען די גאַנצע וועלט מיט אַללע איהרע בטלנים!

— און וואָס האָבען זיי געזאָגט?

— זיי האָבען מיר אַ נאָמען געגעבען: גאַזעמאַן!

ער שפּייט אויס מיט פעראַכטונג, מאַכט עטליכע שריט אַהין און צוריק, און שטעלט זיך צוריק אָב.

— פערשטעהט זיך, מיך אַרט עס נישט... יונגליך האָבען עס אויפגעהאַפּט, רעדט, שרייט, מיין דאגה; נור דער שווער מיינער! פאַר׳ן שווער האָב איך שטאַרק מורא געהאַט!

— אַ גבר אַלים?

— איין עיקש... שפּאַרט זיך איין, איך זאָלל גט׳ען דאָס ווייב. באשר בכן — משוגע בין איך.

— און איהר האָט נישט געוואָלט?

— איך האָב דען געקאָנט? ממה נפשך, בין איך געזונד, פאַר וואָס זאָלל איך זי גט׳ען, בין איך משוגע, ווי קאָנן איך געבען גט?

— און זי וואָס האָט געזאָגט?

— מיין חוה׳לע? וואָס האָט זי געוואָלט זאָגען? וואָס האָט זי געקאָנט זאָגען?

איך בין זיכער, אַז עס איז איהר גאָר אויף די געדאַנקען נישט געקוממען. וואָס הייסט? מיר זעננען דען קיין זווג נישט, חס ושלום? אַז דער מלאך האָט אויף אונז אויס־גערופען: „בת פלוני לפלוני", ווי מיינט איהר, איז נישט געווען קיין שמחה אין אַללע עולמות? מלאָכים, זאָג איך אייך, האָבען פאַר שמחה געוויינט. איך האָב עס איהר דערצאָהלט... אַלץ דערצאָהלט...

— אונ וועגען די גאָזען אויך?

— וועגען די גאָזען? ניין! נאָך וואָס? זי האָט עס פון מיין פנים געלעזען, חכמת הפרצוף האָט זי געקענט ווי אַ וואַססער! איך וויל איהר אַ מאָל עפּיס זאָגען, שמייכעלט זי אונ זאָגט עס מיר! פון מיין פנים האָט זי געלעזען, ווי פון צאֶינה וראֶינה אַרויס...

— אונ אֶפשר, — איז ער זיך מישב, — נישט פון פנים... איהר פערשטעהט, מיין האַרץ אונ איהר האַרץ... ניין, דאָס וועט איהר נישט פערשטעהן...

— אונ זי האָט אויך געגלויבט אין די גאָזען?

— אַ שאלה דאָס איז! דורך די גאָזען האָט זי דען אַפּעטיט פערלוירען, נאָכט נישט געשלאָפען, פון פנים אַראָבגעפאַללען... אונ די אויגען, אַ וואונדערליכע זאַך, האָבען איהר געוואַקסען אונ געוואַקסען. מיט יעדען טאָג זעננען זיי גראָסער געוואָרען; דאָס פנים קלענער, די אויגען גראָסער!

ער פערטראַכט זיך.

— אונ פון וואַננען, — פראָג איך, — זייט איהר געקוממען אויף די גאָזען?

— דורך אַ חלום...

— אַ חלום, זאָגט מען, איז אַ נאַרר.

— חוה'לע פלעגט אויך אַמאָל צוּוי זאָגען. איך האָב אָבער דען חלום געזעהען דריי מאָל אונ דער־נאָך האָט זיך פּאַסירט אַזאַ מעשה...

באמת — אַ וואונדערליכע מעשה.

איינמאָל איז ער זיך אַרויסגעגאַנגען שפּאַציערען צווישען מנחה ומעריב. גאַס־סען יונגען האָבען איהן דערזעהען אונ נאָכגעלאָפען. זיי ווילּלען, ער זאָלל זיי דער־ציילען די חלומות...

— איך האָב, — זאָגט ער, — אפילו חשק צו פערציילען... אדרבה, זאָללען זיי וויססען; האָב איך דאָך אָבער מורא פאַר'ן שווער... ער ווערט געוואָהר ווערען, פערמסר'ן מיך פאַר חוה'לען... אונ וואָס וועט זיין? זי וועט וויינען! זי וועט זיך די אויגען אויסוויינען!

ענטלויפט ער, יאָגט מען איהן נאָך, חאַפּט איהן איינער אָן פאַר אַ פּאָלע.

— איך זעה, עס איז שלעכט, ער וועט אָפּרייסען די פּאָלע... דערמאָנן איך

מיך אין יוסף הצדיק, לאָז איהם איבער די קאַפּאָטע און ענטלויף ווייטער.

ער לויפט און לויפט, ביז ער פערלויפט ערגיץ אונטער דער שטאָדט, שלאָגט זיך אָן אין אַ באָרגיל, פאַלט און בלייבט ליגען.

— ליגענדיג אַזוי, וואָס מיינט איהר, דערזעה איך? קברים דערזעה איך... אַ הייליג אָרט געוועזען! צו בין איך, נישט וויססענדיג, פאַר שרעק אַריבערגע־שפרונגען די צוים פון בית־עלמין, צו עס איז קיין צוים גאָר נישט געוועזען, ווייס איך נישט ביז היינט...

נור אַ מאָדנער עולם אמת. די מצבות שטעהען נישט איין אַ רגע, זיי שאָק־לען זיך... פּלוצים הייבען אָן פון אונטער זיי אַרויסצוקריכען מתים...

— איהר האָט אייך דערשראָקקען?

— חס ושלום! מתים זעננען קיין גאַססען־יונגען נישט. איך רעד מיט זיי:

„וואָס האָט איהר אייך, — פראָג איך —, אין אַ פראָסטען מיטוואָך פאַר חצות דאָ פערזאַממעלט?"

„איין אומגליק, זאָגען זיי, האָט זיי פּאַססיערט. אונטער די מצבות האָבען זיך אָנגעזאַממעלט גאַזען"... „דערשטיקט צו ווערען" זאָגען זיי.

דערווייל שלאָגט דער זייגער 12.

די מתים לאָזען זיך אין שטאָדט אַריין דאַווינען און איך ציה מיך אוים אויף דער ערד, לעג צו איין אויער, איך וויל האָרען, וואָס דאָרט טהוט זיך.

— און איהר האָט געהאָרט?

— אַוודאי! ווי אַ שטורם אונטער דער ערד! אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, ווי אַ קעססיל־פּויק... טראַ—טראַ—טראַ—טאַ—דאַ—באַק! טראַ—טראַ—טראַ—טאַ—דאַ—באַק! אין מיטען, דערהאָר איך, אַ שמועס צווישן צוויי קולות אונטער דער ערד.

— פּלאַצען? פרעגט איין קול.

— צו פריה! ענטפערט דאָס צווייטע.

— ווענן דען?

— ס׳וועט זיין אַ סיגנאַל...

— ווענן וועט זיין דער סיגנאַל?

— אַז די פרוכטען וועללען רייף זיין אויף די ביימער...

ער שווייגט.

— דאָס איז עס אין גאַנצען? מעהר האָט איהר נישט געהאָרט.

— שפּעטער האָב איך געהאָרט נאָך אַ שמועס. דאָס הייסט דען סוף פון יע־נעם שמועס. אַזוי האָט מען גערעדט:

— ווער וועט, פֿרעגט אַ קול — געבען דען סיגנאַל.

— חנינא, אָנגפערט מען, וועט געבען דען סיגנאַל.

מילא, לויף איך געשווינד אין שטאָדט אַריין צו חוה׳לען און פֿרעג זי אויף חנינא׳ן. זאָגט זי, אַז חנינא׳ס איז דאָ אַ סך: חנינא דער וואָבערניק, חנינא פרוש, וואָס איז ערגיץ אַוועק און איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט קינדער, ימח שמו... חנינא דער שמש פֿון „סומך נופלים״, חנינא פועל בטל... און געה וויס!

— און אַהער —, פֿרעג איך, — ווער האָט אייך געבראַכט?

— בין אַלליין געקוממען, — ענטפערט ער כמעט מיט אַ שטאָלץ — אַלליין געקוממען, פֿון שווער ענטלאָפֿען...

— און חוה׳לען גאָר אַוועקגעוואָרפֿען?

— אַודאי! — מאַכט ער חוזק — ווי דען! נאַרר איינער, זי קומט צו מיר.

— ווענן?

— יעדען אָבענד...

— יעדען אָבענד?

—...קומט זי צו רייטען אויף דער לבנה...

— און פֿאַר׳ן מולד? פֿרעג איך.

ער גיט אויף מיר אַ קוק מיט כעס און בזיון צוזאַממען.

— אַזוי, — זייערט ער פֿון צווישען די ציין, — אַזוי... אַ חוקר ודורש... אַ נאָסקוקקער, אַהאַ!

ער איז פֿון מיר אַוועקגעגאַנגען מיט שלעכטע געדאַנקען. איך מוז איהן בערוהיגען.

---

## דער קדוש.

וואָס אַ וועלט איז! חוה׳לע, דען גאַזעמאַנס ווייב, קומט צורייטען אויף דער לבנה, און שפרינצע, יונה דען הייליגענס ווייב — אויף אַ בעזעם!

חוה קומט איהר אונגליקליכען מאַנן טרייסטען, אונטערהאַלטען, יענע ברענגט בראָנפֿען מיט קיכליך און קליין געלד פֿאַר די וואָכטער, זיי זאָללען דען קדוש נאָך פֿעסטער האַלטען; נישט אַרויסלאָזען אויף דער ליכטיגער שיין!

חוה איז איין איינפאַכע כשר׳ע יודענע, טהוט ווי דער מאַנן וויל; שפרינצע — דער הייליגער יונה פֿערצעהלט, אַז, שטעהענדיג מיט איהר אונטער דער חופה, האָט ער באַלד דערפֿיהלט אַ ריח פֿון פגר... ער האָט געוואָלט שרייען,

האָט אָבער דער רב דערוויל אָנגעהויבען די ברכה און דער פֿאָטער האָט איהן שטיל־לערהייט דערלאַנגט אין פּלייצע.

שפּעטער, אַז ער האָט אָנגעהויבען שרייען, אַז זי איז אַ מכשפה, אַ לילית, האָט מען איהם נישט געגלייבט, געהייסען וואהנען... און, אַז ער האָט שׁוין נישט בעקוממען דאָס חולה־נופל פֿאַר שרעק, האָט מען איהן געבונדען און אַהער געשיקט...

און זי איז אַ מכשפה! ווענן נישט איהר כּשוף, וואָלט ער שוין לאַנג געוואָרען אַ רואה ואינו נראה און וואָלט נעלם געוואָרען!

די דאָקטוירים, ימח שמם, לאָזען אויך ניט, זיי נייטען איהם צו עססען טרפות, צו טרינקען נסך... און ער קאָנן גאָר נישט טהון!

אָבער גאָר נישט!

אין הימעל דאָרט האָט ער, דער קדוש, אַ גרויסע דעה, אַסך צו זאָגען; דאָ אין שפּיטאָל — גאָר נישט! וואָלט ער געוועזען נישט קיין קדוש נור אַ צדיק, אַ בעל מופת, וואָלט ער געקאָנט אָנשפּרעכען, צוזאָגען, וואָלט ער געהאַט ביי זיך האָטש איינס פֿון די מיליאָנען שליססעליך, וואָס אָפּפֿענען ביי מענשען הערצער און קעשענעס, — באַ! וואָלט ער געוועזען פֿריי, געלעבט אַ וועלט! אָדער ער וואָלט אַלליין פֿערלעגט אַ געשעפֿט אָדער עס וואָלט זיך געפֿונען איין אימפּרעסאַריאָ אויף די גוטע זאַכען... ער אָבער, איין אמת'ער דאָן קישאָט, האָט זיך אונטער גענוממען ביי צו שטעהן גאָטט מיט דער מלחמה מיט'ן שטן... ווער וויל זיך עס אַריינמישען אין אַזאַ זאַך? וואָס האָט מען דערפֿון? האָט מען איהן טאַקי אַהער געשיקט. וויל מען זיין פּרצוף נישט זעהען.

ער איז דאָך ביי זיך נישט אָבגעפֿאַללען... אַז איך העלף איהם, מוז ער מיר אויך העלפֿען... נישט צונד, איז שפּעטער... אין צווייטען, אין דריטטען גלגול!

דערוויל, — וואָס זאָל ער טהון?

אַ שם האָט ער, נור די ליפּען האָט מען איהם מטמא געוועזען. ער קאָנן דעם שם מיט אומריינע ליפּען נישט אַרויסזאָגען!

די געוונדטע האַלטען, פֿערשטעהט זיך, דעם קדוש פֿאַר משוגע, אַללע זענען פֿון שפּרינצה'ס צד... און די משוגעים?

פֿערשיעדען!

פֿיעל גלייבען אין איהם.

אחשורוש זאָגט, אַז איהם טהוט זעהר הנאה, וואָס דער קדוש איז געקוממען אין זיין מדינה אַריין, ער האָפֿט, אַז ער וועט האָבען אַ שטאַרקע פּעולה אויפ'ן יונגען דור, אויף די מדות...

יוחנן מלמד, געהט זיך אין זיין דרך, ער זאָגט: מען מוז גלייבען! אַ מענש, זאָגט ער, קאָנן זיך אַלליין נישט מאַכען פֿאַר אַ רשע, אָבער פֿאַר אַ צדיק — מהיכי תיתי! אַז ער וויל, איז ער!

גאַזעמאַן ציהט מיט'ן אַקסעל:

— די גאַזען, זאָגט ער, וועללען אַסך פֿראָגען, ווער עס איז אַ צדיק און ווער עס איז אַ רשע!

יענטיל די קראָמערין, רעכענט נאָך ראש השנה צו אָפּפּעננען זיך אַ קלייטיל מיט בוימאָהל צום אָבשפּרעכען.

זי קלאַפּט יונה'ן אין דער פּלייצע און זאָגט: אַז דו וועסט מיך נור פֿאָלגען, וועט געהן אַ געשעפֿט; אחשורוש וועט אויך הנאָה האָבען...

דער קדוש דרעהט זיך אָב. וויל נישט וויססען פֿון קיין געשאָפֿטען, נור דער רעשט עולם אַז ער הערט: קדוש, שפּרינגט ער באַלד אונטער, זאָגט דריי מאָל קדוש...

עס קאָסט איהן אַ סך!

ז'יין ליב פילוסיף איז דעם קדוש אַ שונא אויפ'ס לעבען. מיר דאַכט זיך פֿאַר קנאָה. ער רייצט זיך מיט'ן שטענדיג.

ער געהט צו, נעמט איהן אָן ביי דער גאָמבע, הייבט איהם דען קאָפּף אין דער הייך און פֿראָגט:

— עסט באמת טרפות, קדוש?

— אַ ודאי!

— נאָך וואָס טהוסט דו עס?

— איך מוז דאָך, איך וועלל דאָך שטאַרבען פֿאַר הונגער!

— און אַז מען שטאַרבט פֿאַר הונגער וואָס איז? געהט מען דאָך ערשט אין גן עדן אַריין!

דער קדוש אָנטפֿערט געלאַססען:

— איך קאָנן נישט שטאַרבען פֿאַר הונגער, — איך מוז, — זאָגט ער גאַנץ ערנסט — פֿערברענט ווערען... מי באֵש!

— פֿאַר וואָס גראָד באֵש —

— דער גוף זאָלל פֿערברענט ווערען! אין פֿייער גערייניגט ווערען... די גזרה איז אַזוי!

איין אַנדערעס מאָל פֿראָגט איהן ליב פילוסוף:

— און ווען וועסט דו שוין פֿערברענט ווערען, קדוש?

דער אָנטפֿערט געלאַססען:

— ווען עס וועט קומען די צייט!

פון דעמאָלט אָן, פלעגט ער איהן וואָס אַ מאָל פראַגען:

— נאָך נישט? אַלץ נאָך נישט צייט?

איינמאָל האָט איהם דער קדוש געענטפערט:

— איך האָב נישט קיין צינדהעלצליך!

דערויף רופט זיך אָן יענטיל, אַז זי האָט סחורה מכל המינים, אַז זי איז גרייט אַלץ אַוועק צו געבען דעם הייליגען יונה, אונ אַלץ בחינם, על כל פנים, בחצי חנם, נור קיין צינדהעלצליך האָט זי נישט... מען לאָזט נישט אַריין!

— זעהסט! טריאומפירט דער קדוש.

— ביזט פאָרט אַ ליגנער! שרייט גיפטיג ליב פילוסוף.

---

## די שרפה אונ נאָך דער שרפה.

דער קדוש איז דאָך קיין ליגנער נישט געוועזען; ער האָט זיינס געטהון.

געשעהען איז עס אין אַ מולד־נאַכט; איך געדענק עס ווי היינט:

די קראַנקע זעננען איינגעשלאָפען, דער קדוש האָט זיך שטילל אַראָבגעהאַפּט פון בעט, שטילל געעפענט דאָס פענסטער; ער איז אַרויס־געשפרונגען אונ איז אַריין אין אָפּפענען פעדער־הויז. דאָרט האָט ער ביי'ן אַ פערשלאָפענעם וואָכטער אַרויס גענוממען (ליב פילוסוף זאָגט: אַרויס גע'גנב'עט) פון קעשענע אַ פעקיל זאַפּאַלקים —

די רעשט איז לייכט צו פערשטעהן.

דאָס דולל־הויז איז אַלט, זעהר אַלט...

יוחנן מלמד זאָגט, אַז עס איז נאָך פון המן'ס צייטען, ליב פילוסוף — פון קודם מתן תורה... דער קדוש האָט געגלייבט — מששת ימי בראשית... בעשאַפפען געוואָרען איז עס ערב שבת בין השמשות, מיט די שדים אונ מזיקין, וואָס וואַכען אַרום „צוזאַממען"... סיי ווי סיי אַלט איז עס, אַלט אונ טרוקקען; ממש אויסגעדאַרט...

אונ דאָס האַלץ, אַז עס האָט נור אַ פונק דערשמעקט, האָט עס אויפגעפלאַק־קערט מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה!

איך האָב געזעהען ווי באַלקען האָבען זיך אַלליין אויסגעדרעהט אונ אונ מיט אַ ציטטער פון איין אמת'ן בעל תאוה, זיך גענאָהנט צום פייער... אַ זייל, האָב איך געזעהען, האָט זיך אויסגעקרוממט ווי אַ האַלבע רייף אונ אַריינגעלעגט דען קאָפּף אין דער בראַנד!

עס וויל ברעננען, עס דאַרף, אַ פנים, ברעננען!

אונ דאָך, — ווי שרעקליך איז אַ שרפה! אונ נישט דאָס פייער צי אַזוי

שרעקליך, דאָס פייער איז שאָן אונ גרויס, דרך־אֶרץ האָב איך פאַר פייער, וואָס ריי־ניגט אַלץ... נור דאָס געשריי, דאָס געפּילדער איז נישט צום אויסהאַלטען!

דאָס געיאָממער פון קראַנקע, דאָס קנאַקקען פון באַלקען, פון וואָנד, דאָס ראָדערן, סיקען אונ פייפען, די געשרייען פון דער פאַזשאַרנע־קאָמאַנדע, די אפּטרופּסים מיט הויך אויסגעשריגענע עצות — פוי!

אַזאַ קאָנצערט, האָרט זיך נור אין גיהנם...

דאָס פייער ווערט אויך בּאָז! גאַנצע בונטען פלאַממען יאָגט עס אויף די לייט, עס וואַרפט אויף זיי מיט באַלקען, מיט טהירען אונ פענסטער; אַ מלחמה! אַ שרעק־ליכע מלחמה!

אונ ער?

ער, דער קדוש, שטעהט זיך אויפ'ן שפּיץ דאַך, אין מיטען פייער, אַרומגענומ־מען ביז'ן גאַרטעל מיט רויטע אונ בּלאָהליכע שלאַנגען...

אונ ער שטעהט, אונ רופט, אונ זיין קול שנייט זיך דורך דעם גאַנצען גיהנם'דיגען גערודער אונ שלאָגט זיך צו צו יעדענס האַרץ...

— „שמע ישראל!" רופט ער!



אויסער דעם קדוש האָט דאָס פייער קיינעם נישט געשאַדט.

דאָס דולל־הויז איז געוועזען אַססעקוריערט; דולל־הייזער אַסעקוריערען זיך איי־נער ביים צווייטען. דאָקטאָרען קריגען נייע אינסטרומענטען צו אָפּעראַציעס... די פאַזשאַרנע־קאָמאַנדאָ — געלד, אַפּטרופּסים — כבוד, ווענין איינגעשטעלט דאָס לע־בען האָבען זיי זיך, אונ די משוגעים האָט מען דערווייל אַריינגענוממען אין איין טאַלע...

פערשטעהט זיך, אַז וואָס מעהר משוגעים עס פערזאַממעלט זיך אויף איין אָרט, שטאַרקער פיהלען זיי זיך; אונ וואָס מעהר די משוגעים פיהלען זיך שטאַר־קער, פיהלען זיך שוואַכער די וואָכטער.

דער לאַרם געהט טאַקי ביז'ן הימעל אַריין.

יענטיל איז דאָ אויך אַיין אַיינגעהערין, פיהרט דאָס ראָדיל.

— דאָס געשאָפט, — זאָגט זי — פערגרעססערט זיך; דער ריוח ווערט דאָך קלענ־נער; קוים פרנסה. זי האָט, נעביך, צו דערנאָהרען אַ קראַנקען מאַנן מיט אַ גאַנץ געזינדל.

אונ דאָס געזינדל, ווי זי זאָגט, בּעשטעהט, פון צוויי טאָכטער אַלמנות מיט קינ־דערליך, צוויי טאָכטער מיט מאָננער אונ אויך מיט קינדערליך, אַ חוץ קינדער פון ערשטען מאַנן...

זי האַנדעלט: מיט קרישקאַליך פון ברויט, פיצליך טיטון פון אָבגעבּרענטע

באַפּיראָסען, שטיקליך ליינוואַנד און טוך, רעשטליך פון ליכט. טהייל מאל איז אַ שטיקל שנייץ אויך אַ סחורה.

אַלס געלד געהען שטיקליך גלאָז, קאָליערט גלאָז איז גאָר גאָלד אין דער מעלה... קאָליערט פּאַפּיער, איז באַנקאָצעטל, וויים — קוויטליך און וועקסלען.

און זי שרייט:

— רוצחים! דאָס איז מיין גאַנץ עשרות די סחורה! וואָס גנב׳ט איהר? וואָס רייסט איהר? וואָס ציהט איהר מיר די קלעה פון די ביינער?

די קונים שווייגען אויך נישט.

זיי שרייען, אַז זי בערייסט, גיט פאַלשע וואָג און מאָס.

אחשורוש, דער מלך פון הודו — דער אויבען רעכטס — ביז כוש — די טהיר אין קיך אַריין לינקס, — געהט אַרום מיט אַ גדלות, פערשרייבט מיט אַ נאַססען פינגער, אויף אַ שויב צו אויף אַ וואַנד, דען חשבון פון „מסים וארנינויות", וואָס איהן קומט שוין פון מסחר...

— איך בין דיך מתרה, יענטיל! דו פאַלסט אַריין אין טיורמע!

— זרח, — רופט ער צו׳ן אַ קונה, — דיר וועלל איך אויך נישט שענקען! איך זעה — ווילסט מאַכען פליטה! פון אַמעריקא וועלל איך דיך ביי די האָהר הייסען אָהער שלעפּען! איך האָב דאָרטען אויך מיינע לייט! נישט קשה!

איין אַנדערן רופט ער צו:

— קויף און פערקויף אַנדערטהאַלב־מיליאָן פוד, קריעגסט דו אַ „פּאַציאָטנע"!

טהייל מאָל רוקט ער זיך צו, צו גאַזעמאַן, וואָס זיצט פערטראַכט אין אַ ווינקעלע, אָדער צו ליב פילוסוף מיט יוחנן מלמד, וואָס זיצען אין אַ זייט פערזונקען אין אַ וכוח וועגען תכלית פון דער וועלט, פון מענש און אַללערליי אַנדערע זאַכען...

ער שטעלט זיך אָב, לעגט אַ פינגער אויף דער נאָז און זאָגט:

— שווייגט בעססער...

אַ׳ניט, לעגט ער זיי גאָר פאַר אַ האַנדעלס פערטראַג...

און אַזוי רודערט זיך ביז דער האָהן קרייעט.

---

פאַר וואָס גראָד ביז דער האָהן קרייעט? פאַר וואָס שפּיעלט דער האָהן מיט׳ן קרייהען אַזאַ גרויסע ראָלע אין שפּיטאָל?

— זאָרי, — שפּיעלט ער, זאָגט אַחשורוש, און „זאָרי" פערשטעהט מען איז אַ גרויסע זאַך.

— סימנא בעלמא — זאָגט דער מלמד. — מען האָט גערעכט אַ צייכען, וואָס עס

אין פאר א צייכען, האט מען זיך אנגעחאפט אין האהן...

ליב פילוסיף זאגט, אז עס מוז דאך עפים שטעקקין דערינגען, ווארען, פאר וואס דוקא א האהן, נישט א היהן?

— א היהן קרייהעט נישט, קאנן נישט קרייהען, — פאלט איהם יענטיל מיט כעס, אין די רייד אריין, — צו מיינע שונאים'ס קאפף — —

— ביטעל נישט, — אנפערט ליב קאלט ווי אייז... היהנער בטבע זעננען גלייך צו האהנער... זיי וואלטען געקאנט קרייהען, נור מען האט זיי אבגעוואהנט... אז א היהן קרייהעט, קוילעט מען זי...

— וויטער די אייגענע קשיא, פאר וואס? — מאכט יוחנן.

— איך וועלל קלערען דעריבער, זאגט ליב. און, — גיט ער צו שטאלץ — עס איז צייט... איך אייל מיך נישט!

נישט דאס וויססען איז דער עיקר, נור דאס קלערען!

---

איך וויל אויך קלערען נור מיין קאפווייטאג וואקסט פון טאג צו טאג. זייט די משוגעים זעננען צוזאמען, איז ספנת נפשות... די טויזענדטער נייע וועגען, וואס זיי זו־כען אין אללע זייטען, קרייציגען זיך און פערקניפען, שווינדלט פאר די אויגען. א בעשטאנדיגער, בליצענדיגער קאלעידאסקאפף מיט פערפלאנטעטע ברעננענדיגע ליניען... דער מח וויל טהייל מאל פלאצען. איך קלער שוין אפילו נישט, ווער איך בין, א רופא צו א חולה, ווייל, איך בין זיכער, אז, אויב איך בין נאך נישט משוגע, וועלל איך עס היינט מארגען ווערען.

# די טויטע שטאָדט.

## א.

אַרומפאָהרענדיג אויף דער פּראָווינץ וועגען דער יודישער סטאַטיסטיק1), האָב איך אונטערוועגענס געטראָפען אַ מאָל אַ יוד, וואָס האָט זיך געשלעפּט טריט ביי טריט אין שווערען זאמד. דער יוד זעהט אויס קראַנק, קוים וואָס ער געהט, קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. איך קריעג אויף׳ן רחמנות און נעם איהן אויף, אויף דער פוהר. ער זיצט אויף, שטעקט מיר אָב „שלום עליכם״, פרעגט מיך אויס וועגען אַללערליי נייעס. איך אָנפער און פרעג צום סוף:

— און איהר פון וואַנען זייט, ר׳ קרוב?

— פון דער טויטער שטאָדט! — אָנטפערט ער געלאַססען.

איך מיין ער שפּאַסט.

— וואו איז עס, פרעג איך — הינטער די הרי חשך?

— אי! — שמייכעלט ער, — דוקא אין פוילען...

— אין אונזער מדינה, אַזאַ שטאָדט?

— פערהאַנען! — זאָגט ער — פערהאַנען! הגם די אומות העולם, ווייסען נישט פון איהר, און האָבען איהר קיין גוישען נאָמען ביז היינט נישט געגעבען... עס איז אַ יודישע, איין עכט יודישע שטאָדט!

— וואָס רעדט איהר?

— וואָס איהר האָרט! איהר קענט אַ ודאי געאָגראַפּיע און מיינט, אַז אַלץ איז דאָרט פערשריבען; אַז אָסור! מיר יודען לעבען אָהן געאָגראַפּיע... נישט פערשריבען און פון נאָהנט און וויט קומט מען צו אונז און מען פאָהרט פון אונס. נאָך וואָס געאָגראַפּיע?... יעדער בעל־עגלה ווייסט דען וועג...

— איהר גלויבט נישט? פרעגט ער.

— איך שווייג.

— און דאָך איז אַזוי! אונזער מרא דאתרא שרייבט זיך דורך מיט אַללע גאונים פון דער וועלט! עס געהען שאלות ותשובות וועגען אַללע די וויכטיגסטע זאַכען... און אַלץ ווערט פערזאָרגט... איז נאָך דער צייט! נישט לאַנג, למשל:

1) זעה רייזע בילדער.

האָט מען מתּיר געמאַכט איין עגונה, וואָס האָט שוין לאַנג אויסגעלעבט איהרע יאָהרען; נו, וואָס איז? דער עיקר איז דער שכר פון פּלפּול, נישט די עגונה!

ער מאַכט ווייטער:

— אַללע „אייניקלעך“ וויסען שוין לאַנג פון אונזער שטאָדטיל... קוממען, ברוך השם, גאַנץ אָפט... פאָהרען, ברוך השם, נישט לעדיג אַרויס.

— דאָס ערשטע מאָל האָר איך פון אַ טויטער שטאָדט!

— איז ווירקליך אַ וואונדער! מוזט איהר זיך אַ ביסל האַלטען פון ווייטענס... עס איז דאָך איין עכט יודישע שטאָדט, איין אמת'ע עיר ואם בישראל; זי האָט אַלץ וואָס אַ שטאָדט ברויך; משוגעים אפילו, צוויי, אָדער דריי! אין מסחר האָט זי אויך אַ שם!

— פיהרט עפּיס אַרויס צו אַריין?

— וואָס? וואָס זאָגט איהר? פראָגט דער יוד, נישט רעכט פערשטעהענדיג, סחורה, מיינט איהר, אַרויס און אַריינפיהרען?

איך שאָקעל מיט'ן קאָפּף אויף יאָ.

— געוויס! אָנפּערט ער — מען פיהרט אַרויס תּפילין און רצועות, מען ברענגט אַריין אתרוגים פון קורפו און ערד פון אָרץ ישראל! אָבער נישט דאָס איז דער עיקר: דער עיקר איז דער האַנדעל אויפ'ן אָרט, אין שטאָדט גופא! שענקען, אורחים-שטיבליך, אַלטוואַרג... כנהוג בישראל, ווי דער שטייגער איז...

— איין אָרימע שטאָדט?

— וואָס הייסט רייך און וואָס הייסט אָרם? ס'איז דאָ פּרנסה! גאָר אָרימע לייט, געהען אַרום אין די הייזער, אין דער היים אָדער אין סביבות... דאָס מעהרסטע — אויפ'ן אָרט! ווער עס שטעקט אוים אַ האַנד, דעם גיט מען. אַנדערע זוכען זיך לייכטע מלאכות, אַ שטייגער: אַ מעקלעריי, זוכען אין די גאַססען און געפינגען אַ כשר'ע מציאה... דער רבונו של עולם פערלאָזט נישט!... יתומים עססען טאָג ביי בעלי בתּים און לערנען אין תלמוד תּורה, פון יתומות ווערען דיענסט-מיידלעך, קאָכין, פאָהרען אָב און זעננען זיך אויך מפרנס... אַלמנות, גרושות און עגונות (אין די לעצטע צייט איז פערהאַנן אַ סך עגונות) זיצען פערשלאָפען איבער פייער-טאָפּ. און פערוויכט, חלומט זיי, אַז עס וואַקסען שוין גרייטע זאָמעל אויף די ביימער... אַנדערע לעבען גאַנץ בכבוד!

— פון וואָס?

— פון וואָס? ווי דער סדר עולם איז! איין אָרימאַן האָט בטחון; אַ סוחר שלינגט לופט, און דעם ערד-אַרבייטער, דעם קברן מיין איך, דעם העלפט אַ ודאי נישט...

צו מאַכט ער חוזק, דאָס אויסגעדאַרטע יודעל, דער גל־עצמות, מיטן מאָדנע פּייער׳ל, וואָס בליצט איהם אין די טיעף איינגעפאַללענע אויגען? אויפ׳ן שאַרף־ביינינגען פּנים, וואָס איז אַרומגעצויגען ווי מיט אַ געל שטיק פּאַרמיט, בעוויזט זיך דאָך קיין מינדסטען שמייכעל... נור דאָס קול זיינס... עפּיס קלינגט עס מאָדנע!

— וואָס איז עס פּאָרט — פרעג איך — פאַר אַ מין שטאָרט?

— וואָס הייסט? אַ שטאָדט ווי אַללע שטאָרט! פערהאַנן אַ שוהל, אויף די וואַנד, פערצאָהלט מען, איז געווען אַמאָל אויסגעמאָלט אַללערליי חיות, בהמות און עופות, פון פרק שירה אַרוים... אויפ׳ן בעליק ווייטער — אַללערליי כלי זמר, פון דוד המלך, עליו השלום... איך האָב עס שוין נישט געזעהען, נור אַלטע יודען זאָגען!

— און היינט?

— היינט? שטויב און שפּינגעוועבס... נור אַ הילצערנע קייט, פון איין שטיק אויסגעשניצט, הענגט נאָך אַראָב פון בעלליק, פאַלט זיך אַזוי בנעימות אַראָב, אין אַ זייט פון אָרון קדוש, רעכטס פון פּרוכת, וואָס איז ווייטער אַ מתנה פון פרומע נשים... ווער עס האָט געמאַכט די קייט, געדענקט מען נישט, נור אַ מייסטער איז עס געוועזען! אַזאַ קייט!

— אין שוהל — פערצעהלט ווייטער דער יוד — דאַוונען, ווי דער שטייגער איז, סאַמע פּראָסטאַקים — בעלי מלאכות; אויסגענוממען שניידער, וואָס האָבען אַ בעזונדערן מנין, און קצבים מיט בעלי־עגלות, וואָס האָבען זיך האַיאָהר געדונגען אַ בעזונדער שטיבעל צו דאַוונען... די שוהל קענן קוים עברי! שאָנע בעלי בתים, בני תורה דאַוונען אין בית המדרש, אַ גרוים בית המדרש... אַ סך ספרים! חסידים ווידער דאַוונען אין שטיבלעך!

— און מחלוקת פערהאַנען?

— כל זמן מען לעבט! אויפ׳ן קברות פאַר דאָס, איז שלום... איין בית עלמין פאַר אַללע... דאָס מרחץ מיט דער מקוה זעננען אויך בשותפות פאַר אַללע...

— וואָס נאָך פערמאָגט איהר?

— וואָס דאַרף מען נאָך? געוועזען הכנסת אורחים, אונטער געגאַנגען... אורחים קאָננען שלאָפען אין בית המדרש... ליידיג באַנאַכט... אַ הקדש האָבן מיר!

— אַ שפּיטאָל, מיינט איהר?

— נישט קיין שפּיטאָל, נור אַ הקדש. צוויי שטובען, פריהער איז עס געוועזען דעם באָדערס דירה, דערנאָך האָט מען געמאַכט, דער באָדער זאָלל יוצא זיין מיט איין שטוב און די צווייטע זאָלל זיין אַ הקדש. בסך הכל ליגען דאָרט,

דאַכט זיך, דריי קראַנקע ווייבער. איינע, נעביך, איין אַלטע, אָבגענומענע פּיס, אונ ליגט איבער איינאַנד; אַ צווייטע — האַנד אונ פּיס אָבגענומען, אונ נאָך אַ משוגענע עגונה. דריי ווינקלען פֿערנעממען די בעטען, אין פֿיערטען שטעהען קוימען־אויבען; אין מיטען האָב'מיר נאָך אַ טויטען שטיביל, טאָמיר טרעפֿט זיך!

— איהר לאַכט פֿון מיר, ר' קרוב, — פֿאַלל איך איהם אין די רייד — עס איז דאָך ציאַחנאָווקע! ציאַחנאָווקע מיט איהר מסחר, צדקות אונ מעשים טובים! פֿאַר וואָס זאָגט איהר: די טויטע שטאָדט?

— ווייל איך מיין טאַקי די טויטע שטאָדט! איך רעד פֿון אַ שטאָדט, וואָס באַלד אין דער התחלה, ווענן זי האָט זי'ך געבויט, איז זי געהאַנגען אויף אַ האָהר, אונ היינט, אַז די האָהר האָט זיך איבער געריססען, הענגט זי אין דער לופֿט. אויף גאָר נישט האַלט זי זיך. אונ ווייל זי האַלט זיך אויף גאָר נישט אונ שוועבט אַרום אין לופֿט, איז זי געוואָרען אַ טויטע שטאָדט... ווילט איהר, וועלל איך אייך פֿערצעהלען פֿאַר וואָס אונ ווי אַזוי.

— אַדרבא... זעהר אינטערעסאַנט!

---

עס פֿאַלט דערוייל צו די נאַכט... דער הימעל ווערט אין אַ זייט בלוטיג, פֿייערדיג; דאָרט געהט אונטער די זונן. פֿון דער צווייטער זייט דאַגעגען, פֿון אַ קלאָרען, לייכטען נעפּיל שווימט אַרויס די לבנה, ווי אַ כלה'ס פנים פֿון אונטער אַ ווייסען שלייער. די בלאַססע שטראַהלען, וואָס זי זייעט אויף איבער דער ערד, ציטטערן אונ מישען זיך אוים מיט די ציטטערדיגע שאָטטען פֿון דער טרויריג שטיללער נאַכט...

עס ווערט אונהיימליך.

מיר פֿאָהרען אַריין אין אַ וועלדיל. דער לבנה'ס שטראַהלען גנב'ענען זיך צו אונז דורך די ציטטעריגע בלאָטער...

אונטען, צווישען אַראָבגעפֿאַללענע בלאָטטער אונ צווייגען, טאַנצען אַרום קליינע ליכט־ראָדליך, ווי זילבערנע מטבעות. עפּיס אַ כשוף שטעקט אין דער בע־לייכטונג, אין שטילל רוישענדיגען וואַלד...

איך וואַרף אַ בליק אויפ'ן אורח, ער האָט שוין, דאַכט זיך, גאָר איין אַנדער פּנים... עס איז אַזוי טרויעריג אונ ערנכט; דער בליק, דאַכט זיך, איז אַזוי ערליך אונ פֿראָסט...

זאָלל דאָס אַ ל ץ אמת זיין?

הא... איך וועלל האָרען!

— פון דער ערשטער רגע אָן — פערצאָהלט דער יוד, — האָט די שטאָדט גע־האַנגען אויף אַ האָהר, ווייל מען האָט זי באַלד אין אָנהייב געשטעלט אויף איין אָרט. וואו עס טאָר, על פי דין, קיין יודישע שטאָדט נישט זיין! ערשט, אַז עס האָט זיך צונויפגעזאַממעלט דאָס ערשטע מנין, האָט מען געמאַכט איין אסיפה... עס איז געבליבען, מען זאָלל זיך צו רעכענען צו׳ן איינער פון די שטאָדט אין דער סביבה. אויף דעם סמך האָט מען דערווייל געבויט אַ מקוה, אַ שוהל, דערנאָך — אַ מרחץ, געקויפט נאָך אַ שטיקל ערד אויף אַ הייליג אָרט...

אונ, אַז מען האָט שוין אַלץ אָבגעטהון, האָט מען געשיקט שתדלנים, וואו אַהין מען דאַרף, מען זאָלל דאָס אַלץ בעשטעטיגען...

— מיט׳ן קאָפף אַראָב?

— וואָס געהט ביי אונס נ י ש ט אַזוי? עס קאָנן דען אַנדערש זיין?...

— ווייס איך...

— סיי ווי סיי — אַ מעשה שהיה! אונ עס איז גאָר נישט אַזוי קרום געוועזען ווי איהר מיינט...

געוועזען איז אַ יוד איין עושר, אַ גביר! דער גביר איז געוועזען, פערשטעהט איהר, ווי דער סדר עולם איז, אַ שטיקל, אונ אָפשר אַ שטיק קרוב למלכות... אַ תקיף... האָט מען אַלץ געמאַכט אויף זיין נאָמען. זיין שוהל, זיין מרחץ, זיין מקוה, — אפילו זיין הייליג אָרט... פאָליציע האָט געשוויגען; איך זאָג דאָך אייך — אַ תקיף!

אַז עס וועט קוממען דאָס פאַפּיער פון הויכען אָרט, וועט ער איבער שרייבען אויף קהל, וועט אויפהאָרען דאָס לאַיחרץ געלד.

— אונ דערנאָך האָט דער גביר געזאָגט: עלי כתיב?

— ניין, מיין ליעבער האַאַר, דעמאָלט זעננען נאָך אַזוינע גבירים אין דער מאָדע נישט געוועזען... מען האָט בכלל פון „עלי כתיב" נאָך נישט געוואוסט... נור, האָרט וואָס עס קאָנן זיך פּאַסיערען, וואָס עס מאַכט זיך אַ מאָל אויף דער וועלט!

נישט דער גביר, נור דער שתדלן האָט אָנגעמאַכט די גרויסע צרה... אויפ׳ן וועג, האָט ער זיך מישב געוועזען, אונ איז ענטלויפען! מיט׳ן געלד, מיט די פּאַפּיע־רען... אונ איבערגעלאָזט דעם פריש געבאַקענעם קהל, איין עגונה מיט לעבע־דיגע יתומים...

— האָט מען געשיקט אַ צווייטען?

— אַזוי געשווינד? איידער מען איז געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז ענטלויפען, איידער וואָס, איידער ווענן, איז דערווייל דער גביר געשטאָרבען אונ איבערגעלאָזט, צווישען אַנדערע, אַ יורש אַ יתום קטן... פאַר 21 יאָהר טאָר ער דאָך נישט אָבשרייבען!

— איילט מען זיך נישט?

— געוויסס... אַז ער וועט אַלט ווערען איינאונצוואַנציג יאָהר, וועט מען שיקקען אַ נייען שתדלן אונ אֶפשר צוויי...

— אונ מען האָט עס פערשריבען לזכרון אין פנקס?...

— אָט! אָט!... האָט טאַקי דער פנקס געדענקט אונ דער עולם פערגעססען!

טהייל זאָגען, אַז דער פנקס איז פערברענט געוואָרען; דער גבאי האָט גע־האַלטען דען פנקס אונ הבדלה געמאַכט, אונטערגעצונדען אַ ביסל בראָנפען אונ ואיננו...

קהל דערוויילֹ, קיין עין הרע, וואַקסט; יורעלאַך, ברוך השם, מעהרען זיך. עס קוממען צו פון אַנדערע קהלות אויך; דער ברענגט איין איידעם, דער אַ שנור, מיט איין וואָרט עס צעוואַקסט זיך. אונ, ווי להכעיס, דען גבירים יורשים פאַללען! די אַלמנה האָט חתונה אונ פאָהרט אָב, איין זוהן נאָכען צווייטען זוכען פרנסה אין דער פרעמד... אויף שבעה ימים זיך צו לאָפען. געבליבען איז נור דער יתום קטן... קהל מאַכט איהם איין אַפטרופס, מאַכט איהן חתונה, גיט איהם צו אַ געניטען שותף —

— דער מאַכט איהם אוים איין אויער!

— כדת משה וישראל!

אונ צרות האָט ער פון שותף, גרעססערע פון ווייב; אַ פאַלשע וועקסעלע האָט ער אויך אונטערגעשריעבען, מאַכט ער אויך פליטה... אַ גרויסער באַנקראָט... היימישע, פרעמדע, עס ווערט אַ געוואַלט, אַ גערויש, עס שפּאַרט אָן אין סאַנד, עס קומט אַ קאָמאָרניק... געלד איז נישט געוועזען, מטלטלין האָט דאָס ווייב בעהאַלטען,— נעמט זיך דער קאָמאָרניק צו דער שוהל מיט׳ן בית עלמין!

אַ דונגער האָט אַריינגעשלאָגען אין שטאָדטיל! אַ דונגער פון ריינען הימעל אָהן אַ פיצל וואָלקען, וואָרען, פערשטעהט איהר, דאָס אַלץ איז געוועזען ביז׳ן דער לעצטער רגע בסוד סודות...

פלוצים, גאָר פלוצים, אויף אַ מאָל איז מען געוואָהר געוואָהרען, אַז קהל הענגט, ווי איך האָב אייך געזאָגט, אויף אַ האָהר!

וואָס בלייבט צו טהון? פאָהרט מען צו אַדוואָקאַטען... וואָס קאָננען זיי ראַ־טען אין אַזאַ פאַלל? מען זאָלל צו לאָזען אַ ליציטאַציע, דער קאָמאָרניק זאָלל אַלץ פערקויפען, אונ קהל זאָלל אָבקויפען! וועט קאָסטען, וועט קאָסטען! קהל איז דאָך אָבער דערוויילֹ נאָך קיין קהל נישט, מען האָט דאָך די פאַפּיערען פערלוירען אויפ׳ן וועג? זאָלל מען אויפשטעללען איין אַנדערען גביר, אונ אויף זיין נאָמען קויפען. דער עיקר — מען זאָלל נישט וואַרטען, ביז דער גביר וועט, חס ושלום, אָבקוממען אָדער אוועק קוממען, רחמנא ליצלן.

אין פלוג, דאכט זיך, נישט קיין שלעכטע עצה.. היזק האבען געלד איז קהל געוואונט... איז אבער שוין דעמאלט געוועזען נישט איין גביר, נור עטליכע! שתדלנים — גאר א מאססע! אויף וועמען זאלל מען פערשרייבען? וועמען נעמט מען פאר א שתדלן? אללע וויללען, אללע קאננען זיך בעליידיגען...— מאכט מען איין אסיפה אונ מען קלערט.. .אונ קלערען קלערט מען אזוי לאנג, ביז עס ווערט א מחלוקת. אונ ביי אונז, אז עס מאכט זיך א מחלוקת, הארט עס אזוי געשווינד נישט אויף...אמאל דאכט זיך — אט, שוין שלום, דאס פייער זינקט איין, נא דיר! קומט א שלום-מאכער אונ גיסט צו בוימעל, פלאקקערט ווייטער אויף, אונד — עד היום הזה!

דער יוד ווישט זיך אב דען בלאססען שטערן אונ פערצאהלט ווייטער:

— דערוויל איז געשעהען א מעשה. טאקי — מויל אונ אויערן אויפצושטעל-לען! כמעט נישט צו גלייבען...

— נור, — גיט ער צו מיט א שמייכעל — עס איז דאך נאכט אונ די חיה, וואס שפאציערט ביי נאכט אין הימעל (ער וויזט אויף דער לבנה) הייסט „אמונה"... ביינאכט, בפרט אין אזא שטיללע נאכט, לאזט זיך אלץ גלייבען...

— געוויסס, בין איך איהם נישט וויללענדיג מורה.

— אונ די מעשה איז טאקי א שרעקליכע.

דער קאמארניק האט ארויפגעשטעלט א פוס אויפ'ן הייליגען ארט... די מתים דערהארען, ווערען, א פנים, באז... עס רוקקען זיך אב מצבות פון קברים... די מתים קוממען ארוים... איהר גלויבט?

— איך בין, חס ושלום, — זאג איך, — קיין אפיקורס נישט; אין השארת הנפש גלייב איך... נור...

— וואס „נור", רב קרוב, וואס „נור"?

— איך האב געמיינט, אז נור די נשמה בלייבט... די נשמה, וואס פליהט אין הימעל אריין; אבער דער גוף, וואס געהט אין קבר אריין, דער גולם, דער פוילט... פיי ווי סיי, אהן דער נשמה, ריהרט ער זיך נישט... קאנן נישט אויפשטעהן...

— גוט געזאגט, — לויבט מיך דער יוד — אויף מיר אזא יאהר!

איך האב, — זאגט ער, — הנאה, אז איהר זענט א יודע ספר... דאך, פערגעססען האט איהר, ר' קרוב, אן עולם הדמיון פערגעססען! די נשמה, זאגט איהר, געהט אין הימעל אריין... גוט... נור וואו אהין געהט זי? איינע אין גן עדן, די צווייטע אין גיהנם אריין... אין גן עדן אריין געהט די נשמה פון צדיק, אין גיהנם אריין די נשמה פון רשע! דעם קומט פאר זיין גוטס — לויתן, שור הבר, יין המשומר... אונ יענעם, פאר זיין רשעות — היכע סמאלע... עס רעדט זיך נור אזוי! נור דאס הייסט: שכר ועונש. פאר וואס קומט שכר ועונש? ווייל א מענש, כל זמן ער לעבט, האט א ברירה. וויל ער—טהוט ער גוטס, וויל ער — טהוט ער

שלעכטס, און, אַזוי ווי ער בעט זיך אויס, אַזוי, האַ? שלאָפט ער...

ווי איז אָבער דער דין, אַז אַ מענש איז קיין מענש נישט, זיין לעבען איז קיין לעבען נישט, און טהוט נישט, נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס, ווייל ער קאָנן נישט טהון, ער האָט קיין ברירה נישט צו טהון און פערשלאָפט אַ לעבען, און קומט עס איבער ווי אין איין עולם הדמיון? וואָס קומט אַזאַ נשמה? גיהנם? פאַר וואָס? זי האָט קיין פליעג אויף דער וואַנד נישט געטייט... גן עדן? פאַר וועלכער דרשה, זי האָט קיין האַנד אין קאַלט וואַססער אַריין נישט געטהון...

— וואָס ווערט טאַקי פון אַזאַ נשמה?

— גאָר נישט! זי לעבט ווייטער אין עולם הדמיון... זי שיידט זיך נישט אָב פון גוף... נור פריהער האָט זיך דעם בעל דבר געחלומט, אַז ער לעבט, אויף דער ערד, און היינט חלומט זיך איהם, אַז ער לעבט, אין דער ערד!

אין אונזער שטאָדטיל איז כמעט קיינער קיינמאָל נישט רעכט געשטאָרבען, ווייל עס האָט קיינער נישט רעכט געלעבט! נישט קיין גוטע, נישט קיין שלעכטע, קיין רשעים, קיין צדיקים... פשוטע שלאָף־מיצליך אין עולם הדמיון... לעגט זיך אַזאַ שלאָף־מיצל אין קבר אַריין, בלייבט עס שלאָפמיצל, נור אין איין אַנדערע דירה, — ווייטער נישט...

דריבער איז דאָס גאַנצע שטאַרבען ביי אונז אַ ריינע קאָמעדיע! וואָרען, אפילו ביים לעבען, לעגט עמיצין אַ פעדער אונטער דער נאָז, וועט ער זי אַוועק יאָגען? און אַ איינגעגעסענע פליעג טרייבט ער אַוועק? גלאַט, מען ווערט פטור פון אַ פיערטער ציצה, מען איז יוצא מיט דריי, צו מיט פיער פסול'ע, ווי ערגיץ אַ מנהג איז! אויך ווערט מען לויז פון דאגת פרנסה... אָבער ווייטער?

דער זעלבער חלום, דער אייגענער עולם הדמיון... אין אַסך שטאָדט איז אַזוי... און, עס טרעפט ערגיץ, ווי ביי אונז האָט געטראָפען, אַז אַ מת קריעכט אַרויס פון אַ קבר, הייבט ער גאָר נישט אָן צו געדענקען, אַז ער האָט אַמאָל ודוי געזאָגט, געגוססט און איז געשטאָרבען... קוים פאַלען איהם, ביים אויפהעבען, די שאָר־באַליך אַראָב פון די אויגען, געהט ער גלייך אין בית המדרש, אין מרחץ אַריין, צו אַהיים עססען קולישע... ער ווייסט פון גאָר נישט!

איך וויים נישט צו די לבנה איז שולדיג צו איך אַליין בין עפּיס געוועזען נישט ווי אַללע מאָל, — איך האָר, גלויב, און פראָג נאָך:

— נו, זענען אַללע, אַללע מתים אויפגעשטאַנען...

— ווער ווייסט? מען פיהרט עפּיס ביכער? אָפשר זענען געוועזען שטיללע אַפּיקורסס, וואָס האָבען געקלערט, אַז עס איז תחית המתים, און זענען, להכעיס, געבליבען ליגען... נור אַ קהל מתים, איין עדה איז אויפגעשטאַנען! אויפגעשטאַנען

און ענטלויפֿען פֿאַר׳ן קאַמאַרניק אין נאָהנטען וואַלד אַריין.

— פֿאַר וואָס אין וואַלד אַריין?

— אין שטאָדט אַריין האָבען זיי נישט געקאָנט... עס איז דאָך געווען ביי טאָג, און על פּי דין, טאָר מען זיך נישט ווייזען ביי טאָג אין תּכריכים... אַ שטאָט מיט מעוברת׳ע ווייבער... זיי קאָננען זיך נאָך, חס ושלום, פֿערקוקען און געווינגען גרייטע מתים...

— רעכט.. און דער קאַמאַרניק...

— איהר פֿראָגט אויף איין ערל... ער האָט נישט געזעהען אַ וואָרט... אָפּשר שכּור געוועזען... גאָר נישט... ער האָט זיינס געטהון, פֿערשריבען...

— און פֿערקויפֿט?

— נאָך נישט... דערוויל איז נאָך קיין קונה ניט דאָ...

— און די מתים?

— אָט... די מתים!

---

ער רוהט זיך אָב אַ רגע און פֿערצאָהלט וויטער:

— קוים איז צוגעפֿאַללען די נאַכט, זעננען די מתים צוריק אין שטאָדט אַריין... יעדערער געהט צו זיך אַהיים, גנב׳עט זיך אַריין דורך אַ טהיר, אַ פֿענס־טער, צו דורך אַ קוימען... חאַפּט זיך צו צו דער אַלמער... אַרויסגענוממען מלבושים, אָנגעטהון זיך, אָבגעגעניצט, און געלעגט זיך וואו עס איז שלאָפֿען...

צו מאָרגענס איז שוין געוועזען אַ פֿוללע שטאָדט מתים...

— און די לעבעדיגע האָבען געשוויגען?

— מען האָט עס נישט בעמערקט!... פֿערנוממען געוועזען מיט מחלוקת... יעדען איז דער קאָפּף פֿערדרעהט, אַללע פֿעריאַהמערט! און צוריק געשמיעסט, ווי אַזוי דערזעהט מען עס אַ חלוק צווישען אַ לעבענדיגען מיט אַ בר מנן אין תּכריכים? עס איז נישט אַזוי לייכט!

אַז אַ זוהן האָט דען פֿאָטער דערזעהען, האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגען: פֿו, פֿו, פֿו, „און מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך האָב קדיש געזאָגט, ירושה גע־נוממען... אַללע בייזע חלומות צו מיינע שונאים׳ס קאָפּף!"

איין אַלמנה דערזעהט איהר מאַנן, וואַרפֿט זי איהם אַריין אַ מתנת־יד, גע־נאַררט האָט ער זי, דער אַבֿראַש... חוזק מאַכט ער! און זי, אַ נאַררישע יודענע, האָט איהם נאָך נייע תּכריכים געמאַכט!

— און אַז זי האָט דערוויל חתונה געהאַט?

— ווער חתונה געהאַט? אין מחלוקת האָט מען אונטערגעצונדען און פֿער־ברענט די שוהל, מיט׳ן בית המדרש מיט דער הופּה... הכל כּאשר לכל...

דערבײַ זעננען כמעט אַללע געוועזען „פּאַדסוד"...

— אונ וואָס ווייטער?

— גאָר נישט... די מתים זעננען לעבענדיג געוואָרען, די לעבענדיגע האבען אָנגעהויבען אויסצושטאַרבען, פֿון ענגעניש, פֿון דער לופֿט... דער עיקר, פֿאַר הונגער...

— אַ הונגער איז געווען?

— ווי ערגיץ! בײַ אונז יאָ... די מתים האָבען זיך געזעצט אויף זייערע אָרטער אין מנינים אונ אויף זייערע אָרטער אין דער היים בײַ דער שיססעל אויך... מען האָט נישט געוואוסט, נור עס האָבען פּלוצים לאָפּפּעל פֿערפֿעהלט, — פֿון איין שיססעל עסט מען, האָט פֿערפֿעהלט לאָפּפּעל... אַ בעל־הבית'טע ווייסט, אַז זי האָט אַזוי פֿיעל לאָפּפּעל ווי מענשען... קלערט זי, אַ גנבה! פֿרומע זאָגען: אַ כשוף... נור, אַז מען ווערט געוואָהר, אַז אומעטום פֿעהלט אונ אַז דאָס עססען גענוגט נישט, — האָט מען שוין געזאָגט: אַ הונגער יאָהר אונ מען האָט געהונגערט, אונ מען הונגערט נאָך...

---

אונ אין אַ קורצע צייט האָבען די מתים גובר געוועזען די לעבענדיגע... זיי זעננען היינט קהל אונ פֿיהרען קהל! זיי זעננען נישט פּרה ורבה, דאָס נישט, נור אַז עמיץ שטאַרבט, גנב'ענען זיי איהן אַראָב פֿון דער מטה, נעמען אַרויס פֿון קבר אונ עס געהט נאָך אַ מת אַרום אין שטאָדט...

אונ וואָס פֿעהלט זיי? זאָרגען, זאָרגען זיי נישט, פֿאַר'ן טויט — קיין פּחד נישט... עססען עסט מען אַבי אַ ברכה צו מאַכען, בענשען צו קאָננען... אָבער מען דאַרף עס נישט, מען בענקט נישט דער־צו, הוא הדין — טרינקען... הוא הדין וואהנען; הונדערט מתים קאָננען וואהנען אין איין שטוב, — מען דאַרף קיין לופֿט נישט!

אונ מען האָט קיין צער נישט! וואָרען פֿון וואַננען האָט אַ מענש צער, פֿון וויססען — יוסף דעת יוסף מכאוב, אַ בר מנן — זיין דאגה! ער ווילל נישט וויססען אונ דאַרף נישט וויססען... שלעפּט זיך אַרום אין עולם הדמיון...

זיי האַלטען זיך דעריבער טאַקי פֿון דער ווייטענס פֿון אַללע לעבענדיגע זאַכען... זיי האָבען קיין שאלות, קיין ספקות, קיין הארץ ווייטאָג, עס פֿוילט קיינעם קיין לעבער נישט!

---

— ווער מיינט איהר איז בײַ אונז רב? אַ מאָל איז געוועזען אַ לעבענדיגער

מענש, אַ טהוער; היינט אַ בר מנן! געהט אַרום אויפ׳ן עולם הדמיון און זאָגט נאָך דעם חיי אָדם ווי פֿון אַ חלום אַרוים...

ווער זענען די דיינים זיינע? זיינס גלייכען... האַלב פֿערפֿוילטע מתים...

און די לייט פסקינען שאלות פֿאַר לעבענדיגע ווי פֿאַר טויטע; אַלץ ווייסען זיי, אַלץ טהוען זיי... זיי מאַכען ברכה, זיי געהען מיט מציצה, זיי בענשען חתן־כלה...

ווער שטעלט זיך פֿאַר׳ן עמוד? אַ מת! אַ זקן ורגיל אַ מת! ער האָט אַ פנים פֿון אַ מת, אַ קול פֿון אַ מת; עס טרעפֿט, אַ האָהן גיט פלוצים אַ קריי — ענטלויפֿט ער אַוועק פֿון עמוד!

און די גבירים, די בעלי טובות, די רעדעל־פֿיהרער, קהל־פֿערזאָרגער, דאָס גאַנצע קלאַפּפֿערגעצייג וואָס איז? טויטע, לאַנג געשטאָרבענע, לאַנג בעגראָבענע!

און דעריבער איז אַזאַ עפּוש אין שוהל, אין באָד, אין גאַסס... סאַמע מתים...

— און איהר, רב קרוב, איהר וואָס זענט?

— איך? איך בין האַלב טויט, אָנפֿערט דער יוד. —

ער שפּרינגט אַראָב פֿון וואָגענזאַק און ווערט נעלם צווישען די ביימער...

# אויף דער גרענעץ.

ביי דער גרעניץ, צווישען יאָ און ניין, זיין און נישט זיין. האָט זיך בעגעגענט דער אוועק־געהענדיגער זוממער מיט׳ן קוממענדיגען ווינטער.

— וואָס זעהסט דו עס אַזוי שלעכט אוים? — קריגט דער ווינטער רחמנות אויף זיין געגנער, וואָס שטעהט פֿאַר איהם מיט געבויגטע פּים, מאַטטע, האַלב־פֿערלאָשענע מאַטטע אויגען און אַ פֿאַרמיטען פנים.

— דו וועסט אויך נישט בעססער אויסזעהען — אָנפֿערט דער זוממער מיט אַ זיפֿץ.

— אַלץ האָט זיין ענד, — פֿילאָזאָפֿירט דער ווינטער.

— דאָס ראָדעל דרעהט זיך, שטיממט דער זוממער צו.

זיי שווייגען אַ ווילע, דערנאָך פֿראָגט דער ווינטער:

— און דאָרט וואָס הערט זיך?

— נישט רוהיג — אָנפֿערט דער זוממער — נישט רוהיג...

— די ביימער?

— זיי אויף! דער שוואַרץ יאָהר ווייסט זיי, וואָס זיי סודען זיך! טאָג און נאַכט נאָר געשאָקקעלט זיך, געשושקעט. דאָס פּלאַטטערן פון די לייכטזיניגע בלאַטטער געפעלט מיר אויך נישט; נור, די ווערען אויך געפאָהרליך, יד אחת, א פנים! אויך אין איין רודערן זיך...

— פוילען זאָללען זיי! רופט דער ווינטער.

און עס הייבט זיך אויף אַ ווינד און יאָגט איבער דער וועלט... פון זיין אָטהעם ווערען די בלאַטטער טרוקקען, פויל, און פאַללען מיעד אַראָב פון די צווייגען... אויך דינגע צווייגליך פאַללען. עס קנאַקט, אַ שוואַכע צווייג רייסט זיך אָב פון בוים, פאַלט אַרונטער און וואַלגערט זיך אַרום אויף דער ערד מיט די פוילע בלאַט־טער צוזאַממען.

— און די טייבען? פראָגט דער ווינטער.

— האַלטען מיט! רוישען און מורמלען... זיי איז אויך ענג אויף דער וועלט... איין פאַליע שטופט אונטער די צווייטע, איין וואַלל ברומט צו צום צווייטען: ריהרט אייך, ריהרט אייך! אַרויס אויפ'ן זאַנד, אויפ'ן פרייען זאַנד, צום פרישען גרינעם גראָז... וואָר גרענעץ, וואָס גרענעץ!

משוגעים... אַ פאַליע וויל גאָר אַרויף אין דער הייך! מען שטופט זי אונטער, מען הייבט זי אויף די אַקסעל... זעה וואָס דאָרט איז און דערצייל...

טהייל מאָל זיעדט עס און קאָכט ווי אַ גיהנם...

— קיימען! גיט דער ווינטער אַ בעפעהל... און געשמיעדט ווערען די פריי־טייבען... פריהער ציהט זיך איבער זיי אַ דינגע, קאַלטע הויט, נור זי וואַקסט, די הויט, ווערט דיקקער און האַרטער, דריקט אַלץ צו, דערשטיקט אַלץ... שטילל ווערט אַרום... מען האָרט שוין קיין רוישען, קיין מורמלען...

רוהיג, שטייף, טויט...

פייגעל פליהען אַוועק פאַר שרעק, עס ווערט נאָך שטיללער, טרויעריגער...

— און די אַלטע מכשפה וואָס מאַכט? די ערד!

— זי לעבט... פוצט זיך... מאַכט חנ'דליך, רייסט אָב מענשען־אויגען פון הימעל, זיי זאָללען בעססער קוקען אויף איהר שאָנהייט, אויף איהר חן...

— תכריכים! בעפעהלט דער ווינטער, און די ערד ווערט בעדעקט מיט ווייסע, ווייסע תכריכים און שטאַרבט אין זיי.

זי שטאַרבט אָב — אויף אַ צייט.



# נְשָׁמוֹת.



עס האָט זיך אַללאַה פֿערגלוסט, האָט ער הימעל אונ ערד בעשאַפֿפֿען; דען הימעל פֿאַר זיך אונ זיינע מלאָכים; פֿאַר מענשען, חיות, בהמות אונ עופות, די ערד.

אונ געשווינד האָט ער עס געמאַכט; אין קוים זעקס טאָג אַרויסגערופֿען אַ וועלט פֿון גאָר נישט. דען זיבענטען טאָג איז ער מיעד געוואָרען אונ אַללאַה האָט זיך אָבגערוהט...

פֿון דעמאָלט אָן אָבער האָט ער שוין קיין נייעס בעשאַפֿפֿען. פֿון דעמאָלט אָן רוהט ער, זיצט פֿערלעגט די האַנד אונ האָט אפילו קיין חשק נישט, אַ ניי קאָ גדיל זאַנד צו בעשאַפֿפֿען.

קאָנטיג, ער איז מיט זיין מייסטערווערק נישט צופֿריעדען!

שרעקליך איז דאָך צו זיצען אייביג מיט פֿערלעגטע האַנד... „אייביג" האָט קיין שעור, קיין גרעניץ... עס ווערט איהם אָפֿט לאַנגווייליג! דעמאָלט נעמט ער דען אַלטען האַממער, מיט וועלכען ער האָט אויסגעשמעדיט די וועלט, אונ שפּיעלט זיך, מיט איין איראָנישען שמייכעל אויפֿ'ן פּנים, מיט ערד אונ ליים.

ער שלאָגט זיי טהייל צוזאַממען אויף האַרטע אונ פֿינסטערע שטיקקער; האַרטע ווי דאָס מזל פֿאַר אָרימע לייט, פֿינסטערע — ווי דער אייביגער „מאָרגען" אונ שפּעטער... אַז ניט — צושלאָגט ער אונ צורייבט זיי אויף שטויב, אש, אונ די ווינטען צויאָגען עס אויף אַללע וועלטען...

ער בויגט אויס די האַנד אונ וואַרפֿט ערגיץ אין אַ רינשטאָק אריין אַ שטיק ערד; עס ווערט אַ זומפּ, אַ שליים, עס וואַקסען אונ שפּראָצען הינדם־שוואָמען — אַ שטיללער גן עדן פֿאַר שטוממע וואָרם...

אונ דעמאָלט האָ־ט זיך אַ ווילד פֿרייליך געזאַנג אין אַללע הימלען: אַללאַה בעשאַפֿט... אַללאַהס רחמנות איז גרויס... טאָגליך מאַכט ער אַ ניי גן עדן...

אַ ביטערער שמייכעל פֿערקרימט די גאָטליכע ליפּען; ער שליידערט דען האַממער אַוועק.

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

קלוג איז אַללאַה! אַ זיידענע פֿאָרהאַנג האָט ער פֿערצויגען צווישעןביידע וועלטען, צווישען זיין וועלט אונ אונזער וועלט, אונ האָט, איינמאָל פֿאַר אַללע

מאָל, אָבגעמהיילט דאָס ריינע, הייליגע לעבען דאָרט, פֿון אומריינען פֿינסטערן לעבען דאָ... די פֿאָרהאַנג איז די גרעניץ; די זונן, די לבנה מיט אַללע שטערן זענען די יאָגער ביי דער גרעניץ. זיי היטען עס זאָלל פֿון אונטען קיין טראָפּען, קיין שטויב נישט אַרויף!

אומזיסט רייסט זיך דער שטורם אין מדבר און יאָגט דאָס ברעננענדיגע זאַנד אין דער הייך; קיין איינציג קאָרנדיל ווערט צום וואָלקען נישט דערלאַנגען... אומזיסט טרייבט ער דען וואַלל איבערן ים; זיי וועללען דען הימטעל מיט'ן קאָבענדיגען שוים נישט בעשפּריצען...

און וואָס געשיהט, אַז אַ שטויב רייסט זיך פֿאָרט אַלץ האָבער און האָבער?

צו ווערט עס אין דער הייך פֿערברענט, אָדער אין פֿייער גערייניגט און דורכגעלאָזט?

ווער ווייסט?

---

און דאָך קוממען מאַנכע אַרויף, און איך, געלויבט איז דיין נאָמען, אַללאַה! איך בין איינער פֿון זיי... מיך האָט ער אויסגעוועהלט; פֿון אַללע מיינע, מיינע ברידער, פֿון גאַנצען שטאַמם אויסגעוועהלט...

שווערטער ווי בליצען, פֿערד ווי אָדלער, האָט ער זיי געגעבען, און די הערשאַפֿט איבערן וואונדערליכען סטעפּ, — מיר האָט ער דען הימטעל געאָפֿענט!

און פֿליה איך צום הימטעל, און קומט מיר אַקעגען אַ יאָגער, — אַ שטערן אַ שטרענגער, בעריהר איך מיין האַרפֿע, עס קלינגען די סטרונעס, ער ווייכט... און דער יאָגער דער שטרענגער.

אין די אויגען ביי דעם יאָגער בעוויזט זיך אַ טרעהר. איך געה פֿערביי, שפּיעל און פֿליה מיר אַלץ האָבער און האָבער... מיך גריססען מלאָכים ושרפים, מיך גריססען אַללע, איך בין דאָרט אַ גאַנצער בן בית...

טאַקי אַ בן בית, איך געה אַרום אין פּאַלאַץ און קאָנן מיר דאָרט אָנקוקען די כּלים, די כּסא הכּבוד. און דער עיקר — אַללאַה'ס שפּיעלצייג, וואָס ליגט צוּוואָרפֿען אויפֿ'ן שלחן הפּנים — אויף אַללאַה'ס שרייב־טיש...

---

נור דאָס אַלץ איז געוועזען אַמאָל... היינט — אוים שפּיעלצייג...

פֿון עלעגאַנטען שפּיעלצייג זעננען נשמות געוואָרען, נשמות פֿאַר מענשען.

איהר גלויבט נישט? איהר פֿראָגט, וואו איז דער אוצר פֿון נשמות, פֿון לכען איהר האָט אַזוי פֿיעל געהאָרט און מחמד אַלליין האָט פֿערצאָהלט?

ער איז דאָ דער אוצר, און אָנגעפּאַקט איז ער מיט אַללערליי מינים פֿון נשמות:

גוטע נשמות, ריינע נשמות, נשמות דעסטיליערטע, ווי בוימאָל געלייטערטע, און נשמות גאָר פון עקסטען פאַסס...

עס זעננען פערהאַנען נשמות פון גרויסע לייט, וואָס קוקען אויף אַללעם פון דער הייך און זעהען דעריבער ווייטער... למשל: נשמות פון צדיקים ——

באַ! אַזאַ נשמה איז קיין קלייניגקייט! אַז אַזאַ נשמה קומט אַראָב, פליהט זי אַרום אין גאָטס וויינגאָרטען ווי אַ ביהן, נאָגט אויס דעו זאַפט פון אַללע פיינסטע בלומען, אָדער, ווי די געלערטע זאָגען: די לאָגיק פון די פאַקטען! און קלוג איז אַזאַ נשמה ווי דער טאָג און געוואָהרענט, און בעהיט. אַרומפליהענדיג, וועט זי קיינמאָל זיך נישט אָנריהרען אין אַ שטאָבענדיגען דאָרן, נישט צולעגען די פיינע ליפלעך צו אַ ברעננענדיג, פערסמט געוויקס... ריין קומט זי און ריין געהט זי פון דער וועלט... דעריבער געפינט זי דאָ איבעראַל נור ערליכקייט און יושר. אַלץ, אויף וואָס זי ווארפט אַ בליק, איז שכ׳לדיג, פיין און גלייך!

עס זעננען פערהאַנגען נשמות פון גראָססערע לייט, נשמות פון גאונים, וואָס געהען דער וועלט פאָראויס, וואָס פיהרען די וועלט, וואָס שלעפען זי, די פוילע וועלט אַלץ ווייטער און ווייטער...

די זונן איז אונטערגעגאַנגען, לבנה און שטערן האָט אַ וואָלקען איינגעשלונגען, מיט קופערנע וואָלקען האָט זיך דער הימעל פערפאַנצערט, און אין וויסטען סטעפּ בלאָנקען זיך די קאַרוואַנען אָהן אַ וועג...

אַ קאַלטער ווינד בלאָזט און פייפט, געפרוירען ווערט דאָס בלוט אין די גלידער... פינסטער ווערט די נשמה, דער עולם וויל זיך וואַרפען אויף דער ערד, איינגראָבען זיך אין זאַנד... ער ווייסט נישט וואו אַהין און נאָך וואָס...

נור דער גאון לעבט... זיין ליכט האָט קיין וואָלקען פערשטעלט! ער ווייסט דען וועג, ער ווייסט דען ציעל! ער געהט פאָראויס ווי אַ פייערדיגע זייל, ער שלעפּט מיט זיך... ער פיהרט פון דער פינסטערניש אין דער ליכט אַריין, פון מצרים קיין כנען...

אָהן נשמות, אָהן אָטהעם, מיט פערברענטע ליפען פאַר דאָרשט, — שלעפּט זיך; דער עולם נאָך...

און דער דור־המדבר געהט... מען פאַלט פאַר דאָרשט, פאַר הונגער, פאַר מיעדקייט... זאָלל נור איינער, איינער דערגרייכען, דערזעהען און גליקליך זיין!

עס טרעפּט אָבער, אַז די נאַכט איז צו לאַנג, דער מדבר אָהן אַ גרעניץ, די פיס — געשוואָללען פון אייביגען געהען, די קניען געבויגען... דער עולם קניעט אַנידער, ווי אַ פעמאַטטערט קאָממעל; ער קאָ ג ן נישט ווייטער געהען... גיב חאָטש וואַססער פון שטיין; זאָלל האָטש מן פון הימעל פאַללען... שׂלָו... דעמאָלט ווערט דער גאון בייז... ער חאַפּט דען גרויסען גולם אַן ביי האָהר און שלעפּט

איהן ווייטער מיט געוואַלט... דער עולם ציטטערט פֿאַר דעם הייליגען כעס, וואָס ברענט אין גאון'ס אויגען, פֿאַר דער שום אַרום זיינע ליפּפּען, פֿאַרן רויביגען דונסט אַרום זיינע נאָזלאָכער...

דערנאָך אָבער ווערט דער עולם-גולם אין כעס, הייבט מיט די געוואַלטיג לאַנגע האָנד דען גאון הויך, הויך איבער זיך, אונ שלײַדערט איהן פֿון דאָרט אַראָב אין קאַלליך-אויבען אַריין, אין אַ ליים-גרוב, אָדער אַזוי ערגיץ אויף אַ מיסט...

שולדיג, נאַטירליך, איז דער ערב-רב... נור אַזוי איז, אַזוי געשיהט אינם גאַנג אין מדבר...

היינט שאָנע נשמות... די קליינע ליכטיגע נשמות, די ברעננענדיגע פֿלי-געליך, פֿערשיעדען-פֿאַרביגע זוממער-פֿייגאַליך...

קומט אַ שטיללער פֿאַרנאַכט, שוועבען זיי אונ היפּען אַרום אין דער וואַרימער, שטיללער לופֿט... דאָס זעננען קיין שטערן נישט, זיי לייכטען נישט; זיי וואַרי-מען נישט... מיט זונן אונ שטערען, וועלכע זיי וויללען זיך אויפֿבלאָזענדיג, אימי-טירען, געהערען זיי זיך גאָר נישט אָן; אין זייערע וועגען געהען זיי נישט. זיי זענ-נען איבערהויפּט צו קליין אונ צו לייכט, זיי זאָללען קאָננען האָבען אַ וועג פֿאַר זיך... זיי ווערען געטראָגען פֿון לייכטסטען בלאָז, פֿון לייכטסטען הויך... דאָך שאָן זעננען זיי, איבערהויפּט צווישען טאָג אונ נאַכט... דער בעל-בתי-שער עולם, געהט דעמאָלט אַרויס, אָבצורוהען זיך פֿון דער שווע־ער אַרבייט, צו אָטעמען מיט אַ פֿרייערע לופֿט אונ ציהט זיך אויס די מיעדע גלידער אויף דער גרינער לאָנקע... דער בעל-בתישער עולם האָט ווילד הנאה פֿון די פֿונקען... קוקען אַזוי וויט, וויט ביז צום הימעל איז צו שווער; אונ דאָס — פֿינקעלט פֿאַר די אויגען... אונ דעם בעל-בתישען עולם ווערט דערפֿון מאָדנע ווייך אונ לייטזעליג אויפ'ן האַרץ... טרעהרען בעווייזען זיך אין די אויגען... זיי פֿיהלען זיך בעססער, פֿיינער, קוקענדיג אויף די פֿונקען, אפילו — רחמנות'דיגער... דעמאָלט זעננען זיי גרייט עפּיס צו געבען אין מויל אַריין אַ הונגעריגע יתומה, מיט אַ ייִדען טיכעל אויסצווווישען אַיין אַלמנה די טרעה-רען פֿון די אויגען... זיי ווערען בעססער, ווייכער, זיי זעננען אַללע זינד מוחל, זיי ווערען אומשטאַנד אַרומצוחאַפּען פֿאַר גרויס ליעבשאַפֿט אונ קושען די גאַנצע וועלט, בפרט די העלפֿט, די שאָנערע העלפֿט...

וויכטיגער זעננען פֿילליכט די אָרגינעללע נשמות, אינדיווידועללע נשמות!

אַ מענש, וואָס בעקומט אַזאַ נשמה, איז טאַקי גאָר איין אַנדערער מענש! דאַכט זיך די זעלבע הויט ווי ביי אַללע מענשען, אויגען ווי אַללע האָבען, אַ נאָז — אַ בעל-בתישע, קיין מעשה נישט פֿון אַ נאָז, אונ דאָך איז דאָס גאָר איין אַנדערער מענש!

גאָר עפּיס אַנדערש! דאָס איז איין אָדלער, וואָס פֿליהט איינזאַם אַרום איבער

שפּיצען פֿון די העכסטע בערג, פֿון פֿעלזען און גלעטשער!

עס איז נישט לייכט אַזאַ נשמה צו בעקומען! דער גאַנצער גוף מוז פֿריהר, נאָך אין דער מוטטערס לייב קונציג געענדערט ווערען, די נערווען — פֿערפֿלאָנטיט... אַזאַ מענש זעהט פֿאַר דאָס די פֿאַרב פֿון יעדען קלאַנג! ביינאַכט — ווי די לבנה קרעכצט, ווי זיהרע שטאַהלען סודען זיך. ער פֿיהלט בחוש דען ריח פֿון שאָטטען, וואָס וואַלגערן זיך ערגיץ אונטער אַ חורבה און שפּיערט דען טעם פֿון דער זאַך אַלליין — „אַן און פֿאַר זיך"...

דעריבער פֿיהלען די לייט גאָר אַנדערש ווי אַללע מענשען... בלומען קלויבען געהט מען אויפֿ'ן בית עלמין און צווישען זינגענדיג־קלינגענדיגע וויינטרינקער פֿיהלען זיי אַ ניי־געבוירענען שמערץ, וואָס האָט נאָך קיין נאָמען נישט...

היינט נשמות פֿון אויפֿטהוער, ערפֿינדער, שפּיץ־דיי־שפּיץ־נשמות!

דאָס איז שאַרף ווי טערקישער פֿעפֿער, שפּיציג ווי אַ נאָדעל־שפּיץ און בלאָנדעדיג ווי געוואָרפֿענע בלאַנקע שפּיזען!

מיט איין שאַרפֿען בליק שטיכט עס דורך די ערד און זעהט, וואו וואַססער שפּריצט, וואו גאָלד בעהאַלט זיך, וואו עס ליגט עפּיס, וואָס לאָזט זיך אַרויסציהען און פֿערקויפֿען אויפֿ'ן מאַרק... אַ ציה מיט דער נאָז, און דערשמעקקען און דערפֿיהלען אַללע אוצרות, פֿון אַ שפּאַלט אַרויס, פֿון אַ ריץ! און האָבען נאָך שמאָלע, לאַנגע האָנד, אַלץ אַרויסצושלעפּען אויף דער ליכטיגער שיין, און שכל — אַלץ צו מאָנאָפּאָליזירען, פּאַטענטירען...

גאָר דער עיקר אָבער זעננען די געלעהרטע נשמות... און נשמות דוקא קליינינקע. אַז איך בין געווען אין אוצר, האָב איך זיי קיינמאָל נישט געזעהען, נור געפֿיהלט האָב איך זיי; אַ מאָדנער ריח האָב איך דערפֿיהלט און דער מלאך האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז דער שוויים פֿון חכמים...

אַזאַ קליין נשמה׳לע, אַז עס קומט אַראָב אויף דער וועלט, פֿערקריכט זיך עס אין אַ שטילל ווינקעלע... ווייט פֿון דער וועלט, אָבגעזונדערט פֿון מענשען און מענשליכע אינטערעססען, זיי האָבען קיין עסק נישט מיט דער וועלט!

אינ׳ם קליינעם ווינקעלע איז דער חכם גרוים... דאָרט זעהט ער, קוקט, בעטראַכט, בעשנאַפּט, האָרכט, פֿיהלט, בעשמעקט און וועגט יעדעס פּינטעלע — אַ זאַמדקערנדיל, אַ פֿליגעלע, אַ פֿליטערל, אַ טראָפּען... דאָרט טאַפּט ער דען דפק פֿון אַ פֿער׳חלש׳טער פֿליעג, מאָכט אויס דען שאָטטען, וואָס איין שטויב וואַרפֿט אויפֿ'ן צווייטען... באַ! איך זאָלל אייך וועללען פֿערצאָהלען אַלץ, וואָס אַ געלערנטער טהוט אין זיין ווינקעלע!... ימים טינט וואָלט איך געברויכט...

גענוג, עס איז געווען אַמאָל אַ גוטע צייט, אַ גליקליכע צייט... פֿולל איז געווען דער אוצר, און אָפֿפֿען איז ער געשטאַנען... אַ מלאך זיצט ביים טיש און

פֿערשרייבּט אין אַ פּנקס הוצאָה והכנסה פֿון נשמות... אונ אַ יונגער, לעבּעדיגער מלאַך; מילך אונ בלוט! די האַנד פֿליהט, די פֿעדער סקריפּיט; נשמה אַריין, נשמה אַרויס!

אַרויס פֿליהען די נשמות דורך אַ פֿענסטערל רעכטס. לינקס — קוממען זיי צוריק. אַרויס פֿליהען קלאָרע, אַלבּאַסטער נשמות... גאַנצע מאַססען פֿליהען, ווי די פֿונקען איבּער אַ שמיעדעריי...

צוריק קוממען נשמה'לעך טרויעריגע, פֿערפֿינסטערטע, פֿער'חשך'טע, מיט אָבגעפֿליקטע, פֿייכטע פֿליגעליך... אייגעליך רויטע פֿון וויינען; פּנימליך בלאַססע פֿאַר בושה...

אונ עס שטעהט נישט אַ רגע... פֿון אַללאַה'ס פּאַלאַץ, פֿון כּסא הכּבוד יאָגט אַ בּת־קול נאָך אַ בּת־קול:

— נשמות! — רופֿט עס — נשמות! נשמות פֿאַר דער ערד, נשמות פֿאַר מענשען! פֿערפֿינסטערט זעננען זיי דאָרט, זיצען די האַנד פֿערלעגט... די מרה שחורה וואַקסט... נשמות! נשמות! לעבּענדיגע, הייסע נשמות!

היינט איז טהוי איינפֿאַך טהוי... אַ שיהלער פֿון צווייטען קלאַסס וועט אייך ערקלערען, וואָס טהוי איז. עס איז אונטערגעגאַנגען די זונן, די לופֿט ווערט אָבּגעקיהלט, דער נעפּיל ציהט זיך צוזאַממען, אונ אויף די נאָך קיהלערע בלאַטטער אונ גראָזען בלייבּט די פֿייכטיגקייט העננגען אין געשטאַלט פֿון אַ וועלט־שוויים...

פּאַרצייטען איז אַנדערער טהוי געוועזען... דאָס זעננען טרעהרען געוועזען; טרעהרען, וואָס די נשמות האָבּען געלאָזט פֿון די אויגען, אַז זיי האָבּען, אינ'ם אַראָבּפֿליהען, דאָס ערשטע מאָל אונזער וועלט דערזעהען... זיי האָבּען פֿאַר שרעק אונ רחמנות געוויינט, די נשמות!

אונ דער טהוי האָט טהאָל אונ בּאַרג בּעדעקט... ווייל מחנות, מחנות נשמות פֿלעגען פֿליהען... אַללע האָבּען נשמות בּעקוממען, וואו אַ קינד איז נישט געבּוירען געוואָרען... בּיים פּריץ, בּיים פּויער, בּיים רב, בּיים בּאָדער... פֿון רייכסטען קינד, אויף וועלכען עס האָבּען בּראַבּאַנדער־שפּיצען געוואַרט, בּיז'ן אָרימסטען, וואָס האָט נור אויף אַ וואָרים בּאָרגיל מיסט געהאָפֿט...

קוים דערפֿיהלט אַ מלמד'ס אַ פֿוס די קאַלטע ערד, האָט שוין געוואַרט אַ מלאָך מיט אַ נשמה אונטער די אָרים...

די צייט איז אָבּער, ווי אַללע גוטע צייטען, שוין לאַנג פֿערשוואונדען...

שטילל, קיין בּת־קול רופֿט, עס דרימעלט דער מלאָך איבּערן אָפֿפֿענעם פּנקס, די וועגען אין אוצר אַריין זעננען בּעוואַקסען מיט גראָז, די פֿענסטערליך — בּעהאָנגען מיט שפּינוועבּס...

ער דרימעלט דער מלאָך... אונ אַלט איז ער, אַ מיעד פּנים האָט ער...

אַ לבנה אויפ׳ן קאָפּף... אויפ׳ן שטערן פֿעררוקטע גרויכע בריללען...

וועקט ער זיך אַמאָל, אָפּענט אַ מאַטט אויג און שטעקט אויס די האַנד צו דער פּעדער, — ווילל ער זיך נור די אַלטע צאָהן אויסרייניגען...

האָרט זיך אַ שאָרך, — געניצט ערגיץ אַ פֿערלאָגערטע נשמה, אַ געלעהרטע נשמה... אַ צווייטע העלפּט אונטער... עס געניצט אַ דריטטע, אַ פֿירטע, דער גאַנ-צער אוצר געניצט... דער מלאָך חאַפּט זיך אויף, ווילל אָנשטעללען אַ בייז פּנים, וואַרפּען אַ שאַרפֿען בליק, זאָגען אַ שאַרף וואָרט, ער אָפּפֿענט דאָס מויל און — ענדיגט אויך מיט אַ גאַנץ...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צוויי וועלטען האָט אַללאַה בעשאַפּפֿען, וואָס קער זיך איינע אָן מיט דער צווייטער? צו איז איינע אַ מגושם׳דיגער שאָטטען פֿון דער צווייטער, אָדער די צווייטע — אַ ליכטיגער אָבגלאַנץ פֿון דער ערשטער?

דאָך דאָס איז זיכער, אַז אויבען איז אויך פֿען דע סיעקל...

פֿוילע פּרוכטען, וועלקע בלומען... פֿערשלאָפֿען און אומגעלומפּערט... יענע זייט פּרוכת זעהט אויס ווי אַ דיקקער וואָלקען פֿאַר׳ן פּלאַצען — שוועבעל-קאָליער! די זונן שאָמט זיך אַרוים צו געהן... ווי אַ צינגערגע הקדש-שיססעל זעהט אויס די לבנה... און די שטערן, די שטערן זעהען אויס, ווי די מעשענע נאָגעל-קאָפּליך פֿון אַיין אַלטער קאַנאַפּע.

און מאָרגע איז אין הימעל — פֿויל גרין אָדער וואַקסען-געל...

און שטילל און פֿויל... הייבט זיך אויף אַ האַנד, איז עס נור אַ פֿליעג אַוועק-צוטרייבען, אַ פֿאָדעם פֿון שפּינוועבס זיך אַראָבנעמען פֿון שטערן... ציטטערן אַ פּאָר בלייכע ליפּפּען, לאָזט זיך הערען אַ „פּיה״, ווי פֿון אַ פֿויל בלאָט אין דער לופֿט גע-יאָגט... די איינציגע ווערטער, וואָס הערען זיך אַמאָל, זענגען: נאָך ווענן? נאָך וואָס?

פֿויל הייבט זיך אַמאָל אויף אַ ברעם, עס בעווייזט זיך קוים אַ ווייסעל פֿון אַ מיעד אויג, אָהן פֿאַרב, אָהן אַ גלאַנץ, און עס קוקט, נישט זעהענדיג... גלאַט אַזוי, און ווערט ווייטער פֿערשווינדען אונטער דער ברעם, וואָס פֿאַלט צוריק אַראָב בלייערן שווער.

און אַז דער מלאָך פֿון אוצר ווערט מיעד פֿון לײדיג געהען, געהט צום פּאַ-לאַץ, קלאַפּט אָן ביי אַללאַה אין פֿענסטער, בעט פֿאַר עמיצען אַ נשמה, — לאָזט אַללאַה פֿערשאָמט און טרויעריג אַראָב דען קאָפּף, פֿראָגט זיך אָהן אַ קול: נאָך וואָס, נאָך ווענן?

— און ווענן מיליאָנען פֿונקען, — פֿראָגט ער זיך — זאָללען אַראָב אין זומפּ

אַריין, ווען ביי זייער גלאַנץ אַ וואָרמל חאַטש איין סעקונדע גליק דערזעהען?

און ווענן טויזענדער גאונים זאָללען אַראָב, צו וועללען זיי פֿון דאָרט נישט צוריק קוממען מיט רויטע מיצליך אויף די קעפּ, מעשענע גלאָקליך אַרום די מיצליך, פּאַ־פּיע־ענע מעדאַלען אויף די איינגעפֿאַללענע בריסטען און האָלצערנע שווערדען ביי דער זייט?

און זאָלל שוין איינער און דער צווייטער קאָפּען זיי מיט די פֿיס, ווייטער שטופּען, צו וועללען זיי זיך, די פֿוילע ערד, נישט אָנשלאָגען ביים ערשטען בעסטען שטיין אויפֿ'ן וועג און צוריק פֿאַללען?

און ווענן טויזענדער דענקער, אויפֿטהוער, סיסטעמען מאַכער זאָללען אַראָב, וואָס ווען זיין?

סוחרים וועללען זיי ווערען... פֿערקויפֿען וועללען זיי די אידעען פֿאַר אמת, סיסטע־מען פֿאַר אַקסיאָמאַטען, חלומות פֿאַר פֿאַקטען, און אַלץ פֿאַר געלד, פֿאַר כּבוד...

און פֿון די אמת'ן, אַקסיאָמאַטען און פֿאַקטען ווערען נייע שטיינער, נייע זומפּען אויפֿ'ן וועג אין דער מדבר.

— פֿערפֿושט! זיפֿצט אַללאַה.

און, אַז דער מלאך קלאַפּט ווייטער, ווערט ער בייז; חאַפּט ער, וואָס עס קומט איהם אין דער האַנד אַריין, פֿון טיש אַראָב, און וואַרפֿט איהם אַרויס פֿון פֿענס־טער...

פֿון טיש־קליינינקייטען האָבען מיר היינט נשמות... פֿון שפּיעל־צייג...

און דאָס איז שוין גוט... וויפֿיעל זאַנד פֿון שפּוק־קאַסטען ווערט פֿערשפּרייט...

---

פֿון אַ פּרעססּפּאַפּיער ווערט אַ כּבוד'ער בעל־הבית... אין גאַסס לאָזט ער זיך טרעטען ווי אַ וואָרם, אין דער היים איז ער אַ שטיק אייזען, דריקט ער ווי אַ פּרעסס!

פֿון אַ גלאָקקעל ווערט אַ ראש־וראשון פֿון אַ קליין חברה'לע מיט גרויסע סעודות...

פֿון אַ ליכט־שנויץ — אַ מלמד, אַ לעהרער, אַמאָל אַ שרייבערל... און ווי דאָס ריי־בערט, און — שטינקט!

אַ זייגער האָט זיך אָבגעשטעלט. דער אומרוה איז אַרויס דורכ'ן פֿענסטער, צו־שפּריצט זיך אינ'ם מלאך'ס האַרטען שטערן און דערפֿון זעננען געוואָרען אונזערע ראָדעל־פֿיהרער... די קליינע נביאים'ליך, די פּיצענקע משיח'ליך, די בעלי טובות, די שתדלנים, די עצה געבער! און דאָס בלאָזט זיך, רודערט, קלאַפּערט: טיק־טאַק! טיק־טאַק! אָט ריהר מיר, אָט געה מיר, אָט גיב מיר זיך אַ וואָרף — טיק־טאַק, טיק־טאַק! און ליגען ליגט מען מיט'ן פּנים אין בלאָטע...

---

אונ אַז מען ליגט אין בלאָטע ליגט מען... זעהט מען קיין ליכטיגע שטראַהל, קיין העלערע פאַרב...

אונ מען דאַרף נישט, זאָגט מען! אין זומפּ איז די וואַרימקייט מחיה, אין בלאָטע די פעסטסטע פּרנסה...

אַלץ וואָס בליצט אונ איז דערביי נישט קיין זילבערנע אונ נישט קיין קופּערנע מטבע, איז— כּשוף, פאַרבלענדעניש, זייפען-בלאָזען, קינדער שפּיעל...

אונ אַ קלוגער פאָטער, איידער ער פערמאַכט אויף אייביג די אויסגעקוקטע אויגען, רופט ער צו מיט ליעבשאַפט דען זוהן, חאַפּט איהן אָן מיט די ביינערינע האַנד אונ בעט זיך: שטעק נישט אַרויס די נאָז פון וואַרימען זומפּ... ווערסט נאָך, חלילה, דען קאַטער קריגען...

אונ אַ האַרציגע, רחמנות׳דיגע מוטטער, פאַלט דער טאָכטער, דער כּלה פאַר׳ן בעדעקענס, אויפ׳ן האַלז, קושט זי אונ האַלזט אונ בעט זיך ביי׳ן איהר מיט הייסע טרעהרען:

— טאָכטערשי, זאָלל זיך דיר נישט חלום׳ען פון איבערן זומפּ...

אונ אַז סטרוז קעהרט אויס דען הויף, אונ בעמערקט אַ גלאַנץ ביי׳ן אַ שכן אין פענסטער, שטעלט ער זיך אָב, שפּאַרט דען בעזעם אונטער דער גאָמבע אונ קוקט: שיינט נישט עפּיס שלעכטס אַרויס?

אונ דער גאַססען-עולם, אַז ער טרעפט עמיצען מיט ליכטיגע אויגען אין גאַסס מאַכט ער פּליטה...

פינסטער דאַרף זיין אין זומפּ..

---

גאָטט! וואָס איז געשעהן?
עס האָט זיך דער הימעל געשפּאַלטען?
בין איך וואַך, צו זעה איך אַ חלום?
אַללאַה!

אויפ׳ן כּסא הכּבוד זיצט אַללאַה... לעער איז דער שלחן הפּנים... אויסגעגאַנגען די קלייניקייטען, דאָס שפּיעלצייג...
אונ דער מלאָך קלאַצט...
וואָס טהוט ער, אַללאַה?
ער נעמט די קרוין אַראָב פון קאָפּ! די גאָטליכע קרוין...
אַ בלוטיגער שטרייף בעווייזט זיך אויפ׳ן גאָטליכען שטערן; דען שטרייף האָט די קרוין אויסגעדריקט...

אַ בּריליאַנט — אַ טראָפּפען גאָטליכער שוויים — קויקעלט זיך אַראָב פון אללאַהס פּנים...

און פרייער אָטהעמט ער אָב; ווי עמיץ, וואָס ער איז איהם אַ שווערע לאַסט אַראָב פון די אַקסעל!

וויל ער חרוב מאַכען די וועלט? צוריק — תהו ובהו?

ניין! אַ גוטער, לייטזעליגער שמייכעל בליצט ווי אַ מאָרגענשטערן איבערן גאָטליכען געזיכט. פון די גאָטליכע אויגען שטראַהלט גנאָד, באַרמהערציגקייט און — גליק!

ער שטרעקט אויס די האַנד און — —

די קרוין איז אַרויס דורכען פענסטער!!!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און זי האָט ווייטער געטראָפען אויפ'ן מלאך'ס האַרטען שטערן, און צו־שפריצט איז געוואָרען די קרוין...

און שפּריצען פון בריליאַנטען, רובינען, שמאַראַגדען און אללערליי אַנדערע טהייערע שטיינער צופליהען זיך און פאַללען אַראָב אויף דער ערד, און ווערען נשמות פאַר מענשען...

און די נייע נשמות צופליהען זיך אומעטום, — אין פּאַלאַצען, אין הייזער, אין שטיבליך, אין קעללער, אין ערד־געשאָססען... אין שטאָדט, און דאָרפער... אין צעלטען אין דער מדבר, אין שטרוי און צווייגעןביידליך אין פעלד, אין גאָרטען, אין וואַלד...

און וואו עס פאַלט אַ שפּריץ פון קרוין, דאָרט אָפענען זיך אַ פּאָר פרישע, גרויסע, בליצענדיגע אויגען... אַללאַה'ס אויגען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# פון וואגנער נעהמט זיך

## דאס ווארט:

# „ער שפּיעלט פאר׳ן טייוועל".

**(א פאנטאזיע)**

עס האט געקאנט זיין א כלי־זמר, וואס האט זיך אין א מאדעל אויף א חתונה פערליעבט. ער האט זעלטען, זעלטען שאן אונ טרויריג געשפּיעלט, ווייל ער האט בעמערקט, אז זי האט, פיהלט אונ פערשטעהט איהן.

אויף דער חתונה, וואו זי איז געוועזען, האט ער געשפּיעלט שטאנדיג וויינענדיג, שטאנדיג הארץ־רייסענדיג; שטאנדיג האט זיך זיין וויטאג געגאססען אונ געגאססען.

אונ דער עולם האט נישט פערשטאנענען, וואס עס איז, אונ האבען דערביי „מצוה־טאנץ" געמאכט; זי איינע האט פערשטאנענען, אונ די ליכט אין איהרע אויגען, אדער דער פייכטער טהוי אין זיי, האט אויף זיין שפּיעלען געאנטפערט.

איז אבער זי אויף דער חתונה נישט געוועזען, האט ער גלייך ווי אללע אנגעהויבען גרימפּלען אונ רופען: שבת, שבת!

עס האט געהילעכט, געשארפּיט, געריססען, די געדארים איבער געווארפען...

אונ דער עולם האט דעמאלט געזאגט: היינט שפּיעלט ער וואהל! ער רייסט איין סטרונע נאך דער צווייטער!

דערנאך האט ער אויף איהר אייגענע חתונה געשפּיעלט.

זי איז א יתומה געוועזען אונ ביי׳ם אל־מלא־רחמים, האט די פידעל אזוי יאממער־ליך געוויינט, אזוי געקלאמט, אזוי געקרעכצט, אז... אז די מאננער האבען געוויינט ווי ווייבער, אונ ווייבער האבען גע׳חלש׳ט.

— דער טייוועל שטעקט אין זיין פידעל, האט מען געזאגט. אונ ערשט, אז די כלה האט אנגעהויבען חלש׳ען אונ ווייבער האבען זיך מיט קראמפען צולאכט, האט מ׳ין איהם די פידעל פון די האנד ארויס געריססען. דעמאלט ערשט האט מען בעמערקט, אז ע׳ האט גלאזערנע אויגען...

א צייט לאנג האט ער נישט געשפּיעלט. ער איז ערגיץ פערפאללען געווארען, אדער קראנק געלעגען... דערנאך האט מען איהן וויטער אין קאפעללע געזעהן,

נור מען האָט'ן קוים דערקענט... בלאַסס, אויסגעמאָגערט, מיט פערלאָשענע אויגען; גאַר נישט דער מענש, גאָר נישט דאָס שפּיעלען. ער האָט שוין מעהר קיין שטיי־גער געשפּיעלט, אַפּילו נישט פרים געהאַלטען. איין אַנדערער האָט געשפּיעלט פּרים, אונ ער האָט צוגעהאָלפען, זיצענדיג, נישט ריהרעווריג...

איינמאָל האָט ער זי דערזעהען ביי'ן אַ „וויעטשערע". ער האָט אויסגעריססען די פּיעדעל ביי'ם פּרים אונ אָנגעהויבען שפּיעלען; שפּיעלען ווי אַ מאָל: דאָס אויג פלאַמט דאָס האַרץ דריקט, די פּיעדעל וויינט —

נור קיינער האָרט נישט... זי האָרט אויך נישט! זי האָט זיך צוריק פערמישט צווישען די ווייבער, ער זעהט זי נישט, איהר בליק אָנטפּערט נישט —

— העי! כלי־זמר! שרייט אַ מחותן — שפּיעלט עפּיס פרייליכים צו דער וויע־טשערע! אונ ער האָט געחאַפּט די פּיעדעל, געוואָרפען אויף דער ערד.

ער איז ענטלאָפען.

— אין דעם יונג שטעקט דער טייוועל, האָט מען געזאָגט.

פון דעמאָלט אָן האָט ער גאָר אויפגעהאָרט צו שפּיעלען אויף חתונות. דער עול פון פּרנסה איז אין גאַנצען אויפ'ן ווייב געפאַללען; ער איז געזעססען אין שטוב, שטאָנדיג מיעד, בלאַסס, אָהן כח.

דאָס ווייב האָט געזאָגט: אַ דבוק, אונ געמאַכט זיך אַ שטעלל אויפ'ן מאַרק מיט געקאָכטע ארבים.

זי דאַנקט אונ לויבט דעם אייבערשטען, וואָס האָט זי געשטראָפט מיט רחמנות, וואָס האָט איהר אַ גוטען דבוק געשיקט. איין אַנדערער שלאָגט אונ הרג'ט אונ האַקט אויס שויבען, דער דבוק איז חאָטש אַ גוטער, אַ שטיללער... וואָלט זי געהאַט געלד, וואָלט זי צו'ן אַ גוטען יוד געפאָהרען.

— ער איז אַזוי גוט, ריהמט זי זיך, אַז ער שעלט אפילו נישט. אַ מאָל פלעגט איהם גיכער אַ קללה אַרויס פון מויל; היינט איז ער שטילל ווי אַ טויב. ער ווילל אפילו נישט עססען... גיט מען איהם, עסט ער, נישט — נישט!

נור טהייל מאָל, האַלבער נאַכט, מעהרסטענטהיילס אין אַ לבנה נאַכט — הייבט ער זיך אויף, נעהמט אַראָב די פּיעדעל פון וואַנד, אונ הייבט אָן שפּיעלען.

ער שפּיעלט אַמאָל וויינענדיג, אַמאָל לאַכענדיג; אַמאָל בעט ער, אַמאָל בייזערט ער זיך, אַמאָל רייבט ער די סטרונעס, אַמאָל גלאָט ער זיי אַזוי איידעל, אַזוי דינן, אַזוי האַרצענדיג ווייך, אַז עס צוגעהט אין אַללע אָברים...

אונ דער עולם זאָגט:

— ער שפּיעלט שוין פאַר'ן טייוועל.



# די פֿרומע קאַץ.



דריי זינג־פֿויגעלעך זעננען געוועזען אין איין שטוב און אַללע דריי איינס נאָכ'ן צווייטען — האָט די קאַץ צו רעכט געמאַכט...

עס איז קיין איינפֿאַכע קאַץ נישט געוועזען, נור איין אמת, אמת פֿרומע נשמה, וואָס האָט נישט אימזיסט געטראָגען די ווייסע גוט־יודישע יופּע און געהאַט אייגאַליך, אין וועלכע דער הימעל האָט זיך געשפּיגעלט...

עס איז אַ פֿרומע קאַץ, אַ טבילה־קאַץ געוועזען! 10 מאָל אין טאָג האָט זי זיך געוואַשען... און געגעססען האָט זי שטילל, ערגיץ אין אַ זייט, אין אַ ווינקאַלע...

אַ גאַנצע טאָג האָט זי געחאַפּט וואָס עס איז מילעכדיגס, און ערשט, אַז די נאַכט איז צוגעפֿאַללען, האָט זי געגעססען פֿלייש, כשר מויזען־פֿלייש...

און נישט געאיילט זיך צו דער אכילה, ווי אַ גראָבע זאַך. נישט געחאַפּט און געשלונגען ווי פֿרעססער טהוען; נור בנעימות, שפּיעלענדיג... זאָלל דאָס מייזעל לעבען נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע... זאָלל עס אַ ביסעל אַרומטאַנצען, אָבצימערן, ודוי זאָגען — אַ פֿרומע קאַץ חאַפּט נישט...

אַז מען האָט אין שטוב אריין דען ערשטען זינג־פֿויגעל געבראַכט, האָט זי אויפֿ'ן באַלד רחמנות בעקוממען; עס האָט זי ביים הארץ אָנגעחאַפּט.

— אַזא שיינס, — זיפֿצט זי, — אַזא קליינס, אַזא מחיה'דיג פֿייגאַלע זאָלל קיין .עולם הבא נישט האָבען!

— און עס קאָנן קיין עולם הבא נישט האָבען! — איז זיכער די קאַץ —

ערשטענס וואַשט זיך עס דייטשערים, מיט'ן גאַנצען לייב אין שיסס... וואססער...

צווייטענס, אַז מען האָט עס איינגעזעצט אין שטייג, איז עס שוין אַ חיה רעה, חאַטש אַ יונג, זיס און פֿיין זינג־פֿייגאַלע... האַלט עס שוין מעהר פֿון דינאַמיט ווי פֿון שלחן ערוך!

היינט דאָס זינגען אַליין! דאָס אויסגעלאַססענע זינגען, דאָס צופּייפּען און דאָס קוקען גלייך אָהן אַ שום דרך־ארץ אין הימעל אריין! דאָס רייסען זיך ארויס פֿון שטייג, צו דער זינדיגער וועלט, צו דער פֿרייער לופֿט, צום אָפּפֿענעם פֿענסטער...

צו איז נאָך אַ מאָל אַ קאַץ אין אַ שטייג געזעסען? צו האָט נאָך אַ מאָל אַ פֿרומע קאַץ אזוי געפּיפּען, אַזוי זמרי־בן־סלוא׳דיג געפּיפּען?

— אונ אַ שאָד!, — וויינט דאָס פֿרישע האַרץ אין דער פֿרוממער קאַץ, — עס איז דאָך אַ לעבּעדיגע זאַך, אַ טהייערע נשמה, אַ פֿונק פֿון דער הייך!

דער קאַץ קוממען טרערען אין די אויגען:

— אונ דאָס גאַנצע אונגליק איז, וואָס דער זינדיגער גוף איז אַזוי שאָן, דער עולם הזה דעריבּער — אַזוי לוסטיג, דער יצר הרע אזוי שטאַרק...

ווי קאָנן אַזא קליין זים פֿייגעלע זיך אַקעגען שטעללען דעם שרעקליכֿען גרויסען יצר הרע?

אונ וואָס מעהר עס לעבּט, מעהר זינדיגט עס, גראָסער וועט זיין די שטראָף...

האַ!

אונ אַ הייליג פֿייער האָט זיך אָנגעצונדען אין דער קאַץ, דאָס פֿייער פֿון נחס בן אלעזר, בן אהרן הכהן... אונ זי איז אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿ׳ן טיש, ווּו די שטייג מיט׳ן זינג־פֿייגעלע איז געשטאַננען, אונ —

עס פֿליהען שוין פֿעדערן אין צימער...

---

מען האָט די קאַץ געשלאָגען... די שלאָג נעהמט זי אָן פֿאַר ליעבּ... האָט פֿרום אָבגעקרעכֿצט, אָבגעמאַוטשעט אַ יאָמערליכֿען על חטא...

מעהר וועט זי שוין נישט זינדיגען...

די קלוגע קאַץ פֿערשטעהט, פֿאַר וואָס מען האָט זי געשלאָגען... מעהר וועט זי אויף קיין שלאָג נישט פֿערדיענען...

— מען האָט זי געשלאָגען — פֿערשטעהט די קאַץ, — דערפֿאַר ווייל זי האָט פֿערפֿעדערט די שטוב; ווייל אויפֿ׳ן ווייסען געשטיקטען טישטוך זעננען געבּליבּען פֿלעקען פֿון בלוט...

אַזא פּסק מוז מען מקיים זיין גוט, שטילל אונ פֿרום, עס זאָלל קיין פֿעדער נישט פֿליהען, קיין טראָפּפּען בלוט נישט פֿאַללען...

אונ — אַז מען האָט דען צווייטען זינג־פֿויגעל געקויפֿט אונ אין שטוּב געלאָזט, האָט זי איהן שוין שטילל אונ פֿיין דערוואָרגען אונ מיט די פֿעדערן צוזאַממען איינגעשלונגען...

---

מען האָט די קאַץ געשמיססען...

צוּנד האָט ערשט די קאַץ פֿערשטאַננען, אַז נישט וועגען פֿעדערן געהט עס, נישט וועגען פֿלעקען פֿון בלוט אויפֿ׳ן טישטוך...

דער סוד איז, אז מען טאָר נישט טיידטען! אז מען דאַרף ליעב האבען, מוחל זיין... אז נישט מיט אַרבע מיתות בית־דין פערבעססערט מען די זינדיגע וועלט!

מען דאַרף מחזיר למוטב זיין, מוסר זאָגען, צום האַרץ רעדען!

אַ קאַנאַרעק אַ בעל־תשובה קאָן קומען צו׳ן אַזא מדרגה, צו וועלבער די פּרוסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכען!

אונ די קאַץ דערפיהלט, ווי עס וואַקסט אין איהר דאָס האַרץ פאַר פרייד!

אוים אַלטע, שלעכטע אונ האַרטע צייטען! אוים בלוט פערגיעסען!

רחמנות, רחמנות, אונ נאָך אַ מאָל רחמנות...

---

אונ מיט רחמנות איז זי צוגעגאַנגען צום דריטטען קאַנאַרעק!

— שרעק דיך נישט — מאַכט זי, מיט דער וויכסטער שטימע, וואָס איז אַ מאָל אַרוים פון אַ קאַציגען האַלז,— זינדיג ביסט דו, נור איך וועלל דיר קיין שלעכטס נישט טהון, ווייל איך האָב רחמנות אויף דיר!

איך וועלל דיר אפילו די שטייג נישט אָפּפענען, איך וועלל דיך אפילו נישט אָנריהרען!

דו שווייגסט? — זעהר גוט! איידער פּרעבע ליעדער צו זינגען איז גלייכער שווייגען!

דו צאַפּעלסט — נאָך בעססער! צאַפּעל, צאַפּעל מיין קינד, נור נישט פאַר מיר, פאַר׳ן בורא עולם צאַפּעל, פאַר זיין ליעבען נאָמען!

הלואי זאָלסט דו שוין אזוי בלייבען— שטילל, ריין אונ צאַפּעלדיג...

איך וועלל דיר העלפען צאַפּלען! פון מיין פרומע נשמה וועלל איך הויכען אויף דיר שטילקייט, זיסקייט אונ פרומקייט... מיט מיין הויך זאָלל אַריין אמונה אין דיין לייב, יראת שמים אין דיינע ביינדאַליך, תשובה אונ חרטה אין דיין האַרצאַלע!

אונ די קאַץ פיהלט ערשט, ווי גוט עס איז מוחל צו זיין, ווי אַ פריידע עס איז יענעם אַריינצובלאָזען מיט׳ן הויך פרומקייט אונ ערליכקייט...

אונ עס וואַקסט דאָס פרימסטע האַרץ אין דער פרימסטער ווייסער קאַץ —
נור דער קאַנאַריק קאָנן אין דער קאַצען־לופט נישט אָטמען —
עס האָט איהן דערשטיקט!

# פֿען דע סיעקל 1).

אַ בלאָה זיידען פּרוכת, וואָס מיר רופֿען „הימעל", טהיילט אָב איין וועלט פֿון דער צווייטער.

איבערן פּרוכת איז סאַמע „רוחניות" — הוילע גייסטער; קיין „גוף" און קיין „כּח בגוף", קיין שטויב פֿאַר אַ מיליאָן!

אונטערן פּרוכת איז פֿערקעהרט — סאַמע עפר ואֵפר, סאַמע זומפּ! סאַמע ערד. צו עס האָט זי דער האַמער, וואָס שמיעדט אום די וועלטען, צוזאַממענגעשלאָגען אויף פֿעסטע, מאַסיווע, איינגעשפּאַרטע, פֿינסטערע שטיקקער, צו ער האָט זי מיט אַ זעץ צערשטויבט און צערשפּריצט, און זיי פֿליהען אַרום פֿראַנק און פֿריי אין די לופֿטען אין דער הייך — בלאָטע בלייבט בלאָטע!

„פֿון חזיר האָהר קאָנן מען קיין שטריימעל נישט מאַכען" און אויפֿ'ן פֿערשימעלטען זומפּ וואַקסען תּאוות ווי די הונדס-שוואָממען —

און דאָס בלאָה-זיידענע פּרוכת איז די גרעניץ צווישען ביידע וועלטען, און די זונן, די לבנה מיט אַללע שטערן — סיי די גאָלדענע, סיי די זילבערנע — זעננען די יאָגער, וואָס היטען די גרעניץ, וואָס לאָזען נישט אַרויף קיין שטויב פֿון דער בלאָטיגע ערד.

און וואָס געשיהט, אַז עס הייבט זיך טהייל מאָל אויף אַ שטויב צו הויך און וויל דוקא אין הימעל אַריין?...

טהייל זאָגען, אַז דער „עזות-מחוצף-פּנים" ווערט פֿערברענט, און אַנדערע, אַז ער ווערט אין פֿייער געריינגט און — אַרויפֿגעלאָזט...

איבערן פּרוכת איז — ווי געזאָגט — סאַמע רוחניות.

רוחניות איז דער הימעל — גאָטס פּאַלאַץ.

רוחניות — די מלאָכים, זיינע לאַקעען, די זאַנפֿט-ליכטיגע — ווי די הייס ברעננענדיגע...

---

1) פֿען-דע-סיעקל — דער סוף פֿון יאָהר-הונדערט (היינט — פֿון ניינצעהנטען), און וויל דער געבילדעטער ניינצעהנטער יאָהר-הונדערט האָט זיך גאָר צום סוף איבערגעדרעהט און איז פֿ-ום-אַנטיסעמיטיש-משוגע געוואָרען, דעריבער, וואו מען זעהט אַ קראַנקע זאַך, איין אָבגעלאָזקייט, אַ מיעדקייט, אַ שגעון, אַ נאַרישקייט, אַ ווילדקייט, אַ וואָס עס איז נישט געוואָהנליך — זאָגט מען: „פֿען דע סיעכל". דאָס בעדייגט אַלץ דער „סוף פֿון יאָהר-הונדערט".

גייסטיג איז אויך אַלץ אין'עם פּאַלאַץ פון כּסא הכּבוד, וואָס פערבלענדט מיט טויזענדטער זוננען, ביז'ן פערשאָמסטען טעללערל. וואָס שטעהט אינ'ם טונ־קעלסטען ווינקעלע...

גייסטיג זעננען אויך אַללע טויזענדטער קליינעקייטען, וואָס זעננען צעוואָרפען ביים „זעיר אנפּין" אויפ'ן טיש.

און — איך וויל אייך אויסזאָגען אַ סוד — פון אַ קורצע צייט קוממען, אָט פון די קליינעקייטען, אונזערע נשמות אַרויס.

איהר פראָגט, וואו עס איז אַהין געקוממען דער אוצר הנשמות?

ער איז דאָ!

דאָס איז אַ מאַגאַזין מיט טויזענדער, טויזענדער מינים סחורה — געמיינע, בעססערע, גוטע, גאָר גוטע, סופּער־פען, נעק־פּליוס־אולטרא און גאָר דאָס אייבערשטע פון דער סמעטענע.

איי, איי, וואָס פאַר אַ טהייערע נשמות עס זעננען דאָרט פערהאַנדען!

למשל: נשמות עליונים!

אַז אַזוינס האַפּט זיך אַראָב אויף דער וועלט, פליהט עס אַרום אין גאָטס וויין־גאָרטען, ווי — להבדיל — אַ ביהן, און זויגט אויס דעם האָניג פון אַללע בלומען, אָדער (ווי די געלעהרטע זאָגען) „די לאָגיק פון די פאַקטען!": אין אַללעם, וואָס עס געשיהט, דערזעהט עס נישט נור אַ שכל, טהייל מאָל אפילו אַ יושר. און עס איז בטבע אַ זאַ גוטע בריאה, אַז, קוים דערטאַפּט עס דעם יושר, פּאַטשט עס בראַוואָ, און אַרום שטעהט אין עולם מיט אָפענע מיילער און פּאַטשט נאָך!

געניאַלע נשמות, אָדער — ווי די לשון־קודש שרייבער זאָגען: „גאונים" — דאָס זעננען אַזוינע לייט, וואָס געהן פאַר'ן פינסטערן פאָלק ביי נאַכט ווי אַ פייער־דיגע זייל, פאַר דאָס זעננען זיי רוהיג און וואָלקענדיג ביי טאָג. נור סיי ווי סיי האָבען זיי די זכיה — צו פיהרען די דורות איבער דער מדבר; וויל אַ מאָל דאָס פאָלק נישט געהן, הונגעריג און מיעד פון שווערען זאַמד, האַפּט עס אַ געניאַלע נשמה אָן ביי די האָהר און שלעפּט.

עס טרעפט זיך אויך פערקעהרט: דאָס פאָלק ווערט בּאַז און האַפּט אָן די געניאַלע נשמה ביי די האָהר און וואַרפט זי אין אַ ליימענגרוב, אין אַ קאַללעך אויבען, אָדער אַזוי אין אַ בלאָטע אַריין; נור דאָס מאַכט נישט אויס, אַזוי איז דער גאַנג איבער דער מדבר!

אָט די ערדעלע נשמות — דאָס זעננען אַזוינע גאָלדענע גאָר קליינע פליעגעליך; ווי לייכטען נישט, זיי וואַרמען נישט, נור שאָן זעננען זיי און אין דער פינסטער צו־לאָזען זיי זיך, ווי פונקען איבערן דאַך פון אַ שמיעדעריי...

אין טהייל נאַכט איז מען יוצא מיט זיי פאַר שטערן, בעלי בתים זעהען זיי

און לעגען זיך אויס אויפ'ן גראָז, מאַכען צו די אויגען און זעהען די שאָנסטע חלומות.

דעמאָלט ווערט זיי לייכט און ווייך אויפ'ן האַרץ, זיי וואָלטען די גאַנצע וועלט געהאַלזט און געקושט, איין העלפט אַ ודאי.

אינטערעסאַנטער נאָך זעננען די אָריגינאַללע.

אַזא בריאָה האָט אַ געוואָהנליכע הויט, איין איינפאַכע נאָז, פּראָסטע אויערן, אַלץ ווי גאָטט האָט פאַר אַללע בעשאַפפען, נור אינגערוועניג — אַ ביסל פערקנוידער־טע נערוועןֿ.

אַזא נשמה זעהט דען קול פון טראָמפּייט, האָרט דען טעם פון האָניג, פיהלט דען ריח פון לבנה־שטראַהלען און קאָנן אָנטאַפּען דען שאָטען פון אַ לאַנג גע־שטאָרבען מפיל־קינד!

המוז בעדעקט זיי גאַנץ אָפּט אַ גאַנזענע הויט פאַר קאָלט, און אין מיט'ן ווינ־טער שוויצען זיי פאַר היץ, און אַ גאַנץ יאָהר עססען זיי ווערמוט פאַר האָניג שמאָק.

דער פּראָסטער עולם זאָגט: משוגע! נור מענשען, וואָס פערשטעהן, זאָגען: העֿ! העֿ! וואו נעהמט מען אַ סך אַזוינע!

עס זעננען נאָך פערהאַנדען האָהר־שפּאַלטענדיגע, שאַרף־נאָדעל־שפּיציגע נשמות.

זיי גנב'ענען אַרוים ביי דער שטיפמוטטערישע נאַטור אַללע סודות, מאַכען זיך אויף זיי פּאַטענטען און פיהרען זיי אַרויס צו פערקויפען אויפ'ן וועלט־מאַרק...

הייסט — נשמות ראַקעטען!

דאָס זעננען אַזוינע נשמות, וואָס בליצען אויף, פליהען פייפענדיג דורך אין דער לופט און ווערען פערברענט, אפילו מיט ווייניג נוצען, נור פאַר דאָס מיט גרויסער פּראַכט! און — וואָס פאַר בראַוואָ זיי קריגען!

איהר זעהט, אַז איך לייקען נישט אין אוצר הנשמות: פערקעהרט — איך בין מודה, אַז ווער עס קריגט אַזא נשמה, גלייך פון אוצר אַרויס, נישט קיין גלגול, וואָס האָט זיך שוין אַרומגעוואַלגערט אין איין אָקס, אַ טחויר, און גאָטט ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ חיה — אַז דער וואָס קריגט אַזא נשמה דירעקט, איז אַ מענש; אַ מענש, וואָס, ווי עס איז, ענטלויפט ער נישט פאַר זיך אַלליין, שאָמט זיך נישט מיט'ן אייגענעם פנים און בעהאַלט עס נישט אין בלאָטע, שאָצט זיין קורץ לעבען און פערשפּיעלט עס נישט אין דריידעל, צו אין קאָרטען!...

יאָ! עס זעננען אַ מאָל געוועזען בעססערע צייטען!

דער אוצר הנשמות איז געשטאַנען אָפפען, פראַנק און פריי! אויפ'ן טיש איז געלעגען דאָס גרויסע בוך פון הוצאָה והכנסה, און דער מאַגאַזינער, — נאָך דעמאָלט אַ יונגער מלאך, מילך און בלוט, — האָט געשריבען און געשריבען: נשמות אַריין, נשמות אַרויס.

רעכטס פלעגען אַרוים פליהען פרישע ווייסע טייבליך מיט פעדערליך ווי שניי, און לינקס פלעגען אָנקוממען אַ ביסל אונטערגעברודיגטע, מיט מאַטטע אייגעליך, איינגעבויגענע קאָפּליך און אַ ביסל אויסגעצופּטע פליגעליך. און דורך אַ ראָהר האָבען זיך געהאָרט די בעפעהלען פון זיעבענטען היממעל, איין בעפעהל נאָכען צווייטען: אַ נשמה — לק״ק רייוועץ, דריי — לכרך טישוויץ, זעקס — קיין האָציפּלאָץ, אַ האַלב שאָק — קיין טייוועלסקויט, אַ מאָל אַ נשמה קיין וואַרשוי אויך... און נאַכט אויף נאַכט פלעגט אַרוים אַ טראַנספּאָרט נשמות...

היינט איז די ראָסע אַ פּהיזישע זאַך; די פייכטקייט אין דער לופט, ווייסט מען, זעצט זיך אָב אין געשטאַללט פון טראָפּען, אויף די אָבגעקיהלטע בלאָטער און גראָזען, און דאָס איז דער טהוי. —

דעמאָלט איז עס טרעהרען געוועזען, טרעהרען פון די פרישע נשמות, וואָס האָבען אינ׳ם פליהען די פינסטערע ערד דערזעהען, און האָבען זי פאַר שרעק מיט די טרויעריגע פערל פערזייעט...

און אַללע האָבען דעמאָלט געקריגען נשמות און אמת׳ע נשמות, פונ׳ם רב ביז׳ן באָדער. נאָך איידער אַ מלמד׳ס פוס האָט אָנגעריהרט די קאַלטע פּאָדלאָגע, האָט זיך שוין אַ מלאָך, מיט אַ נשמה׳לע אונטער די אָרים, אויסגעגלייכט די ווייסע פליגעל, געמאַכט זיך גרייט אין וועג אַריין...

ליידער, — אַ מאָל איז געוועזען!

היינט איז דער אוצר פערהאַממערט, די וועגען אַריין און אַרוים בעוואַקסען מיט גראָז...

איננערוויינינ זיצט דער אייגענער מאַגאַזינער, נור ער האָט שוין איין אַנדער פנים. אַ קיילעכדיגע לבנה אוי׳פן קאָפּ, איין נאָכגעלאָזטע אונטערשטע ליפּ און אַ ציטטעריג שיטער גראָה באָרדיל... מיט מעשענע בריללען, פעררוקט אויפ׳ן פּאַרמיטענעם שטערן, זיצט ער און דרימּמעלט; נעהמט ער אַ מאָל די פעדער אין דער האַנד, רייניגט ער אוים מיט איהר די שאָקעלדיגע צאָהן...

פון צייט צו צייט הייבט אָן אַ נשמה ערגיץ אין אַ ווינקעלע צו געניצען, עס טהוט נאָך אַ צ ו ו י י ט ע, אַ ד ר י ט ע, עס געניצט דער מאַגאַזין — דער מאַגאַזינער חאַפּט זיך אויף, מאַכט אַ שטרענג פנים, אָפּפענט דאָס מויל אָנצושרייען און — געניצט מיט...

איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס געהאָר זיך אָן די וועלט מיט י ע נ ע ר וועלט... צו איז י ע נ ע וועלט דער איידעלער אָבגלאַנץ פון ד ע ר, אָדער די איז נור אַ פּערגראָבטע יענע — נור ״אויבען איז אויך פּען־דע־סיעקל״.

דאָס פרוכת פון יענער צייט זעהט אוים ווי אַ חמאַרע פאַר אַ וואָלקען־בראָך, אָנגעזאַפּט מיט שוועביל... די שטערן זעננען אָהנליך צו די געלע מעשענע נאָגעליך

אין איין אַלט מאָדאַשיער קאָנאַפּע... די לבנה זעהט אויס, ווי אַ צינערנער פּורים-טעללער אויף מחצית השקל... איין זונן וואָס האָט נאָך אַ לייטיש פּנים, נור ווער זעהט זי?

פּען-דע-סיעקל שלאָפט נאָך מאָרפּינע ביי טאָג און שלענדערט זיך אַרום דער-נערוויערט ביי נאַכט אין אַללע גאַססען...

פּען-דע-סיעקל אין הימעל!

פּויל-גרין אָדער וואַקסען-געעל — זעננען דאָרט די איינציג מאָדערנע קאָליע-רען... פּויל אַוועקמאַכען מיט דער האַנד, ווי אָבצוביינען אַ פּאָדעם שפּינוועבס פון פּנים, איז די איינציגע בעוועגונג! ריהרען זיך אַ מאָל אַ פּאָר בלאָנעבלאָהע ליפּפּען, איז „עט!" דאָס איינציגע וואָרט, וואָס ווערט פּויל קוים אויסגעאָטעמט...

טהייל מאָל הייבען זיך שווערליך אויף אַ פּאָר שיטערע ברעמען, עס בעווייזען זיך אַ פּאָר מילעכדיגע לבנה'דיג-המעוואַטע אויגען און קוקען זיך אום, נישט פּער-וואונדערט, נישט אינטערעסירט, איין גאָטט ווייסט נאָך וואָס, און זיי פּאַללען באַלד צוריק...

„נאָך וואָס לוינט צו אָפּפּענען דען אוצר הנשמות!".

„און אַז מיליאַרדען פּונקען וועללען אַריין אין דעם זומפּ, וועט עמיץ ביי זייער גלאַנץ אַיין סעקונדע גליק דערזעהען?"

„און וואָס העלפּט עס, אַז מען שיקט פון צייט צו צייט אַראָב געניען? זיי קוממען צוריק ריינע פּורים-שפּיעלער, בעהאָנגען מיט פּאַפּיערענע מעדאַלען און נאָכשלעפּענדיג מיט אַ גדלות די האָלצערנע שווערטען!"...

„און אַז איינער פּערגעסט נישט זיין ראָלע און קאָפּיט אַוועק די פּינסטערע וועלט פון אָרט, — שלענדערט זי זיך צום ערשטען בעסטען שטיין אויפ'ן וועג און פּערזינקט נאָך טיעפּער אין דער בלאָטע"...

„און שיקט מען זיי ליכטיגע נשמות, נשמות מיט אידעען, פּערטווישען זיי די אידעען אויף איבערצייגונגען, אויף פּריהר-פּונקטען, וואו דער מוח ווערט געפּרוירען און פּערגלאָזערט אויף אייביג און קאָנן שוין קיין אַנדערע געשטאַלט נישט בעקוממען"...

„פון די איבערצייגונגען ווערען נייע שטיינער אויפ'ן וועג"...

אַזוי טראַכט דער פּען-דע-סיעקל אין הימעל. —

און אַז דער מלאך הממונה על ההריון קלאַפּט אָן נאָך אַ נשמה פאַר'ן גראָס-טען גבירים בן יחיד וועגען, לאָזט כביכול אַראָב פּערשאָמט די הייליגע אויגען; ער בויקט וויטער אין דער שויבען-טהיר, „זעיר אנפּין" ווערט אונגעדילדיג און וואַרפט איהם אַרויס וואָס עס איז פון שטוב... וואָס עס איז... וואָס עס קוממט איהם אונטער דער האַנד, אונטערן פוס, קלייניגקייטען, וואָס עס לאָזט זיך לייכטער

אָנחאַפּען און אַרויסשליידערן דורך טהיר און פֿענסטער... און פֿון די קלייניקייטען קומען אַרויס קליינע, דראָבנע נשמה׳ליך! זיי זיינען אָפּט גאַנץ שאָן, טהייל מאָל אויך נוצליך, אפילו געלעהרט נור דראָבנע... זיי זיינען אַזוי קליין, אַז די גרויסע וועלט קאָנן אין די קליינע מוחות נישט אַריין... מען מוז זי קונסטליך שפּאַלטען אויף פֿעלקער, מדינות, פּראָווינצען, אפילו דאָרפֿער און שטעדט...

און יעדע שטאָדט און יעדעס דאָרף טהיילט זיך ערשט אויף קלאַססען...

„דער זאַטטער איז דעם הונגעריגען קיין חבר נישט!"

„ווייסע האָנד און שוואַרצע האָנד קאָננען נישט צוזאַממען כהנים דוכענען!"..

און יעדעס קליינע וועלטעל האָט זיינע קליינע נביאים, דראָבנע פּאַטריאָטען, פּיצליך פּאָליטיקער... ווייל דאָס איז אַלץ קליינינגקייטען פֿון טיש אַראָב...

אָט — פֿון אַ פּרעספּאַפּיערל, ווערט אַ קליין בעל־בּתּיש טיראַנדעל איבער ווייב און קינד; ער קאָנן נישט אַנדרעש!

פֿון אַ שנויץ פֿון אַ סטערין־ליכט ווערט אַ מלמד, אַ לעהרער, אַ „פֿון דאַננען ביז דאַננען", וואָס רייבערט און קאָנן קיינעם נישט ליכטיג מאַכען אין מוח...

פֿון אַ האַנד־שעערל ווערט אַ רעדאַקטאָר, אַ ליטעראַט צו און אויסשניידער, פֿון אַ טיש־גלאָקקעל — אַ פֿאָרזיצענדער פֿון אַ קליינע צדקה־חברה, מיט גרויסע וויעט־שערים...

פֿאַלט אַ מאָל אַרויס אַ צאָהן־בּאָרשטיל, ווערט פֿון יעדער האָהר אַ דענטיסטקע.

איינמאָל (פֿערצאָהלט מען אויף זיכער) איז אין הימעל אַ זייגער שטעהן געבליבען און דער אונרוה איז אַרויס דורכען פֿענסטער; ער האָט זיך צושפּריצט אויף טויזענדטער קהל׳ס לייט, שתדלנים, מליצי־יושר, ראָדעל־פֿיהרער, קליינע משיח׳ליך... עס רוישט און קלינגט: טיק־טאַק, טיק־טאַק, טיק־טאַק... עס דאַכט זיך מען טהוט, מען געהט און מען ריהרט זיך נישט פֿון אָרט...

אפילו די געלעהרטע זענען אַזוינע דראָבנע, פּיצליך נשמה׳ליך ווי די שפּילקעקאָפּליך... יעדע זיצט זיך אין איהר ספּעציאַליטאָט... קאָניגט אין איהרע אָבגעמאָסטענע פֿיער שפּאַנן!

אָה! דאָרט קאָנן זי אַללעס! יעדע שפּאַרע, יעדעס שפּאָלטעל! דאָרט ווערט יעדער שטויב געמאָסטען און געוואויגען, בעשמעקט און בעטאַפּט, און פֿערזוכט! און אַלץ ווערט פֿערשריעבען לזכּרון — דער טעם און דער ריח און אפילו דער שאָטטען, וואָס איין שטויב וואַרפֿט אויפ׳ן צווייטען...

נאָך די פֿיער שפּאַנן, איז זי אין אַ פֿרעמדע מלוכה אָהן אַ „בעדעקער" און אָהן אַ פּאַספּאָרט.

דאָרט איז זי בלינד און פֿלאַטערט, און שלאָגט מיט די פֿליגעליך ווי

אַ פֿלעדער־מייזעל אין מיט'ן שאָנעם העללען טאָג!

דאָרט איז שוין אַ פֿרעמדע וועלט, דאָרט זיצט שוין איין אַנדער שפּילקע־קאָפּ־פּיל און גריבעלט, און טאַפּט, און שמעקט, און מאָסט אויס יעדען שאָטטען פֿון י״ג־ען שטויב...

פֿון די קליינע פֿונקען קאָנן קיין פֿייער נישט אַרויס, זיי קוממען זיך קיינמאָל נישט צוזאַממען און דעריבער איז אַזוי קאַלט, אַזוי נאַסס, אַזוי גראָה און קויטיג די גאַסס, דער מוח, דאָס האַרץ...

נור פּראַקטישע מענשען זאָגען, אַז אַזוי דאַרף זיין! אַז קויטיג גראָה און בלאָטיג איז — דאָס לעבען, דער אמת, דער פֿאַקט! אַז וואָס עס גלאַנצט (און עס איז דערביי קיין גאָלד נישט) נאַרט אָפּ, וואָס עס האָט קאָליערען, איז קינדער־שפּיעל, זייפֿען־בלאָזליך, חלומות וויסטע...

און יעדער פּראַקטישער טאַטע, איידער ער פֿערמאַכט אויף אייביג די קלוגע, חאָטש שוין האַלב־פֿערשטאַרטע אויגען, חאַפּט אָן מיט דער ביינעריגער האַנד דען איינציגען זוהן און בעשוואָרט איהן: הייב דען קאָפּף פֿון דער בלאָטע נישט אויף! וועסט דיך נאָך, חס ושלום, פֿערקיהלען און דען קאַטער קריגען!

און דעריבער פֿאַלט די האַרצ־געטרייע מאַמע אויפ'ן האַלז פֿון דער בעדעקטער טאָכטער, און נעצט איהר דורך דען שלייער מיט הייסע טרעהרען, און בעט זיך ביין איהר, און חלש'ט: טאָכטערשי, זאָלל זיך דיר אין לעבען נישט חלומען!

און דעריבער לעגט דער שטרענגער פּראָפֿעססער דען דאַרען פֿינגער אויף דער שאַרפֿשפּיציגער נאָז און וואָהרענט די שיהלער:

קינדער, היט אייך פֿאַר פֿאַרבען!

און דער סטרוזש פֿון הויז בלייבט פֿון צייט צו צייט שטעהן אין מיטען הויף, אָנגעשפּאַרט מיט דער גאָמבע אויפ'ן בעזעם, און קוקט צו די לאָקאַטאָרען אין די פֿענסטער אַריין, צו גלאַנצט נישט, חלילה, ערגיץ אַ שויב...

און די אַללע פּראַקטישע — קלוגע מענשען, אויב זיי געהען אַרום אין מאַרק און טרעפֿפֿען אַ מענש מיט שטראַהלענדיגע אויגען, לויפֿען זיי זיך צוזאַממען אַ ראָדעל און קאָפּען הינטערוויילעכטס אַוועק מיט די פֿיס...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אָט — איך ליג אַזוי און קלער און דאָ שפּאַלט זיך דער הימעל און איך זעה, וואָס עס טהוט זיך אין פּאַלאַץ ביים זעיר־אַנפּין...

אַ מלאך פּויקט וויטער אין פֿענסטער אַריין; ער ווערט, כביכול, בּאָז, חאַפּט אַראָב די קרוין פֿון קאָפּף און וואַרפֿט זי איהם פֿון פֿענסטער אַרויס...

און איך זעה, ווי, כביכול, דער זעיר־אַנפּין איז געבליבען זיצען אָהן דער קרוין, מיט אַ רויטען פֿאַס אויפ'ן גאָטליכען שטערן, — דאָס האָט איהם געמאַכט די

שאַרפֿע ראַנד פֿון דער קרוין, — און אַ הייליגער טראָפּפּען שוויס איז אַראָב געראָננען פֿון אונטערן רויטען פֿאַס...

און ער, ער כּביכול האָט אָבגעאָטעמט פֿריי און אַ הייליגער, ערבאַרמהאַרציג־גוטער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיין געטליך פּנים!

און דערווייל האָט די קרוין אויפ'ן האַרטען קאָפּף פֿון מלאך געפּלאַצט... זי האָט געפּלאַצט און איז צו שפּריצט געוואָרען... און טויזענדטער, טויזענדטער שפּריצען, פֿון בריליאַנטען און רובינען, פֿון שאַפֿיר, און אָפּאַל זעננען זיך צופֿלויגען פֿון דער געטליכער קרוין.

און עס זעננען אַראָב אויף דער וועלט טויזענדטער, טויזענדטער נשמות פֿון די שפּריצען פֿון דער געטליכער קרוין! און זיי זעננען זיך צופֿלויגען אין שטאָדט און אין דאָרפֿער, אין פּאַלאַצען, הייזער, צעלטען און היילען! און ווי עס איז אַריין אַ שפּריץ פֿון דער געטליכער קרוין, דאָרט האָבען זיך געעפֿענט אַ פּאָר געטליכע אויגען.

און דערפֿון זעננען אויפֿגעוואַקסען גאָר אַנדערע, אַנדערע מענשען...

מיט קלענערע מאָגען נור פֿאַר דאָס מיט גראָסערע הערצער און מוחות. און אין יעדען מוח האָט זיך אָבשלאָגען די גאַנצע וועלט נישט קיין דראָבנע חלק פֿון איהר... און די הערצער האָבען געשלאָגען פֿאַר אַללע, פֿאַר אַללע פֿון דער געטליכע קרוין נישט נור פֿאַר היימישע, פֿאַר אייגענע...

און איינער האָט דען אַנדערן און נאָך בעססער זיך אַלליין פֿערשטאַננען... און קיינער האָט זיך פֿאַר קיינעם נישט געהיטען, פֿאַר קיינעם נישט ענטלאָפֿען און קיינעם נישט געיאָגט...

און עס איז ליכטיג און העלל געוואָרען אויף דער וועלט און איינער האָט אינ'ם צווייטען דען ברודער דערזעהען און דערקענט —

און אַ פּאָליציי איז אַרומגעגאַנגען אין אַללע גאַססען מיט אַ פּויק און האָט גערופֿען: לערנט אייך, לערנט אייך, לערנט אייך! וואָס איהר וועט דערקעננען, דאָס וועט איהר ליעב בעקוממען!

לײדער איז עס דערווייל נור אַ חלום געוועזען!



# חַסִידִישׁ.

# אינהאלט:

# מקובלים.

אין די שלעכטע צייטען, פֿאַלט אפילו תורה — די בעסטע סחורה — אויך.

פֿון דער לאַשציוועד ישיבה איז מעהר נישט געבליבען נור דער ראש ישיבה — ר' יעקיל מיט אַיין איינציגען תלמיד.

דער ראש ישיבה איז אַיין אַלטער דאַארער יוד, מיט אַ לאַנגע צושויבערטע באָרד, מיט אַלטע, אויסגעלאָשענע אויגען; למך, זיין געליבטער תלמיד, איז אַ יונגער מאַנן, אויך אַ דאַארער, אַ הויכער, אַ בלאַססער מיט שוואַרצע געקרייזעלטע פאות, ברענעדיקע, שוואַרצע, אונטערגעשלאָגענע אויגען, פֿערברענטע ליפפּן, אונ אַ ציטטעריגען שפּיציגען גאָרגעל;ביידע — מיט „אויפֿגעחראַשעטע" הערצער, אָהן העמדער, ביידע אין לאַבעס; דער ראש ישיבה שלעפּט קוים נאָך אַ פּאָר פּויערישע שטיוויל, דעם תלמיד אָהן זאָקען פֿאַללען די שוסטער־שיך אַראָב פֿון די פֿיס. —

דאָס איז געבליבען פֿון דער בעריהמטער ישיבה!

דאָס פֿעראָרימטע שטאָדטיל האָט אַללע מאָל וועניגער געשיקט עססען, געגעבען טאָג; זענען זיך די אָרים־בחורים צוקראָכען! ר' יעקיל אָבער וויל שוין דאָ שטאַרבען, אונ זיין תלמיד — לעגען איהם די שאָרבליך אויף די אויגען.

אונ זיי ביידע ליידען אויך אַ מאָל הונגער. פֿון וועניג עססען קומט וועניג שלאָפֿען, פֿון גאַנצע נאָכט נישט שלאָפֿען, אונ נישט עססען — אַ חשק צו קבלה!

כמה נפשך — דאַרף מען אויפֿזיין גאַנצע נאָכט אונ הונגערן גאַנצע טאָג, — לאָז מען חאָטש דערפֿון אַ נוצען האָבען, זאָלל חאָטש זיין: תעניתים מיט סגופֿים, זאָללען זיך חאָטש אָפֿפֿענען אַללע טויער־ען פֿון דער וועלט מיט סודות, רוחות אונ מלאכים!

אונ זיי לערנען שוין קבלה אַ צייט!

צונד זיצען זיי ביים לאַנגען טיש, איינע אַליין. ביי יעדען איז צונד נאָך מיט־טאָג, ביי זיי איז נאָך פֿאַר פֿרישטיק. זיי זעננען דאָך געוואָהנט דערצו. — דער ראש ישיבה פֿערגלייסט די אויגען אונ רעדט; דער תלמיד זיצט, אונטערגעשפּאַרט אויף ביידע האָנד מיט'ן קאָפּף אונ האָרט —

— אין דעם זעננען דאָ — זאָגט דער ראש ישיבה — אַ סך בחינות: איינער קענן אַ שטיקעל, איינער אַ האַלבען, איינער אַ גאַנצען נגון. — דער רבי, ז"ל, האָט

געקאָנט אַ גאַנצען נגון, אפילו מיט אַ צושפּיעל! — איך (האָט ער צוגעגעבען טרויעריג) האָב קוים די זכיה צו׳ן אַ פּיצעלע, אָט אַזוי גרויס...

ער האָט אָבגעמאָסטען אַ פּיצעל פון דאַארען פינגער און האָט ווייטער געצויגען:

— עס איז פעראַהאַנען אַ נגון, וואָס מוז האָבען ווערטער... דאָס איז גאָר אַ נידעריגע בחינה... עס איז פעראַהאַנען אַ העכערע בחינה: אַ נגון, וואָס זינגט זיך אַלליין, גאָר אָהן ווערטער — אַ ריינער נגון! נור דער נגון דאַרף נאָך האָבען אַ קול... און ליפּפּען, דורך וועלכע דאָס קול געהט אַרויס! און ליפּפּען — פערשטעהסט דו — זעננען דאָך גשמיות! און דאָס קול אפילו, עס איז איין עדעלער גשמיות, גשמיות איז עס!

לאָז זיין, אַז דאָס קול שטעהט אויף דער גרעניץ צווישען רוחניות און גשמיות!

נור סיי ווי סיי דער נגון, וואָס הערט זיך מיט אַ קול, וואָס העגגט אָב פון די ליפּפּען, איז נאָך נישט ריין, נאָך נישט אין גאַנצען ריין... נאָך נישט קיין אמת׳ער רוחניות!...

דער אָמת׳ער נגון אָבער זינגט זיך גאָר אָהן אַ קול... עס זינגט זיך אינגערווייניג, אין האַרץ, אין די געדאַרים!

אָט, דאָס איז דער סוד פון דוד המלך׳ס ווערטער: „כל עצמותי תאמרנה”... אינ׳ם מאַרך פון די ביינער דאַרף זינגען, דאָרט דאַרף זיין דער נגון — דער העכסטער שבח פאַר גאָטט ברוך הוא! דאָס איז נישט דער נגון פון אַ בשר ודם, דאָס איז קיין אויסגעטראַכטער נגון! דאָס איז שוין אַ חלק פון נגון, מיט וועלכען גאָטט האָט די וועלט בעשאַפען; פון דער נשמה, וואָס ער האָט אַריין געגאָססען אין איהר...

און אַזוי זינגט די פמליא של מעלה! אַזוי האָט געזונגען דער „יוד”, זכרונו לברכה!

דען למוד האָט איבערגעהאַקט אַ צושויבערטער יונג מיט אַ שטריק אַרום די לענדען — אַ טרעגער. ער איז אַריין געקוממען אין בית המדרש, אַנידערגעשטעלט אַ שיססעל גריטץ מיט אַ שטיקל ברויט אויפ׳ן טיש נעבען ראש־ישיבה, און מיט אַ גראָב קול געזאָגט: „ר׳ טעביל שיקט דעם ראש־ישיבה עססען!” און האָט זיך איבער געדרעהט, און, אַרויסגעהענדיג, צוגעגעבען: „שפּעטער וועל איך קוממען נאָך דער שיססעל!”

אַרויס דורך דען גראָבער טרעגער־קול, פון דער גאָטליכער האַרמאָניע, האָט זיך דער ראש־ישיבה שווער אויפגעהויבען און איז, נאָכשלעפּעדיג די גרויסע שטיעוויל, צוגעגאַנגען צו׳ם כיור זיך וואַשען.

געהענדיג, האָט ער ווייטער גערעדט, נור מיט וועניגער התלהבות,

און דער תּלמיד האָט איהן פֿון זיין אָרט נאָכגעיאָגט מיט די אויפֿגעשפּיצטע אויערען און ברענענדיגע פֿערחלומטע אויגען.

— נור — זאָגט ווייטער ר׳ יעקיל מיט אַ טרויריגער שטיממע — איך האָב אפילו די זכיה נישט משיג צו זיין, אין וואָס פֿאַר אַ בחינה דאָס איז! אין וועלכען שער דאָס קומט! זעהסט דו,— גיט ער שוין צו מיט אַ שמייכעל,— די סגופים מיט די צרופים, וואָס מען דאַרף דערצו, די וויים איך. און איך וועלל זיי דיר נאָך אָפשר היינט איבערגעבען!

דעם תּלמיד קריעכען שיער די אויגען אויס; ער האַלט אָפֿען דאָס מויל צו חאַפּען יעדעס וואָרט. נור דער רבי האַקט אָב; ער וואַשט זיך, ווישט זיך די האַנד, זאָגט „שאו ידיכם", געהט צוריק צום טיש און מאַכט, מיט ציטעריגע ליפּען, די „המוציא"...

מיט ציטעריגע דאַרע האַנד העבט ער אונטער די שיססעל. די פּאַרע פֿערדעקט איהם מיט אַ וואַרימען דונסט דאָס ביינינע פּנים; דערנאָך שטעלט ער זי צוריק, נעהמט דען לאָפֿעל אין דער רעכטער האַנד, און וואַרימט די לינקע האַנד אין ראַנד פֿון שיסעל. דערביי צוקוועטשט ער מיט דער צונג אָן די גאָלע דזיאָנסלים, די רעשט „מוציא" מיט זאַלץ.

אָנגעוואַרימט דאָס פּנים מיט די האַנד, קנייטשט ער שטאַרק איין דען שטערען, ציהט צוזאַממען די בלאָנעבלאָע דאַרע ליפּען, און הייבט אָן בלאָזען.

ביי דער גאַנצער צייט האָט פֿון איהם דער תּלמיד קיין אויג נישט אַראָב געלאָזט. און, בשעת דען רבי׳נס ציטערדיג מויל איז אָקעגען געלאָפֿען דעם ערשטען לאָפֿעל גריץ, האָט איהן עפּיס אָנגעחאַפּט ביי׳ם האַרץ; ער האָט זיך פֿערשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע האַנד און האָט זיך אין גאַנצען איינגעצויגען.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַריין געקוממען נאָך אַ יונג מיט נאָך אַ שיססעל גריטץ מיט ברויט:

„ר׳ יוסף שיקט דעם תּלמיד אָנבייסען!"

נור דער תּלמיד האָט נישט אַוועק גענוממען די האַנד פֿון פּנים.

דער ראש־ישיבה האָט אַוועק געלעגט דען לאָפֿעל און איז צוגעגאַנגען צום תּלמיד. אַ ווייל האָט ער מיט שטאָלצער־ליעבע אויפֿ׳ן געקוקט, דערנאָך האָט ער איינ־געהילט די האַנד אין דער פּאָלע און אָנגערירט איהם דעם אַקסעל.

— מען האָט דיר געברענגט עססען, — וועקט ער איהן מיט אַ פֿריינדליך קול. טרויעריג און לאַנגזאַם האָט דער תּלמיד אַוועק גענוממען די האַנד פֿון פּנים. און דאָס פּנים איז נאָך בלאַססער געוועזען, און די אונטערגעשלאָגענע אויגען האָבען נאָך ווילדער געברענט.

— איך ווייס, רבי! אָנטפּערט ער — נור איך וועלל נישט עססען היינט!

— דער פירטער תענית? — האָט דער ראַש־ישיבה געפראָגט, פערוואונדערט, —

— און אָהן מיר? גיט ער צו מיט אַ פּרעטענסיע.

— עס איז איין אַנדערער תענית, — אָנטפּערט דער תלמיד, — עס איז אַ תענית־תשובה!

— וואָס רעדסט דו? דו — און אַ תענית תשובה?

— יאָ, רבי! אַ תענית־התשובה... אַ רגע פריהער, ווען איהר האָט אָנגע־הויבען עססען, האָב איך געהאַט אַ הרהור... עובר צו זיין אויף לאַ־תחמוד!

---

אין דער זעלבער נאַכט, גאַנץ שפּאָט, האָט דער תלמיד געוועקט דען רבי'ן. זיי זעננעןביידע געשלאָפען, זיך געגען איבער, אויף באַנק אין קלויז.

— רבי — רבי! האָט ער גערופען מיט אַ שוואַך קול —

— וואָס איז? האָט זיך דער ראַש ישיבה אויפגעכאַפּט דערשראָקען.

— איך בין צונד געוועזען אין דער הויכער מדרגה...

— ווי אַזוי? פראָגט דער ראַש ישיבה נאָך אַ ביסל פערשלאָפען.

— עס האָט אין מיר געזונגען!

דער ראַש ישיבה האָט זיך אויפגעזעצט:

— ווי אַזוי?

— איך ווייס אַליין נישט, רבי, — האָט דער תלמיד מיט נאָך אַ שוואַכער קול געאָנטפּערט, — איך האָב נישט געקאָנט שלאָפען, האָב איך מיך פערטיפט אין אייער שמועס... איך האָב געוואָלט דוקא קעננען דען נגון... און איך האָב, פאַר גרויס צער, וואָס איך קען נישט דען נגון, אָנגעהויבען וויינען... עס האָט אין מיר אַלץ געוויינט; אַללע אברים האָבען געוויינט פאַר'ן רבונו של עולם!

דערביי האָב איך געמאַכט די צרופים, וואָס איהר האָט מיר איבערגעגעבען... אַ וואונדערליכע זאַך: נישט מיט'ן מויל, נור עפּיס אינערווייניג... פון זיך אַליין! ראַפּטום איז מיר ליכטיג געוואָרען... איך האָב געהאַלטען צו די אויגען, און עס איז מיר געוועזען ליכטיג, זייער ליכטיג, זייער שטאַרק ליכטיג!...

— אַט! בייגט זיך צו דער ראַש ישיבה.

— דערנאָך איז מיר געוואָרען פון דעם ליכט אַזוי גוט, אַזוי לייכט... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וואָג גאָר נישט, אַז מיין גוף האָט די וואָג פערלוי־רען, אַז איך קענן פליהען...

— אַט! אַט!

— דערנאָך בין איך געוואָרען לוסטיג, לעבענדיג, לאַכענדיג... דאָס פנים האָט זיך מיר נישט געריהרט, די ליפּפּען אויך נישט, און איך האָב דאָך געלאַכט...

אונ אזוי גוט, אזוי הארציג, אזוי נחת׳דיג געלאַכט!

— אַט! אַט! אַט! — מתוך שמחה!

— דערנאָך האָט עפּיס אין מיר געברומט, ווי אַיין אָנהייב פון אַ ניגון געברומט— דער ראש ישיבה איז אראָב געשפּרונגען פון זיין באַנק אונ איז מיט אַמאָל געוועזן ביים תלמיד: —

— נו — נו —

— דערנאָך האָב איך געהערט, ווי עס האָט אין מיר אָנגעהויבען זינגען!

— וואָס האָסטו דו געפיהלט? וואָס? וואָס? זאָג!

— איך האָב געפיהלט, אַז אַללע חושים זעננען מיר פערשטאָפּט אונ פער־מאַכט, אונ עפּיס אינוועניג זינגט... אונ אזוי ווי מען דארף — גאָר אָהן ווערטער, אַט אַזוי...

— ווי אַזוי? ווי אַזוי?!

— ניין, איך קאָנן נישט... פריהער האָב איך געוואוסט... דערנאָך איז פון׳ם זינגען געוואָרען... געוואָרען...

— וואָס איז געוואָרען — וואָס?...

— אַ מין שפּיעלען... גלייך, להבדיל, איך וואָלט אינוועניג אין מיר אַ פּיע־דעל געהאַט. אָדער גלייך יונה כּלי־זמר זאָלל אין מיר זיצען אונ שפּיעלען זמירות, ווי ביים רבי׳ן צו טיש! נור עס האָט געשפּיעלט נאָך בעססער, נאָך אָדעלער, מיט נאָך מעהר רוחניות! אונ אַלץ אָהן אַ קול, אָהן אַ שום קול — סאַממע רוחניות!...

— וואהל איז דיר! וואהל איז דיר! וואהל איז דיר!

— צונד איז אַלץ אוועק! — מאַכט טרויריג דער תלמיד, — עס האָבען זיך מיר צוריק געאָפּענט די חושים, אונ איך בין אזוי מיעד, אזוי, א־זוי־מי־ע־ד מיעד! אַז איך...

— רבי! — האָט ער ראַפּטוס אַ געשריי געטוהן, זיך אָנגעהאַפּענדיג ביים הארץ, — רבי! זאָגט מיט מיר ודוי! מען איז געקוממען נאָך מיר! — עס האָט דאָרט אין פמליא של מעלה אַ זינגערל פערפעהלט! אַ מלאך מיט ווייסע פליגעל!... רבי! רבי! שמע ישראל! שמעעע... יש...

---

דאָס גאַנצע שטאָדטעל ווי איין מענש, האָט זיך געווינשען אַזאַ טויט, נור פאַר׳ן ראש ישיבה איז נאָך ווייניג.

— נאָך אַ פּאָר תעניתים, — קרעכצט ער, — וואָלט ער שוין געשטאָרבען „בנשיקה״!



# אויב נישט נאָך העכער.

## אַ חסידישע ערצעהלונג.

אונ דער געמיראַווער פלעגט סליחות-צייט יעדען פריה מאָרגען נעלם ווערען, פערשווינדען!

מען פלעגט איהם ניט זעהן אין ערגיץ; ניט אין שוהל, ניט אין ביידע בתי מדרשים, ניט ביי אַ מנין, אונ אין דער היים אַודאי אונ אַודאי ניט. די שטוב איז געשטאַנען אָפען. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַריין אונ אַרויסגעגאַנגען; גע'גנב'עט ביים רבי'ן האָט מען ניט; אָבער קיין לעבענדיג בעשעפעניש איז אין שטוב ניט געווען.

וואו קאָן זיין דער רבי?

וואו זאָלל ער זיין? מן הסתם אין הימעל! וועניג געשעפטען האָט אַ רבי פאַר ימים נוראים, צו פערזאָרגען? יודעליך, קיין עין-הרע, דאַרפען פרנסה, שלום, געזונד, גוטע שדוכים, וויללען גוט אונ פרום זיין, אונ די זינד זענען דאָך גרויס, אונ דער שטן מיט זיינע טויזענד אויגען קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער; אונ ער זעהט, אונ פערקלאָגט, אונ מסר'ט... אונ — ווער זאָלל העלפען, אַז ניט דער רבי?

אַזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקוממען אַ ליטוואַק; לאַכט ער! איהר קענט דאָך די ליטוואַקעס; פון מוסר-ספרים האַלטען זיי וועניג, דערפאַר שטאָפען זיי זיך אָן מיט ש"ס ופוסקים. ווייזט דער ליטוואַק אַ בפירוש'ע גמרא, — די אויגען שטעכט ער אויס! אפילו משה רבינו, ווייזט ער, האָט ביים לעבען ניט געקענט אַרויף אויפ'ן הימעל, נור געהאַלטען זיך צעהן טפחים אונטערן הימעל! נו, געה שפאַר זיך מיט אַ ליטוואַק!

— וואו דען קומט אַהין דער רבי?

— מיין דאגה! — ענפערט ער אונ ציהט מיט די אַקסעל; אונ הוך כדי דבור (וואָס אַ ליטוואַק קען!) אונ ער זיך מיישב, צו דערגעהן די זאַך.

---

נאָך דעמזעלבען פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנב'עט זיך דער ליטוואַק צום רבי'ן אין חדר אַריין, לעגט זיך אונטערן רבי'נס בעט, אונ ליגט.

ער מוז אָפּוואַרטען די נאַכט און זעהן, וואו דער רבי קומט אַהין, וואָס ער טהוט סליחות-צייט.

איין אַנדערער וואָלט אפשר אַיינגעדרימעלט און פערשלאָפען די צייט; אַ ליטוואַק טהוט זיך איין עצה: לערענט ער זיך אויסענווענדיג אַ גאַנצע מסכתא! איך געדענק שוין ניט, חולין צי נדרים!

פאַר טאָג הערט ער, ווי מען קלאַפט צו סליחות.

דער רבי איז שוין ניט געשלאָפען אַ צייט. ער האָרט איהן שוין אפשר אַ גאַנצע שעה קרעכצען.

ווער עס האָט געהערט דיין נעמיראָווער קרעכצען, ווייס, וויפיעל צער פאַר כל ישראל, וויפיעל יסורים עס האָט געשטעקט אין זיין יעדען קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגעהן, הערענדיג דאָס קרעכצען! אַ ליטוואַק האָט דאָך אבער אַ אייזען האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווייטער! דער רבי ליגט זיך אויך. דער רבי, זאָלל לעבען, אויפ'ן בעט, דער ליטוואַק אונטער'ן בעט.

---

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטען אין הויז הויבען אָן סקריפען... ווי די בני־בית האָפּען זיך אַרויס פון די בעטען; ווי מען מורמעלט אַ יודיש וואָרט, מען גיעסט וואַססער אויף די נעגיל, עס קלאַפּען אויף און צו די טהירען... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, עס ווערט ווייטער שטיל און פינסטער, דורכ'ן לאָדען שיינט קוים אַריין אַ קליין ביסעל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אַז ווען ער איז געבליבען איינער אַליין מיט'ן רבי'ן, איז איהן בעפאַלען איין אימה. די הויט איז שוין איהם אויפגעלאָפען פאַר שרעק, די וואורצלען פון די פאות האָבען איהם געשטאָכען אין די שלעפען ווי די נאָדלען.

אַ קלייניגקייט: מיט'ן רבי'ן און סליחות-צייט פאַר טאָג אַליין אין אַ שטוב!...

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער איינגעשפּאַרט, ציטערט ער ווי אַ פיש אין וואַסער און ליגט. —

---

ענדליך, שטעהט דער רבי, זאָלל לעבען, אויף...

פריהער טהוט ער, וואָס אַ יוד דאַרף טהון... דערנאָך געהט ער צו צו דער קליידער-אַלמער און נעהמט אַרויס אַ פעקיל... עס בעוויייזען זיך פויערשע קליידער: ליינוואַנטענע פלודערען, גרויסע שטיוועל, אַ סיערמיענגע, אַ גרויס פוטערען הוטעל מיט אַ ברייטען לאַנגען לעדערנען פאַס, אויסגעשלאָגען מיט מעשענע נאָגאַליך.

דער רבי טהוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון סיערמיענגע, שטאַרט אַרויס איין עק פון אַ גראָבען

שטריק... פון א פויערשען שטריק!

דער רבי געהט ארויס; דער ליטוואק — נאך!

דורכגעהענדיג, טרעט אפ דער רבי אין קיך, בויגט זיך איין, פון אונטער א בעט נעהמט ער ארויס א האק, פערלעגט זי אונטערן פאס און געהט ארויס פון שטוב.

דער ליטוואק ציטערט נור ער טרעט ניט אב.

---

א שטילער, ימים-נוראים'דיגער-פחד וויעגט זיך איבער די טונקעלע גאססען. אפט רייסט זיך ארויס א געשריי פון סליחות, פון ערגיץ א מנין, אדער א קראנקער קרעכץ; פון ערגיץ א פענסטער... דער רבי האלט זיך אלץ אין די זייטען פון די גאססען, אין די שאטען פון די הייזער... פון איין הויז צום אנדערען שווימט ער ארויס און דער ליטוואק נאך איהם...

און דער ליטוואק הערט ווי זיין אייגען הארץ-קלאפען מישט זיך צוזאממען מיט'ן קול פון רבי'נס שווערע טריט. אבער געהן געהט ער, און קומט צוזאממען מיט'ן רבי'ן אויס דער שטאדט ארויס.

---

הינטער דער שטאדט שטעהט א וואלדיל.

דער רבי, זאלל לעבען, נעהמט זיך אין וואלדיל אריין. ער מאכט א דרייסיג פערציג טריט און שטעלט זיך אב ביי'ן א ביימיל; און דער ליטוואק ווערט נבהל ומשתומם, זעהענדיג, ווי דער רבי נעהמט ארויס פון פאס די האק און שלאגט אין ביימיל אריין.

ער זעהט, ווי דער רבי האקט און האקט, ער הערט ווי דאס ביימיל קראכצט און קנאקט. און דאס ביימיל פאלט, און דער רבי שפאלט עס אויף ליפעס... די ליפעס — אויף דינע שייטליך; און ער מאכט זיך א בינטעל האלץ, נעהמט עס ארום מיט'ן שטריק פון קעשענע, ער ווארפט דאס בינטעל האלץ איבער די פלייצעס, שטעקט צוריק אריין די האק אינ'ם פאס, לאזט זיך ארויס פון וואלד, און געהט צוריק אין שטאדט אריין.

אין א הינטערגאססיל שטעלט ער זיך אב; ביי'ן איין ארעם, האלב איינגע-בראכען הייזיל און קלאפט אן אין פענסטעריל.

— ווער איז? פרעגט מען דערשראקען פון שטוב ארויס. דער ליטוואק דער-קענט, אז עס איז א קול פון א יודענע, פון א קראנקער יודענע.

— יא! ענטפערט דער רבי אויף פויעריש לשון.

— קטא יא? פרעגט ווייטער פון שטוב.

און דער רבי ענטפערט ווייטער, אויף מאלאראסיש לשון: וואסיל!

וואס פאר א וואסיל און וואס ווילסט דו, וואסיל?

— האַלץ, זאָגט דער פֿערשטעלטער וואַסיל, האָב איך צו פֿערקויפֿען! זעהר ביליג... בחצי חנם האָלץ!

און, ניט וואַרטענדיג אויף תשובה, נעהמט ער זיך אין שטוב אַריין.

---

דער ליטוואַק גנב'עט זיך אויך אַריין און, ביים גרויען ליכט פֿון פֿריהען מאָרגען, זעהט ער איין אָרומע שטוב, צובראָכען, אָרום כלי בית... אין בעט ליגט אַ קראַנקע יודענע, פֿערוויקעלט מיט שמאַטעס. און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפֿען? מיט וואָס זאָלל איך קויפֿען? וואו האָב איך, אָרעמע אַלמנה, געלד?

— איך וויל דיר באָרגען! אָנפֿערט דער פֿערשטעלטער וואַסיל; אין גאַנצען זעקס גראָשען!

— פֿון וואַנען וועלל איך דיר בעצאָהלען? קראָכצט די אָרימע יודענע.

— נאַריש מענש, — מוסר'ט זי דער רבי, — זעה, דו ביזט איין אָרומע קראַנקע יודענע און איך געטרוי דיר דאָס ביסיל האָלץ, איך בין בטוח, אַז דו וועסט בעצאָהלען; און דו, דו האָסט אַזאַ שטאַרקען, גרויסען גאָטט, און געטרויסט איהם ניט... און האָסט אויף איהם, אויף נאַרישע זעקס גראָשען פֿאַר'ן בינטעל האָלץ, קיין בטחון נישט!

— און ווער וועט מיר איינהייצען? קרעכצט די אַלמנה, — איך האָב דען כח אויפֿצושטעהן? מיין זוהן איז אויף דער אַרבייט געבליבען.

— איך וועלל דיר איינהייצען אויך — זאָגט דער רבי.

---

און, אַריינלעגענדיג דאָס האָלץ אין אויבען, האָט דער רבי, קרעכצענדיג, געזאָגט פֿון סליחות דעם ערשטען פזמון...

און, אַז ער האָט עס אונטערגעצונדען, און דאָס האָלץ האָט פֿרעהליך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַ ביסל לוסטיגער, פֿון די סליחות דעם צווייטען פזמון...

דעם דריטען פזמון האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט און ער האָט די בלעך פֿערמאַכט...

---

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזעהן, איז שוין געבליבען אַ נעמיראָווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַ מאָל פֿערצאָהלט, אַז דער נעמיראָווער, הויבט זיך, סליחות־צייט יעדען פֿריה־מאָרגען, און פֿליהט אַרויף אין הימעל אַריין, פֿלעגט

שײַן דער ליטוואַק ניט לאַכן, נור צוגעבען שטילערהײט:

— אויב נישט נאָך האָבער!

# אַ שמועס.

עס איז אַ וואַרימער, אמת־יום־טוב־דיגער טאָג און ר׳ שכנה — אַ הויכער דאַרער יוד, אַ שריד ופליט פון די אַלטע קאָצקער — און ר׳ זרח, אויך אַ דאַרער, נור אַ קלײן־געוואַקסענער יוד, אַ נשאר פון די אַלטע בעלזער — לאָזען זיך אונטער דער שטאָדט אַרויס שפּאַצירען. יונגערהײט, זעננען זײ זיך שונאים געוועזען, שונאים אויף טויט און לעבען. ר׳ שכנה האָט געפיהרט די קאָצקער געגען די בעלזער און ר׳ זרח — די בעלזער געגען די קאָצקער! הײנט, אויף דער עלטער, אַז די קאָצקער זעננען געוואָרען „נישט דאָס וואָס אַ מאָל״, און בעלזער האָבען פערלאָרען דעם ברען, האָבען זײ זיך בײדע אָבגעטהײלט פון די חברות, זעננען זײ בײדע אַרויס פון די שטיבליך, וואו שוואַכערע חסידים, נור יונגערע און שטאַרקערע לײט האָבען איבערגענוממען די הנהגה.

אין בית המדרש, ווינטער בײ׳ם אויבען, האָבען זײ שלום געמאַכט; און צונד, חול־המועד פסח, בײם ערשטען שאָנעם טאָג, געהען זײ בײדע שפּאַצירען.

די זון שײנט אויף אַ ווײט בלאָהעם הימעל. פון דער ערד רײסען זיך אַרויס די גרעזליך; מען זעהט ממש בחוש, ווי אַ מלאך שטעהט בײ יעדעם גרעזיל און שלאָגט: וואַקס! וואַקס! מחנות פײגעליך צופליהען זיך, זינגענדיג פריאָהריגע נעסטען — — און ר׳ שכנה מאַכט צו ר׳ זרח׳ן:

— קאָצקער, פערשטעהסט, — אמת׳ע קאָצקער, מײן איך, פון די הײנטיגע איז נישט כדאי צו רעדען, — נור אמת׳ע, אַלטע קאָצקער האַלטען גאָר נישט אַזוי שטאַרק פון דער הגדה...

— נור פון די קנײדליך? שמײכעלט ר׳ זרח.

— אויס קנײדליך, — ענטפערט ר׳ שכנא ערנסט, לאַך נישט! דו ווײסט דען סוד פון „לא תסגיר עבד אל אדוניו״?

— פאַר מיר — זאָגט דער בעלזער מיט אַ שטאָלצער עניוות, — איז גענוג צו ווײסען די כונות פון דאַווינען.

ר׳ שכנא מאַכט זיך נישט האָרענדיג און זאָגט ווײטער:

— מילא דער פשט איז דאָך פשוט: אַז עס ענטלויפֿט אַ קנעכט, אַ משרת, אַ פֿויער, — טאָר מען איהן, על פי דין תורה. נישט האַפּען, נישט בינדען און נישט איבערגעבען צוריק צום פּריץ, צום בעל הבית; מן הסתם! אַז אַ מענש ענטלויפֿט, קאָן ער שוין נישט אויסהאַלטען... איז שוין סכנת נפשות! נאָר דער סוד איז אויך גאָר פּשוט. דער גוף איז בבחינת עבד, — — ער איז אַ קנעכט צו דער נשמה! דער גוף איז אַ בעל תאוה, ער זעהט אַ שטיק חזיר, איין אשת איש, איין עבודה זרה, ווייס איך וואָס — שפּרינגט ער פֿון דער הויט אַרויס; זאָגט אָבער די נשמה: לא תעשה! מוז ער שווייגען. און פֿערקעהרט — די נשמה וויל אַ מצוה טהון — מוז דער גוף טהון, מאָג ער זיין מיעד, געהרג'עט... מוזען די האַנד אַרבּייטען, די פּיס לויפּען, דאָס מויל רעדען ... פּאַר וואָס? דער פּריץ, די נשמה הייסט! און פֿון דעסטוועגען: לא תסגיר! אין גאַנצען איבערגעבען דעם גוף צו דער נשמה טאָר מען אויך נישט. די פּייערדיגע נשמה וואָלט איהן פֿערברענט, אַש פֿון איהם געמאַכט. און, ווען דער רבונו של עולם זאָלל וואָלען נשמות אָהן גופים, וואָלט ער קיין וועלט נישט בעשאַפֿען! און דעריבער האָט דער גוף אויך זיינע זכיות'ען... „כל היושב בתענית נקרא חוטא" (דער וואָס פאַסט אַ סך הייסט אַ זינדיגער) — דער גוף דאַרף עססען! ווער עס וויל פֿאָהרען, מוז שפּייזען דאָס פּערד! קומט וויטער אַ יום־טוב, אַ יומא דפגרא — פֿרעה דיך אויך! נעהם אַ קאַפּ בראָנפען, פֿרעה דיך, גוף, אויך! און די נשמה האָט הנאה, און דער גוף האָט הנאה: די נשמה — פֿון דער ברכה, דער גוף — פֿון קאַפּ! פּסח, זמן חרותנו — קום אַהער, גוף, האַפּ אַ קניידיל! און ער ווערט דאַדורך געהויבען, נתעלה! ער קומט צו שמחת מצוה! — — אויס קניידליך, ברודער, לאָך נישט!

ר' זרח איז מודה, אַז דער ענין איז טיעף און לאָזט זיך הערען; ער אָבער עסט נישט קיין שרויה!

— האָסט דו הנאה פֿון מצות...

— ווער האָט מצות צו דערזאָגט? שמייכעלט ר' זרח, — און גלאַט — וואו נעהמט מען צייהן צו די מצות?

— ווי אַזוי דען ביסט דו מקיים „ושמחת בחגך" בנוגע צום גוף?

— איך ווייס? אויב ראָזינקע־וויין שמעקט איהם — מילא! איך אַליין האָב ווילד הנאה פֿון דער הגדה. איך זיץ און זאָג, און צאָהל די מכות, און צאָהל, און טאָפּעל זיי, און מאַך נאָך אַמאָל אַ כפל...

מגושם!

— מגושם? פֿאַר אַזוי פֿיעל צרות און ענויים קשים... פֿאַר אַזוי לאַנג גלות־השכינה? — איך מיין, מען דאַרף מאַכען אַ מנהג, מען זאָלל זאָגען זיבען מאָל די מכות, 7 מאָל שפוך חמתך! דער עיקר — די מכות, מחיה בין איך מיך מיט זיי! איך

וואָלט נאָך געוואָלט אָפּפּענען די טהיר ביי די מכות... זאָללען זיי האָרען! וואָס האָב איך מורא? — זיי פֿערשטעהען דען לשון הקדש?

ר' שכנא שווייגט אַ ווײלע, דערנאָך דערצאָהלט ער כּהאי לישנא:

— האָרסט, ביי אונז האָט זיך געטראָפֿפֿען אַזא מעשה! איך זאָלל נישט זאָגען קיין גוזמא, אָפשר אין צעהנטען הויז פֿון רבין זכרונו לברכה, האָט געוואָהנט אַ קצב. איך זאָלל נישט זינדיגען מיט די רייד, — ער איז שוין אויפ'ן עולם אמת, — אַ מגושמ'ער קצב, אַ קצב שבקצבים! אַ קאַרק ווי אַ שטיער־אָקס, ברעמען ווי די באַרשטען אונ האָנד ווי די קלאָצער! היינט — אַ קול! אַז ער רעדט, דאַכט זיך, עס דונערט פֿון ווייטען, חיל שיעסט! ער איז, דאַכט זיך, אַ בעלזער חסיד געוועזען.

— נו, נו... ברומט ר' זרח.

— כ'לעבען! אָנפֿערט ר' שכנא קאַלט־בּלוטיג, ער פֿלעגט דאַווענען מיט משונה־ווילדע הויות, מיט אַלערליי אייבער־קולות אונ אונטער־קולות. ביי זיין „יזכרו", האָט זיך געדאַכט, אַז מען שפּריצט מיט וואַססער אויף פֿייער!

— מוחל, מוחל!

— היינט, זיי דיך משער, וואָס פֿאַר אַ מהומה עס ווערט, אַז אַזא בחור זעצט זיך צו דער הגדה!... מען האָרט יעדעס וואָרט ביי'ם רבין אין שטוב! מילא — אַ קצב זעצט ער ווי אַ קצב; לאָכט מען אַרום טיש. דער רבי, זכרונו לברכה, — קוים קוים, וואָס ער ריהרט מיט די ליפּפּען; מען זעהט דאָך בחוש, אַז ער שמייכעלט... שפּעטער אָבער, אַז דער „חתן דנן" האָט אָנגעהויבען צאָהלען די מכּות, אַז זיי האָבען איהם אָנגעהויבען אַרויספֿליהען פֿון מויל ווי די קוילען, אונ ער זעצט נאָך דערביי אין טיש אַריין ווי מיט אַ האַמער, אַז מען האָרט, ווי די כּוסות קלינגען, — איז דער רבי, זכרונו לברכה, אַריינגעפֿאַללען אין איין אומעט, אין־עצבות...

— אין עצבות — יום טוב — פּסח? וואָס רעדסט דו?

— מען האָט איהן טאַקי געפֿראָגט!

— אונ וואָס האָט ער געאָנפֿערט?

— דער רבונו של עולם אַליין, — האָט ער געזאָגט — איז ביי יציאת מצרים אַריינגעפֿאַללען אין עצבות! — —

— וואו האָט ער עס גענוממען?

— אַ מדרש! אַז די בני ישראל זענען אַריבער איבערן ים, אונ דאָס וואַססער האָט פֿערדעקט אונ פֿערטרונקען פּרעה וכל חילו, האָבען די מלאכים אָנגעהויבען זאָגען שירה. שרפים ואופנים זענען זיך צופֿליגען אין אַללע זיבען הימעל מיט אַ זמר, מיט אַ בשורה טובה! אַללע כוכבים ומזלות האָבען אָנגעהויבען זינגען אונ טאַנצען! אונ די גלגלים, — קאָנסט דיר פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַ שמחה עס איז געוועזען, די טומאה איז איינגעזונקען געוואָרען! נור דער רבונו של עולם האָט אַללע

אָבגעשטעלט, פון כסא הכבוד האָט זיך געהערט אַ קול: מעשה ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה? — מיינע קינדער טרינקען אין ים, און איהר פרעהט אייך און זינגט! וואָרום פרעה וכל חילו, — דען בת הטומאה אליין, האָט אויך גאָטט בעשאַפען... ורחמיו על כל מעשיו, כתיב!

— מילא! זיפצט ר' זרח.

ער שווייגט אַ ווײלע און דערנאָך פראָגט ער:

— אויב עס איז ווייטער אַ מדרש, וואָס האָט ער אויפגעטהון!

ר' שכנא שטעלט זיך אָב און זאָגט ערנסט:

— ערשטענס, בעלזער נאַרר, איז קיינער נישט מחויב מחדש צו זיין; אין מוקדם ומאוחר בתורה... דאָס אַלטע איז ניי, דאָס נייע איז אַלט... צווייטענס, האָט ער אונז מגלה געווען דען סוד, פאַר וואָס מען לייענט די הגדה, אפילו די מכות פון דער הגדה, מיט אַ טרויריגען סיני-נגון, וואָס איז טאַקי דורכגענעצט מיט עצבות. און — דריטענס, האָט ער דערמיט פערטייטשט אַ פסוק: אל תשמח ישראל אל גיל כעמים. מגושם, גראָב פרעה זיך נישט! דו ביזט נישט קיין גויער!... נקמה איז נישט קיין יודישע זאַך.

# חָסִידִישׁ.

## שהשמחה במעונו!

זיי שרייען אַלץ אין איינעם: עולם-הזה!

עולם-הזה וויללען זיי; לוסטיג וויללען זיי זיין, פרעהליך... שמחה וויללען זיי האָבען, אַ טעם פון לעבען פיהלען...

און איך זאָג אייך: שהשמחה במעונו...

די קוואַלל פון שמחה איז ער... פון איהם שטראַהלט זי אַרוים!

שמחה שטעקט אין דער תורה, אין מצות און מעשים טובים, אין נשמות פון צדיקים, — אין אללעם דעם, וואָס האָט אַ ניניקה פון דאָרט! פון גלאַנץ פון כסא-הכבוד!

אויפ'ן גאַנצען עולם-הזה — זאָג איך אייך — ליעגט אַ טרויער, אַ מרה-שחורה; אַלץ איז איינגעטונקט און איינגעהילט אין עצבות, אין אומעט...

ווארען וואס? ול ש מ ח ה מ ה ז ו ע ו ש ה? מיט וואס האט מען זיך צו פרעהען?

און דעריבער דארף יעדע זאך ת ק ו ן ... יעדע זאך מוז אויסגעלייזט ווערען פון דער מרה־שחורה, פון דער פערגליווערטקייט, אין וועלכע אלץ פערפאלט, אהן דעם שטראה, פון ז י י ן גנאד!

---

א „והא ראיה״:

מ י ר טרינקען און ז י י טרינקען...

וואס פאר א טעם האט א טרונק־בראנפען אין שענק... און — וואס פאר א טעם האט א טרונק־בראנפען אין שטיבעל ביי׳ן א סיום, ביי׳ן א יאהרצייט, אדער גלאט ביי א פשוטען שלש־סעודות!

ביי ז י י לאזט זיך דער בראנפען נישט טרינקען, און עס גלוסט זיך איהן גאר נישט צו טרינקען; נור דער יצר־הרע הייסט! ער רעדט אן און זיי פאלגען... דעריבער נעהמט מען א קאפ און מען פערקרימט זיך — די נשמה אין מענש שרומפט זיך איין, ציהט זיך צוזאמען פאר וועהטאג. דעריבער פאלט איין די הויט און קנייצט זיך ווי א פארמעט...

מאכט מען אבער איבער דער משקה א ברכה, טרינקט מען זי לשם מצוה, איז מען זי מתקן... ל א ז ט זיך די משקה טרינקען און די נשמה האט נ ח ת פון טרינקען און ו ו י ל ל טרינקען!...

---

זיי ריהמען זיך, אז זיי עססען מיט דרך־ארץ!

נו, האב נישט קיין דרך־ארץ, אז מען איז פערגליווערט, פערשטארט און פערחשכט ווי איין אלטער, איינגעפאלענער קוימען, וואס האט שוין לאנג קיין פונק פייער נישט געזעהן...

זיצען זיי טאקי שטייף און קאלט ווי אייז; איינער קאן דעם צווייטען נישט לײדען; א טאטע מיט א זוהן קאננען פון איין שיסעל נישט עססען! אפילו זאלץ־מאסטליך שטעלט מען יעדען בעזונדער... פון וואנען־זשע זאלל זיין שמחה?

שמחה שטעקט אין דער נשמה, און וואס האט די נשמה דערפון, אז דער גוף פרעסט?

און דאס איז טאקי דער סוד פון תרומות ומעשרות, פון חלה נעהמען, פון פער־ צייטישע ארימע סעודות, פון איין אורח בעטען צום טיש... פון ברכות מאכען, פון זמירות זינגען...

זיי ווילען פרעהליך זיין! גאר נישט אבגעטהיילט פאר א מצוה־זאך, אהן א ברכה, אהן זמירות, און נעהמט מען פאר בושה אהיים איין אורח, זעצט מען איהן

אוועק ביי די דינסטען אין קיך...

אין קיך איז אפשר פרעהליך — נור אין די שטובען, זאג איך אייך, אין די שטובען איז טויט, טויט ווי אללע טויטע!

---

איך האר ווי איהר לייענט אייערע שירים...

פון דער לבנה האט איהר שטארק נחת... איך האר דאך: די שאנע, זיסע, בלאסע לבנה, זאגט איהר... און פון כוכבים ומזלות רעדט איהר מיט ליעב, און אויך פון דער טבע, פעלדער, וועלדער, טייכער...

איך זאג אייך; פרישע לופט איז אמת, בפרט, אז מען ליידט אויף דער ברוסט — א רפואה־שלמה! נור שמחה אין דער טבע, האב איך געפיהלט (איך בין דאך אויך אמאל יונג געוועזען) פאר הושענא־רבה... פאר טאג — א גראהער הימעל — שטילל, — צווישען סטראסטינעס רינט דער טייך...— פיק־פיק! רופט זיך פון ערגיץ אן א נפש'ל, — טס־טס! — איין אנדערס... און איך געה מיר ביים ברעג, און שנייד מיר הושענא'ס...

פון כוכבים ומזלות איז דאך נישט דא וואס צו רעדען... נור די לבנה, פון וואס מיינט איהר האט זי איהר חן בעקוממען?

פון אונזער קדוש־לבנה!...

גלויבט מיר, ווען נישט קדוש־לבנה, ווען נישט דאס ליכט, וואס מיר שיקען ארויף צו דער לבנה — וואלט זי אויסגעזעהען נאריש, גאר נאריש; אזוי נאריש ווי א צינערנער הקדש־טעללער!

---

נאך א והא־ראיה — איין אמת'ע מעשה!

אמאל איז געוועזען א בן מלך, איז ער געוועזען אנגעזאפט מיט מרה־שחורה... די דאקטוירים האבען געוואלט דערקלערען, פון וואנען די מרה־שחורה נעהמט זיך; האבען טהייל געזאגט, אז ער האט שלעכטע אויגען; אז אלץ, אויף וואס זיי קוקען, קומט ארויס געל, גרין און געל... מען האט אבער געזוכט אלערליי ברילען צו די אויגען, און קיין איינציגע האט נישט געהאלפען...

אנדערע האבען דערקלערט, אז ער האט עפיס געמוזט יונגערהייט איינשלינגען, עפיס א טמא חיה'לע, און עס האלט זיך אין דער נשמה, און פערמאוסט איהר דאס לעבען, האט מען צו דעם אויך קיין רפואה נישט!

ווי עס איז, דער מלך האט איהם געוואלט ראטיווען, פרעהליך מאכען, משמח זיין. ער האט איהם געקויפט כלי־כסף־וכלי זהב... פון דער גאנצער וועלט האט מען איהם צוגעפיהרט אלערליי בשמים, אלערליי קריסטאלען און אזוי

טהייערע חפצים — עס האָט נישט געהאָלפֿען!

מען האָט איהם געשטעלט אַ פּאַלאַץ אין אַ גאָרטען, און אין דעם גאָרטען האָט מען געפֿלאַנצט אַלערליי בוימער, אַלערליי געוויקסען און בלומען; מען האָט אויסגעשיטט די וועגען מיט גאָלדיגען זאַמד; מען האָט אויסגעגראָבען אַ טייך און פֿערגאָסען מיט פֿריש קוואַל־וואַססער, לעבענדיג וואַססער, און אויפֿ'ן וואַססער האָבען געשוואומען די ווייסע גאַנז, מיט די לאַנגע ווייכע האַלזער, וואָס וויגען זיך אויפֿן וואַססער אַזוי רוהיג, אַזוי שאָן, ווי די נשמות אין גן־עדן — — עס האָט אַלץ נישט געהאָלפֿען...

און אויף אַללעם, — זאָגט דער בן מלך, — ליגט אַ מרה־שחורה... דער בוים וואַקסט, זאָגט ער, מיט מרה שחורה, די בלומען בליהען מיט מרה שחורה, דאָס וואַססער, — זאָגט ער, — ווײנט אין דער שטיל, גלייך עס וואָלט אויף עפּיס געטרויערט, און די ווייסע גאַנז דערמאַנען איהם נור אין תכריכים.

און די זיסע פּירות, די ווייַנאָפּעל, די גראַנאַטען, די וויינטרויבען, אַלץ, — זאָגט ער, — איז ביטער, ביטערליך און נודנע...

דאָס אָרגסטע איז געוועזען, אַז דער בן מלך, האָט אין גאָרטען אין וואַססער, אָדער אין פּאַלאַץ, אין אַ שפּיגעל זיין אייגענעם פּנים דערזעהען...

— איך בין טויט, פֿלעגט ער שרייען, אויף מיין פּנים ליגט נישט קיין שיין פֿון לעבען...

און איינמאָל האָט זיך פּלוצלינג אַלץ פֿעראָנדערט!

דער בן מלך האָט זיך פּלוצים צולאַכט!

פּלוצים איז אַלץ אין גאָרטען געוואָרען גרין און לעבענדיג און שאָן — אַלץ האָט אָנגעהויבען לעבען און ער אויך.

און וואָס, מיינט איהר, איז געשעהען? אַ קלייניגקייט!

אויפֿן וועג, פֿאַרביי דעם גאָרטען, איז געגאַנגען אַ צדיק. מיעד און פֿערשמאַכט איז ער געגאַנגען; אויף אַ ברית, אויף פּדיון־שבויים, איך ווייס?

נור מיעד איז ער געוועזען און געליטען האָט ער הונגער און דאָרשט; אָט, אָט וועט דער צדיק חלש'ען, ער וועט פֿאַלען! דאָס ווילל מען אָבער אין הימעל נישט דערלאָזען;

רייסט זיך אָב איין אָפּעל פֿון אַ בוים און פֿאַלט דעם צדיק צו די פֿיס...

הייבט ער אויף דען אָפּעל, מאַכט אַ ברכה. בייסט אַריין — און שוין! באותו הרגע איז פֿון אַללעם אַראָב די מרה־שחורה, פֿערשוואונדען דער כשוף, אַלץ איז געוואָרען מלא שמחה!

וואָרען ווי איך זאָג אייך; שהשמחה במעונו!



# צווישען צוויי בערג.

## צווישען דעם בריסקער רב מיט'ן ביאלער רבי'ן.

### א שמחת תורה'דיגע מעשה.

דערצאהלט פון אלטען מלמד.

---

פון בריסקער רב אונ ביאלער רבי'ן האט איהר א ודאי געהערט, נישט אללע דאך ווייסען, אז דער ביאלער צדיק, ר' נח'קע, איז פריהער געוועזען דעם בריסקער רב'ס א תלמיד מובהק, אז ער האט ביי'ן איהם געלערנט א שאנע פאר יאהר, אונ דערנאך ערשט איז ער נעלם געווארען, אבגעהאלטען א פאר יאהר „גלות", אונ איז נתגלה געווארען אין ביאלע.

אונ אוועק איז ער מהאי טעמא: מען האט געלערנט תורה, נור די תורה, האט דער רבי געפיהלט, איז טרוקענע תורה... מען לערנט, למשל, א דין פון שאלות נשים, פון בשר־בחלב, צו דיני ממונות... זעהר וואהל! קומט ראובן ושמעון האבען א דין תורה, קומט א משרת א שאלה פרעגען, אדער איין אשה האט א שאלה, — קריעגט באותה הרגע דאס לערנען א חיות, לעבט עס אויף אונ עס האט א ממשלה אויף דער וועלט. אבער אזוי, אהן זיי, פיהלט דער רבי, אז די תורה, דאס הייסט: דער גוף פון דער תורה, דער נגלה, דאס, וואס עס ליעגט פון אויבען אויף — איז טרוקען. נישט דאס, האט ער געפיהלט, איז תורת חיים! — תורה דארף לעבען! לערנען אנדערע קבלה־ספרים האט מען אין בריסק נישט געטארט. דער בריסקער רב איז געוועזען א מתנגד אונ בטבע א „נוקם ונוטר כנחש". האט עמיץ אנגעריהט א זהר, א פרדס, פלעגט ער שעלטען, אין חרם אריין לעגען! איינעם האט מען געהאפט ביי'ן א קבלה־ספר האט ער איהן געלאזט אבגאלען די בארד דורך ערלים! וואס קלערט איהר? דער מענש איז יצא מדעתו געווארען, אין מרה שחורה אריינגעפאללען. אונ, וואס מעהר חדוש איז, עס האט איהם שוין קיין גוטער יוד נישט געהאלפען! — איהר שפיעלט אייך מיט'ן בריסקער רב! אונ פון דעסטוועגען, ווי פאהרט מען עס אוועק פון בריסקער רב'ס ישיבה?!

א צייט לאנג האט ער זיך טאקי געשלאגען מיט דער דעה.

נור איינמאָל האָט מען איהם געוויזען אַ חלום. עס האָט זיך איהם געחלומט, אַז דער בריסקער רב איז צו׳ן איהם אַריינגעקוממען און געזאָגט: קום נח, וועלל איך דיך פיהרען אין גן־עדן התחתון אַריין. און ער האָט איהם אָנגענוממען ביי דער האַנד און געפיהרט. זיי זעננען געקוממען אין אַ גרויסען פּאַלאַץ אַריין. אין פּאַלאַץ איז נישט געוועזען, נישט קיין טהיר און נישט קיין פענסטער, אויסער די טהיר, דורך וועלכער זיי זענען אַריינגעגאַנגען. ליכטיג איז דאָך אין פּאַלאַץ געוועזען, ווייל די וואַנד, ווי עס האָט זיך דעם רבין געדאַכט, זעננען געווען פון קריסטאַל און האָבען געשלאָגען פון זיך אַליין אַ ליכטיגען גלאַנץ.

און זיי געהען אַזוי, און געהען און מען זעהט נישט קיין סוף.

— האַלט דיך אָן מיין יופּעצע, — מאַכט דער בריסקער רב — דאָ איז פּאַר־האַנען סאַליעס אין לשער ואין לספר, און קוים רייסט דו דיך אָב פון מיר, וועסט דו פערבלאָנזען אויף אייביג...

דער רבי טהוט אַזוי, און זיי געהען אַלץ ווייטער און ווייטער, און אויפ׳ן גאַנצען וועג זעהט ער נישט קיין באָנקיל, קיין שטוהל, קיין שום כלי בית, גאָר נישט!

— דאָ זיצט מען נישט, פערטייטשט איהם דער בריסקער רב, נור מען געהט אַלץ ווייטער און ווייטער! — און ער איז איהם נאָכגעגאַנגען. און איין זאַל איז גראָבער און ליכטיגער געוועזען פון דער צווייטער, און די וואַנד האָבען געשיינט דאָ מיט דער, דאָ מיט איין אַנדערער קאָליער; דאָ מיט עטליכע, דאָרט מיט אַלערליי קאָ־ליערען... נור קיין מענשען האָבען זיי נישט געטראָפען אויפ׳ן וועג...

דער רבי איז מיעד געוואָרען געהענדיג. עס האָט איהן בעגאָססען אַ שווייס, אַ קאַלטערשווייס. קאַלט איז איהם אויך געוואָרען אין אַללע איברים. דערצו הייבען איהם נאָך אָן די אויגען וועה צו טהון פון בעשטאָנדיגין גלאַנץ...

און עס איז איהן אָנגעפאַלען אַ שטאַרקע בענקשאַפט, אַ בענקשאַפט צו יודען, צו חברים, צו כל ישראל! אַ קליינקייט — מען זעהט קיין יוד נישט פאַר זיך!...

— בענק נישט צו קיינעם, — מאַכט דער בריסקער רב — דאָס איז אַ פּאַלאַץ נור פאַר מיר און פאַר דיר... דו וועסט אויך אַמאָל זיין בריסקער רב!

און דער רבי האָט זיך נאָך מעהר דערשראָקקען אָן אָנגעחאַפּט זיך און דער וואַנד, נישט אומצופאַללען. און די וואַנד האָט איהן אָבגעבריהט! נור נישט ווי פייער בריהט, נור ווי אייז בריהט!

— רבי! — האָט ער אַ געשריי געטהון, — די וואַנד זעננען אייז, נישט קריס־טאַל! פשוט אייז!

דער בריסקער רב שוויגט.

און דער רבי שרייט ווייטער:

— רבי, פיהרט מיך אַרויס פון דאַנגען! איך וויל נישט זיין אַליין מיט אייך!

איך וויל זיין צוזאַממען מיט כל ישראל!

און קוים האָט ער עס אַרויסגעזאָגט, איז דער בריסקער רב נעלם געוואָרען און ער איז געבליבען איינער אַליין אין פּאַלאַץ.

קיין וועג, ווי אויס און ווי איין, ווייסט ער נישט; פון די וואַנד שלאָגט אויף איהם אַ קאַלטער פּחד; און דאָס בענקשאַפט, צו'ן אַ ייד, צו דערזעהען אַ ייד, באַדיי אַ שוסטער, אַ שניידער, איז אַלץ ביי'ן איהם שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרען. האָט ער אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען...

— רבונו של עולם, — האָט ער זיך געבעטען, — נעהם מיך אַרויס פון דאַננען! בעססער אין גיהנם מיט כל ישראל צוזאַממען, איידער ד' איינער אַליין!"

און באותו הרגע, האָט זיך איהם בעוויזען אַ פּראָסט יודיל, מיט אַ רויטען בעל-עגלה'שען גאַרטעל אויף די לענדען, און אַ לאַנגער בייטש אין דער האַנד. דאָס יודיל האָט איהם, שווייגענדיג, אָנגענוממען ביי'ם אַרבעל, אַרויסגעפיהרט פון פּאַלאַץ, און איז — פערשווינדען געוואָרען. אַזא חלום האָט מען איהם געוויזען!

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַר טאָג, קוים וואָס עס האָט אָנגעהויבען גראָהען, האָט ער פערשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין פּראָסטער חלום געוועזען. ער האָט זיך געשווינד אָנגעטהון און געוואָלט לויפען אין בית המדרש אַריין, לאָזען זיך פותר חלום זיין פון די לומדים, וואָס נאָכטיגען אין בית המדרש. דורכגעהענדיג דעם מאַרק, האָט ער אָבער דערזעהען אַ שטעהענדיגע בויד, איין איינגעשפּאַנטע גרויסע, פערצייטישע בויד, און ביי דער בויד איז געשטאַנען אַ בעל-עגלה, מיט אַ רויטען גאַרטעל אַרום די לענדען, אַ לאַנגע בייטש אין דער האַנד, און פונקט אַזא יודעל, ווי דער, וואָס האָט איהם אין חלום אַרויסגעפיהרט פון פּאַלאַץ.

שטויסט ער זיך, אַז „דברים בגו"; געהט ער צו און פרעגט:

— וואו אַהין פאָהרט אַ ייד?

— נישט ד י י ן וועג! ענטפערט דער בעל עגלה גאָר גראָב.

— פאָרט? — בעט ער זיך, — אפשר וועלל איך מיט פאָהרען!

דער בעל-עגלה האָט זיך אַביסל פערטראַכט און דערנאָך געענטפערט:

— און צו פוס, — זאָגט ער — קאָן אַזא בחור נישט געהען? געה דיר ד י י ן וועג!

— און וואו אַהין זאָלל איך געהען?

— וואו די אויגען וועלען דיך טראָגען, — ענטפערט דער בעל-עגלה און דרעהט זיך אָב, — מיין דאגה!

דער רבי האָט פערשטאַנען, און האָט זיך געלאָזט אין גלות אַריין!

ווי געזאָגט, נתגלה איז ער געוואָרען עטליכע יאָהר שפּעטער אין ביאַלע. (עד מפי עד, ווי אַזוי עס איז געוועזען, דערצאָהל איך נישט; חאָטש עס איז מויל און אוירען אויפצושטעלען!) און, לערך אַ יאָהר נאָך זיין התגלות, האָט

מיך אַ ביאַלער בעל־הבית, ר׳ יחיאל האָט ער געהייסען, אַראָבגעבּרענגט צו זיך פאַר אַ מלמד.

לכתחילה האָב איך אפילו נישט געוואָלט אָננעהמען דאָס מלמדות. ר׳ יחיאל, מוזט איהר וויססען, איז געוועזען איין עושר, אַ פערצייטישער, אָנגעשטאָפּטער עושר. די טאָכטער פלעגט ער געבען צו טויזענד רענדליך נדן און טהון מיט די גראָססטע רבנים, און זיין לעצטער שנור איז געוועזען טאַקי דעם בריסקער רב׳ס טאָכטער!

פערשטעהט איהר דאָך אַליין, אַז אויב דער בריסקער רב מיט די רעשט מחותנים זעננען חולקים, מוז ר׳ יחיאל אויך זיין אַ חולק... און איך בין דוקא אַ ביאַלער חסיד נו — ווי לאָזט מען זיך אין אַזאַ הויז אַריין?

האָט עס מיך אָבער פאָרט געצווינגען קיין ביאַלע! אַ קליינינקייט — מיטן רבי׳ן אין איין שטאָדט! געקלערט אַהין, געקלערט אַהער, איך פאָהר!

און ר׳ יחיאל אַליין, האָט זיך אויסגעוויזען, איז איין אמת פשוט׳ער, כשר׳ער יוד. איך בין אַייך אפילו ערב, אַז זיין האַרץ האָט געצויגען צו׳ן אַ רבין ווי מיט צוואַנגען. וואָ־ום באמת, קיין למדן איז ער נישט געוועזען, אויפ׳ן בריסקער רב פלעגט ער אַ ודאי קוקען ווי אַ האָהן אויפ׳ן בני אדם! וועהרט ער מיר נישט צו האַלטען זיך אין ביאַלער רבין, נור ער אַליין איז זיך מתרחק. אַז איך דערצאָהל עפּיס פון רבין, מאַכט ער זיך געניצען, חאַטש די אויערען, זעה איך, שפּיצט ער אויף. נור דער זוהן זיינער, דעם בריסקער רב׳ס איידעם, דער קנייצט איין דעם שטערן, קוקט אויף מיר מיט כעס און ליצנות צוזאַממען. נור שפּאַרען שפּאַרט ער נישט; ער פלעגט בטבע ווייניג רעדען.

ויהי היום, — ר׳ יחיאל׳ס שנור, דעם בריסקער רב׳ס טאָכטער, דאַרף געהען צו קינד! דאַכט זיך, מאַלע אַ ווייביל געהט צו קינד? איז אָבער אַ מעשה דערביי! געוואוסט האָט מען, אַז דער בריסקער רב, ווייל ער האָט אַ חסיד אָבגעגאָהלט, דאָס הייסט: געהייסען אָבגאָהלען באָרד און פאות, איז נזוק געוואָרען פון די צדיקי הדור. ביידע צוויי זיהן זעננען איהם, לא עליכם, במשך פון אַ 5—6 יאָהר, נפטר גע־וואָרען, און אַללע זיינע דריי טאָכטער האָבען קיין בנים זכרים נישט געהאַט. דערביי איז נאָך יעדע פון זיי, געוועזען רחמנא ליצלן, אַ מקשה לילד, בשעת מעשה געוועזען יעדעס מאָל מעהר דאַרטען ווי דאָ! אַז מען האָט אָבער מן השמים געוואָלט, עס זאָל זיין מחלוקת, האָבען אַללע געזעהען און געוואוסט, אַז עס איז איין עונש פון די צדיקי הדור אויפ׳ן בריסקער רב, נור ער אַליין, מיט זיינע ליכטיגע אויגען, האָט עס נישט געזעהען! און אפשר — נישט געוואָלט זעהען! ער האָט וויי־טער געפיהרט זיין התנגדות ביד חזקה — מיט חרמות, און תקיפות פון אנשי חיל, ווי אין יענע צייטען...

מיר איז גיטעלע (אזוי האט זי, דעם בריסקער רב'ס טאָכטער, געהייסען, באמת אַ שאָד געוועזען, זעהר אַ שאָד געוועזען. ערשטענס — אַ יודישע נשמה; צווייטענס — אַ יודישע, כּשר'ע נשמה; עס איז נאָך אַזאַ צדקית, אַזאַ כּשר'ע זאַך אויף דער וועלט נישט געוועזען...

קיין איינציגע אָרימע כּלה האָט אָהן איהר הילף ניט חתונה געהאַט; אַזאַ זיידענע בּריאה! און דאָס דאַרף געשטראָפט ווערען פאַר'ן פאָטערס כּעס! און דעריבער, אַזוי ווי איך האָב נור בּעמערקט, אַז די באָבע הויבּט זיך אָן דרעהען אין שטוב, האָב איך שוין אָנגעהויבען אַרבּייטען אויף אַללע כּלים, מען זאָלל שיקען צום ביאַלער רבּין... זאָלל זיין אַ קוויטיל אָהן אַ פּדיון; בּאשר — ער דאַרף נעהטיג פּדיונות!...

דער ביאַלער רבּי האָט גאָר וועהניג געהאַלטען פון פּדיונות!

מיט וועמען אָבער רעדט מען?

איך פּריוו מיט'ן בּריסקער רבּ'ס איידאָם, און, איך ווייס — אַז ממש נפשו קשורה בּנפשה, וואָרען, ווי ער האָט זיך נישט בּעהאַלטען, האָט עס דאָס שלום בּית אָרוים-געשמעקט פון יעדען ווינקעלע, פון אַללע זייערע תּנועות און הויות, — איז ער דאָך אָבער דעם בּריסקער רבּ'ס איידאָם; שפּייעט ער אוים, געהט ער אַוועק און לאָזט מיך שטעהען מיט איין אָפען מויל.

נעהם איך מיך צו ר' יחיאל'ן אַליין, אָנטפערט ער מיר: עס איז דעם בּריסקער רבּ'ס טאָכטער! איך וועלל עס איהם, דעם בּריסקער רבּ, נישט טהון, אפילו בּיי סכּנות נפשות, חס ושלום! פּריוו איך מיך מיט זיין פלונית'טע, — אַ כּשר'ע יודענע, נור אַ פּראָסטע, — אָנטפערט זי מיר כּהאי לישנא: זאָלל מיין מאַן הייסען, שיק איך בּאַלד צום רבּין מיין יום-טוב'דיג שטערנטיכ'ל מיט די אוירינגליך; אַ ממון מיט געלד האָט עס געקאָסט! נור אָהן מיין מאַן, נישט קיין פּחות משוה פּרוטה — נישט אַ פּיפּיץ!

— אָבער אַ קוויטיל... וואָס שאָדט אייך אַ קוויטעל?

— אָהן מיין מאַנ'ס וויססען, גאָר נישט! אָנטפערט זי, טאַקי ווי אַ כּשר'ע יודענע דאַרף אָנטפערן, און דרעהט זיך אָב פון מיר. און איך זעה, אַז זי ווילל נור בּעהאַלטען די טרעהרען, — אַ מאַמע; לבּ יורע — איהר האַרץ האָט שוין געפיהלט די סכּנה...

אַז איך האָב אָבער געהערט דעם ערשטען געשריי, בּין איך אַליין געלאָפען צום רבּין.

— שמעיה, — אָנטפערט ער מיר, — וואָס זאָלל איך טהון? איך וועלל מתפּלל זיין!

— ניט מיר, רבּי, — בּעט איך, — פאַר דער יולדת, וואָס עס איז — אַ שמירה'לע, אַ מטבּע, אַ קמיעא'לע... וואָס עס איז גיט מיר...

— עס וועט, חס ושלום, אַרגער מאַכען, — אָנטפערט ער, — אָהן אמונה שאַרטען

אזוינע זאַכען, און זי האָט דערינען קיין אמונה נישט...

וואָס האָב איך געקאָנט טהון? עס איז די ערשטע טאָג סוכּות, זי איז מקשה לילד, העלפען קאָן איך נישט, בלייב איך שוין בעססער ביי'ם רבין אין שטוב. אַ בן־בית בין איך געוועזען; טראַכט איך מיר, איך וועלל קוקען יעדער רגע מיט געבעט צום רבין, אפשר וועט ער זיך מרחם זיין...

האָרען האָרט זיך, אַז עס איז נישט גוט. דען דריטען טאָג שטעהען שוין די וועהען... מען האָט שוין אַלץ געטהון, וואָס מען האָט געקאָנט: די שוהל איינגעריסען, קברים געמאָסטען, הונדערטער פונד ליכט אויסגעברענט אין שוהל, אין בתי מדרשים, היינט צדקה — אַ מטמון!... עס איז דען נאָכצוּדערצאָהלען? אַללע קליידער־שאַנק זעננען געשטאַנען אָפען; אַ בּאַרג מיט אַלערליי מטבעות איז געלעגען אויפ'ן טיש, און אָרימע לייט זעננען אַריינגעקוממען און גענוממען, ווער עס וויל, וואָס ער וויל, וויפיעל ער וויל!

עס האָט מיך שטאַרק אָנגעחאַפּט דאָס האַרץ.

— רבי זאָג איך, עס שטעהט דאָך: צדקה תּציל ממות.

און ער אָ טפּערט מיר, שלא ממין הטענה, דאַכט זיך:

— אָפּשר וועט קוממען דער בּריסקער רב!

און בּאותו הרגע קומט אַריין ר' יחיאל! צום רבין רעדט ער נישט, גלייך ער וואָלט איהם נישט געזעהן, נור —

— שמעיה, זאָגט ער צו מיר, און חאַפּט מיך אָן ביי'ם לאַץ, הינטען שטעהט אַ פוּהר, געה, זעץ דיך אויף און פאָהר צום בּריסקער רב, זאָל ער קוממען...

און געפּיהלט האָט ער שוין אַ פּנים, אין וואָס עס געהט, ווארום צוגעגעבען האָט ער:

— זאָלל ער אַליין זעהען, וואָס עס טהוט זיך! זאָלל ער זאָגען, וואָס צו טהון!

און אַ פּנים האָט ער געהאַט, וואָס זאָלל איך אייך זאָגען,— מתים זעננען שאָנער פאַר איהם!

---

מילא, פאָהר איך! טראַכטען, טראַכט איך מיר, אַז אויב דער רבי ווייסט, אַז ער וועט קוממען, וועט שוין עפּיס דערפון אַרויס! אפשר נאָך אַ שלום! דאָס הייסט: נישט צווישען בּריסקער רב מיט'ן ביאַלער רבין, זיי אַליין האָבען קיין מחלוקת נישט געפיהרט, נור צווישען די צדדים בּכלל! ווארום באמת, אַז ער וועט קוממען, וועט ער דאָך זעהען! אויגען האָט ער דאָך!

נור מן השמים, אַ פּנים, לאָזט מען אַזא זאַך, אַזוי געשווינד, נישט צו. מן השמים האָט מען מיט מיר מלחמה געהאַלטען. קוים בין איך אַרויסגעפאָהרען פון ביאַלע, גיט זיך איבערן הימעל אַ יאָג אַ חמאָרע, אָבער ווי הייסט אַ חמאָרע! אַ שוואַרצער

שווערער וואָלקען ממש ווי אַ סמאָלע און אַ בלאָז האָט פּלוצים געטהון, גלייך עס וואָלטען רוחות געפלויגען און פון אַלע זייטען מיט אַמאָל. אַ פויער, להבדיל, פערשטעהט זיך אויף אַזוינע זאַכען, צלמ'ט ער זיך און זאָגט, אַז עס וועט זיין, חס ושלום, אַ שווערער וועג, און וויזט מיר מיט דער בייטש אין הימעל אַריין...
הוך כדי־דבור מאַכט זיך נאָך אַ שטאַרקערער ווינד, ער צורייסט די חמאַרע, ממש ווי מען צורייסט אַ שטיק פּאַפּיער, און הויבט אָן צו יאָגען און צו טרייבען איין שטיק חמאַרע אויף דער צווייטער, איינע אויף דער צווייטער, גלייך ער וואָלט קריג געטריבען אויף אַ טייך. איך האָב שוין איבערן קאָפּ צוויי שטאָק און דריי שטאָק חמאַרע. לכתחילה האָב איך אפילו קיין מורא נישט געהאַט. אויסגעגנעצט ווערען איז ביי מיר קיין נייעס נישט געווען, און פאַר דונערן שרעק איך מיך נישט. ערשטענס דונערט נישט סוכות צייט, און צווייטענס — נאָכ'ן רבי'ן'ס שופר־בלאָזען! מיר האָבען אַ קיימא־לן, אַז נאָך אַזא שופר־בלאָזען האָט אַ גאַנץ יאָהר קיין דונער קיין שליטא נישט! אַז עס האָט אָבער ראַפּטום געגעבען אַ פּלאַסק מיר אין פּנים אַריין, ווי מיט אַ בייטש... איין מאָל, דאָס צווייטע מאָל, דאָס דריטע מאָל... איז מיר טאַקי דער מוטערס מילך ענפּאַלען! איך האָב געזעהען בחוש, אַז דער הימעל פּאַטשט מיך, אַז מען טרייבט מיך צוריק!

און דער פויער, להבדיל, בעט זיך אויך: לאָמיר צוריק פאָהרען.

איך וויים אָבער, עס איז סכנות נפשות. איך זיץ אויף דער פוהר, און, אינ'ם שטורם, הער איך, ווי די יולדת קרעכצט, ווי דעם בריסקער רב'ס איידעמס פינגער קנאַקען; ער בראָכט זיך די האַנד; אויך זעה איך פאַר מיר ר' יחיאל'ס שוואַרץ פּנים מיט די איינגעפאַללענע, ברעננענדיגע אויגען! פאָהר, בעט ער מיך, פאָהר — — און מיר פאָהרען.

און דאָ גיעסט און גיעסט, עס גיעסט פון אויבען, עס שפּריצט פון אונטער די ראָדער, און פון אונטער די פערדס פיס. און דער וועג ווערט אין גאַנצען פערגאָססען, ממש בעדעקט מיט וואַססער. איבערן וואַססער געהט אַ פּאַרע, די פוהר, דאַכט זיך, הויבט שוין אָן שווימען — — וואָס זאָלל איך אייך דערצעהלען? מיר האָבען נאָך דערצו געבלאָנזשעט... נור אויסגעהאַלטען האָב איך!

מיט'ן בריסקער רב בין איך געקוממען אויף הושענא רבא!

נור, דען אמת צו זאָגען, אַזוי ווי דער בריסקער רב האָט זיך אַרויסגעוועצט אויף דער פוהר, איז שטיל געוואָרען! די חמאַרע האָט זיך איבערגעריסען, פון שפּאַלט האָט זיך אַרויס געוויזען די זונן, און מיר זעננען בשלום שאָן און טריקען אַריינגעפאָהרען קיין ביאַלע. דער פויער, להבדיל, האָט עס אפילו בעמערקט און געזאָגט אויף זיין לשון: וועלקי ראַבין, צי דיוזשי ראַבין!...

נור דער עיקר איז געוועזען אונזער אַריינקומען!

ווי די היישרעקן זעננען צוין איהם צוגעפאללען די ווייבער, וואס זעננען אין שטוב געוועזען... כמעט אויפ'ן פנים זעננען זיי פאר איהם געפאלען אונ געוויינט...
די יולדת פון דער צווייטער שטוב האָרט מען נישט, אָדער דורכען געוויין פון די ווייבער, אָדער, טראַכט איך, זי האָט שוין, חס ושלום, קיין כח נישט צו קרעכ-
צען... ר' יחיאל האָט אונז אפילו נישט געזעהען, ער איז געשטאַנען אריינגעדריקט מיט'ן שטערן אין אַ שויב, דער קאָפּ האָט איהם אַ פנים געברענט...

דעם בריסקער רב'ס איידעם, דרעהט זיך אויך נישט איבער דערלאַנגען שלום. ער שטעהט מיט'ן פנים צו דער וואַנד, אונ איך זעה בחוש, ווי דער גוף זיינער ציטערט אונ ווי דער קאָפּ קלאַפּט אָן דער וואַנד!...

איך האָב געמיינט, איך פאַלל! אַזוי האָט מיך דער צער אונ די שרעק דורך אונ דורך גענוממען. עס איז מיר קאַלט געוואָרען אין אַללע איברים, איך האָב גע-
פיהלט, אַז די נשמה ווערט אין מיר קאַלט!...

נור, צי האָט איהר געקענט דעם בריסקער רב?

דאָס איז געוועזען אַ מענש — איין עמוד ברזל, זאָג איך אייך!

אַ הויכער, הויכער יוד, טאַקי „משכמו ומעלה"... איין אימה האָט ער גע-
וואָרפען, ווי אַ מלכות! — אַ ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ, געדענק איך נאָך ווי היינט, האָט זיך איהם אַריינגערוקט אונטער'ן גאַרטעל, דער צווייטער שפּיץ-
באָרד ציטערט איבערן גאַרטעל...

ברעמען — ווייסע, דיקע, לאַנגע — אַ האַלב פנים האָבען זיי איהם פאַר-
שטעלט. אונ, אַז ער האָט זיי אויפגעהויבען — רבונו של עולם! די נשים זעננען ממש צוריק געפאַללען, ווי פון אַ דונער צוריק געוואָרפען, אַזוינע אויגען האָט ער געהאַט! — חלפים, בלאַנקע חלפים האָבען אין זיי געבליצט! אונ אַ געשריי האָט ער געטהון ווי אַ לייב: אַוועק נשים!

דערנאָך האָט ער שטילער אונ איידעלער געפרעגט:

— אונ וואו איז מיין טאָכטער?

מען האָט איהם געוויזען.

ער איז אַריינגעגאַנגען, אונ איך בין געבליבען שטעהען ממש אַרויס פון די כלים: אַזוינע אויגען, אַזא בליק, אַזא קול! עס איז גאָר איין אַנדערער דרך, איין אַנדערע וועלט! דעם ביאַלער רבינס אויגען לייכטען אַזוי גוט, אַזוי שטיל, עס קומט אַריין אַ חיות אין האַרץ; ער וואַרפט אויף דיר אַ בליק, האָט ער דיך מיט גאָלד בעשיט... אונ זיין קול, דאָס זיסע קול, דאָס סאַמיטענע זיסע קול — רבונו של עולם, ביים האַרץ האַפּט עס אָן, ביים האַרץ גלעט עס אַזוי שטיל, אַזוי מהיה'דיג... נישט קיין מורא, חס ושלום, האָט מען פאַר'ן, נור די נשמה צוגעהט אין ליעבשאַפט, אין מתיקות פון ליעבשאַפט. זי וויל אַרויס פון גוף אונ בעהעפטען זיך מיט זיין

נשמה... זי רייסט זיך ווי, להבדיל, אַ זומערפֿליגעלע צו'ן אַ העלער פֿלאַם!... און דאָ — רבונו של עולם: אימה ופחד! אַ גאון, אַ פֿערציייטישער גאון! און ער געהט אַריין צו'ן אַ יולדת!

„ער וועט פֿון איהר מאַכען, — שרעק איך מיך — אַ גל-של-עצמות!"
לויף איך צו'ם רבי'ן.

און דער רבי בעגעגענט מיך באַלד אין טהיר מיט אַ שמייכעל:
— האָסט געזעהען, מאַכט ער, כבוד התורה? ריינעם כבוד התורה?
איך האָב מיך בערוהיגט. אַז דער שמייכעלט, טראַכט איך, איז גוט! —

---

און עס איז טאַקי גוט געוועזען. שמיני עצרת איז זי איבערגעקוממען. שמחת־תורה האָט שוין דער בריסקער רב געזאָגט תורה ביי'ם טיש. איך האָב געוואָלט אפילו ערגיץ אַנדערש זיין ביי'ם טיש, נור איך האָב מורא געהאַט. בפרט, אַז מיט מיר איז געוועזען אַ מנין... מען וועט בענשען נברך לאלהינו...

מילא, וואָס זאָל איך אייך פֿערציילען? דעם בריסקער רב'ס תורה? אויב די תורה איז אַ ים, איז ער געוועזען דער לויתן אין ים, — מיט איין תנועה גיט ער אַ שווים דורך צעהן מסכתות; מיט איין תנועה מישט ער אויס ש"ס ופוסקים! אַז עס הילעכט און שפּריצט, און זיעדט און קאָכט, טאַקי, ווי מען פֿערצעהלט פֿון אמת'ען ים... דען קאָפּף האָט ער מיר צושרויפֿט... נור „לב יודע מרת נפשו"! דאָס האַרץ מיינס האָט פֿאָרט נישט געהאַט קיין שמחת יום־טוב! און דעמאָלט האָב איך מיך דערמאָנט אין רבי'נ'ס חלום... און איך בין פֿערשטאַרט געוואָרען! די זונן איז געלעגען אין פֿענסטער, וויין האָט ביי'ם טיש נישט געפֿעהלט, דער גאַנצער עולם, זעה איך, שוויצט, און מיר? מיר איז געוועזען קאַלט, קאַלט ווי אייז! און דאָרטען, האָב איך געוואוסט, זאָגט מען אַנדערע תורה... דאָרטען איז ליכטיג און וואַרם... יעדעס וואָרט איז דורכגעוועבט און דורכגעווייקט מיט אהבה און דבקות... מלאכים פֿיהלט מען, פֿליהען אַרום שטוב; ממש מען האָרט, ווי עס רוישען די גרויסע, ווייסע פֿליגעל... אַיי, רבונו של עולם! נור אַוועק געהען טאָר מען נישט!

פֿלוצלינג, האַקט ער איבער, דער בריסקער רב, און גיט אַ פֿראַג:
— וואָס פֿאַר אַ רבי'ן האָט איהר עס דאָ?
—. איינעם, אַ נח. אַנטפֿערט מען איהם.
מילא, שניידט עס מיך ביי'ם האַרץ! „איינעם, אַ נח" — אַח, די חנופה, די חנופה!
— אַ בעל מופת? פֿראַגט ער ווייטער.
— ווענינ, מען האָרט נישט... ווייבער אפילו פֿערצעהלען, נור ווער האָרט זיי?

ער נעהמט אַזוי געלד, אָהן מופתים...

זאָגט מען איהם שוין דען אמת, אַז געלד נעהמט ער ווייניג און גיט אַ סך אַוועק. דער בריסקער רב פערקלערט זיך.

— און לערנען קען ער?

— מען זאָגט — אַ גדול!

— פון וואַנען איז ער, דער נח?

קיינער ווייסט נישט, און איך מוז אָנטפערן. מאַכט זיך שוין אַ שמועס צווישען מיר מיט'ן בריסקער רב:

— איז ער נישט, דער נח, אַ מאָל אין בריסק געוועזען? פראָגט ער.

— צי דער רבי, שטאַמעל איך, איז געוועזען אין בריסק? דאַכט זיך — יאָ!

— אַה! מאַכט ער — אַ חסיד זיינער! און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער האָט אויף מיר אַ קוק געטהון ווי אויף אַ שפין.

און ער האָט זיך איבערגעדרעהט צום עולם:

— ביי מיר, — זאָגט ער, — איז אַ מאָל געוועזען אַ תלמוד „נח.... אפילו אַ גוט קאָפּיל, נור עס האָט איהם געצויגען אין יענער זייט אַריין —— איך האָב איהם איינמאָל געזאָגט, צוויי מאָל... איך האָב איהם געוואָלט זאָגען צום דריטען מאָל, מזהיר זיין, איז ער מיר נעלם געוואָרען... צי איז עס נישט ד ע ר?

— ווער ווייסט?

און ער הייבט אָן אויסמאָלען: אַ דאַרער, אַ קליינער, אַ שוואַרץ בּאָרדיל, שוואַרצע געקרייזעלטע פאות, אַ פערטראַכטער, אַ שטיל קול און דערגלייכען.

— עס קאָן זיין, זאָגט דער עולם, אַז דאָס איז ער; קרוב לאמת!

איך האָב שוין גאָטט געדאַנקט, אַז מען האָט אָנגעהויבען בענשען.

נור נאָך דעם בענשען איז געשעהן אַזוינס, וואָס עס האָט זיך מיר גאָר נישט געקאָנט חלומ'ען.

דער בריסקער רב הויבט זיך אויף פון בענקיל, רופט מיך אַוועק אין אַ זייט און זאָגט מיר שטילערהייט: פיהר מיך צו ד י י ן רבין און מ י י ן תלמיד. נור, האָרסט, — קיינער זאָלל נישט וויססען!

מן הסתם פאָלג איך, נור אויפ'ן וועג פראָג איך איהם מיט שרעק:

— בריסקער רב, זאָג איך, מיט וואָס פאַר אַ כוונה געהט איהר?

און ער אָנטפערט מיר פשוט:

— עס איז מיר אַיינגעפאַלען ביי'ם בענשען, אַז איך בין ביז אַהער געוועזען אַ דן שלא בפניו... זעהען וויל איך, איך וויל אַליין זעהען, און אפשר — האָט ער שפּעטער צוגעגעבען, — וועט מיר גאָטט העלפען, איך וועל אַרויסראַטיווען מיינם אַ תלמוד.

— ווייסט, שייגעץ, — מאַכט ער ווייטער מיט הלצה, — אַז אויב דיין רבי איז

דער נח, וואָס האָט ביי מיר געלערנט, קאָן ער זיין אַ גדול בישראל, אַ בריסקער רב אַ מאָל!

אַצונד האָב איך שוין זיכער געוואוסט, אַז דאָס איז ער, און דאָס הארץ האָט ערשט אָנגעהויבען צאַפּלען...

---

און די צוויי בערג האָבען זיך צוזאַממען געטראָפען... אַז איך בין אין דער מיט נישט געבליבען אויפ׳ן אָרט, איז טאַקי אַ נס מן השמים.

דער ביאַלער רבי, זכרונו לברכה, פלעגט שמחת תורה אַרויסשיקען די חסידים שפּאַצירען אַרום דער שטאָדט, און ער אַליין איז זיך געזעססען אויפ׳ן גאַניקיל, און געקוקט, און מקבל נחת געוועזען.

עס איז ניט געוועזען היינטיג ביאַלע. עס איז געוועזען דעמאָלט גאָר אַ קליין שטאָדטיל. סאַמע קליינע, נידריגע, געבויטע הייזליך; אויסער דער שוהל מיט׳ן רבינס בית המדרש. דעם רבינס גאַניקיל איז געוועזען אויפ׳ן צווייטען שטאָק און מען האָט פון גאַניקיל אַלץ געזעהען ווי אויף דער האַנד — די בערגליך פון מזרח זייט, דען טייך פון מערב... — — און דער רבי זיצט אויפ׳ן גאַניקיל און קוקט. דערזעהט עטליכע חסידים, וואָס געהען און שווייגען, ווארפט ער זיי אַראָב פון דער הויך איין התחלה פון אַ נגון. זיי חאַפּען אונטער און געהען שוין ווייטער זינגענדיג — — און כתות, כתות געהען פאַרביי, און לאָזען זיך אַרום פון שטאָדט, מיט געזאַנג מיט אמת׳ער פרייד, מיט אמת׳ער שמחת תורה... און דער רבי פלעגט זיך נישט ריהרען פון גאַניקיל.

דעמאָלט אָבער האָט דער רבי, אַ פנים, דערהאָרט אַנדערע טריט, האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז אַקעגען געגאַנגען דעם בריסקער רב.

— שלום עליכם, רבי! מאַכט ער מיט ענוות און מיט זיין זיס קול.

— עליכם שלום, נח! — האָט דער בריסקער רב געאָנטפערט.

— זיצט, רבי!

דער בריסקער רב זעצט זיך און דער ביאַלער רבי שטעלט זיך פאַר איהם.

— זאָג נור, נח! — מאַכט דער בריסקער רב מיט אויפגעהויבענע ברעמען, — וואָס ביסט דו עס ענטלאָפּען פון מיין ישיבה? וואָס האָט דיר דאָרטען געפעהלט?

— עס האָט מיר, רבי, — אָנטפערט ער געלאַססען, — אָטהעם פערפעהלט... איך האָב נישט געקאָנט דען אָטהעם חאַפּען...

— ווי הייסט? וואָס רעדסט דו, נח?

— נישט מיר, — פערטייטשט דער רבי מיט אַ שטילער קול, — נור מיין נשמה האָט אָטהעם פאַרפעהלט...

פאַר וואָס, נח?

— אייער תורה, רבי, איז סאַמע דין! אָהן רחמים איז זי! אָהן אַ פּונק חסד איז אייער תורה! און דעריבער איז זי אָהן שמחה, אָהן פרייען אָטהעם... סאַמע ברזל ונחשת, אייזערנע חוקים, קופּערנע דינים... און סאַמע הויכע תורה, פאַר לומדים. פאַר יחידי סגולה!...

דער בריסקער רב שווייגט און דער רבי זאָגט ווייטער: און זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איהר פאַר'ן כלל ישראל? וואָס האָט איהר, רבי, פאַר'ן האָלץ-העקער, פאַר'ן קצב, פאַר'ן בעל מלאכה, פאַר'ן פּראָסטען יוד?... בפרט — פאַר אַ זינדיגען יוד? וואָס, רבי, האָט איהר פאַר נישט לומדים?

דער בריסקער רב שווייגט, גלייך ער פערשטעהט נישט, וואָס מען רעדט צו איהם. און דער ביאַלער רבי שטעהט אַליין פאַר איהם און זאָגט ווייטער מיט זיין זיס קול:

— זייט מיר מוחל, רבי, נור דעם אמת מוז איך אייך זאָגען... האַרט איז געוועזען אייער תורה, האַרט און טרוקען, ווייל זי איז נור דער גוף און נישט די נשמה פון דער תורה!

— די נשמה? פראַגט דער בריסקער רב און רייבט זיך דעם הויכען שטערן.

אַודאי! אייער תורה, רבי, האָב איך געזאָגט, איז נור פאַר יחידי סגולה, פאַר למדנים, נישט פאַר כל ישראל. און די תורה מוז זיין פאַר כל ישראל! די שכינה מוז רוהען אויף כל ישראל! וואָרען די תורה איז די נשמה פון כל ישראל!

— און דיין תורה, נח?

— איהר ווילט זי זעהען, רבי?

— תורה — זעהען? וואונדערט זיך דער בריסקער רב.

קומט, רבי, איך וועל זי אייך ווייזען!... איך וועל אייך איהר גלאַנץ ווייזען; די שמחה, וואָס שטראַהלט אַרויס פון איהר אויף אַללע, אויף כל ישראל!

דער בריסקער רב ריהרט זיך נישט.

— איך בעט אייך, רבי, קומט, נישט ווייט!

ער האָט איהן אַרויסגעפיהרט אויפ'ן גאַניקיל. שטילערהייט בין איך זיי נאָכגעגאַנגען.

דער רבי האָט דאָך דערפיהלט: מאָגסט נאָכגעהען, — מאַכט ער, — שמעיה, היינט וועסט דו אויך זעהען... דער בריסקער רב וועט אויך זעהען... שמחת תורה וועט איהר זעהען... איהר וועט זעהן, אמת'ע שמחת תורה!

און איך האָב געזעהען דאָס אייגענע, וואָס אַללע שמחת תורה, נור איך האָב אַנדערש געזעהען... ווי אַ פאָרהאַנג איז מיר אַוועק געפאַללען פון די אויגען.

אַ גרויסער, ברייטער הימעל — ממש אין-סוף, און בלאָה, אַזוי העל בלאָה

איז דער הימעל געווען, אז עס האָט מחיה געווען דאָס אויג. איבער׳ן הימעל זענען געשוואומען ווייסע, ממש זילבערנע, וואָלקענדליך, אונ אז מען האָט זיך אין זיי איינגעקוקט, האָט מען געזעהען, ווי זיי ציטערען ממש פאַר פרייד, ווי זיי טאַנצען אונטער מיט שמחת תורה! הינטען ווייטער האָט ארומגענומען די שטאָדט אַ גרינער, ברייטער גאַרטעל, אַ טונקעל גרינער, נור דאָס גרינע איז געווען לעבענ־דיג גרין, אַזוי לעבענדיג, גלייך עס וואָלט אַ „חיות" ארומגעפלויגען צווישען די גראָזען; וואָס אַ מאָל, האָט זיך געדאַכט, פלאַמט ערגיץ אַנדערש אויס אַ חיות, אַ געשמאַק, אַ לעבען; — מען האָט געזעהען בחוש, ווי די פלאַמליך שפּרינגען אונ טאַנצען צווישען די גראָזליך... גלייך זיי האַלזען זיי אונ קושען זיי...

אונ אויף די לאָנקים מיט די פלאַמליך האָבען זיך אַרומגעדרעהט כּתּות אונ כּתּות פון חסידים... די אַטלאַסענע אונ אפילו די לאַסטינגענע קאַפּאָטעס האָבען געבלאַנקט ווי די שפּיגעל, די צעריסענע ווי די גאַנצע... אונ די פלאַמליך, וואָס האָבען זיך אַרויסגעריסען פון צווישען די גראָזליך, האָבען זיך געחאַפּט אונ געציעפּעט אָן די שפּיגעלדיגע בּגדי יום טוב. אונ עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי טאַנצען אַרום יעדען חסיד, מיט התלהבות, מיט ליעבשאַפט... אונ אַלע כּתּות חסידים האָבען גע־קוקט מיט ווינדערליך דאַרשטיגע אויגען אַרויף צום רבינס גאַניקיל... אונ די דאַרשטיגע אויגען, האָב איך געזעהען ממש בחוש, זויגען פון גאַניקיל, פון רבינס פּנים, די ליכט, אונ וואָס מעהר ליכט זיי האָבען געזויגען, האָבּער געזונגען האָבען זיי... אַלץ האָבער אונ האָבער... אַלץ לוסטיגער, אַלץ הייליגער...

אונ יעדע כּתּה האָט זיך געזונגען איהר נגון, נור אין דער לופט האָבען זיך די אַלע נגונים מיט די אַללע קולות אויסגעמישט; אונ צום רבינס גאַניקיל איז צוגעקומ־מען איין זמר, איין נגון... גלייך אַללע זינגען איין זמר. אונ אַללע זינגען — דער הימעל זינגט, די גלגלים זינגען, אונ די ערד פון אונטען זינגט, אונ די נשמה פון דער וועלט זינגט — — — אַלץ זינגט!

רבונו של עולם! איך האָב געמיינט איך צו געה אין מתיקות...

עס איז אָבער נישט בעשערט געווען.

— מען דאַרף מנחה דאַווענען! האָט פלוצלים דער בריסקער רב אַרויסגעזאָגט שאַרף; אונ אַלץ איז פערשוואונדען געוואָרען...

שטיל — — די פאַרהאַנג איז מיר צוריק געפאַללען פאַר די אויגען: אויבען — אַ פּשוט׳ער הימעל, אונטען — פּשוט׳ע פאַשע, פּשוט׳ע חסידים אין צוריסענע קאַפּאָ־טעס... אַלטע צוריסענע שטיקליך נגונים ... אויסגעלאָשען די פלאַמליך — איך קוק אויפ׳ן רבין, זיין פּנים איז אויך חשך — — —

---

זיי האָבען זיך נישט אויסגעגלייכט; דער בריסקער רב איז געבליבען אַ מתנגד

זוי פריהער; מיט דעם איז ער אוועקגעפאָהרען!

דאָך אַ פעולה האָט עס געהאַט! גערודפט האָט ער שוין נישט. —

# אַ גלְגול פון אַ נִגון.

— אַ טאַלנער נ ג ו ן ווילט איהר?

דאַכט זיך אין פלוק אַ קלייניגקייט — נעהמען אַ נגון פון אַ טאַלנער שלש סעודות און נאָכזינגען! עס איז אָבער נישט אַזוי, ווי עס דאַכט זיך!

דער טאַלנער נגון מוז געזונגען ווערען ברב עם, ח ב ר ה מוז איהם זינגען!

אונטערהעלפען ווילט איהר?, ניין, ברידער; מיט דער הילף פון פוילישע חסידים זינגט זיך נישט קיין טאַלנער נגון!

איהר האָט גאָר קיין השָגה, קיין ידיעה אין נגינה!

איך האָר דאָך אייערע כלי־זמרים, אייערע חזנים! עס גרימפעלט זיך, נישט עס שפיעלט און ביים זינגען רייסט איהר אייך, ווי געקוילערטע העהנער! אפילו די סיני נגונים קוממען ביי'ן אייך אַרוים משונה־ווילד... און אייערע מאַרשען, אייערע קאָזאַקליך? זיי זעננען נאָך ווילדער ווי אייערע תנועות און הויות! איהר זאָגט, עס איז חסידות?... ביי אונז זעננען אַ נ ד ע ר ע חסידים!...

פון וואַננען מ י ר האָבען נגינה? אָפשר קומט עס שוין בירושה און אָפשר ליגט עס אין דער געגענד!

אין אונזער קיעווער געגענד איז אין בית אָהן אַ פיידעלע!

אַ בעל־ביתּ'ש קינד, אָדער, ווי מען זאָגט אין יענע קאַנטען: אַ טאַטענס אַ קינד, מוז האָבען אַ פיידעלע, מוז קעננען שפיעלען...

איהר ווילט וויסען, וויפיעל מאַנסלייט עס געהאָרען צו'ן אַ שטוב? קוקט אויף די וואַנד! וויפיעל עס הענגען פיידעליך, אַזוי פיעל מאַנסלייט!

אַללע שפיעלען: עס שפיעלט דער זיידע, עס שפיעלט דער פאָטער, עס שפיעלט דער זוהן...

עס איז נור אַ שאָד, וואָס יעדער דור שפיעלט זיך זיינס, שפיעלט אַנדערש, שפיעלט בעזונדער!

דער אַלטער זיידע שפיעלט סיני נגונים אָדער אַזוי ח ז נ י ש ע זאַכען...

אַ „כל־נדרי", „שושנת יעקב", אַ „גדי קשור־ידים" — אַ דאגה וואָס? דער פּאָטער, אַ חסידישער מענש, צוגעהט זיך אין אַ גוט־יודישען שטייגער! דער זוהן ווייטער — שפּיעלט שוין פון נאָטען! מען שפּיעלט שוין גאָר פון טעאַטער!

אַזוי ווי דער דור, אַזוי איז דער נגון!

*

— וואָס טהוען חסידים, אַז עס פעהלט אַ ביסיל בראָנפען? רעדט מען פון בראָנפען!... זינגען איינער אַליין, אָהן חברה, אָהן אַ ברען פון עולם, קאָן מען נישט; וועל'מיר ר ע ד ע ן פון נגינה...

נגינה, מוזט איהר וויסען, איז אַ גרויסע זאַך! גאַנץ טאַלנע איז געשטאַנען אויף מלוה־מלכּה'ס, אונ דער עיקר מלוה־מלכּה איז געוועזען דער נגון!

עס ווענדט זיך נור, ווער עס זינגט אונ וואָס ער זינגט...

מיט די אייגענע ציגעל קאָן מען שטעלען אַ שוהל אונ אַ קלויסטער, אַ פּאַלאַץ אונ אַ תּפיסה, אונ גאָר אַ הקדש!

מיט די אייגענע אותיות שרייבט מען סודות התורה אונ, להבדיל, דאָס גראָסטע אפּיקורסות! אונ מיט די אייגענע קולות קאָן מען אַרויף צו דער העכסטער מדרגה פון התלהבות אונ דבקות, אונ מען קאָן אַראָב ביז'ן שאול תּחתּית אונ וואַלגערן זיך דאָרט ווי אַ וואָרם אין בלאָטע!

אַ בריוויל — ווי מען לייענט עס; אַ נגון ווי מען זינגט איהן!

נעהמט, למשל, אַ „פריילכ'ס"; קאָנן עס זיין אַ טאַלנער שבת־שירה'דיגע מלוה־מלכּה, — אַ שמחה פון מצוות אונ מעשים טובים; אונ עס קאָן זיין די פרייד פון איין אויסגעלאַסענעם פויגעל אין אַ הפקר וועלט!

אַ נגון ברענט, טאַקי „תּוכו רצוף אהבה" — אויסגעווייקט איז ער מיט ליעבשאַפט; נור ליעבשאַפטען זעננען פאַרהאַנגען אַ סך; עס איז פאַרהאַנגען אהבת המקום, אהבת הבּריות, אַ ליעבשאַפט צו כּל ישראל... איינער אָבער האָט גאָר זיך אַליין ליעב, צי גאָר, רחמנא ליצלן, איין א ש ת־א י ש!

אַ נגון קלאָגט זיך, אַ נגון וויינט, נור איינער וויינט אויפ'ן נחש, אויפ'ן פער־לוירענען גן־עדן; אַ צווייטער — אויף גלות השכינה, אויף חורבן בית המקדש, אויף אונזער דלות אונ שפלות!...„ראה עמידתנו..." קלאָגט ער זיך, דער נגון... אונ נאָך אַ נגון וויינט, אַז עמיצין איז אַ יְפֵה פִיָה אַנטלאָפען!

עס איז פאַרהאַנען אַ נגון פול מיט באַנגשאַפט; נור צו וואָס באַנגט ער, דער נגון! עס באַנגט אַ נשמה צוריק צו איהר שורש, אונ עס באַנגט איין אַלטער כּלב אָהן צייהן צו יונגע יאָהרען מיט'ן יונגען יצר הרע!

נעהמט חאָטש דאָס ליעדיל:

ר׳ דוד׳ל האָט געוואהנט אין וואָסילקאָוו —
אין וואָסילקאָוו!
אונ היינט וואָהנט ער אין טאַלנא.
ר׳ דוד׳ל, ר׳ דוד׳ל האָט געוואָהנט אין וואָסילקאָוו,
היינט וואָהנט ער אין טאַלנא!...

עס זינגען עס טאַלנער, עס זינגען עס וואָסילקאָווער! נור, אַז די טאַלנער זינגען, איז עס איין אמת „פריילכס", שפריצט עס אונ ברענט מיט שמחה, מיט התענוג; זינגען עס אָבער וואָסילקאָווער, איז עס אויסגעוויקט מיט צער אונ מרה שחורה! אונ ווענדען ווענדט זיך עס אין דער נשמה, וואָס מען גיט אריין אין נגון!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער נגון, מוזט איהר וויסען, איז אַ סך הכל פון קולות; אָדער, ווי, יענע זאָגען — טאָנער.

די קולות אָדער די טאָנער נעהמט מען פון דער טבע; זיי איז קיינער נישט מחדש. אונ אין דער טבע פעהלט נישט קיין קולות. אַלץ האָט אַ קול, זיין אייגענעם קלאַנג, אויב נישט גאָר אַ גאַנצען נגון!

די גלגלים, האָבען מיר אַ קימא לן, זינגען; טאָג אונ נאַכט — „יום ליום... לילה ללילה..." האָבען זייער זמר... מענשען אונ פייגעל זינגען, חיות ובהמות זאָגען שירה... אַ שטיין אָן אַ שטיין קלאַפּט, מעטאַל קלינגט... וואַססער, אַז עס לויפט, שווייגט עס נישט; היינט אַ וואַלד! ביים קלענסטען ווינטיל, זינגט ער דאָך אַ „וואָלאַך", איין אמת׳ען, שטילען, זיסען וואָלאַך! אונ די באַהן, למשל, — די חיה רעה, מיט די רויט-פלאַמענדיגע אויגען, אַז זי לויפט, בעטויבט זי נישט מיט איהר געזאַנג? אפילו די שטומע פיש, האָב איך אין איין אַלט ספר געזעהען, גיבען אויף אַמאָל אַרוים פון זיך אַ קול נגינה. טהייל פיש, שטעהט אין ספר, שווימען פון צייט צו צייט צו צום ברעג, קלאַפּען מיט די עקען אין זאַמד, אויף אַ שטיין אונ זעגנען זיך דערמיט מחיה!

וועניג קולות? מען דאַרף נור האָבען איין אויער, עס זאָלל די קולות אויפחאַפּען ווי אַ נעץ, איינזאַפּען ווי אַ שוואָם!

נור פון טאָנער אַליין איז נאָך קיין נגון נישט!
אַ הויפען ציגעל איז נאָך נישט קיין הויז!
דאָס איז ערשט דער גוף פון נגון; ער דאַרף נאָך אַ נשמה!

אונ די נשמה פון אַ נגון איז שוין אַ געפיהל פון אַ מענש: זיין ליעבשאַפט, זיין צאָרן, לייטזעליגקייט, נקמה, האַרצבענקעניש, חרטה, צער, — אַלץ, אַלץ, וואָס אַ מענש פיהלט, קאָן ער אַריינגעבען אין אַ נגון אונ דער נגון — לעבט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָרום איך, רבותים, גלויב, אַז דאָס, וואָס מיך איז מחיה, מוז אַליין האָבען אַ חיות, לעבט אַליין!

אונ היינט, אַז אַ נגון איז מיך מחיה, אַז איך בעקום פון אַ נגון איין אמת חיות, אַ נייע נשמה, זאָג איך, אַז אַ נגון לעבט...

אונ אַ והא ראיה: נעהמט אַ נגון אונ צושניידט איהן! זינגט איהר קאַפּויער! חאַפּט פריהער אַרויס די מיט אונ דערנאָך זינגט די התחלה מיט'ן סוף! נו, האָט איהר אַ נגון? בסך הכל האָט איהר אַללע קולות, עס פעהלט אייך קיין איינציגער טאָן, נאָר די נשמה איז אַרויס! איהר האָט אַ לעבעדיגע ווייסע טויב געקוילעט אונ אונטער'ן מעסער איז אַרויס די נשמה!

עס איז געוואָרען אַ מת, אַ בר־מנן פון אַ נגון!
אין טאַלנא איז ברור כשמש, אַז אַ נגון לעבט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונ אַ נגון לעבט, אונ אַ נגון שטאַרבט; אונ מען פאַרגעסט אַ נגון, ווי מען פאַרגעסט אַ שוכן עפר!

יונג אונ פריש איז ער אַמאָל געווען, דער נגון! מיט פריש לעבען האָט ער געשפּריצט... מיט דער צייט איז ער אָבגעשוואַכט געוואָרען, ער האָט אָבגעלעבט זיין צייט אונ די כחות זענען איהם אויסגעגאַנגען... עבר ובטל איז ער געוואָרען... דערנאָך איז זיין לעצטער הויך אַריין אין דער לופט אונ ערגיץ פערשטיקט געוואָרען— ואיננו!...

נור אַ נגון קאָן אויפשטעהען תחית המתים...

פלוצים דערמאַנט מען זיך איין אַלטען נגון. ער שווימט פלוצים אַרויס אונ רייסט זיך פון מויל אַראָב... נישט ווילענדיג, לעגט מען אין איהם אַריין אַ ניי געפיהל, אַ נייע נשמה, אונ כמעט אַ נייער נגון לעבט...

דאָס איז שוין אַ גלגול פון אַ נגון...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איהר פערשטעהט מיך ווענינ... רעדט מיט אַ בלינדען וועגען ליכט!

ווייסט איהר וואָס? מעשיות האָט איהר דאָך ליעב, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה וועגען אַ גלגול פון אַ נגון... הערט!

---

דריי פיער מייל אונטער בערדיטשעוו, באַלד נאָכ'ן וואַלד, איז פאַרהאַנען אַ שטעדטיל מאַכנאָווקע; אונ אין דעם מאַכנאָווקע איז געוועזען אַ נישט־קשה'דיגע קאַפּעליע כלי־זמר. נור דער ראש־וראשון זייערער, ר' חיים'ל האָט ער געהייסען, דער איז געוועזען אַ בריה פון אַ מוזיקאַנט,—פדהצור בערדיטשעווערס אַ תלמיד. דער

ר׳ חיים׳ל איז נישט געווען קיין מחדש פון נגונים; דאָס הייסט: ער איז נישט געווען קיין קאָמפּאָזיטאָר. נור אויספיהרען אַ זאַך, מַטעים זיין, פערטייטשען, ממש אַריינלעגען אין הארץ — דאָס האָט ער געקאָנט; אין דעם האָט שוין זיין גבורה געשטעקט!

אַ יוד איז ער געווען אַ דאַרער, אַ טרוקענער. האָט ער אָבער אָנגעהויבען שפּיעלען, איז ער פּלוצים געוואָרען גאָר איין אַנדערער מענש! די אייביג אַראָבגעלאָזטע ברעמען האָבען זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען; און פון די שטיללע, טיעפע אויגען איז געפּאַלען אַ אמת׳ע שיין פון רוחניות איבערן בלאַססען פּנים. מען האָט געזעהען בחוש, אַז צונד איז ער נישט קיין היינער. זיינע האַנד שפּיעלען אַליין, פון זיך, און די נשמה פליהט ערגיץ אַרויס, הויך, הויך אין עולם הזמרה... טהייל מאָל פלעגט ער זיך פאַרגעססען און אָנהייבען זינגען אויך. און אַ קול האָט ער געהאַט — אַ קלאַרנעט, אַזוי קלאָר און אַזוי ריין...

וואָלט דער חיים׳ל נישט געווען קיין פרומער, פּשוטער יוד, כמעט אַ תם, וואָלט ער זיך נישט געקוועהלט מיט אַכט קינדערליך אין מאַכנאָווקע. ער וואָלט שוין ערגיץ געשפּיעלט אָדער געזונגען אין אַ טעאַטער. און אָפשר קאָהר־חזן געוואָרען אין אַ בערלין צי פאַריז... נור אַ זוינע לייט גיט שוין אַרויס פון זיך בערדיטשעוו. חיים׳ל תם זיצט זיך אין דער היים און באָרגט חדשים־לאַנג אין אַללע שפּייז־געוועלבליך על חשבון פון אַ בעל בתי׳שע חתונה, וואָס מוז דאָך אַמאָל זיין!

און דעמאָלט האָט זיך פונקט געמאַכט אַ גבירה׳שע חתונה! און ביים פער פון מאַכנאָווקע, ביי בעריל קאַצנערס אלמנה.

בעריל קאַצנער אַליין,—וואָרגען זאָלל ער מיך קוממען,—איז געווען אַ גרויסער וואָכערניק; אַ קמצן— נאָך אַ גראָססערער. אין מויל אַריין האָט ער זיך נישט פערגונען... ער פלעגט אַרומגעהען און קלויבען קרישקעליך נאָך די קינדערס עססען... איין אייזערן הארץ האָט ער געהאַט, דער מענש!

פאַר׳ן טויט, כמעט אין מיט׳ן דער גסיסה, רופט ער צו דען עלטסטען זוהן, הייסט זיך דערלאַנגען די ביכער, און ווייזט אָן מיט אַ ברוינעבלאָהעם־פינגער, וואו עס איז נישט בעצאָהלט קיין ראַטע! און „פראָלאָנגיערען, זאָגט ער, חס ושלום! האָרסט! בגזרת כבוד־אב!"

דערנאָך האָט ער צוגערופען דאָס ווייב און געהייסען בעהאַלטען דאָס קופער. וואָס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנד: „מאַך איך צו איין אויג, —זאָגט ער— איז אַלץ הפקר!" און מיט דעם איז איהם די נשמה אַרויס!

איבערגעלאָזט האָט ער טאַקי אַ האַלבען מיליאָן!

ווי געזאָגט, חתונה דער מאַכטער מאַכט די אלמנה, און זי אַיילט צו, ווייל זי ווילל זיך אַליין אויך לאָזען רעדען אַ שדוך; אַ שטיין איז איהר אַראָב פון הארץ!

אויפגעריכט איז זי געוואָרען!...

און, אַז חיים'ל כלי־זמר דאַרף אויך חתונה מאַכען אַ טאָכטער, וואַרט ער מן הסתם אויף דער חתונה, ווי אויף משיח'ן...

פאַלט אָבער איין יֶדער אלמנה, אַז זי וויל אַראָפּברענגען פדָהצור'ן פון בערדיטשעוו.

באשר בכן? עס וועלען זיין קיעווער מחותנים, קיעווער מבינים, וויל זי צום בעדעקענס אַ נייעם אֵל מלא רחמים; נישט, זאָגט זי, קיין אַלטע אָבגעשלאָגענע הושענא! עס קאָסט אַזוי פיעל, זאָל נאָך קאָסטען, און זאָללען די קיעווער זעהן!

חיים'ל איז שיער אויסגעגאַנגען.

אין שטאָדט איז אויך געוואָרען אַ געדודער; מען האָט איהם זעהר ליעב געהאַט, חיים'לען; און עס איז גלאַט אַ רחמנות אויף אַ יוד איין אביון!... מען לעגט זיך אַריין אויף אַ פשר; און כוף כל סוף איז געבליבען, אַז שפּיעלען זאָלל טאַקי חיים'ל מיט דער קאַפּעלע, נור פאַר דער חתונה זאָלל ער זיך אַראָבחאַפּען, אויף דער גבירה'ס הוצאות, קיין בערדיטשעוו און ברענגען פון פדָהצור'ן אַ נייעם אל מלא רחמים.

חיים'ל האָט עטליכע רובל, — דערפון לאָזט ער איבער אַ ־אָסערע העלפט דעם ווייב מיט די קינדער — דינגט אַ פוהר, און לאָזט זיך קיין בערדיטשעוו.

און דאָ הויבט זיך אָן די מעשה מיט'ן גלגול.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווי זאָגט מען עפּיס, איין אָרימאַן האָט מזל! פאָהרט חיים'ל פון איין זייט אַריין קיין בערדיטשעוו, און פדָהצור פאָהרט פון דער אַנדערער זייט אַרויס פון בערדיטשעוו! פונקט האָט מען איהן פערבעטען קיין טאַלנע אויף אַ מלוה מלכה! דער טאַלנער, מוזט איהר וויסען, האָט שטאַרק געהאַלטען פון פדָהצור'ן. „סודות התורה", פלעגט ער זאָגען, „שטעקען אין זיינע נגונים! עס איז נור אַ שאַד, וואָס ער אַליין ווייסט זיי נישט!"

מילא חיים'ל דרעהט זיך אַרום ווי איין אָנגעסמ'טער אין די גאַססען.

וואָס זאָלל ער טהון? אַהיים פאָהרען אָהן איין „אל מלא רחמים" טאָר ער נישט; די וועלט וועט זיך קעהרען! נאָכפאָהרען קיין טאַלנע, זָדער וואַרטען, ביז פדָהצור וועט צוריקקומען, קאָן ער נישט; ער האָט אויסגערעכענטע הוצאות! די גבירה האָט איהם וועניג וואָס געגעבען און איבערגעלאָזט דעם ווייב האָט ער אַ סך! האָט ער טאַקי ווילד צער!

פלוצים, דערזעהט ער אין גאַס אַזא מין סצענע!

שטעלט אייך פאָר, אין אַ שאָנעם, העלען וואָכענטאָג, געהט זיך איבער דער גאַס אַ ווייביל, אָנגעטהון בגדי שבת ויום טוב, אָדער, ווי מען זאָגט אין יענע קאַנטען,

אויסגעפוצט אין האָניג און אין עסיג... אויפ׳ן קאָפּ טראָגט זי אַ מאָדנעם ציפּיק, מיט לאַנגע, לאַנגע באַנדער, סטענגעס פון פערש׳ערענע לעבעדיג-שרייענדיגע קאָל׳ירען!

אין דער האַנד האַלט זי אַ גרויסע ווייסע, זילבערנע טאַץ...

דעם ווייביל געהען נאָך כלי־זמר און שפּיעלען, און דאָס ווייביל געהט טאַנ־צענדיג. טהייל מאָל שטעלט זי זיך אָב מיט די כלי־זמר פאַר אַ שטוב, אָדער פאַר אַ קלייט, און מאַכט אַ טאָנציל אויפ׳ן אָרט... די מוזיק רופט ארויס מענשען פון אַללע זייטען, טיהרען און פענסטער זעננען אָנגעפּראָפּט — קאָפּ אויף קאָפּ...

די מוזיק שפּיעלט, דאָס ווייביל טאַנצט, די קאָליערטע באַנדער צופליהען זיך אין די לופטען, די טאַץ בלאַנקט און בליצט... דער עולם שרייט: „מזל טוב" און וואַ־פט מטבעות; דאָס ווייביל טאַנצט אונטער, און חאַפּט זיי אריין אין טאַץ, — די מטבעות בליצען און קלינגען צו צום טאַקט...

וואָס איז עס? אַ קלייניקייט: בערדיטשעוו איז אַ יודישע שטאָדט און האָט יודישע מנהגים: אַזוי איז מען זיך נוהג צוזאַמענצונעהמען אויף הכנסת כלה!...

חיים׳ל האָט געוואוסט פון מנהג. ער האָט געוואוסט, אַז די ווייבער קלערען זיך אויס טאָנץ, און פדהצור אַליין מאַכט פאַר יעדעס מאָל אַ נייען נגון; דאָס איז שוין זיין מצוה געוועזען! מען קומט צו׳ן איהם, מען דערצאָהלט איהם פון דער כלה, פון איהר משפחה, פון שרוך, פון דלות... ער האָרט, שווייגענדיג, מיט פער־כאַפּטע אויגען, טהייל מאָל פערשטעלט ער זיך דאָס פנים מיט די האַנד, און אַז מען ענדיגט, עס ווערט שטיל, הייבט אָן פדהצור צו ברומען אַ נגון...

דאָס אַלץ האָט חיים׳ל געוואוסט, וואָס דען שטעהט ער מיט אָפענעם מויל און אויערען?

ער האָט נאָך אַזא „פראָהליכס" נישט געהאָרט. עס לאַכט און ויינט צוזאַמען, עס פיהלט זיך, אַי צער, אַי תענוג, האַרץ-וועה און גליק; אַלץ אויסגעמישט, צוזאַמענ־געשמאָלצען... איין אמת׳ער יתומה׳ס אַ חתונה!

פּלוצלינג איז ער אונטערגעשפּרונגען: ער האָט וואָס ער דאַרף!

---

צוריק פאָהרענדיג פון בערדיטשעוו, האָט דער בעל-עגלה אויפגענוממען פאַר־שוינען, חיים׳ל האָט איהם ניט געוועהרט. און די פאַרשוינען, און גראָד מבינים, האָבּען דערצאָהלט, אַז אַזוי ווי זיי זעננען אריינגעפאָהרען אין וואַלד, האָט חיים׳ל אָנגעהויבּ׳ן צו זינגען.

געזונגען האָט ער פדהצור׳ס „פראָהליכס"; נור דערפון איז שוין געוואָרען גאָר איין אַנדערע זאַך. דער מזל טוב פון הכנסת כלה איז מגולגל געוואָרען אין איין אמת׳ען „אל מלא רחמים".

און אין מיט'ן שטיללען גערויש פון בוימער איז ארויסגעשוואומען א שטילער, זיסער שטילער נגון...

און דעם נגון, האט זיך געדאכט, האלט אונטער א גרויסע, נור א שטילע קאפעלע משוררים, דאס האבען גערוישט די ביימער אין וואלד...

שטיל און הארציג האט זיך דער נגון געקלאגט; געבעטען זיך רחמים, ווי א קראנקער בעט אויף זיין לעבען...

דערנאך הייבט דער נגון אן צו זיפצען; צו בעטען זיך מיט קורצע אויסגע-שרייען. מען פיהלט, אז עמיץ קלאפט זיך אין הארץ אריין „על חטא", — ציי איז עס יום כפור, צי זאגט עמיץ ודוי?

נור האבער, און אין איין וועג צוּבראכענער, ווערט דער קול; וואס אמאל אבגעריסענער, ווי פון טרעהרען דערשטיקט, ווי פון יסורים איבערגעהאקט, — דערנאך עטליכע טיעפערע זיפצען, א שארפער אויסגעשריי; איינער... א צווייטער און פלוצלינג רייסט זיך עס אין גאנצען אב, שטיל, — עמיץ איז געשטארבען...

דער נגון וועקט זיך ווייטער אויף, און ער כאלט שוין אריין אין הייסע, ברע-נענדיגע געשרייען. און די געשרייען פליהען, יאגען און פלאנטען זיך; עס ווערט א הימעל-געשריי, א יאמער — ווי ביי א לויה!

און אין מיט'ן דער לויה שווימט ארויס א דין, ריין קינדיש קול; איז עס נאס, ציטעריג און דערשראקען, —

קדיש זאגט א קינד!

און עס געהט איבער אין א שטיינער; הוריות, דמיונות, טויזענדער געדאנקען, וואס געהען לאנגזאם איבער אין זיסע, בארמהערציג-זיסע מעלאדיען... עס טרייסט, עס רעדט איין... און מיט אזא גוטסקייט, מיט אזא מסירת נפש, מיט אזא פעסטען גלויבען, אז עס ווערט ווייטער גוט, ווייטער זיס; עס גלוסט זיך ווייטער צו לעבען. עס ווילט זיך לעבען; עס ווילט זיך האפען!

אויסגעגאנגען זעננען שיער די מענשען.

— וואס איז עס? פרעגען זיי.

— איין „אל מלא רחמים", אנפערט ר' חיים, פאר קאצנערס יתומה איין אל מלא רחמים!

— נישט כדאי אפילו, אנפערן זיי, איין עבירה דער נגון, נור די וועלט וועט אידר אבנעמען ר' חיים'ל, די קיעווער לייט וועלען אויסגעהען...

---

די קיעווער לייט זעננען נישט אויסגעגאנגען!

ביי די קאצנערס איז שוין קיין יודיש בעלי-בתי'שע התונה נישט געוועזען...
און דער אל מלא רחמים האט פאר'ן עולם נישט געפאסט.

די קיעווער לייט ווילען בעסער טאַנצען מיט דאַמען. נאָך וואָס „שטייגער״? נאָך וואָס „מאָראַלישע״ זאַכען?

און גלאַט נאָך וועמען איין אל מלא רחמים? נאָכען אַלטען קמצן?

דער אַלטער קמצן זאָלל לעבען, וואָלט די כלה קיין העלפט נדן נישט געהאַט; קיין אויסשטייער אַודאי נישט. עס וואָלט די חתונה גאָר איין אַנדער פנים געהאַט! זאָלל ער היינט אויפשטעהען און זעהען דאָס וויים אַטלעסענע קלייד מיט שפיצען, דען שלייער; זאָלל ער זעהען די ווײַנען, די טאָרטען; די פישען און פליישען, אונטער וועלכע עס ברעכען זיך די טישען, — וואָלט ער דאָך נאָך אַמאָל געשטאָרבען און — שוין נישט אַזוי לייכט ווי פריהער!

און וואָס דאַרף מען די גאַנצע צערעמאָניע, די גאַנצע בעדעקנעס... אַלטע נאַרישע מנהגים!

— געשווינדער! שרייט דער קיעווער עולם.

דער אָרימער חיים׳ל! ער האָט אָבגעשטעלט די קאַפעלע, מיט האַרצקלאַפען געצווינגען דען סמיטשיק איבער די סטרונעס... דער פראָסטער עולם האָט שוין אָנגעהויבען פינטלען מיט די אויגען; ביי טהייל רינען שוין טרעהרען, — און דאָ גיט איינער, אַ קיעווער, אַ געשריי:

— וואָס איז דאָ? אַ חתונה, צו אַ לויה?

און אַז חיים׳ל מאַכט זיך נישט הערענדיג און שפיעלט ווייטער, הייבט ער אָן, דער קיעווער, צו פייפען...

און פייפען פייפט ער גראָד אויסגענומען וואהל... ער האָט שוין געחאַפט דען נגון און פייפט איהם כהויה! און פייפט, וואָס אַמאָל געשווינדער, אויסגעלאַסענער, ווילדער! און אַלץ דען אייגענעם נגון!...

די קאַפעלע בלייבט שטיל. און עס הערט זיך נור אַ מלחמה צווישען דער מאָ-ראַלישע פיעדעל מיט׳ן עזות-מחוצף׳ען פייפען...

און דאָס פייפען איז גובר! עס יאָגט אונטער דען סמיטשיק! די פיעדעל וויינט שוין נישט, פריהער קרעכצט זי, דערנאָך הייבט זי אויך אָן צו לאַכען!

און פלוצים האָט חיים איבערגעהאַקט. מיט פערביסענע ליפען און ווילד-ברענענ-דיגע אויגען, שפרינגט ער איבער אויף איין אַנדערע סטרונע, און הייבט אָן נאָך גע-שווינדער צו שפיעלען, איבעריאָגען וויל ער דאָס פייפען!

ניין, עס שוין קיין שפיעלען נישט געוועזען! די פיעדעל וואַרפט אַרויס פון זיך אָבגעריסענע געשרייען, געוואַלדיגע קולות... און זיי וואַרפען זיך, און דרעהען זיך אַרום ווי אין אַ ווירבעל-ווינד. אַלץ אַרום, דאַכט זיך, טאַנצט. די שטוב, די קאַפעלע, די גאַסט, די כלה אויף דער שטוהל, חיים׳ל אַליין מיט דער פיעדעל...

עס איז קיין פרעהליכס, קיין אל מלא רחמים, עס איז קיין שפיעלען!

א טאַנצענדיג־משוגעת איז עס, אַ ווילד־משונה׳דיגער חולה־נופל, רחמנא־ליצלן...
און עס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז די סטרונע האָט געפּלאַצט.
— בראַוואָ, חיים׳ל, בראַוואָ! — האָבען די קיעווער לייט געשריען...
צי האָבען זיי דערמיט דעם אַלטען קטצן אַ טובה געטהון? אַז אָסור!

---

אין עטליכע יאָהר אַרום איז דער נגון, מן הסתם דורך איינען פון די קיעווער לייט, אַריין אין טעאַטער!

וואָס איז אַזוינס טעאַטער? אַלטע משכּילים פּלעגען גלויבען, אַז טעאַטער איז בעססער פאַר אַ מוסר ספר, שטאַרקער פאַר׳ן „ראשית חכמה״ להבדיל! איהר זאָגט אַ ודאי, אַז טעאַטער איז טרפה ווי חזיר...

ביי אונז זאָגט מען, אַז עס ווענדט זיך אין דעם, וואָס מען שפּיעלט אין טעאַטער!

געוועזען איז עס שוין אין וואַרשוי...

דאָס טעאַטער איז פולל, קאָפּ אויף קאָפּ. די מוזיק הייבט אָן שפּיעלען.

וואָס שפּיעלט די מוזיק?

אַ גערויש, אַ מהומה שפּיעלט זי, — אַ דור הפלגה! חיים׳לס „אל מלא רחמים״, נור אויפ׳ן אָרט פון וואָלאַך — אַ מהומה; די כלים יאָגען זיך, טרייבען זיך און קנאַקען!

עס רודערט, עס קלאַפּט און עס פייפט... נישט עס דונערט, נישט הייזער פּאַלען, גלאַט אַ געפּילדער! צי גליטשען זיך שדים אויפ׳ן אַ ים הקרח, צי רייסען זיך טויזענדער חיות רעות פון גיהנם אַרוים? אַ ציטערניש נעהמט דורך דאָס טעאַטער!

פּלוצים רייסט זיך אַריין דער באַס! מכלומר׳שט, אין כעס איז ער! ער בייזערט זיך: וואָס איז דאָס? נור — פאַלש! מען פיהלט, אַז ער בייזערט זיך נישט ערנסט. און אַ מאָדנע פּייפּעריל שפּרינגט אונטער, עס פליהט דורך די קאָפּעלע מיט זיגזאַגען פון אַ בליץ און מיט אַ געלעכטער פון איין אמת׳ן ליץ: חאַ־חאַ־חאַ! און חי־חי־חי! דער קלאַרנעט איילט זיך נאָך! און מעשים טהוט ער, דער קלאַרנעט! להכעים טהוט ער, מען פיהלט בחוש דען להכעים!

און אַצונד ערשט שווימען אַרוים דריי־פיער פיעדעל... און משונה־זים שפּיעלען זיי, די פיעדעל. משונה־זים ווי די תאוה אַליין; ווי דער יצר־הרע, ווען עס רינט איהם האָניג פון מויל! און עס נאַרט זיך אַריין, דאָס שפּיעלען, אין די הערצער; עס פליעסט אַריין ווי אַ בוימעל און פערשבורט ווי אַלטער וויין!

אויפגעפּלאַמט ווערט דאָס טעאַטער; די מיילער אָפען, אין די אויגען בליצען!

און דאָ הייבט זיך ערשט אויף דער פֿאָרהאַנג און עס בעווייזען זיך איין „ער" און א „זי" — א „בן־מלך" מיט א „בת־מלכה, און זיי זינגען!

זיי זינגען מיט ווערטער, מיט פֿלאַמענדיגע ווערטער. ווי ברענענדיגע שלאַנגען פֿליהען זיי פֿון די מיילער אַרויס! און דאָס גיהנם ברענט זיי אויף די פּנימער; ווי די טייוולאָנים שפּרינגען זיי זיך אָקעגען! און דאָס האַלזען זיך, דאָס קושען זיך און דאָס זינגען, און שפּרינגען — געהט אַלץ שנעלער און שנעלער, און ווערט פֿייער־פֿלאַמענדיגער מיט יעדער רגע!

און אינ׳ם פֿייער ברענט שוין דאָס גאַנצע טעאַטער. די גאַנצע גאַלעריע מיט זכרים און נקבות, מיט די דערהיצט־פֿערשוויצטע פּנימער און ווילד פֿלאַמענדיגע אויגען... ווי א מבול האָט עס פֿערפֿלייצט!

און דאָס גאַנצע טעאַטער זינגט!

א ים פֿון ברענענדיגער תאוה האָט זיך אויסגעגאָססען — א גיהנם ברענט! שדים טאַנצען, מלאכי־חבלה פֿיהרען א פֿייערדיג ראָד...

דאָס איז געוואָרען פֿון פּדהצור׳ס „הכנסת־כלה", דורך חיים׳לס אל מלא רחמים, מיט׳ן קיעווערס הילף!

---

נור פֿאַלען האָט קיין שיער נישט!

חרוב געוואָרען איז דאָס „יודישע" טעאַטער. די בני־מלכים" זענען צוריק שוסטער און שניידער געוואָרען; די בת־מלכה׳ס האָבען זיך צוריקגעשטעלט צום קוימען, און מאַנבע פֿון די טעאַטער־נגונים זענען מגולגל געוואָרען אין שאַרמאַנקעס...

אונזער נגון איז שוין קוים צו דערקענען!

איין אויסגעקראַבענער דיוואַן ליגט אויסגעשפּרייט אויף א הויף... צוויי מענער אין לייבקאָליער מאַבען קונצען, צוזאַמען מיט איין אויסגעדאַרט בלאַס מיידעלע, וואָס זיי האָבען ערגיץ געגנב׳עט...

איינער האַפּט א לייטער אויף א צאָהן. פֿייל פֿון בויגען לויפֿט דאָס מיידעלע אַרויף ביז׳ן האָבסטען שטאַפּעל, און שפּרינגט פֿון דאָרטען אַראָב, און בלייבט שטעהן אויפֿ׳ן צווייטענס אַקסעל! דער ערשטער דערלאַנגט איהר דערווייל אין פּלייצע; זי מאַכט עטליכע קאַזיאָלקעס אין דער לופֿט, און בלייבט שטעהן, פֿאַר׳ן עולם אין הויף, מיט איין אויסגעשפּרייטער האַנד, און בעטעלט א נדבה!

עס איז אויך א טעאַטער, נור א טעאַטער פֿאַר געמיינע לייט! פֿאַר משרתים און דיענסטען!

אונטערן הימעל שפּיעלט מען, קאָסט עס ביליג; קויפֿט מען קיין בילעטען נישט, וואַרפֿט מען צווייערס און דרייערס! און זי מאַכט עס אַזוי קונציג, דאָס דאַרע מיידעלע!

דיקע טראָפּען שוויים רינען איהר פון רויט געמאָלטען פּנים, אין די איינגע-פאַלענע אויגען ברענט אַ צער, — נור דאָס זעהט נישט דער עולם; זי אָטהעמט שווער, דאָס האָרט ער נישט! ער זעהט נור די שאָנע קונצען, ער האָרט נור די שאָנע מוזיק פון שאַרמאַנקע!

און די נשמה אין דעם דאַרען גוף פון אָרימען, געגנב'טען קינד, און דער אָרימער נגון אין דער הייזעריג-בלעכערנער שאַרמאַנקע, — ביידע קרעכצען, וויינען און צאַפּלען, ביידע בעטען זיך תקון...

---

עס איז אָבער בעשערט געוועזען, אַז פדהצור'ס „הכנסת-כלה" זאָלל אויפ-געריכט ווערען! געהענדיג פון הויז צו הויז, וואַנדערנדיג פון שטאָדט צו שטאָדט, האָבען די קונצענמאַכער אַזוי לאַנג מיטגעשלעפּט דאָס אָרימע קינד, ביז עס איז, לא עליכם, קראַנק געוואָרען...

עס איז געוועזען אין ראַדזיוויל ביי דער גרעניץ. דאָרט האָבען זיי דאָס קראַנקע קינד איבערגעלאָזט אונטער אַ צוים און זעננען די גרעניץ אַריבער; יאָג נאָך דען ווינד אויפ'ן פעלד! האַלב נאַקעט, מיט ברוינע-בלאָהע צייכען פון שלאָג אויפ'ן לייב, איז עס געלעגען אין אַ היץ!

רחמנות-דיגע לייט האָבען דאָס קינד אויפגעהויבען און געטראָגען אין הקדש אַריין... אויסגעהאַלטען האָט דאָס קינד אַ טיפוס, און אַרויס איז עס פון שפּיטאָל אַ בלינדע אויף ביידע אויגען!

און אַצונד בעטעלט דאָס אָרימע קינד. פון הויז צו הויז געהט עס, פון טיהר צו טיהר און בעטעלט...

און כמעט זי רעדט נישט... זי קען מיט וואָרטער נישט בעטלען... זי שטעלט זיך ערגיץ אָב, און וואַרט; דערזעהט מען זי נישט, הייבט זי אָן זינגען איהר נגון מען זאָלל זי דערהאָרען... און דער נגון איז פון דער שאַרמאַנקע!

און וואָס זאָגט אַצונד דער נגון?

רחמים בעט ער זיך! רחמנות פאַר איין אומגליקליך קינד...

„שלעכטע מענשען האָבען מיך אַרויסגעגנב'עט פון אַ גוטען טאַטען, פון אַ האַרציגער מאַמען, פון אַ וואַרימע און זאַטטע היים!"

„מען האָט מיך אַרויסגעריסען פון אַללעם גוטען; אויסגעניצט און אַרויס-געוואָרפען ווי אַ שאָל פון איין אויסגעגעסענער נוס!"

„רחמנות פאַר איין אָרים, אָרים קינד!"

און נאָך בעט זיך דער נגון:

„עס איז קאַלט און איך געה נאַקעט; הונגעריג בין איך אויך... און דען קאָפּ, וואו אַנידערצולעגען, האָב איך אויך נישט... און בלינד בין איך דערצו!"

אזוי האָט דער נגון געבעטען. און דאָס איז געווען זיין ערשטע מדרגה אַרויף; מען האָט דורך איהם צדקה געגעבען!

---

אין ראַדזיוויל איז געווען אַ יוד אַ למדן... ער איז אפילו קיין מתנגד נישט געווען; קיין חולק אַודאי נישט. נור ער האָט פשוט קיין צייט נישט געהאַט צו פאָהרען... ער האָט די גמרא נישט פערמאַכט!

פאַר בטול תורה האָט ער מורא געהאַט!

מען זאָלל איהם בית המדרש נישט מבטל זיין פון למוד, פלעגט ער זיצען און לערנען אין דער היים; דאָס ווייב זיצט אַ גאַנצען טאָג אין קלייט; די קינדער — אין חדר.

עס פלעגט איהם אַמאָל דורכפליהען אין קאָפּ אַ רעיון: אָפשר פאָהרען ערגיץ? דאָס האָט איהם דער יצר טוב, מן הסתם, אונטערגעזאָגט. וואָס טהוט דער יצר הרע? פערשטעלט ער זיך אין יצר טוב און ענטפערט: מהיכי תיתא, אַודאי דאַרף מען אַמאָל פאָהרען! נור עס איז נאָך צייט; מען דאַרף פריהער ענדיגען די מסכתא. יענע מסכתא!... און אַזוי זעננען אַוועק חרשים און יאָהרען!

פון הימעל האָט מען אָבער, אַ פנים, געוואָלט, ער זאָלל קומען צו ר' דוד'לען!

מאַכט זיך אַזא מעשה:

איינמאָל זיצט ער זיך, דער למדן, און לערנט, און דערהאָרט אַ געזאַנג פאַר דער טיהר; בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין:

אַז מען זיצט און לערנט דאַרף מען נישט האָרען, וואָס אין גאַס, וואָס פאַר דער טיהר טהוט זיך! מען דאַרף בטל ווערען אין דער תורה!

ער האָרט דאָך אָבער פאָרט. נעהמט ער און פערשטאָפּט ער זיך מיט די פינגער די אויער'ען. דער נגון גנב'עט זיך אָבער פאָרט אַריין, אונטער די פינגער גנב'עט ער זיך. ווערט ער נאָך מעהר בייז, חאַפּט ער מיט כעס די לאַנגע באָרד אין מויל אַריין און, בייסענדיג די באָרד, לערנט ער ווייטער! מיט כח לערנט ער!

דער נגון לאָזט נישט אָב. ער האָרט איהן וואָס אַמאָל שאַרפער. אין מיטען דערפיהלט ער, אַז עס איז קול באשה — אַ מיידיל זינגט! גיט ער שוין אַ געשריי אַרוים אויף אַ קול: חצופה! אַוועק פון מיין הויז! געהט דער נגון אַוועק... נור, אַ מעשה נורא — מען זינגט שוין נישט, און ער האָרט ווייטער! דער נגון זינגט זיך איהם אַליין אין אויער, אין דער נשמה! מיט כח קוקט ער אין ספר אַריין, מיט כח וויל ער זיך דורכנעהמען מיט דער סוגיא, עס געהט נישט! דעם למדנ'ס נשמה ווערט וואָס אַמאָל פולער און פולער מיט'ן נגון...

פערמאַכט ער די גמרא און שטעלט זיך דאַווענען מנחה; —

ער קאָן אָבער נישט, נישט לערנען, נישט דאַווענען, גאָר נישט! ווי אַ זילבערן גלאָקיל קלינגט אין איהם דער נגון! דער מענש האַלט עס נישט אויס! ער געהט ממש אויס פאַר צער! עס געהט אַוועק אַ טאָג אַ צווייטער, אַ דריטער — ער פאַלט שיער נישט אין אַ מָרה שחורה אַריין... ער פאַסט תעניתים — עס העלפט נישט! ער קאָן דעם נגון נישט פטור ווערען! ער וועקט איהם ביינאַכט פון שלאָף!

און דאָס איז אַ מענש, וואָס האָט, זינט ער לעבט, קיין מנחה פאַר איין עמוד נישט געדאַווענט; כמעט קיין קול נגינה פון זיך נישט אַרויסגעגעבען! שבת פלעגט ער די זמירות אָבזאָגען און אויפ'ן אָרט פון זינגען — לערנען אַ בלאַט גמרא!

פערשטעהט ער דאָך, אַז עס איז נישט פשוט!

„מעשה שטן"! טראַכט ער און פאַלט ביי זיך אָב גאָר אין גאַנצען.

דאַכט זיך, אַז אַצונד מוז מען שוין פאָהרען?

פרעגט אָבער דער יצר הרע: יאָ פאָהרען, נור וואו אהין? צדיקים איז דאָ אַסך, — וועלכער איז דער אמת'ער צדיק, ביי וועמען קאָן מען באמת אַ פעולה האָבען? הויבט אָן דער למדן צו קלערען.

בעקומט ער נאָך אַ ווינק פון אויבען.

מאַכט זיך אַ מעשה און ר' דוד'ל טאַלנער מוז עוקר זיין און פאָהרען איבער ראַדזיוויל...

די מעשה פון דער מסירה ווייסט איהר אַוודאי. און זאָגען זאָג איך אייך, אַז עס איז איין עונש געוועזען! מען האָט נישט געדאַרפט אַרויסגנב'ענען ר' דוד'לען פון וואַסילקאָוו און פיהרען קיין טאַלנע; מען האָט נישט געדאַרפט מבייש זיין קיין שטאָדט! און חרב ונחרב איז דאָס וואַסילקאָוו, נעביך, געוואָרען!

די גאַסטהייזער האָט מען פערמאַכט; אַרום און אַרום די קרעטשמעס זענגען בטל געוואָרען! עד כפר לחם זענגען זיי, לא עליכם, געקוממען...

נאַ דיר! מסר'ט מען און טאַלנע ווערט אויך חרוב!

ר' דוד'ל האָט געהאַט אַ גאָלדענע שטוהל, מיט איין אויסגעקריצטען פסוק: דוד מלך ישראל חי וקים! מאַכען מוסרים דערפון אַ פאָליטיקא און עס שלאָגט אָן אין פעטערבורג...

מילא מיר ווייסען, אַז עס איז געווען בבחינת: מאן מלכא רבנן... נור געה פערטייטש עס די גענעראַלען אין פעטערבורג!

הכלל, ר' דוד'ל מוז עוקר זיין. האַלט ער, דורכפאָהרענדיג, שבת אין ראַדזיוויל, און אונזער ראַדזיווילער למדן געהט למזל צו'ם שלש סעודות!

דער יצר הרע גיט זיך אָבער נאָך נישט אונטער. ער קומט אַריין און זעהט

אַ קליין יודעלע, טאַקי אַ פּיציל יודעלע זיצט אויבען אָן ביים טיש. מען זעהט נישט מעהר אַרויס נור אַ גרוֹיס, גאָר אַ גרויס שטריימעל מיט זילבערנע האָר, וואָס פאַלען איהם אויפ'ן פּנים! מען זיצט שווייגענדיג, מען זאָגט קיין תּורה נישט... ענטפאַלט איהם טאַקי, דעם למדן, דאָס האַרץ...

דאָס איז עס אונ גאָר? טראַכט ער דער למדן.

נור ר' דוד'ל האָט איהם שוין דערזעהן אונ גיט אַ זאָג: זעץ דיך, למדן!

אונ באותו הרגע איז ער שוין צו זיך געקוממען. ער האָט שוין געחאַפּט ר' דוד'לס אַ בליק, ער האָט איהם שוין אַ בּריה געטהון ביי דער נשמה!

איהר האָט אַ וודאי געהאָרט פון טאַלנערס אויגען! אין זיינם אַ בליק האָט געשטעקט אי שררות, אי קדושה, אי גבורה; וואָס איהר ווילט האָט אין בליק געשטעקט!

אונ, אַז ר' דוד'ל זאָגט: זעץ דיך, מאַכט מען שוין דעם למדן איין אָרט ביים טיש. זעצט ער זיך אונ וואַרט.

אונ אַז ר' דוד'ל זאָגט ווייטער:

— מען איז מכבד דען למדן מיט אַ נגון! ענטפאַלט איהם די מוטערס מילך; ער—אונ אַ נגון...

נור עמיץ דערלאַנגט איהם שוין אין פּלייצע; אַז ר' דוד'ל הייסט, זינגט מען! מילא, זינגט ער!

אונ ער הויבט, נעביך, אָן מיט אַ ציטער; אונ ער שטאַמעלט קוים אַרויס איין התחלה פון אַ נגון. אונ וואָס וויל ער זינגען, דער למדן? מן הסתם דער יתומה'ס נגון; קיין אַנדערן קען ער נישט! אונ ער ציטערט, אונ שטאַמעלט, אונ זינגט. אונ דער נגון ווערט שוין ווייטער איין אַנדערער! ער האָט שוין אַ ריח תּורה, אַ יניקה פון קדושת שבת, מיט אַ הרהור תּשובה פון אַ יוד אַ למדן... אונ זינגענדיג, דערפיהלט ער, דער למדן, דען נגון, אונ הויבט אָן וואָס אַ רגע בעסער אונ פרייער צו זינגען...

אין מיטען הויבט אָן ר' דוד'ל, ווי זיין שטייגער פלעגט זיין, שטילערהייט אונטערצוברומען, דער עולם דערהאָרט אונ חאַפּט אונטער. מיט'ן עולם צוזאַמען צוהיצט זיך דער למדן אויך, ער קריעגט אַ ברענן! ער איז שוין גאָר אַרויס פון די כּלים, — ער זינגט טאַקי!

אונ דער נגון הויבט זיך אָן פּלוצים צו גיסען ווי אַ „נהר־די־נור" — אַ פייער־פלאַמענדיגער טייך... אונ די פאַליעס שלאָגען אַלץ ברייטער אונ העכער, אַלץ פייערדיגער אונ פלאַמנדיגער!

אונ עס ווערט דעם נגון שוין ענג אין שטוב, אונ ער רייסט זיך דורך די פענסטער אין גאַס אַריין! אונ עס גיעסט זיך אין גאַס אַריין אַ ים פון קדושה, פון

פייערדיגער קדושה; און נבהל ונשתומם רופט דער עולם אין גאס:
— דער יתומה'ס נגון! דער יתומה'ס נגון!

---

דער נגון האט בעקומען תקון און דער למדן אויך!

פארן אוועקפאהרען האט איהן ר' דוד'ל אוועקגענומען אין א זייט און געזאגט א פאר ווערטער.

— למדן — האט ער איהם געזאגט — האסט מבייש געוועזען א בת ישראל! דו ביסט אויפ'ן שרש פון איהר נגון קיין מבין נישט געוועזען! האסט זי גערופען חצופה! —

גיט מיר, רבי, א תשובה דערויף — בעט זיך דער למדן.

— נישט נייטיג, — מאכט דער רבי, זכרונו לברכה, אויפ'ן ארט פון תשובה טהו בעסער א מצוה!

— וואס פאר א מצוה רבי?

— מאך דעם מיידיל חתונה; הכנסת כלה איז א גרויסע מצוה!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און צונד האט די צווייטע זייט פון דער מעשה:

אין עטליכע יאהר שפעטער, אז דאס מיידיל האט שוין לאנג חתונה געהאט מיט איין אלמן א סופר, איז מען ערשט געוואהר געווארען פון וואנגען זי גיט ארויס!

עס האט זיך אויסגעוויזען, אז דאס מיידיל איז דעם אלטען קאצנערס איין אייניקיל! און די מעשה איז אזוי געווע'ן:

דער איידעם זיינער, דער קיעווער, איז זיך אמאל געגאנגען מיט'ן ווייב אין טעאטער אריין אויף א גאנצען אבענד, און טאקי דעם אבענד האט מען זיי אוועק־געגנב'ט דאס איינציגע קינד...

נור אבגעבען זיי די טאכטער האט מען שוין נישט געקאנט...

די מוטער האט שוין לאנג נישט געלעבט און דער פאטער איז שוין לאנג געוועזען אין אמעריקא...



# יוחנן מלמד׳ס מעשה׳ליך.

## א.

## ווער עס גיט לעבען, גיט פון וואנען צו לעבען.

1.

א הקדמה, איך בין אייך מוסר מודעה אונ בין מיך מתנצל, מיין דעה, אז עס קיין כפירה נישט פערהאנען.

רבותי! איך יוחנן מלמד, וויל אייך דערצאהלען א „מעשה".

אונ די „מעשה", וואס איך וויל אייך דערצאהלען, וועט זיין ווי א ראדעל אין א ראד — א מעשה בתוך מעשה.

אונביידע „מעשיות" טראכט איך מיר נישט אויס פון קאפף; זייג נישט, ווי דער עולם זאגט, פון פינגער ארויס, איך בין, ברוך השם, קיין שרייבערל נישט; מיין אבות אבותינו זעננען קיין שרייבער נישט געוועזען.

אונ פערצאהלען וועל איך אייך פשוט׳ע דבורים, אהן זאלץ אונ אהן שמאלץ; מליצות האב איך פיינט... ווער עס זאגט אמת, דער דארף קיין מליצות נישט... דער רעדט פראסט מאמע־לשון...

נאך איין הקדמה מוז איך אייך געבען: איך האלט פאר מאגליך, אז די מעשיות, וואס איך וויל אייך דערצאהלען, וועללען אייך אויסווייזען בעשיינפערליך, אז אין א סך זאכען זענט איהר, רבותים, צו ווייט פערקראכען; אז איהר האט אייך צו פיעל פערלאזט אויף אייערע חושים; אז אויף דער וועלט זעננען פערהאנען א זאלכע זאכען, וואס האבען זיך נישט געחלומט, נישט אייך, נישט די גראסטע חכמים אייערע... בעט איך אייך טאקי, איהר זאלט קיין פעראיבעל נישט האבען.

ווילט איהר — גלויבט, נישט — נישט!

אגב, וויל איך מיר פעראנטפערן פאר אנשי שלומנו.

אנשי שלומנו קאנן פערדריסען, וואס איך זאג מכלומרשט אויס פון חדר. בפרט היינטיגע צייטען מיט אזוי פיעל כופרים... אונ דורך זיי קאנן אפשר

אַרויסקומוען אַ תקלה, חס ושלום!... האָב איך טאַקי פאַר אַנשי שלומנו אַ בשורה טובה! איך וויל זיי אָנזאָגען, אַז עס איז גאָר קיין כפירה, חס ושלום, נישט פערהאַנען; עס איז אין גאַנצען איין אויסגעטראַכטע מעשה!

די גאַנצע וועלט איז סאַמע אמונה! —

און קאָנן דען אַנדערש זיין?

די וועלט איז גרויס אָהן אַ שיעור, טאַקי אין־סוף! און אונזער מח, איז אַ זוי קליין, אַ זוי פיצעל, אַז מיר זעהען אויס ווי אַ מענש, וואָס געהט אַרום אין אַ פינס־טערער נאַכט, אין אַ וויסטער, פינסטערער מדבר, מיט אַ גראָשינדיג ליכטל אין דער האַנד, וואָס לייכט קוים ד' על ד'!

איך האַלט מיך ביי מיינעם: אָהן אמונה איז נישט מאָגליך! מיט'ן שכל אַלליין קאָנן מען נישט אויסקוממען. אָלא וואָס? די זעלבע פוסטע שרייבערליך, וואָס מאַכען די ביכלעך פאַר'ן המון־עם, פאַר די קאָכענס און דיענסטמיידען; וואָס טראַכטען אויס מעשיות פון גזלנים און רוצחים, פון פאַלשע וועקסיל און פאַלשע געלד־מאַ־כער, — אַבי איבערצושרעקקען דעם עולם, דאָס בלוט זאָלל אויפקאָכען...

אָט — די אייגענע שרייבערליך, האָבען אויסגעטראַכט די כפירה, דאָס אפיקורסות! און אויך מהאי טעמא, איבערצושרעקקען דעם המון — די דיענסט־מיידען מיט'ן שוסטער, מיט די שניידער יונגען...

דער אמת איז, אָהן אמונה, אָהן רצון! אויף פראָסטע יודיש הייסט עס, — אַ מענש, וואָס גלייבט נישט, וויל גאָר נישט, גלוסט צו גאָר נישט!

אַזא מענש איז נישט מעהר, ווי אַ שטיק ליים, אַ גולם!

און, אויב דו זעהסט, אַז מענשען האָבען תאוות, אָבער זיי ברעכען די תאוות צו ליעב גראָססערע, אָדער האָכערע תאוות, אַז מענשען, על כל פנים, עססען און טרינקען, האָבען שלום בית, אַרבייטען מיט שוויים, דער מח איז פערטהון אין מסחרים, — זיי ווייסען, אַז זיי גלויבען! אַז זיי גלויבען לכל הפחות אין זייער אייגען לעבען!...

וואָרען מסופק זיין, קאָנן מען אין דעם אויך! אַז מען וויל, זאָגט מען, — גאָר נישט! און תהו עפּים!

דער כלל איז: אַללע גלויבען! נור וואָס דען? איינער גלויבט, אַז דער לויתן געהט פאַר'ן שור הבר: און דער אַנדערער זאָגט: ניין! דער שור הבר איז בריהער, און דער לויתן קומט דערנאָך, אַלס צו־ביים. און אַ יונגערמאַן אַ משכיל, וואָס גלויבט נישט, נישט אין שור הבר, נישט אין לויתן, גלויבט אין עטער! און וואָס איז אַזוינס דער עטער? האָט מיר זייערס אַ מענש פערטייטשט, אַז עטער איז אַזוינס, וואָס איז נישט קיין גוף, נישט כח בגוף; נישט קיין נשמה, נישט קיין רוחניות גאָר... און ער פערנעהמט גאָר נישט קיין אָרט, און האָט נישט קיין משקל... מיט

איין וואָרט: אַ „יאָ" אונ אַ „ניין" צוזאַממען!

פֿראָג איך איהן, צו ער האָט געזעהען דען עטער?

ניין, — זאָגט ער, — נור ער גלויבט! הכלל — מען גלויבט!

וואָס דען איז דער חלוק?

נישט מעהר, נור וואָס יעדערער האָט זיך זיין רבי'ן, זיין אמונה, כמעט — זיין עבודה זרה'לע!

אַללע קוקען פֿ־עמדע אין די מיילער אַריין! אַללע קושען, נור איינער קושט דאָס פרוכת, חאַטש ער ווייסט נישט, וואָס אין אָרון שטעהט; אונ אַ צווייטער — דען „מגלה טמירין", אַז ער פֿאַלט איהם אַראָב פֿון טיש!

אונ בעיני ראיתי — געזעהען האָב איך מיט מיינע אויגען, ווי איינער פֿון זייערע לייט, האָט אַ קוש געטהון דען „מסתרי פּאַריז"! אונ, לויט איך האָב געהאָרט פֿון אַ זיבערען מענש, איז דער „מסתרי פּאַריז" אַ „מעשה נורא" פֿון עפּיס אַ „חרבונה", — נישט אונזער חרבונה, דער „זכור לטוב" פֿון דער מגלה — נור עפּיס אַ האָלץ־האַקער, פֿון פּאַריז, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט באָרפֿיסע פֿיס אויף שטיקער גלאָז; אונ נאָך אַזאָלכע שקרים, וואָס אַ פּאַריזער שקרן האָט אויסגעטראַכט, אונ אַ ווילנער משכיל האָט איבערגעשריעבען אויף לשון קודש!

רבותי! איך האָב, ברוך השם, אָבגעלעבט אַ שטיק וועלט. ביז'ען בין איך געוועזען מלמד אין דאָרפֿער אונ אין שטאָדטליך, אונ אין גרויסע שטאָדט! שוין אַ יאָהר זיבען בין איך, ברוך השם, מלמד אין וואַרשא, אונ קום, געלויבט דער אייבערשטער, צווישען מענשען, אונ קענן מענשען ..

איך קענן מתנגדים, וואָס שפּרינגען אויס דער הויט פֿאַר אַ „ויצמח פּורקניה"; חסידים, וואָס האַלטען די, וואָס פֿאָהרען צו אַנדערע רביים, פֿאַר כופרים בעיקר, חס ושלום!

אויך קענן איך משכילים, אַ סך משכילים; גראָסערע אונ קלענערע, קעננער אונ אַזוי שדייג־ערלעך, אונ אפילו אַ סך, אַ סך מופקרים!

דאָס אַלס קענן איך, נור קיין כופר, דאָס האָב איך נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג נישט געזעהען!

איך האָב אפילו די העזה צו זאָגען, אַז צווישען דען גאַנצען עולם משכילים, איז נישט דאָ איינער, וואָס זאָלל האָבען זיין אייגענעם שניטט! וואָס זאָלל האָבען זיין אייגענע שטה, זיין אייגענען דרך. איך האָב אפילו צווישען גאַנצען עולם משכילים נישט געזעהען קיין מענשען, וואָס זאָלל קוקען אויף עפּיס מיט אייגענע אויגען... אויסער, אָפשר, צוויי דריי גדולים — קאַרפּען־קאָפּף... די רעשט, — ווי איהר קוקט זיי אָן — די גאַנצער חברה משכילים, זעננען ניש ווערט, זאָג איך אייך, קיין אויסגעבלאָזען איי! זיי זעננען אויך חסידים, נור אַנדערע חסידים! זיי גלויבען אין

זייער רבין! און זיי הענגען אין זייער גדול הדור, פונקט ווי מיר אָן אונזער גדול הדור!

איך קאָנען שווערען בנקיטת חפץ, אַז קיינער פֿון זיי האָט גאָר קיין שטה נישט, אפילו נישט אויף חיי שעה! נור אַלץ אמונה אינם גדול. און זיי טהוען איהם נאָך, און ווייסען אפילו קיין חלוק נישט צווישען דעם, וואָס דער גדול האָט געזאָגט מיט ישוב הדעת, מיט אַ קלאָרען שׂכל, מיט איין ערנסט, און וואָס ער האָט געזאָגט אין פֿלוק, צו אין כּעס, צו גאָר לשם נצחון!

פונקט ווי אַנשי שלומינו, עס פֿעהלט נאָך נישט אַ האָהר!

און קומט צו מיר איינער פֿון דער חברה, און זאָגט מיר, אַז ער איז אַ כּופר, — עס איז דאָך נאַריש, איך וועלל דאָך איהן נישט מבֿיש זיין, — נור ווייסען ווייס איך, אַז ער מאַכט חוזק, אָדער גלאָט ער מאַכט זיך גרוים! אַז דוקא האָט — אַזוינער מורא ביינאַכט אַרוים צו געהן איינער אַליין! און אָפּשר מוז ער אַזוי זאָגען, די פּרנסה וויל אַזוי! און, וואָס טהוט אַלץ נישט אַ מענש צוליעב פּרנסה!... עס קאָנען אויך זיין אַ מענש — אַ נאַרר, סתם אַ שוטה; אַזוינער וואָס ווייסט נישט, וואָס ער ווייסט נישט, אין וואָס מען מוז גלויבען!...

און אויב אַזוי, וואָס זאָללען מיר זיך שאָמען מיט דעם, אין וואָס מיר גלויבען?!

מיט וואָס זעננען אנשי שלומנו אָרגער פֿאַר דער חברה משׂכּילים, וואָס טהוען נישט מעהר, נור פֿערצאָהלען און פֿערצאָהלען, באָבע מעשׂות און שבחים פֿון זייערע גדולים? באשר בכן — אונזערע מעשיות זעננען נישט קיין אויסגעטראַכטע? באשר בכן — מיר שרעקען נישט דען עולם מיט גזלנים, רוצחים, פֿאַלשע געלד און פֿאַלשע וועכסעל מאַכער! דוקא מוז מען שרייבען, וואָס עס איז נישט געשטויגען, נישט געפֿלויגען?

און בפרט, אַז איך וויל נישט דערצאָהלען קיין מעשה מעבר לים, און נישט קיין מעשה פֿון קדמונים, נור אַ זאַך, וואָס האָט זיך געטראָפֿען, דאָ, אין אונזער וואַרשא, און דוקא ערשט נישט לאַנג!

איי וואָס? עס וועט קוממען איינער און זאָגען: לא־כּי! שקר די זאַך!

אַדרבּא, זאָלל ער קוממען, זאָלל ער די העזה האָבען! איך, ברוך השם, — בין, אַ פּראָסטער מלמד, נישט קיין שרייבעריל, חס ושלום, און מיין מלאָכה איז נישט קיין ליגענט, און מיין פּרנסה איז נישט פֿון ליגענט!

הכּלל — די מעשה איז אמת, — אָפּשר וועט עמיצער קוממען און געבען איין אַנדערן פּירוש? וועל׳מיר האָרען!

און ביז אַהער איז די הקדמה, צונד געהט די מעשה גופא!

---

## 2.

דעם שווייגערס, זכרונו לברכה, א גליין־וואָרטיל; די מעלות
פון מיין אחי, עליו השלום; איין התחלה־טובה.

מען דערצאָהלט פון שווייגער, עליו השלום, אַז איין מאָל האָט מען איהן געפּראָגט, פאַר וואָס ער זאָגט נישט קיין תורה ווי אללע צדיקים; האָט ער, — ווי זיין שטייגער איז געוועזן, — געשוויגען.

אין אַ שעת רצון אָבער, אַז מען איז צון איהם צוגעשטאַנגען, שטאַרק מפציר געוועזען, האָט ער מיט זיין שמייכעלע אַזוי געזאָגט:

די וועלט — זאָגט ער — וואונדערט זיך אויף מיר, פאַר וואָס איך זאָג נישט קיין תורה; און איך וואונדער מיך אויף זיי, ווי קאָנגען זיי גאָר זאָגען תורה? ווי קאָנן מען עס אָנהייבען און אויסלאָזען אַ תורה, אַז די תורה האָט נישט, נישט קיין התחלה, נישט קיין סוף, אַז זי איז אין־סוף!

אלא מאי? דער ענין דערפון איז אַזוי: די וואָס הייבען נישט אָן צו קעננען די תורה, און זאָגען, וואָס עס קומט זיי אין מויל אַריין, הייבען אָן, ווענן און וואו זיי ווילען, און ענדיגען וואו און ווענן זיי ווילען! וואָרען די תורה, וואָס זיי זאָגען, איז נישט דער אין־סוף; נישט דעם רבונו של עולם'ס תורה! נור זייער אייגענע, אויסגעטראַכטע תורה!... אַזוינער אָבער וואָס קעננן די תורה, זאָגט נישט קיין תורה. וואָרען ער ווייסט נישט, וואו אָנצוהויבען און וואו אויסצולאָזען!

און לאָ'מיר זעהן אין וועלט זאַכען, למשל: ביי'ן אַ דין תורה. מען רופט איין עדות. איין עהרליכער מאַנן, וואָס וויל נישט און קאָנן נישט זאָגען קיין ליגענט, אַז ער שטעלט זיך פאַר'ן בית־דין, הייבט ער אָן פון ששת ימי בראשית, און קאָנן גאָר נישט צו קוממען צו דער זאַך; בפרט צום סוף המעשה... אָבער דער, וואָס זאָגט אויס'ן קאָפּף אַרויס, דער איז זיך אַלץ מסדר, דער רעדט ווי אַ מענש, דער ווייסט אין אָנהייב, און ווייסט אַ סוף... און די מעשה אַליין גיעסט זיך ווי אַ בוימעל!

הוא הדין ביי'ן אַ מעשה: אַ שרייבעריל, וואָס נאָגט אויס, ווי מען זאָגט, פון פינגער, קאָנן אָנהייבען און ענדיגען אַ מעשה, ווי ער וויל, ווענן ער וויל... עס איז זיין אייגענע זאַך, טהוט ער מיט איהר ווי ער וויל! וויל ער, מאַכט ער זי גרויס, וויל ער, מאַכט ער זי קליין... איך אָבער, וואָס וויל פערצאָהלען דברים כהויתן, — איין אמת'ע מעשה, ווייס איך טאַקי נישט, פון וואַנען אָנצוהייבען און וואו זיך אָבצושטעלען! „אין כל חדש תחת השמש" — יעדע זאַך הענגט אָב פון פריהערדיגע זאַך, און די פריהערדיגע זאַך אין אַ נאָך פריהערדיגע, און יענע וויטער

איז אויך נישט צו פֿערשטעהן, אַז מען ווייסט נישט, וואָס גאָר פֿריהער איז געווע־זען, אונ אַזוי קומט מען צו ששת ימי בראשית...

נור לכבוד אָחי אהובי זיינוויל־יחיאל, עליו השלום, וועל איך אָנהייבען ביי'ן איהם...

עס איז ידוע לכל — די גאַנצע פֿראַנציסקאַנער גאַסס ווייסט, אַז מיין ברודער, זכרונו לברכה, איז געוועזען אַ למדן מופלג אונ איין אמת'ער ירא שמים.

איין אַלמן איז ער געוועזען, אונ אויף דער אֶלטער איז ער געבליבען איינער אַליין מיט דער טאָכטער, ברכה לאה; אַ בתולה, להבדיל בין החיים והמתים! געלעבט האָט ער אין דחקות; קנעללען האָט ער שוין כּח נישט געהאַט. איז ער טאַקי, נישט פֿאַר אַייך געדאַכט, נישט פֿאַר קיין שום יוד געדאַכט, געבליבען אָהן ברויט. אונ די בתולה ברכה לאה, וואַקסט קיין עין־הרע, אויף הייבען... הכּלל — צרות צרורות!

וואָס טהוט דער רבונו של עולם? קוממען זיך צוזאַמען עטליכע בעלי־בתּים; טאַקי אנשים חשובים, פֿיינע בעלי־בתּים, וואָס האָבען ביי'ן איהם קינדער געהאַלטען, אונ נעהמען אויף זיך חתונה צו מאַכען ברכה לאה'ען, אונ צו געבען מיין ברודער, עליו השלום, אויף הוצאות, ער זאָלל זיך אַוועק פֿאָהרען, קיין אֶרץ ישׂראל.

הגם די נסיעה איז נישט געקוממען לידי גמר, ווייל עס האָט'ען, לא עליכם, אָנגעחאַפּט דער פֿעהלער, אונ ער איז, לא עליכם, נפטר געוואָרען אויפֿ'ן וועג, האָט ער דאָך זוכה געוועזען צו זעהן צפֿת, וואו ער איז נסתּלק געוואָרען, אונ איז דאָרט געקוממען בכבוד גדול צו קבר־ישׂראל.

דער צפֿת'ער רב האָט געהאַלטען אַ שאַרפֿען הספד אונ האָט'ן אָבגעדרוקט, דען הספד, אין ספר „מרגליות טובות", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען, אונ ווער עס קוקט אַריין, לעקט די פֿינגער.

אונ, אַז איך האָב שוין איין התחלה, וועט שוין געהן די מעשה גופא...

---

## 3.

**די מעשה גופא! נישט געטראָפֿען, צרות צרורות, ברכה לאה ווערט אַ עגונה.**

גדולה צדקה, צדקה איז אַ גרויסע זאַך; אָבער נור פֿאַר די, וואָס גיבען צדקה. נישט מקנא בין איך אָבער דען, וואָס נעהמט צדקה, וואָס מוז, נעביך, אָנקוממען צום גבאי של צדקה...

אונ מקנא בין איך מיין ברודער, עליו השלום, וואָס איז נפטר געוואָרען צו דער רעכטער צייט, אונ האָט די שפּעטערדיגע צרות נישט געזעהען!

ווארען די בעלי בתים, וואס האבען געגעבען אויף הכנסת כלה, האבען גאר פערגעסען, אז ברכה לאה איז א בת תלמיד חכם, אונ א כשר'ע פרומע נשמה... אונ מען האט פאר איהר נישט געזוכט קיין חתן לפי כבודה, ועל אחת כמה וכמה נאכען פאטערס כבוד...

זייער גאנצער מיין איז געוועזען, צו געבען איהר א מאנן, א ברויטגעבער; איינמאל פאר אללע מאל, אראבצעווארפען פון זיך דעם עול!...

האבען זיי טאקי געטהון אהן ישוב הדעת, אבי גע'פטר'ט.

אונ מען האט בעקוממען א בחור'ל בזול, איין איינגעהער ביי'ן אדוואקאטען!

קיין גרויסע זאכען האט ער נישט פערלאנגט. מפרנס זיין א ווייב קאנן ער, — האט מען צוגעקלאפט.

האט מען געמאכט מלבושים, איינגעלעגט נדן, גערופען כלי־זמרים, געשטעלט א חופה, —

מזל טוב, מזל טוב!

מיר, דען אמת זאגענדיג, איז דער בחור נישט געפאללען. מיין פייגע, זאלל געזונד זיין, האט אויך געזאגט, אז גאר פון די אנטיקען איז ער נישט. נור, אז אחי, עליו השלום, האט גאר נישט געזאגט, האבען מיר אודאי געשוויגען.

אונ דאס שווייגען איז קיין חכמה נישט געווען!

קוים איז אחי, זכרונו לברכה, אבגעפאהרען, האט זיך אנגעהויבען איין עסק! עס האט זיך אויסגעוויזען, אז עס איז נישט, ווי עס דארף צו זיין!

מן הצד בין איך געוואהר געווארען, אז דער שלום בית ביים זוג, איז א ביסל הינקענדיג: מען קריגט זיך, מען מאכט א ביסעל קולות, שכנים קלאפען אין די וואנד!

אויך האב איך געהערט, אז ברכה לאה וויל נישט ליידען, וואס בעלה, משה ישראל, איז נישט קפריסנדיג־פרום!

אונ ער ווייטער מאכט איהר א מורא, אז ער וועט זיך נאך אנטהוען דייטש, אונ וועט ווערען אלליין א אדוואקאט!

אויך טענה'עט משה ישראל, אז די בעלי בתים האבען איהן אריינגענארט אין זאקק; מען האט איהם געוויזען איין אנדערע, א שאנערע כלה; אויף דער וואלט ער נישט בעשטאנען! אונ איהרע מלבושים געפאללען איהם אויך נישט, צוזאממענגעקליבען, — זאגט ער, — אלטע לאכעס...

מען האט איהם צוגעזאגט, — זאגט ער, — קאסט, אונ מען ווייזט איהם א פייג!

אונ נאך א טענה האט ער, אז ער האט גערעכענט אויף קרבות מיט די בעלי בתים, ווי ער זאגט — פראטעקציא, אונ זיי, אז זיי האבען זיך נור אנגעגעסען אונ אבועטאנצט אויף דער ארימער חתונה, לאזען זיי איהן נישט פאר די אויגען...

פֿערשטעהט זיך, אַז אַריינמישען זיך אין דער ערשטער שעה, האָב איך נישט געוואָלט... בעלי בּתּים און זוגתי, פֿייגא תּחיה, האָבען נישט געלאָזט...
און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נייעס? עס טרעפֿט זיך ביי לייטען! נאָך דער חתונה, איידער מען געוואָהנט זיך צו טרעפֿט זיך גאַנץ אָפֿט מחלוקת צווישען מאַנן און ווייב. דערנאָך — הרגל נעשה טבע, מען ווערט געוואהנט לעבט מען!

און באמת, איך מיט זוגתי פייגא, תחיה, האָב׳מיר אויך, דאָס ערשטע יאָהר נאָך דער חתונה, זיך אויפֿגעשטויסען... דערנאָך אָבער, אַז זוגתי פייגא האָט אָנגעהויבען קינדלען, פֿון קאָסט איז מען אַראָב, האָט מען די נאַרישקייטען אוועקגעלעגט.

איך האָב מיר אָנגעהויבען זוכען אַ שטיקעל עכק... עס איז מיר נישט געראָטהען; בּין איך געוואָרען מלמד, און נאָר נישט מען לעבט, ברוך השם, הלואי, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר!

הכּלל, — שווייג איך! און בפרט, אַז אין קורצען האָט מיר זוגתי פייגא, תחיה, אַ וואונק געטהון אויף ברכה לאה׳ן, ווי איינער זאָגט: פֿערשטעהסט? ! דאַרף מען דאָך מיר קיין פֿינגער אין מויל אַריין נישט לעגען; טראַכט איך: סימן טוב ומזל טוב! לאָזט זיך אָבער אוים אַ בוידעם!

ער איז דאָס אייגענע וואָס פֿריהער, נאָך אַרגער ווי פֿריהער!

אונזער תכשיט האָט אברהם אָבינו׳ס מעלה; ער רעדט ווייניג און טהוט אַ סך: לאַ די, וואָס ער האָט זיך אָנגעטהוען דייטש, האָט ער נאָך אָנגעהויבען שפּיעלען גאַנצע נאַכט אין קאָרטען!

נאַכט אויף נאַכט ברענגט ער זיך אַהיים חברה־לייט, נייט נאָך ברכה לאה׳ן, זי זאָלל זיי מאַכען טהיי, גיבען אַ ביסל בראָנפֿין, מאַכען אַ הערינג, און דוקא מיט עסיג און מיט בוימעל, אַ ניט — פֿאַסט זיי נישט! צום פֿערבייסען מוזען זיין האָבען ווייסע זעממעל; ברויט — חס ושלום! און טאָמער פֿעהלט עפּיס פֿון די זיבען זאַכען, כאַפּט ער קולות! און ער שפּאָט נאָך אוים איהר! מאַכט אוים איהר לייטען געלעכטער!

נאָך אַ שאַש, זידעלט ער נאָך און שעלט!

זעה איך שוין, אַז עס איז נישט הטב, אַז מען טהאָר שוין נישט שווייגען; מאַך איך מיר אַ לב און איך געה צום זוג.

איך קום אַריין, הייב אָן, פֿערשטעהט זיך, מיט גוטע דבורים, מיט פֿיינע דבורים, אפילו מיט איין הלצה׳לע, ווי מיין שטייגער איז; פֿאַר גוטפֿריינדשאַפֿט מאַך איך מיר אַ געלעכטערל און זאָג איהם, אַז אויבוואהל, ער איז אַ פושע ישראל, איז נאָך פֿון דעסטוועגען קיין סכּנת נפשות נישט! און דערצאָהל איהם די גדולות פֿון אַ בעל־תּשובה... און זאָג איהם, אַז ברכה־לאָה׳ס זכות אָבות וועט איהם בּיישטעהן!

זאָלל ער נור, זאָג איך, אָנהייבען... זאָלל ער נור האָבען אַ הרהור תשובה!

איך זאָג איהם נאָך צו, אַז איך וועלל איהן מקרב זיין, מיטנעהמען אין מיין שטיבעל אריין. אונ, אַז איך וועלל, אם ירצה השם, פאָהרען, וועלל איך איהן אויך מיטנעהמען, וכדומה אַ זעלבע ווייבע דבורים...

פלאַצט ער אָבער פאַר געלאַכטער!

ער לאַכט אויס מיר, אויס'ן שטיבעל, אויס'ן רבי'ן. ער איז מיר מוחל—זאָגט ער — די אַללע גליקקען, איך זאָלל איהם נור ברכה־לאה צונעהמען!

דערביי רעדט ער אַזוינע דבורים,— נישט פאַר'ן מויל צו ברענגען!

באין ברירה, האָב איך שוין אָנגעהויבען אַ ביסעלע הארטער. האָב איך איהם שוין געזאָגט, אַז חאָטש ער געהט דייטש, איז ער פאָרט איין עם־האָרץ, אַ שוטה. אונ וויטער האָב איך איהם, גאָר אָהן פחד, געזאָגט: אַז אויב ער וועט תשובה טהון איז רעכט, אונ אַז אויב נישט, וועט ער זיך טאַקי אויסרעכטען אַ שוואַרץ, פינסטער יאָהר אין גיהנום!

צולאַכט ער זיך ווידער אויף אַ קול! ווער גיהנום, וואָס גיהנום?! גלייך ער וואָלט דאָרט געוועזען אונ געזעהען, אַז עס איז, חס ושלום, קיין גיהנום נישט פערהאַנן!

אונ דערנאָך, וויזט ער מיר נאָך, דער עזות מחוצף פנים, די טהיר!

וואָס האָב איך געזאָלט טהון?

ברכה־לאָה, זעה איך, איז גרין אונ געל, די טרעהרען גיעססען זיך איהר ווי וואַססער, געה איך אַרויס אונ שיקק דען מחוצף רופען צום דין.

קוממט ער נישט, וואַרט איך אַ צייט...

מיט דער צייט איז די זאַך שטילל געוואָרען! איך האָר נישט...

אונ האָרען האָר איך נישט, וייל דער פושע ישראל האָט אָנגעזאָגט ברכה־לאָה'ן, איהר פוס זאָלל איבער מיין שוועל נישט קוממען; מכות אַכזריות וועט ער זי שלאָגען! מילא, איז דאָך ברכה לאה איין אשה כשרה, טהוט זי, וואָס דער מאַנן הייסט; זיצט זי אין דער היים אונ שלינגט די טרעהרען בסוד.

האָר איך נישט; ווייס איך נישט!

דערוויול בעקום איך מיינס איין אייגען פאָקיל צרות!

זוגתי פייגא ווערט מיר קראַנק. דער רופא זאָגט — היטץ. די שכנים — עפים אַנדערש. מיר דאַכט זיך — איין עין־הרע.

די שטוב האָט קיין בעל־הבית'טע, די קינדער קיין מאַמע נישט. אונ קיין מאַטען אויך נישט, ווייל עס איז בין הזמנים, אונ עס פעהלט מיר נאָך אַ צוויי דריי תלמידים!

איז וועניג? בין איך אַלליין אויך נישט אין גאַנצען!

די ווארשויער טראָפּ נעהמען מיר אַרויס דאָס חיות! און דאָ יאָגט מען מיך פון אַלֶע זייטען: דער בעל-הבית וויל דירה-געלט, — פאַר צוויי קוואַרטעל נישט בע-צאָהלט! און דער רעוויראָווע וויל דוקא, איך זאָל נאָך צודינגען אַ שטוב, עס זאָל זיין גרוימער פאַר די חדר יונגליך, מעהר לופט זאָללען זיי האָבען!

גאָטט זאָל מיך נישט שטראָפען דערפאַר, — האָב איך טאַקי אַן ברכה לאָה'ן פערגעססען!

און דערמאָנען איך מיך אַ מאָל, טראַכט איך, אַז עס איז שטיל, האָט אַ ודאי, דער רשע, תשובה געטהון, און עס איז קיש-וואָך!

פשוט — אַז עס געהט איהר גוט, שמעקט זי נישט אַריין צו אָרימע קרובים...

נור איינמאָל, קום איך אַהיים מיט אַ פער'חלש'ט האַרץ און געשוואָלענע פיס, לא עליכם, — וויל איך מיך וואַשען, נעהמען וואָס עס איז אין מויל אַריין, אָבבענ-שען און אויסציהען זיך די ביינער אין בעט, — דערצאָהלט מיר זוגתי פייגא אַ בשורה-טובה! ברכה לאָה איז דאָ געוועזען און האָט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען; געזאָגט, אַז מיר זעננען פשוט'ע רוצחים, אַז אונז אַרט גאָר נישט איהר פינסטער מזל, אַז זי איז אַ וויסטע יתומה, עלענד ווי אַ שטיין!

דערצאָהלט האָט זי, אַז בעלה משה ישראל טהוט איהר אָן געברוינטע לייד. אַז ער איז איהר אַ דם-שונא; ער שלאָגט און הרג'ט זי. ער האָט איהר כמה פעמים בלוט געלאָזט פון דער נאָז, פון די אויערען...

איך פראָג זוגתי פייגא'ן: היתכן? אַ יוד זאָל שלאָגען אַ ווייב, בפרט נאָך אַ מעוברת'ע?

ענטפערט זי מיר, אַז דאָס איז טאַקי זיין משוגענער כעס! משה ישראל איז שוין גאָר, גאָר אַראָב פון דרך... קיין בטחון האָט ער נישט, — שרייט ער, אַז ער האָט נישט פון וואַנען צו לעבען; וויל ער, ימח שמו וזכרו, ברכה לאה זאָל, חס ושלום, אָן זיך אַ מעשה טהון...

די גאַנצע וועלט, — זאָגט ער, — טהוט אַזוי!

אַללע גבירשע ווייבער טהוען אַזוי!

און ווייל זי וויל נישט, שלאָגט ער זי און שילט זי מיט טוידטע קללות, זי מיט'ן פאָטער צוזאַממען!

אַז איך האָב דערהערט, אַז ער שילט אָחי, זכרונו לברכה, בין איך שוין געוואָרען מלא חימה! פערגעסס איך, וואו איך האַלט אין דער וועלט, חאַפּ דען שטעקען; מיין טויט, אָדער זיין טויט! קיילען וועלל איך דען כלב! און לויף אָהן אַ האַרץ, אָהן איין אָטהעם...

און איך בין געקוממען און געזעהען — — —

צרות האָב איך געזעהען!

די טהיר איז אָפען... אין שטוב — פינסטער־חשך... דער חברה מאַנן איז נישט דאָ! עוקר געווען!

קיין כלים, קיין בעטגעוואַנד, — אָבגעצויגען האָט ער זי... אונ זי וואו איז? זי ליעגט, אויף דער פאָדלאָגע ליעגט זי, זי וואַרפט זיך...

---

## 4.

אַ נס. זוגתי פייגא תחיה אונ איהרע מעשים. מען וואַרפט מיך אַרויס אונ וואו איך געה.

אַ נס איז געשעהן, וואָס זוגתי פייגא האָט, קיין עין־הרע, אַ שכל־הישר.

אַז איך האָב געחאַפּט דעם שטעקען אונ געשריגען, אַז איך געה ממית׳ן דעם כלב, האָט זיך זוגתי פייגא גאָר נישט גענוממען צום האַרץ... זוגתי פייגא ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין, חס ושלום, קיין רוצח נישט. אַז אַ פליעג אויף דער וואַנד, וועלל איך אויך נישט טייטען. זי ווייסט, אַז, ווען איך קום שוין גאָר אין כעס אַריין, הייב איך ערשט אָן צו וויינען. אַזא טבע האָב איך שוין, פאַר כעס גיעסען זיך מיר טרעהרען ווי וואַססער.

אונ דאָס ווייסט אויך זוגתי פייגא, אַז אפילו די תלמידים מיינע שלאָג איך אויך נישט ווי עס דאַרף זיין, אונ די בעלי־בתים האָבען אויף מיר תרעומות דערפאַר; איך אַלליין, האָב אויך אַ מאָל מורא, אַז איך בין נישט יוצא פאַר גאָטט אונ פאַר לייט; מען דאַרף אַ מאָל אַ שמיץ! אונ בפרט, זייט איינער פון מיינע תלמידים איז אַרויס להרבות רעה, גלייב איך אַ ודאי, אַז מען דאַרף אַ שמיץ...

נור, לאָ׳מיך נישט אַראָב אין אַ זייט!

הכלל — זוגתי פייגא ווייסט, אַז איך וועלל איהם קיין רעה נישט טהון, זיצט זי זיך רוהיג אויפ׳ן בעט. שפּעטער אָבער, אַז עס איז איבער איין שעה אונ אַ צווייטע שעה אונ איך קום נישט, האָט זיך ערשט זוגתי פייגא דערשראָקקען; איז ביי׳ן איהר געבליבען, אַז איך האָב טאַקי דעם כלב קורע־כדג געווען אונ מען האָט מיך איינגעזעצט תפוש!

נו — נו! פערגעסט זי שוין אַללע יסורים, פערגעסט זי די קינדער אין די בעטטען, דאָס ביסל כלי־בית אין שטוב. חאַפּט זי אויף זיך וואָס עס איז, אונ לויפט מיר נאָך. זי האָט אפילו פערגעססען די טהיר צו פערשליססען!

איך קוק מיך אום, — זי איז דאָ! אונ קוים איז זי געקוממען, האָט זי שוין מיט איין בליק דערקענט, וואָס עס טהוט זיך!

קודם כל, אַז זי זעהט, אַז איך שטעה ווי אַ גולם, גיט זי אַ געשריי: במ״לן!

און תוך כדי דבור רייסט זי אויף די טהיר און שרייט! געוואלד! שרייט זי, און עס בעוייזען זיך באלד עטליכע שכנות, און זוגתי בייגא קאמאנדעוועט, און די שכנות טהוען. און איינע האט מיך טאקי, אויף זוגתי פייגא'ס בעפעהל, — ארויס געווארפען פון טהיר...

וואו געהט מען? אין גאס איז א נאססער שניי, דער ווינד באטשט אין פנים אריין, גנב'ט זיך אריין דורך די לאכער פון מיינע מלבושים...

געה איך אין בית-המדרש, אריין.

אין בית-המדרש, זעננען נאך געזעססען עטליכע מענשען, וואס קוקען נאכען דצווינען אריין אין א ספר.

נעהם איך מיר אראב א גמרא!

און שוין! איך דארף נישט מעהר!

קוים אפען איך די גמרא — אוים ברכה לאה! אוים דער מאנן איהרער, דער רשע מרשע — אוים וועלט!

ווער איז איין עגונה? ווער איז ענטלאפען? ווער איז א מקשה לילד? גאר נישט! גאר נישט!

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

---

5.

מיינע תלמידים. ווער איז מיין רבי? זו תורה וזו שכרה.
משל לצפור... הרהורים רעים און ספקות.

אז איך אליין לערן א מאל מיט חשק, קאננען עס מיינע גבירישע תלמידים נישט פערשטעהן. זיי פראגען מיך, צו איך דארף אויך נאך לערנען? ווער מיין רבי איז?...

די שוטים! זיי ווייסען גאר נישט, אז די וועלט איז גאר א וואהלער רבי, אז דאגת פרנסה איז א רבי! צרות צרורות זעננען גוטע מלמדים... דער יתוש, וואס קראצט אליין-אין-איינעם אין מוח מיט'ן „אם תאמר: מה נאכל?", איז גאר א פייערדיגער רבי! און זיי אליין, די תלמידים מיינע, און די פאטער זייערע — די בעלי-בתים מיינע, זעננען אויך גאר פיינע מלמדים... אוי, ווי פיין!

אליץ טרייבט צום לערנען!

אבער זו תורה וזו שכרה:

מיש איך אויף די גמרא, — ווער איז צו מיר גלייך?

אז איך אפען די גמרא. פיהל איך. אז דער הימעל האט זיך מיר געאפענט!

אַז דער רבונו של עולם האָט מיר מיט זיין גרויס חסד געגעבען פֿליגעל; גרויסע, ברייטע פֿליגעל האָט ער מיר געגעבען! און איך פֿליה מיט זיי; איין אָדלער בין איך! און פֿליהען — פֿליה איך וויט, וויט! נישט מעבר לים; פֿון דער וועלט אַרויס פֿליה איך!

פֿון דער וועלט מיט שקר, מיט חנופה, מיט יסורים רעים!

און איך פֿליה גאָר אין אַ אַנדערע וועלט אַריין! אין אַ נייע וועלט, אין אַ וועלט פֿון כל טוב, פֿון רק טוב; אין אַ וועלט, אָהן אַ דעה פֿון בייזיגע בעלי־בתים, פֿון מיוחסים — עמי־הארצים; אין אַ וועלט אָהן אַ צורת מטבע, אָהן דאגת פּרנסה. דאָרט איז נישט דאָ קיין מקשה לילד, קיין הונגעריגע קינדער, קיין ווייבערשע קולות!

און דאָרטען בין איך, איך דער אָרימער, קראַנקער, דערשלאָגענער, אויס־געהונגערטער און אויסגעדאַרטער מלמד, — איך עני מדכּא, וואָס שטומט דאָ ווי אַ פֿיש, וואָס מען טרעט דאָ ווי אַ וואָרם, — איך בין עס דאָרט דער מענש, דער מיוחס דער בעל דעה! און פֿריי בין איך, און פֿריי איז מיין רצון, און צו שאַפֿפֿען האָב איך! וועלטען בוי איך אויף און וועלטען צעוואַרף איך! און איך בוי מיר נייע אויף זייער אָרט! נייע, שאֶנערע און בעססערע וועלטען! און איך לעב אין זיי, פֿליה אַרום אין זיי! אין גן עדן בין איך... אין אמת'ן גן עדן!

און וויסען ווייס איך, אַז איך ווייס מעהר, ווי דאָס, וואָס איך ווילל און קאָנן אויס זאָגען מיינע תלמידים, און וואָס איך זאָג מיר אַליין אויס! און איך פֿיהל אַזוינס, וואָס מען קאָנן איבער די ליפּפּען נישט ברענגען; וואָס קיין אויג זעהט נישט און קיין אויער הערט נישט, נור אין האַרץ וואַקסט עס, דאָרט לעבט עס, דאָרט קלאַפּט עס!

די שנים אוחזין בטלית, זעננען פֿאַר מיר נישט קיין מענשען פֿון גאַסס; נישט קיין פּראָסטע ראובן ושמעון, ווי איך פֿערטייטש פֿאַר מיינע תלמידים! און דער טלית, איבער וועלכען זיי שפּאַרען זיך, איז נישט קיין טלית, וואָס מען קויפֿט ביי יוסיל פּעשים אין געוועלב... איך נעהם טיעפֿער!

איך זאַפּ דאָך איין די ניצוצין — די ליכטיגע פֿונקען פֿון צווישען די שורות, פֿון צווישען די וואָרטער, פֿון צווישען די אותיות; די נשמה זאַפּט זיי דאָך איין ווי אַ שוואָם! איך פֿיהל דאָך, ווי איך ווער אין גאַנצען דורכגעצויגען, דורכגעזאַפּט מיט דער ליכט, וואָס איז טאַקי בעהאַלטען געוואָרען פֿאַר די צדיקים, לעתיד לבא — אויף יענער וועלט!

אוי, נור זיצען און לערנען! נור לערנען!

..................................

און דאָס מוז איך אייך אויך זאָגען, אַז אויב איך בין אין די גבירישע הייזער,

און זעה ווי זיי זיטצען און שפּיעלען גאַנצע נאַכט אין קאָרטען, אָדער זיי פֿערברענגען די צייט, מיט שיחת־נשים, מיט אַנדערע הבלים...

אָדער אַז איך געה אין גאַסס, און זעה דורך איין אָפֿענע שענק־טהיר, ווי עס זיצט אַ בעל־מלאכה אין אַ וואָלקען פֿון רויך, און טרינקט, און רעדט נאָך גראָססערע הבלים... אַז, ווענן איך זעה דאָס אַלץ, זאָג איך אייך, ווער איך גאָר נישט אין כּעס... בּין איך אויף זיי גאָר נישט מקטרג... אַדרבּא: מיר צוגעהט דאָס האַרץ פֿאַר רחמנות אויף זיי!

וואָרען, צוריק געשמועסט, וואָס זאָללען זיי טהוען אָהן תּורה?...

ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָב איך אַ מאָל געקנעלט אין אַ דאָרף. האָט מיר מיין תּלמיד געוויזען, ווי צום סוף זוממער פֿליהען זיך צונויף די פֿייגאַליך און פֿערלאָזען אונזער מדינה, איידער דער ווינטער קומט... איך האָב געזעהען, ווי זיי געהמען זיך צוזאַממען גאַנצע מחנות און לאָזען זיך אַוועק ווייט, ווייט...

די קליינע פֿייגאַליך קאָננען נישט זיך ווילען דאָ נישט בּלייבען אין דער צייט פֿון שניי און פֿראָסט... אין דער צייט, קאָנן דאָ קיין אָרים פֿייגעלע קיין קיום נישט האָבּען... און די פֿייגעליך ווייסען עס; זיי פֿיהלען, אַז דער ווינטער קומט, אַז זייער מלאך המות קומט...

נור איינמאָל האָב איך געזעהען, ווי אַ קליין פֿייגעלע, אַ בּעל מום, נעביך, מיט איין צובּראָכען פֿליגעלע, האָט געהיפּט און געהיפּט איבּער דער נאַסער, קאַלטער ערד, עס האָט געפּישציט, און עס האָט זיך נישט געקאָנט אויפֿהייבען אין דער הויך, נאָכצופֿליהען די גרויסע פֿייגעל...

און עס איז אַ צער בּעלי חיים געוועזען צו קוקען, ווי דאָס אָרימע פֿייגעלע האָט זיך קיין אָרט נישט געפֿוננען, און אַלץ געהיפּט, און געהיפּט, און בּעקוקט, ווי יענע, די פֿרייע פֿייגאַליך פֿליהען, פֿליהען הויך, הויך אַוועק...

און דענסמאָלט האָב איך מיר געטראַכט: צו דעם קראַנקען פֿייגעלע איז געגליכען די נשמה פֿון איין עם הארץ!...

פֿליהען קאָננען זיי נישט די עם־הארצים; זיי האָבען קיין פֿליגעל, קיין תּורה נישט!

גיבּ זיי תּורה, גיבּ זיי פֿליגעל, וועללען זיי פֿליהען... וועללען זיי אויך פֿליהען אַרויף, צו די הויכע וועלטען!

מען האָט זיי אָבער די פֿליגלען צובּראָכען, היפּען זיי אַרום אויף דער ערד, איבּער דער קאַלטער בּלאָטע...

רעדט מען נבול־פּה, שפּיעלט מען אין קאָרטען!

דער רייכער אין סאַליע, דער אָרימער אין שענק...

נור, לאָ'מיר צוריק געהן צו דער זאַך...

הכּלל — איך זיטץ און לערן...

ביסלעכווייז איז זיך דער קליינער עולם צוגאַנגען ... דער שמש איז אַרויס־געגאַנגען דער לעצטער...

וואָס אַהרט עס מיך? איך זעה גאָר נישט!

ביי'ן אַ ליכט, אין ווארעמען בית־המדרש, ביי דער אָפענער גמרא, האָב איך אפילו איינער אַליין, קיין פחד נישט!

און פערטיפט בין איך געוועזען, ווי עס דאַרף צו זיין!

תורה, ווייסט איהר דאָך, איז געגליעכינט צו'ן אַ ים, פאַליעס שלאָגען!

איינשלינגען ווילען זיי מיך... נור איך קען שווימען! איך לאָז מיך אַראָב און שווים אַרויף, און בין ווייטער אויבען אָן! טהייל מאָל ווערט שטיל דער ים; ער ווערט שאָן, ריין, און קלאָר ווי דער הימעל... און מיין נשמה באָדט זיך אינם פרישען, מחיה'דיגען וואַססער, זי גליטשט זיך ווי איבער אַ שפיגעל, מיט תענוג, מיט חן... און דאָס וואַססער וואַשט זי אַרום, רייניגט זי אָב פון אַללע פלעקקען, מיט די שוואַרצע עולם־הזה פינטעליך!

און ריין, און הייליג ווערט די נשמה...

נור פּלוצלינג דערפיהל איך אַ בריה אין פינגער... און איך בלייב אין דער פינסטער...

צווישען די פינגער איז מיר דאָס ליכטעל אויסגעגאַנגען...

און אַליין, אין דער פינסטער, האָב איך מורא!

עס פאַלט אויף מיר אַ גרויסער פחד...

אַז עס איז ליכטיג, ביי טאָג צו ביי נאַכט, שרעק איך מיך נישט.

מיר איז גוט! איך זעה די וועלט אַרום מיר, איך פיהל דען בעל בית איבער דער וועלט! איך זעה די וועלט, און די וועלט זעהט מיך; און איך ווייס, אַז איך בין אַ חלק פון דער וועלט, אַז איהר בעל הבית איז אויך מיין בעל הבית; אַז אָהן זיין רשות, וועט מיר קיין האָר נישט געקרימט ווערען. ער וועט נישט לאָזען, און די וועלט אַליין וועט אויך נישט לאָזען...

וואָרען — פאַר וואָס, פאַר וועגן?

אָבער אין דער פינסטער, אַז איך בין אַליין אין דער פינסטער, אַז איך זעה נישט די וועלט, —אוי, דעמאָלט ווער איך גאָר אוים מענש! בייזע געדאַנקען בעפאַלען מיך דעמאָלט! דעמאָלט דאַכט זיך מיר, — זאָלל מיך גאָטט דערפאַר נישט שטראָפען, —אַז איך האָב גאָר קיין שייכות נישט מיט דער וועלט, אַז מען האָט מיך פון איהר אויסגעריססען און אוועק געפיהרט...

איך געהאָר מיך מיט איהר נישט אָן; נישט איך, נישט מיין ווייב, נישט מיינע קינדער... מיר האָבען מיט איהר קיין מגע ומשא נישט!... אָט חאַפט מען מיך, אָבער איינס פון זיי אוועק, גאָר אין דער שטילל אוועק, און קיינער וועט

נישט זעהען, קיינער וועט נישט וויסען, פיהלען א ודאי נישט!

און, קוים איז אויסגעגאַנגען דאָס ליכט, איז מיר אויסגעגאַנגען די נשמה יתרה פון לערנען; בין איך געבליבען ביי מיין ציטטעריגע, דערשראָקענער, פשוט'ער נשמה, פון א קבצן — א מלמד!...

איך בין שוין צוריק א גאָר נישט, א וואָרם, א פערלוירענע זאַך...

און די ליפּפען מיינע ציטטערן: גאָטט זאָלל העלפען, גאָטט זאָלל העלפען...

און דאָס הארץ נאָגט און פלאָגט: ברכה לאה וועט גיווינען, א ודאי וועט זי געווינען... און נאָך א צוויללינג וועט זי האָבען! די מאַמע איהרע איז מפורסמת געוועזען מיט צווילענגער!

טאָמער האָסט דו וועניג ווייב און קינד, נאַ, פאַלט אויף דיר נאָר ברכה לאה מיט א קינד, ברכה לאה מיט צוויי, דריי קינדער... זיינוויל יחיאל איז א שוכן עפר; ער זיצט זיך דאָרט אין גן עדן און לערענט תורה; און דו האָרעווע... זיי מפרנס...

און די ליפּפען ציטטערן: זאָלל גאָטט רחמנות האָבען, זאָלל גאָטט רחמנות האָבען!

און שלעכטע געדאַנקען זאָגען: אַז גאָטט זאָלל זיך וועללען מרחם זיין, האָט ער קיין אַנדערע עצה נישט, נור דען מלאך המות צו שיקקען... צו מיר... צו דער יולדת...

— רחמנות'דיגער גאָטט, רחמנות'דיגער גאָטט!

און איך וויים, אַז איך זינדיג פאַר גאָטט, אַז איך ווער, חס ושלום, א כופר בעיקר. איך וויים, נור איך האָב קיין שליטה נישט, צו פערטרייבען פון הארץ אַרוים דען שד... די בייזע מחשבה... וואָרען איינער אַליין בין איך שוואַך! אין דער פינס־טער — גאָר שוואַך!

איך וויים, אַז איין רפואה דערצו איז תורה, און איך ווילל לערנען אויסענווייניג, איך ווילל מיך דערמאַנען די סוגיא, און איך קאָנן נישט! איך האָב זי פער־געססען, איך האָב אַלץ פערגעססען! כל התורה כלה פערגעססען!

און מיט אַללע כחות האָב איך דאַמאָלט אויסגעשריהען:

רבונו של עולם! העלף מיר! העלף מיר!

און — עס איז מיר א נס געשעהען!

## 6.

**על הנסים. אור הגנוז. אַ תּקון פֿאַר אַ נשמה. אַ מלאך המות, וואָס קומט, ווייל מען האָט'ן גערופֿען!**

שפּעטער, אַז איך האָב דערצעהלט די מעשה אַ משׂכּיל, מיינעם אַ געוועזענעם תּלמיד, האָט ער געלאַכט, אונ ווי הייסט געלאַכט! עס איז — זאָגט ער — גאָר קיין נס נישט געוועזען! נור אַ מקרה, אַ צופֿאַלל, — זאָגט ער, — אָדער אַ כּח הדמיון אונ אָפּשר פּשוט אַ חלום... וכּדומה...

נור, וואָס עס אַהרט עס מיך?

יתרו, ווייס איך, האָט זיעבען נאָמען געהאַט, אונ געוועזען איז איין יתרו!

רוף עס ווי דו ווילסט: נס, מקרה, כּח הדמיון... מעשה בלייבט מעשה!

אונ איך ווייס נור, אַז בשעת מעשה, ווענן עס האָט זיך מיר שוין גערדאַכט, אַז איך פֿאַלל, חס ושלום, אין שאול תּחתּית אַריין, איז פּלוצלינג דאָס גאַנצע בית המדרש געוואָרען פֿולל מיט ליכט! אונ אַ וואונדערליך זיסע ליכט! אַזא בלאָע ליכטיגקייט, ווי די זיילען, וואָס לאָזען זיך אַ מאָל, זוממער־צייט, משופּע אַראָב פֿון דער זונן, אין שטוב אַריין דורך אַ פֿענסטער...

די זייל, זעהט מען בחוש, בעשטעהט פֿון קליינע, ליכטיגע טראָפּען, אונ יעדער טראָפּען יאָגט זיך בליצענדיג אַרום אין דער זייל...

אונ אַזאַ זייל האָט דעמאָלט דערפֿולט דאָס גאַנצע בית המדרש...

אונ פּלוצליג ווער איך רוהיג... אוים מחשבות!...

דאָס בית המדרש איז פֿולל מיט זיסער ליכט! אונ איך ווער פֿולל מיט ליכטיגען, זיסען בטחון! אונ אַלץ אין מיר איז אַזוי קלאָר, אַזוי ריין, אַזוי קריסטאָלען!

אונ, אַז איך קוק מיך אום אויף מזרח זייט, פֿון וואַנען די זייל שלאָגט, דערזעה איך עמיצען!

אונ וועמען, מיינט איהר, דערזעה איך?

אחי, זכרונו לברכה, דערזעה איך! אונ טאַקי, אויף דעם אָרט, וואו ער פֿלעגט שטאָנדיג זיטצען אונ לערנען!

אונ ער זיצט ביי'ן אַ ספר... זיין פּנים זעה איך נישט, ווייל ער האַלט אונטערגעשפּאַרט דען קאָפּף אויף דער האַנד; נור דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז ער!... אַז דאָס איז אחי זיינוויל יחיאל...

אונ איך האָב מיך גאָר נישט געשראָקען!

אונ דער כּלל איז: ווער עס האָט קיין מורא נישט פֿאַר לעבענדיגע, דער ציטערט פֿאַר טויטע... אָבער איך? איך אָרימער וואָרם, וואָס ציטטער שטענדיג

פֿאַר אַללעם, וואָס לעבט, וואָס זאָלל איך מורא האָבען פֿאַר טויטע? אונ פֿאַר ועמען? פֿאַר אָחי זיינוויל יחיאל, וואָס איז נאָך ביים לעבען געוועזען אַ זייד? אונ איך פֿראַג פשט פשוט:

— דו ביסט עס, זיינוויל יחיאל?!

— איך! אָנטפֿערט ער, אונ נעהמט אַוועק די האַנד פֿון די אויגען.

איך דערזעה זיין פנים... עס שלאָגט דערפֿון אַזא מין ליעבליבקייט; אין די אויגען זיינע שטעקט אַזא מין מתיקות...

אונ איך פֿראַג וויטער:

— וואָס טהוסט די דאָ, ברודער?

אונ ער אָנטפֿערט מיר:

— וואָס איך טהו? זעהר פֿיעל טהו איך! ביי'ם לעבען בין איך דאָ געזעסען אונ געלערנט, אונ דער שטן האָט מיך מבלבל געוועזען, דאגת פרנסה האָט זיך אַריין געמישט; אונ איך האָב איבערגעהיפערט כמה וכמה מקומות, אונ אַ סך אָהן כונה געלערנט... טהו איך צונד, וואָס עס איז אויף מיר נגזר געוואָרן, מתקן צו זיין די נשמה! איך חזר איבער.

— אונ אַלץ מיט כונה?

ער שאָקעלט מיט'ן קאָפף אויף יאָ, אונ איך זאָג:

— זיינוויל יחיאל דו לערנסט מיט כונה, וויל דו ווייסט נישט...

אונ ער שלאָגט מיר איבער די רייד מיט זיין זים קול.

— שוטה, — זאָגט ער — גאַר פֿערקעהרט; וויל איך וויים, לערן איך היינט מיט כונה! לעבעדיגערהייט, האָב איך ווייניג געוויסט, אַ סך ספקות געהאַט, בין איך אַריבער איבער אַ סך זאַכען אָהן כונה; וואָרען נור דאָס, וואָס מען ווייסט נישט איז מבלבל, די ספקות...

אַ צונד אָבער, אַז איך וויים, אַז איך האָב קיין ספקות נישט, איז אַלץ מיט כונה!

— אונ דו ווייסט, אַז משה ישראל?...

— ... איז אַנטלאָפֿען קיין אַמעריקאַ? איך וויים! איך וויים אפילו מיט וואָס פֿאַר אַ שיף ער איז אַוועק... טרפות עסט ער אויף דער שיף; איך וויים!

— אונ ווייסט, אַז ברכה לאה...?

— ... איז מקשה לילד? אַ ודאי וויים איך. איך וויים אפילו, אַז זי וועט האָבען אַ בן זכר...

— נישט קיין צווילינג?

— ניין, קיין צווילינג וועט זי נישט האָבען! נור גרוים רחמים דאַרף זי! דאָס קינד וועט זיין אַ בעל מום... דער רשע האָט אידר אַ שטום געטהון, אונ

מקלקל געווען...

אונ איך פרעג ווייטער:

— אונ טאָמער ווייסט דו, פון וואַנעט זי וועט לעבען?

— דאָס וויים איך אויך, — מאַכט ער בנעימות, — ער רוקט זיך צו מיר נאָהנטער צו, נעהמט מיך אָן ביים אַקסעל, אונ זאָגט:

— קוק אַרוים, קוק דורכ'ן פענסטער!

איך פאָלג.

— נו, וואָס זעהסט דו?

— איך זעה, עמיץ געהט פאַרביי... אָנגעטהון אין ווייסען... דאָס פנים זיינס שיינט, גלייך די שכינה וואָלט דרויף גערוהט, אין לשער שיינט עס... אונ ער געהט זיך פאַמעלעך.

מיך דאַכט, איך האָר ווי אַ כלי זמר שפּיעלט, געהענדיג, אַ זיססען, האַרצענדיגען נגון!...

אָט איז ער פערבייגעגאַנגען דער מענש...

— נישט קיין מענש איז עס געווען, — אַ מלאָך!

— אַ מלאָך?

— אַ מלאָך, אונ אַ גוטער מלאָך... זעהר אַ גוטער!

— דער מלאָך המות? ווער איך שוין דערשראָקען.

— וואָס ציטערסט דו אַזוי? ווילסט פאַר'ן ענטלויפען?

— אונ וואו, וואו אַהין איז ער געגאַנגען דער מלאָך?

— וואו אַהין? צו ר' שמחה'ן, דעם גביר; זיין טאָכטער איז אויך מקשה לילד...

— איך וויים... פאַר איהר מיט'ן וָלַד, האָב איך היינט פריה מיט אַ חברה תהלים געזאָגט...

— תפלה עושה מחצה; דאָס קינד וועט לעבען...

— אונ זי?

— האָסט דאָך געזעהען!...

— דאָס איז ער געגאַנגען צו'ן איהר!... אונ אַזוי אָהן אַ חשק, טריט ביי טריט; פאַר רחמנות?

— אֶפשר! נור ער האָט זיך נישט וואָס צו איילען; נישט גאָטס שליח איז ער!

— וואָס רעדסט דו? — שריי איך דערשראָקקען, — ווער נאָך האָט צו שאַפפען?

— דער מענש האָט אויך, זיין רצון... זי אַלליין האָט'ן גערופען...

— זי אַלליין?!

— זי האָט נישט געוואָלט קיין קינד האָבען, קיין מאַמע זיין! אויך מקלקל געוועזען...

— רבונו של עולם! — האָב איך אויסגעשריגען מיט גרויס צער, — זי וועט שטאַרבען פאַר איהרע זינד... אָבער וואָס איז דאָס קינד, נעביך, שולדיג? דאָס קינד וועט בלייבען אַ יתום... רבונו של עולם!

— שריי נישט, נעהמט מיך זיינוויל יחיאל אָן ביי דער האַנד, שריי נישט! ברכה לאָה וועט זיין דעם קינדס אַמם!

... אונ פון היינט אָן וויים: ווער עס שענקט דאָס לעבען, דער גיט פון וואָס צו לעבען!

ובאותו רגע, איז ער מיר אין דער לופט צורינגען; די ליכטיגע זייל איז פער־שוואונדען; אונ דורכ'ן פענסטער האָט שוין אַריינגעקוקט דער בלאַסער מאָרגען.

---

## 7.

### ווער עס גיט לעבען, גיט פון וואָס צו לעבען.

איהר קאָנט אייך גאָר נישט משער זיין, וואָס איך האָב בשעת מעשה גע־פיהלט!

איך בין אַנידער געפאַללען, ווי גרויס איך בין; די קוואַלען פון די אויגען האָבען זיך מיר געאָפענט, אונ די טרעהרין האָבען זיך געגאָסען, אונ געגאָסען...

אונ מיר האָט זיך געדאַכט, אַז נישט מיט טרעהרען וויין איך, נור מיט שטיינער. אַז שטיינער קוממען מיר אַרויף פון האַרץ אונ קאָלערן זיך מיר דורך די אויגען אַרויס! וואָרען, וואָס מעהר טרעהרען עס זעננען אַרויס, וועניגער שטיינער איז מיר געבליבען אויפ'ן האַרץ, לייכטער איז מיר געוואָרען אונ פרייער!

אונ די מעשה ענדיגט זיך שוין.

איך געה אַהיים.

די טהיר, זעה איך, שטעהט אָפען.

איך קום אין שטוב אַריין, אונ ביים שוואַכען שיין פון בלאַסען מאָרגען, זעה איך, אַז דאָ זעננען גנבים געוועזען!

די כלים פון שטוב זעננען פערשוואונדען!

— מאַכט נישט אויס! טראַכט איך.

די קינדער הוסטען פון שלאָף, טרוקען אונ הייזעריק.

איך האָר אונ טראַכט מיר — עס שאַדט נישט, עס מאַכט נישט אויס!

באַלד קומט אָן זוגתי פייגא; זאָגט זי מיר: מזל טוב! אָנטפֿער איך איהר:

— אַ יונגעל, אַ בעל־מום!

בלייבט זי פֿערגאַפֿט!

— אַ נביא ביזט דו ציי וואס? אונ האָרט נישט ווי די קינדער הוסטען, אונ זעהט נישט, ווי די שטוב איז אויסגעלעהרט.

— פֿון וואַנען ווייסט דו דאָס אַלץ?

אונ איך זאָג איהר:

— אונ נאָך ווייס איך, זוגתי פייגא! איך ווייס, אַז ר׳ שמחה דעם גביר׳ס טאָכטער, איז אַוועקגעקוממען, („נפטר” האָט זיך מיר אויף דער צונג נישט געלעגט) דאָס קינד — אַ בן זכר — לעבט, אונ ברכה לאה וועט זיין זיין אַמם!

— ווער האָט דיר דאָס אַלץ געזאָגט?

...וואָרען, — אָנגפֿער איך איהר — ווער עס גיט לעבען, גיט פֿון וואנען צום לעבען.

אונ איך האָב איהר אַלץ דערצאָהלט!



# ב.

## וואס אַמָאל וועניגער...

זאָגט יוחנן המלמד: אַז די משכילים האָבען נישט געלאַבט אונ אַנשי שלומינו האָט נישט פֿערדראָססען, פֿאַר מיין ערשטער מעשה, איז אַ סימן, אַז איך בין גע־רעכט; אַז עס איז אַזוי ווי איך זאָג. אַז די גאַנצע נפקא מינה צווישען אַ משכיל אונ אַ חסיד, איז היינטיגע צייטען נישט מעהר ווי אינ׳ם נאָמען. איי וואָס, חברה שלאָגט זיך, מאַכט קולי קולות, איז עס אויך נישט מעהר ווי צוליעב דעם נאָמען...

אונ אויב אַזוי, וואָס שוויג איך?

די ביהן, וואָס נאָגט זאַפֿט פֿון גראָזען אונ בלומען, גיט האָניג; אונ איך, וואָס האָב מיר אין לעבען אַ סך אָנגעזעהען — בין מחויב צו פֿערצאָהלען.

אונ איך וויל אייך דערצאָהלען, וואָס איך האָב מיך דערמאַנט, בשעת׳ען קנעללען...

געקוממען דערצו בין איך דורך מיין תלמיד איציקל, וואָס האָט ליעב צו האָ־בען מיט מיר וכּוּחים! אַז איך פֿערשוויינ איהם, מחמת בטול תורה, מיינט

איציקל, אַז איך בין איהם מודה! זאָלל איהם השם יתברך העלפֿען...

און דער בחור איציקל האַלט שטאַרק פֿון די היינטיגע צייטען...

— אַ שפּאַס, — זאָגט ער, — אַ וועלט! סאַמע מאַשינען, (דער פֿאָטער זיינער האָט אַ פֿאַבריק), אַלץ געהט אויף פּאַרע און עלעקטרי; דאָס זענגען, — זאָגט ער, — אונזערע משרתים: זיי מאָהלען אונז מעהל, באַקקען ברויט, מאַכען זייף, פֿיהרען איבער פֿון איין עק וועלט צו די צווייטער, ריין קפיצת הדרך!...

און ער איז בטוח, אַז די בעלי המצאות וועללען נאָך חאַפּען אַ מאָל די ווינטען און וועללען זיי איינשפּאַנען צום וואַרשטאַט; מען וועט נאָך צוזאַממענ־נעהמען די שטראַהלען פֿון דער זונן, און הייסען זיי, למשל, שטיוועל פּוצען! און דער עיקר — מען וועט נאָך אַ מאָל אויף באַלאָנען פֿליהען אין דער לופֿט, ווי, מלאכי השרת, להבדיל...

מילא, בנוגע צו דער מלאכה, צו די מאַשינען, איז נאָך צו דערליידען... איין דור ירש'ענט המצאות פֿון צווייטען; ווערט, וואָס ש־עטער מעהר המצאות; דאָס קינד אויפֿ'ן פֿאָטערס אַקסעל איז האָבער פֿאַר'ן פֿאָטער...

מיין תלמיד איציקל — זאָגט אָבער — אַז בכלל דער מענש ווערט וואָס אַמאָל קלוגער, פֿיינער; הן אין דעות, הן אין מדות טובות...

וואָס אַ יאָהר, — זאָגט ער, — וואַקסט מען מיט אַ קאָפּף אין דער הייך.

אָפשר קומט עס דערפֿון, וואָס מיין תלמיד, איציקל, איז בטבע אַ בעל מזג טוב, און אַגב — איז ער טאַקי צופֿריעדען פֿון דער וועלט!

דער שלום — זאָגט ער — פֿערשפּרייט זיך אין אַללע לאָנדער, מדת הרחמים וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג, (מען גיט גוזמות צדקה; דער טאַטע זיינער, דער גביר, גיט אויך אַ סך!), און באַלד, באַלד, — זאָגט ער —, וועט מקוים ווער'ען ישעיה הנביא'ס וואָרטער: וגר זאב עם כבש, — עס וועט וואָהנען אַ וואָלף צוזאַממען מיט אַ שאָפּעלע, און ווי ווייטער שטעהט...

און אָט אָן דעם בין איך מסופק!...

איך דערמאַנן מיך אָן שלמה המלך'ס שאלה: ווער ווייסט? צו שטייגט דער גייסט פֿון מענש אַרויף?... וואָרען ווייסען ווייס איך, אַז עס איז פֿערהאַנן אומריין וואַס־סער, וואָס פֿליעסט אין זאַמד, און, פֿליסענדיג, ווערט עס וואָס אַ מאָל רייגער, ווייל עס לאָזט איבער דאָס אומריינקייט אין זאַמד; צום סוף קאָנן מען אָפשר דאָס גאָר טרינקען! עס איז אָבער אויך פֿערהאַנן קוואַלל־וואַססער, וואָס פֿליעסט פֿון אַ פֿעלז, גאָר פֿון אַ ריין, גיזר פֿון אַ הויך אָרט, נור עס פֿליעסט איבער אַ מושב, און וואָס ווייטער עס געהט, שמוטציגער ווערט עס, סם ווערט עס!

צו וועלכען וואַססער זעננען מיר גלייך?

איך זיץ און טראַכט, און עס שטעללען זיך מיר פֿאַר די אויגען: ר' זישעלע

זכר צדיק לברכה! דער בעוואוסטער גאון עולם, וואָס איז געזעססען אַ יאָהר צוואַנציג על כסא הרבנות אין זאַמושטש! דער זוהן זיינער ר׳ יחיאֵל, עליו השלום, אַ יוד אַ גביר, וואָס מען האָט מיט׳ן געטהון אַ שדוך מיט אַ לובלינער גביר, אונ ער איז דאָרט געזעססען על התורה ועל העבודה, אונ וואָס זיינע צדקות אונ מעשים טובים האָבען געשמט אויף דער וועלט!

אונ אַ דריטטער, אויך נישט מיט דער האַנד אַוועק צו מאַכען, ר׳ יחיאל, עליו השלום׳ס אַ זוהן, דעם גאון׳ס — ר׳ זישעלעס איין איניקיל, להבדיל בין החיים והמתים, הגביר הנכבד ר׳ יוסף, איציקל, מיין תלמיד׳ס, פּאָטער, וואָס וואָהנט דאָ אין וואַרשוי, האָט אַ גרויסע פאַבריק אונ איז איין איש מכובד אין דער גאַנצער שטאָדט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

לאָמיר צוריק געהן צו ר׳ זישעלען.

עס איז ידוע לכל, אַז ר׳ זישעלע איז געוועזן איינער פון די גדולי הדור!...

יונגעל־וויז, האָט ער געלערנט ביים ליסער רב, — גאָר אַ פאַרצייטישער גאון! דער ליסער רב האָט פונ׳עם געהאַלטען עולם ומלאו; ער דערמאַנט׳ען אין אַ תשובה, וואו ער שרייבט מיט דעם לשון: „אונ מיין תלמיד מובהק, כמ״ר זישע, האָט פאַר מיר געלערנט די סוגיא, אונ האָט זיך אַראָב געלאָזט אינ׳ם טיעפען וואַססער, אונ האָט אַרויפגעבראַכט אַ טהייערע פערל, אונ בטוח בין איך, אַז ער וועט זיין אַ גדול בישראל״.

אונ אַזוי איז טאַקי געוועזן!

ר׳ זישעלע איז געוועזן, ווי מען זאָגט, אַ געהענדיגע שאַנק מיט ספרים, — אַ גרייליכער זכרון, אַ קלאָרער שכל, — אַ גאון מיט אַללע מעלות.

אונ פאַר וואָס דען האָט מען איהן גערופען: ר׳ זישעלע, פאַר וואָס נישט ר׳ זישע?

ערשטענס — פאַר גרויס ליעבשאַפט:

ער איז אַ גרויסער ענו געוועזן, אַ גרויסער מרוצה לבריות... אַ ליעב אין תורה ועבודה, אין קהל־זאַכען; נישט געקוקט אויף בעלי־בתים תקיפים, אויף גבירים גרויסע... אונ געשטעלט אויף זיך; ביי׳ן אַ הפסד מרובה, האָט ער אפילו אויף אַ קדמון אַ מחמיר נישט געקוקט. קוים איז געגאַנגען אין יודיש געלד, פלעגט ער זאָגען, — דער קדמון איז געוועזן רב אין זיין צייט אונ אין זיין שטאָדט, אונ איך בין מרא דאַתרא אין מיין צייט אונ אין מיין שטאָדט!

אונ דער אייגענער ר׳ זישעלע האָט געפיהרט זיין רבנות — די גאַנצע קהלה מיט דייטשען, בעלי בתים, אַללערליי כתות חסידים אונ בעלי מלאכות, טאַקי ווי אַ גוטער פאַסטוך פיהרט די שאָף...

פֿאַר דעם האָבּען אַללע מורא געהאַט, קיין הויך וואָרט נישט גערעדט! ער האָט נור געדאַרפֿט זאָגען: איך מיין אַזוי אונ אַזוי!

אונ עס איז גענוג געוועזען...

וואָרען, אַז ניט, — „וועט ר' זישעלען פֿערדריעסען!" אונ ר' זישעלען זאָלל נישט פֿערדריעסען, וועט דער, וואָס האַלט די פֿאַכט, נישט הייבען דען מקח פֿון פֿלייש.

ר' זישעלען זאָלל נישט פֿערדריעסען, וועט דער וואָכערניק נישט פֿערקויפֿען דען אביון'ס משכּון...

ר' זישעלען זאָלל נישט פֿערדריעסען, וועט די חברה-קדישא נישט בעליידיגען די נושׂאים, אונ די חברה-נושׂאים וועללען זיך ניט שטעללען קעגען די גבאים פֿון חברה קדישא... עס וועללען זיך אפילו חסידים קיין בעזונדערן שוחט נישט אויפֿנעהמען!

אונ, ווענן אַללע ציטטערן פֿאַר ר' זישען, וואָס איז שטילל ווי אַ טויב, ציטטערט ער נישט מעהר פֿאַר המץ בּפּסח!

אַ גאַנץ יאָהר איז כּחא דהיתרא עדיף... כּשר אונ כּשר; בּיי הפסד מרובּה— אַ ודאי כּשר!

אונ פסח — אַלץ טרפה! טרפה אונ טרפה; אָסור בּאכילה, אָסור בּהנאה, מען צוברעכט די כּלים -- סכּנת נפשות!

אונ פֿאַר וואָס שרעקט ער זיך! פֿאַר דער „משהו" שרעקט ער זיך! אַ קליי-ניגקייט, זאָגט ער: אַ משהו! אונ וואָס קומט? כּרת! דער עונש איז: „הכּרת תּכּרת הנפש ההיא מעמיה!"

אונ ער זאָגט: בעססער אַללע מדורות פֿון גיהנום, — דאָס נעהם איך אויף מיר, פֿאַר אַ יודישען גראָשען—, אַלץ כּרת, אַרויס פֿון כּלל ישראל!

אַ טיעפֿער ענין!

דאָס איז ערשטענס...

אונ צוויטענס (רופֿט מען איהן ר' זישעלע), ווייל ער איז געוועזען גאָר קליין געוויקסיג.

די גרויסע נשמה האָט געשטעקט אין אַ גוף, וואָס האָט געקאָנט שפּאַצירען אונטערן טיש!

אַז ר' זישעלע זיצט אויבען אָן אויף איין אַסיפה פֿון די בעלי-בּתּים, זעהט מען איהן נישט אַרויס; חאָטש אַ ספּאָדיק האָט ער געטראָגען אַ הויכען...

אַז אַ בּעל-הבּית פֿערשפּעטיגט זיך, פֿראָגט ער: שוין דאָ אונזער ר' זישעלע? אומקוקקען זיך העלפֿט נישט.

פֿאַר דאָס אָבער, אַז ער זעהט, אַז עס איז שטילל, אַז דער עולם האַלט די קאָפּ אָן אַ זייט אונ האָרכט זיך איין — ווייסט ער שוין, אַז ר' זישעלע איז דאָ.

שמייכעלט ער, דער בעל-הבית און טראכט: „עס שיטטען זיך שוין פערל פון ר׳ זישעלעס מויל... דער עולם שוויינט און שלינגט זיינע ווערטער... לעבען זאלל ער, ר׳ זישעלע!"

דער עיקר האט ר׳ זישעלע זיך צוגעלאזט צו קינדער; ער האט זעהר ליעב געהאט קינדער.

דער יונגער עולם אין בית-המדרש האט עס געוואוסט, און קוים האט זיך ר׳ זישעלע געוויזען אין בית-המדרש אריין, פאר יום-כפור-קטן, צו פאר איין אסיפה, פלעגט איהן חברה ארומרינגלען פון אללע זייטען, מיט אפפענע גמרות, מיט אללערליי שאלות, פון דער סוגיא, פון יענער סוגיא, פון א רמב"ם. און ער פלעגט שמייכלען, יעדען אנפערן מיט א שמייכעלע אויף די ליפען, מיט שמחה און ליעבשאפט אין די קינדישע אויגען, וואס ער האט געהאט עד יום פטירתו, און זיין זיס קול'עכעל, וואס האט געקלונגען ווי זילבערן גלאקיל!

נור ארויסגעזעהען פון צווישען דען קליינען עולם האט מען איהן נישט!

איינמאל האט זיך געטראפען א מעשה, שעבערשין — דריי מייל פון זאמושץ — האט זיך אראבגעברענגט א נייען רב, פון ערגיץ פון דער פרעמד; ער האט ר׳ זישעלען פון פנים נישט געקאנט, און באלד נאך'ן ערשטען שבת, נאך דער ערשטער דרשה, איז ער געקוממען קיין זאמושטץ צו ר׳ זישעלען...

טרעפט ער איהן נישט אין דער היים, געהט ער דערוויל אין בית-המדרש אריין; וואו דען זאלל געהן א שעברשינער רב?

זעהט ער א ראדיל יונגלעך, און איינער אין דער מיט קלינגט מיט'ן קול איבערן גאנצען בית-המדרש און ענפערט אללע הין-כדי-דבור, כלאחר-יד...

געהט ער צו; ווערט ער נבהל ומשתומם, און פרעגט: וואס איז עס דעם יונגעל געשעהן, וואס ער איז גראה געווארען ווי א טויב?

מוסף ראש-השנה פלעגט ר׳ זישעלע דאווינען פארן עמוד אין שוהל. אין שוהל פארן עמוד איז דאך טיעפער, „ממעמקים קראתי יה", זעהט מען דאך ר׳ זישעלען אודאי און אודאי נישט ארויס... דער עולם וויל דאך אבער זעהען, ווי זיין קליין זיס קאפיל הוידעט זיך. און דער עולם שיוארט זיך נאך, אז אין די תנועות פון זיין קאפיל, צוזאממען מיט זיינע זיססע נגונים'לעך, פערטייטשען זיי אללע תפלות... שטעהען זיי טאקי גאנץ מוסף אויף די נאגעל; אנדערע שפרינגען ארויף אויף די באנק!

און א שונא-בצע איז ער געוועזען גאר איין אויסטערלישער...

כמעט יעדעס יאהר קוממען שליחים פון די גראסטע שטאדט און בעטען זיך ר׳ זישעלע זאלל אננעהמען דארט דאס רבנות!

מען וויל ר׳ זישעלען אבנילטען.

ער ווילל נישט הערען אונ געדענקען...

אונ ער מאכט זיך איין הלצה'לע: איך האב עמיצען, — זאגט ער, — חס ושלום, גע'הרג'עט, איך זאלל דארפען זיין נע ונד?!

בעט זיך ביי'ן איהם די שטאדט: רבי זישעלע קרוין, רבי לעבען, לאזט אייך חאטש מוסיף זיין אויף די שכירות...

בייזערט ער זיך: וואס ווילט איהר מאכען פון מיר א פרעססער אויף דער אלטער? זאט בין איך אזוי אויך!

אונ וויפיעל נעהמט ר' זישעלע שכירות? פינפציג פוילישע גולדען א וואך!

אונ קיין רח"ש נעהמט ער נישט.

ר' זישעלע זאגט, אז ער איז א רב, נישט קיין מקבל!

פסק-געלד, גיט ער אוועק די דיינים.

זיין תורה, — זאגט ער, — פערקויפט ער נישט; אפילו זיין שכל הישר ביי'ן א פשר, האט ער אויך נישט צו פערקויפען...

יום-טוב-געלד — פערשענקט ער די שמשים.

דא זוכט ער שוין קיין תירוץ נישט; גלאט — ארימע יודען!

שלח-מנות וויטער טוישט ער... וואס ער בעקומט פון רייכע, שיקט ער אב אביונים; פון די אביונים, וואס ער בעקומט, שיקט ער אב די רייכע. אונ ער עסט, וואס די רביצין באקט...

„אדם רוצה בקב שלו!"

נור דאס אלץ האב איך אייך פערצאהלט אגב אורחא... אז מען דערמאנט ר' זישעלע, מוז מען חאטש א ביסל פערצאהלען!

דער עיקר איז דער מנהג, וואס ר' זישעלע האט געהאט.

עס פלעגט זיך איהם טרעפען ארויסצוגעהן דער לעצטער פון שטוב אונ צו פערשליעססען די טהיר. זעהענדיג, אז די טהיר איז אלט, דער שלאס נישט יונגער, אונ אז מיט א ליאדע קלאפ צוברעכט מען ביידע, טראכט ער, אז עס איז איהן לייכט צו בע'גנב'נען, אונ —

— רוב גנבי ישראל נינהו! זיפצט ער!

אונ ר' זישעלע ווילל נישט, א יוד זאלל, חס ושלום, נכשל ווערען דורך דעם, וואס ער פערגעסט צו פעררינטען די טהיר...

וואס טהוט ר' זישעלע?

זאגט ער:

— רבונו של עולם, זיי דו מיין עדות, אז איך בין מפקיר, אז איך ציה אויס פון מיין רשות, מיין גאנץ האב אונ גאב, הן מטלטלין פון שטוב, הן בארים געלר, וואס איך ווייס אונ וואס איך ווייס נישט.

און אַז ער איז צוריק אַהיים געקוממען, האָט ער צוריק זוכה געווען מן ההפקר!

---

איך האָב מאריך געווען ביי ר׳ זישעלע, זכרונו לברכה׳ן, וועל איך שוין ביי זיין זוהן מיטן אייניקיל מקצר זיין...

ווי אויבען איז געשטאַנדען, האָט ר׳ זישעלע געטהון מיט ר׳ יחיאל׳ן אַ שידוך פון לובלין. אַ צייט לאַנג האָט ר׳ יחיאל געגעססען קאָסט, דערנאָך איז ער געוואָרען אַ בעל־בית פאַר זיך. איין עושר במזומן איז ער געוועזען, כל ימיו האָט ער זיך מפרנס געווען פון פּראָצענט, און איז זיך געזעססען על התורה ועל העבודה, און האָט עוסק געוועזען אין מצוות ומעשים־טובים.

קיין וואָכערניק, פערשטעהט זיך, איז ער נישט געוועזען...

און איין מדה האָט ער גע׳ירש׳נט פון פאָטער ר׳ זישעלע — נישט מבייש צו זיין קיין שום בן־אדם! און — ענוות!

ר׳ יחיאל מישט זיך שטאַרק אין קהל־זאַכען, נור קיין התמנות נעהמט ער ביי׳ם אופן נישט אָן; ער איז קיין דאָזאָרצע, קיין גבאי נישט, גאָר נישט!

צדקה הייסט ביי׳ן איהם נור מתן בסתר...

ער געהט ווינטער גאַנץ פריה אין גאַסס אַריין; זעהט ער פוערען פיהרען האָלץ (פון שטיין־קוילען האָט מען נאָך דעמעלט נישט געוואוסט), — קויפט ער אַ פוהרל האָלץ, — צוויי דריי פוהרלעך האָלץ, און זאָגט דעם פויער, וואו ער זאָלל אָבפיהרען... ער ווייסט שוין וואו אַ געפרוירענער קבצן וואָהנט! ער פלעגט פאַר יעדען יום־טוב אָבשיקקען נדבות מיט דער פּאָסט — אַ ספרא־רבא איז ער געוועזען —, נור די אַדרעססען פלעגט ער שרייבען מיט דער לינקער האַנד, מען זאָלל זיין כתב יד נישט דערקעננען, ווייל ער פלעגט אַ מאָל שרייבען צו גרויסע שׂררות וועגען יודישע זאַכען...

דערפון האָט זיך געמאַכט אַ מאמר, אַז די נדבות דורך דער פּאָסט שיקט אַ בעהאַלטענער בעל־תשובה, וואָס האָט אַ ודאי עמיצין בע׳גזל׳ט און קאָנן די גזלה נישט אָבגעבען... ערשט נאָך ר׳ יחיאל׳ס פּטירה, איז מען געוואָהר געוואָרען ווער דער „גזלן" איז געוועזען...

און אויסער אין חברה־פושקעס אַריין, פלעגט ער מיד־ליד קיין נדבה נישט צו געבען... אַלץ געבאָרגט,— כשר׳ע הלוָאה הייסט עס! „ווען גאָט וועט העלפען וועסט דו אָבגעבען, מיט אַ מאָל, ביסלעכווייז; מיר, אָדער פאַר מיר אין אַנדערן גוטבעדאַרפטיגען"...

און איינמאָל האָט זיך פּאַסירט אַזאַ מעשה: ר׳ יחיאל קומט אַהיים פון גאַס

און טרעפט עמיצן ביי זיך אין שטוב. יענער האט'ן דערזעהן און איז געבליבען ווייס ווי א קאללעך.

ר' יחיאל קוקט, פון אונטער'ן יודס פאלע שטארט עפּיס בולט ארויס.

אין יודס פנים האט ר' יחיאל דערקענט, אז ער האט פאר זיך קיין פשוט'ען גנב נישט... ער שטויסט זיך באלד, אז עס איז איין עני הגון, אז ער איז געקומען עפּיס בעטען, און, אז ער האט קיינעם נישט געטראפען, איז ער נישט עומד געוועזען בנסיון, האט'ען דער יצר־הרע גובר געוועזען...

געהט ער צו'ן צו גאנץ פריינדליך און זאגט מיט א שמייכעלע:

— איהר האט א ודאי געוואלט לייהען אויף א משכון? ווייזט נור דעם משכון...

דעם ארימאנן קלאפט א צאהן אן א צאהן.

— וואס איז די חרפה? פרעגט ר' יחיאל געלאססען: דאס מזל דרעהט זיך ווי א ראדעל, געלד איז קיילעכדיג! היינט בארגט איהר ביי מיר, מארגען איך ביי'ן אייך...

און אזוי ריידענדיג, נעהמט ער איהם אפּ פון אונטער דער פאלע זיין אייגענע פאר זילבערנע לייכטער!

און ר' יחיאל שטעלט זיי געלאססען אנידער פאר זיך אויפ'ן טיש, גלייך ער זעהט זיי באמת דאס ערשטע מאל, און וויל אבשאצען וויפיעל ער מאג אויף זיי בארגען.

דער יוד, נעביך, וויל דערוויילל אנטלויפען, זעננען איהם אבער די פיס ווי צוגעשמידט!

— הכלל, ר' קרוב, — פראגט ר' יחיאל, וויפיעל ווילט איהר בארגען!

און דער קאנן, נעביך, נישט די צונג איבערדרעהען.

איהר זייט ר' קרוב, א גרויסער בושת פנים... נו, וואס קאנן מען מאכען? „אתה פתח לו" שטעהט, וועלל איך פאר אייך רעדען:

עס געהט צו פסח, — הארט, צו איך בין מיך נישט טועה — איך בין שטארק מסופק, צו איהר האט אויף מצות... נו, שאקקעלט מיטן קאפף: יא צו ניין!

יענער, נעביך, שאקעלט אויף ניין.

— וואס דען! מען דארף דאצו קיין נביא נישט זיין! דאס פנים איערם מסר'ט! נור איהר האט אפשר נאך א טאכטער צו פערקנאסען? יא?

נו, שאקעלט מיט'ן קאפף — יא צו ניין?

דעם ארימען יוד האבען זיך שוין אבער געאפענט די קוואללען פון די אויגען; ער האט זיך שטארק צוויינט.

— נאררישער מענש! — מאכט ר' יחיאל — וואס וויינט איהר?

איך האב דאך אייך געזאגט, גלגל חוזר!

דער יוד קאָנן זיך אָבער נישט איינהאַלטען; ווערט ר׳ יחיאל, מכלומרשט, ברוגז, האָט ער פּעראיבעל.

— על פי דין — זאָגט ער — בין איך אייך, ר׳ קרוב, מחויב צו העלפען; „עזוב תעזוב״ שטייט, פערפאַללען! אָבער וואו שטעהט עס, איך בעט אייך, אז איך בין מחויב אויסצוהאָרען אייער געוויין, האַ?

דער יוד האַלט זיך איין מיט די לעצטע כחות, און ר׳ יחיאל זאָגט ווייטער:

— ווייסט איהר וואָס, ר׳ קרוב, איך וועלל אייך געבען לויט דען משכון...

אין מיינע אויגען איז דאָס משכון, עובר לסוחר — אויף פּחת — ווערט קן״ן קערבלעך... וועלל איך אייך באָרגען פינף-און-זיבציג,— אַכציג! צעהן רובעל אויף יום טוב, זעכציג אויף נדן פאַר דער טאָכטער, און נאָך צעהן — איין התחלה אויף תתונה קליידער, חתונה הוצאות; די רעשט וועט גאָטט העלפען!

און אז גאָטט וועט העלפען,— גיט ער צו, ווי זיין מנהג איז געוועזען,— וועט איהר בעצאָהלען... איך בין בטוח, איהר וועט בעצאָהלען!

---

צונד געהען מיר איבער צו ר׳ זישעם אייניקיל.

איינמאָל, אַ יומא דפגרא איז עס געוועזען, האָט מיך איציקיל מיין תלמיד שטאַרק געבעטען, איך זאָל מיט׳ן געהן בעקוקקען דעם פאָטערס פאַבריק. ער ווילל מיר וויזען די טייערע און קונציגע מאַשינען...

איך האָב איהם נישט געקאָנט אָבזאָגען; אַ יומא דפגרא איז, געה איך.

אין פאַבריק אַריין געהען מיר דורך אַ שמאָל פּעדערהייזעל, וואו צוויי מענשען קאָננען נישט צוזאַממען דורכגעהען, נור איינער נאָכען אַנדערן. פון דאָרט זעננען מיר געקוממען אויף אַ גאַנץ גרויסען הויף אַרום, פון הויף ערשט אין פאַבריק אַריין. אין פאַבריק איז נאָך מעהר רחוות ווי אויפ׳ן הויף.

און די פאַבריק איז פולל מיט וואַרשטאַטען. און ביי יעדען וואַרשטאַט שטעהט אַ פועל. דער וואַרשטאַט וואַרפט זיך, און דער פועל וואַרפט זיך מיט מיט׳ן וואַרשטאַט. און דער פועל מיט׳ן וואַרשטאַט זעהען אויס ווי איין גוף, ווי איין חולה-נופל, וואָס וואַרפט זיך, שאָקעלט זיך און זעצט...

און וואָס איז די נשמה פון דעם גוף? די פּאַרע! זי רידערט עס מיט אַללעם דורך לעדערנע ריעמען, מיט וועלכע יעדער וואַרשטאַט איז אַרומגענוממען...

אויסער דער פאַרע האָט דאָ קיין גוף קיין אַנדערע נשמה נישט, נישט דער וואַרשטאַט, נישט דער פועל, וואָס מהוט נאָך דעם וואַרשטאַט; זיי האָבען קיין נשמה נישט, קיין רצון נישט, קיין ידיעה נישט...

אַזוי דאַכט זיך מיר!

און מיין תלמיד ווילל מיר אַלץ פאַרטייטשען, געבען צו פערשטעהן, וואָס

דאָ טהוט זיך, וואָס מען אַרבייט, ווי אַזוי מען אַרבייט; נור, — איך האָר נישט, איך שרעק מיך פֿאַר די קלאַפּענדיגע גולמות...

די אויערען ווערען מיר טויב פֿון גערויש אונ געקלאַפּריי...

אַ ים קולות, אַ מבול קלאַפּ אונ שלאָג... אונ עס קראַצט, אונ רייבט, אונ קריצט מיט די ציין...

אונ אַ ווינדערליכע מחשבה פֿליהט דורכען מוח:

אונ ווען עס קוממען אַהער, אין גיהנם אַריין, די גראָסטע נביאים... ישעיה, ירמיה... אונ ווען משה רבינו אַליין, — ווענן זיי אָפּענען די מיילער, אונ — זיי וויללען רעדען, — צו וואָלטען זיי איבערגעשריגען דאָס גיהנם, צו וואָלט זיי עמי־צער פֿון די געפּייניגטע נשמות געהאָרט?

— ניין, זיכער נישט! טראַכט איך אונ לויף אַרויס, בעגאָססען מיט קאַלטען שוויים פֿאַר שרעק!

אונ מיר געהן ווייטער דורכען שמאָלען פֿעדערציממער, אונ איך מיט יצחק׳ן קאָננען צוזאַממען נישט דורכגעהן...

— נאָך וואָס איז דאָ אַזוי ענג? פֿראָג איך.

— דאָ רעווידירט מען די אַרבייטאָרער, — אָנטפֿערט יצחק׳ל — איינען נאָכען צווייטען רעווידירט מען...

— נאָך וואָס?

— מען גנב׳ט פֿון פֿאַבריק... כּלים... סחורה...

— גנבים זעננען זיי, גנבים?

— נישט אַללע, חס ושלום! נור אויף טהייל פֿאַלט אַ חשד!...

— אונ, אַז אויף אַ טהייל פֿאַלט אַ חשד, רעווידירט מען אַללע?

— דער טאַטע זאָגט, אַז מען קאָנן נישט מבייש זיין, רעווידירט מען אפילו די מייסטער אַליין...

---

אויך „שלא לבייש״, נור אויף אַ גאַנץ אַנדערן נוסח!



## ג.

# די קְלָלָה.

ערגיץ אין אַ גרויסע שטאָדט איז געווען אַ גרויסע גבירה.

אונ די גבירה איז געוועזען אַ מיוחסת, הן פֿון איהר צד, הן פֿון מאַנן, פֿון גביר'ס, צד.

אַ גרויסע יפת־תאר איז זי אויך געוועזען. האָט זי זיך גרויס געהאַלטען, ווי מען זאָגט, געבלאָזען פֿון זיך, אונ מיט די רעשט ווייבער פֿון שטאָדט קיין שום מגע ומשא נישט געהאַט.

זי פֿלעגט אין ערגיץ אפילו אויף קיין שמחה נישט געהן, אונ ביי'ן איהר איז נאָך קיין שמחה נישט געוועזען, ווייל זי האָט, חאָטש עטליכע יאָהר נאָך דער חתונה, נאָך קיין קינדער נישט געהאַט.

אונ דעריבער, אַז דער מאַנן, אַ לייפּסקער סוחר, איז אַרויסגעפֿאָהרען פֿון דער היים, איז די גבירה אַרומגעגאַנגען איינע אַלליין אין איהרע גרויסע אונ רייכע שטובער, אונ האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טהון.

לייגען צאֶינה וראֶינה, קב־הישר, צו אַנדערע מוסר־ספרים אויף עברי טייטש, האָט זיך איהר נישט געגלוסט; פּיאַנע פֿלעגט מען נאָך אין יודישע הייזער נ״שט שפּיעלען, קיין מעשה־ביכליך פֿאַר ווייבער איז נאָך דעמאָלט נישט געוועזען; דען משרת מיט די צוויי דיענסטען, וואָס זי האָט געהאַט, פֿלעגט זי האַלטען פֿון זיך ווייט; אומגערופֿען האָט קיינער געטאָרט צו קוממען, — פֿלעגט זי שטעהן גאַנ־צע טאָג ביים צירונג קאָסטיל, שפּיעלען זיך מיט די אַללערליי גאָלדענע אונ ברי־לאַנטענע זאַכען, וואָס זי האָט געהאַט, קוקען ווי די פֿלאָמליך גיעסען זיך איבער אין די טהייערע שטיינער; אָנמעסטען אונ אויסטהון, אויסטהון אונ אָנמעסטען, אַבי ווי עס איז, די צייט צו פֿערברענגען.

אַז איהר איז דאָס נמאָס געוואָרען, פֿלעגט זי צוגעהן צו דער קליידער־שאַנק אונ איבער וואַרפֿען אַללע זיידענע, אַטליסענע אונ סאַמיטענע קליידער, וואָס זי האָט געהאַט.

אונ אַזוי פֿלעגט זי אָבלעבען די צייט אונ אָבוואַרטען, ביז דער מאַנן וועט צוריק קוממען פֿון לייפּסק.

איין מאָל האָט זיך אָבער דער מאַנן לאַנגער פֿערזוימט, אונ, ווענן ער האָט

געדאַרפֿט, לויט אַללע יאָהר, אַרויספֿאָהרען, האָט ער ערשט געשיקט אַ בריעף: היות די עסקים וועללען איהן לאָנגער פֿערהאַלטען... מיט גאָטס הילף וועט ער אפילו מאַכען גרויסע אונ גוטע געשעֿפטען, נור זיין עגמת נפש איז גרויס, וואָס ער קאָנן אפילו נישט מגביל זיין די צייט פֿון אַרויספֿאָהרען.

אונ ווייל ער רעכענט, אַז זי האָט אויך אַ ודאי עגמת נפש דערפֿון, ווילל ער — שרייבט ער — זי משמח זיין אַ ביסל, שיקט ער איהר גאָרנאָסטאַיען אויף אַ פֿוטער, טהייערע גאָרנאָסטאַיען צו 15 ראָנדליך אַ שטיק...

אין עטליכע טאָג אַרום, אַז די גבירה האָט בעקוממען די גאָרנאָסטאַיען, האָט זי זיך גענוממען צום מאַכען דאָס פֿוטער.

ערשטענס, זעננען איהר די פֿאָללעכליך זעהר געפֿאָללען; צווייטענס, וועט זי האָבען מיט וואָס זיך צו פֿערנעהמען, נישט משוגע צו ווערען איבער דער צייט.

אַהיים געבען אַ בעל-מלאכה די פֿאָללעכליך, האָט זי מורא, מען זאָלל זי נישט בע'גנב'ינען, שיקט זי נאָך אַ שניידער, ער זאָלל אויפֿנייהען דאָס פֿוטער ביי'ן איהר אין שטוב; אונ זי אַלליין וועט זיצען ביי דער אַרבייט.

אונ דער שניידער, וואָס די גבירה האָט געלאָזט רופֿען, איז געוועזען אַ וואוהלער יונג, ווי עס טרעפֿט זיך צווישען שניידער.

אַ מאַנספערשוין — אַ פֿאָרטרעט, אַ מויל — ווי אויף שרויפֿען. אונ אַ בריה, — די נאָדעל פֿלעגט איהם פֿליהען אין דער האַנד, — אונ דערביי, אויב ער האָט נישט געערדט, פֿלעגט ער זינגען ווי אַ קאַנאַריק.

אונ עס איז געקוממען דערצו, אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ שמועס צווישען דער גבירה מיט'ן חייט.

אונ דער שניידער דערצאָהלט איהר פֿון זיינע קינדערשע יאָהרען.

אַז ער איז גאָר פֿריה אַ יתום געבליבען; אָהן אַ טאַטען אונ אָהן אַ מאַמען, רחמנא ליצלן; אַז די אָרימע קרובים זיינע, וואָס האָבען איהן נישט געקאָנט מפרנס זיין אונ צאָהלען פֿאַרן חדר-געלד, האָבען איהן אָבגעגעבען צו'ן אַ שניידער...

אונ דער שניידער האָט איהן זעהר שלעכט בעהאַנדעלט...

עבודת הפרך האָט ער געאַרבייט, נור נישט ביי דער מלאכה... האָלץ פֿלעגט ער האַקקען, וואַססער טראָגען...

אונ מכות אַכזריות פֿלעגט מען איהן שלאָגען... דער בעל-הבית, די בעל-הבית'טע, די אָלטערע פועלים...

הונגער האָט ער אויך געליטטען...

אונ וואָס איז ער נישט אויסגעשטאַנגען?

זוממער אונ ווינטער פֿלעגט ער אַרומגעהן נאַקיט אונ באָרוויס.

אין די גראָסטע פֿראָסט פֿלעגט ער שלאָפֿען אויף דער גאָלער ערד, אונטער-

געלעגט די פּויסט! ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין מלבוש מיט וואָס זיך צו צו־דעקען, וכדומה...

און די גבירה, אויף וועלכער מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט אַ שטיינערן האַרץ, האָט רחמנות געקריגען אויפ'ן יתום, און פֿראָגט דעם שניידער גאָר מיט איין אַנדער קול, ווי אַזוי ער האָט דאָס אַלץ געקאָנט אויסהאַלטען?

און דער שניידער זאָגט איהר, אַז ער ווייסט אַלליין נישט! אַז ער איז טאַקי שטאַרקער געווען פֿון אייזען, אַז ער האָט עס אויסגעהאַלטען!

נור אַ מוטטער האָט ער געהאַט אַ צדֶקה'ס; אָפשר איז איהם איהר זכות בייגע־שטאַנגען...

דען פֿאָטער האָט ער נישט געקענט!

נור וואָס מעהר וואונדער, ביי אַללע צרות און יסורים, וואָס ער האָט אויס־געליטען, איז ער תמיד געוועזען פֿריילך און לוסטיג; מען שלאָגט איהן אומזיסט, שטעלט ער זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע און וויינט, נור איידער די טרעהרען ווערען טרוקען — ער זינגט שוין!

וואָרען זינגען האָט ער ליעב געהאַט דאָס לעבען! עס האָט זיך איהם תמיד געוואָלט זינגען, אַזוי זינגען, ווי דאָס פֿייגעלע, וואָס פֿליהט אין דער לופֿטען, און האָט איבער זיך קיין איבער־הערר נישט! דעריבער האָט מען איהן טאַקי גערופֿען משה פֿויגעל! „משה" האָט ער געהייסען.

און דער שניידער דערצאָהלט איהר ווייטער, אַז ער האָט געקאָנט אויסוויינינג אַללע חזנישע זאַכען; אפילו פֿון פֿרעמדע חזנים, וואָס פֿלעגען קוממען דאַווינען אויף בילעטען! דורך די פֿענסטער פֿלעגט ער זיך אַריין גנב'נען און האָרען...

קוממט מען צופֿאָהרען מיט אַ קאַטאַרינקע, גנב'עט ער זיך שוין אַרויס, און לויפֿט איהר נאָך פֿון הויז צו הויז, פֿון גאַסס צו גאַסס, ביז ער נעהמט איבער אַללע נגונים!... גאַנצע נאַכט פֿלעגט ער שטעהען אונטערן פֿענסטער פֿון אַ חתונה, אויב עס האָבען פֿרעמדע כּלי־זמרים געשפּיעלט, צו מאָרגענס האָט ער שוין אַלץ איבערגע־זונגען... אפילו דער פֿיעדעלס שטייגער צו דער חופּה!

„ויהי ערב — ויהי בקר", — דער שניידער פֿערצאָהלט, די גבירה פֿראָגט איבער; און טהייל מאָל, אַז זי פֿראָגט נישט, זינגט ער אין דער שטילל; האָרט זי ווי ער זינגט.

---

אויף מאָרגען האָט דער שניידער פֿערצאָהלט, אַז די שמחה, דאָס בעשטאָנדיגע פֿריילך זיין, איז איהם טאַקי בייגעשטאַנגען.

אַ ביסעל איז עס געוועזען מעשה נסים.

דער מייסטער, דער בעל־הבית זיינער, איז פלוצים קראַנק געוואָרען. ער האָט געפיהלט, אַז לאַנג לעבען וועט ער שוין נישט, די דאָקטוירים האָבען איהן אויך שוין געלאָזט אויף גאָטס בעראָטה...

האָט ער דער עיקר גרוים צער געהאַט דערפון, וואָס ער געהט פון דער וועלט אָהן אַ קדיש, און לאָזט איבער אַ ווייב אַיין אַלמנה און אַ טאָכטער אַ יתומה! וואָרען ער האָט קיין בן זכר נישט געהאַט, וואָס זאָלל קדיש זאָגען און איבער־נעהמען די מלאכה...

האָבען איהם קרובים, שכנים און גוטע פריינד איין עצה געגעבען, ער זאָלל די טאָכטער זיינע, — אֶסתּר'ל האָט זי געהייסען, — תיכף חתונה מאַכען מיט אַ פועל, וועט דער איידעם מפרנס זיין די טאָכטער מיט דער אַלמנה און קדיש זאָגען במקום אַ זוהן.

בעשטעהט ער.

זאָגט אָבער, אֶסתּר'ל, אַז זי וויל מיך; משה פויגעל וויל זי.

זאָגט מען איהר, אַז איך בין קוים אַלט אַכטצעהן יאָהר.

זאָגט זי, אַז זי האָט נור זיעבצעהן, איז עס אַ גלייכער שידוך!

זאָגט מען איהר ווייטער, אַז איך קענן נישט די מלאכה, איך בין קיין פרנסה־געבער.

זאָגט זי, אַז איך וועלל מיך אויסלערנען; אַז אויב איך קענן נאָך נישט, איז עס נישט מיין שולד! אַז משה פויגעל איז קיין פוילער נישט, און מסוגל צו דער מלאכה איז ער, נור מען האָט איהן נישט געלערנט!

דער פאָטער בעט זיך ביין איהר, די מוטטער וויל שלאָגען.

די בת יחידה אָבער האַלט זיך שטאָהל און אייזען: אָדער משה פויגעל, אָדער גאָר נישט!

— נו, און דו האָסט זי געוואָלט? פרעגט די גבירה מיט אַ צופרידענעם שמייכעל.

— אַ שאלה אַביסעל! שמייכעלט דער שניידער — מיין אֶסתּר איז דאָך שאָן ווי אֶסתּר המלכה, און אַזוי גוט ווי אֶסתּר המלכה! — —

און וואָס האָבען זיי געקאָנט טהון? דער חולה איז מסוכן און ער וויל זיך באין אופן נישט שיידען פון דער וועלט, אָהן איין איידעם, קוועהלט ער זיך נעביך אַזוי לאַנג, ביז ער מוז בעשטעהען!

האָט מען אַ חופה געשטעלט!

און דעם צווייטען טאָג בין איך אויפגעשטאַנען אַ מייסטער, און האָב בעקומ־מען שליטא איבער די, וואָס פלעגען מיך קוועהלען אָהן רחמנות...

און, אַז די גבירה פרעגט, צי ער בעצאָהלט זיי אַצונד מיט פראָצענט? —

אָנפּערט ער: — הם ושלום!... ער גלייבט, אַז אַ מענש איז נור דעמאָלט איין אַכזר, ווענן עס איז איהם גאָר ביטטער אויפ׳ן הארץ! „זיי האָבען געליטען, האָבען זיי צו מיר אויסגעלאָזט דען כעס... איך בין דאָך דער שוואַכסטער געוועזען... אָבער איך?״

געלויבט איז, השם יתברך, מיין הארץ איז נישט פערביטטערט... טרעפט זיך אַ מאָל איין עגמת נפש, זינגט מען...

די גבירה פראָגט, צו זיין אֶסתר׳ל זינגט אויך?

— מיין אֶסתר המלכּה זינגט, נור נישט אויף אַ קול!

די גבירה פערשטעהט נישט און משה פויגעל זאָגט, אַז ער אַלליין פערשטעהט אויך נישט!

נור איזען איז אַזוי! און אויב ער פלעגט אַ מאָל נאָכזינגען כלי־זמרים, אָדער חזנים, זינגט ער היינט אֶסתר׳לם נגונים...

ערשט צוגד איז איהם איינגעפאַללען, אַז עס איז אַזוי!

„אַז איך קוק איהר אין די אויגען אַריין, זינגט זיך! איז אַ סימן, אַז דאָרט שטעקט ער, דער נגון!״

די גבירה ציהט וויטער מיט די אַקסעל און משה פויגעל זאָגט נאָך אַ מאָל, אַז ער פערשטעהט אַלליין אויך נישט, נור עס איז אַזוי!

— אַזוי איז עס! זאָגט ער — און העבט זיך אויף.

ער האָט די אַרבייט געענדיגט; די גבירה האָט איהם בעצאָהלט, און ער איז אוועק געגאַנגען...

---

און די גבירה איז וויטער אַלליין געבליבען... זי האָט וויטער נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טהון; עס האָבען זי שוין אפילו די קליידער מיט׳ן צירונג נישט פערנוממען... אויסער ביים אָנמעסטען, האָט זי נאָך דען מאַנס מתנה, דען טהייערן פעלץ אויפ׳ן לייב נישט געהאַט!

דערמאַנט זי זיך פּלוצים, אַז זי האָט מלבושים איבערצומאַכען... און שיקט נאָך משה פויגעל.

און עס מאַכט זיך וויטער אַ שמועס.

די גבירה וויל וויסען, ווי משה פויגעל לעבט מיט זיין „אֶסתר המלכּה״, און דער שניידער דערצאָהלט:

— השם יתברך, זאָל געבען אויף לאַנגע יאָהר, — זאָגט ער — עס זאָל אונז נור קיין בייז אויג נישט שאַטען!...

מיר לעבען זיך ווי די טויבען...

נישט שטאָנדיג באָדט מען זיך אין מילך און אין פוטער... אין מיט׳ן דערוואָך,

פעהלט אמאל א שטיקעל פלייש, נור וואס מאכט עס אוים?... נישט דאס איז דער עיקר... אבי דער מענש איז נור צופריעדען, די נשמה, הייסט עס!

די גבירה הייבט אן חוקר-ודורש זיין; וואס זיי טהוען, פראגט זי...

— וואס זאל'מיר טהוען? — איך טהו מיר מיין ארבייט... איך נעה אונ שטעפ, אונ זי איז בעל-הבית'טע: קעהרט, קאכט אונ וואשט, א דאגה! איך ארבייט אונ זי ארבייט; איך זינג אונ זי הארט זיך צו פון דערווייטען, פון איהר ווינקאלע. האט זי צייט, קומט זי צו מיר צו, זעצט זיך ביים טיש...

א קליין חנו'דיג קאפיל האט זי, שפארט זי עס אן אויף דער האנד...

אויגען האט זי גרויסע, קוקט זי אויף מיר...

טהו איך איהר להכעים, אונ קוק איהר אין די אויגען אריין... ווערט זי רויטליך, אונ מיר ווערט פרייליך, אז עס הייבט זיך אן צו זינגען... זינגט זיך! עס לעבט זיך נישט קשה! בפרט אצונד...

— וואס „אצונד"?

— אה! דער „אצונד" איז א גרויסע זאך, — אנטפערט דער שניידער, — א נייע פייגעלע קומט אויף דער וועלט... משה פויגעל'ס א פייגעלע וועט קוממען! אסתר המלכה'ס פייגאלע...

---

משה פויגעל האט נאך נישט געענדיגט די ארבייט ביי די גבירה, אונ אסתר המלכה, ריכט זיך אין בעטט אריין...

משה פויגעל לאזט איבער די באבען אין שטוב אונ געהט צו דער ארבייט; ער זאגט צו, באלד צוריק צו קוממען...

אונ קומט נישט אזוי געשווינד!

אסתר האט דערווייל וועהען בעקוממען, אונ משה פויגעל זיצט נאך אלץ ביי דער ארבייט, אונ פערצאהלט, ווי גוט אסתר'ל איז, ווי שאן זי איז, ווי צו-געבונדען ער איז צו'ן איהר...

די גבירה לאזט איהן נישט אוועק געהן; דאס קלייד דארף זי נעטהיג...

ער ארבייט ווייטער.

די גבירה בעצאהלט ווי איין אמת'ע שׂרׂרה! פאר געלד קריגט מען גוטע זא-כען, אונ „אסתר המלכה" וועט דארפען גוטע זאכען... דער קליינער פויגעל וועט אויך דארפען!

אונ א ברית וועט זיין א קנאקענדיגער!

ארבייט ער געשווינד, אונ זינגט, אונ פערצאהלט...

אונ, אז די וועהען האבען זיך געשטארקט, אונ אסתר המלכה האט געשיקט

אַ שכנה נאָך משה פֿויגעל, איז די שכנה צוריק געקומען מיט אַ תשובה, אַז זי האָט משה פֿויגעל נישט געזעהען; אַרויסגעקומען איז די גבירה... זי האָט איהר אַלליין געאָפּענט און געזאָגט, אַז זי וועט איהן שוין שיקקען!

און אַז די וועהען זעננען נאָך שטאַרקער געוואָרען, איז איין אַנדערע שכנה געגאַנגען, שוין איין אַלטערע יודענע, וואָס האָט שוין געזאָלט „אָנגעהמען משה פֿויגעל ביי די פאות און אַהיים שלעפּען ווי אַ פגר". נור זי האָט אויך נישט די העזה געהאַט קעגען דער גבירה, און איז אויך צוריק געקומען מיט דער בשורה, אַז זי וועט איהן באַלד שיקקען...

— זי האָט מיך, — פֿעראַנטפֿערט זי זיך, — איבער דער שוועלל נישט גע־לאָזט!

און אַז די באָבע האָט געזאָגט, אַז אֶסתּר'ל איז אין אַ גרויסע סכנה, אַז, אויב, השם יתברך, וועט זיך, חס ושלום, נישט מרחם זיין, ווייסט זי נישט, וואָס דער סוף קאָנן זיין...

האָט די יולדות פּאַר גרויס צער אַ געשריי געטהון:

— רבונו של עולם! אויב עס איז אויף מיר נגזר געוואָרען פֿון הימעל, אַז איך זאָלל אַזוי פֿריה אַוועקגעהן פֿון דער וועלט און מיין אייגען קינד נישט זעהען, לאָז מיר חאָטש נאָך אַמאָל זעהען מיין משה פֿויגעל!

און אַ דריטטע שכנה איז געלאָפֿען, און איז צוריק געקומען, און געזאָגט: אַז באַלד קומט ער, ער ענדיגט שוין דאָס קלייד! אַזוי האָט די גבירה געזאָגט...

און די גבירה האָט באמת נישט געוואוסט, אַז עס איז סכנת נפשות, זי האָט גאָר נישט געלאָזט צו זיך רעדען...

— וואָס טהוען זיי דאָרט? האָט די יולדת מיט די לעצטע כחות געשריגען.

און די שכנה איז מודה, אַז זי איז געשטאַנגען אַ ווײַלע אונטער דער טהיר און האָט געהאָרט, ווי משה פֿויגעל פֿערצאָהלט עפּיס, זאָגט וואָס אַ מאָל: אֶסתּר המלכה, מיין אֶסתּר המלכה, און זי, די גבירה, לאַכט...

און אֶסתּר'ל האָט אויסגערופֿען:

— רבונו של עולם, זאָלל זי שוין לאַכען ביז'ן טוידט אַריין; אין קבר זאָלל זי לאַכען...

און זי איז אַוועקגעקומען...

---

דאָס איז געוועזען אַ קללה פֿון אַ שכיב מרע!

און זי איז מקוים געוואָרען, די קללה!

די גבירה האָט שוין נישט אויפֿגעהאָרט צו לאַכען!

אַ צופרידענער שמייכעל איז איהר ווי צוגעקלעבט געוואָרען צום פנים. און, אָפּענט זי דאָס מויל, לאַכט זי!

זי שמייכעלט ביים גראָסטען צער, ביי די גראָסטע יסורים; דאָס הארץ ברעכט און זי לאַכט!

זי שמייכעלט, ווען זי בעט זיך דען טוידט; זי לאַכט, ווען דער מלאך המות וואָלט פאַר איהר אַ מלאך־הגואל געווע׳ן!

עס קומט אַריין דער משרת. ער שטעלט זיך פון וויטען און ווייזט איהר, ער האָט אַ בריעף, אודאי פון מאַנן.

שטעהט ער און וואַרט, זי זאָלל איהם געבען אַ צייכען, אַז ער זאָלל איהר דערלאַנגען דען בריעף; דערזעהט ער, אַז זי איז עפּים היינט פריינדליכער, ווי אַללע מאָל, אַז זי שמייכעלט!...

גלייבט ער זיינע אויגען נישט, אָפּענט זי דאָס מויל, און לאַכט.

זי ווילל איהם זאָגען, ער זאָלל דערלאַנגען דען בריעף, און—לאַכט...

דער משרת איז געוועזען בטבע איין אויסגעלאַססענער, אַ בעהאַלטענער רשע, קוקט ער אויף איהר שוין גאָר אַנדערש.

זי שמייכעלט וויטער...

זי ווילל זיך בייזערן, אָפּענט וויטער דאָס מויל און — לאַכט!

— וואָס איז מיט איהר געוואָרען? מיט דער מיוחסת?

ער קאָנן עס גאָר נישט פערשטעהן. קלערט ער, ווי איהם טויג זיך. געהט ער נאָהנטער צו, — זי שמייכעלט!

מיינט ער, דער רשע, אַז ער האָט ביי׳ן איהר פלוצלינג נושא חן געוועזען, געהט ער צו נאָך נאָהנטער!

נעהמט ער זי אָן ביי׳ן אַ האַנד; זי שמייכעלט! קושט ער די האַנד, — זי לאַכט!

מעהר דאַרף ער נישט, דער אויסגעלאַססענער משרת! פערגעסט ער אָן בריעף, וואָס דער בעל־הבית האָט געשיקט פון וועג, אַז ער קאָנן אָנקוממען באַלד נאָכ׳ן בריעף, — און נעהמט זי אַרום...

זי שמייכעלט, זי לאַכט!

קומט טאַקי אָן דער בעל־הבית, זעהט ער וואָס עס טהוט זיך, און נעהמט זי אָן און — וואַרפט זי אַרויס...

זי לאַכט!

עס איז ווינטער; אַ קאָלט, אַ שניי, זי געהט אַרום און שמייכעלט...

מען לויפט איהר נאָך, מען לויפט אויף איהר וואונדער און זי לאַכט; זי שמייכעלט און לאַכט...

---

און אַזוי טרייבט זי זיך, לאַכענדיג, אַרום אין די גאַססען —
זי בעטעלט און לאַכט.

מען וואַרפט איהר נאָך שטיינער, שלעכטע מענשען פייניגען זי, זי שמייכעלט און לאַכט...

זי געהט איבער פון איין האַנד צו דער צווייטער, פון איין רשע צום צווייטען, מיטן פערגליווערטען שמייכעלע אויפן פנים, מיטן קלינגעדיגען געלאַכטער אין מויל!

זי פאַלט ביז אויף דער נידריגסטער מדרגה — און אַלץ מיט אַ שמייכעל אויפ'ן פנים, מיט אַ געלאַכטער אין מויל!

און אַזוי האָט זי געשמייכעלט און געלאַכט, ביז צום טויט, און— נאָכן טויט!

זי גוסס'ט און לאַכט, די נשמה רייסט זיך איהר פון גוף אַרויס און דאָס פנים לאַכט...

און דאָס פנים לאַכט אפילו אין קבר!...

די עטליכע נושאים, וואָס האָבען זי אַריין געלאָזט אין קבר אַריין, האָבען מים טויט-שרעק דעם קבר פערשיט. און געאיילט זיך זיי זאָללען שוין דעם וויסטען שמייכעל נישט זעהען...

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

היט אייך פאַר אַ קללה, בפרט פון אַ שכיב מרע!...



## י. ל. פרץ. שריפטען.

VI.

# סאטירען און הומארעסקען

## אינהאלט.

# דער פעטער שבנא

## און

# די מוהמע יאחנע.

**(איין אויסגעפלוידערטע מעשה, נור פאר דאס איין אמת'ע מעשה).**



מיין פעטער האט געהייסען שבנא און די מוהמע יאחנע.

צו איז דאס געוועזען אנגעגרייט אמישנע פון דער השגחה פרטית, איך זאלל מיך נישט דארפען קוועל'לען, ביי'ם אויסזוכען א גראם צו זייערע נאמען, אויב איך וועלל זיי וועללען בעזינגען? אדער עס איז אזוי געווארען על פי מקרה? דאס וויים איך נישט! אמת דאך מוז מען זאגען: די השגחה פרטית זאלל מיך אין זינן האבען, און שטאנדיג מיך פערזארגען מיט גראמען, וואלט איך קיינמאל קיין פראזע נישט געשריעבען; שטאנדיג גראם—שטראם... עס וואלט דערפון קיין „לעטניק" נישט ארויס געקוממען, דער עולם ווילל דוקא נישט קיין גראמען, נור פראזע און דוקא פשוט „כדבר איש אל רעהו", דאס הייסט: עס זאלל נישט זיין וואס צו פערשטעהן... ווייל לעזען האט מען ליעב, דאס האט מען שוין בירושה... נור עפיס וויססען איז נישט כדאי... פון דעסטוועגען — כבוד איז כבוד!

נור לאמיר צוריק געהן צו'ם פעטער שבנא און דער מוהמע יאחנע.

נישט מיט די נאמען אלליין זעננען זיי געוועזען ווי געפאסט! זיי האבען געהאט אפילו איין וואוקס, איין דיקק, גלייכע נאז מיט אויגען!

איך בין אייך אפילו נישט מחויב צו זאגען, פון וואננען איך וויים עס. א שרייבער האט דאס רעכט צו וויססען אלץ, אפילו, וואס עמיץ האט אונטערן נאגעל, בפרט אין מח און הארץ... דער מנהג איז זאגאר, אז ער פערצאהלט אפילו דאס, וואס מען טאר גאר נישט אויסזאגען... זעננען אבער אויף דער וועלט פערהאנגען אזוי פיעל נאררישע און שלעכטע פראוועס, אזוי פיעל אידיאטישע,

קראַטישע מנהגים. אַז עס איז אַ חרפה און אַ בושה, איין אָרענטליכֿער מענש זאָלל זיך פֿעררופֿפֿען אויף אַ פּראַווע אָדער פֿערטהיידיגען זיך מיט אַ מנהג.

דעריבער מוז איך אייך זאָגען, אַז זיי זעננען ביידע צוזאַממען געשטאַננען ביי מיין חופה! און, ווייל איך האָב חתונה געהאַט צו דרייצעהן יאָהר, און, ווייל איך האָב דען חזן מיט'ן רב מיט טאַטע־מאַמע געקענט, די כלה איז געוועזען פֿערשלייערט און קיין יונגען זעננען ביי דער חופה נישט געוועזען, ווייל עס איז געוועזען אַ גרויסע רעוויע אונטער דער שטאָדט,— האָב איך מיך פֿערקוקט אויפ'ן פֿעטער שכנא מיט דער מוהמע יאַחנע, וואָס זעננען מיר געשטאַננען פּונקט געגענאיבער, און — דערזעהען, אַז זיי האָבען ביידע פּונקט גלייכֿע אויגען; קליינע, לויפֿענדיגע, גלייך זיי וואָלטען שטאָנדיג געזוכֿט איין אָרט, צו בעהאַלטען זיך פֿאַר פחד אָדער פֿאַר בושה. עס האָט מיר אַזוי קאָמיש אויסגעזעהען, אַז איך האָב מיך אונטער דער חופה צו לאַכֿט, און דער טאַטע, עליו השלום, האָט אַרויף געלעגט אַ פינגער אויפ'ן נאָז, נאָך וועלכֿען עס פֿלעגט שטאָנדיג קוממען איין אויערען־דרייעניש אָדער עפּיס אָרגערס...

מיין מערכה איז געוועזען, וואָס דער מסדר קדושין האָט אָנגעהויבען זיין שפּרוך.

ביי דער גילדענער יאָך איז מיר איינגעפֿאַללען, אַז איך האָב אַ גרייטען אָנהייב צו'ן אַ שיר:

מיין פֿעטטער שכנא,
מיין מוהמע יאַחנע,

און איך קאָנן אַזאַ שיר אַוועק שיקען אין דער וואַרשויער צייטונג אַריין, פֿון וועלכֿער איך האָב בסוד סודות געוואוסט.

איך וואָלט עס בעססער געשריבען אויף לשון הקודש:

דודי שכנא,
דודתי יאַחנאָ,

נור דעמאָלט זעננען נאָך די „הנצנים" נישט געוועזען...

אַז זיי האָבען ביידע אַקוראַט איין גריים, בין איך אויף זיכֿער געוואָהר געוואָרען ערשט דען צווייטען טאָג.

מעשה שהיה כך היה: ביי'ן טאַטען אין דירה איז זעהר ענג געוועזען. איך האָב, ברוך השם, געהאַט אַ זיידען, טאַטע־מאַמע און זיעבען שוועסטער און ברידער; און געבליבען בין איך דאָך ביי'ם טאַטען אויף קאָסט! מיין טאַטע האָט געהאַט זיין אייגען הויז! מיט 10 רובל אייגענס און 290 רובל געבאָרגטע אויף וואָכֿער, האָט ער אָבגעקויפֿט ביי'ן אַ מיעשציאַן אַ שטוב מיט אַ חזיר־שטאָללעכֿעל. פֿון שטוב איז געבליעבען שטוב; פֿון חזיר־שטאָללעכֿעל האָט מען געמאַכֿט אַ האָלצען־קאַממער. אַז מען האָט מיך אויס נור נישט אַרויס געגעבען, האָט מען געהאַט

אַ קורצען ישוב, אַז דאָס האַלץ קאָנן פֿראַנק און פֿריי ליעגען אויפֿ'ן הויף, בפרט אַז נישט שטאַנדיג איז האַלץ געוועזען — מעהרסטענטהיילס דראָנגליך און טהייל מאָל — גאָר נישט... סיי ווי סיי וועט עס נישט געפֿרוירען ווערען, און טרוקענען אין באַקק-אויבען איז לייכט. און, אַז אויב מען וועט נור אַרויסנעמען דאָס האַלץ, קאָננען שטעהען אין קאָממעריל צוויי בעטטען; מען וועט קאָננען דורכגעהן אויך. און צוויי בעטטען איז לכל הדעות געגוג פֿאַר אַ פּאָר פֿאָלק.

דען פלאַן האָט אויפֿגעגעבען דער שדכן; וואָרען דער טאַטע האָט זיך אַיינ-געשפּאַרט, „יענער" זאָלל אָבגעבען פֿריהר די קאָסט. דערווייל וועט ער אויס-צאָהלען די 290 רובל חוב פֿאַר'ן הייזעל און וועט זיין בכח צו צושטעללען אַ שטיבעל.

און גלאַט, ווי האַלט מען קינדער, וואו עס זענען חזרים געשטאַנגען?

דער מאַמען האָט עס וועניגער געאַרט.

— בּאַ — האָט זי געזאָגט — זעהסט דו שוין! דריי יאָהר קאָסט איבערקומען! אויך איין עסק!

און עס איז אַזוי געבליבען.

דען צווייטען טאָג האָט מיין אשתי חוה'לה באַין אופן נישט געוואָלט אַרויס-קריכען פֿון חזיר-שטאַלל'כיל אויף דער ליכטיגער שיין. אַרויסגעהענדיג דאַווינען, האָב איך איין אויג געוואָרפֿען אויף איהר בעטט, געזעהען די קאָלדרע מיט די קישען, נור אָהן אַ פּיצעל פּנים.

און געגלוסט האָט זיך מיר שטאַרק צו זעהען, ווי מיין אשתי חוה'לע זעהט אויס, חאָטש נאָך נאָכטען ביי דער גילדענער יאָך איז עס מיר נישט אַיינגעפֿאַללען; איז מיר די גרויסע רעוויע געלעגען אין קאָפּף. רופֿען זי, האָט זיך מיר עפּיס נישט געלעגט אויף דער צונג: „חוה" איז צו פֿיעל פֿאַן-בראַט, „ווייב" איז צו גראָב... יעדערער דאַרף וויססען? וואָס?

דען אמת זאָגענדיג, געפֿאַלט מיר נישט עד היום דער מנהג ביי די דייטשען מאַנן און ווייב זאָללען שטאַנדיג שפּאַציערען צוזאַממען און דוקא אונטער די האַנד עם זאָלל חס ושלום קיינער קיין טעות נישט האָבען. יעדערער זאָלל וויססען בהויה, וועד — מיט וועמען — וויים איך דאָרט! און זיי לאַבען נאָך פֿון אונזער כיור אין בית המדרש, וואָס מען וואַשט זיך די האַנד בריש גלי...

נור איך פֿאָהר שוין אַראָב אין אַ זייט, איך האָב זי חשק צו רופֿען, און ווייב נישט, ווי אַזוי. „האָר נור — זי!" האָט מיר אויך פֿון האַלז נישט געוואָלט אַרויס; אַזוי רעדט מען צו'ן אַ דיענסט, נישט צו'ן אַ ווייב.

איך בין געשטאַנגען און געקלערט, ביז דער טאַטע האָט אַריין געשריגען: געהסט?

איך האָב געהאַפּט אַ ציטטער אונ בין אַרויס מיט גאָר נישט.

לויט דען עגול, וואָס די קאָלדרע האָט בולט געמאַכט אין דער הויך, האָב איך דאָך פערשטאַנען, אַז מיין אשתי חוה'לע האָט זיך איינגעצויגען ווי אַ קויל איבערגעדעק זיך, אונ ליעגט מיט'ן פּנים אין קישען אַריין.

עס פאַלט מיר איין אויפ'ן וועג אין בית המדרש אַריין, אַז זי מוז בענקען אַהיים; באַלד נאָך דער וויעטשערע זעננען מיין שווער אונ שוויגער אונ איהר טאַטע־מאַמע אַוועק געפאָהרען.

ער איז געוועזען אַ שמש אין אַ נאָהנט שטאָדטיל אונ צו מאָרגענס איז דאָרט פּונקט געווען אַ גבירה'שע חתונה; זי האָט געהאַט אַ שטעלעכעל מיט באָנדליך אונ קנאָפּליך, אונ „קוים דרעהט זי אַוועק דען קאָפּ, שטעללען זי די שנירען בדיל הדל"...

ביים אַוועק פאָהרען האָט זיך מיין אשתי חוה'לע צעוויינט אויף אַ קול. דער פאָטער דער רגזן האָט אַ געשריי געטהון: סמאַרק! די מוטטער האָט איהר צוגעזאָגט צושיקען אַ מתנה, דאַכט זיך מיר — אַ פּאָר עהלען שליסעלבערגער געדרוקטען ציץ...

אונ מען האָט זי קוים איינגענומען.

צונד באַנגט זי אַ ודאי — טראַכט איך — אַהיים; אונ האָב אויף איהר שטאַרק רחמנות.

דאָס רחמנות האָט מיך ביים גאַנצען דאַווינען נישט אָבגעלאָזט. איך האָב געוואָלט ווי אַם געשווינדסטען אַהיים לויפען, זעהען צו אשתי חוה'לע וויינט שוין נישט; איך האָב אָבער געמוזט וואַרטען אויפ'ן טאַטען.

אין דער טהיר, האָט אונז די מאַמע בעגעגענט מיט אַ ירגזון:

— אַ שאָנע פּריצה, האָט „עץ" מיר איינגעהאַנדעלט! ווי געפאָלט זי דיר? זי וויל דאָך נישט אַרויס פון בעטט! אָט מוז איך איהר צוטראָגען קאַווע אין בעטט אַריין!

מיין מאַמע האָט ליעב געהאַט „אמת" ווי דאָס לעבען, נור דען „אמת!" פלעגט זי פון מיר פערלאַנגען, אַז איך בין אַהיים געקוממען מיט אַ צוזראַפּיט פּנים אָדער אַ צוריססען היטטעל... צום טאַטען פלעגט זי האָבען אייביג פאַלשע פּרעטענס־יעס. וואָרען משוך זיין זיך מיט ר' יאקעלע־יענטע־ברייניס (אַזוי האָט מיין שווער געהייסען) האָט זי דער עיקר געוואָלט. דער טאַטע האָט נאָך געהאַלטען ביי'ן אַ ישוב אונ זי האָט געהייסען „צושלאָגען". „איין עק זאָלל זיין!" האָט זי געוואָלט... אונ אַ בעשטאָנדיגע שוואַכקייט האָט זי געהאַט צו זאָגען „קאַווע" אויף ציקאָריע.

איך, נאַטירליך, בין נישט אַריין געגאַנגען אַהין, דער טאַטע אויך נישט, חאָטש אשתי חוה'לע האָט נישט געוואָלט די קאַווע טרינקען. שפּעטער זעננען גע־קוממען דער פעטטער שכנא אונ די מוהמע יאחנע. אונ, אַז מען האָט זיי דערצאַהלט

אַז די „שנור ווילל נישט אויפשטעהן״, זעננען זיי ביידע גלייך אַריין אַהין. און — ווייל די טהיר איז געוועזען אַ נידריגע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ חזיר שטאַללעכעל — האָבען זיי זיך ביידע אָנגעשלאָגען מיט די נאָז אָן דער אייבערשטער לייסט, און איך האָב אַלליין געזעהען מיט מיינע אויגען, אַז ביידע האָבען בעקומען די צייכען אַקוראַט אויף איין אָרט, — אויף די שפּיץ נאָז...

האָט איהר דען בעסטען בעוויז, אַז מיין פעטטער שכנא און מיין מוהמע יאחנע האָבען געהאַט איין גריים!

אַזוי זעננען אויך זיי זיך אָהנליך געוועזען, ווי שוועסטער און ברודער!

מען דערצאָהלט אַזא מעשה:

מיין מוהמע יאחנע קומט אַרויס פון האָציפלאָץ און האָט נור אַהער חתונה געהאַט צום פעטטער. ווענן דאָס איז געוועזען, ווייס איך נישט, נור די מעשה איז איין אמת.

דעמאָלט איז ביי אונז געוועזען אַ בורמישטש אַ צורר יהודים, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז מען זאָלל נישט חתונה מאַכען אָהן אַקטען. מען זאָלל וועללען מאַכען אַקטען, וואָלט מען שוין געמוזט וואַרטען ביז 17—18 יאָהר, ווי דער דין איז. און אַ יוד, וואָס קינדעלט און קינדעלט, זאָלל וועללען וואַרטען מיט׳ן בכור ביז 18 יאָהר, וואָלט ער שוין קיין נחת אינם מוזיניקעל נישט דערלעבט! נאָך אַ ברית דאַרף מען זיך נ י ש ט אָברוהען, אָבער נאָך חתונה מאַכען אַ קינד, מוז מען שוין וואַרטען אַ שאָנע פּאָר יאָהר, איידער מען קומט צוריק צו די כחות אויף אַ נייע חתונה...

קורץ פון דער זאַך — דער ימח־שמו׳ניק האָט דאָך דאָס נישט געוואוסט, פלעגט ער שיקקען רופען די געקוממענע חתנים און כלות, פראָגען, מכלומערשט, אויף פּאָס־סער און אין איינוועגס חוקר ודורש זיין, צו עס איז נישט געוועזען אַ שטיללע חופה.

איהר פערשטעהט איין עסק?

מן הסתם איז ער נ י ש ט געוואָהר געוואָרען.

די חתונה־געהאַטטע קינדער האָבען געקוועטשט מיט די דאַרע פלייצעלעך אויף: „אֵיני יודע״? און צוריק געשמיעסט, ווער האָט פערשטאַנגען פויליש? און אַז דער „פּאָליציי״, וואָס האָט געקענט יודיש, האָט איבערגעפראָגט, האָט מען איהם געענטפערט: ווער? ווענן? וואָס? הא! ווייס איך!

און גאָר נישט.

נור דאָס איז רעכט — אַ חתן... שיקקען די כלה צו׳ם בורמישטש איז דאָך נישט קיין שטייגער! פלעגט מען נעמען יונגלעך, בעהאַלטען די פאה׳ליך אונטער די אויערליך, אָנטהון אין קלײדלעך און אַהין שיקקען אויפ׳ן אָרט פון די כלות! פאַר „לא תלבש אשה שמלת גבר״, האָט מען קיין מורא נישט געהאַט, ווייל עס

איז דאָך נישט, חס ושלום, לשם עבירה.

איינמאָל האָט מען שיער נישט געפּלאַצט פֿאַר געלאָכטער: עפּיס אַ כּלה איז אַזוי געפֿאָללען געוואָרען דעם בורמישטש, אַז ער האָט זיך, מחילה, צושפּרייט די וואָנסים און דערלאַנגט איהר אַ קוש אין שטערן אַריין און געשענקט נאָך אַ קאַרמעלקע!

אַז עס געקוממען דער גורל אויף דער מוהמען, איז געבליבען, אַז דער חתן אַלליין זאָלל זיך פֿערשטעללען פֿאַר דער כּלה. אַז דער בורמישטש וועט איהן נישט דערקענגען, איז מען זיכער געווען, ווייל מיין פֿעטטער שכנא פֿלעגט זיך נישט ווייזען אין גאַסס אַריין מיט אַללע יונגלעך צו גלייך; ער איז געוועזען, לא עליכם, נישט קיין געזונדטער און איז שטאָנדיג געזעססען און געלערנט. פֿון וואַננען זאָלל ער איהר קעננען?

דער בורמישטש האָט איהן לאַנג נישט געהאַלטען. ער האָט איהן — „געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען!" הויך כּדי דבור געהייסען אַרויס וואַרפֿען: „וואָן, דאָס פּאַסקודסטוואָ"... „טאַקי זכות אָבות — פֿלעגט די באַבע זאָגען — איז געשעהען, וואָרען דער פֿעטטער שכנא איז נישט איבעריג קלוג און ווער ווייסט, וואָס ער וואָלט אויסגעפּלאַפּעלט!".

אַז ער איז צוריק אַהיים געגאַנגען, האָבען אַללע געשריגען אין גאַסס, אַז ער איז „די כּלה אויס'ן אויג!" טאַקי — „כּהויה". אין שטוב, איידער ער האָט צייט געהאַט זיך איבער צוטהון, האָט דער מחותן — אַ פֿערטראַכטער יוד געוועזען! — אַ טעות געהאַט און דערלאַנגט איהם אַ מתנת יד: „יאַחנע! פֿאַר וואָס ווישט דו דיר נישט אָב די נאָז?!"

דערנאָך האָט זיך געטראָפֿען אַזאַ מעשה:

אַז עס איז אַרויס געקוממען די גזרה פֿון די באָרד, האָט די ערשטע קויל געטראָפֿען מיין פֿעטטער שכנא. ער איז געגאַנגען אין מאַגיסטראַט אַריין צאָהלען אַ פּאָראַטעק, האָט מען איהם געחאַפּט און צורעכט געמאַכט באָרד און פּאות. אַז ער איז אַראָב אין גאַסס אַריין, איז געוואָרען אַ געשריי פּה אֶחד, אַז יאַחנע איז משוגע געוואָרען, און האָט זיך פֿערשטעלט פֿאַר'ן פֿעטטער שכנא!

ער האָט פֿאַר שרעק און בושה צוזאַממען, געמאַכט פּלטה אויס דער שטאָדט אַרויס.

יונגען און ווייבער יאָגען איהן נאָך; ער אויפ'ן פֿעלד, זיי אויפ'ן פֿעלד; ער אין וואַלד אַריין, זיי אין וואַלד אַריין; ביז ער איז זיי פֿערלוירען געוואָרען צווישען די ביימער.

אַז זיי זעננען צוריק אין שטאָדט אַריין, און געטראָפֿען די אמת'ע מוהמע יאַחנע — וואָס קלעהרט איהר? — מען האָט איהר אין מיטטען גאַסס אָבגעריססען די

קאָפּקע. ווענן נישט די פּאָליציי, וואָס איז איהר געקוממען צו הילף, וואָלט פֿון איהר קיין שריד ופליט נישט געבליעבען.

ביידע זענען קראַנק געוואָרען פֿאַר שרעק אונ בושה. אונ אז מאַננער אונ ווייבער זעננען געקוממען מבקר חולה זיין, האָבען זיי נישט געוואוסט, צו וועלכען בעטט צו צוגעהן. אונטער די איבערבעטטען, האָט מען נישט דערקענט, וואו עס ליעגט שכנא אונ וואו יאחנע.

נור דאָס אַלץ זעננען אַלטע זאַכען... היינט איז זיי שוין לייכט צו דערקענען; דער פֿעטטער שכנא האָט אַ באָרד ביז אין גאַרטעל, אונ חאָטש די מוהמע יאחנע ווילל איהם נאָכמאַכען אונ עס שפּראָצען איהר עטליכע האָהרליך פֿון דער גאָמבע, קאָנן זי זיך גאָר נישט פֿערגלייכען מיט זיין באָזעם, מיט וועלכען מען האָט געקאָנט אויסקעהרען אַ בית המדרש.

הכלל — זיי זעננען זיך זעהר אָהנליך געוועזען. אויב דער בורמישטש מיט זיין גוי׳עשען געשמאַק האָט געזאָגט אויף איהם פּאַסקודסטוואָ, וואָלט ער דאָס אייגענע געזאָגט אויף איהר. פֿאַר מיר ווייטער, זעננען זיי ביידע שאָן געוועזען; נור דאָס געהט אייך נישט אָן. איך וועלל דעריבער נור רעדען פֿון זייער אָהנליכקייט. איהר מוזט וויססען, אַז זיי האָבען געהאַט אפילו אַ גלייך קול! אַז זיי זעננען אַריין צו דער כלה, האָב איך געהאָרט צוויי גלייכע גראָבע קולות אונ איין וויינענדיגען קול, וואָס האָט זיך ערשט שפּעטער אָנגערופֿען.

— חוה׳לע! — האָב איך געהאָרט — וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שטייגער?

— חוה׳לע! טהוסט אָן עגמת נפש שווער אונ שוויגער!

— קינד אונ קייט וועט אוים דיר לאַכען?

— ווי הייסט? פֿאַר וואָס?

— ווער טהוט אזוי?

— גאָסט וועללען קוממען?

— צאַצקע מיינע, נחת מיינס, האָר אָלטערע קרובים, זיי וועללען נור דיין גוטס!

— ביזט דאָך שוין נישט קיין קינד... אַ מענש!

אַזוי האָבען ביידע געשיטט מיט שאלות, עצות אונ געבעט אונ איך האָב קיין איינציג מאָל נישט דערקענט, ווער עס רעדט: דער פֿעטטער שכנא צו די מוהמע יאחנע!

דערנאָך ערשט האָט זיך אָנגערופֿען אַ וויינענדיג דינן קול, אַ ביסעל אַ גע־דעמפּפּטס פֿון אונטער דער קאָלדרע:

— איך שאָם מיך!

נור דאָס געהאָר אויך נישט צו דער זאַך. —

אונ אַ לעבען צווישען זיי איז געוועזען ווי אונטער דער זונן. האָט די מוהמע

יאַחנע געזאָגט: באָם, האָט ער „ליתר תוקף ועוז" געזאָגט: בים-באָם! האָט דער פעטטער שבנא געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף „יאָ", האָט די מוהמע יאַכנע געזאָגט: אַ וראי יאָ! ווי דען!

אויף ברית'ן און חתונות פלעגען זיי זיך איבערוואַרפען מיט די אויגען פון איין טיש צום צווייטען, און גאַנץ אָפט עצות געבען:

— שבנא, חאַפּ אַ מיטטעל-שטיקעל!

— יאַחנע, ווילסט אַ ביסל חריין?

ביי מיין עלטערענס ברית, אַז די מוהמע יאַחנע איז נישט געווען בקו הבריאָה, האָט דער פעטטער שבנא גענעססען אָהן אַפּעטיט, און האָט אַהיים געטראַגען דער מוהמע יאַחנען אַ האַלב שאָק מאַקאַראָנען.

ביים צווייטען האָט זיך געטראָפען פערקעהרט; דער פעטטער שבנא איז געוועזען ניט אין גאַנצען, און זי האָט איהם אַהיים געטראָגען אַ קאָפּיל פון אַ צוויי-פונטיג האָכטיל..

און איינס איז פאַר'ן אַנדערען געוועזען די לעצטע אינסטאַנץ.

דער פעטטער שבנא, אַז מען האָט איהן שוין גאָר איבער געשפאַרט, אַז ער האָט שוין קיין וואָרט אין מויל נישט געהאַט, פלעגט דאָך בלייבען ביי דעם זיינעגען; „מיין יאחנע זאָגט אָבער אַזוי!" איז געוועזען זיין לעצטע תשובה. געגען דעם העלפט שוין קיין שכל און קיין יושר.

די מוהמע יאחנע ווייטער, פלעגט אָנהייבען יעדען זאַץ: „מיין שבנא זאָגט"... אָדער: — „שבנא מיינער קלערט" און וואָס איהר שבנא האָט געזאָגט און געקלערט, אויף דעם איז געוועזען מויערען צו שטעללען...

מיט איין וואָרט — עס איז געוועזען אַ לעבען ווי אונטער דער זונן. איך פלעג אָבשיקקען מיין אשתי חוה'לע צו דער מוהמע יאַהנע אויף דער לערען, זי זאָלל זעהען, ווי אַזוי מען דאַרף בעהאַנדלען אַ מאַנן; זי ווייטער פלאָגט מיך אָבשיקקען צום פעטטער שבנא, זעהען ווי אַ מאַנן בעהאַנדעלט אַ ווייב.

כל זמן דער פעטטער שבנא און די מוהמע יאחנע זעננען געזונד געוועזען, פלעגען זיי אָפט אַריינקוממען און שלום מאַכען צווישען מיר און אשתי חוה'לע. דערנאָך, אַז זיי זעננען שוואַך און אֶלטער געוואָרען, פלאָגען מיר אַללע מאָל אַהין געהן דין-תורה'ס האָבען, און דאָס האָט אונטערגעהאַלטען אונזער שלום-בית!...

אַ והא ראיה, אַ פּאָר יאָהר נאָך זייער פטירה (אין איין וואָך זעננען זיי געשטאָרבען!) האָט אונזער „שלום-בית" איין מאָל פאַר אַללע מאָל געפלאַצט...

איך האָב מיך מיט אשתי חוה'לע געג'גט; זי האָט צוגענוממען צוויי און איך צוויי קינדער... זי האָט חתונה געהאַט, איך האָב חתונה געהאַט; מיר וואוהנען אין פערשיעדענע שטאָדט... עס געהט אונז ביידע נישט ווי אַמבעסטען... נור

דאָס איז נישט אייער געשעפֿט.

דער עיקר איז, אַז דער פֿעטטער שכנא מיט דער מוהמע יאחנע, ליגען זיך בערוהט אין קבר.

און — הערט אַ מעשׂה — ביידע מצבות האָבען זיך אויסגעדרעהט און צוגע־בויגען איינס צום צווייטען.

פֿון צווישען די קברים איז אַרויס געוואַקסען אַ בוים, און האָט די מצבות מיט די צווייגען אַרומגענוממען, אַרומגעוויקעלט, גלייך ער וואָלט זיי געוואָלט פֿעסטער צוזאַממענשליעסען...

און מיט דער צייט זעננען אָבגעריבען געוואָרען ביידע מצבות, שוין נישט צום איבערלעזען.

דער פּנקס פֿון חברה־קדישא איז פֿערברענט געוואָרען ביי דער דריטטער שרפה, און קיינער געדענקט נישט, ווער עס ליגט רעכטס און ווער לינקס, — דער פֿעטטער שכנא צו די מוהמע יאחנע? —

איך און מיין געוועזענע אשתי חוה'לע, וועל'מיר נישט ליגען אויף איין בית־הקברות... נור דאָס איז שוין ווייטער נישט אייער דאגה...



# מַה לִי לְשַׁקֵר.

## (אַ לאָגיש וואָרט מוסר).



...איהר זענט געבילדעטע מענשען! איך בין אַ פּראָסטער יוד, לא כּחל ולא סרק, נור אַ יוד ווי גאָטט האָט'ן בעשאַפֿפֿען, און איך זאָג אייך, אַז מען מוז זיין שטאָק בלינד, מען זאָלל זאָגען, אַז דאָס ראָהרעל דרעהט זיך אַלליין... איהר זאָגט: ניין? אֶפשר האָט איהר עס צו פֿערדאַנקען אייערע בלאָהע בריללען, וואָס איהר טראָגט, זיי מאַכען אייך פֿון דער וועלט אַ מין געבלאָהטע־וועש, רחמנא ליצלן! איך וויים נור, אַז איך זעה! איך זעה בחוש!

אָט זאָגט איהר, למשל: אַז איהר גלייבט נישט אין זווגים. איהר מיינט, אַז דער מזוג זווגים, איז ביי אונז יעקעל דער שדכן, און ביי'ן אייך, פשוט, דער יצר־הרע! באמונה שלי — איהר לעבט אין טעות!

וואָרען, צוריק געשטועסט: וואָס איז דען, מיינט איהר, דער גאַנצער יצר־

הרע? אויך אַ שליח-למקום! דער רבונו של עולם שיקט איהן, געהט ער! אָהן זיין רשות, וועט ער זיך נישט ריהרען פון אָרט! און אַ שדכן איז אויך נישט מעהר ווי אַ שליח־למקום. וואָרען אַז ניט, ווי אַזוי וואָלט ער געוואוסט „בת פלוני לפלוני"?

אפילו אַ מומחה, אַ רופא, צו גאָר איין אויסשטודירטער דאָקטאָר, זעננען אויך נישט מעהר נור שליחי המקום. אָט קומט ער צו'ן אַ חולה, טהוט ווי אין ביכעל שטעהט: פיאַווקעס, באַנקעס, ריצען־אייל, פערשרייבט פלאַשליך פון אַלערליי קאָליערען און דעם חולה ווערט אַ מאָל בעססער.

הכלל, וועט איהר זאָגען, אַז די לאַנגע הויזען, זיי זעננען דער רופאי חולים? פאַר וואָס דען העלפען זיי אַ מאָל יאָ און אַ מאָל נישט? פאַר וואָס דען ביים צווייטען חולה, חאָטש די אייגענער קרענק, שלאָגען די אַללע זאַכען נישט אָן? עס זעננען דאָך די אייגענע פיאַווקים, די אייגענע געהאַקטע און טרוקענע באַנקים, די אייגענע אַפּאָטהעק, די אייגענע פלאַשליך!

אדרבא, זאָגט איהר, — מה נשתנה?

האָ תינח — ביי אָרימע לייט; עס שטעהט דער דאָקטאָר ביי דער טהיר, שרייבט פון דער וויימענס, היילט בעל־פה, קאָנן זיין אַ טעות... אָבער ביי גבירים! צוויי גבירישע חוליים, די אייגענע קרענק, דער אייגענער דאָקטאָר, די אייגענע רפואות, און איינער הייבט זיך אויף פון בעט, און דען צווייטען, רחמנא ליצלן, הייבט מען אראָב פון בעט!

נו, מה נשתנה?

איהר וועט אָפשר זאָגען, אַז עס האָט געמוזט זיין אַ טעות, אַז דער אַפּאָטהעקער האָט זיך טועה געוועזען, אָדער דער דאָקטאָר... אמת! עס קאָנן זיין אַ טעות... אַ מאָל קומט דער דאָקטאָר ווי אַ פערסמטער פון אַ באַלל, פון מיטען אַ טאַנץ אָדער פון מיטען אַ קאָן, נאָך 6 אַזוינע נאַכט... דער אַפּאָטהעקער ווייטער, דעם האַפּט מען ווייטער אַרוים פון בעט, פון בעסטען שלאָף. נו קאָנן זיין, אָדער דער דאָקטאָר האָט, על־פי טעות שלעכט פערשריבען, אָדער דער אַפּאָטהעקער האָט שלעכט געמאַכט די מעדיצין...

איך וועלל אייך אָבער ווייזען, וואו עס קאָנן נישט זיין קיין טעות!

אָט, נעממט אונזער בעריל מומחה! דאָ וועט שוין די גאַנצע וועלט מעיד זיין, אַז ער האָט קיין טעות נישט! ער איז, חס ושלום, קיין מאָל נישט שכור, טאַנצט נישט מיט נקבות, שפּיעלט נישט אין קאָרטען, מאַכט אַלליין אַללע רעצעפּטען און טרעט נישט אָב פון בעט, ביז ער אַלליין גיעסט זיי נישט דעם חולה אין מויל אַריין... די צאָהן האַקט ער אויף, און אַיינגעבען מוז ער אַלליין.

נו, פאַר וואָס־זשע איז ביי'ן איהם: איין פיעבער — מיט דער האַנד אַוועק! און דאָס צווייטע האַלט זיך ווי אַ סמאָלע, קלעבט זיך ווי אַ נאַסס העמד?

נו, ווייטער דאָס איינענע — מה נשתנה?

איז דאָך נישט מעהר, אַז נישט אין זיי ווענדט זיך עס, אַז זיי זיינען טאַקי נור שלוחים!

אַללע זיינען שלוחים למקום! הוא הדין יעקעל שדכן; ער איז אויך נור אַ שליח למקום!

זעהט איהר, דער דאָקטאָר וועט אייך דאָס נישט מודה זיין; זיין פרנסה לאָזט איהם נישט מודה זיין; ער מוז זיך אָנבלאָזען און זאָגען: „כחי ועוצם ידי", ווי דען?

און אַז די רפואה שלאָגט נישט אָן, איז דער חולה שולדיג! ער האָט אַ ודאי עפּיס בגנבה געהאַפּט! איז דער חולה נישט קיין יוד, טרעפט ער באַלד אויף „חזיר", ביי'ן אַ יוד איז — להבדיל — דער קוגעל שולדיג! חאָטש פון אבות אבותיו עסט ער קוגעל און עס האָט איהם קיינמאָל נישט געשאַדט! טשאָלענט איז גאָר חיות...

נו, רעדט ער ווי אַ מענש?

אפילו דער רופא, זעהט איהר, האָט שוין, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, פליי אין דער נאָז... ער מוז דאָך געהן אויפ'ן דאָקטאָרס וועג! פון וואַננען דען, מיינט איהר, נעהמט זיך דער „טוב שברופאים"? ער זאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז שולדיג! איהם שטעהט דער דאָקטאָר אין וועג!

דער שקר, אַ פנים, ליגט שוין אין דער פרנסה. וואָרען אפילו — בעריל מומחה! דאַכט זיך אַ פשוט'ער יוד, ער שפּרעכט נאָך אַ מאָל אַלליין אָב אין עין־הרע... און דרעהט שוין אויך אַ מאָל מיט דער נאָז!

איך וויל איהן, חס ושלום, נישט בערעדען. די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז ער האָט מיך מיט אַ מאַשטש פאַר אַ דרייער אויסגעהיילט פון אַזוינע פלוימען, וואָס די וועלט פערמאָגט עס נישט; נור וואָס אמת איז אמת, אָנגעריהרט איז ער שוין, „וַיִשְׁמַן — וַיִבְעַט", די הצלחה ברענגט דערצו...

אָבער יעקעל שדכן, דאָס איז טאַקי אַ פשוט'ער פראָסטער יוד; ער וועט אייך נישט זאָגען כחי ועוצם ידי! רעד מיט איהם, וועט ער באַלד מודה זיין, אַז דאָס זיינען נישט זיינע קונצען, נישט זיינע חכמות. אַז, על־פי רוב, קוממען איהם גאָר די שדוכים צו חלום.

— איך לייג מיך — זאָגט ער — שלאָפען מיט אַ לוידיגען מח, און שטעה אויף מיט אַ קאָפּף ווי נח'ס תיבה; סאַמע פּאָרליך און פּאָרליך.

איהר גלייבט נישט אין חלומות?

זעהט איהר, דאָס איז שוין גאָר אַ נאַרישקייט פון אייך! בדידי הוי עובדא, איך אַלליין בין שעור דורך אַ חלום אַ מיליאָנער געוואָרען.

די מעשה איז אַזוי געוועזן:

איין מאָל, שבועות ביי נאַכט, עס וועט שוין זיין אַ יאָהר 25, זיץ איך ביים

תּיקון שבועות און שלאָף אַזוי איין. אין שלאָף זעה איך פֿאַר מיר שוועבען אין דער לופֿט אַ ציפֿער 613. לכתחלה האָב איך געמיינט (אין חלום, הייסט עס), אַז דאָס איז תרי"ג, — 613 מצות. נור איך האָב באַלד פֿערשטאַנען, אַז תרי"ג דאַרף זיין מיט הייליגע אותיות, נישט מיט גוישע ציפֿערן! אין מיט'ן האָר איך אַ טראָמפּייט, אַ שטאַפּעט קומט אָן! ער קנאַקט מיט דער בייטש; איך האָר, ווי ער שטעלט זיך אָב נעבען בית המדרש און פֿראָגט זיך אויף מיר.

עמיץ — האָר איך — פֿראָגט איהן, וואָס ער דאַרף; זאָגט ער, אַז ער האָט פֿאַר מיר אַ זאַק מיט רענדליך.

איך האָב דאָס גרויסע לאָאָז געוויננען!

איך האָב מיך אויפֿגעהאַפּט. עס איז מיר זעהר אַ שאָד געווען, וואָס דער זאַק מיט רענדליך איז נעלם געוואָרען, נור יום-טוב! מען טאָר זיך נישט מצער זיין! איך שטעלל מיר אָב מיט מיין ווייב, עליה השלום, באַלד מוצאי-יום-טוב צו פֿאָהרען אין אַ גראָססערע שטאָדט אַריין און אויסזוכען נומר 613!

ווייסט איהר דאָך אָבער יודישע געשעפֿטען!

באַלד נאָך יום-טוב האָט זיך מיר נישט געמאַכט אויף הוצאות, דערנאָך איז מיר, לא עליכם, נישט פֿאַר אייך, נישט פֿאַר קיין שום יוד געדאַכט, אַ קינד אַוועקגעפֿאַללען... און אַוועק געקוממען... איך בין שבעה געזעססען...

דערנאָך האָט זיך געמאַכט אין קהלה עפּיס איין עסק וועגען אַ שוחט, אַ מחלוקת, האָב איך מיך נישט געקאָנט ריהרען פֿון אָרט...

און דערנאָך, אַז איך האָב מיך שוין, נאָך אַללע מניעות, אַריינגעזעצט אין בויד, שטעקט מיר אינערווייניג אַ יוד אַרוים שלום עליכם!

— וואו פֿאָרט אַ יוד?

איך זאָג איהם.

— איין עסק?

איך דערצאָהל איהם, אַז איך פֿאָהר קויפֿען אַ לאָאָז...

לאַכט ער, — עס איז שוין נאָכ'ן ציהונג!

און אַזוי האָב איך פֿערשפּיעלט מיין לאָאָז!

איך האָב מיך אפילו נישט געוואָלט נאָכפֿראָגען, וויפֿיעל דער לאָאָז האָט געוויננען, ווער מיין געלד האָט צוגענוממען... ערשטענס, האָב איך געוואָלט פֿערגעססען דערינגען, עס איז דאָך אַ האַרצווייטיג; צווייטענס, האָט מיר מיין ווייב, עליה השלום, אויף געגעססען, זי זאָלל מיר עס מוחל זיין, די גאַלל; אַז דער קאָפּף איז אויף מיר אַרומגעפֿאָהרען, און דריטטענס האָבען זיך ווייטער געמאַכט עפּיס קהל'שע עסקים, חטאים מאוס'ע פֿון אַ בעלפֿער, די מקוה האָט מען פֿערחתמת! — —

דאָס געהאָר שוין נישט צו דער זאַך; זעהען דאָך זעהט איהר, אַז אַ חלום איז נישט קיין קליינינקייט! אַז מען מאַכט קיין חלום נישט אַוועק מיט דער האַנד! פאַר וואָס דען זאָלט איהר נישט גלייבען, אַז מען איז יעקעל שדכן מודיע אין חלום: וואו, ווען און ווען מען דאַרף אָנשלאָגען!?

און איך זאָג אייך, אַז איך גלייב באמונה שלמה, אַז דורך דעם נור, מאַכט זיך אַ מאָל אַ נס, וואָס אַ יעקעל שדכן, אַ פלוט, האָט אַ מאָל אַ טעות און פערגרייזט אַ חלום!

און אַ והא ראיה: מיר זעהען טאַקי, אַז אויב אַ מאַנן לעבט מיט אַ ווייב אַ סך יאָהרען בשלום, ווי גאָטט האָט געבאָטען, קריעגען זיי טאַקי איין צורה: די אייגענע הויות, די אייגענע תנועות, די אייגענע סוגות, גלייך זיי וואָלטען אַ צווילינג געווען! פון וואַננען נעמט זיך דאָס?

איהר וועט באַלד זאָגען אַ הֶרגל! ניין, ברידער! דאָס האָט שוין דער רמב״ם, עליו השלום, אויסגעוויזען אַריסטון, אַז אַ הֶרגל איז בלאָטע! וואַרפט אונטער — זאָגט ער — אַ מייזעל, ווערט די געלרנטע קאַץ צוריק קאַץ, חאַטש זי קאָנן עססען שוין ביים טיש מיט מעססער און גאָפּעל!

אַריסטו — זאָגט מען — האָט אפילו דעם רמב״ם נישט מודה געווען... עס האָט איהם נישט געפּאַסט! ער האָט שוין זיין ספר וועגען הרגל, מיט אַלכסנד מוקדונ׳ס הקדמה, געהאַט אָבגעדרוקט און אויף דער וועלט צושפּרייט, אָבער געבליבען איז ער אָהן אַ וואָרט אין מויל!

נו? האַלט איהר אייך נאָך אין הרגל? לאו, אַ הרגל ברעכט נישט קיין טבע! נישט מעהר, גאָטט, ברוך הוא, איז, כביכול, אַ גוטער בעל-עגלה; אַז ער שפּאַנט איין אַ פּאָר פערד, איז עס איין אמת׳ע פּאָר!

און ווייסט איהר, וואָס איך וועלל אייך זאָגען?

דער אמת איז, אַז איהר אַלליין זענט אויך נישט קיין נאַררנים, איהר ווייסט אויך דעם אמת ביי זיך! וואָרען, באשר בכן? איהר זענט נישט מזרע אברהם יצחק ויעקב? אייערע נשמות זעננען נישט געשטאַננען ביים באַרג סיני, חס ושלום?! ביי׳ן אייך, זעהט איהר, שווימט די כפירה, דאָס אַפיקורסות אַזוי פון אויבען, דעריבער געהט זי אייך אַללע מאָל איבערן מויל... אָבער אינוועררוויניג!

איהר לייקענט? וואָס דען זאָלט איהר זאָגען? איך זאָג אייך, — בוימאָל אויפ׳ן וואַססער!

עס איז אַזוי! אין אַ חדר האָט איהר דאָך אַמאָל געלערנט: וואַססער איז מים און מים, האָבען מיר אַ קיימא-לן, איז תורה... אמת איז, אַז בוימאָל — שמן — איז אויך תורה, נור ווער זאָגט דען, אַז די כפירה, רחמנא ליצלן, איז בוימאָל? בלאָטע איז זי, בנאמנות — בלאָטע! עס רעדט זיך נור אַזוי: ווי בוימאָל אויפ׳ן וואַססער!

און קומען קומט דאָס פֿון דער מאָדע! און היינט איז אַ מאָדע חוזק צו מאַכען אויס אַ יודישען מנהג, אויס אַ יודישע אמונה... און וואָס טהוט איהר נישט פֿאַר דער מאָדע וועגען! אָט שטאָפּט איהר מיין דען גאָרגעל, איהר ווערט רויט ווי איין אינדיג, פּראַכט ווי אַ גאַנז, און פֿון וועמים וועגען? פֿון אַ שניפּסעל וועגען, און די גאַנצע סחורה איז אַ כּוית, אַ כּשעורה... אמת — כּדאי? און היינט, וואָס איהר פּענטעט איך די פּיס מיט ענגע קאַמאַשען מיט שפּיצען?... באשר — איהר האָט נישט קיין היהנער־אויגען.

וואָס? נישט מעהר — עס איז מאָדע! איהר מוזט גלייך זיין צום אַפּאָטהעקער! איי וואָס, דער אַפּאָטהעקער איז איין אַנדערע גזע; ער האָט גאָר קיין גאָרגעל נישט, און זיין פּוס פּאַסט אין שטיוועל אַריין ווי אַ פריצישער בריעף צום קאָפּערטיל... איהר מוזט אָבער נאָכטאַנצען!

און, אַז דער אַפּאָטהעקער מאַכט חוזק פֿון יעקעל שרכן, זאָגט איהר, אַז איהר גלייבט נישט אין זווגים!

עס איז ביי מיר הייליג!

אַ והא ראיה! איך האָב אַ מאָל געזעהען ווי איין אמת'ער דייטש, אָבער טאַקי איין אמת'ער, אָהן תּפילין, ריין „קאַשע מיט שנויץ", האָט אין אָקע געשפּיעלט! ער האָט אין מיטען קאָן באַין אופן קיינעם קיין דרייער נישט געבאָרגט, קיין רובל אויסגעטווישט, דאָס געלד קיינמאָל נישט געוואָלט צאָהלען; פֿריהער ווייטער, אַז עס איז איהם נישט געגאַנגען, האָט ער פּלוצים געחאַפּט דען קוימען דען — קאַפּעלוש, הייסט עס, און איז נעלם געוואָרען אויף אַ מינוט...

נו? איהר וועט מיר איינרעדען, אַז ער גלייבט נישט אין סגולות? איך בין איך ערב, אַז ער איז אַרויסגעלאָפֿען מאַכען די סגולה...

זעהט איהר, איך טהו עס נישט... שפּיעל איך אין קאָרטען, אין קוויטלעך כּיין איך, שפּיעל איך עהרליך... על פּי דרך הטבע!

יענם הייסט שוין ביי מיר אַ שקר... נור מיין דאגה! מאַכט ער יאָ אַ סגולה... נור פֿאַר וואָס לאַכט ער אויס אַ פֿרומען יוד, האַ?

איך זאָג אייך, אַז איהר גלייבט! אַז איהר גלייבט גלייך מיט אַללע יודען! והא ראיה: פּריבּט, זאָלל אייך 4 וואָכען אַ צאָהן דרעהען, אַ פֿיבער וואַרפֿען, אָדער אַ פּוס ברעכען, וועט איהר נישט לויפֿען צו אַ גוטען יודען?...

זעהט איהר, איך זאָג אייך דען אמת! און, צוריק געשמועסט: **מה לי לשקר?**

# אַ קַשְׁיָא אויף יֶענֶע לַייט.

## אָדער

## יודיש עֲשִׁירות.

איהר האָט דענן געקאָנט איין אמת'ן קאַרגען, אַ קאַרגען ווי עס דאַרף צו זיין? ניין? ביי אונז איז אַזוינער געוועזען, געהייסען האָט ער ר' תנחום.

אַ מענש האָט געהאַט אוצרות! עס האָט דענן עמיצער געוואוסט, וויפיעל? עס האָט דענן עמיצער געצאָהלט? נור פוללע פאָססער מיט ראָנדליך אין קעלער!

אונ דער מענש האָט נישט געוואוסט פון קיין נדן פאַר אַ קינד, נישט געגעבען קיין חתונה־הוצאות, קיין שדכן אויף זיך נישט גענוממען, אַלץ — נאָכ֗ען טויט! ביים לעבען קיינעם נישט אַ העללער! לייט האָבען זיך דאָך געלאַקאָמיט אויף דער ירושה אונ מען האָט זיך מיט איהם משדך געווען.

זיינע קינדער האָבען שוין אין פערשיעדענע קהלות געלעבט ווי מענשען, בע־זונדער, אָדער ביי שווער אונ שוויגער אויף קאָסט. ער אָבער מיט'ן וויב חיה שרה — זיי זאָללען מיר עס דאָרט מוחל זיין! — האָבען געלעבט טאַקי, ווי די הינד!

וואָס זיי זעננען אַלטער, — זעננען זיי, דאַארער, אויסגעטריקענטער אונ קאַר־גער געוואָרען! פון קיין דיענסט־האַלטען, איז נישט דאָ וואָס צו רעדען; פון קיין נדבה געבען, אַ ודאי נישט... זעהט איהר, אַ זעלנער אויף שבת, אפילו צוויי! נור ווער האָט געוואָלט צו זיי געהן שטאַרבען שבת פאַר הונגער?

אלול־צייט, אַז מען האָט געגעבען דעם ערשטען בלאָז פון שופר, איז ר' תנחום קראַנק געוואָרען פאַר שרעק — ס'טייטש! די קערה געהט! אונ האָט זיך קוים אויפ־געהויבען צו „כל נדרי"!

געזאָגט האָט ער, אַז דאָס רעגענוועטטער שאַדט איהם...

ווער האָט איהם געגלויבט!

עולה הורה איז ער געוועזען פון איין שמחת תורה צום צווייטען, און מנדר געוועזען — „מתנה"!

מיינט נישט, ער האָט זיין וואָרט נישט געהאַלטען! חס ושלום! אָבגעגעבען!

פאַר דער מתנה, האָט דאָס ווייב זיך ערגיץ געבאָרגט אַ נאָדעל־פאָדעם און פערלאַטעט די בית המדרש האַנדטיכער; פערצעריט אַ מאָל מיט איין אויסגעבעטעל־טער זייד איין אַלט פרוכת!...

אויף הויז־האַלטונג פלעגט ער איהר געבען 12 גראָשען אַ טאָג. פון דעם פלעגט נאָך חיה שרה אָבשפּאָרען וועלכען גולדען, אַוועק צובאָרגען די זיצערינס אויף וואָכען געלד!

אויב עס איז מאָגליך, — איז זי קאַרגער געווען פאַר איהם.

ביי זיי איז שמחת תורה אָרגער געוועזען, ווי תשעה באב ביים ערשטען שלעפפער.

דערביי האָבען זיי נאָך שלעכט געלעבט, געשאָלטען זיך מיט טויטע קללות!

זי האָט געשריגען, אַז ער שטעלט זי מיט'ן טאַביק־שמעקקען בדיל־הדל, האָטש ער פלאָגט קיין יוד קיין שמעק־טאַביק נישט געבען, האָטש ער אַליין האָט אויך פיער מאָל געהאַט אַ ישוב, איידער ער האָט מחיה געוועזען די נאָז.

ער וויטער, פלעגט געוואַלדיוועז, אַז זי איז איין אויספּרענגערן!

אַ יודענע — פלעגט ער זאָגען — וואָס האָט אויסגעגעבען אַלע קינדער, דאַרף שוין נישט קיין ברוסט־טיכעל; מען מאָג אויסטעפּען די זילבערנע פאָדעם און פערקויפען.

ביי דעם גאַנצען קאַרגשאַפט, האָט ער זיך אָבער נישט געקאָנט אָבזאָגען גאָר אין גאַנצען פון טאַביק, אַזוי ווי זי — פון ברוסט־טיכעל!

ער האָט שוין אָהן טאַביק נישט געקאָנט אָבניעסען, און זי טראָגט שוין דאָס ברוסט־טיכעל מכמה שנים, צייט זי האָט חתונה געהאַט! עס איז נאָך געווען אַ ירושה פון דער אַלטער באָבען!

און דעריבער האָט מען זיך געקריגט גאַנצע טאָג, געשאָלטען זיך און אַרום געיאָגט.

און געיאָגט האָט מען זיך וואָלנע, אויף די נאָגעל, מען זאָלל, חס ושלום, נישט אָבצרייבען די פאָדעשוועס.

און האָט שוין איינס דאָס צווייטע דעריאָגט, האָט מען ערשט מורא אָנצוחאַפּען ביי'ן אַ פאַללע, מען זאָלל זי נישט אָברייסען! מען זוכט נור אָנצוחאַפּען אַ נאָז, אַ פנים!

ביי נאַכט, האָט מען זיך געיאָגט באָרוויס און אין דער פינסטער:

שבת — ביי די האַלב־גראָשידיגע ליכטלעך, ביי וועלכע זי פּלעגט בענשען.

פאַר דאָס האָט מען דען האַלז נישט געקאַרגט, און געשאָלטען און געשריגען אויף וואָס די וועלט שטעהט.

דאָס גאַנצע שטאָרטעל פּלאָגט בעלעגערן די פענסטער!

מען פּלעגט זיך אָנפערצאָהלען פון זיי מעשיות; ביי די זייטען צו האַלטען, זייער קריגען זיך.

ער, למשל, וויל זי איבערשרעקקען. אָט, אָט, — זאָגט ער — רופט ער אַריין איין אָרימאַנן און גיט איהם אַוועק אַ גאַנץ־האַלב ברויט, וועט זי „פּענקען". זי וויטער פּלעגט איהם סטראַשען דערמיט, אַז אָט, אָט, קויפט זי זיך פאַר אַ גאַנצען דרייער רעציין־מעהל, מאַכט זיך אַ קולישע מיט פּוטטער, און איהם וועט זי נישט געבען קיין לעקק...

דאָס אַללעס איז אָבער געוועזען פּוסטע רייד; עס האָט זיי ביידע דאָס האַרץ נישט געלאָזט! און אָפשר — זאָגט מען — וואָלטען זיי עס אַ מאָל געטהון, ווען נישט די מורא, עס זאָלל דערפון נישט אַרויס קיין טויט מיט קבורה געלד! זיי האָבען געוואוסט, אַז חברא־קדישא, שאַרפט זיך שוין לאַנג די צאָהן אויף איינעם פון פאַר פּאָלק.

און, אויב איינס דאָס אַנדערע שעלט אַ געוואָהנליכע קללה: „בעגראָבען זאָלל איך דיך!" ווערט באַלד צוגעגעבען, „נור נישט דאָ, רבונו של עולם, עס זאָלל זיך מאַכען אַ געלעגענהייט, איך זאָלל דיך אַ גוסס אַוועקפיהרען"...

בשעת זיי האָבען נאָך די קינדער אין דער היים געהאַט, איז אין שטוב נישט געוועזען מעהר, ווי איין שינעטען קאַפּאָטיל מיט איין פאָר פלידערן.

דער אָלטערער פּלעגט געהן אין חדר אַריין און די יונגערע — אָבליגען, זומער אויפ'ן הויף, ווינטער אין בעטט אין די העמדליך, מיט קרייקעס אַרום געגאַרטעלט.

האָט מען דעם אָלטערען פערקנסט און פערזאָרגט, האָט ר' תנחום נישט געוואָלט געהן צו דער חופּה, ביז מען האָט איהם נישט צוריק געגעבען דאָס קאַפּאָטיל מיט די פלידערן פאַר'ן יונגערן זוהנס וועגען.

קוים האָט מען דאָס געפּועלט, האָט זיך דאָס פאָר פאָלק געזעצט עססען און טרינקען, און שאַארען פון די טעללער, גלייך נישט זיי זעננען די מחותנים! און געגעססען און געטרונקען, ה' זאָלל געגוג זיין טאַקי ביז אויף אַ נייע שמחה!

פאַר דאָס האָבען זיי אויפ'ן מיזיניקס שמחה זיך אַזוי צווויינט, גלייך עס וואָלט זיי דאָס גראָסטע אומגליק געטראָפען. זיי האָבען געוואוסט, אַז עס איז דאָס לעצטע מאָל!

דאָך פּלאָגען זיי נאָך עססען, חאָטש זעלטען, אויף פרעמדע שמחות! מיינט נישט, חלילה, אַז זיי זעננען געגאַנגען ערגיין אויף אַ שמחה; זיי

פלעגען אויף קיין שום שמחה נישט קוממען, עס קאָסט דאָך געלד! נור ערשט דערנאָך, אַ פּאָר טאָג שפּעטער, פלאָגען זיי אַריינפאַללען מיט אַ פּרעטענסיע צום בעל-שמחה, — פאַר וואָס מען האָט זיי נישט געבעטען אויפ'ן ברית צו אויף דער חתונה?

עס זעננען טאַקי—זאָגען זיי—שלעכטע צייטען, מען לאָזט זיך נישט גערן קאָס-טען, און בפרט — פאַר וועמענס וועגען? וואָס פאַר אַ מצוה האָט מען דערפון? די סאַרווערם זעננען פּראָסטע גנבים, טאַקי — די וויסעל פון די אויגען. אויף דער אַלטער שרה'ן רעדט מען שוין אַ יאָהר פּירציג... פון דעסטוועגען וואָלטען זיי אויף דעם נישט געקוקט... סטייטש! אַזאַ בעל-שמחה; אַזאַ טהייערער בעל-שמחה! און אַזאַ נאָהנטער קרוב...

און זיי זעננען געוועזען שרעקליכע בקיאים אין יחוס פון דער גאַנצער שטאָדט און האָבען זיך זעהר לייכט אַריינגעפלאָכטען אין יעדער משפּחה; ווי זאָגט מען עפּיס: „קוה—פערד—בייטש—שטאָקעלע” נור אַ קרבות איז אַרוים, מכבד זיין האָט מען געמוזט און זיי האָבען אָבגענוממען זייערס.

פאַר דאָס, אמת וואָהל-געהן, האָט מען זיך געלאָזט אויף אַ שבת'דיגען ברית!

דאָ קאָסט שוין נישט אַ דרייער. אונזער פאָר פאָלק איז געקוממען צום ערש-טען און אַוועק געגאַנגען נאָך אַללע משועבדי קהלה!

און שאָן איז זיי געוועזען צו זעהען אויף אַ שמחה: זיי זעננען אַנדערש געוואָ-רען, עפּיס ווי אויסגעוואַקסען, אויפגעלעבט; די לויפענדיגע אייגעלעך, אונטער די שיטטערע גראָהע ברעמען, האָבען געפלאַקקערט און געטאַנצט; טהייל מאָל זענ-נען זיי פייכט און רחמנות'דיג געוואָרען.

נאָכ'ען ערשטען טרונק בראָנפען, איז אונזער ר' תנחום משונה געוואָרען, פון קאַרגען ווערט אַ שרעקליכער נדיב!

ערשטענס, האָט ער אַרוים געהאַפּט דאָס פושקעלע און געוואָרפען אין מיטען טיש אַריין: האַפּט יודען, שמעקט! שמעקט אָהן רחמנות! אוים קאַרג! אַללע זאָל-לען שמעקקען.

ליידער, איז שטאַנדיג דאָס פושקעלע געוועזען ליידיג; ווייל אַרוים געגאַנגען פון דער היים איז ער ניכטערן, האָט ער דען טאַבאַק בעהאַלטען... זיינס האָט ער דאָך געטהון; מפקיר געוועזען דאָס פושקעלע.

נאָך אַ צווייטער כוס'ע, האָט ער זיך שוין גענוממען צו צדקות און מעשים טובים:

**ער ווייסט גאַנץ גוט, וואָס קהל דאַרף!**

דאָס בית-עלמין האָט ניט קיין צוים; איינגאַנצס קוה דרעהט זיך אַרום

צווישען די הייליגע קברים.

די מקוה האָט צוּבּראָכענע טראָפּף, און ברכה — די בלינדע טיקערן, בּרעכט שיער האַלז און לייב!

אַנ'פּרוכת אין שוהל אַריין וואָלט אויך נישט געשאַדט.

און אויסמאָלען די שוהל מיט לייבען, בּערען, נח'ס תיבה און 12 מזלות, וואָלט אויך קיין עולה נישט געוועזען!

אין גרויסע שטאָדט איז אַזוי...

אויף דעם אַללעם פּאַכט ער אָב אַ געוויססע סוממע, און קוים, נעהמט ער נאָך אַ טרונק בּראָנפּען, שוואָרט ער שוין דערויף מיט כּל'ע שבועות...

געוווּג פּאָרזיכטיג איז ער דאָך און שווערט בּיי'ן איהר, זאָלל לעבען.

„מיינע זאָלל אַזוי געזונד און שטאַרק זיין, ווי היינט, נאָך מוצאי שבת קודש, מאַך איך אַ וואָרט מיט אַ מוליער, ס'טייטש? שווייגען וועלל איך? אַזוי פּיעל נחת זאָלל זי האָבען פון אונזערע קינדער, וויפּיעל ראָנדליך עס וועט קאָסטען דאָס פּרוכת... דען שופר של משיח, זאָלל זי אַזוי דערהאָרען, ווי שפּעטסטענס מאָרגען אין דער פריה, וועט ער נעהמען אַ מאָס אויף טראָפּף, און דוקא — דעמבּינע, עס זאָלל זיין אַ בנין עדי עד, עס זאָלל קינדס קינדער איבער לעבען!

די תנחומעכע, זיצענדיג צווישען די ווייבער, האָט אויך איין אַנדערע צורה בּעקוממען!

זי האָט אויך געטרונקען. אמת — זיסע בּראָנפּען; נור פּאַר דאָס, האָט זי אַ מאַססע לעקעך אויסגעטונקען. אַ יודענע — זי זאָלל עס מיר מוחל זיין — האָט זיך איהר בּאַלד דאָס היהנערנע קאָפּיל פּערדרעהט.

זי ווערט ווייך און וויינענדיג און בּעקלאָגט איהרע יאָהר און טאָג. איהר טאַטע-מאַמע זאָללען אויפשטעהן פון קבר און זעהען, אויף וואָס פּאַר אַ שטיינער זי איז געקוממען, אין וועמים האָנד מען האָט זי איבּערגעגעבען, וואָלטען זיי זיך צוריק אַריין געלעגט אין קבר, און וואָלטען זיך שוין געשאָמט תחית המתים אויפצו-שטעהן.

וואָס הייסט? זי וואָלט נישט געקאָנט פּערדייען אַללע טאָג אַ ביסל זיססען בּראָנפּען מיט לעקעך? איהר האַרץ חאַפּט זיך נישט אַ מאָל אַוועק? איהר נשמה איז אַ ראָדזינקע? און אַ סאַמעטינען מאַנטעל וואָלט זי נישט געקאָנט טראָגען? עס וואָלט איהר אָפּשר נישט געפּאַסט? זי איז נישט אַזאַ בּריה ווי אַנדערע ווייבער? נישט אַזאַ מיוחסת?

נאַטירליך, שולדיג דעריננען איז אַלץ תנחום'ל, אַלץ דער רשע מרושע, וואָס ציהט איהר אַרויס די קלעע פון די בּיינער. פון איהר צד וואָלט גאָר קיין מניעה

נישט געוועזען, זי וואָלט אפילו אַריינגעוואָרפען אין אַללע צדקה פּושקעס, האָטש צעהן מאָל אין טאָג.

ווינטער, וואָלט זי אָבגעלעגט קאַרטאָפעל פאַר אָרעמע לייט, פאַר אָרעמע ווייבער וואָלט זי אויף איהר חשבון די מקוה געהייצט.

דער משוגענע פּעסע, וואָס לויפט אַרום נאַקיט און בלוים אין גאַסס, וואָלט זי אַ באַרחאַנען שפּענצער געמאַכט; וואָלט זי איהן אָבגעריססען, וואָלט זי איהר אַ נייען געמאַכט!

זעלנער אויף שבת — וויפיעל עס וואָלט אַריין! עססען געגעבען — ציבעלעס מיט לעבערליך, מיט אייער, מיט שמאַלץ, רעטטיך אויך און פּיש, פלייש; אַ קוגעל וואָלט זי געמאַכט, וואָלט די גאַנצע שטאָדט געלאָפען אויף זיין וואונדער! דעם בעל-שמחה, און אפילו איהרע אַצינדיגע נאָהנטע שכנות, וואָלט זי שבת בשבת אַהיים געשיקט קוגעל! נור וואָס קומט אַרויס, אַז גאָטט, ברוך הוא, וויל נישט, זי זאָלל זיינע פּטור ווערען, און ער האָט אַ האַנד, אַ האַנד... אויף אַללע שונאי ישראל געזאָגט אַזא האַנד ווי ער האָט!

דערביי האָט זי געחאַפּט נאָך אַ קאַפּ און אָנגעהויבען אויפ׳עס ניי צו חליפּען:

תּנחום פערגינט איהר אפילו נישט דאָס ברוסט-טיכעל, פערקויפען וויל ער עס, דער רשע, דער כּילי! איהם אויף להכעיס, שענקט זי עס אַוועק דער ערשטער-בעסטער, אָרימער כּלה, איין עק זאָלל עס האָבען!

און זי נעהמט נאָך אַ קאַפּ...

דאָך די פערדרעהטע קאָפּף האָבען זיי נישט געשטערט, אַהיים צו נעמען עט-ליכע שטיקליך לעקעך, אַ פּאָר מאַקאַראָנען, פון וועלכע מען האָט געגעססען אַ לאַנ-גע צייט; איין שטיקעל לעקעך מיט אַ מאַקאַראָנע, האָט מען בעהאַלטען אויף ׳שלח-מנות פאַר׳ן רב.

וואָס דער רב האָט צוריק געשיקט, האָט מען געשיקט אַ בעל-הבית; און וואָס מען האָט פון דעם געברענגט, איז געגאַנגען צו׳ן אַ צווייטען... ביז מען האָט דורכגעשיקט דאָס גאַנצע שטאָדטיל, אויסער אַלטע אַלמנות, אָדער אַלטע לייט און עקרות, וואָס מאַכען קיין שמחות נישט און פערדיענען נישט ׳שלח-מנות.

אַ בהעלפער צום משלח-מנות האָבען זיי אויך געהאַט אַ אומזיסטען, עס האָט זיך זיי געטראָפען אַ בהעלפער אַ יתום, וואָס האָט זיי בעריענט, מיט דער האָפנונג, אַז זיי וועללען איהן נישט פערגעססען בשעת צואָה!

פון דעסטוועגען האָבען זיי דעם בהעלפער אין גאַנצען נישט געטרויעט; דען גאַנצען טאָג פּורים פלעגען זיי איהם נאָכגעהן, היטען פון וויטען, ער זאָלל נישט אָראָבחאַפּען פון אַ טעלעריל. און, אַז מען האָט איהן ערגיץ אין אַ הויז

לאַנגער פערהאַלטען, האָבען זיי געטיפּעט מיט די פיס פאַר כעס און שרעק צו־זאַממען.

זעהט איהר, — דאָס הייסט קאַרג: מטמונים, אוצרות, און געלעבט — זיי זאָללען עס מיר דאָרט מוחל זיין — ווי די הינד!

און וואָס מיינט איהר, עס איז אַרויס געקוממען עפּיס גוטס פון געלד? אַז־אָסור! אַזוי ווי מען האָט נישט געוואוסט פון וואַנען דאָס עשירות האָט זיך גענוממען, און וויפיעל עס איז געוועזען, אַזוי האָט מען נישט געוואוסט, וואו עס איז אַהין געקוממען.

ר' תנחום'ס קינדער האָבען קיין גראָשען ירושה נישט גענוממען.

קיין דבר שבצדקה איז דערפון נישט געוואָרען!

די מקוה האָט עד היום קיין טראָפּף.

פון פרוכת פאַללען שטיקער!

איגנאַצע פאַשעט שוין 4 קיה אויפ'ן בית־עולם און ווערט נתעשר דערפון.

גאָר נישט! עס איז צו נישט געוואָרען!

איינמאָל האָבען זיי זיך שבת אַזוי איבער געגעססען אויף אַ סעודת מצוה, אַז עס האָט זיי געשאַדט; עס איז פריהער אַ לאַנגע צייט קיין שמחות נישט געוועזען, און זיי האָבען זיך צוגעכאַפּט מיט אַ מאָל צו קאַלטע פיש און פעט פלייש נאָך אַ האַלב יאָהר תעניתים...

ביי נאַכט האָט יעקיל־יענטים דער שכן זייערער, דערהאָרט קראָכצען; אָבער קראָכצען, אַז גאָטט זאָלל, שומר ומציל זיין!

ער איז אַריין —

זיי וואַלגערן זיך אויף דער ערד!

ער מאַכט אַ געוואַלד!

מען רופט אַ רופא, ער גיט אויף אָבפיהרען...

עס איז זיי אַ שאַד... זיי וויללען באין אופן נישט איינגעמען; ערשט אָבגעגעססען... און זיי זענען ביידע נפטר געוואָרען אין איין וואָך...

בעגראָבען האָט מען ביידע, אין פרעמדע תכריכים!

און אין קאַסטען זענען געלעגען עטליכע אַלטע העמדער, אַ פּאָר אָניצעס מיט אַ צוריסענען טלית־קטן...

און אין קעללער איז פולל געוועזען מיט שאָרבאַלעך, צובראָכענע פלאַשער און קרעמענים...

פריהער האָט מען אפילו געמיינט, אַז יעקיל האָט געהאַט און געמאַכט אַ קראַמץ; עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען, אַז ניין! ער איז ערשט נישט לאַנג נפטר געוואָרען אַ בעל־חוב איבער'ן קאָפּף...

עס איז גאָר פשוט: יענע לייט האָבען געגעבען און יענע לייט האָבען צו־
גענוממען!

שאַרבעליך, קרעמעניש, צובראָכענע פלאַשער דערפון געמאַכט!
וואָס זיי קאָננען, השם ישמרנו!

# דעם רבין׳ס ציביק.

אַללע, נישט דוקא אַלטע יודען, געדענקען נאָך, ווי ביי שרה רבקה׳ן,
האָט אַ מאָל געפעהלט, נישט דוקא קינדער, נור אפילו ברויט, רחמנא ליצלן! פשט־
פשוט — ברויט!

חיים ברוך אַלליין, דער מאַנן איהרער, איז שטאַנדיג געוועזען אַ גרויסער
חסיד; טאַקי פון דער התחלה אָן, זייט דער שווער זיינער (עליו השלום — איין
עהרליכער יוד געוועזען!) האָט איהן אַראָב געברענגט פון אונטער לובלין.

מען האָט באַלד געזעהען, אַז עס איז אַ כלי, אַ ברכה פון זיין ליעבען נאָמען;
אַז עס איז אַזוינס, וואָס, אויב עס ברענגט נישט משיח׳ן, צאַפט עס, וועניגסטענס,
משקה פון דער וואַנד!

ער האָט שוין אַזאַ צורה געהאַט!

אין די טיעפע, אונטערגעשלאָגענע אויגען האָט שטאַנדיג געציטטערט אַ מין
בעהאַלטען שיינדעל, גלייך עמיץ דרעהט זיך דאָרט אַרום מיט אַ ליכט אין דער
פינסטערע שטוב!

אַ בלאַסס פנים, נור ביי וואָס־עס־איז, האָט עס אויפגעבליהט ווי אַ רויז, אַזאַ
דינן הייטעל האָט ער געהאַט.

ביי די שלעפען האָט שטאַנדיג זיך עפּיס געוואָרפען, געקלאַפּט —

און מיט אַ פשוט׳ען יוזעפּאָווער גאַרטעל האָט זיך די בריאה 10 מאָל אַרום
גענוממען, אֶפשר מעהר!

פערשטעהט זיך אַלליין, אַז פון פשוט לערנען איז נישט געוועזען וואָס צו־
רעדען. אַזוינס געהט טיעפער און טיעפער: זהר, עץ־חיים... וואָס איהר
ווילט נור אַלליין!

מיט׳ן רבי׳ן, זאָלל לעבען, פלעגט ער אָבזיצען שעה׳ען לאַנג, און זיי האָבען

צווישען זיך אפילו קיין וואָרט נישט גערעדט, נור אַלץ אויפ'ן אויג, מיט'ן וואונק! גו, רעדט מיט אויגעם מכח פרנסה?

פאַר וואָס האָט'ן דער בית המדרש גערופען „חיים ברוך שרה־רבקה'ס", אָדער בקיצור: „שרה־רבקה'ס מאַנן"? פאַר וואָס האָט מען אָנגעהאַנגען אַללע „שערי בינה" אין טאָפף אַרבים מיט'ן ביסעל הייבען, מיט וועלכע שרה רבקה האָט געהאַנדעלט? איז טאַקי נישט צום פערשטעהן.

זי אַלליין, שרה רבקה, האָט געהאַט ווילד עגמת־נפש דערפון.

עס איז טאַקי — האָט זי געפיהלט — אַ כבוד, וואָס ער הייסט אויף איהר נאָמען, נור — זי האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז אַזוי ערנאָך קומט זי אָב, מיט'ן ביסל נחת אויף דער וועלט!

זי פלעגט גאַנץ אָפט, כמעט אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, קוממען אין בית־המדרש אַריין מיט'ן טאָפף אַרבים.

„חיים ברוך!" — שרייען די ישיבה־בחורים —, „דיין שפייזערן געהט!".

חיים ברוך, זעהט אוים, האָט נאָך געפיהלט איהר גאַנג אויף די טראָפּ! ער האָט שוין לאַנג פערשטעקט די צורה אינ'ם זוהר; איבערן שטאָנדער ציטערט נור דאָס פעטטע, פערפעדערטע שפיצעל פון דער יאַרמולקע. נור אפילו אויף דעם שפיצעל קוקט זי אויך נישט; זי קוקט בכלל נישט אין זיין זייט אַריין, זי וויל נישט זעהען ווי די שכינה רוהט איבער זיין לערנען, זאָללען זיך איהרע אויגען נישט פאַשען אויף דער וועלט. אַלץ — טראַכט זי — דאָרט! דאָרט, אויף יענער וועלט! אין האַרץ פיהלט זי דאָך אַ וואַרמקייט, אַ נחת.

טהייל מאָל פיהלט זי זיך כמעט אַ ביסל ווי שכור, ווי נאָך אויסטונקען אַ גאַנץ קעלעשיקל צוקקער־בראָנפען אויף אַ ברית.

די ישיבה־בחורים ווייסען דערפון אונ... נאַררען זי דעמאָלט אויף דער מאָס, נעהמען אַ גראָססערע רעשט, חאַפּען ביי'ן איהר אַזוי אַ ביסל אַרבים... אונ פערפאַללען!

פון בית המדרש געהט זי אַרוים ווי אויפגעוואַקסענער, גראָססער, מיט אַ העללערן, פרייערן בליק! עס איז גאָר נישט צו דערקעננען, אַז זי איז שוין אַ ווייבעל פון עטליכע אונ צוואַנציג יאָהר! — אָהן אַ קנייטש אויפ'ן שטערן, מיט אַ געריטעלט חנ'ודיג פנים'ל, גלייך זי איז ערשט פון אונטער דער חופה אַרוים!

אונ פון דעם טאַקי, אַז זי דערמאַנט זיך — האָט זי עגמת נפש.

עס וועט איהר, — טרויערט זי אין האַרץ, — גאָר נישט בלייבען אויף יענער וועלט. זי וועט אַרויפקוממען ווי איין אָבגעפליקטע גאַנז, אָהן אַ זכות אויפ'ן ליב... אונ וואָס טהוט זי דענן? זי דרעהט זיך אַרום מיט'ן טאָפף אַרבים אין גאַסס, צוטראָגט, פון איין דאָננערשטיג צום צווייטען, הייבען אין עטליכע

הייזער! וואָס האָט ער פון איהר?

כל זמן דער פאָטער, עליו השלום, האָט נאָך געלעבט און דאָס ראָדעל האָט זיך געדרעהט, איז געוועזען אַ דירה און צו עססען, און צו טרינקען, טאַקי — כּיד המלך. היינט? אויף אַללע שונאי ציון געזאָגט!

דער נדן איז ערגיץ פערפאַללען געוואָרען, דאָס הייזעל—פערקויפט!

אין דער פריה, פיש-גריץ — קאַרטאָפעל מיט וואַססער!

ביי נאַכט אַ יאַכיל מיט אַ נאָכטיגען בייגעל!

אָט, דאָס איז זיין עולם הזה!

שוין זיבען יאָהר, האָט זי איהם אפילו קיין קאַפּאָטע נישט געמאַכט...

פון פסח צו פסח — אַ היטל, אַ פּאָר שטיפעל, נישט מעהר!

משבת לשבת גיט זי איהם אַרוים אַ העמד; אומשטיינס געזאָגט — אַ העמד! שפינוועבס!

זי טראָגט שוין אַ ברילל דורך די העמדער: צערע און צערע און גאָר נישט...

„רבונו של עולם״,— טראַכט זי,— אַז מען וועט נעהמען אויף יענער וועלט, איין אות פון זיין תורה אויף איין וואָגשאָל, און אויף דער צווייטער וועט מען אַרויפלעגען אַללע מיינע יאַכליך מיט פיש-גריצען, מיט מיינע אויגען צוזאַממען... וואָס וועט איבערוואָגען?

זי ווייסט אפילו, אַז וואָס עס איז פערקניפּט אויף דער וועלט, איז פערבונדען אויף יענער אויך! אַז נישט אַזוי געשווינד טהיילט מען דאָרט אָב אַ מאַנן פון אַ ווייב! און ער וועט דענן לאָזען? אַזאַ ברילליאַנט ווי ער איז? זי זעהט דענן נישט, ווי ער ווילל דוקא, זי זאָלל אויך טועם זיין ביי'ם עססען... עס איז דאָך נאַרריש,— ער וועט דאָך נישט רעדען, נור מיט די אויגען ווינקט ער; און מאַכט זי זיך נישט ווייסענדיג, ברומט ער, ווי אין מיט'ן שמונה עשרה... ניין! לאָזען וועט ער נישט — ער וועט נישט בעשטעהן, ער זאָלל זיצען אויף דער פאַטער-שטוהל צווישען צדיקים און אָבות, און זי זאָלל זיך ערגיץ אַרומוואַלגערן אין עולם התהו, אין ווייסטע וועלדער...

וואָס העלפט עס אָבער? ערשטענס וועט איהר גלאַט זיין אַ חרפּה די אויגען אויפצוהעבען צווישען די אמהות: די בושה וועט זי פערברעננען!

צווייטענס, האָט זי קיין קינדער נישט... און—„יאָהרען ציהען, יאָהרען פליהען״...

זיבען יאָהר וואָהנען זיי שוין, נאָך דריי בעשריגענע יאָהר און — אַ גט!

זי וועט איהם רעדען דאָס אַנדערע ווארט?

איין אַנדערע וועט זיין פוסבאַנקעלע אין גן-עדן זיין, און זי וועט זיך, גאָטט ווייסט, מיט וואָס עס איז פאַר אַ שניידער, פינסטערן ערגיץ אין גיהנום...

וואָס? עס קומט איהר מעהר?

נישט איינמאָל קומט איהר אַ שניידער אָדער אַ שוסטער צו חלום און זי האַפּט זיך אויף מיט אַ יללה.

ער וועקט זיך אויף דערשראָקקען.

ביי נאַכט אין דער פינסטער רעדט ער אַ מאָל; ער פראָגט: וואָס איז?

נור זי אָנטפערט: גאָר נישט!

זי וויינט, בעט גאָטט, עס זאָלל איהר אַריין אַ ברכה אין די אַרבּיס אָדער אין די הייבּען.

און ער איז טאַקי געוועזען אַ בּריליאַנט!

אַ נאַרישע יודענע, טראַכט ער, אין וואָס איהר געהט דאָ! פון דעסט-וועגען — קלערט ער — דאַרף מען עפּיס צו טהון דערינגען! אָפּשר וועט זי גיבּער אַ מאָל עפּיס נעהמען אין מויל אַריין, פערגיננען זיך!

ער האָט געזוכט אין די ספרים און געזוכט. נור אָפט מאַכט זיך, אַז וואָס מען זוכט, געפינט מען דוקא נישט! אַזוינע זאַכען קוממען בהיסח הדעת, אומ-געריכט!

טהייל מאָל — דאַכט זיך איהם — אַז ער איז שוין אויף אַ דרך, איז איהם, מעשה שטן, עפּיס מבלבל, און ער מוז אָנהייבען זוכען אויף דאָס-ניי!

ער האָט זיך מישב געוועזען, צו מאַכען דערפון אַ שמועס מיט איהם, זאָלל לעבען!

עס איז אָבער שווער געגאַנגען.

איינמאָל האָט דער רבי נישט געהערט, פערטראָגען געוועזען; דאָס צווייטע מאָל, האָט ער געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, נישט אַהין און נישט אַהער; דאָס דריטטע מאָל האָט ער געאָנטפערט:

— הום! אַ ודאי וואָלט אַ יושר געוועזען! דערווייל איז אָבער עמיץ אַריין גע-קוממען און האָט איבערגעהאַקט.

נאָך אַ מאָל, איז ער עקסטרא געפאָהרען און געפרעגט: נו?

— נו! נו! — האָט דער רבי געאָנטפערט, און גאָר נישט.

איינמאָל אָבער זיצט חיים ברוך ביי׳ם רבי׳ן, ערב שבת, און גיט אַ זיפץ.

— קיין שטייגער, — באָזערט זיך דער רבי, — מיינם אַ חסיד זיפצט נישט. וואָרען טאַקי, וואָס?

— די הייבען! — אָנטפערט חיים ברוך.

— מען האָט שוין אין כל התפוצות ישראל חלות געבאַקקען, — אָנטפערט דער רבי! פרייטאָג נאָך צוועלפען רעדט מען נישט פון קיין הייבען!

שבת-צונאַכטס האָט שוין חיים ברוך אַרויסגערעדט בפירוש:

— רבי, מאַכט ער, — אפשר וואָלט איהר זיך מכנים געוועזען אין דער זאַך?
דער רבי ווערט ווייטער בּאָז:
— און דו — מאַכט ער — ביזט חולה? פאַר דיין תּפלה איז דער הימעל, חס ושלום, פערמאַכט?
חיים ברוך האָט בּפירוש געהערט „חס ושלום" און עס איז איהם אַראָב אַ שטיין פון האַרץ. פון דעסטוועגען איז ווייטער אַוועק אַ פּאָר חדשים און גאָר נישט...
אויף ראש השנה איז ער ווייטער געקוממען.
מוצאי יום-טוב גיט איהם דער רבי פלוצלינג אַ קלאַפּ אין די פּלייצעס בּפני קהל ועדה און פרעגט:
„חיים ברוך, וואָס פעהלט דיר?"
ער ווערט פערשעמט, און ענטפערט: „גאָר נישט!"
— שקר! מאַכט דער רבי, — דיר פעהלט עפּיס.
— וואָס? פרעגט חיים ברוך פערציטערט, און אויף דער צונג איז איהם שוין געלעגען: די „בּרכה אין הייבען און אַרבּים".
דער רבי לאָזט איהם אָבער נישט קוממען צום וואָרט און צאָהלט איהם אָב וואָרטער ווי פּערל:
— „דיר — חיים-ברוך — פעהלט — אַ — ליולקע-ציבּיק!"
דער עולם איז נבהל ונשתּומם געוואָרען.
— דו רויבערסט, — מאַכט דער רבי, — פון אַ פּיפּקעלע ווי אַ בּעל-עגלה!
חיים ברוך'ן איז אַרויס דאָס פּיפּקעלע פון מויל. ער האָט קוים אַרויסגע-שטאַממעלט:
— איך וועלל זאָגען שרה-רבקה'ן.
— זאָג, זאָג, — מאַכט דער רבי. זאָלל זי דיר קויפען אַ גרויסע ליולקע-ציבּיק... נעהם דיר מיט מיין יום-טוב'דיגע פאַר אַ מאָס; כּהויה זאָלל זי זיין.
און ער האָט איהם איבּערגעגעבּען זיין ליולקע-ציבּיק.
און דאָס איז עס געוועזען אין גאַנצען!
נאָך איידער ער איז אַהיים געקוממען, האָט מען שוין אין שטאָדטעל געוואוסט, אַז חיים ברוך פיהרט דעם רבּין'ס יום-טוב'דיגע ליולקע-ציבּיק...
— נאָך וואָס, נאָך וועגן? האָט מען געפראָגט אין אַללע גאַסליך, אין אַללע הייזליך.
— נאָך וואָס? האָבען געצאַפּעלט אַללע יודישע נשמה'ס? נאָך וואָס? און מען האָט זיך אַליין געענטפערט: מן הסתּם אויף קינדער!
חיים ברוך, דאַכט זיך, ליידט נאָך אויף דעם, וואָס אַללע לומדים ליידען, מן-הסתּם וועט דער רויך פון רבּין'ס יום-טוב'דיגע ליולקע אויף דעם אויך האָבען

אַ פּעולה! אַהאַ! נאָך עפּים: שרה־רבקה ליידט אויף די אויגען! צו 22 יאָהר טראָגט זי אַ ברילל; דער רבי האָט עס אַ ודאי אין זינן געהאַט, אַ קליינינקייט — חיים־ברוך'ס ווייב!

און גלאַט: צו וואָס העלפט נ י ש ט אַזאַ ציביק? און נאָך אַ יום־טוב'דיגער ציביק?!!

און נאָך איידער חיים ברוך איז אַראָב פון דער פוהר, האָבען איהן שוין הונדערט מענשען געבעטען, ער זאָלל באָרגען דען ציביק! אויף אַ חודש, אַ וואָך, אַ טאָג, אַ שעה, אַ מינוט, אַ רגע...

מען וויל איהן אָבגילטען!

און ער האָט אַללע געאָנטפערט:

— איך ווייס? פראָגט שרה רבקה'ן...

אַ נבואה איז איהם אַרוים פון מויל...

---

שרה רבקה האָט אַ וואול געשאַפט...

ח"י גדולים פאַר אַ ציה פון לוילקע־ציביק! ח"י גדולים, נישט אַ גראָשען ווייניגער!

און דער ציביק העלפט!

און מען צאָהלט, און שרה רבקה האָט שוין איהרם אַ הייזעל, אַ שאָן געוועל־בעל, אַ סך הייבען אין געוועלבעל, אַ סך אַנדערע סחורות.

זי אַלליין איז פוללער געוואָרען, געזונדטער, אויסגעגלייכט! זי האָט דעם מאַנן שוין נייע וועש געמאַכט, די ברילען אַוועק־געלעגט...

פאַר עטליכע וואָכען איז מען געקוממען נאָכ'ן ציביק פון פריץ וועגען! מען האָט אַנידער־געלעגט דריי זילבערנע רובל, ווי דענן!

— און קינדער? ווילט איהר וויסען.

— אַ ודאי! שוין דריי צו פיער... ער איז אויך אַ גאַנצער מענש געוואָרען...

---

און אין בית המדרש איז אַ שטאָנדיגער פלפול.

טהייל זאָגען, אַז שרה רבקה ו י ל ל נישט און ו ע ט נישט אָבגעבען דעם רבי'ן דען ציביק!

אַנדערע זאָגען, אַז זי האָט איהן שוין לאַנג אָבגעגעבען! און דאָס איז אַין אַנדערער...

ער אַלליין, חיים ברוך, שווייגט.

ולמאי נפקא מיניה? אַבי ער העלפט!



# יֶענְקֶעל פֶּעסִימִיסְט.



איין מאָל גיט יענקעל אַרוק מיט פּעס דעם „חובת הלבבות", וואַרפט אַרונטער דען קאָפּף אויף דער אָגלעהן פון באַנק אונ פערגלאָצט די אויגען צום סופיט.

דערביי האָט ער געמאַכט אַזאַ זויער־לאַנגוויילגע מינע אונ האָט זיך אַזוי פערקרימט, אַז עס האָט זיך גערדאַכט, אַז דאָס לעבען קריכט איהם אויס׳ן האַלז אַרויס.

— דאָס גאַנצע אומגליק איז, — זאָגט ער — וואָס בעל כרחך אתה חי! —

— יענקעל, וואָס איז מיט דיר? וואָס פעהלט דיר? אַ מאָנטיג צו אַ דאָנערשטיג?

— ער וויל מיר איינרעדען — אָנטפערט יענקעל בייז, אָנווייזענדיג אויפ׳ן אַוועקגערוקטען „חובת הלבבות",— אַז איך בין די קרוין פון דער גאַנצער טבע, אַז מען מיינט נור מיך. איך וואוהן מיר אין דער שאָנסטער דירה, די ערד איז מיין פאָדלאָגע, זונן אונ לבנה — מיינע הענגלייכטער, די שטערען — מיינע העסעם; די חיות, עופות אונ בהמות אונ אפילו וואָרם זעננען מיינע משרתים! נו, פעהלט מיר עפּים?

— וועלכער טאָג פעהלט דיר דאָרט?

— עה! עס גערט נישט אין די טאָג — האָט יענקעל געאָנטפערט, — איך האָב אַ שבת ביי בעריל קצב, איז ער מעהר ווערטה, ווי ערגיץ אַנדערש אַ גאַנצע וואָך...

זיין ווייב, די גראָבע שפּרינצע, שרייט נור: עסס! עסס!

זי וואָלט מיך אין גאַנצען אָנגעפּיהלט ווי אַ קישקע!

— עסס, עסס, יונגערמאַנן, — זאָגט זי, — וועסט דו כח האָבען צו לערנען; וועט דער זכות פון דיין תורה אונז ביישטעהן!

איך מוז שטודירען ווייטער קישקע, ווייטער קוגעל! אַבי יוצא זיין, אַבי דער זכות פון מיין תורה זאָלל זיי מציל זיין מדינו של גיהנם פאַר אַ ביין אַ צולאָג, פאַר אַ פּאַלשע וואָג, אונ אָפשר נאָך פאַר אַ גוט אוינ... ווייל איך זעה, אַז זי וואַרפט

אַ מאָל איין אויג . . .

— וואָס פֿעהלט דיר פֿאָרט, יענקעל? גאָטט איז מיט דיר!

— עס פֿעהלט מיר גאָר נישט, נור דאָס לעבען איז מיר נמאָס ומאוס, דאָס לעבען!

— נו, ווער לאָזט דיך נישט, יענקעל? מאַך איין עק!

— בעל כרחך אתה חי! — דאָס זאָג איך דאָך! און ער לאָזט נישט אראָב קיין אויג פֿון סופֿיט.

— ווי הייסט בעל כרחך? און וואו איז אַ מעססער, אַ חלף, אַ טייך, אַ שטריק? ווילסט אַ זיססען טוידט? — קויף דיר אַ צוקער־שטריקעל! אַ פֿרומען טוידט? — הענג דיך אויף אַ הענגלייכטער קעגען אָרון קודש!

יענקעל האָט זיך ביטטער צולאַכט.

— האָרט — זאָגט ער, — איך האָב שוין דאָס געקלערט, נאָך אין דער היים... איך האָב מיך געוואָלט, איין מאָל פֿאַר אַללע מאָל, אָבגט'ן מיט דער וועלט! פֿאַר וואָס — וועל איך אייך איין אַנדערס מאָל ערצאָהלען. די שאלה איז נור געווען ווי אַזוי?

אַמבעססטען — האָט זיך מיר געדאַכט — איז שיסען זיך!

איך האָב מיך געקאָנט מיט אַ יודישען זעלנער. נור אַז ער האָט געהאַלטען די ביקס אין דער האַנד, פֿלעגען מיר די פֿיס אַזוי ציטערען, אַז איך האָב באָין אופֿן נישט געקאָנט צוגעהן.

גלייך עמיץ האָט מיך צוריק געשלעפּט ביי די האָאָר.

אַ מיר אַ קעגען אַ מיר האָט מיט אונז געוואוינט אַ שוחט; איך האָב אַ מאָל געפֿריבט ביי איהם אַוועק שניפּען דען חלף... איך האָב מיר תוך כדי דבור ס קאַליטשעט אַ פֿינגער און שיער נישט געבליבען חלשות.

פֿאַר קאַלט קאַססער, ווייסט איהר, האָב איך עד היום מורא.

איז ביי מיר געבליבען, איך זאָלל מיך האָנגען.

איך בין אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿ'ן שוהל־בוידעם, דערלאַנגט אַ שטריק און האָב שוין אפילו געהאַט די פעטלי אויפֿ'ן האַלז, בין איך אָבער פלוצלינג אַזוי דאָרשטיג געוואָרען, אַז איך האָב געמוזט לויפֿען טהוען אַ טרונק קוואַס.

דערווייל האָט מיך די מאַמע געשיקט קוילען איין עוף און איך האָב מיך עד היום נאָך נישט געהאַנגען.

מיר האָבען זיך אַללע צולאַכט: „ווער איז דיר שולדיג, אַז דו ביזט אַ בעל־פחדן?"

— ווער? אפשר בין איך שולדיג? איך וויל עפּיס מורא האָבען? וואָס איז, איך ווייס דענן נישט, אַז וואָס פֿריהער איז געזונדטער? איך גלויב באמונה

שלמה, אַז דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס אַ מענש קאָנן טהוען אויף דער וועלט.

איך נעהם צוזאַממען אַללע מיינע כּחות, איך זאָלל קיין מורא נישט האָבען; דער „בּעל כּרחך אתּה חי" ליגט אָבער ערגיץ טיעף פערבאָרגען אין האַרצען, אונ אַז עס קומט צו עפּיס — שווימט ער אַרויס, איז ער דאָ!

מאַכט ער, עס זאָללען מיר ציטערען די פיס.

שלעפּט ער מיך ביי די האָר.

רוימט ער מיר איין אַ סוד, אַז איך בּין דאָרשטיג...

נישט איך בּין שולדיג! —

— אונ אַמאָל — זאָגט וויי‌טער יענקעל — האָב איך איין אַנדער מין מורא: איך טראַכט מיר: ווער ווייסט? אֶפשר דאַרף איך וויי‌טער לעבען אויפ'ן עולם הדמיון? זיין דאָרט אַ ישיבה בּחור; עססען דאָרט איין מאָל אין דער וואָך אויף זעכס טאָג קישקע, אַבי מזכּה זיין בּעריל קצב'ס ווייב! אַ קשיא אויף אַ מעשה? אונ אֶפשר נאָך, נאָך די יסורי מות, נאָכ'ן ביטערען טראָפּען אונ נאָך חבוט הקבר, וועלל איך ערשט מגולגל ווערען אין איין אָקס, אין אַ קאַלב, אונ מען וועט מיך פיהרען, הונגעריגערהייט, אויף אַ שטריק אין שחט-הויז אַריין?...

איך וועלל אַרויסשטעקקען די צונג צו יעדען גראָזעל, צו יעדען טראָפּען וואַססער אין דער בּלאָטע, אונ עמיץ אַ בּעריל קצב וועט נאָכגעהן מיט אַ פּאַלקע אונ וועט טרייבען, טרייבען...

ערשט שפּעטער וועט קוממען אַ פרומער יוד... וועט פערגלאָצען די אויגען, מאַכען אַ בּרכה, אונ — חיק!

יענקעל איז געוואָרען בּלייך ווי די וואַנד; אַ קאַלטער שוויים האָט איהם בּעדעקט דעם שטערען.

איהר לאַכט — זאָגט ער מיט אַ הייזעריג קול, — איהר לאַכט? באשר דער רמב"ם זאָגט ניין? דער אר"י זאָגט דאָך אָבער יאָ! אונ שלמה המלך, דער אמת'ער חכם, זאָגט פאָרט נישט מעהר ווי „מי יודע?!"...

ווער ווייסט? ווער קאָנן עס וויססען?...



# פּורים־שפּיעלער.

איך וואָהן אין אַ שטילל הויז, ווייט פון רוישענדיגען גרזיבאָוו, פון די זיערעדיגע נאַלעווקעס. ווענן נישט, וואָס טהייל מאָל פערבלאָנדזשט אַריין אַ „האַנדעל־האַנדעל!", וואָס טהייל מאָל צופּט אַ וועגדראָוונע סטאָלאַר ביים ציגנעל פון דער זעג, אַ שלייפער קלינגט מיט'ן האַמעריל אָן איין אייזען, אָדער אַ צושויבערטע דיענסט־מויד, מיט אַללע כחות, קלאַפּט אויס אַ דיוואַן, אָדער בעט־געוואַנד, וואָלט ביי מיר אין שטוב „שטילל געוועזען ווי אין רייוועץ". די מוזע וואָלט מיך אויף אַ רגע נישט פערלאָזט, איך וואָלט די וועלט פערגאָססען מיט געזאַנג.

הערט זיך אָבער דאָס קלענסטע גערודער פון הויף, ווערט די מוזע פערשוואונדען!

די פעדער פאַלט אַרויס פון צווישען די פינגער און איך בלייב זיצען מיט לערע מוח און האַרץ; אָהן געדאַנקען, אָהן געפיהל, ווי „אַ שטייג אָהן עופות".

דעמאָלט בלייבט מיר נישט מעהר, נור אויפצוהויבען דען קאָפּף מיט די אויגען צו זאַממען און צוקוקען, מיינע שכנים פון געגען־איבער, אין די פענסטער אַריין.

געגען איבער, אויפ'ן צווייטען שטאָק, וואָהנט אַ יונג, רייך פּאָר פאָלק.

ביים אַריינציהען זיך, האָט מען געבּרענגט אַ פאָרטעפּיאַן, טירקיש. יאַפּאַניש און היימיש מעבעל, טייזענד מאָדע זאַכען, שאָנע קלייניגקייטען, און אַלץ איז געוועזען ניי פון דער נאָדעל.

דערנאָך זעננען זיי אַלליין געקוממען.

ער—אין אַ צילינדער, זי—אין גאזען מיט בלומען; אַלץ—שפּיגעל־ניי, אויסער זיין פנים, וואָס האָט אויסגעזעהען אַלט. נאַטירליך — געאַרמט.

אויף די טרעפּ (וואָס האָבען אויך אַ פענסטער ווי־זאַ־ווי) האָט מען זיך אָבגעשטעלט, געלאַכט אַ ביסל, געקושט —

טועמיה חיים זכו!

וואָס עס טהוט זיך אין דער נאָסט, (וואָס די ליעבע האָט אויסגעפלאָכטען, מיט נדן, נור אָפשר אָהן אַ שדכן), ווייס איך נישט,—טאָפּפּעלטע, זיידענע גאַרדיענען...

איינמאָל האָט אַ קאַטאַרינקאַרזש אַ פויערישען טאַנץ געשפּיעלט, און די

קאָטאַרינקאַ איז אַ וואונדערליכע געוועזען, — זי האָט אַרויסגעגעבען קולות ווי פון אַ האַרפע, ציטערדיגע, העללע נור טרויערדיגע.

די גאַרדינען האָבען זיך צושפרייט, אין פענסטער האָט זיך בעוויזען אַ יונג בלאָנד קעפעל און האָט זיך איינגעהערט צו דער מוזיק.

דערנאָך האָט זיך צו׳ן איהר פון אונטען צוגערוקט אַ גאָלער קאָפף, וואָס איז צוגעפאַללען מיט די ליפען צום אויסגעבויגענעם פרישען האַלז.

דער גאָלער קאָפף מיט די ליפען זעננען זיינע, נור דאָס בלאָנדע קעפעל האָט געהערט צו דער דיענסט, צום שאָנעם דאָרפס מאָדעל, וואָס האָט דערהערט אין דער מוזיק אַ גרוס פון דאָרף, וואָס האָט דערפיהלט אין איהר דעם ריח פון די לאָנקעס און פעלדער...

עס האָט זיך איהר אַוודאי, אַ טרעהר אין די אויגען פערדרעהט.

---

פאַר דאָס, אויפ׳ן ערשטען שטאָק, זעננען קיין גאַרדינען נישט דאָ; איך זעה אַלץ, וואָס עס טהוט זיך דאָרט.

אַ גאַנצע וואָך איז שטילל און לעער; זי איז אין געוועלב, ער — אין גאַסס. דאָס אַלט־פראָנקישע, געבעטטע כאָבעל איז איבערגעצויגען מיט ווייסע ציכליך.

טהייל מאָל לויפט אַריין די דיענסט פון קיך, מיט אַ קיישעל אין דער האַנד און אַ שאַלל אויפ׳ן קאָפף, ווארפט איין אויג אין אַלט־מאָדישען שפיעגעל אַריין, און האַלט זיך מיט איהם איין עצה, צו קאָנן מען אַזוי אַראָבלויפען אין גאַסס אַריין, אָדער מען מוז זיך אָבוואַשען דאָס פנים?

דאָס פנים, זעהט אויס, געפאַללט איהר.

מיר דאַכט זיך, אַז איך דערזעה אין שפיעגעל, ווי אַ צופריעדענער שמייכעל צוגיעסט זיך איבער די זוממער־פלעקקען; מיט די נישט פערקאָמטע האָאָר האָט זי דאָך צו טהון; זיי ווילּלען זיך נישט האַלטען אונטער דער שאַלל.

זי לויפט אין קיך אַריין, און קומט צוריק מיט איינגעשמירטע האַנד מיט פוטטער אָדער שמאַלץ; די פעטטע, אויסגעשמירטע האָאָר לעגען זיך שוין בשלום אונטער דער שאַלל, און דאָס, וואָס מען זעהט אַרויס, גלאַנצט אַזוי חנ׳ודיג!

ענדליך, איז די דיענסט אַוועק און אַ מייזעל בעוויזט זיך פון אונטער, דער גרויסער, שווערער קליידער־שאַנק. עס קוקט זיך אום מיט גלאַנצענדיגע, אונרוהיגע אויגען אין אַללע זייטען...

די קאַנאַפע, די שטוהלען שווייגען, דער טיש איז לעער. די זילבערנע טאַץ מיט די גלאָזער, וואָס קוקען אַרויס פון שויבען־שאַנק, ריהרען זיך נישט פון אָרט. דאָס בשמים־שקאַטעלע מיט׳ן חנוכה־לאָמפעל אין צווייטען פאַך זעננען אויך נישט

שרעקליך; מען האָרט קיין געריודער, קיין שאָרך.

און דאָס מייזעל שפּרינגט אַריבער און ווערט פערשוואונדען אין קיך-טהיר.

עס איז ווייטער שטילל... ביז פאַרנאַכט.

דעמאָלט קומט דאָס פאָר-פאָלק אַהיים, עסט אָב און ווערט פערשוואונדען אין טהיר פון שלאָפצימער...

קיין ספרים-שאַנק זעה איך נישט. אויף דער וואַנד האָנגט אַ מזרח מיט שראַק-ליבע לייבען, רעכטס — אַ לוח, אויף דער גרויסער קליידער-שאַנק ליעגען עטליכע ספרים.

איך דערקענן זיי.

אין אַ וויים ביינערנער בונד ליעגט איהר דרשה-געשאַנק — אַ סידור מיט עברי טייטש. דיקקער און ברייטער איז דער „צאינה וראינה" מיט די צושויבערטע שפּיצען... אין דער צווייטער זייט דערקענן איך זיין דיקקען „אורח-חיים", דער-נעבען ליעגען עטליכע דיננע ספרים, דאָס מוז זיין: אַ תּקון שבועות'ל, אַ הגדה'לע, אַ מגילה... אין דער מיטט, מיט די זילבערנע רוקקען אויפ'ן פראָנט, שטעהען חמשה חומשי תורה, צוויי מחזורים... אויסער דעם, וואַלגערן זיך אַרום עטליכע שמות, קענטיג — איהרע תחנות, און שוין!

דאָס איז די גאַנצע ביבליאָטעק פון „פראָסטען יוד"... שטילל און ציכטיג... נור נישט שטענדיג.

פרייטאָג ווער איך נערוואָז פון פיש-האַקקען.

פאַר פסח בין איך שיער נישט אוים דער הויט געשפּרונגען פון שאַררען, רייבען און קראַצען.

די בעל-הבית'טע מיט דער דיענסט צוזאַממען האָבען זיך עטליכע טאָג גע-וואַלגערט אויף די פאָדלאָגעס און מעשים געטהון!

שבועות האָב איך מיך איבערציינגט, אַז „ריחא מילתא היא"; איך האָב גע-האַט אַ פוללע שטוב מיט געבאַקקענעם קאָז, ראָדזינקים און נישט פרישער פוט-טער...

סוכות, האָט ער אַזוי לאַנג אויסגעלעגט דען סכך, עס זאָלל נישט זיין, נישט צופיעל זונן און נישט צופיעל שאָטטען, ביז ער איז אַראָב געפאַללען פון לייטער און ווען נישט, וואָס „שלוחי מצוה אינן ניזוקין", וואָלט ער זיכער געהאַט אַ לאָך אין קאָפּף.

דערנאָך ערשט האָט ער, זינגענדיג אַ מאַרש אונטער דער נאָז, אַרויף געטראָ-גען אַ לולב מיט איין אתרוג...

שבת און יום-טוב שלאָפט מען, אָדער מען נעהמט אויף גאָסט מיט איינגעמאַכטס און פרוכטען...

דעמאָלט זעה איך דאָס מעבעל אָהן איין איינהיעל: געלע פֿיגעל און גרינע בלאָטטער —

און דעם פּראָסטען יוד מיינעם בין איך אַ גאַנץ יאָהר מקנא!

„מעשה־בראשית", „מעשה־מרכבה", ווי, להבדיל — פּאָליטיק און אַנדערע „קוועסטשען" זעננען נישט זיין דאגה...

פרנסה גיט גאָטט, ער אַלליין מוז זיך צוריהרען, אויך די האַנד טהוען אין קאַלט וואַססער אַריין, נישט מעהר!...

קיין קינדער האָט ער נישט, אָדער ער האָט זיי שוין פֿערזאָרגט... און לעבט זיך רוהיג און וואַרט אויף משיח'ן!

ער האָט נישט קיין וויטע האָריזאָנטען, פֿאַר דאָס אָבער — אַ זיכערן, גלייכען וועג פֿון וויעג ביז אין קבר אַריין...

קיין מסופּק'ער „יתום" מיט'ן קופּפּערן פּיסקעל דרעהט איהם נישט אין מח... ער האָט קיינמאָל קיין שאלה נישט אָהן אַ גרייטען תירוץ פֿאָראויס.

די פֿריהערדיגע דורות, האָבען איהן אויף אַללעם מיט תשובות פֿערזאָרגט, און האָבען זיי בפירוש אויפֿגעשריעבען...

מען האָט איהם איבערגעלאָזט אַ צוָאָה, ווי אַזוי ער זאָלל זיך פֿיהרען; ווענן ער זאָלל שלאָפֿען, ווענן וואַכען, ווענן לאָזען וואַשען די פֿאָדלאָגע, ווענן און וואָס צו קאָכען... ווענן איינגעמאַכטס צו פּרעגלען, ווענן אַ ביסל וויין צו טרינקען, ווענן ברייט און ווענן שמאָל צו זיטצען...

און מען האָט איהם פֿערשריעבען:

וואָס ביי גאָטט צו בעטטען, וואָס לייט צו ווינשען...

און אויפֿ'ן גאַנצען לעבען אַ גרייטע רעצעפּט...

אויף יעדען פֿעסטערן קלאַפּף פֿון הארץ — אַ גרייטע אשה, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

מאַכט זיך איהם עפּיס אַ שאלה, קוקט ער אַריין אין לוח, אין סדור „דרך חיים"! האָכסטענס לויפֿט אַריבער די דיענסט צום דין, וואָס וואוהנט אין דער צווייטער גאַסס, און ברענגט אַ קלאָהרע תשובה...

זיין ערד רוקט זיך איהם קיינמאָל נישט אַפֿער פֿון אונטער די פֿיס; זיין הימעל וויל נישט איינפֿאַללען, זיין וועלט שטעהט שטאָהל און אייזען, און זי וועט אַזוי שטעהן — ביזען אֶלף השישי...

וואָס נאָכען אֶלף השישי וועט זיין — זאָלל גאָטט זאָרגען!

דערביי וועט איהר איהן קיינמאָל ביי קיין ליגען נישט חאַפּען, ווייל ער זאָגט אייך קיינמאָל נישט צו אויף זיכער, — „אַז גאָטט וועט שענקען דאָס לעבען", וועט ער „בלי נדר ומסקנא"... אָפּשר ריהרען זיך פֿון אָרט...

אַזאַ מענש, כּל זמן ער איז געזונד און האָט ווי עס איז פּרנסה און איין נישט איבעריג שלעכט ווייב, איז געוויס גליקליך!

ערשטענס האָט ער זיך נישט מיט וואָס שאַמען.

דאָס פענסטער איז זוממער אָפּפען, ווינטער און זוממער מיט גאָר נישט פערהאַנגען... הימעל און ערד מאָג אַריין קוקען. איך בין זיכער, אַז ער האָט קיין גלאָק און קיין קלאַפּ־שלאָס נישט ביי דער טהיר... ער פערמאַכט זיך נישט, הייסט צו זיך פריהער נישט קלינגען, ער זאָלל צייט האָבען עפּיס צו בעהאַלטען... פון עפּיס אָבצושפּרינגען...

איך קוק טאַקי פראַנק און פריי אין דער איינפאַכער, אַלטמאָדישער נאָסט אַריין, וואו דאָס שטיללע גליקק האַריוועט זיך — אויף געלע פייגעל און גרינע בלאַטער...

היינט אָבער איז דאָרט לוסטיג. פורים איז היינט...

וואָס מאַכט איהן אַזוי פריילך, אַזוי לאַכענדיג? וואָס בייגט איהם אַזוי איבער די ליפּען, אַז עס ווייזען זיך איהם אין איין זייט די שפּיציגע צאָהן? וואָס איבערגעהען איהם די אויגען? זיין לעבען איז אַזוי איינפאַך, אַזוי פראָסט, אַז קוים קומט עמיץ און פערשטעלט זיך ווי עס איז, קנאַקט ער שוין פאַר לאַכען!

אַ פורים־שפּיעל!

ווילדע תּנועות, נישט פּאַסענדיגע זאַכען, און ער מיינט, פאַר איהם איז עס אַ ראַריטאַט, עס איז כּדאי זיך צו צוקוקען!

דען פורים־שפּיעל געדענק איך פון דער היים, פון די קינדער יאָהרען.

עס קומט אַריין צו שפּרינגען אַ יונגער קונדאָס מיט צוגעזעצטע באָרד און פּאות און אַ גאַליציאַנער קאַפּעליוש אויפ'ן קאָפּף.

ער שפּילט איין אַרענדאַר, רעדט סאַמע לשון־קודש וואָרטער און נישט צו דער זאַך...

עס שפּרינגט אַריין אַ חסיד'ל (נאַטירליך — אַ פערשטעלטער) מיט משוגענע תּנועות: פּאַטשט אין טיש, אין די וואַנד אַריין, שפּרינגט ווי אַ ציעג, שלינגט איין די פּאות און שפּייט זיי אויס, פערגלייסט אַ פּאָר קאַלבערנע אויגען צום באַלקען, און טאַנצט מיט התלהבות, אַז די האָהר ברעננען.

און אַללע פורים־שפּיעלער זאָגען אָדער מיינען דאָס זעלבע:

היינט איז פורים,
מאָרגען איז אויס;
גיבט מיר אַ קראָפּיל
און וואַרפט מיך אַרויס!

איך דרעה אוים דעם קאָפּף אונ קוק צום שכן פון צווייטען שטאָק...

פון פענסטער רייסט זיך אויך אַרוים מוזיק, נור דאָס זעננען נישט קיין פורים־שפּיעלער, קיין פורים כּלי־זמר...

עס איז אַ באַלל אויף אָרימע לייט!

איך האָב אויך אַ בילעט בעקוממען.

עס רימפּעלט אַ פּאָרטעפּיאַן אונ אַרום דער קונציגער מעלאָדיע ציעפּען אונ וויקלען זיך, ווי „נאַכוועהען", די דאַמפּיגע בויך־טאָנער פון דער פּיאַנע. עס דער־מאָנט מיך אָן שבת'דיג צושויבערטע האָהר אַרום נאַכטיגען, קונציג געפלאָכטענעם קראַנצעל... אַרום יעדען דוננער קאָללערט זיך אַ מין גראַבּצען (עס בייזערט זיך אַ גאַטט; טייוולאָנים לאַכען!) אונ אַרום יעדען טרעלל פון אַ פויגעל, קוואַקען עטליכע שאַקק היהנער...

די טאַנצענדיגע פיס וואַלטען קיינמאָל אין דעם ווירוואַר פון רוישען אונ טאָ־נער, די מעלאָדיע נישט געחאַפּט, ווענן נישט דער סמיציעק וואָס האַקט זיי פון אַ הייזעריגער פּיעדעל די טאַקטען, ווי איינציגע פּאַרפעל...

די פּיעדעל קאָנן איך אויך...

איך קאָנן די מאָגערע פּער'חלש'טע האַנד, וואָס דריקט זי צו צו דער פיי־פּענדיג־שוואַכער ברוסט — איך האָב נור איהרע אויגען נישט געזעהען, ווייל גאָטט האָט זיי איהר פּערגעססען צו אָפּענען.

פּערשלאָפען קומט זי אַריין אונ לאָזט זיך צופיהרען צו דער פּיאַנע. פּערשלאָ־פען שפּיעלט זי, פּערשלאָפען פיהרט מען זי שפּעטער ערגיץ אין אַ פינסטער ווינקעלע אַריין, אונ מען גיט איהר עססען. איהר איז דאָך אַלץ איינס, אונ ביי די גרויסע, וויים־געדעקטע טישען אין ליכטיגען סאַלאָן, איז ענג...

דערנאָך טרעפט זי אַלליין צוריק צום פּאָרטעפּיאַן... פּאַרטאָג וואַקקעלט זי זיך, צוריקגעהענדיג, איבער דער גאַסס, אונ טרעפט אַרויף צו'ן איהר שטיבל אויפ'ן פּיערטען שטאָק...

---

אונ וואָס פעהלט אונזערע אָרעמע לייט?

אויפ'ן ערשטען שטאָק טהיילט מען קליין־געלד; טהייל מאָל קריגט מען נאָך אַ טרונק בראָנפען מיט אַ שטיק פורים־קוכען...

אויפ'ן צווייטען שטאָק טאַנצט מען אויף זייער חשבון...

דאָס אונרוהיגע בעלי־בתי'שע געוויססען טהוט וואָס עס קאָנן!

פרומע אונ נישט פרוממע ווילען פּערשיטטען, מיט מצות אונ מעשים טובים,

דען אָבגרונד, וואָס דער שווינדעל האָט אויסגעגראָבען צווישען אָרעם און רייך...

נאָך אַ שטיין, נאָך אַ ביין!

נור די אַלטע צדקה איז ווענינגסטענס עקאָנאָמישער...

מיין פּראָסטער שָׁכן עסט אַ מאָלצייט פֿאַר א רובל און צוטהיילט 5—6;

דאָ קאָסט אַ קלייד אויפ'ן באַלל 25 רובל און דערפֿון פֿאַלט אויפ'ן אָרעמאַנן 25 קאָפּ'...

נור דאָס איז שוין „לוקסוס", און דען לוקסוס וואַרפֿען מיר אויך אין אָבגרונד אַריין! ביים קלייד אַרבייטען דאָך אָרעמע נייטאָרען! און נאָך צוויי־דריי באַללער, קויפֿען עס דאָך אָב אָרעמע כּלות...

נאָך אַ שטיין! נאָך אַ ביין!

אויסער דעם, ווערען אויף אַזאַ באַלל יונגע לייט בעקאַנט מיט יונגע מאָדכען און אַזוינערנאָך קאָנן מען זיך בעגעהן אָהן שדכנים; אויך איין איינ־ברענגעכטס!

נור ווער עס וויל, זאָלל זיך ענטציקקען דערמיט — איך נישט.

אין גריכענלאַנד האָט מען אויך מיט מענשען געהאַנדעלט!

דער סוחר האָט אַרויסגעפֿיהרט אויפ'ן מאַרק אַ שאָקק נקבות, אין לייכטע איינ־היללען, אין גן־עדן קליידער.

איז געקוממען אַ קונה, האָט מען איהם די סחורה געוויזען און געלויבט; מען האָט זי פֿאַר איהם געדרעהט אויף אַללע זייטען, געוויזען אַללע מעלות און קונציג פֿערשטעלט אַללע חסרונות...

די פֿערקויפֿטע נשמה האָט געשוויגען.

אונטער דער ערשטער בייטש ערשט, האָט זי גערעדט.

אונטער דער צווייטער — געזונגען.

אונטער דער דריטער — געטאַנצט.

דער קונה מוז דאָך וויססען, אַז אויסער קליינע פֿיסלעך און האַרטע בריסטען, וועט ער נאָך האָבען אַ היבשע פּאַרציע רוחניות!...

היינט טהוט עס די שקלאַפֿין אליין...

זי אַלליין רוקט אַרוים קונציג איהרע פֿיסלעך פֿון אונטערן קלייד; זי אַלליין בלאָזט זיך אויף, וויפֿיעל מען דאַרף, מען זאָלל זעהען ווייניג, נור שטויסען זיך — מעהר, ווי עס איז —... זי אַלליין רעדט ווי איין אָנגעבונדענע, זינגט ווי אַ פֿרייער פֿויגעל, טאַנצט זוי אויף אַ טאָקעניש, און טהוט אַלץ, אַלץ, אַבי זיך צו פֿערקויפֿען...

אין גריכישען לעבען איז ווענינגסטענס קיין וואָטע נישט געוועזען...

---

דער שדכן איז נור אַ ליגנער, און, ווייל ער נאַררטביידע צדדים, האָט ער סוף כל סוף קיינעם נישט אויף דעם געוויסען, — נור עפּיס אויף דעם געוויססען דאַרף האָבען די מאַמע, וואָס פיהרט אַרום די טאָכטער „אין דער וועלט אַריין", זי פּטור צו ווערען, און די טאָכטער, וואָס לויפט זיך פערקויפען...

וועגען „חופּה קליידער" פערצאָהלט מען אַזאַ מעשה:

איינמאָל האָט אַ „באַלל אויף אָרעמע לייט" חתונה געמאַכט אין אַלט נייי־מאַרין־מאָדעל, וואָס איז שיער נישט בלינד געוואָרען ביי דער נאָדעל.

די אַללע הייזער, וואו מען האָט זי בלינד געמאַכט, האָבען זיך צוזאַממען געלעגט, אויסגעזוכט און אויסגעטאַנצט איהר איין אַלטען אַלמן פאַר אַ רובל 45.

אַ חתונה־קלייד האָט מען איהר געקויפט...

דורך דער גאַנצער צייט האָט די נייטאָרין זיך נישט אַריינגעמישט, גלייך מען מיינט נישט זי.

די גאַנצע צייט, ביז צו דער חופּה, איז זי געלעגען אויפ'ן בעטט און צו־געלעגט זיך ניקס־וואַססער.

זי האָט דען חתן נישט געדאַרפט, נישט געוואָלט און אָפּשר נישט געקאָנט זעהען...

„אַ שטיק האָלץ, רחמנא ליצלן, אַ שטיין", האָבען איהר חבר'טעס געזאָגט.

„דאָס פערשטעהט דען צו דאַנקען?", האָבען די בעלי־טובות געזיפצט, און געשיקט די מצוה אויסצוטווישען אויף לויתן אין הימעל אַריין, אָדער אויף כבוד צום קוריער־וואַרשאַווסקי...

נור ערשט, אַז מען האָט אַריינגעבראַכט דאָס אָבגעקויפטע חופּה־קלייד, האָט זי אויף דער פערגעלט ווייס־אַטלעסענער שמאַטע געוואָרפען איין אויג, און — שדים זעננען אין איהר אַריין — זי רייסט זיך ביי דער ברוסט, זי רייסט זיך אויס די האָהר, און ברעכט אויס אין אַ קראַמפּפהאַפט געוויין...

עס האָט לאַנג געדויערט, איידער מען האָט זי בערוהיגט, איידער מען האָט פון איהר צוריק געמאַכט אַ שטיק האָלץ אָדער אַ שטיין, און געפיהרט צו דער חופּה —

נור דאָס קלייד האָט זי דערקענט... זי האָט עס אַלליין געניית, זי געדענקט פאַר וועמען... זי איז דערנאָך אין סינאַגאָגע אַריינגעגאַנגען זעהען, ווי דער בלאַנ־דער מלאך וועט אויסזעהען אין געפעל פון העלבלאָהע גאָזען און ווייסע שפּיצען...

און — זי האָט אין איין וועגס דען חתן דערקענט...

נור די וועלט פיהרט זיך שוין אַזוי! רייכע כלות בענייען די חופּה־קליידער פאַר אָרעמע נייטאָרען און אָרעמע נייטאָרען בענייען די חתנים פאַר רייכע כלות...



# די פֿערשאָלטענע ברונען.



אין שטאָדטיל, אין סאַמע מיטען מאַרק שטעהט אַ ברונען, און דאָך נוטצען יחידי־סגולה טייך־וואַססער, וואָס מען פֿיהרט פֿון אַ האַלבע מייל פֿון אונטער דער שטאָדט!

דאָס טייך־וואַססער איז פֿון סאַמע „וואָדאָפּאָי״ — בלאָטיג, מיט אַ שלעכטען ריח, און דאָס ברונע־וואַססער, איז דוקא ריין ווי גאָלד!

אייך וואונדערט אַ ודאי, פֿאַר וואָס מען טרינקט שלעכט טייך־וואַססער, אַז מען קאָנן האָבען גוט ברונען־וואַססער? וועלל איך אייך איבערדערצאָהלען, וואָרט ביי וואָרט, די מעשה פֿון דער ברונען, וואָס איך האָב פֿון ר׳ אליעזר׳ס, דעם שמש׳ס, אייגען מויל געהאָרט.

און דערצאָהלט די מעשה האָט ער מיט שרעק און שטאָלץ צוזאַממען. די מעשה איז טאַקי שרעקליך, און דאָך, איז ער שטאָלץ דערויף, אויף זיין שטאָדטיל, אין וועלכען אַזוינע מעשות טרעפֿען זיך!

— פֿאָהרט אוים — זאָגט ער — אַ האַלבע וועלט, וועט איהר אַזאַ מעשה נישט האָרען!

---

— אָנגעהויבען האָט עס זיך אין יאָהר...

נור דאָס יאָהר האָט ער פֿערגעסען, און איהר מוזט אייך בעגעהן אָהנ׳עם יאָהר. געוועזען איז דעמאָלט סליחות־צייט.

נו, אַ שטאָדט איז אַ שטאָדט, ס׳איז דאָ פֿיינע יונגע לייט, פֿיינע בחורים; עס איז דאָ, ווי דער שטייגער איז, לאָבאַסעס אויך...

געהענדיג צו סליחות, פֿינסטער איז נאָך, דאַרף מען דאָך אַ ביסל שטיפֿען, שטיפֿט מען מיט׳ן בכור, און אַ בכור האָבען מיר דעמאָלט געהאַט אַ זעלטענעס, ממש אַ גבור! מיט איין שפּרונג פֿלעגט ער איבערקעהרען קינד און קייט אין גאַסס.

אַז מען שטיפֿט מיט׳ן בכור, הייבט מען איהם אָן צו יאָגען, נאָכוואַרפֿען שטיינער.

דער בכור שטעלט זיך אַקעגען; חברה איז אָבער גרויס, מאַכט דער בכור פּליטה.

יאַגט מען איהם נאָך; מיט שטיינער, מיט שטאָקענס, און דער בכור פליהט פייל פון בויגען אַהער און אַהין, אַהער און אַהין...

פּונקט דאַרף זיך טרעפען, אַז דעמאָלט איז די ברונע קאַליע געוועזען.

נאָך אַ צייט פריהער, האָט דער וואָיט געמאַכט איין אַנשלאַג, צונויפגעקלאַפּט די מטבע, און דערווייל צונוממען די צעמברינע; שטעהט די ברונען אָפען.

די ברונען שטעהט אָפען, און גאָטס העלפט, דער בכור פאַלט אין דער אָפענער ברונע אַריין.

חברה האָט נישט געוואוסט, וואו דער בכור איז אַהין געקוממען; זעננען זיי זיך צולאָפען יעדערער זיין וועגס.

מען שטעהט אין בית־המדרש ביי סליחות, אונזער ר׳ יונה׳לע צולאָזט זיך ביי׳ן אַ תפלה, און דאָ האָרט זיך פלוצלינג פון גאַסס אַ געשריי, אַ יללה, אַז גאָטט זאָלל שומר ומציל זיין!

וואָס טראַכט מען?

אַ יודענע געהט, לא עליכם, שווער צו קינד, אָדער, חס ושלום, איין אַנדערע צרה...

מען האַפּט געשווינד אָב די סליחות, מען לויפט אַרויס, מען האָרט זיך איין, — אַז דאָס קול געהט פון דער ברונען...

וואָלט די ווייסע חברה אויסגעזאָגט, אַז זיי האָבען געשטיפּט מיט׳ן בכור, וואָלט מען זיך אָפּשר געשטויסען, אַז דאָס ליעגט ער אין ברונען; האָבען זיי דאָך אָבער מורא פאַר טאַטע־מאַמע; שווייגען זיי, און אונז האָט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט איינפאַלען, נור אַ שד, אָדער אַ לץ...

צו זעננען מיר אַזוי דערשראָקען געוועזען, צו האָט באמת דער בכור אַזאַ קול געהאַט, געננוג, מיר זעננען זיכער, אַז דאָס איז אַ קול פון אַ מענש.

און, ווייל עס האָט קיינער אין שטאָדטיל נישט געפעהלט, פון דער פרעמד איז קיינער נישט געקוממען, איז עס אַניט־גוטער; שטעהט מען און די הויט ציטטערט, און די צאָהן קלאַפען ווי אין אַ קדחת, רחמנא ליצלן...

פון גרויס גערודער, האָט זיך אויפגעהאַפּט דער סטאַרשי סטראַזניק און נאָך עטליכע גוים, און זעננען אויך אַרויס געקוממען; שטעהען זיי אויך און גאַפען. אין עשׂר׳ן שטעקט אָבער פאָרט אַ גבורה, לויפען זיי צום וואָיט, ברענגען איימער און שטריק (מען זאָלל זיי נישט אַוועקגנב׳נען, פלעגט מען זיי איבערנאַכט האַלטען אין גמינא)... מען ברענגט, מען לאָזט אַראָב און מען שלעפּט

אַרויס אַ טויטען בכור!

אוי, דער בכור, נעביך, האָט אויסגעזעהען!... צערבראָכענע הענד, צערבראָכענע פיס, אין די זייטען לאָבער, אוי!

און ר׳ אליעזר פֿערשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די האַנד, ער זאָלל דאָס שרעקליכע בילד, וואָס שטעלט זיך איהם פֿאַר די אויגען, נישט זעהען...

— און פֿון דעמאָלט אָן טרינקט איהר נישט קיין ברונע־וואַססער? פֿראָג איך.

— פֿאַר אַזוינע נאַרראָנים האַלט איהר אונז? — מאַכט ער מיט אַ פֿאַר־וואָרף — האַרט ווייטער!

---

— אמת׳ איז, אַז שוין דעמאָלט האָבען טהייל עדעלערע מענשען אויפֿגעהערט צו נוצען ברונע־וואַססער.

מענשען האָבען עדות געזאָגט, אַז ווענן זיי געהען דורך ביי נאַכט, הערען זיי אַ קול פֿון אַ גוסס פֿון דער ברונע אַרויס.

אַנדערע האָבען געשוואורען מיט כל־השבועות, אַז ווענן זיי קוקען אין ברונען אַריין, זעהען זיי רויטע פינטאַליך, און עס איז אַ ודאי בלוט...

דען אמת זאָגענדיג, האָט דאָך דער בכור געהאַט געלעכערטע זייטען; גאַנצע שטיקער פֿלייש האָבען דאָך ווירקליך געפֿעהלט!

און דאָ, אַז מען האָט געבעטען דעם וואָיט, ער זאָלל די ברונע אויסרייני־גען, האָט ער געזאָגט, אַז אויף דעם איז קיין אַנש־אַג נישט דאָ...

פֿון דעסטוועגען וואָלט מען זיך מיט דער צייט צוגעוואָהנט, מען וואָלט פֿער־געססען, צום טייך איז פֿאָרט אַ האַלבע מייל וועגס, — מאַכט זיך אָבער נאָך אַ מעשה:

די ברונע איז שוין פֿערריכט, די צעמבּרינע פֿערטיג, דאָס ראָד אַריינגעשטעלט און דאָס וואַססער הייבט מען אָן צו נוצען!

נור, איינמאָל ביינאַכט, פֿאָהרט פֿאַרביי אַ בעל־עגלה, מיט אַ שווערער בריקע, אָנגעפּאַקט מיט סחורה. פֿון שווערען וועג זענען די פֿערד געוועזען פגר, בעגאָססען מיט שוויים, מיט פיענע. איין פֿערד אַ בולאַנע, איך געדענק נאָך עד היום די מאַשטש, האָט זיך פֿאַר דער ברונע אויסגעגליטשט, געפֿאַלען, און אָפשר נאָך 50 בייטשען האָט ער קוים כח געהאַט זיך אויפֿצושטעללען!

און — האָרט אַ מעשה:

קוים דערלאַנגט דער בעל־עגלה פֿאַר די פֿערד דען ערשטען איימער מיט וואַס־סער, דערשרעקען זיי זיך, שפּרינגען אָב, דרעהען זיך אויס און ענטלויפֿען גאַלאָפּ מיט דער בריקע!

און דער בעל־עגלה זעהט מיט זיינע אייגענע אויגען, — און געשוואָרען האָט ער, אַז מען מאָג אַ מסיח לפי תומו גלייבען, — אַז פון דעם איימער איז אַרויס אַ יאַשטשער־קע! זי האָט אַ לאַך געטהון ווי אַ מענש, און איז צוריק אַריינגעשפּרונגען אין ברונען...

און איהר מיינט, מען וואָלט די פערד געחאַפּט? אַז אָסור! ווי די טייוולנים זעננען זיי געפלויגען. דאָס גאַנצע גליק איז געווען, וואָס זיי זעננען אַריין מיט'ן דישעל אין אַ האָלצערן הייזעל, דורכגעלעכערט די וואַנד (אמת עס איז געווען אַ מפולת) און געבליבען שטעהן!

נור וואָס איז מעהר וואונדער: איז אינוועניג, ביי דער אייגענער וואַנד, איז געזעסען איינער, אַ שניידער־יונג, יצחק'ל, און האָט געלייזט אַ גוטען קלאַפּ אין די פּלייצע מיט'ן דישעל...

און אויסגעוויזען האָט זיך, אַז ער איז טאַקי געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבען יאָגען דען בכור...

אַזוי איז זיך אַ בכור נוקם!

ער אַליין, יצחק'ל מיין איך, האָט מודה געווען!

און האָרט ווייטער:

אַז מען איז פון זיין מויל געוואָהר געוואָרען, אַז דער צווייטער, וואָס האָט אָנגעהויבען שטיפען מיט'ן בכור איז ר' ירוחם'לס אַ בן, — פאַר אונז נישט אויף זיך, אַ שאַנע סחורה געווען, — פאַלט דער בן פאַר שרעק אין אַ משונה'נע קראַנק אַריין, הייבט אָן ציטטערן אויפ'ן גאַנצען לייב, און ציטטערט אַוועק עטליכע חדשים!...

— איז שוין? — פראָג איך.

— אַ ודאי! מאַכט ר' אליעזר חזק — צונד געהט ערשט דאָס געדיכטע.

---

פערשטעהט זיך, אַז דער עולם האָט מורא געקריגען צו נוטצען דאָס ברונע־וואַססער... און דאָס וואַססער אַלליין איז טאַקי נישט געווען צום נוטצען; עס האָט עפּיס משונה'דיג גרינגליך געגלאַנצט, און אַ מיאוס'ן ריח בעקוממען. איך האָב עס נישט פערזוכט, נור געזאָגט האָט מען, אַז מען פיהלט עס פון יאַשטשער־קעס. נור מורא אַהין, מורא אַהער, אונזערע וואַססער־טראָגער האָבען קיין פערד און קיין פעססער נישט צום פיהרען פון טייך, און צו טראָגען אַ האַלבע מייל וועגס אויף דעם אייגענעם מקח, וואָס זיי בעקוממען, ווילען זיי נישט.

וואָס זאָלל איך אייך לאַנג ברייען, מען האָט צוריק אָנגעהויבען צו נוטצען דאָס ברונע־וואַססער.

פלוצלינג, לאָזט זיך אַרויס אַ קול, אַז יעדע נאַכט צעהן דער זייגער, אַזוי ווי מען נעהמט אַראָב דעם שטריק מיט'ן עמער און מען טראָגט צום וואַיט, בעוויזט זיך אַ חברה ווייסע און שוואַרצע קאַץ. פֿון שטאָדט און פֿון פֿאָרשטאָדט; זיי זעצען זיך אויפ'ן ראָד, מיאַוקען און זיפּצען, וויינען אויף זייער אופן, און, אונטער זיי, דרעהט זיך דאָס ראָד אַלליין, אַרויף און אַראָב, אַרויף און אַראָב, און אַזוי ביז פֿאַר־טאָג.

אַז קאַץ זאָללען זיך זעצען אויף אַ ראָד פֿון אַ ברונען, איז נאָך מעגליך, עס איז דאָך נישט אָרגער ווי אַ דאַך!

אין מאַרץ איז עס געוועזען; דאָס הייסט — אין דער צייט, ווענן קאַץ האַלטען זיך צוזאַממען און לאָזען קיין אויג נישט צו־טהון!

נור קאַץ זאָללען דרעהען אַ ראָד, אָדער דאָס ראָד זאָלל זיך אַלליין דרעהען אונטער קאַץ, — דאָס האָט מען נאָך נישט געהערט!

און זאָלל עס חאָטש אויפהערען, ווען דער האָהן קרייעט, וואָלט מען גערע־כענט, אַז עס איז — מעשה־לץ.

האָרט איהר דאָך אָבער — ביז אין דער פֿריה! מוז דאָך עס האָבען אַ שייכות מיט דער יאַשטשערקע, צו, להבדיל, מיט'ן בכור...

וכך הוה! עס האָט זיך געפֿונען איין אַלטע ערלית ביים וואַיט, וואָס האָט עדות געזאָגט מסיחה לפי תומה, אַז ביי זיי אין דאָרף האָט זיך אַ מאָל געהאַלטען אַ יאַשטשערקע אין אַ זומפּ, פֿלעגען טאַקי אַללע קאַץ פֿון דער גאַנצער געגענד קוממען צו איהר צו גאַסט, אַזוי, אַז אַרום זומפּ איז בעשטענדיג געוועזען אַ חמאָרע קאַץ...

נור פֿאַר וואָס עס דרעהט זיך דאָס ראָד, דאָס האָט זי שוין אויך נישט גע־וואוסט; חאָטש זי איז שוין גאָר, גאָר איין אַלטע ערלית געוועזען, און נישט פֿון איין אויבען ברויט געגעססען.

— נור דאָ, מוז איך — זאָגט ר' אליעזר'ל — איבערהאַקען, און פֿערצאָהלען, ווי אַזוי, איך אַלליין האָב די קאַץ געזעהען מיט מיינע אויגען; איהר שמייכעלט? דעמאָלט האָב איך אויך געשמייכעלט!

אַ יונגערמאַנן בין איך געוועזען, אַ ביסל די קליינע אותי'לעך געקוקט... געקענט גאַנץ שאָן לשון־קודש!

הכלל, איך האָב נישט געגלייבט!

אַרויסגערעדט האָב איך עס נישט, נאָך וואָס זאָלל איך איבער אַזאַ קליינ־קייט אָנהייבען מיט לייט?

נור געדאַכט האָט זיך מיר אַזוי:

ווינטער איז, שניי פֿאַלט, ליגען קופּקעלעך שנעע אויפ'ן ראָד, זאָגט דער עולם — קאַץ!

אויפֿהייבען זיך נאָך צעהן ביינאַכט פֿון בעט און געהן זעהען, גלוסט זיך נישט.

ערשטענס איז אונטער'ן איבערבעט וואַרעם און אין דרויסען קאַלט!

צווייטענס, בין איך מודה, אַז איך האָב אַ ביסעל מורא געהאַט צו געהן. וואָרום — ווער ווייסט? טאָמער יאָ? און אויב יאָ, איז עס דאָך נישט קיין פּשוט'ע קאַץ, קאָנן מען טאַקי ניזוק ווערען...

טרעפֿט זיך פּונקט אַזאַ מעשה:

איך בין אויף אַ חתונה, צו דער וויעציערע נעהם איך אַיין טרונק בראָנפֿען, דער נאָך, פֿערגעס איך, און נעהם דען צווייטען... נאָך די פֿיש — ווייטער אַ קאָפּ, ווי דער שטייגער איז. נאָך פֿלייש — אַ ביסל ביער!

אַ שוואַכער מענש בין איך, הייבט זיך מיר אָן, לאַ־עליכם, דער קאָפּ צו דרעהען, און, אינעווייניג, ברענט ממש ווי אַ פֿייער; איך פֿיהל, איך פֿאַל חלשות, און פֿערשטעהר, חס ושלום, די גאַנצע חתונה!

וואָס טהו איך?

גנב'ע איך מיר בסוד־סודות אַרויס. רוף אפילו מיין ביילא־רחל נישט מיט, און געה מיר אַהיים... איך וועלל מיר איבערשלאָפֿען, טראַכט איך, און פֿאַר טאָג וועלל איך זיין צוריק אויפֿ'ן אָרט! וואָרען צוגעזאָגט האָב איך דעם חתן, (מיינס אַ לייבליך שוועסטער־קינד געוועזען), אַז ער וועט זיך פֿון מיר נישט אַזוי לייכט אויסקויפֿען!

און געוואָלט האָט זיך מיר האַלטען וואָרט...

אַז איך וועלל דאַרפֿען געהען פֿאַרביי דער ברונען, פֿאַרגעס איך; ווי איינער פֿאַרגעסט אין טויט!

און, אַז איך דערמאָן מיך, שטעה איך שוין פּנים אל פּנים צו'ם ראָד!

— און איהר זעהט קאַץ? — פֿראָג איך.

— נישט אַזוי געשווינד! גאָר פֿאַרקעהרט; — איך זעה, אויפֿ'ן ראָד ליגען קופּקעלעך שניי, כּדרך הטבע! דאָס ראָד שטעהט; איך זעה בחוש, אַז עס שטעהט!

איך ווילל שוין אָנהייבען לאַבען און ווייטער געהן, דערפֿיהל איך אָבער, אַז עס הייבט מיר אָן צו קלאַפּען דאָס האַרץ. פֿאַר וואָס?

איך נעהם די האַנד צום שטערן, עס גיעסט אַ שוויים, גאָט זאָלל שומר ומציל זיין — אַ שוויים!

און פּלוצים בעפֿאַלט מיך אַ מורא, און ווי הייסט אַ מורא! מיט פֿיס ווי די נעגעל צוגעשלאָגען; נישט צו ריהרען פֿון אָרט. און די האָהר הייבען מיר דעם ספּאָדיק מיט דער יאַרמולקע, אין דער הויך, אַז איך פֿיהל דעם ווינד אויף דער געגאָלטער הויט.

אַז די שרעק קומט פון ברונען, האָב איך באַלד פערשטאַנען; וויל איך טאַקי אַוועק-קוקען — עס געהט נישט. איך קאָנן דעם קאָפ נישט איבערדרעהען; איך מוז קוקען!

און, אין דער אייגענער רגע, אַזוי ווי איך שטעה און קוק, הייבט זיך אָן דאָס ראָד וואָלגען, וואָלגע צו ריהרען, און אַזוי ווי עס ריהרט זיך, ווערט פון יעדען קופקעלע שנעע אַ ווייסע קאַץ, און, פון יעדען האָלצערנען פלאָקען פון ראָד — אַ שוואַרצע קאַץ! און אַזוי שטעהען זיי אויפ'ן ראָד און דרעהען זיך מיט'ן ראָד צוזאַמען... אַ שוואַרצע קאַץ, אַ ווייסע קאַץ, אַ שוואַרצע — אַ ווייסע...

דערנאָך הייבען זיי אָן מיאָוקען. און אַזוי ווי זיי מיאָקען, קריכט אַרויס פון ברונען, די יאַשטשערקע פון איין זייט, דער קאָפ פון בכור פון דער צווייטער זייט... וואָס קלערט איהר? איך פאַל חלשות!

ר' אליעזר'ל רוהט זיך אָב און דערצאָהלט ווייטער:

ביז אַהער איז עס אַלץ געוועזען מיט חיות... אַ צאַפ, אפילו נישט קיין פראָסטער צאַפ — אַ בכור, פאָרט נישט קיין מענש; אַ יאַשטשערקע, אַ פערד; לא עליכם, שוואַרצע און ווייסע קאַץ; די ברונע הייבט אָבער אָן צו דאַרפען מענשען!!!

ויהי היום, איינמאָל זיץ איך ביי'ן אַ מאָלצייט, ביי ר' קלונימוס דיין... אונזער ר' קלונימוס האָט געהאַט אַ בת, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין — למעלה מעשרים אַמה; אַ יאָהר צוואַנציג אַ ודאי. קיין יפה-פיה, האָבען די נשים געזאָגט, איז זי נישט. אַזוי — אַ יודישע טאָכטער. קיין פעהלער, חס ושלום, האָט זי אפילו נישט געהאַט, נור אַ גראָשען ביי דער נשמה אויך נישט! מען האָט געמיינט זיכער, זי וועט פערזיטצען אין גראָהען צאָפ אַריין.

און עס איז אַ רחמנות אויפ'ן מאָדעל; אויפ'ן פאָטער דען צדיק, האָט מען נישט וואָס צו שמועסען; אַ ודאי אַ רחמנות!

נור וואָס זאָל מען טהוען? קהל, לא עליכם, האָט נישט קיין דרייער... און מען זאָל אפילו האָבען און וואָללען געבען, קאָנן מען נישט געבען! וואָרען דער רב, זכרונו-לברכה, האָט געהאַט דריי טאָכטער, און טאָכטער ווי די דראָנגער! בכלל איז אַ שלי'מזל'דיגע צייט געוועזען. גאַנץ כלי-קודש האָט קיין בנים-זכרים נישט געהאַט, סאַמע טאָכטער, און אייגע אָלטער ווי די צווייטע! פאַר אַללע ווייטער, וועט מען קרח נישט געניגען! מאַכט מען זיך נישט ווייסענדיג. מען קראָכצט, נור מען ווייסט, אַז מען וועט נישט העלפען...

ר' קלונימוס האָט זיך שוין אפילו געוואָלט אַראָבלאָזען, גאָר אַראָבלאָזען; נעהמען אַ שניידער, באָדיי אַ שוסטער פאַר איין איידעם. האָט, ערשטענס, קהל געמורמעלט, וואָרען באמת, עס פאַסט נישט פאַר קהל!

צוּוייטענס, זענען היינט די בעלי־מלאכות, נישט אויסגערעדט זאָלל עס זיין, פֿערשייט; און די בתולה, ווי געזאָגט, איז קיין בתולה יפה נישט געווען.

מיט איין וואָרט — ר׳ קלונימוס האָט קיין עצה און קיין ראַט נישט געהאַט, ווי אַזוי פּטור צו ווערען די בתולה!

מיט איין מאָל מאַכט זיך אַ קלאַנג, אַז ר׳ קלונימוס האָט אַ שידוך געטהון! כמעט אונ אויערן האָט מען אויפֿגעשטעלט!

און, איהר האָרט? טאַקי אַ שדוך פֿון דער פֿרעמד, דוקא אַ לייטישער שדוך, אָבער גאָר אַ געהויבענער שדוך... אַ מיוחס, אַ בן־תורה, און — אַ בחור! מען זאָגט חאָטש — איין אַלמן, אָדער — אַ גרוש מיט ק׳נדער!

פֿינפֿצעהן הונדערט זהובים איינגעלעגט במזומנים! און עס איז שוין תנאים!

די שמחה ביים עולם איז גרוים; אַ בעשערטע זאַך, בת פלוני לפלוני, ר׳ קלונימוס זכות!

אַ מזל־טוב אין שטאָדטיל. אַ ציעקאַווע מענש בין איך, וויל איך טאַקי וויסען, וואָס דאָס קאָנן זיין?

קומט גראָד צו פֿאָהרען מיינס אַ שני־בשלישי פֿון דאָרט, טאַקי פֿון דער שטאָדט, פֿון וואַנען דער חתן איז, און פֿערצאָהלט מיר בסוד־סודות, באשר בכן— אין דער משפחה איז דאָ אַ געהאָנגענער פֿעטער, דען פֿאָטערס אַ ברודער...

נו, מען קאָנן נישט זאָגען, אַ פּגם איז עס, אָבער — פֿינפֿצעהן הונדערט זהובים במזומנים!

ס׳איז דאָ נאָך אַ פּגם׳ל פֿון דער מוטטערס צד — דערצאָהלט ער ווייטער —, טאַקי דער מוטטערס אַ שוועסטער — ליעגט ערגיץ שוין אַ יאָהר צוואָנציג אין אַ שפּיטאָל אויף קאָפּ־ווערהטיג, רחמנא ליצלן!

מילא דאָס געהאָר אָפּשר גאָר נישט צו דער זאַך! איז נישט דאָ עפּיס — פֿראָג איך, — איין איבערגעקעהרטער, איין משומד׳ל...

— דאָס נישט! — זאָגט ער —, נור איין אַפּיקורס׳ל איז יאָ דאָ... עפּיס אַ ווייטער קרוב פֿון פֿאָטערס צד, איז אַ גרויסער הולטיי געוועזען! דאָס גאַנצע גליק איז, וואָס מען האָט׳ן פֿון הימעל אַנידער־געלעגט, און ער ליעגט שוין עטליכע יאָהר, און עס דאַרט איהם דער חוט־השדרה!

אָבער דער חתן, — פֿראָג איך —, דער חתן!

דער חתן, — זאָגט ער —, איז גאָר איין אֵש־להבה! אַ למדן! און אַזוי פֿערטיעפֿט אין לערנען, אַז ער פֿערגעסט צו עססען, צו טרינקען, צו שלאָפֿען, נור געלערנט. און אפילו ער לערנט נישט, טראַכט ער פֿון לערנען; שטאָנדיג פֿערטראָגען, ער האָרט קיים, וואָס מען רעדט צו איהם...

פֿאָטער און מוטטער געהען איהם נאָך. ווי אַ פּקיעה׳לע! מען היט איהם,

ווי איין אויג אין קאָפּ, מען לאָזט איהם אַלליין קיין טריט נישט מאַכען... אויף גלייבע וואָנד וואָלט ער געקראָכען!

איינמאָל האָט ער זיך אַרויס גע׳גנב׳עט אויס דער שטאָדט, געגאַנגען ווי זיין שטייגער איז, פּע־טראַכט, געלערנט בעל־פּה... געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז אַריין אין טייך! ער האָט אפילו נישט געשריגען, — ער לערנט ווייטער!

די מערכה איז געוועזען, וואָס אַ וועשין האָט עס פון ווייטענס געזעהען, און געמאַכט אַ גוואַלד...

איינמאָל ווייטער, האָט ער געלערנט הלכות־שחיטה; האָט ער זיך געשאַרפט אַ חלף! געבאָרגט, פערשטעהט זיך, ביי׳ם שוח׳ט, — און האָט׳ן אַזוי אויסגע־שאַרפט, אַז דערנאָך, אַז דער שוחט האָט׳ן געפּריבט, האָט ער געשוואָרען מיט כל השבועות, אַז מען דאַרף זיין הונדערט יאָהר שוחט, מען זאָלל אַזוי אָבשטעללען אַ חלף... פריהער אָבער האָט ער איהן אַלליין געוואָלט פּריבען... און ווי אַזוי, מיינט איהר? מיט אַ פינגער? אויף דער צונג? דער פלוט נעהמט זיך צום האַלז, צו זיינע אייגענע סימנים! און אָפּשר האָט ער נור געוואָלט די סימנים אָנטאַפּען —.

געננג, אַז ווען נישט די שטוב־לייט, וואָס זעננען צוגעשפּרונגען, וואָלט ר׳ קלונימוס היינט קיין איידעם נישט געהאַט...

און נאָך, און נאָך אַזוינע מעשיות...

האָב איך מיך טאַקי זעהר געפרעהט, אַז ר׳ קלונימוס קריגט אַזאַ בן־יקיר, אַזאַ טהייערע כלי; און, זיצענדיג ביי׳ם מאָלצייט, וואָס מען האָט געמאַכט לכבוד די מחותנים (איך בין ר׳ קלונימוס׳ס אַ לייבליכער חמישי ברביעי), האָב איך מיך טאַקי געשמאָלצען אין פוטטער.

איין אמת תכשיט׳ל, טאַקי —כדת משה וישראל! אַ גאָרגיאַלע— דאַאר און בלאַס־ליך; אויגען גרויסע —, מיט איין וואָרט, די שכינה, כביכול, ליגט אויף זיין פּנים׳ל, אַזאַ חן האָט ער געהאַט... עס האָט ביים האַרץ אָנגעחאַפּט!

מען האט איהם געהייסען עפּיס זאָגען, האָט ער געזאָגט.

איך געדענק אפילו נישט וואָס, נור געזאָגט האָט ער, און וואויל געזאָגט!

דערנאָך איז פון דער דרשה אַרויס אַ ויכוח, אַ גערעדעריי, האָט ער זיך אין דער התחלה אַריינגעטישט, אפילו היים אַריינגעמישט.

ר׳ קלונימוס׳ן, וואָס האָט אַנדערש געזאָגט, איז ער כמעט אין דער באָרד אַריין... נור פּלוצלינג האָט ער זיך אין מיטען פערטראַכט און אָבגעהאַקט!

איך אַלליין, דעם אמת צו זאָגען, בין קיין גרויסער למדן נישט... אַז עס אַריין אין גדולות, האָב איך אויפגעהערט צו חאַפּען די וואָרטער. נור אינ׳ם לשון, אין די הויות האָב איך דערקענט, אַז פריהער איז געוועזען: ידו בכל, ער האָט אַללע געשלאָגען,

אונ, אויב ער האָט אין מיטען אָבגעהאַקט, האָב איך געזעהען בחוש, אז דער שאַר־פּער מוח, איז שוין אַריבער אין איין אַנדער ענין. וואָס אַרום טהוט זיך, ווייסט ער שוין נישט; דער עולם שפּאַרט זיך ווייטער, ער האָרט נישט אונ זיצט אונ קוקט אויפ'ן בעליק...

דער עולם האָט אין איהם אויך פערגעסען, געמאַכט אַראַד אַרום ר' קלונימוס'ן, דער מחותן אויך—(ער איז שוין אויפ'ן עולם־אמת!) חאָטש אַ כותר— אַ גרויסער למדן געוועזען, אונ עס ווערט אַ דור־הפלגה!

אַ געשריי, אַ געפּילדער!

פון דער צווייטער שטוב רייסען דערוויל אַריין קולות פון נשים,— אַ געפּיל־דער, אַ געשריי!

איך לאָז פון חתן קיין אויג נישט אַראָב; ער זאָלל עס, קיין עין־הרע, האָ־רען אַ וואָרט!

דערווייל, הייס איז געוועזען, דער ענין איז וואָס אַ מאָל טיפער געוואָרען, בין איך אַ ביסל איינגעדרימעלט...

פלוצלינג וועקט מיך אויף אַ געשריי: וואו איז דער חתן?

אונ איך אָפּפּען אויף די אויגען, שטעהט די מחותנת אין טהיר פון דער ווייבערישער שטוב, אונ האַלט דעם מחותן ביי אַ לאַץ, אונ שרייט: גזלן, פושע־ישראל! האָסט גאָר פאַרגעססען!

אונ דער מחותן ציטטערט ווי אַ פיש.

— יודען בני רחמנים! לויפט זוכען, לויפט זוכען! — שרייט די מחותנת, נישט מיט איהר קול — ער וועט זיך אַ מעשה טהון...

זי לויפט דורך די מאַנגער פון שטוב אַרויס, דער מחותן — נאָך אונ מיר אַללע — נאָכ'ן מחותן...

אונ דאָ אין מאַרק איז אַ פינסטערניש, חאָטש נעהם דיר די אויגען אַרויס! אַ חמאַרע, אַ שוואַרצע ווי סמאָלע... עס רעגענט נישט, נור עס שמייסט אין פנים אַריין מיט נאָדלען!

דער עולם רופט, דער עולם זוכט, אונ איך שטעה אַזוי אין מיטען מאַרק, אונ קלער: וואו זוכט מען?

פון איין עקק גאַסס צו דער אַנדערער שרייט מען זיך צו: נישט דאָ! נישט דאָ?

אין מיטען האָר איך, ווי די מוטטער גיט אַ געשריי: יודען, בני רחמנים, צו דער ברונע! צו דער ברונע!

צו דער ברונע? שטוין איך, וואָס הייסט: צו דער ברונע? מען זאָגט — אַ טייך, אַ מענש ווילל זיך באָדען; אַ מקוה — טובל זיין, אָבער אַ ברונע?

נור, אַז אַ מאַטע שרייט, לויפט דער עולם צו דער ברונע. איך וואָלט אויך געלאָפען — זעה איך דאָך אָבער נישט ביי נאַכט, וואו צו לויפען!

פלוצלינג — אַ בליץ! —

און איך דערזעה איהן! די מוטטער האָט געטראָפען!

שטעלט אייך פאָר: ער שטעהט אויפ'ן ראָד, און, אַז מען לויפט צו, רופט ער:

— קוקעריקו!!!

עס נעהמט דורך די ביינער!

נו... משוגע געוואָרען —.

פון דעמאָלט אָן, חאָטש מען האָט שפּעטער די ברונע אויסגערייניגט... וואָרען — ווי פּאַסט עס פאַר די אומות־העולם, עס זאָלל בלייבען אַ זכר פון אַ יודישען בכור אין שטאָדט? — האָט מען מורא פאַר דער ברונע!

— איך, און נאָך יחידי־סגולה, נוטצען נישט קיין ברונע־וואַססער!



# אינהאלט:

# דער לץ.

## 1.

איך האָב די עהרע מיך פאָרצושטעללען:

אני הקטן, בין דער לץ פון דער רעדאַקציא!

אַז עס וועללען מאוס ווערען די האָכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַנען, ערצאָה־לונגען אונ לעבענס־בילדער, וואָס זעננען געדרוקט אין בוך; אַז עס וועללען אייך איבערדריססיג ווערען די קלוגע אַרטיקעל איבער לופט, קינדער־דיעט וכדומה — גוטע זאַכען; אַז איהר וועט אייך איבערעססען מיט עצות: ווי אַזוי אַ גוטער בעל־מלאכה צו ווערען; אַז אייער שוואַך קאָפּעל וועט זיך פערדרעהען, בערווישט פון די זינגענדיגע, קלינגענדיגע גראַאמען, —

דעמאָלט, דאַרף איך בדחן, אייך משמח זיין; טאָמיר ווילט איהר ערגיץ איינשלאָפען, דאַרף איך אייך קיצלען!

אונ איך לץ בין דער פעפער אונ דאָס זאַלץ ביים „שלחן ערוך", וואָס דער רעדאַקטאָר האָט פאַר אייך געדעקט: איהר האָט אַללערליי מאכלים טובים, איהר האָט מעססער אונ גאָפּעל, (אַרובל מיט פונפציג קאָפּ.), קאָנט איהר עססען אונ טרינקען, אונ מיך בענוצען אַלס חריין, צום שאַרפען דען אַפּעטיט.

איך דאַרף אייך משמח זיין.

פאַר וואָס? כי לכך נוצרתי, דאָס הייסט, ווייל צו דעם האָט מיך דער רע־דאַקטאָר אויסגעוויילט; ער האָט מיר צוגעזאָגט דערפאַר אַ חלק פון זיין פער־דיענסט, וואָס איז אַזוי פיעל ווערט ווי זיין חלק עולם הבא!

מיינט נור נישט, חלילה, אַז איך בין אַ ספעציאַליסט פון לאַכען. גאָר פער־קערט — וויינען קאָנן איך בעססער! אָפּשר ווילט איהר, נעהם איך מיך אונטער אַ פּאָדריאַד! אונ זאָללען מיר אפילו טרעהרען פערפעהלען, שאַדט נישט, בעט איך מיין ווייב, בעגיעסט זי אייך מיט אַ מבול; שיק איך נאָך מיינס איין קינד, נאָך וועלכעס איהר ווילט פון מיינע „צוועלף עשׂרת השבטים", אונ בין דערמיט יוצא לכל הדעות! נור, אַז דער רעדאַקטאָר וויל, איך זאָל לאַכען, וועל איך מוזען אונ קאָננען לאַכען.

אַ יוד איז אַ ספּעציאַליסט צו אַללעמען. היינט איז ער פֿאַבריקאַנט, מאָר־גען — שוסטער, איבער־מאָרגען ווערט ער אַ מלמד, אין אַ פּאָר וואָכען אַרום טראָגט ער אַ צילינדער און שפּיעלט אין יודישען טעאַטער, דערנאָך גיט ער אַרויס אַ ציימונג!

אַ יוד, איידער ער שטאַרבט, טוישט ער הונדערט מאָל זיין פּרנסה, און זעל־טען ער זאָלל זי האָבען!

פֿאַר דאָס אָבער, טוישענדיג די פּרנסה שוין טויזענדטער יאָהרען, האָט ער זיך אויסגעלערנט טויגען צו אַללעם, דאָס הייסט, צו גאָר נישט, און נעהמט זיך צו אַללעם אין דער וועלט.

און איך בין ...ויך אַ יוד! היינט בין איך אַ לץ, מאָרגען וועלל איך אָפּשר זיין קאָלאָניסט אין אָרץ ישראל, אַ שוחט ובודק אין אַמעריקאַ, אַ צושניידער אין מאָס־קווא, אַ זעצער אין פּעטערסבורג, און אָפּשר גאָר אַ גביר פֿון מאה אָלף רו"כ, נאָך אַ באַנקראָט פֿון ש"ין אָלף ר"ך!

אַ קשיא אויף אַ מעשה!

נור, ווי געזאָגט, דערוויייל בין איך אַ לץ, אַ ברחן.

איך זעה נישט קיין גרויסע זאַכען דערפֿון. נור — וואָס קאָנן איך דאָ צוליי־גען? אַלין בעססער ווי לעדיג געגאַנגען, לאָז מיין ווייב האָטש מיינען, אַז איך טו־ג עפּים!



— אדוני הרעדאַקטאָר, — האָב איך געזאָגט צו מיין בעל־הבית, — דו הייסט צי־געל מאַכען, גיב שטרוי!

דער אָדון הרעדאַקטאָר האָט מיר געוויזען מיטן גרויסען פֿינגער אונטערן טיש.

אַ לץ טאָר קיין נאַרר נישט זיין; איך האָב מיך באַלד געשטויסען, וואָס ער מיינט: אונטערן טיש שטעהט אַ קויש, און אינ'ם קויש ליעגט שטרוי פֿון מיינעט וועגען.

איך רוק אַפּער דען קויש און נעהם מיך צו מיין מלאכה. רבונו של עולם! וואָס פֿאַר אַיין אוצרות דאָ ליגען! סאַמע היימישע מחברים! יונג־און אַלט־וואַרג, דאַמען אפילו; ווי איך בין אַ יוד, דאַמען ליגען אין קויש!

איך דערקענן זיי באַלד, דאָס עפּיציג־קינדיש כתב'יל!

איך דאַרף זיין אַ לץ, און האָב דאָך באותו הרגע רחמנות, אַ ביטטער רחמנות אויף מיין רעדאַקטאָר! דער אומגליקליכער מענש האָט געמוזט דאָס אַלץ איבער־לעזען!

האָדר און נאָגעל שטעללען זיך קאַפּויר!

שטעלט איך פֿאַר, אַז איהר זענט אַ חודש דורך־אַנאַנד אין דולל־הויז און איהר האָרט נור משוגעים רעדען. נאָך וועניג, איהר מוזט די משוגעים אָנטפֿערן! איך קוק אויף דאַטען; נאָך איידער עס איז אַרויס דיער פּראָספּעקט איז שוין דאָ מאַטעריאַל פֿון אַ כאַססע קליינע שטאָרטליך, פֿון אַ מעננע ישיבה בחורים, פֿון חתנים און פֿון כלות אויך!

און דאָס איז נישט נור אַ סכנה פֿאַר'ן מוח, עס איז אויך אַ סכנה פֿאַר די אויגען!

אונזערע מחברים האָבען אַ פֿאָרליעבע צו טונקעל־קאָליערט פּאַפּיער, קליינע בייגעלעך, דראָבנע אותיות ווי שפּילקע־קאָפּליך און צו וואַססערדיגער טינט.

עס איז מ־־ אַ רחמנות אויפֿ'ן רעדאַקטאָר, אויפֿ'ן זעצער, און דער עיקר אויף מיר, וואָרען איך בין די לינקע זייט פֿונ'ם רעדאַקטאָר!

„אדוני הרעדאַקטאָר — שרייבט איינער — למען השם, אַזוי ווי דער שיר וועט געדרוקט ווערען, זאָלט איהר איין ספר איינשיקען מיין כלה, מרת חנה גריםפּיל־גריץ פֿון מולבאָזיץ. נור מיט'ן גאָלדינעם שניט, וועלל איך דערמיט יוצא זיין פֿאַר אַ כלה־מתנה — אַ סדור!"

דער צווייטער בעט: מען זאָלל זיין נאָמען נישט אונטערשרייבען, נור „פּיוויש". ווייל דער פֿאָטער זיינער איז פֿון די, וואָס „טרעטען הינטערוואַליכ̃ם". ער האָט פּיינט די השכלה, און וועט איהם די ביינער ברעכען; על כל פנים — נישט מיטנעהמען אויפֿ'ן יריד, וואָס וועט זיין גיך און באַלד אין לענטשנא! און פֿאַר וואָס „פּיוויש"? ווייל דער פֿאָטער איז שוין געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז עס געווען דער „לעקיש" אינ'ם „פֿאָלקסבלאַט". און אָפשר, האַלט ער זיך איין עצה, איז בעססער גימפּיל? ענדליך — ווי איהר וויללט!

איינער פֿון אונזערע בעריהמטע פֿושער, קאָנן זיך נישט אַנדערש צוזאַממען קוממען מיט'ן רעדאַקטאָר, נור ווי חתן־כלה — אין מיטען וועג! אין מיטען וועג האָט ער אַ בעקאַנטען, דעם בעקאַנטען וועט ער איינשיקען זיין אַרטיקעל, און דער רעדאַקטאָר זאָלל איינשיקען מעות; און רעדט זיך אויס „ברחל בתך הקטנה": אַז דער שליש וועט נעהמען דאָס אַרטיקעל און שיקען דעם רעדאַקטאָר, ווי אויך — נעהמען דאָס געלד און שיקען איהם, דעם בעקאַנטען פֿושער!

דערביי ליגט אַ פּרייז־קוראַנט:

1) צוויי מצבות פֿון זיינע צוויי געשטאָרבענע ווייבער — 6 קאָפּ. פֿאַר אַ שורה.

2) אַ מצבה פֿאַר אַ גבירישן קינד, זיינס אַ תלמיד — 10 קאָפּ. פֿאַר אַ שורה. ענדליך:

3) אַזוי שירים: „דער ליטווישער קוגעל", „דער פֿעפֿער אין פּאָפּליניק" און אַ פּאָעמע: „דאָס האָניג טייגעל", נישט אַנדערש ווי צו 7 קאָפּ.!

איינער שיקט איין 4 וויצען; דריי גע'גנב'עטע פֿונ'ם „הויז־פֿריינד", אַ פֿיערטס

איין איינענם. דאָם פּיערטע קלינגט: „קויף ביי קיין ציגאַנער קיין פּערד; ער האָט עס אַזוי פּערדאָרבען, אַז דער בעל הבית, ביי וועלכען ער האָט גע'גנב'ט, וועט עס נישט דערקעננען!" אונ הייסט זיך געבען 500 עקזעמפּלאַרען פון די 4 וויצען. קיין געלד וויל ער נישט, נור עקזעמפּלאַרען פאַר בעקאַנטע, ווי „הרב הגאון חותני מאיר מאָנטיג, והרב הגאון..." ער רעכענט אוים אַ משפּחה פון, רבנים, גאונים, אַ חוץ משכילים אונ מחברים!

אַ געוויססער בעריהמטער צימבלער שיקט איין אַ ווערק! אַ שיר פון 600 סטראָפען, אויף געגעבענע גראַממען וועגען שמטה אין די קאָלאָניעס אין אֶרץ ישראל, אונ וויל נישט מעהר ווי 2 קאָפּ. פער שורה אונ דרייסיג עקזעמפּלאַרען געבונדען אין ענגעלישע לייוואַנד!

צונד געהט אַ טראַגעדיע:

דער ערשטער אַקט:

עס קאָמט זיך אַ מיידעל די האָהר אונ זינגט אונ זאָגט, אַז די השכלה שיינט ווי די זונן, שמעקט ווי אַ רויז, אונ איז בע'טעם'ט ווי האָניג!

אין צווייטען אַקט, קומט פאַר איהר טויבער פּאָטער אונ שוואָרט אין 80 סטראָפען, אַז ער מוז נאָך די וואָך חתונה מאַכען די בת יחידה, ווייל ער זעהט שוין, זי איז „אָנגעריהרט"!

ער רופט אַריין דען לאָמען משרת, אונ שיקט איהן, ער זאָלל לויפען אויף איין פוס, אונ ברענגען דעם פּאָנפּאָטען שניידער, דען שוסטער מיט דער געלער זאָך, די בלינדע נייטאָרען, אונ נאָך אַזוינע קאַליקעס, מען זאָלל אין איין וואָך אויפנייהען דער טאָכטערם חתונה-מלבושים, — אַ חתן וועט ער איהר שוין אלליין זעהען; מען קריגט די סחורה!

אין דריטטען אַקט: — וואַלגערט זיך דער משרת פאַר וויטיג אויף דער ערד: ער האָט ליעב דען מלאך, באַשען, אונ ציטטערט אימת מות פאַר'ן בעל-הבית, איהר פּאָטער! ער אָפענט אויף דאָם מויל אונ ווייזט דעם פּובליקום, אַז ער האָט קיין איינציגען צאָהן אין מויל, פון די פּאָטש, וואָם ער האָט שוין פון בעל-הבית בעקוממען, פאַר נישט פאָלגען; צונד — ווייסט ער נישט, וואָם צו טהון: זאָלל ער פאָלגען אונ רופען די בעלי מלאכות, מאַכט ער אומגליקליך דען מלאך, באַשען, די בת יחידה; זאָלל ער נישט רופען — גאָטט ווייסט, וואָם עס וועט זיין!

דערווייל קומט אַריין די בעל-הבית'טע.

זי לויפט צו צום משרת, ווישט איהם אוים פאַר רחמנות, מיט'ן ברודיגען פאַרטוך, די טרעהרען פון די אויגען; אונ, אַז זי האָרט אין וואָם עס געהט, ברעכט זי זיך די האַנד אונ ווייגט מיט. העלפען קאָנן זי נישט; אַ מאַנן אין

אַ מאַנן, אונ זייט דער מגלה׳ס צייטען, האָט אַ מאַנן צו שאַפֿען!

אין פֿיערטען אַקט: זיצט ביים טיש אַ שטומער רב, וואָס זאָגט נור איין וואָרט „לחיים״!

אַ חזן, וואָס שרייבט מיט דער לינקער האַנד די תנאים.

אַ פֿערטרטראַכטער שמש, וואָס דערלאַנגט צו קבלת קנין, אויפ׳ן אָרט פֿון איין אַ פֿיטשיילע, דען ווייבס האַרבאַנד.

אַ קרוממער סאַרווער, וואָס פֿאַלט 4 מאָל איבער זיינע אייגענע 2 פֿאָלעס פֿון דער איינציגער שבת׳דיגער קאַפּאָטע, אונ צוברעכט דערביי אַכט גלאָזער.

אַ דין מיט קאָלטינאָוואַטע פאות, וואָס חאַפּט זיי באַלד אין מויל אַריין אונ קלערט, צו איז מען מיט דעם שוין יוצא, אָדער מען דאַרף צום מזל־טוב אויפ׳ס ניי אַ פּאָר כלים צוברעכען.

עטליכע יודען, וואָס חאַפּען פֿון די טעללער!

עטליכע ווייבער, וואָס ווישען אוים מיט די פֿינגער די שאָלעכלעך פֿון איינגעמאַכטס, אונ זעננען מקנא די כלה.

דער חתן — אַ רויטער, מיט אַ גראָבען וואָרצעל אויף דער לאַנגער נאָז, מיט אַ פֿעפֿער אונטערן אויג — אונ וויל דוקא אַ קוש טהון דער כלה.

אונ די כלה אַליין, שווייגט, נור דאָס פנים רעדט.

דער פֿינפֿטער אונ דער לעצטער אַקט, קומט פֿאָר שוין אין גאַסס.

מוזיק, אַ יודענע מיט אַ קוילישט, אַ חופה!

נור, ווען דער חתן, וויל נאָך זאָגען דעם שמש „הרי את״, טרינקט אוים די כלה אַ פֿלאָשעלע סם, קריעגט שרעקליכע לייב־שמערצען; שרייט מיט אַ שרעקליך קול: רוצחים! גנבים! מאָרדער! אונ פֿאַלט אַנידער טוידט!!!

דער מחבר זאָגט אינ׳ם בריעף, אַז ער האָט נאָך געוואָלט מאַכען אַ זעקסטען אַקט, אונ בעשרייבען די לויה, נור מען האָט איהם געזאָגט, אַז עס איז אַ מאָדע נור 5 אַקטען!

---

גענוג! עס גלוסט זיך אייך צו לאַכען? מיך נישט!

מיך שרעקען די — קאַליקים!

— הערר רעדאַקטאָר! פֿון קויש ועט גאָר נישט זיין.

דער רעדאַקטאָר ציהט מיט די פּלייצעס, ווי איינער רעדט: שלאָג דיר קאָפּף אין וואַנד!

וואָס זאָל איך טהון, אַז צו׳ן שלימזל בין איך געבוירען געוואָר׳ען אַ יוד!

גאָטט, גאָטט! פאַר וואָס בין איך אַ יודישער פעליעטאָניסט!

פאַר אַ קריסטליכער פעליעטאָנען־שרייבער שטעהט אָפען אונ פריי די וועלט! די פאַקטען, וואָס דאָס לעבען גיט זענען: לייכטע, שווערע אונ מיטטעלע; די שווערע ווערען בעאַרבייטעט דורך די געלעהרטע, שווערע רייטער, דערפון ווערען ווערק, לייטענדע אַרטיקעל, אַבהאַנדלונגען, מאָנאָגראַפיען אונ דער גלייכען; די גאָר לייכטערע ווערען געדרוקט מיט גאַנץ קליינע אותיות אַלס טאָגליך נייעס. זיי ווערען סעגרעגיערט, יעדעס מין געהט בעזונדער: אַרויס געגאַנגען אַזוינע אונ אַזוינע חבורים, געשטאָרבען אַזוינע אונ אַזוינע לייט, דערנאָך געהען: קאָנצערטען, באָללער, דועללען, אונ נאָך אַזוינע קליינקייטען. די מיטטעל שווערע געהאָרען צום פעליעטאָניסט. נישט ערד ציטערניש, נור אַ טאָנציל פאַר אָרימעלייט; נישט אַ מלחמה, נור אַזוי איינער דעם צווייטען געבראָכען די ביינער; נישט ווילהעלם, נישט פראַנץ יאָזעף, נור אַלכסנדר פון באַטענבערג, נישט נייע, וויכטיגע, ערפינדונגען, נור איין עלעקטריש שפילצייג; אונ דערגלייכען זאַכען, וואָס זענען נישט גרויס, נישט קליין, נישט אַהיען נישט אַהער. דאָס אַלץ שלעפט דער פעליעטאָניסט צוזאַמען, קנעט זיי צונויף, מאַכט פון זיי אַ קאַשע, גיעסט צו אַ ביסעל וואַרעם וואַססער, עס זאָלל נישט זיין צו געדעכט, עס זאָלל נישט שטאָפען; גיט צו אַ ביסל זאַלץ, אַ ביסל פעפער, אַ קליינען סקאַנדאַל צום טעם, עס זאָלל נישט זיין צו לאַנגווייליג; עס זאָלל אַ ציפף געבען אין שפיץ צונג אונ שוין! צוגעשטעלט, אָבגעקאָכט, אויפגעגעבען אַלץ פאָרשמאַק, אָדער לעגאָמינע, אונ פאַרטיג, אַבי גרינג צום פערדייען!

אונזער לעבען האָט נישט אַזוינע פאַקטען: מיר האָבען אָדער גאָר קליינס, נישט צום דערזעהן מיט די אויגען, אָבער גאָר גרויסע צרות, וואָס דער שכל קאָנן נישט משיג זיין.

פון פיאָלון, וואָרמקרויט אונ טייוועלסקויט — קאָנן מען קיין לעגאָמינע אונ קיין פאָרשמאַק נישט מאַכען!

מיר האָבען אויך אַ מאָל געטאַנצט אויף דער וועלטס חתונה, אויך געהאָרט דען וועלט בעריהמטען ברחן, אונ נישט איין מאָל איין אייגענען וויטץ פאַבריצירט... נישט היינטיגע צייטען! היינט איז אַזוי גליטשיג, אַזוי טרויריג, אַז עס הרג'ט אַוועק דען הומאָר, אפילו דען גאַלגען־הומאָר.

פאַקטען וואַלגערן זיך אין די גאַססען... נור וואָס דו הייבסט אויף, איז פערזאַלצען פון טרערען, בעגאָססען מיט אומזיסטען שוויים...

מאַטריאַל איז אפילו דאָ, די האַנד צו צופיהרען: רבנים, שוחטים, דיינים, ליציטאַציעס אויף „אַתה הראית״ מיט פעטש, היינט — מסירות, שרפות וכדומה... עס דאַכט זיך גאָר איינס אין דער וועלט אויף אַ פעליעטאָן...

נור דאָס מוז מען שוין איבערלאָזען פאַר חדר־יונגלעך אין די טאָג־בלאַטטער!

עס איז שוין זייער פרנסה, זייער חזקה!

אַ פּעליעטאָניסט איז אַ קונצענמאַכער, ער וואַרפט אונ כאַפּט 20 רעשליך אויף אַ מאָל. עס רעגענט ביי איהם מיט רעשליך... ביי אונז זעננען אָבער אדער שטויב, אָדער גאַנצע צעהנער־פּודיגע קוילען, נישט אויפצוהייבען, נישט אַוועק צו ריהרען, נישט צו ברענגען פון אָרט.

אונ דאָך איז אַ יוד בטבע וויציג. ער איז וויציג, זיין שפּראַכע איז וויציג! אין פּוילין וועניגער; אין דער ליטא, שאַארט מען עס מיט לאָפּאַטעס, מען שיט פון אַרביל, מען שפּייעט עס אויס אין די גאַססען. אונ אַ יוד דאַרף זיין וויציג, זיין גאַנץ לעבען איז אַ קאַלאַמבור, זיין היסטאָריע — אַ רעטעניש, זיינע תנועות, זיינע מנהגים...

שאַ! דער רעדאַקטאָר האָט מיט מיר אויסגענוממען אַ תנאי, איך זאָלל נישט אָנריהרען קיין מנהגים! איך וועלל שוין נישט מעהר! איך וועלל שוין אפילו נישט לאַכען פון איין אייזען — אַ שמירה פאַר דער תקופה, אַ מעססער אין וויעגעל ביי'ן אַ יולדת פאַר שדים, פון צוריק וואַרפען אויסגעריססען גראָז אויפ'ן הייליגען אָרט, וועגן שמועסט פון באָרד אונ פאות. אז מען זאָגט ניין איז ניין. איך בין אריין גע־פאַללען צו איין פרוממען רעדאַקטאָר איז פּערפאַללען, נור רבונו של עולם, פון וואס דען זאָלל איך לאַכען?

פון די עשרה הרוגי מלכות? פון דער סוגיא הכל שוחטין? פון דעם געעהר־טען, בעריהמטען, גוטען פובליקום? פון דעם פרוממען רעדאַקטאָר, אָדער אפשר פונם

לץ פון דער רעדאַקציע?



# דער לץ.

## 2.

אָנהייב ווינטער האָב איך מיך פֿאַר אַלץ געשטעלט, עס איז שוין, ברוך השם, סוף זוממער, אונ איך האָב נאָך נישט אויף עפּיס רעכֿטס אָוואַנסיערט. איבער דער צייט איז אויף טויזענדער איין איבערקערעניש געקוממען... דאָס ראָדעל פֿון מזל האָט זיך אַזוי שטאַרק געדרייט, אַז איידער איינער האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער שוין עטליכֿע קאָזיאָלקעס אין דער לופֿט געמאַכֿט. איבער דער צייט זעננען מאַססען גבירים בדיל־הדל אונ נע־ונד געוואָרען, פֿאַר דאָס ווייטער זעננען אַ מאַססע „יודען" ביי דער גרעניץ נתעשר געוואָרען פֿון די עמיגראַנטען... אַ סך „געענדיגטע" זעננען געוואָרען „ערלה אויף 3 יאָהר". פֿאַר דאָס זעננען אַ מאַססע אפיקורסים אַזוי פֿרום געוואָרען, אַז עס ווילט זיך זיי טאַפּען ביי'ם דפק.

ארויף, אַראָב — דאָס ראָדעל דרייט זיך, נור איך איינער שטעה נאָך אויף איין אָרט. וואו עס האָט זיך מיר נישט עפּיס געוויזען, וואו איך בין נישט געגאַנגען עפּיס זוכֿען, האָב איך אַלץ געפֿוננען אַ פֿול הויז (אָדער פֿאָדער־הויז) מיט מענשען פֿון געוויססע מקומות, אָדער נשרפים פֿון נאָהנט אונ פֿון ווייט... זיי זעננען, זאָגט מען, ביליכֿער, אונ זיי אַליין געהן צוריק מיט גאָר־נישט. איך בין צוריק שרייבער!

אונ דאָ, ווערדט דאָס לעבען אין וואַרשוי טאַג־טאָגליך אונערטראָגליכֿער... דורך די שרעקליכֿע היצען פאַרען־אוים פֿון מח אַללע בעססערע געדאַנקען, אונ — דער עיקר — האָט מען פֿערוועהרט ביי די יאַטקעס דאָס „ביינער־פֿלייש" מיט די „שטיקלעך", ווייל זיי ווערען געשווינד פֿערדאָרבען, אונ די אָרימע לייט זעננען אַזוי בעגייסטערט פֿונ'ם מאָגען, אַז די נאָז האָט ביי זיי גאָר קיין דעה נישט. עס בלייבט דעם אָרימאַנן צו שלינגען לופֿט, נור קיין לופֿט איז אויך נישט דאָ. אין די גאַססען איז פֿולל שטויב פֿון ליים, קאַללעך אונ ציגעל —: די אַלטע הייזער פוצען זיך שוין אוים צום ווינטער־קאַרנאַוואַל, קלעבען זיך אוים די צו ראַצטע הויט, רעזיערען אונ בלאַנשיערען זיך, אונ אין די גאָרטנער איז דאָ מעהר מענשען ווי בלעטטער... דערצו נאָך איז דער טראָטואַר זעהר מסוגל צו'ם שטיוועל־רייסען. נור די אַללע מלאכי־חבלה האָבען נור געקריגען דען רשות, וועלכֿען דער שטן האָט אויף איוב'ן בעקוממען

טהו מיט'ן וואָס די ווילסט, „רק את נפשו שמור", בשעת ווען די ניי-געבאַקענע פּאַטריאָטען האָבען ממשלה אויף דער נשמה אויך.

„רבונו של עולם!" אויף מיינע פּלייצעס שטעהט איינער מיט לאַנגע וואָנסעס, אויף זיינע פּלייצעס שטעהט נאָך איינער — די אָבצאַססען מאַכען מיר לאָכער אין די פּלייצעס, איז נאָך ווענינ, דאַרף איך נאָך ליידען פון פּ אַ ט ר י אָ ט ע ן! ראַפּטים וואַקסט מיר אַ סטודענט פון אונטער דער ערד אַרויס און רייסט מיר פון מויל אַרויס ברונ'ס אַ פּאַפּיראָס, פּלוצלינג האַקט מיר איינער מיט איין „אוציאָני זנאַק" אין די פּלייצעס אַריין: מנחה דאַווענען! אָט לאָמט מיר ווייטער איינער אַ געגען: יונגער מאַן, וויז די ציצית!

ניין! איך מוז אַנטלויפען פאַר פּאַטריאָטען, שטויב, טראָטואַרען און פון דער שטאָדט אָהן „ביינער-פלייש"! איך מוז אַרויס אויף דער פרישער לופט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין שטאָדט האָבען מיך די טראַמוויי'ס און די דראָשקעס אַזוי טויב געמאַכט, אַז אַצונד ערשט פיהל איך, ווי די אויערען געהן מיר אָב. איך הייב אָן לאַנגזאַם צו הערען יעדען שאָרך, יעדע לייכטע בעוועגונג. אויך בין איך מיך מחיה דער מיט, וואָס איך קאָנן אַ ביסעל פערמאַכען די אויגען, און דאָך נישט אָבגעריססען צו-ווערען פון די וועלט. און די וועלט איז דאָ אַזוי פראָסט, אַזוי איינפאַך: אויבען בלאָה, אונטען גרין, און אַזוי וועניג מענשען!...

מיט דער צייט אָבער האָב איך אָנגעהויבען צו פיעל צו הערען. איך האָב אָנגעהויבען צופיעל צו פערשטעהן די אַללערליי לשונות פון עופות, פייגעל, אפילו פון געוויקסען.

איינמאָל ביינאַכט האָב איך ראַפּטים געהערט ווי אַ היהן זאָגט איהר'ס אַ קליין האָנדעל:

— פיהר דיך בדרך הישר, זיי נישט ווילד, וועסט דו זוכה זיין לשני שלחנות... אויף ד ע ר וועלט וועט מען דיך שפּייזען מיט אַללעם גוטען, און צו י ע נ ע ר וועלט וועט מען דיך אַוועק שיקען מיט אַ ברכה.

איך בין אַנטלאָפען.—

עס פליהען צוויי שוואַלבען. איינע מאַכט צו דער אַנדערער:

— ווען מענשען זאָללען וויססען, אַז מיר עססען ווייץ, און וואָרימלעך נור בשעת-הדחק, וואָלטען זיי אונז אַללע אויסגעשאָססען... די מענשען ווערען אַללע יאָהר הונגעריגער און קליגער... מען דאַרף זיך היטען פאַר זיי... דאָס וואָס מיר האָבען אַ מאָהל וואַססער געבראַכט צו לעשען די שרפה פון בית-המקדש, איז היינט קיין מעלה נישט... אַזוינע אַלטע וועקסעל צאָהלט מען נישט!

פאַר אַ מענש אַנטלויפט מען, וואָס טהוט מען אָבער מיט שוואַלבען, וואָס

פליהען מיר אין גרויסע ראָדער איבער'ן קאָפּף ? איך וואַרף מיך אַנידער אויף דער ערד.

האָר איך ווי דאָרנער רעדען.

— ווי פאָדלע — האָר איך אונטער מיר אַ דאָרען — ווי פּאָדלע די מענשען זיינען. אַז זיי קאָננען אונז נישט פרעססען, לאָזען זיי אונז נישט לעבען אַ מינוט, איז מען אונז עוקר מן השרש! נאָך ווייניג, זאָגען זיי נאָך, אַז מיר זיינען מאוס... ווייץ און קאָרן זיינען שאָן, מיר — נישט-עססעטיש, נמאָס ומאוס... זייער געשמאַק, זייער געפיהל, זייער גאַנצער שכל ליגט אין מאָגען! וואָס עס לאָזט זיך פרעססען איז אַנגענעהם, און וואָס אַנגענעהם איז — איז שאָן, פיין, און עסטעטיש.

און דאָרנער רעדען שטאָכענדיג. איך שפּרינג אויף; דאַנק גאָטט, אַז די שוואַלבען זיינען שוין אַוועק-געפלויגען, און דערזעה ערשט, אַז נישט ווייט פון מיר ליגען צוויי „ליעטניקעס" אָהן סורדוטען.

זיי רעדען פון שלעכטע צייטען:

— שלעכטע צייטען, מאַכט איינער, מיר פעלשער מאָגען פערמאַכען די קראָמען... געוואָרען אַ פוללע לופט מיט מיקראָבען... עס דרעהט איינעם אין אויער — מיקראָבען! עס קראַצט ביי דער פּאָדעשווע — מיקראָבען!... די „הינטישע מיקראָבען" האָבען אויפגעפרעססען די פיאווקעס, באַנקעס, און אונז פעלשער אין גאַנצען... די וועלט אפילו דרעהט זיך ווי אַ ראָדעל, נור איידער עס וועט צוריקקוממען אונזער צייט, וועללען מיר שוין אויף דער וועלט נישט זיין!".

אַ פעלשער אויף אַ זאָממער וואָהנונג איז דער בעסטער סימן פון שלעכטע צייטען; נור די זיכערהייט, אַז עס מוז צוריק קוממען צו'ם בלוט צאַפּען, לאָשט אין מיר אוים יעדען פונק פון רחמנות; איך געה אַוועק קאַלט ווי אייז. —

—... אויסער עס זאָלל זיך מאַכען איין אונטערגאַנג!

יאָגט מיך נאָך דעם פעלשערם קול. —

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

אַח, די ערנסטע „פּ ר נ ס ה" אויף דער וועלט איז אַ לץ.

גוט, וועניגסטענס אויף אַ זוממער וואָהנונג, איין נור מיין חבר, יעקעל דעם משורר: בלאָע הימעל, גרינע ערד, פייגעל... פון ווייטען קלינגט מען, ער הייבט אָן זינגען:

און מען האָרט ווי די גרויסע גלאָקען קלינגען,
און מען האָרט ווי מען מעלקט די קיה!

גליקליכע משוררים; עס האָט עמיץ צווישען די קשאַקעס גענאָססען, האָרען

זיי קלינגען אין וואַלד, אונ דערמאַנען זיך, אַז מען מעלקט די קיה! איך אָרימער לץ, אַז איך קוק אויף דער גרינער ערד, געהט זיך מיר די גרינע גאַלל אָן פאַר די גרינע וואָרם וואָס קריכען אויף איהר; אַז איך קוק אַרויף אויפ'ן בלאָען הימעל, האָב איך פאַר די „לוסטיגע הימלישע אויגען" קיין אַנדערע שאלה נישט נור: רבותים, ווי געהט עס ביי אייך מיט'ן בלוט־צאַפּען? וועט עפּיס זיין איין אונטערגאַנג?—

אויסער דעם גומען מיט דער נאָז, (וועלכע שווייגען מכּמה טעמים), ברענגען מיר די רעשט חושים נור גיפט; די אויגען — פעלשערים מיט גרינע וואָרם, די אוירען — פּרעטענסיעס פון שוואַלבען, דער חוש המשוש — דאָרנער־לשון. איך האָב אפילו ביי נאַכט פון זיי קיין רוה.

קוים האָב איך צוגעמאַכט די אויגען, חלומ'ט זיך מיר דער פעלשער.

— יאָ, יאָ — זאָגט ער — אונזער געשאַפט הייבט זיך! גאָטט זיי דאַנק, עס מאַכט זיך איין אונטערגאַנג... פון אַזיען געהט די חאָליערא... אונ דאָ הערשט חאָליערא־נאָסטראַ, אונזער אייגענע קוג ?-קרענק!

אונ אויף אַללעם איז איין אונטערגאַנג.

די וועלט פיהרט זיך שוין אַזוי! ברענדט ערגיץ אָב אַ טעאַטער, צינדען זיך אָן טעאַטערע אין אַללע שטאָדט; פאַלט־איין ערגיץ איין אייזערנע בריק, פלאַצען זיי אין אַרבע פנות העולם; פאַלט ווילהעם אויף דער שיף, צוברעכט באַלד סטאַנליי אַ פוס, הייבט אָן די פּאָליטיק שטאַרק צו לאָמען, אונ דער מסחר אין וואַרשוי האָרט גאָר אויף צו געהן.

ווערט די נאָוואָיע ווערמיע פרום, ווערען פרום אויך חצקיל אונ בערקע, אונ שמערקע, אונ אפילו דאָקטורים אונ סטודענטען. עס זעננען פולל די לופטען מיט מיקראָבען, געגען וועלכע עס העלפט נישט, נישט קיין שכל, נישט קיין געפיהל אונ נישט קיין געשמאַק...

— ווייל — זאָגען די דאָרנער אונ די שוואַלבען — ווייל דאָס אַללעס שטאַמט פון מאָגען אַרוים...

צייטען טוישען זיך.

אַ מאָל פלעגט מען זאָגען, אַז די וועלט שטעקט ביי'ם יוד אין טאָרבע, היינט — שטעקט זי אין גאַנצען אין מאָגען.

דזאָהן־בולל האָט רחמנות געהאַט אויף יודען, נור קוים האָט מען איהם געזאָגט, אַז עס געהן שיפען מיט פאות קיין ענגלאַנד, האָט ער געקריגען אַ מאָגען־קראַמפּף פאַר שרעק; עס איז דאָרט אויך ענג ביי'ם טיש, וואָס טויגען איהם נאָך אָפּפענע מיילער?

דער אַמעריקאַנער מאָגען האָט פערדייעט אַללע נייגעבאַקענע אידעען אונ קאָנן קיין איינציגען חינעזישען צאָפּ נישט פערדייען!

עס איז טאַקי פרייהייט, נור נישט פאַר מענשען וואָס עססען כמעט נישט מעהר ווי רייז!...

אַזוי זעננען פערמאַכט די פריסישע גרעניצען פאַר די פוילישע אַרבייטער, וואָס זעננען יוצא מיט קרויט אונ בענוצען ווענינ ביער.

אונ די מענשען-ליעבע רעגיערט, אונ מען האָט זיך ליעב דאָס לעבען, אונ שלום זוכט מען ווי גאָלד... נור מען האָט זיך ליעב פון וויטען... פונדעווען — מיט'ן גראָסטען פערגניגען, נור אויף דייטשער אַרט — יעדערער זאָלל צאָהלען פאַר זיך...

אויפנעהמען גאָסט — מיט דער גראָסטער פרייד, נור קומט צו מיר נאָכען עס-סען! אָפשר וועסט דו נאָך עפּיס צוריקגעבען פאַר מיינע הונד ווענען.

אונ פון דעסטוועגען שטעהט די וועלט נישט אויף איין אָרט. די אַלטישקע רוקט זיך; זי רוקט זיך לאַנגזאַם, פויל, מאַכט אַמאָל אַ ריק-שריט אויך, נור אין כלל גערעדט, איז זי שוין וויט געקוממען.

וואָס אָדם הראשון איז געוועזען, ווייסט מען נישט.

איינער זאָגט, אַז ער איז געוועזען די ערשטע אַפּע, וואָס איז אַראָב גע-שפרונגען פון בוים, געשטעלט זיך אויף דער ערד אונ שטאַרקער ווי אַללע חיות ובהמות געאָפּענט דאָס מויל צו'ם עססען.

אין דער גמרא, להבדיל, איז אַ מחלוקת:

טהייל זאָגען, אַז אָדם הראשון איז געוועזען אַ כופר בעיקר, גאָר איין אפּיקורס, אָהן חלק לעולם הבא, אונ טהייל זאָגען להיפך, אַז ער איז געוועזען גאָר אויף אַ גרויסע מדרגה. —

אויב ער איז געוועזען איין אַפּיקורס, איז ער זיכער געוועזען אַ פּרעססער. נור אויב ער איז געוועזען אין אַ הויכער מדרגה, ווייסט מען שוין נישט, וואָס זיין עבודות איז געוועזען. ווייל עס זעננען פערהאַנדען פערשיערענע דרכים, אונ אַללע פיהרען צום הימעל! אונ פערשידענע עבודות'ען — טהייל דיענען מתוך שמחה, אַנדערע מתוך עצבות; טהייל שעלטען, טהייל בענשען, טהייל פאַסטען אונ טהייל— עססען ממש ווי געפרעססען...

איך האָב בטבע פיינט ספקות; עס איז אַ מאַגנעט, אַ כשוף! עס הייבט זיך מיט אַ קליינעם פראַגע-צייכען, אונ עס ווערט דערפון מיט דער צייט אַ חיה רעה מיט איין אָפּפענעם פיסק, וואָס שלינגט איין די וועלט.

איך פיהל, אַז קוים הייב איך אָן מסופק צו ווערען, רוקט זיך מיר די ערד אַפער פון אונטער די פיס; אַז איך וועלל באַלד מסופק זיין, צי בין איך אַמאָל אויף איהר געשטאַנגען, צי בין איך אַלליין אַמאָל דאָ געוועזען. אונ — וואַרטען ביז עמיץ וועט מיר געבען אַ זעץ אין די פלייצעס אַריין, איך זאָלל געוואָהר ווערען,

אז איך לעב נ י ש ט אין חלום — ווילל איך נישט!

דעריבער היט איך מיך פֿאַר ספקות, עסס נישט פֿון שאלות און לעג אָדם הראשון אַוועק אין אַ זייט.

נור פֿון אונזער אֶלטער־אֶלטער־זיידען, וואָס אונזער אֶלטער־אֶלטער־זיידע איז זיין אייניקעל געוועזען, האָבען מיר בעססערע ידיעות. אַ חוץ דער פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין אַמעריקא און אין אויסטראַליען, און אפילו אַ חוץ דעם, וואָס ער האָט דעם דין פֿון „חוזר ונעור" און וועט נאָך אַרום שווימען אפילו אינ'ם איין־און־צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט, אפילו ווענן די מענשען ווערלען שוין האָבען מעהר מוח און האַרץ אַלס מאָגען... האָבען מיר געשיכטע און סאָציאָלאָגיע.

און אַז מיר ווערלען מיט אונזער כח הדמיון נאָך אַ מאָל דורכמאַכען דען וועג פֿון איהם (דאָס הייסט: פֿון דעם אֶלטער־אֶלטער־זיידען, וואָס אונזער אֶלטער־אֶלטער־זיידע איז זיין אייניקעל געוועזען) ביז אונזער מאָגען־דור, ווערלען מיר זעהען בחוש אַז די אַלטיטשקע האָט זיך גערוקט... און רוקט זיך נאָך.

אַ מאָל האָט מען פֿון מענש קיין אַנדער נוצען נישט געקאָנט ציהען, נור אָב צו בראָטען און אויפֿצופֿרעסען — האָט מען אַזוי געטהון. און עד היום ווייסט מען, אַז וויים פֿלייש איז געשמאַקקער פֿאַר נעגער פֿלייש, פֿרויען פֿלייש — אַלס מאָננער פֿלייש, און בכלל, צו ווער עס האָט נור מענשען־פֿלייש פֿערזוכט, דעם שמעקט שוין אפילו קיין קאַוויאַר, קיין אויסטערן, אַזא מאכל מאכלים איז עס!

ווי לאַנג האָט נאָך געלעבט דער נאַקיטער מענש, זייט מען האָט איהן גע־חאַפּט? אַזוי לאַנג ווי דער חאַפּער, זיין נאַקיטער ברודער. האָט איהן געקאָנט אויפֿפֿרעססען ראשו ורבו — ווייל אונזער נאַקיטער זיידע האָט געהאַט אין זיך חיות פֿון אַ שלייען, וואָס וואַרפֿט זיך צו שניטטענערהייט אין אַ פֿאַן. — עס האָט פֿאָרט נור געקאָ'ט דויערען אַ רגע כמימרא, ווייל אונזער נאַקיטער אֶלטער־זיידע האָט נישט געהאַט קיין געלע, פֿוילע קראַנקע צאָהן ווי מיר... אַלטע, וואָס וואָלטען שוין קיין ציין נישט געהאַט, זעננען אויף דער וועלט נישט געוועזען, מען האָט זיי גע־קוילעט צו ד ע ר צ י י ט!

לאָנגער אַ ביסל האָט דער געפֿאַנגענער געלעבט, ווענן דער מענש האָט זיך אַזוי פֿיין אויסגעבילדעט, אַז ער האָט פֿערשטאַננען צו האַלטען, מאַכען און נוצען פֿייער...

איידער מען האָט אָנגעלעגט אַ פֿייער, איידער עס האָט זיך צוברענדט, האָט דער געפֿאַנגענער געקאָנט אָבלעבען אַ פּאָר שעה; ווייל עס זעננען נאָך דעמאָלט קיין צינד־העלצער נישט געוועזען, און מען האָט געמוזט רייבען איין האָלץ אָן צווייטען.

אויך האָט עס זיך געקענט טרעפען נאָך א רעגען, ווען דאָס ברענהאָלץ איז נאַסס געוועזן!...

ווען אונזער געפאַנגענער זאָלל געוועזען קעננען שרייבען, וואָלט ער צייט גע־האָט א צוואה צו מאַכען, און עמיצען שענקען די צושפּאַלטענע ביינער, נאָכ׳ן ארויס־נעהמען דען מארך.

די אַלטיטשקע האָט זיך ווייטער א רוק געטהאָן, און אדם הראשון׳ס אייניק־ליך האָבען אָנגעהויבען צו פערשטעהן די דינים, וואָס היינט וויס יעדע קעבין, היינו: אז אויב מען לעגט נישט אריין נעהמט מען נישט ארויס, אז א געשטאָפּטע לעבער איז בעססער ווי איין אומגעשטאָפּטע. אונ — אז אין דער פינסטער ווערט פעטטער די גאַנז.

קוים איז דער מענש צום שכל געקוממען, האָט שוין דער געפאַנגענער געהאַט גאַנצע וואָכען געשענקט לעבען! און וואָס פאר א לעבען! אמת מען האָט איהן גע־האַלטען ערגיץ אין א לאָך, אין דער פינסטער, אָבער עססען האָט מען איהן גע־געבען דאָס שענסטע, דאָס בעסטע! און געלעבט האָט ער א מאָל לאַנג, גאַנץ לאַנג... עס האָט זיך געטראָפען א האלב יאָהר, א יאָהר! וואָלט דער געפאַנגענער געהאַט די מיטעל, וואָס מיר נוצען אויף אָבצעהרען, וואָלט ער אפשר נאָך לענגער געלעבט; עס האָט אָבער דעמאָלט נאָך קיין עססיג אפילו ניט עקזיסטירט, אונ אפילו די דאַמען זעננען דיק און שטארק געוועזען. —

דערווייל רוקט זיך אלס ווייטער די וועלט!

מען דערזעהט, אז דעם מענש׳ס הענד און פיס, אָדער — זיין ארבייט, זעננען מעהר ווערט אלס זיין פלייש.

אונ דער מענש איז שוין אזוי ווייט געבילדעט, אז ער קען זיך איינהאַלטען, נ י ש ט פאָלגען דעם יצר הרע, נ י ש ט נאָכגעבען דעם „קאָלראַז“ — נור פערזאָרגען זיך אויף שפּעטער!

דעמאָלט ווערט שוין פון דעם „געבראָטענען“ איין עבד כנעני, וואָס קענן לאַנג, גאַנץ לאַנג לעבען, אויב ער ברענגט נור נישט זיין בעל־הבית אין כעס אריין, אָדער — אויב דער בעל־הבית ווערט נישט זעהר שטארק הונגעריג....

א גאַנצען זוממער, ווענן דער טייך וואַרפט ארויס פיש, ווענן אויף די ביימער

איז דאָ אויבס אונ אויף די פעלזען — ווייכע, ווייסע חלזונות (שלימאַקעס) איז ער א ודאי זיכער מיט׳ן לעבען.

די געפאַהר איז נור גרויס געוועזען ווינטער צייט...

נאָך א געפאַהר איז געוועזען — פון מזבח! די וועלט רוקט זיך לאַנגזאַם, נור דער מזבח מיט׳ן כהן נאָך לאַנגזאַמער... די רעליגיאָן וויל נישט וויססען פון קיין נייעס.

די מצרים, למשל: פלעגען מוזען קוילען די קרבנות מיט שטיינערנע מעססער, חאָטש עס זעננען שוין חלפים לאַנג אויף דער וועלט געוועזען; די גייסטליכקייט טראָגט שטאָנדיג מלבושים פון עטליכע הונדערט יאָהר צוריק... אונ דעראיבער האָט נאָך לאַנג געדויערט איידער מען האָט פערטוישט מענשען-קרבנות אויף קאַלבער. דען ערשטען טויש האָט געזאָלט מאַכען אברהם-אָבינו... נור נישט אין דעם בין איך אויסען: זכות אָבות איז שוין היינט אין שוסטער-גאַסס, אַלטע וועקסעל צאָהלט מען נישט!

נור די אַלטיטשקע האָט זיך ווייטער גערוקט... די גאָטטער (דאָס הייסט: זייערע פלעגי-פאָנטען אויף דער ערד) האָט אָנגעהויבען שמעקען קאַלבערינס, אונ דער עבד כנעני איז נאָך זיכערער געוואָרען מיט'ן לעבען!... חאָטש נישט אַזוי קורץ ווי איך דערצאָהל, איז עס געשעהען, חאָטש ווענן מיר וועקען היינט אויף די אויפגעפרעססענע מענשען פון יענע דורות, וואָלט פאַר אונזערט וועגען קיין שטויב אויף דער ערד געבליבען, חאָטש דער פראָגרעס האָט זיך נישט געמאַכט מיט אַ מאָל — פריהער האָט מען עס געאַסערט מענשענפלייש פאַר נקבות 1), דערנאָך פאַר מאַנס-פערשוינען אונ דערנאָך ערשט דעם מזבח אָדער דעם גייסטליכען — נור שטעהען שטעהט נישט די וועלט, אונ זי האָט זיך ווייטער גערוקט!

דער מענש איז וואָס אַ מאָל שפּאַרזאַמער געוואָרען, קאַרגער. ער האָט דען עבד כנעני געהיטען נישט וועניגער ווי אונזערע פויערן דען אינוווענטאַר. די לייב-אייגענע (עבדים כנענים) האָבען דאַדורך אָפשר בעססער אויסגעזעהען ווי זייערע לעדיג-געהער, די בעלי-בתים.

געבילדעטער זעננען זיי אַ ודאי געוועזען; זיי האָבען געאַרבייט אונ געוואָרען מיט דער צייט בעלי-מלאכות אונ אפילו קינסטלער!

שלעכט איז נור געוועזען אין אַ הונגר-צייט, ווענן עכ האָט פערפעהלט עססען,

---

1) ווען איינער פון די גרויסע חסידים, וואָס עסט נישט צוזאַממען מיט'ן ווייב ביים טיש, זאָל וויססען, אַז דער מנהג קומט אַרוים פון יענער צייט, ווען דאָס ווייב האָט נישט געטאָרט עססען דאָס זעלבע וואָס דער מאַנן, ווייל נור ער האָט געמאָגט עססען מענשען פלייש אונ זי נישט, וואָלט ער זיכער פערלוירען דען אַפעטיט — וועניגסטענס צו נאַרישען מנהג. אַניט וואָלט ער חאָטש געדאַרפט זיין קאָנסעקוועגט אונ נישט עססען מיט'ן ווייב אין איין צייט אויך. ווייל עד היום ביי די ווילדע אין אַמעריקאַ אונ אויסטראַליען טאָהר דאָס ווייב זיך נישט צוריהרען צו'ם עססען, ביז דער מאַנן האָט אָבגעגעססען אונ איז אין גאַנצען זאַטט. מעהרסטענטהיילס, נאַטירליך, האָט דאָרט דאָס ווייב דען אייגענעם סוף, וואָס אונזער אָרימע יודענע האָט, ווען זי שיקט דעם מאַנן עססען אין סוכה אַריין... פון דאַננען אויך נעהמט זיך דער מנהג, וואָס דאָס די בעל הבית'טע טהיילט ביי'ם טיש אונ זעלטען זי זאָלל זיך נישט פערטהיילען.

אָדער ווענן די עבדים כּנענים האָבען זיך אַזוי געמעהרט, אַז מען האָט פון זיי אַזוי פיעל אַרבּייט, וויפיעל זיי האָבען געקאָנט געבען, נישט געקאָנט נעהמען... און בּכּרט, אַז מען האָט מורא געהאַט פון זייער צד פאַר אַ מרידה...

אַזאַ צופאַלל איז געוועזען אפילו אין גריכענלאַנד! נור עס איז שוין געוועזען אַ געבּילדעט דור, מענשען־פלייש האָט מען שוין נישט געגעססען, און פּרעה'ס עצה — וואַרפען אין וואַססער אַריין, האָט נישט געפּאַסט צו דער גריכישער בּיל־דונג. האָט מען זיך איין אַנדערע עצה געגעבען: מען האָט אַריינגעטריבען די אי־בעריגע עבדים, די נישט נאָהטיגע בעלי־מלאכות, קינסטלער, זאָנגער, פילאָזאָפען אין וואַלד אַריין, און די יונגע מיוחסים האָבען זיך אויף זיי געלערנט שיעסען. כּל־זמן די קנעכט זעננען ענטלאָפען אויף דער ערד, האָט מען געזאָגט אַ יהי רצון: אלוהיי, אַ ווילד־חזיר! איז אָבער איינער אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ בּוים, האָט מען איהן אַלס פויגעל געשאָססען...

עס האָט אַזוי לאַנג געדויערט בּיז מען האָט רעגולירט די צאָהל מענשען מיט'ן עשׂרות פון עססענוואַרג; געמאַכט יעדען צוריק נוצליך און — שלום ושלוה! קיין נוצליכען מענש האָט מען נישט געריהרט! נישט געשאָססען, אפילו נישט געטרי־בּען! —

און די וועלט האָט זיך ווייטער גערוקט!

מען האָט איינגעזעהען, אַז דער „עבד כּנעני", וואָס קאָנן גאָר נישט „זוכה" זיין, קאָנן גאָר נישט זיין אייגענס האָבען, ווייל „מה שקנה עבד קנה רבו" — אַלס וואָס דער קנעכט ערווערבּט געהאָר צו'ם בעל־הבית — און דעריבּער, אַז ער אַרבּייט אפילו אַרבּייט ער אָהן חשק, אַבּי איבּערצוקוממען, אַבּי יוצא צו זיין; דאַגעגען אַ מענש, וואָס אַרבּייט פאַר זיך, אַרבּייט מיט מעהר כּח, מיט מעהר חשק און איז דעריבּער נאָך נוצליכער — האָט מען די נוצליכע מענשען בּעפרייט... און אַזוי איז געקוממען בּיז צום היינטיגען טאָג.

עד היום איז דער „נוצליכער" מענש, דער, וואָס מען דאַרף איהן נאָהטיג — זאַטט; און מען היט איהן ווי איין אויג אין קאָפּף... עד היום שטאָפּט מען היה־נער און גאָנז! און אפילו די שוואַלב, ווייל מען מיינט, אַז זי עסט אויף נור וואָרם און ריהרט נישט קיין תּבואה, איז אויך זיכער מיט'ן לעבען, האָטש זי גלייבּט אָפּשר אין גאָר נישט...

מען דאַרף נוצליך זיין, אָט דאָס איז דער כּלל. און דעריבּער הייב איך לץ אָן צו קלערען, צו וואָס נוץ איך אייך? איך האָב אייך ווייטער נישט געקאָנט מאַ־כען לאַבענדיג!

איך פיהל מיך דעריבּער שרעקליך דענערווירט און מיר דאַכט זיך, אַז די גאַנצע

„נאַטור" איז נערוועז. עס איז עס שפּאָט ביי נאַכט און זי קאָנן נישט איינשלאָפֿען. דאָ רופט זיך אָן אַ הונד, דאָ אַ קאַטץ, דאָ גיט אַ בלאָז, עמיץ — אַ זיפֿץ... עס ציטערט אויף מיר די הויט!

אום מיך צו בערוהיגען און די נאַטור צוצושלאָפֿען פּריב איך מיינע כחות אין געזאַנג.

איך שפּרינג אויף פֿון געלעגער, הייב אויף די רעכטע האַנד צום הימעל, לעג די לינקע אויפ'ן האַרץ, און בעמיה זיך אַרויסצוגעבען אַ פּאָר טאָנער. דער־ביי אָפּפֿען איך די אויגען און פּיהל בחוש, אַז מיין זיסס קול געהט מסוף העולם ועד סופו. איך ווייס נישט פֿון וואַננען עס האָט זיך מיר גענוממען, נור די גראַמען פֿאַללען מיר אויס'ן קאָפּף אַרויס אַזוי לייכט, אַזוי גרינג, אַז מיר הייבט אָן דאַכטען, אַז עס שטעקט עפּיס טאַקי אין מיר אַ מין משורר! און עס איז אַ פֿערגנינגען מיט די גראַמען... גאַר נישט, מען דאַרף נישט דענקען, מען מאַג קיין פּולווער נישט גע־פֿיננען, אַבי עס קלינגט...

וואָס פֿעהלט, למשל, מיין קאָמפּאָזיציע, וואָס איך האָב דעמאָלט געמאַכט? זאָגט אַלליין:

הימעל, נישט דוננער!
שטערען, נישט שיין!
לבנה, נישט שיממער!
שטיללער זאָלל זיין!

הוידע נישט, צוויינ!
וואָלקען, נור שטעה!
ווינטיל, דו שווייג!
ערדיל, נישט דרעה!

ים'על, זיי שטום!
רעגען, נישט קאַפּ!
בערעל, נישט ברום!
פֿערדעל, נישט חראַפּ!

פֿראָשעל, נישט „קוואַ"!
לאָשאַק, נישט „הע"!
פֿייגעלע, שאַ!
אָקסעל, קיין „מע"!

לייבעלע, קיטש!
קאָצעל, קיין לעק!
דו קוה, קיין מריטש!
קאַלבעל, קיין בלעק!

ווייבעל, קיין פּשיק!
מאָרעל, נישט קראַץ!
בטלן, קיין קניק!
שאַטס אַללע, שאַטס!

שטיללער, נאַטור
שטיללער „דו שלעכטס"
שטיללער, איך לץ
וויל געבען אַ קרעכץ!

און עס איז מיר אויפ'ן אָרט און שטעללע גרינגער געוואָרען, די נאַטור איז איינגעשלאָפֿען, איך אויך.

און עס האָט זיך מיר געחלומ'ט, אַז איך האָב דאָס געדיכט פון ערגיץ אַרויס גע'גנב'עט. נור, אַז איך קאָן מיך נישט דערמאַננען, ווער עס האָט עס געשריבען, און וואו עס איז געדרוקט געוואָרען, וועט דער לעזער—טראַכט איך—אַ ודאי נישט וויססען, און דאָס איז דער עיקר!

דאָס אַלץ איז אָבער פאָרט נישט צום לאַכען!

איך טרייסט מיך נור מיט דעם, וואָס איך האָב צו טהון מיט יודען רחמנים בני רחמנים; מיט יודען, וואָס זעננען יוצא מיט איין עֵרוב, מיט בטול חמץ, מיט אַ יהי רצון פאַר קרבנות.

יודען! אָבליינענדיג דען פעליעטאָן, זאָגט אַ יהי רצון — גלייך איהר וואָלט געלאַכט און זייט מוחל דעם

לץ פון דער רעדאַקציע.



# אויך אַ פעליעטאָן.

מען האָט געפרעגט אַ דאָן־זשואַן, פאַר וואָס ער האָט נישט בעססער חתונה, האָט ער לפי תמו געאָנטפערט, אַז ער האָט מורא! וואָרען ווען זאָלל ער נעהמען? אַ בתולה? ווער ווייסט, וואָס עס וועט פון איהר אַרויס? עס קאָן זיין אַ „מצא", עס קאָן זיין אַ „מוצא", און איינצושטעללען זיך האָט ער מורא; אויפקלויבען, וואָס יענער וואַרפט אַוועק — נעהמען אַ גרושה, וויל ער נישט. איין אַלמנה, וואָס האָט שוין איינעם געפיהרט צו געטריבען אין זיין רוה אַריין, איז אַ געפאָהרליכע זאך. אַמבעסטען איז דעריבער איין אשת איש — „אַז זי טויג פאַר יענעם, טויג זי פאַר מיר אויך!"...

עס הייסט אפילו „עזות־קייט", „נבול־פה", עס איז דאָך די אייגענע לאָגיק, אָן וועלכער עס האַלטען זיך אַללע אונזערע סוחרים...

הונדערט יאָהרען געהען פאָרביי, טויזענדטער יונגע לייט געהען אַראָב פון קאָסט, און קיינער זוכט זיך נישט קיין נייע פרנסה. וואָס אַ נייער סוחר, איז אַ נייער קאָנקורענט צו דער אַלטער סחורה... זוכען אַ ניי אַרטיקל איז איין אייַנשטעללעניש, מען קאָן אַריינפּאַקקען די פאַר גילדען און דערנאָך — לעג די צאָהן

אין בייטעל אַריין! אָבקויפֿען ביי יענעם אַ גרייט געשעפֿט, איז קיין סברא נישט; עס זאָלל גוט זיין, וואָלט עס יענער קיינעם נישט פֿערגינגען, בפרט איבערנעהמען ביי'ן אַ באַנקראָט! אַזא געשעפֿט איז שוין אַ קטלנית, אַ געפֿאָהרליכע זאַך... אַמ־בעסטען איז דאָס, וואָס אַללע האָבען; אַז עס לוינט פֿאַר יענעם, וועט לוינען פֿאַר מיר אויך...

אונ דעריבער, ווער עס געהט אַראָב פֿון קאָסט, מאַכט זיך אַ שאַנק „נאַ ווי־פּיווקו" אָדער „נאַ ווינאָס", אָפּפֿענט אַ געוועלב'ל מיט די אייגענע מינים, וואָס אַנ־דערע האָבען, אָדער קויפֿט זיך אַ שטאָקעלע אונ הייבט זיך אָן אַרומדרעהען גלייך מיט אַללע אין גאַסס...

נור פֿאַר דאָס — האָט זיך שוין איינער איינגעשטעלט דאָס לעבען אונ גע־ברענגט אַ ניי מין, מוז עס שוין מאָרגען זיין אין אַללע גאַססען; „אַז עס לוינט פֿאַר יענעם, לוינט פֿאַר מיר אויך"... מאָג עס זיין שיך, סמאָלע, פּרוכנא... אַלץ איינס...

דאָס אייגענע געשיהט אין אונזער געשעפֿט — אין דער ליטעראַטור, מיין איך — אויך, איך אָרימער ליץ האָב געוואָלט זיין אין מיין ווינקעלע אַ יחיד. אַללע מיינע חברים האַנדלען מיט האָניג אונ בוימעל... אויב מען איז נור נישט קיין איסטנים, מען האָט נישט קיין פֿאָראורטהיילע, איז גאָר נישט שלעכט! איך האָב אָבער געוואָלט זיין אַ יחיד אונ אָנגעהויבען האַנדלען מיט גאַלל, ווערמוט אונ סם פֿאַר מייז... באַדיי אַ שטיין — האָב איך געטראַכט — אַבי אַלליין. איך האָב געוואוסט, אַז אמת איז די ערגסטע סחורה, נור איך האָב גערעכענט, אַז אפילו די ערגסטע סחורה, אַז זי איז נור אין איין האַנד, קאָנן זי אויך געבען אָבצולעקקען אַ ביין...

נור קוים האָב איך מיין קלייטעל געאָפֿענט — עס איז דאָ אַ קאָנקורענט — ר' ראובן אָשר ברייינין!

אַז עס לוינט — האָט ער געטראַכט — פֿאַר מיר אין וואַרשוי, וואו מען קאָנן מיך יעדען טאָג טרעפֿפֿען מיט אַ שטיין אין קאָפּף, לוינט פֿאַר איהם אין וויען אַ ודאי!

אונ באַלד שטעלט ער זיך פֿאַר דער טהיר אין זיין „ממזרח וממערב", אונ הייבט אָן צו וואָגען אמת אויפ'ן קווינט אונ אויפ'ן לויט!...

„ווער עס מיינט — רופֿט ער עס אויס בקול רם — אַז אין די לעצטע צייטען איז אונזער ליטעראַטור ענטוויקעלטער, ברייטער אונ רייכער געוואָרען — דער נאַרט זיך אָדער יענעם; אַ ניט, פֿערלאַנגט ער אַזוי וועניג פֿון דער ליטעראַטור בכלל אונ פֿון אונזערער בפרט, אַז ער געפֿינט דאָס, וואָס ער דאַרף, ביי אונז אויך"...

ער זאָגט, אַז אונזער ליטעראַטור איז איין אוצר, אין וועלכען עס ליגען

בעהאַלטען סאַמע שברי כלים: „שאַרבאַנים און שמאַטעס, און דאָס אַלץ איז נאָך, פאַר שאָנקייט וועגען, בעדעקט מיט טויזענד־יאָהריגען שטויב און בעהאַנגען מיט אַללערליי שפּינוועבס“...

אונזערע געלעהרטע — זאָגט ער ווייטער — זעננען נישט קיין שווערע, מאַסי־ווע סחורה; זיי זעננען נור לייכטע קאָרקים, „וואָס שווימען אַרום פון אויבען אויף די שוים־בלאָזליך“ פון וואַססעריגען לעבען; „טיעפער נעהמען, אָראָבלאָזען זיך, דערגרונטעווען עפּיס“ — פאַלט זיי גאָר נישט איין... די קליינע מוח'עליך זעננען יוצא מיט אָבערפלאַכליכע קלייניגקייטען, מיט נאַרישקייטען“... „זיי האָבען קיין אידעען נישט, נור עפּיס אַ שאָטטען פון [פרעמדע] אידעען“... וואָס קאָננען זיי געבען דעם לעזער, אַז „זיי אַלליין קלויבען נור שירים“ פון אונטער פרעמ־דע טישען. און די קליין־מוחיגע, קורצזיכטיגע שרייבערליך רעדען זיך נאָך איין, אַז זיי טהוען עפּיס, און באָרען זיך מיט „טפשות פה ונבול עט“...

---

ווי אַזוי מען זעצט איבער „טפשות פה און נבול עט“, אָסור, אויב איך וויים... אַ „מאוס־מויל“ און אַ „פוילע פעדער“, איז נאָך ווייניג... „טפשות פה“ און „נבול עט“ איז אַ פעליעטאָן אַ לאַ לעווינסקי... נור ווער עס האָט איהן נישט געלעזען, דער וועט שוין נישט פיהלען דען טעם, נישט ווייססען דען ריח...

נור ווי עס איז, איך האָב געקריעגען אַ קאָנקורענט...

עס ליעגט פאַר מיר אויפ'ן טיש אַ גאַנצער באַרג מיט ספרים... נור וואָס זאָלל איך רעדען איבער זיי, אַז בריינין האָט מיר די וואָרטער אויסן מויל אַרויס־געריססען. אַז איך שטעה מיט אַ טרוקענע צונג און קאָנן זי נישט איבער דרעהען! אמת איז, אַז ער האָט געמיינט די העבּרעאישע ליטעראַטור, און פאַר מיר ליעגט נאָך אַ באַרג יודיש, „ריין יודיש“... נור — מה נשתנה? וואָס איך וועלל שרייבען, וועט מען אַלץ זאָגען, אַז איך האָב ביי בריינינען גע'גנב'ט און מען וועט נאָך צווישען אונז אָנמאַכען אַ שלעכט לעבען...

איך וועל שוין בעססער היינט איבער ליטעראַטור נישט רעדען... איך וויל פּריווען רעדען פון בילדער.

---

איך האָב געזעהען אַ בילד; ערגיץ אויף איין אויסשטעללונג און אָפשר גאָר אין חלום.

עס איז טהייל מאָל גאַנץ שווער צו געפינען די גרעניץ צווישען חלומות און לעבען... גאַנץ אָפט חלום'ט זיך, אַז די קוה איז געפלויגען איבערן דאַך, האָטש זי שטעהט פעסט צוגעבונדען אין אָבאָרע; און טהייל מאָל געשיהט אַזוינס, וואָס עס האָט זיך אפילו קיין פיליזאָף נישט גע'חלומ'ט... טהייל מאָל שטעקט אינ'ם

חלום אַזוי פיעל לעבען, אַזוי פיעל אמת, אַזוי פיעל ברענענדיגע צרות אונ אַזא לעבענ־דיג נחת, אַז דאָס לעבען איז דערנאָך אָהן לעבען, אָהן אַ קאָליער, אָהן פאַרב... אונ אַזוי טרויריג־גראָה, גלייך עס וואָלט אייביג געווען צווישען טאָג אונ נאַכט!... קורץ — די חלומות מיטן לעבען זעננען גאַנץ אָפט אַזוי צוזאַמענגעוויקעלט, אַזוי פערקניפט, אַז עס איז קיין וואונדער נישט, אויב קייזער ווילהעלם ווילל פרייווען שפּיעלען ביי דעם קניפ די ראָלע פון אלכסנדר מוקדון!... אונ דעריבער האָט ער טאַקי פאַר אַ נייע פאַרטיע רעקרוטען געהאַ־לטען אַ רעדע אונ געזאָגט, אַז ער האָפט, אַז זיי זעננען פרום, גלויבען אין גאָט אונ וועללען ציהען די שווערט נישט געגען די פראַנצויזען אַלליין, נור אפילו געגען אייגענע שוועסטער אונ ברידער, אויב עס וועט זיך זיי עפּים חלומ'ען...

נור דער קייזער ווילהעלם האָט חאָטש אָפּענע אויגען; ער זעהט וואָס עס טהוט זיך, ער גיט אַכטונג! גאָר אַנדערש איז געווען אויפ'ן בילד, וואָס איך האָב געזעהען...

אין הויף ברענט... דאָס פייער ליעגט שוין אין די פענסטער פון אַ גרויסער, ברייטער, ליכטיגער שטוב... די פלאַממען שלאָנגלען זיך אין מיטען געדיכטען רויך... אָט, אָט וועללען פלאַצען די שויבען אונ דער פייערדיגער ים וועט זיך אַריינגיסען אין שטוב אַריין...

אויף אַ שעזשלאָנג זיצט האַלב אָנגעלעהנט אַ בלאָנד קינד פון אַ יאָהר צוויי, נעבען שעזשלאָנג אויף דער פּאָדלאָגע ליעגט דאָס שפּיעלצייג, וואָס עס האָט ערשט אַרויסגעלאָזט פון האַנדטעל... אַ פּאָרצעלייערנע פּופּפּע איז, אַראָבפאַללענדיג, צו־שפּאָלטען געוואָרען, אונ פון איהר געעפענטען לייב קריכען אַרויס די וואָילאָקענע געדאָרם... דער גוממענער פּאַיאַץ צאַפּעלט — נור איהם האָט דאָס פאַללען נישט געשאַדט...

דאָס קינד קוקט גלייך אין פייער אַריין. דער אָבגלאַנץ רייטעלט איהם דאָס בלאַסליכע פּנים... עטליכע ליכטיגערע שטראַהלען בלאָנקען זיך צווישען זיינע זיידענ־גאָלדענע האָהר... אין די קיילעכיג געעפענטע אויגען ליעגט מעהר פערוואונדערונג אַלס שרעק... אונ עס אָטהעמט שטילל מיט'ן אָפענעם מיילעכיל... עס זעננען דאָ אַלטערע מענשען אין שטוב, נור זיי בעמערקען נישט דאָס פייער.

אין אַנדערען עקק צימער געהט אַ פּראָפעראַנס ביי'ם גרינעם טישעל; אויפ'ן טיש ליעגען שפּיעל מאַרקען, נור זיי גלאַנצען ווי גאָלד; מען שרייבט האַסטיג מיט קרייד אויפ'ן טוך, די נאַססע באַרשט זאָלל האָבען וואָס אָבצווישען... מען ליצי־טיערט פערברענט, חאָטש די האַפנונג שטעקט אינ'ם בלינדען טאַלאָן. אונ די שפּיעלער זיטצען איינגעבויגען, גלייך אַ הימל וואָלט זיי געלעגען אויף די פּלייצעס... פון גאָהלען קאָפּף רינט איינעם אַ טראָפּען שוויים איבער דער נאָז; דער צווייטער קוקט

מיט אַ פּעכטען שטאָהלערנען בליק, גלייך ער וואָלט אַ קאָנטראַקט געהאַט מיט'ן מזל; דער דריטער האָט פערביססען די ליפּפּען אונ וואַרט אויף יענעמ'ס אַ פעהלער; דער פיערטער שיקט אַרום די לויפענדיגע אויגען ווי שפּיאָנען צווישען די פרעמדע קאָרטען...

זיי שפּיעלען אָפשר עהרליך, נור זיי מיינען, אַז דער קלענסטער טעות אַ ניינטעל אויפ'ן אָרט פון אַ קאָניג, קאָנן אומקערען די וועלט...

אַז עס איז אַ שׂרפה אין הויף — דאָס פאַלט זיי גאָר נישט איין!

זיי זעננען צו פערנוממען, זיי זאָללען אַכטונג געבען, וואָס אונטער זיי טהוט זיך!

---

אַכטונג געבען איז אַ בעזונדערע מתּנה פון גאָטט... דאָס לעבען איז אַ חדר, אַ שווער חדר, נור נישט אַללע האָבען אַ גלייך מזל, נישט אַללע וויללען, מערקען אונ קעננען גלייך...

---

נישט נור אין חדר טרעפפען זיך תּלמידים, וואָס גיבען נישט אַכטונג; דאָס לעבען איז אַ גראָססער חדר אונ האָט אויך אַזוינע שיהלער! אַללע לערנען אין חדר, נור נישט אַללע גיבען אַכטונג, אונ נישט אַללע לערנען גלייך!

עס זעננען פערהאַנדען גליקליכע תּלמידים. זיי גיבען נישט אַכטונג, גאָר נישט, אונ דער רבי טאָר אויף זיי קיין האַנד נישט לייגען, נישט איבערשרעקען, קיין באָזע מינע מאַכען. זיי לערנען נור שפּיעלענדיג... זיי האָבען אפילו פאַרן פאַר־האָרען קיין מורא נישט... זיי וועללען סיי ווי סיי קריגען אַ קניפּ אין באָקקעל אונ אַ שטיקעל טאָרט מיט אַ מאַקאַראָנע אין מויל אַריין... זיי שווימען דורך דער לערן־צייט אָהן אַ ווינטעל געגענאיבער, אָהן אַ פאַליע איבער'ן קאָפּ, אָהן אַ שלוק געזאַלצען וואַססער... זיי שווימען טאַנצענדיג, לוסטיג ווי ליידיגע פאַחירען איבער דער זילבערנער שוים, אונטערן בלאָהעם הימעל; אָהן אַ בליק אין די אויגען אַריין, אָהן אַ דוננער, וואָס פערטייבט די אויערען, אונ מיט אַ פרעהליך ליעדעל אין מויל... זיי האָבען שטאָנדיג פרייע קאָפּ, די מוחות זעננען אויסגעבעטט מיט שניי־ווייסען פייגעל־פוך... אונ די נשמה ליעגט שטילל אונ רוהיג ווי אַ וויים־זילבערן וואָרמעל אין אַ פוילע נוסס... פון קליינעם לאָבעל אין דער ליידיגער נוסס קוקט עס אַמאָל אַרויס אויף דער פרייער וועלט, נור באַלד בעהאַלט עס צוריק דאָס קאָפּעל אין אייגענעם... אַש!

עס זעננען אויך פערהאַנדען תּלמידים, וואָס קאָננען נישט לערנען.

טהייל ווערען געבוירען אָהן פיס, אָהן האַנד, מיט אַ שוואַכע ברוסט, אָדער אַנדערע פעהלער אין גוף; אַנדערע ווערען געבוירען מיט עפּיס אַ פעהלער אין די געהירן. עס ווערט געבוירען אַ מענש מיט אַ געזונדטען קאָרפּער, מיט אײן

אייזערנער לעבער, ווייסע צאהן אונ 5 אפפענע חושים... נור פון די אויגען קוקט קיין נשמה נישט ארויס, נור דער בויך; דורך די אויערען הערט נור דער מאגען, דורך דער נאז פיהלט נור די קישקע! די האנד טאפען, צו לאזט זיך נישט עפיס עססען, די צונג אין מויל איז זיך מתיעץ מיט'ן גוימען: צו וועט עפיס אריין בשלום?

מעהר איז נישט זיין דאגה... מעהר דארף ער נישט אונ וויל ניט אבטונג געבען!

אנדערע זעננען ווייטער צושטרייט, אהן ערנסטער כונה, אהן זיץ-פלייש... מעהר ווי א רגע קאגבען זיי קיין זאך נישט שענקען! דארווין (ווער דארווין איז, האט שוין אפילו דער ראדזינער רבי געוואוסט,) פערצאהלט פון א קונצען מאכער, וואס איז ארום געפאהרען מיט געלערנטע אפפען. וואס פאר א קונצען די אפפען האבען בעוויזען, צו האבען זיי געגעסען מיט מעססער אונ גאפעל אדער קריטיקען געשריבען צו 5 רובעל פער שטיק ביים מחבר אונ נאך 5 ביים רעדאקטאר — דאס פערציילט ער נישט. ער פערציילט נור, אז דער קונצען-מאכער פלעגט די אפפען צו קויפען אין זאאלאגישען גארטען אויף א צוויי-פאכיגען פרייז. 50 רובעל פער שטיק האט ער געצאהלט אום אויסגעקליבען, אונ 100 רובל פער שטיק, אויב מען האט איהם ערלויבט די אפפען אהיים צו נעהמען אונ אויסצופריווען, אויב זיי זעננען פעהיג צו די קונצען. אויף דער פריווו האט ער זיי געהאלטען אין גאנצען עטליכע טאג. אז מען האט'ן געפרעגט, ווי עס איז מעגליך אין אזא קורצע צייט צו וויססען, אויב פון לאנג-עקקיגען תלמיד וועט ארויס א לייט, אדער ניין? האט ער געענטפערט, אז עס איז גענוג! אויסלערנען, זאגט ער, קענן זיך יעדער אפפע, די פראגע איז נור: אויב ער וועט קעננען אבטונג געבען! אונ אויף דעם האט ער געהאט א פראסטען סימן: איז דער אפפע, בשעת'ן לערנען געשטאננען רוהיג אונ אויסגעהערט, וואס מען האט צון איהם גערעדט, אונ צוגעזעהן, וואס מען האט איהם געוויזען, איז ער ווערטה געוועזען א הונדערטער! האט זיך איהם אבער אין מיטען געוואלט האפען א פליג אויף דער וואנד, אדער נאכיאגען א געווארפענע באלל, איז א סימן, אז דאס איז איין אפפע — א לא יצלח, אז עס וועט שוין פון איהם קיין רעכטער אקטער נישט זיין...

אין אונזער חדר זעננען אויך דא אסך אפפען, וואס וועללען זיך שוין קיינמאל גאר נישט אויסלערנען... זיי הערען נישט, זיי זעהען נישט — אדער בעססער געזאגט — זיי הערען אונ זעהען צו פיעל, זיי בעשעפטיגען זיך גלייך מיט'ן גראבסטען אונ מיט'ן קלענסטען, יעדען שענקען זיי א רגע אונ נישט מעהר... וואס זאגט אויף זיי דער רבי? ער זאגט, אז פון די אפפען וועט קיינמאל קיין לייט נישט זיין...

עס דאכט זיך זיי, אז דער קלענסטער צופאלל, וואס עס איז, א פליג איז אוועק געפלויגען פון ארט, א באלל איז דורך געלאפען, באטטענבערג האט חתונה געהאט,

די ענגלישע קאָניגין האָט איינעם דערלאַנגט די לינקע האַנד, קאַפּריווי איז אַראָב אונ ביסמאַרק איז אַרויף — אונ נאָך אַזוינע קליינינקייטען קאָננען איבערקעהרען די וועלט מיט'ן קאָפּף אַרויף, מיט די פֿיס אַראָב; ווייל ביז אַהער איז זי זיכער גע-שטאַננען פֿערקעהרט... זיי קאָננען נישט אַכטונג געבען אונ דערזעהען, אַז די פלעווים, וואָס פליהען אַרום דער מאַשין, האָבען גאָר קיין פּעולה נישט אויף די ראָדער מיט די צאָהן, וואָס מליצין אונזער קולטור... זיי ווייסען אפשר גאָר נישט, אַז עס איז פֿערהאַנדען ראָדער מיט צאָהן, זיי זעהען נור אַ הילצערן קאַסטען... דאָס רייבען, ריטשען, טראַסקען, די אַללע משונה'נע קולות, וואָס קומען פֿון דער מאַשין אַרויס, פֿערשרייבען זיי אפשר גאָר אויף אַשמדאַי'ס חשבון; אַ קשיא אויף אַ מעשה!...

נעכטען, למשל, האָב איך געטראָפֿען מיינם אַ בעקאַנטען אין גאַסס.

— דו ביסט נאָך דאָ? פֿראָג איך איהן פֿערוווּנדערט. איך ווייס, אַז די אייראָפּעאישע בילדונג איז איהם נמאס ומאוס געוואָרען, איהר ציוויליזאַציע האָט'ן דענערוויערט ווי אַ שיכּור'ער קאָנצערט אויף אַ צעסטראָיעטען פֿאָרטעפּיאַן.. עס האָט זיך אינ'ם אויפֿגעוועקט אַ ליעבע צום „מאָרגעלאַנד" מיט האַרעמען, עאונוכען (סריסים) אונ באַמבוס-קלאָפּף אויף נאַקיטע פּיענטים... ער האָט זיך גע'גט מיט'ן ווייב, פֿערקויפֿט דעם כּלי בית אונ געשאַפֿט זיך אַ פּאַססאָרט מיט אַ בריעף צום ועד-הפועל. איך האָב געמיינט, אַז ער ליעגט שוין לאַנג אויסגעשפּרייט אויף דער מאַמע רחל'ס קבר. פלוצלינג ער איז דאָ!...

טפֿו! טפֿו! טפֿו! האָב איך דריי מאָל אויסגעשפּיגען. נור ער נעהמט מיך אַוועק אין אַ זייט אונ רוימט מיר איין אַ סוד:

— ווייסט? די פֿראַנצויזען געהען קיין מאַדאַגאַסקאַר...

— נו? פֿראָג איך פֿערוואונדערט.

— וואַרט איך!

דען אייגענען טאָג האָב איך געטראָפֿען אַ בעקאַנטען יונגען מאַנן, וואָס האָט זיך געוואָלט מקריב זיין פֿאַר דער פֿאָלקס-בילדונג. ער האָט ביי מיר גענומען עט-ליכע זשאַרגאָנישע ביכליך צו פֿערקויפֿען. „נו, ווי האַלט עס?" פֿראָג איך איהן. „מען מוסס וואַרטען — אָנטפֿערט ער מיר — מען מוסס זעהן, צו מען וועט ליעב-קנעכטען אָבגעבען פֿאַר סוד"!

אַ פֿליג איז דורכגעפֿלויגען, אַ באַלל שפּרינגט...

---

דער אייגענער קונצענמאַכער פֿון וועלכען מיר האָבען גערעדט, האָט נאָך געזאָגט, אַז די אַפּפען, וואָס גיבען אַלליין נישט אַכטונג, העלפֿט זיי נישט קיין שלאָגען, קיין שרייען, קיין בייזערן זיך; פֿערקעהרט — זיי ווערען נאָך מיניש אונ

כל־בו׳ניש, אַז עס איז די גאַלל צו פֿערליערען...

נור אַפֿפֿען זעננען נישט די איינציגע ברואים אויף דער וועלט; עס איז דאָ אַ שפּאַר ביסל קאַלבער אויך... טהייל זעננען אפילו מחברים. קענט איהר נישט — „קאַלבערנע יוצרות״? די קאַלבער זעננען גוטע בעשאַפֿענישען....

עס איז אַ פֿערגעניגען מיט זיי צו רעדען! אַז דער הימעל שפּאַלט זיך, האָט נאָך קיין איין עקרה נישט קיין געשריי געטהון: קאַלב! אונ דאָך ווערען קאַלבער געבוירען, אַבי געזונד! זיי קוממען אויף דער וועלט אָהן שיר־המעלות׳ן, אָהן אַ דאָקטאָר, אָהן אַ הייבען אונ דאָך איז זעלטען, אַ קאַלב זאָלל פֿערבאַקקען ווערען, אָדער נישט אַרויסקוממען צו דער צייט... אַ ליטויש קאַלב בעגעהט זיך אָהן ר׳קקעל־שנירען, אָהן וויגעליך, אָהן רײַט־שטייה־אונ זיצ־באַנקלעך, אונ, איידער מען קוקט זיך אום, עס שפּרינגט שוין אויף אַללע פֿיער אונ שרייט: „מע!". פֿאַר קאַלבער זעננען נישט פֿערהאַנען קיין תלמוד־תורה׳ס, קיין חדרים, קיין שוהלען; אומגעלערנט, אומגעצוויגען שפּרינגט דערפֿון אַרויס איין אָקס... האָכסטענס אַ קוה! עס האָט באַלד אָפֿפֿען אַללע חושים, האַרטע קאָפּיטעס, לאַנגע אויערן אונ שפּיציגע האָרנדליך אונ עס הייבט באַלד אָן צו זאָגען די קאַלבערנע יוצרות!

אַזא קאַלב איז קיינמאָל נישט מסופק! קוים איז עס אַרויס אויף דער ליכטיגער שוין, ווייסט עס שוין, אַז מילך איז נישט קיין קאַלליך. וואַסער קיין עססיג אונ אַ האָרנער קוממען צו ניין, נישט דוקא ווען מען האָט רעכט...

דאָס איינציגע, וואָס אַ קאַלב דאַרף, עס זאָלל ווערען אַ לייט, איז — די מוטטער זאָלל עס אָבלעקען! אין דער ליטא איז אַ מנהג, אויסצושמירען יעדעס ניי־געבוירען קאַלביל מיט האָניג, די מוטטער זאָלל עס וועללען גוט אָבלעקקען. אין דער ליטא, אַ פּנים, זעננען דאָ אַ סך עמאַנציפּירטע קיה, וואָס גלויבען נישט, אַז די נקבה איז בעשאַפֿען געוואָרען נור קינדער צו לעקען, אונ בענוצען אפשר די צונגען אויף בעהאַלטענע אסיפות... ביי אונז ווייסט מען פֿון קיין האָניג נישט אונ דאָך זעננען אַללע קאַלבער אַזוי ריין אָבגעלעקט, אַז עס חאַפּט אָן ביי׳ם האַרץ...

קוים איז דאָס קאַלב אָבגעלעקט, פֿערמאָגט עס שוין אַללע פּראַוועס פֿון איין אָקס, אונ קענן אַללע שבע־חכמות, וואָס איין אָקס דאַרף קעננען... הלכות שחיטה לערנט עס נישט... „די לצרה בשעתה!", אַז דער חלף וועט אַ בליץ טהון, וועט שוין ליכטיג ווערען אין די אויגען; די רעשט זאַכען האָט עס שוין בירושה! קיין שום מלאך, אפילו נישט דער פֿון טשאָלענט, וועט נישט אַריינקריכען צון אַ קוה אין בויך אַריין, צו שנעללען אַ קאַלבעל אונטער דער נאָז, עס זאָלל פֿערגעססען די קאַלבערנע יוצרות אונ מוזען ערשט געהן אין חדר אַריין צו׳ן אָקס זיך לערנען אלף־בית;

און דעריבער זעננען די קעלבער אַזוי גוט!

אַ קאַלב ווערט נישט פֿערזיינט (אויב עס איז אַ חסרון)! מען ענטוויינט עס באַלד! עס ליידט קיין צרות נישט פֿון אומריינע פֿלאַשליך און עס פֿערדאַרבט זיך קיינמאָל נישט דעם מאָגען...

דעריבער טרעפֿט מען ביי קיין קעלבער קיין מרה־שחורה, קיין אפיקורסות, קיין וועלט־שמערץ און עס וועט קיינמאָל נישט וויסען, אפילו וואָס דעקאַדענטיזם איז... אַ געזונד קאַלב ווייסט נור קעלבערנע יוצרות...

אַ געזונד קאַלב, אויב עס איז פּאָעטיש, איז עס פּאָעטיש פּראָסט און איינפֿאַך! מיט איין „מע" פֿיהרט עס דורך אַ וועלט! דער אייגענער „מע" איז אַ מאָל טיעף ווי אַ ים, אַמאָל הויך ווי דער הימעל, אַמאָל לויטער ווי אַ טראָפּען טוי אויף אַ בלעטעל פֿון אַ רויז, און אַ מאָל אַזוי ווייכהערציג און געטריי, אַז מען מוז עס מוחל זיין די קאָפּיטים...

קיין קאַלב וועט זיך נישט אויפֿשטעללען שטאָלץ אויף צוויי פֿיס, וועט נישט פּריווען זוכען קיין נייע ווענען, קיין נייע ווערטער; קיין איינציג קאַלב זעצט זיך נישט אַנידער איבערקלעהרען, אפשר נישט „מע"?!

קעלבערנע יוצרות געהען פֿון האַרץ אַרויס, פֿון דער שלינג אַראָב! גאָר אָהן פילוסופיא! די שפּינען וועבט, די ביען גיט האָניג, און דאָס קאַלב מאַכט: מע!

און עס מאַכט נישט קיין סיסטעם, עס זוכט קיין האַרמאָניע, קיין צוזאַמענהאַנג... קיין טענדענץ... „מע!" איז — „מע".

עס שטעקט אין איהם נישט קיין בעהאַלטענע כּוונות, קיין שפּיציגער פייל, קיין פֿערסמטער וויטץ, און בפֿרט נאָך קיין געפֿאָהרליכע אידעע... אַ קאַלב איז בטבע גוט, עס וואָלט שטענדיג געלעקט און געלויבט, מע! און מע!... ברענגט מען עס ווייטער פֿון געדולד אַרויס — האָט ער פּאָדקאָווים!...

גלויבט מיר, ווען אַלכּסנדר קיעלאַנד זאָלל געבוירען ווערען אין איין אָבאָרע— וואָלט מען איהן אויך בעססער פֿערשטאַנען!

נור ביי די אַללע מעלות טובות קאָנען קיין קאַלב נישט אַכטונג געבען... עס ווייסט אַ מאָל נישט וויפֿיעל דער זייגער איז, ווי דער קאַלענדאַר האַלט... אויב עס מאַכט זיך אַ שׂרפֿה, געהט איהן אפילו נישט אָן, ווער עס לייגט אונטער, ווער עס וועט נעהמען אַססעקוראַציע, נור — ווען די אָבאָרע ברענט, מאַכט עס: מעמממע! שפּריגנט עס אין פֿייער אַריין און קומט אום על קדוש השם!

---

עס זעננען נאָך פֿאַרהאַנען תּלמידים קעטץ!

אללע ל"ג בעומר טאָפּיעט מען איין אלטע — און טאָג טעגליך ווערען געבוירען יונגע קעטץ און דאָס מין וואַקסט אויך ווי אויף הייבען.

מיט קיין קאַטץ וועט איהר קיינמאָל נישט דורכקוממען, איהר וועט זי קיינמאָל גאָר נישט אויסלערנען...

די אַלטע אַיינגעשרומפּענע, שטאָנדיג בעשאָפטיגטע צייט זיצט ביי'ם ראָדעל און שפּינט איהר אייביג לאַנגען, פערשיעדען־פאַרביגען פאָדען...

און דאָס פרייליכע פעליעטאָנישע קאָציל מיינט, אַז דאָס שפּינט מען איהר אַ שפּיעלעכיל, עס שפּרינגט צו פעליעטאָניש לוסטיג, און וויל אַרויסראַפּען די קנויל פון דער שויס, שפּיעלען זיך מיט איהר אין באַלל, פערוואַרפען אין שפּיי־קאַסטען, פערשלעפּען אין אַ מייזענ־לאָך!

אוי קאַץ, קאַץ! דאָס שפּינט מען דיר תכריכים!

---

# הורמוז און אַהרימון.

---

לויט דעם פּערסישען גלויבען, עקזיסטירען צוויי גאָטטער: איינער הורמוז (להבדיל אונזער יצר טוב) אַ גוטער גאָטט, האָטש צו אַ וואונד צו צולעגען. ער בעשאַפט נור — ליכט, באַרעמהערציגקייט, פערשטאַנד און נאָך אַנדערע גוטע זאַ־כען צום מענשליכען געברויך.

דער צווייטער — אַחרימון, (אונזער יצר הרע, נישט אויסגערעדט זאָלל עס זיין!) אַ שלעכטער גאָטט, וואָס האָט ליעב פינסטערניש, ווי אַ מוילוואָרף אָדער אַ פלעדער־מויז, איין אַכזר ווי אַ טאָרקוואָמאַדאָ און אַ גוטער פריינד פון נַעְרָנִים, וואָס טאַנצען אויף הינטער־פיסליך. מיט איין וואָרט — פאַר אַזאַ גאָטט, זאָלל גאָטט שומר ומציל זיין!

איהר פערשטעהט אַלליין, אַז ווען נישט אַהרימון, וואָלט די וועלט געוועזען אַ גן־עדן: מענשען וואָלטען געלעבט, ווי ברידער פון איין צוויללינג, און אפילו מאַנן און ווייב וואָלטען זיך קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געוואונשען; מענשען וואָלטען אַרומגעלאָפען אין די גאַססען און געזוכט, נישט קיין געשאָפטען, נישט קיין שווינ־דעל צו מאַכען, נור טאַקי מצות און מעשים טובים: מען וואָלט גערופען: „ווער איז נאַקיט, וועל'מיר איהן קליידען; ווער איז הונגעריג, וועל'מיר איהן שפּייזען; ווער האָט דורשט — וואַססער, וויין, קאָניאַק... וואָס אייגער וויל! גאַנצע פאָססער כרמל!

אויפ'ן היידעלבערגער ביער־פאַסס, וואָלט געשטאַננען אויפגעשריבען „כל דכפין

ייתי ויכול" פונקט, להבדיל, ווי אין אונזער הגדה.

און די ווייבער וואָלטען ניט געטראָגען אויף די קאָפּף קיין פּליגעל פון עקס־טראַ דאַרויף געשאַפּסענע פייגעל! עס וואָלט נור געוועזען אַ פראַגע, צו מען מאָג שמייסען — — אין באָד!

און פערקעהרט, — וואָלט געוועזען נור א י י ן אַחרימון, וואָלט די וועלט גע־וועזען אַ גיהנם, וואָס וואָלט אַרומגעשווימען ווי אַ שיף אויף אַ ים פון מענשען־בלוט און וואָלט פערשפרייט אַ ריח פון געברענט, געבראָטען און געררייכערט מענ־שענפלייש אין אַללע זיעבען הימלען...

און, אויב די וועלט איז נ י ש ט קיין גן עדן און נישט קיין גיהנם, אויב פון צייט צו צייט לעשען זיך אוים די אויטאָדעפעען, עס פערשטומט דער קלאַנג פון קייטען און די אַרמאַטען בריללען נישט אָהן אויפהער; אויב נישט אַללע וועג־ווייזער אויף די טראַקטען זעננען תליות, און עס מאַכט זיך אַ מאָל איין אסיפה אין האַאג, וואו מען רעדט וועגען שלום; אויב עס עקזיסטירט אין א י י ן צייט תפיסות און שפּיטאָלער, חברות פון צער בעלי חיים און אַנטיסעמיטען, וועלט־קאָנגרעססען און שאָוויניזם, אויב די בורען שיקקען איבער די ענגעלענדער אַ גראַטולאַציאָן צום נייעם יאָהר מיט אַ פודדינג (אַ מין ענגלישער קוגעל) אין אַ קאַרטעטש, — איז עס דעריבער, ווייל הורמוז און אַחרימון עקזיסטירען ביידע אין צייט, און איינער קליצעט דעם צווייטען דאָס וואַססער און שפייט איהם אין דער קאַשע אַריין.

דאָס אַלץ וויים איך, נישט אַזוי פון אַלטע פּערסישע ביכער אין פערשיעדענע איבערזעצונגען, ווי פון מיינם אַ בעקאַנטענס מויל, פון איין אַלטען פערסער, וואָס וואָהנט ווי־זאָ־ווי אין איין הויז מיט מיר; מיט וועלכען איך האָב זיך צופעאַליג בעקענט און מיר האַלטען זיך פון דעמאָלט אָן צוזאַממען, ווי צוויי לאַנג־נאָזיגע, וואָס קאָנ־נען גלייך נישט ליידען, ווי הינד ביללען... און מיר פלוידערן גאַנץ אָפט...

ווען איך טרעף מיך מיט'ן פערס, בעגריסען מיר זיך גאַנץ הערצליך.

— וואָס מאַכט אייער אַ ל ט ע ר? פראָגט ער מיט אַ שמייכעל, און איך אָנט־פער מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען:

— דערווייל, שטילל! און הורמוז וואָס מאַכט?

— ער וועט אויספיהרען! — איז זיכער דער פערס, — ער מ ו ז אויספיהרען!

און דער אַלטער אָפּטימיסט שנייצט זיך הויך און מיט אַ זיכערקייט די נאָז, און ווישט זיך איבער דאָס גאַנצע פנים מיט אַ רויט פולאַרען טוך, וואָס וואָלט גענוג גע־וועזען ה ו ר מ ו ז ע ן פאַר אַ פאָהן.

איינמאָל דאָך איז ער נישט זיכער געוועזען.

— ווער וויים, — זאָג ער, — ווער וויים! אַ ח ר י מ ו ן איז חיטרע, זעהר חיטרע! פּפיפיג, ווי עס קאָנן נור זיין!... כל זמן אַ ח ר י מ ו ן האָט געפיהרט איין

אָפּפּענען קריעג מיט הורמוזען, בין איך זיכער געווען, אַז עס מוז קוממען אַמאָל הורמוזעס איבּיג-לאַנגער טאָג, נאָך וועלכען עס וועט קיין נאַכט שוין מעהר נישט זיין! איך האָבּ אָבּער בעמערקט — — —

— וואָס האָסט דו בעמערקט?

מיר זעצען זיך אויף אַ באַנק, (עס איז זוממער און אין אַ גאָרטען געוועזען) און דער אַלטער פּערס זיפצט.

— איך האָבּ בעמערקט, — זאָגט ער —, אַז אַחרימאָן האָט זיין טאַקטיק פּערטוישט און איז ווירקליך שוין געפּעהרליך געוואָרען... ער שווינדעלט! ער פּער-שטעלט זיך! ער מאַכט זיך פאַר הורמוזען אונטערטהעניג, האָניג גיעסט זיך איהם פון מויל, און נאַרט איהן אָבּ פון קאָפּף ביז פיס... הורמוז, דער גוטער, לאָזט זיך גענאַרען...

— איז עס מעגליך?

— האָר, — מאַכט דער פּערס, — איך וויל דיר אַ פּאָר ביישפּיעלען געבען פון זיין טאַקטיק:

אָט, למשל, פּערצייטענס, אַז הורמוז האָט געוואָלט דער וועלט אַ גרויס פּערגניגען מאַכען, איין איבּערראַשונג, און בעשאַפּען אַ זעלטען שאָנע פרוי, פלעגט קוממען אַחרימאָן און, להכעיס, אָנריהרען זי מיט דער אומריינער האַנד ביי'ם שטערן, ביי'ן אַ באַקק, און גענוג; — דער שאָנהייט וואַקסט שוין דערפון אַרויס אַ האָרן, אַ קראָץ... נור וואָס העלפט עס איהם? הורמוז דערזעהט עס באַלד, שיקט אַ שטראַהל פון זיין גענאָד, דער האָרן פאַלט אַראָבּ, דער קראָץ פערהיילט זיך, און די שאָנהייט ווערט נאָך שאָנער, נאָך ערהאַבּענער... היינט טהוט ער אַנדערש; ער טהוט, גלייך ער איז צו פריעדען און גליקליך מיט אַללעם, וואָס הורמוז טהוט!

ער חאַפּט אויף זיך אַ פּראַק און אַ צילענדער, בעווייזט זיך פאַר דער פרוי און זאָגט מיט אַ זיססען שמייכעל: מאַדאַם (אָדער פריילין) איך גראַטולירע אייך מיט מיין העררן הורמוזעס גענאָד! איהר זייט עס ווערט... די גאַנצע שטערבּ-ליכע וועלט דאַרף קניען פאַר אייער אונשטערבּליכער שאָנקייט!

און שוין! פון דער שאָנהייט ווערט אַ קאָקעטטע, אַ קאַלטע הערצפּרעס-מערין...

הורמוז, למשל, חאַפּט זיך אַמאָל אויף און דערזעהט, ווי איין אָרימאַנן אַרבּייט שווער און האָט קיין פּרנסה נישט. אַ גוט האַרץ האָט ער, געלד אין אוצר פעהלט נישט, חאַפּט ער עטליכע קאָפּיקעס אין אַ זאָקקיל און וואַרפט אַראָבּ דעם אָרימאַן...

פריהער פלעגט אַחרימאָן שיקקען גזלנים אָדער גנבים, אָדער אַ שׂרפה,

אוועק צו נעהמען דען גוטען גאָטס מתנה ביי׳ם אָרימאַנן. עס האָט אָבער נישט גע־ווירקט; הורמוז הייבט אָן געבען און געבען, און וויל ער, שטעלט ער גאָר דאָס מזל ביי׳ם אָרימאַנס טהיר, און דער ווערט רייך און גליקליך! היינט טהוט אחרימון אַנדערש.

הורמוז האָט געגעבען איין אָרימאַן טליכע קאָפּיקעס, זעהר גוט! ער קריעגט זיך נישט מיט׳ן אֶלטערן ברודער! פערקעהרט. ער לערנט זיך נאָך אָב פון איהם, ער וויל אויך אַ גוטער ווערען! און ער ווארפט צו דעם אָרימאַן נאָך אַ פּעקיל — און סאַמע גאָלדענע ראָנדליך!

פון אָרימאַן ווערט אַ גביר, דער זאַקק מיט גאָלד וואַקסט, און, וואָס מעהר ער וואַקסט, מעהר מאַגנעט ווערט ער, מעהר ציהט ער צו זיך צו! און דער גע־מאַכטער גביר צווישען סאַמע אָרימע לייט, קאָנן נישט זיין גליקליך! ער קאָנן אפילו נישט רוהיג שלאָפען... די אָרימע לייט אַרום שלאָפען אודאי נישט!...

הורמוז וויל עמיצען געבען אַ גוטע זאַך, למשל — גבורה, אַ האַרץ פון אַ לייב! — אַזוינער קומט צו נוץ יעדעם פאָלק, יעדער צייט! —

פערצייטענס פלעגט אחרימון וועללען אַזוינעם אומברענגען, קוילען; ער פלעגט איהם אָנשיקקען גאַנצע מחנות מיט רוחות און שדים, זיי זאָללען איהן חאַ־פּען און עס זאָלל פון איהם קיין זכר נישט בלייבען, נור הורמוז פלעגט נישט לאָזען; געגען די מחנות פון שדים און רוחות שיקט ער מחנות מלאָכים; זיי פער־יאָגען די שדים מיט די רוחות צוריק אין גיהנם אריין און דער העלד בלייבט העלד. היינט פיהרט זיך אחרימון אַנדערש —

הורמוז גיט גבורה, אַחרימון דערלעגט נאָך אַ ביסל און פון אונזער בע־שענקטען פון הורמוז ווערט איין אַוואַנטורניק, אַ פּרא־אָדם, ווייל עס שפּאַרט איהן די קראַפט, דער איבערשפּאַנטער כח, און אויף׳ן אָרט פון נוצען, ברענגט ער דען גראָסטען שאָדען!...

די זונן געהט אונטער און דאָס איז די האָכסטע צייט אַ היים צו געהן פאַר׳ן פערם; ער געזעגענט זיך:

— נאָך דאָס — זאָגט ער, אויפשטעהענדיג, — וויל איך דיר זאָגען: אַ מענש דאַרף עססען, הנאה האָבען פון עססען, בעשאַפט איהם הורמוז אַ דאַרם — אַ קישקע; מען דאַרף זי נעהטיג האָבען, אָהן איהר איז נישט צו לעבען! וואָס טהוט אחרימון? ער וועט דאָך ביין אַ מענש די קישקע נישט אויסשניידען — גיט ער צו אַ בלינדע קישקע, נאָך אַ שטיקל! און דאָס שטיקל איז שוין אַ גע־פאָהרליכע זאַך, דערפון קראַנקט מען שוין!

דער פערם איז אוועקגעגאנגען, און איך האב געקלערט: צו איז ער ניט געשטערבט?

הורמוז, אָדער דער יצר טוב, גיט אונז אריין אַ געפיהל צו ליעבען אונזערע נאָהנטע, אונזער פאָלק, אונזער אָרים פאָלק, פאַר וועלכען מיר וויללען אַרבייטען און אָפּפערן זיך; וואָס טהוט אַחרימון אָדער דער יצר הרע? ער דערלעגט נאָך אַ ביסל געפיהל, עס ווערט פון נאַציאָנאַליזם — שאָוויניזם, פון רייכען געפיהל איין עקעלהאַפטער שאַרלאַטאַנען-פאַנאַטיזם, וואָס וואַרימט נישט און לייכט נישט, נור ברענט אין דער פינסטער און קאָנן אונז אַלליין פערברעננען!...

איין אָרים פערוואָגעלטער נע-ונד'ניק זוכט זיך אַ דאַך איבערן קאָפּף, אַ רוהיג שטיקעל אָרט, וואו זיך אַנידער צו לעגען, וואו די ביינער אויס צו רוהען, אום אויפ-צושטעהן מיט אַללע גלייך, צו דער נייער אַרבייט, — אַללע פאַר אַללע!... דען געדאַנק האָט איהם איינגעפלאָסט הורמוז... וואָס טהוט אַחרימון? ער מאַכט פון דאַך, פון רוהע-בעט, איין אייביגען, הויכען צוועק, אַ אידעאַל אַן מיר...

מיר האָבען זיך צוריק גערוקט אויף אַ הונדערט און צוואַנציג יאָהר!
און עס איז ווירקליך אַ שאָד די צייט!

---

# שמאי ראַטמאַנן.

איהר קאָנט שמאי ראַטמאַנן? געוויסס!
נאָכטען, שטעלט אייך פאָר, טרעף איך איהן אין גאַסס.

— שמאי! רוף איך; ער הערט נישט. איך מאַך מיט דער האַנד, ער זעהט נישט! ווי אַ גולם שטעהט ער, מיט אָפפענע, שטאַרע אויגען; איך חאפ איהן אָן ביי'ן אַקסעל:

— גאָטט איז מיט דיר, שמאי!
ער חאַפט זיך אויף, ווי פון שלאָף.
— אַ נייע אידעע! שמייכעלט ער.
אַ וואונדערליכע זאַך די נייע אידעען! ווי דאָס ווערט געבאָרען!
אַ מענש, ווי אַללע מענשען; אַ פּריוואַטער, וואָס דאַרף, און גאַנץ אָפט, אַללער-ליי געלדער — פרנסה-געלד, דירה-געלד, מלמד און לעהרער-געלד, חוץ אַנדערע

נעלדער, — אזא מענש פאַלט פלוצים אוועק אין מיטטען גאַסס — אַ גולם! איין אָפּגע־מויל, אָפּפענע אויערען, אונ ער הערט נישט, אונ ער זעהט נישט, אונ פיהלט נישט!

וואָס איז? עפּיס אין מוח, אין אַ פינסטער בעהאַלטען ווינקעלע, שפּינט זיך אונ וועבט זיך אַ נייע אידעע.

אונ זי וועבט זיך אונ שפּינט זיך אָהן זיין ווילען, אָהן זיין וויססען, אונ, מעהרסטענטהיילס, נישט פיר זיין טובה ווענען...

איך קענן אַ סך, אַ סך מענשען, וואָס אידעען האָבען זיי איבערגעפיהרט...

ר א ו ב ן האָט געקלערט, אונ געקלערט ביז ער איז געפאַללען אויף אַ נייער המצאה, אונ איז אַריין מיט אייגען אונ פּרעמד־געלד...

ש מ ע ו ן האָט זיך איינמאָל פערטראַכט — פערטראַכטערהייט האָט ער זיך עפּיס אַרוים געחאַפּט, אונ פון דעמאָלט אָן, יאָגט מען איהן אונ מען פּלאָגט איהן פון אַללע זייטען, מען וואַרפט איהן נאָך שטיינער אין גאַסס...

ל ו י איז גאָר אַראָב פון זיננען, אונ ווענן נישט דאָס ווייב זיינס, וואָס לאָזט פון איהם קיין אויג נישט אַראָב, וואָלט ער שוין לאַנג געהאָנגען ערגיץ אויף אַ בוידעם.

י ה ו ד ה, חאָטש קיינער ציעפּיט איהן נישט, לויפט, צייט ער איז געפאַל־לען אויף עפּיס אַ וואונדערליכע אידעע, אַרום ווי משוגע אין די גאַססען, אונ שרייט „געוואַלד!"...

אונ ז ב ו ל ן, דען מוזט איהר אויך קעננען, זייט ער איז אויפ'ן קאָפּף גע־פאַללען, געפאַלט איהם נישט דאָס ווייב, קענן ער נישט זיינע אייגענע קינדער, עסט ער נישט אונ טרינקט נישט, אונ געהט קריעה־בליעה — אונ וואָס וויל ער? געהט פראָגט איהן!

אונ פון דעסטוועגען, האָב איך אַ שרעקליכען חשק צו נייע אידעען! ווער וויים? צווישען איבערגעדראָשען שטרוי קאָנן זיך דאָך אַ מאָל געפיננען אַ קאָרנ־דעל ווייץ, אונ צווישען מיליאָרדען נייע אידעען, קאָנן זיך דאָך געפיננען א י ין אמת'ע אידעע.

אונ געפינט זי זיך, ווער קאָנן איבעררעכענען דען שאָדען, אָדער דאָס גוטס, וואָס אַ נייע אידעע קאָנן ברענגען מיט זיך?

עס קאָנן זיין אַ בליץ, וואָס וועט אויף אָרט אונ שטעלל פערשווינדען... עטליכע שאָקק בלינדע היהנער וועללען גאָר נישט וויססען פון איהם, אונ לייקענען שטיין אונ ביין, אונ עס קאָנן זיין אַ דוננער! אונ אַ דוננער איז שוין ניט קיין קלייניגקייט; ער קאָנן אַריינשלאָגען אין זאַמד פון סטעפּ אונ אויסדרעהען נור אַ גלאָ־זערן ראָהרעל, אַריין אין ים אונ אויסגעהן ווי אַ ליכט; ער קאָנן אָבער אויך אַריין

שלאָגען אין אַ הויז, און אָנמאַכען — גאָטט ווייס וואָס פאַר אַ שׂרפה... איידער עס קומט די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, קאָנן פון אַ שטאָרט נישט בלייבען אַ שטיין אויף אַ שטיין...

גאָטט מיין איינציגער! אַ נייע אידעע קאָנן דאָך גאָר אָנטפּערן אויף די אַללע ביטטערע פראַגען, וואָס פרעססען אונז אוים דען מוח פון די קאָפּ; אויף די אַללע רעטעניששען, וואָס דרעהען אונז, ווי די עגבאָר אין די געהירן — ווער ווייס!

און דער, דער שטעהט פאַר מיר און שמייכעלט: אַ נייע אידעע!

איך האָב איהן אָן ביי אַ לאָץ:

— זאָג!

— דאָ, אין מיטטען גאַסס?

איך דאַנק גאָטט, וואָס מיר זעננען נישט וויט פון אַ קאָנדיטאָריי...

* *

*

נאָך עטליכע שלוק טהעע, ווייס איך שוין אין וואָס עס געהט.

די וועלט וועט זיך נישט איבער קעהרען, אויך וועט זי נישט פערברענט ווערען, עס וועט אפילו קיין שטורם־ווינד נישט זיין, וואָס זאָל דען שטויב פון די גאַססען יאָגען אין די אויגען אריין...

שמאי ראַטמאַנן וויל נור מאַכען אַ נייע חברה!

אייגענטליך — אויך גוט!

— פערשרייב מיך!

— שוין!? וואונדערט ער זיך, דו ווייסט נאָך נישט וועגען וואָס עס געהט!

— אַלץ איינס! זאָג איך — מיר דאַרפען נייע חברות; שלעכטע, גוטע, נאַרישע, קלוגע, אַבי חברות, אַבי עס זאָל נישט זיין טויטט, זאָל זיך רודערן... און צונד זאָג וואָס דו ווילסט!

— איך וויל, — זאָגט ער, גרינדען אַ חברה דענקער!

— דענקער?

— יאָ, איינפאַך, דענקער...

— נאָך וואָס?

— האָר... נור, איך מוז האָבען אַ גאַנצע פאָררעדע.

— נאָך בעססער! פאָררעדען האָב איך ליעב ווי דאָס לעבען, ווענינגסטענס— מעהר אַלס די ביכער... די פאָררעדע איז זעלטענער געגומ מען...

— דו מאַכסט חוזק, בעלעדיגט זיך ראַטמאַנן.

— און דו האָסט מורא פאַר לצנות? דו, אַ מענש פון נייע אידעען? דו דאַרפסט דאָך זיין גרייט אויף שטיינער, אויף פויסטען, אויף פייער און וואַססער...

— דאָס אַלץ — אָנטפערט ראַטמאַנן, שאַדט נישט! דאָס זעננען, געוואָהנליך, נור די הייבען, אויף וועלכע אידעען וואַקסען! נור חוזק מאַכען, דאָס שטאָכען מיט נאָדלען, דאָס קאָנן אַ מענש, האָטש ער איז גרייט צום אויטאָ־דאַפען, איבערשרעקקען...

— איז נישט, נו! איך שווייג שוין, פערצעהל!

אונ ראַטמאַנן פערצעהלט.



בעמערקט האָט ער, ראַטמאַנן, אז אַלץ האָבען מיר ליעב, נור נישט צו קלערען.

— ווי הייסט?

— גאַנץ איינפאַך, מיר זעננען פויל, שרעקליך פויל! אַזוי צו ליעגען אויף דען פרישען גראָז אונ יאָגען די וואָלקען אין היממעל...

— אָדער, — האַק איך איהם איבער, — זיטצען אונ עססען אונ טרינקען.

— עט! מאַכט ראַטמאַנן, עססען אונ טרינקען האָט מען וואָס אַ מאָל ווייניגער, מען איז יוצא מיט אַ „יהי רצון", — גלייך מען וואָלט געגעסען, גלייך מען וואָלט געטרונקען; נור וואָלקען אין היממעל פעהלען נישט, אונ אַללע מאָגען קוקען.

ליעגען מיר טאַקי אונ קוקען... טהייל שטודירען מכלומר'שט אַסטראָנאָמיע אונ צאָהלען די שטערן: איינס, צוויי, דריי... ווי ווייט איינער קאָנן!

מאַכט זיך אַ שטורם, שפרינגען מיר אויף די פיס, — דערמאָלט זעננען מיר גרייט — צו ענטלויפען!...

וואו אַהין?

וואו דו ווילסט! רעכטס, לינקס, ווייטער אָדער צוריק, נור עמיצער זאָלל זיין דער וועג־ווייזער, דער ערשטער לויפער, דער טריק! (באָק).

מיר קאָננען געהן, מיר קאָננען, אפילו מיט די געשוואָללענע פיס, לויפען, אַלץ־איינס וואו אַהין, נור צוויי זאַכען: ערשטענס זאָלל זיין אַ טריק, אונ צווייטענס זאָלל ער זיך נישט אָבשטעללען אונ נישט פראָגען אונז אַלליין: וואו אַהין? קלערען האָבען מיר פיינד, טראַכטען איז סם!

אין יעדען אונגליק, אין יעדער שלעכטער צייט, קוקען מיר זיך אום, צו וועט זיך בעווייזען אַ זייל, פון פייער צו פון וואָלקען, נור אַ זייל, וואָס זאָלל זיך פאַר אונז רוקקען אונ ווייזען דען וועג.

קומט אַ משה, לאָזען מיר שטעהן די טאָפּ מיט פלייש, מיט די ציבעלים אין מצרים אונ געהען איהם נאָך אין מדבר אריין; אין מיטטען

וועג ווילען מיר מאַכען איין אַנדערן ראש און — צוריק קיין גשן!...

משה פערזוימט זיך אויפ׳ן באַרג סיני, אונזערע ווייבער האָבען ציערונג, — אַ הער! וועט זיין אַ גאָלדען־קאַלב!

אַ שלוק טהיי און ראַטמאַנן רעדט ווייטער:

---

מען זאָגט, אַז צייטען בייטען זיך, נישט וואָהר! דער אייגענער האָסט צום קלערען, צום טראַכטען, צום מַשב זיין; מיר זעננען פּויל ווי מיר זעננען אַ מאָל געוועזען.

מיר האָבען ליעב דען שקר, נישט נור דערפאַר, ווייל ער איז אויסגעקאָמט, אויסגעפוצט און שמעקט פון פּערפומים, נור ווייל ער איז זיכער, און זאָגט אַלץ אויף זיכער, גלייך ער וואָלט דערביי געוועזען. אַ מזבח פאַר גאָטט? — וואהל, קוילען מיר קאָלבער! פאַר׳ן מולך — נאָך בעססער! קינדער צום פערברעננען פעה־לען נישט, — ווי עס איז — נור זאָגט בפירוש, וואָס איהר ווילט, קלערט נישט און הייסט נישט קלערען!

אמת וואָלטען מיר אויך אויסגעהאַלטען, נאַטירליך זאָלל זי פריהער זיך אָבשניידען די נאָגעל און נישט אויסדראַפּען, רעדענדיג, די אויגען; זאָלל זי נישט אַרומגעהן נאַקעט און באָרפוס אין די גאַססען, חבר׳ן זיך מיט שניידער־און שוסטער־יונגען... נאָך עפּים: אין וואָס וואָהגען מיר? אין שטרויערנע, הילצערנע און וועגן אפילו שטיינערנע, נור אין אַלטע, אויסגעטרוקענטע הייזער — זאָלל זי נישט אַרומ־געהן מיט׳ן פלאַקקער פייער אין דער בלויזער האַנד... אַ קליין־ליכט׳ל אין אַ גרוי־סען לאַמטערן איז זיכערער... קאָליערטע גלאָזער — שאָנער און בעססער! נישט די אמת איז געפאָהרליך! צי די ערד דרעהט זיך אַרום דער זונן צי פערקעהרט, איז דעם רב מיט דער רביצען אַלץ איינס, נור ווי מען האָט געזאָגט, אַזוי זאָלל זיין! נאָך וואָס גאָר קלערען אַנדערש!

די פראַגען, די רעמעגישען, דאָס קאָפּברעכען, דאָס האָט רב און קהל פיינד...

— וואָס האָסט דו זיך געחאַפּט אָן רב און קהל?

— און ווער איז בעססער? יעדער מענש, אפילו דער שאָנסטער און דער בעסטער, לאָזט זיך איבער אַ שטיק אָרט אין מוח, אַ שטיק „קדשי קדשים"; אַהין לאָזט ער קיינעם און זיך אַלליין נישט צו, דאָרט טאָר מען נישט אַקקערן, נישט זייען, נישט ריהרען דען אַלטען ווילדען דאָרן, וואָס צעוואַקסט זיך, ווי אויף הייבען...

שלעכטע צייטען... ווייבער עמאַנציפּירען זיך, און ווילען די אורינגליך

אויף גאָלדענע קאָלבער נישט געבען; די נביאים זעננען איינס ביי איינס געשטאָרבען, — דעם פּראָפעססאָר פאַלב געראָטה איין מאָל אויף הונדערט מאָל; מלאָכים בעוויזען זיך נישט; זייט די באַרשט האָט אַרוים געיאָגט פון שטוב דעם בעזעם, האָבען די כּישוף־מאַכעריי'נס נישט אויף וואָס צו רייטען, גורל־וואַרפען איז אוים מאָדע, עס פּאַסט פאַר אַ יונגען באַקפיש צו רייסען בלאָטליך פון באָז: יאָ ליעב, נישט ליעב! אָדער פאַר אַ שיללער, ער זאָלל דאָס זעלבע טהון אויף די קנאָפּ פון מונדיר, נור דאָס זעננען ליעבעזאַכען און יונגע לייט... אָלטערע מענשען, און, למשל, ביי געזעלשאַפטס־פראַגען, געהט עס שוין נישט!

וואָס־זשע טהוט מען? צולעגען קאָפּ גלוסט זיך דאָך נישט, האָבען מיר ערפונדען נייע כּישוף'ן, נייע גורלות...

כּללים הייסט עס, דעוויזען, קלינגענדיגע וואָרטער!

וואָס איהר ווילט, אַבי נישט קלערען!

יעדער כּלל, יעדער דעוויז, יעדעס קלינגענדיג וואָרט איז אַ שטיקל מאַגנעט, וואָס ציהט צו נשמות ווי שטויב!

דער שטויב פון נשמה'ליך, וואָס האַלטען זיך אָן איין מאַגנעט, איז אַ „ראָדעל", אַ חברה, אַ פּאַרטיי!

אַ גוטע זאַך איז דער דעוויז, און ווי נוצליך איז אַ קלינגענדיג וואָרט! מען האָט דיר אויסגעהאַקט אַ שויב, און דאָס געשריי פון הונגעריגע וואָלף רייסט זיך דיר אין שטוב אַריין און לאָזט נישט שלאָפען, — כאַפּ איין „איזם", אַ קלינגענדיגען „איזם" און פערשטעק דאָס לאָך, וועסט דו ווייטער רוהיג שלאָפען!

עס איז דיר אַ וואָרמעל מיט אַ קופּערן־פּיסקעל אַריין אין אויער, פון אויער האָט זיך עס אַריינגעגנב'עט אין די געהירן, און דליבעט, און דליבעט צום משוגע ווערען, כאַפּ אַ דעוויז, און הייב אָן שרייען, למשל:

די וואַכט אַם רהיין, די וואַכט אַם רהיין!

זינגען איז נאָך בעססער! דו מאָגסט אפילו קיין דייטש נישט זיין; שריי, זינג — דאָס וואָרמ'על וועט איינשלאָפען!...

האָסט ווייניג קאַנווע אין קאָפּ, דיר אויסצושטריקקען אַ גאַנצען סיסטעם, — אַ קלייניגקייט! מאַך גרויסע לאָכער און פערשטאָפּ זיי מיט דעוויזען, מיט קלינגענדיגע וואָרטער און דו ביזט אַ גאַנצער פילאָזאָף, און דו פערשטעהסט הימעל און ערד, דיין אייגען לעבען — אַוודאי!...

— וואָס זשע ווילסט ד ו?

— א י ך וויל, — זאָגט ר אַ ט מ אַ נ ן, — מענשען זאָללען זיך נישט אויסרייסען די געזונדטע אויגען און אַריינזעטצען אויף זייער אָרט קאָליערטע גלאָזליך! מענשען זאָללען זיך נישט פערשטופּען האַרץ און געהירן מיט קלינגענדיגע וואָרטער

און וואָרטליך; איך וויל — מענשען זאָללען ק ל ע ר ע ן!

— און דיין נייע אידעע?

— מיין נייע אידעע איז טאַקי צו גרינדען אַ חברה אָהן „איזמען", אָהן גלאָז ליך... אַ חברה פון מענשען, וואָס זאָללען זיך נישט שאָמען, אַרומצוגעהן אין גאַסס מיט פראַגע־צייכען אויף די שטערן; וואָס זאָללען נישט איינרעדען, נישט זיך, נישט יענעם, אַז זיי מוזען אַלץ וויסען, אַז זיי ווייסען אַלץ... אַז זיי קאָננען היילען קראַנק...

— וואָס וועט די חברה טהון?

— קלערען וועט זי, שטודירען, אַלץ וועט זי וועללען וויססען, אַלץ דער־גרונטעווען...

אַ חברה־מאַנן, אַז ער האָרט אַ קלינגענדיג וואָרט, פראָגט ער זיך און יענעם: וואָס בעטייט עס? וואָס זאָגט עס צו? און זאָגט עס עפּיס צו, צי האָט עס אַ זיכער היפּאָטעק, צי מאָג מען דערויף ש ט ע ל ל ע ן?

אַ חברה־מאַנן, אַז ער האָרט אַ שפּרוך, פראָגט ער זיך און יענעם: פון וואָס בעשטעהט ער? וואו שטעקט דער כּישוף? מיט וואָס ציהט ער צו?

און אויב ער זעהט, אַז עס איז אַ פערבלענדעניש, אַיין איינגערעדטע זאַך, שטעלט ער זיך אָב און בעווייזט רעכטס און לינקס, אַז עס איז אַ שקר!

ר אַ ט מ אַ נ ן דערהיצט זיך:

— יעדער חברה־מאַנן איז מחויב צו ראַנגלען זיך געגען יעדען שווינדעל, געגען יעדען חלום, געגען יעדעס פּוסטע וואָרט...

— און אויף דעם אָרט פון חלומות און פוסטע וואָרטער? —

— וועט די חברה געבען נייע אידעען...

---

מיט איין וואָרט ר אַ ט מ אַ נ ן וויל פערלעגען אַ פאַבריק פון נייע אידעען...

דאָס ווייסט איין גאָטט!

יעדע פאַבריק דאַרף האָבען רוי מאַטעריאַל, — וואו וועט ער עס נעהמען?

און בשעת איך האָר זיינע רייד, דאַכט זיך מיר, אַז איך זעה אַ וואונדערליך־בילד אין דער לופט.

אַ ווילד ברויזענדער ים — אַ שיף איז אין געפאַהר, איין פאַליע וואַרפט זי צו דער צווייטער; נישט ווייט זעגנען ראַפּפען און פעלזען, זי קאָנן זיך לייכט אָנשלאָגען און צערשמעטערט ווערען; און דער הימעל ווערט וואָס אַ מאָל פינסטערער, די לעצטע שטערן פערשווינדען, די מענשען זעהען איינער דעם צווייטען נור ביים בליץ... און נאָך יעדען בליץ — געהט אַ דונער...

און נישט נור די שיפסלייט ווילען רעטטען די שיף, — אללע רייזענדע אַרבייטען מיט... קופּקעליך דערשראָקענע מענשען, דערשראָקענע און דענערוויערטע; אין מיטטען יעדען קופּקעלע רעגיערט איין אַנדערער, הייסט טהון עפּיס אַנדערש, און דער עולם פאָלגט און אַרבייט מיט די לעצטע קראַפטען... און ווערט דער עולם מיעד, שרייט מען פון דער מיטט אַרויס עטליכע הויכע, קלינגענדיגע, הייסע ווערטער, און דער עולם דערהיטצט זיך, בעקומט נייען כח, און אַרבייט ווייטער און ווייטער...

נור אָט רייסט זיך אָב איינער: —

— מען טהוט אָהן פערשטאַנד, אָהן וויססען, מען טהוט נור דורך קלינגענדיגע הויכע ווערטער — „איזמען", און „איזמען" —

— קלערען דאַרף מען!

און ער בייגט אַוועק אָן אַ זייט, די שיף קנאַקט, דער דונער שלאָגט און שלאָגט, מענשען אַרבייטען מיט'ן לעצטען אָטהעם און ער — ער קלערט...

# וועגען יודישער חוצפּה.

עס איז פּשוט משוגע צו ווערען!

וואָרום באמת — וואָס טהוט מען?

געלד אויף באַלער, ווערט וואָס אַ מאָל וועניגער! נייע שאַנסאָנעטקים, מען זאָל קאָננען האָבען איין אָבענד יצר הרע פאַר אַ רובל, קוממען נישט. נייע קלוינען — דער צירק זאָל אינטערסאַנטער ווערען, בעווייזען זיך נישט, און פאַר דער פּאָליטיק געהט זיך אָן די גרינע גאַל...

וואָס איז היינט פּאָליטיק? גאָר נישט!

אין פּאַריז געהט אַ סדרה — אַסומפּציאָניסטען; ווייסט דער טייוועל וואָס פאַר אַ שוואַרצע חברה דאָס איז!

דער „פשעגלאָנד-טיגאָדניאָווע", וועלכען די „ראָלא" האַלט פאַר אַ יודיש בלאַט, זאָגט, אַז די אַסומפּציאָניסטען זעננען אַ בעהאַלטענע חברה פון גלחים-אינטריגאַנטען, וואָס ווילען איבערקערען די גאַנצע פראַנצאָזישע רעפּובליקאַנישע שיסעל, און אונזער „קוריער-וואַרשאַווסקי", לעווינטאַל'ס, דעם געוועזענעם אַפּטרופּוס פון יודישען שפּיטאַל'ס בלאַט, זאָגט להיפוך: די אַסומפּציאָניסטען זעננען ווייסע

שטילע טויבען, וואָס האַלטען זיך אין דער הויך אויף די שפּיצען פון קלויסטער און מען האָרט נישט זייער פּאָרע...

און געה וויים!

פון אַפריקא האָרט זיך נישט מעהר, נור ויסעו ויחנו. אַהין געדוקט, אַהער געדוקט, צוויי בורען געפאַללען, פיער ענגעלענדער געפאַנגען. — עס ווערט נמאָס ומאוס!

ענגלאַנד האָט זיך פערקייכט אין מיטען איינשלינגען דען בור; נישט אַרוים צו וואַרפען, נישט אַראָב צו שלינגען!

וואָלטען האָטש די בורען אונטערגעלענט יאָהאַניסבערג, אין דער לופט זי אוים צושפּרינגען! וואָלט האָטש געפאַללען אַ הייסער דימאַנטענער רעגען...

פון חינא קוממען אַזוינע שקרים, אַזוינע גוזמאות:

אַז, ווענן נישט, וואָס אויף דער קראַקויער־פאָרשטאַדט איז פאַרהאַנן איין אָפען געוועלב מיט אַ שילד מיט חינעזישע אותיות — ווענן נישט, וואָס דאָרט שטעהט אַ בפירוש'ער לעבענדיגער חינעזער, מיט איין אמת חינעזישען צאָפ, אויף וועלכען די ווייבער קוקען מיט וואַססער אין מויל און אויגען פאַר קנאה, ווענן נישט וואָס ער שטעהט אַ גאַנצען טאָג און פערקויפט, ווי ער אַלליין זאָגט, ריינען חינעזישען טהיי מיט אַ צולאָג, וואָלטען מענשען געזאָגט: „איוב לא היה ולא נברא!" — עס איז קיין מלחמה נישט פאַרהאַנען, קיין חינא נישט דאָ! עס איז אַ חלום, איין אויס־געטראַכטע מעשה; ווי די דריי פראַנצויזישע ברידער „גלייכהייט, פרייהייט, ברידער־שאַפט", מיט וועלכע מען האָט אַ לאַנגע צייט צו נאַרען געמאַכט דעם עולם.

הכלל — פוסט, תהו ובהו!

וואָס דען טהוט מען? פון וואָס שרייבט מען אין צייטונגען!

האָט מען זיך טאַקי אַזוי לאַנג געבראָכען דען קאָפּ, ביז מען האָט בעקוממען פון וואָס צו רעדען, מיט וואָס די צייט צו פערברענגען; אַבי נישט פון זיך אַלליין צו קלערען, אַבי פּטור צו ווערען פון נאַציאָנאַליזם, ציוניזם און אַללערליי געמאַ־געשפענסטער, וואָס שרעקען די וואַרשויער לייט ביי טאָג און ווערגען זיי ביי נאַכט...

אַ ניי עסק האָט מען געפונען די — יודישע חוצפה!

עס איז אפילו נישט קיין נייע זאַך! נור אפילו, וואָרט, דער גראָסטער שנייר־דער פון פּאַריז, וואָס שאָקעלט מיט גאַנץ וואַרשוי ווי מיט אַ לולב, איז אויך נישט מחויב, אפילו נישט איין מאָל אין יאָהר, אויסצוקלערען אַ נייע מאָדע; ער נעהמט איין אַלטע, און פרישט זי אויף. און די אַלטע מאָדע ווערט ניי, צוריק שאָן, און ווערט צוריק אַ מאַגנעט, וואָס ציהט אוים ביי די ווייבער דאָס האַרץ און ביי די מאַנגער דאָס ביסל מטבעות...

די פראַגע וועגען יודישער חוצפה איז זעהער אַלט; אַזוי אַלט, ווי די

יודיש־פוילישע, אָדער די פויליש־יודישע אַסימילאַציע, מיט איהר אַלטען פּראָגראַם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין איין וואָרט: שאַ! „שאַ! שטיל זאָל זיין! דיין קול זאָל מען נישט הערען! דיינע תנועות זאָל מען נישט זעהען! קיין פּאָה, קיין פּאָלע, קיין יודיש וואָרט! בפרט אין אַ „צוקערניע“.

אזוי האָט עס געהייסען!

טראָגען אַ לולב מיט איין אתרוג אין גאַס — פוי, יודישע חוצפה! יענער מיט די אָנגעצונדענע ליכטליך אונ בעזעמליך, — מאַג! איין איבערגעשפּאָלטען פוטער'ן מיצל, צוזאַמענגעבונדען מיט באַנדליך, איז אַ מחיה; אַ „פּריוועסאָוועקע“ — זאָל גאָט היטען! אַ העזה זיך צו ווייזען דערמיט אין גאַס! ווער שמועסט רעדען אַ וואָרט יודיש אין גאַס, אין טראַמוויי, אין וואַגאָן פון אייזענבאַהן, — דאָס איז שוין שפּיץ־דיי־שפּיץ חוצפה!

אַ צייט לאַנג האָט אַ יודיש־פוילישער, אָדער אַ פויליש־יודישער משכיל גאַנצע טאָג אונ נאַכט געשפּיגען מיט „חוצפה“...

אַלץ ווערט אָבער נמאס אונ די חוצפה איז אויך נמאס געוואָרען! מען האָט אָן איהר פערגעסען... אַצונד, אין דער שלעכטער צייט, האָט מען זיך אָן איהר דערמאַנט, מען האָט אַרויסגערוקט פון אַלטען אויווען אַ צובראָכען ערדערן טאָפּיל מיט'ן פערגליווערטען, פערשימעלטען חוצפה־מאכל, מען האָט עס אויפגעפרישט, דערוואַרעמט, צוגעזאַלצען, צוגעפעפערט... אונ, נאָט אייך, יונגליך אונ מיידעליך אונ עסט! פערשטופּט אייך די מיילער אונ רעדט נישט פון געטאָ, ציוניזם, נאַציאָנאַליזם, קייט נישט אונ שלינגט נישט די האַרטע זאַכען, פון וועלכע אַ פויליש־יודישער, אָדער יודיש־פוילישער מאָגען פערדאַרבט זיך אויף אייביג, אַז קאַרלסבאַד וועט איהם נישט העלפען.

---

אונ צוריק די אַלטע שאלה: צי איז פאַרהאַן יודישע חוצפה, צי ניין?

איינער זאָגט: יאָ, איין אַנדערער: ניין, אַ דריטער מיינט: אַ מאָל איז געוועזען אונ היינט איז נישט דאָ!

אונ אַלע צדדים ברענגען ראיות, פעררופען זיך אויף פאַקטען.

נאָט אייך עטליכע:

עס איז פאַרהאַן אין וואַרשוי אַ „צדקה גדולה“. נישט קיין יודישע, נישט קיין קריסטליכע, נור בכלל אַ צדקה גדולה. הייסען הייסט זי: „וואַרשאַווסקע טאָוואַר־זישטוואָ דאָבראָציננאָסצי“, פערשרייבען דער צדקה־גדולה הייזער, קאַפּיטאַלען, טאָג יעדער, אפילו דער גראָבסטער חוצפה'ניק — אַ יוד! דער „סטרוזש“ פון הויז, וואָס נעהט פון צייט צו צייט אַרום פון טהיר צו טהיר מיט אַ רשימה אויף נדבות פאַר דער צדקה גדולה, מאַכט אויך נישט קיין חלוק, ווען ביי וועמען פסח געפאַלט!

**ווער** עס גיט, דען פערשרייבט ער, ביי דעם נעהמט ער.

הכלל — די חברה נעהמט ביי אללע; גיבען, זאָגט מען, **גיט זי נישט אללע...**

**אונ** עס איז קיין וואונדער נישט! מיר האָבען ערשטענס אונזער „קהל־שטוב", מיר האָבען אונזערע באַלער אונ קאָנצערטען אויף צדקה, אונזערע „שניי־קוילען" אפילו פאַר יודישע אָרימע לייט! אויף דעם גרינדען מיר אַ נייע יודישע „צדקה גדולה", וואָס די רעגירונג האָט שוין ערלויבט...

אונ צווייטענס, וויזט אויס די „ראָלא" די „ניוואַ־פּאָלסקא" אונ דערגליי־כען עהרליכע בלאַטער, אַז צדקה קומט פון לויטער ליעבשאַפט, אונ — אויף ליעב־שאַפט האָבען די קריסטען אַ מאָנאָפּאָל; על־כן, איז די צדקה גדולה, וואָס איז גע־בויט אויף ליעבשאַפט צו אָרימע לייט, אַ קריסטליכע חברה... איי וואָס? יודען געבען אויך אַ מאָל געלד? אויף וואָס געבען זיי נישט?

הכלל — עס איז פערהאַנען אַ צדקה גדולה, וואָס נעהמט ביי אללע, גיט נישט אללע — אַ פאַקט!

דער עיקר איז, אַז וואו עס איז פערהאַנען אַ חברה, מוזען זיין גבאים, אונ וואו עס זענען פערהאַנען גבאים מוז זיין אַ קלפּי... איז דער עיקר שאלה נישט, וואָס די חברה טהוט, — צי בויעט זי הייזער, צי טהיילט זי פאַר אָרימע לייט, וכדומה, נור — ווער דאַרף אַרויס פון קלפּי?

כל זמן יודען האָבען זיך צונויפגענומען ביי דער קלפּי אונ געמאַכט יד־אחת מיט די ליבעראַלען, וואָס האָבען, פאַר דער קלפּי אונ נאָך דער קלפּי (דאָס הייסט: כמעט אַ גאַנץ געהענדיג יאָהר, ווייל חברות אונ קלפּי'ס איז דאָ אַ סך!), צו די יודעליך געשמייכעלט אונ צוגעווינקען, איז גוט געוועזען, האָבען די ליבעראַלען געהאַט די חברה אין דער האַנד!... דאָס יאָהר אָבער זענען ווענינ יודען געקומ־מען צו דער קלפּי, זענען אַרויס כמעט סאַמע ווייסע מיוחסים אונ שוואַרצע אָר־טאָדאָקסען...

ווערט אַ מחלוקת:

זאָגען טהייל, אַז עס איז אַ העזה געוועזען פון יודען, נישט צו קוממען קאָפּ אויף קאָפּ צו דער קלפּי אונ איבערלאָזען די ליבעראַלען אָהן הילף, אונ אַנדערע זאָגען: פאַר אַ שמייכעל, וואָס איז שוין פערגליווערט געוואָרען אויפ'ן אַלטען לי־בעראַלען פנים, האָבען שוין יודען די חוצפה נישט געהאַט צו קוממען צו דער קלפּי... זיי ווייסען שוין, אַז די האַלב גע'פגרטע קאַץ, וועט שוין פאַר זייערט וועגען מיט'ן עק נישט ריהרען...

נומער צוויי:

עס איז פערהאַנען אין ווארשוי אַ חברה, וואָס גיט בעלי־בתים קרעדיט אויף הייזער...

יודישע בעלי בתּים איז פערהאַנען אין וואַרשוי אַ דריטעל; דירעקטאָרען האָט די חברה דריי. האָבען זיך די נאַלעווקעס מיט'ן גרזיבאָוו געוואונדערט, פאַר וואָס זעננען אַללע דריי דירעקטאָרען נישט קיין יודען... אונ, אַז איינער פון די דריי דירעקטאָרען איז נפטר געוואָרען, האָבען זיי זיך מישב געווען, פריווען אָבצוגעבען שטימען פאַר אַ יוד...

געראָטהען איז זיי נישט... נישט אַללע יודישע בעלי-בתּים האָבען געוואָלט אַ יוד; אַ סך האָבען מורא געהאַט פאַר אַ „יודישען ציגאָווניק"...

זאָגען טהייל: אַז די יודען האָבען די העזה נישט געהאַט צו מאַכען יד-אַחת, אויסצוקלויבען אַ יודישען דירעקטאָר; אונ אַנדערע זאָגען, אַז עס איז אַ חוצפּה געוועזען, אַזוינס גאָר צו וואָללען!...

נומער דריי:

עס זעננען פערהאַנען אין וואַרשוי יודישע סקולפּטאָרען, אַ סך יודישע סקולפּטאָרען. האָבען זיי זיך צוזאַממען גענוממען מיט עטליכע קריסטליכע חברים, געמאַכט איין אסיפה, אונ מען האָט אָבגעקלערט: היות די סקולפּטאָרען האָבען עד היום נאָך קיין צעך נישט, זאָלל מען מאַכען אַ צעך.

מען האָט אָנגעגעבען וואו מען דאַרף, אַ בקשה; עס איז געקוממען איין ערלויבניש, אונ דער מאַגיסטראַט האָט פערבעטען די סקולפּטאָרען אויף אַ זיצונג, מען זאָלל אָפּענען דען צעך.

דאַכט זיך, אַלץ אין דער בעסטער אָרדנונג; דער בעאַמטער פון מאַגיסטראַט אָפּענט די פערזאַמלונג, לייגט פאָר, מען זאָלל אויסקלויבען עלטסטע, אַ קאַסירער, אַ סעקרעטאַר... שפּרינגען אַרויס די עטליכע קריסטליכע סקולפּטאָרען אונ זעננען מודיע דעם בעאַמטען פון מאַגיסטראַט, אַז זיי קאָננען מיט יודען צוזאַממען בשום אופן קיין צעך נישט מאַכען, אַז די יודען קעננען נישט די אַרבייט, זיי זעננען פּוּשער, מאַכען אונ פערקויפען טאַנדייט אונ אַזוי ווייטער, ווי אין „ראָלא" שטעהט, ווי אין „ניוואַ-פּאָלסקאַ" שטעהט, אונ — ווי אַללע גוטע, פרומע קריסטען זאָגען...

אונ — די קריסטען האָבען פערלאָזט דעם זאַאל...

אונזערע יודישע סקולפּטאָרען האָבען נישט געוואָלט גרינדען דען צעך אָהן די קריסטליכע חברים, האָבען זיי די אסיפה אָבגעלעגט... אָנגעהויבען איבעררעדען, טענה'ען, געבען צו פערשטעהען; באשר בכן — עס איז נישט גליידך, נישט מענשליך! יודען — אַ נוצליך פאָלק, יודישע סקולפּטאָרען — נוצליכע בעלי מלאכות; אַז אַנטיסעמיטיזם איז אַ פּאַסקודנער בלבול, וכדומה... אונ דערמיט איז דערוויילע אַוועק אַ צייט...

אונ דיזעלבע צייט, וואָס די יודישע סקולפּטאָרען האָבען בענוצט צו פערשוואַרצען ביי די קריסטליכע חברים דען אַנטיסעמיטיזם, האָבען די קריסטליכע

סקולפטאָרען בענוצט אַ ביסל קלוגער: זיי האָבען זיך בעמיהט און איינגעגעבען אַ בקשה, און בעקומען אַ ערלויבניש אויף אַ קריסטליכען צעך, און דערמיט אַלליין איז אָב-געפאַללען די ערשטע אַ ל ג ע מ י י נ ע ערלויבניש...

דעמאָלט ערשט הייבען אָן אונזערע יודישע סקולפטאָרען צו קלערען וועגען אַ בעזונדערן יודישען צעך! זאָגען טהייל, עס איז אַ וואונדער, וואָס זיי האָבען די העזה נישט געהאַט צו בלייבען אויף דער ערשטער אסיפה, און צו גרינדען דען צעך אָהן די קריסטליכע חברים...

אַנדערע אָבער זאָגען! אַז עס איז אַ יודישע חוצפה, היינטיגע צייטען צו גרינ-דען אין פּ ו י ל י ש ע ן ווארשוי אַ י ו ד י ש ע ן צעך...

וואָס דען? ווארטען דאַרף מען!... דער אַנטיסעמיטיזם וועט דאָך אַ מאָל אונ-טערגעהן... ער וועט מוזען אונטערגעהן!

און, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אונטערגעהן, וועט מען אַריינעהמען יודי-שע בעלי מלאכות אין די קריסטליכע צעכען! איי וואָס? די קריסטליכע צעכען האָ-בען קריסטליך הייליגע פאָהנער; יעדער צעך האָט זיין קריסטליך הייליגען פּאַטראָן, זיינע קריסטליכע ימים טובים, — וועט זיך דאָך דער יודישער גאָטט נישט בייזערן, אויב די יודען וועללען דאָס אַלץ מיטמאַכען! הלמאי, עס האָט נאָך קיינעם קיין דונער נישט געטראָפען ביי'ן אַ יאָלקע! און אַז נישט, וועלען די יודען נ י ש ט האַל-טען די ימים טובים פון צעך, נ י ש ט טראָגען די פאָהן. מאי כולי האי? וועניג בע-געהען מיר זיך אָהן פאָהנער, אָהן ימים טובים?!

און, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אונטערגעהן — וועט מען נישט האָבען קיין צרות מיט דער נייער סעקציע פון בעלי מלאכות, וואָס וויל זיין ריין פון יודען, וואָס פאַלט חלשות פאַר אַ ריח פון אַ קנאָבעל אָדער אַ ציבעלע...

און, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט בטל ווערען, וועט מען אָננעהמען יודישע דאָקטוירים צו דער „פּאָגאָטאָוויע ראַטונקאָווע" („גיכע מעדיצינישע הילף"), וועט חאָטש זיין איין פוהר פאַר כשר'ע זופּ ביי דער „געזעלשאַפט געגען בעטלער", און אויף אַ סימן פון כשר וועט מען נישט טרומייטערען נור בלאָזען שופר...

זאָלל נור דער אַנטיסעמיטיזם בטל ווערען! זיפצט דער עולם...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און, האָט מען אָנגעהויבען רעדען פון יודישער חוצפה, וועט זי שוין אַזוי גע-שווינד פון צונג נישט אַראָב!... דאָס האָבען שוין אין זיך אַללע יודישע פראַגען, אַז זיי ציהען זיך ווי אַ סמאָלע, נישט אָבצורייסען! און עס איז אַ פשוטע זאַך: דאָרט, וואו מען טהוט, ווערט אַ מאָל אָבגעטהון, אָבער וואו מען רעדט און מען קאָנן נישט מעהר נור רעדען, — איז טאַקי פון די „ניין מאָס רייד" נישט פּטור צו

ווערען! דערמאַנט מען זיך, אַז ערשט נישט לאַנג האָט איינער פון אונזערע יודיש-פוילישע אָדער פויליש-יודישע שרייבער, אַ געוויססער „אָהר נומר 2", געשטעלט אין אַ בראָשורע די פראַגע: פאַר וואָס האָבען מיר נישט ליעב די יודען? און האָט גע-אַנטפערט: דורך דער יודישער חוצפה!...

אין דער געזעלשאַפט דערצאָהלט דערווייל עמיץ אַ מעשה:

ער האָט געקויפט אַ בילעט אויף דער אייזענבאַהן און איז אַריין אין וואַגאָן, וואו ער האָט זיך אויסגעקליבען איין אָרט, אַנידערגעלעגט דאָס פּאָקיל, און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער נאָך אַ מאָל זיך געזעגענען מיט בעקאַנטע.

אַז דער צוג האָט גערירט, איז ער צוריקגעגאַנגען און געוואָלט זיך זעצען, נור דער פּלאַץ איז שוין געווען פערנוממען און דאָס פּאָקיל זיינס האָט זיך געוואַל-גערט אויף דער ערד.

— מיין הערר, — מאַכט ער, נאַטירליך אויף פויליש, צו'ן אַ קריסט, וואָס האָט איהם דאָס אָרט פערנוממען, אָבער...

הערט ער אַ קלאָרע תשובה! פּשאָל וואָן!...

ווערט ער שוין אַ ביסל אין כעס, זאָגט ער נאָך אַ מאָל, ווי הייסט? עס איז זיין אָרט, זיין פּאָקיל געלעגען...

אָנפערט יענער שוין מיט אַ וואָרט מעהר:

— פּשאָל וואָן, זשידזיע!

זאָגט ער! וויי הייסט? בעצאָהלט האָב איך גלייך מיט דיר; האָב איך דאָס-זעלבע רעכט, ווי דו... וכדומה...

הייבט יענער אויף אַ האַנד...

רוקט ער זיך אָב פאַר דער יַד, און וואַרט אויפ'ן קאָנדוקטאָר.

אין איין וועגם קוקט ער זיך אום, און זעהט, אַז אין וואַגאָן איז דאָ אַ סך יודען און גאַנץ ווייניג קריסטען.

„פאַר'ן אָרגסטען פאַל"... טראַכט ער...

דער קאָנדוקטער קומט דערווייל אַריין; הערט איהן אוים, און פראָגט דען עולם, ווי אַזוי איז עס געוועזען? צי עס איז אמת, וואָס דער יוד זאָגט?

דער קריסט, וואָס האָט דעם אָרט פערנוממען, שווייגט און שמייכעלט פיינ-יונגעריש.

די יודליך אין וואַגאָן שווייגען אויך. נור די עטליכע קריסטען רופען זיך אָן, דאַכט זיך, שלא ממין הטענה:

עס איז מיט די יודען — זאָגען זיי — נישט מעגליך צו פאָהרען צוזאַממען אין איין וואַגאָן: שטענדיגע אונרוהען. שטאָנדיג האָבען זיי טענות, ציעפּען זיך אָן ווי אַ סמאָלע... מען דאַרף פאַר זיי האָבען עקסטראַ וואַגאָנען ווי פאַר פיה...

דער קאָנדוקטאָר, וואָס איז גאָר נישט געוואָהר געוואָרען, געהט נאַטירליך אַרוים מיט גאָר נישט...

די קריסטען רעדען ווייטער, ווי אונמאָגליך עס איז צו פאָהרען מיט יודען צוזאַממען; די יודען שווייגען, איינער פון זיי האָט דאָך נישט אויסגעהאַלטען! עס איז געוועזען אַ יוד לויט דער נאָז, נור אַ קריסט לויט די וואָנסען!

— אמת יודישע חוצפה! האָט ער אויסגערופען אויף איין עכט יודיש־פויליש לשון! אַ לאַדע וואָס מאַכט מען אַ געשריי!

אונ איין אַנדערער האָט דערצאָהלט איין אַנדערע מעשה:

איך געה, — זאָגט ער אין גאַסס, — טרעף איך אַ בעקאַנטען פון פראָווינץ, אַ מאָל ביי מיר געוועזען! איך האָב'ן געקענט אַלץ סוחר, אַלץ אַ גרויסער סוחר; גרויס קרעדיט געהאַט!... ביי מיר טאַקי געקויפט... געהאַנדעלט—נישט קשה... געדונגען זיך, נור געצאָהלט צו דער צייט.

פלוצים האָט ער אויפגעהערט צו קויפען... רעכען איך, ער איז איבערגע־גאַנגען צום קאָנקורענט... ווילל איך איהם שרייבען... היות... עס פאַסט נישט... איך וועל איהם האָבערן דען קרעדיט... קלענערן די פרייזען... וכדומה... האָב איך אָבער פערגעססען... פערנוממען, ווי איהר ווייסט...

אַז איך טרעף איהן אָבער אין איין גאַס, דערמאָן איך מיך, אַ זכרון, ברוך השם, האָב איך! געה איך צו, שלום עליכם!... ווי אַזוי רעדט מען מיט אַ יוד פון פראָווינץ?

שלום עליכם... געשעפט איז געשעפט!...

איך זעה, ער איז אָבגעריססען! ביי מיר איז ער געוועזען אין בעל־בתישע קליידער; רעכען איך, אַז דאָס איז ער צו מיר געקומען אין גאַנצע קליידער, אָבער אין גאַסס, — אַ פראָווינץ יודיל, — טראָגט ער זיך ווי אין דער היים!... פראָווינץ־גבירים, ווייסט מען שוין, געהען אָבגעריססען, נאָכטיגען אין אָרימע נאַכטהייזער, עססען אין די ביליגע קיכען... אַזא טבע האָבען זיי.

הכלל — „שלום עליכם!" — „עליכם שלום!"...

קלער איך מיר אַזוי: אַהיים פיהרען איז אַ בושה פאַר'ן לאָקיי; פערבעט איך איהן אויף שוואַרצע קאַווע... מן הסתם אויף די נאַלעווקיס, צו קאַנאַריקען...

פאָהרען מיט איהם אויף אַ דראָשקע, פאַסט נישט; געה'מיר צו פוס, חאָטש, איהר ווייסט, אַז די פיס ציטערן מיר... נור—איבערגעקוממען!

מיר זיטצען שוין ביי דער קאַווע... זאָגט ער מיר, ער איז הונגעריג!

היים איך עפּיס דערלאַנגען... זעה איך, — ער פרעסט!

טראַכט איך — אַ פראָווינץ יודיל, פרעמד געלד, שלינגט ער!... נור, — ער וועט שוין בעצאָהלען דערפאַר!

איך שפּרינג שיער נישט אוים דער הויט, נור אויסהאַלטען מוז מען... ענד־ליך, איך אָטהעם אָב! ער האָט, מיט גאָטס הילף אָבגעגעססען, אָבגעווישט זיך די וואָנסען מיט דער פּאָלע...

פֿראָג איך איהן: וואָס האָרט זיך? און ווילל צושלאָגען צום געשאַפֿט.

זיפֿצט ער!

פֿראָג איך: „וואָס זיפֿצט איהר?"

אָנטפֿערט ער, אַז ער האָט שוין דריי יאָהר באַנקראָטיערט, זיצט אָהן פּרנסה.. וואַלגערט זיך אַרום אין וואַרשוי, זוכט אַ שטעל...

אַ העזה פֿון אַ קבצן!... אָ נ ט פֿ ע ר ט ער מיר „שלום עליכם!", געהט ער מיט מיר אויף שוואַרצע קאַווע! איהר האָרט אַ חוצפּה! ער פֿראָגט מיך נאָך, וואו איך וואָהן! ער ווילל נאָך צו מיר קוממען!...

און, נאָך, און נאָך אַזוינע מעשיות דערצאָהלט מען וועגען י ו ד י ש ע ר ח ו צ פּ ה!

---

# איבער שׂרפות.

יעדען זוממער מעהרען זיך די שרפות אויף דער האַלצערנער פּראָווינץ, נור דאָס יאָהר האָבען מיר געהאַט אַ מ ג פ ה פֿון שרפות.

מען האָט נישט געערדט פֿון פֿערברענטע הייזער, נור פֿון גאַססען און שטאָדט, וואָס זעננען אַוועקגעגאַנגען מיט'ן רויך!

טויזענדטער פֿאַמיליען זעננען געבליבען אָהן אַ דאַך איבערן קאָפּף, טויזענדטער בעלי־מלאכות — אָהן וואַרשטאַטען, אָהן כּלים צו דער אַרבייט; בעלי־בּתישע מענשען האָבען געמוזט אויסשטרעקקען די האַנד נאָך בעטל־ברויט.

אויך איז זיך זעלטען בעגאַנגען אָהן לעבענדיגע קרבּנות.

מיר האָבען געלעזען פֿון מענשען, וואָס זעננען אַרומגעלאָפֿען משוגע פֿאַר שרעק אין די ברענ־נענדיגע גאַססען, און האָבען נישט געפֿונען דען וועג פֿון דער שרפה אַרויס.

פֿון אַלטערן, וואָס האָבען אין פֿייער און רויך די ק י נ ד ע ר פֿערגעססען און געראַטעוועט אַ שעננעק מיט שטרוי אָדער אַ שייטעל האָלץ.

פֿון בעלי־בתּים פֿערברענטע, וואָס האָבען געדריקט אין פֿערקנוילטע האַנד עטליבע רובל...

ווער איז שולדיג אין דער שרעקליכער מגפה פון שרפות?

שולדיג איז געווים דער דלות, וואָס בויעט מיט האָלץ און שטרוי, נישט מיט שטיין און אייזען.

שולדיג איז די ברענענדיגע זונן, וואָס האָט דאָס אַלץ אויסגעטריקענט ווי די קיהנדליך.

שולדיג איז דער, וואָס איז נישט געוואָהרענט געוועזען און האָט דעם ערשטען פונק געלאָזט.

שולדיג איז דער ווינד, וואָס האָט געשפּיעלט זיך מיט'ן פייער און איבער־געוואָרפען די פייער־דיגע צונגען מיט די רויכיגע זיילען פון איין עקק שטאָדט צום צווייטען.

נור שולדיג איז אויך די פאָרשטעללונג פון אַ „געראָטען קינד", דאָס איד ע־אַל פון גוטע, ציכטיגע יונגליך, וואָס האָט נוהג געוועזען אַ מאָל און איז נאָך נוהג עד היום אויף דער פּראָווינץ, וואָס איז געבויט פון האָלץ און פון שטרוי...

וואָס הייסט אַ גוט ציכטיג קינד? נישט אַזוינס, וואָס וואַרפט אַרויף די פּאַנ־טאָפעל אויפ'ן דאַך פון נידריגסטען הייזעל, ער זאָלל דערנאָך אַרויפקריכען און זיי אַראָבנעהמען; אפילו נישט אַזוינס, וואָס פּיהלט אין זיך איין איבריג ביסל כח און וויל עס אויסברענגען מיט „איבערהאָצקען" די גאַסס! אפילו נישט אַזוינס, וואָס שפּרינגט איבער דער שטוב פון איין ענגען ווינקעל צום צווייטען!...

וועה און וואונד איז דעם קינד, וואָס מען האָט געטראָפען רייטענדיג אויפ'ן שטאָדטצאַפּ, אַרומשפּרינגען אויף די ברעטער, וואָס מען האָט אָנגעגרייט צו'ן אַ בנין.

ציכטיג און שטיל הייסט — געהן זיין וועג מיט קליינע שפּריטז, ווי אַ כשרער יוד אין שבת, נישט אָבשטעללען זיך אין גאַסס און איין אויג וואַרפען אויף דעם, וואָס טהוט זיך אַרום, בפּרט נישט אַרויסחאַפּען זיך פון שטאָדט און זעהן, ווי די ביימער וואַקסען אָדער ווי עס שאָקלען זיך די זאַנגען אין פעלד.

איין איבריג מאָל באָדען איז אַ זינד; אַ הויך, פרייליך, קינדריש געלאָכטער, איז אַ סימן פון אַ „לאָבוז", פון אַ מאוסען קונדאַס! ווער שמועסט אַ פּייף טהון אָדער לאָזען אַ פּאַפּיערנע שיף אויפ'ן רינשטאָק! צו שפּיעלען אין באַלל מוז מען שוין זיין אין אמת אַ „שייגאַץ"...

אַ גוט, ציכטיג קינד הוידעט זיך נישט אויפ'ן באָנקעל, קוקט נישט אַרוים דורכ'ן פענסטער, שטעהט נישט אין טהיר; די איינציגע בעוועגונג, וואָס איהם איז ערלויבט, איז צו שאָקלען זיך ביים דאַווינען און צו דרעהען מיט'ן גראָבען פינגער ביים לערנען; זיצען אויף איין אָרט, נישט קעננען קיין צוויי צאָהלען; זיטצען שטילל

מען זאָלל „זיין פאַרע נישט האָרען"!

אָט דאָס איז אַ וואהל געראָטהענע קינד!

אַ מאַמע פרייט זיך, אַז איהר קינד זעהט שוין, קיין עין־הרע, אויס, ווי איין אַלטער! על כל פנים ווי אַ מענש!

נאָך גראָססער איז די שמחה, אויב עס קרימט זיך איהם אויס דער מאָרב־ביין מיט׳ן פלייצעלע פון התמדה; ווער שמועסט, אויב דאָס קינד ליידט שוין אויף אַ געוויסער קראַנק גלייך מיט׳ן ערשטען בעסטען מלמד!

אַ אידעאַל פון אַ קינד איז — אַ וויין לייב ווי אַ קלוסקעלע, אַ געלב פנימעל ווי אַ וואַקס, און דורכזיכטיגע הויט ווי גלאָז... דערצו מוז עס נאָך זיין קרום ווי אַ שופר...

איין אמת יודיש קינד הייסט עס, אַ רינגענדיג נאָזעל און טריעפענדיגע אייגע־ליך האָט עס, אויף ליימענע פיסאַלעך שטעהט עס, נור עס שיינט און עס האָט טוי־זענד חן! טאַקי אַ פיין, גרין ציבעלקעלע, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט אויפ׳ן מיסט אין גשן פון מצרים...

פון די שטילל שוויינענדיגע קינדער ווערען חתן־בחורים...

אַללע אַרום האָבען געטהון זייערס בשלמות: דער פאָטער האָט אויסגע־פּאַטשט, די מוטטער — אויסגעקניפּען, פעטערס און מוהמעס — אויסגע־צופּט און די מלמדים — אויסגעשמיססען אַ פיין חתן־בחור׳ל...

אומזיסט בעמיהט זיך די לעבענדיגע יוגענד אויסצובלאָזען אינ׳ס פערטריקנע־טען האָרציל עפּיס אַ פּערלאַנגען, אַ חשק צום לעבען; דער הויך פון פרישען זוממער בלאָזט אויף אַש, דער מאָרגען־טהוי פאַלט אויף פויל האָלץ.

דעם חתן בחור בליצען אויף די אויגען אָפשר דעמאָלט, ווענן ער קריגט אַ מתנה אַ זייגערל, אַ יאַרמולקעלע; ווען ער מאַכט אַ סיום, ווענן מען פערברענט דאָס חמץ, אָדער ווענן אַ יוד מאָג נעהמען איין איבריג ביסל בראָנפען, דאָס הייסט, פּורים — המן׳ען אויף פּאָהיבעל! אָפשר נאָך שמחת תורה!

מיעד און פערשלאָפען שטעלט ער זיך אונטער דער חופה און חאַפּט זיך אויף צום מאָרגען שוין אַלס יונגער מאַנן!

עס שפּראָצט איהם נאָך קיין אייציגע האָהר איבער דער אייבערשטער ליפּ און ער איז שוין איינגעשריעבען אין חברה־קדישא!

איידער ער געוואהנט זיך צו צו דער נייער „תבונה", צו זיין אייגענער שטאָד אין קלויז, צו׳ן אַ בעל־בתישע עליה — איז ער שוין אַ טאַטע פון אַ קראַנקליך קינד, וואָס וועט דורכמאַכען דעם אייגענעם קראַנקען וועג, אונטער דעם אייגענעם רעגען פון צופּ, ריסס, קניפּ, דזיאָך און פּעטש...

נור — מיר האַלטעז נאָר נישט ביים קינד

דער פאָטער ווערט דערוויל איין אמת פיין בעל־בית׳ל! ער מישט זיך נישט אַריין אין קהלס זאַכען; ער וויל נישט וויססען, וואָס עס טהוט זיך ביי דער קלפי; זיין דאגה, ווער עס איז גבאי אין בית המדרש! ער זאָגט קיינעם קיין דעה נישט, ער האָט זיין ווייב, זיין שטוב, זיין גמרא אויף זיין שטאָנדער אונ זיצט זיך שטיל ווי אַ טויב, נור דער גאָרב ווערט גראָססער אונ גראָססער אונ אויף דער לעבער הייבט ער אָן צו ליידען...

מיר וויללען דען שטיללען ציכטיגען יונגען מאַנן נישט בעגלייטען אויף זיין שטיללען, ציכטיגען וועג ביז׳ן קבר אַריין. מיר פערהאַלטען זיך ביי דער מינוט, ווען ער איז אין די בעסטע, בליהענדיגע יאָהרען — אַ שאָן יונג בעל־הבית׳על, ווי געזאָגט — פון איין אייגענע שטוב, פון איין אייגענע ווייב אונ קינדערליך, מיט איין אייגענע שטאָדט אין בית המדרש. אַ חנו׳דיגער יונגער מאַנן! אויסגעוויקט ווי אַ הערינגעל.

ביי די שלאָפען אונטערן דינעם הייטעל שפרינגען אַרום בלאָהע אָדערן.

אַז ער נעהמט די קופערנע קוואָרט מיט די צוויי אויערן צום וואַשען אין דער האַנד אַריין, ציטטערן איהם די האָנד.

אַז ער געהט איבער דער גאַסס אויף די שטרויענע פיסליך, וויסט מען נישט צו לאָמט ער, צו האָט איהן אַ ווינד געחאַפט אונ אויסגעקרומט!

די אויגען זעננען בעהעפט צו דער ערד — טאָמיר, חס ושלום, קומט איהם אַקעגען איין אשה!

דער קאָפּף איז געבויגען איבערן דאַרען ברעטיל, וואָס מען רופט „ברוסט", ער זאָלל, חם ושלום, נישט דריקען די פיס פון דער שכינה!

מיט די האָנד וואַרפט ער נישט, עס איז קיין דרך אָרץ, קיין שטייגער נישט!

אָט — אַ שטילל־ציכטיג בעל הבית׳ל ווערט פון אַ שטילל־ציכטיג קינד...

אונ אַז דאָס שטאָדטיל בעשטעהט פון אַ סך אַזוינע יונגע בעלי־בתים, אונ עס איז געבויט פון האָלץ, אונ די היצען האָבען דאָס האָלץ אויסגעטריקקענט, אונ אַ שכור האָט פערלוירען אַ פונק, אונ עס מאַכט זיך דערצו אַ ווינד... פער־שטעהט איהר אַלליין שוין די רעשט!...

אונזער יונגער מאַנן וועט קיין קאַנן־וואַססער נישט טראָגען, אויף קיין דאַך נישט קריכען; קיין האַק, קיין דראָנג אין האַנד אַריין נישט נעהמען...

אונזער יונגער מאַנן שטעהט פאַר זיין אייגען הייזעל אונ ציטטערט ווי אין אַ פיעבער! ער ציטטערט, נור ער מישט זיך נישט... אַז דער רבונו של עולם וועט וואָללען, וועט ער איבערדרעהען דען ווינד אָדער עס וועט אַראָבפאַללען אַ שלאַגם רעגען... אונ אויב נישט, אויב זכות אָבות וועט נישט העלפען אונ דאָס פייער וועט צוקוממען צו זיין אייגען הויז, דעמאָלט... אָה! דעמאָלט וועט ער

ערשט משוגע ווערען פאַר שרעק אונ ראַטיווען אַ שייטעל האָלץ...

איך האָב די בעמערקונג געמאַכט מיינס אַ בעקאַנטען זיידענעם יונגען מאַנן, בשעת מיר זענען געזעססען אויף אַ שטיין, אַ שריד ופליט פון איין אָבגעברענטע גאַסס אונ האָבען בעוויינט דאָס פרישע חורבן.

— איהר איז גוט צו זאָגען — אָנטוואָרט מיר דער יונגער מאַנן — אונ איך וויל אייך פערצאָהלען, וואָס מיין פעטטער אברהם׳ל האָט געהאַט!

איינמאָל איז ער אַרויסגעגאַנגען שפּעט ביי נאַכט, שבת־צו־נאַכט פון אַ שלש סעודות, נאָך אַ קאָנדיל פריש וואַססער צום פלומפּ...

ער איז אַ בעלזער חסיד, אונ בעלזער חסידים פיהרען לאַנג שלש סעודות... היים איז געוועזען, האָט זיך זיי פריש וואַססער פערגלוסט.

ווער זאָלל געהן צום פלומפּ? האָט מען גורל געוואָרפען! אונ דער גורל איז געפאַללען אויף מיין פעטער אברהם!

מילא, דער גורל איז געפאַללען, געהט ער.

ער געהט צו צום פלומפּ, גיעסט אָן אַ קאָנדיל וואַססער אונ געהט צוריק אין איין ציטערניש, עס זאָלל איהן קיין הונד נישט אָנפאַללען; וואָ־ען שפּאָט ביינאַכט, אַז עס ווערט שטילל אין מאַרק, האָרט זיך דאָס וואָיען פון די הינד פון דער פאַרשטאָדט, אַז עס געהט אַ שוידער דורכען לייב.

מ׳הייל מאָל טרעפט זיך, אַז אַ הונד פאַלט איין זיך דורכצושפּאַציערן אין גאַסס אונ אָברייסען אַ יור אַ פּאָלע.

הכלל — ער געהט.

לויפען קאָנן ער נישט, דאָס קאָנדיל מיט׳ן וואַססער איז גענוג שווער; אויסגיעסען אונ צוריקקוממען מיט אַ ליידיגע קאַנן, שאָמט ער זיך!

נו — טרעפט זיך איהם אַ נס!

ער דערזעהט פון וויטענס, אַז עפּיס בלישטשעט רויטליך. „איין אוצר” מיינט ער, אונ דאָס בענייט איהם דען כח אונ ער לויפט צו מ׳ט׳ן קאָנדיל וואַססער! ער האָט עס קיין צייט נישט געהאַט אָוועקצושטעללען!

ער קומט צו נאָהנטער, זעהט ער, אַז משה־אַהרן דעם שוחט׳ס הייזעל הייבט נור וואָס אָן צו ברעננען; איהר קענט דאָס הייזעל? עס וואַקסט שוין אַ יאָהר 40 אין דער ערד אריין, ציגען שפּרינגען אַרום אויפ׳ן דאַך.

אונ דאָס דאָכיל ברענט אין אַ זייט, אַ שפּיץ פון דער שטרויענער זוים ברענט ווי אַ ליכטל...

מיין פעטטער אברהם קלערט נישט לאַנג, גיעסט אַרויף דאָס קאָנדיל וואַססער אונ גיט אַ געשריי: „געוואַלד!”—

וואָס קלערט איהר? אַ סוף ווי המן האָט ער געהאַט!

אַ יאָהר דורך איינאַנד האָט מען איהם געשלעפּט אין פּאָליציי אונ אין סאָנד אַריין פֿאַר איין עדות! איהר קענט מיין פֿעטטער אַברהם? אַ ש אָ נ ע ר עדות? ערשטענס פֿערגעסט ער אַראָב צו נעהמען דאָס היטעל — חאַפּט מען עס איהם אַראָפּ מיט'ן קאָפּף צוזאַממען; דערנאָך זעהט מען, אַז ער איז אַריין מיט בלאָטיגע שטי־ וועל, וואַרפֿט מען איהן אַרויס, ער זאָלל זיי אָבווישען; מיינט ער, אַז מען הייסט איהם אַהיים געהן — שלעפּט מען איהן צוריק מיט זשאַנדאַרען. אונ דערווייל קאָנן ער קיין צוויי וואָרטער גויש נישט רעדען. אונ דאָ הייסט מען איהם דערצאָהלען, ווי־ פֿיעל איילען ווייט ער האָט דאָס פֿייער דערזעהען, ער זאָלל אָבמאָסטען אויפ'ן טיש, ווי גרויס דאָס פֿייער איז געווען...

אונ ער הייבט נישט אָן צו ווייסען, וואָס מען רעדט צו איהם! אונ אַז ער פֿער־ שטעהט שוין, וואָס מען פֿערלאַנגט אונ ווילל מאָסטען, דערזעהט ערשט דער בור־ מישטש, אַז ער האָט פֿערסמאָליטע האַנד אונ וואַרפֿט איהן ווייטער אַרויס — ער זאָלל זיך אָ ב וו אַ ש ע ן די האַנד אונ נישט איינריכטען דאָס גרינגע טישטוך!..., וואָס קלערט איהר, עס האָט געדויערט אַ יאָהר; מיין פֿעטער אברהם האָט נישט געהאַנדעלט, נישט געלערנט, נישט געגעססען, נישט געשלאָפֿען אונ איז אַריינגע־ פֿאַללען פֿאַר צרות אין אַ קראַנק!

אַמבעסטען — זאָגט מיין זיידענער יונגער מאַנן — איז פֿאַר אַ יוד זיך נישט אַריינצומישען! נור פֿון ווייטענס!

זעהט ער — עמיץ שלאָגט זיך אין גאַסס — פּלטה!
מען רעדט אַ הויך וואָרט, מאַך פֿיס!
געהסט ביי נאַכט אונ עמיץ ברעכט שלאָססער — טראָג דיך אָב!
פֿון נישט, האָט מען קיינמאָל קיין חרטה נישט!...

נאָך לאַנג רעדען אונ שפּאַרען זיך האָט ער מיר אפילו מודה געווען, אַז עס וואָלט נישט געווען קיין לאָך אין הימעל, ווענן זיין פֿעטטער אברהם'ל זאָלל נישט געווען פֿערגעססען אויסצוטהון דאָס היטעל באַלד אויף דער שוועל פֿון מאַגיסטראַט, אַז עס וואָלט גאָר קיין עולה נישט געווען, ווענן זיין פֿעטער אברהם'ל זאָלל זיך געווען פֿריהער אָבוואַשען די האַנד אונ אויספּוצען די שטיוועל (פֿערקעהרט טיינט ער: פֿריהער אויספּוצען די שטיוועל אונ דערנאָך אָבוואַשען די האַנד).

ער איז מודה, אַז „דינא דמלכותא דינא“ אונ אויב דאָס מלכות ווילל, אַז די פֿאָדלאָגע אין מאַגיסטראַט אונ דאָס גרינגע טישטוך דאָרט זאָללען זיין ריין, דאַרף מען נישט דוקא טהון פֿערקעהרט.

נור, אַ יוד זאָלל געזונד זיין „ווי אַ פּויער“, איינשרייבען זיך אין פֿאָזשאַרנע קאָמאַנדע אונ אַרויפֿשפּרינגען בשעת מעשה אויף אַ ברעננענדיגען דאַך, דאָס איז נישט מעגליך!

דאָס איז נישט אונ עס ווערט נישט זיין!

„ווי הייסט״?

אַרום אונז האָט זיך דערוויל פערזאַממעלט אַ ראָדעל פון „נשרפים״ און „נשרפיטים״ (די לעצטע זעננען געשטאַנגען אָבגערוקט פון דערווייטענס) און אַללע האָבען מודה געווען, אַז אַ יוד קאָנן נישט געזונד זיין ווי אַ טערק, למשל. וויל אַ מענש מיט תורה, קאָנן באַין אופן נישט זיין אַזוי מגושם'דיג!

— אַ ירא שמים — רופט זיך אָן אַ מלמד — מוז זיין אַ כּשל בּרך!

— אַז מען זיצט און לערנט — מאַכט אַ צווייטער — אַז מען פיהלט נור אַ טעם אין לערנען, קאָנן מען שוין נישט אַזוי אַכטונג געבען אויפ'ן גוף! ווער עס וויל געזונד זיין, דער מוז עססען צו דער צייט, שלאָפען צו דער צייט, שפּאַציערן געהן אַ שעה — דאָס איז אַלץ נישט פאַר קיין יוד געמאַכט געוואָרען...

— איך געה איינמאָל אין יאָהר — זאָגט אַ דריטטער — צו תשליך, האָב איך די והותר!

— אויף מיין וואָרט — שוואָרט זיך עמיץ — אַז שבת דאַווינען געהן, איז מיר אויך טהייל מאָל שווער; די שוהל איז וויט, און געה גלאַט איבער דער גאַסס, גאָר נישט?! געה איבער דער גאַסס! וואָס? דאַווען איך טהייל מאָל ביחידות...

— רבותי, האָב איך זיי געאָנטפערט, לעגט נישט דען גאַנצען בייגעל אויף דער תורה! די תורה איז דאָ ווענינ וואָס שולדיג... צו טהוט נישט דאָס זעלבע דער יודישער שניידער, שוסטער, האָלץ־האָקקער, שטיין־קלאַפּפער און אַללע יודישע בעלי־מלאכות? צו זיי, וואָס האָבען נישט צו טהון מיט סאַמע תורה און יראת שמים, וואָס פיהלען נור אַ טעם פון אַ שניט און אַ פאַלבאַנע — צו זיי אַרביטען מיט אַ סדר, צו זיי עססען, שלאָפען און רוהען צו דער צייט?

— אמת — איז מיר עמיצער מודה, נור דער אָבענד איז צוגעפאַללען און איך זעה נישט ווער —, דער יודישער דרך איז שוין אַזוי, אַלץ ביז די לעצטע כּחות...

— עס איז אָבער נישט גוט אַזוי, זאָג איך און וויל זיי אויסווייזען, אַז יודען אין אָרץ ישראל זעננען געוועזען געזונד טאַקי „ווי די פויערן״, אַז זיי האָבען אויך מלחמות געפיהרט, גבורות געוויזען, ווי אַללע מענשען געלעבט.

איך וויל דורכגעהן די געשיכטע פון אברהם אָבינו, וואָס האָט די ערשטע מלחמה געהאַלטען מיט 5 מלכים, ביז די חשמונאים וואָס האָבען די גריכען גע־שלאָגען... איך וויל מיך צולאָזען, דערהיצען, ציטירן ציפּע דער שנייּ־דערינס רייד:

„פֿאַר וואָס קומט גן עדן זאָללען זיי מיר זאָגען,
נור געלעניש — זאָבעניש, נור חולה־מאָגען?
גבריאֶל׳טשע, איך פֿראָג דיך, פֿאַר וואָס?

צו זעננען געוועזען אויך שוואַך און אָהן אָטהעם
יעקב אָבינו׳ס עשרת השבטים?
געדענקסט? אַז אַ קול זאָלל דערלאַנגען
ביז פרעה׳ן, צום פּאַלאַץ, געדענקסט דו, גבריאֶל?
פרעה, פֿאַר שראָק — אַ טאַלעץ פֿון דער שטוהל...
און היינט־זשע — דאָס שפּרינגען אויף זאַנגען?

און וואָס איז געוועזען, זאָג, שמשון הגבור?

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

איך האָב געוואָלט רעדען און רעדען, פֿון דוד׳ס דריי גבורים, וואָס האָבען זיך דורכגעשניטען דורך אַ מחנה פֿון שונאים און געברענגט דוד׳ן פֿריש וואַססער! פֿון אֶהוד... פֿון טויזענד אַנדערע; עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען, אַז איך רעד אומזיסט.

זיי ווייסען דאָס אַלץ.

— באַ, באַ, — מאַכט איין אַלטער יוד מיט אַ וואונדערליכע העלל־זילבערנע באָרד — באַ, באַ, גיט אונז אַ לאַנד! גיט ערד, גיט דאָרפֿער, גיט פֿרישע לופֿט...

— יודען — שרייט עמיץ דורכגעהענדיג — יודען, מעריב דאַווינען!

דער עולם איז זיך צוגאַנגען און דאָס איז מיין גליק געוועזען; די צונג איז מיר ווי אַ האָלץ געוואָרען, נישט איבערצודרעהען!



# צום עוֹלָם הַתֹּהוּ.

פון דער פּראָווינץ פליהט אַ קופּקעלע נשמות אין הימעל אַריין.

עס זעננען פּ ר י ש ע נשמה'לעך, ערשט נאָכטען, אסרו-חג-שבועות, גע-שטאָרבענע.

צום הימעל איז ווייט, און אויבוואהל זיי האָבען פליגעל ווי מלאָכים, און עס האָנגט זיי שוין נישט נאָך דער שווערער אומגעלומפּערטער גוף, קאָננען זיי מיט איין מאָל זייער טהויערן נישט דערגרייכען.

עס קומט דערפון, וואָס די געוואָהנהייט איז די צווייטע נאַטור, און — אונזערע נשמות האָבען אין זיך אַ סך פון יענער וועלט, וואו מ נ ו ח ה האָט געהייסען: „גליק", וואו געהען מיט אַמאָל און ווייט האָט מען נישט געקאָנט און נישט געטאָרט; וואו מען פלעגט זאָגען: „פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס", „פון נישט געהן און נישט פאָהרען האָט מען נישט קיין חרטה" און — „מ'ישיע יע-דיעש — דאַלשע באָדיעש"... עס זעננען געוועזען אפילו אָדלער, אויף וועלכע מען פלעגט זאָגען, אַז זיי שיעסען גלייך אַרויף מיט אַמאָל צו דער זונן, נור ערשטענס איז עס נור מ ע נ ש ע ן, נישט קיין אָדלער געוועזען און צווייטענס איז די גאַנצע מעשה נישט אמת, איין אָדלער פליהט אויך נישט צו דער זונן...

נור נישט אין דעם געהט עס.

ביים ערשטען בעסטען וואָלקען האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט.

— האָט נישט עמיץ אַ ביסל בראָנפען? פערגעסט איין נשמה, וואו זי האָט אין דער וועלט.

— אוף! רופט אויס די צווייטע, חאָטש דאָס חלק, וואָס ווערט מיעד, טראָגט מען דאָרט אונטען אויף אַ מטה אין קבר אַריין.

— ווי די זונן ברענט און בלענט! קלאָגט זיך אַ דריטטע אויס לויטער גע-וואָהנהייט, פערגעסענדיג, אַז זי ליגט שוין נישט אין דער פינסטערע הפיסה פון „עפר ואפר", אַז זי קוקט שוין נישט אַרויס דורך צוויי קאַרגע אויגען-שפּאַרעס מיט ברעמען פערשטעלט, אַז די זונן מיט איהר פייערדיג ליכט קאָנן איהר שוין אַצונד נישט שאַטטען.

איינע וויל האָרען עפּיס נייעס, איין אַנדערע וואָלט גערן געוואוסט, ווי טהייער

עס קאָנן זיין דאָרט ווייץ, אָדער צו עס איז טאַקי פֿערהאַנדען אַ מחלוקת צווישען מיקקעל אונ קאַבריווי.

— אינטערעסאַנט צו וויססען — זאָגט עמיץ — צו מיליאָן ווערט טאַקי „וואָהנען" מיט נאַטאַליען, אָדער עס איז נור אַזוי — לפנים!

אין דער אייגענער רגע איז דורך געפֿלויגען אַ ליכטיגער מלאך.

פֿון דער בעוועגונג פֿון זיינע זילבערנע פֿליגעל רוישט אין דער לופֿט אַ זיססע שטיללע מוזיק. פֿון דען אָבגלאַנץ פֿון זיינע אויגען, קריגען די לייכטע אַלאַבאַסטער־נעפּעל גאָלדענע־שאַפֿירענע ראָדער. בעגריסט פֿון די שטערן, שמייכעלט ער זיי צו, אונ פֿון דעם שמייכעל לעגען זיך נייע שטרייפֿען ליכט אויפֿ'ן הימעל.

נור ער דערהאָרט פֿון וואָס די נייע נשמות רעדען, אונ טרויעריג ווערט זיין הייליג פּנים!... פֿון די ליכטיגע אויגען איז אַראָבגעפֿאַללען אַ טרעהר פֿון רחמנות. זי ווערט אַראָב פֿאַללען אויף אַ לעבענדיגע נשמה אונ זי ווערט אין איהר בלוט פֿער־געהען...

דער מלאך שטעלט זיך נישט אָב; ער מאַכט אַוועק מיט אַ פֿליגעל, ווי אייּ־נער רעדט: „פֿערפֿאַללען... מיט וואָס דער טאָפּף האָט זיך אָנגעקאָכט!..." אונ פֿליהט ווייטער זיין וועגס.

* *

די פֿערשאָמטע נשמות לאָזען אַראָב די קאָפּליך:

— פֿון וואָס דען רעדט מען? קלערען זיי טרויעריג, אונ בעמערקען נישט, אַז זיי פֿליהען שוין לאַנג נישט אויף די אייגענע פֿליגעל... אונ דער וואָלקען, וואָס ווערט נאָכ'ן מלאך'ס אַוועקפֿליהען, אַללע מאָל טונקעלער, טראָגט זיי ערגיץ אַוועק אין אַ זייט.

פֿון וואָס רעדט מען דאָ?

אויף יענער וועלט איז געוועזען אַזוי פֿיעל צו רעדען! עס זעננען אַזוי פֿיעל שאלות געוועזען, אַז דער מענש אַלליין האָט זיך נישט געטרויט אויף אַללע צו אָנט־פֿערן. ער האָט זיך נור איבער געלאָזט די שאלת פּרנסה, דען מאָגען צו פֿערזאָרגען, אונ די רעשט האָט ער געפֿרעגט ביי וועמען עס איז, ביי אַלטע ספרים, אַלטע קברים, ביי רביים, טאָטערס, כּשוף־מאַכערס, גורל־וואַרפֿערס... אויסער אויף ברויט, קרויט, טהייל מאָל אויף אַ שטיקל פֿלייש, האָט ער אויף אַללעם געקוקט מיט פֿרעמדע אויגען, אַלץ געהאָרט מיט פֿרעמדע אויערן... אונ דאָך איז דאָס מויל קיין רגע נישט געשטאַנען, עס האָט שטאָנדיג געמאָהלען, אונ דער מוח איז שטאָנדיג פֿולל געוועזען. אונ דאָ... דאָ אויפֿ'ן וואָלקען פֿיהלען זיי זיך אַזוי לעער, אַזוי פּוסט...

פֿון דער ווייטענס פֿליהט „יענע" קויל, אויף וועלכער זיי האָבען געלעבט,

איינגעהילט אין אַ שוואַרצען וואָלקען. אונטער דען וואָלקען זעננען געבליבען זייערע געדאַנקען, זייערע שאלות, זייערע ענינים צום רעדען. אין זיי איז געבליבען אַ שוואַכער אָבגלאַנץ פון ברויט מיט קרויט, נור דאָס איז דעם מלאך נישט געפאַללען.

— מען וואָלט געדאַרפט רעדען פון ג ו ט ע זאַכען — מיינט אַ נשמה.

— פון פ ר ו מ מ ע — פערבעססערט אַ צווייטע.

— חאָטש אַ וואָרט ת ו ר ה — ראָטה אַ דריטטע.

נור די צונג לעגט זיך נישט.

דאָ, אין דער הויך אויפ'ן וואָלקען, האָט גאָר אַללעס איין אַנדער פנים. עמיץ דערמאַנט זיך פון עפּיס „גוטס", און פאַר די אויגען שטעלט זיך אַ שאָנער גן־עדן־אַפּפעל, געדרייטעלט ווי אַ פערשאָמטע בתולה, נור פון מיטטען קוקט אַרויס אַ גרינער וואָרם. דער אַפּפעל האָט נור די שאָל, איננערוועינדיג ליגט דער וואָרם אויף אַ שוואַרץ באָרגיל מיסט. און דאָס שלעכטע זעהט אויך אַ סך אַנדערש אויס ווי אויף יענער וועלט. דערמאַנט, בעווייזט זיך עס אין דער לופט ווי אַ שטיקל געפלאַצטע בלאָטע, נור פון די ריטצען בליצען שטראַהלען אַרויס; איננערוועינדיג מוז זיין ליכט, אפשר אַ ברילאַנט!

פון פרומקייט האָט מען אויך מורא צו רעדען.

ווער ווייסט, וועלכער נוסח עס איז נוהג אין הימעל: נוסח ספרד, נוסח אשכנז, אָדער אָפּשר זעננען גרעכט די דייטשע גאַליבראָדעס? צו שאָקעלט מען זיך דאָ ווי אַ לולב, מען שטעהט אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע, אָדער מען זיצט איינגעבויגען איבער אַ מגן־דוד, וואָס מען מוז אויספלאָכטען פון חכמה מיט אמונה צוזאַממען?

עס רעדט זיך אפילו קיין ת ו ר ה נישט.

די „בני־תורה" צווישען די נשמות, זעננען געוואונט צו פינסטערע שלש־סעודות תורה, בעגלייט מיט לאַנג־געצויגענע, מאָנאָטאָננע נגונים... צווישען „אנשי שלומנו", און נאָך אַ קאַפּ בראָנפען... און געה זאָג דאָ אַ גימטריא, אַז עס קאָנן דורכפליהען אַ ליטווישער מלמד און אויסוויי‍זען, אַז עס לעגט זיך גאָר אַנדערש אויס!

— אַה! דערמאַנט זיך פלוצלינג אַ נשמה: עס איז דאָך נאָך שבועות — האָט איהר אייך עפּיס געפּרייט מיט קבלת־התורה?

---

עטליכע נשמות רוקקען זיך אָב אין אַ זייט — זיי זעננען ד אָ ר ט ע ן קאַזיאָננע רבנים געוועזען! זיי האָבען זיך געמאַכט אַ בעזונדער ראָדעל און גערעדט, וואָס מען וועט זאָגען אויף יענער וועלט וועגען טאַקסע פון נפטרים וגולדים.

דער גראָסערע קראַנץ נשמות האָט זיך טאַקי אָנגעהאַפּט אין שבועות, אין דער שאלה: ווער און ווי אַזוי עס האָט זיך געפּרייט מיט קבלת־התורה.

— „אַביאַזאַטעלנאַ" — שפּרינגט אַרויס אַ ליטווישער בעל־טאַקסע — געפּרייט זיך, ווי דען! איך וואָלט שאָן לייט געוועזען אָהנעם תורה'לע! עס וואָלט אפילו קיין „סוויעטשנאַ־סבאָר" נישט געוועזען. „נאַקאַנוניע" אסרו־חג האָב איך „וו־ציעסט" דעם תורה'לע אַ „וועטשער געמאַכט, אַ קאַק־זיע, מיין דאַריטשקע האָט געשפּיעלט, זינקאַ סדיעלאַלאַ פּוראָר — די וועלט אָבגענוממען! מאַיסעי אַנדרעיעוויטש איז פון דער „שקוראַ"־געשפּרונגען. ער וואָלט זיך אָביאַסניאַיעט, נור ביי'ם אוזשין האָב איך איינגעשלונגען אַ ביין, און אָט — בין איך דאָ!

— און איך — רוּמט זיך אָן אַ מלוה — האָב מיך נוהג געוועזען ווי אבות־אבותינו. שאַוועך, תקון מיט פּוטטער־געבאַקץ — מעהר דאַרף מען נישט! גאָטט ווילל נישט מעהר! מיט'ן תורה'לע האָב איך מיך אַ ודאי געפּרייט. „לנכרי תשיך", מיט היתר עסקא אונטערגעשלאָגען, איז אַ יודישע פּרנסה, ווי דען! נור מיין ביילא־גיטעל האָט פּאַר גרויס שמחה, וואָס איך האָב איהר אַ סאַמעטענען מאַנטעל אין מיין אייגענעם לאָמבאַרד געקויפט, אָבגעבאַקען אַזוי פּיעל, אַזוי פּיעל... אַז „איידער גאָטטס גאָב זאָלל קאַליע ווערען — —"

— האָט איהם דער בויך געפּלאַצט, מזל טוב! פּאַלט איהם אַ רבי'ל אַריין אין די רייד.

און עס איז איין אמת רבי'ל געוועזען, מען האָט עס נאָך געפיהלט פון מקוה־וואַססער.

— געפּרייט מיט קבלת־התורה — פערצאָהלט ער — האָב איך מיך! אַ ביסל ספּירט אויף פּאָמעראַנצען־שאָלען, האָט די רבי'ן אָנגעגאָססען; בעלי־בתים האָבען אויך געשיקט — איינער אַ פלאַש וויין, איין אַנדערער לעקקעך. איינער האָט אַריין געשיקט אַ חתיכה'לע טאָרט... וואָס זאָלל איך אייך זאָגען? טעם גן־עדן! איך האָב מיך טאַקי געפּרייט! וואָרען באמת — וואָס וואָלט איך אָהנ'עם תורה'לע געטהון? איך האָב געהאַט אַזאַ גולם'וואַטע גוף, וואָס האָט צו עפּיס אַנדערש נישט געטויגט. איין פוס אַ לאָנגערער, אַ הייטעל אויף איין אויג און, רחמנא־לצלן, ניט פאַר אייך גע־דאַכט, געבּרעכט.

אין דער התחלה האָב איך אפילו דערפון אויך קיין פּרנסה נישט געהאַט. 16 יאָהר בין איך געזעססען אויפ'ן כסא־הרבנות, און האָב גאָר נישט געוואוסט, וואָס „כשר" איז! וואָס פאַר אַ שמאַלץ־גראָבען, וואָס פאַר אַ ברכה פון גאָטט דאָס איז! דערנאָך בין איך דערגאַנגען דעם סוד פון „כשר"! דער ערשטער איז געפאַללען דע־רויף, להבדיל בין החיים והמתים, נח פיאַסעטשנער און איך בין באַלד נאָכגעגאַנ־גען... אַלץ איז פּרנסה! יין־קדוש צאָהלט, פּסח'דיגער וויין איז גאָר אַ מטמון!

קצבים צאָהלען, ווי דען! און אַז אַ חברה סטודענטען ווילען זיך מתּיר זיין שמטה — אַ פינף־און־צוואַנציגער! ווי דען! אַצונד מוז דאָרט דער חליצה־שוך זיין אַ געשעפט, מען האָט אָנגעהויבען צו רעדען דערפון!

— געשטאָרבען בין איך — גיט צו דאָס רבי׳ל — איך ווייס אַליין נישט אויף וואָס; עפּיס פלוצלינג... אַז מען האָט מיך „אַראָב גענוממען", האָט מען געזאָגט, אַז דאָס האַרץ האָט מיר געפּלאַצט, בשעת איך האָב געהאָרט, אַז רבנים ווילען מתּיר זיין חליצה... זאָלל זיין אַזוי! נור — ליגענט איז; זיי וועללען נישט מתּיר זיין!

— און איך — פאַלט אַריין אַ מלמד — האָב מיך אויך געפרייט; איך האָב דאָך יאָ פּרנסה פון תורה׳לע...

— שטילל, מלמד, בטלן! — האַקט איבער איין אַנדערע נשמה. איך בין עס טאַקי, רבי, די, וואָס האָט אייך דען פינף־און־צוואַנציגער דערלאַנגט. איהר קענט מיך, אַ ודאי, אַללע?

דאָס קראַנציל נשמות ציהט מיט די פּלייצעס אויף ניין.

— איך געדענק נישט — מאַכט דער רב — האָסט געמוזט דאָרטען אַנדערש אויסזעהען...

— אַ ביססעל פרוממער — אָנפּערט די נשמה — מיר האָבען זיך אַזוי אָבגעשמועסט...

— נו, שלום־עליכם! — מאַכט דער רב, און בעמערקט ערשט, אַז ער האָט קיין האַנד נישט דערצו.

— עליכם־שלום — אָנטפּערט די נשמה — נור! אַ וואונדערליכע זאַך, דאָרט האָבען מיך דאָך אַללע געקענט!

איך היים — אַח! (חאַפּט ער זיך צוריק) איך האָב גאָר פערגעססען, אַז איך האָב מיין נאָמען דעם עפר־ואפר — דעם גולם פאַר׳ן מלאָך דומה איבערגעלאָזט... און האָב פערגעססען ווי איך היים. נור „קאָבער־לאָפּעל" האָט מען מיך גערופען; אַנדערע, פאַר קנאָה, האָבען מיך „טעללער־לעקקער" גערופען, נור מען האָרט זיי ווי די קאַץ.

נור אַ שבועות האָבען מיר געמאַכט גאָר אויפ׳ן גרויסען אופן. פערשטעהט איהר, מיר אַליין זעננען קיין מאמינים נישט, אַ מאָל האָבען מיר אַללע געבלאָזען אויפ׳ן דגל־מחנה־יהודה קיין מזרח, אַלס קיין מזרח... ווייטער און ווייטער, נור אַז דער ווינד האָט זיך איבערגעדרעהט, האָבען מיר זיך אויך איבערגעדרעהט און צוריק געבלאָזען, ווי דען! איך פלעג אָננעהמען אַ פוללען בויך מיט לופט און אַרבייטען ווי אַ מיעך! צווישען אונז זאָלל עס בלייבען, פונ׳ם בלאָזען איז אַ גרויסער עפּוש געוועזען, נור נישט אין דעם געהט עס... פאַר׳ן המון־עם האָבען מיר

אַ שבועות געמאַכט! דען המון־עס מוז מען האַלטען... אַ נישט... איהר פער־שטעהט שוין, אַז אַזוינע גראָבע יונגען...

— געוואַלד! האָט ראַפּטום אַ געשריי געטהון אַ נשמה פון צווייטען קראַנ־צעל — געוואַלד! מיר זעננען אונטער דער ערד!

פון וואַננען ווייסט דו? פרעגט מען פון אַלע זייטען דערשראָקקען.

— וואָס הייסט, איך קענן נישט קיין געאָגראַפיע? איך בין דאָך עפּיס אַרוים פון צווייטען קלאַסס!

— אָט, אָט האָט איהר די ערד פון אויבען! האָט נאָך אַ רב אַ משכיל גע־וויזען מיט אַ שפּיץ נשמה־פליגעל!

און אַלע דערזעהען, ווי די ערד פליהט איבער זיי, און אונטער זיי נעהמט זיך דער וואָלקען גאָר אין אַ זייט.

טהייל האָבען זיך אָבגעריססען פון וואָלקען און אַרויף געשאָססען הויך אין דער לופט, זיי ווילען די ערד דעריאָגען און איבער איהר צום הימעל דער־גרייכען. די רעשט לאַכען אויס די, וואָס ווילען זיך אויף אייגענע פליגעל פערלאָזען! „דו זיצסט אויף אַ וואָלקען, עס קאָסט דיך נישט קיין פוהר־געלד, קויפסט נישט קיין בילעט — פאָהר!"

נור די נשמות, וואָס זעננען אַרויפגעפלויגען, האָבען זיך באַלד צוריק אַראָב־געלאָזט:

— אַ שרעק — פערצאָהלען זיי — ווי ווייט יענע וועלט איז פון אונז אָבגע־פלויגען, און גאָר אין אַ זייט... מיר וועללען זי שוין נישט דעריאָגען!

זיי דערצאָהלען נאָך, אַז נאָהנטער זעהט אַצונד די ערד גאָר אַנדערש אויס, זי איז עפּיס רויטליך און גאָלדען ליכטיג.

זיי זעצען זיך צוריק אין קראַנציל, רעדען פון יענער וועלט און בעמערקין נישט, אַז עס ווערט אַלע מאָל פינסטערער, חושך׳דיגער. דער וואָלקען, די גאָל־דענע ראַנדער פערלוירען, עס לעשט זיך אויס די זונן און עס ווייזט זיך קיין לבנה און קיין שטערן... וואָס אַ מאָל לעגען זיך דיקקערע שאָטטען אויפ׳ן וואָלקען, און, ווען טונקעלער דער וואָלקען ווערט, העללער און ליכטיגער ווערט די קויל — די ערד, וואָס פליהט אַלע מאָל האָבער און ווייטער ערגיץ אַוועק אין אַ זייט...

עס ווערט אַ ביסל אונרוהיג צווישען די נשמות.

— וואָס טהוט מען? וואוּ אַהין פליהען מיר?

— „בידך אפקיד רוחי!" לייענט קריאת־שמע דאָס רבי׳ל און הייבט אָן שנאַרכען.

— אַזוי! — מאַכען אַלע פריילִיך פערוואונדערט, — מען קאָנן דאָ אויך שלאָפען! מהיכי תיתא!

און אַללע צו לעגען זיך אויפ'ן וואָלקען און שלאָפען איין.

די ערד ווערט אַלץ ליכטיגער און יאָגט זיך אַלץ האָבער און ווייטער אין איהר וועג, און די שנאַרכענדיגע נשמות פליהען אויפ'ן שווארצען וואָלקען גלייך צום עולם התהו. —

# די נייע בעוועגונג.

אין מערב־אייראָפּא, צווישען די שווערבעוואָפּענטע פאָלקער, וואָס אָטהעמען קוים אונטער דער שטאָהלענער לאַסט; אין מערב־אייראָפּא, וואו די פרעססע פון האַסס צווישען פאָלקער, רעליגיאָנען, ראַססען און קלאַססען רייסט און בייסט מיט ווילדען כעם דען אייזערנען נאַמאָרדניק; וואו די רעגירונגען נוצען דען אַנטיסעמי־טיזם אַלס דוננער־אַבלייטער פאַר די גאָלדענע פאַללען, וואו קינד און קייט וואַרפט זיך אין ווילדע חלומות פון דינאַמיט... אין מערב־אייראָפּא בעמערקט זיך אַצונד אַ נייע בעוועגונג...

איבערן וויללד־ברויזענדען ים פליהט אַ טויב מיט אַ גרינען בלאַטט פון שלום.

עס מאַכען זיך איבעראַלל מאָראַלישע געזעללשאַפטען, וואָס ווילען, עס זאָלל אויפהערען דער אייביגער קריעג צווישען רעליגיאָנען, פאָלקער, ראַססען און קלאַססען; מענשען זאָללען אַוועק לעגען דאָס מאָרדערישע געוועהר פון האַנד; יע־דערער זאָלל אַוועקלעגען דען קאַלטען רשע — דען עגאָאיזם; מענשען זאָללען אָנ־הייבען לעבען מאָראַליש, — מיט יושר, מיט רחמנות...

זיי גלויבען אין דער מאָראַליטאָט, וואָס איז נישט דער אָבגלאַנץ פון דער בלאַנקער שווערט, וואָס שטעקט נישט אין קרופּס קאַרטאַטשען, וואָס האַלט זיך נישט אין דער געביילטער פויסט און געהט נישט האַנד אין האַנד מיט אייגעננוץ, שאָוויניזם און רעליגיאָנס־האַסס!...

און זיי גלויבען, אַז דער מענש מוז זיך אויפכאַפּען פון דען ווילדען שלאָף און דערזעהען די ליכט, וואָס שלאָגט איהם אין די אויגען! ער מוז דערפיהלען, אַז ער איז מענש, און אַז נישט דער עגאָאיזם מיט נאָגעל און באַקקצאָהן, נור די ריינע מענשליכע מאָראַליטאָט דאַרף זיין דער קאָמפּאַס, צו פיהרען זיין שיף אי־בערן ים!

איהר שאָקעלט מסופּק מיט די קאָפּף! אונזער פעססימיזם, וואָס איז אַרוים ווי אַ הונד־שוואָם אויפ׳ן מיסט פון די לעצטע צייטען, איז אַ נאַכטגעוויקס אונ דרעהט זיך אַוועק פאַר יעדען ליכטיגען שטראַהל...

אונ דער עיקר — עס איז דאָך געגען די לעצטע פּוסקים! געגען דאַרווין, ספּענצער אונ ליפּפּערט, געגען די דריי זיילען, וואָס האַלטען אונטער די בילדונג אפילו אין ישיבות אונ בתּי מדרשים.

מען זאָגט, אַז דער אייגענער בּמלנישער ליץ, וואָס האָט געוויזען אויף דער האַנד, ווי אַזוי פראַנצויזען אונ פּרייסען האָבען מלחמה געהאַלטען, אונ האָט, מיט אַ שפּיי אויף דער האַנד, דערטרונקען עטליכע ראָטעס סאָלדאַטען פון ביידע צדדים, האָט אַ מאָל אויך אויסגעטיימשט, פון וואַנגען עס נעהמען זיך אַזוי פיעל פערשיעדענע מאָדען אין ווייבערישע קליידער.

יעדער פאַבריקאַנט — זאָגט ער — האָט שטעהן אַ פּאַקסעל מיט מוסטער־שטיקלעך; וואָס אַ מאָל חאַפּט ער אַרוים אַ מוסטער, אַרבייט נאָך אַ סחורה אונ — עס ווערט אַ נייע מאָדע!

אונ, אַז ער האָט דאָס גאַנצע פּאַקסעל געענדיגט, דרעהט ער עס איבער קאַפּויר, אונ עס קומט אַרוים גאָר אַ נייע מאָדע, וואָס די באָבע־יאַחנע האָט נאָך גע־טראָגען.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס געהט צו ביי פאַבריקאַנטען, נור אין דער פּהי־לאָזאָפישער אינדוסטריע איז זיכער אַזוי!

אַלטע סיסטעמען שטעהען אויף תּחית המתים אונ ווערען צוריק די נייעסטע מאָדע...

אין אַ צייט אַרום פערליערט דער נייער סיסטעם דאָס געזונד, הייבּט אָן הוס־טען, קריגט אַסטמאַ — פאַלט אַוועק, שטאַרב אונ ווערט בעגראָבען, אונ אויף זיין אָרט שטעהט אויף אַ נייער שוכן־עפר; אַ נייע פיהלאָזאָפיע פון דער באָבע־יאַחנעס צייטען — אונ די באָבע־יאַחנע, אויב זי לעבט נאָך, טאַנצט פון פרייד, אַז איהר צייט איז צוריק געקוממען!

דאַכט זיך, אַז „כל דאלים גבר“ (ווער עס איז שטאַרקער, ביי דעם בלייבט עס!) איז איין אַלטע פיהלאָזאָפיע, נאָך פון אָדם הראשונ׳ס צייטען... איין אמת׳ע, נאַקיטע וואַלד־פיהלאָזאָפיע — אַלץ ווענדט זיך אין דער פויסט. די וועלט איז אַ קניזש; ווער עס איז שטאַרקער, בייסט פריהער אַריין; ווער עס האָט אַ ברייטער מויל אונ בעססערע צאָהן, רייסט אָב אַ גראָססער אונ אַ בעססער שטיק... אָדער ווי מען פלעגט צו זאָגען: אויף דער וועלט איז ווי אויף אַ חתונה — חאַפּ אונ פרעסס, חאַפּ אונ זויף!

דער סיסטעם איז אַזוי אַלט, ווי דאָס ווילדע לעבען.

נישט איינמאָל האָט זיך אפילו שוין געדאַכט, אַז די מאָראַליטעט, אַז דער יושר פֿון צעהן-און-נאָגעל איז אָבגעשוואַכט, אָבגעניצט; אַז מיר האָבען די „טהייערע שמאַטע״ אין אַרחיוו אַריינגעלעגט, וואו זי איז שוין מיט שימעל בעוואַקסען; אַז מיר, מיר מענשען, האָבען שוין איינגעזעהען, אַז דאָס פּאַסט נור פֿאַר ווילדע חיות און נאָך נאַקיטע ווילדע לייט; אַז מיר דאַרפֿען זוכען אונזער גליק אין עפּיס אַנדערש, עפּיס גראָססערס, האָכערס... און דאָך — האָט זיך נור אַזוי געדאַכט! די פֿהילאָזאָפֿישע פֿאַבריקאַנטען פֿון נייצעהנטען יאַהרהונדערט: דאַרווין, ספּענצער, ליפּפּערט און אַללע זייערע נאָכשלעפּער און נאָכשטופּפּער האָבען די מאָדע בעניירט!

דאַרווין האָט בעמערקט, אַז דורך ערציהען, לעבען אויף אַ געוויססע אַרט, אין אַ געוויססען קלימאַט, אין געוויססע בעדינגונגען — פֿעראָנדערט זיך דער קאָרפּער פֿון מענשען און טהיערע, און דערפֿון איז איהם איינגעפֿאַללען, צו בענייען דעם אַלטען לאַמאַרקישען סיסטעם, אַז גאָטט האָט קיין בעזונדערע מינים נישט בעשאַפֿען, אַז פֿון זיין האַנד איז נור איין לעבען אַרויס; אַז די אַללע מינים, משפּחות און סאָרטען קוממען אַרויס מיט דער צייט — איין מין פֿון צווייטען, איין סאָרט פֿון צווייטען; און דאָס ווענדט זיך אין די פֿערשיעדענע פֿעראָנדערונגען, וואָס מאַכען זיך אינ׳ם לעבען... נו — וואָס שאַרט עס אונז? וואָס זאָלל אונז דער פּוסטער יחוס? אַדרבא, עס איז מעהר כבוד, אַז מיר האָבען זיך אַלליין אויסגעאַרבייט, אַלליין מיט דער צייט פֿאַר מענשען געמאַכט, דען עקק פֿערלוירען און אַזוי פֿיעל שׂכל, אַזוי פֿיעל יושר בעקוממען! נישט איינער זוכט אָפּשר אין שלאָף דען עקק, ווי איין אַלטער דייטש די יאַרמולקע, נישט איינעם חלום׳ט זיך דער וואַלד... נור מיט דער צייט וועללען די חלומות און דאָס זוכען דען נאָכטיגען טאָג אויפֿהאָרען, פֿערשווינדען...

אמת איז, אַז אין „בראשית״ איז די מעשה אַנדערש פֿערצאָהלט... נור „מעשה בראשית״ איז נישט געשריעבען פּראָסט „כדבר איש אֶל רעהו״ — עס איז פֿולל סודות; איך זעה עפּיס אַנדערש, יענער עפּיס אַנדערש און דער אַלשיך — עליו השלום — אויך עפּיס אַנדערש... ווער ווייסט, אָפּשר מיינט גאָר דאָס דער פּסוק... אַ קשיא אויף אַ מעשה! אַז „חמץ״ קאָנן זיין על פּי קבלה דער יצר הרע און „מצה״ דער יצר טוב, חאָטש זיי שטעהען ביידע נישט אין מעשה בראשית, קאָנן „חוה״ זיין די פֿאַנטאַזיע, וואָס טרייבט דען מענש צו זוכען נייע אמת׳ן, נייע וועגען; דער „עץ הדעת״ — די קולטור און די שלאַנג — דער „סקעפּטעציזם״, דאָס מסופּק זיין, דאָס אונרוהיגע פֿראָגען: פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען, דאָס וואָס לאָזט אונזער פֿאַנטאַזיע נישט שלאָפֿען און נייט זי, זי זאָלל אַללע רגע אויפֿשטעללען נייע סיסטעמען, נייע הייזליך פֿון קאָרטען, „אויף וועלכער דער פֿויערישער שׂכל חישר

דארף נור א בלאָז טהון, זיי זאָללען אומפאַללען"...

פערצייטענס וואָלט מען אַזא דאַרווין פערברענט. אין היינטיגע קאַלטע צייטען האָט ער אויסגעלעבט זיינע יאָהרען און געפונגען נאָך א גאַטסגעלעהרטען, וואָס האָט אויסגעגלייכט דען פסוק, ער זאָלל פאַססען צו זיין טעאָריע; נאַטירליך — דעם פסוק צוליעב. —

נור דאַרווין איז געפאַללען אויף נאָך איין המצאה. וואָרען די שאלה איז: פאַר וואָס ווערען טהייל פעראַנדערונגען פערשוואונדען און אַנדערע האַלטען זיך שטאָהל און אייזען? מיר ווייסען, אַז נישט איינמאָל ווערט געבוירען א קאַלב מיט צוויי עקקען, אָדער מיט צוויי קעפּף, מיט זעקס פיס — פאַר וואָס בלייבט פון דעם אַללעם קיין זכר נישט, און פאַר וואָס, אַז עס האָט זיך נור בעוויזען א האָרן, האָבען זיך באַלד אַללע בהמות פערקוקט און האָרנער בעקוממען? אויף דעם איז די תשובה: כל דאַלים גבר! דאָס לעבען איז איין אייביגע מלחמה, איינער מיט'ן אַנדערן, איין מין מיט'ן צווייטען און איין משפחה מיט דער צווייטער... אַללע שלאָגען זיך שטאַנדיג און גובר איז דער שטאַרקערער — דעריבער איז דאָס קאַלב מיט איבריגע פיס נעלם געוואָרען, ווייל פיער פיס איז איבער גענוג, בפרט — איין קאָפּף! נור דער אָקס מיט'ן האָר'ן, וואָס איז געוואָרען א שור נגח, האָט זיך טאַקי געמעהרט און געפרוטבאַרט... אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס זעננען געוואָרען א וועלט אָקסען מיט האָרנער און די רעשט אָקסען אָהן האָרנער זעננען נעלם געוואָרען — אויסגעפייגערט אָדער אויפגעפרעססען געוואָרען פון אַנדערע בהמות, ווייל פון פרעה'ס חלום זעהט אויס, אַז א מאָל האָבען די קיה איינ'ס דאָס אַנדערע געגעססען גאָר מענשען צו גלייך! פון וואַננען עס האָט זיך דער ערשער האָרן גענוממען, דאָס ווייסט דער טייפעל, גענוג — א האָרן האָט זיך בעוויזען און דער ערשטער גליקליכער אָקס, וואָס האָט'ן געקריגען, האָט מוצא חן געוועזען ביי די קיה, ער האָט געהאַט א סך קינדער און האָט זיי אַללע פערירשענט דען האָרן... טרעפט זיך א מאָל איינס ווערט געבוירען מיט א גאָהלען קאָפּף — געהט עס לאבוד, — ווי איינער אָהן כלי-זיין אין דער מלחמה מיט שטאַרק בעוואָפּפענטע! טחוירען, למשל, האָבען א מאָל געלעבט ווי אַללע אַנדערע חיות ובהמות; פּלוצלינג האָט איין טחויר אָנגעהויבען צו שוויטצען מיט א ריח — ווי פון א בעל-תשובה, נעבען וועלכען עס קאָנן אפילו קיין צדיק גמור נישט איינשטעהען... מיט דער צייט האָט מען אַללע טחוירען אויפגעגעססען, נור פאַר דען טחויר איז יעדערער ענטלאָפען, און ער מיט זיינע יורשים זעננען געבליעבען לעבען, און זיי מעהרען און פרוכט-באַ'ן זיך, אַז מען פיהלט זיי שוין אפילו אין דער ליטעראַטור... פאָקשיווע (אָדער ווי די „ליטוואַקעס" וויללען: קראָפּיווע) איז א מאָל געוועזען א געוויקס ווי אַללע

געוויקסען, נור פון דער העללער הויט האָט איין פּאָקשיווע אָנגעהויבען צו שטעכען און צו בריהען; מיט דער צייט האָט מען אַללע מינים פּאָקשיווע צו טרעטען און אויסגעריססען, נור די בריהענדיגע און שטעכענדיגע זעננען געבליעבען! און אזוי אַללע חיות ובהמות! טהייל פערד האָבען אָפּשר אַ מאָל קיין עקקען נישט געהאַט. נור די אָהן עקקען האָבען זיי די פליגען געפרעססען, און נצול איז געוואָרען נור דאָס פערד, וואָס האָט זיך געקאָנט קראַטצען מיט'ן עקק ביז'ן קאָפּף.

הכלל — אַ מלחמה און מען דאַרף נור גוט כלי־זיין!

נור כל זמן דאָס אַלץ איז נור נוהג אין וואַלד און פעלד, צווישען חיות און בהמות... אַרט מיך נישט; לוינט אפילו נישט צו דערגעהן, פון וואַנגען עס האָבען זיך גענומען די ערשטע פעראָנדערונגען — דער ערשטער האָרן, דער ערשטער שוויים, דער ערשטער עקק... כדאי זיך דעריבער דען קאָפּף צו פערדרעהען, מיר זעננען שוין לאַנג פון וואַלד אַרוים, און ביי אונז, דאַכט זיך, איז גאָר פערקעהרט. אָט האָט ושתי אַ האָרן בעקוממען, דאַכט זיך אַ וואהל כלי־זיין אין דער מלחמה צווישען מאַן און ווייב און בכלל צווישען ווייבער, און דאָך — איז דער מוסר שטאַרקער געוועזען פאַר'ן האָרן: אַחשורוש האָט איינגעזעהן מיט'ן שכל פון זיינע עצה־געבער, אַז אַ ווייב דאַרף פאָלגען אַ מאַנן, אַז יעדער מאַנן מוז האָבען צו שאַפען ביי זיך אין דער היים, אפילו ווענן ער איז אזוי קלוג ווי אחשורוש און דערביי גאָך אזוי שכור ווי ער; אַז אויב ער הייסט, די פלונית'טע זאָלל אַריינקוממען גאָר על־פי פשט, אָ הן איין איינהיעל... אמת איז, אַז די ממשלה, וואָס אַ מאַנן האָט, איז כל זמן דאָס ווייב איז אין שטוב, ניט אזוי פעסט... נור דער „יושר" האָס פאָרט גובר געוועזען דען האָרן, און ושתי האָט געמוסט אָבטרעטען אסתר המלכה'ן די קרוין.

עס ווערען גאַנץ אָפּט געבוירען מענשען מיט צו שאַרפע צאָהן, צו האַרטע פויסטען, אָדער מיט נשמות פון טחוירען און פוקסען — נור מיר האָבען שטאָנדיג געמיינט, אַז פאַר זייערט וועגען טאַקי האָבען מיר קרימענאַלען, אַרעסטען, און טהייל מאָל (בסוד זאָלל עס בלייבען) אַ בינטעל הייסע ריטטער... ביז מען ווערט פון זיי פטור... אונזער לעבען, האָבען מיר געמיינט, רינט שוין כמעט אזוי קלאָר ווי אַ וואַססער... עס פאַלט אַ מאָל אַריין אַ שטיינדעל, מאַכט עטליכע ראָדליך אַרום זיך, נור באַלד ווערט עס פערשוואונדען מיט די ראָדליך צוזאַממען, דער שפּיעגעל גלייכט זיך אוים און רינט ווייטער אַזוי ריין, אזוי קלאָר ווי דער הימטעל... טיעפער איז אפילו קאַלט און פינסטער, און דער העכט לאָסט דען קאַרפּ נישט שלאָפען, נור מיט דער צייט, האָט מען געמיינט, וועט מען דאָרט אויך אַריין קוקען... מיט דער צייט וועט דער מענש איינזעהען, אַז די ערד קאָנן ערנאָהרען 10 מאָל אזוי פיעל מענשען ווי עס איז דאָ אויף דער וועלט, אַז מיר דאַרפען אָנ־שטרענגען אונזער אינטעללעגענץ, נישט איינער זאָלל דעם צווייטען אַרוים רייסען פון

מויל, נור מעהר בענוצען די נאַטור-קראַפטען, וואָס דיענען אונז נאָך אין גאַר אַ קליינעם פּראָצענט. מען האָט געמיינט, אַז איינער וועט אַרוים נעהמען די האַנד פון צווייטענס טאַש, דער צווייטער וועט אויפהאָרען צו רייסען דעם ערשטענס נאָז, אונ זיי וועללען זיך ביידע נעהמען צו די וואַססער-פאַללען, וואָס רוישען, הילכען, אונ בייזערן זיך, פאַר וואָס זיי פערליערען אַזוי פיעל קראַפט אומזיסט... מען האָט גערעכענט, אַז אָט, אָט וועט ישעיה'ס נבואה פון אייביגען פריעדען מקוים ווערען אונ אויף דער וועלט ווערען אַ געקוּשעריי, אַ געהאַלזעריי, אַז מלאָכים אין הימעל וועללען אונז מקנא זיין...

זענען אָבער געקוּממען ספּענצער אונ ליפּפערט אונ האָבען געזאָגט: לא כי! די צוויי פילאָזאָפען, מיט אַ הונדערט נאָכשטופּער, ווייזען אוים, אַז אויסער דעם, וואָס מיר קוּממען אַ ר ו י ס פון וואַלד, מוזען מיר נאָך אייביג שוין לעבען לוים דעם שלחן-ערוך, וואָס איז אין דעם וואַלד נוהג... אונ דער שלחן-ערוך האָט נור איין פּאַראַגראַף! כל דאַלים גבר! ואידך — פירושא (די רעשט איז נור אַ פירוש): פויסט, נאָגעל, באַקצאָהן, רציחה, מסירות, פאַלשקייט — וואָס איהר ווילט אַלליין...

די אייגענע שווערע האַנגט איבער אונזער קאָפּ אויך! די פויסט איז ביי אונז אויך יושר אונ עהרליכקייט צוזאַממען! דאָס גאַנצע לעבען, אפילו דאָס מענשליכע, איז איין אייביגע מלחמה... יוסל מיט שמואל'ן, יודען מיט קריס-טען, פראַנצויזען מיט דייטשען, ווייסע מיט שוואַרצע, מיט געלע — אַללע מוזען זיך שטאַנדיג רייסען ביי די האָהר, צופּען ביי די נאָז, אונ ווער עס איז שטאַרקער, דער בייסט פעטער אינ'ם קניזש...

די פויסט איז אַלט ווי די וועלט, ווי דער וואַלד מיט זיינע חיות רעות! נור דער סיסטעם האָט איין נייען נאָמען! די ח"י גרולים קוממען נאָך דאַרווינען: „דער קאַמפּף אום דאָס דאַזיין", הייסט עס! דאָס איז דער העבעל, וואָס שווימט אַרום אין ספּענצערס וואַססער, דאָס איז די ראָמוּבע, וואָס גראַבעלט זיך אַזוי אומ-געלומפּערט אַרום אין ליפּערטס שווערען שליים...

איין אייביגע מלחמה צווישען מענשען, פאָלקער אונ ראַססען! אונ דו מיש דיך נישט, יעדער דאַרף פאַר זיך זאָרגען!

עס איז שוין אַזוי, עס מוז אונ עס דאַרף אַזוי זיין!

אונ עס איז אַ גאַנץ איינפאַכער סיסטעם:

די גריכען האָבען אַמאָל געטייט קראַנקע אונ פעלערהאַפטע קינדער, עס זאָלל אַרוים אַ דור פון סאַמע גבורים; אונ דער גיינצעהנטער יאָהר-הונדערט וויל מיט דער פייערדיגער קאָנקורענץ אויסברענגען אַללע שלימזלדיגע מענשען, עס זאָלל אַרוים אַ דור מיט סאַמע דורכגעטריבענע שווינדלער...

דאָס לעבען איז איין אייביגער קריעג — ווער עס פאַלט, איז אַ ודאי שכור

געוועזען, אָדער עס האָט זיך איהם אין מיטען דערינגען פערגלוסט צו געניצען... דאָס לעבען איז א „מאָקאָטוועער דראָנג", אויסגעשמיערט מיט זייף; ווער עס חאַפּט זיך ארויף, בעקומט אַ צילינדער מיט אַ זייגעריל...

אונ מיט דער צייט וועללען אַללע קאָננען קריכען!

---

דער עגאָאיזם, דאָס אייביגע פערזאָרגען נור זיך אַלליין, דאָס אָנפּיללען נור דען אייגענען מאָגען — אָט דאָס זעננען, לויט ד ע ר פיהלאָזאָפיע, די געשיכטליכע הייבען, אויף וועלכע עס יאָהרט די מענשהייט, אונ אָהן וועלכע זי וואָלט געבליעבען ליעגען ווי איין אויסגעטריקקענט שטיקעל טייג אין עקק מולטער — צינד העבט עס זיך אונ וועט באַלד אַריבער איבער דער ראַנד! „די אייגענליעבע", אָט דאָס איז, לויט ספּענצער אונ ליפּפּערט, די שפּינערין, וואָס זיצט ביים אייביגען ראָדעל פון דער צייט, אונ שפּינט אונז די ציוויליזאַציע!

אֶפּשר שרעקט אייך, וואָס דער שטאָף איז ברודיג פון אָרימען שוויים אינ רויט פון אונשולדיג בלוט? וואָס מאַכט עס אוים? פון דעם שטאָף קוממען דאָך אַרוים אַזוינע שלאָפּראָק, פראָק אונ זיידענע קליידער פאַר אַ צעהנדלינג אויסדערוואָהלטע... אייביגע מלחמה, אייביגע קאָנקורענץ צווישען מענשען, פאָלקער אונ ראַססען; אונ מענשען, פאָלקער אונ ראַססען, וועללען אַזוי לאַנג אַראָבפאַללען ווי פוילע אָפּעליך פון בוים, ביז עס וועללען בלייבען סאַמע פאָהיגע מאַנשעסטער פאַבריקאַנטען!

איהר פראָגט, צו דאָס איז מאָראַליש?

— מאָראַליש? אָנטפערט אייך די פהילאָזאָפיע, איז דען דאָ אַ מאָראַליטאָט? אונ אונזערע פהילאָזאָפען זעננען קלאָר אין דער סאָציאָלאָגיע ווי ביי זיך אין דער היים אונ וועללען אייך פערשיטען מיט אַ מילליאָן פאַקטען, ווי אַ וואַלד מיט שישקעס, אונ מען וועט אייך בעווייזען, אַז יעדעס פאָלק האָט אין יעדער צייט אונ אויף יעדען אָרט אַנדערע דעות, אַנדערע מדות, אַז וואָס ביי איינעם איז רויט, איז ביי'ם צווייטען גרין, וואָס איינער האַלט פאַר אַ מצוה, האַלט דער צווייטער פאַר איין עבירה... ווי קאָנן זיין אַ מאָראַליטאָט? ווי קאָנן זי דיענען אַלס מאָטאָר אין אונזער מאַשין, זיין אַ לאָקאָמאָטיוו, וואָס פיהרט די וואַגאָנען פון דורות?

ביי אונז מאָסט מען אויף עללען אונ קוואָרטען אונ מען וואָגט אויף לויטען; אין רוססלאַנד ווערט געמאָסטען אויף אַרשינען אונ ציעטווערטים אונ געוואָגען אויף זאָלאָטניקים, אין איראָפּא איז אָנגענוממען געוואָרען דער פראַנצאָזישער מעטטער מיט'ן קילאָ... ווילדע מאָסטען אויף דער האַנד אונ טהייל ווייסען גאָר נישט צו וואָגען... אונ פון דעסטוועגען וועט קיינעם נישט איינפאַללען צו קלעהרען:

טאָמער איז גאָר קיין מאָס און קיין וואָג נישט פֿערהאַנדען?

מיר האָבען ציפֿערן ביז 9 מיט איין 0; אַמאָל האָט מען געצאָהלט ביז 20, די ראָמער האָבען געהאַט עקסטרא ציפֿערן פֿאַר 20, 30 א. ז. וו..

טהייל ווילדע קעננען מעהר נישט צאָהלען ווי ביז 5, זעקס הייסט שוין אַ סך, אָדער מען זאָגט: 5 און 1... און פֿון דעסטוועגען איז קיינער נישט מסופק, אַז צוויי און צוויי איז דאָך נור 4, נישט 3 און נישט 7...

מיר נוצען געלד פֿון קופּער, זילבער און גאָלד; אין טהייל לאַנדער בענוצט מען אויך ניקעל, די גריכען האָבען געהאַט מטבעות פֿון אייזען, ווילדע שטאַממען האַנדלען און טוישען אויף גרינע שטיקלעך גלאָז, מושעלן, ביסלעך רייז, און פֿון דעסטוועגען זעננען מיר זיך אַללע מקריב פֿאַר געלד, און ווייסען, אַז געלד עקזיסטירט...

נור, אַז עס זעננען פֿערהאַנדען פֿערשיעדענע מנהגים און דעות ביי פֿעלקער, ווערט שוין דער עולם מסופק, צו עס איז פֿערהאַנדען אַ מאָראַליטאָט, קאָנן שוין זיין, אַז „איוב לא היה ולא נברא", אַז ניט — שטעקט די מאָראַליטאָט טאַקי אין דער פֿרייער קאָנקורענץ — אין דער זיעב, וואָס לאָזט אַרויס די קליינע און דראָבנע און בעהאַלט די גראָבע, גרויסע און פֿעטטע... אין דער זיעב, וואָס וועט אונז מיט דער צייט אויסשאָקלען הונדערט מיליאָן אַרבייטער און עטליכע מאַנשעסטער־פֿאַבריקאַנטען...

וואָס האָט די מאָראַליטאָט פֿאַר'ן אָרמען אונגליקליכען, וואָס פֿאַלט אונטער דער לאַסט? נישט מעהר ווי אַ היתר: קריך אויף! חאַפּ אויף! גלייך מיט'ן בעל־הגדה, ווייסט זי נור: „נעהם די מצה!" דער קניזש ליעגט אין מיט'ן גאַסס, חאַפּ דיך צו!

---

און עס האָט זיך געדראַכט, אַז דאָס איז אַ גוטע פֿהילאָזאָפֿיע נור פֿאַר רייכע לייט אָדער פֿאַר שטאַרקע פֿעלקער, אַז די פֿהילאָזאָפֿיע קאָנן נור ליעגען אין איין אָנגעשוואָלענעם ברוסט־טאַש און זיין אונטער געשפּאַרט מיט אַ וואַלד פֿון באַגנעטען, אַז אָרימע לייט און שוואַכע פֿעלקער, וואָס קאָננען לייכט אונטערגעהן אין דער אייביגער מלחמה, וועללען זיך האַלטען אָן די אַלטע מענשליכע אידעאַלען, אָן דען אַלטען יושר, אָן דער אַלטער מאָראַליטאָט...

עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען, אַז עס איז אַ טעות... ווי געזאָגט, קוממען שוין היינט ספּענצער און ליפּפּערט אין בית המדרש אַריין, מען שטודיר'ט זיי אין אַללע ישיבות...

דער געוועזענער פּרוש, וואָס האָט געלעבט פֿון העניתים, ווייסט שוין היינט,

אַז דאָס בעסטע אֵבר פֿון אַ מענש איז דער מאָגען, אַז אַללע אַנדערע אֵברים זענ־נען משרתים, אַז נור ער, דער מאָגען, מאַכט די געשיכטע, אַז נור איינענליעבע שפינט די קולטור!

---

אויף ספענצערס קניע וועט אויפֿגעצויגען ווערען אַ נייער דור פֿון סאַמע חאַ־פערס...

ווי אַזוי דאַרף מען ערציהען קינדער?

קינדער — זאָגט ספענצער — דאַרף מען ערציהען אויף אַזאַ'ן אופן, אַז זיי זאָללען קאָננען גליקליך זיין... זיי זאָללען קאָננען אויסנוטצען דאָס גאַנצע נחת, וואָס די נאַטור וועט זיי געבען, זיי זאָללען זיין ווי אַ שוואָם, איינצוזאַפּען דאָס גאַנ־צע פֿערגניגען, וואָס זיי וועללען געפֿינען אויף זייער וועג...

וואָרום — אַז יעדערער וועט האָבען זיך אין זינן, וועט אַללעמען גוט זיין, — מן הסתם!

ספענצער אונ ליפּפערט ווערען אונזערע נייע גאָטטער!

נור דאָס איז אויך נישט קיין נייעס!

די יונגע עגיפּטיאַנערין, וואָס מען האָט יאָהר־יאָהרליך אַריינגעוואָרפֿען אין נילוס אַלס קרבן פֿאַר'ן הייליגען טייך, האָט אַלליין אויך געגלויבט אין זיין הייליג־קייט...

די אַמעריקאַנישע קנעכט האָבען זיך געשלאָגען אין איין שורה מיט זייערע בעלי־בתים געגען די, וואָס האָבען זיי געוואָלט בעפֿרייען.

אונזערע אַלטע פֿירער זאָגען נאָך, אַז עס איז בעססער צו אַרבייטען „פאַנ־שציזנע“ איידער צו צאָהלען פּאַדאַטעק —

אונ מיר, מיר אָרם, צו וואָרפֿען, שוואַכסטע פֿאָלק אויף דער וועלט, היבען אויך אָן צו גלויבען, אַז דער אידעאַל פֿון מענשען איז דער אייביגער קריעג צווי־שען מענשען אונ פֿעלקער, ראַססען אונ קלאַססען...

---

דער דאַרווין־ספענצער־ליפּערטישער סיסטעם, אָדער בכלל, דער פּאַפּיערע־נער ליבעראַליזם, איז דורך גאַנץ אייראָפּא ווי אַ זאַראַזע. פֿרייהייט הייסט אַ רעכט, צו מאַכען זיך מיט די עללענבויגען איין אָרט ביי'ם טיש; וואָהלען — הייסט קויפֿען שטיממען פֿאַר געלד אונ בראָנפֿען, פּאַרלאַמענטען זעננען באָרזען, וואו פּאַרטייען שווינדלען מיט פּאָליטישע פּאַפּיערען, וואו די דעפּוטירטע פֿערקויפֿען איינער דעם צווייטען די געקויפֿטע שטיממען מיט איין אונגעהייערען ראַבאַט...

די „פרייע פרעססע״, דער שטאָלץ פון נייצעהנטען יאָהר־הונדערט, איז אַ רינשטאָק פון בלאָגע און שאַנטאַזש...

• • • • • • • • • • • •



## צעהן פּעליטאַנישע געדאַנקען:

1) מאַססען בלומען וואַקסען אַרויס פון מיסט; מאַססען צדקות קוממען פון גנבה'ש געלד.

2) מקנא בין איך נור אָדם וחוה, וואָס האָבען אין די נשמות נישט געהאַט קיין איינגעהויקערטע פגרים פון טאַטעס און זיידעס, און האָבען געקאָנט אַלץ פריש און לעבענדיג פיהלען.

3) די וועלט האָט איהרע מאַגאַזינען, וואו זי לעגט אָב אויף אַ שלעכטע צייט, אויף הונגער־יאָהרען; נור אַז עס קומט די בייזע שעה, ווייזט זיך געוועהנליך אַרויס, אַז די ראַטטען און די מאַגאַזינירען האָבען אַלץ אויפגעגעססען...

4) גוט פאַר פרעמדע זעננען געוועהנליך די, וואָס זעננען שלעכט פאַר אייגענע.

5) איך ווייס נישט, אויב גאָט וועט אונז מוחל זיין דערפאַר, וואָס מיר האָבען איהן פערזעצט איבער דער נאַטור, מיר זאָללען זי פריי בעהערשען!

6) אמת האָט אין אונזער לעבען נור די ווירקונג, אַז מיר ווילען זי נאָכמאַכען און זאָגען שאָנער און פיינער די ליגענט.

7) ווער עס קאָנן קיין געשיכטע, טאַפּט אין 'ער פינסטער ווי אַ בלינדער; — ווער עס קאָנן זי, וואַקעלט זיך ווי אַ שכור...

8) צו פויל, זיך אַליין צו פערבעססערן, ווילען מיר בעססער אַלץ אַרום פערדערבען, עס זאָלל פּאַססען צו אונז.

9) די שיפס־לייט ווערען איינער דען צווייטען נישט פרעססען און אַללע צוזאַממען געגען שיפסקאַפּיטאָן זיך נישט שטעללען, כל זמן ער זאָגט זיי צו אַ ניי לאַנד און די שטיממע זיינע איז זיכער, און דאָס אויג קוקט גלייך, ערנסט און שטרענג.

10) אַ פּעליטאָן איז אַ קלוג נאַרישקייט; פּובליציסטיק — נאַרישע חכמה.

# שרייב אַ פֿעליעטאָן.

עס האָט קיין שיעור און קיין ערך נישט, ווייטער אַ פֿעליעטאָן — אָבער אַ פֿעליעטאָן, און דאָ איז נישט דאָ פֿון וואָס צו רעדען! עס פֿעהלט מאַטעריאַל!

אַרם־נהרים און אַמעריקא זעננען פֿערשלאָססען ווי אַ גביריש האַרץ, אין אַרגענטינא איז שטילל, צעדערבוים — טויט, ווערמאָנט — שטום; איך זעה נישט מיט וואָס אייך צו פֿעראינטערעסירען.

ערשט נישט לאַנג איז אינטערעסאַנט געוועזען צו קלערען, צו די וועלט וועט זיך אין קורצען איבערקעהרען, אַ געוויססער פֿאַלב האָט נביאות געזאָגט, אַז יאָ.

דערפֿון וואָלט איך אייך געקאָנט אויפֿבלאָזען איין עסק ווי אַ לונג־און־לעבער, איך וואָלט אייך דערצאָהלט, אַז פֿאַלב איז נישט קיין פֿאַלב ביי'ן אַ קלייד און נישט קיין פֿאַלב אויף עמיצענס אַ שטערן, נור אַ געלעהרטער אַסטראָנאָם; אַז די וויססענשאַפֿט, מיט איהר גאַנץ בעל־בתישקייט און פֿאָרזיכטיגקייט האָט ליעב אַ מאָל אַ פשט'יל, אַ נבואָה'לע, אַ טרעפֿעניץ — דערביי וואָלט איך אַ ביסל געשפּיעלט אויף אייערע נערווען; פֿריהער וואָלט איך אייך איבער געשראָקען: טאָמער יאָ, דערנאָך געזאָגט — ניין.

און אָפשר וואָלט געוועזען אַ יאָ און אַ ניין, און אַ נישט צוזאַממען...

וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז מען האָט מיר די מציאָה פֿון די האָנד אַרויס געחאַפּט.

ה' וו... איז פֿריהער געפֿאַללען אויף דער מציאָה, און אויב ער וועט האַלז און לייב נישט ברעכען, וועט ער אַזוי פֿאַללען און פֿאַללען עד סוף כל הדורות.

ה' וו... האָט שוין אַ גליק צו המציאות; וועמען, למשל, איז איינגעפֿאַללען איבערצוזעצען אויף לשון הקודש אַ ווערק פֿון אַ קאַטאָלישען גייסטליכען, וואָס ווייזט אויס, אַז די נשמות האָבען דאָס גן־עדן אויף דער זונן, אַז זיי ציהען זיך ווי הייטליך אַללע מאָל דיננער און דיננער, ביז זיי ווערען אַזוי דינן, אַז עס קאָנן שוין דיננער נישט זיין?

וועמען איז דאָס איינגעפֿאַללען? וו...!

וועמען איז איינגעפֿאַללען צו לערנען יודישע קאָלאָניסטען צו בעאַרבייטען די ערד אין פּאַלעסטינא און אַרגענטינא כמנהג פּוילין, דאָס הייסט, לויט צוויי דריי

בראָשורען פאַר אונזערע פויערען געשריעבען? וו...!

ווער איז פריהער אַרויס מיט אַ ווערקעל איבער דער מגפה? וו...!

ווער האָט מיר צונד אויסגעהאַפּט פּאַלב'ען מיט'ן סוף פון דער וועלט? וו...!

וועלכען מחבר איז איינגעפאַללען צו שרייבען אַ פעליעטאָן אין הצפירה איבער זיין אייגען ספר, וואָס ער וועט אַרויסגעבען, אונ וואַרפענדיג אַ שטיין אין אַ פרעמ־דען גאָרטען, בעווייזען ווי נאָטיג אונ וואהל זיין ספר איז אונ ענדיגען נאָך מיט אַ שמייכעלע: אַ יאָ, איך בין סקראָמנע אונ לויב מיך נישט? וו...! אַלץ וו... אונ וו...!

עס איז נאָך איין עסק געוועזען צו רעדען וועגען חליצה.

איהר ווייסט אָפּשר נישט, מיינע טהייערע לעזער, וואָס מען מיינט חליצה? איהר זייט דאָך „גראָבע יונגען", המון עם, מען שילט דאָך מיך מיט טויטע קללות, פאַר וואָס איך זאָג אייך אַ מאָל אויס פון חדר; מען האַקט דאָך מיר אין קאָפּף, אַז, אויב אייערע נשמות וועללען נישט הענגען ווי שפינוועבס אויף די שטריימעל־האָהר, וועללען זיי אַריין אין גיהנם אָדער גאָר אין קרימינאַל... מען יאָגט דאָך מיך אַרום, פאַר וואָס איך רעד מיט אייך ווי מיט מענשען! אָפּשר יאָ? אָפּשר ווייסט איהר טאַקי נישט וואָס חליצה איז?

וועלל איך אייך פערצאָהלען.

איהר ווייסט, אַ ודאי, אַז אויף איין אַלמנה איז מעהר רחמנות ווי אויף איין אַלמן. נור צו האָט איהר אייך אָבגעגעבען אַ חשבון פאַר וואָס? אונ דאָך איז עס זעהר לייכט צו טהון.

אַ נקבה איז אָרגער ווי אַ מאַנספערשוין.

אַ מאַנספערשוין איז (על כל פנים עטליכע חדשים אין יאָהר) שטאַרקער פאַר איין נקבה, אונ אויף ד ע ר וועלט איז גאַנץ געפאָהרליך, אַז מען איז שוואַכער. עס איז אַ סך בעסער מאוסער, נאַרישער צו זיין, איידער צו האָבען אַ לויט קראַפּט וועניגער כ"אַ איין אַנדערן. אַז „יד ישראל" איז נישט „תקיפה", כל זמן מיר אַלליין האָבען וועניג פראַוועס, האָבען מיר ביי די נקבות וועניג וואָס צו צונעהמען.

מיר טהון דאָך וואָס מיר קאָננען.

אַ מיידעל ווערט געבוירען איז גאָר אַ קליינע שמחה, אין חדר אַריין שיקט מען זי נישט! נור ביז אַהער האָט זי נאָך אַלס קיין היזק נישט דערפון — עס קומט אָבער שפּעטער, איז זי אַ מאַנספערשוין מקדש!

איהר ווייסט וואָס מען מיינט דערמיט?

ער גיט א י ה ר אַ מטבע, אַ פינגעריל אָדער איין אַנדערע זאַך, וואָס מוז חאָטש ווערט זיין אַ פרוטה, אונ זי איז ז י י ן; ער האָט זי ג ע ק ו י פ ט!

זי מוז איהם פאָלגען, ליעב האָבען, טראָגען, האָבען; זי איהם איז נישט מקדש!

געפּאָלט זי איהם נישט, גיט ער איהר, נישט זי איהם אגט.

אין שטוב צו שאַפפען, איבער די קינדער צו רעגירען — און זייגען — געהער צו'ן איהר.

ער איז איהר שפּייזער!

בּתי מדרשים, חברות, כּבוד התורה האָט ער — בּיי די הקפות שטעהט זי פון דער ווייטען.

ער מאָג שבור'ן פּורים, זי נישט; ער עסט אין סוכּה, זי נישט, ער מאַכט פאַר איהר קידוש און הבדלה און זי קוקט איהם אין מויל אַריין...

קורץ — זי העננגט אָב פון איהם.

און אויף אַ ברית עסט ער פלייש און פיש און זי איז יוצא מיט פוטער־קוכען מיט ציקאָריע.

אַזוי פיעל ווי מיר האָבען פּראָוועס, אַזוי פיעל האָבען מיר בּיי זיי צוגענוממען!

ווי וואָלט אָבער געוועזען ווענן יד ישראל זאָלל טאַקי זיין תּקיפה? וואָלט אַ נקבה קיין ירושה נישט גענוממען, קיין עדות נישט געוועזען אין בּית־דין...

ווייבער, קליינע קינדער און קנעכט האָבען איין פּראָוועס, שטעהען אויף איין מדרגה.

פראָגט אונזערם אַ למדן: וואָס איז אַ נקבה? „אַ פאָססעל אומרייניקייט". ער איז שטאַרק מסופּק צו זי האָט אַ נשמה, האָכסטענס וועט זי אויף יענער וועלט זיין בּיי'ן איהם אַ פיסענבּאָנקעלע... ער פיהלט שוין פאָראוים, ווי ער וועט דעמאָלט האָבען דען יצר הרע אין די קנאָכיל!

אַנדערע זעננען מסופּק צו יודען זעננען מענשען, און קיין שום יוד איז נישט מסופק, אַז אין 8 מיליאָן יודען זעננען נור דאָ — 4 מיליאָן מענשען מיט אַ ... — ווייבער. „לאַנגע האָהר און קורצער שכל, ניין מאָס רייד, אַ יודענע איז אָרגער ווי דער טויט — דאָס רוב זעננען מכשפות"...

און דאָס איז נישט אונזער יושר אַלליין, עס איז בּיי'ן אַללע פאָלקער אַזוי... און וואָס ווילדער אַ פאָלק איז, וואָס וויכטיגער עס איז ערגי'ץ די פויסט, אָרגער איז אַלץ דער פרוי.

בּיי טהייל ווילדע פערברענט מען גאָר די אַלמנות...

בּיי אונז הייסט „מקדש זיין" געבען אַ זאַך, וואָס איז ווערט אַ פּרוטה, בּיי טהייל ווילדע הייסט מקדש זיין — געבען אַ האַק אין די צאָהן אַריין, אַז צוויי פון די פאָרענדיגע זאָללען אַרוים פאַללען...

בּיי אַנדערע מוז מען די כּלה שלעפען אויף דער ערד בּיי די האָהר און אויס־גלייבען איהר אַ פּאָר בּיינער.

בּיי אונז האָט נאָך אַ גרושה אַ שטיקל ווערט; בּיי אַנדערע שטעקט אין דער

גרושה די גאַנצע טומאה, מען לאָזט זי אין אַ פרום הויז נישט אַריין און זי שטאַרבט פאַר הונגער, אָדער רייסט אוים ביי די הינד אַ ביין...

ביי אונז פראָגט מען ביי קיין מיידעל קיין דעה נישט, אויב זי וויל דעם חתן, און אַז זי זאָגט „ניין" אויף דעם, וואָס געפעלט טאַטע־מאַמע, אָדער יאָ" אויף אַזוינעם, וואָס פּאַסט נישט פאַר זייער יחוס, הייסט זי אַ חצופה, איין אויסגעלאַסענע...

ביי אַנדערע, איז די טאָכטער איין איינפאַכע סחורה, און דער פאָטער, און נאָך זיין טויט דער עלטסטער ברודער, אָדער דער נאָהנטסטער קרוב, פערקויפט זי וועמען און פאַר וויפיעל ער וויל.

ביי אונז האָט דער מאַנן אַ פראַווע אויפ'ן ליב אָהן אַ „פ ע ר ע ד אָ ו י ע ר י ע", אויף טהייל אָרטער קאָנן ער זי אָבטרעטען אויף אַ מאָל און איינציגוויים, מכבד זיין מיט איהר יעדען גאַסט.

די ווייבער לעקען אין ערגיץ קיין האָניג נישט...

די, וואָס האַלטען פאַר קלוג, גוט און פיין דאָס אַללעס, וואָס אַרום זיי איז, און בפרט נאָך דאָס, וואָס איז שוין אַזוי פון אייביג אויף, די פערשטעהען, אַז עס דאַרף אַזוי צו זיין, אַז עס איז נישט מאָגליך אַנדערש. און ווען עמיץ זאָגט זיי, אַז אַ נקבה קאָנן אפילו ווערען אַ רב, אַ דין, וואָלטען זיך ביי זיי די האָהר קאַפויר געשטעלט, פיאַנע וואָלט זיי פון מויל, אָדער זיי וואָלטען חוכא וטלולא געמאַכט נישט אָרגער פון רעדאַקטאָר פון המליץ, וואָס האָט אויסגעלאַכט אַ גאַנץ בלאַט מיט בלאָטיג־בייזען חוזק אויף איין אַמעריקאַנישע שטאָדט, ווייל — ווייל זי האָט אויפגענוממען נישט קיין גע'מל'עטען, דאָס הייסט, אַ נקבה'שען רב.

און דאָך זעננען פערהאַנדען אַנדערע, וואָס זאָגען, אַז אַללעס וואָס אַרום אונז געשיהט, קאָנן זיין גוט און שלעכט, און מיר, אַז דאַרפען שכל האָבען און דאָס שלעכטע פעררינכטען, עס זאָל ו ו ע ר ע ן גוט.

איינער פון די לייט איז געוועזען משה רבינו:

פאַר מתן תורה האָט אַ נקבה נישט געהאַט קיין פראַווע פון אַ מענש, קיין פראַווע אויף פאַרמאָגען, קיין פראַווע צו לעבען נישט אין אַ פרעמדען רשות, נישט אונטער אַ פרעמדע רוטה: אָדער זי איז געוועזען דעם טאַטענס, אָדער אַ קרוב'ס, אָדער דעם מאַנס, און, אַז זי האָט פערלוירען דעם „רשות", האָט זי אויסגעזעהען ווי אַ פיש, וואָס פאַלט אַרוים פון וואַססער, אָדער אַ מענש, וואָס מען נעהמט איהם צו די לופט.

דער אַלמנה איז דעריבער ביטטער געוועזען. האָט זי חאָטש קינדער געהאַט, איז זי געבליבען אַלס מאַמע ביי יורשים, אָבער אַז נישט, איז דאָס פערמאָגען אַריבערגעגאַנגען צו'ם מאַנ'ס קרובים און זי איז געבליבען ביי גאָר נישט, שלינג און

שלאַנג, ווי מען זאָגט. נור איין גוטער מנהג איז געוועזען, דער ברודער פון גע־שטאָרבענעם פלעגט אַ מאָל חתונה האָבען מיט דער אַלמנה! אַזויערנאָך איז דער פיש צוריק אַריין אין וואַסער, דער מענש האָט צוריק געקאָנט אָטהעמען. נור דאָס איז נור געוועזען אַ מנהג, וואָס מען האָט געקאָנט ברעכען.

וואָס טהוט מען, אַז נישט? אַז דער ברודער נעהמט צו דאָס „פערמאָגען" און זאָגט, אַז אָהן איהר וועט ער זיך בעגעהען? וואו וועט זיך די אַלמנה אַהין טהון?—

משה רבינו האָט די שאלה פערענטפערט:

אויב ער וויל זי נישט נעהמען, זאָל ער געבען חליצה — דאָס הייסט, זי שפייט איהם אין פנים פאַר כל הקהל הקודש...

עס איז געוועזען אַ קלוגע עהרליכע פראַווע.

קיין מענש וועט זיך נישט לאָזען שפייען בפרהסיא אין פנים אַריין, און אויב עס וועט זיך אַזוינער טרעפען, איז גלייכער, זי זאָל פאַר הונגער שטאַרבען איידער אַזאַ הונד פאַר אַ מאַנן צו האָבען. —

צו האָט זיך משה רבינו געקאָנט ריכטען, וואָס אונזערע רבנים וועללען פון זיין גוטער, קלוגער און עהרליכער פראַווע מאַכען? באָין אופן נישט. עס איז לייכ־טער צו טרעפען וואָס אַ נאַרר האָט אין זינן, איידער צו פאַללען וואָס פאַר אַ שלעכטע, אונזיננינגע נאַרישקייטען עס וועללען אַרויס פון אונזערע חכמים'ס פערפלאָנטעטע מוחות.

היינט איז די לאַגע אַזוי: ער טאָר זי נישט נעהמען, און זי מוז נעהמען חליצה. זי טאָר אַנדערש נישט חתונה האָבען מיט איין אַנדערן, ביז ער וועט זיך נישט געדנוויליג לאָזען אָנשפייען אין פנים אַריין! זי מוז לעבען אָהן לופט און וואַסער, כל זמן ער וועט נישט אַליין קוממען אין קהל שטוב און בפני קהל ועדה לאָזען זיך רופען „פאָדליעץ", חאָטש ער אַליין איז אויך אַ מכּה שולדיג...

אָט, דאָס איז חליצה! פויל אָרימע אַלמנה, ווייל משה רבינו האָט דיר גע־וואָלט אַ טובה טהון! שטאַרב פאַר הונגער, דאַר און קוואַר, ווייל משה רבינו'ס שטעל־פערטרעטער האָבען נור איבערגענוממען זיין שטעקקען, נישט זיין שכל, נישט זיין יושר!

און נייטען חליצה געבען טאָר מען אויך נישט!

מען קאָנן נייטען געבען אַ גט, נייטען, עס זאָל קיינער קיין הייבען אויסער די רביצען נישט פערקויפען, עס זאָל קיינער נישט אָנריהרען קיין יום טוב שני של גליות, נישט רעדען אויף אַ גוטען יוד, נישט אונטערשניידען אַ פאָה,— אויף דעם איז דאָ: שטיינער אין גאַסס, אַ שופר אין אָרון קודש, און מסירות, און מלשינות אויף דער צונג... נור נייטען חליצה צו געבען דאָס נישט! אַלליין מיט'ן גוטען וויללען זאָל ער זיך לאָזען אָנשפייען אין פנים אַריין!

מען טאָר קיין יודישע פּרנסה נישט צו שאַנדרען מאַכען! אונ חליצה איז שוין אַ יודישע פּרנסה!

זי וועט איהר כּתובה אַוועק געבען, דאָס קלייד פֿון זיך אַראָב פּערקויפען, זיך אַלליין פאַר אַ דיענסט שטעללען, אַבּי חליצה צו נעהמען...

דער וואָס האָט איין אַלטערן, בּפרט נאָך אַ קראַנקליבען ברודער — איין עקר אונ טהוט אַ שדוך מיט אַ קינד, קאָנן אָבלייגען דען סלוק פֿון נדן ביז דער חליצה!

פאַר וואָס נישט?

אונ שטעלט אייך פאָר, אַז פּלוצלינג דרוקט דער וואָסחאָד, אונ נאָכ׳ן וואָס־חאָד די הצפירה אַ ידיעה, אַז די רבנים ווילען מתּיר זיין חליצה! שטעלט אייך פאָר מיין פריידע אונ מיין פעליעטאָן, וואָס איך וואָלט איבער דער בשורה טובה געשריבען!

איך וואָלט דאָס ערשטע מאָל געשריבען וועגען אַ שטריימעל אָהן גאַלל, דאָס ערשטע מאָל גערעדט פֿון אונזערע „גאונים", אומגעוואָלט פֿון זיי מאַכען „זכרונו לברכ׳עס", איך וואָלט אפילו מיך נישט געשאָמט איינעם אַ קוש אין פּיסקעל צו געבען! וואָס קומט אָבער אַרויס — עס איז באַלד געקוממען איין הכחשה! לא היו דברים מעולם! עס איז קיינעם פֿון די רבנים גאָר נישט איינגעפאַללען עפּיס אַ קלער צו טהון פאַר דער אָרימער חליצה׳ניצע...

די רבנים איז לייכט געוועזען מתּיר צו זיין פּראָצענט, ערלויבען די רייכע זאַל־לען שינדען ביי אָרימע לייט די הויט, אויסקלערען איין עצה איבערצוהאַלטען דען חמץ איבער פּסח, אַבּי צו ראַטעווען דעם שענקער אַ פּאָססעל בראָנפען, פערזאָרגען די בעלי־בּתּים זאָללען קאָננען טראָגען דען טלית־זאַק אום שבת איבער דער גאַסס, צו געפיננען איין עצה געגען שמיטה פאַר די חובבי־ציון, נור שווער איז מתּיר צו זיין אַרבּים אונ הערינג פאַר אָרימע לייט אויף פּסח, ערלויבען חתונה האָבען אָהן חליצה... אונ נאָך שווערער איז מיר, אין אַזאַ צייט צו שרייבען אַ לייכטען פעליעטאָן...



# וואָס זאָלל איך וועללען.



ראש־השנה שרייבט מען, יום־כפור חתמ'עט מען און הושענא־רבה מאַכט מען דען צוג און מען גיבט די קוויטליך אַרויס. און נישט נור מענשען שטעהען לדין, נישט נור אונז פסק'ט מען לעבען אָדער טויט, פרנסה אָדער קצבה, מנוחה אָדער גלות... „זכר כל המעשים לפניך בא“, אַלץ וואָס מיר טהוען, אַלץ וואָס מיר מאַכען ווערט גע'משפט און אונזערע יום־טוב־בלאַטליך וואַרטען אויך מיט אַ ציטערניש אויפ'ן קוויטעל... זיי ווילען אויך וויססען, צו וועללען זיי אויס־לעבען דאָס יאָהר אָדער אויסגעהן ווי אַ ליכט אין דער פינסטערער נאַכט... קיין גרויסע צדיקים זעננען זיי נישט, זיי זאָללען רעכנען, אַז באַלד ראש־השנה, אָדער אפילו יום־כפור וועט זייער גזר־דין אַרויס... נישט איין מלאך חבלה וועט קריצען מיט די צאָהן, נישט איין פאַמפלעטיסט — אַ קטיגור וועט זיך אויסרייסען דען האַלז, און הלואי — עס זאָלל זיך ענדיגען הושענא־רבה פאַר נאַכט!

און ביז הושענא־רבה פאַר'נאַכט איז אויך נאָך דאָ עפּיס צו טהון! נאָך ביי נאַכט אויף הושענא־רבה שפּאַלט זיך דער הימעל אויף אַ סעקונדע און דעמעלט איז אַ שעת הכשר, איין עת־רצון פאַר'ן זינדיגען מענש; וואָס ער חאַפּט זיך דעמעלט אַרויס, דאָס ווערט מקוים.

וואַך זיין אַ גאַנצע נאַכט, אָבפּאַססען דען שפּאַלט אין הימעל און אַ געשריי טהון — איז אַ קלייניגקייט... נור וואָס שרייט מען? וואָס זאָלל איך וועללען, וואָס זאָלל איך פערלאַנגען פון הימעל? אָפשר געלד? ווען איך האָב געלד, וואָלט איך אָפשר נישט נור שירים שרייבען נור זינגען אפילו געקענט; איך וואָלט געמאָגט גרימפּלען און עס וואָלט די נשמה אויסגעגאַנגען פאַר תענוג... ווענן איך האָב געלד, וואָלטען זיך די יום־טוב בלאַטליך געוואַלטערט אין פריידען... וואָרען לאָז'מיר זיך נישט נאַרען: אמת איז טאַקי אַ שאָנע געראַטענע כלה, נור ערשטענס קענן זי נישט טאַנצען, ווי דער ציגיינער שפּיעלט, זי קאָנן פאַר'ן עולם קיין חנ'דליך נישט מאַכען, און — אפילו אַ שאָנע, געראָטענע כלה, וואָס קענן טאַנצען צו'ם ציגיינערס מוזיק און שניידט חנ'דליך אויפ'ן שאָקק, דאַרף אויך האָבען אַביסל נדן, מען זאָלל זי וועללען נעמען... אַ בוך מיט'ן גאָלדענעם שניטט האָט גאָר איין אַנדער פּנים... נור וואָס קומט אַרויס, אַז איך בין שטאַרק מסופק צו פון הימעל קאָנן מען האָבען

געלד. אפשר זעננען אַ מאָל בעססערע צייטען געוועזען אונ עס האָט פון היממעל מיט ראַנדליך געדרעגענט... היינט — לא עליכם... אָט תורה איז אַ היממעל זאַך. פאַר־צייטענס פלעגען זיין אָרימע ישיבה בחורים אונ רייכע אַרענדאַרען — „ישוב׳ניקעס", ווי מען רופט זיי אין דער ליטאַ, אונ קוים האָט אַ „ישוב׳ניק" געקריגען אַ האַלב דערוואַקסענע טאָכטער, האָט ער איינגעשפאַנט זיין פערד אונ בידקע אונ איז געפאָהרען צום ראש־ישיבה אין שטאָדט אַריין, אונ געקויפט זיך פיר 100, 200, טהייל מאָל פאַר 1000 ראַנדליך תורה... צו דער תורה האָט ער צוגעקריגען אַ צולאָג אַ בחור׳ל ווי אַ הערינג, נור דעם הערינג האָט מען נישט אַריינגעשאַצט אין מקח... אונ יעדער ישיבה בחור האָט געוואוסט, אַז אויב ער וויל האָבען ראַנ־דליך, מיט מלבושים, מיט קאָסט אונ אַ צולאָג אַ כלה — מוז ער זיצען אונ לערנען...

היינט — אוים ישוב׳ניקעס; אויף זייער אָרט האָבען מיר באַנקיערס אונ פראָצענט־ניקעס אונ זיי ווייסען, אַז תורה איז קיין סחורה נישט. אַ דאָקטאָר, אַ יוריסט, אַ צאָהן־רייסער, אפילו אַ זאָלבער פון דער האַנדעלס שוהלע, אפילו אַ רב — אַ קאַזיאָנע... נור נישט קיין תורה.

ווער עס זיצט היינט אונ לערנט קריגט — אַ גאָרב, אַ מלמדישען פאַטענט אויף אַ לונגען־פעהלער, נור נישט אַ דרייער געלד.

מען זאָגט: צדקה תציל ממות... עס קאָנן זיין, אַז צדקה ראַטעוועט פון טויט — דעם אָרימאַן, וואָס נעמט זי אונ קויפט זיך אַ ברויט, ער זאָל נישט שטאַרבען פאַר הונגער; דעם עושר בשעת מגפה, די זאַראַזע זאָל זיך נישט פער־שלעפען פון קעללער צו׳ם בעלל־עטאַזש... נור קיין געלד האָט מען נישט דערפון! אַז מען גיט, האָט מען וויינינגער, אונ דער אָרימאַנן האָט פאָרט קוים אויף חיי שעה...

פון דאַווינען האָט מען אויך קיין געלד נישט... אַ והא ראיה — אונזערע גבירים, וואָס שטרעקען דאָס לעבען אונ גאַנץ אָפט מיט׳ן רחמנות, מיט׳ן יושר אונ מיט דער מענשליכקייט צוזאַממען, אַבי רייכער צו ווערען, דאַווינען אַלליין גאָר נישט אונ זעננען נור צופריעדען דערפון, וואָס אָרימע לייט לאָזען דאָס סדור׳ל נישט אַרויס פון דער האַנד...

עס זאָלל אין סדור׳ל שטעקקען אַ כח פאַר אַ ד ר י י ע ר, וואָלט מען די אָרימע לייט געטהיילט יום־טוב־בלאָטליך אונ אַללע פראָצענטניקעס אונ באַנקיערען וואָלטען געהאַלטען סדורים אונ געדאַווינט...

דאַווינען איז אַ סגולה אויף דרך־ארץ, אויף שטילקייט; דאַווינען שטילט אַ מאָל דעם הונגער ביי׳ם קבצן, ווי דער אָרימער מאַמעס פינגער ביי׳ם אויסגעדאַר־טען קינד אין מויל. דאַווינען איז אַ סגולה צו׳ן אַ סך זאַכען, נור קיין געלד דערפון

האָט מען נישט. און אפילו אַז מען איז אַ נאַר־ און מען האָט אַ גאַרגעל און מען לאָזט צו צום עמוד... האָט מען אויך קוים וואַססער אויף קאַשע, נור קיין געלד נישט!

איך טרייב איבער דורכ'ען זכרון אַללע תרי"ג מצות און זעה קיין איינציגע נישט, פון וועלכער מען זאָלל קאָננען האָבען (דירעקט אָדער אונדירעקט) אַ דרייער! פאַר די תרי"ג מצות האָט משה רבינו צוגעזאָגט: געזונד, לאַנג־לעבען, אַ זול, רעגען פון הימעל, דען כח פון דער ערד — נור אַלץ נישט קיין געלד! אַז דו וועסט מקיים זיין אַללע תרי"ג מצות, וועט דיר די ערד געבען איהר קראַפט, דער הימעל — טהוי און רעגען און דאָך — וועסט דו שטאַרבען פאַר הונגער, אויב דו וועסט נישט אַרבייטען, אַקקערן, זייען און שניידען! און פון די אַללע דריי צוזאַמ־מען — פון הימעלס רעגען, דער ערדס כח און שוויים פון דיין שטערן וועסט דו קוים האָבען ברויט, ברויט צו עססען, אָבער אַלץ נישט קיין געלד! דו מאָגסט מקיים זיין אַללע תרי"ג מצות, מיט אַללע דקדוקים, וועסט דו אַלץ נישט קאָננען אַרומגעהן אין אַ הונגער־יאָהר מיט די האַנד אין די קעשענעס און פייפען אַ ליעדעל פון אַ קאַטארינקע...

געלד קאָנן מען האָבען פון וואָס איהר ווילט, פון דער קלענסטער עברה, אפילו פון קאָרטען־שפּיעלען, נור נישט פון הימעל־זאַכען. אויב דער רבונו של עולם זאָגט: „כי לי הכסף ולי הזהב", מיינט ער: דאָס זילבער פון דער לבנה מיט איהרע שטראַהלען און דאָס גאָלד פון דער זונן אין תמוז... אָבער געלד האָט דער הימעל נ י ש ט —

ניין! איך וועלל זיכער שרייען אומזיסט!

---

איך האָב אַמאָל געוואָלט זיין אַ פילאַנטראָפּ — אַ בעל טובה פאַר'ן כלל! איך האָב אַ גוט הארץ בטבע, און אַז איך געה אַרוים זאָגט נאָך אַ סעודת מצוה פאַר אַ פילאַנטראָפּס כבוד וועגען, און דערזעה — נאָך פיש, פלייש און קאָמפּאָט מיט אַביסל קאָניאַק — דען אויסגעשטערנטען הימעל, האָב איך ליעב אַ קראַכץ צו טהון: רבונו של עולם, מאַך מיר אויך פאַר אַ פילאַנטראָפּ...

די אָרימע לייט זעננען דאָך דיינע פייגעלעך, וואָס האָבען קיין פעלד און קיין שאָף און רינד, און קיין דאַך איבערן קאָפּף... גיב מיר אַזוי פיעל, איך זאָלל זיי קאָנן קרישקאַליך וואַרפען...

און אַזוי אויך, טהייל מאָל ביי נאַכט, אַז איך לעג מיך צו פריה און חאַפּ מיך אויף פאַר טאָג און האָב קיין ליכט נישט אין שטוב, אָדער דאָס ברעכען אין די ביינער לאָזט מיך נישט אופשטעהען און זעצען זיך צום שרייב־טיש, גלאָץ איך אוים די אויגען אין דער פינסטערניש אַריין, עס ווערט מיר ווייך אויפ'ן האַר'ץ,

טרערען פֿערדרייען זיך מיר אין די ברעמען, אונ איך קלער מיט אַ וויטאָג: וואָס פֿאַר אַ טובה קאָנן איך טהון מיין פֿאָלק? מיט וואָס קאָנן איך העלפֿען דער כנסת ישראל? אַנדערע קאָננען בויען, אויפֿשטעללען פיתום ורעמסס אין דער לופֿט, אויפֿ'ן אייז, אפילו אויפֿ'ן עולם הדמיון, אונ איך קאָנן נור צעוואַרפֿען; אַנדערע וועקקען חאָטש די אַלטע שפּראַכֿע פֿון קבר אונ איך שרייב דאָס רוב דוקא פּראָסט יודיש...

וואָס טהוט מען?

ד אָ האָב איך קיין דעה נישט... קאָנקורירען מיט ראָטשילדען אין ארץ ישראל אָדער מיט'ן באַראָן הירש אין אַרגענטינאַ — קאָנן איך נישט. נאָכֿשרייען, רעדען צו דער וואַנד, העלפֿען בלויס קראָכֿצען — וויל איך נישט... וואָס טהוט מען פֿאָרט? איך וועלל אַ מאָל שטאַרבען אונ עס וועט פֿון מיר קיין גוטער זכר נישט בלייבען... די שמאָלע וועגליך, וואָס איך האָב אויסגעטרעטטען מיט פֿערבלוטיגטע פֿיס צווי=שען די דאָרנער, וועללען פֿערוואַקסען ווערען, די פֿעליעטאָננען וועללען אויפֿגע=געסען ווערען פֿון מייז, מיין אָרימע מצבה וועט צופֿאַללען, צושטויבט ווערען... ווער וועט מיך געדענקען?

ווען איך זאָלל קאָננען זיין אַ פילאַנטראָפּ, וואָלט מען מיך ביי'ם לעבען מיט בלומען אונ ווינשקאַרטען בעוואָרפֿען, נאָכֿ'ן טויט — אַ ריזיגע מצבה געשטעלט אונ אויף מיין יאָהרצייט וואָלטען אין אַללע קהלות „פּאַניחידען" געזועזען... אונ איך האָב מיר נישט איינמאָל געטראַכֿט געדולדיג צו וואַרטען ביז אַ שבועות, אַ יום=כּפור, אַ תשעה־באָב, אַ הושענא־רבה, אָבפּאַססען, ווען דער הימעל וועט זיך שפּאַלטען אונ אַ געשריי טהון: פילאַנטראָפּ!...

ליידער בין איך דאָס יאָהר געוואָהר געוואָרען, אַז דאָס איז קיין געשאָפֿט נ י ש ט... קוים וועלל איך וועלען עפּיס שאָנקען לטובת הכלל, וועלען אונזערע שריי=בער אַזוי לאַנג אונ אַזוי ברייט מיר עצות געבען, וו אָ ס צו טהון לטובת הכלל... אַז זיי וועללען מיך ברענגען אין דולל=הויז אַריין...

---

איך האָב שוין אפילו געקלערט אַ געשריי צו טהון: שלום!...

וואָרען מיינט נישט, חס ושלום, אַז איך בין בטבע אַ מזיק... אַז איך האָב אַ ווילדע הנאָה דערפֿון, וואָס איך זעץ מיך אַללע מאָל אַרויף אויפֿ'ן לעדערנען פֿערד, שפּאַן דען הילצערנען פֿאַללענבויגען אונ שיעס אויס אַ פּאָר טוץ פּאַפּיערע=נע פֿייגעל, וואָס דאָס שלעכֿטע ווינטעל פֿון דער נישט=גוטער צייט טראָגט אַרום אין די לופֿטען...

מיינט נישט, אַז איך האָב נחת דערפֿון, וואָס איך מוז אַללע מאָל אַרויס=

שטעללען די באַליע אין מיטטען גאַסס אַריין און וואַשען אונזער ברודיגע וועש בפני קהל ועדה... קיין גוטס קומט מיר אַודאי דערפון נישט אַרויס; ווער עס רייסט אויס דאָרנער — מוז זיך פערוואונדען די האַנד, ווער עס האַלט מלחמה מיט לע־בענדיגע ברואים, מוז זיך אַ מאָל לאָזען אַ ביס טהון... עס איז אָפשר אַ כבוד צו וואָהנען אויפ׳ן פאַרנאַס, אויפ׳ן הויכען ליטעראַרישען באַרג, וואָס שפּאַרט אונטער די וואָלקען, אויב נישט דען הימעל אַלליין, און מחזקות מאַכען מיט די מוזען... נור צו זיין דאָרט אַ סטרוז, און האַלטען שטאָנדיג דען בעזעם אין דער האַנד, אָב־צוקעהרען די פוילע בלעטטער... אַרום צו געהן און שאָקלען די יונגע ביימליך, די קיעפער זאָללען אַראָבפאַללען און נישט אויפפרעססען די יונגע גרינע בלעטליך, איז גאָר קיין נחת און גאָר קיין כבוד נישט, און — על אחת כמה וכמה — קיין תענוג נישט!

גלויבט מיר, אַז עס איז אַ ביטערער חוב, וואָס איך מוז אָבצאָהלען, איין אָבקומעניש אויף דער וועלט; מיין פינסטער מזל, פון וועלכען איך קאָנן מיך נישט אָברייסען ווי אַ גנב פון דער תליה...

נור פאַר שלום האָב איך מורא! פאַר שטילקייט ציטטער איך אימת מות!

שלום איז צווישען גנבים, ווען זיי גרייטען זיך אָן צו דער פינגער־מלאכה... זיי מאַכען שלום מיט דער פינסטערער נאַכט און צינדען קיין שטרייכהעלץ נישט אָן...

שלום מאַכען זיי מיט יעדען וואָלקען, וואָס ציהט זיך איבער דער לבנה...

שלום מאַכען זיי אפילו מיט׳ן בריטאַן אויפ׳ן הויף און וואַרפען איהם אַ שטיק „לא יחרץ" פלייש, צו פערשטאָפּען דאָס מויל...

נור פריוו און וויל שטיללערהייט און בשלום פעריאָגען די אונגעבעטענע גאַסט? מוזט דו ליכט אָנצינדען, הויז־לייט וועקקען, קולות מאַכען...

שלום און שטילל איז אויפ׳ן קברות... אָהן גערויש פרעססען זיך די וואָ־ם אַריין אין די מתים׳ס לייבער, שטילל האַלט אַרום דער מאָך די אַלטע מצבה און ציהט זי אין דער ערד אַריין... שטילל רוישט דאָס אָרימע ביימעל, וואָס ציהט אַריין אין זיך דען קברים־זאַפט... נור פריוו גיב תחית המתים!... מוזט דו פרי־הער בלאָזען אויפ׳ן שופר של משיח!

שטילל איז נאַכט און טויט...

שלום איז טהייל מאָל אַ שטאַרקער יצר הרע... דאָס איז אַ וואַרימע שטוב, אַ ווייכער פאָטעל, גרויסע פאַנטאָפעל און אַ זיידענע שלאָפמיץ... נור דאָס אַללעס צו בעקוממען טאָר מען נישט געהן מיט׳ן גלייכען וועג... און עס דאַכט זיך — גאָר נישט... צו בין איך דען מחויב צו זאָגען דען אמת? דערנאָך: וואָס שאַדט אַ שקר׳ל מפני דרכי השלום? און אויב אַ גראָבערס, נור אַזא געלאַססענס, אַ חנו׳דיגס?

מענשען האָבען עס אַזוי ליעב, די אָרימע אונגליקליכע מענשען... און אַזוי פאַלט מען אַלץ נידריגער און נידריגער, ביז מען דריקט די פערבלוטיגסטע האַנד, מען קושט דאָס גראָבסטע לאָסטער־מויל און מען מאַכט שותפות מיט'ן אָרגסטען באַנדיט...

אָ, ניין! שלום איז אַ שראָקליכע זאַך... שלום איז דער שקר אַלליין.
ניין, איך וויל אויף שלום נישט בעטען!

---

איך האָב אַמאָל אַ געליעבטע געהאַט.

איך האָב זי ליעב געהאַט, חאָטש זי איז אָרים און אדם־נאַקיט געוועזען... איך האָב זי ליעב געהאַט, ווייל איך בין, ווי איך האָב נישט איין מאָל שוין געזאָגט, אַ פערפאַללענער ראָמאַנטיקער און אַ אידעאַליסט אין דער „רעאַליסטישער צייט"! און זי האָט מיר אויסגעזעהען אַזוי שאָן, אַזוי אידעאַלל שאָן, אַזוי ערהאַבען, אַזוי עדעלמיטהיג, אַזוי גוט... אַ געוויססע צייט איז זי מיין מוזע געוועזען, און דעמאָלט האָבען זיך פון מיין האַרפּעס סטרונעס אָבגעריססען סאַמע וועיכע, סאַמע זיססע, סאַמע ערהאַבענע טאָנער — ווייל איך האָב פון פוללען, ווייכען האַרץ איהר לויב געזונגען!

איך האָב דעמאָלט גוטע נאָכט און זיססע חלומות געהאַט, ווייל זי איז מיר נאַכט איין נאַכט ביי'ם בעט געשטאַנען, צאָרטליך מיר די האָאר געשטרייכעלט, מיט די סאַמעטענע וואַרימע האָנדליך דאָס פנים געגלעט... איך האָב אין שלאָף איהר ראָזיגען אָטהעם געפיהלט, און בין גאַנץ אָפט אויפגעשטאַנען מיט ברעננענדיגע ליפּפּען פון איהר'ס אַ האָניג־קוש.

מיט דער צייט האָט זיך מיין געליעבטע פערדאָרבען: זי איז אַ צנועה געוואָרען און אויסגעווײנט זיך די הימעל־בלאָהע אויגען ביי די נאַרישע תחינות; זי איז אַ גבאי'תע געוואָרען, אָנגעהויבען רבני'שען טאַבאַק צו שמעקקען, און דער אַמאָליגע רויזענבעכער זעהט היינט אויס ווי אַ דאָפּעלטער, איבערגעקעהרטער קווימען... זי איז אַ טוקערן געוואָרען און אויפ'ן אָרט פון מאַנדלען פיהלט מען מיילען וויט פון איהר שימעל און מקוה־וואַסער... און זי הבר'ט זיך היינט מיט רבנים, מלמדים און ישיבה־בחורים, און געהט אַרום מיט אַ צדקה־פושקע אין די הייזער... אויף הכנסת כלה.—

איך וואָלט איהר דאָס אַלץ מוחל געוועזען, עס זאָלל זיין אמת... עס איז אָבער אין גאַנצען פאַלש... זי חאַפּט זיך טהייל־מאָל אַרויס פון דער חברה און קאָקאַניערט אין מיט'ן גאַסס ביי'ן אַ שאַרמאַנקע אָדער ברעכט זיך אויס די גליעדער אין די הייף צווישען אָבגעריססענע שוואַרצע־קינסטלער... אויך אויף הכנסת כלה.

מיט דער צייט איז זי פּאַראומרייניגט, פערנאַכלאָססיגט און פערוואָרלאָסט׳גט געוואָרען...

איך וויל איהר נאָמען בסוד נישט האַלטען... „חבת־ציון" הייסט די דאַמע...

און אַז איך זעה זי, שטאַרבט אין מיר דאָס האַרץ פאַר רחמנות, און עס גיעסט איבער די גאַלל פאַר כעס... און העלפען קאָנן איך נישט...

איך האָב קיין האָפפנונג נישט אפילו אויפ׳ן שפּאַלט אין הימעל! מיין הייסע בקשה: דער רבונו של עולם זאָלל זי אויסרייניגען, צוריק פריש, געזונד און יונג מאַכען, אויסרייסען זי פון דער שוואַרצער חברה׳ס האַנד און איהר צוריק געבען דען עהרליכען, פרייען, געזונדען כשוף — די בקשה קאָנן נישט איינגעפּאַסט ווערען אין איין וואָרט, און דער הימעל שפּאַלט זיך נור אויף איין סעקונדע...

איך האָב נאָך אַנדערע, אפשר בעססערע און וויכטיגערע בקשות, און זיי וואָלטען זיך דוקא געלאָזט איינפּאַססען אין איין וואָרט, אין איין איינציג וואָרט,— שאַרף ווי דער בליץ, שטאַרק ווי דער דונער... נור צום הימעל איז ווייט, מען מוז שרייען הויך און — שטיעוועל האָבען אוירען, אָקסען לאַנגע צונגען און איך — איך האָב שטאַרק, שטאַרק מורא...

---

# עקבתא דמשיחא.

## משיח׳ס צייטען

... אַזוי, אַזוי, רבותים, אַלץ פּאַלט אָב, אַלץ ווערט קאַליע, אַלץ געהט צוריק לתהו־ובהו.

נור איינס שטאַרקט זיך — דער יצר־הרע! און די הוצאות וואַקסען; א חוץ דעם געהט אַלץ צוריק.

אפילו די זונן, זי, פערליערט אויף די כחות.

איך געדענק דאָך, יונגעלוויז, האָט אַ זוממער־טאָג געברענט, ווי אַ קאַלך־אויבען. פון ראש־חדש אָדר אָן איז מען שיעור משוגע געוואָרען פאַר היטץ; מען האָט געהאָפּט אויף ל״ג בעומר, ווי אַ קבצן אויפ׳ן גרויסען געווינס.

און, אַז מען האָט זיך אָנגעהויבען באָדען, האָט מען זיך נישט געקאָנט אָב־רייסען פון טייך; און אַז מען איז אַרויס געגאַנגען, האָט דאָס זאַנד ביי׳ם טייך אַזוי געברענט, אַז מען האָט געמוזט צוריק שפּרינגען אין וואַססער אַריין... און

היינט? דאַכט זיך — תמוז, האַ? און מיר איז קאַלט! ס'איז שוין גאָר קיין זון נישט!

איהר זאָגט, אַז איך בין אַלט, און דעריבער פריהר איך?

איהר האָט אַ טעות; קיין אַכטציג יאָהר בין איך נ י ש ט אַלט, און מיין פאָטער עליו השלום, איז אַלטער געווען, און האָט, מיר צו לאַנגערע יאָהר, קיין פוטער נישט געטראָגען.

נור דאָס איז אויך אמת — דאָס געזונד פאַלט אויף פון טאָג צו טאָג: מיין פאָטער, עליו השלום, האָט קיינמאָל קיין שטאָקען נישט געטראָגען, קיין בריללען נישט גענוצט — און איך וואַקעל מיך אויף דריי פיס און טאַפּ צו מיט די האַנד. און זאָגען זאָג איך אייך, אַז אפילו די הייך פון מענש ווערט אויך קלענער פון טאָג צו טאָג. אַ פשוט'ער חשבון: אָדם הראשון האָט אָנגעשלאָגען מיט'ן קאָפּ ביז גלגל-חמה; צעהן דורות פון אָדם ביז נח, און נח איז שוין מיט אַללע חיות און בהמות אין א י י ן תיבה אריין.

אונזערע זיידעס, — ווייל איהר געדענקט נישט, — פלעגען געהן איינגעבויגען, זיי זאָללען נישט אָנשלאָגען אין סופיט; אונזערע אייניקליך וועללען שוין אַרום קריכען אונטער די טישען, ווי די וואָרם...

אַ יודיש יונגעל האָט אַ מאָל גע'הרג'ט אַ לייב און אַ בער... אַ יודיש יונגעל וואַרפט זיך אַ שטיינדעלע און צוהאַקט גלית'ס שלעף... אַ געלינקט יודעלע שטעלט זיך קעגען עגלון מלך מואב און דערלאַנגט איהם אַזוי, אַז די שטיהל זעצט זיך אריין נאָך דער שאַרף... און שמשון הגבור? שוין גאָר אויף דער אַלטער, אוים נזיר, אָהן האָהר, גיט ער זיך אַ זאָג: „תמות נפשי עם פלשתים!" — מיין כפרה, איך מיט די פלשתים צוזאַממען! קעהרט איבער דאָס גאַנצע הויז, און — איין עק!

איהר האָט עפּיס היינט אַזוינע יונגליך, אַזוינע יודען?!

און, למשל, עס זאָללען זיך צוזאַממען נעהמען פון גאַנץ קרוין-פוילין, זאָלל זיין פון דער גאַנצער וועלט, אַללע שופר-בלאָזער, און זיי זאָללען זיך שטעל-לען אונטער יריחו — וועט זיך אַ שטיינדעל ריהרען? און אַ צוים וועט יאָ איינפאַללען?

אָט יענקיל, אונזער גבור, ציאַחנאָווקי'ס גאוה, די קרוין פון איהר קאָפּ; טאַקי אונזער יענקיל, — וואָס קענן ער? ביי'ם סדר שרייט ער „שפוך חמתך", ווי אַ לייב; פורים שלאָגט ער המן'ען, אַז עס הילכט; „לשנה הבא בירושלים" רופט ער, אַז די וואַנד ציטטערען, — און יענע וואָך האָט ער געברענגט אַ פאַסעל וואַססער צו שלש-סעודות, און האָט זיך דעם מאַרך-ביין געריהרט!

און נישט נור ד י ג ב ו ר י ם זענען אויסגעשטאָרבען, אפילו ד י ג ב י ר י ם! אין אויסלאַנד בין איך נישט געווען: דאָרט, זאָגט מען, זענען דאָ גבירים, אמת'ע גבירים; — וואָס איך האָב נישט געזעהן, ווייס איך נישט. אָבער דאָ?

איהר גלייבט אין זייער עשירות און לייקענט אָב זייער חלק אויף עולם־הבא, באשר בכן? זיי האָבען קיין רחמנות נישט אויף איין אָרימאַנן, פֿערזאָרגען נישט קהל; אַז כלל ישראל איז אפילו אין אַ סכנה, ריהרען זיי זיך נישט פֿון אָרט, דאָס הייסט — זיי קאָננען, נור וויללען נישט טהון. און איך גלייב אין זייער חלק לעולם הבא און גלייב נישט אין זייער עשירות. איך זעה, אַז איין עושר שטאַרבט, שטאַרבט ער מיט׳ן עשירות צוזאַממען; אַלץ איז אַרוים: די נשמה פֿון גוף, דאָס געלד פֿון קאַססע, דער קרעדיט פֿון געשעפֿט — איין אויסגעבלאָזען איי.

ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?

עס איז קיין נשמה נישט געווען, קיין עשירות נישט געווען; קרעדיט איז יאָ געווען, ווייל וואָס איז קרעדיט? שמור לי ואשמור לך: איך לאָז מיך גענאַרען, און דו לאָז דיך גענאַרען!

אַזוי איז שוין אין דער סוחר׳ישער וועלט.

עורבא פרח — אויף יודיש הייסט עס — נ י ש ט געשטויגען און נ י ש ט געפלויגען.

הכלל, איך האַלט מיך ביי מיי־עס: אַלץ געהט צוריק צו תהו־ובהו, אַלץ פֿאַלט —

יראת שמים אפילו אויך!

אַ מאָל, למשל, זעננען געווען בעלי־בתים. דאָס הייסט — פשוטע מענשען, אָהן ספקות, אָהן שאלות, אָהן חקירות — און פֿאַר דאָס פֿון צווייטען צד — אָהן מסירות־נפש, אָהן קדוש־השם, תעניתים און גלגול־שלג. פֿון וויעג ביז אין קבר אַריין איז עס זיך געגאַנגען אין גלייכען וועג, זיך נישט אָבגעשטעלט, אפילו זיך נישט אומגעקוקט! גאָר נישט — ווי אַ סאָלדאַט: דער רבונו־של־עולם זאָגט: „סטופאַי" — געהט ער — דאָס איז געווען, הייסט עס, דאָס אונטערלאָג — דער המון־עם; פֿאַר דאָס פֿון אויבען, מיט זעקס קאָפּף האָבער, זעננען געווען די גדולים, און טאַקי פֿוןביידע צדדים. פֿון איין זייט — מסטרא דימין, הייסט עס, — גאונים אדירים, טליתים פֿון סאַמע תכלת, נשמות טאַקי פֿון אונטער׳ן כסא־הכבוד! אַזא יוד׳ס אַ מחשבה האָט טאַקי מקיף געווען, ווי מיט אַ גאַרטעל אַרומגענוממען אַללע עולמות; און אַזא יוד׳ס אַ וואָרט — הימעל און ערד האָבען געציטטערט.

פֿאַר דאָס אין צווייטען צד, זעננען געוועזען אַפּירקורסים, טאַקי אמת׳ע אַפּיקורסים. אַ מוח ווי איין עגבער — אַלץ דורכגעשטאָכען, אַלץ דורכגעזועהען.

פנחס כופר־הכל — אַזוי האָט מען איהן גערופֿען — האָב איך דאָך אַלליין געקענט. גאָר נישט — לית דין ולית דיין! און געה שפּאַר דיך מיט איהם! אַ מענש האָט אַ מויל, ווי אויף שרויפֿען, אַ צונג — אַ חרב חדה, און האָגעלט מיט ראיות — רחמנא ליצלן!

אז ער האָט געקריגן אַ מענש אין דער האַנד אַריין, האָט ער מיט איהם געוואָרפֿען, ווי מיט אַ קאַרטאָפֿעל אין אַללע עולמות; עס האָט פֿאַר די אויגען געשווינדעלט.

און מיינט איהר, עס זעננען געוועזען עולמות; עס איז קיין איין וועלט, זאָגט ער, אויך נישט דאָ. ער ווייזט מיר אוים מיט ראיות ברורות, אַז עס איז קיין וועלט נישט דאָ, איך בין נישט דאָ, ער איז נישט דאָ, און דער שטענדער, ביי וועלכען מיר זעננען געשטאַנגען, איז אויך לא היה ולא נברא, — אַלץ איז אַ פֿערבלענדעניש.

אַזא מענש איז דאָס געווען; מבטל געווען, אַלץ מבטל געווען...

און היינט ברידערליך?

אוים גרויסע! קיין גדולים פֿון דער זייט, קיין גדולים פֿון יענער זייט; קיין פשוט'ע בעלי־בתּים זעננען אַודאי נישט דאָ... פֿערהאַנן מיטטעלמענשען, נור נישט אַזוינע, וואָס געהען אין דער מיטט, נור אַהין־און־אַהער־מענשען, וואַקעל־מענשען, שכּור'ע נשמות...

יעדערער איז „חציו שלי וחציו שלך"; חסידים, מיט אַ שפּאַר ביסל יצר־הרע, אַפּיקורסים, וואָס פֿאָדרען ביי'ם ערשטען צאָהן־ווייטאָג צו'ן אַ גוטען יוד, און די בריק צו'ם סמבטיון האָט נאָך אונטער זיך קיין איינציגער אַפּיקורס נישט פֿערברענט.

דער פֿרומסטער יוד האָט דרייערליי שלחן־ערוך'ס: אַ שלחן־ערוך פֿאַר'ן רשות הרבים מיט סאַמע אסורים; אַ שלחן־ערוך פֿאַר'ן כּרמלית, וואו נור ער און זיינ'ס גלייכען געהט — מיט אַ מאַססע היתּרים און אַ שלחן־ערוך פֿאַר זיך אין דער היים — סאַמע ליידיגע בלאַטטער מיט איין התּרת נדרים...

די אַפּיקורסים זעננען אויך אַזוי: דרייפֿאַכיגע, פֿירפֿאַכיגע, וויפֿיעל איהר ווילט אַלליין.

אין דער היים שאַרפֿט ער זיך די בריטווע צו'ם גאָהלען די באָרד אין די רצועה של תּפלין, ביי זיך אין „ראָדיל" איז ער יוצא דערמיט, וואָס ער איז אַ גרויסער אוהב ישׂראל, דער עיקר מיינט ער, די בנות ישׂראל... און אַ „מאמר" שרייבט ער: חס ושלום, ריהרט נישט! צאַן־קדשים, בני־נביאים, מנהגים קדושים — ממש עס ברענט... און געה וויים!

דאָס איז אין „נגלה"; אין נסתּר" איז אויך דאָס אייגענע. עס פֿעהלען נישט קיין מקובלים, זיי וואָלטען געקענט בעשאַפֿען גולמות, אַראָב ברענגען משיח'ן, הייסען שניי זאָלל פֿאַללען אין תּמוז, און אין מיטטען ווינטער זאָלל געהן אַ שלאַגסרעגען, — נור נאָך וואָס טויג עס זיי? זיי וויללען בעססער ע"פּ קבלה איבערפֿעקלען אַ שטיקל סחורה איבער די גרעניץ, פֿערקויפֿען איין עקרה פֿאַר ח"י זהובים אַ בן־זכר...

אַ קראָמיל האָבען זיי זיך געמאַכט, און איינער יאָגט דעם צווייטען, און די פּדיונות ווערען קלענער פון טאָג צו טאָג...

און די אַפּיקורסים האָבען זיך אויך געאָפענט אַ קראָמיל... אַראָב ברענגען זיך, ווי פאַר צייטענס אַ בת מלכּה, איז היינט שוין נישט כּדאי, מאַכט מען זיך בעססער אַ פערלאָג מיט קליינע יצר־הרע'ביכעליך...

קליינע פּדיונעליך, קליינע ביכעליך, קליינע מענשאַליך...

מיט איין זאַך טרייסט איך מיר נור: פּני הדור כּפני הכּלב; די וועלט האָט שוין אַזאַ הונדטיש פּנים, אַז משיח מוז שוין קוממען...

# מעטהאָדעס.

אמעריקאנער סיטיזן. א מעטהאָדע זיך אויסצולערנען אַלעס וואס איז נויטהיג צו וויסען אום צו ווערען אַ בירגער (סיטיזן) פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, 16 זייטען..........5

אריטהמעטיק אָדער דער רעכען־לעהרער, פון דוב אריה פריעדמאן, אַ פּראַקטישע מעטהאָדע זיך אויסצולערנען רעכענען, זיא פאנגט זיך אָן פון ציפער אונד לעהרענט כסדר חבור, חסור, כפל, חלוק, פּראצענט, תשבורת א. ז. וו. ביז צו דעם העכסטען גראד פון דער רעכען־קונסט אונד איז אַזוי פערשטענדליך, דאס יעדער מענש קען זיך גאַנץ לייכט אָהן מיה אויסלערנען. 80 זייטען..........................................10

בוכהאלטונג. אַ פּראַקטישעס בוך צו ערלערנען דיא איינפאַכע אונד דאָפּעלע בוכהאַל־טונג, וויא עס ווערט געפיהרט אין דער גרויסער געשעפטס־וועלט. פון ד. מ. הערמאַלין, 96 זייטען..........................................................25

בוכהאַלטונג פיר אידען. עס לערענט וויא צו פיהרען ביכער, שרייבען קאָנטראַקטען אונד אַללע געשעפטליכע קאָררעספּאָנדענץ אין אידיש אונד ענגליש, צוזאַמענגעשטעלט נאָך ענגלישע לעהר־ביכער פון בוכפיהרונג. פון אַלכסנדר האַרקאַווי, 96 זייטען............25

דאס דאקטאר־בוך. פון דר. לאַנדעס בעהאַנדעלט אַלערליי קראַנקהייטען פון אַ קינד ביז איין עלטערן מענשען, און יעדער אנפאַל ווערט גענוי אונד פּינקטליך געשילדערט וויא מען זאָלל דאס מיט הויז־מיטלען היילען, בעזאָנדערס איז דער „דאָקטאָר־בוך" נוצליך פיר יונגע לייט, וועלכע ליידען פון געהיימע קראַנקהייטען אונד שעהמען זיך צו פערטרויען פיר איין אַנדערען, צו דיזע לערענט ער וואס מען דאַרף טהאָן. 160 זייטען..............25

דייטש פיר אנפאַנגער. אַ לעהר־בוך צום אויסלערנען זיך לעזען דייטש, פון ג. ברווידא, 16 זייטען.............................................................5

דער לאַיער. אַללע וויכטיגע געזעטצע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען וועלכע זיינען זעהר נויטהיג פיר יעדען אידען אין אַמעריקאַ צו וויסען. 68 זייטען....................10

קאָך־בוך פיר אידישע פרויען וויא צו מאַכען אַללערליי געריכטען צום קאָכען, באַקען אונד פּרעגלען, אונד וויא צוזאַמען צו שטעלען געריכטען אונד געטרענקע אויף מאָהלצייטען אונד חתונות, פון ע. בלאַשטיין, 224 זייטען............................25

קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען (יונייטעד סטייטס) אונד דיא דעקלערייר־שאָן אָ.ז.וו אינדעפּענדענס מיט אַ ביילאַגע, אַללע פראַגען אונד אַנטוואָרטען פון סיטיזן עקזאַמען, אין ענגליש, ריכטיג איבערזעצט אונד ערקלערט אין אידיש, פון אלכסנדר האַרקאַווי, אין טאַשען פאָרמאַט, 128 זייטען...............................................10

קאשינגס האנד־בוך ענטהאלט אללע רעגעלן וויא צו פיהרען מיטינגען און לאדזשען, חברות, פעראיינען, סאסייעטיס אונד איז א שלחן ערוך פיר פרעזידענטען, וויס־פרעזידענטען, סעקרעטאריס א. ז. וו. יעדער איד וועלכער בעלאנגט צו אירגענד וועלכע סאסייעטי, דארף קויפען אונד שטודירען דיא געזעטצע פון קאשינגס האנד־בוך. בעארבייטעט אין זשארגאן פון א. טאנענבוים, עלעגאנט בראשירט, 160 זייטען......................................25

קאשינגס האנד־בוך דיטא פיין געבונדען......................................35

שוואנגערשאפט, געבורט אונד קינדער־ערציהונג. א בעלעהרענדעס בוך וויא זיך צו בעגעהען אין דער צייט פון שוואנגערשאפט, געבורט אונד וויא אזוי קינדער צו ערציהען, דאס איז א ניצליכעס בוך פיר יעדען פאטער אונד מוטטער צו האבען אין הויז, בעארבייטעט נאך דיא בעסטע אונד נייעסטע קוועלען, פון משה הערדער. 88 זייטען......................15



# מעטהאדעס פיר קינדער:

## צו לערנען פון אנפאנגס אלף־בית

וואנט אלף־בית, באותיות גדולות מאד, סייז 28 בייא 44, פיין געדרוקט אויף לייג־וואנד פון דיא שעהנסטע אונד גרעסטע ווילנער שריפט מיט נקודות, זאָ דאָס יעדעס קינד קען זעהען יעדע נקודה זאָגאר פון דער וויטענס, גוט פיר חדרים און סקולס ........ 50

דברי הימים לעם בני־ישראל, מאת זאב יעבץ, ענטהאלט דיא גאנצע אידישע היסטאָריע, פון דער צייט וואָס אידען האָבען אָנגעפאנגען צו עקזיסטירען ביז היינטיגען טאָג, אין אַ גוטער העברעאישער שפראך. יעדער פאטער דארף אנזאגען דעם רבי'ן פון זיין קינד, אַז ער זאלל מיט איהם לערנען דעם „דברי הימים לעם בני ישראל" ווייל דאס קינד קען פון דעם דאָפּעל נוטצען ציהען. דאָס ערשטע לערענט ער דיא העברעאישע שפראך, און דאָס צווייטע, ווערט ער דאדורך בעקאנט מיט דער געשיכטע פון זיין פאָלק, וואָס דאָס איז זעהער נעטהיג פיר אַ קינד ........ 15

דרך אמונה, מאת דוב אריה פריעדמאַן, דאָס איז אַ קצור שלחן ערוך מיט נקודות פיר סקול קינדער ........ 15

למדו היטב, אַ לייכטע מעטהאָדע פיר יעדען פאָטער און מלמד צו אונטעררוכטען קינדער פון אָנפאַנג אלף־בית, פון מ. פיק ........ 5

למודי הקריאה, אַ מעטהאָדע פיר קינדער צו לערנען העברעאיש מיט ענגלישער איבערזעטצונג, פון ר. לאַסקער ........ 10

מקרא קדש, מאת דוב אריה פריעדמאַן, אַ מעטהאָדע צו אונטערריכטען קינדער פון אָנפאַנג אלף־בית ........ 10

המתחיל, מאת א. לוריא וב. טעמקין, אַ מעטהאָדע פיר קינדער צו לערנען לעזען און שרייבען העברעאיש, מיט 150 בילדער וועלכע פעראינטערעסירען דיא קינדער צו וועלען לערנען און וויסען ........ 15

הפדגוג העברי, מאת דוב אריה פריעדמאַן, אַ מעטהאָדע צו לערנען העברעאיש און דיא העברעאישע גראַמאַטיק מיט ענגלישער איבערזעצונג ........ 15

שפה חיה, מאת פסח ליב פישמאַן ומנחם מענדיל ליעבערמאַן, אַ מעטהאָדע פיר קינדער צו לערנען העברעאיש, מיט 200 בילדער. דער „שפה חיה" איז געמאַכט געוואָרען אויף דעם זעלבען אָרט וויא דיא בייעסטע ענגלישע און דייטשע לעזע ביכער, מיט שעהנע איללוסטרירטע בילדער. יעדער בילד שטעלט פאָר דעם אינהאלט פון וואָרט און זאץ, וואס דאדורך האט דאס קינד שטארק חשק צו לערנען לעזען, און פערשטעהט גאנץ אליין דיא בעדייטונג דערפון. — דער „ש פ ה ח י ה" לערענט דאס קינד שטופען־וויז פון אָנפאנג אלף־בית ביז לעזען, פון לעזען ביז פערטייטשען ווערטער, פון ווערטער ביז פערשטעהן גאנצע זעצע, אונד אזוי ווייטער ביז ער פערשטעהט גוט דיא העברעאישע שפראך.. 15

תולדות ישרון מאת דוב אריה פריעדמאַן, דיא גאנצע געשיכטע פון אדם הראשון ביז דעם בנין בית השני אין העברעאיש מיט ענגלישער איבערזעצונג, ווען אַ קינד האָט דורגעמאַכט דעם „תולדות ישרון" איז ער פאלקאמען בעקאַנט מיט דער אידישער געשיכטע וואס דאס איז זעהר נאָטהווענדיג פיר איין אידיש קינד ........ 15

## מעטהאדעס צו לערנען, לעזען, רעדען און שרייבען ענגליש:

**אלענדארפ׳ס מעטהאדע**, פון אלכסנדר הארקאווי, א ניצליכער בוך זיך גרינדליך אויס־צולערנען דיא ענגלישע שפראך אהן א לעהרער. „אלענדארפ׳ס מעטהאדע“ איז אויף אזא ארט דאס דיא שפראך איז איינגעטהיילט אין 78 לעקציאנען, אין יעדער לעקציאן קומען פאר ווערטער, געשפרעך און גראמאטישע רעגעלען. פאר דיא לעקציאנען קומט א בעזונדערע אבטהיילונג צו לערנען זיך לעזען און ספעלען, אום דיא ווערטער און גראמאטישע רעגעלען זאללען מעהר פערשטארקט ווערען אין דיא געדאנקען, ווערען אם ענדע פון יעדער לעקציאן געגעבען שטיקער לעזע־שטאף צום איבערזעצען. דיא זעטצע פון דיא שטיקער לעזע־שטאף זיינען צוזאמענגעשטעלט פון דיא ווערטער, וואס זיינען פריהער פארגעקומען, און דער לערלינג וועט זייא קענען לייכט איבערזעטצען. יעדע שטיק לעזע־שטאף טראגט איין נומער. צום לעהר־בוך קומט א בעזונדער בוך, א שליסעל וואס ענטהאלט דיא ריכטיגע איבערזעטצונג פון יעדען זאטץ. דיא איבערזעטצונגען זיינען בעצייכענט מיט דיעזעלבע נומערן וויא דיא שטיקער לעזע־שטאף בייא דיא לעקציאנען. דער שיללער קען אלזא מיט׳ן שליסעל אבשטימען אויב זיין איבערזעטצונג איז ריכטיג אדער ניט. דאס בוך ענטהאלט 600 זייטען אין גרויסען פארמאט און עלעגאנט געבונדען............................ 1.00

**אמעריקאנישער לעהרער** א פראקטישעס לעהר־ביכעל אין טאשען פארמאט פיר יעדען איינגעוואנדערטען אידען וואס וויל קענען ענגליש און ווערען בעקאנט מיט אמעריקא, פון אלכסנדר הארקאווי, פיין בראשירט............................ 20

**אמעריקאנישער לעהרער**, דיטא, פיין געבונדען............................ 25

**יודיש־אמעריקאנישע שוהלע** פון אלכסנדר הארקאווי א פראקטישעס לעהר־בוך פיר אידען אין אמעריקא צום לערנען ענגליש, יודיש אונד רעכענען אין 3 אבטהיילונגען, ערשטער טהייל לערענט לעזען, רעדען און שרייבען ענגליש, צווייטער טהייל לערענט וויא צו שרייבען אידיש אהנע גרייזען. דריטער טהייל און דער וויכטיגסטער טהייל פון דיא יודיש־אמעריקאנישע שוהלע איז רעכענען וועלכע אידען האבען ביז יעצט ניט געהאט איהר געפינט אין דעם אלע רעכענונגען מיט איבונגען פון צוזאמענציהען, ביז ברוכצאהלען, פראצענט און דיסקאונט. פיין געבונדען............................ 25

**נייעסטע ענגלישע מעטהאדע** בעארבייטעט נאך דר. אהנ׳ס דאלמעטשער איז איינ־געטהיילט אין 3 אבטהיילונגען, זיא פאנגט זיך אן פון איי, בי, סי אונד ענדיגט זיך מיט דער פאלקאמענער קענטניס פון דער ענגלישער שפראך און דערביי איז זי אזוי קינסטליך צוזאמענגע־שטעלט, דאס יעדער איינציגער קען גאנץ לייכט אין א קורצער צייט ערלערנען פאלקאמען דיא ענגלישע שפראך, וויא עס איז נעטהיג אין לעבען. פיין בראשירט............................ 25

**נייעסטע ענגלישע מעטהאדע**, דיטא, פיין געבונדען............................ 35

**ענגלישער אלף־בית**, פון אלכסנדר הארקאווי, א ביכעל צום אויסלערנען זיך לעזען און שרייבען ענגליש............................ 5

**ענגליש אין אמעריקא**, פון אלכסנדר הארקאווי, א בוך צו ערלערנען דיא ענגלישע שפראך אהן א לעהרער מיט א קליינעם אידיש־ענגלישען ווערטערבוך, פיין בראשירט............................ 25

**ענגליש אין אמעריקא**, דיטא, פיין געבונדען............................ 35

**ענגלישער לעהר־בוך**, פון אלכסנדר הארקאווי, איז א פראקטישעס לעהר־בוך פיר יעדען איינגעוואנדערטען אידען, זיך לייכט אויסצולערנען לעזען, רעדען און שרייבען דיא ענגלישע שפראך פאלקאמען............................ 15

ענגלישער לעהרער. אַ לעהר־בוך זיך אויס צו לערנען ריכטיג לעזען, רעדען און שרייבען ענגליש, אין פינף אַבטהיילונגען. ערשטער טהייל לערענט דיא רעגלען פון לעזען; צווייטער טהייל ענטהאַלט 2.500 ענגלישע ווערטער וועלכע זיינען איבערזעצט אין אידיש וויא דער וואָרט לעזט זיך און דיא בעדייטונג פון וואָרט, דריטער טהייל, פערשיעדענע פּראָזען און געשפּרעכע, פיערטער טהייל ענגלישע געשריעבענע בוכשטאַבען גרויסע און קליינע האַנד זיך צו לערנען שרייבען ענגליש, פינפטער טהייל, דיא ענגלישע גראַמאַטיק, דיא כללים פון דער ענגלישער שפּראַך וויא עס דאַרף ווערען געשפּראָכען און געשריעבען, פון אַלכסנדר האַרקאַווי, פיין געבונדען ........ 30

ענגלישער לעהרער, דיטאָ, פיין געבונדען ........ 40

ענגליש־רוסישע מעטהאָדע, (אוטשעבניק אַנגליסקאַוואָ יאַזיקאַ) פון אַלכסנדר האַרקאַווי, צו ערלערנען פון רוסיש דיא ענגלישע שפּראַך, פיין געבונדען ........ 35

קראַנץ'ס ענגלישע מעטהאָדע, צוזאַמענגעשטעלט נאָך דיא בעסטע שפּראַך־מעטהאָדען און לעהר־ביכער אין 28 לעקציאָנען, אַז יעדער איינער זאָל אין אַ קורצע צייט קענען אויסלערנען לעזען, שרייבען און רעדען ענגליש, פיין געבונדען ........ 75

תורת לשון אנגלי, פון אַלכסנדר האַרקאַווי, אַ ענגליש־העברעאישע מעטהאָדע צו לערנען פון העברעאיש דיא ענגלישע שפּראַך ........ 25

---

# בריעפענשטעלערס

## צו לערנען ענגלישע בריעף שרייבען.

האַרקאַווי'ס אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער אונד ספּעלער, ענגליש און יודיש, ענטהאַלט געשעפטס־בריעף, פאַמיליען־בריעף, ליעבעס־בריעף, נאַכפראַגען, טעלעגראַמען צו געבורטס־טעג און חתונות, אויך רעגעלן צום לעזען, און אַ בעזונדערע אַבטהיילונג צו לערנען שרייבען, פיין בראָשירט ........ 30

האַרקאַווי'ס אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער אונד ספּעלער, דיטאָ, פיין געבונדען ........ 40

האַרקאַווי'ס נייער פאָלשטענדיגער אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער, ענגליש און יודיש, אין 4 טהיילען און 416 זייטען, ענטהאַלט געשעפטס־בריעף, פאַמיליען־בריעף, ליעבעס־בריעף, נאַכפראַגען, טעלעגראַמען צו געבורטס־טעג און חתונות, ידיעות פון פּאָסט, אייזענבאַהן און טעלעגראַף, סטאַטיסטיק און פערשיעדענע אַנדערע וויכטיגע זאַכען, אויך רעגעלן צו לעזען, און אַ בעזונדערע אַבטהיילונג צו לערנען שרייבען, מיט אַ ביי־לאַגע בוכהאַלטונג פיר יודען וויא צו פיהרען ביכער, שרייבען קאָנטראַקטען און אַללע געשעפטליכע קאָרעס־פּאָנדענץ. דאָס איז דיא נייעסטע ניצליכסטע ווערק פיר אַללע אידען אין אַמעריקאַ, וועלכע ווילען קענען ענגליש און שרייבען ענגלישע בריעף ריכטיג אָהן פעהלערן, דיזער נייער פאָל־שטענדיגער „אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער" איז אויך אַ פּראַקטישע ענציקלאָפּעדיע ווייל עס ענטהאַלטעט אַללע ארטיקלען וועלכע זיינען ניצליך אין טעגליכען לעבען, אַללעס איז אין ענגליש מיט אידיש איבערזעצט. דיזער נייער פאָלשטענדיגער אַמעריקאַנישער בריעפענשטעלער איז זעהר שעהן געדרוקט אויף גוטעס פּאַפּיער, גרויסער פאָרמאַט און עלעגאַנט געבונדען ........ 1.00

ווארן'ס פאלשטענדיגער ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער, הערר ווארן איז דער בעריהמטעסטער ענגלענדער אין דיא קונסט פון קאררעספאנדירען און זיין ענגלישער בריעפענ־שטעלער שטעהט אויף דיא העכסטע שטופע אין דער ענגלישער ליטעראטור, מיר האבען דעם זעלבען בריעפענשטעלער געלאזט איבערזעטצען פון דיא בעסטע יודישע פעדערס, און ער ענטהאלט 250 ענגלישע בריעפע מיט יודישער איבערזעטצונג, פיין געבונדען............75

פריינקעל'ס ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער ענטהאלט איין אויסוואהל פון ליעבעס־בריעף, פאמיליע און פריינדשאפטס־בריעף, געשעפטס־בריעף און רעקאמענדאציאנס בריעף....25

---

# ווערטערביכער.

ענגליש־יודישעס טאשען־ווערטערבוך, פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט 25,000 ענגלישע ווערטער נאך דעם איי—בי—סי מיט זייער אויסשפראכע און זייער פערטייטשונג אין יודיש, פיין געבונדען אין קלאטה־באנד............................40

ענגליש־יודישעס ווערטערבוך, דיטא, פיין געבונדען אין לעדער באנד........60

ענגליש־יודישעס האנד ווערטערבוך, פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט אזוי פיעל ענגלישע ווערטער מיט יודישער איבערזעטצונג וויא דער טאשען־ווערטערבוך, אונד איז געדרוקט אויף פערטיל סייז מיט גרעסערע בוכשטאבען, פיין געבונדען אין קלאטה באנד...75

פאלשטענדיגעס ענגליש־יודישעס ווערטערבוך פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאכ'ן איי—בי—סי, מיט זייער אויסשפראכע און זייער פערטייטשונג אין יודיש, 760 זייטען אין גרויסען פארמאט, געדרוקט אויף שעהנעם פאפיער און עלעגאנט געבונדען..........................................2.25

פאלשטענדיגעס יודיש־ענגלישעס ווערטערבוך, פון אלכסנדר הארקאווי, ענטהאלט אללע יודישע ווערטער נאכ'ן אלף־בית מיט דיא ענגלישע ווערטער בייא דער זייט, אויסצוגעפינען דורך יודיש ענגלישע ווערטער צו רעדען און שרייבען, אין גרויסען פארמאט, געדרוקט אויף שעהנעם פאפיער און עלעגאנט געבונדען....................................2.00

פאלשטענדיגעס ענגליש־יודישעס אונד יודיש־ענגלישעס ווערטערבוך צוזאמען אין איין באנד געבונדען......................................4.00

---

# תמונות (בילדער) גדולות וקטנות.

אברבנאל, יצחק כרמיה, מאנטיפיארע, באראן ראטהשילד ובאראן הירש ביחד על תמונה אחת (אויל בילד) סייז 16 ביי 21..............................20

אחשורוש ואסתר עם שרביט הזהב (אויל בילד) סייז 15 ביי 20................20

באראן הירש עם משה מאנטעפיארע על תמונת אחת (אויל בילד) סייז 16 ביי 21..15

באראן ראטהשילד מפאריז (אויל בילד) סייז 16 ביי 21....................15

בית הכנסת באלכסנדריא של מצרים, סייז 24 ביי 30........................25

בית המקדש הראשון, פארמאט גדול, סייז 24 ביי 30........................25

| | |
|---|---|
| בר מצוה, א קאלירטעס בילד אין פערשיעדענע פארבען וועלבע שטעלט פאר וויא א פאטער לערענט זיין קינד תפילין לייגען, סייז 16 בייא 20 | 15 |
| ברכת הורים, בערב יום הכפורים, סייז 18 בייא 24 | 15 |
| ברכת הורים, בערב יום כפור (אויל בילד) סייז 16 בייא 24 | 15 |
| ברכת הורים, בערב יום כפור (אויל בילד) מיט קאלירע, סייז 16 בייא 24 | 20 |
| גאוני ישראל, על תמונה אחת, סייז 20 בייא 25 | 15 |
| גאוני ישראל, 40 גאונים על תמונה אחת, (אויל בילד) סייז 16 בייא 21 | 15 |
| דר. טהעאדאר הערצל, סייז 20 בייא 25 | 15 |
| דרייפוס און זיינע פערטהיידיגער, סייז 12 בייא 15 | 5 |
| והיה באחרית הימים, גדול | 20 |
| והיה באחרית הימים, קטן | 15 |
| ווילנער גאון, רבינו אליהו מווילנא, סייז 15 בייא 20 | 10 |
| ווילנער גאון, עם הטלית ותפילין, (אויל בילד) סייז 15 בייא 20 | 15 |
| יאהרצייט טאבעלע, עם ציורים נויארק, סייז 17 בייא 22 | 15 |
| יאהרצייט טאבעלע, עם ציורים דפוס ווינן, סייז 22 בייא 25 | 15 |
| יאהרצייט טאבעלע, לאב עם ציורים שונים, עקסטרא פיינע ארבייט, סייז 13 ביי 17 | 15 |
| יאהרצייט טאבעלע, הנ"ל לאם | 15 |
| יאהרצייט טאבעלע, הנ"ל לאב ולאם ביחד | 15 |
| ר' יצחק אלחנן ז"ל מקאוונע, סייז 15 בייא 20 | 10 |
| ר' יצחק אלחנן ז"ל מקאוונע, (אויל בילד) סייז 15 בייא 20 | 20 |
| ר' יצחק אלחנן והגאון ז"ל ביחד | 15 |
| מזרח יפה ומוזהב, סייז 15 ביי 20 | 15 |
| מזרח עם מפת ארץ ישראל, טוב ויפה מאד, סייז 20 בייא 25 | 20 |
| מוקדי עולם, (זשידאווקא 2) (אויל בילד) סייז 15 בייא 20 | 20 |
| ר' מנחם מענדיל מליבאוויטש ז"ל, בעל המחבר צמח צדק. | 15 |
| משה מאנטעפיארע, באותיות וסביב תמונת המלכים אשר בקר בהיכליהם, סייז 22 בייא 27 | 25 |
| משה מאנטעפיארע, באותיות וסביב תמונת גאוני ישראל, סייז 22 בייא 27 | 25 |
| נר חנוכה, (אויל בילד) סייז 15 בייא 20 | 20 |
| הסדר בליל חג המצות, (זשידאווקא 1) אויל בילד, סייז 15 בייא 20 | 20 |
| סדר של פסח, א קאלירטעס בילד אין פערשיעדענע פארבען, וועלכעס שטעלט פאר פסח אבענד ביי'ם סדר אין א אידישע פאמיליע, סייז 16 בייא 20 | 10 |
| עבודת יום הכפורים בפלעוונא, סייז 24 בייא 30 | 25 |
| פאנאראמא מארץ ישראל, (אויל בילד) סייז 18 בייא 24 | 25 |

| | |
|---|---|
| ציוניסטישער קאנגרעס אין באזעל, סייז 22 בייא 25 | 15 |
| רב הכולל דנויארק, סייז 17 בייא 21 | 10 |
| שבעה רבנים ביחד, | 15 |
| שלמה המלך'ס משפט, סייז 24 בייא 30 | 25 |
| ר' שמואל מאהילעווער ז"ל מביאליסטאק, סייז 15 בייא 20 | 10 |
| ר' שניאור זלמן ז"ל, בעל התניא ושו"ע | 15 |
| תמונת עיר הקדש עם בית המקדש, סייז 20 בייא 25 | 25 |
| תקיעת שופר, (אויל בילד) סייז 15 בייא 20 | 20 |

# ראָמאַנען מיט נקודות

## געדרוקט אין רוסלאַנד.

איד און גרעפין, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון נ. מ. שייקעוויטש......75
אונגליקליכע מרים, 2 טהייל, טרובניק......40
אוננעטרייער חתן, 3 טהייל, שמ"ר......45
אוצר אדער קאלטער גזלן, שמ"ר......25
גר צדק, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון א. טאַנענבוים......45
געטויפטער יוד, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון א. טאַנענבוים......75
דזשענטעלמאַן, א ראָמאַן פון נ. מ. שייקעוויטש......60
חתן דמים, שמ"ר......30
יודישע ציגיינערין, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון ש. לעדערער......50
לאה'לע, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון א. טאַנענבוים......60
לעצטער אידישער קרבן......25
לעצטער אידישער קעניג, שמ"ר......40
נייע וועלט, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון נ. מ. שייקעוויטש (שמ"ר)......50
עווגעניע, א. מ. דיק......25
פרעזידענט, א ראָמאַן אין 4 טהייל פון נ. מ. שייקעוויטש......60
פערקערטע וועלט, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון נ. מ. שייקעוויטש (שמ"ר)......50
א פונק אידישקייט, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון נ. מ. שייקעוויטש......50
ציגיינער, אָדער ראכע פון א באַנדיט, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון ש. לעדערער......60
קאַטערזניק'ס טאָכטער, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון דר. מאירסאָן......60
רייזעלע'ס חטאים, א ראָמאַן פון דר. מאירסאָן......75
שרעקליכער פערברעכער, א ראָמאַן אין 4 טהייל פון ש. לעדערער......50
שרה'לע ארענשטיין, א ראָמאַן אין 4 טהייל, פון א. טאַנענבוים......75
שווארצער יונגערמאַנטשיק, דינעזאָהן......25